# די יודישע

# פאלקס-געשיכטע

נאך דער

## פאלקסטהימליכער געשיכטע דער יודען

פון פראפעסאר ה, גרעטץ.

דריטער טהייל

ווארשא—תרנ"ח.

# ЕВРЕЙСКАЯ ИСТОРІЯ

## по Популярной еврейской Исторіи

Профессора **Г. ГРЕЦА**

**Изданіе и собственность Н. Г. ЗАКСА.**

ВАРШАВА
Типографія Братьевъ Шульдбергъ и Ком., Твердая № 6.
1897.

# די צייט פון די אנוסים.

## 1 די מאררַאנען.

(1391—1420 נאך קריסטוס געבורט).

שרעקליך איז געוועהן די לאגע פון די שפאנישע יודען נאך דעם פינסטערן יאהר 1391 ווען טויזענדער יודען, וואס דער חלף איז זיי שוין געלעגען אויפ'ן האלז, האבען געמוזט ווערען מאררַאנען, דאס הייסט זיי האבען צו ליעב געטהון די שונאים אונ זענען קלאמערשט איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום, נאר דאס איז אלץ געוועהן לפנים, ווייל אין רעכטען אמת האבען זיי אבגעהיט זייער אלטע אמונה מיט אללע דקדוקים. עס איז אודאי ביטער אז מען דארף זיך בעהאלטען, אז דער מענש מוז פערלייגנען דאס וואס ביי איהם איז דאס טהייערשטע אונ הייליגסטע אונ א פרעמדער קוק ווארפט אן א פחד, אז מען האט מורא פאר'ן קליינסטען שארך, פאר א קלאפ אין דער טהיר, טאמער טרעפט איהם דער שונא מיט זיין געליעבטער אונ ווערד געוואהר אז דער גט, וואס ער האט ערשט ניט לאנג איהר געגעבען, איז מעהר ניט געוועהן ווי א תנאי־גט, אבי דערווייטערן די סכנה, אבראטעווען דאס לעבען אונ זיך קוויקען מיט דער האפנונג, אז גאר גיך וועט ער זי צוריק נעהמען, אין דערשטיל בעווייזען דאס ליעבשאפט אונ ווייטער זיין א גליקליך פאר פאלק ווי פריהער. נאר מיט וואס פאר א צרות ווערד דער יוד ניט געוואהנט? עס זענען אוועקגעגאנגען עטליכע יאהר אונ ביי די מאררַאנען איז געווארען שוין א וואכענדיגער גאנג איבערצוליעגען גאנצע טאג אין די קעלערס, דארט מל זיין די קינדער, לערנען מיט זיי תורה אונ בעפעסטיגען ביי יעדען פון זיי דעם געדאנק, אז ער מוז זיין א דאפפעל־מענש: אין דרויסען דארף ער זיך רעכנען פאר א קריסט אונ אינוועניג מוז ער בלייבען א פערבארגענער הייסער יוד. ווי שווער עס איז ניט געוועזען צו טראגען א מאסקע אויפ'ן פנים, האבען די יודען קיין אנדער ברירה ניט געהאט אונ האבען די יסורים אנגענומען פאר ליעב. זיי האבען זיך געטראסט דערמיט וואס דאס געפאהר ווערט האטש ניט גרעסער, וואס די מלוכה זעהט

גאנץ גוט וואס פאר א קריסטען זיי זענען און מאכט פון דעסטוועגען זיך ניט וויסענדיג. אין שפאניען איז מאקי נאך דעמאלט ניט געוועהן קיין אינקוויזיציאן, די קאניגע פון קאסטיליען, אראגאניען און מאלארקא זענען נאך פריהער ניט צופרידען געוועהן וואס דאס צורייצטע פאלק האט אזוי פיעל יודען געצוואונגען צו דער טויפע; דערפאר האט זי ניט געאהרט וואס די מאראנען טהוען אב בסתר, און אפילו אז מען האט בעמערקט ווי עטליכע פון זיי ערלויבען זיך אפענטליך צו האלטען יודישע ימים טובים, האט מען זיך אויך ניט וויסענדיג געמאכט. אזוי האט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבען ארויסצווייזען, ווען ניט א גאנצע רפואה צו דער ביטערער מכה, ווענינגסטענס א מיטעל דעם וועטהיג לייכטער צו דערטראגען, און ווער ווייסט אויב די וואונד אליין וואלט זיך אויך ניט פערהיילט מיט דער צייט, ווען עס שפרינגען ניט ארויס מאקי פון די יודען אליין זייערע אייגענע משחיתים, וואס האבען זיי גאר אין גאנצען פערומערט דאס לעבען, געשיט זאלץ אויף די פרישע וואונדען און צום איבריגען דערשלאגען דעם קראנקען, ער זאל ניט קאנען רירען אפילו מיט דעם איינציגען אבר, וואס דער שונא האט איהם, אויס פערזעהעניש, איבערגעלאזט.

אט די געפעהרליכע משחיתים זענען דווקא געוועהן יודיש בלוט און פלייש און אזוי ווי דער ווארם, וואס ווערט געבארען אין דעם מענשענ'ס געדארם, פון דארט ציהט ער זיין גאנצע יניקה און פון דעסטוועגען טאטשעט ער איהם אזוי לאנג ביז ער נעהמט ביי איהם ארויס דאס היות, אזוי האבען זיי זיך איינגעווארצעלט אין דעם יודישען גוף, פון זיין מארך האבען זיי אויף זיך ארויפגעצויגען א הויט, בעקומען ביינער, נאר א ריינע יודישע נשמה האט זיי געפעהלט, און דאריבער האבען זיי געטהון דאס אייגענע שליחות פון די ווארם און האבען זיך געוואלט בענוצען מיט'ן הולאת פון דעם גוף, כדי זיי זאלען קאנען אויף עביג מאכען פון איהם איין ענד. נאך אז די הצלחה האט געדיענט די יודען אין שפאניען, האבען זיך צווישען זיי געפונען אזעלכע, וואס עס האט זיי געקרענקט די גוטע לאגע פון זייערע ברידער: עס האט זיי גאר געצויגען צו די שונאים, און עס האט זיי נאך מעהר געברענט וואס זיי קאנען ניט איבערגעהן אויף דער אנדערער זייט, ווייל טהון עס פלוצלונג גאר אהן א „פאר-וואס" האט עפעס ביי זיי אליין אויך אויס געזעהן ניט פאסיג. אודאי האבען די לייט שטארק ארויסגעקוקט אויף א גזרה, און קוים האט מען זיך אים יאהר 1391 מיט די יודען צופיהרט די האנד, זענען זיי געוועהן די ערשטע וואס זענען געווארען הייסע קאטאליקען נאר מיט דער פרומער כונה זיך נוקם צו

זיין אין די געוועזענע ברידער אונ זייערע קלאפ האבען די יודען געפיהלט מעהר פון אללע. אנגעהויבען האט די חברה פון קליינגקייטען, פון ארויסלאזען ביכלעך מיט לצנות איבער יודען: איין געטויפטער יוד, דון פערא פעררוס, האט אין א שיר אבגעשפעט פון דער יודישער קהלה אונ פון דעם רב אין אלקאלא, איהם האט נאכגעטהון איין אנדער געטויפטער יוד, וואס איז געווארען א גייסטליכער, דיעגא דע וואלענסיא, אונ באלד האבען זיי שוין נאכגעמאנצט אללע קריסטליכע שרייבערס אונ אפילו דער גראסטער שפאנישער דיכטער פון יענער צייט אלפאנסא אלווארעץ דע ווילאסאנדינא האט זיך אומיסטען אויסגעלערנט לשון-קודש-ווארטלעך, כדי ער זאל קאנען בעסער [illegible]מאכען פון יודען. דאס איז אבער נאר געוועהן איין התחלה, באלד האבען די געטויפטע יודען בעוויזען אז זיי מיינען ניט אבקומען מיט גלייך ווארטלעך. אז זיי ווילען טאקי עפיס טהון אונ זיי ווילען פערברייטען דעם קאטאליציזמוס נאך מעהר פון די געבארענע קריסטען. א יודישער דאקטאר אסטרוק ריימוך פון פראגא, וואס האט ביי דער טויפע איבערגעביטען זיין נאהמען אויף פראנציסקא דיאס-קארנע, האט זיך גענומען ארבייטען מיט אללע כוחות צו פערגרעסערן די צאהל פון די געטויפטע יודען, אונ אזוי ווי ער האט זיך פריהער גערעכענט צווישען די גרעסטע לומדים אונ האט געהאט זעהר פיעל תלמידים, האט ער אנגעשריבען א ספר אויף העברעאיש, אויפ'ן ארט פון א בריעף צו איינעם פון זיינע תלמידים, אונ האט דארט אויסגעוויזען פון דער תורה, אז די יודען מוזען צו שטעהן צום קריסטענטהום. דער תלמיד, וואס אויף זיין נאהמען איז צוגעשיקט געווארען דער בריעף, האט איהם געענטפערט מיט גרויס דרך ארץ אונ האט זיך געוואלט ארייןלאזען אין א וכוח מיט זיין געוועזענעם רבי'ן, נאר דער יודישער דיכטער ר' שלמה בן ראובן בונפד האט געפונען אז אזא תשובה איז צו ווייניג אונ ער האט ארויסגעלאזט א בעזונדער חבור אונ זאגט דארט קורץ אונ שארף אז פראנציסקא'ס ראיות האבען קיין שום ווערטה ניט.

נאר מעהר פון אללע געטויפטע יודען האט אנגעטהון צרות זיינע געוועזענע ברידער דער רב פון בורגאס, שלמה הלוי, וואס איז אלט געוועהן פערציג יאהר ווען ער איז איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום אונ האט זיך אנגעהויבען רופען פאולוס בורגענזיס דע סאנטא מאריא. עטליכע אונ אכטציג יאהר האט פאולוס געלעבט, האלב פון זיינע יאהרען האט ער פערבראכט צווישען יודען אונ איז געוועהן זייער מנהיג, אונ פון דעסטוועגען איז ביי איהם

אין הארץ געבליבען אזוי וועניג ישר אונ רחמנות אז ער האט מיט רעכט געקאנט פארנעהמען דעם בעסטען פלאץ צווישען די ערגסטע שונאי ישראל. גענומען האט זיך עס דערפון וואס פוילוס איז געוועהן א שטארקער רודף אחר הכבוד אונ וואס מיט איהם האט זיך איבערגעטהון איז נאר געוועהן צו ליעב דעם, זיין מעמד זאל זיין גרעסער, זיין נאהמען זאל מעהר קלינגען. אז ער איז געוועהן רב אונ א גאנצע עדה יודען האט איהם כבוד אבגעגעבען, האט ער זיך ניט געוואלט בעגניגען דער מיט: איהם האט עס געטראגען צו עפיס גרעסער'ס, ער פלעגט ארוים פאהרען אין אטהייערן וואגען, איינגעטונקען אין גאלד אונ זילבער, ער האט געזוכט אללע מיטעל צו ווערען אקרוב למלכות אונ האט עס אזוי ווייט געבראכט, אז ניט נאר אין בית המדרש, נאר אפילו צווישען די קריסטען האט מען פאר איהם דרך ארץ געהאט. אודאי האט ער זיך זעהר דער פרעהט אז עס האבען זיך אים יאהר 1391 אנגעהויבען די רדיפות געגען די יודען; ער האט פערשטאנען אז אצונד איז פאר איהם די בעסטע צייט צו צושלאגען זיך צו דער הויכער מדרגה, וואס אין יודישקייט האט ער גאר פון דעם ניט געטארט אפילו טראכטען, אונ האט זיך באלד געטויפט איינעם מיט זיין גרויסער משפחה, מיט א ברודער אונ מיט דעם ברודערס דריי זיהן. די קריסטען האבען איהם אויפגענאמען ווי אגאנצען טוב, ווייל, ערשטענס, האט זיי פוילוס איינגערעדט אז ער האט שוין לאנג געוואלט איבערגעהן צום קריסטענטהום אונ האט זיך איבערצייגט אז נאר זייער רעליגיאן איז אמת, אונ, צווייטענס, האבען זיי גערעכענט אז אזא בערימטען רב אונ למדן וועלען זיך נאכשלעפען טויזענדער יודען, אונ אזא גרויסע מצוה ווי אבצוטויפען א גאנצע יודישע קהלה, וועט זיי אנקומען גאר גרינג. פוילוס האט דערווייל אין זין געהאט זיינס אונ האט זיך געזוכט כבוד אויך צווישען די קריסטען. חאטש ער איז שוין געוועהן ניט אזוי יונג, איז ער אריין אין דער פאריזער אוניווערזיטאט אונ איז גיך פון דארט ארוים א גייסטליכער. אזא קליינע שטעללע האט איהם אבער ניט געקאנט בעפרידיגען, ביי איהם איז ניט אנדער'ש געבליבען אז ער מוז ווערען אין עפיסקאפ אונ אפילו אקארדינאל. דערצו איז געוועהן זיין גאנצע השגה אונ צו ליעב דעם האט ער זיך אין אביניאן אריינגעדרעהט אין הויף פונ'ם קארדינאל פעדרא דע לונא, וואס איז באלד געווארען פאפסט מיט דעם נאהמען בענעדיקטוס דער דרייצעהנטע, ביים נייעם פאפסט איז פוילוס געווארען א גרויסער חשוב, דארט האט ער זיך איבערגענומען מיט זיין יחוס אונ האט געוויזען אז ניט אומזיסט רופט ער זיך „דע סאנטא

מארנא", ווייל ער איז אלני אונ קומט ארויס פון דער אייגענער משפחה וואס מרים, די מוטטער פון ישוע הנוצרי. פוילוס האט איבערהויפט פערשטאנען די קונץ ווי אזוי צו מאכען זיך אגרויסען „נאמען", דער פאפסט האט איהם געגעבען בריעף צום קאניג פון קאסטיליען היינריך דעם דריטען אונ ער האט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד, אונ דער געוועזענער יודישער רב איז שוין געשטאנען אויף אדרך אז אללע זיינע מחשבות וועגען גלאנץ אונ גרויסקייט זאלען מקוים ווערען.

אז פוילוס האט געפיהלט אז ער שטעהט פעסט אונ אז זיינע געוועזענע ברידער זענען אזוי ווייט געפאלען אז ער דארף מיט זיי קיין שום צערעמאניעס ניט מאכען, האט ער זיך געהאפט בעוויזען זיין געטריישאפט דעם קאטאליציזמוס אונ האט אנגעהויבען ארבייטען אז די יודען זאלען זיך טויפען. צום ערשטען מאל האט ער זיך גענומען צו ר' יוסף אראבוענא, וואס איז געוועהן לייב־דאקטאר ביים קאניג קארל דעם דריטען אונ לאנד־רב פון נאווארא, אונ צו ר' מאיר אלגואדעס, וואס איז אויך געוועהן דער לייב־דאקטאר פון דעם קאניג היינריך דעם דריטען אונ לאנד־רב פון גאנץ קאסטיליען. אז ער האט זיך אבער אבגעבריהט גאר ביים אנהייב אונ האט פערשטאנען אז מיט אנדערע וועט ער אויך גאר ניט מאכען, האט ער אנגעהויבען שיטען מיט שוועבעל אונ פעך אויף די יודען, אויסרעדען אויף זיי כל הרעות אונ אנרייצען געגען זיי דאס פאלק. עס איז געקומען אזוי ווייט אז פוילוס האט זיך ניט געשעמט צו ראטהען דעם קאניג ער זאל ניט צו לאזען צו קיין שטעללען אפילו געטויפטע יודען, אונ דערביי האט ער טאקי געהאט א שטיקעל מיין טאמער האפט זיך ארויס נאך אזא פויגעל ווי ער אונ טרעפט איהם נאך אבער. איבערהויפט האט פוילוס געוואוסט אז וואס מעהר מען וועט אונטערדריקען די יודען, וועט עס פאר איהם זיין בעסער אונ ער האט פון זיין זייט זיי אנגעטהון אזעלכע צרות, אז דער קארדינאל פון פאמפעלונא אונ נאך אנדערע גייסטליכע האבען עס ניט געקאנט צוזעהן אונ האבען געמוזט בענוצען זייער גאנצע מאכט צו לעשען כיט געוואלד דעם צארן פון דעם צורר.

ווי שוואך אבער אונ געפאלען ביי זיך די יודען זענען דעמאלט געוועהן, האבען זיי פארט ניט געקאנט גלייכגילטיג איבערטראגען דעם וועטהיג, אז א יוד, וואס איז גאר וואס געוועהן ארב אונ אפארשטעהער פון אגרויסער קהלה זאל זיי אזוי פיעל בלוט פערצאפען, אונ זיי האבען זיך ענטשלאסען איהם האטש ניט לאזען רוהען אונ זיך מיט איהם אריינלאזען אין אוכוח, האטש זיי האבען

פריהר געוואוסט אז אזא מלחמה מוז זיך אויסלאזען מיט גאר נישט, ווייל די צדדים זענען ניט גלייך: זיי בענוצען זיך מיט א שוואכער פעדער און קומען אב גאר מיט'ן רעדען, און פון דער אנדערער זייט ווייזט מען זיי קולאקעס און עס פליהען שוין שטיינער... איינער פון פוילוס תלמידים, ר' יהושע בן יוסף לארקי פון קאניס, א דאקטאר און א גרויסער קענער פון דער אראבישען שפראכע, איז דער ערשטער ארויסגעשפרונגען געגען זיין רבי'ן און האט איהם אנגעהויבען פרעגען שאלות; ער האט אבער זיין ספר אנגעשריבען מיט אזוי פיעל חכמה אז דאס לצנות, די שטאך־ווארטלעך, זענען געבליבען בעהאלטען צווישען די שורות, מען האט געקאנט מיינען אז ער רעדט מיט פוילוס'ן מיט גרויס דרך ארץ, און באמת האט ער איהם געגע ; אזיינס אנצוהערען אז עס האט איהם אזש געמוזט שטעכען אין דער זיבעטער ריפ. לארקי האט זיך קלאמערשט געמאכט פאר א תם און שרייבט פוילוס'ן אז ער פארשטעהט ניט צו ליעב וואס ער האט אוועקגעווארפען די יודישע אמונה: ער רעכענט איהם ניט פאר אזוי שלעכט, ער זאל עס האבען געטהון צו ליעב כבוד; ער קאן נישט דענקען אז ער האט פלוצלונג גאר געפונען חסרונות אין יודישקייט, ווייל ביז פערציג יאהר האט ער אבגעהיט אללע יודישע דינים און מנהגים און קיין זאך איז איהם ניט קשה געוועהן; ער קאן איהם ווידער ניט האלטען אזוי ווייט נאריש אז ער זאל זיך האבען דער שראקען פאר די רדיפות און זאל מיינען אז דאס יודישע פאלק מוז אין גאנצען פערשוואונדען ווערען, ווייל ער ווייסט וואהל אז אין אייראפא לעבט נאר א טהייל יודען און די איבריגע געפינען זיך אין אזעלכע ערטער, וואו זיי קאנען נאך רוהיג זיין און איבערלעבען, ווי זייער שטייגער איז, שטארקערע פאלקער. צו ליעב וואס זשע, פרעגט איהם לארקי, האט ער פלוצלונג אוועקגעווארפען דעם גלויבען, וואס ער האט כמעט א האלב לעבען געדיענט, און ווארפט מיט שטיינער אויף זיינע ברידער, וואס האבען איהם אזוי פיעל יאהרען גערעכענט פאר זייער פיהרער, און דא הייבט זיך ערשט אן דאס רעכטע ארבייט: לארקי זוכט קלאמערשט תירוצים, ער וויל טרעפען, וואס פוילוס קאן ענפערן, און אזוי שיט ער איהם אב פון קאפ ביז פוס מיט הלצות, ער זאגט איהם ארויס אזא אמת וואס איז ביטערער ווי גאל און מאכט פון איהם גאר חוזק. אז לארקי'ס גיפטיגע פיילען האבען געטראפען צום ציעל — זעהט מען ארויס פון פוילוס'ס תשובה וואס איז גאר אהן רעכטע דבורים, נאר פול מיט כעס, און בעווייזט אז דער שטיין איז געפאלען, ווי מען זאגט, פונקט אין קארב אריין.

ר' חסדאי קרעשקש האט זיך אויך ניט געקאנט איינהאלטען, און אזוי ווי ער פלעגט זיך אפט צונויפקומען מיט קריסטען און מען פלעגט איהם שטענדיג פרעגען שאלות וועגען רעליגיאן, האט ער ארויסגעלאזט א ספר און האט אויסגעוויזען אז די וואס ווילען מיט געוואלד אנווארפען די קאטאלישע אמונה טרעטען אב אפילו פון די יסודות פונ'ם קריסטענטהום. נאך מעהר פון אללע, וואס האבען געשריבען וכוח-ספרים, האט זיך דעמאלט בעריהמט געמאכט ר' יצחק בן משה אפודי, א גרויסער למדן, א דאקטאר און איין אסטראנאם, וואס האט זיך אים יאהר 1341 געמוזט טויפען און זיך רופען פראפיאט דוראן און האט טאקי שוין ניט געקאנט איבערטראגען די בושה פון זיין א קריסט מיט'ן מויל און בלייבען א איד אין הארצען, און האט זיך באלד ענטשלאסען אוועקצופאהרען קיין ארץ ישראל און דארט ווערן פריי א איד. אינאיינעם מיט איהם האט זיך דעמאלט געטויפט זיינער א חבר, דוד עין-בונט ביען גוראן, און אז ביי איהם איז געבליבען די דעה אוועקצווארפען שפאניען, האט דער חבר אויך געוואלט טהון דאס איינענע און זיי האבען צווישען זיך אבגערעדט אז פראפיאט דוראן זאל דערווייל ארייןפאהרען קיין פראנקרייך און זיך דארט אבשטעלען אין איינער פון די שטאדט, וואס געפינען זיך ביים ים, כדי עין-בונט זאל שפעטער אהין צו קומען, און ביידע אינאיינעם זאלען זיי זיך אויך זעצען אויף א שיף. ווי ערשטוינט איז אבער פראפיאט דוראן געוועהן, אז גאר אין א קורצער צייט איז איהם אנגעקומען א בריעף פון עין-בונט, וועלכער בעשרייבט איהם אז ער האט זיך אין וועג בעגעגענט מיט פוילוס'ן און ער האט איהם פערשטעהן געגעבען דאס היילינקייט פון דער קריסטליכער אמונה, און דאריבער זאגט ער זיך אב פון דעם געדאנק נאך אמאל א איד צו ווערען, און ראטה איהם אויך, ער זאל זעהן פריהער נוט בערעכנען עהדער ער וועט זיך לאזען אין זיין ווייטער נסיעה. ווי אדונער האט דער בריעף פון עין-בונט דערשלאגען דעם אומגליקליכען פראפיאט דוראן, ער האט געזעהן אז זיין חבר ווערט איהם פערלארן, און זיין אמת יודיש הארץ האט איהם קיין רוה געגעבען טאמער געראטה עס פוילוס'ן נאך אזעלכע יונגע לייט ארייןצוהאפען אין זיין נעץ, און דאריבער האט ער זיך ענטשלאסען צו אנפערן עין-בונט'ן מיט א בעזונדער חבור, וואס ער האט א נאהמען געגעבען „אל תהי כאבותיך". דאס מערקווירדיגקייט פון דעם חבור בעשטעהט אין דעם דאפעלטען זין פון יעדעם ווארט: אז מען האט גלאט אזוי געלייענט האט מען געקאנט מיינען אז פראפיאט דוראן רעדט יעדען צו ער זאל אוועקווארפען דעם נארישען גאנג

פון די עלטערן אונ זיך בעסער געהמען אויפ'ן דרך פון די, וואס בעווארנען זיך אי מיט עולם הבא אי מיט עולם הזה; קוים האט מען זיך אבער צוגעקוקט צו דער אינעווענינסטער כונה פונ'ם מחבר, האט מען באלד ארויסגעזעהן אז ער מאכט חוזק פון פוילוס'ן אונ פון אללע וואס לאזען זיך דורך איהם אראבפיהרען פונ'ם וועג. דערפאר האבען די גייסטליכע, די ערשטע צייט, אלליין פערטהיילט צווישען די יודען פראפיאט דוראן'ס חבור, ווייל זיי האבען גערעכענט אז דורך דעם וועלען זיי פון אללע זייטען בעקומען נייע קריסטען, נאר אז זיי האבען אקוק געטהון ווי די יודען פערשטעהען דעם אינהאלט גאר פערקעהרט אונ לערנען טאקי דעם אמת'ן פשט, האבען זיי אנגעהויבען דעם חבור צו ברענען אין פייער. באלד נאך דעם האט פראפיאט דוראן ארויסגעלאזט איין אנדער ספר, וואס דארט האט שוין ניט קיין קליינעם חלק געהאט ר' חסדאי קרעשקש, אונ זיי ביידע זענען שוין ארויס מיט שארפע דבורים אונ האבען ארויסגעוויזען, טאקי פון די קריסטליכע היילינע ספרים אלליין, וואס פאר א תל אזיינע געפארבטע מענשען, ווי פוילוס, מאכען פונ'ם קריסטענטהום אונ ווי ווייט זיי שטעהען פון דעם עיקר, וואס זייער גואל האט גילערינט.

דערווייל האט פוילוס אנגעהויבען שטארק וואקסען: ער איז געווארען עפיסקאפ פון קרתגינא אונ דער גאנצער בעל סוד ביים קאניג היינריך, פון דעסטוועגען האט איהם ניט געראטהען צו פועל'ן ביי היינריך'ן ער זאל אבזאגען די יודען פון די גרויסע שטעלען, וואס עטליכע פון זיי האבען נאך פערנומען, אונ בעזאנדערס האט איהם פערדראסען וואס ער קאן ניט בייקומען די צוויי יודישע לייב-דאקטוירים, דעם לאנד-רב דון מאיר אלגואדעץ אונ דעם בעריהמטען שפאנישען דיכטער דון משה צרצל, ווייל דער קאניג, וואס איז געוועהן זעהר אקראנקליכער, פלעגט דארפען אפט אנקומען צו זיי אונ האט טאקי פון זיי שטארק געהאלטען. אט די צוויי יודען, אונ נאך א פאר, וואס די שלעכטע צייט האט זיי נאך ניט פון די פיס געווארפען, האבען איינגעווענדט אללע כוחות אונ האבען געארבייט פאר דער יודישער וויסענשאפט. דון מאיר אלגואדעס האט איבער געזעצט דעם „ספר המדות" פון אריסטוטלוס אויף לשון קדש; פראפיאט דוראן, וואס האט זיך, ווי עס שיינט, אויסגעדרעהט פון די שונאים'ס האנד אונ איז געבליבען אין פערפיגניאן, האט אנגעשריבען אפירוש אויפ'ן רמב"ם'ס „מורה נבוכים" אונ אויפ'ן „אבן עזרא", ער האט געמאכט איין העברעאישע גראממאטיק אונ האט אויך צוגויפגעקליבען פערשיעדענע ידיעות וועגען די צרות, וואס יודען האבען

איבערגעטראגען פונ'ם דרייצעהנטען יאהר הונדערט אן. ר' חסדאי קרעשקש האט געארבייט פאר'ן טויט איבער א גרויס ספר וועגען חקירה אונ אמונה, נאר געענדיגט האט ער עס ניט. אויסער דעם איז דעמאלט צווישען די יודישע לומדים אונ שרייבערס בעקאנט געוועהן דער נאהמען פון דון שלמה בינבנישתי אבן־לבא, וואס מען האט איהם אויך גערופען דע־לא־קבלריא. זיין זוהן איז געוועהן א הייסער יוד אונ האט זיך אין א ביטערער צייט שטארק ארויס־געשטעלט פאר זיינע ברידער, דער נאך זעגען אבער טאקי פון דער אייגענער משפחה ארויס די גראסטע שונאי ישראל אונ די יודען האבען פון זיי געהאט זעהר גרויסע צרות.

אזוי איז נאך געוועהן צו דערליידען כל זמן דער קאניג היינריך דער דריטער האט געלעבט. אז ער איז אבער אים יאהר 1406 געשטארבען, האבען זיך ערשט אנגעהויבען פאר די יודען די רעכטע צרות. זיין יורש זשואן דער צווייטער איז אין גאנצען אלט געוועהן צוויי יאהר אונ די מלוכה איז איבער־געגאנגען צו דער אלמנה, דער קאניגין קאטאלינא, וואס איז געוועהן זעהר לייכטזיניג, אונ צו דעם פרינץ דון פערנאנדא, וואס ביי איהם האבען די גייסטליכע געהאט די גאנצע דעה. אז עס האט זיך דא פאר די גייסטליכע געעפענט א נייע וועלט אונ דערצו איז נאך אין היינריך'ס צוואה געשטאנען אפונקט אז פוילוס דארף זיין דער גאנצער משגיח ביז זיין זוהן וועט אונטער־וואקסען, קאן מען שוין פארשטעהן מיט וואס פאר א חשק פוילוס האט זיך געהאפט אויסצופיהרען זיינע אלטע מחשבות וועגען יודען. צום ערשטען האט ער געוואלט ארויס פטר'ן די יודען, וואס האבען נאך געהאט שטעלען ביי דער קרוין, אונ עס איז אים יאהר 1408 ארויס א בעפעהל אז יודען טארען ניט דיענען ניט נאר ביי דער מלוכה, נאר אפילו אזוי ביי קריסטען אונ ווי באלד מען וועט געוואהר ווערען אז א יוד האט עובר געוועהן אויף דעם מוז ער בעצאהלען קנס צוויי מאהל אזוי פיעל ווי פיעל זיין יאהרליכע פרנסה האט בעטראפען, אונ אויב ער וועט קיין מזומן געלד ניט האבען זאל מען ביי איהם צונעהמען זיין גאנץ ווירטשאפט, אונ אחוץ דעם זאל מען איהם אפענטליך געבען פופציג מלקות. דערנאך האט זיך פוילוס געלעגט אין דער לאנג אונ אין דער בּרייט ער זאל זיין אלטען שונא, דון מאיר אלגואדעס ארייגפיהרען אין אומגליק אונ עס איז איהם טאקי געראטהען. ווי אזוי די זאך איז געשעהן — קאן מען ניט וויסען, פונקט ווי עס איז שטענדיג שווער געוועהן צו דערגעהן דעם אנהייב פון אללע בלבולים, וואס מען האט פריהער אונ שפעטער געמאכט

אויף דעם יודישען פאלק, נאר ביי יודען האט מען קיין מאל ניט געוואלט פאר־שען פון וואנען א בעשולדיגונג נעהמט זיך, מען האט נאר געקוקט אויפ'ן סוף, די יודען זאלען בלייבען שולדיג אונ מען זאל זיך קאנען אן זיי נוקם זיין. אזוי איז דא אויך געוועהן: פלוצלונג, ווען די קאניגין מיט'ן קליינעם פרינץ איז געקומען קיין שיגובה, האבען די גייסטליכע אנגעמאכט א געוואלד אז א יוד האט געקריגען א האסטיע אונ האט געוואלט שאנדען דאס הייליגע ברויט, נאר די האסטיע האט אנגעהויבען צו מאכען אזיינע מופתים אז דער יוד איז דער־שראקען געווארען אונ האט זי מיט גרויס ציטערניש צוריקגעבראכט אין קלויסטער אריין. עס איז באלד געווארען א ליארם, א געשריי, דער עפיסקאפ זשואן וועלאסקוועץ דע טורדסילס האט בעקומען א ווינק פון אויבען ער זאל ניט שווייגען אין דער זאך, אונ שוין זענען געזעסען אין תפיסה די שאנסטע יודישע בעלי בתים אונ צווישען זיי אויך דון מאיר אלגואדעץ. וואס פאר א שייכות דער געוועזענער לייב־דאקטאר האט געקאנט האבען צו די מופתים פון דער האסטיע — פון דעם סוד האט געוואוסט נאר איין פוילוס: ער האט געפיהרט דעם פראצעס, ער האט געהייסען שלאגען אללע בעשולדיגטע אונ זיי אנטהון ענוים קשים ביז זיי האבען זיך געמוזט מודה זיין, אונ אז דער אומגליקליכער דון מאיר אלגואדעץ האט נאך צו ליעב געטהון די תליינים אונ האט נאך ארויסגעזאגט אז ער האט געסמ'ט דעם קאניג היינריך, האט ער ארויסגעגעבען א משפט צדק, מען זאל איהם לעבעדיגערהייד צושניידען אויף שטיקער. אזא סוף האבען געהאט די איבריגע יודען וואס פוילוס האט אויף זיי געווארפען איין אויג אונ האט זיי צוגעשלעפט צו דעם שרעקליכען חטא פון דער האסטיע, אונ דעמאלט האט ער אויך געהייסען צונעהמען איינע פון די יודישע שולען אונ זי מאכען פאר א קירכע.

א שרעקליכע צייט האט זיך ווייטער אנגעהויבען פאר די שפאנישע יודען אונ אין די דאזיגע ביטערע יאהרען האבען די מקובלים ווייטער אויפגעהויבען דעם קאפ אונ דריי פון זיי, אברהם פון גרנאדה, שם טוב בן יוסף אונ משה בותרל, האבען זיך בענוצט מיט דעם פינסטערניש, וואס האט בעדעקט דאס יודישע לעבען, אונ האבען אנגעהויבען איינצורעדען דעם עולם, אז דאס גאנצע אומגליק האט זיך נאר גענומען פון דעם וואס יודען האבען צו פיעל געלערנט תורה אונ חכמה, אונ אז עס איז גלייכער צו גלויבען בלינד, האלטען צוגעמאכט די אויגען אונ ווארטען ביז דער אויבערשטער וועט זיך מרחם זיין אונ שיקען די ישועה. אברהם פון גרנאדה האט זיך ניט געשאמט אפען

ארויסצוזאגען אז ווער עס גלויבט ניט אין קבלה, דער קאן זיך גאר ניט רעכענען פאר קיין מאמין, און אז ווען די קבלה זאל געוועהן זיין בעפעסטיגט צווישען יודען וואלטען פיעל פון זיי זיך ניט געוועהן געטויפט אים יאהר 1391. דערצו האט ער נאך גענומען הייליגען די וואונדען פונ'ם פאלק מיט זעהר א געפאהרליך מיטעל: ער האט זיי געטרעסט דערמיט וואס די גרויסע צרות בעווייזען אז גיך וועלען זיך אנהייבען משיח'ס-צייטען און האט זיי פערשלאגען דעם קאפ מיט פערדרעהטע חשבונות און פאלשע האפנונגען. שם טוב בן יוסף איז נאך געגאנגען ווייטער און האט ארויפגעלעגט די גאנצע שולד אויפ'ן רמב"ם, גרשוני און נאך אנדערע חכמים; ער האט געשריבען א ספר „אמונות" און האט דארט אבגעשיט מיט פייער אללע חוקרים, וואס האבען, אומגערן אדער אימיסטען, דערוויטערט די יודען פון אזא טהייערן אוצר ווי די קבלה. נאר די צוויי מקובלים, וואס זיינען געוועהן ניט קיין גרויסע דענקער און זענען טאקי אליין אויך געוועהן גענארט, האבען ניט אזוי פיעל אנגעארבייט ווי דער דריטער ר' משה בותרל, וואס איז געוועהן א פשוט'ער שווינדלער און האט געשפיעלט די ראללע פון א בעל מופת און טאקי פון א שטיקעל משיח. משה בותרל האט ארויסגעלאזט א ספר וואס איז געוועהן פול מיט שקרים און דער עולם האט איהם געגלויבט, חאטש ערשט ניט לאנג איז ער געבליבען אליינער, ווען ער האט פערזיכערט אז ניט שפעטער פון זומער אים יאהר 1393 וועט געוויס משיח קומען. ער האט זיך אויסגעגעבען פאר'ן גראסטען למדן און האט צושיקט בריעף צו אללע רבנים אז ער קאן די שווערסטע קושיות פארענפערן נאר מיט דער הילף פון קבלה. מערקווירדיג איז דאס, וואס משה בותרל האט געקאנט פארדרעהן דעם קאפ אפילו פון אזא גרויסען מאנן ווי ר' חסדאי קרשקש, וואס האט אפענטליך אין שול מודה געוועהן אז מען מאג שטעלען אויף זיינע ווארטער. אודאי האט ער זיך שפעטער געשעמט, ווען דאס פאלשקייט פון דעם צבוע'ק האט זיך אין גאנצען ארויסגעוויזען, און ער האט פערשטאנען, אז ער האט זיך געלאזט נארען דער פאר, ווייל ער איז מעהר ניט ווי א מענש און ביי דער שלעכטער צייט גלוסט זיך אפילו דעם קליגסטען צו קוויקען זיך מיט א פאלשער שיין פון דער קליינסטער האפנונג און ער רעדט זיך איין אז ער זעהט עפיס, חאטש דער שכל קלאפט איהם גוט אין קאפ אריין און רייסט איהם מיט געוואלד אב פונ'ם זיסען חלום.

געגוג שלאק האבען, דאכט זיך, די יודען געהאט אויף זיך: אללע אנ-וואהגער האבען געקוקט אויף זיי ווי אויף בעהאלטענע גבירים און גערעכענט

אז ביי יעדען פון זיי ליעגט בעגראבען אוצרות מיט געלד, די גייסטליכע האבען געהאלטען פאר דער גרעסטער מצוה צו טויפען יודען און די געטויפטע אלליין פלעגען זיך אפט גאר אין גאנצען איבערקעהרען, ערשט געכטען האבען זיי געהאפט קלאפ גלייך מיט אללע און וואלטען נאך גיט בעדארפט פערגעסען דעם טעם פון זיי און היינט שלאגען זיי שוין אויך מיט חשק זייערע גע־וועזענע ברידער, גלייך ווי עמיצער שטעהט זיי איבער׳ן קארק און שרייעט: „הרג׳ט, ממית׳ט!“. מען האט געקאנט מיינען אז ארגער קאן שוין גאר ניט זיין, נאר דער אנהויב פונ׳ם פינפצעהנטען יאהר הונדערט האט בעוויזען אז די יודען האבען געהאט אזיינע צרות, וואס זיי האבען זיך אויף זיי גאר ניט גערעכט. דריי שרעקליכע שונאים האבען צונויפגעזאמעלט זייערע כוחות און האבען איניינעם געארבייט צו דערשטיקען די יודען: פון די דריי שותפים איז איינער געוועהן יהושע לארקי, א געטויפטער יוד, דער אנדערער האט געהייסען פראי וויצענטע פערער און איז געוועהן זעהר א פרומער גייסטליכער, דער דריטער איז געשטאנען גאר הויך, ווייל דאס איז געוועהן דער פאפסט בענעדיקטוס דער דרייצעהנטע. יהושע לארקי איז געוועהן דער איינער, וואס האט פריהר געארבייט מעשים ווען זיין רבי פוילוס האט זיך געטויפט און גאר גיך האט זיך ביי איהם איבערגעביטען די דעה: ער איז איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום און האט בעקומען א נייעם נאהמען גערא־נימא דע סאנטא־פע. דער פאפסט בענעדיקטוס האט איהם צו זיך צו־גענומען פאר לייב־דאקטאר און באלד האט זיך ארויסגעוויזען אז דער תלמיד האט אבער געטראפען דעם רבי׳ן, ווייל ער האט זיך בעמיהט נאך מעהר פון פוילוס׳ן צו פערגרעסערן די צאהל פון די געטויפטע, און אז עס איז ניט גע־גאנגען האט ער ניט געזשאלעוועט אויסצוטראכטען בלבולים און ברענגען די יודען אויפ׳ן פייער. וויצענטע פערער איז ניט געוועהן אזא גרויסער צורר היהודים ווי ער האט טאקי מיט׳ן גאנצען הארצען געוואלט די יודען גליקליך מאכען מיט דער קריסטליכער רעליגיאן און זיך בעווארענען א שטוהל אין גן עדן. ער האט ניט געמיינט ניט קיין כבוד ניט קיין געלד, ווייל ער איז געוועהן אין גאנצען אויסגעטהון פון דער וועלט; פון די גרעסטע שטעללען, וואס מען האט איהם פארגעלעגט, האט ער זיך אפגעזאגט און פלעגט נאר פון שטאדט צו שטאדט ארומגעהן בארוועס און צורעדען אללע מען זאל ווערען פרימער און זיך האלטען אין אמת׳ן גלויבען. דערצו איז ער נאך געוועהן א בעריהמטער דרשן און איז אים שטאנד געוועהן מיט זיינע רעד אויפצוהיצען גאר די האר־

טעסטע מענשען אונ ברענגען צו טרערען אזעלכע וואס האבען פון זייער לעבסטאג ניט געוואוסט וואס הייסט אזיינס וויינען. ער האט אבער, צום אומגליק, ניט נאר דבורים בענוצט נאר דארט וואו ער פלעגט אנטרעפען עקשנים האט ער זיך בעשלאסען צו געהן מיט כח אונ נייטהען מען זאל איהם פאלגען, ווייל ער איז איבערצייגט געוועהן אז ער טהוט עס נאר פון יענעמ'ס טובה וועגען אונ ער אליין וועט זיך נאר פערדיענען די מצוה. אז ער איז געוואהר געווארען ווי די מאראנען זענען זיך נוהג אונ ווי פאלש זיי זענען דעם קריס־טענטהום, האט ער זיי אנגעהויבען שטראפען מיט אזעלכע פייעריגע דרשות, אז פיעל פון זיי האבען זיך מודה געוועהן אונ האבען איהם געגעבען דאס ווארט תשובה צו טהון אונ ווערען אמת'ע קריסטען. אז דאס איז איהם געראטהען, האט ער זיך שוין גענומען צו די יודען, אונ דריי יאהר כסדר, פון 1412 ביז 1415 האבען זיי פון איהם שרעקליך געליטען. די שפאנישע מלוכות האבען זיך אויך אנגעהאפט אין וויצענטע פערער'ס דרשות, חאטש זיי האבען לחלוטין ניט געמיינט דאס וואס ער, זיי האבען מעהר ניט געוואלט ווי פערשלאגען דעם קאפ פונ'ם פאלק, כדי מען זאל האבען צו טהון מיט יודען אונ מיט אנדערע פרעמדע אומות אונ מען זאל אין אייגענע זאכען פערגעסען. דערפאר איז וויצענטע פערער אומעדום געוועהן א ליעבער גאסט, מען האט איהם געגעבען איין ערלויבניש צו דרשנ'ען אין די שולען אונ מאשעען אונ די יודען מיט די מחמדנער האט מען געצוואונגען זיי זאלען איהם מוזען הערען. מען קאן זיך פארשטעלען וואס די יודען האבען אויסגעשטאנען ווען וויצענטע פערער פלעגט זיך אנידערשטעלען ביים ארון קודש מיט א ספר תורה אין איין האנד אונ מיט א קרייץ אין דער אנדערער האנד אונ שטראפען דעם עולם פאר וואס זיי ווילען ניט מודה זיין אויפ'ן אמת. ווי עס ווייזט אבער אויס, האט ער די ערשטע צייט גאר ווייניג געפועל'ט ביי די יודען, ביז דער גוטער פוילוס איז איהם ניט געקומען צו הילף. פוילוס האט שוין פון פריהער געוואוסט אז מיט גוטען קאן מען גאר ניט מאכען אונ אז מען מוז די יודען אזא קוועטש טהון זיי זאלען גאר קיין אנדער ברירה ניט האבען אונ זאלען מוזען איינגייען די קאפ. די מלוכה פון קאסטיליען האט באלד ארויסגעגעבען א געזעץ פאר די יודען וואס איז בעשטאנען פון פיער אונ צוואנציג פונקטען אונ וואס האט זיי אזוי געבונדען אז זיי האבען זיך ניט געקאנט רירען. נאך דעם נייעם געזעץ, האבען די יודען געמוזט וואהנען אין א בעזונדער גאס, וואס האט געהאט טויערן פון ביידע זייטען אונ מען האט זיי געקאנט פערשליסען. קיין אייגענע

דינים האבען זיי ניט געטארט האבען, מיט קיין שום מלאכה האבען זיי זיך
ניט געטארט בעשעפטיגען, אפילו דאקטורים יודישע האבען ניט געטארט זיין,
מיט קריסטען האנדלען האבען זיי קיין רעכט ניט געהאט, טראגען כלי זיין
האבען זיי ניט געטארט, האלטען קריסטליכע דיענסטען איז זיי שטרענג פער=
באטען געוועהן, אפילו אים שבת האבען זיי זיך ניט געקאנט שאפען מיט
א קריסט ער זאל טהון די קליינסטע ארבייט. די יודען האבען געמוזט טראגען
בעזונדערע קליידער מיט ארויטהען צייכען און ווי באלד מען האט געהאפט
איודען וואס האט זיך אנגעטהון גלייך מיט די קריסטען, איז פון איהם גע=
קומען א גרויסער שטראף. די יודען האבען אויך ניט געטארט אבשערען די
האר פונ'ם קאפ און פוצען די באָרד, און ווער עס האט עובר געוועהן האט
באלד געהאפט הונדערט מלקות. פאר אללע איינוואהנער פונ'ם לאנד איז בע=
שטימט געוועהן די גרעסטע שטראף ווען זיי וועלען ביי זיך האלטען יודען און
זיי בעשיצען. מען האט אויך פערוועהרט די יודען זיי זאלען ניט טארען ארויס=
פאהרען ניט נאר פונ'ם לאנד, נאר אפילו פון דער שטאדט און ווער מען
האט דערהאפט ניט אויף זיין פלאץ, האט מען ביי איהם צוגענומען זיין
פערמעגען און איהם אליין געמאכט פאר א קנעכט. וואס פאר א פינסטערניס
אזא געזעץ האט אנגעמאכט צווישען די יודען פון קאסטיליען, וואס זענען
פארט געוואהנט געוועהן שאן צו לעבען, דאס איז לייכט צו פערשטעהן, אודאי
האבען ניט אללע געקאנט בעשטעהן ביי אזא נסיון, און אז וויצענטע פערער
איז שפעטער נאך אמאל געקומען צו די יודען און האט זיי אנגעהויבען אויס=
צווייזען אז מיט זייער עקשנות פערשפיעלען זיי ביידע וועלטען, האבען
פיעל פון זיי איהם געפאלגט, ניט אזוי פון עולם הבא וועגען, ווי צו ליעב
עולם הזה. דעמאלט האבען זיך כמעט גאנצע יודישע קהלות אויסגעטויפט,
פון די שולען האט מען געמאכט קירכען, און די יודען פון סלמנקא האבען
זיך גערופען „וויצענטינער" נאך'ן נאהמען פון וויצענטע פערער, וואס האט
זיי אללע געבראכט צו דער טויפע. דאס אייגענע איז אויך געשעהן אין
אראגאניען, וואו דער קאסטיליענישער פרינץ דון פערנאנדא איז געווארען
קעניג אים יאהר 1414, און וויצענטע פערער איז געוועהן זיין גאנצער יועץ.
אודאי האט ער זיך דארט אויך געקאנט צופיהרען די האנד, די מלוכה האט
איהם אויפגעאפענט אללע יודישע שולען, ער זאל האבען וואו צו דרש'נ'ען,
די יודען האט זי מיט געוואלד געטריבען זי זאל איהם לויפען הערען, אחוץ
דעם האט זי זיי געשטעלט א שאנעם שפיעגעל פאר די אויגען זיי זאלען זעהן

וואס מיט זיי וועט זיך טהון ווען זיי וועלען ניט נאכגעבען, אונ אזוי איז איהם געראטהען אין פיעל שטאדט, ווי סרגסה. דרקה, טרטזא, וואלענסיא אונ מאיארקא, טויזענדער יודען אבצוּרייסען פון זייער אמונה. סך הכל האט וויצענטע פערער אבגעטויפט אין קאסטיליען אונ אראגאניען מעהר פון צוואנציג טויזענד יודען, נאר דורך זיי איז מעהר ניט ווי פערגרעסערט געווארען די צאהל פון די מאראנען, ווייל די אללע געטויפטע האבען ניט געקאנט פערגעסען מיט וואס פאר אמיטעל מען האט זיי אבגעריסען פון יודישקייט.

דערמיט זענען נאך אבער די יודען ניט אבגעקומען, ווייל באלד האט זיך צו זיי גענומען דער פאפסט בענעדיקטוס דער דרייצעהנטער, וואס איז שוין פון לאנג אן, נאך אז ער איז געוועהן אקארדינאל, געוועהן בעקאנט פאר אשונא ישראל, אונ אז ער האט נאך דערטאפט אזא אבן טוב, ווי זיין לייב-דאקטאר יהושע לארקי, אדער גערנימא דע סאנטא-פע, וואס האט גוט געקאנט די יודען מיט אללע הסרונות פונ׳ם יודישען לעבען, האט ער שוין געהאט צו וואס זיך צו טשעפען. דערצו האט נאך בענעדיקטוס געהאט אמחשבה זרה, ווייל ער האט גערעכענט אלליין טאקי געהאלפען צו ווערען דורך די יודען. די וועלט האט פון איהם זעהר ווענינ געהאלטען, נאר אין אין אראגאניען איז ער נאך געוועהן אין דער מעלה, אין אנדערע קאטאלישע לאנדער האט מען פון איהם גאר ניט געוואלט וויסען, מען האט אויסגעקליבען איין אנדער פאפסט אונ איהם האט מען פשוט אין חרם אריינגעלעגט. ביי אזא טרויעריגען מעמד, האט זיך בענעדיקטוס בעשלאסען צו ווייזען זיינע שונאים ווי גרויס זיין ליעבשאפט צום גלויבען איז אונ האט געוואלט זיי שטעבען די אויגען דערמיט וואס ער וועט טויזענדער יודען ארונטערנעהמען אונטער די פליגעל פונ׳ם קאטאליציזמוס. דערפאר האט מען געפועלט ביי דער מלוכה זי זאל ארויסלאזען אבעפעהל אז אללע גרויסע רבנים אונ לומדים פון אראגאניען זאלען אין אבעשטימטער צייט קומען צו איהם אונ האבען אוכוח וועגען אמונה, אונ ביי זיך האט ער געטראכט אז ווי באלד י״ת וועט איהם געראטהען די פארשטעהער אריבערשלעפען אויף זיין זייט, וועט שוין דער איבריגער עולם ממילא נאכלויפען. די יודען האבען געוואוסט אז יהושע לארקי בערימט זיך אז ער וועט דערווייזען פון דער גמרא אלליין אז משיח איז שוין געקומען. עס האט זיך זיי אודאי ניט געגלוסט צו פאהרען קיין טרטזא אונ שפארען זיך וועגען אזא זאך, וואס זיי קאנען גאר געגען דעם קיין שום ראיות ניט אננעהמען אונ מוזען נאר אין דעם בלינד גלויבען, ווייל דאס איז

זייער לעצטע טרייסט און האפנונג; אבזאגען זיך האבען זיי מורא געהאט, און אזוי האבען זיך צוויי און צוואנציג גרויסע לייט געמוזט מאכען הארץ און קומען צום וכוח, און צווישען זיי זענען געוועהן די שאנסטע און פיינסטע בעלי בתים, פון דעם גרעסטען יחוס, ווי דון ווידאל בן בנבנישתי אבן-לבי פון סרגסה, א בעריהמטער דאקטאר און א העברעאישער דיכטער, דער זוהן פון ר' שלמה דע-לא-קבלריא; ר' יוסף אלבו פון מאנרעאל, א תלמיד פון ר' חסדאי קרשקש, וואס איז געוועהן אי געלערנט, אי פרום; ר' זרחיה הלוי סלדין פון סרגסה, וואס איז געוועהן בעריהמט מיט זיינע איבערזעצונגען פון אראביש אויף לשון קודש; אסטרוק לוי פון דרקא און באנאסטרוק פון גירונא — צוויי גרויסע לומדים, וואס דער פאפסט אליין האט זיי אין צעטעל אריינגעשטעלט.

האטש אללע יודישע פארשטעהער, וואס זענען זיך צונויפגעפאהרען קיין טרטוזא, זענען געוועהן שארפע קאפ, בקיאים אין תורה און אויך אין וועלטזאכען, דערצו איז נאך דון ווידאל געוועהן א שטארקער קענער פון דער לאטיינישע שפראכע, פון דעסטוועגען האט אויף זיי די הויט געציטערט נאך עהער דער וכוח האט זיך אנגעהויבען, זיי האבען שוין ניט געהאט דאס שטארקהייט פונ'ם רמב"ן אמאל, וואס האט אויך געהאט דעם איינעם נסיון, נאר ער האט קיין כבוד ניט געלעגט אויף זיינע געגנער און האט פריי און אפען ארויסגעזאגט דעם אמת; זיי אבער זענען געוועהן ביי זיך געפאלען און האבען פאראויסגעזעהן אז ווי אזוי זיי מאגען טענה'ן וועלען זיי אלץ בלייבען אומגערעכט. דאס איז נאך זיי מעהר קלאר געווארען און האט ביי זיי אין גאנצען צוגענומען דעם חשק זיך אריינלאזען אין ווייטע דרכים, ווען זיי זענען געוואהר געווארען דעם פלאן פון יהושע לארקי, וואס האט פריהער גערעכענט אויסצוווייזען פונ'ם תלמוד אז די יודען דארפען שוין ניט ווארטען אויף משיח'ן, און דערנאך, אויב די יודען וועלען ניט אננעהמען זיין דעה, מאכען א תל פון דער גמרא און אויסדריגנען אז ער איז פול מיט נארישקייטען און שעדליכע זאכען. ביי אזא פלאן האבען זיי פריהער געוואוסט אז דער גאנצער וכוח איז מעהר ניט ווי א קאמעדיע און אז סאי ווי סאי מוזען זיי די מלחמה פערליערען.

דער וכוח האט זיך געצויגען א יאהר מיט ניין חדשים און אכט און זעכציג מאל זענען זיך ביידע צדדים צונויפגעקומען. בעגעדיקטוס איז געוועהן פון די פערביסענע לייט, וואס האבען אין מויל זיסע רעד און אין בוזעם האבען זיי בעהאלטען א שפיז, ער האט געוואוסט אז ער מאג זיך פערלאזען אויף

יהושע לארקי, וואס וועט זיך קאנען מיט די יודען אויסטענה'ן און ברענגען זיי די נאטהיגע בעווייזע פון די יודישע היילינע ספרים; פון זיין זייט האט ער אבער גערעכענט צו נעהמען די יודען מיט ווייכקייט און גוטסקייט און דערפאר האט ער גרויס כבוד אבגעגעבען די יודישע פארשטעהער, ווען זיי האבען זיך איהם דאס ערשטע מאל פארגעשטעלט, און האט זיי שטארק בערוהיגט ווען זיי האבען זיך געקווינקעלט אנצורופען זייערע נאהמען. ער האט זיי ערקלאהרט אז זיי האבען זיך ניט צו שרעקען פאר קיינעם, אז ער האט זיי גלאזט רופען דערפאר וואס ער אליין וויל וויסען א סך זאכען פון דעם יודישען גלויבען און זיי מאגען זייערע מיינונגען ארויסזאגען גאר אהן מורא. אזוי האט זיי אויך בענעדיקטוס פריינדליך אויפגענומען דעם אנדערען טאג, ווען עס איז געוועהן די ערשטע פערזאמלונג. אויף יהושע לארקי'ס שאלות האט דון ווידל געאנטפערט מיט אלאנגער לאטיי'נישער רעדע און בענעדיקטוס האט איהם דערפאר געמאכט זעהר פיעל קאמפלימענטען און געלויבט זיין שאן רעדען. דון ווידל האט זיך דעמאלט געפרויוט שוין בעטען דעם פאפסט ער זאל זיי בעפרייען פון דעם וכוח, ווייל לארקי פערדרעהט דעם זין פון די פסוקים און אז די יודען ווילען ניט לערנען אזוי דעם פשט ווי עס טויג איהם זאגט ער שוין אז זיי וועלען מאוס אבשניידען. בענעדיקטוס האט איהם אבער ניט געוואלט צו ליעב טהון און האט געהייסען, אז אויפ'ן אנדערן טאג זאל זיין די צווייטע פערזאמלונג. דעמאלט האבען שוין די יודען פערשטאנען מיט וועמען זיי האבען צו טהון, אז דאס פריינדשאפט איז נאר לפנים און אז בענעדיקטוס וויל טאקי נאר זיי עוקר מן השרש זיין. נאך אין דעם איינעם טאג איז די גאנצע יודישע קהלה פון טרטזא זיך צוזונויפגעקומען אין שול, ר׳ זרחיה הלוי סלדין האט געזאגט דעם עולם אדרשה און האט אנגעוויזען אין וואס פאר א סכנה דאס גאנצע יודישקייט געפינט זיך, און עס איז געווארען איללה: די יודען האבען זיך געהאפט צום אלטען מיטעל— אויסזויינען ביי גאטט א ישועה דורך א הייסע תפלה.

די יודישע טרערען זענען ניט געוועהן אומזיסט. בענעדיקטוס איז געוועהן פערטראגען מיט זיינע זאכען, ניט ביי אללע פערזאמלונגען האט ער געקאנט זיין, און לארקווי האט געטהון וואס ער האט געוואלט. ווי אזוי די יודען האבען געשריגען און זיך נעשפארט, האט מען זייערע טענות ניט פערשריבען און אזוי זענען אוועקגעגאנגען צוויי און זיבציג אסיפות. נאר מיט וואס פאר אגעדולד די יודישע פארשטעהער האבען איבערגעטראגען זייערע צרות, איז

זַיי פָּארְט שְׁוֶוער גֶעוֶועהן צוּצוּקוּקֶען וִוי מֶען טְרֶעט זֵיי מִיט דִי פִּיס אוּנ זַיי
הָאבֶּען אָפֶּען אַרוֹיסְגֶעזָאגְט אַז מֶען מוּטְשֶׁעט זֵיי נָאר אָהן אַתַּכְלִית, וַוייל זֵיי
וֶועלֶען זִיךְ קַיין מָאל נִיט אָפְּזָאגֶען פוּנ׳ם גְלוֹיבֶּען אַז מָשִׁיחַ דַארְף עֶרְשְׁט קוּמֶען.
דֶעמָאלְט הָאט בֶּענֶעדִיקְטוּס עֶרְשְׁט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען זַיין גַאנְצֶע שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען
אוּנ הָאט זֵיי גֶעלָאזְט מוֹדִיעַ זַיין, אַז וִוי בַּאלְד זֵיי וֶועלֶען נִיט הַאלְטֶען קַיין טוֹיל
וֶועלֶען זֵיי מִיט׳ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלֶען, אוּנ לָארְקִי אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען מִיט
אַ פַייעֶרִיגֶער בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג גֶעגֶען תַּלְמוּד: עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען דוּרְכְלוּפְטֶערְן
דִי פֶּערְשִׁימֶעלְטֶע בִּלְבּוּלִים פוּן נִיקָאלַאי דָאנִין אוּנ הָאט אָפְּגֶעזוּכְט אַזֶעלְכֶע
אָרְטֶער אִין דֶער גְמָרָא, וָואס בֶּעוַוייזֶען קְלָאמֶערְשְׁט אַז דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען אִיז
פוּל מִיט פֶערְדָארְבֶּענֶע מִדוֹת אוּנ אַז דֶער תַּלְמוּד עֶרְלוֹיבְּט, אַז קִינְדֶער זָאלֶען
שְׁלָאגֶען עֶלְטֶערְן אוּנ אַז מֶען מֶאג דִינֶען עֲבוֹדָה זָרָה, עוֹבֵר שְׁבוּעָה זַיין אוּנ
פַארְשֶׁעלְטֶען אִין דַאוְונֶען מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת אַלֶע אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער. אַזוֹי וִוי
לָארְקִווי הָאט זִיךְ פֶּערְרוּפֶען אוֹיף פֶערְשִׁיעדֶענֶע אֲגָדוֹת אוּנ מִדְרָשִׁים, הָאט דָאס
אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטִיקֶעל מַחֲלוֹקֶת צְוִוישֶׁען דִי יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער: דֶער גְרָאס-
טֶער טְהֵייל פוּן זֵיי, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס דוֹן אַסְטְרוּק הַלֵוִי הָאט זִיךְ נִיט
גֶעוָואלְט אַרַיינְלָאזֶען אִין קַיין פִּלְפּוּל מִיט׳ן שׂוֹנֵא אוּנ הָאט גֶעאֶנְפֶערְט קוּרְץ אוּנ
שַׁארְף, אַז דִי אֲגָדוֹת הַאלְטֶען דִי יוּדֶען נִיט פַאר הֵיילִיג אוּנ דַארִיבֶּער קָאן מֶען
דֶערְפוּן גָאר קַיין רְאָיָה נִיט בְּרֶענְגֶען. דוֹן וִוידַאל אָבֶּער אוּנ ר׳ יוֹסֵף אַלְבּוֹ
זֶענֶען נִיט גֶעוֶועהן צוּפְרִידֶען פוּן דֶער דֵעָה אוּנ הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז אַלְדִינְג וָואס
עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין תַּלְמוּד אִיז הֵיילִיג, נָאר מֶען מוּז גוּט נָאכְפָארְשֶׁען דֶעם טַעַם
פוּן יֶעדֶער זַאךְ, אוּנ אַז דֶער אֶמֶת׳ער זִין פוּן דִי אֲגָדוֹת בֶּעוַוייזְט, פַארְקֶעהְרְט,
וִוי גוּט אוּנ פְרוּם דִי בַּעֲלֵי הַתַּלְמוּד זֶענֶען גֶעוֶועהן אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען בְּשׁוּם אוֹפֶן
נִיט גֶעקָאנְט וֶועלֶען בֶּעפֶעסְטִיגֶען בַּיים פָאלְק שְׁלֶעכְטֶע זִיטֶען. דִי שׂוֹנְאִים
הָאבֶּען זִיךְ דֶערְפְרֶעהט וֶוען זֵיי הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט אַז דִי יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער
קָאנֶען זִיךְ נִיט אוֹיסְגְלַייכֶען אִין דִי מֵיינוּנְגֶען אוּנ הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז דָאס
וֶועט אֶפְשָׁר פִיהְרֶען דֶערְצוּ וָואס אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן וֶועט וֶועלֶען טְהוּן אוֹיף
צוּ לְהַכְעִיס אוּנ דֶערְוַוייל וֶועלֶען זֵיי זֵייעֶרְס אוֹיספִיהְרֶען. דִי יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער
זֶענֶען טַאקִי גֶעוֶועהן בַּיי אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען נִסָּיוֹן, וַוייל בֶּענֶעדִיקְטוּס הָאט זִיךְ גֶע-
פְּרִיווָוט אוֹיף זֵיי מַטִיל אֵימָה זַיין דוּרְךְ אֵיין אַנְדֶער זַאךְ: וִויצֶענְטֶע פֶערֶער
אִיז אַרוּמְגֶעפָאהְרֶען אִיבֶּער דֶער מְדִינָה אוּנ הָאט וַוייטֶער אָפְּגֶעטוֹיפְט עֶטְלִיכֶע
טוֹיזֶענְד יוּדֶען פוּן סַרַגָסַה, קַלַטְיוּד אוּנ דַרָקָה, אוּנ צְוִוישֶׁען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן
אַ פָּאר גְרוֹיסֶע מְיוּחָסִים אוּנ לוֹמְדִים, וִוי דוֹן וִוידַאל׳ס בְּרוּדֶער טוֹדְרוֹס בֵּן יִשְׁעִי׳

אונ נָאךְ עֶטְלִיכֶע זַיינֶע קְרוֹבִים, וָואס אֵיינֶער פוּן זֵיי, בָּאנַאפָּאס, הָאט זִיךְ נָאךְ דֶער טוֹיפֶע אַנָאהמֶען גֶענֶעבֶּען מִיצֶר פֶּעדְרָא דֶע לַא קַבַּלֶרְיַא אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַפַייעֶרִיגֶער שׂוֹנֵא יוּדֶען. אָט דִי אַלֶע גֶעטוֹיפְטֶע הָאט בֶּענֶעדִיקְטוּס גֶעלָאזְט בְּרֶענְגֶען קַיין טָרְטָזַא אוּנ מֶען הָאט אַזוֹי גֶעמַאכְט, אַז נָאר פְּלוּצְלוּנְג זָענֶען זֵיי אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין זַאל פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנ הָאבֶען אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַ שֶׁבַח דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן. דָאס הָאט עֶר אַלְץ גֶעטְהוּן בְּכִּיוָן אַז דִי יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער זָאלֶען בַּיי זִיךְ אַרָאבְּפַאלֶען אוּנ זָאלֶען זִיךְ מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען אִיבֶּערְצַייגֶען, אַז דָאס עַקְשָׁנוּת וֶועט זֵיי נָאר נִיט הֶעלְפֶען. זֵיי זָענֶען אָבֶּער גֶעוֶועהן מֶענְשֶׁען מִיט רֵיינֶע מַחְשָׁבוֹת אוּנ מִיט אַ פֶעסְטֶען ווִילֶען אוּנ וָואס מֶעהר בֶּענֶעדִיקְטוּס אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט תְּקִיפוּת, הָאבֶען זֵיי אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען מֶעהר זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגְקַייט אוּנ דֶער וִכּוּחַ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט מִיט גָאר נִישְׁט.

בֶּענֶעדִיקְטוּס הָאט אוֹיסְגֶעלָאזְט זַיין גַאנְץ בִּיטֶער הַארְץ צוּם תַּלְמוּד אוּנ הָאט אִים יָאהר 1415 אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהֶל מֶען זָאל פֶערְבְּרֶענֶען וואו מֶען וֶועט נָאר גֶעפִינֶען אַ גְמָרָא. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אָבְהִיטֶען דִי אַלְטֶע גְזֵרוֹת, אַז יוּדֶען זָאלֶען זִיצֶען אִין בֶּעזוּנְדֶערֶע גַאסֶען, נִיט בּוֹיעֶן קַיין גְרוֹיסֶע שׁוּלֶען, נִיט הָאבֶען קַיין שׁוּם גֶעשֶׁעפְט מִיט קְרִיסְטֶען, זִיךְ נִיט בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט קַיין שׁוּם מְלָאכָה אָדֶער חָכְמָה, טְרָאגֶען אַ שֶׁאנְדְלִיכֶען צֵייכֶען אוֹיף דִי קְלֵיידֶער, אוּנ דְרַיי מָאל אִין יָאהר קוּמֶען אִין קִירְכֶע אוּנ אוֹיסְהֶערֶען דְרָשׁוֹת פוּן קַאטָאלִישֶׁע גֵייסְטְלִיכֶע. פַאר'ן מַשְׁגִיחַ, וָואס הָאט בֶּעדַארְפְט אַכְטוּנְג גֶעבֶען אוֹיף דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען חָלִילָה נִיט עוֹבֵר זַיין אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהֶל, הָאט עֶר בֶּעשְׁטִימְט פוֹילוּס'ס זוּהן גָאנְזַאלָא דֶע סַנְטַא מַארִיַא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן נִיט קַיין קְלֵיינֶערֶער בַּעַל יֹשֶׁר פוּנ'ם פָאטֶער. צוּם גְלִיק, הָאט אָבֶּער בֶּענֶעדִיקְטוּס נִיט גֶעקָאנְט לַאנְג פִיהרֶען זַיינֶע וֶועלְטֶען: דִי לֶעצְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד הָאבֶען זִיךְ אוֹיךְ פוּן אִיהם אָבְּגֶעזָאגְט, אֲפִילוּ דֶער פְרוּמֶער ווִיצֶענְטֶע פֶערֶער אִיז גֶעוָוארֶען זַיין גֶעגְנֶער, אוּנ גָאר גִיךְ אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען עֶלֶענְד אוּנ דֶערְוַוייטֶערְט פוּן מֶענְשֶׁען, אָהן כָּבוֹד אוּנ אָהן אַנָאהמֶען.

נָאךְ בֶּענֶעדִיקְטוּס'ס טוֹיט הָאט מֶען דַוְקָא אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען צְוֵויי פָּאפְּסְטֶע; דֶערְפוּן זָענֶען אָבֶּער דִי יוּדִישֶׁע צָרוֹת נִיט פֶערְדָאפֶּעלְט גֶעוָוארֶען אוּנ זֵייעֶר לַאגֶע הָאט זִיךְ, פַארְקֶעהרְט, אַבִּיסֶעל פֶערְבֶּעסֶערְט: אִין צְווֵיי יָאהר אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קַיין זֵכֶר פוּן דוֹן פֶערְנַאנְדָא, קֶענִיג פוּן אַרַאגָאנְיֶען אוּנ פוּן דֶער קֶענִיגִין קַאטַאלִינַא, וָואס הָאט גֶעפִיהרְט דִי מְלוּכָה פוּן קַאסְטִילְיֶען, אוּנ אַז עֶס זָענֶען

אַראַב אַזעלכע צוויי שטאַרקע שונאים, האָט שוין די אַרבייט פון וויצענטע פערער, וואָס האָט ניט אויפגעהערט אַרויס צו פאָהרען צווישען יודען און אַרויסהאַפּען פון זיי קרבנות, אויך פערלאָרען איהר ווערטה. וואָהין יהושע לאָרקי איז פערשוואונדען געוואָרען — ווייסט מען ניט, נאָר דער נאָהמען „מגדף", וואָס די יודען האָבען איהם געגעבען דערפאַר וואָס ער האָט גע־לאַסטערט דעם יודישען גלויבען, האָבען זיי נאָך לאַנג געדענקט. לאָרקי'ס צוויי זיהן, וואָס האָבען אויך אָבגעטראָטען פון יודישקייט, האָבען דערגרייכט צו אַגרויסער מדרגה, נאָר איינעם פון זיי, פראַנציסקא דע סאַנטא־פע, האָט מען אויף דער עלטער פערברענט, ווייל מען האָט איהם חושד געוועהן אַז ער איז צוריק געוואָרען אַ יוד. אַזוי איז אין שפּאַניען פּאָרט געוואָרען עפּיס גרינגער פאַר די יודען: די פריהריגע ביטערע געזעצע זענען נאָך אַפילו געבליבען, נאָר מען האָט זיי שוין ניט אַזוי שטאַרק אָבגעהיט, — דער שטעקען איז געוועהן, נאָר די שלעכטע האַנד צום שלאָגען האָבען געפעהלט.

נאָר אין פּאָרטוגאַל האָבען יודען געהאַט אַמקום מנוחה און די גע־טויפטע, וואָס זענען אַהין אַנטלאָפען פון אַנדערע לאַנדער און זענען דאָרט צוריק געוואָרען יודען, האָבען געלעבט רוהיג און האָבען פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט. אַז ווינצענטי פערער האָט געוואָלט מזכה זיין אויך דאָס לאַנד מיט זיין גרויסער מצוה פון טויפען יודען מיט געוואַלד, האָט איהם דער קאָניג דון זשואַן דער ערשטער בעפאָהלען אַז ווען ער וועט קומען קיין פּאָר־טוגאַל וועט ער איהם אָנטהון אַ קרוין פון צוגליהט אייזען, און ווי היילינג ווינצענטע פערער איז געוועהן, האָט ער זיך געמוזט אָבזאָגען פון דעם כבוד.....

דערפאַר איז איהם אָבער געראָטהען זיין גיפט צו פערשפּרייטען אין אַנ־דערע ערטער און בעזאָנדערס דאָרט, וואו דאָס פאָלק איז געוועהן אונרוהיג און האָט געדאַנקט גאָטט, וואָס עס איז דאָ צו וועמען זיך צו טשעפּען. אין סאַוואָיען האָט ווינצענטע פערער אָנגעאַרבייט אַזעלכע זאַכען אַז די יודען האָבען זיך געמוזט בעהאַלטען אין די האָהלען צווישען די בערג. דאָס איינענע איז אויך פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד און איטאַליען און אַזוי ווי עס איז נאָר ניט געוועהן קיין מעגליכקייט איבערצוטראָגען די צרות האָבען די יודען געמאַכט צוויי גרויסע אסיפות אין באָלאָניאַ און פאָרלי, אים יאָהר 1416 און 1418, און האָבען בעשלאָסען צונויפצונעהמען אַגרויסע סומע געלד, כדי מען זאָל קאָנען די שונאים פערשטאָפּען דאָס מויל. אַזאַ טהייער מיטעל ווי די מטבע האָט ניט איין מאָל אָבגעבראַטעוועט יודען אין אַנויטה און האָט זיי אויך

דאס מאל געהאלפען. אז מארטין דער פינפטע איז געווארען פאפסט און די יודען זענען איהם אין קאנסטאנץ אקעגענגעגאנגען מיט ספרי־תורה און הבדלות, האט ער זיך גאר ווייניג געמאכט פון דעם יודישען כבוד און האט זיי נאך גראב בעטרעטען, נאר אז ער האט אנגעשמעקט וואס פאר א מעלי־קענדיגע קוה דאס יודישע פאלק וועט זיין פאר איהם און פאר אללע, וואס ווארפען זיך ניט מיט'ן יודישען גראשען, האט ער זיך גאר אין גאנצען איבער־געביטען און איז געווארען א יודישער בעל טובה. ער האט באלד געגעבען זיין הסכמה אויף די געזעצע, וואס דער קייזער זיגיזמונד האט ארויסגעלאזט פאר די דייטשע און איטאליענישע יודען, וועלכע האבען זיך מתחיב געווען צו צאהלען זעהר פיעל מס, אבי מען זאל זיי לאזען רוהיג זיצען און אבהיטען זייער אמונה. קוים זענען די יודען געוואהר געווארען אז דער נייער פאפסט, וואס האט געהאט די גאנצע מאכט איבער אללע קאטאלישע לאנדער, לאזט זיך רעדען און איז ניט אזא שטארקער שונא בצע, האבען זיך אנגעהויבען שיטען פון אללע זייטען שליחים פון פיעל יודישע קהלות, און מן הסתם ניט מיט קיין לעדיגע האנד, און פון שפאניען איז צו איהם געקומען איינער פון די גרעסטע עשירים, ר' שמואל אבראוואלא, וואס האט זיך געמוזט טויפען אין וואלענסיא, ווען דאס פאלק איז אנגעפאלען אויף די יודען. מיט טרע־רען אין די אויגען האבען די שפאנישע יודען דערצעהלט דעם פאפסט ווי גרויס זייערע צרות זענען, ווי זיי זענען מיט'ן לעבען ניט זיכער; נאר זייער געוויין האט אודאי ניט געהאט אזא ממשות ווי די טהייערע מתנות וואס זיי האבען מיט געבראכט, און מארטין האט איהם יאהר טויזענד פיהר הונדערט 19 פער־אפענטליכט א בעפעהל אז יודען מאגען האנדלען מיט קריסטען, זייערע שולען טאר מען ניט אנרירען, צו דער טויפע זאל מען זיי ניט צווינגען און קיין שום צייכען אויף די קליידער זאלען זיי ניט טראגען, וויל זיי זענען אויך מענשען און גאטט האט זיי בעשאפען מיט זיין בילד".... ניט וואלוועל האט אודאי געקאסט די יודען ביז דער פאפסט האט זיך ענטשלאסען אפען ארויסזאגען אזא אמת, נאר עס איז נאך דאס גוט וואס מיט א גאלדענעם שליסעל האבען זיי געקאנט אפנען די פערשלאסענע הארצער און מיט געלד האבען זיי געקאנט קויפען האטש אביסעל רחמנות און אפיצעל ישר׃

---

## 2 א קליינע הילף אין דער נויט.

(1420—1472 נאך קריסטוס געבורט).

„ווי אזוי מען לעגט דעם קראנקען איז איהם שלעכט". דאס ווארטעל פלעגט אפט מקוים ווערען אין דעם לעבען פון די יודען, ווען זייערע שונאים פלעגען זיך צוקריגען צווישען זיך. די יודען האט זיך שוין אויסגעדאכט אז פון אזא מחלוקת קאנען זיי געהאלפען ווערען און מען וועט האטש אויף א קורצע צייט אן זיי פערגעסען, צום סוף פלעגען ביידע צדדים אויסלאזען צו זיי דעם גאנצען כעס און זיי פלעגען חאפען קלאפ פון ביידע זייטען. דאס אייגענע איז אויך געשעהן, ווען דער טשעכישער גייסטליכער יאהאננעס הוסס איז ארויסגעגאנגען געגען די קאטאליקען און האט אנגעהויבען מיט זיין גרויסער מחנה, וואס האט זיך אויף זיין נאהמען גערופען הוססיטען, א תל צו מאכען פון גאנצע שטאדט, אבבראכען דאס פערמעגען, ברענען קלויסטערס. די יודען האבען געמיינט אז דא וועלען זיך אנהייבען פאר זיי בעסערע צייטען, גאר זייער האפנונג איז געוועהן א פאלשע, די הוססיטען האבען זיי אנגעטהון צרות פון איין זייט, און פון דער אנדערער זייט איז דער צארן פון די קאטאליקען נאך גרעסער געווארען, ווייל מען האט זיי חושד געוועהן אז שטילערהייד העלפען זיי די הוססיטען מיט געלד און געוועהר, און דערפאר האט מען ביי דער ערשטער מלחמה, וואס איז פארגעקומען אין די וועלדער פון בעהמען, אויסגעהרג'ט גענוג יודען וואס האבען זיך אייגענטליך אין קיין זאך ניט געמישט און זענען באמת אין גאר ניט שולדיג געוועהן. נאר גאר א גרויסע שחיטה איז ארויס צו ליעב דעם אים יאהר 1420 אין אסטרייך, און מען האט זיך בענוצט מיט'ן ערשטען בלבול, וואס מען האט נאר געקאנט ארויפלעגען אויף די יודען, אבי מען זאל זיך מיט זיי אבּרעכנען. עס האט זיך גראד געמאכט, אז אין וויען זענען דריי קריסטליכע קינדער געגאנגען שפאצירען אויפ'ן פערפרוירענעם טייך, דאס אייז איז צובראכען געווארען און די קינדער זענען דערטרונקען געווארען. באלד איז ארויס א קול אז די יודען האבען געקוילעט די קינדער כדי זיי זאלען האבען בלוט אויף פסח. אין דער אייגענער צייט איז געשעהן נאך א ארגערע מעשה: א פרוי האט זיך מתודה געוועהן אז זי האט פון דער קירכע ארויסגעגנב'ט א האסטיע און האט עס פערקויפט א יודען ישראל, און ער האט דאס הייליגע ברויט אוועקגעשיקט ערגיץ אין איין אנדער לאנד

צו זיינע ברידער, מען האט מן הסתם באלד גענומען דעם יודען מיט דער גאנצער משפחה אונ מען האט איהם אזוי לאנג געמוטשעט ביז ער האט געמוזט אונטערשרייבען וואס מען האט געוואלט. פאר אזעלכע צווייי בעשולדיגונגען האט דער ערצהערצאג אלברעכט, וואס איז דוקא געוועהן אקלוגער אונ אגערעכטער מענש, — נאר ניט פאר יודען האט געקלעקט זיין חכמה אונ יושר —, געהייסען מען זאל אללע יודען פונ'ם לאנד מיט ווייבער אונ קינדער אין איין פריה מארגען פארנעהמען אונ אריינווארפען אין תפיסה. אגאנץ יאהר האט מען זיי אנגעטהון ענוים קשים, דאס פערמעגען האט מען ביי זיי צוגענומען, ארעמע לייט האט מען באלד ארויסגעשיקט אונ די רייכערע האט מען גע־האלטען אונ קאטאלישע גייסטליכע פלעגען אלע טאג צו זיי קומען אונ זיי צו רעדען זיי זאלען זיך טויפען. פיעל, וואס האבען ניט געקאנט אויסהאלטען די יסורים האבען אויף אזא אופן אבגעראטעוועט זייער לעבען, אסך קינדער, וואס מען האט זיי אבגעריסען פון די עלטערן אונ געהאלטען בעזונדער, האט מען מיט געוואלד געטויפט. אונ די געצאהלטע עקשנים, וואס האבען זיך געהאלטען פעסט ביז צום לעצטען אויגענבליק, האט מען פארברענט. נאר אין וויען אליין זענען אומגעקומען מעהר פון הונדערט יודען, אונ אלברעכט האט אים יאהר 1421 ארויסגעגעבען אבעפעהל אז קיין פוס פון קיין יודען זאל אין אסטרייך ניט זיין.

קיין גרויס נחת האבען אבער די קאטאליקען ניט געהאט פון די געטויפטע, ווייל זיי זענען זיך באלד כמעט אללע צולאפען קיין באהמען, פוילען אונ איטאליען, וואו די הוססיטען האבען זיך שוין אביסעל בעפעסטיגט אונ וואו זיי האבען זיך פארט געקאנט פיהלען זיכערער אונ פרייער. נאך אין דעם איינגעם יאהר 1421 האט זיך אנגעהויבען אין דייטשלאנד אויך אמרידה פון די הוססיטען, וואס האבען זיך פערמעהרט אונ פערשטארקט מיט דער הילף פון אבעריהמטען גבור, דעם בלינדען ציזשקא, אונ דער דייטשער קייזער זיגיזמונד איז געצוואונגען געוועהן זיך לאזען קיין פראג, וואס איז געוועהן דער הויפט־פונקט פון די טשעכען אונ האט געמוזט דינגען מענשען, זיי צאהלען דערפאר וואס זיי דיענען ביי איהם אין חיל. אזא צונויפגעלאפענע באנדע, וואס מען האט אבגעשיט מיט געלד אונ דערצו נאך פערשטעהן געגעבען, דורך דרשות פון די קאטאלישע גייסטליכע, אז זיי טהוען אגרויסע מצוה וואס זיי נעהמען זיך אן פאר דער הייליגער קירכע, האט זיך באלד געשטויסען אז צום ערשטען דארף מען שלאגען די יודען, אונ עס איז אין דייטשלאנד געווארען

אשרעקליכע בהלה. דער רב פון מאינץ, ר' יעקב בן משה מולין הלוי, וואס האט אין די יודישע שולען פון דייטשלאנד, אונגארן און פוילען איינגעפיהרט פיעל תפלות און נוסחאות, האט צו וויסען געגעבען אללע יודישע קהלות פון ווייט און פון נאהענט, אז א גרויס אומגליק רוקט זיך אן אויף די יודען און האט גוזר תענית געוועהן אויף דריי טאג כסדר. מיט גרויס געוויין האבען זיך די יודען אומעדום צונויפגעזאמעלט אין די שולען און האבען גאטט געבעטען ער זאל האטש בעגליקען די הוססיטען, ווייל פון זיי האבען זיי פארט געקאנט ערווארטען מעהר רחמנות. זייער תפלה איז טאקי אנגענומען געווארען: די קאטאליקען האבען די מלחמה פערשפיעלט און פונ'ם גאנצען דייטשען חיל זיינען געווארען אחל און די עטליכע סאלדאטען, וואס זענען געבליבען האבען זיך קוים קראנק און הונגעריג פארשלעפט אהיים און האבען געמוזט בעטען נדבות ביי די אייגענע יודען, וואס זיי האבען ערשט ניט לאנג געשלאגען און געראבעוועט.

די קאטאלישע גייסטליכע האבען דערווייל ניט אויפגעהערט צו רייצען דאס פאלק געגען די יודען. דער פאפסט מארטין דער פינפטע האט אפילו ווייטער צוגענומען א מחנה און האט, אים יאהר 1422 נאך אמאל ארויסגעלאזט א בעפעהל מען זאל די יודען ניט טשעפען, נאר קיינער האט איהם ניט געוואלט הערען און דער קייזער זיגיזמונד, וואס האט בעדארפט אבהיטען די יודען וועגען דער גרויסער הכנסה, וואס ער האט געהאט פון זיי, איז אויך ניט אים שטאנד געוועהן זיי צו בעשיצען, ווייל די איינוואהנער האבען נאר געוואוסט וואס די גייסטליכע זאגען זיי, און אז זיי האבען געטייט מיט די פינגער אויף די יודען ווי אויף געפאהרליכע שונאים האבען זיי געגלויבט אויפ'ן ווארט און האבען ניט געזשאלעוועט קיין קלאפ פאר די אונגליקליכע יודען. אזוי האבען די קריסטען פון קעלן, אים יאהר 1426, נאר אהן דעם וויסען פון דער מלוכה, אלליין ארויסגעטריבען אללע יודען פון דער שטאדט און זיי האבען זיך געמוזט בעזעצען אין דעאוץ. אים יאהר 1430. האט מען אין ראוועגסבורג, אובערלינגען און לינדוי פיעל יודען פארברענט וועגען עלילת דם. ביי אזעלכע רדיפות פון איין זייט און ביי די גרויסע נתינות, וואס מען האט געריסען ביי די יודען, פון דער אנדערער זייט, האט דאס לערנען פון תורה ניט געקאנט דעמאלט בליהען צווישען די דייטשע יודען. די מלוכה האט אנגעהויבען שטעלען איהרע רבנים און ווער עס איז אים שטאנד געוועהן צו געבען מעהר געלד דער האט געקאנט ווערען מורה הוראה. אין גאנץ דייטשלאנד זענען געוועהן

דרייי רבנים אונ ווי גרויס זייער תורה איז געוועהן קאן מען שוין פארשטעהן דער פון וואס דער מבין אויף זיי איז געוועהן א יודישער מעקלער חיים, ער האט זיי פארגעשטעלט דעם קייזער אונ זיגיזמונד האט געגעבען זיין הסכמה. אוודאי האט מען געקאנט די צאהל פון די אמת׳ע לומדים אויסרעכנען אויף די פינגער, אונ אויסער דעם מאינצער רב, ר׳ יעקב מולין הלוי איז נאך געוועהן בעקאנט ר׳ מנחם פון מערזעבורג. עס איז אויך קיין וואונדער ניט וואס די דייטשע יודען האבען זיך וועניג אבגעגעבען מיט לערנען, ווייל די מלוכה האט זיך געהייסען צאהלען זעהר פיעל געלד פון יעדער ישיבה אונ די יודען זענען שוין געוועהן אזוי אויסגעלעדיגט אז זייערע כוחות האבען ניט געטראגען אי געבען מס, אי אויסהאלטען ארעמע תלמידים.

ניט בעסער איז געוועהן דער איגוועניגסטער צושטאנד פון די שפאנישע יודען, האטש אין קאסטיליען איז זיי שוין ווייטער ניט שלעכט געוועהן, ווייל צייט דער קעניג דון זשואן דער צווייטע איז אונטערגעוואקסען אונ האט אלליין איבערגענומען די מלוכה, האט איהם זיין ערשטער יועץ אלוואר דע לונא פערשטעהן געגעבען אז ער מוז די יודען גוט בעהאנדלען אונ דער מיט וועט ער בעלעבען די גאנצע מדינה. דער קעניג האט איהם געפאלגט אונ האט אים יאהר 1432 איבערגעביטען אללע שלעכטע גזרות אונ די יודען זענען צוריק אויפגעלעבט געווארען. איינער פון די שאנסטע בעלי בתים, ר׳ אברהם בינבניש׳תי, איז בעשטימט געווארען פאר לאנד-רב פון גאנץ קאסטיליען. איהם האט דער קעניג געגעבען דאס רעכט צו פסק׳נען אפילו אין דיני נפשות אונ ער האט זיך באלד גענאפט איינצופיהרען רעכטע תקנות, בויען שולען, בתי מדרשים, אפנען ישיבות, אונ האט בעזאנדערס אכטונג געגעבען די יודען זאלען ניט אויפרייסען די אויגען פון זייערע שונאים מיט טהייערע קליידער אונ מיט צירונג. בעפעסטיגען דאס לערנען פון תורה אונ תלמוד – האט ער מיט אמאל ניט געקאנט ווייל די יודען זענען שוין געוועהן פערבראכט פון די פריהריגע צרות, אונ דערפאר איז שוין שווער געוועהן אין יענער צייט צו געפינען רעכטע לומדים. נעשמ׳ט האבען דעמאלט נאר ר׳ שלמה דא-פיערא, דון ווידאל בינבניש׳תי, דער ראש המדברים ביים וכוח אין טרטוזא, אונ ר׳ שלמה בונפיד, וואס האט אויך געשריבען זעהר שאנע שירים אין לשון קודש.

כמעט אללע יודישע סופרים פון יענער צייט האבען בענוצט זייערע פעהיגקייטען נאר דארויף, זיי זאלען ארויסלאזען חיבורים וועגען שאלות פון אמונה. גענומען האט זיך עס דערפון וואס צייט יודישע לומדים זענען איבער-

געגאַנגען צום קריסטענטהום, זיי האָבען געשריבען גאַנצע בערג מיט ספָרים און האָבען זיך בעמיהט צו ערנידריגען דעם יודישען גלויבען. אַזוי האָט דער אַלטער פּוילוס דע סַנטַא מַאריַא, וואָס איז שוין געוועהן אַ זָקן פון אַכטציג יאָהר און האָט שוין דעמאָלט דערגרייכט די מַדרֵגָה פון עפּיסקָאפּ, אָנגעשריבען אַבוך, וואָס שטעלט פָאר אַוִכּוּחַ צווישען אַקריסט מיט אַיוּדען און פיהרט אויס אַז דער יוד בלייבט אומגעריכט און מוז מודה זיין אויפ'ן אֱמֶת. דאָס אייגענע האָט געטהון איין אַנדער רַב, וואָס איז געצוואונגען געוועהן אויף דער אַלטער זיך צו טויפען און האָט זיך אָנגענומען געגעבען זשואַן דע עספּאַנְיַא: ער האָט געמאַכט אַפּירוש אויפ'ן צוויי און זיבציגסטען קאַפּיטעל תְּהִלִּים און האָט אויסגעוויזען אַז די יודען זענען פערפיהרט דערמיט וואָס זיי ווילען ניט צושטעהן צום ריינעם גלויבען. יְהוֹשֻׁעַ לָארְקִי איז אויך ניט געוועסען פערלעגט די האַנד, ער האָט צונויפגענומען אַללע בעשולדיגונגען, וואָס ער האָט זיך מיט זיי בענוצט ביים וִכּוּחַ פון טָרְטָזַא, און האָט אַרויס געגעבען אַבעזונדער סֵפֶר, כְּדֵי אַללע יודען פון אַנדערע לאַנדער זאָלען אויך וויסען זיינע תּורות. די עטליכע געצאהלטע יודישע געלעהרטע פון יענער צייט האָבען פערשטאַנען ווי שעדליך אַזעלכע ביכער זענען טאַקי פאַר די יודען אַלליין, וואָס קאָנען ביי זיך אַראָבפאַלען און מיינען אַז די שׂוֹנְאִים שרייבען אֶפְשַׁר גאָר ניט אַזוי קרום, און האָבען זיך ענטשלאָסען צו פיהרען אַמִלְחָמָה מיט די אייגענע כֵּלִים זיין און געבען אַקלאָרע תְּשׁוּבָה אויף די פערדרעהטע שְׁאֵלוֹת, וואָס די געטויפטע יודען האָבען געשטעלט. דער ערשטער איז אַרויס מיט אַהעבּרעאיש סֵפֶר דון ווידַאל אֶבֶן לַבִּי, וואָס האָט פערענטפערט דעם תַּלְמוּד און האָט געמאַכט אַתֵּל פון אַללע יְהוֹשֻׁעַ לָארְקִי'ס הַסְבָּרוֹת. דערנאָך האָט ר׳ יוֹסֵף אַלְבּוֹ אַרויסגעלאָזט אַבוך איבער אֱמוּנָה אין שפּאַנישער שפּראַכע, וואָס שטעלט פָאר אַוִכּוּחַ צווישען אַיודען און אַגייסטליכען און לעגט אין דעם יודען'ס מויל אַריין אַללע תֵּרוּצִים וואָס מען דאַרף ענטפערן אויף די שטאַנדיגע קוּשְׁיוֹת. נאָך מעהר האָט געאַרבייט אין די עִנְיָנִים ר׳ יִצְחָק נָתָן בֶּן קָלוֹנִימוּס, וואָס האָט אָנגעשריבען אַגרויס סֵפֶר וועגען דער יודישער אֱמוּנָה און האָט דאָרט פערזאַמעלט אַללע מיינונגען, וואָס ער פלעגט אַרויסזאָגען ווען עס פלעגט איהם אויסקומען זיך צונויפגעהן מיט קריסטען און זיך אַריינלאָזען מיט זיי אין טַעֲנוֹת. דערביי האָט ר׳ יִצְחָק נָתָן אויפגעטהון נאָך איין זאַך: ער האָט געזעהן אַז די שׂוֹנְאִים, וואָס ווילען אַלדינג אויסווייזען טאַקי פון דער תּוֹרָה אַלליין, פאַרדרעהן אָפט די פְּסוּקִים און גיבען זיי אַזאַ זין ווי זיי געפעלט, דאַריבער איז ביי איהם געבליבען ער זאָל מאַכען

א װארטער־בוך, װאו עס זאל זײן פערצײכענט אלדינג, װאס עס קומט פאר אין דער ביבעל אקוראט פון װאנען יעדעס װארט נעהמט זיך מיט'ן שורש. אכט יאהר האט ער געארבײט אין דעם, פון 1437 ביז 1445, און עס איז איהם געראטהען פערטיג צו מאכען זײן בעריהמט װערק, װאס הײסט „ביבעל־קאנקארדאנץ" און װאס דיענט נאך עד היום פאר דער בעסטער שטיצע אללע װאס לערנען לשון קודש און דארפען נאכזוכען די פסוקים פון תנ"ך.

נאך װײטער זענען געגאנגען עטליכע יודישע געלעהרטע, װאס האבען זיך שוין ניט געװאלט בעגנוגען נאר מיט דעם װאס זײ האבען פארטהײדיגט די יודישע אמונה: דעם חשק צום וכוח האט זײ שוין ניט געלאזט רוהען, פון געשלאגענע זענען געװארען שלאגער און זײ האבען שוין װעניגער זיך געװעהרט געגען שונאים נאר, פארקעהרט, מעהר אנגעהױבען אנצופאלען אויף זײ. אזױ האט געטהון דער בעריהמטער יודישער פילאזאף ר' יוסף אבן שם טוב, װאס איז געװעהן א גרױסער למדן און א דרשן און מען האט איהם שטארק געשאצט אין קאניגליכען הויף. ער האט געהאט די מעגליכקײט זיך גאנץ נאהענט צו בעקענען מיט קריסטליכע דינים און מנהגים, זעהר אפט פלעגען איהם זײנע קריסטליכע פרײנדע אריינשלעפען אין א געשפרעך װעגען אמונה, און דאריבער איז ער שפעטער אים שטאנד געװעהן, אחוץ זײנע ספרים אויף לשון קודש װעגען תכלית פונ'ם יודישען גלויבען, אנצושרײבען א גאנץ ספר געגען דעם קאטאליציזמוס. אויסער דעם האט ער געמאכט א פירוש אויף פראפיאט דוראן'ס בוך געגען דעם קריסטענטהום און האט אויפגעקלעהרט װי פיעל הלצה עס ליעגט בעהאלטען אין יעדער שורה. ער האט אויך איבערגעזעצט אויף העברעאיש דאס בוך װאס ר' חסדאי קרשקש האט ארױסגעלאזט אין דער שפאנישער שפראכע. מיט דעם דרך זענען אויך געגאנגען צװײ בעריהמטע לומדים, א פאטער מיט א זוהן, ר' שמעון בן צמח דוראן און ר' שלמה בן שמעון דוראן. בײדע זענען זײ געװעהן רבנים אין אלזשיר און פון דער װײטענס האבען זײ מיט װעניגער מורא געקאנט ארױסזאגען זײערע מײנונגען. נאך מעהר פון אללע האט זיך בעריהמט געמאכט מיט זײנע כתבים ר' חיים אבן עזרא פון סלמנקא, א גרױסער דאקטאר און א בעליעבטער שפאנישער דיכטער, װעלכער האט בעריהמטע װערק געשריבען װאס מען האט זײ מיט פערגניגען געלעזען הן בײ יודען הן בײ קריסטען.

אין דער אײגענער צײט װאס די יודישע געלעהרטע זענען געװעהן אזױ פערטראגען מיט זײערע וכוחים אין רעליגיאנ'ס זאכען, האבען זײ פון דערסטװעגען

ניט פערגעסען אַז זיי האָבען איינגעוועניגסטע שׂונאים, די מקובלים, וועלכע בענוצען זיך מיט דעם וואס דאס פאלק ווערד אַללע מאל מעהר פערגראַבט, וואס דאס לערנען פאַלט אונ דערווייל קאָנען זיי אין דער פינסטער בעפעסטיגען זייער למוד דער עולם זאל מיינען אַז אַלדינג וואס גלאַנצט איז גאָלד. דערפאַר האָבען עטליכע פון זיי אַרויסגעלאָזט אויף דער וועלט חקירה־ספרים מיט ריינע אונ לויטערע געדאַנקען כּדי די יודען זאָלען וויסען אָן וואס זיך צו האַלטען אונ זאָלען זיך ניט לאָזען אַראָבפיהרען פונ'ם רעכטען וועג. בּיי דער וועלט זענען זעהר אָנגענומען געוואָרען די ספרים פון ר' יוסף אבן שם טוב, וואס האָט דוקא געהאַט אַ פאָטער אַ פייערינגען מקובל, אונ האָט שטאַרק גע-שטריטען געגען דער קבלה; ער האָט מיט אַללע כּוחות געאַרבּייט אָבצורייסען זיינע ברידער פון דעם נייען למוד אונ היילינ מאַכען בּיי זיי נאָר די איינציגע יסודות פון דער אמונה. ניט ווענינגער ווערטה האָט געהאַט ר' יוסף אלבו, וואס איז געוועהן אַ דאָקטאָר אונ האָט זיך בעמיהט צו געפינען אַ וועג צווישען גלויבען אונ וויסענשאַפט. זיין ספר „עקרים" איז נאָך אין היינטיגע צייטען זעהר בעליעבט בּיי די פרומע יודען, וואס זענען טאַקי צוגעבונדען צו דער אמונה אונ האָבען פאָרט ליעב זיך אָבצוגעבען מיט חקירה. אין דעם ספר גיט ר' יוסף אלבו צו פערשטעהן אַז דריי עקרים זענען דאָ אין דעם יודישען גלוי-בען אונ דאָס זענען די עמודים, וואס אויף זיי האַלט זיך דאס גאַנצע יודישקייט: **עס איז דאָ אַ בּורא עולם, זיין הייליגער ווילען בעווייזט זיך אין דער גאַנצער נאַטור. אונ נאָך דעם טויט בעקומט דער מענש שׂכר אָדער עונש.** אַחוץ דעם האָט ער זיך געשטעלט אויף דער שאלה: צו מאָג מען ענדערן די דינים פון דער תּורה לויט די פאָדערונגען פונ'ם לעבען? אונ ווייזט אויס, אַז עביג דאַרפען נאָר בּלייבען די עשׂרת הדברות וואס גאָט האָט געגעבען אויפ'ן באַרג סיני; אַללע איבּריגע זאַכען אָבער וואס געפינען זיך אין דער תּורה קאָנען איבּערגעמאַכט ווערען אָדער אין גאַנצען בּטל ווערען ווען עס וועט אויפשטעהן איין אַנדער נביא, וואס וועט האָבען די אייגענע זכיה פון משה רבּנו אונ גאָט זאָל דורך איהם ענטדעקען זיין רצון אונ געבען נייע אונ נאָטהיגע געזעצע.

ניט אומזיסט האָבען זיך די יודישע גדולים פון יענער צייט אַזוי אַוועק-געלעגט אונ זיך אָנגעטהון אַללע כּוחות – פון איין זייט מלחמה צו האַלטען מיט די שׂונאים פון דער יודישער אמונה, אונ פון דער אַנדערער זייט אויפצוקלאָהרען די יודען אַלליין אין וואס עס בעשטעהט דער ריינער גלויבען, ווייל זיי האָבען

גוט געזעהן אז דאס פינסטערניס ווערד אללע מאל גראסער, אונ די קנאה פערשטארקט זיך מיט יעדען טאג, אז די געטויפטע יודען זענען די געפאהר־ליכסטע פון אללע געגנער, אז די גוטע לאגע פון די יודען אין קאסטיליען איז אויך נאר לפי שעה, אונ אז ביי אזעלכען מעמד קאן דאס יודישע פאלק גאר אנהויבען בלאנזען אונ פערליערען די לעצטע קראפטע. דער אלטער פוילוס האט טאקי איבערגעלאזט זיינע געוועזענע ברידער אגוטע ירושה: פון איהם זענען געבליבען פיער זיהן אונ נאך אנדערע קרובים, וואס האבען זיך אנגע־הויבען רופען קרתגינה אונ זענען די יודיין געווארען דם־שונאים. דער אלטסטער זוהן גנצלה דע־קרתגינה איז געוועהן עפיסקאפ פון בורגאס אונ די איבריגע ברידער, אלפאנסא, פעדרא אונ אלוואר סאנכעץ האבען אויך פערנומען זעהר הויכע שטעללען. אט די פיער קינדער, וואס האבען ניט געקאנט מוחל זיין דעם פאטער דערפאר וואס ער האט זיי געבראכט צו אזא חטא זיי זאלען געבארען ווערען יודען, אינאיינעם מיט זיי אויך זייערע פעטערס, פעדרא סוארעץ אונ אלוואר גרציא, זענען געוועהן מלא רציחה אויף דעם הויפט־יועץ פונ'ם קאניג אלוואראדע־לונא אונ האבען זיך ניט איין מאל געוואלט אין איהם נוקם זיין דערפאר וואס ער האלט מיט יודען אונ טהוט דעם לאנד אזא עולה. ער איז אבער געשטאנען אזוי הויך אונ דערצו איז דער יונגער קאניג געוועהן אזא גרויסער בעל ישר, אז ניט איהם אונ ניט די יודען האבען זיי געקאנט עפּיס שאדען. דאריבער האט זיך גנצלה ענטשלא־סען צו שיסען גאר פון דערווייטענס, אונ אזוי ווי מען האט איהם אויס־געקלויבען פאר א שליח ער זאל פאהרען קיין באזעל אונ דארט זיין ביי דער גרויסער אסיפה פון די גייסטליכע, האט ער זיך גענומען דארט ארבייטען וועגען די יודען. אין דער אסיפה, וואס האט געדויערט דרייצעהן יאהר, פון 1431 ביז 1443, האט מען זיך פשוט מחיה געוועהן וואס גנצלה האט אויפגעגעבען אזא וואהל שטיקעל ארבייט: מיט די הוססיטען, וואס צו ליעב זיי איז מען זיך אייגענטליך צונויפגעפאהרען, האט מען גאר ניט געקאנט מאכען, איז האטש דאס גוט געוועהן וואס מען האט גאר פ ווצלונג בעקומען עפּיס א נייע שאלה, א "יודען־פראגע", אונ עס איז געוועהן צו וועי זי אויסצולאזען דאס ביטער הארץ. אודאי האט גנצלה גאר אהן סיה ארויפגע־ראכט די אסיפה פון באזעל מען זאל בעניי'הען די אלטע גזירות אונ צו זיי נאך צוזעצען נייע אונ עס זאל ווערען א פעסט געזעץ פאר אללע קאטאלישע לא־ער אז יודען מוזען זיצען נאר אין בעשטימטע גאסען ניט אינאיינעם מיט קריסטען, טראגען בעזונדערע קליידער,

גֶעהן אִין דִי קִירְכֶע הֶערֶען דְרָשׁוֹת פוּן גֵייסְטְלִיכֶע, אַז זֵיי טָארֶען נִיט הָאבֶּען ־קיין שׁוּם גֶעשֶׁעפְט מִיט אַקְרִיסְט, זֵייעֶרֶע דָאקְטוֹירִים טָארֶען ־קיין קְרִיסְטֶען נִיט הֵיילֶען, ־קיין שׁוּם שְׁטֶעלֶע בַּיי דֶער קְרוֹין הָאבֶּען זֵיי נִיט ־קיין רֶעכְט צוּ פַאר־נֶעהמֶען, פְּרָאפֶעסָארֶען אִין דֶער אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט טָארֶען זֵיי נִיט וֶוערֶען. אוֹיסֶער דֶעם הָאט דִי אֲסִיפָה בֶּעשְׁלָאסֶען, אַז גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ נִיט מְשַׁדֵךְ זַיין צְוִוישֶׁען זִיךְ אוּנ מוּזֶען חֲתוּנָה מַאכֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער נָאר מִיט גֶעבָּארֶענֶע קְרִיסְטֶען, אוּנ אַז אִין דִי קְרִיסְטְלִיכֶע שׁוּלֶען זָאל מֶען לֶערְנֶען דִי קִינְדֶער לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אוּנ חַאלְדֶעאִישׁ, כְּדֵי יֶעדֶער קְרִיסְט זָאל קֶאנֶען צוּרֶעדֶען יוּדֶען צוּ דֶער טוֹיפֶע. מִיט דֶעם גֶעזֶעץ הָאט גְנִצְלָה גֶעוָואלְט טְרֶעפֶען נָאר דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען, אוּנ דָאס זֶעהט מֶען אַרוֹיס דֶערְפוּן וָואס עֶר הָאט בֶּעוָוארֶענְט אַז יוּדֶען זָאלֶען נִיט טָארֶען זַיין ־קיין פְּרָאפֶעסָארֶען, ווייל אַזֶעלְכֶע גֶעלֶעהרְטֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעפוּנֶען אִין שְׁפַּאנְיֶען.

בִּיטֶער אוּנ פִינְסְטֶער אִיז גֶעוָוארֶען דִי יוּדֶען כִּמְעַט אִין אַלֶע אֵייְרָאפֶּאִישֶׁע לֶאנְדֶער אַז דִי שֶׁאנֶע תַּקָנוֹת פוּן דֶער בַּאזֶעלֶער אֲסִיפָה זֶענֶען אוּמֶעדוּם בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען אוּנ דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען זֵיי אַיינְפִירֶען מִיט אַלֶע הוּמְרוֹת, וָואס מֶען קָאן זִיךְ נָאר דֶענְקֶען. אִין דַייטְשְׁלַאנְד אִיז זֵיי גֶעוֶועהן נָאךְ עֶרְגֶער, ווייל גְרָאד דֶעמָאלְט, אִים יָאהר 1437 אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶער ־קייזֶער זִיגִיזְמוּנְד אוּנ אוֹיף זַיין אָרְט הָאט מֶען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם אֶסְטְרַייכִישֶׁען עֶרְצְהֶערְצָאג אַלְבְּרֶעכְט, וָואס גֶעגֶען אִיהם אִיז זִיגִיזְמוּנְד גֶעוֶועהן נָאר אַצַדִיק. פְּרִיהֶער הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעוואוּסְט אַז זֵיי דַארְפֶען נָאר גֶעבֶּען גֶעלְד, מֶען הָאט פוּן זֵיי גֶעשׁוּנְדֶען דִי הוֹיט, דֶערְפַאר זֶענֶען זֵיי אָבֶּער גֶעוֶועהן זִיכֶער אַז דִי מְלוּכָה הִיט זֵיי אָב, נִיט פַאר פְרַיינְדְשַׁאפְט, נָאר פָּשׁוּט צוּ לִיעבּ דֶעם זֵיי זָאלֶען זִיךְ ווייטֶער לָאזֶען מֶעלְקֶען; אַלְבְּרֶעכְט דֶער צְווייטֶער אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן אַצוֹרֵר הַיְהוּדִים, וָואס הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעלָאזְט רֶעדֶען, עֶר הָאט פַיינְד גֶעהַאט דִי יוּדֶען גְלַייךְ מִיט דִי הוּסִיטֶען, נָאר זֵיי אִיז אִיהם שְׁוֶוער גֶעוֶועהן צוּ פֶערְנִיכְטֶען, הָאט עֶר דֶעם גַאנְצֶען כַּעַס אוֹיסְגֶעלָאזְט צוּ דִי שְׁוַואכֶע יוּדֶען. אַז דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן אוֹיגְסְבּוּרְג הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט מִיט אַבַּקָשָׁה צוּ אַלְבְּרֶעכְט'ן, אִים יָאהר 1439, אַז זֵיי ווילֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען אַלֶע יוּדֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט, הָאבֶּען זֵיי אִיהם פָּשׁוּט אַנַייעֶ נְשָׁמָה אַרַיינְגֶעזֶעצְט. עֶר הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַבֶּעפֶעהל, אַז בִּיז צְווייא יָאהר זָאל זִיךְ ־קיין פוּס פוּן ־קיין יוּדֶען נִיט גֶעפִינֶען אִין אוֹיגְסְבּוּרְג, אוּנ קוֹים אִיז אָבְּגֶעלָאפֶען דִי צַייט הָאט עֶר גֶעזֶעהן אַז עֶס זָאל פוּן זֵיי אֲפִילוּ ־קיין זֵכֶר נִיט בְּלֵייבֶּען אוּנ הָאט עֶרְלוֹיבְּט מֶען זָאל דִי מַצֵּבוֹת

פון דעם יודישען בית עולם בענוצען אויף בנינים. צום גליק האט אלבערעכט מעהר ניט געהערשט ווי צוויי יאהר און די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו פרידריך דעם דריטען, וואס האט דוקא געוואלט די יודען בעשיצען, נאר ער איז צו שוואך געוועהן און דערפאר איז געראטהען א נייעם שונא, דעם ביטערען יאהאנגעם דע־קאפיסטראנא צו בעקומען א וואהל פלאץ, וואו ארויס־צווייזען זיין גיפט, און די יודען האבען איהם א לאנגע צייט געהאט צו געדענקען.

גנצלה'ן איז געוועהן א גרויסער וועטהיג צוצוקוקען ווי אומעדום האט מען אויפגעהאפט די תקנות פון דער באזעלער אסיפה און נאר אין שפאניען, וואו ער האט געציעלט מעהר ווי אנדערס וואו, האט ער ניט געקאנט זיך צו פיהרען די האנד, ווייל אלווארא דע־לונא האט איהם ניט געלאזט קיין קאפ אויפהויבען. עס האט איהם ניט געלאזט איינרוהען ביז ער האט געפועל'ט ביים נייעם פאפסט איינשעניוס, וואס ביי איהם איז ער געוועהן א שטארקער חשוב, אז ער זאל דורך די עפיסקאפען צושיקען א בעפעהל אז די יודען האבען זיך פערזינדיגט און פערדיענען ניט די חסדים, וואס דער פריהריגער פאפסט מארטין האט מיט זיי געטהון, און דערפאר מעגען אויף זיי פאלען די גזרות פון דער באזעלער אסיפה. אזא בעפעהל פונ'ם פאפסט איז פערעפענטליכט געווארען אין עטליכע קאסטיליענישע שטאדט, עס פערשטעהט זיך, אהן דער ידיעה פון דער מלוכה. גנצלה האט גערעכענט אז דאס פאלק וועט דעם פאפסט'ס ווארטער אויפהאפען, און קוים וועט די זאך זיין אבגעטהון — איז שוין אלדינג פערפאלען. אלווארא דע־לונא איז אבער ניט געוועהן א מענש פון פערשווייגען: ער האט באלד געלאזט אומעדום אויסרופען אים נאמען פונ'ם קעניג, אז קיינער זאל זיך ניט דערוואגען צו בעריהרען די יודען, אז די מלוכה גיט אליין אכטונג אז יעדער פון די איינוואהנער זאל לעבען נאך בעשטימטע געזעצע און ווער עס וועט וועלען געהן מיט פרעמדע תקנות, וועט שטרענג בעשטראפט ווערען.

אזוי האט גנצלה ווייטער בעקומען א שטילען פאטש און האט געמוזט פער־בייסען מיט די ליפען און טיעף אין הארצען בעגראבען זיין האס צו די יודען און צו זייער עדלען בעשיצער.

די פערבארגענע שנאה צווישען אלווארא דע־לונא און גנצלה האט גע־פיהרט צו זעהר מאוסע זאכען: די געטויפטע יודען, וואס האבען זיך צוגע־שלאגען צו גרויסע שטעלען, האבען זיך איינגערעדט אז קיין גראסערס פון זיי איז גאר ניטא און האבען אראבגעקוקט מיט גאוה און עזות אויף די געבארענע

קריסטען. דערמיט האבען זיי זיך אנגעמאכט געגוג שונאים און דער איינענער אלווארא דע-לונא, וואס האט אזוי ליעב געהאט יודען, האט די געטויפטע ניט געקאנט אנקוקען. ביסלעכווייז האט מען דאס פייער אללע מאל מעהר צובלאזען ביז עס איז אין טולעדא, אים יאהר 1449 ארויס א געשלאג צווישען די קריסטען און די געטויפטע יודען און פיעל פון זיי האבען מיט'ן לעבען בעצאהלט. דער קאניג האט זיך אפילו צום אנהייב עטנשלאסען שטרענג צו בעשטראפען די שולדיגע נאר אלווארא דע לונא האט איהם אומיסטען אבגעהאלטען דערפון, כדי דאס מחלוקת זאל נאך גראסער ווערען און ביידע צדדים זאלען זיך אזוי צוהרג'נען אז עס זאל שוין שווער זיין צו וויסען, ווער עס איז מעהר גערעכט אדער אומגערעכט. אזוי איז אוועקגעגאנגען א יאהר און אז דאס געשריי געגען די געטויפטע יודען האט זיך געלאזט הערען איבער דער גאנצער מדינה, האט אלווארא דע לונא ארויפגעבראכט דעם קאניג דארויף, ער זאל אנשרייבען א בריעף צום נייעם פאפסט ניקאלאי דעם פינפטען און איהם מעלדען אז די קירכע ליידעט הרפות בושות פון די געטויפטע יודען, וואס פיעל פון זיי זענען גייסטליכע און בסתר היטען זיי אב אללע יודישע דינים און מנהגים. דעם פאפסט האט עס אחאפ געטהון ביים הארצען און ער האט באלד ארויסגעלאזט א בעפעהל: מען זאל זעצען א בעזונדער געריכט און מען זאל משפט'ן אללע וואס מען וועט זיי חאפען מיט דעם חטא פון יודישקייט, און מען זאל אפילו קיין כבוד ניט לעגען אויף אזעלכע געטויפטע יודען, וואס האבען שוין דערגרייכט צו דער מדרגה פון א עפיסקאפ. אזוי האט אלווארא דע לונא, אומגערן און נאר צו ליעב נקמה, געמאכט איין התחלה צו דעם שרעקליכען געריכט פון דער אינקוויזיציאן, וואס האט שפעטער אבגעקאסט יודען אזוי פיעל בלוט. עס איז איהם אבער בעשערט געוועהן אז דורך דעם זאל ער טאקי אליין פאלען: צווישען די מאראנען, וואס אויף זיי האט זיך בעדארפט אויסגיסען דער גאנצער צארן, זענען געוועהן זעהר פיעל עשירים און חשובים ביי די גרעסטע לייט. אוודאי האבען זיי ניט געשוויגען און האבען אזוי לאנג געדרעהט ביז מען האט געגעבען אויף אלווארא דע לונא זעהר א שארפע מסירה, מען האט איהם איינגעזעצט אין תפיסה און איהם געהייסען משפט'ן. זיין אומגליק איז אזוי גרויס געוועהן אז דער קאניג אליין האט איהם ניט געקאנט העלפען: צווישען זיינע שופטים איז געוועהן איינער פון די מאראנען פערנאנדא דיאז דע טולעדא, און אים יאהר 1453 איז ארויס דער משפט מען זאל איהם אויפהענגען און זיין פערמעגען זאל צונעהמען די מלוכה.

דער אומצייטיגער טויט פון אלוואַרא דע לונא איז געוועהן א שטאַרקער בראָך פאַר די יודען פון קאַסטיליען, זיי האָבען דערפיהלט אַז עס פעהלט זיי די גרויסע קראַפט וואָס פלעגט זיי שטעהן אין אַללע נויטהען. פון אַללע זייטען האָט מען זיי אָנגעהויבען פרעסען פונקט ווי אין אַנדערע לאַנדער, ווייל דער נייער פאַפסט ניקאלאַי האָט זיי געהייסען רודפ'ן אומעדום און האָט אָבגעזוכט אַ גוטען שמש, יאָהאַנעס דע קאַפיסטראַנא, אַ מענשען אָהן געפיהל, אָהן אַ שום פונק פון רחמנות אין האַרצען. ער האָט געקאָנט מאַכען אַ תל פון אַ יודען וואָס האָט זיך געשאַפט מיט אַ קריסט און איהם בעצאָהלט ער זאָל טהון פון זיינעט וועגען עפיס אַ מלאכה אים שבת; ער האָט אין זיך געהאַט אַזוי פיעל יושר צוצונעהמען ביי אַ יודישען דאָקטאָר זיין גאַנצען פערמעגען דערפאַר, וואָס ער האָט געהיילט אַ קראַנקען קריסט. מען קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ צרות אַזאַ שלאַנג האָט אָנגעאַרבייט, און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס אפילו די בעסערע קריסטען האָבען איהם אויך געמוזט נאָכטאַנצען. אין יענער צייט האָט געלעבט דער קאַרדינאַל ניקאלאַי פון קוזאַ, וואָס האָט זיך אַ לאַנגע צייט אַרומגעטראָגען מיט דער מחשבה צו מאַכען פון אַללע רעליגיאָנען איין אמונה און איז בעשטאַנען אפילו דאַרויף אַז אַללע פעלקער זאָלען איינפיהרען ביי זיך מילה, אַבי די יודען זאָלען ניט זיין קיין געגנער פון די יסודות פונ'ם קריסטענטהום. אַזאַ מענש וואָס ניט זיך אָב מיט אַזעלכע הויכע געדאַנקען, וואָלט, דאַכט זיך, געוויס בעדאַרפט זיין פריי פון שנאה צו יודען; צום סוף האָט ער פון זיין זייט אויך צוגעלעגט אַ גזרה און ביי דער אסיפה אין באַמבערג האָט ער געמאַכט אַז די יודען זאָלען מוזען טראָגען אַ בעזונדער צייכען — די מאַנער אַ רויטען אויף דער ברוסט, און די פרויען אַ בלויען אויפ'ן קאָפּ.

דעמאָלט האָט אויך דער הערצאָג פון באַיערן, לודוויג דער רייכע, געפונען אַ שעת הכושר אָבצוראַבעווען די יודען פון זיין לאַנד און זיי אין גאַנצען ארויס פטר'ן. פלוצלונג האָט ער אים יאָהר 1450, געהייסען פערנעהמען אַללע יודען, מאַנער איינזעצען אין געפאַנגניש און די ווייבער מיט די קינדער פערשליסען אין די שולען, און ווי פיעל מען וועט געפינען אין זייערע וואָהנונגען, געלד און זילבער זאָל מען עס צונעהמען. דערביי האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בעפעהל, אַז אַללע קריסטען, וואָס זענען שולדיג יודען געלד מוזען באַלד בעצאָהלען זייערע חובות אָהן פּראָצענט און זיי מאָגען זיך נאָך מנכה זיין דאָס פּראָצענט וואָס מען האָט ביי זיי פריהער גענומען. מן הסתם האָט מען די יודען געמאַכט

אזעלכע חשבונות אז קיין סך געלד איז זיי ניט ארויסגעקומען. פיער וואכען האט מען זיי אזוי געהאלטען, דערנאך האט מען זיי געהייסען, גאר אהן א„פאר וואס”, ארייַנטראגען דער מלוכה דרייסיג טויזענד גולדען און מען האט זיי נאקעט און בלויז ארויסגעיאגט. דאס אייגענע האט לודוויג געוואלט טהון מיט די יודען פון רעגענשבורג, נאר דארט האבען עס די קריסטליכע איינוואהנער ניט דערלאזט, און די יודען זענען נאר אבגעקומען מיט שרעק און געלד. אודאי זענען אין בייערן אויך פיעל יודען געצוואונגען געוועהן איבערצוגעהן צום קריסטענטהום און דערמיט אבצוראטעווען דאס לעבען און פערמעגען.

קיין גרויסער שכל איז אודאי ניט געוועהן אין דעם וואס מען האט ווייטער פערגראסערט די צאהל פון די אנוסים, ווייל מען האט גוט געזעהן וואס פון זיי אללע האט זיך אויסגעלאזט און ווי יעדער פון זיי האט מיט שמחה, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, אראבגעווארפען די מאסקע, וואס מען האט איהם מיט געוואלד אנגעטהון; נאר יאהאנעס דע קפיסטרנא האט גאר ניט געקוקט דארויף צו איז עס גלייך צו ניין: ער האט טאקי געגלויבט באמונה שלמה אז ער קויפט זיך עולם הבא דערמיט וואס ער טהוט אן יודען צרות און ברענגט זיי דערצו זיי זאלען זיך מוזען טויפען. מען מוז מודה זיין, אז קפיסטרנא איז ניט געוועהן קיין אבנארער, ער האט זיך געהאלטען פאר א בעל מופת, געלעבט האט ער אין דחקות, ווייט פון אללע תאוות, דערצו איז ער נאך געוועהן א גרויסער בעל דרשן און האטש ער פלעגט זעהר שטראפען דעם עולם פאר וואס מען איז ניט אזוי פרום ווי ער האט געוואלט, האבען זיינע ווארטער געהאט דעם גראסטען ווערטה און טויזענדער מענשען פלעגען איהם נאכלויפען און אונטערגעצונדען ווערען פון זיינע דרשות. אודאי האבען די יודען פון איהם געהאט צו זינגען און צו זאגען, און ווער שמיעסט נאך אז די קאניגין יאהאננא פון נעאפעל האט איהם געמאכט פארן אלטסטען שופט פון דער אינקוויזיציאן און איהם געגעבען דאס רעכט צו בעשטראפען אפילו מיט'ן טויט, האט ער זיך ממש געבאדען אין זייער בלוט.

אז יאהאנעס דע קפיסטרנא האט זיך בעוויזען אין דייטשלאנד איז געווארען א מהומה צווישען די יודען, וואס האבען שוין געהערט זיינע מעשים פון דערווייטענס. בעזאנדערס איז ביטער געווארען די יודען פון בייערן, שלעזיען, מאהרען און אסטרייך, וואו די קאטאליקען האבען זיך גע־הרג'ט מיט די הוסיטען און צו די יודענס קאפ האט זיך עס אויסגעלאזט. די בייערישע מלכים לודוויג און אלברעכט האבען נאך פריהער ארויסגעטריבע־

די יודען אונ אז קאפיסטראנא האט זיי אונטערגעגעבען השק האבען זיי זיך גענומען אנצוטהון יודען צרות אויך אין אנדערע ערטער, וואס האבען געהאט א שטיקעל שייכות צו זייער מלוכה. די שנאה איז געווארען אזוי גרויס, אז אפילו אין אין רעגענשבורג, וואו די איינוואהנער האבען בשום אופן ניט געלאזט אנרירען די יודען, מיט וועלכע זיי האבען גוט געלעבט שוין פון לאנג אן, איז געראטהען פון דעסטוועגען ארויסצולאזען א בעפעהל, אז א קריסטליכע אקושערין טאר ניט העלפען קיין יודישע געווינערין אפילו ווען זי האלט ביים שטארבען. ווי ווייט דער האס געגען די יודען האט זיך אויסגעארבייט גאר אהן א שום סבה אונ נאר צו ליעב דעם וואס דער פרומער קאפיסטראנא האט אומעדום פערשפרייט זיין גיפט — קאן מען ארויסזעהן דערפון וואס אפילו דער גוטהארציגער עפיסקאפ גאטפריעד פון ווירצבורג, וואס האט שטענדיג געשיצט די יודען, געלענט כבוד אויף די רבנים, זיי ערלויבט צו מאכען ישיבות אונ האט ארויסגעגעבען פיעל יודישע בעלי בתים בריעף אז זיי מאגען לעבען רוהיג אין זיין שטאדט אונ אז ער איז גוזר אויף זיינע אללע יורשים אונ אויף זייערע קינדס קינדער מען זאל זיי אללע פריינדליך בעהאנדלען, האט זיך פלוצלונג איבערגעביטען אונ האט אים יאהר 1453 געהייסען אז אללע זאללען פערקויפען זייערע הייזער אונ עס זאל פון זיי, אין פערצעהן טאג, קיין זכר ניט בלייבען. אויף איהם קוקענדיג, האבען שוין אנדערע פריצים אויך געבראכען דאס ווארט אונ די יודען האבען געמוזט ארויס פון א סך ערטער אונ איבערלאזען זייער פערמעגען אונ די חובות אין די האנד פון רוצחים, וואס האבען טאקי גאר געווארט עס זאל צו זיי אריינפאלען דאס גאנצע האב, וואס יודען האבען דארויף געהארעוועט מיט שווייס אונ בלוט.

נאר מעהר פון אומעדום האט זיך קאפיסטראנא, אים יאהר 1453, צופיהרט די האנד אין שלעזיען, וואס האט דעמאלט געהערט האלב צו פולין אונ האלב צו באהמען אונ וואס דארט זענען געוועהן צוויי גרויסע יודישע קהלות אין דער הויפט שטאדט ברעסלויא אונ שווידניץ, אין ברעסלויא האט געוואהנט זעהר א רייכער יוד מאיר, וואס פיעל קריסטליכע עדעללייט זענען איהם שולדיג געוועהן געלד אונ מען האט איהם מן הסתם, זעהר געוואלט פטר'ן. אודאי האט זיך באלד אפגעזוכט א בויער, וואס האט דעם מאיר'ן פערקויפט א האסטיע, ער האט זי, ווי דער סדר איז, צושטאכען אונ שטיקלעכווייז אוועקגעשיקט אין אנדערע שטאדט, נאר די האסטיע האט אנגעהויבען צו בעווייזען וואונדער: פון איהר האט זיך כלומר'שט געוויזען בלוט, מען האט עס געגלויבט אונ מען

האָט אַללע יודען פון ברעסלויא איינגעזעצט אין תּפיסה און זייער פערמעגען אָבגעראַבעוועט. עטליכע פון זיי איז אָבער געראָטהען צו אַנטלויפען, און דאָס איז געוועהן דער בעסטער בעוויז אַז די יודען זענען שולדיג, און קאַפּיסטראַנאָ אַלליין האָט זיך גענומען פיהרען דעם פּראָצעס. ער האָט געלאָזט אָנטהון די בעשולדיגטע אַזעלכע עינוים קשים אַז זיי האָבען אַללע געמוזט מודה זיין אויף אַלדינג וואָס מען האָט זיי געפרעגט. דערווייל איז נאָך אונטערגעשפּרונגען איין אַנדער בעשולדיגונג: אַ געטויפטע יודענע, אַ גרויסע מרשעת, האָט עדות געזאָגט אַז די ברעסלויער יודען האָבען נאָך פריהר פערברענט אַ האָסטיע און האָבען אַוועקגעגנב׳ט אַ קריסטליך קינד, עס אַריינגעלעגט אין אַ פאַס מיט שפּיציגע צוועקעס, ביז עס איז אָבגעגאַנגען מיט בלוט און דער נאָך האָבען זיי דאָס בלוט צושיקט אַללע איבריגע יודען פון שלעזיען. אַזאַ בלבול איז געוועהן פאַר קאַפּיסטראַנאָ גלייך ווי געפונען, ער האָט געהייסען מען זאָל אָבזוכען די שולדיגע אין אַנדערע שלעזישע שטאָדט און גאָר גיך האָט ער שוין געהאַט 318 קרבנות. פון זיי האָט ער באַלד געהייסען פערברענען 41 יודען אָפענטליך אויף דער גאַס פאַר זיין וואָהנונג און די איבריגע האָט מען אַרויסגעטריבען פון דעם לאַנד. די קליינע קינדער האָט מען מיט געוואַלד אָבגעריסען פון די עלטערן און מען האָט זיי געטויפט. דער רב פון ברעסלויא האָט ניט געקאָנט איבערטראָגען דעם צער און האָט זיך אַלליין אויפגעהאָנגען. דאָס איינענע איז אויך געשעהן מיט די יודען פון אָלמוץ און ברונן און דער קעניג לאַדיסלויס האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אַז אין גאַנץ שלעזיען זאָל זיך קיין איינציגער פון די „זינדיגע" יודען, וואָס „גאָט האָט זיי געשטראָפט ווי זיי האָבען פערדיענט", ניט געפינען.

קאַפּיסטראַנאָ האָט ניט אויסגעלאָזט איין ווינקעל, וואו ער האָט נאָר געקאָנט סוטשען יודען און האָט אויך צו זיי געטראָפען קיין פוילען, וואו זיי האָבען שוין געלעבט רוהיג עטליכע הונדערט יאָהר און וואו זייערע אומגליקליכע ברידער האָבען שטאַנדיג געפונען אַ מקום מנוחה, ווען זיי האָבען בעדאַרפט אַנטלויפען פון דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן. אין פוילען זענען די יודען געוועהן גליקליך אונטער דער שוץ פון די גוטע געזעצע, וואָס דער הערצאָג באָלעסלאַוו און דער קעניג קאַזימיר דער גרויסער האָבען אַרויסגעגעבען. אַז עס האָט זיך אים יאָהר 1447 געמאַכט אין פּאָזען אַ גרויסע שׂרפה און די פּאַפּיערען וועגען די יודישע רעכטע מיט די התימות פון די אַלטע פוילישע מלכים זענען פערברענט געוואָרען, האָבען זיך די יודען געווענדט צום גוטהערציגען קעניג קאַזימיר דעם פיערטען, וואָס האָט פריהר מיט אַ יאָהר געשענקט די קראַקאָמעס

פון טְרָאקִי אונ לוּצְק דִי רֶעכְטֶע, וָואס דֶער הֶערְצָאג וִויטָאלְד פוּן לִיטָא הָאט זֵיי נָאךְ גֶעגֶעבֶּען אִינ׳ם דְרַייצֶעהנְטֶען יָאהרהוּנְדֶערְט אונ הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל זֵיי נָאךְ אַ מָאל אוּנְטֶערְשְׁרַייבֶּען זֵייעֶרֶע רֶעכְטֶע פוּן אַ מָאל. דִי מְלוּכָה אִיז דֶעמָאלְט אַזוֹי צוּ פְרִידֶען גֶעוֶועהן פוּן דִי יוּדֶען, אַז קַאזִימִיר הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען נָאךְ מֶעהר פְרַייהַייט וִוי זֵיי הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט, אונ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהן אַז דָאס פָאלְק הַאלְט מִיט זֵיי אונ נָאר דִי גֵייסְטְלִיכֶע קוּקֶען אוֹיף זֵיי קְרוּם, הָאט עֶר אֵיין מָאל פַאר אַלֶע מָאל גֶעמַאכְט אַז דִי גֵייסְטְלִיכֶע טָארֶען זִיךְ נִיט אַרַיינְמִישֶׁען אִין יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען, אונ אַז נָאר דִי רַבָּנִים זָאלֶען מֶאגֶען פַּסְקְ׳נֶען בַּיי יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּטִים אונ זָאלֶען הָאבֶּען דָאס רֶעכְט צוּ בֶּעשְׁטְרָאפֶען יֶעדֶען וָואס וֶועט זֵיי נִיט פָאלְגֶען. אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר בֶּעפֶאהלֶען אַז עֶס טָאר נִיט פָארְקוּמֶען קַיין שׁוּם בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג גֶעגֶען יוּדֶען וֶועגֶען בְּלוּט אָדֶער הָאסְטְיֶע, אונ אַז וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ שׁוֹין אֵיינֶער אַיינְשְׁטֶעלֶען אונ מַאכֶען אַזַא בִּלְבּוּל, מוּז עֶר בְּרֶענְגֶען אַכְט עֵדוּת פוּן חָשׁוּבֶ׳ע אונ בֶּעגְלוֹיבְּטֶע מֶענְשֶׁען, פִיער יוּדֶען אונ פִיער קְרִיסְטֶען, אֶלָּא נִיט — קוּמְט אִיהם מִיתָה. מִיט אַזֶעלְכֶע גֶעזֶעצֶע הָאט עֶר בַּיי דִי גֵייסְטְלִיכֶע צוּגֶענוּמֶען אִין גַאנְצֶען זֵייעֶר קְרַאפְט אונ זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַזוֹי לַאנְג צוּ זוּכֶען מִיטֶעל, אַז קַאזִימִיר זָאל אוֹיפְהֶערֶען צוּ בֶּעהַאנְדְלֶען דִי יוּדֶען מִיט יֹשֶׁר, בִּיז זֵיי זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיפ׳ן שֵׂכֶל אונ הָאבֶּען אַרָאבְּגֶעבְּרַאכְט קַיין פוֹילֶען יָאהַאנֶעס דֶע קַאפִּיסְטְרַנָא, עֶר זָאל זִיךְ כְּלוֹמֶר׳שְׁט גֶעהמֶען צוּ דִי הוּסִיטֶען אונ אִין אֵיין וֶועג טַאקִי אַתָּל מַאכֶען פוּן דִי יוּדֶען. מִיט גְרוֹיס פַּארַאד אִיז קַפִּיסְטְרַנָא אַרַיינְגֶעפָאהרֶען קַיין קְרַאקוֹי, דֶער קַארְדִינַאל זְבִּיגְנֶיעוו אָלֶעשְׁ־נִיצְקִי אִיז בַּיי אִיהם גֶעוָוארֶען דִי רֶעכְטֶע הַאנְד אונ בֵּיידֶע צוּזַאמֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אַרְבַּייטֶען אַז קַאזִימִיר זָאל אוֹיפְהֶערֶען צוּ בֶּעשִׁיצֶען דִי יוּדֶען. אוּמְזִיסְט אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן זֵייעֶר מִיה: קַאזִימִיר הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט אוּמ־קוּקֶען נִיט אוֹיף קַפִּיסְטְרַנָא׳ס פַייעֶרִיגֶע דְרָשׁוֹת אונ נִיט אוֹיף דֶעם קַארְדִינַאל׳ס עֵצוֹת. עֶרְשְׁט אִין אַ יָאהר אַרוּם, אַז קַאזִימִיר הָאט פֶערְלָארֶען דִי מִלְחָמָה מִיט פְּרַייסֶען אונ הָאט גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ דִי גֵייסְטְלִיכֶע, הָאט עֶר קַיין אַנְדֶער בְּרֵירָה נִיט גֶעהַאט אונ אִיז גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן מַפְקִיר צוּ זַיין דִי יוּדֶען. ווִי אַ דוֹנֶער הָאט גֶעטְרָאפֶען דִי פוֹילִישֶׁע יוּדֶען דִי וִוילְדֶע בְּשׂוּרָה, וָואס בֶּעזוּנְדֶערֶע שְׁלוּחִים הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט, אַז דֶער קֶענִיג אִיז מְבַטֵּל אַלֶע גֶעזֶעצֶע וָואס הָאבֶּען בִּיז אַהֶער גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען. דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ וִוי בֵּייזֶע וֶועלְף צוּלָאזְט אִיבֶּער דֶער מְדִינָה אונ דִי יוּדֶען פוּן פוֹילֶען הָאבֶּען, נָאךְ אַרוּהִיג אונ גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען, וָואס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען,

געמוזט אויך אויסטרינקען דעם ביטערן כוס און געוואָהר ווערען פון צרות וואָס האָבען זיי פון די פיס געוואָרפען גלייך מיט זייערע פערוואָגעלטע ברידער, וואָס פלעגען פריהער ביי זיי זוכען און בעקומען הילף. דאָס אומגליק איז נאָך אָבער גראָסער געוועהן דערמיט וואָס פוילען איז געוועהן דעמאָלט דאָס איינציגע לאַנד, וואו די יודען האָבען נאָך געהאַט אַ שטיקעל גלאַנץ, און קוים זענען זיי דאָרט אויך געפאַלען, איז שוין טאַקי ניט געוועהן וואו אַ קאָפּ אַנידערצולעגען, און די יודען האָבען פשוט ניט געוואוסט וואָס צו טהון און וואָהין זיי זאָלען זיך לאָזען.

נאָר אַז די נויטה איז שוין גאָר גרויס — מוז קומען אַ ישועה, און אָפט קומט זי פון אַזאַ זייט, וואָס עס איז שווער זי פון דאָרט צו ערוואַרטען. אַז די יודען פון איירָאָפּאַ האָבען געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון די שרעקליכע צרות און מען האָט געקאָנט מיינען אַז עס ווערד שוין פון זיי אַ סוף, האָט נאָטש פלוצלונג פערדרעהט די קאָפּ פון זייערע שונאים און האָט אויף זיי אָנגעשיקט אַזאַ פלאָג אַז זיי האָבען שוין געמוזט אין די יודען פערגעסען, די ביצאַנטינישע מלוכה, וואָס איז אין דער לעצטער צייט געוועהן אַ קוואַל פון שנאה געגען די יודען, איז אַרויס פון די האַנד פון קריסטליכע מלכים און איז איבערגעגאַנגען צום בעריהמטען טירקישען גבור מחמד דעם צווייטען. אומזיסט האָט זיך דער פּאַפּסט ניקאָלאַי דער פינפטער בעמיהט צו מאַכען אַ נייעם קרייצצוג, אומזיסט האָט קאַפּיסטראַנאָ געאַרבייט מיט אַללע כוחות און האָט געוואָלט ווייטער צונויפנעהמען גאַנצע מחנות מען זאָל אָבראַטעווען קאָנסטאַנטינאָפּאָל, די טערקען זענען געוואָרען בעלי בתים ניט נאָר ביים שוואַרצען ים, נאָר זיי האָבען אויך געשאַרפט די צאָהן אויף פיעל אַנדערע לאַנדער. מחמד האָט דווקא אַרויסגעוויזען גרויס יושר געגען אַללע פעלקער וואָס זענען געבליבען וואָהנען אין זיין לאַנד און האָט אויך די יודען ערלויבט פריי זיך צו בעזעצען אומעדום, בויען הייזער, אָפנען שולען און ישיבות. ער האָט אויסגעקליבען זעהר אַ פרומען און אַ בכבוד'ן יודען, ר' משה קפסאלי, און האָט איהם געמאַכט פאַר לאַנד־רב און פאַר אַ משגיח איבער דעם יודישען מס. דער יודישער רב איז געוועהן זעהר געשאַצט אין הויף פונ'ם סולטאַן און ביי אַ פערזאַמלונג פון די גייסטליכע פלעגט מען איהם זעצען אויבען אָן און איהם אָבגעבען כבוד ווי אַ פאָרשטעהער פון אַ ניצליך און געאַכטעט פאָלק.

אַפילו אויף די קראימעס, וואָס זענען געוועהן אי ווייניג אין דער צאָהל, אי צוואָרפען אין פערשיעדענע ערטער, איז געקומען אַ ביי לעבען אין דער

טירקיי, אונ עס איז געווארען פון זיי צוויי גרויסע קהלות אין קאנסטאנטינאפאל אונ אדריאנאפאל אונ אהין האבען זיך אנגעהויבען שיטען פיעל קראימעס, וואס האבען געוואהנט אין פוילען אונ קרים אונ האבען געליטען גלייך מיט די איבריגע יודען. דעמאלט האבען אויך די קראימעס אויפגעהערט זיך האלטען אזוי אין דעם טוידטען אות פון דער תורה: עס האבען זיך שוין צווישען זיי געפונען אזעלכע וואס האבען מתיר געמאכט אנצוצינדען ליכט פרייטאג צו נאכטס אונ ניט זיצען דעם גאנצען אבענד אין דער פינסטער. זיי האבען צו ליעב געטהון נאר אויף קליינינקייטען, נאר אויסגלייכען זיך אין גאנצען מיט די יודען איז זיי אונמעגליך געוועהן, ווייל אויף דעם ביסעל וואס זיי האבען נאכגעגעבען האבען אויך די פרומע געקלאגט אונ איינגעלעגט וועלטען טאמיר ווערט חלילה א תל פון דער גאנצער כתה.

די גמרא זאגט, אז „אויף די ארעמע קינדער דארף מען גוט אכטונג געבען, ווייל ביי זיי האלט זיך דאס גאנצע לערנען פון תורה“, דעם אמת פון די ווארטער האט מען געקאנט ארויסזעהן אין דייטשלאנד, וואו די ישיבות פון ערפורט, נירנבערג, רעגענשבורג אונ פראג האבען ביי די שרעקליכע רדיפות געבליהט אונ ארויסגעגעבען זעהר פיעל לומדים אונ אפילו אזעלכע צוויי בע־ריהמטע רבנים, ווי ר׳ יעקב ווייל אונ ר׳ ישראל איסערלין, וואס זייער גרויסער נאמען איז געבליבען אויף אסך דורות. דער לאנד־רב פון טירקיי, ר׳ משה קפסאלי איז אויך געוועהן א תלמיד פון א דייטשער ישיבה אונ עס איז קיין וואונדער ניט וואס ער האט זיך מיה געגעבען צו צוציהען קיין קאנסטאנטינאפאל פיעל לייטישע דייטשע יודען. די ערשטע, וואס האבען זיך בעזעצט אין דער טירקיי, האבען בעשריבען דאס לאנד ווי א גן עדן אונ האבען געראטהען זייערע ברידער פון אללע אייראפאישע לאנדער זיי זאלען גאר ניט טראכטען אונ באלד קומען. צוויי יונגע לייט קלמן אונ דוד וואס זענען איבערראשט געווארען אז זיי האבען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהן וואס פאר א פרייהייט האט בעגליקט די טירקישע יודען, האבען אנגעמאכט דורך בריעף א שטארקען רעש, אונ ווער עס האט נאר געהאט מיטעל האט זיך געלאזט פאהרען. בעזאנדערס האט צוגעטרעטען צו דעם ר׳ יצחק צרפתי, א יוד מיט אן עדלער נשמה, וואס איז געוועהן איינער פון די ערשטע אנטלאפענע, וועלכע האבען זיך אבגעזוכט א נייע היים אין דער טירקיי, נאר ער האט זיך ניט געקאנט בערוהיגען מיט זיין אייגען גליק אונ האט געוואלט אז זיינע איבריגע ברידער זאלען אויך גע־ניעסען דעם תענוג פון א שאן פריי לעבען. ער האט צושיקט בריעף אין אללע

גְרֶאסְטֶע שְׁטֶאדְט פוּן שְׁוַואבֶּען, מֶאהרֶען, אוּנ אוּנְגַארְן, וואו בַּיי דִי יוּדֶען הָאט זִיךְ נָאךְ קוּים דִי נְשָׁמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנ הָאט זֵיי מִיט דִי שְׁאנְסְטֶע פַּארְבֶּען בֶּעשְׁרִיבֶּען וִוי גוּט זֵיי וָואלְט גֶעוֶועהן וֶוען זֵיי קָאנֶען זִיךְ אַלֶע אוֹיסְרַייסֶען אוּנ לוֹיפֶען קַיין טִירְקַיי. זַיינֶע וֶוערְטֶער הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַגְרוֹיסֶע ווִירְקוּנְג אוּנ פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיטֶען יוּדֶען קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. נָאר קוּים הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים דֶערְזֶעהן אַז דִי יוּדֶען אַנְטְלוֹיפֶען טַאקִי אוּנ עֶס אִיז דָא בַּיי זֵיי אַלַאנְד, וָואס נֶעהמְט זֵיי אוֹיף מִיט לִיעבֶּע אוּנ רַחֲמָנוּת, אִיז גֶעוָוארֶען אַנַייעֶר פְּלַאן אַז מֶען טָאר זֵיי נִיט דֶערְלָאזֶען זֵיי זָאלֶען לַהֲלוּטִין אַוֶועקְוַוארְפֶען אֵייְרָאפַּא, אוּנ דִי אֵייגֶענֶע הֶאנְד וָואס הָאבֶּען זֵיי גֶעטְרִיבֶּען, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צוּהַאלְטֶען וִוי מִיט אַייזֶערְנֶע צְוַואנְגֶען, גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ עֶס דֶערְפוּן, וָואס דִי טִירְקִישֶׁע מְלוּכָה הָאט עֶרְלוֹיבְּט דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, זֵיי זָאלֶען בּוֹיעֶן אַשׁוּל אוֹיפ׳ן בַּארְג צִיּוֹן אוּנ אַזוֹי וִוי נִיט וַוייט פוּן דָארְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַקְרִיסְטְלִיכֶע קִירְכֶע, הָאבֶּען דִי גַייסְטְלִיכֶע נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען אַזַא נָאהֶענְט שְׁכֵנוּת פוּן דִי יוּדֶען אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעמַאכְט אַגֶעוַואלְד אַז בַּאלְד וֶועלֶען דִי יוּדֶען פֶערְחַאפֶּען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אוּנ וֶועלֶען צוּנֶעהמֶען אֲפִילוּ דֶעם הֵיילִיגֶען קֶבֶר פוּן קְרִיסְטוּס. אַז דֶער פַּאפְּסְט אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַבֶּעפֶעהל, אַז קַיין שׁוּם קַאפִּיטַאן טָאר נִיט אַרוֹיפְלָאזֶען אוֹיף זַיין שִׁיף קַיין יוּדֶען, אוּנ דֶערְמִיט הָאט מֶען בַּיי דִי יוּדֶען צוּגֶענוּמֶען דִי מֶאגְלִיכְקַייט צוּ פָאהרֶען קַיין פַּאלֶעסְטִינַא פּוּנְקְט אִין אַזַא צַייט וֶוען מֶען הָאט זֵיי גֶעפַּיינִיגְט כִּמְעַט אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא אוּנ וֶוען פַאר זֵייעֶרֶע קְרַאנְקֶע אוֹיגֶען הָאט נָאךְ אַבְּלִיץ גֶעטְהוּן אַשַׁיין פוּן הָאפְנוּנְג, אַז אִין דֶער אַלְטֶער הֵיים וֶועלֶען זֵיי קָאנֶען אוֹיסְגְלַייכֶען דִי צוּבְּרָאכֶענֶע גְלִיעדֶער אוּנ פֶערְהֵיילֶען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע ווּאוּנְדֶען.

---

## 3 נָאךְ גְרֶעסֶערֶע רְדִיפוֹת גֶעגֶען דִי יוּדֶען אוּנ דִי מַארְרַאנֶען.

(1481—1455 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

וֶוען אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא אִיז נִיט גֶעוֶועהן אֵיין לַאנְד, וואו דִי יוּדֶען זָאלֶען נִיט לַיידֶען אוּנ וואו דָאס פָאלְק זָאל אוֹיף זֵיי נִיט קוּקֶען וִוי אוֹיף מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען טַאקִי נָאר בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען דַארוֹיף, מֶען זָאל זֵיי לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייד בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנ זֵיי זָאלֶען מְזַכֶּה זַיין פְרוּמֶע קְרִיסְטֶען מִיט דֶער גְרוֹיסֶער מִצְוָה צוּ פַּיינִיגֶען זֵיי, וָואס זֵייעֶר כֹּחַ טְרָאגְט נָאר אוֹיף צוּ בֶּעהַאלְטֶען טִיעף בַּיי

זיך אין הארצען דעם גרויסען וועהטיג און בזיון פון דער ערנידערונג, האבען זיי זיך נאך געהאלטען נישט קשה אין קאסטיליען און אראגאניען; מען האט זיי ניט זאטשעפעט און זיי האבען זיך געלעבט רוהיג און שטיל, נאר ווער עס האט געהאט אפענע אויגען, דער האט באלד געקאנט בעמערקען אז דאס רוהיגקייט זייערס איז ניט אויף לאנג און דאס שטילקייט איז נאר א מין שטילקייט וואס ווערט פאר א שטורם. דער קאסטיליענישער קעניג היינריך דער פיערטער האט זיך וועניג געמישט צו דער מלוכה, די גאנצע דעה האט געהאט ביי איהם זיין מיניסטער זשואן דע פאבעצא, וואס איז אליין ארויסגעקומען פון יודען, און האטשע ער איז ניט געוועהן אזא שטארקער אוהב ישראל און דערצו האט איהם נאך אפט אונטערגעהיצט דער אנדערער מיניסטער דיעגא אריאס דאווילא, וואס איז אויך געוועהן א געטויפטער יוד, נאר זעהר א שלעכטער מענש, האט ער פון דעסטוועגען בעהאנדעלט די יודען מיט יושר, און אזעלכע גבירים, ווי ר' יוסף בינבנישתי און זיינע ביידע זיהן, דון ווידאל און דון אברהם, זענען געוועהן די גרעסטע חשובים אין הויף. אין די לעצטע יאהרען האט דער קעניג בעשטימט זיין לייב-דאקטאר, ר' יעקב אבן-נונים פאר לאנד-רב. דער אראגאנישער קעניג דון זשואן דער צווייטער איז נאר געוועהן צוגעבונדען צו די יודען. איינער פון זיינע מקורבים איז געוועהן דער דרשן ר' אברהם ביבגא, און אז ער איז קראנק געווארען אויף די אויגען האט ער זיך געהיילט ביי א יודישען דאקטאר דון אביתר אבן קרשקש הכהן, וועלכער האט ביי איהם אראבגענומען די שטאר. די יודען זענען אבער איהם אויך געוועהן שטארק איבערגעגעבען און אז ער איז געשטארבען האבען זיי איהם געמאכט א הספד און געזאגט תהלים אין אללע שולען. קוקענדיג אויף דער מלוכה, האבען שוין די עדעללייט פון קאסטיליען און אראגאניען אויך כבוד געלעגט אויף די יודען, און ווי זיי האבען שוין ביי זיך געטראכט אינוועניג האבען זיי ווענינסטענס אפענטליך קיין שנאה ניט ארויסגעוויזען און דערביי האבען זיי טאקי געמוזט דרך ארץ האבען פאר די יודען, ווייל די בעסטע דאקטורים זענען פארט געוועהן די יודישע און ביי א סכנה האט מען זיך געמוזט ווענדען נאר צו זיי. דערפאר האט מען זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם אלטען געזעץ פונ'ם פאפסט, אז יודישע דאקטוירים טארען ניט היילען קיין קריסטען, און אז מען האט זיך געמאכט א היתר דארויף האט מען שוין פערבויגען אויף אנדערע זאכען וואס זענען געוועהן פערוואהרט יודען. און דערווייל האבען זיי פון קיין צרות ניט געוואוסט.

לאנג האט עס אבער ניט געקאנט האלטען, דארט וואו דאס פריינדליכקייט איז ניט געוועהן ערנסט, האט זיך די בעהאלטענע שנאה פארט געמוזט ארויסווייזען. אויך אין שפאניען האט מען אנגעהויבען רעדען, אז יודען קוילען קריסטליכע קינדער, גנב'נען האסטיעס; אט איז ארויס א קלאנג אז די יודען האבען אין סלמנקה ביי א קריסטליך קינד אויסגעריסען דאס הארץ, אט האט מען דערצעהלט, אז אין איין אנדער שטאדט האבען זיי א קינד צושניטען אויף שטיקלעך, און יעדען טאג האט מען עפּיס אנדערס אויסגעטראכט. דער קאניג האט דווקא געוואלט בעשיצען די יודען, און כדי דער אמת זאל זיך בעוויזען האט ער געהייסען מען זאל גוט חוקר ודורש זיין און דאס געריכט זאל משפט'ן ...ולדיגע. די מלוכה האט דעמאלט ניט געמיינט קיין חכמות: מען האט אהן קוּ...ן געפרעגט עדות און עס האט די יודען ניט געשאדט. דערפאר האט דאס פאלק אבער נאך מעהר פיינד בעקומען יודען: זיי האבען געשריגען אז מיט געלד פועל'ן זיי אלדינג, אז אללע זענען איבערגעקויפט און אז דער קאניג אליין לאזט זיך איבעררעדען פון די געטויפטע יודען וואס זוכען קלאמערשט זייערע געוועזענע ברידער צו טהון טובות. דעמאלט האט א גייסטליכער אלפאנסא דע ספינא, א געטרייער תלמיד פון קפּיסטרנא, ארויסגעלאזט א בוך געגען יודען און האט אויסגעוויזען, אז מען מוז ביי זיי צונעהמען די קינדער און קליינערהייד טויפען און ווען ניט — וועט ווערען א תל פון גאנץ שפאניען. נאך א ארגער בוך האט אנגעשריבען א געטויפטער יוד פעדרא דע לא קבלריא, וואס האט ניט געזשאלעוועט קיין בלבולים. ביסלעכווייז האט דאס פאלק אויפגעהערט זיך בעגעהן נאר מיט רעד, קוים איז שוין די שנאה ארויס האט זיך באלד געפונען א גייסטליכער וואס האט אפענטליך אנגערייצט די איינוואהנער פון א קליין שטעדטעל מעדינא דעל קאמפא געגען די יודען, און אים יאהר 1461 האט מען דארט פערברענט אסך יודען, צוריסען ספרי־תורה און אבגעראבעוועט זייער פערמעגען. נאך מעהר האבען די גייסטליכע געארבייט געגען די מאראנען, און האטש פיעל פון זיי האבען שוין לאנג פערגעסען אז זיי קומען ארויס פון יודען, פון דעסטוועגען האט מען אויף זיי אויסגעטראכט אז זיי היטען אב אללע יודישע דינים און זענען אפילו מל די קינדער. עס איז אזוי ווייט געקומען אז די מאראנען פלעגען מורא האבען די גאס דורכצוגעהן און אין מדריד האט דער קאניג געמוזט ארויסשיקען בעזונדערע גייסטליכע זיי זאלען אבהאלטען דאס צורייצטע פאלק פון רציחה. עס האט שוין אבער ניט געהאלפען און אין טולעדא האט מען אויסגעהרג'ט מעהר

פון הונדערט דרייסיג מאראנען און זייערע הייזער, איבער זעכס הונדערט, האט מען פערברענט.

רעכט שלעכט איז די שפאנישע יודען געווארען ווען די מלוכה איז איבער־געגאנגען צו דער פרינצעסין איזאבעללא, וואס האט חתונה געהאט מיט'ן אראגאנישען פרינץ דון פערנאנד, און מען מאג זאגען אז די יודען האבען זיך אלליין דעם אומגליק גענומען, ווייל איינער פון די שפאנישע גבירים, דון אברהם שניאור, האט זיך אריינגעלעגט אין דעם שדוך און האט מזווג געווען דאס בעריהמטע פארעל, וואס האט דערנאך אזוי זיך געבאדען אין יודיש בלוט. עס האט איהם געקאסט גענוג געלד און מיה ביז ער האט געפועלט ביים קאניג הייניריך ער זאל מסכים זיין אריינצונעהמען אין זיין משפחה דון פערנאנד, וועלכען ער האט שטארק פיינד געהאט, און געטהון האט עס דון אברהם שניאור מיט א כונה, ווייל ער האט געוואוסט, אז דון פערנאנד'ס אלטער־באבע פאלאמא איז געוועהן א יודיש קינד און דאריבער האט ער גערעכענט אז ער וועט געוויס טהון חסדים מיט יודען. באלד האט זיך אבער ארויסגעוויזען צו וואס פאר א ביטערע מענשען די קרוין פון קאסטיליען איז אריינגעפאלען און פאר די יודען מיט די מאראנען האט זיך אנגעהויבען די ביטערסטע צייט, וואס פארנעהמט גענוג שווארצע בלעטלעך אין דער יודישער געשיכטע.

דעם ערשטען סימן האבען געהאט די יודען פון א קליין שטאדטעל סעפולוועדא אים יאהר 1471, ווייל מען האט אויף זיי געמאכט א בלבול אז זיי האבען פאר פסח, צוזאמען מיט'ן רב ר' שלמה פיגון אזוי לאנג געמוטשעט א קריסטליך קינד ביז עס איז געשטארבען. דער עפיסקאפ זשואן אריאס דאווילא, וואס איז אלליין ארויסגעקומען פון יודען און האט גוט געוואוסט אז די גאנצע מעשה איז ליגען, האט געוואלט פערשטאפען דאס פאלק דאס מויל, אויסער דעם האט ער געמוזט ווייזען אז ער איז ניט קיין נושא פנים און דאריבער האט ער קלאמערשט אבגעזוכט אכט שולדיגע יודען און האט זיי געהייסען א טהייל פערברענען און א טהייל דערווארגען. אזא משפט האט פון דעסטוועגען ניט געשטילט דאס פאלק: מען איז אנגעפאלען אויף אללע יודישע הייזער, פיעל יודען האט מען אויסגעהרג'ט און די וואס זענען זיך צולאפען האבען אויך אין ערגיץ ניט געקאנט געפינען קיין רחמנות. נאך א ערגער'ן סוף האבען אים יאהר 1473 געהאט די מאראנען אין קורדבה: א קינד האט גראד ארויסגעגאסען פון א פענסטער א ביסעל וואסער פונקט דעמאלט ווען מען האט אויף דער גאס געטראגען מיט א גרויסער צערעמאניע א הייליג בילד, עס איז

באַלד גֶעוָוארֶען אַרַעשׁ אַז דָאס הָאבֶּען די פֶערבָּארְגֶענֶע יוּדֶען אימִיסְטֶען גֶעטְהוּן, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אֶפֶּענְטְלִיךְ מְבַזֶה זַיין אַ זַאךְ וָואס אִיז בַּיי די קַאטָאלִיקֶען זֶעהר הֵיילִיג, אוּנ עֶהדֶער מֶען הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט הָאבֶּען שׁוֹין אַלֶע הַייזֶער פוּן די מַארְרַאנֶען גֶעבְּרֶענְט, הֲרוּגִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט, בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶע-גָאסֶען אוּנ בַּיי קֵיינֶעם אִיז קַיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן, מֶען הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶע-פוּילְט אָנְצוּנֶעהמֶען גָאטְט׳ס קְרִיוְודֶע.....

בַּיי אַזַא לַאנְגֶע הָאבֶּען די שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אַרוּמְקוּקֶען וָואהִין עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶער צָרָה, אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶע-בְּלִיבֶּען, אַז אוֹיסֶער טִירְקַיי, וָואס אִיז אַ בִּיסֶעל וַויִיט גֶעוֶועהן, אִיז גוּט זִיךְ צוּ לָאזֶען קַיין אִיטַאלְיֶען, וַוייל דָארְט הָאבֶּען די גַייסְטְלִיכֶע נִיט גֶעהַאט אַזַא דֵעָה. דֶער מִסְחָר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַואקְסֶען, גֶעלְד הָאט מֶען בֶּעדַארְפְט, אוּנ דֶערְ-פַאר הָאט מֶען אִין אִיטַאלְיֶען גָאר אַרוּיסְגֶעקוּקְט אַז די יוּדֶען זָאלֶען אַהִין קוּמֶען. דָאס בִּיסֶעל אִיטַאלְיֶענִישֶׁע יוּדֶען, וָואס הָאט דָארְט גֶעוָואהְנְט פוּן פְרִיהֶער, הָאט שְׁטַארְק בֶּעלֶעבְּט דֶעם הַאנְדֶעל אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס די בַּאנְק-גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ דֶער אַרְכִיעֶפִּיסְקָאפּ פוּן מַאנְטוּאַ הָאט בְּפֵירוּשׁ עֶרְלוֹיבְּט, אִים נָאהמֶען פוּנ׳ם פַּאפְּסְט, אַז די יוּדֶען מֶאגֶען נֶעהמֶען פְּרָאצֶענְט. אִין פִּיזַא הָאט גֶעוָואהְנְט אַ גְרוֹיסֶער גְבִיר ר׳ יְחִיאֵל, זֶעהר אַ פֶעהִיגֶער אוּנ אַ עֶהרְלִיכֶער סוֹחֵר, אוּנ בַּיי אִיהם אִין די הֶאנְד אִיז גֶעוֶועהן דֶער גַאנְצֶער מִסְחָר פוּן טָאסְקַאנָא. ר׳ יְחִיאֵל פוּן פִּיזַא אִיז דֶערְצוּ גֶעוֶועהן נִיט קַיין קְלֵיינֶער לַמְדָן, עֶר פְלֶעגְט אָפְט שְׁרַייבֶּען בְּרִיעף צוּם בֶּערִיהמְטֶען שְׁפַּאנִישֶׁען מִינִיסְטֶער דוֹן יִצְחָק אַבְּרַבַּנֶעל, אוּנ פוּן זַיין צְדָקָה, וָואס עֶר הָאט לִיעב גֶעהַאט צוּ גֶעבֶּען מִיט דֶער פוּלֶער הַאנְד, הָאבֶּען נֶהֱנֶה גֶעוֶועהן יוּדֶען אוֹיךְ פוּן אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער. אַז דֶער קֶאנִיג פוּן פָּארְטוּגַאל, אַלְפָאנְסָא דֶער פִינְפְטֶע, הָאט גֶעווּאוּנֶען די מִלְחָמָה אִין אַפְרִיקָא אוּנ הָאט גֶעהַאט פוּן צְווֵיי שְׁטֶעדְט: אַרְצִילַא אוּנ טַאנְגֶער, פִיעל גֶעפַאנְגֶענֶע יוּדֶען, הָאבֶּען די פָּארְטוּגָאזִישֶׁע יוּדֶען גֶעוָואלְט זֶעהר אוֹיסְלֶאזֶען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אוּנ זֶענֶען נִיט גֶעוֶועהן בִּיכוֹלֶת עֶס צוּ טְהוּן, דֶעמָאלְט הָאט דֶער אַבְּרַבַּנֶעל אַוֶועקְ-גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען דֶעם צוּ ר׳ יְחִיאֵל׳ן פוּן פִּיזַא אוּנ עֶר הָאט בַּאלְד צוּגֶעשִׁיקְט אַזַא גְרוֹיסֶע נְדָבָה, וָואס הָאט הוּנְדֶערְטֶער יוּדֶען אוּמְגֶעקֶעהרְט די פְרַייהַייט. מֶען קָאן נִיט זָאגֶען אַז אִין אִיטַאלְיֶען אִיז די יוּדֶען גֶעוֶועהן גָאר אִין גַאנְצֶען גוּט, נָאר אַזֶעלְכֶע רְצִיחוֹת ווִי אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער זֶענֶען דָארְט נִיט פָארְגֶעקוּמֶען. דֶעם חִלוּק קָאן מֶען אַרוּיסְזֶעהן פוּן צְווֵיי אַלְץ אֵיינֶע מַעֲשׂוֹת וָואס הָאבֶּען זִיךְ כִּמְעַט אִין אֵיין יָאהר פֶערְלָאפֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד אוּנ אִיטַאלְיֶען: אִין רֶעגֶענְשְׁבּוּרְג

האט זיך פלוצלונג פערגלוסט א חזן, קלמן, איבערגעהן צום קריסטענטהום אונ ער האט א היבשע צייט געלעבט ביי די גייסטליכע, וואס האבען מיט איהם געלערנט אונ איהם מחנך געוועהן מיט די מצות פון דער קריסטליכער רעליגיאן. ער האט אבער שפעטער חרטה געהאט, אונ נאך עהדער מען האט איהם געטויפט האט ער אוועקגעווארפען די גייסטליכע אונ איז צוריק אריבער צו די יודען. פאר אזא חטא האט מען איהם ניט געוואלט מוחל זיין אונ מען האט איהם פערמשפט צום טויט. פונקט אזא זאך איז געשעהן אין פאוויא, נאר זי האט זיך שוין גאר אנדערש אויסגעלאזט. א יודישע פרוי האט זיך צוקריגט מיט איהר מאנן אונ עס איז ביי איהר געבליבען אז זי מוז זיך טויפען, זי האט זיך גע־ווענדט צו די גייסטליכע אונ מען האט זי פריינדליך אויפגענומען, נאר אז זי איז שוין געוועהן גאר פערטיג האט זי מורא געקריגען אונ האט זיך אבגעזאגט פון דער טויפע. דערפאר האט זי ניט נאר קיין שום עונש בעקומען, נאר דער עפיסקאפ אליין האט זיך אריינגעלעגט אין שלום, ער האט געשיקט רופען דעם מאנן אונ האט איהם פערזיכערט אז זיין פרוי האט זיך די גאנצע צייט גוט אויפגעפיהרט אונ אז ער דארף איהר על פי דין קיין גט ניט געבען. אז די גייסטליכע האבען אזוי געהאנדעלט געגען יודען, איז דאס פאלק נאך פריינד־ליכער געוועהן אונ האט נאך אויף זיי מעהר כבוד געלעגט צו ליעב די בע־ריהמטע דאקטוירים, וואס די איטאליענישע יודען האבען ארויסגעגעבען. אויף פאפיער זענען נאך געוועהן די אלטע געזעצע וועגען דעם אז קריסטען טארען ניט האבען קיין שום געשעפטען מיט יודען, זיי טארען זיך ניט היילען ביי יודישע דאקטוירים אונ די יודען מוזען טראגען א שאנדליכען צייכען אויף די קליידער, דאס לעבען האט אבער געוויזען אז מען מוז פערבייגען די געזעצע, קריסטען אונ יודען האבען געלעבט גאר בשלום, אין דער הלבשה איז ניט געוועהן קיין שום אונטערשיעד, אונ אז אין קרעמא האט א רייכער יוד לעא חתונה געמאכט א קינד האט די גאנצע שטאדט זיך אבגעגעבען מיט דער שמחה אונ קריסטען האבען זיך געפראהט גלייך מיט יודען. אין יענער צייט האט געשפיעלט אין איטאליען א גרויסע ראללע ר' בנימין פון מאנטוא, אדער ווי מען האט איהם גערופען גולעלמא די פארט[illegible]עאנע, וואס איז פריהר געוועהן לייב־דאקטאר ביים קאניג פערדינאנד פון נעאפעל, דערנאך האט ער געדיענט ביים הערצאג פון מאילאנד גאלעאצא ספארצא אונ אונ'ם יאהר 1479 איז ער געווארען לייב־דאקטאר ביי'ם הערצא[illegible] לודאוויקא גאנזאגא. פון איהם איז ארויס א גאנצע משפחה פון דאקטוירים.

דָאס אִיז שׁוֹין אַ כְּלָל, אַז קוים לָאזְט מֶען דֶעם יוּדֶען פְרַיי אָטְהֶמֶען הָאט עֶר פַיינְד צוּ זִיצֶען פַארְלֶעגְט דִי הֶענְד, אוּנ עֶס אִיז גָאר קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס דִי אִיטַאלְיֶענִישֶׁע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אִין אַלֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ זֶענֶען גֶעוֶועהן כִּמְעַט דִי עֶרְשְׁטֶע וָואס הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען זִיךְ צוּ בֶּענוּצֶען מִיט גוּטֶענְבֶּערְגְ׳ס נַייֶע עֶרְפִינְדוּנְג פוּן בּוּכְדְרוּקֶערַיי. אִין רֶעדְזְשִׁיָא, מַאנְטוּאַ, פֶערַארַא, פִּעוִוא דִי סַקָא, בָּאלָאנִיַא, סַאנְטְשִׁינָא, אִיסְצִיאָן אוּנ נֶעאַפֶּעל הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעאֶפֶענְט דִי עֶרְשְׁטֶע דְרוּקֶען, אוּנ זֵיי הָאט דִי וֶועלְט צוּ פֶערְדַאנְקֶען, וָואס פִיעל נוּצְלִיכֶע בִּיכֶער הָאבֶּען בַּאלְד גֶעקָאנְט פֶערְאֶפֶענְטְלִיכְט וֶוערֶען. מֶען קָאן זָאגֶען אַז אוֹיסֶער מַאלֶערַיי אוּנ בִּילְדְהוֹיֶערַיי, וָואס יוּדֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען פְרֶעמְד, וַוייל דִי דָאזִיגֶע קוּנְסְט הָאט נָאר גֶעהַאט צוּ טְהוּן מִיט דֶער קַאטָאלִישֶׁער קִירְכֶע אוּנ מִיט קַיין וֶועלְט-זַאכֶען הָאט זִי זִיךְ דֶעמָאלְט נִיט אָנְגֶעקֶעהְרְט, הָאבֶּען זֵיי שְׁטַארְק גֶעאַרְבַּייט אִין אַלֶע אַרְט חָכְמוֹת אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאבֶּען זִיךְ אִין יֶענֶער צַייט בֶּערִיהְמְט גֶעמַאכְט צְוֵויי גְרוֹיסֶע לַייט, מֶסֶר לֵיאוֹן אוּנ ר׳ אֵלִיָהוּ דֶעל מְדִיגוֹ.

מֶסֶר לֵיאוֹן, אָדֶער וִוי מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען בַּיים יוּדִישֶׁען נָאהְמֶען יְהוּדָה בֶּן יְחִיאֵל, אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין נֶעאַפֶּעל אִים יָאהר 1450, עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ דָאקְטָאר אוּנ דֶער רַב פוּן מַאנְטוּאַ, אוּנ חָאטְשׁ עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוֹיפְ׳ן פִיערְצִיגְסְטֶען יָאהר הָאט עֶר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען זֶעהר פִיעל גֶעאַרְבַּייט אוּנ הָאט אִין אַלֶע זַיינֶע חִבּוּרִים, וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אוּנ וָואס פוּן זֵיי אִיז בֶּעזָאנְדֶערְס בֶּעקַאנְט זַיין סֵפֶר „נוֹפֶת צוּפִים", זִיךְ בֶּעמִיהְט אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען זַיינֶע בְּרִידֶער דִי הוֹיכֶע גֶעדַאנְקֶען פוּן אַרִיסְטוֹטֶלֶס אוּנ פוּן אַנְדֶערֶע אַלְטֶע חַכְמֵי אוּמוֹת הָעוֹלָם. אַזאַ זַאךְ אִיז נִיט גֶעוֶועהן קַיין קְלֵיינִיגְקֵייט אִין יֶענֶע יָאהְרֶען, וֶוען נִיט נָאר דִי יוּדֶען, נָאר אֲפִילוּ קְרִיסְטֶען הָאבֶּען קְרוּם גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם וָואס מֶען שֶׁאצְט דִי חָכְמָה פוּן מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט גֶאטְצֶענְדִיעֶנְסְט אוּנ הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶעוואוּסְט פוּן קַיין רֵיינֶער אֱמוּנָה. נָאךְ שְׁוֶוערֶער אִיז דָאס גֶעוֶועהן פַאר ר׳ יְהוּדָה בֶּן יְחִיאֵל, וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַ גְרוֹיסֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה, נָאר דֶער אֱמֶת אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶועהן הֵיילִיגֶער פוּן אַלְדִינְג אוּנ עֶר הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאט גֶענוּג כֹּחַ אִיהם פְרַיי אַרוֹיסְצוּזָאגֶען אוּנ נִיט קוּקֶען אֲפִילוּ דַארוֹיף צוּ וֶועט עֶס אִיהם שַׁאדֶען.

נָאךְ הָאבֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען ר׳ אֵלִיָהוּ דֶעל מְדִיגוֹ, וָואס מֶען הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶערוּפֶען קְרֶעטֶענְזִיס, וַוייל זַיינֶע עֶלְטֶערְן זֶענֶען גֶעוֶועהן פוּן דִי

דייטשע יודען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אויף דעם אינזעל קרעטא אדער קנדיא, ער איז געוועהן איינער פון די גרעסטע קאפ, וואס יודען האבען ארויס-געגעבען אין די לעצטע יאהר הונדערטע אונ האט זיך בעזאנדערס בעשעפטיגט מיט דער לאטיינישער שפראכע. איינער פון זיינע תלמידים איז געוועהן דער בעריהמטער איטאליענישער געלעהרטער גראף דזשיאוואני פיקא די מיראנ-דאלא, וואס ער האט ביי איהם געלערנט אראביש אונ העבראיש אונ האט פאר איהם שטענדיג גרויס דרך ארץ געהאט ווי פאר א רבין. אז עס האט זיך געמאכט אין דער אוניווערזיטעט פון פאדוא א גרויס מחלוקת וועגען א הארבער שאלה אונ די סטודענטען מיט די פראפעסארען האבען זיך צוטהיילט אויף צוויי צדדים אונ עס איז צווישען זיי געקומען אויף מעסער-שטאך, איז ביי ביידע זייטען געבליבען מען זאל זיך פערלאזען אויף ר' אליהו דעל מדיגו אונ דער סענאט פון וועניעדיג האט דארויף געגעבען זיין הסכמה. ר' אליהו דעל מדיגו איז געראטהען צו מאכען שלום, מיט זיין רעדע האט ער ארויס-געוויזען זיין גרויס חריפות, אונ פון דעמאלט אן האט ער זיך גערעכענט פאר איינעם פון די בעסטע פראפעסארען אונ פלעגט אפט האלטען פארלעזונגען איבער פילאזאפיע אין פאדוא אונ פלארענץ אונ זיינע תלמידים, וואס זיי זענען כמעט אללע געוועהן קריסטען. האבען איהם זעהר געשאצט.

דער גראף דזשיאוואני פיקא די מיראנדאלא איז אזוי צוגעבונדען געווארען דורך זיין לערנען ביי ר' אליהו דעל מדיגו, צום יודישקייט אז ער האט זיך ניט געקאנט בעגניגען נאר מיט תורה אונ תלמוד אונ האט אויך געוואלט זיך בעקענען מיט די טיעפע סודות פון קבלה. אין יענער צייט איז גראד גע-קומען קיין איטאליען פון קאנסטאנטינאפעל א מקובל יוחנן אלעמאן אונ ביי איהם האט דער יונגער גראף געלערנט דעם גאנצען למוד, אונ אז ער איז געוואהר געווארען אז אין פיעל ענינים גלייכט זיך די קבלה אוים מיט די יסודות פון דער קריסטליכער רעליגיאן, האט מען איהם ניט געקאנט אבהייסען פון די קבלה-ספרים אונ ער האט געהאלטען אין איין שרייען אז נאר די קבלה קאן די יודען ארויפברענגען זיי זאלען פערשטעהן דאס הייליגקייט פונ'ם קריסטענטהום. ער האט אויך געגעבען דעם פאפסט סיקסטוס דעם פיערטען איין עצה, ער זאל הייסען עטליכע קבלה-ספרים איבערזעצען אויף לאטייניש. —

ר' אליהו דעל מדיגו האט געזעהן וואס פאר א שאדען עס קאן ארויס פאר די יודען, ווען די מקובלים וועלען בעקומען א שטיצע פון דעם פאפסט אונ וועלען גאר פלוצלונג אויפהויבען דעם קאפ, אונ דאריבער איז ער ארויס געגען

זיי מיט בעזונדערע דרשות אונ ספרים, ער האט שטארק געקריטיקירט דעם „זהר" אונ האט אויסגעוויזען אז ניט ר' שמעון בן יוחאי האט איהם אנגעשרי- בען. דעמאלט האט ער אויך ארויסגעלאזט זיין ספר „בחינת הדת", ווייל איינער פון זיינע תלמידים, ר' שאול הכהן אשכנזי פון קנדיא, האט איהם געבעטען ער זאל ארויס זאגען זיין מיינונג וועגען דער אמונה. ר' אליהו דעל מדיגו האט אויך זיינע איבערזעצונגען פריי פערעפענטליכט, אונ ניט אומזיסט האט ער זיין ספר אנאהמען געגעבען „בחינת הדת", ווייל ער האט אלדינג גוט געפריווט מיט זיין שארפען שכל אונ פון פיעל זאכען האט ער זיך ניט געשאמט אראבצורייסען די מאסקע פון הייליגקייט. אודאי האט זיין גאנג ניט געשמעקט די פרומע לומדים אונ רבנים, וואס זייער צאהל האט זיך אללע מאל פערגרעסערט זייט די רדיפות האבען זיך אנגעהויבען אין דייטשלאנד, אונ ר' יהודה מענץ, ר' משה מענץ אונ ר' יוסף קולון, די גרעסטע רבנים פון יענער צייט, וואס האבען געוואלט אז אויסער דעם תלמוד זאלען די יודען פון קיין זאך ניט וויסען, זענען געוועהן זייערע געגנער.

נאר ווי גוט אונ פרום די גייסטליכע זענען געוועהן אין איטאליען האט זיי פארט געשטאכען וואס די יודען לעבען דארט אזוי רוהיג אונ די איבריגע אנוואהנער זענען גאר פון זיי צופרידען. אונ איינער פון זיי, בערנארדינוס, וואס איז געוועהן אבעריהמטער דרשן, האט זיך ענטשלאסען נאכצוטהון קאפיסטראנא'ן אונ האט אנגעהויבען ארומפאהרען איבער פיעל שטאדט אונ אויפקלאהרען דאס פאלק אז די יודען זענען פאר זיי אסם. אז די מלוכה האט אבער ניט געוואלט, האט די שלאנג מיט איהר גיפט אויך גאר ניט געקאנט מאכען. קוים האט בערנארדינוס זיך געוואלט צופיהרען די האנד אין בער- גאמא, האט איהם דער הערצאג פון מיילאנד, גאלעאצא שוין צוגעמאכט דאס מויל אונ האט ניט געלאזט אין ערגיץ דרשנ'ען. דאס אייגענע האט מען איהם געטהון אין פלארענץ אונ דער גאנצער געגענד פון טאסקאנא, אונ אז ער האט אנגעהויבען שרייען אז די יודישע גבירים האבען איבערגעקויפט די מלוכה האט מען איהם גאר אין גאנצען מרחיק געוועהן פון דער מדינה. בערנארדינוס האט ארוים געזעהן אז איטאליען איז פאר איהם קיין פלאץ ניט, איז ער אריבער קיין טיראל. ער האט שוין אבער געהאט אזא מזל אונ אומעדום האט ער געטראפען יודען אונ קריסטען וואס האבען געלעבט ווי ברידער, אונ אז ער האט אנגעהויבען אין זיינע פייעריגע דרשות אויסצושרייען וואס פאר א שרעקליכע פאלק די יודען זענען פאר'ן לאנד, האבען זיינע ווערטער אויס-

געזעהן ווי חוזק. אַזוי איז אויך געוועהן אין טריענט: די קריסטען זענען געזעהן זעהר פריינדליך געגען די יודען, עס איז ניט געוועהן קיין שום סבה וואס צו ליעב איהר זאָל אַמאָל פּאַסירען אַ כעס. אַ יודישער דאָקטאָר טוביה, אַ גרויסער בריה, און אַ יודישע פרוי ברונעטא, וואס האָט געשעמ׳ט מיט איהר חכמה, זענען געוועהן בעליעבט ביי אַלע איינוואָהנער, און אַז בערנאַרדינוס האָט געוואָלט אָנמאַכען אַ שנאה האָט מען איהם געענטפערט, אַז די יודען זענען גוטע און ערענטליכע מענשען און עס איז ניטאָ פאַר וואס זיי פיינד צו האָבען. דאָ איז פלוצלונג אַריין צו בערנאַרדינוס׳ן אַ מין נבואה און ער האָט דעם עולם פאָראויסגעזאָגט, אַז ביז פסח וועלען זיך אַלע איבערציינגען וואס פאַר אַ פיינע לייט די יודען זענען. דער סוף האָט טאקי בעוויזען אַז בערנאַרדינוס האָט ניט געדרימעלט און ער האָט גוט אין זין געהאַט אַז זיין נביאות זאָל גיך מקוים ווערען.

פלוצלונג איז אין טריענט, אים יאָהר 1475 אין דער וואָך פון פסח דערטרונקען געוואָרען אַ קריסטליך קינד פון דריי יאָהר, סימאָן, און דאָס וואַסער האָט געראַד דעם טויטען קערפּער אַרויסגעוואָרפען ביים ברעג, ניט וויט פון אַ יודישער שטוב; דער יוד האָט באַלד דערפון מודיע געוועהן דעם עפּיסקאָפּ הינדערבאך און ער האָט געהייסען מען זאָל דאָס קינד ברענגען אין קירכע. אָט דאָ האָט זיך פאַר בערנאַרדינוס׳ן אָנגעהויבען אַ גאַנצע חתונה: ער האָט אָבגעזוכט נאָך אַזעלכע גייסטליכע ווי ער און ער איז אַרויס מיט אַ געשריי אַז די יודען האָבען פערמוטשעט דאָס קינד און דערנאָך האָבען זיי עס אַריינגעוואָרפען אין טייך. און כדי דעם עולם אונטערצוהיצען, האָט מען דעם טויטען קערפּער אַלע געוויזען און יעדער האָט מן הסתם געפונען סימנים פון דער שרעקליכער רציחה. בעזאָנדערס נאָך דעם וואס עס האָט זיך אָבגעזוכט אַ דאָקטאָר, מאַטהיאַס טיבערינוס, וואס האָט אויסגעוויזען אַז דאָס קינד האָט מען פריהר דערהרג׳ט עהדער מען האָט עס דערטרונקען, און אַ געטויפטער יוד האָט עדות געזאָגט אויף אַלדינג וואס מען האָט איהם געהייסען. דער עפּיסקאָפּ הינדערבאך האָט געהייסען אַלע יודען פון טריענט איינקאָווען אין קעטען און האַלטען אין תפיסה ביז דער אמת וועט זיך אַרויסווייזען. ביי די מיטעל, וואס די גייסטליכע האָבען גענומען כדי מען זאָל דערגעהן דעם אמת, האָט מען לאַנג דאַרויף ניט בעדאַרפט וואַרטען; מען האָט אַלע יודען אָנגעטהון ענוים קשים, נאָר אייגער פון זיי, ר׳ משה, איז געשטאָרבען ווי אַ קדוש און האָט ניט געוואָלט זאָגען קיין ליגען, די איבריגע אָבער האָבען געמוזט מודה זיין

אַז זֵיי הָאבֶּען דָאס קִינְד צוּשְׁטָאכֶען אוּנ צוּשְׁנִיטֶען אוּנ גֶענוּצְט דָאס בְּלוּט צוּ דִי מַצּוֹת. אַז בְּרוּנֶעטַטא הָאט גֶעגֶעבֶּען נָאדְלֶען אוּנ מֶעסֶערְס, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט מֶען בַּיים רַב, ר׳ משֶׁה, אָבְּגֶעזוּכְט אַ־בְּרִיעף פוּן זַאכְּסֶען, וָואס מֶען בֶּעט בַּיי זֵיי אַז זֵיי זָאלֶען אַהִין אוֹיךְ צוּשִׁיקֶען בְּלוּט אוֹיף יוֹם טוֹב. אַוַדאי הָאט זִיךְ דִי זַאךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט דֶערְמִיט, וָואס מֶען הָאט כִּמְעַט אַלֶלע יוּדֶען פוּן טְרִיֶענְט פֶערְבְּרֶענְט אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַז מֶעהר זָאל מֶען אַהִין קֵיין יוּדֶען נִיט אַרַיינְלָאזֶען, נָאר פִּיער יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעטוֹיפְט אוּנ זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען; דֶער דָאקְטָאר טוֹבִיָה הָאט נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהֶן דֶעם צַעַר אוּנ הָאט זִיךְ אַלֵיין דֶעם טוֹיט גֶעמַאכְט.

פַאר בֶּערְנַארְדִינוּס׳ן מִיט זַיין חֶבְרָה אִיז נָאךְ אָבֶּער וֶועניג גֶעוֶועהן דִי צָרָה וָואס זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעאַרְבַּייט אִין טְרִיֶענְט: זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַז דִי מַעֲשֶׂה זָאל קְלִינְגֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ אִיבֶּעראַל זָאל מֶען זִיךְ דֶערְפַאר נוֹקֵם זַיין אִין דִי יוּדֶען, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג אַז דִי בֵּיינֶער פוּן דֶעם דֶערְהַרְגֶ׳טֶען קִינְד גְלַאנְצֶען, אוּנ מֶען זֶעהט עֶפֶּיס פוּן זֵיי גַאנְצֶע מוֹפְתִים, אוּנ גָאר גִיךְ הָאבֶּען זִיךְ קֵיין טְרִיֶענְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיטֶען פְרוּמֶע קְרִיסְטֶען, וָואס מֶען הָאט בַּיי זֵיי גְרִינְג גֶעפוֹעלְט זֵיי זָאלֶען דֶעם קְלֵיינֶעם סִימָאן אוֹיךְ אָנְגֶעהמֶען פַאר אַ „הֵיילִיגֶען". וָואס מֶעהר דֶער שֵׁם פוּן דֶעם נַייֶעם „הֵיילִיגֶען" הָאט זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט — אִיז אוֹיךְ דִי שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צִיטֶערְן אִין אַלֶלע אָרְטֶער, וַוייט אוּנ נָאהֶענְט, אוּנ אֲפִילוּ אִין אַסַךְ קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְלֶעךְ פוּן אִיטַאלְיֶען הָאט דָאס פָאלְק שׁוֹין גֶעקוּקְט אוֹיף זֵיי וִוי אוֹיף רוֹצְחִים, אוּנ זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט זִיךְ אִין דִי גַאסֶען צוּ וַוייזֶען. דִי מְלוּכָה הָאט אֲפִילוּ שְׁטַארְק גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען, זִי הָאט נִיט גֶעלָאזְט אַז דִי גֵייסְטְלִיכֶע זָאלֶען צוּרֵייצֶען דָאס פָאלְק מִיט זֵייעֶרֶע דְרָשׁוֹת, אַחוּץ דֶעם הָאט דֶער פַּאפְּסְט סִיקְסְטוּס דֶער פִיעֶרְטֶע פַארְוָואהְרְט צוּ רֶעכְנֶען דָאס טוֹיטֶע קִינְד פוּן טְרִיֶענְט פַאר אַ קָדוֹשׁ, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט מֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד נִיט גֶעקוּקְט דַארוֹיף, פוּן אַלֶלע זַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען עוֹלֶה רֶגֶל זַיין קֵיין טְרִיֶענְט אוּנ זֶעהן מִיט אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען דֶעם גְרוֹיסֶען נֵס, וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהן, אוּנ דִי יוּדֶען אִיז מִן הַסְתָּם דֶערְפוּן קֵיין גֶעזוּנְד נִיט צוּגֶעקוּמֶען. אִין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין הָאט מֶען גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַ זִכָּרוֹן אַ זַייל פוּן שְׁטֵיין, אוֹיבֶּען זֶענֶען גֶעוֶועהן אוֹיסְגֶעהַאקְט דִי בִּילְדֶער פוּן דֶעם קִינְד אוּנ פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע יוּדֶען אוּנ שֵׁדִים, אוּנ אוּנְטֶען הָאט מֶען אוֹיסְגֶעקְרִיצְט דִי וֶוערְטֶער:

„כל זמן עס וועט בלייבען דער זכר פונ'ם טריענטער קינד, וועט מען ניט פארגעסען די יודישע זינד".

דאס פייער פון שנאה, וואס בערנארדינוס האט אנגעצונדען, האט צוּוארפען פונקען איבער גאנץ דייטשלאנד אונ האט געבראכט א גרויס אומגליק אויך אויף דער יודישער קהלה פון רעגענשבורג, וואו די יודען האבען שוין פון דור דורות געלעבט גליקליך אונ האבען אין די ערגסטע צייטען ניט געוואוסט פון קיין צרות. די יודען האבען זיך אין רעגענשבורג גערעכענט גלייך מיט אללע איינוואהנער, זיי האבען געדיענט אין חיל אונ קיינער האט צו זיי גאר ניט געהאט. נאר אזוי ווי זיי פלעגען צאהלען דער מלוכה א בעזונדער מס, האבען זיך אויף דער גרויסער הכנסה געפונען אסך בעלנים: די שטאדט האט געזאגט אז דאס געלד קומט איהר, די גייסטליכע האבען געדרונגען אז זיי דארפען אויך דערפון נהנה זיין, דער הערצאג פון בייערן האט געשריגען אז ער איז בילכער אונ דער קייזער פון דייטשלאנד, פרידריך דער דריטער האט געהאט א טענה, אז ער איז גאר אין גאנצען בעל הבית; אזוי האט מען זיך געהאמפערט צווישען זיך אונ צו די יודענס קאפ האט זיך עס אויסגעלאזט: יעדער האט געוואלט, דעם אנדערן אויף צו להכעיס, שינדען פון זיי די הויט, אונ ליטר בטחון האט איטליכער בעזונדער געהייסען האלטען די רעגענשבורגער יודען אין תפיסה אונ ביי זיי רייסען געלד. בעזאנדערס האט דעמאלט שטארק געליטען דער רב פון רעגענשבורג ר' ישראל ברונא, ווייל דער קייזער פרידריך האט גערעכענט אז ווי באלד מען וועט איינזעצען אין געפאנגעניש דעם אלטען אונ קראנקען רב וועלען די יודען אוועקגעבען דאס לעצטע אבי צו בעפרייען זייער פארשטעהער. די יודען האבען א קוק געטהון אז עס איז גאר קיין תכלית ניט האבען זיי זיך ענטשלאסען צו זוכען הילף ביי די הוססיטען, וואס די קאטאליקען האבען פאר זיי געציטערט אימת מות. דערצו זענען די יודען געצוואונגען געווען ניט נאך אזוי צו ליעב דעם געלד ווי. זיי האבען בעמערקט אז דער נייער עפיסקאפ היינריך אונ דער הערצאג לודוויג האבען זיך פשוט גענומען אויף זייער לעבען אונ ווילען טאקי אז די גאנצע יודישע קהלה פון רעגענשבורג זאל זיך אויסטויפען. דאס האבען זיי גאנץ גוט ארויסגעזעהן פון די בלבולים, וואס מען האט אנגעהויבען אויסצוטראכטען אויף זיי: די שונאים האבען געמאכט יד אחת מיט צוויי געטויפטע יודען, איינער פון זיי פעטער שווארץ, האט געשריבען כל הרעות געגען זיינע געוועזענע ברידער אונ דער אנדערער, האנס וואיאל האט געגעבען א מסירה אז דער רב ר' ישראל ברונא האט געקויפט

בַּיי אִיהם אַקְרִיסְטְלִיךְ קִינְד פוּן זִיבֶּען יָאהר אוּנ הָאט עֶס דֶערְהַרְגֶ'ט. דָאס אוּמְגְלִיק הָאט גֶעטְרָאפֶען דֶעם רָב פוּנְקְט דֶעמָאלְט וֶוען עֶר אִיז נָאר וָואס בֶּעפְרַייהט גֶעוָוארֶען פוּן דֶער תְּפִיסָה, וואו עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען פַאר קָהָל'שֶׁע זַאכֶען. דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען נָאר מִיט אִיהם קַיין לַאנְגֶע שִׁיהוֹת נִיט גֶעוָואלְט מַאכֶען, בַּיי זֵיי אִיז הַאנְס וַואיָאל גֶעוֶועהן זֶעהר אַבֶּעגְלוֹיבְּטֶער עֵדוּת אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל דֶעם רָב פֶערְמִשְׁפָּט'ן צוּם טוֹיט. דִי מְלוּכָה אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן אִיבֶּערְצַייגְט אַז דֶער רָב אִיז אוּמְשׁוּלְדִיג, נָאר כְּדֵי דָאס צוּרֵייצְטֶע פָאלְק זָאל אִיהם נִיט דֶערְהַרְגֶ'נֶען הָאט זִי אִיהם גֶעהַאלְטֶען אִין תְּפִיסָה בִּיז מֶען וֶועט נִיט דֶערְגֶעהן דֶעם אֶמֶת. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט דִי זַאךְ זָאל זִיךְ נִיט פַארְצִיהֶען אִין דֶער לַאנְגֶער בַּאנְק אַרַיין, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעוֶוענְדֶט פוּן אֵיין זַייט צוּם קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט צוּם בֶּאהמִישֶׁען קֶאנִיג לַאדִיסְלוֹיס, אוּנ הָאטְשׁ עֶס אִיז בַּאלְד אָנְגֶעקוּמֶען אַבֶּעפֶעהל מֶען זָאל דֶעם רָב אַרוֹיסְלָאזֶען הָאט מֶען פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען מוֹרָא גֶעהַאט עֶס צוּ טְהוּן אִיבֶּער דִי גֵייסְטְלִיכֶע. דֶערְפַאר אִיז מֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֵׂכֶל: מֶען הָאט פְּלוּצְלוּנְג אַהַאפּ גֶעטְהוּן דֶעם מוֹסֵר, מֶען הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּם בְּרִיק, דָארְט אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען אַתַּלְיָן, אוּנ מֶען הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אַז עֶר מוּז שְׁטַארְבֶּען אוּנ פַאר'ן טוֹיט אִיז בֶּעסֶער מֶען זָאל זִיךְ מִתְוַדֶּה זַיין. דֶעמָאלְט הָאט הַאנְס וַואיָאל מוֹדֶה גֶעוֶועהן אַז אוֹיפ'ן רָב הָאט עֶר נָאר אַבִּלְבּוּל גֶעמַאכְט; מֶען הָאט אִיהם פַאר אַזַא חֵטְא פַארְבְּרֶענְט אוּנ ר' יִשְׂרָאֵל בְּרוּנָא אִיז נִצָּל גֶעוָוארֶען פוּן דֶער סַכָּנָה.

נִיט אוֹיף לַאנְג הָאט מֶען אָבֶּער צוּרוּה גֶעלָאזְט דִי רֶעגֶענְשְׁבּוּרְגֶער יוּדֶען. נָאךְ אִין דֶעם אֵייגֶענֶעם יָאהר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי יְדִיעָה פוּן דֶעם טְרִיֶענְטֶער קִינְד אוּנ דֶער פְרוּמֶער עֶפִּיסְקָאפּ הַיינְרִיךְ הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען נוֹקֵם זִיךְ צוּ זַיין פַאר דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיג פֶערְגָאסֶען הֵיילִיג בְּלוּט: עֶר הָאט בַּאלְד אָנְגֶעזוּכְט מוֹסְרִים מִיט עֵדוּת, וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט אוּנ גֶעשְׁרִיבֶּען וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען, עֶטְלִיכֶע יוּדֶען הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען מוּטְשֶׁען, הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן אוֹיף אַלְדִינְג וָואס מֶען הָאט גֶעוָואלְט, אוּנ אַזוֹי הָאט מֶען אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה אַלֶע רֶעגֶענְשְׁבּוּרְגֶער יוּדֶען אוּנ זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען הָאט מֶען צוּגֶענוּמֶען. דָא הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶער קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ פַאר זֵיי שְׁטַארְק אָנְגֶענוּמֶען. עֶר אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן פָאלְקָאמֶען אִיבֶּערְצַייגְט אַז אַלֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען גֶעגֶען יוּדֶען זֶענֶען שֶׁקֶר וְכָזָב, נָאר עֶר הָאט נִיט אַזוֹי פִיעל גֶעמֵיינְט דֶעם אֶמֶת וִוי עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַז דִי גֵייסְטְלִיכֶע זָאלֶען זִיךְ צוּ פִיעל צוּפִיהרֶען דִי הָאנְד, אוּנ דַארִיבֶּער

האט ער געשיקט א בעפעהל צו די איינוואהנער פון רעגענשבורג מען זאל באלד אללע יודען בעפרייהען, אונ האטש די גייסטליכע האבען אזוי געדרעהט אז גראד אין יענער צייט האט מען אין פאסויא אויך געטוידט אסך יודען דערפאר וואס זיי האבען קלאמערשט ארויסגעגנב'ט פון די קירכען האסטיעס אונ זיי געשאנדעט, האט פרידריך בפירוש ערקלעהרט אז ער גלויבט ניט אין די זאכען אונ וועט ניט דערלאזען מען זאל אומברענגען אומשולדיגע מענשען. ניט אזוי גיך טהוט זיך אבער ווי עס רעדט זיך: ביז מען האט געשריבען דעם קייזער אונ ביז עס האט געקאנט פון איהם אנקומען א בעפעהל איז דערווייל אוועק־געגאנגען דריי יאהר אונ ערשט, אז פרידריך האט בעפוהלען זעהר שטרענג אונ האט אויף דער שטאדט ארויפגעלעגט א שטראף פון אכט טויזענד גולדען, האט מען זיך גענומען די רעגענשבורגער יודען בעפרייהען. עס איז אבער ווייטער געוועהן איין עכוב: די שטאדט האט געפאדערט, אז די יודען זאלען בעצאהלען דעם שטראף, זיי זענען אבער אזוי פערארעמט געווארען אז צונויפ־געהמען אזא סומע איז פאר זיי ניט מעגליך געוועהן, אונ דאריבער זענען זיי געזעסען נאך צוויי יאהר, ביז עס איז דער שטאדט אלליין נמאס געווארען אונ מען האט זיי ארויסגעלאזט, נאר דאס ווארט האבען זיי געמוזט געבען אז זיי וועלען זיך ניט רירען פון רעגענשבורג, ווייל די שונאים האבען געוואוסט אז אין א קורצער צייט וועלען די יודען ווייטער אנהויבען ארבייטען אונ זיי וועלען האבען פון זיי א גרויסע הכנסה. די יודען האבען געמוזט דארויף בע־שטעהן, חאטש אין הארצען האבען זיי מקנא געוועהן זייערע ברידער, וואס מען האט דעמאלט ארויסגעטריבען פון גאנץ שוואבען אלץ צו ליעב דער מעשה מיט דעם טריענטער קינד, וואס מען האט געגלויבט אין דעם כמעט ביז צום אכטצעהנטען יאהרהונדערט.

אזוי האט א מצוה'לע פון א שונא אבגעקאסט יודען גענוג בלוט אונ עס האט ארויסגערופען שרעקליכע רדיפות, וואס האבען גאר אין גאנצען א תל גע־מאכט בעזאנדערס פון די שפאנישע יודען.

---

## 4 די אינקוויזיציאן אין שפאניען.

(1481—1485 נאך קריסטוס געבורט).

דעם שפאנישען פאלק איז ניט בעשערט געוועהן צו געניעסען רוהיג די שמחה וואס אללע קליינע מלוכות האבען זיך פעראייניגט, אונ פון קאסטיליען,

אראגאניען אונ קאטאלאניען איז געווארען א גרויס לאנד. די מאראנען זענען ביי זיי געוועהן ווי אדארן אין אויג אונ זיי האבען זיך פארדרעהט די קאפ נאר מיט דער שאלה, ווי אזוי גיכער פון זיי איין סוף צו מאכען אונ פון קיין גראסערע טובות פאר דער מדינה האט מען גאר ניט געוואלט טראכטען. דאס פאלק האט איינענטליך נאר בלינד נאכגעטאנצט אלטערע מענשען וואס האבען געהאט געווג סבות באז צו זיין אויף די מאראנען אונ זוכען אללע מיטעל זיי צו פטר'ן; די גייסטליכע האבען עס געטהון א ביסעל לשם שמים, ווייל זיי האבען די מאראנען גערעכענט פאר פערבארגענע יודען, אונ די איבריגע האבען פשוט געמיינט נאר קנאה: עס האט זיי פערדראסען וואס די מאראנען פארנעהמען די בעסטע שטעללען. כל זמן דער שוואכער קאניג הייגריך דער פיערטע האט געלעבט האבען די שונאים ניט געקאנט האבען אזא שליטה, נאר אז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו דער קאניגין איזאבעלא אונ מען האט נאך פריהר געהארט אז זי איז זעהר פרום, אונ אים נאהמען פון דער רעליגיאן וועט מען ביי איהר אלדינג אויספיהרען, זענען זיי ביי זיך געווארען שטארקער. דאס גרויסקייט פון די מאראנען האט נאך מעהר אויפגעריסען די אויגען פון זייערע געגנער, ווען דער קאניג מיט דער קאניגין זענען געקומען קיין סעווילא אונ די גראסטע לייט וואס האבען זיי בעגריסט אונ ארומגערינגעלט די גאנצע צייט, אפילו עפיסקאפען, זענען געוועהן לויטער מאראנען. די שונאים האבען זיך ניט געקאנט פערוואונדערן ווי לייכט יודען זענען אים שטאנד איבערצוטראגען צרות: ערשט ניט לאנג האט מען הונדערטער מאראנען אויסגעקוילעט אונ אבגעבראכעוועט אין טולעדא, קורדובה אונ נאך פיעל שטאדט אונ צום סוף לעבען זיי נאך אונ שטעהען נאר אויף אזא הויכער מדרגה, אז מען האט געקאנט שווערען אז כמעט דער גאנצער קאניגליכער הויף בעשטעהט נאר פון יודען. אוודאי האבען זיך די שונאים, וואס האבען זיך געפיהלט מיט איינענע מעלות דורכשלאגען פאר זיך אוועג אונ האבען געוואלט צו ליעב זייער אלטען יחוס בעקומען איין אבגעשאהלט איי אין מויל אריין, שטארק דערשראקען פאר'ן יודישען כח, אונ עס איז ביי זיי געבליבען אז זיי מוזען די מאראנען עוקר מן השורש זיין. א גייסטליכער פון סעווילא, אלפאנסא דע אויעדא האט זיך גענומען אויפקלאהרען די קאניגין וואס פאר א חטא עס איז וואס מען לאזט אזוי וואקסען די מאראנען, וועלכע זענען נאך געפעהרליכער פון די אפענטליכע יודען, ווייל זיי טהוען אן דעם קריסטענטהום חרפות בושות אונ בענוצען זיך נאר מיט דער מאסקע פונ'ם נייעם גלויבען, כדי זיי

זאלען זיך קאנען נוקם זיין אין קריסטען אונ נעהמען זיך אי כבוד אי געלד. איזאבעלא האט געהאט אזא וואהלען רבי'ן ווי טהאמאש דע טארקוועמאדא, פון קינדהייט אן האט ער איהר אלץ פערשטעהען געגעבען, אז ווען גאטט וועט איהר שענקען אמאל די מאכט, זאל זי בעשיצען די קאטאלישע קירכע, אונ אז זי האט דערהארט אזא זאך האט עס איהר פארקלעמט ביים הארצען אונ זי האט נאר געדאנקט דעם אויבערשטען וואס ער האט זי שוין אויך דער הייסער שעה מזכה געוועהן מיט אזא מצוה אונ איהר געגעבען די מעגליכקייט זיך אנצונעהמען פאר זיין היילינען נאהמען. זי האט באלד אוועקגעשיקט א גרויסען פדיון דעם פאפסט סיקטוס דעם פיערטען; מיט געלד האט מען ביי איהם אלדינג געקאנט פועל'ן, אונ נאר גיך איז אים יאהר 1478 אנגעקומען א בעפעהל מען זאל איינפיהרען אין שפאניען אאינקוויזיציאן, דאס הייסט מען זאל בעשטימען בעזונדערע ריכטער וואס זאלען משפט'ן אללע, וועלכע זענען פאלש דעם קריסטענטהום. עס איז כדאי געוועהן, וואס די זאך האט אבגעקאסט אזא היבשע מטבע, ווייל דער פאפסט האט ערלויבט מען זאל ביי אללע בעשולדיגטע צונעהמען דאס פערמעגען אונ אויף דעם היתר האבען טאקי ארויסגעקוקט געוויג מיוחסים, וואס האבען זיך איינגערעדט אז זיי קומט דאס, וואס אנדערע האבען בארויף געהארעוועט.

עהדער איזאבעלא האט זיך ענטשלאסען צו עפנען דאס שרעקליכע אינקוויזיציאנ'ס-געריכט, האט זי קלאמערשט געוואלט געהן מיט גוטען אונ האט געהייסען איינעם פון איהרע גייסטליכע אנשרייבען א בעזונדער בוך פאר די מארראנען, טאמער וועלען זיי תשובה טהון אונ ווערען פרומע קריסטען. די קאניגין האט עס, ווי עס שיינט, געטהון נאר לפנים, זי האט זיך אלליין געוואלט אבנארען, ווייל זי האט גאנץ גוט פערשטאנען אז מיט א קליין ביכעל, וואס דארט ווערען נאר ווידערהאלט אלטע זאכען, איז שווער צו ווירקען אויף מענשען, וואס זענען פערטיג זיך מוסר נפש צו זיין פאר זייערע איבערצייגונגען. באלד האט זיך טאקי ארויסגעוויזען אז די מארראנען האבען ניט נאר ווענינ דרך ארץ געהאט פאר די חכמות, וואס דער גייסטליכער האט אריינגעלעגט אין דעם ביכעל, נאר איינער פון זיי האט נאך אנגעשריבען א בעזונדער ספר געגען קריסטענטהום אונ האט דערמיט אנגעמאכט אזא רעש, אז די קאניגין האט געמוזט הייסען דעם גייסטליכען פערנאנדא דע טאלאוועראַ ער זאל ארויסלאזען א תשובה. אזוי זענען אבגעלאפען צוויי יאהר אונ אז די מלוכה האט געזעהען אז מיט גוטען וועט מען גאר ניט מאכען האט מען אין סעווילא.

אים יאהר 1480, געאפענט דאס ערשטע אינקוויזיציאנס-געריכט און די גייסטליכע מיגועל מארילא און זשואן דע סאן מארטין זענען בעשטימט געווארען פאר אינקוויזיטארען.

אין סעווילא האבען אבער די מאראנען געשפיעלט איין הויפטראללע און די גאנצע מאכט איז געוועהן ביי זיי אין די האנד. קוים זענען זיי געוואהר געווארען פון דער גרויסער סכנה וואס שוועבט איבער זייערע קאפ, האבען זיי זיך ענטשלאסען ארויסצושפרינגען געגען רצון פון דער מלוכה; זיי האבען אויסגעטראכט אגאנצען פלאן, דער גרויסער גביר דיעגא דע שושן און דער געלעהרטער זשואן פערנאנדא אבולפיא האבען שטארק געארבייט אין דעם, און עס וואלט זיי אפשר געראטהען ווען דיעגא'ס טאכטער, וואס האט געהאט א געליעבטען איינעם פון די פיינדליכע עדעללייט, וואלט זיי ניט אויסגעגעבען. דא איז שוין צוגעגאסען געווארען בוימאל צום פייער: די אינקוויזיטארען האבען זיך געטשעפעט פאר דער רעליגיאן. די מלוכה האט זיך נוקם געוועהן פאר דער מרידה וואס מען האט געוואלט אנמאכען און גאר אין אקורצער צייט איז אין געפאנגניש געוועהן מעהר קיין פלאץ פאר אללע מאראנען וואס מען האט דארט פארשפארט. די אינקוויזיטארען האבען צושיקט א בעפעהל איבער גאנץ שפאניען אז קיינער זאל זיך ניט דערוואגען אריינצולאזען די דאזיגע מאראנען, וואס זענען זיך צולאפען, און אז יעדער וואס מען וועט ביי איהם געפינען איין אנטלאפענעם וועט אויך געמשפט ווערען ווי א חטא געגען דער אמונה. דערפאר האבען די אומגליקליכע מאראנען ניט געהאט קיין ארט, וואו זיך צו בעהאלטען, און די צאהל פון די געפאנגענע איז געווארען אזוי גרויס אז מען האט געמוזט פאר'ן אינקוויזיציאנס-געריכט אבנעהמען א ניי הויז אין דער פארשטאדט פון סעווילא, וואס האט געהייסען לא-טאבלאדא. אויף דעם הויז האבען די אינקוויזיטארען געלאזט אויסקריצען פסוקים פון דער ביבעל, אומיסטען כדי חוזק צו מאכען פון יודען; אויפ'ן טויער האבען זיי אנגעשריבען „אחזו לנו שועלים": חאפט אונז די פוקסען, און „השלך על ה' יהבך": ווארף אויף גאטט דיין בעשער, און האבען דערמיט געגעבען אנצוהערען די יודען אז זייער חכמה וועט זיי גאר ניט העלפען און אז זייער האפנונג איז אין גאנצען פערלאהרען.

צום ערשטען מאל האט מען אין סעווילא פארברענט זעכס מאראנען, וואס האבען זיך קלאמערשט מודה געוועהן אויף זייערע זינד און דערנאך האט מען שוין כמעט יעדען טאג אויף אבעזונדער פלאץ געברענט און געבראטען די

די יודישע קרבנות, מען פלעגט דערביי מאכען א גאנצע צערעמאניע מיט פאהנען אונ צלמים, מיט תפלות פון גייסטליכע, אונ דריי הונדערט יאהר כסדר האט דער רויך ניט אויפגעהערט צו געהן פון דעם שאנדליכען מזבח......

פאר די אינקוויזיטארען איז אבער נאך וועניג געוועהן וואס טויזענדער אומשולדיגע נפשות האבען זיך געמוטשעט אין תפיסה אונ זיך אנגעליטען די שרעקליכסטע ווערטהיגען ביז מען האט ביי זיי צוגענומען דאס לעבען; זיי האבען געוואלט אז די צאהל פון אזעלכע אומגליקליכע זאל ווערען נאך צעהן מאל אזוי פיעל. דאריבער זענען זיי געפאלען אויף אזא שכל: זיי האבען ארויס־געלאזט א בעפעהל אז זיי ווילען געהן מיט חסד אונ ווער פון די מארראנען עס וועט אליין קומען צום אינקוויזיציאנס־געריכט אונ וועט זיך מודה זיין אז ער איז ביז אהער פערפיהרט געוועהן, וועט מען איהם נאר העלפען ער זאל קאנען תשובה טהון אונ קיין שום עונש וועט איהם ניט קומען, ווייל די מלוכה וויל נאר רודפ'ן די דאזיגע עקשנים, וואס בעהאלטען זיך אונ ווארטען ביז מען גיט אויף זיי א מסירה. זעהר פיעל מארראנען האבען זיך געלאזט ארייננארען אויף אזא אופן, זיי זענען אליין געקומען צו די אינקוויזיטארען אונ האבען געמיינט אז אט באלד בעקומען זיי שוין א כפרת עון, נאר דא האט זיך ערשט אנגעהויבען פאר זיי א צרה: יעדען פון זיי האט מען אויסגעפרעגט ווער זיינע חברים זענען געוועהן, ווער עס האט איהם צוגערעדט אבצוטרעטען פונ'ם קריסטענטהום; שווייגען האט מען ניט געטארט, ווייל מען האט אנגעטהון ענוים קשים, מען האט געמוזט אנרופען נעהמען אונ די אינקוויזיציאן האט בעקומען נאר א פריש צעטעל פון נייע קרבנות.

ביי אזא משפט צדק האבען די זייטען פון די שפאניער געמוזט שטארק פערדארבען ווערען: די אינקוויזיטארען האבען זיי געהייסען נאכקוקען טאמיר וועלען זיי דערטאפען עמיצען פון די פאלשע קריסטען, אונ דערמיט האבען זיי כמעט אללע געמאכט פאר מוסרים. מען האט גאר אנגעהויבען קענען יודישע דינים אונ מנהגים, אונ קוים האט מען בעמערקט אז עמיצער האט זיך שבת אנגעטהון בעסערע קליידער, אדער געטרונקען א גלאזעל וויין, וואס מען האט עס געקאנט רעכנען פאר קדוש, איז שוין יענער מיט'ן לעבען ניט זיכער געוועהן. א טהייל האבען זיך געלאזט איינרעדען אז זיי טהוען מיט די מסירות א גרויסע מצוה, נאר גראסטענטהיילס פלעגט די אינקוויזיציאן זיך בעדיענען מיט אזעלכע, וואס האבען זיך נאר געוואלט נוקם זיין אין די געטויפטע יודען אונ בעקומען א חלק פון דעם פערמעגען, וואס מען האט ביי זיי געוועהנליך אבגעראבעוועט.

אזוי איז גענוג געוועהן איין ווארט, איין ווינק פון א קריסט אז מען זאל האפּען איינעם פון די בעסטע און נוצליכסטע איינוואהנער און מען זאל איהם צוברעכען אויף שטיקער. עס איז קיין וואונדער ניט וואס ביז צום יאהר האט מען אין סעווילא געהאלטען אין תפיסה מעהר פון פינפצעהן טויזענד מענשען אחוץ די עטליכע הונדערט וואס מען האט פארברענט. דאס אכזריות פון די אינקוויזיטארען איז געוועהן אזוי גרויס אז ווען זיי זענען געוואהר געווארען פון א מאראַן שוין נאך זיין טויט, אז ער האט שוין פאר זיי ניט געהאט וואס מורא צו האבען, פלעגען זיי הייסען די ביינער ארויסוואַרפען פון'ם קבר און ביי די קינדער צונעהמען די ירושה, האטש זיי האבען געמאנט זיין פרומע קריסטען שוין פון דריטען אדער דעם פערטע[illegible]ר.

אז מען האט זיך אזוי אבגערעכנ[illegible] מיט די מאראַנען, האט מען זיך גענומען אויך צו די יודען, און די גייסטליכע, וואס האבען געוואלט גלאט אזוי פאר דער וועלט פארענפערן זייער גרויס אכזריות, האבען אנגעהויבען שרייען, אז שולדיג זענען דער עיקר נאר די יודען, אז זיי פיהרען ארויף אויף שלעכטע וועגען ניט נאר אזעלכע וואס קומען ארויס פון זייערע ברידער, נאר אפילו געבארענע קריסטען, און אז ווען ניט זיי וואלט מען ניט בעדארפט אומברענגען אזוי פיעל מענשען. מיט דעם דרך איז געגאנגען דער גייסטליכער אלפאנסא דע אראפעזא, וואס איז דווקא געוועהן א גוטהארציגער און האט געשריגען געוואלד אויף די אומרעכט פון די אינקוויזיציאן. אפילו אזא קלוגער און ארענטליכער מענש האט זיך געלאזט איינרעדען אז די גאנצע מכה ליעגט נאר אין די יודען און ער האט אנגעהויבען ארבייטען מען זאל די מאראַנען להלוטין אבטהיילען פון די יודען. פועל'ן אזא זאך איז מן הסתם ניט שווער געוועהן; גאר גיך איז ארויס א בעפעהל אז די יודען זאלען זיך ארויסציהען פון גאנץ אנדאלוזיען, און בעזאנדערס פון סעווילא און קורדובה, וואו עס האבען זיך געפונען זעהר פיעל מאראַנען, און כמעט ביז צעהן טויזענד יודען, וואס האבען אין יענער געגענד געוואהנט נאך א סך פריהר עהדער די קריסטען האבען זיך דארט בעזעצט, האבען געמוזט אוועקוואַרפען איבער פיער טויזענד אייגענע הייזער און זיך לאזען זוכען נייע ערטער. דאס איז נאך אבער ווייניג געוועהן: אפילו דארט, וואו זיי האבען געמאגט זיצען, האט מען זיי ארומגערינגעלט מיט אזא שנאה אז דאס לעבען איז זיי ניט ניהא געוועהן און די מלוכה האט אללע מאל אויסגעטראכען אנדערע גזרות פון א מאל וועגען דער יודישער הלבשה און דעם שאנדליכען צייכען. ווי ווייט די יודען זענען דעמאלט אראבגעפאלען

בײ זיך — קאן מען ארויסזעהן דערפון וואס אפילו דער לאנד־רב, דון אברהם שניאור, וואס איז געוועהן דער גראסטער חשוב בײ דער קאניגין, האט זיך ניט ערלויבט צו זאגען אין הויף עפּיס א גוט ווארט אויף די יודען און אויסבעטען פאר זײ א ישועה.

די רציחות פון די אינקוויזיטארען זענען דערווייל אזוי גרוים און שרעקליך געווארען אז די מאררא‍נען האבען שוין ניט געקאנט אויסהאלטען און האבען אװעקגעשיקט שלוחים צום פאפּסט סיקסטוס דעם פיערטען. אז דער פאפּסט איז געוואהר געווארען פון אלדינג וואס עס געהט פאר אין שפאניען, האט עס איהם אבּרען געטהון, און אזוי ווי די מאררא‍נען האבען שׂכל געהאט און האבען איהם צוגעשיקט א וואהלע מתנה, האט ער זיך באלד אנגענומען פאר זײ און האט געשריבען צו איזאבעלא מיט דון פערנאנד אז ניט דאס האט ער געמיינט ווען ער האט ערלויבט צו מאכען איין אינקוויזיציאנס־געריכט און אז די ריינע אמונה דערלאזט ניט מען זאל פערגיסען בלוט פון אומשולדיגע מענשען. דאס איז גראד געוועהן אין דער צייט ווען די שפּאנישע מלוכה האט געמוזט איינפיהרען די אינקוויזיציאן אין גאנצען לאנד און האט אויסגעקליבען פאר'ן עלטסטען פון אלע אינקוויזיטארען דעם בעריהמטען אכזר טהאמאש דע טארקוועמאדא. אוודאי האט איהר ניט געשמעקט וואס די מאררא‍נען האבען זיך אבגעזוכט א וועג קיין רום, און עס איז בײ איהר געבליבען זי זאל אויך טהון דאס אייגענע: פאר געלד האט זי אלדינג איבערגעדרעהט און דער אייגענער פאפּסט וואס עס האט איהם פריהר קלאמערשט פארקלעמט בײם הארצען, ווען ער האט דערהערט וואס פאר ארציחות די אינקוויזיטארען טהוען, האט געגעבען זיין ברכה נאך אזעלכע פרומע לייט. די אינקוויזיציאן האט זיך פארשפּרייט איבער דעם גאנצען לאנד, און כדי קיינער פון די אומגליקליכע מאררא‍נען זאל זיך ניט קאנען קלאגען פאר'ן פאפּסט האט ער געמאכט אז אין שפּאניען זאל מען טאקי זעצען אנדערע ריכטער, וואס צו זײ זאלען זיך ווענדען אלע וועלכע זענען ניט צופרידען פון די אינקוויזיטארען: באזע וואלף האט ער געמאכט פאר שופטים איבער די צוריסענע טיגער און בײ זײ האט ער געהייסען די ארעמע שאפּעלעך זוכען יושר און רחמנות.....

אויב עמיצען פון די מאררא‍נען און די שפּאנישע יודען האט זיך פריהר אויסגעוויזען אז ערגער קאן שוין גאר ניט זיין, האט זײ טארקוועמאדא געוויזען אז זײ האבען א גרויסען טעות געהאט: דאס וואס ער האט זײ געטהון לאזט זיך גאר ניט בעשרייבען, זיין הארץ איז געוועהן פון שטיין, קיין שום צערטליך

געפיהל האט זיך אהין ניט געקאנט איינגעבּ'נען, באדען זיך אין פרעמד בלוט, זעהן פאר זיך הרוגים — איז געוועהן זיין בעסטער תענוג. ער האט צו זיך צו־געשלעפּט נאך אזויגע גוטע מענשלעך ווי ער אליין, בעזאנדערס די צוויי גייסטליכע פעדרא ארבועס דע עפילא און גאספּארד יוגלאר, וואס ער האט זיי געמאכט פאר אינקוויזיטארען אין סאראגאסא, און אזעלכע חברה־לייט, וואס ער האט אונטער זייער מאכט געשטעלט די אינקוויזיציאנס־געריכט אין קורדובה, זשאען, וויאלאדע און טולעדא. אומעדום האט ער גע־הייסען אויסרופען אז אלע וואס פיהלען זיך שולדיג, האבען א גאנצען חודש צייט זיי זאלען אליין קומען זיך מודה זיין און אנגעבען די דאזיגע מענשען, וואס האבען זיי פערפיהרט. עס האבען זיך אבער געפונען זעהר וועניג בעלנים, וואס זאלען וועלען האנדלען ביי דער אינקוויזיציאן מציאות: מען האט גוט געוואוסט אז קיין לעבעדיגער געהט מען שוין פון איהרע הענד ניט ארויס.

די צאהל פון די קרבנות, וואס זענען אין יענער צייט געפאלען איז שווער צו בעשטימען. דעמאלט איז אויך אומגעקומען איינער פון די גרעסטע גייסטליכע אין קורדובה, פעדרא פערנאנדעץ דע אלקאנדעטע, א געבארענער קריסט. אויף איהם איז געפאלען דער חשד אז ער איז א גוטער ברודער מיט די מאראנען, און בסתר האט ער זיך א יודישען נאמען געגעבען, אז אום פסח עסט ער מצה און היט אב פיעל יודישע מנהגים, און דער חשד אליין איז גענוג גע־וועהן מען זאל איהם גאר ניט פרעגען און לעבעדיגערהייד פארברענען.

אין טולעדא האבען געוואהנט זעהר פיעל מאראנען און זיי האבען זיך ענטשלאסען אנצומאכען א מרידה און זיך ארויסשטעלען געגען דער אינקוויזיציאן. עס האבען זיך געפונען צווישען זיי אסך, וואס האבען איינגעשטעלט דאס לעבען. זייער פארשטעהער איז געוועהן איינער געלעהרטער און מוטהיגער מענש מיט דעם נאמען דע לא־טארע. מען האט זיי אבער געמסר'ט און די מלוכה האט צו־שלאגען אין גאנצען זייער פלאן. עטליכע האט מען אויפגעהאנגען, א ביסעל זענען זיך [illegible] און די איבריגע זענען אריינגעפאלען אין די הענד פון די אינקוויזיטארען, וואס האבען דערנאך אויפגעטהון נאך א בעסערן פלאן און האבען בעפ[illegible]ען די רבנים זיי זאלען אלע יודען בעשווערען אז זיי מוזען מגלה זיין פון יעדען מאראן וואס זיי קענען. דאס איז געוועהן א שארפע המצאה פון טארקוועמאדא'ס לייט: זיי זענען ניט מסופק געוועהן אז פון די יודען וועלען זיי גאר וועניג געוואהר ווערען, נאר זיי האבען זיך פשוט געוואלט עס זאל צוקומען נאך עפּיס א סבה פאר וואס זיך צו זיי טשעפּען. די ערשטע

זעכס מאראנען וואס מען האט פארברענט אין טולעדא זענען געוועהן ניט קיין היימישע: סאנטשא דע ציאודאד אונ זיין פרוי מאריע דיאץ, זיין זוהן מיט דער שנור אונ גאנצאלעץ דע טעבא מיט זיין פרוי האט מען פערמשפט אין ווילא-רעאל צום טויט, נאר עס איז זיי געראטהען פון דארט אנטלויפען קיין וואלענסיא אונ זיי האבען זיך אויפגעזעצט אויף א שיף; אז דאס אומגליק פערפאלגט אבער, העלפט ניט קיין אנטלויפען, עס איז אויפ'ן ים געווארען א גרויסער שטורם-ווינד, דאס צובראכענע שיף האט זיך ווייטער צוגעשלאגען צו א שפאנישען ברעג, מען האט זיי באלד דערקענט אונ דער טויט וואס זיי האבען זיך געוואלט פון איהם אויסבעהאלטען, האט זיי געטראפען אין טולעדא אונ זיי זענען דארט געוועהן די ערשטע קרבנות אויפ'ן מזבח פון אינקוויזיציאן.

פון דעסטוועגען איז ניט אזוי גרינג אנגעקומען איינצופיהרען די אינקוויזיציאן אין גאנצען לאנד. אין טערועל אונ וואלענסיא האט דאס פאלק אפען ארויסגעוויזען זיין אונצופרידענהייט פון די נייע משפטים אונ בעזאנדערס האט מען עס ניט געוואלט ליידען אין אראגאניען וואו פיעל מאראנען האבען געשפיעלט א גרויסע ראללע אונ האבען גערעכענט אז מיט תקיפות וועלען זיי עפיס אויספיהרען. די מאראנען האבען געמאכט יד אחת מיט אנדערע גרויסע לייט אונ באלד איז געווארען א גאנצע חברה, וואס צווישען זייערע פארשטעהער איז אויך געוועהן דער זוהן פון יהושע לארקי, פראנציסקא דע סאנטא פע, אונ וואס האט זיך ענטשלאסען צו טיידטען דעם אינקוויזיטאר פעדרא ארבועס דע עפילא, וועלכער האט שוין דארט אנגעארבייט גאנצע צרות. דערפון איז ערשט ארויס דאס רעכטע אומגליק: די חברה וואס האט געוואלט פטר'ן דעם אינקוויזיטאר, האט געדונגען רוצחים, וועלכע האבען איהם דערהרג'ט גאנץ פריה אין קירכע, אונ קוים איז דאס פאלק דערפון געוואהר געווארען, האט מען באלד אנגעהויבען שרייען אז דער אינקוויזיטאר איז א „היילינגער" אונ אז מען מוז זיך נוקם זיין פאר זיין אומצייטיגען טויט. עס וואלט געוועהן געקומען צו גרויס שפיכות דמים, ווען דער ארכיעפיסקאפ אלפאנסא דע אראגאן שטילט ניט דעם עולם אונ זאגט זיי ניט צו אז די מלוכה וועט זיך אליין גוט אברעכענען מיט די שולדיגע. די מלוכה האט טאקי געהאלטען ווארט אונ דער טויט פון דעם אינקוויזיטאר האט די אנוואהנער פון סרגסה אבגעקאסט גענוג בלוט: עס האט געהייסען אז איינער פון די מורדים, ווידאל דע אוראנסא האט זיך מודה געוועהן אונ האט קלאמערשט אויס=געזאגט די נאהמען פון אללע, וואס האבען זיך מיט איהם צוזאמען ארויס-

געשטעלט געגען דער אינקוויזיציאן. אויף דער סמיכה האט מען שוין געמאכט א גאנץ צעטעל אונ ווען מען האט נאר געוואלט טרעפען האט מען אהין אריינגעשטעלט. מעהר פון דריי הונדערט מאררא נען זענען פערמשפט געווארען אונ דרייסיג מאנגער אונ פרויען פון די שאנסטע משפחות, אונ צווישען זיי אויך פראנציסקא דע סאנטא פע, וואס עס איז איהם בעשערט געוועהן אבצוקומען מיט א מיתה משונה פאר זיינע אלטע זינד, האט מען פארברענט. די אינקוויזיציאן האט די מורדים ניט געלאזט צו רוה אפילו נאכ'ן טויט, אונ אז איינעם פון זיי, גאספאר דע סאנטא קרוץ איז געראטהען צו אנטלויפען קיין טולוז אונ דארט שטארבען, האבען די אינקוויזיטארען גוזר געוועהן אויף זיין זוהן ער זאל אוועקפאהרען קיין טולוז אונ דארט בעטען די גייסטליכע מען זאל דעם פאטער ארויסגראבען פונ'ם קבר אונ זיין קארפער פארברענען, אונ דער זוהן איז געצוואונגען געוועהן צו טהון אזא שאנדליכע זאך געגען א איינענעם פאטער, ווייל ווען ניט וואלט ער אליין מיט'ן לעבען ניט זיכער געוועהן.

אזוי האט זיך נאר אין א קורצער צייט צוברענט דאס פייער פון דער אינקוויזיציאן אין גאנץ שפאניען אונ איינער פון די יודישע שרייבערס, וואס האבען דארט דעמאלט געלעבט, ר' יצחק אראמא מאלט אב די לאגע פון די יודען אין שרעקליכע פארבען. עס האבען זיך אפילו געפרובט נאך צוויי שטאדט, לערידא אונ ברצלונה ארויסשפרינגען געגען דער אינקוויזיציאן, נאר עס האט ניט געהאלפען: טארקוועמאדא האט מיט אייזערנע ריגלען צוגעמאכט שפאניען, עס זאל זיך ניט אריינהאפען צו קיינעם קיין מינדעסט געפיהל פון בארמהערציגקייט, די אונצופרידענע האט מען מיט געוואלד פערשטאפט דאס מויל, אונ אין די דרייצעהן יאהר, וואס ער האט געהאט די מאכט זענען אומגעקומען, אויסער יודען, מעהר פון זיבצעהן טויזענד מאררא נען אונ איבער צוויי טויזענד פון זיי האבען איין העליש פייער אויסגעהויכט די נשמה.

## 5 דאס פערטרייבען די יודען פון שפאניען אונ פורטוגאל.

(1485—1481 נאך קריסטוס געבורט).

חאטש די שפאנישע יודען האבען געהאט זייער עהרליך אויסקומעניש צו ליעב די מאררא נען – פון אנדאלוזען האט מען זיי משלח געוועהן אונ אין די איבריגע געגענדע זענען זיי אויך געשטאנען אויף א וואג שאל – פון דעסטוועגען

האט זיי קיין שום שטראף ניט געקאנט אבבריימען פון זייערע בעהאלטענע בריידער אונ מיט מסירת נפש פלעגען זיי העלפען די מאראנען זיי זאלען אבהיטען יודישקייט, צושטעלען כשר פלייש, מצות אויף פסח, אנווייזען ווען יעדער יום טוב געפאלט, לערנען מיט די קינדער תורה. אז די גייסטליכע האבען זיך איבערצייגט אז מיט די יודען וועלען זיי גאר ניט מאכען, אז די ענוים קשים פון דער אינקוויזיציאן קאן ניט צושטערען די ליעבע וואס פערבינדט זיי מיט די מאראנען, האבען זיי זיך גענומען ארבייטען מען זאל גאר די יודען להלוטין ארויסטרייבען פון שפאניען. עס איז זיי אבער ניט אזוי גרינג אנגעקומען, ווייל אין קאניגליכען הויז זיינען גרויסע חשובים געוועהן אפאר גרויסע לייט, ווי ר' אברהם שניאור, אונ גראד פונקט אין דער צייט ווען ביי טארקוועמאדא'ן אין קאפ איז געבארען געווארען דער פלאן אבצוזריינגען דאס לאנד פון אגאנץ פאלק האט די מלוכה געגעבען איינע פון די גרעסטע שטעלען א יודען, דון יצחק אברבנאל, וואס האט אלאנגע צייט בעזעסען זיינע ברידער, ווייל פאר איהם האבען שונאים אויך דרך ארץ געהאט אונ ער איז אים שטאנד געוועהן ניט צו דערלאזען דאס אומגליק זאל זיך מיט אמאל אויסגיסען אויף טויזענדער אונשולדיגע מענשען.

דון יצחק אברבנאל, וואס האט זיין יחוס גערעכענט פון דוד המלך, איז געבארען געווארען אין ליסאבאן אים יאהר 1437, פונקט ווען די יודען זענען אין פארטוגאל געשטאנען גאר אויף א הויכער מדרגה, ווען זיי האבען געהאט די איינענע רעכטע וואס אללע איבריגע איינוואהנער אונ האבען זיך געפיהרט אזוי פריי אונ זעלבסשטאנדיג אז זייערע רבנים, וואס דאס גאנצע יודיש לעבען איז געשטאנען אונטער זייער מאכט, פלעגען זיך בעדיענען מיט דער העבראישען שפראכע אפילו ווען זיי האבען בעדארפט אנקומען צו דער מלוכה. אברבנאל'ס גרויסע פעהיגקייטען, זיין גוטער קאפ אונ בעזאנדערס דער שכל ווי אזוי זיך צו בעגעהן מיט מענשען, האבען איהם פון דער יוגענד אן געאפענט אוועג צו כבוד: דער קאניג אלפאנסא דער פינפטע האט פערשטאנען צו שאטצען די מעלות פון אזא מענשען אונ האט איהם געגעבען זעהר אהויכע שטעללע אין קאניגליכען הויף, וואו מען פלעגט זעהר פריינדליך אויפנעהמען לייטישע יודען, אונ בעזאנדערס ביידע זיהן פון'ם בעריהמטען גביר דון דוד אבן יחיא נגרו, איז אברבנאל נאהענט געווארען צו אללע קרובים למלכות אונ צווישען זיינע גוטע פריינד האבען זיך געפונען אזעלכע גרויסע לייט ווי דער הערצאג פערנאנדא דע בראגאנצא, מארקיז פאן מאנטעמאר אונ דער גראף

פאן פארא, וואס האבען צו ליעב איהם בעקומען אללע יודען. בעזאנדערס איז צו איהם צוגעבונדען געווארען דער גרויסער געלעהרטער יאהאן סעציבא, וואס איז נאך פריהר געוועהן אאוהב ישראל. אחוץ זיינע גרויסע מעלות, האט דון יצחק אברבנאל געהאט אעדעל הארץ און פלעגט זיך גאנצע טאג אבגעבען מיט צדקה. אז דער קאניג אלפאנסא האט איינגענומען אין אפריקא די שטאדט ארצילא און האט פון דארט געבראכט עטליכע הונדערט יודישע געפאנגענע, וועלכע מען האט געזאלט פערקויפען פאר קנעכט, האט אברבנאל ניט גערוהט און האט צונויפגענומען אזוי פיעל געלד אז ער האט זיי ניט נאר געקאנט אויסלאזען, נאר ער האט זיי געמאכט א פרנסה, זיי זאלען האבען פון וואנען צו ציהען דאס שטיקעל ברויט. איבריגענס האט אברבנאל אין זין געהאט ניט נאר די היימישע יודען, וואס זענען געוועהן פאר זיינע אויגען, ער האט גלייך ליעב געהאט זיינע ברידער פון ווייט און פון נאהענט, ער האט זיך געמיהט זיי צו טהון טובות אומעדום וואו ער האט נאר געוואוסט פון זיי. און אז דער קאניג אלפאנסא האט געשיקט שליחים צו בעגריסען פון זיין נאהמען דעם פאפסט סיקסטוס דעם פיערטען, האט ער זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט וואס דער דאקטאר יאהאן סעציבא איז אויך דעמאלט געפאהרען און האט איהם געבעטען ער זאל דארט רעדען גוטס וועגען יודען. אויסער דעם האט ער אוועקגעשריבען קיין איטאליען צו זיין פריינד ר׳ יחיאל פון פיזא מען זאל אויפנעהמען די פורטוגאזישע שליחים מיט גרויס כבוד, כדי זיי זאלען זעהען אז די יודען זענען דאנקבאר ווען מען בעהאנדעלט גוט זייערע ברידער און זייער פריינדשאפט מיט די קריסטען זאל נאך שטארקער ווערען.

אזוי האט זיך דון יצחק אברבנאל גליקליך און רוהיג געלעבט מיט זיין פרומער פרוי און מיט זיינע דריי געראטהענע זיהן: לעאן, יצחק און שמואל, ביז דער גוטער קאניג אלפאנסא איז געשטארבען. דעמאלט איז געווארען איבערקעהרעניש, ווייל דער נייער קאניג יאהאן דער צווייטע איז שוין געוועהן פונקט דער היפך פונ׳ם פאטער, און אללע זיינע מקורבים האט ער געמאכט פאר שונאים. בעזאנדערס האט ער געווארפען א אוב-חן אויף דעם הערצאג פערנאנדא דע בראגאנצא, וואס איז געוועהן פון דער קאניגליכער פאמיליע, דאס פאלק האט פון איהם געהאלטען, און דאריבער האט ער טורח געהאט ער זאל ביי איהם ניט צונעהמען די ירושה. יאהאן האט לאנג ניט געטראכט און געמאכט אויף דעם הערצאג א בלבול אז ער איז א מורד במלכות און האט איהם פערמשפט צום טויט. עס איז קיין וואונדער ניט וואס יאהאן

האט שוין געוואלט אין איין וועג פטר'ן אויך דעם הערצאג'ס גוטע פריינד, אונ אזוי ווי דון יצחק אברבנאל איז געוועהן איינער פון זיי איז אויף איהם אויך געפאלען דער גורל מען זאל איהם אריינרעכנען אין דער צאהל פון די מענשען וואס זענען פלוצלונג שעדליך געווארען דער מלוכה. אברבנאל האט זיך ניט געפיהלט שולדיג אין קיין שום זאך אונ דערפאר, אז דער קאניג האט איהם געשיקט רופען, האט ער זיך געלאזט רוהיג געהן אין הויף אריין, נאר אין וועג האט ער בעגעגענט איינעם פון די הויף-לייט, וואס האט איהם זעהר ליעב געהאט אונ האט איהם מגלה געוועהן דעם סוד אז קיין לעבעדיגער וועט ער שוין ניט צוריקקומען. ביי אזא סכנה איז אברבנאל געצוואונגען געוועהן צו אנטלויפען קיין שפאניען, טאקי אין דער איינענער רגע אונ האט זיך אפילו ניט געזעגענט מיט'ן הויזגעזינד. דער קאניג האט באלד נאכגעשיקט רייטער מען זאל איהם האפען, נאר עס איז שוין געוועהן צו שפעט. פונ'ם וועג האט אברבנאל געשיקט דעם קאניג א בריעף אונ האט איהם היילינ געשווארען אז ער איז אונשולדיג; יאהאן האט אבער ניט געוואלט גלויבען. ער האט געהייסען מען זאל צונעהמען אברבנאל'ס גרויס פערמעגען אונ מען זאל אפילו ביי זיין זוהן לעאן, וואס איז שוין דעמאלט געוועהן א בעריהמטער דאקטאר אונ האט זיך מיט'ן פאטער גאר ניט אנגעקעהרט, אויך ניט לאזען קיין פאדעם. איין חסד האט יא יאהאן געטהון, וואס ער האט ערלויבט אברבנאל'ס משפחה אז זיי זאלען אויך ארויס פאהרען פון פארטוגאל.

דער נאהמען פון דון יצחק אברבנאל האט שוין דעמאלט געקלונגען אויף דער וועלט אונ קוים האט ער זיך געוויזען אויף דער שפאנישער גרעניץ האבען איהם די יודען אריינגענומען מיט גרויס כבוד, אונ דער פארשטעהער ר' אברהם שניאור אונ דער רב ר' יצחק אבוהב האבען געזוכט אללע מיטעל איהם צו פערזארגען ער זאל קאנען זיצען על התורה ועל העבודה. דאס אומגליק וואס האט געטראפען דעם אברבנאל, האט געמאכט א שטארקע ווירקונג אויף זיינע געדאנקען: עס האט איהם באנג געטהון אויף דער פריי[ע]ר צייט וואס ער האט פערבראכט מיט זיין דיענען ביי דער פורטוגאזישער [מלו]כה אונ האט זיך אבגעריסען פון לערנען, דערפאר איז ביי איהם געבליבען ער זאל זיך מעהר אריינלאזען אין פרומקייט, פיעל חקירה ספרים פון אלטע [ח]כמים זענען ביי איהם אבגעפרעגט געווארען, פון א סך פרייע דרכים האט ער זיך אבגעזאגט אונ ער האט זיך גענומען שרייבען זיין פירוש אויף יהושע, שופטים אונ שמואל מיט דעם רצון אז ביז צום טויט זאל ער שוין ניט ארויס פונ'ם

בית המדרש. עס איז איהם אבער שווער געוועהן דאס אויסצופיהרען, אונ אז די שפאנישע מלוכה האט זיך צו איהם געווענדט מיט דער בקשה ער זאל אננעהמען עפּיס א דיענסט בּיי דער קרוין אונ ער האט פערשטאנען אז דערמיט וועט ער זיינע ברידער א גרויסע טובה טהון, האט ער געמוזט בעשטעהן אונ איז געווארען פינאנץ-מיניסטער. אז שפאניען האט געקאנט א יודען פערטרויען אזא הויכע שטעללע אין דער צייט ווען טארקוועמאדא האט געהאלטען אין איין רודפ'ן דאס יודישע פאלק — איז לייכט צו פערשטעהן ווי די מלוכה האט געשאצט אברבנאל'ן אונ וואס פאר א נוצען זי האט דערפון ערווארטעט פאר דער מדינה. אברבנאל איז טאקי געווארען דער גרעסטער חשוב ביים קאניג אונ ביי דער קאניגין אונ האט עהרליך פערדיענט דעם כבוד, ווייל אין די אכט יאהר, וואס ער האט אכטונג געגעבען אויף די הכנסות אונ הוצאות פונ'ם לאנד, האט שפאניען אנגעהויבען ווייטער בליהען ווי אין די אלטע גוטע צייטען. דערפאר האבען אויך די גייסטליכע געמוזט ווערען א ביסעל שטילער, האטש אין גאנצען האבען זיי ניט אויפגעהערט צו גראבען אויף די יודען.

די בלוטיגע מלחמה צווישען שפאניען אונ גרנאדה אונ בעזאנדערס דער נצחון, וואס פערדינאנד אונ איזאבעלא האבען געהאט נאך א שווערען צעהניאהריגען קריעג, האבען געבראכט דערצו אז דער צושטאנד פון די שפאנישע יודען זאל לחלוטין שלעכט ווערען. מען קאן ניט זאגען אז אין גרנאדה האבען די יודען געהאט בעזונדערע גליקען, נאר יעדענפאללס האבען זיי געלעבט צופריעדען מיט די מחמדנער אונ די עדלערע פון זיי, בעזאנדערס יודישע דאקטוירים, האט מען אפגעגעבען גרויס כבוד. ביים קאניג איז געוועהן א לייבדאקטאר ר' יצחק המון אונ דאס פאלק האט איהם אזוי שטארק ליעב געהאט אז ביים גרעסטען געטימעל, ווען מען פלעגט נאר דערמאנען זיין נאהמען, פלעגט ווערען שטיל. אמאל האט זיך געמאכט וואס עס איז ארויס צווישען די מחמדנער עפּיס א גרויס געשלאג, אונ ווי פיעל לייטישע מענשען האבען זיך בעמיהט צו מאכען א שלום האט מען ניט געקאנט; עס האט אפילו ניט געהאלפען וואס מען האט די חברה בעשווארען אים נאהמען פונ'ם נביא מחמד. איינער איז אבער געפאלען אויפ'ן שכל אונ האט א געשריי געטהון אז דער דאקטאר המון געהט אונ, דאס איינע ווארט איז גענוג געוועהן איינצונעהמען די ווילדע אונ צורייצטע ברואים אונ מען איז זיך באלד צוגאנגען. דאס האט אבער פערדראסען די פרומע מחמדנער, וואס האבען ניט געקאנט צוזעהן מען זאל פאר א יודען מעהר דרך ארץ האבען ווי פאר'ן נביא, אונ מען האט צו ליעב

דעם שיר ניט געמאכט קיין שחיטה פאר אללע יודען פון גרנאדה, און דעמאלט זענען אומגעקומען פיעל פון די מארראנען וואס זענען אהין אנטלאפען פון שפאניען און זענען פון איין אומגליק ארויס און אין דעם אנדערן אריין. פון יענער צייט אן האבען די יודישע דאקטוירים אויפגעהערט טראגען רייכע זיידענע קליידער און רייטען אויף טהייערע פערד, כדי זיי זאלען ניט אויפרייסען ביי די שונאים די אויגען.

אז דער לעצטער קאניג פון גרנאדה, מולי-אבו-עבדלה, האט זיך אונטערגעגעבען און פערדינאנד מיט איזאבעלא זענען אהין מיט גרויס פאראד אריינגעפאהרען, האבען די שפאנישע גייסטליכע דערלעבט אזא גדולה וואס זיי האבען זיך גאר אזוי פיעל ניט גערעכנט, און עס איז ביי זיי געבליבען מען זאל זיך ווייטער נעהמען צו די יודען. דער קאניג האט געשיקט בעטען דעם פאפסט, אינאקענטי דעם זיבעטען ער זאל מאכען איין התחלה און ארויסטרייבען די יודען פון איטאליען, כדי שפאניען זאל איהם קאנען נאכטהון. א גרויסע אימה איז געפאלען אויף די יודען פון פערשיעדענע אייראפאישע לאנדער ווען מען איז דערפון געוואהר געווארען, נאר באלד איז פון רום אנגעקומען א פרעהליכע בשורה, וואס איינער פון די ראמישע יודען ר' משולם האט איבערגעגעבען אללע יודישע קהלות, אז דער פאפסט האט זיך אבגעזאגט פון אזא שרעקליכער עולה.

נאר דאס וואס דער פאפסט אינאקענטי — וועלכער איז דווקא בטבע ניט געוועהן אזא גוטער און די יודען האט ער וועניג וואס ליעב געהאט — האט בערעכענט פאר איין עבירה, איז ביי פערדינאנד און איזאבעלא געוועהן די גראסטע מצוה, און דעם 21 מערץ 1492 איז ארויס א בעפעהל אז ביז פיער חדשים זאל זיך אין גאנצען גבול פון שפאניען ניט געפינען איין יוד, און ביים ארויספאהרען זאל קיינער ניט טארען מיט נעהמען גאלד און זילבער און אויך ניט קיין מטבעות. אין דעם בעפעהל האט די מלוכה אפילו ניט ארויפגעלעגט אויף די יודען קיין שום בלבולים וועגען פראצענט רייסען און אנדערע בעשולדיגונגען, זי האט פשוט געשריבען, אז כל זמן די יודען וועלען זיך געפינען אין לאנד וועלען זיי די מארראנען אבררייסען פון דער קאטאלישער קירכע, און דאריבער איז קיין אנדער מיטעל ניטא, נאר זיי אין גאנצען ארויסטרייבען. די זאך איז פריהר צוגעגאנגען בסוד, און אז דון יצחק אברבנאל איז דערפון געוואהר געווארען האט ער בענוצט זיין גאנץ השיבות, און פיעל פון די גראסטע לייט האבען איהם צוגעהאלפען, און מען האט אנגעהויבען ארבייטען מען זאל מבטל זיין די גזרה.

פערדינאנד האט זיך געלאזט רעדען, אונ אז די יודען האבען זיך ענטשלאסען איהם אריינטראגען דרייהונדערט טויזענד רענדליך, האט טארקוועמאדא געמאכט א געוואלד, אז דער קעניג וויל פאר געלד פארקויפען זיין אמונה. עס האט אפילו ניט געהאלפען דאס וואס ר' אברהם שניאור האט געבעטען די קעניגין, אונ ענדע אפריל זענען ארויסגעשיקט געווארען שליחים איבער גאנץ קאסטיליען, אראגאניען, סיציליען אונ סארדיניען אונ מען האט אומעדום אויסגערופען, אז ביז צום סוף פונ'ם חודש יולי מוזען די יודען ארויס פונ'ם לאנד, אונ ווער פון די איינוואהנער עס וועט ביי זיך שפעטער פון דער צייט בעהאלטען א יודען, וועט שטרענג בעשטראפט ווערען אונ מען וועט אויך ביי איהם צונעהמען זיין גאנץ פערמעגען.

שרעקליך איז געוועהן די לאגע פון די שפאנישע יודען: דאס נע ונד זיין איז אפילו ביי יודען קיין נייעס ניט געוועהן, זיי האבען גוט געדענקט ווי מען האט זיי ארויסגעפטרט אין דרייצעהנטען אונ פירצעהנטען יאהרהונדערט פון ענגלאנד אונ פראנקרייך, נאר אין ערגיץ האט מען זיי אזוי ניט צוברואכען ווי אין שפאניען. אומעדום האט מען זיי האטש געלאזט חאפען דאס פאקעל אויף די פלייצעס, קיין בעל־הביתישקייט האבען זיי טאקי ניט געקאנט מיטפיהרען, נאר ווענינגסטענס זענען זיי אים שטאנד געוועהן אלדינג פערקויפען, מאכען עטליכע גילדען אונ מיט דער הילף פון דער מטבע האבען זיי זיך געקאנט מיט מעהר האפנונג אוועקלאזען אין דער פרעמד; דא אבער האט מען אין איין מינוט די רייכסטע יודען געמאכט פאר קבצנים, די גייסטליכע האבען אבגעהאלטען די קריסטען זיי זאלען ביי די יודען גאר ניט אבקויפען, ווייל זיי האבען געוואוסט אז זיי וועלען אלדינג אוועקגעבען אומזיסט. אונ עס איז אזוי ווייט געקומען אז פאר א שטיק לייווענד האט א יוד פערקויפט א גאנץ הויז, אויף א עזעל האט ער געביטען דאס גרעסטע שטיק ערד. טארקוועמאדא האט גערעכענט אז דא וועט ער זיך צופיהרען די האנד אונ האט געהייסען אללע גייסטליכע זיי זאלען זיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט אונ צורעדען די יודען צו דער טויפע. די רבנים האבען זיך פריהר א ביסעל דערשראקען, זיי האבען מורא געהאט טאמיר וועלען פיעל יודען קיין אנדער ברירה ניט האבען אונ וועלען זיך מוזען טויפען, דערפאר האבען זיי געמאכט אין די שולען אסיפות אונ מיט שאנע דרשות געטראסט דעם עולם אונ געגעבען האפנונג די געפאלענע. גרויס איז אבער געוועהן זייער פרייד ווען זיי האבען זיך איבערצייגט אז עס איז גאר ניט געוועהן פאר וואס זיך צו שרעקען: די יודען האבען מיט

לֶיעבּשַׁאפְּט אָנְגֶענוּמֶען אַלֶלֶע יְסוּרִים, אוּנ אַזוֹי וִוי אִין אַלֶלֶע צַייטֶען הָאט זַיי דָאס אוּמְגְלִיק נָאךְ מֶעהר צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ זַייעֶר רֶעלִיגְיָאן. דֶערְצוּ הָאבֶּען דִי יוּדֶען נִיט אֵיין מָאל גֶעזֶעהֶן וִוי דִי אִינְקְווִיזִיטָארֶען הָאבֶּען פֶערְנַארְט צוּ זִיךְ מַארְרַאנֶען, זַיי צוּגֶעזָאגְט צוּ בֶּעפְרַייעֶן פוּן עֶפִּיס אַשְׁטְרָאף אוּנ קוּים הָאבֶּען זַיי זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶעהֶן הָאט מֶען זַיי נָאר אָהן רַחֲמָנוּת פַארְבְּרֶענְט, אוּנ זַיי הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מִיט'ן בַּייטֶען פוּן דֶער אֱמוּנָה וֶועלֶען זַיי נָאךְ אֶרְגֶער מַאכֶען אוּנ וֶועלֶען נָאר גֶעבֶּען דִי שׂוֹנְאִים מֶעהר כֹּחַ זַיי צוּ רוֹדֵף'ן וִוי פַאלְשֶׁע קְרִיסְטֶען. דֶערְפַאר הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר וֶוענִיג גֶעטוֹיפְט אוּנ פוּן דִי גְרוֹיסֶע לַייט אִיז נָאר אֵיין ר' אַבְרָהָם שְׂנֵיאוֹר גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהֶן אָבְּצוּטְרֶעטֶען פוּן יוּדִישְׁקַייט, וַוייל דִי קֶאנִיגִין הָאט אִיהם בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעלָאזְט אַוֶועקְפָאהרֶען אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט מֶען אִיהם מוֹדִיעַ גֶעוֶועהֶן אַז וִוי בַּאלְד עֶר וֶועט עֶס נִיט צוּ לִיעבּ טְהוּן וֶועט עֶר דֶערְמִיט נָאךְ אַגְרֶעסֶערֶע צָרָה בְּרֶענְגֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ זַיי וֶועלֶען גָאר לֶעבֶּעדִיג פוּן שְׁפַּאנְיֶען נִיט אַרוֹיס. אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמוּזְט מִיט דֶער גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה אִיבֶּערְגֶעהֶען צוּם קַאטָאלִיצִיזְמוּס אוּנ אָנְגֶענוּמֶען אַנַייעֶם נָאמֶען קָארָאנֶעל אוּנ זַיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען דֶערְנָאךְ גֶעשְׁפִּיעלְט אַגְרוֹיסֶע רָאלֶלֶע אִין לַאנְד.

אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער לֶעצְטֶער טָאג, וָואס דְרַיי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעדַארְפְט מִיט אַמָאל רִירֶען פוּן דִי אָרְטֶער, וואוּ זַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען פֶערְבְּרַאכְט הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען, אִיז גֶעוָוארֶען אַזַא יְלָלָה אִין גַאנְץ שְׁפַּאנְיֶען אַז אֲפִילוּ דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהֶן דֶעם צַעַר. מֶען הָאט אֲפִילוּ גֶעזוּכְט אַלֶלֶע מִיטֶעל אָנְצוּגְרֵייטֶען אַנַייעֶן פְּלַאץ, וואוּ מֶען זָאל זִיךְ בֶּענוּצֶען, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם אִיז דֶער רַב ר' יִצְחָק אַבּוּהַב פְּרִיהֶער אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען קַיין פָּארְטוּגַאל אוּנ הָאט אָבְּגֶעמַאכְט מִיט'ן קֶענִיג יָאהַאן, עֶר זָאל דִי יוּדֶען לָאזֶען דוּרְכְפָאהרֶען אָדֶער טַאקִי דָארְט וָואהנֶען; מֶען הָאט גֶעוואוּסְט, אַז אִין דְרוֹיסֶען וֶועלֶען אַזוֹי פִיעל מֶענְשֶׁען נִיט בְּלַייבֶּען, נָאר אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִי שָׁעָה זִיךְ צוּ לָאזֶען אִין וֶועג, אִיז יֶעדֶען זֶעהר שְׁוֶוער גֶעוֶועהֶן זִיךְ אָבְּצוּרַייסֶען פוּן דֶער הֵיים אוּנ בַּיי קֵיינֶעם אִיז נִיט גֶעוֶועהֶן אַזוֹי פִיעל טְרֶערֶען צוּ בֶּעווֵיינֶען דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען בְּרָאךְ וָואס זַיי הָאט גֶעטְרָאפֶען. דִי יוּדֶען פוּן שֶׁיגוֹבְיָה הָאבֶּען דְרַיי טָאג כְּסֵדֶר פֶערְבְּרַאכְט אוֹיפ'ן בֵּית עוֹלָם אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט דִי קְבָרִים, וָואס זֶענֶען זַיי אַזוֹי טְהַייעֶר גֶעוֶועהֶן; אַסַךְ מַצֵבוֹת הָאבֶּען זַיי מִיט גֶענוּמֶען אוּנ נָאךְ מֶעהר הָאבֶּען זַיי אַוֶועקְגֶעשֶׁענְקְט דִי מַארְרַאנֶען פַאר אַזֵכֶר. עֶס אִיז גְרָאד אוֹיסְגֶעקוּמֶען אַז פּוּנְקְט אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב הָאבֶּען דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען פֶערְלָאזְט דָאס לַאנְד אוּנ הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט

איבער אפריקא, טירקיי, איטאליען, נאוואראַ און פארטוגאל. האטש עס איז געוועהן א תענית, האבען די רבנים מתיר געמאכט אז די יודען זאלען מיט כלי זמר, פרעהליך און בעהערצט זיך לאזען אין וועג, און מיט'ן טרויעריגען נגונ'דעל, וואס דער יוד גיסט אין דעם אויס זיין הארץ פונקט גלייך ביי א שמחה ווי ביי א צרה, האבען זיי אנגעהויבען אנייעם גלות....

די שפאניער זענען געוועהן ווי בערוישט פון דער גרויסער זאך, וואס זיי האבען דא אבגעארבייטעט, זיי האט זיך אויסגעוויזען אז אצונד זיינען זיי אללע גליקליך און דאס גאנצע רייכקייט פון דער מדינה וועט אריין נאר אין זייערע קעשענעס; קוים איז אבער אוועק דאס ערשטע שכרות און מען האט זיך אנגעהויבען אויסניכטערן, איז די שמחה געווארען קלענער, און מען האט פערשטאנען אז ווען שפאניען האט פערלארען א צוואנציגסטעל פון אללע איהרע איינוואהנער האט זי זיך דערמיט קיין טובה ניט געטהון. צווישען די פערטריבענע יודען זענען געוועהן די פעהיגסטע סוחרים, די בעסטע בעלי מלאכות, פון קיין געלעהרטע און דאקטוירים האט מען שוין גאר ניט וואס צו רעדען, און אז אזעלכע נוטצליכע מענשען האבען געפעהלט האט מען עס אנגעהויבען שטארק פיהלען. בעזאנדערס איז שלעכט געווארען די קראנקע וואס האבען ניט געהאט ווער עס זאל זיי היילען, ווייל די קריסטען האבען אפילו אין זין ניט געהאט אנצוגרייטען אייגענע דאקטוירים און האבען געמוזט אנקומען צו פראסטע רופאים, וואס זענען געוועהן זעהר וואהלע שותפים צום מלאך המות. ניט אומזיסט האבען פיעל איירָאפּעאישע קעניגע געלאכט פון שפאניען, וואס האט געטהון אזוי ניט בערעכענט, און דער טירקישער סולטאן באיאזעט פלעגט אפט זאגען: „אז דער קעניג פערדינאנד איז ניט קיין גרויסער חכם, ווייל ער האט זיין אייגען לאנד ארעם געמאכט און דער טירקיי א גליק געבראכט".

אין א קורצער צייט איז אין גאנץ שפאניען קיין זכר פון יודען און יודישקייט ניט געוועהן. די מלוכה האט צוגענומען פאר זיך אללע זייערע שולען, ישיבות, שפּיטאלען, און פון דער בעריהמטער שול, וואס דון שמואל אל-לוי האט אויסגעבויעט אין טולעדא איז געווארען א קירכע. נאר די מאראנען האבען ניט פערגעסען זייערע ברידער און וואס מעהר זיי האבען זיך בעדארפט פאר־שטעלען, כדי מען זאל זיי רעכענען פאר פרומע קריסטען און עס זאל אויף זיי קיין שום חשד ניט פאלען, זענען זיי אין הארצען נאך מעהר צוגעבונדען גע־ווארען צו די יודען. זיי פלעגען זיי שיקען בריעף און ביסלעכווייז האבען זיי געמאכט געלד פון די זאכען, וואס די יודען האבען ביי זיי איבערגעלאזט און

האבען עס זיי דורך זיכערע שליחים איבער געשיקט. צווישען די מאראנען זענען געוועהן אויך אזעלכע, וואס האבען ניט געקוקט אויף קיין סכנה, און אז עס איז זיי שוין גאר שווער געוועהן ארומצוגעהן מיט א מאסקע, האבען זיי זיך מוסר נפש געוועהן און אפען אין דער קירכע פאר'ן גאנצען עולם מודה געוועהן, אז דער קאטאליציזמוס איז זיי פרעמד. עס האבען זיך אויך געפונען צווישען זיי פיעל, וואס האבען זיך נוקם געוועהן אין די יודישע שונאים און פלעגען זיי מסר'ן צו די אינקוויזיטארען און אומיסטען אויף זיי מאכען א בלבול אז זיי היטען אב בסתר יודישע מנהגים, כדי זיי זאלען פיהלען דעם טעם פון אזעלכע מסירות. דערווייל האט טארקוועמאדא מיט זיין חברה געהאט ארבייט און יעדען טאג פלעגען צוקומען פרישע קרבנות. עס איז אזוי ווייט געקומען אז קיינער האט זיך אין שפאניען ניט געפיהלט זיכער. איינער האט מורא געהאט פאר'ן אנדערן טאמיר טראכט ער אויף איהם עפּיס אויס. און עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס אפילו אויף דעצא, וועלכער איז געווארען הויפּט-אינקוויזיטאר נאך טארקוועמאדא'ס טויט און איז נאך געוועהן א ערגערער רוצח פון איהם, האט מען אויסגעטראכט אז ער איז א פערבארגענער יוד און ער האט געמוזט ענדיגען זיין לעבען אין דעם אייגענעם פייער, וואו ער האט טויזענדער אומשולדיגע פערברענט גאר אהן רחמנות.

פון די יודען, וואס שפּאניען האט ארויסגעווארפען האבען די דאזיגע, וועלכע זענען אריבער קיין נאווארא, אקליינע צייט געלעבט גאנץ רוהיג; דאס פייער פון דער אינקוויזיציאן האט אהין ניט געקאנט דערגרייכען און ווי פיעל פערדינאנד האט זיך נאך פריהר ניט געפרוווט צו פועל'ן ביי דער מלוכה פון נאווארא זי זאל ארויסגעבען די מאראנען, וואס האבען דערהרג'ט דעם "הייליגען" פעדרא ארבועס דע עפילא און זענען ענטלאפען קיין טודעלא האט מען איהם ניט געוואלט הארען. בעזאנדערס האט געשיצט די יודען דער גראף פאן לערין, נאר אז זייער צאהל האט אנגעהויבען גרויס ווערען, האט זיי דער קאניג פארגעלעגט אז זיי זאלען זיך אדער טויפען, אדער זוכען איין אנדער פלאץ. ער האט זיי גאר קיין צייט ניט געגעבען און זיי האבען ניט געהאט קיין אנדער מיטעל ווי נאר איבערגעהען צום קריסטענטהום. זעהר וועניג האבען זיך ענטשלאסען ווייטער זיך צו לאזען אין וועג. כמעט אללע זענען געווארען קריסטען און אפילו אין טודעלא, וואס האט זיך גערעכענט פאר דער פרימסטע קהלה, האבען זיך געטויפט הונדערט אכטציג פאמיליען.

גאר ניט שלעכט האבען געמאכט די יודען, וועלכע האבען ניט געוואלט

זיך פערלאָזען אויף נסים, אונ ווען פיעל האָבען געוואַרט ביז צו דער לעצטער מינוט אונ האָבען נאָך אַלץ געהאָפט אַז די ביטערע גזרה זאָל בטל ווערען האָבען זיי זיך בענוצט מיט די ערשטע שיפען, וואָס זענען צוגעקומען קיין שפאַניען, אונ זענען אַוועק קיין אַפריקא, טירקיי אונ איטאַליען. אַסך יודען פון אַראַגאָניען, קאַטאַלאָניען אונ וואַלענסיא האָבען זיך געווענדעט מיט אַבקשה צום קאָניג פון נעאַפעל, פערדינאַנד דעם ערשטען, ער זאָל זיי ערלויבען זיך צו בעזעצען אין זיין לאַנד. פערדינאַנד האָט פון איין זייט גרויס רחמנות געהאַט אויף די אומגליקליכע אונ פון דער אַנדערער זייט האָט ער טאַקי געוואָלט אַז נוטצליכע מענשען זאָלען בעלעבען די מדינה אונ דאַריבער איז ער באַלד בעשטאַנען דאַרויף, אונ אַז די יודען פון נעאַפעל האָבען פערזאָרגט מיט הוצאות זייערע פערטריבענע אָרעמע ברידער, האָבען זיך טויזענדער שפאַנישע יודען דאָרט אויסגעזוכט אַמקום מנוחה. אויך דון יצחק אַברבנאל איז אַריבער קיין נעאַפעל, דאָרט האָט ער אָנגעהויבען שרייבען זיין פירוש אויף מלכים. דער קאָניג האָט איהם זעהר מקרב געוועהן אונ האָט איהם געגעבען אַשטעללע ביי דער קרוין. צום אומגליק האָט זיך אָבער אַזוי געפיהרט אַז די יודען האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט אַשטאַרק חולאת, ווייל אויף די שיפען האָבען זיי זיך געוואַלגערט אין אומרייניגקייט צו צעהן מענשען אויף איין פלאַץ, די פערדאָרבענע לופט האָט זיי געשאַדט אונ ביז זיי האָבען זיך צו געשלאָגען צו אַיבשה איז שוין געוועהן אַגרויסע מגפה אונ די קראַנקהייט האָט זיי שוין ניט אָבגעלאָזט ווען זיי זענען אָנגעקומען אין די שטאָדט. אַז עס האָבען אָנגעהויבען זעהר פיעל פון זיי אויסצושטאַרבען, האָט דער קאָניג געגעבען אַווינק די יודישע קהלות מען זאָל די מתים בעהאַלטען ביי נאַכט, כדי דאָס פאָלק זאָל זיך ניט צופיעל איבערשרעקען, ווייל פון אַללע זייטען האָט מען שוין געהאָרט אַגעשריי. אַז די יודען האָבען אַריינגעבראַכט איין אומגליק אין לאַנד. אַז די קראַנקהייט איז אָבער יעדען טאָג ערגער געוואָרען אונ די יודען האָבען שוין דעם ביטערן סוד ניט געקאָנט בעהאַלטען, האָבען אַללע אַנוואָהנער געבעטען די מלוכה מען זאָל זיי בעפרייען פון די יודען. נאָר דער עדלער קאָניג האָט ניט געוואָלט האָרען דערפון, ער האָט געהייסען מאַכען נייע קראַנקענהייזער, אויסשרייבען דאָקטוירים פון אַנדערע אָרטער, אונ אַזוי האָט ער זיך אָוועקגעמוטשעט מיט די יודען אַקיילעכדיג יאָהר ביז עס איז געוואָרען בעסער. נוט איז אויך געוועהן די יודען וואָס האָבען זיך צוגעשלאָגען קיין פיזא, ווייל דעם גביר ר' יחיאל'ס קינדער האָבען ניט געזשאַלעוועט קיין געלד אונ

האָבען געשטיצט אַללע נויט בעדאַרפטיגע.

דערפאַר זענען אָבער אַנדערע פון די פערטריבענע אַריינגעפאַלען אין דער גרעסטער צרה, אונ בעזאָנדערס די דאָזיגע, וואָס האָבען זיך אויפגעזעצט אויף שיפען פון גענוא. די שיפס-לייט זענען געווען גרויסע רוצחים. פריהר האָבען זיי פאַר געלד אַרויפגעלאָזט אַסך מעהר מענשען ווי פיעל עס האָט געקאָנט אַרויף, אונ אַז עס איז געוואָרען צו ענג האָבען זיי פיעל יודען אַריינגעוואָרפען אין ים. אויסער דעם האָבען זיי זיך איינגערעדט, אַז די יודען וואָס האָבען ניט געטאָרט אַרויספיהרען פון שפּאַניען קיין געלד, האָבען איינגעשלונגען פיעל געלד, אונ דערפאַר האָבען זיי פיעל יודען געקוילעט אונ געזוכט די בעהאַלטענע אוצרות אין זייערע אויפגעשניטענע לייבער. אין גענוא האָבען זיך די שיפען אָבגעשטעלט אויף אַ צייט, ווייל מען האָט זיי בעדאַרפט פאַררעכטען, אונ אַזוי ווי דאָרט איז פון לאַנג אָן געווען אַ געזעץ, אַז יודען טאָרען אין דער שטאָדט ניט בלייבען לענגער פון דריי טאָג, האָט זיי די מלוכה ניט אַריינגעלאָזט קיין גענוא אונ זיי האָבען זיך געמוזט וואַלגערן בייס ברעג אין דרויסען, נאַקעט אונ הונגעריג. דאָ זענען צו זיי געקומען די גייסטליכע אונ האָבען זיי צוגערעדט זיי זאָלען אַוועקוואַרפען די אמונה, וואָס גיט זיי ניט אפילו קיין חיי שעה, אונ פיעל האָבען ניט געקאָנט בעשטעהן בייס נסיון אונ האָבען זיך געלאָזט טויפען פאַר אַ טריקען שטיקעל ברויט. זעהר ווענינ זענען דערמאָלט געבליבען יודען אונ די עטליכע וואָס האָבען איבערגעטראָגען די שרעקליכע צרות אונ האָבען זיך צוגעשלאָגען קיין רום, האָבען געהאַט יסורים פון זייערע אייגענע ברידער. די יודען פון רום האָבען מורא געהאַט עס זאָל זיי ניט שאַדען אין פרנסה ווען עס וועלען אַהין צוקומען יודען פון דער פרעמד אונ דערפאַר האָבען זיי זיך געלאָזט קאָסטען טויזענד רענדליך בייס פּאַפּסט אַלכסנדר דעם זעקסטען אונ האָבען איהם געבעטען ער זאָל די שפּאַנישע יודען ניט אַריינ-לאָזען. נאָר חאָטש דער פּאַפּסט איז קיין גרויסער צדיק ניט געווען, האָט עס איהם דאָך שטאַרק פערדראָסען וואָס יודען ווילען טהון אַ רעה אַנדערע יודען אונ ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ בעפעהל מען זאָל זיי אַללע אַרויסטרייבען. מיט גרוים מיה אונ מיט נאָך צוויי טויזענד רענדליך, וואָס זיי האָבען געזוכט צו-לעגען: האָבען זיי דערנאָך געפועל'ט מען זאָל זיי לאָזען צו רוה אונ די שפּאַנישע יודען האָבען אויך בעקומען דאָס רעכט זיך צו בעזעצען אין רום.

בעסער איז געווען די יודען, וואָס האָבען זיך אַוועקגעלאָזט צו די גריכישע אינזעלן קאָרפו אונ קאַנדיא, ווייל דאָרט האָבען זיי געפונען ברידער

מיט ווארעמע הארצער, וואס האבען זיי געשטיצט און האבען אפילו פערקויפט די זילבער פון די שולען אבי זיי זאלען בעפרייען די דאזיגע, וואס זענען פערקויפט געווארען פאר שקלאווען. בעזאנדערס האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין אפענער האנד דער פארשטעהער פון דער יודישער קהלה אין קאנדיא, ר׳ אלקנה קפסאלי, וואס איז ניט מיד געווארען אליין צו געבען און זאמלען נדבות ביי אנדערע. נאר גאר גליקליך זענען געוועהן די יודען, וואס האבען זיך בעזעצט אין טירקיי, ווייל דער סולטאן באיאזעט דער צווייטע איז געוועהן זעהר איין עדלער און א קלוגער מענש און האט פערשטאנען אז וואס מעהר עס וועלען צוקומען יודען וועט עס זיין די גראסטע טובה פאר׳ן לאנד, און אחוץ דעם האט דער לאנד-רב, ר׳ משה קפסאלי, געארבייט אז די טירקישע יודען זאלען בעהילפיג זיין זייערע שפאנישע ברידער. ער איז אומיסטען ארומגעפאהרען און געמאכט אסך געלד, כדי מען זאל קאנען די געמיינע אנידערשטעלען אויף א מעמד פרנסה, און גאר אין א קורצער צייט האבען די שפאנישע יודען געוויזען וואס זיי קאנען: די טירקיי איז געווארען בעלעבט און דער מסחר האט דארט אנגעהויבען בליהען גאר אויף איין אנדער אופן.

דער גראסטער טהייל פון די שפאנישע יודען האט זיך געלאזט קיין פארטוגאל, ווייל ביי פיעל פון זיי האט נאך געלעבט א שטיקעל האפנונג אז פריהר אדער שפעטער וועט די שפאנישע מלוכה קומען צום שכל און וועט חרטה האבען אויף דעם נארישקייט, וואס זי האט געטהון, און דאריבער האבען זיי זיך ניט געוואלט פערשלאגען ערגיץ ווייט און האבען זיך ענטשלאסען אויסצווארטען אין פארטוגאל ביז עס וועט קומען די גוטע שעה. פאר געלד האט יאהאן דער צווייטע געגעבען זיין הסכמה, אז די שפאנישע יודען מאגען זיך אויף שטאנדיג בעזעצען ביי איהם אין לאנד, נאר די פארטוגאזישע יודען אליין האבען זעהר מורא געהאט עס זאלען זיך אהין ניט אנשטופען צו פיעל יודען און דערנאך זאלען זיי אללע צוזאמען ניט האפען דעם פסק. אומזיסט האט זיך דער אלטער ר׳ יוסף אבן יחיא אנגענומען פאר די שפאנישע יודען און האט געשטראפט זיינע ברידער דערפאר וואס ביי אזא גרויס אומגליק שטעהען זיי און מאכען חשבונות, עס האט גאר ניט געהאלפען, און אז די יודען אליין האבען זיך אקעגענגעשטעלט, האט שוין די מלוכה געמוזט זיי צו ליעב טהון און מען האט ערלויבט די שפאנישע יודען נאר דורכפאהרען דורך פארטוגאל און בלייבען דארט ניט מעהר פון אכט חדשים, און פאר דער טובה האבען זיי בעדארפט פון יעדען מענשען בעצאהלען א גרויסען מס, און דער

קאניג האט זיך געמאכט אגרויסען בייטעל אונ האט געערעגענט מיט דעם געלד פיהרען א מלחמה אין אפריקא. יאהאן האט זעהר פיינד געהאט יודען, נאר ער איז געגאנגען מיט דער דעה אז געלד רייסען ביי זיי אונ בענוטצען זיך מיט זייערע גרויסע פעהיגקייטען מאג מען געווים. דערפאר האט ער ביי זיך געהאלטען עטליכע יודישע דאקטוירים אונ אז ער האט געמאכט איין אסיפה פון גרויסע געלעהרטע מען זאל עפיס טראכטען וועגען אסטראנאמישע אינ־סטרומענטען, וואס מען האט בעדארפט האבען צו די שיפען, וועלכע ער האט אוועקגעשיקט זוכען נייע לענדער, האט ער געמוזט אנקומען אויך צו יודישע חכמים, ווי זיין לייב־דאקטאר ר׳ יוסף וועציגהא, ר׳ אברהם זכותא, ר׳ אברהם דע בעיא אונ ר׳ יוסף זאפאטיירא דע לאמעגא. אין הארצען האט איהם אבער געקרענקט פאר וואס יודען געבען זיך אב מיט וויסענשאפט אונ שטעלען זיך אויף אזא מדרגה אז מען מוז פאר זיי דרך ארץ האבען, אונ ווי ווייט ער האט נאר געקאנט יודען שלעכטס טהון, נאר אזוי אז עס זאל זיך ניט וואַרפען אין אויג אונ ער זאל ניט הייסען אז ער איז א שלעכטער, איז ער דארויף געוועהן אבעלן. איינפיהרען ביי זיך אאינקוויזיציאן — האט איהם ניט געפאסט, נאר אז דער פאפסט אינאקענטי דער אכטע האט איהם גע־שריבען ער זאל ניט לאזען אז די מאראנען, וואס אנטלויפען פון שפאניען, זאלען ביי איהם געפינען אבעהאלטעניש, האט ער געהייסען מען זאל אהן רחמנות פארברענען די אומגליקליכע וואס האבען געערעגענט אויף זיין הילף. אזוי האט ער זיך נוהג געוועהן אויך מיט די מאראנען, וועלכע זענען אנטלאפען קיין אפריקא אונ האבען זיך בעזעצט אויף דער ערד, וואס האט געהערט צו איהם, אונ אויף זיין חסד זענען איבערגעקומען כמעט הונדערט טויזענד שפאנישע יודען, וואס האבען זיך ניט געקאנט אבבייסען פונ׳ם זיסען חלום אונ האבען געוואלט בלייבען נאהענט צו דער אלטער היים.

אויך זיי האט געטראפען דאס אומגליק וואס עס איז צווישען זיי גע־וואָרען א גרויסע מגפה אונ זיי האבען מיט זיך די קראנקהייט מיט געבראכט קיין פארטוגאל. אודאי האט שוין יאהאן געהאט א אויסרעד ער זאל די יודען טאקי מעהר ניט לאזען בלייבען אין לאנד ווי אכט חדשים, אונ ער האט גע־הייסען בעשטעלען שיפען מען זאל זיי ווייטער אוועקפיהרען. ער האט אפילו אנגעזאגט מען זאל ביי זיי נעהמען וואלוועל, בעהאנדלען פריינדליך אונ זיי צושטעלען אין די שטאדט, וואוהין זיי וועט בעסער זיין צו פאהרען. נאר קוים זענען זיי געוועהן אין מיטען ים, האבען די שיפס־לייט ארויסגעוויזען געגען די

יודען א שרעקליך אכזריות: זיי האבען געוואוסט אז זיי זענען גלייך ווי הפקר, וואס קיינער וועט זיך פאר זיי ניט אננעהמען, אונ דערפאר האט מען זיי פשוט געראבעוועט, ווייבער אונ מאדלעך מאנס געוועהן פאר די אויגען פון די על־טערן אונ פון די מאננער, פיעל פון זיי אראבגעווארפען אויף ווילדע אינזעלן, וואו זיי זענען אויסגעגאנגען פאר הונגער.

ווי אזוי די יודען האבען זיך אנגעליטען אויף די שיפען – קאן מען ארויס־זעהן פונ'ם בעשרייבונג, וואס איז געבליבען פונ'ם בעקאנטען מקובל ר' יהודה בן יעקב חיית, וועלכער האט זיך אים ווינטער פונ'ם יאהר 1493, אינאיינעם מיט זיין פרוי אונ מיט נאך הונדערט פינפציג יודען אויפגעזעצט אויף א שיף אין ליסאבאן. פיער חדשים האבען זיי זיך ארומגעדרעהט אויפ'ן ים, ווייל מען האט זיי, וועגען זייערע קראנקהייטען, אין ערגיץ ניט געוואלט אריינלאזען; די לעבענסמיטעל האבען זיך אויסגעלאזט אונ דערווייל זענען אויף זיי אנגעפאלען רוצחים, וואס פאהרען ארום אויפ'ן ים אונ ראבעווען שיפען, אונ האבען זייער שיף פארשלעפט קיין מלגה. דארט האט מען זיי ניט געלאזט אראבגעהן צום ברעג אונ פערקויפען זיי עפענע ארג האט מען זיי ניט געוואלט, ווייל די גייסטליכע האבען פערשטאנען אז מיט'ן הונגער וועלען זיי ניכער בייגען די עקשנים. אזוי איז טאקי געוועהן: הונדערט יודען האבען זיך געמוזט טויפען, אונ אז די איבריגע, ווייבער אונ קליינע קינדער האבען אנגעהויבען אויסצושטארבען אויפ'ן שיף, האבען די איינוואהנער פון מלגה פארט רחמנות געקריגען, מען האט זיי פערזארגט מיט לעבענסמיטעל אונ ווייטער געלאזט שווימען קיין אפריקא. מען האט שוין אבער אומעדום געוואוסט אז די יודען פאלען פון א שרעקליך חולאת אונ דערפאר האט מען זיי אויך אין אפריקא אין קיין שטאדט ניט געוואלט אריינלאזען, אונ אז זיי האבען זיך מיט צרות קוים צוגעשלאגען צו דער יבשה האבען זיי זיך געמוזט ארומבלאנקען אין די פוסטע פעלדער אונ האבען ניט געהאט וואו אקאפ אנידערצולעגען. דעמאלט איז ר' יהודה בן יעקב חיית, וואס איז שוין געוועהן איין אלמן, ווייל זיין פרוי איז נאך אין מלגה געשטארבען, אריינגעפאלען אין די האנד פון א באזען טערק, וואס האט איהם געהאלטען פערשלאסען אין א פינסטערן גרוב, פול מיט שלאנגין אונ עקדישען, אונ האט איהם געוואלט ארויפברענגען ער זאל מוזען אננעהמען די מחמדנישע אמונה. ר' יהודה האט זיך אבער פעסט געהאלטען אין זיין גלויבען אונ האט זיך געבעך אזוי לאנג געמוטשעט ביז ניט ווייט פון א קליין שטאדטעל זענען די יודען געוואהר געווארען פון איהם, מען האט איהם אויסגעלאזט אונ געבראכט קיין

פֶּעץ, עֶר הָאט אָבֶּער דָארְט אויך קֵיין נַחַת נִיט גֶעהַאט: עֶס אִיז גְרָאד דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן אַ גְרויסֶער הוּנְגֶער אוּנ פַאר אַ קְלֵיין שְׁטִיקֶעל בְּרויט, נָאר דִי נְשָׁמָה צוּ דֶערְהַאלְטֶען, אִיז עֶר גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן אַ גַאנְצֶען טָאג צוּ דְרֶעהֶען דִי רָאד אִין אַ מִיהל.

אִין פָּארְטוּגַאל זֶענֶען דֶערְוַוייל נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען זֶעהר פִיעל יוּדֶען, וַוייל עֶרְשְׁטֶענְס, הָאבֶּען זֵיי פָּשׁוּט נִיט גֶעהַאט אויף הוֹצָאוֹת וַוייטֶער צוּ פָאהרֶען, אוּנ צְווייטֶענְס הָאט מֶען שׁוין אָנְגֶעהויבֶּען הֶארֶען פוּן דֶערְוַוייטֶענְס דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרוֹת ווִי אַזוֹי מֶען אִיז זִיךְ נוֹהֵג מִיט דִי יוּדֶען אויף דִי שִׁיפֶען, אוּנ קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט גֶעווָאלְט אַיינְשְׁטֶעלֶען דָאס לֶעבֶּען. דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָנְגֶעחַאפְּט אִין דֶער שַׁארְף פוּן אַ שְׁוֶוערְד אוּנ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְלָאזְט אויף דֶעם קֶענִיג יָאהַאן'ס חֶסֶד. זֵיי הָאבֶּען גֶעהָאפְט אַז עֶר וֶועט פָארְט אויף זֵיי רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוּנ וֶועט זֵיי נִיט צְווינְגֶען וַוייטֶער נָע וָנָד צוּ זַיין. יָאהַאן הָאט אָבֶּער מִיט זֵיי קֵיין לַאנְגֶע שִׂיחוֹת נִיט גֶעמַאכְט אוּנ קוֹים זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעלָאפֶען דִי אַכְט חֳדָשִׁים, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעהַאט דָאס רֶעכְט צוּ בְּלֵייבֶּען אִין פָּארְטוּגַאל, הָאט עֶר זֵיי אַללֶע עֶרְקְלֶעהרְט פַאר שְׁקְלַאוֶוען אוּנ הָאט זֵיי צוּשֶׁענְקְט דִי פְּרִיצִים. דָאס שְׁלִים־מַזָל פוּן דִי יוּדֶען אִיז אָבֶּער אַזוֹי גְרויס גֶעוֶועהן, אַז בַּיים קֶענִיג יָאהַאן אִיז גְרָאד דֶעמָאלְט גֶעשְׁטָארְבֶּען זַיין אֵיינְצִיגֶער זוּהן, פְרִיהֶר אִיז עֶר אויך קֵיין דִימַאנְט נִיט גֶעוֶועהן אוּנ דָאס לֶעצְטֶע אוּמְגְלִיק הָאט אִיהם גָאר אִין גַאנְצֶען גֶעמַאכְט פַאר אַיין אַכְזָר, אוּנ פוּן זַיין הַארְץ אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דָאס קְלֵיינֶע בִּיסֶעל יֹשֶׁר וָואס הָאט זִיךְ נָאךְ דָארְט גֶעפוּנֶען, אוּנ עֶר הָאט אַרויסְגֶעווִיזֶען גֶעגֶען דִי יוּדֶען אַזַא אַכְזָרִיוּת, וָואס אֲפִילוּ אִין יֶענֶע יָאהרֶען אִיז עֶס שְׁוֶוער גֶעוֶועהן צוּ עֶרְוַוארְטֶען. עֶס אִיז אִיהם נָאךְ וֶועניג גֶעוֶועהן וָואס עֶר הָאט צוּגֶענוּמֶען דִי פְרַייהַייט בַּיי מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען גֶעקָאנְט דֶער מְדִינָה גָאר נוּטְצְלִיךְ זַיין; עֶר הָאט גֶעווָאלְט דֶעם יוּנְגֶען דוֹר אִין גַאנְצֶען אָבְּטוֹיפֶען, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען קְלֵיינֶע קִינְדֶער אָבְּרַייסֶען פוּן דִי עֶלְטֶערְן אוּנ זֵיי אַוֶועקְשִׁיקֶען אויף דִי וַוייטֶע אִי...ן, וואוּהִין מֶען פְלֶעגְט פוּן פָּארְטוּגַאל פֶערְשִׁיקֶען אַללֶע פֶערְבְּרֶעכֶער; עֶס ...ט נִיט גֶעהָאלְפֶען דָאס יָאמֶערְן אוּנ קְלָאגֶען פוּן דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מַאמֶעס. אַ סַךְ ...אבֶּען נִיט אויסְגֶעהַאלְטֶען דִי וַוייטֶע נְסִיעָה, אוּנ אַזוֹי אִיז אַ תֵּל גֶעוָוארֶען כִּמְעַט פוּן אַ גַאנְצֶען דוֹר.

נָאךְ צְווֵיי בִּיטֶערֶע יָאהר אִיז דִי יוּדֶען פְלוּצְלוּנְג לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען אִין דִי אויגֶען. יָאהַ...ן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגַאנְגֶען צוּ זַיין קָרוֹב דוֹן מַנוּאֵל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר אַ גוּטֶער מֶענְשׁ אוּנ הָאט בַּאלְד בֶּעפְרַייט

די יודען. פון דעם געלד, וואס די יודען האבען איהם צוגעטראגען, האט ער זיך אבגעזאגט, אונ האט זיי געוויזען אז ער פארשטעהט צו שאטצען זייער ווערטה. דער יודישער געלעהרטער ר׳ אברהם זכותא איז ביי איהם געווארען אגרויסער חשוב אונ די יודען האבען אנגעהויבען אויסצוגלייכען די גליעדער. צו קורץ איז אבער געוועהן זייער שמחה: די קאניגליכע פאמיליע פון שפאניען האט געווארפען איין אויג אויפ׳ן יונגען דון מנואל ואונ ואז די פרינצעסין איזאבעלא איז איהם שטארק געפאלען האט מען זיך אנדערש ניט געוואלט משדך זיין מיט איהם ביז ער וועט ניט געבען דאס ווארט, אז ער וועט צוזאמען מיט שפאניען ארויסשפרינגען געגען קארל דעם זיבענטען דעם קאניג פון פראנקרייך, אונ וועט ניט ארויסטרייבען פון פארטוגאל אללע יודען סאי די היימישע, סאי די פרעמדע. די צוויי תנאים זענען זעהר שווער געוועהן פאר דון מנואל: ער האט זיך ניט געקאנט ענטשליסען צו ווערען, גאר אהן אפאר וואס, אגעננער פון אמלך, וואס ער האט ביז אהער מיט איהם גוט געלעבט, אונ נאך ביטערער איז איהם געוועהן דערוויטערן פונ׳ם לאנד אזעלכע איינוואהנער, וואס ער האט זיי ליעב געהאט פאר זייער געטריישאפט אונ נוצליכקייט. אזוי האט ער זיך אלץ געשלאגען מיט דער דעה ביז צו דער לעצטער מינוט אונ, אז די כלה איז שוין געשטאנען ביי דער גרעניץ אונ האט איהם געשיקט זאגען אז זי וועט ניט אריינפאהרען קיין פארטוגאל כל זמן אפום פון איודען וועט זיך נאך דארט געפינען, האט די וואגשאל פון ליעבע אונ פון אפעטען נדן איבערגעוואגען אונ אויף די יודען פון פארטוגאל איז געקומען אנייע צרה.

דעם 24 דעצעמבער 1496, עס איז נאך קיין חודש ניט אוועקגעגאנגען פון דער חתונה, האט דון מנואל ארויסגעלאזט אבעפעהל אז אלטע יודען אונ מאורען, (וואס האבען געהאלטען די מחמדנישע אמונה), מוזען אין אגעוויסער צייט אננעהמען דאס קריסטענטהום, אלא ניט — טארען זיי זיך ניט געפינען אין לאנד אונ ווי באלד מען וועט זיי דערטאפען, קומט זיי דער טויט. באלד ווערען ארוצת האט איהם עפים ניט געפאסט, אונ דערפאר האט ער די יודען געגעבען צייט כמעט אגאנץ יאהר אונ האט בעשטימט דריי שטאדט ליסאבאן, אפארטא אונ זעטובאל, אז פון דארט זאלען זיי זיך קאנען אוועקלאזען אויף שיפען אין אנדערע לאנדער. דערווייל האט ער גרויס געמאכט די דאזיגע יודען, וואס האבען זיך געלאזט טויפען, ער האט זיי געגעבען די בעסטע שטעלען, בעהאנגען מיט גאלד אונ זילבער, אונ דאס האט ער אלץ געטהון מיט אכונה

טאמער וועלען אנדערע יודען אויך זוכען עולם הזה; עס האט איהם אבער גאר ניט געהאלפען און טאקי נאר געצאהלטע יודען זענען בעשטאנען אויף אזעלכע גליקען. דאס האט דעם קאניג שטארק פערדראסען, ווייל עס האט זיך איהם גאר ניט געגלוסט אבצולאזען די רייכע און פעהיגע יודען, דערצו האט איהם נאך פון דער אנדערער זייט אללע טאג די יונגע קאניגין געפיקט דעם קאפ ער זאל זעהן וואס גיכער ארויסצופטר'ן די געפאהרליכע שונאים פון דער קאטאלישער קירכע, און דווקא אין דער צייט, ווען די יודען האבען ארויס־געקוקט אויף א ישועה און האבען געהאפט אז אין א יאהר קאן נאך דון מנואל בייטען זיין דעה, האבען זיך טאקי זייערע נעדאנקען איבערגעביטען, אבער ניט צום גוטען, ווי די יודען האבען געדענקט, נאר צום שלעכטען, און ביי איהם אין הארץ איז געווארען אזא שנאה צו זיי, וואס האט איהם דערנאך ארויס־געפיהרט אויף די שרעקליכסטע זאכען. צום אנהייב האט זיך דער קאניג געווענדעט צו די גייסטליכע און האט זיך מיט זיי איין עצה געהאלטען, אז מען זאל די יודען מיט געוואלד גייטהען צו ווערען קריסטען, נאר דער עפיסקאפ פערנאנדא קוטינהא האט אויסגעוויזען, אז גאטט איז ניט צופרידען פון געגייטהע זאכען, און האט איהם אבגעראטהען דערפון. א קליינע צייט איז דון מנואל שטיל גע־ווארען, ווייל איינער פון די געטויפטע יודען, לוי בן שם טוב, וואס האט בעקומען א קריסטליכען נאהמען אנטאניא. האט אנגעהויבען שרייבען גאנצע ביכער און דערווייזען אז קיין בעסערס פון קאטאליציזמוס איז גאר אויף דער וועלט ניטא, און דער קאניג האט גערעכענט אז זיינע חבורים וועלען אפשר פארט די יודען אברייסען פון זייער אמונה, נאר אז ער האט זיך איבערצייגט אז דאס מיטעל העלפט אויך ניט, איז ביי איהם געבליבען צו געהן מיט תקיפות. קודם כל האט ער געהייסען פערשליסען אללע שולען און בתי מדרשים, כדי יודען זאלען ניט האבען וואו צו דאווענען, דערנאך האט ער בסתר ארויסגעגעבען א בעפעהל: מען זאל ביי די יודען צונעהמען די קליינע קינדער און זיי טויפען. ווי אזוי די זאך איז ניט צוגעגאנגען בסוד, זענען די יודען דערפון באלד געוואהר געווארען; ווער עס איז נאר אים שטאנד געוועהן איז זיכער אוועקגעפאהרען, און ווער עס האט זיך ניט געקאנט רירען פונ'ם פלאץ האט געזוכט אללע מיטעל צו בעהאלטען די קינדער, אז מען זאל זיי ניט אוועקנעהמען. דער קאניג האט א קוק געטהון אז עס איז קיין תכלית ניט און אז אט אט וועלען די יודען אין גאנצען ארויס פון זיינע האנד, האט ער שוין מורא געהאט צייט צו פערלירען און האט געהייסען מען זאל שוין אללע קינדער צונעהמען ביי די עלטערן, זיי

טויפען און אנועקשיקען ווייט, כדי די יודען זאלען צו זיי מעהר קיין שליטה ניט האבען. די האר שטעלען זיך קאפויר אז מען דערמאנט זיך וואס דעמאלט איז פארגעקומען: דאס געשריי פון די מאטעס און מאמעס, וואס מען האט ביי זיי צוגענומען די קינדער, איז געגאנגען ביז דעם זיבענטען הימעל. א טהייל, און צווישען זיי אויך דער בעריהמטער למדן ר' יצחק אבן זכין, האבען זיך אלליין דאס לעבען גענומען צוזאמען מיט די קינדער, און עס איז געקומען אזוי ווייט אז די קריסטען האבען שוין רחמנות געקריגען, און האטש מען האט דערפאר געקאנט האבען זעהר א גרויסען עונש, פלעגען זיי בעהאלטען ביי זיך יודישע קינדער.

ביי אזעלכע מיטעל איז, מן הסתם, די צאהל פון די געטויפטע יודען ניט ווענינ געווען, עס איז אבער פאר דון מנואל אלץ קארג געווען: ער האט געוואלט אז קיין איינציגער יוד זאל ניט ארויספאהרען פון פארטוגאל און דער־פאר האט ער אזוי געדרעהט אז די יודען זאלען עובר זיין אויף דעם זמן, וואס ער האט בעשטימט, און ער זאל האבען ארעכט מיט זיי צו טהון וואס ער וויל. ער האט עס אויך קונציג אבגעארבייט: ער האט געמיינט, אז ארויס פאהרען מאגען נאר די יודען פון ליסאבאן, צו ליעב דעם האבען זיך אהין פערזאמעלט מעהר פון צוואנציג טויזענד יודען, אויף די שיפען האט ער אנ־געזאגט, מען זאל זיי דארט מאכען אעכוב, דערווייל איז אריבער דער חודש אקטאבער און די מלוכה האט זיך שוין געקאנט מיט זיי נוהג זיין ווי מיט פערברעכער. קוים האט שוין דון מנואל געהאט פאר וואס זיך צו טשעפען האט ער געהייסען אללע יודען פערשפארען אין שטאלען אזוי ווי בהמות און האט זיי געלאזט זאגען, אז אצונד זענען זיי זיינע שקלאווען און זיי האבען קיין אנדערע ברירה ניט נאר זיך צו טויפען. מיט גוטען האט ער אבער גאר ניט געקאנט מאכען, האט ער געהייסען מען זאל זיי דרייסיג טאג כסדר ניט געבען קיין עסען, און אז דער הונגער האט זיי אויך ניט געבויגען האט ער געגעבען א בעפעהל מען זאל זיי מיט שטריק שלעפען אין קירכע. דעמאלט זענען צו־געקומען אסך נייע מאראנען פון די פארטוגאזישע און שפאנישע יודען און צווישען זיי איז אויך געוועהן ר' לוי בן חביב, וואס איז שפעטער געווארען רב אין ירושלים. פיעל יודען האבען זיך אבער אלליין דערהרג'ט, און נאר עטליכע איז געראטהען צו אנטלויפען, ווי ר' יצחק בן יוסף קארו פון טולעדא, וואס האט אין פארטוגאל פערלארען צוויי זיהן, און איז מיט גרויס מסירות נפש אריבער קיין טירקיי, און ר' אברהם זכותא מיט זיין זוהן

שמואל, וואס האבען אוועקגעווארפען די בעסטע שטעלען אין קאניגליכען הויף און האבען זיך מיט גרויס מיה קוים צו געשלאגען קיין תוגים.

די נייע מאראנען פון פארטוגאל האבען געוואוסט וואס מען האט געטהון מיט זייערע ברידער אין שפאניען און האבען גוט געציטערט טאמער העלפט זיי ניט אפילו די מאסקע פונ'ם קריסטענטהום, און דערפאר האבען זיי אוועקגעשיקט שליחים קיין רום, ווייל דער פאפסט אלעכסאנדער דער זעקסטער האט פאר געלד אמאל געקאנט טהון אויך א גוטע זאך. ווי עס ווייזט אויס, האבען זיי איהם אוועקגעשיקט א שאנעם פדיון, און חאטש דער שפאנישער געזאנדטער גארציל'אזא האט זיך שטארק געמיהט אז דער פאפסט זאל אבזאגען זייער בקשה, פון דעסטוועגען האט דון מנואל בעקומען א ווינק ער זאל מטיב זיין, און ער האט געמוזט אים יאהר 1497 ארויסגעבען א בעפעהל אז אין א צייט פון צוואנציג יאהר טאר מען זיך צו געטויפטע יודען ניט מטשעפען פאר וואס זיי היטען נאך אב יודישקייט, און אפילו שפעטער, ווען עס וועט זיך ארויסווייזען אז זיי זענען פאלש דעם קאטאליציזמוס, דארף מען זיי נאר בעשטראפען דערמיט וואס די מלוכה נעהמט צו זייער פערמעגען און גיבט עס איבער זייערע יורשים. אויסער דעם האט מען דעמאלט ערלויבט אז דאקטוירים פון די געטויפטע יודען מאגען האבען העבראישע ביכער, און דאס האט געפיהרט דערצו וואס הונדערטער מאראנען האבען זיך אפענטליך בעשעפטיגט מיט לערנען און האבען געקאנט אהן מורא זיצען על התורה ועל העבודה. די פרייהייטען האבען אבער נאר געהאט די היימישע מאראנען; אויף די שפאנישע יודען האט די קאניגין איזאבעלא, וואס איז געוועהן אזוי פרום ווי די מוטטער, גוט אכטונג געגעבען, און ווי באלד עס איז נאר אויף יעמאנדען געפאלען א חשד אז ער איז אנטלאפען פון דער אינקוויזיציאן, האט מען איהם באלד צוריקגעשיקט, כדי שפאניען זאל חלילה ניט פערליערען קיין קרבן.

נאר חאטש די לאגע פון די פארטוגאזישע מאראנען איז געוועהן גאר ניט שלעכט און זיי האבען געקאנט כמעט פריי האלטען די יודישע אמונה, פון דעסטוועגען האבען זיך געפונען עטליכע פרומע, און צווישען זיי איז אויך געוועהן דער רב ר' שמעון מימי, וואס האבען ניט געוואלט אפילו לפנים נאכגעבען די שונאים און האבען בעסער אויסגעהאלטען די שרעקליכסטע יסורים, אבי ניט אבטרעטען אויף קיין האר פונ'ם גלויבען. עס האבען ניט געהאלפען די ענוים קשים וואס מען האט זיי אנגעטהון: אין דער תפיסה, וואו זיי זענען געזעסען, האט מען זיי אויף דריי טאג איינגעגראבען ביז דעם האלז אין דער

ערד, נאר אזא שטראף האט זיי אויך ניט געקאנט בייגען און דעמאלט האט ר׳ שמעון מימי אויסגעהויכט זיין כשר׳ע נשמה. צוויי מאראנען האבען זיך איינגעשטעלט דאס לעבען און האבען בסתר ארויסגעטראגען זיין גוף פון׳ם געפאנגניש און איהם געבראכט צו קבורת ישראל.

אין א יאהר ארום איז איזאבעלא געשטארבען פון א קימפעט און נאך איהר טויט איז דון מנואל א ביסעל בעסער געווארען, און עטליכע פון די עקשנים, וואס זענען נאך געבליבען אין תפיסה, ווי דער בעריהמטער דרשן און מקובל ר׳ אברהם סבא, וואס מען האט זיינע קינדער מיט געוואלד געטויפט, ר׳ יעקב לואל און ר׳ שם טוב לירמא, האט ער ערלויבט ארויסצופאהרען פון פארטוגאל. נאר אויף ר׳ שמעון מימי׳ס משפחה איז אויסגעגאסען געווארען דער גאנצער צארן: אלאנגע צייט האבען זיי זיך אבגעמוטשעט אין געפאנגעניש און דערנאך האט מען זיי פערשיקט קיין אפריקא זיי זאלען דארט בויען פעסטונגען, און אזוי ווי מען האט זיי גענייטה צו ארבייטען אים שבת האבען זיי עס ניט געקאנט איבערטראגען און זענען געשטארבען ווי קדושים.

אזוי האבען זיך מיט יודען נוהג געווען מענשען וואס בארמהארציגקייט און ליעבע זענען דער עיקר פון זייער אמונה, צום סוף, אז שפעטער מיט אכטציג יאהר האט זיך דאס רעדעל איבערגעדרעהט, דון מנואל׳ס אור-ענינקעל, דער קעניג סעבאסטיאן האט פערלארען די מלחמה געגען אפריקא און די בעסטע יונגע לייט פון פארטוגאל האט מען פערקויפט פאר שקלאווען, האבען די יודען בעהאנדעלט די פארטוגאזען מיט יושר און רחמנות, די געפאנגענע פלעגען זיך בעטען מען זאל זיי נאר פערקויפען צו יודען, ווייל זיי האבען זיך איבערצייגט אז די יודען זענען ניט קיין נוקמים ונוטרים.

---

## 6 דאס ווייטערדיגע נע ונד זיין פון יודען און מאראנען.

(1497—1520 נאך קריסטוס געבורט).

דאס וואס האט זיך איבערגעטהון מיט די יודען פון שפאניען און פארטוגאל האט געווארפען א שרעקליכען פחד אויף אלע יודען פון די אייראפאישע לענדער און האט ביי פיעל פון זיי צוגענומען די לעצטע האפנונג אויף עפיס א תקומה. אין דייטשלאנד און אנדערע ערטער, וואו די יודען האבען זיך גערופען אשכנזים, האבען זיי אויך געהאט גענוג צרות, נאר דארט זענען זיי שוין אבער געוואהנט געווען מיט דעם און האבען זיך שטאנדיג

געשראקען פאר עפּיס ארגערס. די יודען פון קאסטיליען, אראגאניען, לעאן, נאוואררא אונ פּארטוגאל, וואס מען האט זיי גערופען ספרדים, האבען א צייט געלעבט זעהר גליקליך, זייערע איבריגע ברידער האבען זיי גע־רעכענט פאר מיוחסים, אונ אז פּלוצלונג האט א שטורם־ווינד אנגעהויבען אויסברעכען מיט די ווארצעל די שאנע גרויסע ביימער, וואס זשע האבען שוין געקאנט טראכטען די קליינע פערדארטע ביימעלעך? עס איז קיין וואונדער ניט, וואס קוים איז מען געוואהר געווארען אז דער עולם לאזט זיך קיין טירקיי, האבען זיך אללע אומגליקליכע דערמאנט אין דער אלטער היים, טויזענדער האבען זיך גענומען אהן מיטעל לויפען וואוהין די אויגען וועלען זיי טראגען. במעט פון אללע איז געווארען אתל אונ זעהר ווייניגע איז געראטהען זיך צו צושלאגען צום ציעל, וואס שוועבט שטאנדיג פאר'ן יודען אין די ביטערע יאהרען פון צרות אונ רדיפות.

נאך שווערער איז געוועהן איבערצוטראגען די צרות די ספרדים אלליין, וואס האבען געמיינט אז שפּאניען אונ פּארטוגאל איז שוין אין גאנצען זייערס אונ וואס עס האט זיך זיי גאר ניט געחלומט אז פּלוצלונג וועלען זיי האבען אזא ביטערן סוף. זייער מכה איז נאך געוועהן גרעסער דערמיט, וואס ביי זיך אין הארצען האבען זיי געוואוסט אז אויסער דער אמונה זענען זיי צוגעקאוועט צו שפּאניען אונ רעכענען עס פאר א פאטערלאנד, אונ דאס שפּאנישע לשון איז געווארען זייער מוטטער שפּראכע, אז אללע אנוואהנער זענען זייערע ברידער, אונ גאר אהן א פארוואס האט מען זיי ארויסגעיאגט אונ אראבגעווארפען פונ'ם הויכען קלארען הימעל אין טיעפען פינסטערן אבגרונד. דער בראך איז ביי זיי געוועהן אזוי שרעקליך אז זיי האבען געקוקט אויף דעם פערטרייבען ווי אויף א דריטען גלות אונ, האטש שפּאניען איז פאר זיי געווארען א באזע שטיפ־מוטטער, האבען זיי פון דעסטוועגען ניט געוואלט זיך אויף עביג געזעגנען מיט דער שפּאנישען שפּראכע אונ וואוהין זיי זענען מגולגל געווארען האבען זיי זיך ניט געקאנט אבברייסען פון דעם לשון, וואס האט זיי געדיענט אין דער גליקליכער צייט, אונ עד היום איז ביי זיי געבליבען די שפּאנישע שפּראכע פונקט ווי ביי די דייטשע יודען דאס יודיש־דייטשע לשון, וואס איז איבער־געגאנגען צו דור דורות אונ איז אצונד די מוטטערשפּראכע פון עטליכע מיליאנען יודען וואס זענען צווארפען אין פערשיעדענע לאנדער.

ניט אומזיסט האבען אבער די ספרדים זיך גערעכענט ביי די איבריגע יודען פאר די גרויסע מיוחסים, ווייל אין די עטליכע הונדערט יאהר, וואס זיי

האָבֶען גֶעלֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ אונ רוּהִיג. הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אַזוֹי פִּיעל בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט תּוֹרָה אונ תַּלְמוּד אַז אֲפִילוּ שְׁפֶּעטֶער מִיט פִּיעל דוֹרוֹת אונ שׁוֹין אוֹיף גַאנְץ נַייֶע אָרְטֶער אִיז בַּיי זֵיי נָאךְ גֶעוֶועהן דֶער קְוַואל פוּן לֶערְנֶען אונ פוּן זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס דִי גְרֶעסְטֶע רַבָּנִים אונ לוֹמְדִים. דִי מִשְׁפָּחָה אַבְּרַבַּנְאֵל, וָואס הָאט גֶעקְאנְט זֶעהר לַייכְט בְּלַייבֶּען אִין שְׁפַּאנְיֶען אִי בַּיי רַייכְקַייט, אִי בַּיי כָּבוֹד, אונ הָאט זִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט בִּיז לֶעצְט אַבִּי זִיךְ נִיט אָבְצוּטְהֵיילֶען פוּן דִי בְּרִידֶער, הָאט אוֹיךְ אִין דֶער פְרֶעמְד גֶעשְׁפִּילְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶע. דֶער אַלְטֶער דוֹן יִצְחָק אַבְּרַבַּנְאֵל, וָואס אִיז אִין נֶעאַפֶּעל גֶעוָוארֶען דֶער גְרֶעסְטֶער חָשׁוּב בַּיים קֶענִיג פֶערְדִינַאנְד דֶעם עֶרְשְׁטֶען אונ בַּיי זַיין זוּהן אַלְפָאנְסָא, הָאט גֶעמוּזְט צוּזַאמֶען מִיט'ן קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף, וֶוען דִי פְרַאנְצָאזֶען זֶענֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף נֶעאַפֶּעל, אַנְטְלוֹיפֶען, פְרִיהֶר קַיין סִיצִילְיֶען, דֶערְנָאךְ קַיין קָארְפוּ אונ נָאר צוּ לֶעצְט קַיין מָאנָאפָּאלִי אונ דָארְט הָאט עֶר אוֹיף דֶער אֶלְטֶער גֶעלֶעבְּט גֶעמֵיין אונ אָבְּגֶעשֵׁיידְט פוּן פְרוֹי אונ קִינְדֶער אונ הָאט זִיךְ נָאר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט תּוֹרָה. זַיין אֶלְטֶערְער זוּהן ר' יְהוּדָה לֵיבּ, אָדֶער לֶעאָן מֶדִינָה אַבְּרַבַּנְאֵל, וָואס הָאט זִיךְ אַלַאנְגֶע צַייט נִיט גֶעקָאנְט טְרֶעסְטֶען, ווייל מֶען הָאט בַּיי אִיהם מִיט גֶעוַואלְד גֶעטוֹיפְט זַיין בֶּן יָחִיד אונ עֶר אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען אַ קְרִיסְט, הָאט גֶעלֶעבְּט אִין גֶענוּאַ אונ אִיז גֶעוֶועהן לַייבּ-דָאקְטָאר בַּיים שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ פוּן גֶעאַפֶּעל, גָאנְזַאלְוָוא דֶע קָארְדָאבָא, וֶועלְכֶער אִיז צוּ לִיעבּ אִיהם גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְקֶער אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל אונ הָאט דִי יוּדֶען אָבְּגֶעהִיט פוּן אַ גְרוֹיסֶע צָרָה, וֶוען דִי מְלוּכָה הָאט אִין בֶּענֶעוֶוענְט אוֹיךְ אַיינְגֶעפִיהְרְט אַיין אִינְקְוִויזִיצְיָאן פַאר דִי מַארְרַאנֶען, וָואס זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען פוּן שְׁפַּאנְיֶען אונ פָּארְטוּגַאל, אונ הָאט טַאקִי תֵּיכֶף גֶעהַאט אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען אוֹיךְ הַאבֶּען דֶעם פְּסַק. דֶער צְווייטֶער זוּהן ר' יוֹסֵף יִצְחָק אַבְּרַבַּנְאֵל, אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ דָאקְטָאר; עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט אִין רֶעדְזְשִׁיָא, דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַרוֹיס קַיין וֶוענֶעדִיג אונ הָאט שְׁפֶּעטֶער אַהִין אַרָאבְּגֶעבְּרַאכְט דֶעם פָאטֶער, אונ הָאטְשׁ דֶער אַלְטֶער דוֹן יִצְחָק אַבְּרַבַּנְאֵל אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן גָאר צוּבְּרָאכֶען, אָהְן כּוֹחוֹת, הָאט עֶר זִיךְ נִיט אָבְּגֶעזָאגְט צוּ דִינֶען דֶעם קֶענַאט פוּן וֶוענֶעדִיג מִיט זַיינֶע עֵצוֹת, אונ בַּיי וִויכְטִיגֶע שְׁאֵלוֹת אִין מְדִינָה-זַאכֶען פְּלֶעגְט מֶען אָנְקוּמֶען צוּ אִיהם. דֶער יוּנְגְסְטֶער זוּהן, ר' שְׁמוּאֵל אַבְּרַבַּנְאֵל, הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין סַאלוֹנִיקִי אונ הָאט דָארְט גֶעפִיהְרְט אַ גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה.

די סְפָרַדִים, וָואס זֶענֶען פֶערְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען קַיין אַפְרִיקָא, הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע קֶענְטְנִיסֶע אונ הָאבֶּען אָפְּט פִּיעל

געהאָלפען צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון זייערע ברידער, וואָס האָבען ניט אַזוי רוהיג געלעבט צווישען ווילדע פעלקער. אין מאַראָקקאָ האָט זיך געפונען אַ יוד, וואָס די מלוכה האָט איהם זעהר געאַכטעט. אין פעץ איז געוועהן אַ גרויסע קהלה מעהר פון פינף טויזענד משפחות און דאָרט האָט אויך געלעבט אַ שפּאַנישער יוד ר׳ שמואל אַלוולנזי, וואָס אַללע איינוואָהנער האָבען איהם אַזוי ליעב געהאַט אַז מען האָט איהם אויסגעקליבען פאַר׳ן פאָרשטעהער פון דער גאַנצער שטאָדט. אין טלעמזען האָבען זיך בעזעצט פיעל שפּאַנישע יודען און צווישען זיי האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיט זיין שאַרפען מוח און חריפות ר׳ יעקב בי־רב, וואָס איז אין גאַנצען אַלט געוועהן אַכט־צעהן יאָהר, ווען ער איז אַנטלאָפען פון שפּאַניען, און איז דערנאָך געוואָרען איינער פון די גרעסטע רבנים אין דער וועלט, וואָס נאָר ר׳ יעקב פּאָלאַק, דער בערימטער רב פון דייטשלאַנד, האָט זיך געקאָנט גלייכען צו איהם.

אין אַלזשיר איז אויך איינער פון די שפּאַנישע יודען, ר׳ שמעון דוראַן, אַ זוהן פון׳ם בערימטען רב ר׳ שלמה דוראַן, געוואָרען דער מנהיג פון דער גאַנצער קהלה. ער איז געוועהן אַ גרויסער בעל צדקה, און אַז עס האָט זיך געמאַכט וואָס אַ שיף איז צובראָכען געוואָרען נעבען סעווילאַ און מען האָט פונפציג שפּאַנישע יודען פערקויפט פאַר קנעכט קיין אַלזשיר, האָט ר׳ שמעון דוראַן צונויפגעזאַמעלט זיבען הונדערט רענדליך און האָט די אומגליקליכע יודען אויסגעלאָזט. אין תונים האָבען זיך אויך בעזעצט פיעל ספרדים און צווישען זיי זענען בעזאָנדערס בעקאַנט ר׳ אַברהם זכותא, וואָס האָט זיך דאָרט ווייטער בעשעפטיגט מיט וויסענשאַפטען, און האָט דאָרט איהם יאָהר 1505 אָנגעשריבען אַ בוך וועגען דער געשיכטע פון די יודען, וואָס האָט געהייסען „ספר היוחסין", און ר׳ משה בן יצחק אַלשקר, אַ געטרייער תלמיד פון ר׳ שמואל אַלוולנסי, וואָס האָט זיך אָבגעגעבען מיט קבלה, נאָר ער האָט אויך געהאַלטען פון חקירה־ספרים. די צוויי לומדים האָבען אָבער לאַנג ניט געקאָנט בלייבען אין תונים און, אַז עס האָבען זיך אָנגעהויבען שטאַרקע מלחמות צווישען שפּאַניען און אַפריקאַ איז ר׳ אַברהם זכותא אַריבער קיין טירקיי און איז דאָרט אים יאָהר 1515 געשטאָרבען, און ר׳ משה אַלשקר איז אַוועקגעפאָהרען קיין מצרים און האָט זיך דאָרט געאַלטערט אין עושר און אין כבוד.

קיין מצרים, און בעזאָנדערס צו דער הויפּטשטאָדט קאַירא, האָבען זיך געצויגען זעהר פיעל שפּאַנישע יודען און, מיט דער צייט איז זייער צאָהל גרעסער געוואָרען פון די היימישע, אַז זיי זענען אַהין געקומען איז דער פאָרשטעהער

פון אללע יודען אין מצרים געוועהן אבעזונדער נשיא, ר' יצחק כהן שאלאל, וואס האט מיט זיין עהרליכקייט און גוטסקייט נושא חן געוועהן ביים סולטאן און איהם צו ליעב האט די מלוכה געקוקט זעהר פריינדליך אויף אללע יודען, און האט געהאט דאס גראסטע צוטרויען אפילו צו די פרעמדע, וואס זענען ערשט ניט לאנג געקומען פון שפאניען. איינער פון די פרעמדע, ר' דוד אבן-אבי-זמרה, האט באלד ווי ער האט זיך נאר בעזעצט אין קאירא בעקומען די גראסטע שטעללע ביי דער קרוין און האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע מעלות און נוצליכקייט. אז דער סולטן סעלים דער ערשטער האט אבער אים יאהר 1517 אבגענומען מצרים, האבען די שפאנישע יודען גאר דערגרייכט צו א גרויסער מדרגה, ווייל סעלים האט געמאכט נייע ארדנונגען אין דער מדינה, דערצו האט ער בעדארפט האבען פעהיגע מענשען און אזעלכע האט ער נאר געקאנט געפינען צווישען די דאזיגע, וואס שפאניען האט זיך מיט זיי געווארפען. א שפאנישען יודען, ר' אברהם דע קאסטרא האט ער געמאכט פאר פינאנץ-מיניסטער, און ער האט פערשטאנען זיך צו בענוצען מיט זיין הויכען מעמד און האט אין זין געהאט אי צו ארבייטען פאר דעם לאנד, אי צו פערזארגען זיינע ברידער. דעמאלט האט די מלוכה איינגעפיהרט אז יעדע יודישע קהלה זאל זיך אויסקלויבען איהר אייגענעם רב און דער פריהריגער נשיא, ר' יצחק שאלאל, איז אוועקגעפאהרען קיין ארץ ישראל, און האט זיך דארט ביז'ן טויט אויסגעצייכענט מיט זיין צדקה און מעשים טובים. אין קאירא, האט דער עולם אויפגענומען פאר רב ר' דוד אבן-אבי-זמרה און ער איז אזוי בעליעבט געוועהן אין גאנצען לאנד, אז עס איז איהם גאר אהן מיה גע-ראטהען איינצופיהרען ביי די יודען פון מצרים די אייגענע צייט-רעכנונג, וואס די יודען האבען געהאט אומעדום. די יודען פון בבל האבען אכטצעהן הונדערט יאהר כסדר גערעכענט די צייט פון דעם יאהר וואס דער סירישער קאניג סעלייקוס האט איינגענומען א גרויסע מלחמה און וואס פון דעמאלט אן האט זיך אנגעהויבען די סעלעיקידישע צייט-רעכנונג; האטש די סירער זענען שוין לאנג אונטערגעגאנגען און אנדערע פעלקער האבען זיי איינגעשלונגען, ווי די ראמער, ביזאנטינער, מהמדנער, מאנגאלען און טירקען, האבען די יודען פון בבל זיך נאך געהאלטען אן דער סירישער ירושה און פון זיי האבען עס אויך גענאשט די יודען פון מצרים, און די צייט-רעכנונג איז ביי זיי גע-ווארען אזוי הייליג אז מען פלעגט פסול מאכען א גט, ווען דער טאג איז דארט געוועהן אנגעוויזען אנדערש. אודאי פלעגען דערפון אפט ארויסקומען מאוסע

זאָגען, אונ דאַריבער האָט ר׳ דוד אבן־אבי־זמרה איין מאָל פאַר אַללע מאָל געמאַכט אַז אויך אין מצרים זאָל מען רעכענען די יאָהרען אָדער פונ׳ם חורבן בית המקדש, אָדער פון דער צייט וואָס מען רעכענט צייט די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, אונ טאַקי זיין געשאַצטער נאָהמען האָט געבראַכט דערצו וואָס די יודען, וועלכע האָבען אָפט ליעב זיך צו עקשנ׳ען איבער אַפוסטע זאַך, האָבען איהם געפאָלגט אָהן מחלוקת אונ אָהן רעש.

די לאַגע פון די יודען אין מצרים איז דעמאָלט געוועהן גאָר ניט שלעכט, נאָר איין קליינער איבערשלאַג האָט זיך געמאַכט אים יאָהר 1524 אונ די יודישע קהלה פון קאַירא איז געוועהן אין אַגרויסער סכנה. דעם שני למלכות, אַחמד שיטאַן האָט זיך פערגלוסט צו ווערן אַזעלבסשטאַנדיגער מלך אונ ער האָט געגעבען אַבעפעהל דעם פינאַנץ־מיניסטער ר׳ אַברהם דע קאַסטראַ, ער זאָל היימען גיסען נייע מטבעות פון זיין נאָהמען. דע־קאַסטראַ איז אָבער געוועהן זעהר געטריי דעם סולטאַן, האָט ער זיך ניט וויסענדיג געמאַכט, ער האָט איהם מיט׳ן מויל צוגעזאָגט אונ אַלליין איז ער שטילערהייד אַוועקגעפאָהרען קיין קאָנסטאַנטינאָפאָל מודיע זיין וואָס עס געהט פאָר. אַחמד שיטאַן האָט באַלד פערשטאַנען וואָס דע־קאַסטראַ האָט איהם אָבגעטהון, אונ עס איז ביי איהם געבליבען ער זאָל זיך נוקם זיין אין זיינע ברידער. פונקט אים פורים האָט ער אַרויסגעלאָזט אַגאַנצע מחנה פון רוצחים זיי זאָלען ראַבעווען די יודישע הייזער, אונ אַחוץ דעם האָט ער געהייסען איינזעצען אין תפיסה צוועלף שאַנסטע בעלי בתים אונ זיי האַלטען ביז מען וועט איהם ניט צושטעלען אַגאַנצען מטמון מיט געלד. אוודאי איז דעמאָלט די יודען דער יום טוב פערשטערט געוואָרען, פון דער שמחה איז געוואָרען אַתענית אונ פון גרויס ביז קליין איז מען געלעגען אין שול אונ מען האָט געוויינט אויף דעם אומגליק, ווייל אַחמד שיטאַן האָט געלאָזט זאָגען אַז ווי באַלד דאָס געלד וועט ניט זיין, וועט ער אויסקוילען אַללע יודען, אונ דאָ האָט מען געזעהן אַז ווען מען זאָל שוין צונויפנעהמען דאָס גאַנצע פערמעגען פון אַללע קאַירער יודען וועט ניט זיין אַפילו קיין צעהנטעל פון דעם וואָס דער אַכזר פאָדערט. די יודישע טרערען זענען אָבער ניט אומזיסט פאַרגאַסען געוואָרען: אין דעם איינגענעם טאָג, וואָס אַחמד שיטאַן האָט שוין געוואָלט מאַכען די שחיטה, דעם 28 אדר, איז אויף איהם אָנגעפאַלען איינער פון זיינע הויפט־לייט מחמד בעי אונ האָט איהם גע־שטאָכען. די יודען זענען באַלד בעפרייהט געוואָרען אונ האָבען דעם נס אויפגעשריבען אויף אַבעזונדער מגילה. דער זכר פון דער ישועה האָט זיך

בײ זײ געהאלטען א לאנגע צײט אונ אללע יאהר פלעגט מען דעם 28 אדר מאכען אין קאירא א צוויטען פורים.

ירושלים איז אויך שטארק בעלעבט געווארען דורך דעם וואס פיעל ספרדים האבען זיך דארט בעזעצט, אונ גאר אין א קורצער צײט האבען די שפאנישע יודען דארט אויך אנגעהויבען שפיעלען א גרויסע ראללע. אין די ערשטע זיבען יאהר איז פון זיבציג משפחות געווארען צוויי הונדערט, אונ קוים זענען אוועקגעגאנגען צוואנציג יאהר האט זיך זייער צאהל פערגרעסערט ביז פונפצעהן הונדערט פאמיליען, אונ אללע האבען געהאט פרנסה בשפע אונ זענען אים שטאנד געוועהן אויסצוהאלטען די געצאהלטע ארעמע לײט, וואס האבען געמוזט לעבען פון קצבה. די צוגעקומענע יודען האבען פון ירושלים געמאכט גאר איין אנדער שטאדט, אונ בעזאנדערס האט אין דעם געארבייט דער בעריהמטער דרשן פון איטאליען ר׳ עובדיה דע ברטנורא, וואס האט צוואנציג יאהר כסדר זיך געמיהט איינצופיהרען שאנע סדרים אין דער יודישער קהלה, אונ מיט דער הילף פון די ספרדים אונ אויך פון ר׳ יצחק שלאל, וואס האט זיין גאנץ עשירות אבגעגעבען גאר אויף צדקה-זאכען, איז איהם גע-ראטהען די יודישע איינוואהנער פון ירושלים ארויסצופיהרען אויף אזא מדרגה אז פאר די, וואס האבען זיי געזעהן פריהר, איז שוין שווער געוועהן זיי צו דערקענען. צווישען די פערדארבענע מדות וואס מען האט דעמאלט אויס-געבעסערט איז אויך געוועהן די תקנה אז יודען זאלען ניט נעהמען קיין פאלשע מטבעות אונ, אז מען נארט אפילו איינעם פון זיי אב אונ מען גיבט איהם א פאלשע מטבע, מוז ער אלליין ליידען דעם היזק אונ טאר זי קיין אנדערן ניט אוועקגעבען, אונ מען זאל ניט מאכען קיין גאנצע סעודות אויפ׳ן קבר פון שמואל הנביא, ווייל מאננער אונ פרויען פלעגען זיך דארט אנטרינקען מיט וויין אונ עס זענען אפט דערפון ארויסגעקומען ניט קיין שאנע זאכען.

נאך דער הייליגער הויפט-שטאדט, האט זיך די יודישע קהלה פון צפת גערעכענט פאר איינע פון די גרעסטע, וואס האט אויך בעקומען איהר גלאנץ דורך א שפאנישען למדן ר׳ יוסף סרגסי, פאר וועלכען יודען אונ מחמדנער האבען גלייך דרך ארץ געהאט. אז דאגות הפרנסה האבען איהם געזאלט ווייטער אוועקטרייבען פון צפת, איז געבליבען ביי דער גאנצער שטאדט מען זאל איהם בשום אופן ניט אוועקלאזען: מען האט איהם בעשטימט שכירות אונ צוויי דריטעל האבען געגעבען דווקא ניט-קיין יודען. ר׳ יוסף סרגסי האט זיך אפילו צו פיעל בעשעפטיגט מיט קבלה, נאר דאס האט איהם פון דעסטוועגען

ניט געשאדט צו זיין אמת פרומקייט און גוטהארציגקייט, וואס דערמיט האט ער זיך קונה אהבה געוועהן ביי אללע.

אין דמשק האבען זיך אויך בעזעצט איבער פינף הונדערט יודישע משפחות פון שפאניען און פארטוגאל, וועלכע האבען זיך דארט אויסגעבויעט א טהייערע שול, נאר זיי האבען זיך ניט געקאנט האלטען צוזאמען און האבען געמאכט בעזאנדערע מנינים, לויט דער צאהל פון די שטאדט, וואס זיי זענען פון דארט פערטריבען געווארען.

די ערשטע צייט, וואס די שפאנישע יודען האבען פערבראכט אין טירקיי, איז פאר זיי געוועהן די גליקליכסטע, ווייל די סולטאנען באיאזעט דער צווייטע, סעלים דער ערשטע און סולייםאן דער ערשטע האבען זיי אויפגענומען מיט גרויס פריינדליכקייט, און ניט אומזיסט האט די טירקיי צו זיך צוגעצויגען כמעט די העלפט פון די פערטריבענע. דאס לאנד האט אויך ניט בעדארפט קיין חרטה האבען דערויף: די שפאנישע יודען האבען באלד ארויסגעוויזען אז זיי זענען זעהר פעהיגע ניט נאר צום מסחר, נאר אויך צו פערשיעדענע מלאכות און חכמות. זיי האבען געמאכט פאר דער טירקישער מלוכה כלי זיין, פולווער, הארמאטען, און אויב די טערקען האבען זיך גוט בעפעסטיגט האבען זיי געהאט עס צו פערדאנקען שפאניען, וואס האט זיי צוגעשיקט פערטיגע געלעהרטע און נוצליכע איינוואהנער. בעזאנדערס זענען בעליעבט געווארען די יודישע דאקטוירים, און עס איז ניט געוועהן איין לייטיש הויז וואס האט ניט מיט פערגניגען געוואלט אנקומען צו א יודישען דאקטאר. איינער פון די שפאנישע יודען, ר' יוסף המון, איז געוועהן לייב-דאקטאר ביים סולטאן סעלים, און די גרויסע שטעלע איז אויך איבערגעגאנגען פון איהם צו זיינע קינדס-קינדער. זיין זוהן ר' משה המון, האט נאך איבערגעטראפען דעם פאטער מיט זיין פיינעם האראקטער און מיט זיין גוטען קאפ; דער סולטאן פלעגט אהן איהם קיין זאך ניט טהון און אפילו ביי א מלחמה האט איהם ר' משה המון געמוזט נאכפאהרען. אים יאהר 1535 איז ר' משה המון צוזאמען מיט'ן סולטאן געוועהן אין פערסיען און האט פון דארט מיט געבראכט א גרויסען למדן ר' יעקב טוז, וועלכער האט די תורה איבערגעזעצט אויף פערסיש. די זעלבע איבערזעצונג, צוזאמען מיט א כאלדעאישע און אראבישע, האט ר' משה גע-לאזט דרוקען אויף זיין רעכנונג.

אין קאנסטאנטינאפעל האט זיך די יודישע קהלה פערגרעסערט מיט יעדען טאג, דורך די צוגעקומענע יודען פון שפאניען און פארטוגאל, און איז דעמאלט

שוין בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען. דִי יוּדֶען הָאבֶּען דָארְט גֶעהַאט פִיער אוּנ פִירְצִיג שׁוּלֶען. נָאר יֶעדֶע שׁוּל הָאט זִיךְ גֶעפִיהרְט בֶּעזוּנְדֶער, נָאךְ דִי מִנְהָגִים, וָואס בַּעֲלֵי בַּתִּים הָאבֶּען מִיטְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער אַלְטֶער הֵיים. נָאכ'ן טוֹיט פוּנ'ם בֶּערִיהמְטֶען לַאנְד־רַב ר' מֹשֶׁה קַפְּסַאלִי, וֶועלְכֶער הָאט גֶעעֶנוּג גֶעאַרְבַּייט פַאר זַיינֶע בְּרִידֶער בִּיז עֶר הָאט זֵיי אִין דֶער טִירְקַיי אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַ פֶעסְטֶען מַצָּב, אִיז דִי שְׁטֶעלֶע אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ ר' אֵלִיָּהוּ מִזְרָחִי, וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיי דֶער מְלוּכָה אוּנ מֶען פְלֶעגְט אִיהם אָפְט רוּפֶען צוּ דִי אֲסִיפוֹת פוּן דִי מִינִיסְטָארֶען, עֶר זָאל אוֹיךְ זָאגֶען זַיין דֵעָה. חָאטְשׁ ר' אֵלִיָּהוּ מִזְרָחִי, וָואס הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן גְרִיכֶענְלַאנְד אוּנ הָאט גֶעלֶערְנְט אִין אַ דַייטְשֶׁער יְשִׁיבָה, הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעהַאלְטֶען אִין דֶעם דֶרֶךְ פוּן דִי דַייטְשֶׁע רַבָּנִים, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר נִיט גֶעוֶועהן קַיין שׂוֹנֵא פוּן חָכְמָה אוּנ הָאט גְלַייךְ גֶעשְׁטִיצְט אַלֶע וָואס בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט וִויסֶענְשַׁאפְט פוּנְקְט וִוי דִי וָואס לֶערְנֶען נָאר תּוֹרָה. אִין דֶער יוּגֶענְד אִיז עֶר גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער קֶעגְנֶער פוּן קַרַאִימֶעס אוּנ הָאט זֵיי נִיט גֶעלָאזְט קַיין קָאפּ אוֹיפְהוֹיבֶּען, נָאר אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אִיז עֶר גָאר ווייכֶער גֶעוָוארֶען, אוּנ אַז עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען עֶטְלִיכֶע פְרוּמֶע, וָואס הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ חֵרֶם אוֹיף דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט קַרַאִימֶעס אוּנ לֶערְנֶען צוּזַאמֶען מִיט זֵיי, אוּנ עֶס הָאט גֶעזָאלְט דֶערְפוּן אַרוֹיס אַ שְׁטַארְק מַחֲלוֹקֶת, הָאט ר' אֵלִיָּהוּ מִזְרָחִי בֶּענוּצְט זַיין קְרַאפְט אוּנ הָאט דִי קַרַאִימֶעס דַוְקָא גֶעשִׁיצְט. אוֹיסֶער דֶעם לַאנְד־רַב הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעהַאט אַ בֶּעזוּנְדֶער פָארְשְׁטֶעהֶער בַּיי דֶער טִירְקִישֶׁער מְלוּכָה, שְׁאַלְתִּיאֵל, וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן זֶעהר אַיין עֶדְלֶער מֶענְשׁ אוּנ פְלֶעגְט זַיינֶע בְּרִידֶער טְהוּן דִי גְרֶעסְטֶע טוֹבוֹת.

מֶעהר פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע טִירְקִישֶׁע שְׁטֶעדְט הָאט אִין יֶענֶער צַייט צוּ זִיךְ גֶעצוֹיגֶען דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען סַאלוֹנִיקִי, וָואס אִיז כִּמְעַט גָאר אִין גַאנְצֶען גֶע־וָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע שְׁטָאדְט מִיט זֶעכְּס אוּנ דְרַייסִיג נַייֶע שׁוּלֶען. דִי סְפָרַדִים הָאבֶּען דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען דִי הוֹיפְּט־רָאלֶע אוּנ קַיין אַנְדֶער שְׁפְּרַאכֶע וִוי שְׁפַּאנִישׁ רֶעדֶען דָארְט דִי יוּדֶען נִיט עַד הַיּוֹם. אִין סַאלוֹנִיקִי הָאט זִיךְ דֶעמָאלְט בֶּעזֶעצְט ר' יְהוּדָה בִּנְבֶנִשְׁתִּי, אַ אֶענִיקֶעל פוּנ'ם בֶּערִיהמְטֶען ר' אַבְרָהָם בִּנְבֶנִשְׁתִּי, אוּנ אַזוֹי וִוי פוּן זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען אִיז אִיהם נָאר גֶערָאטְהֶען אָפְּצוּרַאטֶעוֶוען דֶעם קַאסְטֶען מִיט סְפָרִים אוּנ עֶר הָאט אִיהם מִיט גֶעבְּרַאכְט קַיין טִירְקַיי, הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם אִיהם גֶעזַאמֶעלְט אַלֶע לוֹמְדִים אוּנ סַאלוֹנִיקִי אִיז גֶעוָוארֶען אַ מְקוֹם תּוֹרָה. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט מֶען אִין סַאלוֹנִיקִי גֶעלֶערְנְט

קַבָּלָה, נָאר מִיט תַּלְמוּד אוּנ חָכְמָה הָאט מֶען זִיךְ אוֹיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען אוּנ אִין דֶעם הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט ר׳ יַעֲקב אִבְּן חָבִיב, ר׳ יוֹסֵף טַאיְטַצַק אוּנ ר׳ שְׁמוּאֵל פְּרַאנְקָא.

די סְפַרְדִים הָאבֶּען אוֹיךְ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אִין קְלֵיין־אַזְיֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעהַאט נִיט קֵיין קְלֵיינֶע קְהִלוֹת אִין אַמַזְיַא, בְּרוּסַא, טְרַיַא אוּנ טָאקַאט. אִין גְרִיכֶענְלַאנְד הָאבֶּען זֵיי זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דְרַיי שְׁטֶעדְט: פַּטְרַס, נֶגְרָפָּנְטֶע אוּנ טְהֶעבֶּען, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ דָארְט שְׁטַארְק גֶענוּמֶען צוּ לֶערְנֶען אַזוֹי אַז די טְהֶעבֶּענֶער יְשִׁיבָה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שֵׁם׳ען אוֹיף דֶער וֶועלְט. אִין קַאנֶעאַ, אוֹיף דֶער אִינְזֶעל קַאנְדִיַא, אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוארֶען אַ גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה, אוּנ צְוֵויי מִשְׁפָּחוֹת, דֶעל־מֶדִיגוֹ, די קִינְדֶער פוּנ׳ם בֶּערִיהמְטֶען פִילָאזָאף דֶעל־מֶדִיגוֹ, אוּנ קַפְּסַאלִי, די קְרוֹבִים פוּנ׳ם טִירְקִישֶׁען לַאנְד־רַב, הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר די פָארְשְׁטֶעהֶער. ר׳ אֵלִיָהוּ קַפְּסַאלִי הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶש, אִים יָאהר 1523, וֶוען אִין קַאנְדִיַא אִיז גֶעוֶוארֶען אַ גְרוֹיסֶע מַגֵּפָה, אַ סֵפֶר וֶועגֶען דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן די טִירְקִישֶׁע מְלָכִים אוּנ הָאט דָארְט בֶּעשְׁרִיבֶּען די שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת פוּן די שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען, לוֹיט די אַנְטְלָאפֶענֶע אוּנ פֶערְטְרִיבֶּענֶע הָאבֶּען דֶערְצֶעהלְט, אָהן גוּזְמָאוֹת אוּנ נָאר דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת. מִיט דֶעם סֵפֶר הָאט עֶר גֶעוָואלְט טְרָאסְטֶען די אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, וָואס דָאס חוֹלַאַת הָאט בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען נָאהֶענְטֶע אוּנ גֶעלִיעבְּטֶע מֶענְשֶׁען, זֵיי זָאלֶען זֶעהן אַז אוֹיף דֶער וֶועלְט טְרֶעפְט זִיךְ נָאךְ אֶרְגֶערְס אוּנ זָאלֶען זִיךְ לֶערְנֶען לַיידֶען, שְׁוַוייגֶען אוּנ הָאפֶען — די דְרַיי זַאכֶען וָואס הַאלְטֶען דֶעם יוּדֶען אוֹיף די פִיס.....

אִין אִיטַאלְיֶען, וָואס אִיז גֶעוֶועהן דֶער עֶרְשְׁטֶער פְּלַאץ וואוּהִין די יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעריִרְט פוּן שְׁפַּאנְיֶען אוּנ פָּארְטוּגַאל, זֶענֶען אוֹיךְ פֶערְבְּלִיבֶּען פִיעל פוּן די פֶערְטְרִיבֶּענֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט לָאזֶען וַוייטֶער, אוּנ הָאבֶּען דַוְקָא גֶעמַאכְט נִיט שְׁלֶעכְט, וַוייל די פָּאפְּסְטֶע אַלֶכְּסַנְדֶר דֶער זֶעכְּסְטֶער, יוּלִיוּס דֶער צְוֵוייטֶע, לֶעאָ דֶער צֶעהנְטֶע אוּנ קְלֶעמֶענְס דֶער זִיבֶּעטֶע הָאבֶּען אִין זִין גֶעהַאט נָאר די מַטְבֵּעַ, אוּנ דֶערְפַאר זֶענֶען פַאר זֵיי די יוּדֶען גֶעוֶועהן אַ גַאנְצֶע סְחוֹרָה. דֶערְצוּ הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט די יוּדִישֶׁע דָאקְטוֹירִים אוּנ נִיט נָאר דָאס פְּרָאסְטֶע פָאלְק, נָאר אֲפִילוּ די גְרָאסְטֶע גַייסְטְלִיכֶע זֶענֶען גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ זֵיי אוּנ הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָוֶועקְקוּקֶען פוּן די אַלְטֶע וָואס הָאבֶּען פֶעוֶועהְרְט קְרִיסְטֶען זִיךְ צוּ הַיילֶען בַּיי יוּדֶען, אַ פְרַאנְצֶאזִישֶׁער יוּד בָּאנֶעט דֶעלַאטֶעס, וָואס הָאט אַ חוּץ מֶעדִיצִין זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט אוֹיךְ מִיט אַסְטְרָאנָאמְיֶע, אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען עֶטְלִיכֶע

ביכער אויף לאטייניש, איז געוועהן לייב-דאקטאר ביים פאפסט אלכסנדר און דערנאך ביים פאפסט לעא און ביידע האבען צו איהם געהאט דאס בעסטע צוטרויען. איין אנדער יוד ר' שמעון צרפתי איז געוועהן לייב-דאקטאר ביים פאפסט יוליוס. דער קארדינאל דאמעניטשי גריטשימאני האט אויך געהאלטען ביי זיך א יודישען דאקטאר, ר' אברהם דע-באלמש, וועלכער האט געשריבען א פאר ספרים אויף לשון קודש און א קריסט האט זיי איבערגעזעצט אויף לאטייניש. דעמאלט האבען זיך נאך אויסגעצייכענט עטליכע יודישע דאקטוירים, ווי ר' יהודה אדער לוידאדעאוס דע בלאן פון פערודזשיא און ר' עובדיה אדער סערוואדעאוס דע-ספורנו, וועלכער האט זיך בעשעפטיגט מיט מעדיצין אין רום און באלאניא און האט זיינע העברעאישע ספרים מיט א לאטיינישע איבערזעצונג געבראכט פאר א מתנה דעם קעניג היינריך דעם צווייטען פון פראנקרייך. גרעסער פון אללע מיט זיינע קענטניסע איז געוועהן ר' יעקב מאנטין, נאר דער עולם האט פון איהם ניט אזוי געהאלטען איבער זיין שלעכט הארץ. ער איז געוועהן ניט נאר בעריהמט אין מעדיצין — און צו ליעב דעם האט ער פערנומען די שטעלע פון לייב-דאקטאר ביים פאפסט, ביים שליח פונ'ם קייזער קארל דעם פינפטען און ביים פירסט הערקולא גאנצאגא, — נאר ער האט אויך געקאנט פיעל שפראכען און האט ארויסגעגעבען א סך ביכער אויף לאטייניש, איטאליעניש און אראביש. איין ספר זיינעם, וועלכען ער האט איבערגעזעצט פון אראביש, האט ער געשענקט דעם עלטסטען פונ'ם סענאט אין ווענעדיג, אנדרעאס גריטי, וועלכער האט שטארק געשאצט זיין געלערנטקייט. נאך איין יודישער געלעהרטער האט אין יענער צייט קונה שם געוועהן: דאס איז געוועהן ר' אברהם פריצול פון פראנקרייך וואס דאגות הפרנסה האבען איהם געטריבען פון זיין געבורטס-ארט אוויניאן קיין פערארא און ער האט אין איטאליען בעקומען די מעגליכקייט זיך אבצוגעבען מיט זיינע געליעבטע וויסענשאפט — מיט דער בעשרייבונג פון דער ערד און פון די אונ-בעקאנטע לאנדער, ווי אשטייגער אמעריקא, וואס מען האט נאר וואס ענטדעקט, און אזוי ווי דער הערצאג ערקאלע די עסטע איז געוועהן א גרויסער ליעבהאבער פון חכמה, האט ער ר' אברהם פריצול שטארק מקרב געוועהן. אזוי האבען די בעריהמטע יודישע דאקטוירים און לומדים פון איין זייט און די פעהיגע סוחרים און בעלי מלאכות פון דער אנדערער זייט בעליעבט געמאכט די יודען, און די יודישע קהלות פון רום, נעאפעל, ווענעדיג,

פאדוא און אנקאנא האבען אנגעהויבען צו בליהען. אין גאנצען רוהיג זענען אבער די יודען אין איטאליען ניט געוועהן, ווייל עס איז געווענדט געוועהן אין דעם ווינטעל וואס האט געבלאזען פון אויבען: דאס פאלק האט טאקי צו זיי גאר ניט געהאט, נאר קוים איז די מלוכה געוועהן א שלעכטע האט מען זיך אנגעהויבען צו זיי טשעפען גאר אהן א פארוואס. דעריבער איז קיין וואונדער וואס גאר פלוצלונג האט מען אים יאהר 1516 איינגעפיהרט אז אין אללע איטאליענישע שטאדט זאלען די יודען האבען זייער אבגעזונדערט ארט, וואס מען האט גערופען „געטא״.

די משפחה אברבנאל האט אין איטאליען אלאנגע צייט געשפיעלט זעהר א גרויסע ראללע, האטש דער אלטער דון יצחק אברבנאל האט שוין דארט ניט פיעל געלעבט און זיין עלטערער זוהן לעאן מדיגו האט זיך אין גאנצען דערווייטערט פון קהל'שע זאכען און האט זיך נאר אבגעגעבען מיט וויסענשאפט. פון די דריי ברידער האט אין איטאליען מעהר געקלונגען דער נאהמען פונ'ם יינגסטען ר' שמואל אברבנאל, וואס האט געלעבט קרוב צו אכטציג יאהר און האט זיין גאנץ לעבען געארבייט נאר פאר יודען און פאר דער טובה פון דער מדינה, וואס איז ביי איהם געווארען דאס צווייטע פאטערלאנד. פונ'ם פאטער האט ער גערש'ט די גרויסע פעהיגקייטען וועגען פינאנץזאכען און אז ער איז פון סאלוניקי צוריקגעקומען קיין נעאפעל האט איהם דער וויצע קאניג דון פעדרא דע טולעדא געגעבען זעהר א שאנע שטעלע, וואס האט איהם געבראכט אי כבוד, אי עשירות. ר' שמואל אברבנאל איז נאך אבער גליקליכער געוועהן מיט זיין פאמיליען-לעבען: זיין פרויא בענווענידא איז געוועהן שאן, קלוג, גוט און פרום, און דאס עדלע פאר פאלק האט זיך געקויפט ליעבשאפט ביי יודען און ביי קריסטען און אללע האבען זיך געבענשט מיט זיי. בענווענידא'ן האט דער שני למלך געבעטען זי זאל ערציהען זיין טאכטער לעאנארא און אז פון דער קליינער לעאנארא איז שפעטער אויסגעוואקסען די גרויסע הערצאגין פון טאסקאנא האט זי נאך אלץ געדענקט איהר יודישע ערציהערין, זי האט זי שטאנדיג גערופען „מוטטער״ און איהר צו ליעב האט זי די יודען גערעכענט פאר „ברידער״.

אודאי זענען די איטאליענישע יודען געוועהן מאגנאטען געגען זייערע דייטשע ברידער. סך הכל איז אין דייטשלאנד געוועהן גאר ווייניג יודען, ווייל פון קאלן, מאינץ, אינגסבורג און גאנץ שוואבען האט מען זיי שוין לאנג ארויסגעטריבען, נאר די געצאהלטע, וואס זענען נאך אין עטליכע ערטער

געבליבען, האבען זיך אויך ניט געקאנט גליקליך שאטצען מיט זייער לאגע.
דער קייזער פרידריך דער דריטער, וואס דער בעריהמטער למדן ר' יעקב
בן יחיאל לאאנס איז ביי איהם געוועהן א גרויסער חשוב, האט זיי אפילו
געוואלט שיצען, אונ פאר'ן טויט האט ער צוואה געלאזט דעם זוהן ער זאל
די יודען אבהיטען פון שלעכטס, נאר פון דעסטוועגען אין די מלוכה ניט אי־
שטאנד געוועהן גובר צו זיין די שנאה פונ'ם פאלק אונ דער קייזער
מאקסימיליאן האט זיך נאר בעגניגט דערמיט וואס ער האט געמאכט ר'
יאזעלין לאאנס פון ראסהיים פאר א יודישען בעל טענה, דאס הייסט,
ער האט געמוזט געבען א שבועה אז איז אללע זאכען וואס מען וועט איהם
פרעגען וועגען יודען וועט ער זאגען דעם ריינעם אמת. דאס וואס די דייטשע
יודען האבען פאר זיך געמוזט האבען א מליץ יושר — בעווייזט אז אללע מאל
האט מען אויף זיי עפיס אנדערש אויסגעטראכט אונ יעדען טאג איז אויס־
געוואקסען א נייע שאלה, וואס מען האט זיי בעדארפט פארענטפערן. דער קייזער
מאקסימיליאן איז געוועהן א מענש מיט זעהר א שוואכען האראקטער, יעדער
האט איהם געקאנט בייגען וואוהין ער האט נאר געוואלט אונ דערפאר איז די
יודען אין זיין צייט שטארק ביטער געווארען. אז עס האבען זיך געפונען א פאר
עדלע מענשען, וועלכע האבען איהם אויפגעקלאהרט אז עס איז א יושר מען
זאל די יודען פריינדליך בעהאנדלען, האט ער ניט גערעדט קיין אנדער ווארט
אונ איז באלד בעשטאנען דארויף; נאר קוים זענען טאקי אין א מינוט ארום
געקומען די גייסטליכע אונ האבען איהם איינגערעדט אז די יודען זענען שעדליך
אונ אז עס איז א גרויסע מצוה זיי אנצוטהון צרות, האט ער שוין געשאקעלט
מיט'ן קאפ אונ האט געגלויבט אין אללע ליגענס וועגען בלוט אויף פסח אונ
האסטיעס, וואס מען האט איהם נאר פארגעזאגט. אז די מלוכה איז איינגע־
שטאנען ביי אזא ווינד אין פעלד, האבען זיך די שונאי ישראל רעכט צופיהרט
די האנד, מען האט געגזל'ט אונ געהרג'ט אונ עס איז אזוי ווייט געקומען, אז
די דייטשע יודען האבען שוין אנגעשריבען א בעזונדער ודוי, ווייל כמעט יעדען
טאג פלעגען יודען מקדש השם זיין. פאר מאקסימיליאן איז די זאך געוועהן ווי
געפונען. אויף אזוי פיעל איז ער געוועהן זעלבסטשטאנדיג אז ער האט גערש'ט
דאס פערמעגען פון די יודען, וועלכע האבען זיך פערלאזט אויף איהם אונ
דערנאך האבען זיי דערפאר מיט'ן לעבען בעצאהלט.

די איינוואהנער פון נירנבערג, וואס די יודען זענען ביי זיי געוועהן
ווי א דארן אין אויג, האבען אצונד געפונען א שעת הכושר זיך נוקם צו זיין

אין זיי אונ האבען זיך געקלאגט פאר'ן קייזער מאקסימיליאן אז די יודען זענען מגיר פיעל קריסטען, אז זיי בערייסען דאס פאלק דורך דעם גרויסען פראצענט ביי הלואות, אונ אז זיי בעהאלטען אונ קויפען אב אללע גנבות. דערצו האט נאך איינער פון די שונאי ישראל, דער רייכער אנטאניוס קאבערגער געלאזט אבדרוקען אויף זיין רעכנונג דאס בוך פון דעם שפאנישען גייסטליכען אלפאנסא דע ספינא, וועלכער האט אויף יודען אויסגערעדט כל הרעות, אונ האט עס צוטהיילט אין פאלק כדי די שנאה זאל נאך דורך דעם גראסער ווערען. מאקסימיליאן האט זיי באלד געגעבען איין ערלויבניש אז זיי מאגען טהון מיט די יודען וואס זיי ווילען אונ עס איז געבליבען מען זאל זיי געבען צייט פיער חדשים ביז זיי זאלען אין גאנצען ארויס פון דער שטאדט. מיט גרויס מיה האבען די יודען געפועל'ט, אז דאס האט פון זייערטוועגען געטענה'ט זייער אבעל טובה ווויליבאלד פירקהיימער, מען זאל זיי געבען צייט נאך אויף דריי חדשים, אונ דערנאך האבען זיי געמוזט אללע, אים יאהר 1599, אוועק פון נירנבערג, וואס האט געמאכט א תקנה אז מעהר זאל מען קיין יודען אהין ניט אריינלאזען אונ אללע יודישע הייזער אונ שולען זאל צונעהמען די מלוכה.

אין דער איינער צייט האט מען ארויסגעטריבען די יודען פון אולם, נארדלינגען, קאלמאר אונ מאגדעבורג. עס זענען נאך געבליבען דריי יודישע קהלות אין רעגענשבורג, ווארמס אונ פראנקפורט אם מאין. נאר די רעגענשבורגער קריסטען האבען זיך מתקנא געווען אין אנדערע שטאדט אונ האבען אויך אנגעהויבען רודפ'ן די יודען. עס איז אזוי ווייט גע-קומען אז מען האט יודען ניט געוואלט פערקויפען קיין ברויט אונ קיין מעהל, אויפ'ן מארק האבען זיי זיך ניט געטארט ארויסווייזען, אונ זעהר אפט פלעגען זיי זיצען הונגעריג אונ מיט געלד אין די קעשענעס. אזא לאגע האט לאנג ניט געקאנט אויסהאלטען אונ די יודען האבען זיך געמוזט צולויפען נאך עהדער עס איז אנגעקומען דער בעפעהל מען זאל זיי ארויסטרייבען.

די באהמישע יודען זענען ניט געוועהן גליקליכער פון די דייטשע. אין פראג פלעגט אפט דאס פאלק אנפאלען אויף דער יודישער גאס אונ ראבעווען, אונ ניט איין מאל האבען די קריסטען געבעטען דעם קעניג לאדיסלויס ער זאל זיי בעפרייען פון די יודען, דער קעניג איז געוועהן פערטיג זיי עס צו ליעב צו טהון, נאר די יודען האבען אויך געהאט צווישען די גרויסע לייט א סך גוטע פריינד אונ מען האט די זאך פעררייבען. אין פראג האט ר' גרשון כהן, וואס איז ארויסגעקומען פון דער איטאליענישער משפחה זאנטשין, וועלכע האט

זיך בעשעפטיגט מיט בוכדרוקעריי, געעפענט, אים יאהר 1503, א יודישע דרוק, וואס האט נאר געדרוקט סדורים; קיין אנדערע ספרים, אפילו תלמוד, האט מען דעמאלט ניט בעדארפט, ווייל אין דייטשלאנד זענען געוועהן נאר ווייניג לומדים אונ אויסער דעם בעריהמטען רב ר׳ יעקב פאלאק, וואס האט אין איראפא געשפיעלט די אייגענע ראללע ווי ר׳ יעקב בירב אין אזיען, איז קיינעם ניט אין זין געוועהן זיך אבצוגעבען מיט לערנען.

גוט איז געוועהן די יודען אין פוילען אונ אויך אין ליטא, ווייל דארט האט דאס פאלק ניט געהאט אזא שטארקע דעה, די קאטאלישע גייסטליכע האבען נאר ניט געקאנט מאכען מיט׳ן גיפט, וואס זיי האבען אריינגעלאזט, אונ ביי די פריצים איז דער יוד געוועהן תקיף אונ ביי זיי אלדינג איבגעפיהרט. די פוילישע יודען זענען אויך געוועהן זעהר נוצליכע איינוואהנער אונ אויסער ערדארבייט האבען זיי זיך בעשעפטיגט מיט מלאכה אונ מסחר. די גוטע געזעצע, וואס דער קאניג קאזימיר האט איינגעפיהרט, האבען געשיצט די יודען, אונ ווען זיינע ביידע זיהן, יאהאן אלבערט אונ אלעקסאנדער, האבען זיך געפרובט א ביסעל צו פערקלייגערן די רעכטע פון די יודען, איז עס געוועהן נאר אויף א קורצער צייט, אונ אז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צום קאניג סיגיזמונד דעם ערשטען, וואס האט געהערשט מעהר פון פיערציג יאהר, איז דער מעמד פון די יודען געווארען נאך בעסער, זיי האבען נאר בעדארפט צאהלען מס אונ ווייטער האט זיך די מלוכה גאר צו זיי ניט געמישט, די רבנים האבען געהאט די גאנצע מאכט אונ דאס אינעווייניגסטע יודיש לעבען האט זיך געפיהרט פריי אונ זעלבסטשטאנדיג.

ניט אומזיסט האבען זיך געלאזט קיין פוילען די אומגליקליכע יודען פון אנדערע לאנדער אונ בעזאנדערס פון דייטשלאנד. די צאהל פון די דייטשע יודען, וואס האבען זיך בעזעצט אין פוילען איז געוועהן אזוי גרויס אז די יודען, וואס האבען דארט געוואהנט פון פריהר, האבען זיך געגען זיי גאר ניט אנגעזעהן. עס האט גאר ניט געדויערט, האבען די דייטשע יודען אנגעהויבען שפיעלען אין פוילען א גרויסע ראללע אונ האבען כמעט ווי איינגעשלונגען זייערע פוילישע ברידער. די פוילישע יודען האבען אבער דארויף קיין חרטה ניט געהאט, ווייל די דייטשע האבען מיט זיך מיט געבראכט דעם טהייערסטען אוצר, וועלכען די שונאים האבען ניט געקאנט ביי זיי אבנעמען, — די תורה. עס האבען זיך א שיט געגעבען פון בייערן, שוואבען, באהמען אונ אסטערנרייך גרויסע לומדים, זיי האבען אין אללע שטאדט געעפענט ישיבות

און יודישע קינדער האבען ווייטער אנגעהויבען לערנען גמרא און ארויסזוכען זייערע חריפות. אחוץ דעם האבען די דייטשע יודען געמאכט אז אללע יודען פון פוילען און ליטא זאלען זיך בעדיענען מיט דער דייטשער שפראכע, ווייל זיי האבען געוואלט אז פונקט ווי די ספרדים האבען אומעדום, וואו זיי זיינען נאר פערטריבען געווארען, איינגעפיהרט מען זאל נאר רעדען שפאניש, אזוי זאלען אללע, וואס וואהנען איינעם מיט די אשכנזים, נאר רעדען דייטש. דאס האבען זיי געטהון אומיסטען כדי די פערשיעדענע לשונות זאלען ניט אבזונדערן די יודען אין יעדען לאנד און עס זאל צווישען זיי קאנען זיין מעהר אחדות. פון יענער צייט אן האט עברי-טייטש אנגעהויבען הייסען „יודיש״ און אללע יודען פון די סלאווישע לאנדער האבען בעקומען א בעזונדער לשון, וואס האט זיי שוין ניט געלאזט זיך אויסמישען מיט אנדערע און האט שטארק בעפעסטיגט צווישען זיי די ליעבע צו זייער פאלק און צו זייער אמונה.

---

# די צייט פון דער רעפארמאציאן.

## 1 די מענשענפריינדע און די רעפארמאציאן.

(1500—1530 נאך קריסטוס געבורט).

די רעפארמאציאן, דאס הייסט: איבערמאכען איין אלטע זאך וואס האט אין זיך חסרונות אויף א נייער מיט מעהר מעלות, האט זיך דווקא אנגעהויבען אין דייטשלאנד, ווייל דארט האט מען זיך פריהר ווי ערגיץ אנדערש ארומגעקוקט, אז די קאטאלישע גייסטליכע ציהען איבער דעם בויגען מיט זייער הנהגה, מיט זייער בערייסען די וועלט, מיט דער שרעקליכער שנאה וואס זיי מאכען אן, און מען האט זיך גענומען אויסבעסערן די פעהלער און איינפיהרען אזעלכע דינים, וואס זאלען מעהר פאסען פאר דער אמונה, וועלכע איז פון אנהייב אן געבויעט אויף מענשענליעבע. א ביסעל האבען די יודען געהאט אנגיעה אין דער רעפארמאציאן, ווייל די אייגענע, וואס האבען געפרעגט שאלות אויפ'ן תלמוד און געפונען דארט חסרונות, האבען שוין קיין כבוד ניט געלעגט אויף קריסטליכע הייליגע ספרים און האבען דארט אויך אבגעזוכט ניט וועניג זאכען, וואס האבען זיי געמוזט קשה זיין. דערפאר האבען די יודען אויך גע-פאסען דעם זכות, און אז עס האט אנגעהויבען ליכטיגער ווערען האט זיך זייער

לאנגע געווים פערבעסערט. נאר עהדער עס ווערד טאג מוז זיך נאך דאס פינסטערניש פערשטארקען, אונ דאריבער האבען די יודען געהאט גענוג צרות ביז עס האט זיך געוויזען עפיס א ישועה.

איינער פון די רשעים, וואס איז ארויסגעשפרונגען טאקי פון יודען אונ זיי האבען איהם געהאט אלאנגע צייט צו געדענקען, איז געוועהן יוסף פפעפערקארן, אגראבער יונג אקצב, וואס מען האט איהם געהאפט מיט אגנבה אונ ער האט זיך בעפרייהט פונ'ם עונש דערמיט וואס ער האט זיך צוזאמען מיט ווייב אונ קינדער געלאזט טויפען, ווען ער איז שוין אלט געוועהן קרוב צו פירציג יאהר. אט די טהייערע מציאה האבען אין קעלן אויפגעהאפט די קאטאלישע גייסטליכע, ווי דער אינקוויזיטאר האכשטראטען אונ ארנאלד פון טונגערן, וואס האבען געדאנקט גאטט ווען ער האט זיי בעשערט עפיס א נייעם געטויפטען יודען ער זאל קאנען זיין איין עדות געגען זיינע ברידער אונ מאכען אויף זיי בלבולים. בעזאנדער'ס האט דעמאלט געארבייט געגען די יודען ארטואין דע-גראעס, וואס האט געהאלטען אין איין אונטערהיצען דאס פאלק מיט ביכער, וואס זענען פועל געוועהן מיט שקרים אונ כזבים. די ביכער איז ער אבער אליין ניט אים שטאנד געוועהן צו שרייבען: ווי ווענינ קונצען מען דארף האבען דארויף אז מען זאל רעדען שלעכטס אויף יודען מוז מען האטש, פון יוצא וועגען, אנווייזען א פסוק פון תנ"ך, א מימרא פון גמרא. אונ דאריבער האט ער געמוזט אנקומען צו אזעלכע יודען, וואס האבען פאר געלד פערקויפט דאס ביסעל תורה, וואס ער האט בעדארפט האבען צו זיינע ביכער. פריהר האט איהם געהאלפען אגעוועזענער רב, וואס האט זיך געטויפט אונ אוועקגעווארפען אגאנצע משפחה, ווען ער איז שוין אלט געוועהן פינפציג יאהר, וויקטאר פאן קארבען. נאר, ווי עס שיינט, האט ארטואין דע גראעס ניט געהאט קיין גרויס נחת פונ'ם רב'ס למדנות אונ ער האט זיך געחאפט צום קצב אונ האט אונטער פפעפערקארנ'ס נאמען ארויסגעגעבען אבוך, וואס האט געהייסען „דער שפיגעל". אין דעם בוך האט פפעפערקארן אויפגעטהון אזא המצאה: ער האט זיך קלאמערשט געווענדט צו די קריסטען מיט א בקשה זיי זאלען לעבען ווי ברידער מיט די יודען, זיי ניט שלאגען ניט ראבען, ווייל זיי זענען אייגענטליך גאר ניט אזוי שולדיג, די גאנצע עולה איז נאר וואס זיי נעהמען פראצענט אונ ווילען ניט געהן אין די קירכען הערען די דרשות פון די גייסטליכע, אונ דאס האט נאר דער תלמוד אנגעארבייט; ער האט זיי אראבגעפיהרט פונ'ם וועג אונ דאריבער דארף מען זעהען אז פון דער גמרא

זאל קיין זכר ניט בלייבען. מיט אזא אויסרעד האט פפעפערקארן געוואלט
בעניהען די אלטע גזרה וועגען פארברענען דעם תלמוד און האט גערעכענט
אז מיט זיין בוך וועט ער עס פועל'ן ביי דער מלוכה. די יודען זענען אבער
קיין מאל קיין נארנים ניט געוועהן, זיי האבען פערשטאנען וואס פאר א בעל
טובה פפעפערקארן קאן זיי זיין, און וואס פאר א גיפט עס ליעגט אין זיינע זיסע
דבורים, און האבען באלד ארויסגעלאזט א קול, אז דאס איז מעהר ניט ווי איין
אויפטהוא, כדי מען זאל ביי זיי רייסען געלד. דערמיט האבען זיי פפעפערקארן
ארויסגעבראכט פון דער העזה, ער האט באלד אראבגענומען די מאסקע פון
יושר און איז שוין ארויס געגען די יודען מיט דער גאנצער רשעות; ער האט ארויס-
געלאזט עטליכע נייע ביכער און האט דארט ארויסגעוויזען אז די יודען זענען
הפקר-מענשען, אז עס איז די גרעסטע מצוה זיי צו ברענגען אויפ'ן פייער, אז
מען דארף ביי זיי צונעהמען אללע היילינע ספרים און די קינדער מוז מען מיט
געוואלד טויפען.

די צייטען האבען זיך אבער פארט איבערגעביטען. פריהר וואלט פפע-
פערקארן גאר ניט בעדארפט אזוי פיעל טענה'ן, ער וואלט אהן ביכער און גאר
אהן ראיות געפינען א סך בעלנים אויף יודען צו שלאגען, נאר אצונד איז עס
איהם זעהר שווער אנגעקומען, ווייל די מלוכה האט איהם ניט געוואלט הארען
און צו די גרויסע עדעללייט, וואס האבען געהאט ביי זיך יודישע דאקטוירים
און אנדערע חשובים, וועלכע האבען זיי אויפגעקלאהרט וואס פאר א נפש
פפעפערקארן איז, האט ער קיין שליטה ניט געקאנט האבען. אז פפעפערקארן
מיט זיין חברה האבען דערזעהען אז זייער גאנצע מיה קאן זיין אומזיסט, זענען
זיי געפאלען אויף איין אנדער שכל און האבען זיך אבגעזוכט גאר א נייעם וועג
צום קייזער מאקסימיליאן: אין מינכען האט געוואהנט אין א קלויסטער
(מאנאסטיר) דעם קייזערס שוועסטער קונינגונדע, וואס האט אין דער יוגענד
געהאט גענוג צרות און, אז זי איז געבליבען איין אלמנה האט זי זיך אין
גאנצען אבגעזאגט פון דער וועלט און האט זיך גענומען צו פרומקייט. אט צו
דער פרומער פרינצעסין האט מען אוועקגעשיקט פפעפערקארן מיט גרויסע רע-
קאמענדאציעס, ער זאל איהר פערשטעהן געבען וואס פאר א גאטהיגע זאך
עס וואלט געוועהן פאר דער קאטאלישער קירכע מען זאל מאכען א תל פון די
יודען און זייער אמונה. ביי קונינגונדע'ן איז זעהר אנגעלעגט געוועהן וואס זי
קאן זיך אננעהמען גאט'ס קריוודע, און זי האט באלד געגעבען א בריעף
צום ברודער ער זאל אין דער זאך ניט שווייגען און זאל ווענינסטענס הייסען

פֶערבְּרֶענֶען דֶעם שֶׁאדְלִיכֶען תַּלְמוּד. מִיט קוּנִיגוּנְדֶע'ס בְּרִיעף אִיז פְּפֶעפֶערְקָארְן אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען גְלַייךְ צוּ מַאקְסִימִילְיַאן אִין לַאגֶער, אַלְלֵיין הָאט עֶר מִן הַסְתָּם אוֹיךְ נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט קַיין שְׁוַוארְצֶע פַארְבֶּען אוּנ הָאט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם קֵייזֶער אַז דָאס גַאנְצֶע גְלִיק פוּן דֶער מְדִינָה הֶאנְגְט נָאר אָב פוּן דִי עֶטְלִיכֶע גְמָרוֹת וָואס מֶען וֶועט צוּנֶעהמֶען בַּיי דִי יוּדֶען, אוּנ דֶעם 10 אויגוּסְט 1509 אִיז אַרוֹיס אַ בֶּעפֶעהל: אַז פְּפֶעפֶערְקָארְן הָאט דָאס רֶעכְט אַרוּמְצוּפָאהרֶען אִיבֶּער גַאנְץ דַייטְשְׁלַאנְד אִיבֶּערְקוּקֶען דִי יוּדִישֶׁע סְפָרִים, עֶר מֶעג הַייסֶען פֶערְבְּרֶענֶען דִי דָאזִיגֶע וָואס עֶר וֶועט גֶעפִינֶען פַאר שֶׁאדְלִיךְ אוּנ וֶוער פוּן דִי יוּדֶען עֶס וֶועט זִיךְ אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען אַקֶעגֶען אִיהם וֶועט בֶּעקוּמֶען דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטְרָאף.

אַז פְּפֶעפֶערְקָארְן הָאט בֶּעקוּמֶען בַּיים קֵייזֶער אַזַא פַּאפִּיר, וָואס מַאכְט אִיהם כִּמְעַט פַאר אַ בַּעַל הַבַּיִת אִיבֶּער אַלֶע יוּדֶען, הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד גֶעוָוארְפֶען קַיין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין, וַוייל עֶרְשְׁטֶענְס, זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועהן אַ סַךְ לוֹמְדִים אוּנ עֶר הָאט בַּיי זֵיי גֶעקָאנְט פַארְנֶעהמֶען גֶענוּג סְפָרִים, אוּנ, צְווייטֶענְס, אִיז דָארְט דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן אַ יְרִיד, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אַז עֶס וֶועט אִיהם גֶעןָ אטְהֶען צוּ פֶערְהַאלְטֶען פִיעל סְפָרִים, וָואס מֶען הָאט אַהִין גֶעבְּרַאכְט צוּ פֶערְקוֹיפֶען. פוּנְקְט עֶרֶב סֻכּוֹת, פְרַייטָאג דֶעם 28 סֶעפְּטֶעמְבֶּער 1509, אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען קַיין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין. עֶר הָאט בַּאלְד גֶעשִׁיקְט צוּנוֹיפְרוּפֶען אַלֶע יוּדִישֶׁע אַיינְוָואהנֶער אִין שׁוּל אַרַיין, קוֹדֶם כָּל הָאט עֶר בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען אַלֶע סִדוּרִים אוּנ אַ חוּץ דֶעם הָאט עֶר נָאךְ גֶעהֵייסֶען פֶערְמַאכֶען דִי שׁוּל, כְּדֵי מֶען זָאל דָארְט גָאר נִיט קֶאנֶען בֶּעהַאלְטֶען אוּנ עֶר זָאל פְרַיי זוּכֶען סְפָרִים אִין יֶעדֶען יוּדִישׁ הוֹיז. דֶערְמִיט אָבֶּער וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט פַארְשְׁטֶערְן דֶעם יוּדִישֶׁען יוֹם טוֹב הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁטְרִיקֶעל, דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָנְגֶעמַאכְט אַ לַארְם אוּנ דִי גַייסְטְלִיכֶע, וָואס הָאבֶּען גֶעזָאלְט הֶעלְפֶען פְּפֶעפֶערְקָארְן, זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען פוּן וַוייטֶענְס אוּנ הָאבֶּען סַאי וִוי סַאי גֶעפָאדֶערְט אַז מֶען זָאל דִי זַאךְ אָבְּלֶעגֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טֶאג בִּיז חוֹל הַמוֹעֵד. דֶערְוַוייל הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעוֶוענְדְט צוּם אַרְכִיעפִּיסְקָאפּ פוּן מַאִינְץ אוּרִיאֶל פָאן גֶעמִינְגֶען אוּנ עֶר הָאט בַּאלְד גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ דִי גַייסְטְלִיכֶע זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט מִישֶׁען, אוּנ אוֹיף זֵיי קוּקֶענְדִיג הָאט זִיךְ שׁוֹין קֵיינֶער נִיט גֶעוָואלְט רִירֶען אוּנ פְּפֶעפֶערְקָארְן אַלֵיין, אָהן אַ שׁוּם הִילְף בַּיי דֶער זַייט, הָאט גָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען. קוֹים הָאבֶּען דִי יוּדֶען שׁוֹין גֶעהַאט מֶעהר צַייט, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבַּייטֶען: מֶען הָאט צוּשְׁרִיבֶּען בְּרִיעף צוּ אַלֶע יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת פוּן דַייטְשְׁלַאנְד אַז יֶעדֶער זָאל טְהוּן וָואס עֶר קָאן, וַוייל עֶס אִיז אֵיין אוּמְגְלִיק פַאר'ן כְּלַל יִשְׂרָאֵל; אַ שְׁלִיחַ

מיוחד, ר' יונתן ציון, האבען זיי אוועקגעשיקט צום קייזער, כדי ער זאל איהם אויפקלאהרען אז אין פפעפערקארנ'ס מסירות איז ניטא קיין איינציג ווארט אמת, אונ אז די יודען האבען שוין-בריעף פון די אלטע דייטשע מלכים אונ די מלוכה דארף זיך גאר פאר זיי אננעהמען אונ ניט איבערגעבען אין די האנד פון א פאלשען שונא. אויסער דעם האט מען געפועלט ביים ארכיעפיסקאפ אוריאל פון געממינגען אונ ער האט אוועקגעשיקט א בריעף צו מאקסימיליאן, ער האט איהם געגעבען אנצוהערען אז עס פאסט גאר ניט פאר דער מלוכה זי זאל זיך אריינמישען אין אזעלכע זאכען, וואס נאר די גייסטליכע דארפען דארויף אכטונג געבען, אונ האט איהם אויך פערשטעהען געגעבען אז די סכנה איז גאר ניט אזוי גרויס אונ אז די יודישע ספרים זענען דוקא ניט שעדליך. פפעפערקארן אליין האט דער ארכיעפיסקאפ אויפגעקלאהרט אז ער מוז דערווייל שווייגען, ווייל אין דעם קייזער'ס בעפעהל, וואס ער האט געבראכט, איז עפיס געוועהן א קליינער טעות, וואס מען האט זיך געקאנט צו איהם טשעפען, אונ דערביי האט ער איהם אריינגעווארפען א ווארט, אז אויב ער מיינט באמת נאר די טובה פון דער קאטאלישער אמונה דארף ער ניט שטעלען אויף זיך אונ עס איז גלייכער אז די יודישע ספרים זאלען איבערקוקען נאך עטליכע געלעהרטע, ווי וויקטאר פאן קארבען אונ יאהאנעס רייכלין. אין דעם געדאנק האט זיך פפעפערקארן אנגעהאפט אונ דערפון איז ארויסגעקומען א גאנץ איבער-קערעניש.

יאהאנעס רייכלין איז געוועהן א בעריהמטער דייטשער געלעהרטער, וואס האט גוט געקאנט לשון קודש. צום אנהייב האט ער געלערנט העברעאיש ווי יעדע אנדערע אלטע שפראכע, נאר אז ער האט אנגעהויבען טיעפער זיך צו בעקענען מיט דער ביבעל אונ מיט אללע הייליגע ספרים, איז איהם דאס לשון איינגעבאקען געווארען אין הארצען, ווער שמיעסט אז ער איז נאך אין רום בעקאנט געווארען מיט'ן יונגען גראף דזשיאוואני פיקא דע מיראנדאלא, וואס איז געוועהן א פארברענטער מקובל אונ האט איהם געוויזען א סך שכל'דיגע פירושים אויף דער תורה, האט ער זיך גאר אין גאנצען אריינגעלאזט אין לערנען. שפעטער אז ער איז געקומען קיין לינץ אונ האט דארט געפונען ר' יעקב לאאנס, דעם לייב-דאקטאר פונ'ס אלטען קייזער פרידריך דעם דריטען, האט ער גאר געהאט א וואהלען רבי'ן, אונ אזוי איז ער געווארען ניט נאר א יודע ספר, נאר טאקי א שטארקער בקי. אויסער דעם האט ער נאך געלערנט תורה ביי ר' עובדיה ספורנו אונ ניט איין מאל פלעגט מען איהם זעהן אין דער

יודישער גאס ווי ער האט זיך געמישט צווישען לומדים און האט פערבראכט גאנצע טאג אויף צו האפען עפיס א גוט ווארט. דעם ערשטען חבור, וואס רייכלין האט ארויסגעלאזט אויף דער וועלט, האט ער אנגעפילט מיט שבחים אויף דער העבראישער שפראכע. ער האט זעהר שטארק געלויבט דאס קורצקייט און דאס שארפזיניגקייט פון יעדען ווארט, און האט אויסגעוויזען אז ניט אומזיסט רעכענט זי זיך פאר היילג און האט געהאט די זכיה אז אין איהר זאל די תורה אנגעשריבען ווערען. דערנאך האט ער געמאכט א גראמאטיק. כדי אנדערע קריסטען זאלען אויך קאנען לערנען העבראיש און האט טאקי געהאט עטליכע תלמידים, ווי סעבאסטיאן מינסטער און ווידמאנשטאדט, וואס האבען ביי איהם געלערנט לשון קודש. נאר ווי רייכלין האט ניט ליעב געהאט די העבראישע שפראכע, ווי גוט און פרום ער איז ניט געוועהן, האט ער זיך פארט ניט געקאנט בעפרייהען פון דער שנאה צו די יודען, וואס פלעגט איבער־געהען צום קריסט צוזאמען מיט דער מוטטער'ס מילך. און דערפאר האט מען אפט פון איהם געזעהען אזא ביטערן האס צום יודישען פאלק וואס ווער עס האט נאר געקאנט זיין ווייך הארץ, זיין איבערגעבענהייט דעם אמת, זיין דרך ארץ האבען פאר יודישע לומדים, האט זיך נאר געמוזט חדוש'ן. ער האט זיך אפילו ניט געשאמט אנצושרייבען א בעזונדער ספר, אין וועלכען ער האט די יודען געשאלטען מיט טויטע קללות און גערדונגען אז קיין ערגערס פון זיי איז גאר ניטא, האטש אויף דער עלטער האט ער זיך דארויף געגוג געשלאגען על חטא.

אודאי האבען אללע שונאי ישראל גערעכענט רייכלין פאר איינעם פון זייער חברה, און אז פפעפערקארן האט איהם געבעטען ער זאל איהם בעהילפיג זיין אין זיין זאך, האט ער איהם צוגעזאגט. דערווייל האבען די יודען געטהון זייערס און ר' יונתן ציון צוזאמען מיט ר' יצחק טריעסט, וואס איז גע־וועהן א גרויסער חשוב ביי מאקסימיליאן, האבען שוין כמעט ארויפגעבראכט דעם קייזער ער זאל מבטל זיין די גזרה. צום אומגליק, האט זיך אבער נאך אמאל אנגעיאגט פפעפערקארן מיט א נייעם בריעף פון דער פרינצעסין קוניגונדע. ער האט איהם דערצעהלט וואס פאר א שרעקליך עזות די יודען האבען ארויסגעוויזען, און ווי זיי האבען זיך ארויסגעשטעלט געגען זיין בעפעהל און האט ביי איהם דעם 10 נאוועמבער 1509, אויסגענארט נאך א שטארקערן פאפיער, נאר דאס האט מאקסימיליאן אין זין געהאט אז מען זאל זיך ניט פער־לאזען נאר אויף פפעפערקארנ'ס מבינות אליין און מען זאל בעשטימען א גאנצע

קאמיסיע, אונטער דער השגחה פונ'ם ארכיעפיסקאפ אוריאל, וואס זאל בעשטעהען פון פערשיעדענע געלעהרטע פון קעלן, מאינץ, ערפורט אונ היידעלבערג, אונ מען זאל אויך צו דער ארבייט צושלעפען יאהאנעס רייכלין אונ וויקטאר פאן קארבען. מיט דעם נייעם בעפעהל אין די האנד, האט פפעפערקארן זיך נאך אמאל געלאזט קיין פראנקפורט אם מאין אונ האט דעמאלט צוגענומען פינפצעהן הונדערט געשריבענע ספרים. דאס איינענע האט ער אויך געטהון אין אנדערע שטאדט אונ האט זיך גענוג נוקם געוועהן אין די יודען פאר זייער עקשנות. פפעפערקארנ'ס כעס איז נאך גרעסער געווארען דורך דעם, וואס ער איז ניט געוועהן קיין נקי כפים אונ האט ארויסגעקוקט אז די יודען וועלען זיך אנהויבען אבצוקויפען מיט געלד; ביי די יודען איז אבער שווער עס זאל זיין אחדות, אסך יודישע קהלות האבען זיך ניט געוואלט לאזען קאסטען, אונ דאריבער האט מען ניט געקאנט צונויפנעהמען פון זיינעט וועגען אזא מנה יפה וואס מען זאל קאנען דערמיט איהם פערשטאפען דעם מויל. ערשט אז פפעפערקארן האט זיך רעכט צופיהרט די האנד אונ האט ניט אויסגעלאזט קיין איינציג ארט, איז געווארען א רעש צווישען אללע קהלות אונ מען האט זיך ענטשלאסען צונויפזאמלען אללע כוחות אונ זעהען פטר'ן די צרה.

עס איז שוין אבער געוועהן צושפעט. מען האט גוט געוואוסט אז פפעפערקארן מיינט נאר די מטבע, עס האט איהם אבער ניט געפאסט פלוצלונג זיך אבזאגען פון זיינע חפצות, אונ דא זענען נאך הינטער זיינע פלייצעס געשטאנען די קאטאלישע גייסטליכע, וועלכע האבען טאקי געוואלט די יודען עוקר מן השורש זיין, אונ דערפאר איז שווער געוועהן זיך מיט איהם אויסצוגלייכען, אונ די יודען האבען געמוזט אנקומען צו טובות פון גרויסע לייט, וואס האבען ניט דערלאזט מען זאל זיי שלעכטס טהון. קודם כל האט זיי דער ארכיעפיסקאפ אוריאל געשיצט דערמיט וואס ער האט ניט געלאזט איינציגווייז צונעהמען ניט איין יודישען ספר ביז מען וועט ניט איבערקוקען אללע ספרים מיט אמאל אונ מען וועט אקוראט וויסען וועלכע זענען כשר אונ וועלכע – פסול. דערווייל האט זיך די זאך פערצויגען אין דער לאנגער באנק אריין. פפעפערקארן האט זיך געוואלט פריווען טשעפען די מוכרי ספרים וועלכע זענען געקומען מיט זייער סחורה קיין פראנקפורט אם מאין אויפ'ן יריד, נאר עס איז איהם אויך ניט געגאנגען, ווייל די מוכרי ספרים זענען געוועהן פון פרעמדע ערטער אונ יעדער פון זיי האט זיך פערופען אויף דעם כח פון זיין מלוכה. אודאי האט פפעפערקארן ניט געקאנט אזוי גוט אויספיהרען זיין זאך, אונ וואס מעהר צייט עס איז אוועק

געפאנגען איז דער עולם געווארען מעהר מבינים אויף זיין דרך אונ די קריסטען
אלליין האבען זיך אויך אנגעהויבען שטויסען אז ער לעגט זיך גאר אזוי ניט אוועק
פאר דער קדושה. דאס האט איהם געצוואונגען ארויסצולאזען א נייעם ספר אונ
פון איין זייט דארט אויפהייבען דעם קייזער מאקסימיליאן ביז צום זיבעטען
הימעל אונ פון דער אנדערער זייט אויסטראכטען אויף די יודען פרישע בלבולים.
דאס מאל האבען איהם אבער אזעלכע צוויי זיכערע מיטעל, ווי חניפה אונ
שקר, ניט געהאלפען: דער קייזער האט גאר אין גאנצען אשפיי געטהון
אויף די אללע קאפדרעהענישען, עס איז איהם נמאס געווארען שטענדיג נאר
האבען צו טהון מיט יודישע ספרים, ער האט מבטל געוועהן זיין פריהריגע
גזרה אונ האט געהייסען מען זאל אומקעהרען די יודען די ספרים, וועלכע מען
האט ביי זיי צוגענומען אונ מען זאל ווארטען ביז ער וועט וועגען דעם ארויס-
געבען א נייעם בעפעהל. דאס איז געשעהען דעם 23 מאי 1510 אונ אויף די יודען
איז געקומען גאר א אונגעריכטע ישועה. זייער פרייד איז אבער געוועהן גאר
א קורצע, ווייל טאקי באלד האט זיך געמאכט איין אומגליק מיט די יודען פון
בראנדענבורג: מען האט דארט בעגנב'ט א קירכע, אונ אז מען האט גע-
חאפט דעם גנב האט ער דעם גאנצען חטא ארויפגעלעגט אויף די יודען אונ
האט דערצעהלט אז זיי האבען איהם אנגעשטעלט. דער קורפירסט יאאכים
דער ערשטע האט עס אנגענומען פאר תורת אמת, ער האט געשטעלט אויף
די רעד פונ'ם גנב אונ האט געהייסען פערברענען אכט אונ דרייסיג יודען,
וועלכע האבען דעם 19 יולי 1510 זייער לעבען ווי קדושים געענדיגט. אזא מעשה
איז די גייסטליכע שטארק צו נוטץ געקומען, זיי האבען שוין געהאט דאס רעכט
אפען צו שרייען אין די גאסען אז די יודען זענען רוצחים אונ עס איז נאך גאר
ווייניג וואס מען טהוט זיי. דעמאלט האט זיך פפעפערקארן ווייטער גענומען
צו זיין זאך, מען האט נאך אמאל אנגעשטעלט די פרינצעסין קונעגונדע זי
זאל ניט שווייגען אונ אז מאקסימיליאן איז געקומען קיין מינכען זיך זעהען מיט
איהר, האט זי פאר איהם געוויינט אונ געחלש'ט ער זאל חאטש איהר צו ליעב
טהון דאס קלייניגקייט אונ זאל בעניהען די גזרה וועגען די יודישע ספרים.
דער קייזער האט דא אלליין ניט געוואוסט ווי אזוי זיך אויסצודרעהען, דער
שוועסטער אבזאגען האט זיך איהם ניט געגלוסט אונ נאך שווערער איז איהם
געוועהן ארויסצווייזען אז פפעפערקארנ'ס מסירות האבען ביי איהם עפיס
א ווערטה. דאריבער איז ער געפאלען אויף א שכל אונ האט דעם 6 יולי 1510
געגעבען דעם ארכיעפיסקאפ אוריאל א נייעם בעפעהל אז ער זאל וועגען דער

שְׁאֵלָה פון די יודישע סְפָרִים פָאדערען מיינונגען בּיי האָכְשְׁטְרַאטען, וויקטאָר פון קאַרבען אונ יאָהאַנעס רייכלין. די יודען זענען בּיי זיך שְׁטאַרק אַראָבּגעפאַלען אונ בּעוואונדערט האָבּען זיי געציטערט פאַר רייכלינ'ס דֵעָה, ווייל ער איז געוועהן דער איינציגער לַמְדָן, וואס וואָלט זיך געקאָנט טשעפּען ווען ער וויל נאָר, אונ דערצו האָט ער זעהר פיינד געהאַט יודען. זייער פַּחַד איז אָבּער געוועהן אומזיסט. רייכלין האָט דַוְקָא בּעוויזען אַז מען מאָג אַ פאָלק ניט ליעבּ האָבּען אונ פון דעסטוועגען קאָן מען זאָגען דעם אֱמֶת. ער האָט איינגעטהיילט די יודישע סְפָרִים אין זיבּען פערשיעדענע קלאַססען אונ האָט ערקלעהרט אַז אויסער דער תּוֹרָה, וואס איז גלייך הייליג בּיי אַללע, זענען די פֵּירוּשִׁים פון רש״י, אִבְּן עֶזְרָא, רד״ק, ר׳ משה גרונדי אונ ר׳ לֵוִי בֶּן גֵרְשׁוֹן (רלב״ג) פול מיט חָכְמָה אונ מוּסָר, מען געפינט דאָרט ניט קיין שוּם זאַך וואס זאָל חָלִילָה אָנרירען דעם כָּבוֹד פון פרעמדע אֱמוּנוֹת אונ בּעזאָנדערס פון דער קריסטליכער רעליגיאָן. דעסטגלייכען זענען ריין דערפון די איבּריגע יודישע הַקִירָה־סְפָרִים. וואס האָבּען דעם תַּכְלִית נאָר צו פערבּרייטען וויסענשאַפט אין פאָלק. וועגען דעם תַּלְמוּד האָט רייכלין זיך ניט געשאַמט מוֹדֶה צו זיין אַז ער פערשטעהט איהם זעהר וועניג אונ דערפאַר רעכענט ער, אַז די אַללע וואס שרייען אַז מען מוז איהם פערבּרענען, פערשטעהען איהם נאָך וועניגער אונ האָבּען דערבּיי גאָר איין אַנדער מִין. איבּערהויפּט האָט זיך רייכלין געשטעלט אויף דעם אַלֶף אונ האָט אויסגעוויזען אַז, ערשטענס, זענען די יודען פונקט אַזעלכע איינוואָהנער אין דייטשלאַנד ווי אַללע אַנדערע אונ מען מוז זיי שיצען צוזאַמען מיט אַללע קינדער פונ׳ם לאַנד אונ, צווייטענס, אַז מען טאָר זיי ניט מִשְׁפָּט׳ן ווי געגנער פון דער קירכע, ווייל זיי האָבּען זיך זייער אֱמוּנָה אונ קאָנען גאָר ניט זיין קיין געגנער פון אַזאַ זאַך, וואס זיי געהערען זיך דערמיט גאָר ניט אָן. סוֹף כָּל סוֹף האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין דֵעָה אַז מען זאָל די יודישע סְפָרִים ניט אָנרירען אונ מען זאָל בּעסער אין יעדער אוניווערזיטעט בּעשטימען צוויי פּראָפעסאָרען, וואס זאָלען לערנען לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אונ גְמָרָא אונ דערמיט מעהר מְקָרֵב זיין די יודען, כְּדֵי זיי זאָלען מיט גוטען אונ מיט פרייעם ווילען איבּערגעהן צום קריסטענטהום.

אין דער צייט וואס רייכלין האָט ווי אַ אִישׁ אֱמֶת געשריבּען זיין מיינונג, איז קיינעם ניט איינגעפאַלען אין קאָפּ אַריין אַז ער קאָן אַרויסגעבּען אַזאַ מִשְׁפָּט, ווייל מען האָט געוואוסט מיט וואס פאַר אַהאַס ער פלעגט שטאַנדיג רעדען פון יודען; דאַריבּער האָבּען זיך די שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל מיט זיין הילף געוואָלט ערשט

רעכט צופיהרען די האנד, זיי האבען פערשטאנען אז זיי האבען אויף װעמען זיך צו פערלאזען, אונ ווי באלד רייכלין װעט נאר געבען זיין הסכמה װעט שוין קיינער גאר קיין קשיות ניט פרעגען. אזוי האבען די קאלענער גייסטליכע, צוזאמען מיט האכשטראטען אונ וויקטאר פאן קארבען, געמאכט אזא פסק מען זאל צונויפנעהמען אללע ערטער פון דער גמרא אונ אנדערע ספרים, װאס מען רעכענט אז זיי זענען שעדליך, אונ מען זאל זיי ווייזען די יודען, װעלען זיי מודה זיין אז די אללע ערטער זענען טאקי שעדליך – דארפען זיי אליין מסכים זיין מען זאל זיי פערברענען, װעלען זיי זיך אבער אנהויבען שפארען – איז א סימן אז די יודען אליין זענען געפאהרליכע מענשען אונ מען מוז בעטען דעם קייזער ער זאל פון זייערטװעגען איינפיהרען איין אינקוויזיציאנ'ס-געריכט.

די מאיינצער געלעהרטע זענען געגאנגען נאך ווייטער אונ האבען געדרונגען אז די תורה מוז מען אויך פארברענען, וויל די ביבעל איז אין לשון קדש ניט ריכטיג אנגעשריבען אונ די פערגרייזיגטע לאטיינישע איבערזעצונג איז קלאמערשט בעסער. װער ווייסט צו װאלטען זיי ניט געוועהן אויסגעפיהרט ווען זיי מאבען אליין ניט קאליע דעם גאנצען פלאן מיט איין נארישקייט.

רייכלין האט מיט רעכט געדענקט אז די גאנצע זאך דארף צו געהן בסוד, אונ װאס פאר א בעפעהל די מלוכה זאל דערנאך ניט ארויסגעבען טאר קיינער ניט וויסען די מיינונגען װאס מען האט ארויסגעזאגט; דאריבער האט ער זיין דעה אויפגעשריבען אויף פאפיער, פערחתמ'ט מיט זיין חתימה אונ האט עס דורך א שליח מיוחד אװעקגעשיקט צום ארכיעפיסקאפ אוריאל, כדי ער זאל עס איבערלייענען אונ ווייטער פערזארגען צום קייזער. פפעפערקארן האט אבער אזוי געדרעהט מיט שווינדעל אז נאך עהדער רייכלינ'ס בריעף איז אנגעקומען צו מאקסימיליאן, האט ער שוין געוואוסט זיין מיינונג אונ איהם מיט דער גאנצער חברה איז פינסטער געװארען אין די אויגען, זיי האבען אבער ניט לאנג געטראכט אונ האבען זיך ענטשלאסען ארויסצושפרינגען געגען רייכלין, איהם אפענטליך זידלען אונ אזוי ערנידריגען אז זיין דעה זאל שוין ניט שפיעלען אזא וויכטיגע ראללע אונ זאל זיי ניט שאדען. מיט דער כוונה האבען די קאלענער גייסטליכע ארויסגעלאזט אויף דער װעלט, אונטער פפעפערקארנ'ס נאמען, א ספר װאס האט געהייסען: „דער האנדשפיגעל" אונ װאס שעלט רייכלין מיט טויטע קללות דערפאר װאס ער איז פלוצלונג אבגעטרעטען פון זיינע פריהריגע איבערצייגונגען אונ האט זיך געלאזט איבערקויפען פון די ניכטס ווירדיגע יודען. דאס האט שטארק פערדראסען רייכלין אונ ער איז באלד אװעקגעפאהרען

צום קייזער זיך קלאגען. מאקסימיליאן האט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד אונ האט איהם צוגעזאגט אז ער וועט הייסען מאכען א גוטען חקירה ודרישה אונ וועט שטרענג בעשטראפען די שולדיגע; נאר קוים איז רייכלין אוועקגעפאהרען האט ער שוין פערגעסען דאס ווארט, וואס ער האט איהם געגעבען, אונ פפעפערקארנ'ס בוך איז זיך דערווייל צוגאנגען איבער גאנץ דייטשלאנד. רייכלין האט א קוק געטהון אז עס איז קיין תכלית ניט, איז ביי איהם געבליבען ער זאל אליין זיך אננעהמען זיין קריוודע, אונ ער האט איהם יאהר 1511 אנגעשריבען זיין בעריהמט ספר „די ברילע“, אדער „אויגענשפיגעל“, אונ עס האט זיך אזוי געפיהרט אז צו ליעב זיין כבוד האט רייכלין געמוזט ווערען א מליץ יושר פאר יודען אונ האט זיך גוט אבגערעכענט מיט זייערע שונאים. ער האט זיי אויסגעוויזען זייערע אללע פאלשקייטען אונ ליגענס; מיט דעם כח פון איין עהרליכען מאמין, וואס פיהלט זיך אין קיין זאך ניט שולדיג, האט ער זיי געשטראפט פאר דעם רכילות, וואס זיי האבען אויסגעטראכט אז די יודען האבען איהם געלד געגעבען. מיט גאוה האט ער פריי מודה געוועהן אז ער האט גענומען ביי די יודען א סך וויכטיגערע זאכען פון געלד, אז ביי זיי האט ער געשעפט זיין גאנץ געלערנטקייט, נאר דאס איז קיין בושה אונ קיין עולה ניט, ווייל פיעל גרויסע לייט פון קריסטען, ווי דער הייליגער געראנימוס אונ ניקאלאי דע לירא, האבען געלערנט ביי יודען. נ״ חוץ דעם האט זיך שוין רייכלין אנגענומען פאר'ן תלמוד. מיט שכל האט ער פאראנטווערט אללע ארטער, וואס די שונאים האבען אנגעוויזען, אונ האט פערשטעהן געגעבען אז אזעלכע גראבע יונגען, ווי פפעפערקארן אונ זיין כנופיא, מוזען זיך פריהר לערנען פשוט'ע עברי אונ ניט זוכען חסרונות אין תלמוד. מען קאן זיך פארשטעלען וואס פאר א שמחה רייכלינ'ס ספר האט אנגעמאכט צווישען יודען אונ וואס פאר א געטימעל עס איז געווארען צווישען די שונאים: טויזענדער ביכער זענען פארשפרייט געווארען גאר אין א קורצער צייט, אומעדום האט מען געלייענט „די בריל“ אונ אנגעקוועלט פון רייכלינ'ס בעווייזע. וואס מעהר פפעפערקארן האט געשריגען — מעהר גוטע פריינד האט רייכלין בעקומען אונ פון אללע זייטען האבען איהם די גרעסטע געלעהרטע אבגעשיט מיט בריעף אונ האבען איהם געדאנקט דערפאר וואס ער האט זיך ניט געפוילט אראבצורייסען די מאסקע פון נידריגע אונ מאוסע עזות־פנים'ער.

דא האט זיך ערשט אנגעהויבען ארעכט קאבעניש, ווייל האטש עס האט געהייסען אז רייכלין האט נאר צו טהון מיט פפעפערקארן, פון דעסטוועגען

איז אָבער פאר קיינעם קיין סוד ניט געוועהן, אז פעפערקארן איז נאר דאס כפרה הינדעל, און אז די שטיינער, וואס מען ווארפט אויף איהם, טרעפען די גרויסע גייסטליכע, וואס מיט זייער כח האט ער אנגעארבייט די גאנצע צרה. אודאי האט עס זיי ניט געלאזט רוהען, און טאקי צו ליעב דעם וואס זיי האבען זיך פיעל ערלויבט איז זיי בעשערט געוועהן אזוי ארדענטליך בעצאהלט צו ווערן. איינער פון די גייסטליכע אין פראנקפורט אם מאין פעטער-מייער, האט אויסגערופען אין דער קירכע אז פעפערקארן וועט די אנדערע וואך אין א יום טוב דרשנ'ן געגען רייכלינ'ס ספר און האט געבעטען דעם עולם מען זאל איהם קומען הערען. דאס פאלק האט דוקא געפאלגט און האט זיך אין דעם בעשטימטען טאג געשטופט צו דער קירכע, נאר עס האט זיך דערפון אויסגעלאזט א חוזק, ווייל האטש פעפערקארן איז געוועהן געטויפט זענען איהם פארט געבליבען אלע יודישע תנועות און גערעדט האט ער נאר יודיש-דייטש; אודאי האבען זיינע רעד געבראכט נאר די מענשען צום לאכען, און אזוי ווי די דרשה האט ער געמוזט זאגען אין דרויסען פאר דער קירכע, ווייל אינוועניג האט ער, ווי א וועלט-מענש, קיין רעכט ניט געהאט צו דרשנ'ען, האט זיך שוין דער עולם געהאלטען מיט ווייניגער דרך ארץ: ביי יעדען ווארט, ביי יעדער בעוועגונג, האט מען זיך ביי די זייטען געהאלטען און עס איז דערפון ארויסגעקומען פונקט דער היפך: זיי האבען געמיינט דאס פאלק אונטערצוצינדען און צום סוף איז דערפון געווארען א פוסטע קאמעדיע.

אז דער פלאן איז ניט געראטהען און די גייסטליכע האבען א קוק געטהון אז מיט פעפערקארנ'ס האנד וועלען זיי גאר ניט מאכען, האט זיך יאקאב האכשטראטען ענטשלאסען אליין אנהויבען צו ארבייטען, און אזוי ווי ער איז געוועהן א אינקוויזיציאנס-ריכטער און האט געהאט דאס רעכט צו משפט'ן אלע אפיקורסים וואס זענען געגען פון דער קאטאלישער רעליגיאן, האט ער געשיקט זאגען רייכלין אז אין א צייט פון [illegible] טאג זאל ער זיך שטעלען צום משפט פאר'ן בית דין אין מאינץ, וואס ווי[illegible] איבערקוקען זיין ספר און וועט ארויסגעבען א פסק צו מאג מען עס לייענ[illegible] [illegible]דער מען מוז עס פארברענען. האכשטראטען איז אודאי געוועהן וועה וואס [illegible] קאן ניט הייסען צונאמען מיט'ן ספר אויך דעם מחבר אריינווארפען אין פייער, [illegible]אר ער האט זיך [illegible] געוואלט בעגניגען דערמיט וואס מען וועט חאטש רייכלינ'ס „בריל" אויפבראכען און די וועט זיי אויפהערען שטעכען די אויגען. [illegible]לין האט זיך ניט וויסענדיג געמאכט און צום בעשטימטען טאג, דעם 20 סעפטעמבער 1513, איז ער געקומען

צוּם מִשְׁפָּט. הָאכְשְׁטְרַאטֶען הָאט זִיךְ בֶּעוָוארֶענְט אוּנ הָאט פְרִיהר צוּגוֹיפְּגֶענוּמֶען בַּיי אַזֶעלְכֶע גֶעלֶעהרְטֶע, וִוי עֶר אַלֵיין אִיז גֶעוֶועהן, מֵיינוּנְגֶען וֶועגֶען רַייכְלִינְ׳ס סֵפֶר; דֶערְפַאר הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט הֶארֶען וֶוען רַייכְלִינְ׳ס גוּטֶע פְרַיינְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרִיוְוט רֶעדֶען פוּן שָׁלוֹם, אוּנ גָאר אִין אַקוּרְצֶער צַייט אִיז אַרוֹיס דֶער מִשְׁפָּט אַז מֶען זָאל רַייכְלִינְ׳ס סֵפֶר פֶערְבְּרֶענֶען. אַשִׂמְחָה אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דִי בַּייסְטְלִיכֶע, וָואס הָאכְשְׁטְרַאטֶען הָאט זֵיי בֶּעפְרַייהט פוּן וִכּוּחִים אוּנ הָאט זֵיי גֶעוִויזֶען אַז מִיט אֵיין קוֹיל פַייעֶר קָאן מֶען מְבַטֵל זַיין יֶענֶעמְס טַעֲנוֹת אוּנ מֶען דַארְף זִיךְ מֶעהר נִיט שְׁפַּארֶען. מֶען הָאט צוּשִׁיקְט שְׁלִיחִים אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד אוּנ מֶען הָאט מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן אַז יֶעדֶער וָואס הָאט בַּיי זִיךְ רַייכְלִינְ׳ס סֵפֶר אִיז מְחוּיָב אִיהם צוּצוּשְׁטֶעלֶען קַיין מַאִינְץ, אוּנ וִוי בַּאלְד מֶען וֶועט שְׁפֶּעטֶער בַּיי אֵיינֶעם גֶעפִינֶען אַזַא סֵפֶר וֶועט עֶר בֶּעקוּמֶען אַגְרוֹיסֶען עֹנֶשׁ. טוֹיזֶענְדֶער בִּיכֶער הָאט מֶען שׁוֹין צוּנוֹיפְּגֶענוּמֶען אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן בֶּעשְׁטִימְט דֶער טָאג פוּן דֶער גְרוֹיסֶער שְׂרֵפָה. דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶעזֶעהען נָאהֶענְט צוּם צִיעל אוּנ הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטַאנְצְט אִין דִי גַאסֶען פַאר פְרֵייד. נָאר אַז דָאס הָאלְץ אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אָנְגֶעגְרֵייט, דֶער קָרְבָּן אִיז שׁוֹין גֶעלֶעגֶען פוּן אוֹיבֶּען אוּנ נָאר אֵיין שְׁוֶועבֶּעלֶע הָאט גֶעפֶּעהלְט אַז רֵייכְלִינְ׳ס גֶעדַאנְקֶען זָאלֶען אַוֶועק מִיטְ׳ן רוֹיךְ, אִיז פְּלוּצְלוּנְג אָנְגֶעקוּמֶען אַשָׁלִיחַ מְיוּחָד מִיט אַבֶּעפֶעהל פוּנ׳ם אַרְכִיעפִּיסְקָאפּ אוּרִיאֵל אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט דֶערְוֶואגֶען צוּ רִירֶען צוּ רַייכְלִינְ׳ס סְפָרִים אוּנ מֶען זָאל וַוארְטֶען אַגַאנְצֶען חֹדֶשׁ בִּיז עֶר אַלֵיין וֶועט נִיט אִיבֶּערְקוּקֶען דֶעם מִשְׁפָּט. דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַשַׁארְפֶער קְלַאפּ פַאר הָאכְשְׁטְרַאטֶען מִיט זַיין חֶבְרָה. דַארוֹיף הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גָאר נִיט גֶערֶעכְט, מִיט חַרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה זֶענֶען זֵיי זִיךְ צוּגַאנְגֶען אוּנ רֵייכְלִין מִיט אַלֶע עֶדְלֶע לִיעבְּהָאבֶּער פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַקָאפּ. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַוַדַאי עֶס אוֹיךְ בֶּעטְרַאכְט פַאר אַיְשׁוּעָה, אוּנ בַּיי דֶער גְרוֹיסֶער אֲסִיפָה פוּן דִי רַבָּנִים אִין וָוארְמְס הָאבֶּען זֵיי מִיט דַאנְקְבַּארְקַייט צוּגֶערֶעכֶענְט רַייכְלִין צוּ דֶער קְלֵיינֶער צָאהל פוּן דִי גוּטְהֶארְצִיגֶע בֶּעשִׁיצֶער וָואס גָאט שִׁיקְט זֵיי צוּ אִין יֶעדֶען דוֹר זֵיי זָאלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִי הָמָן׳ס אוּנ זֵיי גוֹבֵר זַיין.

רֵייכְלִין הָאט אַוַדַאי הֲנָאָה גֶעטְהוּן וָואס דִי הַצְלָחָה הָאט אִיהם אַבִּיסֶעל צוּגֶעשְׁפִּיעלְט אוּנ עֶר הָאט דֶערְלֶעבְּט אַשְׁטִיקֶעל נְקָמָה אִין זַיינֶע שׂוֹנְאִים, נָאר עֶר אִיז בַּיי זִיךְ נִיט גֶענַארְט גֶעוֶועהן, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז דִי קַאטָאלִישֶׁע בַּייסְטְלִיכֶע זֶענֶען גְרוֹיסֶע עַקְשָׁנִים אוּנ אַז גָאר אִין גַאנְצֶען שְׁטִיל בְּלַייבֶּען וֶועלֶען זֵיי גֶעווִיס נִיט, דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ זוּכֶען הִילְף בַּיים פַּאפְּסְט

לֶעאָ דֶעם צֶעהנְטֶען, נָאר אַזוֹי וִוי עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז זַיינֶע גֶעגְנֶער זָאלֶען זִיךְ אַהִין נִיט וַוארְפֶען מִיט דֶער מַטְבֵּעַ, הָאט עֶר זִיךְ גֶעזוּכְט אַצַד אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען זֶעהר אַ שֶׁאנֶעם בְּרִיעף אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ צוּם פַּאפְּסְט'ס לַייבּ־דָאקְטָאר, בָּאנֶעט דֶע לַאטֶעס אוּנ הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל, וִוי אַיוּד, רֶעדֶען אַגוּט וָוארְט אוּנ זָאל דֶעם פַּאפְּסְט אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶער גוּטֶער מַחֲשָׁבָה צוּ שִׁיצֶען דִי גֶערֶעכְטֶע זַאךְ וָואס אִיז נוֹגֵעַ דֶעם אֱמֶת אוּנ אוֹיךְ דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל. רַייכְלִינ'ס וֶועג אִיז גֶעוֶועהן אַ גְלַייכֶער. דוּרְכ'ן יוּדִישֶׁען דָאקְטָאר הָאט עֶר אַלְדִינְג גֶעפּוּעֶלְט, אוּנ דֶעם 21 נָאוֶועמְבֶּער 1513 אִיז שׁוֹין אַרוֹיס אַבֶּעפֶעהל פוּנ'ם פַּאפְּסְט מֶען זָאל זֶעצֶען אַבֶּעזוּנְדֶער קָאמִיסְיָאן פוּן עֶהרְלִיכֶע אוּנ גֶעלֶעהרְטֶע לַייט, וָואס זָאלֶען בֶּעטְרַאכְטֶען דָאס מַחֲלוֹקֶת צְוִוישֶׁען רַייכְלִין אוּנ הָאכְשְׁטְרַאטֶען אוּנ זָאגֶען וֶוער עֶס הָאט רֶעכְט. מֶען הָאט בַּאלְד בֶּעשְׁטִימְט וֶוער עֶס זָאל זַיין דִי בּוֹרְרִים, פַאר'ן שָׁלִישׁ הָאט מֶען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם עֶפִּיסְקָאפּ פוּן שְׁפַּייער, גֶעאָרְג, אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיבֶּערְקוּקֶען אַלֶע טַעֲנוֹת פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען. הָאכְשְׁטְרַאטֶען מִיט זַיין בַּאנְדֶע הָאט אָבֶּער פֶערְשְׁטַאנֶען אַז צְוִוישֶׁען אָרֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען קָאנֶען זֵיי גֶערֶעכְט נִיט בְּלַייבֶּען אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען אוּנ דִי זַאךְ הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעצוֹיגֶען עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים, בִּיז אִים חֹדֶשׁ אַפְּרִיל 1514 אִיז אַרוֹיס דֶער פְּסַק, אַז רַייכְלִינְס סֵפֶר אִיז רֵיין פוּן אַלֶע חֲטָאִים, וָואס מֶען הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט, אַז וֶוענֶען יוּדֶען הָאט עֶר גֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת, אַז מֶען מֶאג עֶס פְרַאנְק אוּנ פְרַיי דְרוּקֶען אוּנ פֶערְקוֹיפֶען אוּנ אַז דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ אוּמְזִיסְט צוּ אִיהם גֶעטְשֶׁעפֶּעט.

אַזַא קְלָארֶער מִשְׁפָּט הָאט הָאכְשְׁטְרַאטֶען וִוי אַדוּנְנֶער פֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם קָאפּ, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעוָואלְט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען. עֶר הָאט אוּמֶעדוּם אַרוּמְגֶעשִׁיקְט זַיין חֶבְרָה מֶען זָאל לַאכֶען אוּנ חוֹזֶק מַאכֶען פוּן דֶעם מִשְׁפָּט, מֶען זָאל שְׁרַייעֶן אַז נָאר גְרָאבֶּע יוּנְגֶען הָאבֶּען גֶעקָאנְט אַזוֹי פַּסְקְנֶען, אוּנ פְּפֶעפֶערְקָארְן הָאט זִיךְ אֲפִילוּ נִיט גֶעפוּילְט אִין קֶעלְן צַרָאבְּרַייסֶען דִי קָאפִּיֶע פוּן דֶעם מִשְׁפָּט פוּן אַוַואנְד, וואוּ זִי אִיז גֶעוֶועהן אוֹיפְגֶעקְלֶעבְּט. הָאכְשְׁטְרַאטֶען הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעהַאט אַמַחֲשָׁבָה זָרָה אַז מִיט גֶעלְד וֶועט עֶר בְּלַייבֶּען תַּקִּיף, אוּנ דֶער אָרֶעמֶער רַייכְלִין וֶועט נִיט קָאנֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען גֶעגֶען אִיהם, אַז עֶס וֶועט אִיהם גֶערָאטְהֶען אִיבֶּערְצוּקוֹיפֶען אִין רוֹם אַ פָּאר קַארְדִינַאלֶען אוּנ אַז סוֹף כָּל סוֹף וֶועט דֶער פַּאפְּסְט זִיךְ נֵייגֶען אוֹיף זַיין זַייט. אַוַדַאי אִיז עֶר נִיט מִיד גֶעוָוארֶען וַוייטֶער צוּ אַרְבַּייטֶען אִין זַיין זַאךְ, אוּנ הָאט צוּשִׁיקְט בְּרִיעף צוּ דִי פְּרָאפֶעסָארֶען פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס

פון פאריז, כדי ער זאל האבען אויף וועמען זיך סומך זיין. דערמיט האט ער זיך אבער אליין קאליע געמאכט און האט גורם געוועהן אז דער צד שכנגד זאל ווערען פעסטער, ווייל רייכלין האט געהאט גענוג גוטע פריינד צווישען די עדלערע מענשען, וואס זענען ניט צופרידען געוועהן מיט די הנהגות פון די גייסטליכע, צו זיי זענען צוגעשטאנען אסך וואס האבען ניט אזוי פיעל געמיינט צו שטיצען דעם אלטען געלעהרטען פראפעסאר ווי צו טהון אויף צו להכעיס דעם באזען האבשטראטען, און אזוי איז געווארען א שטארקע חברה, וואס האבען זיך גערופען רייכליניסטען און האבען געהאלטען פאר א היילינגען חוב אנצוהויבען א מלחמה מיט די קנעכט פון פינסטערניש און נארישקייט.

צווישען די רייכליניסטען האט מען געקאנט בעמערקען ניט נאר דעם נייעם דור, ווי די בעריהמטע הערמאן פאם בושע, קראטוס רוביאנוס און אולריך פאן הוטטען, וואס האבען הויך אויפגעהויבען די פאהן פון מענשענליבע, נאר אויך אלטערע און גאר בכבוד'ע מענשען, ווי דער הערצאג אולריך פאן ווירטעמבערג, גראף פאן עלפענשטיין, גראף פאן נוענאר און נאך זעהר פיעל גרויסע לייט פון רעגענשבורג, נירנבערג, אויגסבורג און אפילו עטליכע קארדינאלען אין איטאליען. בעזאנדערס איז שטארק צוגעבונדען געווארען צו רייכלין דער גייסטליכער עגידיא פאן וויטערבא, וואס האט געלערנט תורה ביים גרויסען מדקדק ר' אליהו לעוויטא, און האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין ליעבשאפט צו דער יודישער ליטעראטור און מיט זיין לאטיינישער איבערזעצונג פון'ם „זוהר”. ער האט רייכלין זעהר געשעצט און האט איהם געשריבען, אז ער האט דער קריסטליכער קירכע געטהון די גרעסטע טובה דערמיט וואס ער האט אבגעראטעוועט די יודישע ספרים פון פייער, ווייל אין זיי זענען אללע יסודות פון אמת און אמונה.

אזוי האט זיך פון א קליינע שאלה, וואס האט אייגענטליך נאר די יודען בעריהרט, צוברענט א גרויס פייער, וואס האט זיך שוין אריבערגעכאפט איבער דער גרעניץ פון דייטשלאנד און האט אנגעשפארט גאנץ ווייט — אין פאריז און רום. האבשטראטען האט צובלאזען דאס פייער איןביידע ערטער: פון פאריז האט ער געוואלט בעקומען איין הסכמה אויף זיין דעה וועגען רייכלינ'ס „בריל” און די יודישע ספרים, און אין רום האט ער זיך געקלאגט אויפ'ן משפט פונ'ם עפיסקאפ געארג און האט גערעכענט אז מיט געלד וועט ער אלדינג איבערדרעהען; רייכלינ'ס גוטע פריינד האבען אבער ניט געשוויגען און די יודען אליין, וואס זיי האט ניט געפאסט אפענטליך ארויסצוטרעטען, האבען

שטילערהייד אויך ניט געשוויגען אונ דער פאפסט האט איבערגעגעבען די גאנצע זאך דעם קארדינאל דאמיניקא גרימאני, וואס האט געהאט א שטארקע ידיעה אין תלמוד אונ קבלה אונ האט באלד ארויסגעוויזען זיין פריינדשאפט צו רייכלין דערמיט וואס ער האט איהם ערלויבט אז ער זאל אויף דער עלטער זיך אליין ניט מטריח זיין אונ נאר שיקען פון זיך א שליח קיין רום, וואס זאל איבערגעבען אללע זיינע טענות. האכשטראטען אבער האט געמוזט אליין קומען, נאר האטש ער האט ארויסגעזעהען אז עס איז פאר איהם א פחיתת הכבוד וואס מען צווינגט איהם צו פאהרען קיין רום, פון דעסטוועגען האט ער זיך ניט וויסענדיג געמאכט אונ עס איז נאך ביי איהם אנגעלעגט געוועהן, ווייל ער האט געהאפט אז פערזאנליך וועט איהם געראטהען אומעדום זיך צו שטופען, אונ דארט וואו עס וועט איהם ניט העלפען דאס ביסעלע מינץ זאל ער זיך פרוווען מיט ליגענס אונ פאלשקייטען. האכשטראטען האט אפילו באלד זיך גענקאנט איבערציינען, אז האטש רייכלין איז ארעם וועט ער איהם פארט אזוי גיך ניט בייקומען, דערצו איז נאך אנגעקומען א בריעף פונ'ם קייזער מאקסימיליאן אז ער האט נאר חרטה אויף דער גאנצער מעשה אונ עס טהוט איהם זעהר באנג וואס ער האט זיך געלאזט איבעררעדען פון די פאלשע גייסטליכע אונ פון זיין פרומער שוועסטער אונ אנטהון אומזיסטיגע צרות אזא עהרליכען שוואכען אלטען מאנן ווי רייכלין. אזעלכע מענשען פאלען אבער ביי זיך ניט אראב אונ האכשטראטען האט זיך יענטשלאסען אבצושלעפען די זאך אויף א לאנגער צייט ביז רייכלין וועט ניט מיד ווערען. אזוי ווי רייכלינ'ס ספר איז געוועהן געשריבען אויף דייטש האט ער אימיסטען צוגעשטעלט א פאלשע איבערזעצונג, כדי דער אנדערער צד זאל דארויף ניט בעשטעהען אונ זאל פון זיין זייט צושטעלען איין אנדער איבערזעצונג אונ ביז עפיס זאל זיך דער משפט פערציהען. דערווייל האט האכשטראטען מיט גרויס מיה גע־פועלט אין פאריז מען זאל דארט פסלנען רייכלינ'ס ספר. גרינג איז עס איהם ניט אנגעקומען, ווייל רייכלין האט אין פאריז אויך געהאט א סך געלעהרטע וואס האבען געהאלטען מיט איהם, נאר האכשטראטען האט זיך בענוצט מיט דער שנאה וואס איז געוועהן צווישען די מלכים פון דייטשלאנד אונ פראנקרייך אונ אזוי ווי ער האט אויסגעוויזען אז מאקסימיליאן שיצט רייכלין האט שוין לודוויג דער צוועלפטער געמוזט געבען א בעפעהל זיין גייסטליכען גואילוימע האקינעט פעטיט ער זאל זיך אריינלעגען אין דער זאך אונ זאל זעהען אז מיט רוב דעות זאל מען אסר'ן אי דעם תלמוד, אי רייכלינ'ס ספר

קוים האט ער בעקומען פון פאריז דעם אסור שווארץ אויף ווייס, האט ער גאר אנגעהויבען רעדען אנדערע דבורים: מיט עזות האט ער פריי ארויסגעזאגט אז ער שטעלט ניט אויף קיינעם, אז ניט דער פאפסט און ניט דער קייזער קאנען איהם זאגען א דעה, און אז ווי באלד מען וועט איהם שטארק נאטהען וועט ער גאר אין גאנצען אבטרעטען פונ׳ם קאטאליציזמוס און וועט צושטעהען צו די הוססיטען. אז רייכלינ׳ס צד האט געזעהען, אז מען קאן גאר פון האבשטראטען ניט ארויס, האבען זיי געלאזט די זאך הענגען און עס איז ביי זיי געבליבען וייטער מלחמה האלטען מיט דער פען. דעמאלט איז ארויס אויף דער וועלט א ספר פון אן אונבעקאנטען מחבר, וואס האט געהייסען „בריעף פון מענשען וואס ליעגען אין דער פינסטער״. אין דעם ספר שטעלט דער מחבר פאר ווי די גייסטליכע שרייבען צווישען זיך, און מאכט חוזק פון דעם פלפול וואס זיי האבען זיך אריינגעלאזט וועגען יודישע ענינים. אין יעדען ווארט פון דעם ספר איז געלעגען איין הלצה, וואס האט געשטאכען אין דער זיבעטער ריפ, און ניט אומזיסט האבען אין יענער צייט די דאזיגע „בריעף״ אנגעמאכט א שרעקליכען רעש. דארט שטעלט א שטייגער דער מחבר פאר: ווי איינער בעט ביי א גייסטליכען ער זאל איהם ארויסגעבען א תשובה אויף אזא עבירה וואס ער האט בעגעגענט א יודען אין גאס און האט איהם געגריסט, ווייל די לאנגע קאפאטע האט איהם געבראכט צו א טעות און ער האט געמיינט אז דאס איז א גייסטליכער, און נאך אנדערע וויצען דערגלייכען. מיט אזעלכע שאלות זענען די „בריעף״ פול געווען, און ווער עס האט זיי געלייענט האט פערשטאנען אז דאס איז א ווינק, צו ווייזען מיט וואס פאר א נארישקייטען די גייסטליכע געבען זיך אב, און מען האט דאס בוך מיט פערגניגען געלעזען.

דאס וואס איז אבער געוועהן פאר די עדלע קריסטען א געלעכטער האט זיך אויסגעלאזט צו די יודישע קאפ. די שונאים זענען נאך מעהר אין כעס אריין און פערקארן האט בפירוש אנגעהויבען שרייען אז אין גאנצען געפינען זיך נאך אין דייטשלאנד דריי יודישע קהלות, אין ווארמס, רעגענשבורג און פראנקפורט אם מאין, און ווען מען זאל זיי אויך פטר׳ן, וואלט שוין ניט געוועהן מיט וועמען צו טהון האבען און עס וואלט ניט געקומען צו לייטיש געלאכטער. אזוי איז ביי די שונאים געבליבען מען זאל גאר פועל׳ן ביי דער מלוכה זי זאל לחלוטין די יודען ארויסטרייבען, און אזוי ווי איינער פון זייערע לייט, דער יונגער עפיסקאפ פון מאגדעבורג אלבערט פאן בראנדענבורג איז גראד דעמאלט געווארען ארכיעפיסקאפ פון מאינץ, האבען זיי

דורך איהם אויסגעארבייט מען זאל מאכען איין אסיפה אונ בעשליעסען אז אין וואָרמס אונ פראנקפורט זאל זיך מעהר קיין יוד ניט טארען געפינען די אסיפה האט זיך אנגעהויבען דעם 7 יאנוואר 1516 אונ האט זיך אוועקגעשלעפט. א פאר חדשים, אונ דערווייל זענען די יודען געוואהר געווארען פון דעם אומגליק וואס ערווארטעט זיי אונ האבען אוועקגעשיקט שליחים צום קייזער מאקסימיליאן, אונ האבען איהם געבעטען ער זאל אויף זיי רחמנות האבען אונ זיי ניט לאזען צו ברעכען. דער קייזער האט זיך טאקי אנגענומען פאר די יודען אונ האט געשיקט א בעפעהל מען זאל זיי ניט טשעפען. אויף דעם אופן זענען די יודען פון וואָרמס אונ פראנקפורט ניצל געווארען פון א סכנה, אונ ערשט אין דריי יאהר ארום, אז מאקסימיליאן איז געשטארבען, האט דער גייסטליכער בא אלטהאזאר הובמייער אונטערגעהיצט מיט א פייעריגער דרשה די בעלי מלאכות פון רעגענשבורג, זיי זענען אנגעפאלען אויף די יודען אונ זיי האבען אללע געמוזט אליין פון דארט אוועק.

אין די עטליכע יאהר, וואס זענען דערווייל איבערגעלאפען, האט זיך דאס מחלוקת צווישען די רייכליניסטען אונ זייערע געגנער נאך פיעל מעהר פערגרעסערט, אונ האבשטראטען, וואס האט אנגעשמעקט אז די קאמיסיאן פ׳ די עלכע מען האט געזעצט, וועט געוויס פסקנען אויף רייכלינ׳ס זייט, האט אנגעהויבען ארבייטען ביים פאפסט ער זאל די זאך איבערגעבען א פערזאמלונג פון גייסטליכע. לעא׳ן איז אפילו פריקרע געוועהן אללע מאל בייטען דאס וואָרט אונ ארויסגעבען איין אנדער בעפעהל, נאר פון דעסטוועגען איז ביי איהם אויך אנגעלעגט געוועהן וואס די זאך פערציהט זיך: ער איז געשטאנען צווישען צוויי פייערן, פון איין זייט האט ער ניט געקאנט מעיז זיין דעם דייטשען קייזער וואס האט בפירוש געוואלט אז רייכלין זאל בלייבען גערעכט, פון דער אנדערער זייט אבער האט ער זיך ניט געטארט פערקריגען מיט׳ן קאניג פון פראנקרייך אונ נאך אנדערע קאטאלישע מלכים, וואס זענען שוין געגאנגען אין נצחון אונ האבען געפאדערט מען זאל אפילו קיין בלאטעל ניט איבערלאזען פון רייכלינ׳ס ספר. דערפאר האט ער זיך מיישב געוועהן אז דאס בעסטע וועט טאקי זיין פאר איהם ווען ער וועט צו ליעב טהון האבשטראטען אונ וועט גאר אין גאנצען פון זיך אראבווארפען דעם עול פון דער שאלה. אזוי איז האבשטראטען אוועק געפאהרען פון רום אפילו מיט א גוטען וועטהיג אין הארצען וואס ער האט גאר ניט אויסגעפיהרט, חאטש ער האט געשיט מיט גאלד. נאר ער האט זיך ניט

אבגעזאגט פון דער האפנונג אז סוף כל סוף וועט איהם געראטהען און ער וועט דערלעבען אין זיינע פיינד א נקמה.

רייכלין האט זיך געטהון זיינס און אז ער האט זיך אויף דער אלטער בעקאנט געמאכט מיט דער קבלה האט ער זיך מיט איהר ארומגעטראגען ווי מיט א אבן טוב. די סודות פון דער קבלה, וועלכע ער האט געלערנט מיט דער הילף פון א ספר, וואס האט אנגעשריבען א משוגע'נער מקובל, יוסף ג׳יקטילא, און וואס איינער פון די געטויפטע יודען פאול רציא, האט דערפון געמאכט אלאטייניש׳ע איבערזעצונג, האבען איהם שטארק פערדרעהט דעם קאפ, און עס איז ביי איהם גאר קיין ספק ניט געוועהן אז דער דאזיגער למוד איז נאר בעשאפען געווארען דארויף ביי די יודען היליג צו מאכען די קריסטליכע רעליגיאן. אזוי האט רייכלין געקוקט אויף דער קבלה און אזעלכע געדאנקען האט ער אריינגעלעגט אין זיין ניי ספר, וואס ער האט געשיקט א מתנה דעם פאפסט לעא. דערווייל איז אים יאהר 1519 געשטארבען דער אלטער קייזער מאקסימיליאן און מען האט בעדארפט אויסקלויבען א נייעם מלך. די גייסטליכע האבען געוואלט דעם שפאנישען הערשער קארל דעם פינפטען, ווייל זיי האבען געוואוסט אז ביי איהם וועלען זיי קאנען אלדינג פועל'ן, און דעם פאפסט'ס רצון איז ניט געוועהן דארויף. דאס האט געפיהרט דערצו, וואס דער פאפסט, וועלכע האט נאך פריהר קרום געקוקט אויף די קאלנער גייסטליכע, האט אויפגעהערט צו בעהאלטען זיין מיינונג וועגען רייכלין און ער האט ניט נאר כשר געמאכט אללע יודישע ספרים, נאר ער האט אויך געהייסען נאך אמאל דרוקען דעם תלמוד בבלי, און אז א רייכער דרוקער, א קריסט, דניאל באמבערג, האט זיך גענומען דערצו, האט איהם לעא געלויבט און געשטיצט מיט אללע מיטעל.

דאס איז געוועהן א נייער קלאפ פאר האכשטראטען מיט זיין חברה, ווייל ער האט זיך פארט ניט געקאנט ריכטען אז ביים פאפסט אין הויף זאל פלוצלונג רייכלין ווערען אזא חשוב און מען זאל דארט קיין מורא ניט האבען אז דורך רייכלינ'ס פרייע געדאנקען זאל חרוב ווערען דער גאנצער בנין פון דער קאטא־לישער אמונה. האכשטראטען האט אבער א גרויסען טעות געהאט, אין דער צייט וואס ער האט מלחמה געהאלטען מיט רייכלין און זיינע ספרים, האט ער זיך גאר ניט אומגעקוקט ווי די סכנה קומט גאר פון איין אנדער ארט. די ארבייט פון עדלע און געלעהרטע קריסטען, וועלכע האבען ניט געקאנט צו־זעהן וואס פאר פערדארבענע מדות עס זענען נתרבה געווארען אויף דער וועלט

צו ליעב די קאטאלישע גייסטליכע, איז ניט געגאנגען לאבוד; דאס וואס זיי האבען אמאל אונ ביסלעכווייז פערזאעט מיט טרערען איז אויסגעוואקסען פאר די שפעטעריגע דורות ווי א טהייערע געראטהענע תבואה אונ מען האט די שאנע זאנגען אבגעשניטען מיט פרייד. ווען די גייסטליכע האבען געוואלט מיט געוואלד פערלאנגערן די נאכט אונ פינסטער מאכען די ליכטיגע שיין, האט זיך די וועלט געפיהרט נאך איהרע געזעצע אונ אז עס האט געמוזט ווערען טאג האט גאר ניט געהאלפען, אונ די זונן איז טאקי אויפגעגאנגען אונ דערקוויקט א סך מאנשליכע הערצער מיט שטראהלען פון האפנונג, פרייהייט אונ מענשענ־ליעבע. דעם וואס האט ניט פערשטאנען צו קוקען מיט אפענע אויגען אויף די סבות פון יעדער זאך אונ ארויסזעהן, אז אלדינג וואס עס געשעהט קומט ניט אומגעריכט, האט זיך געקאנט אויסווייזען אז די רעפארמאטארען מארטין לוטהער אין דייטשלאנד אונ צווינגלי אין דער שווייץ זענען גאר פלוצלונג ארויסגעשפרונגען, ווי מען זאגט, פון דער העלער הויט, נאר פאר'ן בעל שכל איז ניט שווער געוועהן זיך אנצושטויסען אז אזוי האט עס געמוזט זיין, אז די קאטאלישע גייסטליכע האבען איבערגעצויגען דעם בויגען, אונ וואס צו — איז איבריג.

מארטין לוטהער איז ניט געוועהן קיין אוהב ישראל אונ דערצו איז ער נאך געוועהן זעהר בעשעפטיגט מיט'ן רייניגען אונ לויטער מאכען די קאטולישע אמונה, נאר פון דעסטוועגען, אז ער האט בעמערקט ווי די שנאה פון די קריסטען צו די יודען איז גרויס האט ער זיך ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט שטארק געשטראפט דעם עולם פאר וואס זיי בעהאנדלען אזוי שלעכט דאס פאלק, וואס פון זיי איז ארויס יעזוס קריסטוס. לוטהער האט זיך גענומען מאכען א נייע איבערזעצונג פון דער ביבעל אונ צו ליעב דעם האט ער אנגעהויבען לערנען לשון קדש, אונ אז יודען האבען דאס דערזעהען אונ נאך געהערט אז ער נעהמט זיך אן פאר זיי, זענען זיי געווארען מלא שמחה אונ האבען צו איהם אפילו געשיקט דריי לומדים מען זאל מיט איהם איבערשמיעסען אויב עס וואלט ניט גלייכער געוועהן ער זאל גאר אין גאנצען איבערגעהן צום יודענטהום. דערפון אלליין קאן מען ארויסזעהן ווי פריי די יודען האבען זיך דעמאלט געפיהלט אונ וואס פאר א מין איבערקערעניש לוטהער האט אין יענער צייט אנגעמאכט. עס האט אנדערש גאר ניט געקאנט זיין, ווייל ווי באלד מען האט געזעהען אז לוטהער אלליין שטעלט אזוי הויך די העבראישע שפראכע. האבען זיך די בעסטע יונגע לייט געכאפט צו לערנען לשון קדש אונ האבען

געמוזט אנקומען צו יודען, דורך דעם זענען זיי איינער מיט דעם אנדערן מעהר בעקאנט געווארען אונ פיעל פון זיי זענען צווישען זיך פערבונדען געווארען מיט איין אמת'ער פריינדשאפט. אין יענע יאהרען האבען אסך קריסטען גע־לערנט ביים בעריהמטען מדקדק ר' אליהו לוויטא אדער ר' אליהו בחור, וואס מען האט איהם אין פאדוא אבגעראבעוועט אונ ער האט זיך געמוזט אין ארעמקייט ארומשלעפען איבער פערשיעדענע שטאדט אונ ציהען זיין פרנסה פון לעהרנען מיט תלמידים. איינער פון זיינע בעסטע תלמידים איז געוועהן דער קארדינאל עדזשידיא דע וויטערבא, וועלכער האט איהם מיט זיין גאנצער משפחה אויסגעהאלטען אין רום מעהר פון צעהן יאהר. ביי איהם האט אויך געלערנט תורה געארגע דע סעלווע, דער עפיסקאפ פון לאוואור, אונ אז די פרומע יודען האבען אנגעהויבען אויף איהם קרום צו קוקען דערפאר וואס ער לערנט מיט קריסטען האט ער מיט שטאלץ געוויזען אז זיינע תלמידים בעקומען ליעב יודען אונ יודישקייט אונ אז ער איז דערמיט מקדש השם. איבריגענס איז ר' אליהו לוויטא געוועהן אפריידענקער אונ האט זיך ערלויבט אפענטליך אויסצוזאגען, אז אפילו די תנאים האבען ניט געוואוסט פון קיין נקודות. אודאי האבען די רבנים, ניט געקאנט דערצו מסכים זיין אונ פיעל פון זיי זענען איהם געווארען געגנער. דערפאר האט ער אבער געהאט גרויס כבוד פון די קריסטען אונ אויסער איהם האבען זיי אויך געשאצט אנדערע יודישע לעהרער, ווי ר' יעקב מנטין אונ ר' אברהם דע באלמעס; יודישע ספרים האט מען אנגעהויבען קויפען פון אללע זייטען אונ אין פיעל שטאדט פון דייטשלאנד אונ איטאליען האט מען געעפענט יודישע דרוקען אונ יודען האבען דערפון געהאט שאן פרנסה.

מילא וואס אין דייטשלאנד איז דאס יודישקייט אונ די העברעאישע שפראכע אזוי געהויבען געווארען — איז נאך ניט אזא חדוש, ווייל דארט האבען זיך נאך געפונען ניט ווייניג לומדים, אונ דערצו האט רייכלין ניט אויפגעהערט צו ארבייטען אונ לוטהער האט איהם אונטערגעהאלפען, נאר דאס וואונדער איז נאך גרעסער וואס גאר אין פראנקרייך האט לשון קודש אנגעהויבען שפיעלען א גרויסע ראללע, האטש שוין מעהר פון הונדערט יאהר איז קיין זכר פון קיין יודען אין לאנד מעהר ניט געוועהן. דער נייער קאניג פראנץ דער ערשטע איז געוועהן א גרויסער ליעבהאבער פון וויסענשאפט אונ איהם צו ליעב האט דער איינגענער בייכטליכער גואילוימע האקווינעט פעטיט, וואס האט ערשט זעכס יאהר צוריק געאסר'ט רייכלינ'ס ספרים אונ געפסקנ'ט מען זאל פערברענען דעם תלמוד,

געמוזט זעהען, אז אין דער פאריזער אוניווערזיטאט זאל מען בעשטימען א פראפעסאר פון העבראיש און מען זאל טאקי אין פאריז אפנען א גרויסע יודישע דרוק. דער קאניג האט געלאזט קומען קיין פראנקרייך דעם עפיסקאפ פון קארסיקא, אויגוסטין יוסטיניאני, וועלכער האט געשם'ט אויף דער וועלט מיט זיינע העבראישע קענטניסע און א חוץ דעם האט ער טאקי געוואלט אז אין דער פאריזער אוניווערזיטאט זאל מען לערנען לשון קודש ווי עס דארף צו זיין, און דאריבער האט ער געשיקט קיין רום בעטען ר׳ אליהו לעוויטא ער זאל אננעהמען די פראפעסאר־שטעללע. ווי עס האט בעדארפט ר׳ אליהו לעוויטא הנאה טהון וואס עס איז געווארען אזא פע[illegible]ערונג אין פראנקרייך, און דארט וואו א יוד האט אפילו ניט געטארט איבער[illegible]יגען וויל איהם די מלוכה אפגעבען אזא בכבוד'ע דיענסט, האט ער פון דעסטוועגען ניט געוואלט זיין דער איינציגער יוד אין לאנד, און אזוי ווי ער האט זיך ניט געפיהלט אין כח צו פועל'ן מען זאל אפנען די טהויערן פון פראנקרייך פאר אללע זיינע ברידער, האט ער זיך בעסער אפגעזאגט. אזוי איז געפאלען דער גורל אויף אויגוסטין יוסטיניאני אז ער זאל אלליין בעפעסטיגען דאס לערנען פון לשון קודש און ער האט זיך גענומען צו זיין זאך מיט גרויס חשק און ליעבשאפט: ער האט געלאזט אפדרוקען דווקא ניט קיין געראטהען ספר איבער דקדוק פון ר׳ משה קמחי, ווייל קיין בעסערס האט ער ניט געהאט, און אויסער דעם האט ער ארויסגעגעבען א לאטיינישע איבערזעצונג פונ'ם „מורה נבוכים" און עס איז בעשערט געוועהן אז גראד דארט, וואו פערנארישטע יודען האבען צוריק מיט דריי הונדערט יאהר פערברענט דעם רמב"ם'ס ספר, זאל א קריסטליכער גייסטליכער דערמיט בעקאנט מאכען די גאנצע וועלט. אין רהיימס האט מען אין דער אוניווערזיטאט אויך אנגעהויבען לערנען העבראיש און איינער פון רייכלינ'ס תלמידים, פוילוס פאגיוס, האט זיך אין איסני געמאכט א יודישע דרוק; נאר אזוי ווי אלליין פיהרען האט ער זי ניט געקאנט האט ער געבעטען ר׳ אליהו לעוויטא ער זאל איהם קומען העלפען, און דאס מאל האט ער זיך ניט אפגעזאגט, ווייל ער האט געוואלט אפדרוקען זיין כאלדעאיש ווערטערבוך און ביי פוילוס פאגיוס איז דאס געוועהן א גאנצע מציאה, ווייל ביי אללע קריסטליכע געלעהרטע איז איינגערערט געוועהן, פונקט ווי ביי רייכלין, אז קוים וועלען זיי קאנען רעכט פערטייטשען דעם „זהר" וועלען זיי האבען דאס בעסטע מיטעל די יודען בעקאנט צו מאכען מיט דער הייליגקייט פון דער קריסטליכער רעליגיאן

אזוי האבען יודען אונ קריסטען זיך אנגעהויבען גלייך אינטערעסירען מיט דער ביבעל אונ ר׳ אליהו לוויטא, וואס האט, ווי עס שיינט, ניט געוואלט אז יודען זאלען זיך בענוצען מיט לוטהער׳ס איבערזעצונג, האט ארויסגעגעבען זיין אייגענע דייטשע איבערזעצונג. אין דער אייגענער צייט האט איינער פון די מאראנען, דואַרטע דע פינעל, וואס איז אנטלאפען פון פארטוגאל אונ איז אין פערארא צוריק געווארען א יוד אונ האט זיך גערופען אברהם אוסקווע, געמאכט א שפאנישע איבערזעצונג פון תנ״ך אונ די יודען האבען געקאנט לעזען די ביבעל אין ביידע שפראכען, וואס זיי האבען זיך מיט זיי בעדיענט אין גאנץ איירָאפא. די קריסטען ווידער האבען געמוזט אנקומען צו דער העבּרעאישער ביבעל, כדי זיי זאלען מיט איהר הילף לערנען לשון קודש אונ דערפאר האט דער דרוקער דניאל באמבערג געמאכט זעהר א גוט געשעפט דערמיט וואס ער האט א סך יאהרען כסדר געדרוקט די תורה מיט עטליכע פירושים פון רש״י, אבן עזרא, קמחי אונ נאך אנדערע, אונ האט פערקויפט פון איהר טויזענדער. אזוי האט איין פונק פון רייכלינ׳ס ליעבשאפט צום אמת, איין שיין פון לוטהער׳ס שכל אנגעמאכט א איבערקערעניש, אונ די תורה הקדשה האבען זיך פלוצלונג גענומען לערנען אזעלכע מענשען, וואס האבען זיי ערשט ניט לאנג געוואלט אריינווארפען אין פייער...

---

## 2 די מאראנען אונ די פאלשע האפנונגען אויף משיח׳ס צייטען.

(1548—1530 נאך קריסטוס געבורט).

אין דער ערשטער העלפט פונ׳ם זעכצעהנטען יאהרהונדערט איז דער איננערליכער מצב פון די יודען געוועהן ניט קיין פרעהליכער, אונ אנדערש האט ער נאך ניט געקאנט זיין אין די לאנדער, וואו זיי האבען זיך צונויפגעשטופט, ווען מען האט זיי כמעט אין גאנץ איירָאפא געטריבען אונ געיאגט, האבען זיי זיך, א לאנגע צייט נאך, ניט געקאנט פיהלען היימיש, די קלאפ, וואס די אלטערן האבען איבערגעליטען האבען נאך ניט פערגעסען די ערשטע דורות, די צייכענס האבען אזוי גיך ניט געקאנט פערגעהען, מען האט זיך נאך אלץ געדערמאנט ווי אויף א פרעמדער פוהר, עס האט זיך אויסגעוויזען אז אט מאכט עמיצער א בייזע מינע — מוז מען שוין חאפען דאס פעקעל אויף די פלייצעס אונ זוכען זיך ווידער א נייע היים, אונ ווען א פאלק געפינט זיך אין אזא לאנגע דאנקט עס גאטט וואס דאס לעבען דערהאלט זיך האטש אונ קאן

קיין עדלערען תכלית ניט אין זין האבען. דערצו איז נאך דאס אומגליק בעשטאנען אין דעם וואס פון קיין אחדות האבען די יודען ניט געוואלט וויסען: אין יעדער שטאדט, ווי קאנסטאנטינאפאל, אדריאנאפאל, סאלוניקי אונ אויך אין פיעל ארטער פון גריכענלאנד אונ איטאליען, האט מען געקאנט געפינען פערשיעדענע קהלות: איטאליענישע, גריכישע, שפאנישע, פארטוגאזישע, דייטשע אונ אפילו אפריקאנישע; יעדע קהלה האט זיך געהאט איהרע רבנים, חזנים, פארשטעהער, איינע צו דער אנדערער האט זיך ניט געוואלט מישען - אונ ביי אזא צוואַרפענהייט זענען אפילו די בעסערע מענשען אויך ניט אים שטאנד געוועהן עפיס צו טהון פאר'ן כלל. אין די ישיבות האט מען זיך אין גאנצען בעגעבען מיט פלפול, פון קיין חקירה ספרים האט מען גאר ניט געוואלט וויסען, ווייל די עטליכע גרויסע לומדים, ווי ר' אברהם פריצול, ר' יעקב מנטין אונ ר' אברהם דע-באלמעס, וואס האבען אזוי געשעמ'ט צווישען קריסטען, זענען ביי די יודען דווקא ניט געוועהן קיין גרויסע חשובים אונ ווען אפילו מען וואלט זיי געוועהן געשאצט נאך זייער ווערטה וואלטען זיי אויך ניט געקאנט דערוועקען א ליעבשאפט צו וויסענשאפטען, ווייל ביי אללע איז איינגעערדט געוועהן אז די גראסטע אומגליקען האבען זיך נאר גענומען דערפון וואס די יודען האבען אוועקגעלעגט די תורה אויף א זייט אונ האבען זיך געהאפט צו וועלטליכע חכמות. א שטארקע נגיעה אין דעם וואס דאס יודישע פאלק האט זיך, אין אנהייב פונ'ם זעכצעהנטען יאהרהונדערט, אוועקגעקעהרט פון דער וויסענשאפט, וואס האט פריהר ביי זיי געבליהט, האט אויך געהאט דון יצחק אברבנאל, וועלכער האט אנגעהויבען פרעגען קשיות אויפ'ן רמב"ם אונ האט א ביסעל אבגעהאלטען דעם עולם פון זיינע ספרים, אונ בעזאנדערס זענען געוועהן געגנער פון וויסענשאפטען ר' יוסף יעבץ פון פארטוגאל אונ ר' אברהם בן שלמה פון שפאניען, וועלכע האבען געהאלטען אין איין שרייען, אז דער יוד מוז זיך נאר פערשליסען אין דעם קליינעם וועלטעלע פונ'ם תלמוד אונ טאר גאר ניט אפילו קיין קוק טהון אויף דער ליכטיגער שיין. דערפאר האבען זיך די יודען גאר ניט אומגעקוקט אויף דעם גראסטען דענקער פון יענער צייט, ר' אליהו דייל-מדיגו, אונ עס איז נאר א חדוש ווי אזוי האט דעמאלט געקאנט דעם אברבנאל'ס זוהן, דער דאקטאר לעאן אברבנאל מדיגו, אנשרייבען זיין בעריהמט ספר „שמיעסען וועגען ליעבע", וואס איז פול מיט הויכע געדאנקען אונ וואס דער שפאנישער קאניג פיליפ דער צווייטע האט עס ביי איהם מיט דאנק גענומען פאר א מתנה.

אודאי האט אין יענער צייט די קבלה צושפרייט איהרע פליגעל, כדי זי זאל נאך מעהר פארשטעלען דאס ליכטיגקייט און האלטען די יודען אין דער פינסטערניש. די מקובלים ר׳ יהודה חיית, ר׳ ברוך פאן בענעווענט, ר׳ אברהם לוי, ר׳ מאיר בן גבאי און אבן אבי זמרה האבען אומעדום אין איטאליען און טירקיי פערשפרייט זייער למוד, און אז די יודען האבען דערזעהן אז אזעלכע בעריהמטע קריסטען ווי רייכלין, עגידיא פאן וויטערבא, גאלאטיני און אפילו דער פאפסט בעשעפטיגען זיך מיט קבלה איז בייזי געבליבען אז די גאנצע וועלט איז מודה אויף דעם אמת וואס ליעגט פערבארגען אין איהרע סודות און אז קיין הייליגערס דערפון איז גאר ניטא. דער עולם האט זיך געוואהנט צו זאגען „זהר" און ניט פערשטעהן קיין איינציג ווארט, צו הערען דרשות אהן א טעם און זיך שטויסען אויפ׳ן ווינק, און אזוי ווי מען איז געוועהן געגוג דערשלאגען און געפאלען האט מען אנגעהויבען בויען לופט־שלעסער און זוכען זיך א טרעסט אין פאלשע האפנונגען, אז אט באלד וועט שוין קומען די ישועה און יודען וועלען אויסגעלאזט ווערען פונ׳ם גלות. יעדער וואס האט נאר פערשטאנען צו גריבלען אין די הייליגע ספרים האט זיך געפונען א פסוק און געמאכט חשבונות ווענען משיח׳ס קומען; ווער שמיעסט אז דער אברבנאל אליין, וואס איז דוקא ניט געוועהן קיין גרויסער ליעבהאבער פון קבלה, האט זיך געלאזט פערפיהרען און האט אנגעשריבען זיין ספר „משמיע ישועה", אין וועלכען ער האט אויסגעוויזען מיט דער הילף פון עטליכע פסוקים, אין „דניאל", אז משיח מוז קומען אים יאהר 1503, איז געווארען א שמחה אויף די יודען און עס איז ביי קיינעם קיין ספק ניט געוועהן אז גאר גיך וועט ווערען א סוף פון אללע צרות. דאס וואס דער אברבנאל האט אזוי די יודען פערדרעהט די קאפ האט שוין אין גאנצען פארבלענדט זייערע אויגען, זיי האבען פערלארען דעם שכל און מען האט זיי געקאנט איינרעדען אויפ׳ן הימעל א יריד. דאריבער איז קיין וואונדער ניט וואס ווען עס איז פלוצלונג, אים יאהר 1502, ארויסגעשפרונגען א דייטשער יוד, אשר לעמלין, וואס האט געוואהנט אין ווענעדיג און האט זיך געלאזט פאהרען איבער גאנ׳ן דייטשלאנד און איטאליען אנצוזאגען די פרעהליכע בשורה, אז גאטט האט איהם געשיקט אין עצה געבען זיין געליעבט פאלק: מען זאל זיך מכין זיין צו דער גאולה מיט דאווענען און פאסטען, האבען איהם אללע געגלויבט און מען האט גוזר תענית געוועהן. סוחרים האבען זיך אבגעזאגט פון אללע געשעפטען, אפילו קריסטען האבען אנגעהויבען גלויבען אין דער בעפרייהונג

פון די יודען, אונ אזוי איז אוועקגעגאנגען אגאנץ יאהר מיט תשובה-טהון אונ ווארטען אויף נסים. אודאי האט זיך פון אלדינג נאר נישט אויסגעלאזט, אשר לעמלין איז מיט אמאל פערשווינדען געווארען אונ מען האט ניט געוואוסט וואו זיין געביין איז הינגעקומען, פאר'ן אברבנאל איז געוועהן אגרויסע בושה וואס ער האט אזא טעות געהאט אונ זיין הארץ וועטהיג איז געווארען גראסער דערפון, וואס אסך יודען האבען צוזאמען מיט דער צושטערטער האפנונג אשפייא געטהון אויפ'ן גאנצען יודישקייט אונ זענען איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום.

די ערשטע צייט האבען די יודען נאך געפיהלט דעם קלאפ, וואס זיי האבען געהאפט צו ליעב נארישע פערדרעהטע חשבונות אונ האבען שוין, דאכט זיך, בעדארפט דעם צעהנטען פערזאגען מען זאל זיך ניט לאזען נארען. נאר ניט לאנג האבען זיי זיך געשאנעוועט: די מקובלים האבען ווייטער געטהון זייערס, זיי האבען געדרונגען אז א מענש קאן האבען א טעות, אבער רעכנען מוז ער, ווייל סוף כל סוף וועט דער חשבון ארויס ריכטיג, אונ דאריבער האבען זיי ביסלעכווייז נאך אמאל ארויפגעפיהרט דעם עולם מען זאל זיך קוויקען מיט פאלשע האפנונגען, ביז שפעטער מיט א יאהר דרייסיג איז שוין ארויס א גראסער אומגליק, דער זיסער חלום פון משיח'ס קומען האט אבגעקאסט גענוג בלוט, אונ די אומגליקליכע מאראנען האבען געהאט דעם בעסטען חלק.

דעם אמת מוז מען זאגען, אזוי ווי אזוי די יודען איז שלעכט געוועהן, ווי אזוי מען האט זיי געיאגט פון איין ארט אויפ'ן אנדערען, איז זיי נאך אלץ בעסער געוועהן פון די מאראנען, וואס האבען נעביך געהאט דאפעלטע צרות: מיט זייער אמת'ער אמונה האבען זיי זיך געמוזט בעהאלטען, אונ גערודפ'ט האט מען זיי גלייך ווי זיי וואלטען אפענטליך געוועהן יודען. דער צווייטער גראס-אינקוויזיטאר דעצא איז נאך געוועהן א גראסערער אכזר פון טארקוועמאדא, אינ דערצו האט ער געהאט גוטע צוויי אונטערהעלפערס, ווי זשואן דע לא פוענטע אונ דיעגא ראדריגועץ לוצערא, וואס האבען געהאט טאקי באמת שטיינערנע הערצער אונ האבען געטהון מעשים נוראים. יעדען טאג האבען זיי געמוזט האבען פרישע קרבנות, אונ גאנץ אפט פלעגען אומקומען אפילו פרומע קריסטען, וועלכע האבען ניט געקאנט צוזעהען דאס רחמנות אונ האבען זיך ערלויבט צו רעדען א גוט ווארט וועגען די מאראנען. דער דריטער גראס-אינקוויזיטאר קסימענעס דע ציסנעראס איז שוין קלאמערשט געוועהן א גראסערער בעל ישר, נאר פון דעסטוועגען האט ער ניט געוואוסט וואס הייסט רחמנות, ווען אין זיינע האנד פלעגען אריינפאלען מאראנען,

אדער נייא־קריסטען, דאס הייסט אזעלכע קריסטען וואס קומען ארויס פון יודען אדער מחמדנער. אז קארל דער פינפטער האט געהאט בדעה צו ערלויבען די יודישע מאראנען זיי זאלען זיך מאגען אומקעהרען צוריק צו זייער אמונה אונ האט דערפאר געוואלט געהמען א מתנה יפה, האט קסימענעס דע ציסנעראס אנגעמאכט א געוואלד, אונ דער יונגער קייזער האט געמוזט מבטל זיין זיין רצון. נאך ביטערער איז געווארען די מאראנען ווען אין שפאניען האבען זיך אויך אנגעהויבען ארויסוייזען לוטהער'ס תלמידים: עס זענען צוגעקומען נייע מענשען צום ברענען, אונ דעמאלט האט מען שוין גאר ניט געטענה'ט אונ מען האט יודען, מחמדנער אונ לוטהעראנער גלייך געווארפען אין פייער.

אסך בעסער איז געוועהן די מאראנען אין פארטוגאל, ווייל דארט האט זיי דער קאניג עמנואל בעווארענט אז צוואנציג יאהר כסדר מאגען זיי זיך פיהרען ווי זיי ווילען אונ די אינקוויזיציאן טאר זיך צו זיי ניט טשעפען. מען האט זיי אויך ערלויבט צו האלטען ביי זיך יודישע ספרים אונ זיי האבען זיך בענוצט מיט דער פרייהייט אזוי ווייט, אז זייערע קינדער האבען געלערנט לשון קודש, זיי האבען אבגעהיט די נאטהיגסטע דינים אונ פלעגען כמעט אפען דאווענען אין שולען. פיעל פון זיי האבען ביסלעכווייז אלדינג פערקויפט, צייט האבען זיי געהאט אונ קיינער איז זיי ניט געשטאנען איבער'ן האלז אונ נאקען; דאריבער איז זיי לייכט געוועהן צונויפשלאגען היבש געלד אונ דערנאך אריבער קיין איטאליען אדער טירקיי. די מלוכה האט זיך אפילו ארומגעקוקט אונ האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אז קיינער פון די מאראנען טאר ניט אוועקווארפען דאס לאנד אהן א ערלויבניש פונ'ם קאניג אונ אז קיין שום קריסט זאל זיך ניט דערוואגען אבצוקויפען ביי זיי זאכען, נאר אזא בעפעהל האט זיי ניט געשטערט אונ עס איז נאר געבליבען אויף פאפיער. אודאי פלעגען זיי די שפאנישע מאראנען מקנא זיין אונ ביי דער מינדסטער סכנה האט מען זיך אריבערגעחאפט קיין פארטוגאל; דאס האט שפאניען ניט געוואלט ליידען אונ עמנואל האט געמוזט צו ליעב טהון אונ מאכען א געזעץ אונ ביי דער גרעניץ זאל מען ביי יעדען שפאניער פאדערן א קוויטעל אז ער איז ריין פון חטאים געגען דער אמונה אונ אז די אינקוויזיציאן האט צו איהם גאר ניט.

ווי אזוי ניט, האלטען שוין די מאראנען פון פארטוגאל געקאנט גליקליך לעבען, ווייל זיי זענען כמעט אללע געוועהן זעהר פעהיגע מענשען, דער קאניג האט פון זיי געהאלטען, פיעל פון זיי האבען געדיענט ביי דער קרוין אונ א טהייל זענען געווארען אפילו גייסטליכע. צום אומגליק, איז אבער דאס פאלק אויף

זיי באז געוועהן, ווייל מען האט זיי פשוט ניט פערגונען וואס זיי האבען פרנסה בכבוד, אונ וואס פאר איין אומגליק עס פלעגט זיך טרעפען האט מען אויף זיי ארויפגעלעגט. בעזאנדערס איז מען אין כעס געוועהן אויף איינעם פון זיי, יאהאן ראדרינא מאסקארענהאס, וואס אונטער זיין האנד זענען גע-שטאנען אללע נתינות פון דער מדינה, אונ איהם צו ליעב האט מען שוין אנ-געטהון צרות אללע מאראנען. עס איז אזוי ווייט געקומען אז מען האט זיי קיין גאס ניט געלאזט דורכגעהען אונ מען פלעגט זיי נאכשרייען „פערשאלטענע יודען"! מיט דער שנאה האבען זיך בענוצט עטליכע גייסטליכע, וואס די מאראנען זענען ביי זיי געוועהן ווי א דארן איננווענינ, אונ פלוצלונג אין א זונטאג האבען זיי ארויסגעלאזט א קלאנג אז אין א קירכע האט זיך בעוויזען א הייליג בילד; דאס האבען זיי געטהון מיט א כונה אז דאס פאלק זאל זיך צונויפלויפען זעהען אדער הערען פון דעם נייעם מופת, אונ דעמאלט האט זיך אנידערגעשטעלט א גייסטליכער אונ האט געזאגט א פייערינגע דרשה. ער האט אויסגעוויזען אז אללע צרות נעהמען זיך נאר פון די מאראנען, אז זיי זענען שולדיג אין דעם הונגער אונ דער מגפה וואס האבען דאס יאהר א תל געמאכט פונ'ם לאנד אונ, אז עס איז א גרויסע מצוה זיי צו פערניכטען. דא זענען באלד ארויסגעשפרונגען צוויי גייסטליכע, יאהאן מאכא אונ פראטרע בער-נארדא, וואס האבען זיך געלאזט לויפען מיט קרייצען אין די האנד איבער די גאסען אונ אונטערהיצען דאס פאלק מען זאל זיך שוין נעהמען צו דער ארבייט. לאנג בעטען האט מען קיינעם ניט בעדארפט. אז די גייסטליכע האבען צוגעזאגט אי עולם הזה, וואס מען וועט זיך אלליין נעהמען ווען מען וועט באבעווען, אי עולם הבא, וואס מען וועט זיך פערדיענען ווען מען וועט אויסהרגנ'ען די שונאים פון דער קירכע, האבען זיך שוין געפונען גענוג בעלנים, צו זיי זענען באלד צוגעשטאנען אסך מאטראסען פון פרעמדע שיפען, וועלכע זענען דעמאלט געשטאנען אין ליסאבאן, אונ עהדער מען האט זיך גערירט איז שוין אויסגעוואקסען א ווילדע מחנה פון צעהן טויזענד רוצחים, וואס האבען אין איין טאג געטיידט ביז פיער טויזענד מאראנען.

פון יענעם טאג אן איז די לאגע פון די מאראנען אין פארטוגאל גע-וואָרען זעהר טרויעריג, האטש זיי זענען געוועהן די נוצליכסטע מענשען אין לאנד, די בעסטע סוחרים אונ בעלי מלאכות. אונ ווער שמיעסט אין מעדיצין האט זיך קיינער גאר ניט געקאנט גלייכען צו זיי, אונ זייערע דאקטוירים האבען געשעם'ט אויף דער וועלט, פון דעסטוועגען איז דער האס פונ'ם פאלק געגען

זַיי גֶעווֶעהן וֶועהר גְרוֹיס אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט אַללֶע מָאל גֶעהַאט צָרוֹת דֶערְפוּן וָואס זִי הָאט זַיי שְׁטֶאנְדִיג גֶעמוּזְט שִׁיצֶען אוּנ אָבְּהִיטֶען מֶען זָאל אוֹיף זַיי נִיט אָנְפַאלֶען. נָאר כָּל זְמַן דֶער קֶאנִיג עִמָנוּאֵל הָאט גֶעלֶעבְּט וֶוענֶען דִי מַארְרַאנֶען פָּארְט נִיט גֶעווֶעהן אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ, וַוייל עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט זַיי מִיט חֶסֶד, עֶר הָאט זַיי עֶרְלוֹיבְּט אוֹיסְצוּפָאהרֶען, אוּנ הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, אַז צְווִישֶׁען דִי נַייע-קְרִיסְטֶען אוּנ אַלְט-קְרִיסְטֶען זָאל מֶען נִיט מַאכֶען קֵיין שׁוּם אוּנטֶערְשִׁיעד אוּנ דִי אִינְקְווִיזִיצְיָאן זָאל זִיךְ נִיט טָארֶען מִישֶׁען צוּ זַיי נָאךְ זֶעכְצֶעהן יָאהר; קוֹים אִיז אָבֶּער דִי מְלוּכָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ יָאהַאן דֶעם דְרִיטֶען, אִיז פֶערְשְׁווָאוּנְדֶען זַייעֶר לֶעצְטֶער הָאפְנוּנְג, וַוייל עֶר הָאט נָאךְ אִין דִי קִינְדֶערְשֶׁע יָאהרֶען גֶענוּג בֶּעווִיזֶען שִׂנְאָה גֶעגֶען דִי מַארְרַאנֶען אוּנ, אַז עֶר הָאט נָאךְ אָנְגֶעטְהוּן דִי קְרוֹין אוּנ חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַ שְׁפַּאנִישֶׁער פְּרִינְצֶעסִין, אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל זִיךְ אַזוֹי פִיהרֶען וִוי דִי יוּנְגֶע קֶאנִיגִין הָאט אִיהם גֶערָאטְהֶען. קֹדֶם כֹּל הָאט עֶר, אִים יָאהר 1524, אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַ מֶענְשֶׁען, הֶענְרִיךְ? — זְשָׁארְזְשׁ טְהֶעמוּדָא, עֶר זָאל זִיךְ צוּ קוּקֶען צוּם לֶעבֶּען פוּן דִי מַארְרַאנֶען אוּנ נָאכְפָארְשֶׁען צִי הַאלְטֶען זַיי גֶעטְרַיי דִי גֶעזֶעצֶע פוּן דֶער קַאטָאלִישֶׁער אֱמוּנָה אוּנ זָאל אִיהם גֶעבֶּען דֶערְפוּן אַ קְלָארֶע יְדִיעָה. טְהֶעמוּדָא הָאט אִיהם כֶּן הַסְּתָם, בַּאלְד גֶעבְּרַאכְט אַ תְּשׁוּבָה אַז דִי מַארְרַאנֶען הִיטֶען אָב שַׁבָּת אוּנ אַללֶע יוּדִישֶׁע יָמִים טוֹבִים, אַז פוּן קֵיין שׁוּם קְרִיסְטְלִיכֶען מִנְהָג ווִילֶען זַיי נִיט ווִיסֶען, אִין קִירְכֶע קוּמֶען זַיי נִיט, פַאר'ן טוֹיט בְּרֶענְגֶען זַיי נִיט קֵיין גַייסְטְלִיכֶע צוּ דִי קְרַאנְקֶע מִיט זַיי וִדוּי צוּ זָאגֶען אוּנ זַייעֶרֶע מֵתִים בֶּעגְרָאבֶען זַיי בֶּעזוּנְדֶער, נִיט צְווִישֶׁען אַללֶע קְרִיסְטֶען. דֶער קֶאנִיג הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָא וֶועט שׁוֹין דִי אִינְקְווִיזִיצְיָאן הָאבֶען אַ רֶעכְט שְׁטִיקֶעל אַרְבַּייט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען נָאךְ מֶעהר אוֹיפְצוּדֶעקֶען דִי חֲטָאִים פוּן דִי מַארְרַאנֶען, אוּנ דָאס הָאט עֶר נָאר גֶעקָאנְט טְהוּן דוּרךְ אַ אִינְוֶוענִיגְסְטֶען מֶענְשֶׁען, וָואס זָאל אַ לַאנְגֶע צַייט לֶעבֶּען צוּזַאמֶען מִיט זַיי אוּנ דֶערְנָאךְ אַלְדִינְג אַרוֹיסְגֶעבֶּען. אַזַא מֶענְשֶׁעל הָאט זִיךְ בַּאלְד אָבְּגֶעזוּכְט אוּנ דָאס אִיז גֶעווֶעהן הַיינְרִיךְ נוּנֶעס, אֵיינֶער פוּן לוּצֶערָא'ס תַּלְמִידִים, וָואס אִיז דַוְקָא אַללֵיין אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן יוּדֶען, נָאר עֶר אִיז זַיי גֶעווֶעהן אַ דַם שׂוֹנֵא. עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ וֶוערֶען אַ מוֹסֵר. אִיהם אִיז לַייכְט גֶעווֶעהן צוּ מַאכֶען אַ פְרוּם פָּנִים אוּנ זִיךְ אַרַיינְגַנְבֶ'נֶען אִין דִי שֶׁאנְסְטֶע הַייזֶער פוּן דִי מַארְרַאנֶען אִין לִיסַאבָּאן, עֶוָוארַא אוּנ אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט אוּנ פוּן יֶעדֶען אָרְט הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט בְּרִיעף דֶעם קֶאנִיג א׳נ הָאט אַלְדִינְג בֶּעשְׁרִיבֶּען אוּנ אֲפִילוּ יֶעדֶען אָנְגֶערוּפֶען בַּיים נָאהמֶען. אַז יָאהַאן הָאט

שוין געהאט אזא כשר'ן עדות, האט ער זיך ענטשלאסען באלד איינפיהרען ביי זיך די אינקוויזיציאן און האט טאקי דעם איינענעם היינריך נונעס אוועקגעשיקט פאר א שליח קיין שפאניען צו קארל דעם פינפטען, כדי ער זאל דורך איהם בעקומען די הסכמה פונ'ם פאפסט. די מאראנען זענען אבער בעצייטענס געוואהר געווארען וואס פאר א שלאנג עס איז צווישען זיי ארומגעקראכען און וואס פאר א שליחות נונעס האט אויף זיך גענומען. צוויי פון זיי, דיעגא פאז און אנדרע דיאס, וועלכע האבען זיך פאר דער וועלט גערעכענט פאר גייסטליכע, זענען איהם נאכגעלאפען און האבען איהם דערהרג'עט אין באדאיאז ניט ווייט פון דער שפאנישער גרעניץ. אוודאי איז היינריך נונעס געווארען א קדוש, און די צוויי מאראנען האבען מיט'ן לעבען בעצאהלט דערפאר וואס זיי האבען געוואלט מציל זיין זייערע ברידער פון א צרה. צום סוף האבען זיי דערמיט ווייניג וואס געפועלט, ווייל אין יאהאן'ס האנד איז שוין געווען א גאנץ צעטעל, וואס נונעס האט איהם נאך פריהר צוגעשטעלט און וואס דארט זענען געווען אויסגערעכענט אי די שולדיגע, אי זייערע גרויסע זינד, און די אינקוויזיטארען האבען שוין ארויסגעקוקט מען זאל זיי לאזען זיך צו פיהרען די האנד, נאר גאר אומגעריכט איז געווארען איין איבערשלאג און דער קאניג האט ניט אויסגעפיהרט זיין ביטערע מחשבה.

פלוצלונג איז ערגיץ פון גאנץ ווייט, פון די מזרח-לענדער, אראבגעפאהרען קיין אייראפא א יוד, וואס האט געזאגט אז ער הייסט דוד, און ער שטאמט ארויס פונ'ם שבט ראובן, אז זיין ברודער איז א מושל איבער א גאנץ פאלק, וואס בעשטעהט פון דריי הונדערט טויזענד גבורים, אז זייער לאנד רופט מען חבור און אז דער קאניג מיט די זיבציג זקנים, וואס פיהרען די מדינה, האבען איהם ארויסגעשיקט צו די אייראפאישע מלכים און בעזאנדערס צום פאפסט, ער זאל ביי זיי בעקומען ביקסען און הארמאטען, כדי זיי זאלען קאנען מלחמה האלטען מיט די מחמדנער ביים רויטען ים און ארויסטרייבען די טירקען פון ארץ ישראל. צו איז דוד הראובני געווען א שווינדלער און האט אויסגעטראכט פונ'ם קאפ די מעשה וועגען זיין ברודער'ס מלוכה פון יענער זייט סמבטיון, אדער ער האט טאקי אליין געגלויבט אין זיין כח אז עס וועט איהם געראטהען עפיס אויפצוטהון נייעס, — דאס איז עד היום ניט בעקאנט, נאר ער איז פון דער נאטור געוועהן אזא מענש וואס מען האט איהם געמוזט אננעהמען פאר א בעל מופת: זיין קליינע וואוקס, זיין אויסגעדארטקייט, זיין שווארץ פנים, זיין שטאנדיג פאסטען, זיין רעדען לשון קודש, זיין שטרענגער

קוק, זיין פאדערן מען זאל איהם פערשטעהען אויפ'ן ווינק אונ בלינד פאלגען, דאס אלדינג האט געמוזט פיהרען דערצו מען זאל איהם וועניגער קשיות פרעגען אונ מעהר פאר איהם דרך ארץ האבען. דערפאר, אז ער איז, נאך זיינע גרויסע נסיעות איבער אראביען, נוביען אונ מצרים, אריינגעפאהרען קיין איטאליען אונ איז געקומען קיין רום, האט מיט איהם באלד אנגעהויבען דאס לאנד צו קלינגען, אונ אז ער איז צוגעפאהרען אויף זיין ווייס פערד, מיט א דיענער אונ א איבערזעצער, צום הויף פונ'ם פאפסט, האט מען איהם מיט גרויס כבוד אריינגעבעטען, אונ דער פאפסט קלעמענטי דער זיבעטע האט איהם אויפגענומען מיט א גאנצען פאראד אונ אזוי ווי עס שטעהט אן א שליח פון א מלכות.

דוד הראובני האט צוגעשטעלט דעם פאפסט פיעל רעקאמענדאציעס פון גרויסע לייט פון פארטוגאל, מיט וועלכע ער האט זיך בעגעגענט אין וועג. דער פאפסט האט אוועקגעשיקט די בריעף קיין פארטוגאל, אונ אז מען האט איהם פון דארט געאנטפערט אז די חתימות זענען אמת'ע איז ער ביי איהם געווארען גאר געהויבט אונ געקרענט, אונ דער פאפסט האט טאקי ערנסט אנגעהויבען טראכטען צו עס וואלט באמת ניט געווען א פלאן מען זאל די טירקיי איבערייגען פון די מחמדנער. אזוי איז דוד הראובני געווארען ביים פאפסט א גאנצער בן בית, איבער די גאסען פלעגט ער פאהרען מיט א וואך פון יודען אונ קריסטען אונ ביסלעכווייז האבען אפילו די דאזיגע, וועלכע האבען צום אנהייב קרום געקוקט אויף זיינע אויפטהועכצען, אנגעהויבען גלויבען אז ניט אומזיסט איז ער געקומען קיין אייראפא אונ אז עס וועט איהם געווים געראטהען עפיס אויסצופיהרען לטובה פונ'ם גאנצען יודישען פאלק. די בעריהמטע פרוי פונ'ם רייכען דון שמואל אברבנאל, בנוונידה, האט איהם צוגעשיקט פון נעאפעל א סך געלד אונ א טהייערע זיידענע פאהן, וואס אויף איהר זענען געווען מיט גאלד אויסגעשטיקט די עשרת הדברות. געלד אונ מתנות האט ער צוגענומען, נאר פון יודען האט ער זיך געהאלטען פון דער ווייטענס, כדי עס זאל אויף איהם ניט פאלען קיין חשד.

אזוי ווי אין פארטוגאל האט מען, צו ליעב די בריעף, וואס דער פאפסט קלעמענטי האט אהין איבערגעשיקט, זיך זעהר אינטערעסירט מיט דוד הראובני, האט איהם דער קאניג יאהאן געשיקט בעטען ער זאל קומען צו איהם. מיט גרויס פאראד האט איהם דער פאפסט ארויסבעגלייט פון רום, ער האט זיך אויפגעזעצט מיט אלע זיינע דיענער אויף א בעזונדער שיף, וואס דארויף איז געווען זיין פאהן, אונ איז, אים חדש נאוועמבער 1525, זיך צונויפגעקומען מיט יאהאן

אין אַלמֵיירין. דוד הָראוּבֵנִי האט בּיי איהם שטאַרק נושׂא חן געווען און יאָהאַן איז מרוצה געוואָרען איהם צו געבען כּלי זין פאַר זיין מדינה. וואס יאָהאַן האט געמיינט דערמיט, וואס ער האט פּלוצלונג בּעקומען אַזאַ חשק צו ווערען אַ גוטער בּרודער מיט אַ יודישען קאָניג וואס מען ווייסט אפילו ניט זיכער וואו זיין לאַנד געפינט זיך — איז שווער צו פערשטעהען. מען זעהט נאָר אַרויס אַז דאס איז געווען אַ בּעשעהרטע זאַך, כּדי די מאַראַנען זאָלען ניצל ווערען פון דער אינקוויזיציאָן, וואס ער האט נאָר וואס געוואָלט אײַנפיהרען. אַוודאי איז אויף זיי געוואָרען אַ שׂמחה, ווען זיי האָבען דערהערט אַז גאָר פּלוצלונג איז אין קאָניגליכען הויף אויסגעוואַקסען געוואָרען אַ קליין יודעל, וואס מען גיבּט איהם אָב גרוֹיס כּבוד, און דער נאָמען פון דוד הָראוּבֵנִי איז געוואָרען הייליג בּיי אַללע. מען איז איהם נאָכגעלאָפען אין די גאַסען, מען פלעגט קושען זיינע קליידער און מען האט איהם געבעטען, ווען ניט פאַר משיח'ן אַליין, פאַר איינעם פון זיינע לייבּ־מענשען, וואס איז געקומען מאַכען אַ וועג פאַר'ן בעל הבית און בּעלעבען די געפאַלענע געמיטהער מיט אַ זיסער האָפנונג.

אַז מען איז אין שפּאַניען געוואָהר געוואָרען וואס עס טהוט זיך אין פּאָרטוגאל, און פון דערווייטענס האט מען עס נאָך מגזם געווען טויזענד מאָל אַזוי פיעל, איז דאָרט גאָר געוואָרען אַ גרויסער רעש צווישען די מאַראַנען און דער רעש האט זיי בּאַלד, אומזיסט און אומנישט, אָבּגעקאָסט זעהר פיעל בּלוט. עס האט זיך אָבּגעזוכט אין הערערא אַ פרוי, וואס האט אָנגעהויבען שרייען, אַז אין איהר איז אַריין אַ רוח נבואה און אַז איהר האָבען זיך בּעוויזען משה רבּנו מיט מלאָכים און מען האט איהר מגלה געווען אַז די צייט פון דער גאולה איז שוין גאָר נאָהענט; אַ סך מאַראַנען האָבען איהר געגלויבּט און האָבען ניט געקאָנט בּעהאַלטען זייער פרייד, וואס אָט־אָט וועלען זיי אויסגעלאָזט ווערען פון די שרעקליכע צרות, און קוים איז די זאַך אָנגעקומען צו דער מלוכה האט מען אין קורדובה פערבּרענט מעהר פון ניינציג מענשען נאָר דערפאַר וואס זיי האָבען זיך ערלויבט צו האָפען אין אַזאַ צייט, ווען דער לעצטער פונק פון האָפנונג וואָלט שוין לאַנג בּעדאַרפט אויסגעלאָשען ווערען פון זייערע הערצער. אַזאַ אומגליק האט נאָך אונטערגעגאָסען בּוימעל צום פייער, וואס האט געבּרענט בּיי די מאַראַנען, און פיעל פון זיי האָבען זיך מיט מסירות נפש אַוועקגעלאָזט קיין פּאָרטוגאל. האָטש דוד הָראוּבֵנִי האט געשוויגען און האט ניט גערעדט קיין וואָרט. זיין שווייגען איז בּיי די אומגליקליכע געוועהן מעהר ווי גערעדט, און וואס קאָלטער ער איז געוועהן געגען

די מאראנען האט זיך זייער היטין פערגרעסערט און מען האט פערשטאנען אז ער איז א חכם און פערשטעהט זיין זאך זעהר גוט.

צווישען די מאראנען, וואס דוד הראובני'ס קומען האט זיי אין גאנצען פערדרעהט די קאפ, איז געוועזען דיעגא פירעס, א וואהלער יונגער מאנן מיט זעהר פיעל מעלות און קאנטניסע, וואס איז שוין געבארען געווארען אקריסט און האט געדיענט בייא דער קרוין, ער האט אויך גוט געקאנט לשון קודש און קבלה, ער האט געגלויבט אז גאר ניך קומט די ישועה און האט שטאנדיג געלעבט נאר מיט'ן בטחון אז פון זיינע חלומות מוז עפיס ווערען. אז דוד הראובני איז געקומען קיין פארטוגאל, האט זיך דיעגא פירעס באלד צו איהם געווארפען און האט אנגעהויבען בייא איהם ציהען ווארטער וועגען משיח'ן און ווען קאן מען זיך רעכטען אויף איהם, נאר ער האט איהם זעהר קאלט אויפגענומען און האט איהם, ווי זיין שטייגער איז געוועזען, געוואלט פטר'ן מיט האלבע ווארטער. דיעגא פירעס איז נאך אבער קיין מבין ניט געוועזען אויף אזא הנהגה און האט זיך איינגערעדט, אז דוד הראובני קאן צו איהם קיין צוטרויען ניט האבען און וויל מיט איהם ניט רעדען אפען דערפאר, וואס ער איז ניט געמל'ט. ער האט ניט לאנג געטראכט און האט זיך געלאזט בעשניידען און בייא'ם ברית האט מען איהם א נאמען געגעבען שלמה מולכו; דערבייא האט ער פערלארען זעהר פיעל בלוט און איז מסוכן קראנק געווארען. אז דוד הראובני האט דערהערט אזא מעשה איז ער דערציטערט געווארען, ווייל ווי גרויס זיין חשיבות האט געמאגט זיין בייא'ם קאניג, האט ער מיט אללע מאראנען געקאנט בעצאהלען מיט'ן לעבען דערפאר, און דאריבער האט ער דעם יונגען קראנקען גער איין עצה געגעבען ער זאל אוועקפאהרען קיין טירקיי, און דיעגא פירעס האט זיך טאקי אנגעהאפט אין דעם פלאן, ווייל איהם האט עס שוין לאנג געצויגען ערגיץ אין דער פרעמד, וואו ער זאל קאנען פערגעסען די צרות פון דער היים.

אין טירקיי האט זיך מולכו געקאנט פרייא צופיהרען די האנד און אזוי ווי ער האט פעסט געגלויבט, אז דער גאנצער תכלית פון דוד הראובני'ס נסיעה איז נאר צו ליעב דעם, מען זאל מבין זיין די יודען צו דער גאולה, האט ער זיך אויסגעגעבען פאר זיין שליח, און אז ער האט דערצעהלט מיט וואס פאר א כבוד דער פאפסט קלעמענטי און דער קאניג יאהאן האבען אויפגענומען דוד הראובני, איז כמעט בייא קיינעם קיין ספק ניט געוועזען אז די גוטע צייט איז שוין ניט ווייט. אין סאלוניקי האבען איהם די מקובלים, די געטרייע תלמידים פון ר'

יוֹסֵף טַאִיטַצַק, אויפְגֶעחַאפְּט ווִי אַ אֶבֶן טוֹב אוּנ הָאבֶּען אויף זַיינֶע חֲלוֹמוֹת גֶעבּויעט אַ גַאנְצֶען בִּנְיָן. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶר אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ אִין אַדְרִיאַנָאפָּאל, דָארְט הָאט מֶען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט גֶענוּג אָנְוואוּנְדֶערְן וָואס פוּן אַ גֶעבָּארֶענֶעם קְרִיסְט זָאל אַרויס אַזַא גְרויסֶער לַמְדָן, אוּנ פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהויבֶּען שִׁיטֶען צוּ אִיהם תַּלְמִידִים, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ זְכִיָה צוּ לֶערְנֶען בַּיי אִיהם תּוֹרָה. דֶעמָאלְט הָאט ר׳ יוֹסֵף קַארוֹ, וָואס אִיז נָאךְ קְלֵיינֶערְהֵייד אַוֶועק פוּן שְׁפַּאנְיֶען, גֶעלֶערְנְט קַבָּלָה בַּיי מוֹלְכוֹ, אוּנ צוּגְלַייךְ מִיט׳ן רֶבִּי׳ן הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט חֲלוֹמוֹת אוּנ הֶשְׁבּוֹנוֹת וֶועגֶען מָשִׁיחַ׳ן. מוֹלְכוֹ אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי אַיינְגֶעגְלויבְּט אִין זַיין נְבוּאָה, אַז עֶר הָאט פִּינְקְטְלִיךְ בֶּעשְׁטִימְט אויף 1540 דָאס יָאהר, וֶוען דִי יוּדֶען דַארְפֶען אויפְגֶעלֶעכְט וֶוערֶען, אוּנ אַז פְּרִיהר מִיט דְרַייצֶעהן יָאהר פַאר דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער צַייט, אִיז מֶען אָנְגֶעפַאלֶען, דֶעם 6 מַאי 1527, אויף רוֹם אוּנ מֶען הָאט דִי שְׁטָאדְט חָרוּב גֶעמַאכְט, אִיז בַּיי קֵיינֶעם, אִין טִירְקֵיי אוּנ אויךְ אִין פּוֹילֶען, אוּנְגַארְן אוּנ דַייטְשְׁלַאנְד, קֵיין סָפֵק מֶעהר נִיט גֶעוֶועהן, אַז מוֹלְכוֹ׳ס רֶעד זֶענֶען אַוַדַאי אֱמֶת אוּנ אַז וואהל וֶועט זַיין דֶעם, וָואס וֶועט דֶערְלֶעבֶּען דִי גְלִיקְלִיכֶע שָׁעָה.

אִין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ פָּארְטוּגַאל הָאבֶּען דִי מַארְרַאנֶען שְׁטַארְק גֶעהָאפְט אויף דָוִד הָרְאוּבֵנִי אוּנ דִי הָאפְנוּנְגֶען הָאבֶּען זֵיי צוּגֶעגֶעבֶּען אַזַא כֹּחַ, וָואס הָאט זֵיי טַאקִי פָּארְט גֶעמוּזְט שַׁאדֶען. אִין בַּאדַאיָאץ זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין תְּפִיסָה פִיעל מַארְרַאנֶען אוּנ עֶטְלִיכֶע פוּן זֵיי אִיז גֶערָאטְהֶען צוּ אַנְטְלויפֶען אוּנ זִיךְ אַרִיבֶּערחַאפֶּען קֵיין פָּארְטוּגַאל. דָארְט זֶענֶען זֵיי אָבֶּער גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז דֶער עוֹלָם רֶעכְט זִיךְ יֶעדֶען טָאג אויף אַ יְשׁוּעָה, דָאס הָאט זֵיי גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּרִיקְלויפֶען קֵיין בַּאדַאיָאץ אוּנ בֶּעפְרַייעֶן זַייעֶרֶע בְּרִידֶער. מִיט אַ גֶעוַואלְד זֶענֶען זֵיי אַרַיין אִין שְׁטָאדְט אוּנ הָאטְשׁ זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן גֶעצֶאהלְטֶע מֶענְשֶׁען אִיז אַזַא מוֹרָא גֶעפַאלֶען אויף דִי אַנְוואהנֶער, אַז קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט אַרויסְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעגֶען זֵיי, אוּנ זֵיי זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן גַאנְץ לַייכְט אַרויסְצוּפִיהרֶען זַייעֶרֶע קְרוֹבִים פוּנ׳ם גֶעפֶענְגְנִישׁ אוּנ זֵיי בְּרֶענְגֶען קֵיין פָּארְטוּגַאל. אַזַא בְּרִיָה׳שַׁאפְט אִיז אָבֶּער נִיט גֶעפֶאלֶען דֶעם קֶענִיג יָאהַאן, אוּנ בַּיי אִיהם אִין קָאפּ אִיז וַוייטֶער אויפְגֶעלֶעבְּט גֶעוָוארֶען דֶער גֶעדַאנְק אַז עֶס אִיז נֶאטְהִיג אויךְ אִין פָּארְטוּגַאל אַיינְצוּפִיהרֶען דִי אִינְקְווִיזִיצְיָאן. דֶערְוַוייל אִיז אויךְ, וָואס מֶעהר צַייט עֶס אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, דָאס חֲשִׁיבוּת פוּן דָוִד הָרְאוּבֵנִי בַּיים קֶענִיג גֶעוָוארֶען קְלֵיינֶער: פוּן אֵיין זַייט הָאבֶּען דִי מַארְרַאנֶען אויפְגֶערִיסֶען דִי אויגֶען דֶערְמִיט, וָואס זֵיי פְלֶעגֶען אִיהם נָאכְלויפֶען אוּנ אָבְּגֶעבֶּען כָּבוֹד ווִי אַ מֶלֶךְ, אוּנ פוּן דֶער

אנדערער זייט האט עס דעם קעניג אליין שטארק פערדראסען וואס איינער פון זיינע מקורבים, דיעגא פירעס, האט זיך מגייר געוועזען. דערצו איז נאך גראד דעמאלט אנגעקומען צוריק פון רום מיגועל דע סילוא, וואס איז געוועזען ביים פאפסט אין דער צייט ווען דוד הראובני האט דארט געלעבט און האט איהם באלד תופס געוועזען אז זיין גאנצע נסיעה איז ניט קיין ריינע זאך. אודאי האט מיגועל דע סילווא אנגעהויבען שרייען אז עס איז איין עולה וואס מען שטיצט א שווינדלער, וואס מען ווייסט ניט פון וואנען ער האט זיך גענומען, און אז דער קעניג אליין, וואס דענקט איינצופיהרען אזא הייליגע זאך ווי די אינקוויזיציאן, מאכט עס אין גאנצען קאליע מיט דער פרייהייט וואס ער גיט די מאראנען, און מיט דער פריינדליכקייט, וועלכע ער בעווייזט א מענשען, וואס רייצט זיי אויף און רעדט זיי צו צו אלדעז באז. לאנג טענה'ן מיט יאהאן האט מען ניט בעדארפט, ער האט זיך באלד איבערגעביטען, און האטש ער האט צוגעזאגט דוד הראובני איהם צו געבען אכט שיפען מיט פיער טויזענד פערשיעדענע כלי זין, האט ער איהם געלאזט זאגען אז נאר נאך צוויי חדשים קאן ער בלייבען אין לאנד און דערנאך מוז ער ארויס פאהרען. אזוי האט זיך אויסגעלאזט די גאנצע אהבה צווישען יאהאן און דוד הראובני, וועלכער האט זיך געמוזט אויפזעצען אויפ'ן ערשטען שיף און האט זיך דורך א שטורעמווינד צוגעשלאגען קיין שפאניען און דארט האט איהם מיט זיין גאנצער חברה די אינקוויזיציאן ארייגעכאפט אין איהרע בלוטיגע האנד. נאך דוד הראובני'ס אוועקפאהרען האט יאהאן אנגעהויבען מעהר צו אונטערדריקען די מאראנען, די קאניגין מיט די גייסטליכע האבען איהם ניט געלאזט רוהען און האבען איהם אלץ צוגערעדט ער זאל גיכער איינפיהרען די אינקוויזיציאן, דערצו האט נאר דער עפיסקאפ היינריך געמאכט איין התחלה און האט גע-הייסען אים יאהר 1530, פערברענען אין אליוועגסא פינף מאראנען, און דער קעניג האט זיך געמוזט ענטשליעסען און האט געשיקט בעטען דעם פאפסט קלעמענטי ער זאל איהם געבען זיין ברכה אויף דער גרויסער מצוה, וואס ער וויל דורך דעם אינקוויזיציאנס-געריכט א תל מאכען פון מענשען, וואס זענען פאלש דער קאטאלישער אמונה. יאהאן האט אויך געוואלט אז דער פאפסט זאל איהם מתיר נדר זיין און בעפרייען פון דעם ווארט, וואס ער האט אמאל גע-געבען די מאראנען אז זיי וועלען זיך לעבען רוהיג און קיינער טאר זיי ניט טשעפען. דאס שליחות — אלדינג צו פועל'ן ביים פאפסט — האט גענומען איבער

זיך דער פארטוגעזישער געזאנדטער אין רום בראס נעטא, נאר עס איז איהם ניט גרינג אנגעקומען. די מאראנען האבען געהאט אין לאנד אליין צוויי עדלע בעשיצער. דאס זענען געוועהן דער עפיסקאפ פון אלגארוויען, פערנאנדא קוטינהא, אונ דער עפיסקאפ פון פונכאל, דיאגא פינהיירא, וועלכע האבען זיך ניט איין מאל אנגענומען פאר זיי אונ האבען געדרונגען אז מיט געוואלד קאן מען קיינעם ניט צובינדען צו קיין רעליגיאן, אז מיט גוטען אונ מיט ליעבשאפט קאן מען אסך מעהר אויספיהרען אונ, אז ווען קריסטען זאגען עדות געגען מאראנען אז זיי האבען אליין געזעהען פון זיי שלעכטס, טאר מען זיי ניט גלויבען אונ מען דארף זיי נאך בעשטראפען פאר זייער פאלשער שבועה. דער פאפסט קלעמענטי האט גאר גוט געקוקט אויף די מאראנען, ער האט זיי פשוט גערעכענט פאר יודען אונ האט א טהייל פון זיי, וואס האבען ביי איהם געזוכט שוטץ, ערלויבט זיך צו בעזעצען אין אנקאנא, פלארענץ אונ ווענעדיג, אונ פריי איבערגעהען צום יודענטהום. דערפון קאן מען פערשטעהען אז עס האט געמוזט דעם קאניג יאהאן אבקאסטען גענוג מיה ביז ער האט דערלעבט צו זעהען ביי זיך אין פארטוגאל איין אינקוויזיציאנס-געריכט.

פונקט אין דער צייט, ווען דעם קאניג יאהאן האט זיך אזוי געגלוסט צו ברענגען די מאראנען אויפ'ן פייער, איז שלמה מולכו פלוצלונג, אים יאהר 1529, אראבגעקומען קיין איטאליען, וויל ער האט ארויסגעזעהען אז די גאולה מוז געווים קומען אין דער בעשטימטער צייט, אונ ער האט געוואלט אז דוקא אין רום זאל מען אפענטליך הערען זיינע דרשות אונ פון דארט זאל זיך די פרעהליכע בשורה פארשפרייטען איבער גאנץ אייראפא. צום אנהייב האט ער זיך אבגעשטעלט אין אנקאנא; דארט איז שוין געוועהן ניט קיין קליינע יודישע קהלה פון מאראנען, וואס האבען זיך אומגעקעהרט צום יודענטהום. ער האט געפונען זעהר פיעל גוטע פריינד, וואס האבען איהם אויף די הענד געטראגען, ער האט אבער געהאט אסך געגנער, וואס האבען זיך געשראקען פאר זיינע חשבונות אונ האבען געשריגען אז דערפון קאן ארויס א גרויסע סכנה פאר'ן כלל ישראל אונ בעזאנדערס פאר די מאראנען. דערוויל האט זיך צו איהם זעהר צוגעלאזט דער הערצאג פראנצעסקא דעלא ראווערע אונ האט איהם געבעטען ער זאל זיך בעזעצען אין פעזערא, כדי צו ליעב איהם זאלען דארט וואהנען רייכע מאראנען אונ די שטאדט זאל בעלעבט ווערען. ער איז אבער לאנג ניט געבליבען אין פעזערא, עס האט איהם גע-צויגען קיין רום, אונ חאטש מען האט געקאנט רעכנען, אז עס איז א גרויס

איינשטעלעניש פון זיין זייט וואס ער האט זיך ענטשלאסען אויפצוטרעטען דארט, וואו דער קאטאליציזמוס הערשט אזוי שטארק, צום כוף האט ער געפונען בעשיצער צווישען די הויפט־פארשטעהער פון דער קאטאלישער קירכע. דער קארדינאל לארענצא פוטשי, וועלכער האט זיך אמאל אנגענומען פאר רייכלין, האט אויך מולכו בעוויזען זיין פריינדשאפט, און אפילו ביים פאפסט קלעמענטי האט ער נושא חן געוועהן און ער האט איהם ארויסגעגעבען א שוטץ־בריעף, כדי ער זאל קאנען פריי ארומפאהרען איבער איטאליען. דערצו האט זיך נאך ארויסגעוויזען אז מולכו איז אגאנצער בעל מופת, ער האט פאראויסגעזאגט אז דעם 8 אקטאבער 1530 וועט זיך אגרויס וואסער צוגיסען איבער רום, און דעם 26 יאנואר 1531 וועט אין ליסאבאן זיין א ערדציטערניש. און אזוי איז טאקי געשעהן. די גראסטע לייט זענען בטל געווארען פאר מולכו אז מען האט דערזעהען פון איהם אזעלכע מופתים, און דער פארטוגאזישער געזאנדטער בראס־נעטא האט איהם בפירוש געזאגט אז ווען יאהאן זאל געוועהן וויסען וואס פאר א הימעל־מענש ער איז, וואלט ער איהם געוויס ערלויבט צו בלייבען אין פארטוגאל און זיין א יוד. אודאי האט בראס־נעטא, די גאנצע צייט וואס מולכו האט זיך אויפגעהאלטען אין רום, גאר ניט געקאנט טהון וועגען זיין שליחות: צום אומגליק האט אבער מולכו געהאט זעהר א געפאהרליכען שונא, דעם בעריהמטען דאקטאר און שפראכענקענער ר' יעקב מנטין: ער האט זיך געפריוט ארבייטען דורך בראס־נעטא, ער זאל פארדערן ביי דער מלוכה מען זאל מולכו'ן ארויסשיקען קיין פארטוגאל ווי א פערברעכער וואס איז געבארען געווארען א קריסט און האט איבערגעביטען זיין אמונה, און אז עס איז ניט געגאנגען, האט ער איהם פשוט געמסרט פאר דער אינקוויזיציאן און האט אומיסטען געבראכט עדות פון ליסאבאן. אהן מורא האט זיך מולכו געשטעלט פאר'ן אינקוויזיציאנס־געריכט און האט געוויזען דעם שוטץ־בריעף פונ'ם פאפסט. די ריכטער האבען אבער ביי איהם הערויסגעריסען דעם בריעף און זענען געלאפען צום פאפסט זיך קלאגען און פרעגען ווי קומט עס אז ער זאל האלטען אונטער זיינע פליגעל אזא מענשען. קלעמענטי האט זיי פערשטעהען געגעבען אז ער דארף האבען מולכו צו אנאטהיגע זאך און זיי האבען איהם געמוזט אבלאזען. מנטין האט זיך אבער ניט בערוהיגט און האט אויסגעזוכט אויף מולכו'ן נייע חטאים, ביז די אינקוויזיציאן האט איהם פערמשפט צום טויט. דער פאפסט האט איהם אבער באמת ליעב געהאט. מבטל זיין דעם משפט האט ער ניט געטארט, דאריבער

האט ער געהייסען מען זאל קלאמערשט אפענטליך פערברענען אמענשען, נאר דאס איז געוועהן איין אנדערער, וואס מען האט איהם אונטערגעשטעלט, און מולכו'ן האט ער געהאלטען ביי זיך בעהאלטען ביז דער רעש איז איבערגעגאנגען, ביים פאלק איז איינגערעדט געוועהן אז זיי האבען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהען ווי מען האט מולכו'ן פערברענט און ער האט שפעטער געקאנט רוהיג אוועקפאהרען פון רום.

באלד נאך דעם איז דער גוטהערציגער קארדינאל לארענצא פוטשי געשטארבען און זיין נאכפאלגער אנטאניא פוטשי האט שוין ניט געהאט די מעלות פונ'ם פעטער, און דאריבער איז געראטהען דעם קאניג יאהאן צו בעקומען איין ערלויבניש איינצופיהרען די אינקוויזיציאן אין פארטוגאל, האטש די פרומע קארדינאלע, עגידיא פאן וויטערבא, דער תלמיד פון ר' אליהו לעוויטא, און געראנימא דע גהינוטשי, זענען געוועהן דאגעגען. אזוי האבען זיך אין פארטוגאל מיט אמאל געעפענט דריי אינקוויזיציאנס-געריכטע, אין ליסאבאן, עווארא און קאימברא, און פאר'ן ראש האט דער קאניג בעשטימט דעם גייסטליכען דיאגא דע סילווא, וואס איז דווקא געוועהן אגוטער מענש, נאר ער איז ניט אים שטאנד געוועהן צו געהען מיט חסד דארט וואו דאס פאלק איז געוועהן מלא רציחה אויף די מאראנען און האט זיך קוים דערווארט זיי זאלען זיך קאנען באדען אין זייער בלוט.

ביי אזא אומגליק האבען די מאראנען אנגעהויבען טראכטען אוועקצופאהרען פון פארטוגאל, נאר די מלוכה האט זיי פערשטעלט דעם וועג: זי האט פערוועהרט די קריסטען זיי זאלען ניט אפקויפען ביי די מאראנען קיין זאכען און אויף די שיפען האט זי אויך אנגעזאגט מען זאל זיי ניט ארויפלאזען. פון דעסטוועגען האבען זיך עטליכע פון זיי צו געשלאגען קיין רום און האבען געקלאגט פאר'ן פאפסט וועגען דעם שלעכטס וואס מען טהוט זייערע ברידער אין פארטוגאל. דעם פאפסט קלעמענטי האט שוין אהן דעם אויך באנג געטהון וואס ער האט ערלויבט מען זאל אומשולדיגע מענשען אזוי רודפ'ן, און ער האט אנגעהויבען שטארק נאכטראכטען ווי אזוי ער זאל צוריקנעהמען זיין ערלויבניש. אין דער צייט האט מען ווייטער דערהערט, אז שלמה מולכו און דוד הראובני דרימלען ניט און האבען זיך אוועקגעלאזט קיין רעגענשבורג צום קייזער קארל דעם פינפטען.

דער סוד וואס האט געטריבען דוד הראובני צו ווייטע נסיעות און דער פערבארגענער כח וואס האט געבראכט שלמה מולכו דערצו אז ער זאל מיט

מְסִירַת נֶפֶשׁ זִיךְ לָאזֶען צוּרִיק פוּן טִירְקַיי אִין דִי לֶענְדֶער, וואוּ עֶר אִיז מִיט'ן לֶעבֶּען נִיט זִיכֶער גֶעוֶועהן, הָאבֶּען זֵיי טַאקִי נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען זֵיי זָאלֶען זִיךְ פָּארְשְׁטֶעלֶען דֶעם קֵייזֶער קַארְל. וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעמֵיינְט דֶערְמִיט, קָאן מֶען נִיט ווִיסֶען. אַ טְהֵייל זָאגֶען אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעשְׁטֶעלְט פָּארְצוּלֶעגֶען דֶעם קֵייזֶער עֶר זָאל זִיךְ מְגַיֵּיר זַיין, נָאר דָאס אִיז שְׁוֶוער צוּ גְלוֹיבֶּען, ווַייל חָאטְשׁ זֵיי זֶענֶען קַיין רֶענֶעגַאטְשִׁבּוֹרִים אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען מִיט אַ שְׁטִיקֶעל פַּארַאד אוּנ הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען אַ פָּאהְן, וָואס אוֹיף אִיהר זֶענֶען גֶעוֶועהן אוֹיסְגֶעקְרִיצְט דִי אוֹתִיוֹת **מכב״י**, וֶועלְכֶע זֶענֶען דִי רָאשֵׁי תֵיבוֹת פוּן „**מִי כָמוֹכָה בָּאֵלִים יְהֹוָה**״, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זֵיי דֶער פָּארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען, ר׳ יוֹזֵיל פוּן [illegible]סְהַיים, גָאר אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶערַאטְהֶען, זֵיי זָאלֶען זִיךְ אֲפִילוּ נִיט זֶעהֶען מִיט קַארְל'ן, וֶועלְכֶער אִיז אַ הֵייסֶער קַאטָאלִיק אוּנ וֶועט גָאר נִיט וֶועלֶען הֶערֶען פוּן זַאבֶּען, וָואס דֶערְפוּן קָאן עֶפִּיס אַרוֹיסְקוּמֶען אַ טוֹבָה פַאר אַיין אַנְדֶער אֱמוּנָה. גִיכֶער קָאן מֶען רֶעכְנֶען אַז זֵיי הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען קַארְל'ן עֶר זָאל עֶרְלוֹיבֶּען דִי מַארַאנֶען זֵיי זָאלֶען גֶעהֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִי טִירְקֶען. קַארְל הָאט אָבֶּער מִיט זֵיי לַאנְג נִיט גֶעטַעֲנָה'ט: עֶר הָאט זֵיי בֵּיידֶען גֶעלָאזְט קָאוֶוען אִין קֵייטֶען אוּנ הָאט זֵיי מִיט זִיךְ מִיטְגֶעפִיהְרְט קַיין מַאנְטוּאַ, דָארְט הָאט עֶר צוּנוֹיפְגֶערוּפֶען אַיין אִינְקְווִיזִיצְיָאנְס־גֶערִיכְט אוּנ מֶען הָאט שְׁלֹמֹה מוֹלְכוֹ פֶערְמִשְׁפָּט צוּם טוֹיט. אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעפִיהְרְט פֶערְבְּרֶענֶען, הָאט מֶען אִיהם פֶערְבּוּנְדֶען דָאס מוֹיל, כְּדֵי עֶר זָאל מִיט זַיינֶע שְׁפְּרַאכֶע רֶעד נִיט דֶערְוֶועקֶען קַיין רַחֲמָנוּת בַּיים פָאלְק, נָאר עֶהְדֶער מֶען הָאט אִיהם שׁוֹין בֶּעדַארְפְט אַרַיינְוַוארְפֶען אִין פַייעֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ שָׁלִיחַ פוּנ'ם קֵייזֶער אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אַז עֶר קָאן בְּלַייבֶּען לֶעבֶּען אוּנ גְלִיקְלִיךְ זַיין ווֶוען עֶר ווֶועט מִיט אֱמֶת'עֶר חֲרָטָה זִיךְ צוּרִיק־קֶעהְרֶען צוּ דֶער קַאטָאלִישֶׁער רֶעלִיגְיָאן. מוֹלְכוֹ הָאט אָבֶּער פֶערְדְרֶעהְט דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעווִיזֶען אַז עֶר ווִיל זַיין אַיין „עוֹלָה תְמִימָה״ פַאר'ן יוּדִישֶׁען פָאלְק אוּנ אַז עֶר גֶעהְט מִיט שִׂמְחָה אַקֶעגֶען דֶעם טוֹיט.

דִי גְבוּרָה אוּנ דָאס בֶּעהַארְצִקַייט, וָואס שְׁלֹמֹה מוֹלְכוֹ הָאט אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען בַּיים שְׁטַארְבֶּען, הָאבֶּען זַיין נָאמֶען נָאךְ הֵיילִיגֶער גֶעמַאכְט צְווִישֶׁען יוּדֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אוּמֶעדוּם הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְצֶעהלֶען פוּן אִיהם מוֹפְתִים אוּנ אַזוֹי ווִי מֶען הָאט שׁוֹין אַיין מָאל גֶעזֶעהֶען ווִי מֶען הָאט אִיהם אִין רוֹם פֶערְבְּרֶענְט אוּנ צוּם סוֹף אִיז עֶר נִיצָל גֶעוָוארֶען, הָאט זֵיי שׁוֹין דָאס מָאל אוֹיךְ אוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז עֶר לֶעבְּט, אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶעפוּנֶען מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אִיהם, אַכְט טָאג נָאךְ דֶעם פֶערְבְּרֶענֶען, מִיט זֵייעֶרֶע „אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען״

געזעהען אין עטליכע ערטער. דוד הראובני איז ניט בעשערט געוועהן צו שטארבען מיט אזא כבוד ווי א קדוש. אזוי ווי ער איז געוועהן א יוד, האט אויף איהם די אינקוויזיציאן קיין רעכט ניט געהאט, און דעריבער האט איהם קארל געהייסען אוועקפיהרען קיין שפאניען און דארט האט ער זיך א סך יאהרען אבגעמוטשעט אין תפיסה ביז ער האט זיך אליין געסמ'ט. מולכו'ס אומצייטיגער טויט האט נאך מעהר אריינגעבראכט דעם פאפסט קלעמענטי אין כעס, ער האט פערשטאנען אז דאס האט קארל איהם געטהון אויף צו להכעיס, און דערפאר איז ביי איהם געבליבען ער זאל איהם אבדאנקען דערמיט וואס ער זאל מבטל זיין די אינקוויזיציאן אין פארטוגאל. די מאראנען האבען פערשטאנען אז אצונד איז די בעסטע צייט עפיס ביים פאפסט צו פועל'ן און זיי האבען אוועקגעשיקט צוזאמען מיט זייערע לייט, דוארטע דע פאץ, וועהר א בכבוד'ען מענשען, וואס איז געוועהן א חשוב ביי דער מלוכה, און האבען איהם מיט געגעבען גענוג געלד, כדי ער זאל ניט קומען מיט לעדיגע האנד, דארט וואו מיט גלאטע דבורים איז שווער עפיס צו מאכען. אין שרעקליכע פארבען האט דער שליח פון די מאראנען אויסגעמאהלט דעם פאפסט וואס עס געהט פאר אין פארטוגאל און וואס פאר א גרויס אכזריות מען זעהט דארט פון מענשען וואס רופען זיך „גאטט'ס דיענער", און עס איז איהם געראטהען דערוויל ארויפצוברענגען קלעמענטין ער זאל דעם 17 אקטאבער 1532 ארויסגעבען א בעפעהל, אז די אינקוויזיציאן זאל אויף א געוויסער צייט אויפהערען. דאס איז נאר געוועהן איין התחלה און קוים איז דוארטע דע פאץ פערטיג געווארען דערמיט, האט ער אנגעהויבען ארבייטען ביים פאפסט ער זאל הייסען בעפרייען די אומגליקליכע מאראנען, וואס זענען נעבעך מיט ווייבער און קינדער געזעסען אין תפיסה און האבען זיך שוין געזעגענט מיט'ן לעבען. קלעמענטי האט גוט געוואוסט אז די מאראנען זענען אומשולדיג, נאר ער האט געמוזט יוצא זיין פאר זיינע איינענע לייט, און דעריבער האט ער די גאנצע זאך איבערגעגעבען א קאמיסיאן אונטער דער השגחה פון צוויי פרומע קארדינאלע, דע-צעזיס און קאמפע-דזשיא, וועלכע האבען, מן הסתם, ניט פערלייגענט דעם אמת און האבען מודה געוועהן, אז מענשען, וואס מען האט זיי מיט געוואלד געטויפט, קאנען זיך ניט רעכנען פאר קריסטען און זינדיגען ניט, ווען זיי זענען פאלש דער פרעמדער אמונה. צוויי יאהר האט פון דעסטוועגען געדויערט ביז די קאמיסיאן האט ארויסגעזאגט איהר חות דעת און דער פאפסט האט זיך געפיהלט ביכולת, דעם 26 יולי 1534, צו פערעפענטליכען א בעפעהל, אז אללע

געפאנגענע מאראנען זאלען בעפרייהט ווערען אונ מען זאל זיי אומקעהרען דאס פערמעגען. אין אפאר חדשים ארום איז אבער קלעמענטי געשטארבען אונ זיין בעפעהל איז געבליבען נאר אויף פאפיער.

דער נייער פאפסט פאול דער דריטער, האט שוין קרום געקוקט אויף די מאראנען, האטש פון יודען האט ער דוקא געהאלטען אונ ר׳ יעקב מנטין איז געוועהן זיין לייב-דאקטאר. ער האט געוואלט מעהר בעפעסטיגען די אינקוויזיציאן, וואס איז די לעצטע צייט אביסעל צו שוואך געווארען, אונ האט בעפוילען דעם קאניג פון פארטוגאל אז די פריהריגע בעפעהלע פון יענעם פאפסט זאלען בטל ווערען אונ אז ער מאג טהון מיט די מאראנען וואס ער וויל. באלד האט זיך אבער די זאך געאנדערט, ווייל דיארטע דע פאאץ אונ זיין נייער שותף דיעגא רודריגעס פינטא האבען ניט געזשאלעוועט קיין געלד, זיי האבען איבערגעקויפט יעדען וואס האט נאר געקאנט טהון א טובה, אפילו דעם קארדינאל סאנטיקוואטרא, וואס האט נאר געוואלט האבען א חלק אין דער גרויסער מצוה ווען מען וועט אין פארטוגאל ברענען מאראנען, האבען זיי בעשטימט א יאהר-געהאלט אונ ער איז גאר ווייכער געווארען, אונ אזוי האבען זיי זיך געמיהט ביז דער פאפסט האט איבערגעגעבען די גאנצע שאלה צוויי קארדינאלע, גהינוטשי אונ סימאנעטא. פון דעם וואס דער פאפסט האט דערצו אויסגעקליבען דעם קארדינאל גהינוטשי, וואס איז גע-וועהן בעקאנט פאר א גוטען פריינד פון די מאראנען אונ וועלכער האט אפילו אנגעשריבען א גאנץ ספר וועגען זיי, האט מען שוין געקאנט ארויסזעהן, אז זיין דעה האט זיך איבערגעביטען, אונ טאקי גאר אין א קורצע צייט האט ער געלאזט זאגען דעם קאניג יאהאן אז די בעפעהלע פון קלעמענטי דעם זיבעטען בלייבען אין זייער כח אונ אז מען זאל מעהר ניט אנרירען די מאראנען. אז מען האט אין פארטוגאל א קוק געטהון ווי מען דרעהט אין רום מיט דער צונג, אט זאגט מען יא, אט שרייעט מען ניין, האבען זיי זיך ניט וויסענדיג געמאכט אונ האבען זיך געטהון זייערס אונ דערצו האבען זיי זיך נאך געפונען גוטע יועצים וואס האבען געראטהען דעם קאניג, ער זאל זיך, פונקט ווי ענגלאנד, אבזאגען פונ׳ם פאפסט. דאס האט פאול׳ן שטארק פערדראסען אונ ער האט געשיקט, אים יאהר 1535 א שטרענג בעפעהל אז אללע מאראנען האבען שוין בעקומען א כפרת עון אונ מעהר זאל מען שוין אויף זיי קיין חטאים ניט זוכען. אזוי ווי דער פאפסט האט דאס מאל בעפוילען זעהר שטרענג אונ דערצו האט ער נאך אנגעזאגט זיין שליח ער זאל אכטונג געבען מען זאל איהם פינקטליך

פָּאלְגֶען, הָאט מֶען נִיט גֶעטָארְט טַעֲנָה'ן אוּנ דֶער פְּרִינְץ אַלְלַיין דוֹן אַלְפָאנְסָא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַאָפֶּענֶער שׂוֹנֵא דִי מַארְרַאנֶען, הָאט גֶעמוּזְט מִיט זַיינֶע אֵיינֶענֶע הֶאנְד אֶפְּנֶען דִי טְהוֹיעֶרְן פוּן דֶער תְּפִיסָה. מֶעהר פוּן אַכְטְצֶעהן הוּנְדֶערְט מַארְרַאנֶען זֶענֶען דֶעמָאלְט בֶּעפְרַייהט גֶעוָוארֶען.

דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַשַׁארְפֶער קְלַאפּ פַאר דֶער מְלוּכָה פוּן פָּארְטוּגַאל, וָואס הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זוּכֶען אַלְלֶע מָאל אַז דִי אִינְקְוִויזִיצְיָאן זָאל זִיךְ וַוייטֶער קָאנֶען גֶעהמֶען צוּ אִיהר הֵיילִיגֶער אַרְבַּייט. אִין לִיסַאבָּאן הָאט מֶען גֶעפִיהלְט אַז דֶער גַאנְצֶער חַיִב אִין דֶעם אִיבֶּערְקֶעהרֶענִישׁ אִיז דוֹאַרְטֶע דֶע פַּאץ אוּנ מֶען הָאט אֶנְגֶעשְׁטֶעלְט אִין רוֹם רוֹצְחִים, וָואס הָאבֶען אִיהם גֶעשְׁטָאכֶען אִין מִיטֶען גַאס. אִין רוֹם הָאט מֶען אָבֶער גֶעווּאוּסְט וֶועמֶעס אַרְבַּייט דָאס אִיז אוּנ דֶער פַּאפְּסְט הָאט אַלְלֵיין גֶעשִׁיקְט זַיין דָאקְטָאר עֶר זָאל אִיהם אוֹיסְהֵיילֶען אוּנ עֶר אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען. אַז דָאס מִיטֶעל אִיז נִיט גֶערָאטְהֶען, הָאט זִיךְ פָּארְטוּגַאל גֶעוָוארְפֶען צוּם קֵייזֶער קַארְל דֶעם פִינְפְטֶען, וָואס הָאט דֶעמָאלְט גְרָאד אַייְנְגֶענוּמֶען דֶעם מַחְמַדַנִישֶׁען גִבּוֹר בַּארְבַּארַאסַא אוּנ אִיז פוּן דֶער מִלְחָמָה צוּרִיקְגֶעפָאהרֶען אִיבֶּער אִיטַאלְיֶען. קַארְל הָאט טַאקִי זִיךְ גֶעוֶוענְדֶט צוּם פַּאפְּסְט מִיט דֶער בַּקָשָׁה עֶר זָאל וַוייטֶער לָאזֶען אַיינְפִיהרֶען אִין פָּארְטוּגַאל דִי אִינְקְוִויזִיצְיָאן אוּנ הָאט גֶעזָאגְט אַז דָאס וֶועט בַּיי אִיהם זַיין דִי בֶּעסְטֶע מַתָּנָה. דֶעם פַּאפְּסְט אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אָבְצוּזָאגֶען קַארְל'ן אוּנ דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ בַּיי דִי מַארְרַאנֶען אוֹיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט דָאס גֶעלְד אוּנ אָהְן דֶער מַטְבֵּעַ הָאט עֶס בַּיים בֶּעסְטֶען מֵלִיץ יֹשֶׁר אָבְגֶענוּמֶען דָאס לָשׁוֹן אוּנ אַזוֹי הָאט פַּאוּל, דֶעם 23 מַאי, 1536, אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַנַייעֶם הֶיתֵּר אוֹיף דֶער אִינְקְוִויזִיצְיָאן אִין פָּארְטוּגַאל. עֶר הָאט אֲפִילוּ אוֹיסְגֶענוּמֶען אַתְּנַאי מֶען זָאל פַאר דְרַיי יָאהר נִיט מִשְׁפָּט'ן קֵיינֶעם פוּן דִי מַארְרַאנֶען אוּנ פַאר צֶעהן יָאהר זָאל מֶען בַּיי זֵיי נִיט צוּנֶעהמֶען דָאס פֶערְמֶעגֶען. עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן וַוייל עֶר הָאט גֶעפִיהלְט אַז מֶען צְווִינְגְט אִיהם צוּ אֵיין עַוְלָה. אִין פָּארְטוּגַאל הָאט מֶען אָבֶער גֶעדַאנְקְט גָאטְט וָואס מֶען הָאט בֶּעקוּמֶען זַיין הַסְכָּמָה אוּנ מֶען הָאט בַּאלְד טַאקִי אִין אַחֹדֶשׁ אַרוּם אָנְגֶעהוֹיבֶען אַרוֹיסְצוּגֶעבֶען מִשְׁפָּטִים מִיט שֶׁאנֶעם יֹשֶׁר אוּנ רַחֲמָנוּת.. יָאהַאן הָאט אֲפִילוּ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶען אַגְזֵרָה אַז אַלְלֶע מַארְרַאנֶען זָאלֶען מוּזֶען טְרָאגֶען אַבֶּעזוּנְדֶער צֵייכֶען אוֹיף דִי קְלֵיידֶער.

דִי מַארְרַאנֶען הָאבֶען אָבֶער זֵייעֶר הָאפְנוּנְג נִיט פֶערְלָארֶען אוּנ הָאבֶען נָאךְ אַמָאל אָנְגֶעמַאכְט אִין רוֹם אַגֶעוַואלְד. דוּרךְ זֵייעֶר שָׁלִיחַ, דוּאַרְטֶע דֶע פַּאץ, הָאבֶען זֵיי דֶעם פַּאפְּסְט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט מִיט דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע רְדִיפוֹת

פון די אינקוויזיטארען און ווי מען הרג'ט און מען בענזל'ט מענשען אומזיסט. פאול האט זיך ווייטער בערעכענט אז ער האט ניט גלייך געטהון וואס ער האט זיך געלאזט איבערערעדען און ער האט באלד בעשטימט א נייע קאמיסיאן פון די קארדינאלע גהינוטשי, יאקאבאטשיא און סימאנעטא, זיי זאלען עפיס זוכען א מיטעל צו פערבעסערן די זאך, און אחוץ דעם האט ער געשריבען צו זיין שליח קיין ליסאבאן ער זאל איהם מודיע זיין וואס דארט געהערט פאר. אז די קארדינאלע האבען ארויסגעזאגט זעהר א שלעכטע מיינונג וועגען דער אינקוויזיציאן פון פארטוגאל, און פון ליסאבאן האט מען איהם אויך געמעלדעט אז אלדינג וואס די מאראנען שרייבען איז אמת, האט פאול, אים יאהר 1537, ארויסגעלאזט א בעפעהל אז יעדער פרומער קריסט איז מחויב צו שיצען די מאראנען. דאס איז געוועהן א שאנער אויפטהוא, ווייל דערמיט האט ער צוגענומען ביי דער אינקוויזיציאן דעם גאנצען כח און האט פארט ניט מבטל געוועהן זיין פריהריג בעפעהל: די אינקוויזיציאן האט טאקי קלאמערשט עקסיסטירט, נאר זי איז געוועהן טויט און האט זיך ניט געקאנט ריהרען.

ניט לאנג זענען אבער די אינקוויזיטארען געזעסען אהן ארבייט: פלוצלונג האט מען געפונען אויף דער טהיר פון דער גרויסער קירכע אין ליסאבאן אויפגעקלעבט א קוויטעל וואס איז געוועהן פול מיט קללות און הרמות אויף דער קריסטענטהום, דאס האט מען אימיסטען אבגעטהון, כדי מען זאל אונטערהיצען דאס פאלק און די אינקוויזיציאן זאל זיך ווייטער קאנען צופיהרען די האנד. דער קאניג האט בעשטימט א מתנה צעהן טויזענד רענדליך דעם וואס וועט ענטדעקען ווער עס האט דאס געטהון. דער שליח פונ'ם פאפסט האט גוט געוואוסט אז דאס איז איין אנשטעל פון די גייסטליכע און ער האט פון זיין זייט אויך בעשטימט פינף טויזענד רענדליך דעם וואס וועט ברענגען דעם פערברעכער. נאר אז מען האט געוואלט בעשאפען איין עברה, האט מען אויך לאנג ניט בעדארפט זוכען דעם בעל עברה'ניק: די גאנצע שולד האט מען ארויפגעלעגט אויף איינעם פון די מאראנען, עמנואל דע קאסטא, מען האט איהם פריהר גוט אנגעמוטשעט, ער האט געמוזט רעדען פאר פייער און פאר וואסער, אנגעוויזען אויף וועמען מען האט נאר געוואלט, כדי די אינקוויזיציאן זאל האבען פרישע קרבנות, דערנאך האט מען איהם אבגעהאקט ביידע האנד און מען האט איהם לעבעדיגערהייד פערברענט. נאך אזא מעשה האט מען שוין געהאט פאר וואס זיך צו טשייעפען און דאס בלוט פון די מאראנען האט זיך געגאסען גלייך מיט די ביטערע טרערען פון די וואס

האָבען געמוזט צוקוקען די צרות. יאָהאַן האָט אויסגעקליבען פאַר'ן ממונה איבער דעם אינקוויזיציאָן אַנייעם מלאך המות, יאָהאַן זאָארעס, אונ ניט אומזיסט בעשרייבט שמואל אוטקווי, אַ דיכטער וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, דאָס שרעקליכע אכזריות, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען, אונ זאָגט אַז קיין ערגערס פון איהם איז ניט געוועהן אונ עס קאָן גאָר ניט זיין. ווער עס איז אַריינגעפאַלען צו איהם אין די האַנד אַריין, דער האָט זיך שוין געמאַגט געזעגענען מיט'ן לעבען, ווייל קיין שום תרוץ איז ביי איהם ניט אָנגענומען, צו האָט מען זיך יאָ מודה געוועהן אָדער ניט, צו האָבען זיך געפונען עדות אָדער עס איז גלאַט אַזוי אויף איינעם געפאַלען אַ חשד — גאַנץ אונ לעבעדיג אַרויס איז אונמעגליך געוועהן אונ קיין אַנדער עונש ווי דעם טויט האָט מען ניט אַרויסגעגעבען.

זעהר פיעל מאַררַאַנען זענען דעמאָלט אומגעקומען, ווייל יעדעס מאָל פלעגט מען פערברענען צו פיערציג-פינפציג מענשען. אין רום האָט זיי שוין גענוג געלד אָבגעקאָסט, דעריבער האָבען זיי זיך ענטשלאָסען נאָך אַמאָל זוכען הילף ביים פאַפּסט אונ עס האָט זיך אָנגעהויבען אַנייע מלחמה, אפילו נאָר מיט'ן מויל, צווישען דער מלוכה פון פּאָרטוגאַל אונ די מאַררַאַנען. אונ ביידע צדדים האָבען געוואָלט אויסווייזען אַז יעדער פון זיי האָט רעכט. דער פּאָרטוגאַזישער פּרינץ אונ גראָס-אינקוויזיטאָר היינריך האָט אַוועקגעשיקט קיין רום אַ גאַנץ צעטעל פון חטאים, וואָס נאָטהיגען די אינקוויזיציאָן שטרענג צו בעשטראָפען די שולדיגע, אונ די מאַררַאַנען האָבען פון זייער זייט צו-געשטעלט דעם פאַפּסט אַ תשובה אויף אַלע שאלות אונ האָבען געבראַכט די בעסטע בעווייזע אַז מען טראַכט אויף זיי אויס שקרים וכזבים. צום אומגליק, איז שוין דעמאָלט פּאול געוועהן געבונדען, ווייל די מאַכט פונ'ם פאַפּסט איז שטאַרק געפאַלען אונ ער האָט אַליין געמוזט אָנקומען צו אַנייער חברה „יעזואיטען", וואָס האָט זיך געמאַכט אים יאָהר 1542 אונ האָט זיך אויך פאַרשפּרייט אין פּאָרטוגאַל. אַוודאי האָט ער זיך ניט געטאָרט פערקריגען מיט אַזאַ וואָס ער האָט נאָר וואָס בעקומען פרישע גוטע ברידער אונ האָט געמוזט צושווייגען, כאָטש ער האָט געוויס פיהלט די עולה אונ עס האָט איהם גוט געשטאָכען וואָס ער קאָן ניט העלפען.

נאָך איין סבה איז געוועהן וואָס פּאול דער דריטע האָט געמוזט אָנבויגען דעם קאָפּ אונ מרוצה זיין במעט אויף אַלדינג וואָס פּאָרטוגאַל האָט ביי איהם געבעטען. קאַרל דער פינפטע, וואָס איז שוין לאַנג קיין

גוּטֶער פְרַיינְד דֶעם פַּאפְּסְט נִיט גֶעוֶועהן, הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְמִישֶׁען אוֹיךְ אִין רֶעלִיגְיָאנְ'ס־זַאכֶען אוּנ הָאט גֶעוָואלְט מַאכֶען אִין דֶער קִירְכֶע אַזֶעלְכֶע אָרְדְנוּנְגֶען וָואס זָאלֶען זַיין גוּט אִי פַאר דִי קַאטָאלִיקֶען אִי פַאר דִי פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען. דָאס הָאט פַּאוּל'ן גָאר נִיט גֶעשְׁמֶעקְט אוּנ עֶר אִיז גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהן נָאכְצוּגֶעבֶּען פָּארְטוּגַאל, כְּדֵי עֶר זָאל הָאטְשׁ הָאבֶּען אַיין מְלוּכָה, וָואס זָאל אִיהם זַיין גֶעטְרַיי אוּנ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען; דֶערְפַאר הָאט עֶר גֶעמוּזְט צוּשְׁוַויינֶען, וֶוען אוֹיף דֶער אֲסִיפָה פוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע אִין טְרִיעֶנְט הָאט דֶער עֶפִּיסְקָאפּ בַּאלְיָזַאר לִימַא גֶעעֶפֶענְט אַמוֹיל גֶעגֶען פַּאפְּסְט אוּנ הָאט מִיט גְרוֹיס עַזּוּת אוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז דֶער עֶרְשְׁטֶער פַארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער קִירְכֶע שַׁאדְט אִיהר דֶערְמִיט וָואס עֶר שִׁיצְט דִי מַארְרַאנֶען. בֵּיסְלֶעכְוַויז הָאט פַּאוּל גֶעמוּזְט גֶעבֶּען זַיין הַסְכָּמָה אַז דִי מַארְרַאנֶען זָאלֶען נִיט טָארֶען אַוֶועקְפָאהרֶען פוּן פָּארְטוּגַאל אוּנ אַז דִי אִינְקְוִיזִיצְיָאן זָאל קָאנֶען פְרֵיי אַרְבַּייטֶען אִין לַאנְד, נָאר אַיין זַאךְ הָאט עֶר גֶעפּוֹעֶל'ט: עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען בֶּעפְרַייעֶן אַלֶע מַארְרַאנֶען, וָואס זֶענֶען בִּיז אַהֶער גֶעזֶעסֶען אִין תְּפִיסָה, אוּנ מֶען זָאל בַּיי זֵיי נֶעהמֶען אַ שְׁבוּעָה אַז זֵיי דַארְפֶען בְּלַייבֶּען [illegible]'ע קְרִיסְטֶען, אוּנ אוֹיב זֵיי וֶועלֶען עוֹבֵר שְׁבוּעָה זַיין זָאל מֶען זֵיי עֶרְשְׁט דֶערְנָאךְ מִשְׁפָּט'ן, אִי דָאס מֶען זָאל בַּיי זֵיי דִי עֶרְשְׁטֶע צֶעהן יָאהר קַיין פֶערְמֶעגֶען נִיט צוּנֶעהמֶען, נָאר עֶס אִיבֶּערְגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער.

אַזוֹי הָאט פַּאוּל אָבְּגֶערַאטֶעוֶועט מֶעהר פוּן אַכְטְצֶעהן הוּנְדֶערְט מַאַרַאנֶען, וָואס דֶער חֵלֶק אִיז זֵיי שׁוֹין גֶעלֶעגֶען אוֹיפְ'ן הַאלְז. עֶר הָאט נָאךְ גֶעטְהוּן לִפְנִים מְשׁוּרַת הַדִּין אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיעף דֶעם קָאנִיג אוּנ גֶעבֶּעטֶען: מֶען זָאל נִיט זַיין שְׁטְרֶענְג גֶעגֶען דִי מַארְרַאנֶען, וֶוען אֲפִילוּ זֵיי וֶועלֶען אָבְּהִיטֶען יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים, וַוייל עֶס אִיז שְׁוֶוער מִיט אַמָאל אִיבֶּערְמַאכֶען מֶענְשֶׁען. דִי פָּארְטוּגַאזִישֶׁע מְלוּכָה הָאט אָבֶּער גֶעטְהוּן אִיהרְ'ס, זִי הָאט אַלֶע מָאל גֶעחַאפְּט נַייֶע פֶערְבְּרֶעכֶער, אוּנ פַּאוּל הָאט בִּיז זַיין טוֹיט גֶעהַאט צוּ טְהוּן דֶער מִיט וָואס עֶר הָאט צוּגֶעהַאלְטֶען דִי אִינְקְוִיזִיצְיָאן, זִי זָאל נִיט פֶערְגִיסֶען צוּפִיעל בְּלוּט. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט נָאךְ זַיין טוֹיט גֶעטְהוּן דֶער פַּאפְּסְט יוּלְיוּס דֶער דְרִיטֶער אוּנ אֲפִילוּ פִינְפְצִיג יָאהר שְׁפֶּעטֶער הָאט דֶער פַּאפְּסְט פוּן יֶענֶער צַייט, קְלֶעמֶענְטִי דֶער אַכְטֶע, אוֹיךְ גֶעמוּזְט שִׁיטְצֶען דִי מַארְרַאנֶען וִוי וַוייט עֶר הָאט נָאר גֶעקָאנְט, אוּנ עֶס הָאט אִיהם גֶעפַּאסְט אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען פַאר דֶער וֶועלְט אַז דָאס פַייעֶר, וָואס בְּרֶענְט אוֹיפְ'ן מִזְבֵּחַ פוּן דֶער אִינְקְוִויזִיצְיָאן, אִיז נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק הֵיילִיג...

## 3 דִי מַארְרַאנֶען אוּנ דִי פֶּאפְּסְטֶע .

(1548—1566 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט) .

אַז דֶער שְׁטַארְקֶער רויךְ פוּן דֶער אִינְקְווִיזִיצְיָאנְס=פַייֶער הָאט פֶערְשְׁטֶעלְט דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין אוּנ אֲפִילוּ דִי פְּרִימְסְטֶע אוּנ גוּטְהֶערְצִיגְסְטֶע פֶּאפְּסְטֶע זֶענֶען נִיט אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן קֵיינֶעם צוּ הֶעלְפֶען , הָאבֶּען זִיךְ דִי מַארְרַאנֶען נִיט גֶעפִּיהלְט זִיכֶער אויךְ אִין אִיטַאלְיֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַוֶועקְצוּלָאזֶען קֵיין טִירְקֵיי . דָארְט אִיז דִי יוּדֶען גֶעוֶועהן גוּט , וַוייל קֵיינֶער הָאט זִיךְ צוּ זֵיי נִיט גֶעמִישְׁט אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט מִיט'ן מוֹיל אַרוֹיס זָאגֶען דָאס , וָואס אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט בֶּעגְרָאבֶּען טִיעף אִין הַארְצֶען . אַוַדַאי הָאבֶּען דִי מְקוּבָּלִים גֶעהַאט אַפְּלַאץ וואוּ זֵייעֶרע גֶעדַאנְקֶען אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען ; זֵיי הָאבֶּען גֶעוִויזֶען חֶשְׁבּוֹנוֹת אָהן אַסוֹף , אוּנ חָאטְשׁ פוּן שְׁלֹמֹה מוֹלְכוֹ'ס נְבִיאוֹת הָאט זִיךְ גָאר נִיט אוֹיסְגֶעלָאזְט , הָאבֶּען זֵיי נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ דְרִינְגֶען אַז דִי צַייט פוּן דֶער גְאוּלָה אִיז שׁוֹין פָארְט נָאהֶענְט , נָאר עֶס אִיז נָאךְ דָא עֶפִּיס אֵיין עִכּוּב . זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעזוּכְט אִין רמב"ם אַוִוינְק , אַז אֶיהדֶער מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען מוּז בַּיי יוּדֶען וַוייטֶער וֶוערֶען אַסַנְהֶדְרִין אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען מֶען זָאל אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פֶערְזַאמְלֶען גְרוֹיסֶע רַבָּנִים , וָואס זָאלֶען רָאוּי זַיין צוּ זִיצֶען אִין סַנְהֶדְרִין , אוּנ , קוּקֶענְדִיג אוֹיף זֵיי , זָאל דִי וֶועלְט טַאקִי זָאגֶען כִּי מִצִּיּוֹן תֵּצֵא תוֹרָה וּדְבַר ה' מִירוּשָׁלָיִם .

מֶען הָאט אָבֶּער בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אַגֶעשֶׁאצְטֶען אוּנ אַשַׁארְפֶען קָאפּ , וָואס זָאל מַסְמִיךְ זַיין דִי רַבָּנִים אוּנ אוֹיף זַיין סְמִיכָה זָאל מֶען שְׁטֶעלֶען , אוּנ דֶער גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף ר' יַעֲקֹב בִּירַב , וָואס אִיז גֶעוֶועהן אִי אַגְרוֹיסֶער עָשִׁיר , אִי אַגָדוֹל בַּתּוֹרָה , אוּנ וָואס הָאט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער בֶּעזֶעצְט אִין צְפַת , נָאךְ דֶעם וָואס עֶר אִיז אַצַייט אַרוּמְגֶעפָאהרֶען אִיבֶּער מִצְרַיִם אוּנ הָאט אויךְ בֶּעזוּכְט דַמֶּשֶׂק אוּנ יְרוּשָׁלַיִם . צוּ הָאט ר' יַעֲקֹב בִּירַב אַזוֹי שְׁטַארְק נָאכְגֶעיָאגְט דֶעם כָּבוֹד , אָדֶער עֶר אִיז אַלֵיין אויךְ פֶערְנַארִישְׁט גֶעוֶועהן אִין דִי חֶשְׁבּוֹנוֹת וֶועגֶען מָשִׁיחַ'ן אוּנ הָאט גֶעוָואלְט מְקָרֵב זַיין דִי גְאוּלָה , דָאס קָאן מֶען נִיט ווִיסֶען , גִיכֶער דַארְף מֶען רֶעכְנֶען אַז עֶר הָאט אִין זִין גֶעהַאט בֵּיידֶע זַאכֶען : עֶס הָאט זִיךְ אִיהם פוּן אֵיין זַייט גֶעגְלוּסְט צוּ זַיין אַרֹאשׁ הַסַּנְהֶדְרִין אוּנ וֶוערֶען אַפָארְשְׁטֶעהֶער כִּמְעַט פוּן אַלֶע יוּדֶען , אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט עֶר גֶעוָואלְט טַאקִי הָאבֶּען דִי זְכִיָּה אוּנ זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער וָואס וֶועט אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִי יוּדִישֶׁע מְלוּכָה דֶעם מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ . אִין גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז

דעמאלט די צפת'ער קהלה געוועהן די גראסטע, ווייל זיא איז בעשטאנען פון טויזענד משפחות אונ דערפאר איז צפת געווארען דער מיטעלפונקט, וואו ר' יעקב בירב האט אנגעהויבען שפּיעלען זיין גרויסע ראללע. באלד איז מען דערפון געוואהר געווארען אין איירופּא, אונ פיעל יודען אונ מארראנען האבען זיך אהין אוועקגעלאזט. אז מען טראנקט זיך, זאגט די וועלט, האפּט מען זיך אן אין א שארף פון א שווערד; אנהאפּען זיך אין א זיסער האפנונג פון פרייהייט אונ זעלבסטשטאנדיגקייט — איז נאך בעסער. עס איז קיין וואונדער ניט דאריבער, וואס ר' יעקב בירב האט געפונען גענוג מענשען, וואס האבען געהאלטען מיט איהם אונ האבען איהם געהאלפען אויספיהרען זיין פּלאן; עס קאן אפילו זיין, אז ער וואלט געוועהן טאקי עפּיס אויסגעפיהרט, אונ ווען ער וואלט ניט ארויסגעבראכט משיח'ן וואלט ער וועניגסטענס בעשאפען א נייע פערבינדונג, מעהר אחדות צווישען פאלק; די קנאה האט זיך אבער אריינגעמישט אין מיטען אונ די אלטע קראנקהייט, וואס האט שוין ניט איין מאל געשאדט דעם יודענטהום, האט אצונד אויך אבגעהאלטען די יודען פון חלומות, האטש עס איז שווער צו זאגען בעשטימט וואס פון די דאזיגע חלומות האט זיך געקאנט אויסלאזען.

קודם כל האט זיך די קהלה פון ירושלים געפונען בעליידיגט אונ עס האט זיי פערדראסען פאר וואס איהר יונגע שוועסטערל צפת וויל פּלוצלונג זיך צונעהמען די בכורה אונ די גאנצע גדולה זאל נאר ביי איהר איינשטעהן. ר' יעקב בירב האט אפילו געוואלט פערגלאטען די זאך, כדי עס זאל ניט קומען צו מחלוקת, אונ האט דעם ערשטען מסמיך געוועהן דעם רב פון ירושלים. דארט איז דעמאלט געוועהן רב, ר' לוי בן יעקב חביב, זעהר א גרויסער מאנן, וואס האט, חוץ זיין בקיאות אין תורה, געהאט א שטארקע ידיעה אין מאטהעמאטיק אונ אסטראנאמיע אונ האט זיך מיט זיינע מעלות געקאנט צוזאגען מען זאל איהם אויף דער עלטער מאכען פאר'ן הויפּט־פאר־שטעהער פון דער הייליגער שטאדט, האטש אין דער יוגענד איז ער אין פארטוגאל, אין דער צייט פונ'ם קאניג עמנואל, געצוואונגען געוועהן צו זיין א קריסט אונ מיט גרויס מיה איז איהם געראטהען צו אנטלויפען קיין ארץ ישראל. צווישען ר' לוי חביב אונ ר' יעקב בירב איז פריהר אויך קיין גרויס פריינדשאפט ניט געוועהן אונ אז צפת האט נאך אנגערירט דעם כבוד פון דער גאנצער קהלה אין ירושלים אונ די סמיכה וואס ר' יעקב בירב האט צוגעשיקט איז אויך געוועהן מיט א מין גאוה, אונ פון זיין בריעף האט מען ארויסגעזעהען אז ער

האַרט איהם ניט, גלייך ווי איינער רעדט: „ביזטו צופריעדען — איז מהיכא תיתי, ווילסטו ניט — וועט מען זיך בעגעהען אהן דיר אויך, האט זיך ר' לוי חביב אין גאנצען אבגעשאקעלט, חאטש פריהר איז ער דווקא קיין געגנער ניט געוועהן, אונ אז מען האט אין צפת אבגעזוכט א ראיה פון דער תורה אז מען מוז מאכען א סנהדרין, האט מען אין ירושלים גאר אנדערש געלערנט דעם פשט אונ מען האט אויסגעוויזען פונקט דעם היפך.

אודאי איז ר' יעקב בירב'ס אויפטהוא צוגעגאנגען שווערליך אין אנהייב, ווייל אויף ירושלים האבען אללע געקוקט אונ אז מען איז דארט געשטאנען פון ווייטענס, האט די זאך ניט געקאנט האבען קיין קיום. דערצו האט נאך באלד ר' יעקב בירב געמוזט אוועק פון ארץ ישראל איבער א מסירה, וואס צו ליעב דעם איז ער מיט'ן פערמעגען אונ מיט'ן לעבען ניט זיכער געוועהן. פאר'ן פאהרען האט ער אבער זיין קראפט איבערגעגעבען פיער תלמידים אונ צווישען זיי איז אויך געוועהן ר' יוסף קארו, וואס האט נאך ניט פערגעסען שלמה מולכו'ס חלומות אונ האט פעסט געגלויבט אז ער וועט משיח'ן דערלעבען. אין ירושלים איז דער פערדרוס געווארען נאך גרעסער, וואס ר' יעקב בירב האט גראד אויסגעקליבען יונגע לומדים אונ האט זיך ניט אומגעקוקט אויף פיעל עלטערע רבנים. עס האט זיך אנגעהויבען א נייע קריעג צווישען איהם אונ ר' לוי חביב, איינער האט געפונען אין דעם אנדערן חטאים, מען האט זיך געווארפעלט אונ עס איז געקומען אזוי ווייט, אז דער האט דעם אויסגעווארפען אז ער איז ניט אזוי פרום ווי מען דארף, אונ דער אנדערער האט געגעבען אנצוהערען אז ער איז קיין מאל ניט פאלש געוועהן זיין אמונה אונ האט דערמיט ר' לוי חביב דערמאנט אז ער איז אין די יונגע יאהרען א קריסט געוועהן. אזוי האט זיך די שנאה צווישען ביידע פערגרעסערט ביז דער טויט האט געמאכט א שלום צווישען זיי אונ ר' יוסף קארו איז געבליבען דער איינציגער, וואס האט נאך גערעכענט אז עס וועט איהם געראטהען אויסצופיהרען דאס, וואס איז פאר ר' יעקב בירב שווער געוועהן.

ר' יוסף קארו, וואס איז געבוירען געווארען אין שפאניען אים יאהר 1486 אונ האט דערגרייכט איין אלטער פון אכט אונ אכטציג יאהר, שפיעלט א גרויסע ראללע אינ'ם יודישען לעבען, ווייל זיין „שלחן ערוך" ווערט עד היום בעטראכט ביי די יודען ווי דאס איינציגע געזעץ־בוך, וואס ווייזט זיי ווי אזוי צו לעבען אונ אויף וואס פאר א אופן זיי קאנען יוצא זיין פאר גאטט אונ פאר מענשען. אז ער איז נאך א קליין קינד געוועהן האבען זיינע עלטערן געמוזט אוועק קיין

טירקיי און האבען זיך בעזעצט אין ניקאפאלים, וואו ר׳ יוסף קארו האט אנגעהויבען ארויסווייזען זיין חריפות אין לערנען. ביי עטליכע און צוואנציג יאהר האט ער שוין געשמ׳ט ווי א גרויסער למדן און אז ער איז געקומען קיין אדריאנאפאל האט ער שוין געהאט א סך תלמידים, דארט האט ער אויך אנגעהויבען שרייבען זיין פירוש אויפ׳ן טור וואס דערפון איז דערנאך ארויס דער שלחן ערוך, און האט דארויף געארבייט צוויי און דרייסיג יאהר כסדר. אז שלמה מולכו איז אראבגעקומען אין יענעם געגענד און ר׳ יוסף קארו האט ביי איהם אנגעהויבען לערנען קבלה, איז געווארען א איבערקעהרעניש אין זיינע געדאנקען: דער ריינער קאפ, וואס איז תמיד געוועהן אפען נאר פאר שכל׳דיגע הסברות האט זיך אנגעפילט מיט פאנטאזיעס און חלומות; דער געשליפענער מח, וואס האט שטענדיג געארבייט נאר אין תורה, האט זיך אבגעגעבען נאר מיט סודות און פערדרעהטע חשבונות; די ליכטיגע אויגען, וואס האבען ביז אהער געקוקט גלייך אויף אלדינג, האבען אנגעהויבען זעהען פערבארגענע זאכען, וואס זיינען אפט דער היפך פון שכל הישר. אזוי האט זיך ביסלעכווייז אויסגעארבייט פון ר׳ יוסף קארו א פייעריגער מקובל, און ער איז שפעטער אריבער קיין צפת און די דארטיגע מקובלים, און בעזאנדערס ר׳ שלמה אלקבץ, דער מחבר פונ׳ם בעריהמטען שיר „לכה דודי“, האבען איהם צום איבריגען פערדרעהט דעם קאפ, איז ביי איהם ניט אנדערש געבליבען אז ער איז פונקט ווי שלמה מולכו בעשאפען געווארען אויסצופיהרען א גרויס און הייליג שליחות. פונ׳ מיט אזא האפנונג האט ער ארויסגעלאזט אויף דער וועלט זיין „שלחן ערוך“ און איז זעהר איבערראשט געוועהן וואס א יונגער רב פון קראקוי, ר׳ משה איסרליש, האט אנגעשריבען א גאנץ ספר איבער איהם און האט איהם אבגעווענדט אין פיעל זאכען.

אין דער צייט וואס אין אזיען האבען די יודען געלעבט רוהיג און האבען זיך געקאנט בויען לופט־שלעסער, איז זייער צושטאנד אין אייראפא געוועהן זעהר טרויעריג. אביסעל האבען די רדיפות אויפגעהערט צו ליעב דער רעפארמאציאן, נאר דאס האט גאר ווייניג געדויערט, ווייל טאקי די רעפארמאציאן אליין איז א סבה געוועהן צו נייע צרות פאר יודען. ביידע צדדים, די רעפארמירטע און די קאטאליקען, וואס האב׳ן צווישען זיך צו טהון געהאט, האבען זייער כעס אויסגעלאזט צו די יודענ׳ס קאפ. גענומען האט זיך עס דערפון, וואס צייט לוטהער האט אנגעהויבען אויסצובעסערן די יסודות פונ׳ם קאטאליציזמוס, האבען זיך געפונען פיעל קריסטען וואס האבען אנגענומען אסך

יודישע מנהגים, געהאלטען שבת, שטאנדיג געלערנט די ביבעל אונ מען האט זיי גערופען „האלבע יודען“. צווישען זיי זענען געוועהן אויך אזעלכע וואס האבען זיך ערלויבט אנצושרייבען גאנצע ביכער אונ חוזק מאכען פונ'ם קריסטענטהום, אונ עס איז געקומען אזוי ווייט, אז איין מחבר פון אזא ספר, מיכאל סערוועט האט אין גענף (זשענעווא) דער רעפארמאטאר קאלווין אלליין געהייסען פערברענען. אזוי זענען די יודען געבליבען שטעהן צווישען צוויי פייערן, פון איין זייט האבען זיי אנגעטהון צרות די קאטאליקען, וואס האבען נאך ניט פערגעסען די אלטע מעשות וועגען בלוט אויף פסח אונ קינדער קוילען, פון דער אנדערער זייט האבען זיך צו זיי צוגעטשעפעט די רעפאמירטע פאר פרעמדע זינד, אונ דער יוד האט אלץ בעדארפט אונטערשטעלען די פלייצע, באלד איז צוגעקומען נאך אן ארגערע צרה: אין דייטשלאנד האט זיך אנגעהויבען דער „בויערנקריעג“: די בויערן האבען געוואלט האבען מעהר פרייהייט אונ האבען זיך צובונטעוועט געגען דער מלוכה אונ געגען זייערע בעלי בתים; מן הסתם האט מען אויסגעלאזט דעם כעס צו יודען. אונ דאס אומגליק איז נאך געוועהן אזוי גרויס, וואס ניט דער קייזער, ניט די פריצים וועלכע פלעגען זיי אפט בעשיצען אין א שלעכטער צייט, זענען ניט אים שטאנד געוועהן זיי צו העלפען. באלד האט זיך אבער אבגעזוכט א רפואה אויך צו דער מכה: דער פארשטעהער פון די דייטשע יודען, ר' יוסי (יאזעל'ם) לאאנס פון ראסהיים, וואס איז געוועהן א קרוב למלכות אונ פלעגט ניט איין מאל זיין א מליץ יושר פאר זיינע ברידער אונ זיי אבראטעווען פון ביטערע גזרות, האט זיך אצונד אויך מוסר נפש געוועהן. איינער אליין איז ער געגאנגען אין לאגער, וואו עס זענען געשטאנען ביז פינפצעהן טויזענד צורייצטע בויערן, ער האט זיי פארשטעהן געגעבען, אז די יודען דארפען זיי ניט רעכנען פאר שונאים. זיינע רעד זענען געפאלען אונ מען האט איהם דאס ווארט געגעבען אז מעהר וועט מען שוין די יודען ניט טשעפען.

ר' יאזעל'ם לאאנס פון ראסהיים, וואס איז געבארען געווארען אים יאהר 1478 אונ איז אויסגעוואקסען ביי זיין בעריהמטען פעטער, דעם לייבדאקטאר פונ'ם קייזער פרידריך, איז געוועהן איינער פון די דאזיגע יודען, וואס ווערען קיין מאל ניט מיעד צו ארבייטען פאר זייער פאלק אונ וואס מאכען די ארבייט פאר'ן איינציגען ציעל פון זייער לעבען. ער האט ניט געוואוסט פון קיין רוה אונ וואו מען האט נאר בעדארפט זיין הילף איז ער שוין דארט אויסגעוואקסען. אים יאהר 1529 איז אין באזינג, א קליין שטאדטעל אין

פאהרען, ארויס אבלבול דם, מען האט זעכס און דרייסיג יודען פערברענט און די איבריגע זענען געזעסען אין תפיסה, קוים איז ר' יאזעל'ס דערפון געוואהר געווארען איז ער באלד אוועקגעפאהרען צום קאניג פערדינאנד, ער האט צוגעשטעלט בעווייזע פון פערשיעדענע מלכים און פאפסטע, אז אזעלכע בעשולדיגונגען האבען קיין שום יסוד ניט, און מען האט די יודען בעפרייהט. אז שפעטער מיט א יאהר האט מען אין דייטשלאנד אויסגעטראכט אז די יודען זענען שפיאנען און ווילען העלפען די טירקען זיי זאלען אריין אין לאנד, און אין שלעזיען האט מען עס אנגענומען פאר תורת אמת און מען האט דערווייל צוויי יודען אריינגעווארפען אין פייער, האט ר' יאזעל'ס ניט גערוהט ביז עס איז איהם געראטהען צו דערוויזען דעם קייזער קארל און דעם קאניג פערדינאנד אז דאס איז שקר וכזב. דאס איינענע האט ער אויך געטהון, ווען דער הערצאג פון זאכסען, יאהאן דער קלוגע, האט זיך ענטשלאסען ארויסצוטרייבען די יודען פון דער מדינה, ווייל עטליכע פון זיי האבען זיך פערזינדיגט. אללע מיטעל האט ר' יאזעל'ס אנגעווענדעט, דער הערצאג זאל מבטל זיין די גזרה; ער האט אפילו געבראכט א רעקאמענדאציע צו לוטהער'ן און האט געפועלט ביים גייסטליכען וואלף קאפיטא ער זאל שרייבען דעם רעפארמאטאר אז עס איז אישר א טובה צו טהון די יודען, נאר לוטהער האט זיך ניט געוואלט אריינמישען אין דער זאך און האט איהם געלאזט זאגען אז ער איז בעז אויף די יודען פאר וואס זיי שטעהען ניט צו צום געלייטערטען און גערייניגטען קריסטענטהום, און עס טהוט איהם באנג וואס ער האט אמאל פון זייערטוועגען גערעדט א גוט ווארט.

אין נעאפאל, וואס איז געשטאנען אונטער דער מאכט פון שפאניען, האבען די גייסטליכע געארבייט מיט אללע כוחות אז מען זאל איינפיהרען די אינקוויזיציאן געגען די מאראנען, וואס האבען זיך דארט בעזעצט. אז קארל דער פינפטע איז מיט גליק צוריקגעפאהרען פון אפריקא, האבען זיך די גייסטליכע בעמיהט צו פועל'ן ביי איהם ער זאל הייסען אין גאנצען ארויסטרייבען די יודען פון נעאפאל, כדי די מאראנען זאלען ניט האבען פון וועמען זיך אבצולערנען יודישע דינים. זיי וואלטען אפשר געוועהן דורכגעזעצט, נאר ר' שמואל אברבנאל'ס עדלע פרוי, די בעריהמטע בענוועניד'א: איז בעצייטענס געוואהר געווארען דערפון און האט צו זיך צוגעצויגען די טאכטער פונ'ם שני למלכות, און דער קייזער האט זיי געמוזט צו ליעב טהון און מבטל זיין די גזרה. אין עטליכע יאהר ארום האט אבער די מלוכה ארויסגעלעזט אויך

די יודען אזוי פיעל נתינות אז עס איז זיי אונמעגליך געוועהן אויסצוהאלטען; מען האט זיי געגעבען אזוינע קאסט אז זיי זענען אלליין אנטלאפען, אונד דער־נאך האט ערשט דער קייזער, אים יאהר 1540, ארויסגעלאזט א בעפעהל, אז ווער פון די יודען עס וועט קומען קיין נעאפאל וועט שטרענג בעשטראפט ווערען. פיעל פון זיי זענען אוועק קיין טירקיי, א טהייל זענען אריבער קיין אנקאנא, וואו זיי האבען געקאנט לעבען רוהיג אונטער דעם שוטץ פונ'ם פאפסט, אונד די איבריגע האבען זיך בעזעצט אין פעררארא, וואו עס האט געהערשט דער הערצאג ערקאלע דער צווייטע, וועלכער איז געוועהן א דורש טוב פאר די יודען. אויך ר' שמואל אברבנאל, וואס איהם האט דווקא די מלוכה געבעטען ער זאל בלייבען אין נעאפאל, האט זיך ניט אבגעשיידט פון זיינע ברידער אונד איז מיט'ן פרייען ווילען אוועקגעפאהרען קיין פעררארא אונד האט דארט נאך רוהיג אבגעלעבט זיינע לעצטע צעהן יאהר. גרעסער פון זיינע עשירות איז געוועהן דער גוטער נאהמען וואס ער האט איבערגעלאזט זיין געליעבטער פרוי בענווענידא, וועלכע האט נאך זיין טויט א קורצע צייט געלעבט אונד אז זי איז געשטארבען איז געוועהן א גרויסער טרויער אפילו פאר קריסטען, ווייל אללע האבען זי געשאצט, אונד בעזאנדערס איז צו איהר צוגעבונדען געוועהן איהר געטרייע שילערין, לעאנארא, די טאכטער פונ'ם שני למלכות, וואס האט שפעטער חתונה געהאט מיט'ן הערצאג פון טאסקאנא אונד האט אין גרויס־קייט אויך ניט אויפגעהערט ליעב צו האבען איהר יודישע לעהרערין אונד ערציהערין.

אים יאהר 1541 האבען אנגעהויבען די יודען פון באהמען פיהלען די צרות פון שנאת חנם. אין פראג אונד אין אנדערע שטאדט זענען גראד געוועהן גרויסע שרפות, אונד האט'ש מען איז באלד געוואהר געווארען אז דאס האבען אבגעארבייט עטליכע פאסטוכער, האט מען פון דעסטוועגען אויסגעטראכט, אז די יודען האבען זיי געדונגען זיי זאלען אונטערצינדען די הייזער. וואס פון אזא נארישען בלבול קאן ארויס – זעהט מען דערפון, וואס אין א יאהר ארום האבען אללע יודען, אין מיטען ווינטער, געמוזט ארויס פון באהמען אונד זיך שלעפען קיין פולין אונד טירקיי, אונד נאר צעהן פון זיי האבען בעקומען איין ערלויבניש דארט צו בלייבען. באלד האבען זיך אבער עטליכע גרויסע לייט אנגענומען פאר די יודען, די מלוכה האט געמוזט מאכען א גוטע חקירה ודרישה אונד עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז מען האט זיך צו זיי אומזיסט געטשעפעט. דאריבער האבען זיך די יודען, וואס זענען נאך ניט אזוי ווייט אוועק פונ'ם לאנד, צוריק

אומגעקעהרט קיין באהמען, האטש קיין גרויס נחת האבען זיי שוין דארט ניט ערווארטעט, ווייל מען האט זיי געניט זיי זאלען טראגען אגעלע לאטע אויף די קליידער פאר אשאנד-צייכען און אויסער דעם האבען זיי געמוזט צאהלען אללע יאהר זעהר פיעל מס.

אין דער איינענער צייט איז דאס מזל פון די דייטשע יודען גאר ביטער געווארען, ווייל אי די קאטאליקען, אי די לוטהעראנער האבען זיך גענומען זיי רודפ'ן גאר אהן רחמנות. אנגעהויבען האט זיך עס דערפון וואס אין נייבורג איז פלוצלונג פאר פסח ביי אבויער פערפאלען געווארען אקינד פון פיער יאהר, און דער חשד איז באלד געפאלען אויף די יודען, אז זיי האבען עס דערהרג'ט כדי זיי זאלען האבען בלוט צו די מצות. נאך יום טוב האט גראד אהונד ארויסגעשלעפט דעם טויטען קערפער פונ'ם קינד, וואס איז געוועהן ניט טיעף פערגראבען אין דער ערד, און דא איז געווארען אגאנצער רעש: עס האבען זיך שוין אבגעזוכט מבינים, וואס האבען געפונען אויפ'ן לייב פונ'ם קינד צייכענס, אז מען האט עס פערמוטשעט, און דער עפיסקאפּ פון אייכשטאט האט ניט געמאכט קיין לאנגע שיהות און האט שוין געהייסען איינזעצען עטליכע יודען. דער הערצאג אטטא היינריך, וואס האט געהאט צו שאפען איבער נייבורג, האט עס אבער ניט געוואלט ליידען און דא איז שוין צווישען איהם און דעם עפיסקאפּ ארויס אנצחון-זאך. דער הערצאג האט געלאזט אבדרוקען אבעזונדער ספר, וואס האט געהייסען "יודען ביכעל" און וואו דער מחבר ווייזט אויס אז אללע בעשולדיגונגען געגען די יודען זענען פאלש, אז זיי נעהמען זיך גאר פון שנאה און קנאה און אז די ערשטע קריסטען האבען אלליין זיך גענוג אנגעליטען פונ'ם בלבול דם. דער עפיסקאפּ פון אייכשטאט האט אבער ניט געוואלט שווייגען: ער האט אנגעשטעלט איינעם פון זיינע חברה, יאהאן עק, אגוטען שכור, וואס פאר איהם איז אלין איינס געוועהן צו שטעכען מיט זיין גיפטיגער פעדער וועמען מען האט איהם נאר געהייסען, ער זאל אנשרייבען אתשובה געגען דעם "יודען-ביכעל", און ער האט ניט געזשאלעוועט קיין ליגענס און האט נאך צו פפעפערקארן'ס שקרים זיינס צוגעלעגט. נאך טרויריגער איז אבער געוועהן דאס, וואס דער רבי פון דער רעפארמאציאן, מארטין לוטהער אלליין, האט זיך ניט געשאמט צו בענוצען מיט די חכמות וואס ער האט געפונען אין פפעפערקארן'ס און יאהאן עק'ס ביכער, און האט אויך אבגעגאסען אויף די יודען די ביטערע גאל. לוטהער האט ארויסגעלאזט אויף דער וועלט אבוך, וואס האט געהייסען "איבער די יודען און זייערע

לִיגֶענְס". אוּנ עֶס אִיז נָאר צוּ בֶּעווּאוּנְדֶערְן וִוי אַזוֹי כַּעַס קָאן דֶעם גְרֶאסְטֶען מֶענְשֶׁען אַרָאבְּפִיהְרֶען פוּנ'ם וֶועג. אִין דֶעם בּוּךְ אִיז אוּנְמֶאגְלִיךְ צוּ דֶערְקֶענֶען דֶעם אֵייגֶענֶעם לוּטְהֶער וָואס הָאט עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר יוּדֶען אוּנ גֶעפִיהְרְט אַזַא מִלְחָמָה מִיט דִי קַאטָאלִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע. עֶר רֶעדְט פַאר פַייעֶר אוּנ פַאר וַואסֶער, עֶר בֶּעשׁוּלְדִיגְט גָאר אָהְן אַ שׁוּם בֶּעוַוייז, אוּנ פוּן יֶעדֶער שׁוּרָה שְׁפְּרִיצְט אַרוֹיס וִוי פוּן אַ קְוַואל גִיפְטִיגֶע שִׂנְאָה. לוּטְהֶער דְרִינְגְט, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוֹיף וָואס צוּ קְלָאגֶען, אַז דִי גַאנְצֶע מַאכְט אִיז בַּיי זֵיי אִין דִי הֶאנְד, אַז דִי קְרִיסְטֶען גֶעפִינֶען זִיךְ גָאר בַּיי זֵיי אִין גָלוּת. אַז דִי יוּדֶען טְהוּעֶן דֶעם קְרִיסְט כָּל הָרָעוֹת, אַז דִי יוּדִישֶׁע דָאקְטוֹירִים פֶערְסַמֶ'ען דִי קְרִיסְטְלִיכֶע חוֹלִים, אוּנ זָאגְט אַז עֶס אִיז כְּדַאי אֲפִילוּ זֵיי צוּצוּצָאהְלֶען אַבִּי מֶען זָאל זֵיי צוּרִיק אָבְּשִׁיקֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. בַּאלְד בֶּערֶעכֶענְט עֶר זִיךְ אָבֶּער אַז דָאס וָואלְט גֶעוֶועהְן עֶפִּים מִיט צוּ פִּיעל יוֹשֶׁר, אוּנ שְׁרַייעֶט שׁוֹין גָאר מִיט אֵיין אַנְדֶער קוֹל אַז מֶען דַארְף גָאר מִיט זֵיי קֵיין צֶערֶעמָאנְיֶעס נִיט מַאכֶען, דִי שׁוּלֶען פֶערְבְּרֶענֶען, מִיט תּוֹרָה אוּנ תַּלְמוּד זֵיי נִיט לָאזֶען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען, זֵייעֶרֶע הַייזֶער צוּשְׁטֶערֶען, אַרוֹיסְטְרַייבֶּען זֵיי וִוי דִי צִיגַיינֶער אוּנ זֵיי נִיט עֶרְלוֹיבֶּען זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען אוֹיף אַבֶּעשְׁטִימְט אָרְט, אוֹיסְקְלוֹיבֶּען דִי קְרֶאפְטִיגֶע פוּן זֵיי אוּנ זֵיי בֶּענוּצֶען אוֹיף שְׁוֶוערֶע אַרְבַּייט. אַזַא מִין שׂוֹנֵא אִיז לוּטְהֶער אוֹיף דֶער אֶלְטֶער גֶעוָוארֶען דִי יוּדֶען, אוּנ עֶר אִיז פַאר זֵיי נָאךְ גֶעפֶאהְרְלִיכֶער גֶעוֶועהְן דֶערְמִיט, וָואס עֶר הָאט, עֶרְשְׁטֶענְס, גֶעשַׁאפֶען שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל צְווִישֶׁען דִי פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיף זֵייעֶרֶע בְּרִידֶערְלִיכֶער גֶעפִיהְלֶע גֶעמָאנְט רֶעכְנֶען, אוּנ, צְווֵייטֶענְס, וָואס זַיינֶע פְּלֶאנֶע זֶענֶען גֶעוֶועהְן מוֹרָא'דִיג, וַוייל עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועהְן קֵיין גֶענִיטְהֶער אִין וֶועלְט־זַאכֶען, עֶר אִיז כָּל יָמָיו גֶעזֶעסֶען אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל, מִיט'ן פְּרַאקְטִישֶׁען לֶעבֶּען הָאט עֶר זִיךְ וֶועניג אָנְגֶעקֶעהְרְט אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעקָאנְט פָארְלֶענֶען אַזֶעלְכֶע פְּרָאיֶעקְטֶען, וָואס זֶענֶען בִּיז אַהֶער דִי קַאטָאלִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע אֲפִילוּ אוֹיף דֶער מַחְשָׁבָה נִיט גֶעקוּמֶען, אוּנ יוּדֶען הָאבֶּען שׁוֹין אַזַא מַזָל, אַז וָואס פַאר אַנַארִישְׁקַייט מֶען זָאל וֶועגֶען זֵיי נִיט אוֹיסְטְרַאכְטֶען — קְרִיכְט עֶס בַּאלְד אִין קָאפּ אַרַיין.

אֲפִילוּ אִין טִירְקַיי הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט אוֹיסְשְׁטֶעהֶען גֶענוּג צָרוֹת פוּן דִי קְרִיסְטֶען אוּנ דָארְט הָאבֶּען זֵיי דִי גְרֶעקֶען גֶענוּג לֵייד אוּנ פַּיין אָנְגֶעטְהוּן, חָאטְשׁ שְׁטִיל אוּנ אָהְן לַארֶעם, וַוייל דִי מְלוּכָה הָאט נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען פוּן דִי אִינְטְרִיגֶען אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ זֶעהר זֶעלְטֶען אַרַיינְמִישֶׁען. אֵיין מָאל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אִין קְלֵיין־אַזְיֶען, אִין דֶער שְׁטָאדְט אַמַאצִיַא, וָואס אַ אָרֶעמֶער גְרֶעק,

וועלכער פלעגט שטאנדיג זיך ארומדרעהען צווישען די יודען און נעהמען ביי זיי קצבה, איז פלוצלונג פערפאלען געווארען. פאר די שונאי ישראל איז דאס געוועהן א כשר'ע מציאה, ווייל זיי האבען באלד געקאנט איינקלאגען עטליכע יודען, אז זיי האבען דעם ארעמען גרעק דערהרג'ט. דער טירקישער שופט האט זיך גענומען מוטשען די יודען און האט זיי אנגעטהון ענוים קשים ביז זיי האבען זיך געמוזט מודה זיין, און מען האט זיי אללע אויפגעהאנגען, און דערביי האט ער אויך פערברענט איינעם פון די שאנסטע בעלי בתים, דעם דאקטאר ר' יעקב אבי איוב. אין א קורצער צייט האט אבער א יוד אבגעזוכט דעם פער־פאלענעם גרעק, ער האט איהם געבראכט צום שופט און ער האט דארט אויס־געגעבען די גאנצע חברה, וואס האט איהם אנגעשטעלט ער זאל זיך בעהאלטען, און אללע האבען זיי דערפאר מיט'ן לעבען בעצאהלט. אין דער איינענער צייט איז נאך אזא מעשה פארגעקומען אין דער שטאדט טאקאט און עס וואלט געוועהן געגוג בלוט אבגעקאסט, ווען מען קוקט זיך ניט ארום בעצייטענס און מען ווערד ניט געוואהר אז די גאנצע זאך איז א ליגען. דעמאלט האט דער יודישער לייב־דאקטאר ר' משה המון זיך ענטשלאסען צו בעטען ביים סולטאן סוליימאן, ער זאל ניט דערלאזען אז ביי איהם אין לאנד זאל מען אויף אונ־שולדיגע מענשען ארויפווארפען דעם שרעקליכען חטא פון רציחה, און עס איז ארויס א בעפעהל, אז ווען קריסטען וועלען זיך קלאגען אויף יודען וועגען אזעלכע ענינים זאל זיך קיין שופט ניט אריינמישען און נאר דער סולטאן אליין קאן ארויסגעבען זיין משפט.

אז אין טירקיי האבען די יודען אזוי געליטען פון די קריסטען, קאן מען שוין פערשטעהען וואס דעמאלט האט זיך געטהון אין אייראפא. די שנאה איז טאקי געוועהן גאר אהן אמאס, פון אללע זייטען האט מען זיי געטריבען און דארט וואו זיי האבען זיך שוין קוים מיט צרות איינגעבעטען האבען זיי ניט געהאט קיין חיי שעה און האבען זיך יעדע מינוט געקאנט רעכנען מען זאל זיי ווייטער ארויסטרייבען. אזוי איז אויך געשעהען מיט א גאנצער יודישער קהלה, וואס האבען זיך בעזעצט אין נאווי, א קליין שטאדטעל ניט ווייט פון גענוא, וואו עס האט עקסיסטירט איין אלט געזעץ אז א יוד טאר זיך אין יענער געגענד ניט אויפהאלטען מעהר פון דריי טאג. ווי אזוי די יודען האבען זיך אהין אריינגעהאפט — איז ניט בעקאנט; דאס ווייסט מען נאר, אז אין אפאר יאהר האט מען דאס שטאדטעל ניט געקאנט דערקענען, די עטליכע יודישע גבירים און דאקטוירים האבען צו זיך צוגעצויגען מענשען, מען האט געהאנ־

דעלט, געארבייט, פערדיענט. פרנסה איז געוועהן בשפע פאר אללע אונ די קריסטען זענען דוקא צופרידען געוועהן דערפון, וואס די יודען האבען בעלעבט אזא פוסט ארט. די מלוכה האט אויך פערשטאנען אז קיין רעה האבען די יודען געווים ניט געטהון, אונ דערפאר האט זי זיך געמאכט ניט וויסענדיג אונ האט זיך ניט געוואלט בענוצען מיט'ן אסור פונ'ם אלטען געזעץ. באלד האט זיך אבער אנגעהויבען א קנאה צווישען די קריסטליכע אונ די יודישע דאקטוירים, מען האט אנגעשטעלט די גייסטליכע זיי זאלען מאכען א געוואלד, אז דאס לאנד איז אין א סכנה, אונ די יודען האבען געמוזט אויך פון דארט אוועק — האטש אין הארצען האט באנג געטהון אי דער מלוכה, אי דעם פאלק.

אין דעם זעכצעהנטען יאהר הונדערט האבען געלעבט דריי גרויסע לייט, וואס האבען זיך בעשעפטיגט מיט געשיכטע אונ האבען בעשריבען די אומגליקליכע לאגע פון זייער פאלק אין די לעצטע עטליכע דורות אונ די שרעקליכע צרות וואס זיי אליין האבען איבערגעטראגען. דאס זענען געוועהן דער דאקטאר ר' יוסף כהן, דער תלמודיסט ר' יוסף אבן ווירגא אונ דער דיכטער ר' שמואל אוסקווע. אונ ווי גרויס דער יודישער בטחון איז געוועהן — קאן מען ארויסזעהען פון זייערע ספרים, וואס זענען פול מיט האפנונג אונ מיט פעסטער אמונה, אז ניט עביג וועט געדויערן די שלעכטע צייט, אז אמת אונ יושר וועלען פארט גובר זיין אונ דאס מזל פונ'ם אומגליקליכען יודישען פאלק וועט נאך שיינען אזוי ווי אמאל.

ר' יוסף בן יהושע הכהן איז געבארען געווארען אין אוויניאן אים יאהר 1496, אונ האטש איהם איז בעשערט געוועהן צו ליידען זיין גאנץ לעבען צוזאמען מיט אללע זיינע ברידער האט ער דערגרייכט איין עלטער כמעט פון אכטציג יאהר. זיין פאטער האט געשטאמט פון שפאניען אונ איז גענוג נע ונד געוועהן ביז ער האט זיך געקאנט בעזעצען אויף א בעשטימטען ארט אונ דארט ערציהען זיין זוהן, וואס האט געלערנט מעדיצין אונ דערנאך געווארען לייב-דאקטאר ביי דעם ראש פון דער גענועזישער רעפובליק אנדרעאס דאריא, וועלכער האט איהם צו ליעב געשאצט אללע יודען אונ האט בשום אופן ניט געוואלט נאכגעבען די גייסטליכע אונ הייסען ארויסטרייבען די יודען פון גענוא. אז דאריא איז אבער אים יאהר 1550 געצוואונגען געוועהן ארויסצולאזען א בעפעהל וועגען די יודען, האט ר' יוסף כהן אוועקגעווארפען זיין גרויסע שטעלע אונ האט זיך געלאזט צוזאמען מיט אנדערע פערטריבענע זוכען אבייע חיים. דעמאלט האבען איהם די איינוואהנער פון דעם קליינעם שטאדטעל

וואלטאגא וואס האט בעדארפט האבען א דאקטאר, געבעטען ער זאל זיך בעזעצען ביי זיי, אונ ער איז דארט געבליבען אכטצעהן יאהר. אז ער האט נאר געהאט א פרייע שעה האט ער געשריבען זיין ספר וועגען דער יודישער געשיכטע, אונ אויסער דער שאנער העבראישער שפראכע האט ער זיין בוך אויסגעציערט מיט עדלע געפיהלע אונ האט געטראכט די געפאלענע ברידער אונ זיי נאכגעוויזען טאקי מיט זאכען פון דער געשיכטע, אז דער איבערשטער פיהרט די וועלט מיט א בעזונדער השגחה, אז פון פיעל פעלקער, וואס האבען געפיהרט די וועלט, איז קיין זכר ניט געבליבען, אונ ווען גאטט האט פארט דאס יודישע פאלק געשטעלט אויף די פיס אונ לאזט עס ניט אין גאנצען פאלען — ווייסט ער מן הסתם וואס ער טהוט, אונ סוף כל סוף וועט ער רחמנות האבען אויף זיינע קינדער אונ זיי שיקען זיין הילף.

מעהר טרויעריג איז דער „שבט יהודה", וואס איז געבליבען פון ר' יוסף אבן-ווירגא, וועלכער איז געוועהן רב אין אדריאנאפאל אונ האט בעשריבען די רדיפות וואס ער האט געזעהען מיט איינענע אויגען. ר' יוסף אבן-ווירגא איז ארויסגעקומען פון די גרעסטע שפאנישע מיוחסים אונ איז געוועהן א נאהענטער קרוב פונ'ם אברבנאל. זיין זיידע, ר' יהודה אבן ווירגא, וואס איז געוועהן א בעריהמטער מקובל, אונ זיין פאטער ר' שלמה אבן-ווירגא, וואס האט געלעבט אין דער ביטערער צייט, ווען מען האט די יודען ארויסגעטריבען פון שפאניען אונ פארטוגאל, אונ האט געמוזט אלאנגע צייט זיין לפנים א קריסט, ביז ער האט געקאנט אריבער קיין טירקיי, האבען אויך איבערגעלאזט כתבים וועגען דער יודישער געשיכטע, אונ פון דעם איינעם איז ארויס דער „שבט יהודה", וואס איז פול מיט בלוטיגע ערצאהלונגען פון גאנצע דריי סודות.

דערפאר מאכט שוין א בעסערן איינדרוק דאס בוך פון ר' שמואל אוסקווע, וואס רעדט אויך איבער יודישער געשיכטע אונ דערצעהלט וואס די יודען האבען זיך אנגעליטען, אונ איז אבער אנגעשריבען געווארען מיט דער איינציגער כונה צו שטארקען די געפאלענע אונ זיי איינגעבען כח זיי זאלען אים שטאנד זיין איבערצוטראגען די צרות אונ ניט פערלירען די לעצטע האפנונג. ניט אומזיסט האט ר' שמואל אוסקווע זיין ספר, וואס ער האט ארויסגעלאזט אים יאהר 1552 אין דער פארטוגאזישער שפראכע, א נאהמען געגעבען „די רפואה צו דער מכה פון ישראל", ווייל ער אלליין איז מיט גרויסע נסים אנטלאפען געווארען פון דער אינקוויזיציאן אונ האט זיך צוזאמען מיט זיינע קרובים, ר'

שלמה אוסקווע אדער ווי, מען האט איהם גערופען אויף שפאניש דוארטע באמעץ) אונ ר׳ אברהם אוסקווי (אדער דוארטע פינעל) בעזעצט אין פערארא. דארט האט ער געפונען אסך אנטלאפענע, וואס זענען ערשט ניט לאנג געוועהן אין דער היים עשירים אונ דא אין דער פרעמד זענען זיי געקומען עד ככר לחם. די אומגליקליכע האבען געמיינט, אז די גאנצע וועלט איז שוין אויף זיי געפאלען, אונ דאריבער איז ביי איהם געבליבען ער זאל זיי טרעסטען האטש מיט זיסע ווערטער פון נחמה. אין זיין ספר שטעלט ער פאר די יודישע נאציאן ווי איין אלמנה וואס ברעכט די הענד אויפ׳ן אומגליק פון איהרע פערוואגעלטע קינדער, אונ פיר איהרע פערוויינטע אויגען שפרייצט פארט ארויס א ליכטיגע האפנונג, אז אין ...ע צייטען וועט זי זעהען איהרע געליעבטע יתומים׳לעך ארום זיך פרעהליך אונ גליקליך אונ וועט פון זיי האבען דעם גראסטען נחת. ער ווייזט אויס, אז די הייליגע נביאים האבען אלדינג ראויסגעזעהען אונ פריהער געזאגט וואס מיט די יודען וועט געשעהען. אונ ווי באלד דאס שלעכטע איז מקוים געווארען — דארף מען גלויבען, אז דאס גוטע וועט אויך קומען צו דער רעכטער צייט אונ גאטט׳ס צארן וועט ניט עביג געדויערן.

די גוטע צייט האט זיך אבער איינגעעקשנ׳ט אונ האט זיך ניט געוואלט ווייזען, האטש מען האט מיט רעכט געקאנט דענקען אז עס מוז זיך שוין אנהויבען בעסערס, ווייל קיין ערגערס קאן גאר ניט זיין, אונ טאקי ר׳ שמואל אוסקווע אליין איז נאך בעשערט געוועהן צו דערלעבען אזעלכע זאכען, וואס ר׳ יוסף כהן בעשרייבט זיי אין זיין ספר מיט שרעק אונ ציטערניש. אז די רעפארמאציאן האט אנגעהויבען שטארק פרעסען די קאטאלישע קירכע, האבען זיך גענומען צוויי גרויסע מענשען פיעטרא קאראפא פון נעאפאל, וועלכער איז דערנאך געווארען פאפסט אונ האט זיך גערופען פאול דער פיערטער, אונ איגנאץ לאילא פון שפאניען, וואס איז געוועהן דער ראש פון די יעזואיטען, צו בעפעסטיגען דעם בנין פונ׳ם קאטאליציזמוס, וואס האט שוין כמעט געהאלטען ביי איינפאלען. זיי האבען איינגעפיהרט א אינקוויזיציאן. ניט נאר פאר יודען, נאר אויך פאר קריסטען, וואס וועלען האטש אויף א האר אבטרעטען פונ׳ם קאטאליציזמוס אונ אזוי ווי זיי האבען געוואוסט אז זייער גאנץ אומגליק נעהמט זיך נאר דערפון וואס עס דרעהען זיך ארום אויף דער וועלט ביכער, וועלכע עפנען די אויגען פונ׳ם פאלק, איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען שטעלען זייערע מענשען וואס זאלען אכטונג געבען אז מעהר זאל מען שוין ניט לאזען דרוקען אזעלכע ספרים, וואס טויגען ניט אונ די אלטע

זאָל מען פערברענען. אז דער פּלאַן האָט זיך זיי איינגעגעבען און זיי זיינען בעלי בתים געוואָרען איבער מענשליכע געדאַנקען, האָט מען זיך ווייטער דער־מאָנט אַז ביי יודען איז דאָ אַ תּלמוד, וואָס מען האָט איהם שוין לאַנג געבּרענט און געבּראָטען און מען האָט זיך נאָך אַמאָל געחאַפּט צו איהם, גלייך ווי אין דעם וואָלט געשטעקט די גאַנצע סכּנה און ווען מען וועט דערפון פּטור קאָן ווערען דער פּאַפּסט שלאָפען רוהיג און די קאַטאָלישע קירכע מאָג שוין אויפ־הייבען דעם קאָפּ.

אין מוסרים האָבען די שונאי ישׂראל קיין מאָל קיין מאַנגעל ניט געפיהלט און שטענדיג האָבען זיך געפונען געטויפטע יודען, וואָס האָבען אויפ׳ן תּלמוד געמאַכט אַללערליי בּלבּולים. געוועהנליך פּלעגען אַזעלכע מסירות וואַקסען פון מענשען וואָס האָבען ניט געקאָנט קיין צורה פון קיין אלף, נאָר דאָס מאָל איז בעשערט געוועהן אַז דוקא לומדים זאָלען זאָגען פאַלש מבינות און געבען זייער הסכּמה אויף זאַכען, וואָס זיי אַלליין האָבען גוט געוואוסט אַז עס איז אַליגען. דער בעריהמטער מדקדק ר׳ אליהו לעוויטא אָדער ר׳ אליהו בּחור הלוי, וואָס האָט אַ צייט מיט יאָהרען געוואָהנט ביים קאַרדינאַל עגידיא דע וויטערבאָ און האָט געלערנט העבּרעאיש מיט אַ סך קריסטען, האָט פון אַ טאָכטער געהאַט צוויי ענינקלעך, וואָס זענען אויך אויסגעוואַקסען צווישען קריסטען. איינער פון זיי, אליהו, איז געוועהן אַ סופר און האָט געלעבט אין איטאַליען, און דער אַנדערער שלמה ראָמאַנאָ, איז גע־וועהן אַ גרויסער שפּראַכען קענער, אויסער לשון קודש האָט ער פערשטאַנען גוט לאַטייניש, שפּאַניש, אַראַביש און טירקיש און איז אַ לאַנגע צייט אַרומ־געפאָהרען איבער דייטשלאַנד, טירקיי און מצרים. פּלוצלונג האָט זיך דער עלטערער ברודער אליהו געטויפט און איז געוואָרען אַ גייסטליכער מיט אַ נייעם נאָמען וויטאָריאָ עליאַנאָ. אַז דער יונגערער ברודער האָט דאָס דער־האָרט, איז ער באַלד צו איהם אַוועקגעלאָפען קיין ווענעדיג און האָט גערעכענט אַז ער וועט איהם קאָנען איבּערעדען ער זאָל צוריק ווערען אַ יוד. אויסגעלאָזט האָט זיך עס אָבער דערמיט וואָס שלמה ראָמאַנאָ האָט זיך אויך געטויפט, ער האָט בעקומען אַ נאָמען יאָהאַנעס באַפּטיסטאַ און האָט דערנאָך גע־שפּיעלט אַ גרויסע ראָללע צווישען די יעזואיטען. אָט די צוויי לומדים צוזאַמען מיט נאָך אַפּאָר חברה־לייט, ווי חננאל די־פּאָליגאָ און יוסף מורו, האָבען דערפרישט די פערשימעלטע בעשולדיגונגען פון ניקאָלאַי דאָנין און האָבען פאַרגעשטעלט דעם פּאַפּסט אַז דער תּלמוד איז פול מיט שׂנאה געגען די קריסטען

און האלץ אב די יודען פון דער טויפע. דער פאפסט יוליוס דער דריטע איז אפילו ניט געוועהן קיין געגנער פון יודען, נאר געהען געגען רצון פון דער אינקוויזיציאן האט ער ניט געטארט, און דאריבער האט ער געמוזט, דעם 12 אויגוסט 1553, אונטערשרייבען א בעפעהל מען זאל פערברענען דעם תלמוד. ווי די הייששרעקען זענען די גייסטליכע אנגעפאלען אין רום אויף די יודישע הייזער און מען האט אויסגערוימט וואו מען האט נאר געפונען א גמרא, און פונקט ראש השנה, כדי די יודען זאלען מעהר פיהלען דעם וועטהיג, האט מען די ספרים אפענטליך פערברענט. דערנאך האט מען זיך צולאזט איבער אללע אנדערע שטאדט, ווי פערארא, מאנטוא, וועניעדיג, פאדוא, מען האט אפילו געטראפען קיין קאנדיא, און אומעדום האט מען צוגענומען יודישע ספרים און מען האט ניט איבערגעלאזט אפילו קיין בלאטעל שמות. אנדאי איז באלד געווארען א רעש צווישען די יודען, און זיי זענען אוועקגעלאפען צום פאפסט זיך קלאגען דארויף וואס מען נעהמט ביי זיי צו אפילו חומשים און סדורים. דער פאפסט האט זייער בקשה אויסגעפאלגט און האט ארויסגעגעבען א נייע בעפעהל, אז די גזרה געהט נאר אויפ'ן תלמוד, און די איבריגע ספרים זאל מען ניט אנרירען. פון דעסטוועגען האט זיך די אינקוויזיציאן געטהון איהר'ס און די יודען האבען גאר ניט געקאנט דענקען זיי זאלען דרוקען נייע ספרים, ווייל די גייסטליכע האבען זיבען מאל איבערגעקוקט יעדעס אות און ווי באלד עס האט זיך זיי נאר אויסגעוויזען, אז אין א יודיש ספר געפינט זיך חאטש איין ווארט וואס מען קאן עס טייטשען אויף עטליכע אופנים און לערנען א פירוש אז מען מיינט דערמיט צו טרעפען דאס קריסטענטהום, האט מען נאר קיין טענות ניט געמאכט און שוין אריינגעווארפען אין פייער.

די רעכטע ביטערע צייט פאר די יודען אין איטאליען האט זיך ערשט אנגעהויבען נאך יוליוס דעם דריטענס טויט. דער נייער פאפסט מארצעלוס איז אויך ניט געוועהן קיין שלעכטער, ער האט אפילו אבגעראטעוועט די יודען פון א בלבול דם, נאר ער האט מעהר ניט געלעבט ווי איין חדש, אז נאך איהם איז אויף זיין שטעלע ארויף פיעדרא קאראפא, אדער פאול דער פיערטע, האבען די יודען דערפיהלט דעם טעם פון דער שרעקליכע שנאה וואס איז געלעגען ביי איהם אין הארץ פון דער יוגענד אן, און ניט אומזיסט האבען זיי איהם גערופען „המן הרשע". די פיער יאהר, וואס פאול איז געוועהן פאפסט, האבען די יודען געהאט טאקי גוט צו געדענקען, און עס איז קיין טאג ניט אוועקגעגאנגען מען זאל ניט אויסטראכטען קיין נייעס, און

דערמִיט זֵיי פֶערְזוּמֶערְן דאס לֶעבֶּען. קוֹדֶם כֹּל הָאט דֶער פַּאפְּסְט גֶעהֵייסֶען, אַז יֶעדֶע שׁוּל זָאל גֶעבֶּען צֶעהן רֶענְדְלִיךְ אַ יָאהר אוּנ מִיט דֶעם גֶעלְד זָאל מֶען אוֹיסְהַאלְטֶען גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען. אִין אַ צַייט פוּן זֶעכְס חֳדָשִׁים הָאבֶּען דִי רַייכֶע יוּדֶען גֶעמוּזְט פֶערְקוֹיפֶען זֵייעֶרֶע פֶעלְדֶער, וַוייל קֵיינֶער פוּן זֵיי הָאט נִיט גֶעטָארְט הָאבֶּען קֵיין עֶרְד; דִי יוּדִישֶׁע דָאקְטוֹירִים הָאט עֶר פֶערְוֶועהְרְט צוּ הֵיילֶען קְרִיסְטְלִיכֶע קְרַאנְקֶע, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר פֶערְבָּאטֶען מֶען זָאל מִיט אַ יוּדֶען רֶעדֶען מִיט דֶּרֶךְ אֶרֶץ: דֶעם בֶּעסְטֶען אוּנ בִּכְבוֹד'סְטֶען יוּדֶען הָאט מֶען נִיט גֶעטָארְט זָאגֶען „מַיין הֶערְר". פַּאוּל הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט, אַז וֶוער פוּן דִי יוּדֶען עֶס וֶועט עוֹבֵר זַיין אוֹיף זַיינֶע תַּקָּנוֹת זָאל שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען, אוּנ טַאקִי בַּאלְד הָאט עֶר אַיינְגֶעזֶעצְט הוּנְדֶערְטֶער יוּדֶען אִין תְּפִיסָה, וַוייל טְשֶׁעפֶּען זִיךְ אִיז גֶעוֶועהן גֶענוּג צוּ וָואס אוּנ אַז עֶר הָאט נָאר גֶעוָואלְט זִיךְ מַאכֶען אַ הֶיתֵּר אוּנ אָבְּרַאבֶּעוֶוען דֶעם יוּדֶענְס פֶערְמֶעגֶען, אֲפִילוּ וֶוען אַ קְרִיסְט הָאט עֶס שׁוֹין אָבְּגֶעקוֹיפְט פַאר אַ פִּינְפְטְהֵייל פוּנ'ם מֶקַח, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַז דָאס אִיז נָאר אַ אָנְשְׁטֶעל, אַז דֶער יוּד הָאט נָאר לְפָנִים עֶס פֶערְקוֹיפְט אוּנ אַז דֶער יֹשֶׁר אִיז — עֶר זָאל בֶּעסֶער וֶוערֶען דֶער בַּעַל הַבַּיִת דֶערְפוּן. אַזוֹי הָאט עֶר זֵיי אוֹיסְגֶענָאגְט, גֶעפַּייטְשְׁט זֵיי זָאלֶען טְהוּן דִי שְׁוֶוערְסְטֶע אַרְבַּייטֶען, בּוֹיעֶן הַייזֶער פַאר דֶער מְלוּכָה, אוּנ אַז עֶר הָאט שׁוֹין נָאר נִיט גֶעהַאט פַאר וָואס זֵיי צוּ רוֹדֵף'ן הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל, אַז אַלֶע יוּדֶען וָואס זֶענֶען נִיט נוֹצְלִיךְ פַאר דֶער מְדִינָה מוּזֶען אַרוֹיסְפָאהרֶען. מִיט'ן כֹּחַ פוּן אַזַא בֶּעפֶעהל הָאט מֶען יֶעדֶען טָאג אַיין אַנְדֶערְן אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אוּנ עֶס הָאט נָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען קֵיין טַעֲנוֹת. אַז מֶען הָאט זִיךְ שׁוֹין אוּנְטֶערְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ פְרֶעגֶען מִיט וָואס קָאן אַ יוּד נוֹצְלִיךְ זַיין אוּנ וָואס פֶערְלַאנְגְט מֶען פוּן אִיהם, הָאט מֶען בֶּעקוּמֶען אַ קוּרְצֶע תְּשׁוּבָה אַז מֶען דַארְף קֵיין שְׁאֵלוֹת נִיט פְרֶעגֶען, וַוייל אִין דִי הוֹיכֶע פֶענְסְטֶער ווייסְט מֶען וָואס מֶען טְהוּט. דֶער הַאס פוּנ'ם פַּאפְּסְט גֶעגֶען דִי יוּדֶען אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי גְרוֹיס, אַז עֶר אִיז שׁוֹין פָּשׁוּט פַאר שִׂנְאָה כִּמְעַט מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען, אוּנ עֶר הָאט אַמָאל בַּיי נַאכְט גֶעהֵייסֶען אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע קְרוֹבִים עֶר זָאל לוֹיפֶען אוּנְטֶערְצִינְדֶען אַלֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער. דֶער קָרוֹב הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעלָאזְט אוֹיסְפִיהְרֶען דָאס וואהלֶע שְׁלִיחוּת, נָאר, צוּם גְלִיק, הָאט אִיהם בֶּעגֶעגֶענְט דֶער פְרוּמֶער קַארְדִינַאל אַלֶכְּסַנְדֶר פַארְנֶעזֶע אוּנ הָאט אִיהם אָבְּגֶעהַאלְטֶען דֶערְפוּן. אוֹיפְ'ן אַנְדֶערְן טָאג הָאט זִיךְ שׁוֹין פַּאוּל אַלֵיין אוֹיךְ בֶּערֶעכֶענְט אוּנ עֶס הָאט אִיהם הֲנָאָה גֶעטְהוּן וָואס זַיין ווִילְדֶער רָצוֹן אִיז נִיט גֶעשֶׁעהֶען.

נָאךְ אֶרְגֶער הָאט פַּאוּל בֶּעהַאנְדֶעלְט דִי מַארַאנֶען, וָואס הָאבֶּען בִּיז אַהֶער

געלעבט פראנק און פריי אין פיעל איטאליענישע שטאדט און בעזאנדערס אין אנקאנא, וואו פריהריגע פאפסטע האבען זיי געשטיצט און ערלויבט אפענטליך איבערגעהען צום יודענטהום. זיי האבען איהם נאך מעהר געקראנקט ווי די יודען אלליין און ער האט זיך ענטשלאסען זיי אין גאנצען צו פערניכטען. גאר אומגעריכט האט ער געהייסען מען זאל אללע מאראנען פון אנקאנא שטעלען פאר'ן משפט פון דער אינקוויזיציאן, און פלוצלונג איז מען אויף זיי ביי נאכט אנגעפאלען, און מען האט זיי מיט ווייב און קינדער איינגעזעצט אין געפאנגניש. מען האט פערנומען אפילו פרעמדע סוחרים פון טירקיי, מען האט צוגענומען ביי זיי דאס גאנצע געלד און סחורה און פאפסט איז געווארען זייער יורש. זעהר ווענינ איז געראטהען דערמאלט צו אנטלויפען קיין פעזארא, וואו דער עדלער הערצאג ערקאלע דער צווייטע האט שוין לאנג געאפענט די טויערן פון דער שטאדט פאר אללע אומגליקליכע און געיאגטע, און אויך קיין פעזארא, וויל דער הערצאג גווידא אובאלדא איז געוועהן אגעגנער פונ'ם פאפסט און ער האט ביי זיך אויפגענומען אללע וואס זענען ניצל געווארען פון זיין רשעות. צווישען די גליקליכע וואס זענען אוועק פון אנקאנא און האבען זיך בעזעצט אין פעזארא איז אויך געוועהן דער בעריהמטער דאקטאר אמאטוס לוזיטאנוס, וואס איז אין דער יוגענד געוועהן לפנים אקריסט און האט געהייסען יאהאן ראדריגא דע קאסטעל-בראנקא. אז אין פארטוגאל, אין זיין פאטערלאנד איז איינגעפיהרט געווארען די אינקוויזיציאן, האט ער אנגעהויבען נע ונד צו זיין, ער האט זיך ארומגעדרעהט אין עטליכע שטאדט. אצייט האט ער זיך אויפגעהאלטען אין אנטווערפען, רום און פעזארא, ביז ער איז געבליבען וואהנען אין אנקאנא, וואו אללע האבען איהם שטארק געשאצט, וויל, ערשטענס, איז ער געוועהן אגרויסער בריה אין זיין פאך און צווייטענס, זענען ביי איהם אללע מענשען גלייך געוועהן און יעדער קראנקער האט ביי איהם בעקומען ארפואה. ער האט אנגעשריבען פיעל ביכער איבער מעדיצין און האט געהאט אסך תלמידים וואס האבען ביי איהם געלערנט און זענען פון זיין האנד ארויס די גרעסטע דאקטוירים. זעהר אפט פלעגט מען איהם רופען צום פאפסט יוליוס דעם דריטען, וואס האט זיך ליעב געהאט נאר ביי איהם צו היילען. זיין נאהמען האט אזוי געקלונגען אויף דער וועלט, אז דער קאניג פון פולין האט איהם געשיקט בעטען ער זאל ביי איהם ווערען לייב-דאקטאר, נאר ער האט בעסער געוואלט בלייבען אין אנקאנא צווישען זיינע ברידער די מאראנען, דארט האט ער אבגעהיט יודישקייט און האט

זיך א נאהמען געגעבען חביב. אונ אזא נוצליכער מענש וואס אללע האבען איהם ליעב געהאט, האט געמוזט אנטלויפען ווי א פראסטער פערברעכער אונ אויף דער עלטער ווייטער בלייבען אהן א מקום מנוחה!

איבריגענס האבען פארט נאך געהאט מזל די דאזיגע, וואס האבען שכל געהאט פריהר אוועקצוּוואַרפען אנקאנא. אמת אומגליקליך זענען געוועזען יענע מאראנען, וואס זענען איבער הונדערט אריינגעפאלען אין די האנד פון די אינקוויזיטארען. מען האט זיי גוט אנגעמוטשעט אונ דערנאך האט מען, אים יאהר 1556, ארויסגעגעבען א משפט, אז די וואס וועלען חרטה האבען אונ אויף זיך נעהמען צו ווערען פרומע קאטאליקען וועלען בעפרייהט ווערען. נאר מען וועט זיי אוועקשיקען אויף דער אינזעל מאלטא אונ צו זייער פריהריגען בכבוד'ן מעמד וועלען זיי שוין קיין מאל ניט טארען קומען. זעכציג מאראנען זענען דארויף בעשטאנען אונ האבען אויף אזא אופן געראטעוועט זייער לעבען; פיער אונ צוואנציג אבער, אונ צווישען זיי אויך איין אלטע פרוי דונא מאיארא, זענען געבליבען פעסט ביים יודישען גלויבען אונ מיט א „שמע ישראל" אויף די ליפען האבען זיי רוהיג ווי קדושים אנגענומען דעם טויט.

דאס פייער פון דער אינקוויזיציאן, וואס האט ווייטער איינגעשלונגען אזוי פיעל קרבנות, האט אנגעצונדען אויך די הערצער פון אללע יודען אונ מא-ראנען, וואו זיי זענען נאר געוועהן פערוואָרפען, אונ עס האט זיך געהערט פון אללע זייטען א שרעקליכער קרעכץ פון וועהטיג אונ נקמה. די דאזיגע, וואס האבען געקאנט זייער שמערץ אויסדריקען נאר דורך א געוויין, האבען אנגע-שריבען קלאג-ליעדער, אונ בעזאנדערס האט דעמאלט געמאכט א רעש די קינה פון ר' יעקב די פנו פון פעראַרא, וואס האט דערנאך געמוזט אויסשטעהען דערפאר גענוג צרות פונ'ם פאפסט; די וואס האבען זיך אבער געפיהלט א ביסעל שטארקער, אונ ווער שמיעסט די פארטוגאזישע מאראנען, וואס האבען זיך בעזעצט אין טירקיי אונ זענען געוועהן זעהר גליקליך, האבען אנגעהויבען שטארק זוכען מיטעל ווי אזוי אנצולערנען פאול דעם פיערטען פאר זיין אכזריות. זייער לאגע איז אין יענער צייט געוועהן אין טירקיי אזוי גלאנצענד אז ניט אומזיסט איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען ווייזען דעם פאפסט ווער עלטער איז אונ זענען טאקי אים שטאנד געוועהן צו פיהרען א שטילע מלחמה, ניט מיט בלוט פער-גיסען, ניט מיט כלי זין, נאר שוואכער מאכען דעם מסחר, וואס בעלעבט יעדעס לאנד, אונ שלאגט דעם שונא איבער דער קעשענע, ער זאל עס מעהר פיהלען פונ'ם ערנסטען קלאפ.

אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל הָאט דֶעמָאלְט גֶעלֶעבְּט אַ בֶּערִיהמְטֶע פְרוֹי,
גְרַאצְיַא מֶענְדֶעזְיַא, וָואס נָאטטּ הָאט זִי גֶעבֶּענְשְׁט מִיט גְדוּלָה, עֹשֶׁר אוּנ
כָּבוֹד, אוּנ זִי הָאט זִיךְ מִיט רֶעכְט גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ צִירוּנְג צְווִישֶׁען אַלֶע יוּדֶען.
זִי הָאט אָבֶּער גֶענוּג צָרוֹת זִיךְ אָנְגֶעלִיטֶען בִּיז זִי הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט צוּשְׁלָאגֶען
צוּם נָאהמֶען גְרַאצְיַא, אָדֶער חַנָּה. זִי אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין פָּארְטוּגַאל
אִים יָאהר 1510 בַּיי עֶלְטֶערְן־מַארְרַאנֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה בֶּינְבֶּנִישְׂתִּי, מֶען
הָאט זִי קְרִיסְטְלִיךְ עֶרְצוֹיגֶען, גֶערוּפֶען הָאט מֶען זִי בֶּעאַטְרִיצֶע, אוּנ חֲתוּנָה
גֶעמַאכְט הָאט מֶען זִי אוֹיךְ מִיט אֵיינֶעם פוּן דִי מַארְרַאנֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה נָשִׂיא,
וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען דֶעם קְרִיסְטְלִיכֶען נָאהמֶען פְרַאנְצִישְׁקָא מֶענְדֶעז אוּנ
אִיז גֶעוֶועהן אַ פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן זֶעהר אַ רַייךְ הוֹיז, וָואס הָאט גֶעפִיהרְט מִסְחָרִים
מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע לֶאנְדֶער אוּנ פְלֶעגְט מַאכֶען דִי גְרֶעסְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. מֶענְדֶעז
פְלֶעגְט מַאכֶען הַלְוָואוֹת מְלָכִים, אוּנ בַּיי אִיהם אִין קַאסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעקָאנְט
גֶעפִינֶען וֶועקְסְלֶען פוּנ׳ם דַייטְשֶׁען קֵייזֶער קַארְל דֶעם פִינְפְטֶען, פוּנ׳ם קֶענִיג פוּן
פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ נָאךְ פִיעל גְרוֹיסֶע שְׂרָרוֹת. אִין אַנְטְוֶוערְפֶּען הָאט עֶר גֶעאֶפֶענְט
אַ בֶּעזוּנְדֶער קַאנְטָאר, אוּנ דָארְט הָאט גֶעוָואהְנְט זַיין בְּרוּדֶער דִיאָגָא מֶענְדֶעז.
אַז פְרַאנְצִישְׁקָא מֶענְדֶעז אִיז אִים יָאהר 1535 גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיז פוּן אִיהם גֶע־
בְּלִיבֶּען נָאךְ אֵיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער רֵיינַא, אוּנ אַזוֹי וִוי דִי אִינְקְווִיזִיצְיָאן אִין
פָּארְטוּגַאל הָאט גֶעלֶעגְט אַיין אוֹיג אוֹיף דֶעם גְרוֹיסֶען פֶערְמֶעגֶען וָואס עֶר הָאט
אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין גַאנְצֶען דֶער אַלְמָנָה, הָאט מֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְשֶׁעפֶּען צוּ
אִיהר אוּנ זִי הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז זִי אִיז מִיט׳ן לֶעבֶּען נִיט זִיכֶער, הָאט זִי לַאנְג
נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ אִיז שׁוֹין מִיט׳ן קִינְד, מִיט אַ יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּנ נָאךְ
מִיט אַ סַךְ קְרוֹבִים אַרִיבֶּער קַיין אַנְטְוֶוערְפֶּען צוּ אִיהר שְׁוָואגֶער. פוּן דָארְט הָאט
זִי שְׁטַארְק גֶעשְׁטִיצְט דִי מַארְרַאנֶען אוּנ, אַז מֶען הָאט אִין רוֹם בֶּעדַארְפְט עֶפִּיס
פוֹעֵל׳ן אוּנ עֶס הָאט אָבְּגֶעקָאסְט נִיט קַיין קְלֵיינֶע מַטְבֵּעַ, הָאט זִי גֶעשִׁיט מִיט
גָאלְד אוּנ אִיהר נְדָבָה אִיז גֶעוֶועהן דִי גְרֶעסְטֶע. אִין אַנְטְוֶוערְפֶּען, ווּאוּ עֶס
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען נִיט ווֶענִיג מַארְרַאנֶען, הָאט בֶּעאַטְרִיצֶע מֶענְדֶעזְיַא
גֶעשְׁפִּיעלְט זֶעהר אַ גֶעהוֹיבֶּענֶע רָאלֶע, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ בַּיי אַלֶע בֶּע־
לִיעבְּט גֶעמַאכְט אִיהר קָרוֹב יָאהַאן מִיגֶעז, אַ שֶׁאנֶער יוּנְגֶער מַאנְן אוּנ
אַ גְרוֹיסֶער בַּר מַעֲלָה, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ חָשׁוּב בַּיים קֵייזֶער קַארְל׳ס שְׁוֶועסְטֶער
מַארְיֶע, דֶער גֶעוֶועזֶענֶע קֶענִיגִין פוּן אוּנְגַארְן. נָאר וִוי גוּט עֶס אִיז אִיהר
נִיט גֶעוֶועהן אִין אַנְטְוֶוערְפֶּען, מִיט וָואס פַאר אַ כָּבוֹד זִי אִיז נִיט גֶעוֶועהן אַרוּמְ־
גֶערִינְגֶעלְט, אִיז אוֹיף אִיהר דִי מַאסְקֶע פוּן קְרִיסְטֶענְטְהוּם גֶעלֶעגֶען וִוי אַ שְׁוֶוערֶע

משא, אונ עס האט זי אלץ געצויגען זיך אוועקצולאזען אין א פרעמד ארט, וואו זי זאל קאנען פריי ווערען א יודיש קינד. זי האט אנגעהויבען צוצורעדען דעם שוואגער ער זאל אויך צוזאמען מיט איהר אוועקפאהרען, אונ עס איז שוין ביי איהם געבליבען ענדיגען אללע געשאפטען אונ זיך געזעגנען מיט אייראפא; נאר פלוצלונג איז דיאגא מענדעז געשטארבען אונ עס איז געווארען א גאנצער איבערשלאג. אין זיין צוואה האט ער איבערגעלאזט זיין גאנץ פערמעגען אין די האנד פון בעאטריצע מענדעזיא, אונ עס איז איהר שוין שווער געוועהן אזוי גיך צו מאכען א סוף פון אללע עסקים; דערצו האבען נאך דיאגא'ס אלמנה אונ זיין טאכטער גראציא קרום געקוקט דארויף וואס בעאטריצע איז געבליבען די גאנצע בעל הבית'טע. דערווייל האט די מלוכה אויך אנגעהויבען טראכטען ווי ארום צוצונעהמען ביי דער משפחה מענדעז דאס געלד אונ, נאך דיאגא'ס טויט, האט מען זיך ארומגעקוקט אז ער איז געוועהן א געגנער פון דער אינקוויזיציאן אונ מעהר צוגענייגט צו יודען. עס האט שוין געהאלטען דערביי אז די מלוכה זאל צונעהמען דיאגא'ס פערמעגען, נאר די קלוגע בעאטריצע האט איבערגעקויפט די שופטים אונ האט נאך דערצו געגעבען דעם קייזער קארל א היבשען גמילות חסד, אונ אזוי איז איהר געראטהען מבטל צו זיין די גזרה, נאר זי האט שוין געמוזט בלייבען אין אנטווערפען נאך א פאר יאהר ביז דער קייזער וועט בעצאהלען דעם חוב. אז עס איז שוין געקומען די גליקליכע שעה, וואס זי האט אזוי לאנג דארויף ארויסגעקוקט, האט זיך בעאטריצע ענטשלאסען דערווייל ארויסצופאהרען קיין ווענעדיג. זי האט זיך אפילו שטארק געהיט מען זאל ניט געוואהר ווערען צו ליעב וואס זי ווארפט אוועק אנטווערפען, זי האט ארויסגעלאזט א קלאנג אז זי מוז פאהרען קיין ווענעדיג ווייל יאהאן מיקעז איז אהין אנטלאפען מיט איהר טאכטער ריינא אונ וויל דארט מיט איהר חתונה האבען קלאמערשט געגען איהר רצון, עס האט אבער ניט געהאלפען אונ קוים איז זי געוועהן פון יענער זייט שטאדט האט שוין די מלוכה געוואלט אבראבעווען איהר פערמעגען אונ עס האט זי גענוג געלד אבגעקאסט ביז זי האט פערשטאפט די מיילער פון די שונאים אונ האט זיך געקאנט רוהיג איבערציהען קיין וועגעדיג. דארט האט זיך אויך אבער די הצלחה פון איהר אבגעטהון: דיאגא'ס אלמנה איז ניט צופרידען געוועהן ווי'ס בעאטריצע האט געהאט די גאנצע דעה אונ זי האט אין אללעמען געמוזט אנקומען צו איהר, אונ זי האט זיך געוואלט בעפרייען פון איהר הערשאפט. זי האט זיך געלאזט אראבפיהרען דורך שלעכטע עצות אונ האט אלליין געמסרט בעאטריצע אז

זי וויל פאהרען קיין טירקיי און דארט ווערען א יודיש קינד. די ווענעציאנישע מלוכה האט געזעהן, אז דא האט איהר גאטט צוגעשיקט, אַ כשר'ע מציאה און זי וועט קאנען ירשנ'ן בעאטריצע'ס עשירות, און זי האט באלד געגעבען א בעפעהל מען זאל זי איינזעצען אין תפיסה. דערווייל האט דיאגא'ס אלמנה אוועקגעשיקט א שליח קיין פראנקרייך און האט געבעטען מען זאל אבטהיילען איהר פער־מעגען פון בעאטריצע'ס, זי מיט איהר טאכטער זענען אמת פרום און האבען ניט קיין נגיעה אין דעם פאלשקייט פון דער שוואגערין. דער שליח איז אבער איהר געוועהן אזוי געטריי אז ער האט זי אויך געמסרט, די מלוכה האט באלד ארויפגעלעגט איהר האנד אויף אלדינג, וואס האט געהערט צו דער משפחה מענדעז און דער קאניג היינריך דער צווייטע האט זיך גאר מחיה גע־וועהן וואס ער וועט פערשפארען צאהלען זיין חוב און דערביי נאך א מצוה האבען. יאהאן מיקעז האט אבער ניט געשוויגען און האט אנגעווענדט אללע מיטעל צו בעפרייען בעאטריצע פונ'ם געפאנגניש. ער האט געפונען א וועג צום סולטאן סולימאן, און זיין יודישער לייב־דאקטאר ר' משה המון האט איהם שטארק צוגערעדט ער זאל זיך אננעהמען פאר דער אומגליקליכער בעא־טריצא, אז פאר'ן לאנד וועט זיין ניט קיין קליינע טובה ווען בעאטריצע מענדעזיא וועט מיט איהר גרויס פערמעגען זיך בעזעצען אין טירקיי. ר' משה המון ווידער האט געהאט זיין קוק, ווייל איהם האט זיך געגלוסט חתונה צו מאכען זיין זוהן מיט בעאטריצע'ס רייכע טאכטער. די טירקישע מלוכה האט באלד געשיקט א שליח מיוחד קיין ווענעדיג מען זאל בעפרייען די פארשטעהערן פון דער משפחה מענדעז.

נאך עהדער די ישועה איז אנגעקומען פון קאנסטאנטינאפאל, איז אבער געראטהען בעאטריצע מענדעזיא זיך ארויסצורייסען פון דער סכנה און זי איז אריבער קיין פערארא, וואו דער הערצאג ערקאלע די עסטע האט זי אויפגענומען מיט גרויס כבוד. די פיער יאהר, וואס זי האט פערבראכט אין פעררארא, פון 1549 ביז 1553, האבען גליקליך געמאכט אללע יודען און מאראנען פון דארט, ווייל בעאטריצע האט אפען אבגעהיט יודישקייט און צוזאמען מיט איהר נייעם נאהמען גראציא, וואס הייסט חן, און האט דעם אייגענעם זין וואס חנה, האט זי ארויסגעוויזען איהר עדעל אמת יודיש הארץ, און איהרע מעשים טובים האבען בעוויזען, אז זי איז קיין מאל ניט געוועהן אבגעריסען פון איהר אמונה און יודען און יודישקייט זענען ביי איהר געוועהן טהייערער ווי איהר לעבען. ניט אומזיסט זענען אללע ספרים פון יענער צייט פול געוועהן מיט

שבחים וועגען דער בעריהמטער פרוי, אונ דער דיכטער ר׳ שמואל אוסקווע האט אנגעשריבען אבעזונדער בוך, וואו עס רעכענט אויס איהרע גרויסע מעלות אונ געפינט אין איהר מרים׳ס רחמנות, דבורה׳ס חכמה אונ אסתר המלכה׳ס געטריישאפט דעם יודישען פאלק.

נאר האטש אין פעררארא האט גראציא מענדעזיא געקאנט לעבען פריי אונ קיינער האט איהר ניט געשטערט צו האלטען די יודישע אמונה, האט זי פון דעסטוועגען ניט אוועקגעווארפען איהר אלטען געדאנק אז זי מוז להלוטין זיך דערווייטערן פון די קריסטליכע לאנדער אונ לעבען אין אזא ארט, וואו קיין זאך זאל זי ניט דערמאנען אין דער טרויעריגער פערגאנגענהייט. איהר קרוב יאהאן מיקעז, וואס איז אין דער צייט אחתן געווארען פאר איהר טאכטער ריינא אונ האט געמאכט שלום צווישען גראציא מענדעזיא אונ איהר שוועגערין, כדי די משפחה זאל זיך האלטען צוזאמען, האט שטארק געארבייט מען זאל זי אין קאנסטאנטינאפאל גוט אויפנעהמען, אונ אז זי איז אהין געקומען, אים יאהר 1555, האבען ניט נאר די יודען, נאר אויך אללע איינוואהנער אויף איהר ארויסגעקוקט, ווייל מען האט שוין פון דערווייטענס געהערט ווי גוט אונ פרום זי איז אונ וואס פאר א צדקה עס געהט ארויס פון איהר שטוב. אין קאנסטאנטינאפאל האט זיך יאהאן מיקעז אפענטליך מגייר געוועהן אונ האט זיך א נאהמען געגעבען יוסף נשיא; דארט האט ער אויך חתונה געהאט מיט ריינא׳ן אונ באלד האט דאס האנדעלס־הויז מענדעז, וואס איז נאך אלץ גע־שטאנען אונטער דער השגחה פון דער אלטער גראציא, אנגעהויבען בליהען נאך מעהר ווי פריהער. הונדערטער יודישע משפחות האבען געהאט פרנסה בשפע אונ אללע יודען פון טירקיי האבען דערפיהלט, אז אין יוסף נשיא האט זיי גאט צוגעשיקט א בעשיצער, וואס איז ביים סולטאן דער ערשטער חשוב אונ קאן ביי איהם פועל׳ן אלדינג. אונ אז גראציא מענדעזיא האט א מילדע אונ א אפענע האנד פאר אללע ארעמע אונ נויטבעדירפטיגע.

אז עס איז אנגעקומען די וויסטע בשורה וועגען די מאראנען פון אנקאנא, וואס דער פאפסט האט איינגעזעצט אין תפיסה, האט גראציא מענדעזיא ניט געקאנט רוהען אונ האט זיך ענטשלאסען זיי צו העלפען מיט וואס עס וועט איהר נאר מעגליך זיין. זי האט אנגעשטעלט דעם איידעם יוסף נשיא ער זאל בעטען הילף ביים סולטאן, אונ אזוי ווי צווישען די מאראנען האבען זיך געפונען אויך טירקישע סוחרים, האט איהם סולטאן געמוזט צו ליעב טהון אונ האט בעפאהלען דעם פאפסט זעהר שטרענג ער זאל ניט טשעפען זיינע

אונטערטהאנען ווי באלד ער וויל ניט מען זאל זיך מיט די קריסטען וואס לעבען אין טירקייא אויך אזוי נוהג זיין. אוודאי האט פאול געמוזט באלד בעפרייען די טירקישע סוחרים און האט זיין גאנץ כעס אויסגעלאזט צו די איבריגע, וועלכע האבען ניט געהאט ווער עס זאל זיך פאר זיי אננעהמען און זענען פערמשפט געווארען צום פערברענען. דער שרעקליכער סוף פון די אומגליקליכע האט צום איבריגען אויפגעבראכט די יודען אין טירקייא און עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען זעהען מיט עפעס טרעפען דעם פאפסט, ער זאל זעהען אז א יוד קאן אויך בעצאהלען פאר א רעה.

די שטאדט אנקאנא ביים ים, וואס האט געהערט צום פאפסט, האט געצויגען איהר פרנסה פון די שיפען וואס פלעגען אנקומען פון טירקייא און האט זיך גערעכענט פאר א גרויסען האנדעלס־פונקט, וועלכער האט פערבונדען איטאליען מיט די מזרח־לאנדער. דערפאר האבען די קאנסטאנטינאפאלער יודען זיך ענטשלאסען אבצוציהען דעם מסחר פון'ם אנקאנא'ר פארט און א תל מאכען פון דער שטאדט. זיי האבען עס געמוזט טהון צוליעב דעם הערצאג גואידא אובאלדא פאן אורבינא, וואס האט אריינגעלאזט די אנטלאפענע מאראנען קיין פעזארא נאר מיט דעם תנאי זיי זאלען אהין אנהויבען צו שלעפען האנדעלס־שיפען. אוודאי האבען עס די איינוואהנער פון אנקאנא באלד דערפיהלט, און פון זייערע קלאגען האט פאול געקאנט ארויסזעהען, אז די יודען שווייגען ניט און אז אין א קליינער צייט פון אכט חדשים האבען זיי איינע פון די בעסטע שטאדט געמאכט פאר א וויסט דארף. צום אומגליק אבער האט אפילו אין דער זאך אויך ניט געקאנט זיין קיין אחדות צווישען יודען: אפילו אין קאנסטאנטינאפאל, וואו גראציא מענדעזיא און יוסף נשיא האבען געשפיעלט די הויפט־ראללע, איז שווער געוועהן די דעות זאלען זיין ביי אללע גלייך, און האטשי אזויגע צוויי בעריהמטע רבנים, ווי ר' יוסף קארו און ר' משה די־טרני, האבען געגעבען זייער הסכמה מען זאל אויסמיידען אנקאנא, זענען פיעל דארויף ניט בעשטאנען, און אויף קאנסטאנטינאפאל האבען געקוקט די איבריגע האנדעל־שטאדט, ווי סאלוניקי, אדריאנאפאל, ברוסא, אוילאנא און מארעא, און עס האבען זיך געפונען זעהר ווייניג בעלנים צו ענדיגען זייערע געשאפטען, וועלכע זיי זענען שוין געוואהנט געוועהן צו פיהרען מיט איטאליען. דערווייל איז דער הערצאג גואידא אובאלדא באז געווארען וואס די יודען האבען ניט געהאלטען קיין ווארט וועגען דעם מסחר פון פעזארא, מען האט איהם

צוגעזאגט אונ עס האט זיך גאר גישט אויסגעלאזט, אונ ער האט די מאראנען ארויסגעטריבען פון פעזארא. עס איז נאך א חסד געוועהן, וואס ער האט זיי ניט איבערגעגעבען דער אינקוויזיציאן, חאטשי אין גאנצען זיך אויסדרעהען פונ'ם פאפסט'ס האנד איז זיי אונמאגליך געוועהן: פיעל פון זיי האט מען געחאפט אונ איינגעזעצט אין תפיסה אונ א טהייל האט מען פערקויפט פאר קנעכט. דעמאלט איז אויך דער מענשענפריינדליכער אמאטוס לוזיטאנוס אוועק פון פעזארא, א קורצע צייט האט ער זיך אויפגעהאלטען אין ראגוזא, וואו די קריסטען האבען איהם אויף די האנד געטראגען, וויל ער האט ניט איינעם פון זיי דאס לעבען געראטעוועט, אונ דערנאך איז ער אוועקגעפאהרען קיין סאלוניקי. ווי עס שיינט, האט מען אין דער איינענער צייט אנגעהויבען רודפ'ן די מאראנען אויך אין פערארא: די יודישע דרוק פון ר' אברהם אוסקווע האט זיך געמוזט צומאכען אונ דון שמואל נשיא, דער ברודער פון יוסף נשיא, איז אנגעקומען מיט גרויסע צרות ביז ער האט געקאנט אוועקפאהרען קיין קאנסטאנטינאפאל. דער הערצאג האט געוואלט האבען ביי זיך א בכבוד'ן יודען ער זאל איהם קאנען אנטהון רעכטע יסורים, דערפאר האט ער איהם צוגעהאלטען אונ ערשט, אז דער סולטאן האט זיך אריינגעמישט אונ האט געשריבען אז עס איז ניט קיין יושר אזוי צו טהון, האט ער איהם ארויסגעלאזט פון דער שטאדט.

וואס מעהר פאול דער פיערטער האט זיך געפיהלט קראנקער אונ נאהענטער צום קבר – איז זיין צארן געגען די יודען געווארען אלץ גראסער אונ ער האט געפונען גענוג מלאכי חבלה, וואס האבען געברענט פאר א תענוג אויסצופיהרען זייןווילדען רצון. צווישען זיינע געטרייע שלוחים האבען זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט מיט זייער אכזריות טאקי צוויי געטויפטע יודען, סיקסטוס סענענזיס אונ פיליפ, אדער יוסף מורו, וואס פלעגען אויפרייצען זייערע געוועזענע ברידער מיט פייערדיגע דרשות, וועלכע זענען געוועהן פול מיט זידלערייען אונ שאנדונגען פון דער יודישער אמונה. עס איז געקומען אזוי ווייט אז אים יום כפור, ווען דער עולם האט געדאווענט אונ געוויינט, האט זיך מורו ערלויבט אריינצולויפען אין שול אונ מיט געוואלד אריינשטעלען א קרייז אין ארון קדש. די יודען האבען מן הסתם ניט געשוויגען, מורו איז ארוים מיט א געשריי אויף דער גאס, ארום איהם האט זיך באלד פערזאמעלט א גאנצע מחנה, מען האט זיך גוט אבגערעכענט מיט די יודען אונ צוויי בעלי בתים, וואס מורו האט געזאגט אז זיי האבען זיך די

ערשטע ארויסגעשטעלט געגען איהם, האט מען איינגעזעצט אונ דערנאך אפענטליך געשלאגען. נאך ערגער איז זיך פאול בעגאנגען מיט די מארראנען: ער האט זיי גערודפ'ט גאר אהן רחמנות אונ, אז עטליכע פון זיי האבען זיך ענטשלאסען צו ווערען גייסטליכע אונ האבען געהאפט אז דערמיט וועלען זיי זיך אויסהיטען פון שלעכטס, האט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז ווער עס קומט ארויס פון יודען, אפילו פונ'ם צעהנטען דור, טאר ניט ווערען קיין גייסטליכער.

דעם תלמוד האט פאול אין גאנצען ארויסגערוימט פון זיין גבול אונ צו ליעב דעם האט זיך געמוזט צומאכען די פאר ישיבות, אין וועלכע יודישע קינדער האבען נאך געהאט די מעגליכקייט צו לערנען תורה. די יודען פון איטאליען וואלטען אזוי מיט דער צייט געוויס גוט פערגראבט געווארען, ווען קיין קרעמאנא, וואס איז געשטאנען אונטער דעם שוטץ פון מאילאנד אונ דארט האט דער פאפסט קיין שליטה ניט געהאט, קומט ניט צו פאהרען א גרויסער למדן ר' יוסף אוטולענגהי, וואס האט געעפענט א נייע ישיבה אונ האט געזעהען מען זאל איבערדרוקען אללע יודישע ספרים. אז די איטאליענישע יודען זענען דערפון געוואהר געווארען, האבען זיי אוועקגעשיקט קיין קרעמאנא דאס ביסעל ספרים, וועלכע עס איז זיי געראטהען צו בעהאלטען אונ מציל זיין פון פייער, אונ אזוי איז אין דער דאזיגער שטאדט געווארען איין אוצר פון יודישע ספרים, וועלכע מען פלעגט פון דארט צושיקען קיין פאלען אונ דייטשלאנד.

עס האט אבער לאנג ניט געדויערט, ווייל גאר גיך האבען דעם פאפסט'ס שליחים אויך אהין געטראפען אונ האבען אנגעהויבען ארבייטען, פון איין זייט מיט דער מלוכה, אונ פון דער אנדערער זייט מיט'ן פאלק, אז מען זאל די יודען גאר אין גאנצען משלח זיין. באלד האבען זיך א שיט געגעבען די כשר'ע עדות געגען תלמוד, ווי די געטויפטע יודען סיקסטוס סענענזיס, וויטאריא עליאנא אונ יהושע דיי קנטרי, אונ עס איז געבליבען מען זאל אין קרעמאנא אויך פערברענען די יודישע ספרים. מיט חשק האבען זיך צולאזט די סאלדאטען איבער אללע יודישע וואהנונגען זוכען גמרות, אונ אזוי ווי קיין גרויסע לומדים זענען זיי ניט געוועהן האבען זיי צוגענומען אלדינג וואס איז גאר געוועהן געדרוקט מיט יודישע בוכשטאבען. דעמאלט האט וויטאריא עליאנא שיר געליטען א גרויסען היזק, ווייל דער פאפסט פאול האט געהאלטען פון קבלה, ביי איהם האבען געשפיעלט א גרויסע ראללע די דעות פון די מקובלים, ווי פיקא דע מיראנדאלא, רייכלין אונ עגידיא דע וויטערבא, אונ

צו ליעב דעם האט עליאנא. צוזאמען מיט א קריסטליכען דרוקער וויצענטי קאנטי געלאזט אין קרעמאנא אבדרוקען דעם „זהר", אונ האט נאך אליין אנגעשריבען אין הקדמה אויף לשון קדש, דערפון האט ער פשוט געוואלט מאכען א גוט געשעפט, ווייל דעם ערשטען „זהר", וואס עמנואל דע בעווענט האט אבגעדרוקט אין מאנטוא, האבען די קריסטען אויפגעהאפט ווי אפען טוב אונ האבען געשריגען, אז נאר דער „זהר" קאן די יודען צופיהרען צום קריסטענטהום. די פראסטע סאלדאטען, וואס אויף זיי איז געפאלען דער גורל צו זוכען דעם תלמוד, האבען, אבער, ניט אזוי געקוקט אויף דער קבלה, ביי זיי איז אלץ איינס געוועהן וואס עס איז זיי נאר געקומען אין די האנד אריין, אונ דערפאר האבען זיי פערנומען אויך צוויי טויזענד זהר'ס, וואס האבען בעטראפען א היבשע סומע געלד. מיט גרויס מיה האט וויטאריא עליאנא זיי אבגעראטעוועט אונ האט אנגעמאכט א געוואלד אז דאס זענען הייליגע ספרים. ניט לאנג איז אבער דער „זהר" געבליבען הייליג: שפעטער מיט עטליכע יאהר האט דער פאפסט אנגעהויבען קוקען אויף קבלה מיט די אויגען פון יענע סאלדאטען וואס האבען ניט געוואלט מאכען קיין חלוק צווישען יודישע ספרים אונ האט געהייסען דעם „זהר" אויך אריינווארפען אין פייער.

דעם פאפסט פאולס שנאה צו די יודען אונ זייערע הייליגע ספרים האט זיך באלד פון איטאליען אריבערגעהאפט אין אנדערע לאנדער, ווייל שלעכטס לערנט מען זיך גיך אב. אין פראג האט זיך אויך אבגעזוכט א געטויפטער יוד, אשר פון אודינע, וועלכער האט אויסגערעדט אויף די יודען כל הרעות אונ האט ניט גערוהט ביז מען האט ביי זיי ניט צוגענומען, אים יאהר 1559, אללע ספרים, אונ מען האט זיי אוועקגעשיקט קיין וויען. דאס איז געוועהן פאר די פראגער יודען א גרויסער קלאפ, ווייל עס איז ניט געוועהן פון וואס צו דאווענען אונ ניט יעדער האט געדענקט די תפלה אויסווענינג. באלד האט זיך נאך מעהר ארויסגעוויזען דער שרעקליכער האס פונ'ם פראסטען פאלק: אין דער יודישער גאס פון פראג איז געוועהן א גרויסע שרפה אונ די איינוואהנער האבען ניט נאר ניט געהאלפען ראטעווען, נאר זיי האבען נאך אליין געבאקעוועט אונ האבען אפילו שוואכע פרויען אונ קינדער אריינגעווארפען אין פייער. דערמיט האבען זיך אבער ערשט אנגעהויבען די רעכטע צרות: דער קייזער פערדינאנד דער ערשטע האט זיך ענטשלאסען ארויסצוטרייבען די יודען פון גאנץ באהמען, אונ פראג איז געשטאנען אויפ'ן ערשטען פייער. געגען אנדערע פעלקער איז פערדינאנד דווקא געוועהן זעהר גוט אונ בארמהערציג

ער האט אפילו געוואלט שלום מאכען צווישען די קאטאליקען אונ די פראטעסטאנטען; נאר אויף די יודען האט ער געטראגען א שנאה אין הארצען אונ האט געדאנקט גאט, אז ער האט געהאט וואו זי ארויסצוּווייזען. קודם כל האט ער איינגעפיהרט אין עסטערבייך „יודען־צעטעל", דאס הייסט, אז יעדער יוד וואס דארף קומען קיין וויען מוז פריהר ארויסנעהמען א בעזונדער צעטעל פון דער מלוכה, אונ דארט איז שוין געוועהן אנגעשריבען צו ליעב וואס פאר א געשעפט ער מוז זיין אין דער הויפט־שטאדט אונ ווי פיעל טאג איז איהם ערלויבט דארט צו בלייבען. נאך דעם האט ער אנגעהויבען ביסלעכווייז ארויסצוטרייבען די יודען פון גארץ אונ פון אנדערע ערטער ביז ער האט זיך גענומען צו דער אלטער פראגער קהלה, וואס איז ביי איהם שטארק נמאס געווארען אין די אויגען וועגען איהרע שטאנדיגע מחלוקת איבער רבנים אדער אנדערע פארשטעהער. א פאר יאהר האט פון דעסטוועגען געדויערט ביז דער קייזער איז אים שטאנד געוועהן, אים יאהר 1561, אויסצופיהרען זיין בעפעהל וועגען די פראגער יודען, ווייל חאטש נאך דעם וואס מען האט צוריק מיט צוואנציג יאהר ארויסגעטריבען די יודען פון פראג האבען זיך אהין אומגעקעהרט נאר דאס פסולת, האבען זיי פארט געהאט א סך צדדים צווישען די קריסטען, וואס זענען אייגענטליך ניט געוועהן לייטישער פון זיי אונ האבען זיך אנגענומען פאר זיי. אפילו אז עס האט ניט געהאלפען אונ די יודען האבען געמוזט ארויס פון פראג, האבען זייערע קריסטליכע בעלי טובה באלד אנגעהויבען ארבייטען מען זאל זיי ווייטער אריינגעהמען. מען האט געפונען א וועג צום קייזער אונ מען האט איהם ארויפגעבראכט דארויף, אז ער זאל שוין חרטה האבען אויף דער גזרה וועגען די יודען, ער האט אבער געענטפערט אז ער קאן גאר ניט העלפען, ווייל ער איז פערבונדען מיט א שבועה. דעמאלט האט זיך אונטערגענומען איינער פון די עדעלסטע פראגער יודען ר' מרדכי צמח בן גרשון פון דער בעריהמטער משפחה סאנטשין, וועלכע האבען אין פערשיעדענע שטאדט געהאט יודישע דרוקען, צו פאהרען קיין רום צום נייעם פאפסט פיוס דעם פיערטען, וואס האט איבערגענומען די שטעלע נאך פאול'ס טויט, אונ פועל'ן ביי איהם ער זאל דעם קייזער מתיר נדר זיין. אין יענער צייט, אז דאס אכזריות פון פאול'ן איז נאך געוועהן פריש, אונ וואס פאר א מענש זיין יורש איז האט נאך קיינער ניט געקאנט וויסען, איז אזא נסיעה געוועהן פשוט א איינשטעלעניש; דערצו האט די שטאדט ניט פערדיענט ביי ר' מרדכי צמח'ן ער זאל זיך צו ליעב איהר מוסר נפש זיין, ווייל די פראגער רבנים האבען פער־

משפט זיין איינציגע פרומע טאכטער פאר א בלבול וואס פאלשע עדות האבען אויסגעטראכט. ר' מרדכי צמח האט אבער ניט געקוקט אויף קיין זאך, דארט וואו ער האט געקאנט א טובה טהון דעם כלל האט איהם זיין אמת יודיש הארץ געטריבען צו פערגעסען זיינע אייגענע אונצופרידענהייטען. ער האט זיך צוגעשלאגען צום פאפסט און ער האט ניט אבגעטרעטען ביז ער האט ניט מבטל געוועהן פערדינאנד'ס שבועה. אזוי זענען די פראגער יודען געהאלפען געווארען, און שפעטער, אז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו פערדינאנד'ס צוויי זיהן, מאקסימיליאן דעם צווייטען און רודאלף, האבען די יודען ווייטער זיך צושפרייט איבער גאנץ באהמען און אסטערייך, האטשי אין צרות זענען זיי ניט זשעדנע געוועהן, ווייל די קאטאלישע גייסטליכע האבען ניט אויפגעהערט זיי אללע מאל דערמאנען אז זיי זענען נאר פרעמדע און איינגעבעטענע אין לאנד.

אין איטאליען האט, נאך פאול'ס טויט, אנגעהויבען בלאזען א פריינדליך ווינטעל, האטשי דער נייער פאפסט פיוס איז ניט אים שטאנד געוועהן פלוצים אלדינג איבערמאכען און פערבעסערן אין גאנצען דעם צושטאנד פון די יודען. ער האט זיך געמוזט בעגניגען מיט קליינינקייטען: ער האט זיי ערלויבט צו קויפען ערד פונ'ם ווערטה ביז פינפצעהן הונדערט רענדליך, צו פיהרען פערשיידענע מסחרים און ניט נאר האנדלען, ווי פריהר, מיט אלטע קליידער, און האבען געשאפטען מיט קריסטען, נאר ניט האלטען קיין קריסטליכע דיענס־טען. וויכטיגער איז אבער געוועהן דאס, וואס פיוס האט מבטל געוועהן די שטראפען, וואס יעדער יוד האט געהאט אויף זיך ווען ער האט עובר געוועהן אויף איינע פון פאול'ס תקנות, און דאס האט געהייסען גלייך ווי די אלטע בעפעהלע האבען אנגעווארען זייער כח. אוודאי האבען די יודען אויך ניט געדרימעלט און האבען אנגעהויבען ארבייטען מען זאל צוריק כשר מאכען דעם תלמוד. אזא זאך איז זיי אבער ניט אזוי גרינג אנגעקומען, האטשי מיט קיין לעדיגע האנד זענען זיי ניט געקומען: פיוס האט פשוט מורא געהאט פאר די גייסטליכע זיי זאלען ניט אנמאכען א געוואלד, אז די יודען פיהרען ביי איהם אויס וואס זיי ווילען. דערפאר איז ער געפאלען אויף א אויבער הסברה: ער האט קלוימערשט אבגעזאגט די בקשה פון די יודען און האט בפירוש געזאגט אז ניט נאר דער תלמוד נאר אפילו אללע קבלה־ספרים און רייכלין'ס ביכער זענען אסור און מען טאר זיי אין די האנד ניט האלטען; דערביי האט ער אבער אויפגעטהון א קליינינקייט און האט ערלויבט מען זאל איבערקוקען

דעם תלמוד אונ ארויסוואַרפען אַללע ערטער, וועלכע זענען שעדליך פאר'ן קריסטענטהום, אונ ווי באלד מען וועט דערנאך די גמרות ניט רופען מיט דעם נאהמען „תלמוד" מאג מען זיי דרוקען אונ אפען האלטען. דאס איז געוועהן אַ פארשטעלטער היתר אונ די יודען האבען פערשטאַנען ווי אַזוי זיך מיט איהם צו בענוצען: שפעטער מיט עטליכע יאהר האט מען דעם תלמוד אָבגעדרוקט אין באזעל מיט קליינע פעראענדערונגען.

נאר אויב מען קאן רעכנען, אז די צייט פון פיוס דעם פיערטען איז אַ ביסעל מעהר גליקליך געוועהן פאר די יודען, האט דאס גליק גאר ווייניג געדויערט, ווייל נאך איהם איז געוואָרען פאַפסט פיוס דער פינפטער אונ דאס איז געוועהן אַזא אכזר, וואס אפילו פאול דער פיערטער האט זיך געגען איהם אויסגעוויזען ווי אַ צדיק. ער האט אויסגעגראבען וואו עס איז נאר ערגיץ געוועהן איין אַלטע גזרה, אונ דריי חדשים זענען נאך ניט אַוועק זייט ער איז אים יאהר 1566 ארויף אויפ'ן פרעסטאל, האט ער אים לעבען פון די איטאליענישע יודען געמאכט אַ איבערקעהרעניש: אַללע האבען געמוזט וועהרען טענדלערס, ווער עס האט געהאט ערד האט מען איהם גענייטה ער זאל זי פערקויפען, מיט קריסטען האבען זיי ניט געטארט האבען קיין שום געשעפט, מען האט זיי געצוואונגען צו טראגען שאנד־צייכענס אויף די קליידער, אונ מעהר פון איין שול האט מען זיי ניט ערלויבט. פיוס דער פינפטער האט זיך אָבער ניט געקאנט בעגעהן נאר מיט אַלטע גזרות; ער האט טאקי געוואלט ביי די יודען צונעהמען דאס לעבען אונ דאס פערמאגען, אַז עס זאל פון זיי ווערען אין גאנצען אַ תל; דאריבער האט ער געהייסען מען זאל זיי בעטראכטען ווי געפאהרליכע שונאים פון דער קאטאלישע קירכע אונ פאר יעדער קליינינקייט זאל מען זיך צו זיי טשעפען, אריינוואַרפען אין תפיסה אונ זיי אנטהון ענוים קשים. איהם האט אויך געהאלפען אַ געטויפטער יוד אללעסאנדרא, וועלכער האט זיך געהאפט צו די אַלטע חטאים אונ האט בעשולדיגט די יודען, אַז אין זייערע ספרים אונ ביים דאווענען פערשאלטען זיי די קריסטען אונ דאס קריסטענטהום מיט טויטע קללות. פאר אַזעלכע עבירות האט מען כמעט אַללע יודען פון בולוניא געשטעלט פאר דעם געריכט פון דער אינקוויזיציאן אונ, אַז די תליינים האבען ביי זיי לעבערדיגערהייט געצויגען די אָדערן פונ'ם לייב, האבען זיי געמוזט מודה זיין אויף אַלדינג וואס מען האט נאר געוואלט. נאר דער איינציגער רב פון בולוניא, ר' ישמעאל חנינא, איז געוועהן שטארק אונ האט געהאט אין זיך אַזוי פיעל קראפט, אַז ער האט

פריהר מוסר מודעה געוועהן, מען זאל וויסען, אז וואס ער וועט זאגען אין דער צייט, וואס מען וועט איהם מוטשען אונ די כוחות וועלען איהם אויסגעהען, איז פאלש. דערווייל האבען אנגעהויבען די עטליכע פערמאגליכע יודען, וואס זענען נאך געבליבען אין בולוניא אונ האבען פערשטאנען אז ניט היינט-מארגען וועט מען זיי אויך אבראבעווען, צו טראכטען ווי ארום זיי זאלען זיך ארויס-האפען פון דארט אונ, אז זיי האבען געזעהען אז די מלוכה האט עפיס קיין חשק ניט זיי ארויסצולאזען האבען זיי זיך פשוט ארויסגעגנב'ט. דאס האט דעם פאפסט שטארק פערדראסען אונ ער האט זיך ענטשלאסען די יודען לחלוטין ארויסצוטרייבען פון די ערטער, וואו ער האט געהאט צו שאפען. אומזיסט האבען זיך ארויסגעשטעלט, טאקי פון די גייסטליכע, ארדענטליכע מענשען, וואס האבען ערקלעהרט פיוס'ן, אז ער טאר ניט געהען געגען רצון פון די פריהריגע פאפסטע, וועלכע פלעגען בעשיצען די יודען אונ האבען זיי אריינגעלאזט אין זייער לאנד, ווען מען האט זיי געיאגט אונ געטריבען פון אללע זייטען: פיוס דער פינפטע איז געבליבען ביי זיין רשעות אונ האט אים יאהר 1569 ארויס-געגעבען א בעפעהל, אז פון אללע שטאדט, וואס געפינען זיך אונטער זיין מאכט, אויסער רום אונ אנקאנא, זאלען זיך די יודען ארויסקלויבען אין דריי חדשים, אונ יעדער יוד, וואס מען וועט איהם דארט דערנאך געפינען, וועט פערקויפט ווערען פאר א קנעכט. אודאי זענען דעמאלט גענוג יודען געבראכען געווארען פון ברויט אונ האבען זיך קוים געקאנט צושלעפען צו די נאהענטע שטאדט, ווי פעזארא, אורבאנא, פערארא, מאנטוא אונ מאילאנד. די רייכסטע פון זיי זענען געווארען קבצנים, קיינער פון די קריסטען האט זיי ניט בעצאהלט זייערע חובות, אונ נאר איין ר' גדליה אבן יחיא פון ראווענא האט פערלארען צעהן טויזענד רענדליך. דעמאלט האט מען זיך אויך אומגעקוקט אז אין עטליכע ערטער פון פראנקרייך, וואו מען האט שוין מעהר פון צוויי הונדערט יאהר קיין יודען ניט געזעהען, האבען זיך בעזעצט יודען אונ זענען געווארען גרויסע עשירים; אזא עולה איז שווער געוועהן איבערצוטראגען אונ מען האט די יודען פון אווניאן, קארפענטראס, וועניסען אונ נאך אנדערע שטאדט, וואו די גוטהארציגע פאפסטע האבען זיי צוריק מיט יאהרען אריינגעלאזט, מיט חרפה אונ בושה ארויסגעטריבען.

גראסטענטהיילס האבען זיך די אומגליקליכע געלאזט קיין טירקיי, נאר זעהר ווייניג האבען זיך געקאנט אהין צושלאגען, ווייל אויפ'ן וועג האבען זיך געפונען אזעלכע פרומע קריסטען, וואס האבען געהאלטען פאר א גרויסע מצוה

צוצונעהמען ביי זיי דאס לעצטע, אונ זיי זענען אויסגעגאנגען פאר הונגער אונ קאלט נאך עהדער זיי זענען צוגעקומען צו דער גרעניץ. א פינסטערע צייט איז דעמאלט געוועהן פאר די יודען אין אייראפא אונ ר׳ יוסף כהן האט אויף דער אלטער געהאט גענוג צרות צו בעשרייבען אין זיין ספר „עמק הבכא״, וואס איז טאקי געוועהן א טהאל פון געוויין, פון ביטערע טרערען, וואס יעדער יוד האט געמוזט פערגיסען, ווען ער האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהען דעם ביטערן סוף פון זיינע דערשלאגענע ברידער.

## 4 די יודען אין טירקיי אונ דון יוסף הנשיא.

(1590—1566 נאך קריסטוס געבורט).

דער יוד האט שוין אבער אין זיך אזא מין מעלה, אז וואס מעהר לייד מען טהוט איהם אן — בעקומט ער גאר מעהר היות. צרות שטארקען איהם אונ מען מאג איהם דא אריינלעגען ניין איילען אין דער ערד — וואקסט ער ערגיץ אנדערש אויס גאר א שפאגעל נייער מענש, מיט פרישע כוחות, מיט א פרעהליך פנים, גלייך ווי ניט ער האט עס ביז אהער אזוי געליטען, אזוי פערשווארצט געווארען, וואס איין אנדערער אויף זיין ארט וואלט שוין לאנג דורך זיי פון דער וועלט געגאנגען. אזוי איז געשעהען מיט די יודען אויך אין די ביטערע יאהרען, ווען פיום דער פינפטער האט אויף זיי אויסגעגאסען זיין גאנצען גיפטיגען כעס: פונקט דעמאלט, ווען אין די אייראפאישע לענדער האט שוין פון זיי קיין זכר ניט געזאלט בלייבען, האבען זיי אין טירקיי אויפגעהויבען דעם קאפ גאר אויף איין אנדער אופן, אונ איינעם פון די געהאסטע אונ געיאגטע מאראנען יוסף נשיא, אדער יאהאן מיקעז איז בעשערט געוועהן צו דערגרייכען אזא הויכע מדרגה, אז ניט נאר זיינע ברידער, נאר אללע איינוואהנער פונ׳ם לאנד האבען שטאלצירט מיט איהם אונ יעדער האט געהאט פאר איהם גרויס דרך ארץ, אונ די ארעמע יודען, וואס האבען א לאנגע צייט אומגעוואגעלט אהן א ציעל אונ האבען געמוזט זיך בעהאלטען מיט זייער אמונה, האבען פערשטאנען ווי אזוי פלוצלונג צו ווערען מיוחסים. מיט זייער שארפען מוח האבען זיי דערגרייכט אז אללע מלוכות, וואס האבען געהאט געשעפטען מיט טירקיי, זאלען בעדארפען צו זיי אנקומען, אונ ווענעדיג, שפאניען, פראנקרייך אונ אפילו דער פאפסט אלליין, האבען אללע געמוזט פאר זיי דרך ארץ האבען. עס קאן זיין אז אין הארצען האט מען זיך געטראכט, אז מען דארף דעם גנב

שניידט מען איהם פון דער תליה, נאר לעת עתה האט עס איהר אזוי ווייט געבראכט, אז זיינע נעכטיגע שונאים האבען געמוזט אנבויגען דעם קאפ אונ מאכען א פריינדליכע מינע דעם, וואס מען האט איהם ערשט ניט לאנג געוואלט אריינוואַרפען אין פייער.

אז דון יוסף נשיא איז אראבגעקומען קיין קאנסטאנטינאפאל האט ער מיט זיין הדרת פנים אונ מיט זיינע גרויסע מעלות באלד נושא חן געוועהען ביי יעדען אין די אויגען, אונ די רעקאמענדאציעס, וואס ער האט געבראכט פונ'ם פראנצאזישען הויף, האבען איהם תיכף געאפענט א וועג צו דער טירקישער מלוכה. דון יוסף נשיא האט נאר בעדארפט מען זאל איהם דאס ערשטע מאל אריינלאזען, דערנאך האט ער שוין געהאט אין זיך א פערבארגענעם כח יענעם צושלעפען צו זיך, אונ מען פלעגט מוזען ווערען מיט איהם נפש אחת. עס איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס דער סולטאן סולימאן איז צו איהם צוגעקלעבט געווארען פון דער ערשטער מינוט, וואס ער האט איהם דערזעהען אונ האט באלד פערשטאנען, אז דא האט איהם גאט צוגעשיקט א געטרייען דיענער, וואס איז אים שטאנד דער מדינה גרויסע טובות צו טהון. אין א קורצער צייט האט דון יוסף נשיא געשפיעלט ביים סולטאן די גרעסטע ראללע אונ אהן איהם האט ער קיין זאך ניט געטהון, ווייל ער איז געוועהן קלאהר אין אלדינג וואס עס געהט פארביי די אייראפאישע מלוכות. דערצו פלעגט ער שטאנדיג בעקומען פון די יודען די בעסטע ידיעות, אונ דאריבער האט ער געקאנט געבען א רעכטע עצה, ניט נאר ווי א מענש מיט א שכל הישר, נאר אויך ווי איינער וואס איז ניט בלינד אין דער לאגע פון זיין געגנער אונ קאן זיך שוין ניט לאזען אפנארען. אודאי איז שוין סולימאן אים שטאנד געוועהן זיך צו שפיעלען מיט די אייראפאישע מלכים אונ אויספיהרען ביי זיי אלדינג — אונ דאס האט ער אלס געהאט צו פערדאנקען זיין יודישען יועץ. עס האט זיך אבער גראד אזוי געפיהרט, אז דון יוסף נשיא זאל ווערען נאך א גרעסערער חשוב. צווישען סולימאן'ס קינדער איז ניט געוועהן קיין אחדות, איינער האט אויפ'ן אנדערן נאר געזוכט חסרונות, אונ דער פאטער האט מעהר ליעב געהאט דעם יונגערן זוהן, וואס האט מיט זיין גבורה מעהר געטויגט צו מלחמה. די הויף־לייט האבען מן הסתם געקוקט אויפ'ן כולטאן אונ, אז ער האט געווארפען א אום־חן אויף דעם עלטערן פרינץ סעלים, האבען אללע איהם נאכגעטאנצט אונ קיינער האט ניט געוואלט רעדען וועגען סעלים'ן עפיס א גוט ווארט. דון יוסף נשיא האט אבער פערשטאנען, אז עס איז גלייכער פאר'ן לאנד ווען עס וועט ווערען שלום צווישען

אלטען סולטאן אונ דעם יורש פון דער מלוכה, אונ זיינע עטליכע ווארמע ווארטער זעגען גענוג געוועהן, אַז סולײמאן זאל זיך לאזען איבערבעטען אונ זאל נאך שיקען סעלים'ן א טהייערע מתנה. פאר א שליח, וואס זאל איבערגעבען די מתנה, האט סולײמאן אויסגעקליבען טאקי דעם רודף שלום אַלליין, אונ דעמאלט האט דון יוסף נשיא צוגעבונדען צו זיך דעם דאנקבארען פרינץ סעלים, וועלכע. האט איהם צוגעזאגט, אַז ער וועט עביג ניט פערגעסען די טובה וואס ער האט איהם געטהון. סעלים האט אויך געהאלטען ווארט אונ נאך עהדער די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו איהם האט זיך שוין דון יוסף גערעכענט צווישען די גראסטע שררות. דער סולטאן האט איהם אזוי ליעב געהאט אַז ער האט איהם אוועקגעשענקט א גאנצע שטיק ערד אין פאלעסטינא, מיט דעם ערלויבניש, אַז ער מאג פון טבריה מאכען א גרויסע שטאדט אונ דארט בעזעצען נאר יודען. אחוץ דעם האט איהם סעלים, באלד ווי ער האט איבערגענומען, אים יאהר 5566, די מלוכה, געמאכט פאר הערצאג פון נאקסאס, אונ דון יוסף נשיא האט דערגרייכט אזא מדרגה, וואס עס איז גאר שווער געוועהן צו דענקען אפילו, אַז א יוד זאל פלוצלונג בעקומען אזא מאכט. איין אנדערער, קאן זיין, וואלט זיך שוין בעגנוגט מיט דעם גרויסען כבוד אונ רייכקייט פון א הערצאג, וואס האט צו שאפען, ווי א זעלבסטשטאנדיגער בעל הבית, איבער זיין שטיק לאנד אונ וואלט שוין געוואלט בעסער זיך אפרוהען אונ געניעסען די פירות פון זיין מיה; דון יוסף נשיא האט אבער בעסער געוואלט ווייטער דיענען דער מלוכה. די ממשלה איבער זיין ערד האט ער איבערגעגעבען איינעם פון זיינע גוטע פריינד, קאראגעל, וואס איז ארויסגעקומען פון איין אלטער יודישער משפחה אונ נאך איינער פון זיינע עלטער-זיידעס, ר' אברהם שניאור, איז געצוואונגען געוועהן זיך צו טויפען, ווען מען האט די יודען ארויסגעטריבען פון שפאניען, אונ אלליין איז דון יוסף געבליבען אין קאנסטאנטינאפאל, וואו ער איז געוועהן ביים סולטאן די רעכטע האנד. נאר וואס גרעסער דון יוסף נשיא איז געווארען, מעהר שונאים האט ער בעקומען צווישען די געזאנדטע פון די איירָאפּאישע קעניגע, וואס האבען אהן זיין הסכמה קיין שום זאך ניט געקאנט פועל'ן ביי דער טירקישער מלוכה, אונ בעזאנדערס איז פראנקרייך באז געוועהן, ווייל ער האט געהאט די העזה שטארק צו מאהנען דעם חוב: וואס היינריך דעם צווייטען האט זיך זעהר ניט געגלוסט צו בעצאהלען זיין שוויגער, אונ אַז ער האט גע-וואלט טאקי זיין איין עקשן אונ האט געזאגט דעם אלטען תירוץ אַז א יודען איז א מצוה צו בערויבען, האט דון יוסף נשיא געהייסען פערהאלטען עטליכע

פראנצאזישע שיפען אונ מען האט געמוזט בחרפה אבגעבען דאס געלד ביז איין פרוטה. אודאי האט עס פערדראסען דעם פראנצאזישען געזאנדטען אונ ער האט אנגעהויבען גראבען בסתר ער זאל פטר'ן דעם יודישען הערצאג. צווישען יודען זאל מען זיך אויסגעהען אהן קנאה — איז עפיס אויך ניט מאגליך: דון יוסף נשיא האט געהאט א אינוועניגסטען שונא, טאקי פון זיינע אייגענע ברידער, דאס איז געוועהן דעם סולטאן'ס יודישער לייב־דאקטאר דאוד אונ ער האט זיך אונטערגענומען צו צושטעלען דעם פראנצאזישען געזאנדטען פערשיעדענע בריעף, וואס פון זיי קאן מען ארויסזעהען אז דון יוסף נשיא איז א גוטער ברודער מיט שפאניען, מיט'ן פאפסט אונ מיט'ן הערצאג פון פלארענץ. מיט די דאזיגע בריעף האבען זיינע שונאים געהאפט אויסצווייזען שווארץ אויף ווייס, אז ער איז פאלש דער טירקייא, נאר זיי האבען אללע א גרויסען טעות געהאט. דון יוסף נשיא איז פריהר פון אללעמען געוואהר געווארען אונ האט דערצעהלט דעם סולטאן וואס דא געהט פאר. סעלים האט גוט געוואוסט אז דון יוסף נשיא איז איהם געטרייער פון אללע אונ דאריבער האט ער געהייסען מען זאל דאוד'ן ארויסשיקען פון טירקייא, אונ אויסער דעם האבען די רבנים דעם מוסר אריינגעלעגט אין חרם. דון יוסף נשיא האט זיך געטהון זיינס, אונ האטש פון אללע זייטען האט מען זיך ביי איהם איינגעשמייכעלט מיט כבוד אונ רייכע מתנות, ווי, למשל, דער קייזער פערדינאנד פון אסטערייך, וועלכער האט אימיסטען געשיקט שליחים איהם צו בעגריסען, ווען דאס טירקישע חיל איז אריין קיין אונגארן, האט ער זיך פון דעסטוועגען ניט געלאזט פערבלענדען די אויגען אונ האט גוט אכטונג געגעבען ער זאל פערגרעסערן די מאכט פון טירקייא ווי ווייט ער האט נאר געקאנט. אזוי האט ער זיך, אים יאהר 1570, בענוצט דערמיט וואס די מלוכה פון ווענעדיג איז געוועהן צו שוואך אונ איז אנגעפאלען אויף דעם אינזעל ציפערן, וואו דאס טירקישע חיל האט בעלאגערט צוויי הויפט־שטאדט ניקאזיא אונ פאמאגוסטא. צום אנהויב האט די מלוכה פון ווענעדיג גערעכענט צו געהען מיט תקיפות, דעם הערצאג פון נאקסאס אויף צו להכעים האט מען געוואלט אללע יודען ארויסטרייבען, אונ א חוץ דעם האט דער פאפסט פיוס דער פינפטער אנגעהויבען טראכטען וועגען א נייעם קרייצצוג, נאר אז מען האט געזעהען אז די טירקייא שרעקט זיך ניט איבער אונ וויל טאקי ניט אבטרעטען, האט מען געמוזט איינבייגען דעם קאפ אונ אנקומען נאך א מאל צו א יודען ער זאל זיך אריינלעגען אין שלום.

מען קאן זיך פארשטעלען ווי דאס בלוט האט געזאטען ביי די שונאי ישראל, ווען זיי האבען געמוזט זיך ווענדען מיט זייערע בקשות צום יודישען הערצאג, נאר זיי האבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט. אז ניעדערלאנד האט זיך געוואלט בעפרייען פון שפאניען אונ פונ'ם שלעכטען קאניג פיליפ דעם צווייטען, וועלכער האט דארט אויך איינגעפיהרט די אינקוויזיציאן, האט דער הערצאג ווילהעלם פון אראניען געשיקט א שליח מיוחד צו דון יוסף נשיא אונ האט איהם געבעטען ער זאל איהם געהען צו הילף. דער קייזער פון אסטערייך פערדינאנד האט איהם אויך ניט איין מאל געשריבען איינגעהאנדיגע בריעף אונ האט איהם פערזיכערט, אז ער שאצט איהם זעהר. דאס איינענע האט אויך געטהון דער קאניג פון פאלען, זיגיזמונד אויגוסט, אונ אז ער האט נאך געוואלט ביי איהם עפיס פועל'ן פלעגט ער איהם צוזאגען, אז ער וועט גוט בעהאנדלען די יודען, ווייל ער האט געוואוסט, אז דאס וועט זיין ביי דון יוסף נשיא די בעסטע מתנה.

מיט רעכט קאן מען זאגען, אז די טירקישע מלוכה האט זיך כמעט אין גאנצען געפיהרט דורך יודישע קאפ, ווייל אויסער דון יוסף נשיא, וואס דער סולטאן סעלים האט זיך שטאנדיג געהאלטען נאר אין זיין דעה, האט דער ערשטער מיניסטער מחמד סאקאלי, וואס איז דוקא ניט געוועהן קיין גוטער פריינד דעם יודישען הערצאג, געהאט נעבען זיך אויך א יודען, וואס פלעגט איהם געבען אללע עצות אונ האט איהם קיין מאל ניט געראטהען שלעכט, ווייל ער האט אויך, פונקט ווי דון יוסף נשיא, גוט געקאנט דעם צושטאנד פון די אייראפאישע מלוכות, אונ ווי ווייט דער מענשליכער שכל טראגט האט ער ניט דערלאזט, אז די טירקייא זאל מאכען א פאלשען שריט. דאס איז געוועהן ר' שלמה בן נתן אשכנזי, וואס איז ארויסגעקומען פון די ווענעציאנישע יודען; ער האט אין זיינע יונגע יאהרען געמאכט גרויסע נסיעות אונ איז א צייט געוועהן לייב-דאקטאר ביים קאניג פון פאלען. אז ער האט זיך אויף דער עלטער בעזעצט אין קאנסטאנטינאפאל, האט ער זיך מעהר געפונען צווישען די רבנים, ווייל ער איז אויך געוועהן א גרויסער למדן אונ מען האט אויף איהם געקוקט ווי אויף א מורה הוראה. באלד איז אבער פון איהם געוואהר געווארען דער ערשטער מיניסטער אונ ער האט איהם צו זיך צוגענומען פאר א יועץ, אז דער פוילישער קאניג סיגיזמונד אויגוסט איז, אים יאהר 1572, געשטארבען אהן יורשים אונ עס האט זיך אנגעהויבען א רעש צווישען אללע מלכים פון אייראפא, ווייל יעדער האט געוואלט אז מען זאל פון

זיין משפחה אויסקלויבען דעם נייעם הערשער פון פוילין, האט ר' שלמה אשכנזי אזוי געפיהרט, אז די גאנצע זאך זאל איינשטעהען ביי דער טירקיי אין די האנד אונ, אז דער גורל זאל פאלען אויפ'ן פראנצאזישען פרינץ היינריך פון אנזשוא, האטש ער האט געהאט געגנער פון אללע זייטען. דערמיט האט ר' שלמה אשכנזי געוויזען אז די טירקיי האט אגרויסען ווערטה אונ אז זי קאן אויספיהרען וואס זי וויל. די מלוכה האט פערשטאנען וואס פאר אכבוד ער האט איהר צוגעשארט אונ האט שוין געהאט דאס גרעסטען צוטרויען צו איהם. אודאי אז עס האט זיך אנגעהויבען די מלחמה מיט ווענעדיג ווענען דעם אינזעל ציפערן, אונ די ווענעציאנער האבען געבעטען מען זאל מאכען שלום, האט טירקיי געשיקט ר' שלמה אשכנזי פאר אשליח קיין ווענעדיג אונ איז געוועהן פערזיכערט אז אלדינג וואס ער וועט אבמאכען וועט זיין מיט שכל אונ מיט יושר. ווי שלעכט מען האט דעמאלט אין ווענעדיג ניט געקוקט אויף יודען, האט מען געמוזט דעם סולטאן'ס שליח אויפנעהמען מיט גרויס כבוד, אונ אז ר' שלמה אשכנזי האט אויסגעפיהרט זיין שליחות אונ די תנאים פון שלום זענען שוין אונטערגעשריבען געווארען פון ביידע צדדים, האט ער זיך ניט בעגנוגט מיט דעם פריינדשאפט וואס מען האט איהם אליין בעוויזען: ער האט געוואוסט אז מען וויל די יודען ארויסטרייבען פון ווענעדיג אונ דאריבער האט ער ניט גערוהט אונ האט אויך אנגעשטעלט דעם ווענעציאנישען געזאנדטען יעקב סאראנצא ער זאל איהם צו העלפען, ביידע האבען זיי געגעבען אנצוהאלטען אז אין טירקיי שפיעלען די יודען אגרויסע ראללע אונ אז פאר אזא זאך וועלען זיי ניט שווייגען, אונ אזוי איז איהם אויך געראטהען צו מאכען אאיינגעוועניגסטען שלום צווישען די ווענעציאנער אונ די יודען אונ מען האט איהם פון ווענעדיג ארויס בעגלייט מיט גרויס שמחה אונ כבוד.

יענע צייט איז געוועהן די גליקליכסטע פאר די טירקישע יודען. אויסער אזעלכע צוויי פעסטע זיילען, ווי דון יוסף נשיא אונ ר' שלמה אשכנזי, וואס אויף זיי האט זיך געהאלטען דער גאנצער בנין פון דער מלוכה, האבען די יודישע איינוואהנער זיך בעשעפטיגט מיט אללערליי נוצליכע מלאכות אונ מסחרים אונ די הצלחה האט זיי אזוי געדיענט אז זיי זענען געווארען גרויסע עשירים אונ האבען מיט זייער רייכקייט בעלעבט די מדינה: זיי האבען זייערע אוצרות ניט בעהאלטען אין דער ערד, זיי האבען בענוצט דאס געלד צו פערגרעסערן די געשעפטען אונ בעזאנדערס דעם האנדעל אויף די שיפען אונ אסך מענשען האבען געקאנט לעבען דורך זיי אונ האבען פרנסה בכבוד אונ ברחבה.

אז דעם יודען איז גוט אויפ'ן הארצען האט ער אין זינען אויך עדלערע זאכען, אונ דאריבער איז קיין וואונדער ניט וואס עס האבען זיך דערמאלט צווישען זיי ארויסגעוויזען אויך עטליכע געלעהרטע, ווי אבן יחיא, וואס איז געוועהן א שאנער דרשן, אונ פלביא יאקאבא דע עוואראה, איינער פון די מאראנען וואס איז געוועהן א בעריהמטער שפראכען-קענער אונ האט אנגעשריבען דעם דאקטאר אמאטוס לוזיטאנוס, ווען ער איז געשטארבען אין סאלוניקי א מצבה אויף לאטייניש. ווי עס שיינט, האט דער גלאנצענדער צושטאנד פון די יודען דערוועקט ביי זיי געדאנקען פון זעלבסשטאנדיגקייט, אונ דון יוסף נשיא האט זיך שוין לאנג ארומגעטראגען מיט די מחשבות אונ האט געוואלט ווערען א מושל איבער א בעזונדער שטיקעל ערד. גאר צום אנהייב האט ער זיך געפרובט טאמער וועט איהם ווענעדיג אבטרעטען איינע פון איהרע אינזעלן אונ ער וועט דארט קאנען בעזעצען נאר יודען אונ דארט מאכען א קליינע מלוכה. ווענעדיג איז מן הסתם דארויף ניט בעשטאנען אונ אז ער איז דערנאך געווארען דער חשוב ביים סולטאן סולימאן אונ ער האט איהם אוועקגעשענקט די אלטע שטאדט טבריה אונ נאך זיבען דארפער, האט ער זיך גענומען מיט גרוים חשק אויסצובויען הייזער, איינפיהרען פאבריקען אונ בעלעבען די וויסטע ערטער, נאר דער געדאנק פון א יודישער מלוכה איז ביי איהם אבגעקיהלט געווארען. איהם האט זיך מעהר געגלוסט צו ווערען קאניג פון ציפערן, ווייל די דאזיגע קרוין האט איהם סעלים צוגעזאגט איבערצוגעבען מיט זיינע אייגענע האנד, נאר דער ערשטער מיניסטער מחמד סאקאלי האט אללע מיטעל אנגעווענדעט אז דון יוסף נשיא זאל שוין האבער ניט שטייגען אונ פון אללע האפנונגען האט זיך אויסגעלאזט א חלום.

די קבלה, וואס האט זיך דערווייל איינגעווארצעלט אין פאלעסטינא האט ניט דערלאזט אז דאס לערנען פון תורה אונ תלמוד זאל בליהען, ווי עס וואלט געקאנט זיין ביי אזא גליקליכער לאגע פון די טירקישע יודען. דער איינציגער פון די יודישע לומדים, וואס האט דערמאלט געשפיעלט א ראללע, איז געוועהן ר' יוסף קארו, דער רב פון צפת. ער האט געמיינט אז מיט זיין שלחן ערוך, אויף וועלכען ער האט פערבראכט כמעט דאס גאנצע לעבען, וועט ער האבען א געדעקטען טיש פאר זיין גאנץ פאלק; צום סוף איז באלד געקומען ר' משה איסרליש (רמ"א), דער רב פון קראקויא, וואס איז נאך איינגענטליך געוועהן גאר א יונגער מאן, אונ האט זיך ניט געשאמט ארויסצוגעבען זיין מפה אונ ווייזען דעם עולם, אז ר' יוסף קארו'ס טיש פעהלט

א טישטוך. דאס האט ער געטהון דערפאר, וואס ר׳ יוסף קארו האט אין גאנצען פערבויגען די דעות פון די דייטשע אונ די פאלנישע רבנים; אודאי האט איהם ר׳ משה איסערליש געוויזען אז די גאנצע תורה ליעגט ניט אין ארץ ישראל אונ אז ביי זיי ווייסט מען אויך א דין.

איבריגענס, זענען אללע רבנים פון יענער צייט געוועהן, ווי מען זאגט, פון איין געוואנד געשניטען: אויסער דעם תלמוד מיט זיינע מפרשים האט ביי זיי קיין שום זאך ניט געהאט קיין ווערטה אונ אנדערע וויסענשאפטען זענען נאך, פערקעהרט, ביי זיי אבגעפרעגט געוועהן, אונ ווי באלד זיי האבען נאר בעמערקט א בר שכל, וואס זיין מוח טראגט איהם אוועק א ביסעלע ווייטער פונ׳ם בית המדרש, האבען זיי איהם שוין געהאלטען פאר איין אפיקורוס אונ האבען איהם פשוט געוואלט עוקר מן השורש זיין. דאס בעווייזט אונז דאס ביטערע לעבען פונ׳ם בעריהמטען ר׳ עזריה בן משה די־ראסי, וואס איז געוועהן איינער פון די ליכטיגסטע קאפּ אין דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט אונ וואס וואלט געקאנט געוויס גאר אין גאנצען פערבעסערן דעם איננעווייגסטען מעמד פון זיינע ברידער, ווען די רבנים ווערען איהם ניט קיין שונאים פאר זיין ליעבשאפט צום אמת אונ שניידען איהם ניט אב די פליגעל. ר׳ עזריה די־ראסי איז ארויסגעקומען פון א אלטער איטאליענישער פאמיליע אונ איז געבארען געווארען אין מאנטוא אים יאהר 1514. אויסער גמרא, האט ער געלערנט פערשיעדענע לשונות אונ אויך מעדיצין אונ איז פון קינדהייט אן געוועהן אזא מתמיד אז דעם גוף האט ער גאר אין זין ניט געהאט, ער האט אויסגעזעהען קראנק אונ מאגער, ווי מען זאגט, הויט אונ ביינער, האט געוואהנט אין בולוניא אונ אז עס האבען זיך דארט אנגעהויבען די רדיפות, אין דער צייט פון דעם פיוס דעם פינפטען, איז ער אריבער קיין פערארא, וואו מען האט איהם זעהר געשאצט פאר זיין גרויס געלערנטקייט אונ גוטהארציגקייט. די אלטע גריכישע אונ לאטיינישע ביכער האבען איהם זעהר אינטערעסירט אונ זיין ערשט ספר וואס ער האט ארויסגעגעבען אויף לשון קדש איז געוועהן איין איבערזעצונג פון „אריסטעאס בריעף צו זיין ברודער פהילאקראטעס". די איבערזעצונג האט ער ארויסגעגעבען דורך א צופאל. אים יאהר 1570 איז גראד אין פערארא געוועהן א שרעקליכער ערדציטערניש, וואס האט א תל געמאכט כמעט פון דער גאנצער שטאדט אונ אללע איינוואהנער האבען געמוזט ארויס אויפ׳ן פעלד. ר׳ עזריה איז מן הסתם אויך געבליבען אהן א דירה אונ אזוי ווי ער האט זיך ארומגעדרעהט אונטער דער שטאדט

האט ער בעמערקט ווי אַ קריסט זיצט איבער אַ גריכיש בוך און לייענט עס מיט גרויס חשק. ווי ערשטוינט איז ער אָבער געוואָרען אַז ער האט זיך איבערצייגט אַז דאס איז געוועהן „אַריסטעאַס בריעף“, איינס פון די אַנטיקע זאַכען, וועלכע די יודישע געלעהרטע האבען אָנגעשריבען אויף גריכיש אין דער צייט פון׳ם בית שני, און ווי גרויס איז זיין וועטהיג געוועהן ווען ער האט זיך דערמאָנט אַז קריסטען זוכען זיך טרעסט אין יודישע ספרים און די יודען אַליין ווייסען ניט אפילו פון זיי. ער האט באַלד געגנובען אויף זיך דאס בוך צו איבערזעצען אויף העברעאיש און דערביי האט ער זיך טאקי גענומען שרייבען זיין גרויס ספר „מאור עינים“, וועלכעס איז פערטיג געוואָרען אים יאהר 1575 און האט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקען רעש צווישען די רבנים. אַז דער „מאור עינים“ איז אָנגעקומען קיין צפת צו די פריערדיגע מקובלים, האָבען זיי געמאַכט אַ געוואַלד אַז עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ נייער אפיקורוס און איינער פון די רבנים ר׳ אלישע גליקו האט שוין געוואָלט צונויפרופען אַ בית דין מען זאָל איהם מחרים זיין, נאָר ר׳ יוסף קארו׳ס טויט האט איבערגעשלאָגען דער רעש פון ארץ ישראל איז אָנגעקומען אויך קיין איטאַליען, נאָר די רבנים פון מאַנטואַ האָבען פּאַרט דערך ארץ געהאַט פאַר׳ן גרויסען יודישען דענקער און האָבען נאָר געהייסען אַז יונגע לייט, וואָס זענען נאָך ניט אַלט קיין פינף און צוואַנציג יאָהר, זאָלען ניט האַלטען ר׳ עזריה׳ס ספרים. אַזוי האט מען ר׳ עזריה׳ן פערשטעלט דעם וועג צום פאָלק, אַזוי האט מען איהם אָבגעריסען פון דעם איינציגען ציעל, צו וועלכען ער האט זיך געצויגען אין זיין גאַנץ עלענד ביטער לעבען!

אין דער צייט האט זיך די קבלה זעהר געשטאַרקט און פון דעם למוד וואָס איז מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק אין שפּאַניען איינגענטליך נאָר געוועזען איין אַרט פילאָזאָפישער למוד און האט געהייסען קבלה עיונית, האט זיך איצט אין ארץ ישראל אויסגעאַרבייט אין אַ פּראַקטישען למוד. דאס הייסט: אַזאַ מין חכמה וואָס מען קאָנן שוין פון איהר פּראַקטישע נוטצען האָבען ווי למשל: בעווייזען מופתים, היילען קראַנקע, בעשווערען שדים און רוחות, אין וואָס מען האט צו יענער צייט שטאַרק אָנגעהויבען צו גלויבען, און עס איז אַרויס דערפון די „קבלה מעשית“.

די הויפּט-פאַרשטעהער פון דער פּראַקטישער קבלה זענען געוועהן ר׳ יצחק לוריא, וואָס האט טאקי די זאַך געמיינט ערנסט, און זיין תלמיד ר׳ חיים וויטאל, ר׳ יצחק לוריא הלוי (אר״י), וואָס איז אַרויסגעקומען פון

אַ דײַטשׁער מִשְׁפָּחָה, אִיז גֶעבּאָרֶען גֶעוואָרֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אִים יָאהר 1634 אונ אַזוֹי ווִי עֶר אִיז פְּרִיה גֶעבְּלִיבֶּען אַ יָתוֹם, הָאט מֶען אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קֵיין מִצְרַיִם צוּ זַיינֶעם אַ רייכֶען פֶעטֶער, ר' מָרְדְּכַי פְּרַאנְצִיז. דָארְט הָאט עֶר זִיךְ פוּן דִי קִינְדֶערְשֶׁע יָאהרֶען גֶענוּמֶען צוּ דֶער קַבָּלָה אונ אַז עֶר אִיז עֶלְטֶער גֶעוואָרֶען אונ מֶען הָאט אִיהם הַתּוּנָה גֶעמַאכְט, הָאט עֶר אַלַאנְגֶע צייט גֶע- לֶעבְּט אַבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן דֶעם ווייב, אַהֵיים פְלֶעגְט עֶר קוּמֶען נָאר פוּן אֵיין שַׁבָּת צוּם אַנְדֶערְן, רֶעדֶען הָאט עֶר מִיט קֵיינֶעם נִיט גֶעוואָלְט אונ דִי עֶטְלִיכֶע ווֶארְטֶער ווָאס עֶר הָאט שׁוֹין גֶעמוּזְט אוֹיסְרֶעדֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ. אַלֶע זַיינֶע כּוֹחוֹת הָאט עֶר אַריינְגֶעלֶעגְט אִין „זֹהַר" אונ בִּיסְלֶעכְווייז הָאט זִיךְ אִין אִיהם דֶער כֹּחַ הַדִּמְיוֹן אַזוֹי צוּשְׁפִּיעלְט אַז אִיהם הָאט זִיךְ טַאקִי בֶּאֱמֶת אוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא אונ ר' שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאי קוּמֶען צוּ אִיהם אונ מַאכֶען אִיהם בֶּעקַאנְט מִיט דִי פֶערְבָּארְגֶענֶע סוֹדוֹת פוּן דֶער וואוּנְדֶערְלִיכֶער בֶּעהַאלְטֶענֶער קַבָּלָה-ווֶעלְט, ווָאס נִיט יֶעדֶער קָאן הָאבֶּען דִי זְכִיָּה אַהִין אַ קוּק צוּ טְהוּן. צְווִישֶׁען דִי דָאזִיגֶע סוֹדוֹת אִיז ר' יִצְחָק לוּרְיָא גֶעוָואהר גֶעוואָרֶען אַז עֶר אַלֵיין הָאט אִין זִיךְ דִי נְשָׁמָה פוּן מָשִׁיחַ בֶּן יוֹסֵף אונ אַז נָאר גִיךְ מוּז זִיךְ שׁוֹין אָנְהוֹיבֶּען דִי גְלִיקְלִיכֶע צייט פוּן דֶער גְאוּלָה. אַוַדַאי הָאט עֶס אִיהם גֶעצוֹיגֶען קֵיין צְפַת, וואוּ דִי רֶעכְטֶע מְקוּבָּלִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען, אונ אַז עֶר אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען הָאט מֶען שׁוֹין גֶעוואוּסְט פוּן אִיהם אַז עֶר אִיז אַ בַּעַל מוֹפֵת אונ עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען אַ סַךְ תַּלְמִידִים ווָאס הָאבֶּען אִיהם פֶערְגְרֶעסֶערְט. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט בַּיי אִיהם נוֹשֵׂא חֵן גֶעוֶועהן ר' חַיִּים וִויטַאל, ווָאס אִיז גְרָאד אִין יֶענֶער צייט גֶעקוּמֶען מִיט'ן פָאטֶער קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פוּן אִיטַאלְיֶען. מִיט אִיהם צוּזַאמֶען פְלֶעגְט ר' יִצְחָק אוּמְגֶעהן אוֹיף קְבָרִים אונ הָאט אִיהם פֶערְזִיכֶערְט אַז עֶר זֶעהט ווִי דִי נְשָׁמוֹת פְלִיהֶען אַרוּם אונ עֶר הֶערְט זַייעֶרֶע תַּחֲנוּנִים ווֶעגֶען אַ תִּקוּן. ר' יִצְחָק לוּרְיָא אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען נָאר יוּנְג, עֶר אִיז אִין גַאנְצֶען אַלְט גֶעוֶועהן אַכְט אונ דְרַייסִיג יָאהר, אונ דֶער אוּמְצַייטִיגֶער טוֹיט הָאט גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ מֶען זָאל נָאךְ הֵיילִיגֶער מַאכֶען אונ גְרֶעסֶער מַאכֶען זַיין נָאמֶען. ר' חַיִּים וִויטַאל הָאט דֶערְצֶעהלְט אַז פַאר'ן טוֹיט הָאט אִיהם ר' יִצְחָק לוּרְיָא אָנְגֶעזָאגְט עֶר זָאל פֶערְנֶעהמֶען זַיין שְׁטֶעלֶע אונ הָאט אִיהם מְגַלֶּה גֶעוֶועהן אַז זַיין נְשָׁמָה הָאט אִין זִיךְ אוֹיךְ אַ פוּנְק פוּן מָשִׁיחַ'ן. אַזוֹי אִיז ר' חַיִּים וִויטַאל גֶעבְּלִיבֶּען דֶער בַּעַל מוֹפֵת אוֹיף ר' יִצְחָק לוּרְיָא'ס אָרְט אונ זַיינֶע אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער אונ ר' יִשְׂרָאֵל שַׂרוּק הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי קַבָּלָה אִין אִיטַאלְיֶען אונ אַמְשְׁטֶרְדַם.

דֶער יוּדִישֶׁער הֶערְצָאג הָאט גֶעשִׁיצְט אַלֶע זַיינֶע בְּרִידֶער ווִי אַאַייזֶערְנֶע וַואנְד; דֶערְפַאר הָאבֶּען דִי מְקוּבָּלִים גֶעטְהוּן ווָאס זֵיי הָאבֶּען גָאר גֶעוָואלְט אוּנ הָאבֶּען גָאר פֶערְגֶעסֶען אַז סַךְ הַכֹּל זִיצֶען דִי יוּדֶען אוֹיף אַפְרֶעמְדֶע פוּהר אוּנ אַז ווֶען זֵיי ווֶעלֶען מוּזֶען בַּיים עֶרְשְׁטֶען שְׁלֶעכְטֶען ווִינְטֶעל הַאפֶּען דָאס פֶּעקֶעל אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ לוֹיפֶען ווֶעלֶען זֵיי פַאלֶען אוּנְטֶער דֶער נַייעֶר מַשָׂא, ווָאס מֶען הָאט אוֹיף זֵיי אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט. דוֹן יוֹסֵף נָשִׂיא׳ס גְלִיק אִיז טַאקִי נִיט גֶעווֶעהן עֶבִּיג, סֶעלִים אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִים יָאהר 1674 אוּנ בַּיים נַייעֶם סוּלְטַאן מוּרַאד דֶעם דְרִיטֶען אִיז עֶר שׁוֹין נִיט גֶעווֶעהן אַזַא חָשׁוּב, זַיינֶע גֶעגְנֶער, ווִי מַחְמֶד סָאקָאלִי אוּנ ר׳ שְׁלֹמֹה אַשְׁכְּנַזִי, הָאבֶּען מֶעהר נִיט דֶערְלָאזְט עֶר זָאל אִין הוֹיף שְׁפִּילֶען דִי אֵיינְגֶענֶע רָאלֶע ווָאס פְרִיהר, אוּנ עֶר הָאט אִין גַאנְצֶען גֶע־לֶעבְט נָאךְ פִינְף יָאהר, נָאךְ זַיין טוֹיט, הָאט מוּרַאד, ווָאס אִיז אִיבֶּערְהוֹיפְּט נִיט גֶעווֶעהן קַיין נְקִי כַּפַּיִם, גֶעלֶעגְט אַיין אוֹיג אוֹיף זַיין גַאנְץ עֲשִׁירוּת אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל זַיין פֶערְמֶעגֶען צוּנֶעהמֶען אוּנ קְלָאמֶערְשְׁט צָאהלֶען הוֹבוֹת. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט דִי אַלְמָנָה, דִי הֶערְצָאגִין רֵיינַא נָשִׂיא, מַצִיל גֶעווֶעהן נַיינְצִיג טוֹיזֶענְד רֶענְדְלִיךְ אַחוּץ נַחֲלָאוֹת ווָאס זֶענֶען אִיהר גֶעבְּלִיבֶּען. זִי הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט צָרְכֵי רַבִּים אוּנ הָאט בַּיי זִיךְ אִין פַּאלַאץ גֶעמַאכְט אַיוּדִישֶׁע דְרוּק, ווָאס הָאט עֶקְסִיסְטִירְט נַיינְצֶעהן יָאהר, נָאר קַיין ווִיכְטִיגֶע סְפָרִים זֶענֶען דָארְט נִיט אָבְּגֶעדְרוּקְט גֶעווָארֶען, ווַייל דֶער מַשְׁגִיחַ דַארוֹיף, ר׳ יוֹסֵף אַשְׁקְלוֹנִי, אִיז נִיט גֶעווֶעהן קַיין גְרוֹיסֶער בְּרִיָה אוּנ הָאט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען ווֶעלְכֶע בִּיכֶער זֶענֶען מֶעהר נֶאטְהִיג פַאר׳ן פָאלְק.

נָאךְ דוֹן יוֹסֵף נָשִׂיא׳ס טוֹיט, אִיז ר׳ שְׁלֹמֹה אַשְׁכְּנַזִי גֶעבְּלִיבֶּען דֶער אֵיינְ־צִיגֶער יוּד ווָאס הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט רֶעכְנֶען פַאר אַקָרוֹב לְמַלְכוּת, גָאר דֶערְגְרֵייכֶען דוֹן יוֹסֵף׳ס הוֹיכֶע מַדְרֵגָה אִיז אִיהם נִיט מֶעגְלִיךְ גֶעווֶעהן. עֶס הָאט אִיהם אֲפִילוּ דֶערְצוּ דִי הַשָּׂגָה נִיט גֶעטְרָאגֶען, ווַייל עֶר אִיז גֶעווֶעהן אַגְרוֹיסֶער עָנָיו, עֶר הָאט זִיךְ פַיינְד גֶעהַאט אַרוֹיסְצוּשְׁטֶעלֶען אוּנ פוּן אִיבְּרִיגֶען כָּבוֹד הָאט עֶר זִיךְ אַלֵיין מִתְרַחֵק גֶעווֶעהן. אַז מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט מַאכֶען אַשָׁלוֹם צְווִישֶׁען שְׁפַּאנְיֶען אוּנ טִירְקֵיי אוּנ עֶס אִיז שְׁווֶער גֶעווֶעהן אוֹיסְצוּגְלֵייכֶען בֵּיידֶע צְדָדִים, ווַייל אִיטַלִיֶער הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַגְרֶעסֶערְן מְיוּחָס, הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה אַשְׁכְּנַזִי אָבְּגֶעזוּכְט אַמִיטֶעל אוּנ הָאט זֵיי אוֹיסְגֶעגְלַייכְט. דֶעסְטְגְלֵייכֶען הָאט עֶר שְׁטֶענְדִיג אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז דֶער שָׁלוֹם צְווִישֶׁען טִירְקֵיי אוּנ ווֶענֶעדִיג זָאל בְּלַייבֶּען פֶעסְט אוּנ דֶערְפַאר אִיז אִיהם דִי ווֶענֶעצִיאַנִישֶׁע מְלוּכָה זֶעהר דַאנְקְבַּאר גֶעווֶעהן אוּנ

האט געלאזט זיינע צוויי זאהנע ערציהען אין וועגעדיג אויף איהר רעכנונג.

שפעטער האבען זיך אין טירקיי אויך עטליכע יודישע פרויען אויסגע־צייכענט, בעזאנדערס דערמיט וואס זיי האבען געלערנט מעדיצין און האבען מיט גרויס הצלחה געהיילט קראנקהייטען. אסתר קיערא, די אלמנה פון ר' אליהו חנדלי, איז געוועהן אגרויסע חשובה ביים סולטאן מוראד'ס פרוי באפא און ווער עס האט געזוכט עפיס אשטעללע אדער אזוי בעדארפט האבען צו דער טירקישער מלוכה, האט געמוזט אנקומען צו איהר. זי איז אויך געוועהן זעהר רייך און פלעגט טהיילען פיעל צדקה און אונטערהעלפען רבנים און לומדים. אויף איהר רעכנונג האט זי געהייסען דרוקען די כתבים פון ר' אברהם זכותא און האט איהר עשירות בענוצט נאר אויף גוטס צו טהון מענשען. זי האט אבער געהאט אסך שונאים און פלוצלונג האט מען זי מיט איהרע קינדער געפונען דערהרג'ט. אין דער צייט פונ'ם סולטאן אחמד דעם ערשטען איז געשטאנען זעהר נאהענט צו דער מלוכה ר' שלמה אשכנזי'ס אלמנה, וואס האט איהם אויסגעהיילט פון פאקען, ווען אללע דאקטוירים האבען איהם שוין מיאש געוועהן. ביסלעכווייז האט זיך אבער אין טירקיי אויסגעלאזט די יודישע חשובים, מען האט אנגעהויבען די יודען צו אונטערדריקען, די הצלחה האט זיך פון זיי אבגעטהון און איז אריבערגע־שפרונגען גאנץ ווייט: דאס יודישע מזל האט ווייטער דערוויזען די אלטע קונץ און ווען די יודען איז פינסטער געווארען אין טירקיי, איז זיי ליכטיג געווארען אין איין אנדער ווינקעל — אין פולין.

---

## 5 די לאגע פון די יודען אין פולין און איטאליען.

(1560—1600 נאך קריסטוס געבורט).

אים זעכצעהנטען יאהרהונדערט איז פולין צוזאמען מיט ליטא, וואו עס האבען געהערשט קאזימיר דעם פיערטענס זיהן, געוועהן אגרויס קעניגרייך און איז נאך גרעסער געוועהן מיט דעם גייסט פון סבלנות, וואס האט אהין צוגעצויגען אללע געיאגטע און געשלאגענע, וועלכע פלעגען דארט בעקומען אמקום מנוחה. אז מען האט די יודען ארויסגעטריבען פון בעהמען, האט מען זיי אין פולין זעהר פריינדליך אויפגענומען, מען האט דארט פער־שטאנען זייער ווערטה און די פריצים האבען זיך נאך אנגעשלאגען און צוגערעדט

מֶעהר יוּדֶען זַיי זָאלֶען זִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין זַייעֶרֶע שְׁטֶאדְט אוּנ דֶארְפֶער. מֶען הָאט זִיךְ נִיט וִויסֶענְדִיג גֶעמַאכְט אֲפִילוּ וֶוען מֶען אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען קוּמֶען קַיין פּוֹילֶין אוּנ נֶעהמֶען דָארְט צוּרִיק אָן זַייעֶר אַלְטֶע אֱמוּנָה. דִי פּוֹילִישֶׁע מְלוּכָה הָאט אַזוֹי וַוייט גֶעהַאלְטֶען פוּן יוּדֶען אַז וֶוען דֶער קֶאנִיג זִיגִיזְמוּנְד אויגוּסְט דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט זִיךְ בֶּעדַארְפְט אויסְגְלַייכֶען מִיט'ן רוּסְסִישֶׁען מוֹשֵׁל יָאהַאן דֶעם פִּיעֶרְטֶען (יָאהַאן גְרָאזְנִי) הָאט עֶר מִיט אִיהם אויסְגֶענוּמֶען אַ תְּנַאי, אַז דִי יוּדֶען פוּן לִיטָא מֶאגֶען פְרַיי קוּמֶען אוּנ הַאנְדְלֶען אִין גַאנְץ רוּסְסְלַאנְד. יָאהַאן אָבֶּער וָואס אִיז זֶעהר בֶּאז גֶעוֶועהן אוֹיף יוּדֶען, אִיז אוֹיף דֶעם תְּנַאי נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען. יָאהַאנְס שִׂנְאָה גֶעגֶען יוּדֶען הָאט זִיךְ פִּיעל מָאל אַרוֹיסְגֶעצַייגְט אוֹיךְ בַּיי אַנְדֶערֶע הִיסְטָארִישֶׁע מָאמֶענְטֶען אוּנ גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ דִי שִׂנְאָה, בַּיי דִי רוּסְסִישֶׁע הֶערְשֶׁער פוּן יֶענֶער צַייט אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיךְ אוֹיף אַצַייט שְׁפֶּעטֶער פוּן דֶעם, וָואס מִיט אַעֶרֶךְ פוּן אַכְצִיג יָאהר פְרִיהֶער אִין דֶער צַייט פוּן יָאהַאן דֶעם דְרִיטֶען, הָאט זִיךְ אִין רוּסְסְלַאנְד גֶעמַאכְט אַ נַייֶע רֶעלִיגְיָאנְס סֶעקְטֶע וָואס אִיז נוֹטֶה גֶעוֶועהן צוּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה, צוּ זֶענֶען דִי יוּדֶען בִּכְלַל בֶּאֱמֶת שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן אִין דֶעם אִיז נָאךְ נִיט בֶּעוִויזֶען, נָאר דָאס אִיז זִיכֶער, אַז אַ גֶעוִויסֶער קִיֶעוֶוער יוּד מִיט דֶעם נָאמֶען זְכַרְיָה. הָאט אַ סַךְ מִיט גֶעוִוירְקְט אַז דִי סֶעקְטֶע, וָואס הָאט זִיךְ אִין רוּסְסְלַאנְד, נָאךְ אַ צַייט פְרִיהֶער פַאר אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען, זָאל מֶעהר אֶהנְלִיךְ זַיין צוּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה, אוּנ מֶען הָאט זִיא אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען „жидовствующая ересь“ וֶועלְכֶע הָאט אִיהרֶע שְׁפּוּרֶען גֶעלָאזֶען אִין פִיעל אָרְטֶער פוּן רוּסְסְלַאנְד כִּמְעַט בִּיז דֶער לֶעצְטֶער צַייט. אִיצְט זֶענֶען דִי סֶעקְטַאנְטֶען בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם סוּבְּבָּאטְנִיקֶעס, דֶער אֵיינְצִיגֶער יוּד זְכַרְיָה וָואס הָאט אַיַד גֶעהַאט אִין דֶעם, וַוייסְט מֶען, הָאט פְרִיהֶר גֶעוָואהנְט אִין קִיעוו אוּנ אִיז זֶעהר גֶעאַכְט גֶעוֶועהן בַּיי דֶעם קִיעוֶוער פִירְסְט (קְנִיאַז) מִיכַאֵל אָלֶעקָאוִויטְשׁ, אַז מִיכַאֵל אִיז פוּן קִיעוו גֶעפָאהרֶען קַיין נָאוְוגָארָאד הָאט עֶר אוֹיךְ ר׳ זְכַרְיָה'ן מִיט גֶענוּמֶען, חוּץ דֶעם וָואס זְכַרְיָה אִיז גֶעוֶועהן אַ חָכָם אִין וֶועלְט זַאכֶען אוּנ אַ שַׁארְפֶער רֶעדְנֶער, אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער סוֹחֵר אוּנ צוּ לִיעבּ זַיין מִסְחָר פְלֶעגְט אִיהם פָארְקוּמֶען בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט צוּ מַאכֶען מִיט רוּסְסִישֶׁע גְרוֹיסֶע לַייט, אוּנ אוֹיךְ מִיט גַייסְטְלִיכֶע, וִוי דֶער סֵדֶר אִיז, פְלֶעגְט זִיךְ טְרֶעפֶען וִכּוּחִים צוּ הָאבֶּען מִיט זַיי וֶועגֶען אֱמוּנָה. דוּרְךְ אַזֶעלְכֶע וִכּוּחִים הָאבֶּען זִיךְ פִּיעל גַייסְטְלִיכֶע צוּגֶעצוֹיגֶען צוּ אִיהם, בֶּעזָאנְדֶערְס, הָאבֶּען זַיינֶע רֵייד גֶעוִוירְקְט אוֹיף צְוַויי בֶּערִיהְמְטֶע גַייסְטְלִיכֶע פוּן יֶענֶער צַייט, דִיאָנִיסִי אוּנ אַלֶעקְסֵיי. וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער אַרְבַּייט פֶערְבְּרֵייטֶערְן דִי נַייֶע סֶעקְטֶע

אין גאנץ רוססלאנד אונ מקרב זיין דעם רוססישען גלויבען צו די עקרים פון דער יודישער אמונה. די ביידע גייסטליכע זענען בעקאנט געוועהן פאר אמת עהרליכע אונ פרומע, כמעט הייליגע מענשען, דאריבער האבען זייערע רייד אונ אויפקלערונגען שטארק געווירקט אויפ'ן עהרליכען רוססישען פאלק, אונ די סעקטע האט אנגעהויבען וואקסען פון טאג, פיעל פון די סעקטאנטען האבען זיך ערקלערט אין גאנצען פאר יודישע גרים אונ האבען אפילו געוואלט זיך מל זיין, נאר דערפון האבען די יודען אלליין זיי אבגערעדט, אונ עס איז אזוי ווייט געקומען, אז אפילו אין דעם קניאז'ס הויף אונ פאמיליע זענען פיעל צוגעשטאנען צו דער סעקטע. די קניאזניא העלענע, די טאכטער פון מאלדאווישען מושל סטעפאן אונ די שנור פונ'ם רוססישען הערשער יאהאן דעם דריטענס אונ אויך זיין טרייעסטער פריינד אונ יועץ דער דיאק קוריצין זענען געווארען פייעריגע אנהאנגער צו דער סעקטע אונ דורך זייער מיטווירקען געווים האט יאהאן געמאכט דעם גייסטליכען זאסימא פאר מאסקווער מיטראפאליט, האטש ער האט געהערט צו דער נייער יודישע סעקטע.

מען קאנן זיך לייכט פארשטעלען ווי ווייט די סעקטע האט זיך פערברייטערט, אז זעלבסט דער מאסקווער מיטראפאליט האט צו איהר געהערט. עס איז געקומען דערצו, אז מיט דער צייט, האט דורך דעם געקאנט די גאנצע רוססישע אמונה אבטרעטען פון קריסטענטהום, אונ ווער ווייס וואס עס וואלט דערפון ארויסגעקומען, ווען צווישען די סעקטאנטען וואלט זיך ניט געפונען אזעלכע נארישע פאנאטיקער וואס האבען זיך ערלויבט אבצולאכען אונ אבשפאטען פון די רוססישע הייליגע בילדער אונ הייליגע מנהגים, וואס איז באמת געוועהן א גרויסע נבלה, אונ וואס האט מיט רעכט אויפגערייצט אויף דער גאנצער סעקטע דאס איבריג רוססיש פאלק אונ גייסטליכע וואס זענען זייער אמונה טריי געבליבען. אז דער נאווגאראדער ארכיפיסקאפ געננאדי האט פון אזא נבלה דערהערט אונ איינגעזעהען וואס פאר א סכנה, די סעקטע איז פאר דער קריסטליכער אמונה, האט ער באלד אוועקגעשיקט א פייעריגען בריעף צו יאהאן דעם דריטען, איהם ערקלערט די גרויסע זינד, וואס ער האט ביז אהער אזוי ווייט צוגעלאזט אונ איהם אויסגעבעטען ער זאל איהם איבערגעבען דעם רשות צו משפט'ן די פערברעכער. יאהאן האט עס איהם נאכגעגעבען, אונ געננאדי האט זיך אנגעהויבען אבצורעכענען מיט די סעקטאנטען פון נאווגאראד אונ פון פראווינץ, א סך אנגעזעהענע סעקטאנטען, האט מען איינגעשלאסען אין אייזערנע שטייגען אונ אזוי לעבעדיגערהייד פערברענט, ביי פיעל

האט מען מיט צוואנגען די צונג ארויסגעריסען, און נאך מעהר האט מען געלאזט זיך פיינינגען אין געפאנגנים ביז זיי זענען אליין דארט אומגעקומען. נאר דאס אלס האט זיך ניט אבגעטהון אין איין טאג און אין איין יאהר, גאנצע פיער און דרייסיג יאהר האבען די רעגירונג מיט גייסטליכע צו טהון געהאט מיט דער מלחמה געגען דער סעקטע און עס האט רוסלאנד גענוג בלוט און עניים אבגעקאסט, געליטען האבען נאר געבוירענע רוססען אליין, ווייל יודען זענען דעמאלט כמעט גאר ניט געוועהן, אדער גאנץ ווייניג, אויף וועמען די שולד ארויף צו ווארפען און צו וועמען דעם כעס אויסצולאזען, עס האט דאס פאלק אויך גענוג קרבנות געקאסט, שולדיגע און אונשולדיגע, ווארום, ווי דער שטייגער איז, האבען זיך שלעכטע מענשען בענוצט דערמיט זיך נוקם צו זיין אין זייערע שונאים, און איינער האט געסוכ'ט אויף דעם אנדערן, אז ער געהאָרט צו דער סעקטע און עס זענען א סך אומזיסטע קרבנות אריינגעפאלען. דאס אונגליק, האט ניט געקאנט אריבערגעהן גלאט אזוי, און האט איבערגעלאזען א שווערן איינדרוק אויך פון די שולדיגע האט מען אויסגעקוילעט, א סך האט מען בעשטראפט מיט עניים קשים שאנד און שפאט, נאר דאס אלץ האט ניט געהאלפען, אין מאסקווע האט געגנאדי גאר נישט געקאנט טהון, זיי האבען די סעקטאנטען שוטץ געהאט פון דער קניאגיניע העלענא און פון דעם מיטראפאליט זאסימיו, וואס זענען אליין געוועהן פייעריגע סעקטאנטען. דאס אבער האט נאך מעהר אין כעס אריינגעבראכט דעם ארכיעפיסקאפ געננאדי, און צו איהם איז צוגעשטאנען אבעריהמטער גייסטליכער פון יענער צייט, יוסף סאנין, וועלכער האט צוגעצויגען צו זיך נאך אנדערע גייסטליכע, און איינעם האט מען זיך געלאזט אומפאהרען פון שטאדט צו שטאדט מוסרן דעם עולם פאר דער גרויסער זינד, און אויפוועקען דאס פרומע קריסטליכע פאלק זיך נוקם צו זיין אין די יודיש רוססישע נייע סעקטע, און אזוי ווייט האבען זיי ניט אויפגעהאָרט זייער היילינגע מיסיאן, ביז זיי האבען געפועלט אז יאהאן דער דריטער זאל אים יאהר 1504 צוזאממענרופען איין אסיפה פון די גרעסטע גייסטליכע, און דא האט מען בעשלאסען, צו משפט'ן און אויסראטען אהן רחמנות אלע סעקטאנטען. דעם מיטראפאליט זאסימיו האט מען ענטזאגט, דעם דיאק קוריצין און א ארכימאנדריט קאססיאן און מיט זיי נאך מעהרערע די הערשער, וואס האבען דיזע געשיכטע נאך ניט פערגעסען, און האבען דאריבער אבליק בעקומען אויף יודען ווי אויף לעבעדיגע שונאים פון זייער קריסטליכער רעליגיאן, דער בליק האט זיך געהאלטען אויך א צייט שפעטער ביי רוססישער רעגירונג,

און יעדעסמאל, ווען עס האט זיך געהאנדעלט יודען צו צולאזען צו פערברייטערן דאס האנדעל אין רוססלאנד, האט מען די אונגליקליכע געשיכטע דערמאנט, און זעלבסט דארט וואו די רעגירונג אלליין האט דערקענט ווי נוטצליך זיי קאנען זיין, האט מען זיך פון די נוטצען אבגעזאגט ווי „פון נוצען פון שונאים פון דער קריסטליכער רעליגיאן!"

וועדליג יענע צייט, קאן מען רעכנען אז פולין איז געשטאנען אויף א שאנער מדרגה וועגען בילדונג. אודאי האבען די יודען אויך נאכגעטהון אנדערע און זענען ניט געבליבען פערגראבט; וועניגסטענס, זענען זיי געוועהן א סך לייטישער פון זייערע ברידער אין דייטשלאנד. פיעל האבען דערצו מיט געהאלפען די עטליכע יודישע דאקטוירים, וועלכע די קאניגין באנא, זיגיזמונד'ס פרוי, האט מיט זיך מיט געבראכט פון איטאליען. די צאהל פון די פוילישע יודען האט דעמאלט בעטראפען אריבער צוואנציג טויזענד און אין פאזען און לובלין זענען געוועהן צוויי גרויסע קהלות. צום לערנען פונ'ם תלמוד האבען זיך די פאלשע יודען דוקא שפעט גענומען, נאר דערפאר האבען זיי זיך דערצו גענומען מיט אזא חשק אז גאר גיך האבען זיי איבערגעיאגט די יודען פון אנדערע לאנדער. די ערשטע וואס האבען אין פולין געוויזען א וועג צום פלפול, וואס שארפט דעם מוח, זענען געוועהן צוויי רבנים, ר' יעקב פאלאק און ר' שלמה מענץ פון מגנץ. זיי האבען זיך אויף דער עלטער בעזעצט אין פולין און האבען געעפענט דארט אזעלכע ישיבות, וועלכע האבען פון אללע זייטען צוגעשלעפט אהין די בעסטע יונגע לייט און האבען אנגעהויבען צו שמ'ען אויף דער וועלט. זייער ארבייט האבען דערנאך איבערגענומען דריי בעריהמטע לומדים ר' שלום שכנא, וואס איז געווארען רב אין לובלין, ר' שלמה לוריא איז ארויסגעקומען פון דייטשלאנד און איז געוועהן איינער פון די גרויסע קאפ, וואס דער גלאנץ פון די פוילישע ישיבות האט זיי צוגעצויגען פון גאנץ ווייט. זיין גאנץ לעבען האט ער פערבראכט אויף אנצושרייבען א פירוש אויפ'ן תלמוד און האטש ער איז געשטארבען שוין ניט קיין יונגער מאנן, ביי דריי און זעכציג יאהר, האט ער פון דעסטוועגען זיין ספר ניט געענדיגט. אויסער זיין גרויס בקיאות, איז ער געוועהן א אמת'ער ירא שמים, ער האט פיינד געהאט צבוע'קעס און ניט איין מאל איז ער ארויס מיט שארפע און פייערינע ווארטער אפילו געגען די רבנים, ווען ער האט בעמערקט ביי זיי עפיס א פאלשקייט. פון פילאזאפיע האט ער ניט געהאלטען, דערפאר איז ער אבער געוועהן א גרויסער ליעבהאבער פון דער ריינער העברעאישער שפראכע און פלעגט באז זיין אויף

דִי וָואס הִיטֶען נִיט אָב דִי כְּלָלִים פוּן דִקְדוּק, ר׳ מֹשֶׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל אִיסֶרְלִיש אִיז שׁוֹין גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין קְרַאקוֹיא אוּנ הָאט גֶעלֶערְנְט אִין דֶער יְשִׁיבָה פוּן ר׳ שָׁלוֹם שַׁכְנָא. עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן גָאר אַ יוּנְגֶער מַאנְן, וֶוען מֶען הָאט אִיהם טַאקִי אִין זַיין גֶעבּוּרְטְס-שְׁטָאדְט אוֹיפְגֶענוּמֶען פַאר רָב, אוּנ בַּיי דְרַייסִיג יָאהר הָאט עֶר שׁוֹין אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא גֶעשְׁפִּיעלְט דִי אֵיינֶענֶע רָאללֶע, וָואס ר׳ יוֹסֵף קַארוֹ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ אִיז אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן אַרוֹיסְצוּטְרֶעטֶען גֶעגֶען „שֻׁלְחָן עָרוּךְ“ אוּנ אָנְשְׁרַייבֶּען זַיין בֶּערִיהמְט סֵפֶר „מַפָּה“, וָואס דָארְט הָאט עֶר אֵיינֶענְטְלִיךְ צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען אַללֶע דִינִים אוּנ מִנְהָגִים, אִין וֶועלְכֶע דִי אֵייְרָאפֶּאִישֶׁע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען. ר׳ מֹשֶׁה אִיסֶרְלִיש הָאט שׁוֹין לִיעבּ גֶעהַאט חָכְמוֹת אוּנ חֲקִירָה סְפָרִים: דֶעם רמב״ם׳ס „מוֹרֶה נְבוּכִים“ הָאט עֶר זֶעהר גֶעאַכְטֶעט אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ אָפְּט דַארִיבֶּער קְרִיגֶען מִיט ר׳ שְׁלֹמֹה לוּרְיָא, עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע יְדִיעָה אִין אַסְטְרָאנָאמְיֶע אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם וֶוערְטָה פוּן גֶעשִׁיכְטֶע. אִיהם הָאט אוֹיךְ צוּ פֶערְדַאנְקֶען גֶעהַאט אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים ר׳ דָוִד גַאנְז, וָואס עֶר הָאט בַּיי אִיהם, נָאךְ אִין דֶער פְרִי-הֶעסְטֶער קִינְדְהַייט, אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַ חֵשֶׁק צוּ לֶערְנֶען ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ עֶר הָאט אִיהם, אוֹיסֶער תּוֹרָה אוּנ תַּלְמוּד, בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט, וִוי וַוייט עֶר הָאט אַלְלֵיין גֶעקַאנְט, מִיט דִי יְסוֹדוֹת פוּן גֶעשִׁיכְטֶע, גֶעאָגְרַאפְיֶע, מַאטְהֶעמַאטִיק אוּנ אַסְטְרָאנָאמְיֶע. אַז ר׳ דָוִד גַאנְז אִיז עֶלְטֶער גֶעוָוארֶען הָאט עֶר שׁוֹין גֶעלֶערְנְט בַּיי דִי בֶּערִיהמְטֶע חֲכָמִים פוּן יֶענֶער צַייט קֶעפְּלֶער אוּנ טִיכָא דֶע בְּרַאהֶע, אוּנ הָאט אַ סַךְ ווִיסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע זַאכֶען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ, כְּדֵי צוּ עֶפְנֶען דִי אוֹיגֶען פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען קַיין פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת. עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעאַרְבַּייט אִין גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ עֶס אִיז פוּן אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַ סֵפֶר „צֶמַח דָוִד“, וָואס מֶען קָאן עֶס אֲפִילוּ נִיט רֶעכְנֶען פַאר קַיין פָאלְקָאמֶענֶע גֶעשִׁיכְטֶע, נָאר דָאךְ אִיז עֶס שְׁטַארְק צוּ נוּטְץ גֶעקוּמֶען, וַוייל עֶס הָאט דֶערְמָאנְט אַזֶעלְכֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען פוּן קַיין שׁוּם זַייטִיגֶער זַאךְ נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז אוֹיסֶער דֶער גְמָרָא אִיז גָאר נִיט גֶעוֶוען, אוּנ עֶס וֶועט נִיט זַיין, אִין אַ גַאנְץ אַנְדֶער וֶועלְט אוּנ אִין טוֹיזֶענְדֶער פֶערְגַאנְגֶענֶע יָאהרֶען: עֶר הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען אַ ווִינְק אַז מֶען טָאר זִיךְ נִיט פֶערְשְׁלִיסֶען אִין דֶעם עֶנְגֶען וֶועלְטֶעל. וָואס מֶען דְרֶעהט זִיךְ אִיצְט אַרוּם, אַז מֶען מוּז מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען צוּרִיק קוּמֶען אוֹיף דֶעם וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אוּנ דֶערְפוּן אַיינְזֶעהן וָואס עֶס קָאנְן נָאךְ וַוייטֶער זַיין אוּנ וִוי אַזוֹי מֶען דַארְף זִיךְ פִיהרֶען אַ צוּנְד.....

די דאזיגע דריי רבנים, ר׳ שלום שכנא, ר׳ שלמה לוריא אונ ר׳ משה איסערליש, האבען אין א קורצער צייט געשטעלט די פוילישע יודען אויף אזא מדרגה אז זיי האבען זיך מיט רעכט געקאנט רעכנען פאר די בעסטע לומדים פון דייטשלאנד, באהמען, איטאליען אונ אפילו פון טירקיי פלעגט מען שיקען קיין פולין פרעגען שאלות אונ אז אין די יודישע קהלות פון פראג אונ פראנקפורט אם מאין האט זיך אנגעהויבען א מחלוקת, האט מען זיך פערלאזט אויף די פוילישע רבנים אונ עס איז געווארען שלום. אין פולין האט טאקי דאס לערנען פונ׳ם תלמוד געבליהט גאר אויף איין אנדער אופן; אין קליינסטען שטאדטעל איז געוועהן א ישיבה אונ א בית המדרש, די בחורים זענען געזעסען יומם ולילה איבער דער תורה אונ די בעלי בתים האבען גערעכענט פאר דער גרעסטער מצוה זיי אויסצוהאלטען. אויף די גרויסע ירידים, זומער — אין זאסלאב אונ יאראסלויא אונ ווינטער — אין לעמבערג אונ לובלין, פלעגען זיך צונויפפאהרען טויזענדער תלמידים פון אללע ישיבות אונ די גבירים האבען דעמאלט געהאט די בעסטע געלעגענהייט אויסצוקלויבען חתנים פאר זייערע טאכטער. אוודאי פלעגען זיך די יונגע לייט אנטהון א כח, יעדער האט געוואלט ארויסווייזען זיין חריפות אונ דערווייל האט מען אלץ געשליפען דעם מוח אונ אזוי זיינען ארויס פון פאלנישע ישיבות אפט אמת טיפע לומדים, אבער זעהר אפט אויך נור אזעלכע וואס דער עיקר איז ביי זיי געוועהן פלפול, פשטעלעך אונ המצאה׳לעך, וואס מען קאנן זיי נור אנרופען פונקען, אבער ניט אפייער וואס ווארעמט אונ בעלייכטעט דעם מענשענס הארץ אונ אויגען.

אין ערגיץ האט מען אזא ארט לערנען ניט געקאנט אויספיהרען, נאר אין פולין, וואו די מלוכה האט זיך ניט געמישט צו די יודען אונ האט זיי געלאזט לערנען. יעדער פון די קאניגע האט בעדארפט האבען געלד, אהן א יודען איז שווער געוועהן זיך צו בעגעהן, בעזאנדערס נאך ביי א גרויסע הלואה, אונ דערפאר האבען זיך די יודען געלעבט רוהיג אונ האבען זיך אין זייער אינווענדיג לעבען געקאנט פיהרען, ווי זיי האבען געוואלט. אזוי איז געוועהן די לאגע פון די יודען אין פולין די גאנצע צייט וואס עס האבען געהערשט דארט מלכים פון דער משפחה יאגעלאנען. נאר אפילו נאך זיגיזמונד דעם צווייטענס טויט, אים יאהר 1572, ווען די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו סטעפהאן באטהארי, איז זייער מצב אויך ניט ערגער געווארען, ווייל דער נייער קאניג האט אויך געהאט די קרוין צו פערדאנקען ר׳ שלמה אשכנזי פון דער טירקיי אונ האט איהם געמוזט פאר דער טובה בעצאהלען מיט פריינדשאפט

געגען זייגע ברידער. אז מען האט פלוצלונג אין ליטא דערפרישט די אלטע בעשולדיגונג וועגען בלוט אויף פסח, האט זיך סטעפהאן באטהאריי אנגענומען פאר די יודען און האט אפענטליך ערקלאהרט, אז אללע וואס האלטען פון תורת משה קאנען קיין בלוט ניט פערגיעסען. ער האט אויך ערלויבט די יודען צו האנדלען אין קריסטליכע ימים טובים, און אזוי ווי עס האבען זיך אנגעהויבען הערען טרויעריגע ידיעות, אז אין פערשיעדענע שטאדט פאלט מען אן אויף די יודען, מען הרג'ט און מען ראבעוועט זיי, האט ער ארויסגעלאזט א בעפעהל, אז די רוצחים זאלען בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט און אז דער היזק, וואס יודען וועלען ליידען אין פערמעגען, זאל פאלען אויף אללע קריסטליכע איינוואהנער פון דער שטאדט. אזוי האט ער געמאכט אז די קריסטען אלליין זאלען אבהיטען איינער דעם אנדערן מען זאל די יודען קיין שום עולה ניט טהון, און די צוועלף יאהר וואס ער האט געהערשט, (פון 1675 ביז 1586), זענען אבגעלאפען רוהיג.

אז די יודען איז גאר ניט שלעכט געוועהן אין פולין — האבען מיר דעם בעסטען סימן פון א מעשה וואס איז געבליבען פון יענער צייט וועגען א יודישען קעניג וואס האט געהערשט עפיס אין גאנצען איין נאכט. אויף ניט קיין קלארע מעשות, וואס מען ווייסט אלליין ניט פון וואנען זיי נעהמען זיך און זיי געהען גלאט אזוי איבער פון איין דור צום אנדערן, קאן מען געוויס ניט שטעלען דעם עיקר איז אוודאי שווער צו רעכנען פאר אמת, נאר עס האט אין זיך פארט א ממשות, ווייל אפילו פון א אויסגעטראכטע מעשה קאן מען לייכט ארויסזעהען אין וואס פאר א מעמד עס האבען זיך געפונען די מענשען וואס פון זיי געהט דער שמיעס. ווען מיר וועלען אזוי קוקען אויף דער מעשה פון שאול וואהל, וועלען מיר פערשטעהען אז כדי אויסצוטראכטען אזא זאך האבען די יודען געמוזט בעליעבט זיין אין לאנד און עס האט ביי פיעלע בעדארפט זיין רעכט אז א יוד זאל אנטהון די פולישע קרוין. די מעשה אלליין דערצעהלט מען אזוי: די פולישע עדעללייט האבען בעדארפט אויסקלויבען א קעניג און צו ליעב דעם זענען זיי זיך צונויפגעפאהרען אין א שטעדטעל קרושוויץ. עס איז אבער זיי אונמעגליך געוועהן אויסצוגלייכען זיך, יעדער האט געוואלט איין אנדערן, און עס איז געבליבען, אז מען זאל שטעלען ביי נאכט שומרים ביי די ראגאטקעס און ווער עס וועט גאנץ פריה אריינקומען אין שטאדט דער זאל ווערען קעניג. אויפ'ן אנדערן טאג איז גראד שאול וואהל דער ערשטער אריינגעקומען, מען האט איהם באלד געהאפט, געבראכט צו דער אסיפה און מען האט איהם גאר אהן טענות געזאגט אז ער מוז איבערנעהמען די פולישע מלוכה. ווי פיעל

ער האט זיך ניט בעמיהט זיי צו דערנעהען אַז פיהרען אַ מדינה קאן ניט יעדער פון נאס, וואס מען זעצט איהם אַנידער אויף דער קאָניגליבער שטול אונ מען זאגט איהם מיט געוואלד: „זיי אַ מלך“, האט עס ניט געהאָלפען, אונ אַז ער האט געזעהען, אַז ער קאן מיט זיי גאר ניט מאכען האט ער געבעטען מען זאל איהם ווענינסטענס געבען צייט אויף צו בעטראַכטען זיך. דארויף האבען זיי געמוזט מרוצה ווערען אונ שאול וואהל האט זיך פערשלאָסען אין אַ חדר מיוחד. אַז עס איז אָבער אַוועקגעגאַנגען אַ גאַנצער מעת לעת אונ דער נייער מלך איז ניט אַרויסגעקומען, האט דער עולם אָנגעהויבען זיך בעאונרוהיגען, אונ איינער פון די עדעללייט, פ י א ס ט, האט געחאַפט אַ שווערד אונ איז אַריין צו שאול וואהל מיט אַ געשריי אַז דאס פאָלק קאן ניט זיין אָהן איין קאניג. דעמאָלט איז שאול וואהל אַרויסגעגאַנגען צו דער אסיפה אונ האט געזאָגט, אַז ער האט די גאַנצע צייט תפלה געטהון אַז דער אויבערשטער זאל צושיקען דעם לאַנד אַ פיהרער ווי עס דאַרף צו זיין אונ אַז פיאַסט האט זיך איינגעשטעלט איהם צו שטערען ווען ער האט קיינעם ניט ערלויבט צו איהם אַריינגעהען אונ האט אין זיך געהאט אַזוי פיעל בעהאַרצקייט עובר צו זיין אויף זיינע ווערטער צו ליעב דער טובה פונ׳ם לאַנד, דאַרף מען גאר קיין בעסערן ניט האבען אונ דער גורל מוז פאַלען אויף איהם. אַללע האבען איהם געפאָלגט, פיאַסט איז געוואָרען קאָניג אונ אין גאַנץ פולין, אַז מען האט געהערט פון אַ זאך וואס האט קיין ממשות ניט, האט אָנגעהויבען אַרומצוגעהען אַ ווארטעל: „עס וועט אַזוי פיעל געדויערן ווי פיעל שאול וואהל׳ס מלוכה“. אַזאַ מעשה איז געבליבען פון יענער צייט, אונ ווי אַזוי מען זאל ניט מסופק זיין אין דעם, מוז מען דאך מודה זיין, אַז ווען די יודען וואָלטען אין פולין ניט געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָללע, וואָלט קיינעם גאר ניט איינגעפאַלען אַזאַ זאך אויסצוטראַכטען.

אַז מען קוקט זיך צו צום מעמד פון די פולישע יודען אינ׳ם זעכצעהנטען יאהרהונדערט זעהט מען, אַז עס איז זיי געווען כמעט אַזוי גוט ווי זייערע ברידער אין דער טירקיי. אפילו ווען דער שוועדישער פּרינץ ס י ג י ז מ ו נ ד דער ד ר י ט ע איז אַרויף אויפ׳ן טהראָן אונ האט אַ ביסעל געמוזט געהען מיט תקיפות נעגען אַזעלכע וואס זענען געווען געגנער פון דער קאַטאָלישער קירכע, האט ער די יודען דווקא פריינדליך בעהאַנדעלט: זיי האבען געהאט אַללע רעכטע, נאר איין זאך האט ער איינגעפיהרט אַז נייע שולען זאָלען די יודען ניט טאָרען בויען אָהן דער הסכמה פון די קאַטאָלישע גייסטליכע. דעמאָלט זענען אויך די יודען געפאַלען אויף אַ שכל אונ אַזוי ווי זיי פלעגען זיך צונויפפאָהרען אויף

די גרויסע ירידים קיין לובלין אונ יאראסלויא איז ביי זיי געבליבען אז מען זאל דארט מאכען שטאנדיגע אסיפות, אהין זאלען קומען די גראסטע רבנים אונ לומדים אונ מען זאל איבערערעדען פון אלדינג, וואס איז נוגע דעם יודישען פאלק. אזוי האט זיך אויסגעארבייט דער „ועד ארבע ארצות“, די פערזאמלונג פון פיער לאנדער, גראס-פולין, קליין-פולין, רייסען אונ ליטא, אונ די פערזאמלונג האט אלאנגע צייט זעהר פיעל נוצען גע-בראכט, ווייל דארט פלעגט מען גוט איבערקלערען יעדע זאך; אונ פון א דין תורה, וואס צוויי מענשען האבען געהאט צווישען זיך, ביז א צרכי צבור, וואס איז נאטהיג געוועהן פאר א גאנצער קהלה, האט מען זיך אלץ פערלאזט אויף דעם ועד אונ ווי אזוי מען האט דארט געפסק'ט אזוי איז עס שוין גע-בליבען אונ עס פלעגט מעהר ניט קומען צו קיין מחלוקת. דער ערשטער גרינדער פונ'ם ועד איז געוועהן ר' מרדכי יפה: א געבארענער פון באהמען; ער האט געלעבט אין ווענעדיג, נאר אז עס האבען זיך דארט אנגעהויבען רדיפות איז ער אריבער קיין פולין אונ איז געווארען רב אין לובלין. ער איז געוועהן א גרויסער למדן, אונ די רבנים, וואס פלעגען זיך קיין לובלין צונויפפאהרען אויפ'ן יריד, פלעגען איהם אפט זעהר בעלאסטיגען מיט א דין תורה, אונ דורך דעם איז ביי איהם געבארען געווארען די מחשבה צו מאכען א בעשטאנדיגען ועד, וואס זאל אכטונג געבען אויף דער הנהגה פון אללע יודען אונ זעהען אז עס זאל צווישען זיי תמיד זיין שלום אונ צופרידענהייט. נאך איהם איז גע-וועהן פארשטעהער פונ'ם ועד דער לעמבערגער ראש ישיבה ר' יהושע פאלק כהן. הונדערט יאהר כסדר האט זיך געפיהרט דער ועד, נאר די נאהמען פון די איבריגע פארשטעהער זענען שוין געבליבען אונבעקאנט.

האטש אין פולין האט דעמאלט קיינער ניט אנגערירט די יודישע אמונה אונ עס איז גאר ניט פארגעקומען מען זאל די יודען ארויפברענגען זיי זאלען מוזען האבען א ויכוח, פון דעסטוועגען זעהט מען אז עס האבען זיך צווישען זיי געפונען א פאאר שרייבערס, וואס האבען ארויסגעגעבען ביכער וועגען רע-ליגיאן. גענומען האט זיך עס דווקא ניט פון די קאטאלישע גייסטליכע נאר פון דער קריסטליכער סעקטע וואס מען האט זיי גערופען, „האלבע יודען“. דער גרינדער פון דער סעקטע איז געוועהן סימאן בודני, איינער פון די גייסטליכע, וואס האבען זיך געהאלטען אין קאלווין'ס דרך; ער האט געקאנט גוט גריכיש, א ביסעל אויך העבראיש אונ האט געשאצט דעם תלמוד. פון איהם איז געבליבען זעהר א וואהלע איבערזעצונג פון דער ביבעל. איינער פון

זיינע אנהאנגער, מארטין צעהאוויטש, א פערדרעהטער קאפ, וואס האט אליין ניט געוואוסט וואס ער וויל, האט אנגעשריבען א בוך וועגען דער יודישער האפנונג אויף משיח'ס קומען, אונ האט דארט א ביסעל גערעדט איבער יודען ניט ווי עס דארף צו זיין. אודאי האבען זיי ניט געשוויגען אונ א לובלינער יוד, ר' יעקב פון בעלזיץ, האט ארויסגעלאזט א ספר געגען איהם אונ האט איהם אזוי צושלאגען אז ער האט זיך גאר ניט געקאנט פון איהם אבוואשען נאך מעהר רושם האט געמאכט א ספר „חזוק אמונה" וואס האט אנגעשריבען א געלעהרטער קראים ר' יצחק בן אברהם טראקי אונ וועלכען מען האט דערנאך איבערזעצט אויף שפאניש, דייטש, לאטייניש אונ פראנצאזיש. ר' יצחק טראקי איז אים יאהר 1553 געבארען געווארען אין טראקי, א קליין שטאדטעל ניט ווייט פון ווילנא, אונ אזוי ווי ער איז געוועהן א גרויסער למדן האבען די פריצים אפט ליעב געהאט מיט איהם צו רעדען וועגען רעליגיאן; ניט איין מאל איז איהם געראטהען זיי איבערצושפארען אונ, אז ער האט פערשטאנען אז עס איז נאמהיג די יודען זאלען בעשיצען זייער גלויבען, האט ער אללע זיינע מיינונגען צונויפגענומען אונ האט זיי אבגעדרוקט אין זיין ספר „חזוק אמונה". ווי וויכטיג ר' יצחק טראקס ספר איז געוועהן ביי די קריסטען — קאן מען פערשטעהען דערפון, וואס איינער פון די הערצאגע פון ארלעאנס איז א בעל געוועהן זיך אנידערזעצען אונ אנשרייבען א תשובה געגען „חזוק אמונה".

אבער טאקי נאר אין איין פולין האבען די יודען אזוי געגלאנצט. קוים האט מען אין זיך נאר אוועקגעקעהרט פון דארט האבען זיך שוין געווארפען אין אויג די שרעקליכע בילדער, וואס דאס יודישע פאלק איז שוין אפילו מיט זיי געוואהנט געווארען. אין דייטשלאנד האט מען זיך שטארק אנגעהאפט אין לוטהער'ס ביטערע ווערטער וואס ער האט פאר'ן טויט אויסגערעדט אויף די יודען. אין בערלין אונ בראנדענבורג האט מען מיט זיי גאר ניט געטענה'ט אונ מע[...]האט זיי געהייסען אדער טויפען זיך אדער געהען וואוהין די אויגען וועלען זיי טראגען. צו די צרות האט נאך ביים קורפירסט יאאכים דעם צווייטען בעדארפט זיין א יודישער פינאנץ-מיניסטער, וואס האט קלאמערשט געמאכט פערדרעהטע געשעפטען, אונ א דאקטאר ליפאלד, וואס מען האט איהם חושד געוועהן אז ער האט פערגיפטעט דעם קורפירסט: אודאי איז שוין געוועהן פאר וואס זיך צו טשעפען צום כלל ישראל. דאס קליינע ברוינשווייג האט אויך נאכגעטאנצט, אונ דער הערצאג היינריך יוליוס

האָט קיין איינציגען יודען ניט איבערגעלאָזט אין לאַנד. אין אסטערבייך איז אויך געוועהן אַ געמוטשעט לעבען, ווייל דער קייזער רודאָלף דער צווייטער, וואָס איז דווקא ניט געוועהן קיין שלעכטער און האָט ניט איין מאָל אָנגעזאָגט די גייסטליכע מען זאָל זיך ניט טשעפּען צו די יודען און ניט אויסטראַכטען אויף זיי קיין בלבולים, האָט פאָרט געמוזט יוצא זיין פאַר דער וועלט און, אַז אַללע שכנים האָבען זיך גענומען זיי צו רודפ'ן איז איהם עפּיס אַזוי ווי ניט אָנגעשטאַנען גאָר אין גאַנצען צו שווייגען און ער איז געצוואונגען געוועהן אַרויסצוגעבען אַ בעפעהל, אַז אין זעכס חדשים זאָלען די יודען שוין זיין פון יענער זייט אסטערבייך.

נאָך ערגער איז געוועהן די יודען אין איטאַליען. וואָס זייער צאָהל האָט זיך אין דער לעצטער צייט פערקליינערט, זענען די צרות גראָסער געוואָרען; אין ווענעדיג און רום האָבען זיך סך הכל געפונען ניט מעהר פון צוואַנציג טויזענד יודען, נאָר מיט דעם ביסעל האָט מען זיך אויך גוט אָבגערעכענט. דער נייער פּאַפּסט גרעגאָר דער דרייצעהנטע, וואָס האָט געהערשט דרייצעהן יאָהר, פון 1572 ביז 1585, איז נאָך געוועהן אַ גראָסערער אכזר פון פּאַול און פּיוס און וואו ער האָט נאָר מיט זיין רשעות געקאָנט טרעפען אַ יודען האָט ער אַהין געציעלט מיט זיינע גיפטיגע פיילען. די יודישע דאָקטוירים זענען פון לאַנג אָן געוועהן זעהר בעליעבט אין איטאַליען און ווי פיעל מען האָט ניט געהייצט דאָס פאָלק געגען יודען האָט מען זיך פאָרט געווענדעט צו זיי, ווייל מען האָט געקאָנט זייער קאָננטניסע. אין גרעגאָר'ס צייט האָבען אין איטאַליען געשעם'ט צוויי יודישע דאָקטוירים, ר' דוד דע פּאָמים און ר' אליהו מונטאַלטו, און אַללע קריסטליכע חולים פלעגען דורך זיי בעקומען אַ רפואה שלמה. דאָס איז, דאַכט זיך, ניט געוועהן אַזאַ גרויסער חטא און דעם פרומען פּאַפּסט וואָלט עס ניט בעדאַרפט אַזוי שטאַרק פערדריסען, נאָר ווען מען געהט אָן דאָס לעבען פון הונדערטער קראַנקע דאָרט וואו מען קאָן טהון אַ רעה? גרעגאָר האָט ניט לאַנג געטראַכט און האָט זיך געהאַפּט צו דער אַלטער גזרה, נאָר ער האָט זי נאָך בעפעסטיגט דערמיט, וואָס ער האָט בעשטימט די גראָסטע שטראָף אַ פאַר דעם קראַנקען קריסט וואָס אַ יוד וועט איהם היילען, אַ פאַר דעם יודישען דאָקטאָר וואָס וועט אפילו אין דער גראָסטער סכנה העלפען אַ קריסט. אויסער דעם האָט ער געמאַכט אַז פאַר יעדען חשד וואָס עס וועט נאָר פאַלען אויף אַ יודען, אַז ער לאָסטערט די קריסטליכע רעליגיאָן און וויל קריסטען אָראָבפיהרען פונ'ם וועג, זאָל איהם די אינקוויזיציאָן האָבען דאָס רעכט צו משפט'ן. דעם

תַּלְמוּד הָאט עֶר אִין גַאנְצֶען גֶעפַּסְלְ'ט אוּנ יוּדֶען הָאבֶּען נִיט גֶעטָארְט הַאלְטֶען אֲפִילוּ אַזֶעלְכֶע גְמָרוֹת, וָואס מֶען הָאט זֵיי שׁוֹין אַמָאל דוּרְכְגֶעקוּקְט אוּנ מֶען הָאט זֵיי גֶעפוּנֶען פַאר כָּשֵׁר. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט גְרֶעגָאר גֶעאַרְבֵּייט יוּדֶען צוּצוּ־שְׁלֶעפֶּען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם, נָאר דָא אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען נִיט וַוייט, נָאר מֶעהר מִיט תְּקִיפוּת: עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אַז דִי יוּדִישֶׁע קְהִלוֹת זָאלֶען אוֹיסְהַאלְטֶען אוֹיף זֵייעֶר רֶעכְנוּנְג עֶטְלִיכֶע גֵייסְטְלִיכֶע, וָואס וֶועלֶען זֵיי אַלֶע שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב דַרְשְׁ'נֶען וֶועגֶען הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אֱמוּנָה אוּנ אַז אַ דְרִיטֶעל פוּן דִי יוּדֶען מִיט וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער מוּזֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעפִינֶען בַּיי דִי דְרָשׁוֹת. גְרֶעגָאר הָאט אָבֶּער פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִי יוּדֶען קָאנֶען זִיךְ אוֹיסְדְרֶעהֶען פוּן זַיינֶע בֶּעפֶעהלֶע אוּנ זֵיי זָאלֶען בְּלַייבֶּען נָאר אוֹיף פַּאפִּיר אַזוֹי וִוי עֶס אִיז שׁוֹין נִיט אֵיין מָאל גֶעשֶׁעהֶען אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעפוּילְט אַלֵיין אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען אַז מֶען זָאל אַלְדִינְג פִּינְקְטְלִיךְ אוֹיס פָאלְגֶען; אַוַדַאי וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעקָאנְט, אִיז אַוֶועק, אוּנ דִי גֶעצְוָואלְטֶע יוּדֶען, וָואס זֶענֶען נִיט אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן צוּ אַנְטְלוֹיפֶען פוּן אִיטַאלְיֶען, הָאבֶּען גֶעבִּיךְ גֶעקְרֶעכְצְט אוּנְטֶער דֶעם שְׁוֶוערֶען יָאךְ פוּן זַיינֶע בִּיטֶערֶע גְזֵרוֹת.

גְרִינְגֶער אִיז זֵיי גֶעוָוארֶען וֶוען, אִים יָאהר 1585, אִיז סִיקְסְטוּס דֶער פִינְפְטֶער גֶעוָוארֶען פַּאפְּסְט. פוּן אַ פְּרָאסְטֶען פַּאסְטוּךְ הָאט אִיהם גָאט גֶע־הָאלְפֶען צוּצוּשְׁלָאגֶען זִיךְ צוּ אַזַא הוֹיכֶער מַדְרֵגָה אוּנ וֶוערֶען דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער קַאטָאלִישֶׁער וֶועלְט; דֶערְפוּן זֶעהט מֶען אַז קֵיין נַאר אִיז עֶר גֶעוִויס נִיט גֶעוֶועהן אוּנ מִיט אַ חָכָם קָאנֶען שׁוֹין יוּדֶען דוּרְכְקוּמֶען. אִין דֶער צַייט פוּן סִיקְסְטוּס הָאט זִיךְ טַאקִי דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען שְׁטַארְק פֶערְבֶּעסֶערְט: פוּן אֵיין זַייט הָאט עֶר גֶעהַאט בַּיי זִיךְ אַ יוֹזֶעץ לָאפֶּעץ, אֵיינֶער פוּן דִי מַארַאנֶען, וָואס זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען פוּן פָּארְטוּגַאל, אוּנ דֶער הָאט אִיהם גֶעוִויס נִיט צוּגֶערֶעדְט אוֹיף שְׁלֶעכְטֶען, פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאבֶּען זִיךְ טַאקִי דִי יוּדֶען גֶעלָאזְט צַאפֶּען אַזוֹי וִוי זֵייעֶר שְׁטֵיינֶער אִיז – אֶנְזַאמְלֶען אִין זִיךְ אַ גַאנְץ עֲשִׁירוֹת אוּנ דֶערְנָאךְ עֶס לָאזֶען אוֹיסְקְוֶועטְשְׁען אַבִּי זֶעהֶען אַ פְרֶעהלִיכֶע מִינֶע פוּן אַ שׂוֹנֵא. אוּנ דִי בֵּיידֶע זַאכֶען הָאבֶּען גֶעפִיהְרְט דֶערְצוּ וָואס סִיקְסְטוּס הָאט בַּאלְד מְבַטֵל גֶעוֶועהן אַלֶע גְזֵרוֹת פוּן דִי פְרִיהֶערִיגֶע פַּאפְּסְטֶע. עֶר הָאט נָאר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דֶעם מִנְהָג פוּן דִי קְרִיסְטְלִיכֶע דְרָשׁוֹת, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען וַוייטֶער גֶעמוּזְט הֶערֶען, נָאר אִין אַלֶע אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען הָאט עֶר זֵיי גֶעגֶעבֶּען פְרַייהַייט, אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּרִיקְצוּקוּמֶען קֵיין רוֹם, עֶר הָאט זֵיי עֶר־לוֹיבְּט פְרֵיי אָבְּצוּהִיטֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אוּנ פִיהְרֶען גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט קְרִיסְטֶען;

יודישע דאקטוירים האבען ווידער בעקומען דאס רעכט צו פראקטיצירען צווישען קריסטען. דעמאלט האט אנגעהויבען שפיעלען א גרויסע ראלע דער בעריהמטער יודישער דאקטאר ר' דוד דע-פאמיס, וואס איז, אויסער מעדיצין, געוועהן א בקי אין לשון קדש אונ לייטייניש אונ האט פון יוגענד אן קיין גוטע שעה ניט געהאט. אין דער צייט פון פאול דעם פיערטען האט מען ביי איהם אבגענאבעוועט זיין גאנץ פערמעגען; פיוס דער פיערטער האט איהם שוין אפילו בעהאנדעלט פריינדליכער אונ האט איהם ערלויבט צו היילען קריסטליכע קראנקע, נאר דאס האט ניט לאנג געדויערט, ווייל באלד איז אויפגעשטאנען פיוס דער פינפטער אונ ר' דוד האט געמוזט פונקט אין די בעסטע יאהרען, טהיילען דאס מזל פון אללע זיינע ברידער. ערשט אויף דער עלטער איז ער אויפגערעכט געווארען אונ אז ער האט זיך געפיהלט פריי האט ער אנגעשריבען אויף לייטייניש זיין בעריהמט בוך, וואס האט געהייסען „דער יודישער דאקטאר". אין דעם בוך ווייזט ר' דוד דע-פאמיס וויפיל גרויסע דאקטוירים, יודען האבען אין איטאליען ארויסגעגעבען אונ ווי פיעל מלכים אונ שררות האבען זיי דאס לעבען צו פערדאנקען; דארט האט ער אויך איבערזעצט א סך ערטער פון דער גמרא, וואס הייסט שטארק אבהיטען דאס געזונד אונ שטעללט הויך די לייט וואס געבען זיך אב מיט חולים. דאס האט ער געטהון מיט א כוונה, כדי צו איבערצייגען די קריסטען אז זיי שרעקען זיך אומזיסט פאר'ן תלמוד אונ מיינען אז אין איהם ליעגט אלל-דאס בעז. זיין בוך, וואס דער פירסט פראנציסקא מאריא פון אורבינא האט עס ביי איהם אנגענומען פאר א מתנה, איז זעהר געפאלען דעם פאפסט סיקסטוס, ער האט איהם שטארק מקרב געוועהן, אונ אז דע-פאמיס האט דערנאך ארויסגעגעבען א תלמודישעס ווערטערבוך אין דריי שפראכען האט ער שוין זיין ספר סיקסטוס'ן געבראכט פאר א מתנה. איבערהויפט האט סיקסטוס ארדענטליך בעהאנדעלט די יודען אונ אז עס האט זיך א מאל געמאכט וואס א קריסט זעטשי האט זיך געוועט מיט א יודען שמשון קינאידו אונ די וועטע איז געגאנגען דארויף, אז ווי באלד דער יוד וועט פערשפיעלען מאג איהם דער קריסט אויסשניידען פונ'ם לייב א פונט פלייש, האט דער פאפסט געהייסען ביידע שטרענג בעשטראפען, ווייל ער האט פערשטאנען אז אזא וועטע נעהמט זיך דערפון וואס צו טיידטען א יודען איז ביים קריסט א נאר נישט, אונ ער האט געוואלט אז די קריסטען זאלען זעהען אז דאס לעבען פון א יודען האט אויך עפיס א ווערטה. אויך דעם יודען האט ער בעשטראפט דערפאר וואס ער האט אין דער וועטע איינגעשטעלט זיין לעבען.

אַז סִיקְסְטוּס הָאט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַזוֹי פִיעל פְרַיינְדְשַׁאפְט גֶעגֶען דִי יוּדֶען,
הָאבֶּען זֵיי פֶערְשְׁטַאנֶען אַז בַּיי אִיהם וֶועלֶען זֵיי אוֹיךְ פּוֹעֵל'ן עֶר זָאל כָּשֵׁר מַאכֶען
דֶעם תַּלְמוּד. וֶוענִיגְסְטֶענְס, אִין דֶער אֵייגֶענֶער אַרְט ווִי עֶס הָאט גֶעטְהוּן פִּיוּס
דֶער פִיערְטֶער, וֶועלְכֶער הָאט נָאר גֶעהֵייסֶען אִיהם גוּט אִיבֶּערְקוּקֶען אוּנ אַרוֹיסְ-
וַוארְפֶען דִי אֶרְטֶער, וָואס זֶענֶען גֶעגֶען דֶעם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. דִי יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת
פוּן מַאנְטוּאַ, מַאִילַאנְד אוּנ פֶערַארַא הָאבֶּען טַאקִי אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַבֶּעְ-
זוּנְדֶער שָׁלִיחַ, ר' בְּצַלְאֵל מַאסֶערַאנוֹ, קֵיין רוֹם מִיט אַבַּקָּשָׁה צוּם פַּאפְּסְט
וֶועגֶען תַּלְמוּד. מִיט לֶעדִיגֶע הֶאנְד אִיז עֶר אוֹיךְ נִיט גֶעקוּמֶען, אוּנ גָאר גִיךְ אִיז
אַרוֹיס אַבֶּעפֶעהל אַז דִי יוּדֶען מֶאגֶען פְרַיי הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ דֶעם תַּלְמוּד אוּנ
אֲפִילוּ נָאךְ אַמָאל אִיבֶּערְדְרוּקֶען.

פִינְף יָאהר הָאט אָבֶּער אִין גַאנְצֶען גֶעדוֹיעֶרְט דָאס גוּטֶע שְׁטִיקֶעל צַייט
אוּנ קוֹים הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען אוֹיסְגֶעגְלַייכְט דִי צוּבְּרָאכֶענֶע בֵּיינֶער, אִיז שׁוֹין
וַוייטֶער אַרוֹיף אַנַייעֶר פַּאפְּסְט, קְלֶעמֶענְטִי דֶער אַכְטֶע, וָואס הָאט אוֹיךְ,
ווִי גְרֶעגָאר, גֶעהֶערְשְׁט דְרַייצֶעהן יָאהר אוּנ הָאט אִיהם אִין אַללֶעמֶען נָאכְגֶעטְהוּן.
אוֹדַאי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי אַלְטֶע צָרוֹת: פוּן דְרוּקֶען דֶעם תַּלְמוּד הָאט
שׁוֹין גָאר קֵיין רֶעדֶע נִיט גֶעקָאנְט זַיין, מֶען הָאט דִי יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן
אַללֶע שְׁטֶאדְט, וואוּ זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוֹהנְט, נָאר אִין רוֹם, אַנְקָאנַא אוּנ
אַוִוינְיָאן הָאבֶּען זֵיי נָאךְ גֶעמֶאגְט בְּלַייבֶּען, מֶען הָאט אָבֶּער בַּיי זֵיי צוּ-
גֶענוּמֶען אַללֶע פַּרְנָסוֹת אוּנ זֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי פֶערְבִּיטֶערְט אַז
שְׁטֶאנְדִיג הָאבֶּען זֵיי נָאר גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען אַנַייעֶ הֵיים.

מֶעהר פוּן טוֹיזֶענְד יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט, אִים יָאהר 1593, אַרוֹיס פוּן
קְרֶעמָאנַא, פַּאוְויַא, לָאדִי אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט, וָואס זֶענֶען גֶע-
שְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶעם מַאכְט פוּנ'ם פַּאפְּסְט, אוּנ עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן אַשְׁטִיקֶעל גְלִיק
וָואס פֶערְדִינַאנְד, דֶע מֶעדִיצִי דֶער הֶערְצָאג פוּן טָאסְקַאנָא, אוּנ וִוינְצֶענְצָא
גָאנְצַאגַא, הָאבֶּען זֵיי אַרַיינְגֶעלָאזְט קֵיין פִּיזַא, מָאדֶענַא, וֶוערָאנַא,
פַּאדוּאַ אוּנ מַאנְטוּאַ, הָאטְשׁ זֵיי זֶענֶען נַאקֶעט אוּנ בְּלוֹיז. נָאר ווִי גְרוֹיס דֶער
כֹּחַ פוּן דִי קַאטָאלִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע אִיז נָאךְ דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן – זֶעהט מֶען אַרוֹיס
דֶערְפוּן, וָואס אֲפִילוּ אַזֶעלְכֶע שְׂרָרוֹת הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זֵיי אוּנ הָאבֶּען
עֶרְלוֹיבְּט דִי יוּדֶען צוּ דְרוּקֶען נָאר אַזֶעלְכֶע גְמָרוֹת, וָואס מֶען הָאט זֵיי פְרִיהֶער
דוּרְכְגֶעקוּקְט אוּנ אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען דִי אֶרְטֶער, וָואס הָאבֶּען עֶפִּיס אַשַׁייכוּת צוּם
קְרִיסְטֶענְטְהוּם. אִיבֶּרִיגֶענְס, הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַלֵיין נִיט גֶעוָואלְט הָאבֶּען צוּ
טְהוּן מִיט דִי שׂוֹנְאִים אוּנ הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען אוֹיסְמֶעקֶען אַסַךְ זַאכֶען, וָואס קֵיינֶער

וָואלְט זִיךְ אֶפְשַׁר נִיט גֶעוֶועהן גֶעשְׁטֶערְט. בַּיי דִי יוּדֶען אִיז דֶער עִיקָר גֶעוֶועהן צוּ זֶעהֶען דֶעם תַּלְמוּד' נָאךְ אַמָאל גֶעדְרוּקְט אוּנ דַארִיבֶּער הָאבֶּען זַיי גֶעלָאזְט שְׁנַיידֶען וִוי פִיעל מֶען הָאט נָאר גֶעוָואלְט, אַבִּי מַצִיל זַיין דָאס אִיבְּרִיגֶע. שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר אִיז דֶער בִּיטֶערֶער גוֹרָל גֶעפַאלֶען אוֹיךְ אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ מַארְרַאנֶען פוּן פֶערַארַא, וָואס הָאבֶּען דִי גַאנְצֶע צַייט, וָואס עֶס הָאט גֶעלֶעבְּט דִי עֶדְלֶע אוּנ גוּט הֶערְצִיגֶע מִשְׁפָּחָה פוּנ'ם הֶערְצָאג דִי־עֶסְטֶע, פוּן קַיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גֶעוואוּסְט, וַוייל זַיי הָאבֶּען נִיט גֶעמַאכְט קַיין חִלוּק צְווִישֶׁען אַ אוּמָה אָדֶער אֱמוּנָה אוּנ יֶעדֶער מֶענְשׁ, וָואס הָאט נָאר עֶהרְלִיךְ גֶעוָואלְט פֶערְדִיעֶנֶען זַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט דָארְט רוּהִיג וָואהנֶען. דֶערְפַאר זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעוֶועהן זֶעהר גֶעטְרַיי אוּנ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אוּנ אַז דִי פְּרִינְצֶעסִין לֶעאָנָארַא אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען הָאבֶּען זַיי אִין דִי שׁוּלֶען גֶעזָאגְט תְּהִלִים אוּנ גָאטט גֶעבֶּעטֶען פַאר אִיהר גֶעזוּנְד. צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער דֶער לֶעצְטֶער פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה, אַלְפָאנְסָא דֶער צְוֵוייטֶע, גֶעשְׁטָארְבֶּען אָהן קִינְדֶער אוּנ דֶער פַּאפְּסְט הָאט בֶּעדַארְפְט זַיין דֶער יוֹרֵשׁ. דִי יוּדֶען הָאבֶּען בַּאלְד גֶעזֶעהֶען אַז דָא וֶועט זִיךְ זַייעֶר גוֹרָל אֶנְדֶערְן אוּנ זַיי הָאבֶּען נָאר גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל זַיי גֶעבֶּען צַייט אוֹיף צוּ עֶנְדִיגֶען זַייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ אַוֶועק פָאהרֶען. דֶער פַּאפְּסְט הָאט זַיי אֲפִילוּ עֶרְלוֹיבְּט צוּ בְּלַייבֶּען נָאךְ פִינְף יָאהר, וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט מִיט אַמָאל צוּ פֶערְוִויסְטֶען דִי שְׁטָאדְט, נָאר דִי אִינְקְווִיזִיטָארֶען הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶע־הוֹיבֶּען דָארְט אַרוּמְצוּדְרֶעהֶען אוּנ זוּכֶען חֲטָאִים, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען אַז וָואס פְרִיהֶר זַיי וֶועלֶען זַיין פוּן יֶענֶער זַייט גְרֶענֶעץ אִיז פַאר זַיי גְלַייכֶער. אַזוֹי הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט אַרוֹיס פוּן פֶערַארַא, אוּנ מֶען קָאן זָאגֶען אַז כִּמְעַט אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא הָאבֶּען זַיי אִין יֶענֶער צַייט נִיט גֶעהַאט קַיין וִוינְקֶעל, וואוּ זַיי זָאלֶען קָאנֶען רוּהִיג אוּנ זִיכֶער אַנִידֶערְלֶעגֶען דֶעם קָאפּ.

---

## 6 מַארְרַאנִישֶׁע קְהִלוֹת אִין אַמְשְׁטֶערְדַם, הַאמְבּוּרְג אוּנ בָּארְדָא.

(1593—1648 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

דִי וֶועלְט פִירְט זִיךְ אָבֶּער נָאךְ אִיהרֶע כְּלָלִים אוּנ, וֶוען דֶעם זִינְדִיגֶען בְּלִינְדֶען מֶענְשֶׁען וַוייזְט זִיךְ אוֹיס אַז זַיין הָאפְנוּנְג אִיז שׁוֹין אִין גַאנְצֶען פֶערְלָארֶען, זֶעהְט מֶען דֶערְנָאךְ אַז דִי הַשְׁגָחָה הָאט זִיךְ בֶּעצַייטֶענְס גֶעזָארְגְט פַאר אִיהם אוּנ הָאט אִיהם אָנְגֶעגְרֵייט אַ וֶועג, עֶר זָאל זִיךְ וַוייטֶער קָאנֶען גֶעהֶען אוּנ אוֹיס־

פִיהרֶען דָאס שְׁלִיחוּת וָואס דֶער הִימְלִישֶׁער בֶּעשֶׁעפֶער הָאט אוֹיף אִיהם אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט. אַזוֹי אִיז עֶס אוֹיךְ גֶעשֶׁעהֶען מִיט דִי יוּדֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס מִיט דִי מַארְרַאנֶען, אוּנ פּוּנְקְט דֶעמָאלְט, וֶוען מֶען הָאט זֵיי אוּמֶעדוּם גֶעטְרִיבֶּען אוּנ גֶעיָאגְט ווִי ווִילְדֶע חַיּוֹת הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט אַנַייעֶם פְּלַאץ אוּנ דַוְקָא אִין אַזַא ווִינְקֶעל, וָואס דָארְט הָאט גֶעהֶערְשְׁט דָאס ווִיסְטֶע שְׁפַּאנְיֶען.

הָאלַלאנְד הָאט פַאר דִי מַארְרַאנֶען גֶעאֶפֶענְט אַלֶע טוֹיעֶרְן, אוּנ קוֹים אִיז פוּן דָארְט פֶערְשְׁווֹאוּנְדֶען דִי מַאכְט פוּן שְׁפַּאנְיֶען הָאבֶּען זִיךְ אַהִין גֶעלָאזְט אַלֶע, וָואס הָאבֶּען אִין עֶרְגִיץ נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין מָקוֹם מְנוּחָה, אוּנ אוֹיךְ דִי עֶטְלִיכֶע מַארְרַאנִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת, וָואס הָאבֶּען דִי לֶעצְטֶע צַייט גֶעוָואהנְט אִין אַנְטְוֶוערְפֶּען, בְּרִיסֶעל אוּנ גֶענְט אוּנ זֶענֶען גֶעצְווֹאוּנְגֶען גֶעוֶועהן ... צוּווַארְפֶען דִי דָאזִיגֶע שְׁטֶאדְט. קַארְל דֶער פִינְפְטֶער הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען אַז אִין נִידֶערְלַאנְד (הָאללַאנְד) זָאלֶען זִיךְ אַרוּמְדְרֶעהֶען יוּדֶען אוּנ הָאט בִּיסְלֶעכְוַוייז אָנְגֶעהוֹיבֶען אַיינְצוּפִיהרֶען דִי אִינְקְווִיזִיצְיָאן, אָבֶער דָאס הָאט גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ, וָואס הָאללַאנְד הָאט זִיךְ מִיט דֶער צַייט גָאר אָבְּגֶעריסֶען פוּן שְׁפַּאנְיֶען. אֵיינֶע פוּן דִי בְּכָבוֹדֶ'ע יוּדֶען, ר' שְׁמוּאֵל פַּאלַאכֶע, וָואס דֶער קֶענִיג פוּן מַארָאקַא הָאט אִיהם אִין נִידֶערְלַאנְד אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט פַאר קָאנְזוּל, הָאט אוֹיפְגֶעגֶעבֶּען דֶעם פְּלַאן אִין דֶעם מַאגִיסְטְרַאט מִיידֶעלְבּוּרְג מֶען זָאל אַרַיינְלָאזֶען דִי מַארְרַאנֶען אוּנ זֵיי גֶעבֶּען אַלֶע פְרַייהֵייט, אוּנ דֶער מַאגִיסְטְרַאט הָאט מַסְכִּים גֶעוֶועהן, עֶר הָאט אֲפִילוּ גֶעוָואלְט אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין דֶער גֶעגֶענְד זֶעעלַאנְד, וָואס הָאט אוֹיךְ גֶעהֶערְט צוּ נִידֶערְלַאנְד, נָאר דִי קַאטָאלִישֶׁע בֵּייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען עֶס נִיט דֶערְלָאזְט. אַוַודַאי אַז הָאללַאנְד הָאט פוּן זִיךְ אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען דֶעם עוֹל פוּן שְׁפַּאנְיֶען אוּנ דֶער עֶדְלֶער פִירְסְט ווִילְהֶעלְם פוּן אָרַאנְיֶען הָאט דָארְט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען הוֹיךְ דִי פָאהְן פוּן פְרַייהֵייט אוּנ גְלַייכֶע רֶעכְטֶע פַאר אַלֶע, הָאבֶּען דִי מַארְרַאנֶען בַּאלְד גֶעוֶוענְדֶעט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אַהִין, וואוּ זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט דִי מֶאגְלִיכְקֵייט אַרָאבְּצוּוַארְפֶען פוּן זִיךְ דִי מַאסְקֶע פוּנ'ם קְרִיסְטֶענְטְהוּם אוּנ אָפֶען אָנְגֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה.

דִי עֶרְשְׁטֶע וָואס הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַלֵיין צוּ פָאהרֶען אוּנ הֶעלְפֶען דֶערְצוּ אַנְדֶערֶע, אִיז גֶעוֶועהן אַמַארְרַאנִישֶׁע פְרוֹי מַאיָאר רָאדְרִיגֶעס: זִי מִיט אִיהר מַאנְן גַאסְפַּאר לָאפֶּעס הָאמֶעס, מִיט אִיהרֶע צְווֵיי זִיהן אוּנ בֵּיידֶע טָאכְטֶער אוּנ נָאךְ מִיט אַסַךְ רֵייכֶע קְרוֹבִים הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט אִין אַאוּנְבֶּעקַאנְט אָרְט, וָואס דֶערְוַוייל הָאבֶּען זֵיי נָאר גֶעוואוּסְט אַז זֵיי וֶועלֶען דָארְט גֶעפִינֶען דָאס אֵיינְצִיגֶע

גְלִיק – זִיךְ נִיט דַארְפֶען פַארְשְׁטֶעלֶען אוּנ בְּלַייבֶּען דָאס וָואס זֵיי זֶענֶען. צוּם אָנְהוֹיב הָאט זִי אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִיהר שֶׁאנֶע טָאכְטֶער מַארְיַא נוּנֶעס אוּנ אוֹיךְ דֶעם אֶלְטֶערְן זוּהְן אוֹיף דֶער שִׁיף וָואס יַעֲקֹב טִירַאדָא הָאט אַרוֹיס־גֶעפִיהרְט צֶעהן מַארְרַאנִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת קַיין הָאללַאנְד. זִי אִיז גֶעוֶועהן פֶערְזִיכֶערְט אַז מַארְיַא נוּנֶעס וֶועט מִיט אִיהר שֶׁאנְקַייט אוּמֶעדוּם נוֹשֵׂא חֵן זַיין אוּנ וֶועט דִי דָאזִיגֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט פָאהרֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען, בַּיישְׁטֶעהֶען אִין אַללֶע זֵייעֶרֶע נוֹיטְהֶען. בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער סַכָּנָה הָאט זִיךְ טַאקִי אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז דִי אַלְטֶע מַאיָאר רָאדְרִיגֶעס אִיז גָאר קַיין נַאר נִיט גֶעוֶועהן, אוּנ אַז הָאבֶּען אַ טָאכְטֶער אַ יְפַת תֹּאַר אִיז נִיט קַיין גְרוֹיסֶער חִסָּרוֹן. אוֹיפ'ן וֶועג, אִין מִיט'ן יַם אִיז אוֹיף זֵיי אָנְגֶעפַאלֶען אַ עֶנְגְלִישֶׁע שִׁיף אוּנ הָאט זֵיי אַוֶועקְגֶעפִיהרְט קַיין עֶנְגְלַאנְד. מַארְיַא נוּנֶעס אִיז אַזוֹי גֶעפֶעלֶען דֶעם קַאפִּי־טַאן, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ עֶנְגְלִישֶׁער הֶערְצָאג, אַז עֶר הָאט בַּאלְד גֶעוָואלְט מִיט אִיהר חֲתוּנָה הָאבֶּען. עֶס אִיז בַּיי אִיהם קַיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן אַז זִי קוּמְט אַרוֹיס פוּן דִי גְרֶעסְטֶע שְׂרָרוֹת אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גָאר גֶעוואוּנְדֶערְט פַאר וָואס זִי בֶּעשְׁטֶעהְט נִיט אוֹיף אַזַא וואהלֶען שִׁדוּךְ. אַז זֵיי זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען קַיין לָאנְדָאן, הָאט בַּאלְד דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט גֶעקְלוּנְגֶען מִיט דֶער שֶׁאנֶער פָּארְטוּגִיזִין אוּנ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַזַא רַעַשׁ אַז דִי קֶאנִיגִין עֶלִיזַאבֶּעטְה הָאט אוֹיךְ גֶעוָואלְט אָנְקוּקֶען דָאס שְׁטָאלְצֶע מֶאדְכֶען, וָואס הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן אֵיינֶעם פוּן דִי בֶּעסְטֶע עֶנְגְלִישֶׁע אַרִיסְטָאקְרַאטֶען, אוּנ הָאט זִי פֶערְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ. דִי קֶאנִיגִין אִיז אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארֶען פוּן אִיהר שֶׁאנְקַייט אוּנ אִיז מִיט אִיהר אַרוּמְגֶעפָאהרֶען אִין דִי גַאסֶען אִין אַ אָפֶענֶער קַארֶעטֶע. אַוַדַאי הָאט עֶס נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ דִי אַללֶע, וָואס מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט קַיין לָאנְדָאן וִוי גֶעפַאנְגֶענֶע, זֶענֶען פְרֵיי אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען, אוּנ דִי עֶנְגְלִישֶׁע מַלְכָּה הָאט זֵיי נָאךְ גֶעגֶעבֶּען אַללֶע מִיטֶעל זֵיי זָאלֶען זִיכֶער קֶאנֶען קוּמֶען קַיין הָאללַאנְד. צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער גֶעוָוארֶען אַ שְׁטוּרְמְווינְד אוֹיפ'ן יַם, זֵייעֶרֶע צְווֵיי שִׁיפֶען זֶענֶען שִׁיר נִיט אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען אוּנ קוֹים מִיט גְרוֹיסֶע צָרוֹת הָאבֶּען זֵיי זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען קַיין עֶמְדֶען.

אִין עֶמְדֶען הָאבֶּען גֶעוואהְנְט זֶעהר וֶועניג יוּדֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען קַיין שׁוּם בֶּעגְרִיף נִיט גֶעהַאט פוּן דִי מַארְרַאנֶען, אוּנ דֶערְפַאר אִיז זֵיי שְׁוֶוער גֶעוֶועהן מִיט זֵיי זִיךְ דוּרְכְשְׁמוּעֶסֶן וֶועגֶען תַּכְלִית פוּן דֶער נְסִיעָה. עֶרְשְׁט אַז דִי מַארְרַאנֶען הָאבֶּען בַּיים רֶעדֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְוַוארְפֶען לְשׁוֹן־קוֹדֶשׁ־וֶוערְ־טֶער, הָאבֶּען זִיךְ דִי עֶמְדֶנ'ער יוּדֶען צוּ זֵיי צוּגֶעלָאזְט אוּנ יַעֲקֹב טִירַאדָא

הָאט דֶעם אֵיינְצִיגֶען לַמְדָן פוּן דָארְט, ר׳ מֹשֶׁה אוּרְיָה הַלֵּוִי, אוֹיסְגֶעזָאגְט דֶעם סוֹד אַז זֵיי ווִילֶען זִיךְ ווִי ווייט גִיבֶער אִיבֶּערְגֶעהֶען צוּם יוּדֶענְטְהוּם. ר׳ מֹשֶׁה אוּרְיָה הַלֵּוִי הָאט אִיהם אָבֶּער אָבְּגֶעהַאלְטֶען עֶר זָאל עֶס נִיט טְהוּן אִין עֶמְדֶן, ווייל אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל מוּזֶען בַּאלְד אַללֶע גֶעווָאהר ווֶערֶען אוּנ עֶס קָאן חָלִילָה שַׁאדֶען דִי יוּדֶען. דַארִיבֶּער אִיז זַיין עֵצָה גֶעווֶעהן אַז דִי מַארְרַאנֶען זָאלֶען פָאהרֶען קֵיין אַמְשְׁטֶערְדַם אוּנ עֶר אַללֵיין הָאט זֵיי אוֹיךְ צוּגֶעזָאגְט אַהִין גִיךְ צוּ קוּמֶען מִיט זַיין גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה אוּנ דָארְט בְּלַייבֶּען זֵייעֶר מַדְרִיךְ אִין יוּדִישְׁקֵייט. אַזוֹי אִיז עֶס טַאקֵי גֶעשֶׁעהֶען: דֶעם 22 אַפְּרִיל 1593 זֶענֶען דִי מַארְרַאנֶען אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין אַמְשְׁטֶערְדַם אוּנ ר׳ מֹשֶׁה אוּרְיָה הַלֵּוִי הָאט אוֹיךְ גֶעהַאלְטֶען ווָארְט אוּנ אִיז זֵיי בַּאלְד נָאכְגֶעפָאהרֶען. מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה הָאט יַעֲקֹב טִירַאדָא, ווָאס אִיז שׁוֹין דֶערְמָאלְט גֶעווֶעהן בַּיי דִי אֶלְטֶערֶע יָאהרֶען, זִיךְ גֶעלָאזְט מַל זַיין אוּנ אִיהם הָאבֶּען נָאכְגֶעטְהוּן דִי אִיבְּרִיגֶע, אוּנ עֶס אִיז גֶעווָארֶען אַ קְלֵיינֶע קְהִלָּה פוּן גֵרִים. פִיעל הָאט זֵיי מִיטְגֶעהָאלְפֶען דֶער קָאנְסוּל ר׳ שְׁמוּאֵל פַּאלַאכֶע אוּנ פוּן מַאדֵירַא אִיז צוּ זֵיי צוּגֶעקוּמֶען דֶער בֶּעקַאנְטֶער מַארְרַאנִישֶׁער דִיכְטֶער, יַעֲקֹב יִשְׂרָאֵל בֶּעלְמָאנְט, ווָאס הָאט זֵיי גֶעשְׁטַארְקְט מִיט זַיינֶע שֶׁאנֶע לִיעדֶער אוּנ הָאט בֶּעשְׁרִיבֶּען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת פוּן דֶער אִינְקְווִיזִיצְיָאן אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער בּוּךְ מִיט דֶעם נָאהמֶען „אִיוֹב". דִי צָאהל פוּן דִי מַארְרַאנֶען הָאט זִיךְ יֶעדֶעס מָאל פֶערְגְרֶעסֶערְט אוּנ גָאר גִיךְ הָאבֶּען זֵיי בֶּעקוּמֶען אַ נַייעֶם חַבֵר, ווָאס הָאט זֵיי גְרוֹיס כָּבוֹד גֶעמַאכְט: דָאס אִיז גֶעווֶעהן אַלָאנְזָא דֶע הֶערֶערַא, ווָאס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן יוּדֶען אוּנ פוּן דִי גְרֶעסְטֶע שְׁפַּאנִישֶׁע שְׂרָרוֹת, זַיין עֶלְטֶער־זֵיידֶע, דֶער קַאפִּיטַאן גָאנְזַאלְווָא דֶע קָארְדָאבָה, הָאט אַ מָאל אַיינְגֶענוּמֶען נֶעאַפֶּאל. עֶר אַללֵיין אִיז גֶעווֶעהן גוּבֶּערְנַאטָאר אִין קַאדִיקְס, נָאר אַז דִי עֶנְגְלֶענְדֶער הָאבֶּען אָבְּגֶענוּמֶען דִי שְׁטָאדְט אוּנ מֶען הָאט אִיהם אַוֶועקְגֶעפִיהרְט קֵיין לָאנְדָאן, הָאט עֶר זִיךְ דָארְט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען דִי פְרַייהֵייט אוּנ אִיז אַוֶועק קֵיין אַמְשְׁטֶערְדַם מִיט דֶער הָאפְנוּנְג אַז עֶר ווֶעט דָארְט אוֹיסְפִיהרֶען זַיין אַלְטֶען גֶעדַאנְק אוּנ ווֶעט זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען צוּ דֶער אֱמוּנָה פוּן זַיינֶע אָבוֹת. אִין אַמְשְׁטֶערְדַם הָאט עֶר זִיךְ טַאקֵי מְגַיֵיר גֶעווֶעהן אוּנ הָאט פֶערְנוּמֶען דֶעם שְׁאַנְסְטֶען פְּלַאץ אִין דֶער קְלֵיינֶער מַארְרַאנִישֶׁער קְהִלָּה. עֶר הָאט זִיךְ אַ יוּדִישֶׁען נָאהמֶען גֶעגֶעבֶּען אַבְרָהָם דֶע הֶערֶערַא אוּנ אִיז טַאקֵי גֶעווָארֶען אַ יוּד מִיט׳ן גַאנְצֶען הַארְצֶען, עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אִין גַאנְצֶען אוֹיפ׳ן דֶרֶךְ פוּן ר׳ יִצְחָק לוּרְיָא אוּנ הָאט אִיבֶּערְזֶעצְט אוֹיף פָּארְטוּגִיעזִיש אַ סֵפֶר ווֶעגֶען קַבָּלָה.

פון דעסטוועגען איז די מאראנען ניט אזוי גרינג אנגעקומען ביז זיי האבען זיך געשטעלט אין אמשטערדם אויף א פעסטען פוס. די ערשטע דריי יאהר האט זיך אויף זיי קיינער ניט אומגעקוקט אונ די קריסטען האבען גאר ניט געוואוסט וואס דא געהט פאר. פלוצלונג האט מען אים יאהר 1596 בעמערקט אז די מאראנען קומען זיך צונויף אויף א בעשטימטע ארט, ווייל עס איז דעמאלט געוועהן יום כפור אונ זיי זענען זיך אללע צונויפגעגאנגען דאווענען; די קריסטען איז גאר אויפ'ן מח ניט געקומען אז דאס קאנען זיין יודען אונ זיי האבען גערעכענט, אז דאס איז עפיס א שעדליכע קריסטליכע סעקטע. דערפאר זענען זיי איבערגעפאלען אויף דעם מנין, אונ אזוי ווי די מאראנען זענען געוועהן איבערגעשראקען פון פריהר אונ די הנהגות פון דער אינקוויזיציאן זענען זיי נאך גוט געלעגען אין קאפ, איז געווארען א געלויף אונ א דערשטיקעניש אונ מען האט דערווייל געהאפט ר' משה אוריה הלוי מיט זיין זוהן, וואס האבען געדאווענט פאר'ן עמוד, אונ מען האט זיי איינגעזעצט, נאר איין יעקב טיראדא האט זיך ניט דערשראקען, אונ אזוי ווי ער האט זעהר גוט גערעדט לאטייניש, האט ער באלד אויפגעקלעהרט די קריסטען צו זיי האבען א טעות, אז זיי זענען אנגעפאלען אויף מענשען, וואס מען האט זיי א לאנגע צייט געניטה צו פערלייגנען זייער אמת'ן גלויבען אונ וואס פיהלען זיך גליקליך וואס זיי קאנען אין האללאנד פריי דיענען גאטט אונ דערפאר בעצאהלען דעם לאנד מיט זייער ניצליכקייט, ווייל זיי זענען אללע געקומען רייך אונ האפען כ"ט זייערע גרויסע מיטעל צו בעלעבען דעם האנדעל. זייניע רעד זענען זעהר געפאלען; טאקי אין דער אייגענער שעה האט מען בעפרייהט ר' משה אוריה הלוי מיט'ן זוהן אונ זיי זענען אים שטאנד געוועהן צו ענדיגען דעם תענית מיט א גרינג הארץ אונ דאנקען דעם רבונו של עולם, וואס ער האט זיי געלאזט אפקומען נאר מיט א שרעק. דערפון איז אבער נאך די מאראנען ארויסגעקומען א טובה, ווייל פריהר איז די זאך צוגעגאנגען אונטער א דעקטוך אונ זיי האבען זיך נאך געשוב'ט צו זאלען זיי אפען ארויסווייזען אז זיי זענען יודען; קוים איז שוין אבער דער סוד ארויס האבען זיך די מאראנען געווענדט גלייך צום מאגיסטראט מיט א בקשה מען זאל זיי ערלויבען אויפצובויען זייער אייגענע שול. מען האט זיי באלד געגעבען איין ערלויבניש. יעקב טיראדא האט מנדר געוועהן דאס גאנצע געלד וואס מען האט נאכהיג געהאט דארויף, דערפאר האט מען די שול גערופען אויף

זַיין נָאהמֶען „בֵּית יַעֲקֹב" אוּנ אִים יָאהר 1598 הָאט מֶען מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה גֶעמַאכְט דֶעם חֲנוּכַּת הַבַּיִת.

אִין אַ קוּרְצֶער צַייט אִיז טַאקִי הָאלַלאנְד נִיט גֶעוֶועהן צוּ דֶערְקֶאנֶען: דִי מַארְרַאנֶען הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען וָוארְט אוּנ הָאבֶּען מִיט זַייעֶר קַאפִּיטַאל שְׁטַארְק גֶעאַרְבַּייט, אוּנ פּוּנְקְט וָוען שְׁפַּאנְיֶען אִיז גֶעוָוארֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט אוּנ דֶער בִּיטֶערֶער קֶאנִיג פִילִיפּ דֶער צְוַוייטֶע הָאט בֶּעקוּמֶען מַכּוֹת אוֹיפ'ן לַייבּ אוּנ הָאט גֶעהַאלְטֶען בַּיי דֶער גְסִיסָה, הָאט אַמְשְׁטֶרְדַם אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען גָאר אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אַרְט אוּנ דִי אַיינְוָואהנֶער הָאבֶּען דֶערְפִּיהלְט דֶעם כֹּחַ פוּן יוּדִישֶׁע פֶאהִיגְקֵייטֶען. אַוַדַאי אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אוּנ מַארְרַאנֶען גֶעוֶועהן זֶעהר גְלֶענְצֶענְד אוּנ כִּמְעַט אַלֶע טָאג פְלֶעגֶען צוּקוּמֶען נַייֶע בְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען פוּן דֶערְוַוייטֶענְס שׁוֹין גֶעהֶערְט דִי גְדוּלָה אוּנ הָאבֶּען זִיךְ מִיט גֶעוַואלְד אוֹיסְגֶערִיסֶען פוּן דִי אַלְטֶע אֶרְטֶער, וואוּ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אֲפִילוּ עֲשִׁירוֹת אוּנ כָּבוֹד. אִין דֶעם יָאהר, וָואס מֶען הָאט גֶעאֶפֶענְט דִי שׁוּל, אִיז גֶעקוּמֶען מַאיָאר רָאדְרִיגֶעס מִיט דֶער גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה, בַּאלְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען פוּן פָּארְטוּגַאל אַנְטְלָאפֶען עֶטְלִיכֶע פַאמִילְיֶען, וִוי פְרַאנְקָא מֶענְדֶעס מִיט צְוַויי זִיהן, פְרַאנְצִישְׁקָא מֶענְדֶעס מֶעדֵייְרָאס, וָואס הָאט זִיךְ אַנָאהמֶען גֶענֶעבֶּען יִצְחָק, אוּנ כְּרִיסְטָאוַואל מֶענְדֶעס פְרַאנְקָא, וָואס הָאט זִיךְ אַנָאהמֶען גֶענֶעבֶּען מָרְדְּכַי. דִי לֶעצְטֶע צְוַויי מִשְׁפָּחוֹת הָאבֶּען שְׁפֶּעטֶער גֶעשְׁפִּיעלְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶע אִין דֶעם לֶעבֶּען פוּן דֶער אַמְשְׁטֶרְדַמ'ער קְהִלָּה, נָאר, צוּם אוּמְגְלִיק, אִיז צְווִישֶׁען זֵיי גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְק מַחֲלוֹקֶת.

דֶערְוַוייל אִיז זִיךְ אִין לִיסַאבָּאן פֶערְלָאפֶען אַ מַעֲשֶׂה, וָואס הָאט אוּנְטֶער גֶעצוּנְדֶען דִי אִיבְּרִיגֶע מַארְרַאנֶען, וָואס בַּיי זֵיי אִיז דָאס צוּגֶעבּוּנְדֶענְקַייט צוּם יוּדִישְׁקַייט גֶעוֶועהן גָאר שְׁוַואךְ, אוּנ הָאט בַּיי זֵיי בֶּעשַׁאפֶען אַ שְׁטַארְקֶען חֵשֶׁק זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ אַוֶועקְוַוארְפֶען פָּארְטוּגַאל. אוֹיף אַגַייסְטְלִיכֶען דִיאָגָא דֶע לַא אַסוּמְטְשַׁאנָא, אִיז גֶעפַאלֶען אַ חֲשַׁד אַז עֶר אִיז מֶעהר צוּגֶענֵייגְט צוּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה, אוּנ אַז מֶען זֶעהט אִיהם אֲפִילוּ זִיצֶען אִיבֶּער אַ תנ"ךְ. פַאר דֶער אִינְקְוִויזִיצְיָאן אִיז דָאס גֶעוֶועהן אַ טְהַייעֶרֶער קָרְבָּן, מֶען הָאט אִיהם צְוַויי יָאהר גֶעהַאלְטֶען אִין תְּפִיסָה אוּנ מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעטְהוּן עִנּוּיִם קָשִׁים, וַוייל מֶען הָאט גֶעהָאפְט אַז עֶר וֶועט אָנְוַוייזֶען נָאךְ שׁוּלְדִיגֶע. עֶר הָאט אָבֶּער אוֹיף קֵיינֶעם נִיט גֶעזָאגְט, אוּנ אַז מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען אַז מֶען וֶועט פוּן אִיהם גָאר נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶען, הָאט מֶען אִיהם אִים יָאהר 1603 פֶערְבְּרֶענְט אִין אֵיינֶעם מִיט

אמאראנישער פרוי תמר באראקאס וואס מען האט פאר הימליכקייט צוגעשלעפט צו דעם משפט צדק.

אזא זעלטענע זאך, אז אנייסטליבער, אגעבארענער קריסט, זאל זיך מוסר נפש זיין פאר דער יודישער אמונה און אננעהמען דעם טויט מיט בעהארצטקייט און ליעבשאפט, האט דערפרישט אין די הארצער פון די מאראנען א שרעקליך בענקעניש צו זייער אלטען גלויבען, און אפילו אזעלכע, וואס האבען שוין לאנג פערגעסען זייער שורש, האבען אהן מורא אנגעהויבען ארויסווייזען זייער ליעבשאפט צום יודענטהום. דעמאלט האט איונגער דיכטער, דוד ישורון, אנגעשריבען אויף פארטוגאזיש אפייעריגע קינה אויפ'ן טויט פון דיאגא דע לא אסומפשאנא און איז באלד אוועק קיין אמשטערדאם און האט דארט דאס גרויסקייט פון זיינע ברידער בעזונגען אין שפאנישע ליעדער. איהם האט נאכגעטהון איין אנדער מאראנישער דיכטער, פאול דע פינא, וואס איז אין האללאנד איבערגעגאנגען צום יודענטהום. ער האט זיך איודישען נאהמען געגעבען רוחל ישורון און איז אלאנגע צייט געוועהן איינער פון די שאנסטע אמשטערדאמ'ער בעלי בתים.

אז די מאראנען האבען אין פארטוגאל אויפגעהערט זיך צו בעהאלטען און האבען זיך, ווי עס שיינט, ענטשלאסען איין מאל פאר אללע מאל צו ליידען פאר זייער הייליגען געדאנק און מקבל באהבה זיין די יסורים וואס שונאים טהיילען זיי צו, האט די אינקוויזיציאן גענומען ארעכט שטיקעל ארבייט און האט זיך געקאנט צופיהרען די האנד. מעהר פון הונדערט פינפציג מאראנען האט מען געהאלטען אין תפיסה, און זיי האבען זיך יעדען טאג גערעכט אויפ'ן טויט, נאר דיא מלוכה פון פארטוגאל איז פארט שווער געוועהן מיט אמאל לאזען פערברענען אזוי פיעל מענשען. דערצו איז נאך געוועהן אסבה וואס די מלוכה האט געמוזט געהען מיט רחמנות: זי איז שולדיג געוועהן ניט וועניג געלד אפאר רייכע מאראנען און זיי האבען פשוט געזאגט, אז זיי וועלען אבמעקען דעם גאנצען חוב און נאך צולעגען אמנה יפה אבי מען זאל זייערע ברידער שענקען דאס לעבען. מיט יודיש געלד האבען זיך זייערע שונאים קיין מאל ניט געווארפען; אויך דאס מאל האט די מטבע געוויזען אז זי קאן ארויסשלעפען פון דער גרעסטער סכנה, די מלוכה פון פארטוגאל האט פלוצלונג אנגעהויבען רעדען פון יושר און האט געשיקט צום פאפסט קלעמענטי דעם אכטען פרעגען אשאלה צו עס איז כדאי אומצוברענגען די מאראנען. אין דום האט מען זיך מן הסתם אויך געלאזט קאסטען און עס איז אנגעקומען מען

זאל זייערע שולדיגע מוחל זיין, נאר מען זאל זעהען זיי זאלען טאקי באמת תשובה טהון. דעם 10 יאנואר 1605 האט מען זיי בעפרייהט, נאר זיי האבען געמוזט אויף דעם אייגענעם פלאץ, וואו מען האט זיי געזאלט פערברענען, אללע צוזאמען קומען אנגעטהון אין ווייסע העמדער און זיך מתודה זיין פאר'ן עולם אויף זייערע חטאים. די מארראנען זענען איבערגעקומען אויך די דאזיגע קאמעדיע און טאקי באלד זענען זיי שוין אנטלאפען קיין האללאנד. דעמאלט איז אויך אוועקגעפאהרען קיין אמשטרדם ר' יוסף בן ישראל מיט זיין זוהן מנשה: ער איז שוין געוועהן קראנק און ארעם, ווייל מען האט ביי איהם דריי מאל אבגעראבעוועט זיין פערמעגען. ער האט אבער ניט געמיינט אזוי זיך אללײן צו בעווארענען ווי מאכען פאר איודען זיין קינד, און עס איז איהם טאקי געראטהען צו מאכען פון איהם אטהייערע כלי, אהייסען יודען מיט אאמת ווארם יודיש הארץ — מיט איינעם ווארט, פון איהם איז געווארען דער בעריהמטער ר' מנשה בן ישראל, וואס איז געוועהן דערנאך אצירונג פאר'ן גאנצען דור.

די קליינע אמשטרדמ'ער מאראנישע קהלה האט דערווייל אנגעהויבען וואקסען און נאר איין ר' משה אוריה הלוי האט מל געוועהן צוויי הונדערט אכט און פיערציג מאראנען. אין אצייט פון צעהן יאהר איז שוין די ערשטע שול צו קליין געוועהן און ר' יצחק פראנציסקא מענדעס מעדייראס האט אויסגעבויעט אנייע שול וואס האט געהייסען „נוה שלום". די מאראנען האבען זיך אראבגעבראכט זייער אאייגענעם רב, פון די ספרדים, ר' יוסף פרדו, וואס האט גערעדט שפאניש און האט פערשטאנען ווי אזוי מיט זיי זיך צו בעגעהן, ווייל זיי זענען פארט געוועהן כמעט קריסטען און מען האט זיי נאר בעדארפט ביסלעכווייז געוואהנען מיט יודישע דינים און מנהגים. אבעזונדער'ן גלאנץ האט אבער ערשט די קהלה בעקומען, ווען ר' יצחק עוזיאל, וואס איז געוועהן אבעריהמטער דיכטער, מדקדק און אבעל חשבון, איז געווארען רב, ווייל אחוץ זיינע גרויסע קענטניסע האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע דרשות, און מען האט געמוזט האבען פאר איהם דרך ארץ. צום אומגליק, איז ער אבער ניט געוועהן קיין נושא פנים, ער האט ליעב געהאט פריי יעדען ארויסצוזאגען דעם אמת; וודאי האבען זיך געפונען אויך ניט ווייניג אונצופרידענע און סוף כל סוף האט עס געמוזט קומען צו מחלוקת.

אז די לעבעדיגע זענען שוין געוועהן פערזארגט, האט מען געמוזט אנהויבען אין זין צו האבען אויך די טויטע, זונ אים יאהר 1614 האבען די מא-

באגען געהאט זייער אייגען בית עולם, וואו עס האט אויך געפונען זיין עביגע רוה דער ערשטער מת פון זיי ר' יצחק אבנואכר, וועלכער האט פריהר געהייסען עמנואל פימענטעל און איז געוועהן איוגענד־חבר פון'ם פראנצאזישען קאניג היינריך דעם פיערטען. אויף דעם בית עולם האט מען אויך בעהאלטען איינעם פון די בעריהמטע מאראנען, ר' אליהו פעליטשע מונטלטו, וואס האט פריהר געוואהנט אין ווענעדיג און ליווארנא און איז דערנאך אין פאריז געווארען לייב־דאקטאר ביי דער קאניגין מאריא דע מעדיטשי. ער איז געשטארבען אים יאהר 1616 ווען ער איז ארומגעפאהרען מיט דער קאניגין, און אזוי ווי דער זכר פון'ם יודישען דאקטאר איז ביי איהר געוועהן זעהר טהייער, האט זי געוואלט ער זאל ליגען צווישען יודען; דערפאר האט זי געהייסען איינבאלזאמירען דעם קערפער און האט געבעטען זיין זוהן און זיין תלמיד ר' שאול מארטיירא, זיי זאלען איהם ברענגען צו קבר ישראל.

מען קאן אפילו ניט זאגען, אז אין האללאנד איז די מאראנען גרינג אנגעקומען זייער פרייהייט און זעלבסשטאנדיגקייט. די מלוכה האט זיי טאקי געלאזט אלדינג טהון און האט זיך ניט אריינגעמישט אין זייער אינווענדיג לעבען. דאס פאלק איז אבער געוועהן אזוי ווי פערטומעלט, א טהייל האבען געקוקט אויף זיי ווי אויף פראסטע יודען, אנדערע האבען זיי גערעכענט פאר שפאנישע עדעללייט און אללע צוזאמען האבען זעהר וועניג צוטרויען געהאט צו זיי. דאס איז אבער נאר געוועהן אין אנהייב, קוים זענען איבערגעפלויגען צוואנציג יאהר און די מאראנען האבען טאקי ארויסגעוויזען זייער נוצליכקייט און עהרליכקייט און זיי האבען א שטארקען ארבייט געטהון מיט די קאפיטאלען, און טויזענדער מענשען האבען געקאנט לעבען ארום זיי, האט דאס פאלק אלליין אויך אנגעהויבען זיי צו שאטצען, און דעמאלט ערשט האבען זיי דערפיהלט אז האללאנד איז געווארען פאר זיי א אמת'ע היים, אז זיי האבען דאס רעכט זיך צו רופען קינדער פון דעם לאנד און אז זיי זענען ארומגערינגעלט מיט ברידער און געטרייע גוטע פריינד. אין יענער צייט האבען שוין אין אמשטרדם געוואהנט פיער הונדערט משפחות און האבען געהאט זייערע אייגענע דריי הונדערט הייזער. דעמאלט האבען זיי דארט אויך געעפענט א יודישע דרוק, און גרויס איז געוועהן זייער פרייד אז זיי האבען דערלעבט די מעגליכקייט פריי ארויסצולאזען יודישע ספרים און קיינער זאל זיי ניט זאגען קיין דעה און זאל זיי ניט הייסען מעקען און קלעקען. באלד איז מען שוין פון זיי געוואהר געווארען

אין אנדערע ארטער אונ מען האט זיך גאר אנגעהויבען אנשלאגען אין זיי. דער קאניג כריסטיאן דער פיערטע פון דענעמארק האט געשיקט באטהען די אמשטערדאמ'ער יודישע קהלה זיי זאלען איהם ארויסשיקען עטליכע יודען אונ האט זיי צוגעזאגט גאנצע גליקען; דאס אייגענע האבען אויך געטהון די הערצאגע פון סאוואיען אונ מאדענא אונ האבען זיך אויך בעמיהט צו בעזעצען די שטאדט ניצא אונ רעדזשיא מיט פארטוגאזישע יודען. אזוי איז שוין דער שטייגער פון דער וועלט: קוים האט מען איינעם אין מויל אונ מען רעדט אויף איהם נאר שלעכטס — וויל קיינער אויף איהם קיין זכות ניט זוכען אונ יעדער זעהט נאר עבירות אונ חסרונות; דערפאר אבער אז ביי דעם אייגענעם אונגליקליכען טאקי הויבט אן א ביסעל דאס מזל צו שיינען — זוכען זיך אב גאר אונערווארטעטע גוטע פריינד, אונ די אייגענע מענשען, וואס האבען נאר וואס געזעהען פאר זיך גאר שווארץ, שרייען שוין אז עס איז דוקא ווייס אונ פונ'ם פריהריגען חסרון ווערט גאר א מעלה!

אזוי איז אויסגעוואקסען א נייער מיטעלפונקט פאר די יודען אונ די מא-ראנען, איין ארט, וואו זיי האבען זיך געקאנט אויסגלייכען די ביינער נאך אזוי פיעל שלאג אונ צרות. אונ ניט אומזיסט האט מען דעמאלט אמשטערדם גערופען „דאס נייע גרויסע ירושלים". ווער עס האט נאר געהאט דאס גליק זיך אהין צוצושלאגען, דער האט זיך שוין געפיהלט זיכער אונ געשיצט, אונ וואס גראסער די רדיפות זענען געוועהן אין אנדערע לאנדער, איז האללאנד גע-ווארען רייכער, לעבעדיגער אונ בעפאלקערטער. די מאראנען האבען אבער מיט געבראכט קיין האללאנד ניט נאר זייערע גרויסע קאפיטאלען, זיי האבען אריינגעפיהרט שטארקע קענטניסע, ווייל אין שפאניען אונ פארטוגאל האבען זיי פערנומען ד בעסטע שטעלען ביי דער קרוין, א טהייל פון זיי זענען געוועהן גייסטליכע, אדוואקאטען, דאקטוירים, אונ דאריבער זענען זיי אים שטאנד געוועהן אויך די וויסענשאפט צו בעפעסטיגען אין דער נייער היים. צווישען די געלעהרטע יודען פון האללאנד האט זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט ר' אברהם זכותא לוזיטאנא, א אור-עניקעל פון דעם בעריהמטען אסטראנאם זכותא, אונ איינער פון די בעסטע דאקטוירים פון יענער צייט, וואס איז צו ליעב דעם געוועהן א גרויסער חשוב ביי פיעל שררות. ער איז געבארען געווארען אין ליסאבאן ביי עלטערן מאראנען אונ האט זיך גענוג אנגעליטען אין די יונגע יאהרען פאר דער אמונה; מיט גרויס מיה איז איהם געראטהען צו אנטלויפען קיין אמשטערדם אונ דארט האט ער שוין פערבראכט זיין עלטער אין נחת,

ווייל סאי יודען סאי קריסטען האבען איהם אבגעגעבען גרויס כבוד. די מלוכה אליין האט זעהר געשאצט די יודען אונ עס איז געקומען אזוי ווייט אז אפילו די מלוכות פון די דאזיגע לאנדער, וואו מען האט די יודען געטריבען אונ געיאגט, האבען דווקא יודען בעשטימט פאר קאנסולען אין האללאנד. די לאגע פון די יודען אין האללאנד איז געוועהן אזוי גוט, אז עס איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס אמשטרדם האט אזוי איבערראשט דעם בעריהמטען דיכטער פאול דע פינא, אדער רוכל ישרון, אונ ער האט אנגעשריבען א ליעד אויף פארטוגאזיש, וואס זיבען יונגע לייט האבען עס געזונגען אין דער שול „בית יעקב". אין דעם ליעד האט ער פארגעשטעלט ווי דאס „הייליגע לאנד" שיקט א גערוס דעם נייעם „ארץ ישראל" אונ יעדער פון די זיבען בערג, וואס ווערען דערמאנט אין דער תורה, ווי סיני, הר ההר, נבו, גרזים, כרמל, זיתים אונ ציון, דערצעהלען די מעלות פון דער גרויסער יודישער קהלה, וואס האט זיך שוין דעמאלט אויסגעצייכענט מיט צדקה אונ מיט זארגען פאר צרכי רבים. נאך איין מאראנישער דיכטער האט געלעבט אין יענער צייט, דאס איז געוועהן דוד אבנתר, וואס איז שיער ניט אומגעקומען אין שפאניען אונ אז ער איז ניצל געווארען אונ איז געקומען קיין אמשטרדם, האט ער דארט „תהלים" איבערגעזעצט אויף שפאניש. איין זאך האט יא געמאכט אין איבערשלאג — דאס איז געוועהן א מחלוקת וואס האט זיך אנגעהויבען אין דער צייט ווען ר' יצחק עוזיאל איז געווארען רב. די פריהריגע צוויי רבנים האבען פערשטאנען אז א מענשען קאן מען אזוי גיך ניט איבערמאכען אונ אז אויף די דאזיגע, וואס האבען אין זיך עטליכע דעות כסדר פארט געוואהנט צו פיהרען אונ צו לעבען ווי די קריסטען איז שווער מיט אמאל ארויפצווארפען דעם עול פון תרי"ג מצות; דאריבער זענען זיי זיך בעגאנגען מיט די מאראנען שטיל אונ געלאסען אונ האבען ניט אנגעמאכט קיין געוואלד ווען זיי האבען אפילו געזעהען אז זיי היטען ניט אזוי שטארק אב עפיס א דין אדער א מנהג. ר' יצחק עוזיאל האט אבער אנדערש געקוקט אויף אזעלכע זאכען, ער האט געדרונגען אז ווי באלד מען רעכענט זיך פאר א יודען מוז מען געטריי זיין דער אמונה אונ פלעגט אין זיינע דרשות אנפאלען אויף אזעלכע, וואס האבען ליעב געהאט זיך צו זוכען א היתר, אונ צו ליעב דעם האבען זיך עטליכע בעלי בתים אבגעטהיילט. צווישען זיי איז אויך געוועהן א גרויסער עושר ר' דוד אזאריא, אונ זיי האבען זיך אויסגעקליבען א נייעם רב ר' דוד פרדו. דערווייל האבען פונ'ם יאהר 1636 אנגעהויבען צו קומען יודען פון דייטשלאנד, וואס האבען ניט גערעדט

גֶערֶעדט שְׁפַּאנִישׁ אוּנ הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט אַנְדֶערֶע מִנְהָגִים; זֵיי אִיז גֶעוִויס שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אוֹיסְצוּגְלַייכֶען זִיךְ מִיט דִי מַארְרַאנֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אַבֶּעזוּנְדֶער קְהִלָּה פוּן אַשְׁכְּנַזִים. אַזוֹי זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דְרַיי יָאהר אוּנ אַז דִי מַארְרַאנֶען הָאבֶּען אַקוּק גֶעטְהוּן אַז עֶס אִיז קֵיין תַּכְלִית נִיט וָואס אִין זֵייעֶר קְהִלָּה אִיז נִיטָא קֵיין אַחְדוּת אוּנ דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען הַאלְטֶען זִיךְ פַאר גְרֶאסֶערֶע מְיוּחָסִים פוּן זֵיי, אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל זִיךְ אוֹיפְהֶערֶען קְרִיגֶען. ר׳ יַעֲקֹב קוּרִיאֵל, אֵיינֶער פוּן דִי בְּכָבוֹדִ׳סְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין שָׁלוֹם, אוּנ פוּנ׳ם יָאהר 1639 אִיז אִין אַמְשְׁטֶרְדַם גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶע סְפַרְדִישֶׁע קְהִלָּה. צְווִישֶׁען דִי תַּקָּנוֹת וָואס מֶען הָאט דֶעמָאלְט גֶעמַאכְט, הָאט מֶען אִין זִין גֶעהַאט צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דָאס לֶערְנֶען פוּן תּוֹרָה אוּנ מֶען הָאט גֶעאֶפֶּענְט אַתַּלְמוּד תּוֹרָה, וָואס הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען, אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָּחָה פוּן פִיער בֶּערִיהמְטֶע רַבָּנִים, ר׳ שָׁאוּל מָארְטֵיירָא, ר׳ יִצְחָק אַבּוּהַב, ר׳ דָוִד פַּרְדוֹ אוּנ ר׳ מְנַשֶּׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל. פוּן דֶער דָאזִיגֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה הָאט זִיךְ מִיט דֶער צַייט אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַגַאנְצֶע יְשִׁיבָה, וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַסַךְ רַבָּנִים אוּנ לוֹמְדִים, עֶס אִיז גֶענוּג צוּ דֶערְמָאנֶען, אַז פוּן דָארְט זֶענֶען בְּמֶעט אִין אֵיין צַייט אַרוֹיס אַזֵיינֶע צְווֵיי פֶערְשִׁיעדֶענֶע מֶענְשֶׁען, וִוי דֶער פַאנַאטִישֶׁער מְקוּבָּל ר׳ משֶׁה זַכּוּתָא אוּנ דֶער בֶּערִיהמְטֶער פִילָאזָאף בָּרוּךְ שְׁפִּינָאזָא.

אוּדַאי בַּיי אַזַא גְלִיקְלִיכֶען מַעֲמָד, וֶוען דִי עֶרְשְׁטֶע רַבָּנִים פוּן אַמְשְׁטֶרְדַם וָואלְטֶען זִיךְ גֶעפִיהלְט אִין כֹּחַ צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דֶעם אַלְטֶען בִּנְיָן פוּן דֶער אֱמוּנָה, וָואלְט דָאס גַאנְצֶע יוּדֶענְטְהוּם דֶעמָאלְט גֶעקָאנְט בֶּעקוּמֶען נָאר אֵיין אַנְדֶער גְלַאנְץ; עֶס אִיז אָבֶּער נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן אַז צוּזַאמֶען מִיט׳ן גוּף זָאל אוֹיךְ גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען דִי נְשָׁמָה פוּנ׳ם יוּדֶען, אוּנ דִי עֶרְשְׁטֶע פִיער אַמְשְׁטֶרְדַמֶ׳ער רַבָּנִים זֶענֶען נִיט אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן צוּ גֶעבֶּען זֵייעֶר פָאלְק אַזַא רְפוּאָה שְׁלֵמָה. ר׳ דָוִד פַּרְדוֹ, וָואס נָאר גֶעצֶעהלְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים הָאבֶּען אִיהם אַרָאבְּגֶעבְּרַאכְט, אַנְדֶערֶען אוֹיף צוּ לְהַכְעִיס, אִיז גֶעוֶועהן נָאר אַ גֶעוֶוּאהנְלִיכֶער מֶענְשׁ אוּנ הָאט נִיט גֶעקָאנְט זָארְגֶען פַאר׳ן תַּכְלִית פוּנ׳ם גַאנְצֶען פָאלְק. ר׳ שָׁאוּל מָארְטֵיירַא אִיז צוּפֶעלִיג גֶעוָוארֶען רַב אִין אַמְשְׁטֶרְדַם, וֶוען עֶר הָאט אַהִין גֶעבְּרַאכְט צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל זַיין רֶבִּי׳ן, דֶעם דָאקְטָאר מוֹנְטַלְטוֹ. עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועהן קֵיין דַרְשָׁן אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט קוֹיפֶען אַזַא נָאהמֶען, וָואס אִיז נֶאטְהִיג פַאר אַמֶענְשֶׁען, וָואס דַארְף זַיין אַמַנְהִיג פוּן אַגַאנְצֶען דוֹר. נָאךְ קְלֵיינֶער פוּן אִיהם אִיז גֶעוֶועהן ר׳ יִצְחָק אַבּוּהַב דֶע פָאנְסֶעקָא, וָואס הָאט

דוקא געהאט פעהיגקייטען צום דרשנען, נאר זיין כאראקטער איז ניט געוועהן אזוי פעסט און ביי דער מינדסטער שאלה, וואס עס פלעגט פארקומען, האט ער ניט געוואוסט אויף וואס זיך צו ענטשליסען. גרעסער פון אללע איז געווים געוועהן דער יונגסטער רב ר' מנשה בן ישראל, וואס דער קראנקער פאטער האט איהם נאך א קליין קינד געבראכט קיין אמשטרדם און האט איהם געלאזט לערנען תורה ביים אלטען רב ר' יצחק עוזיאל. ער האט אפילו געלערנט אויך פרעמדע לשונות, נאר דער עיקר איז ביי איהם געוועהן דער תלמוד, און די קבלה־ספרים האט ער גערעכענט פאר'ן הייליגסטען. אודאי האט ער אלליין ניט געקאנט אויסארבייטען אזא מעמד, וואס זאל אויפריכטען און אויפקלערן די יודען אין גאנצען. און אזוי האבען די אמשטרדמ'ער רבנים זיך אבגעגעבען נאר מיט אינוועניגסטע זאכען, מיט קליינינקייטען, מיט שאלות פסקנען, מיט דין־תורות, און קיינעם פון זיי איז גאר ניט איינגעפאלען אין זין צו האבען דעם כלל ישראל. צום אומגליק איז דער חסרון פונ'ם אמשטרדמ'ער בית דין ניט בעשטאנען אזוי ווי אין דעם, וואס זיי האבען ניט געטהון, ווי אין דעם וואס זיי האבען יא געטהון: אז זיי האבען ניט געקאנט אויפטהון עפיס נייעס פאר דעם קאן מען זיי ניט בעשולדיגען, ווייל יעדער טהוט נאר דאס וואס ער איז ביכולת; נאר פאר דעם וואס זיי האבען זיך אבגעלערנט פון די אייגענע אינקוויזיטארען, פון וועלכע זיי זענען אלליין ערשט ניט לאנג אנטלאפען, מאג מען אויף זיי פעראיבעל האבען. דער איינציגער זכות, וואס מען קאן אויף זיי אבזוכען, בעשטעהט נאר אין דעם, אז מענשען האבען ליעב איינער ביים אנדערן זיך אבלערנען, און שלעכטס נעהמט מען גיכער איבער ווי אלדינג. די אמשטרדמער רבנים זענען אללע ארויסגעקומען פון פארטוגאל, מיט גרויסע נסים זענען זיי ניצל געווארען פון אזעלכע האנד, וואס האבען זיי לשם מצוה געוואלט פארברענען אין פייער; אזא זאך וואלט זיי, דאכט זיך, עביג געדארפט ליעגען אין טעם און זיי ווייזען אוועג נאר צו גוטסקייט און בארמהערציגקייט, צום סוף איז גאר אויסגעקומען פונקט פערקעהרט: קוים האבען זיי געזעהען אז די מלוכה גיט זיי איבער די גאנצע מאכט, איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען געהען נאר מיט תקיפות: יעדען וואס וועט עפיס ארויסווייזען א ליעבשאפט צו פרייהייט אויסרייסען די אויגען, און פאר אנרירען דעם קליינסטען מנהג זאל מען יענעם עוקר מן השרש זיין.

אויף דעם איינענעם שניט זענען געגאנגען די איבריגע קליינערע קהלות, וואס זענען געווארען אין אנדערע ערטער. אין האללאנד האט זיך, נאך

אמשטרדם, גערעכענט פאר דער צווייטער קהלה די ראטערדאמער, וויל דארט האבען זיך ביסלעכווייז בעזעצט יודען אונ צוויי רייכע ברידער אברהם אונ יוסף פינטא, האבען געעפענט א שול אונ א ישיבה אונ האבען בעצויגען אהין פאר רב אונ פארשטעהער איונגען למדן ר' יאשיה פרדו. נאך פיעל ספרדישע קהלות זענען אין יענער צייט געווארען אין א סך שטאדט פון דייטשלאנד אונ נידערלאנד.

אין האמבורג האט געדויערט היבשע עטליכע יאהר ביז די יודען האבען דארט געקאנט בעקומען ערלויבניש זיך אפענטליך דארט צו רעכנען פאר איינוואהנער אונ האבען אבעזונדערע עדה. אז מען פלעגט אנהויבען רעדען וועגען אריינלאזען יודען קיין האמבורג פלעגען די לוטהעראנער פערוואורפען מיט טענות אונ מענות אונ שרייען אז מען וויל זיי אומגליקליך מאכען. דער ערשטער, וואס האט אנגעהויבען רעכט צו ארבייטען אז די טויערן פון האמבורג זאלען אפען ווערען פאר זיינע ברידער, איז געוועהן א יודישער יוועליר, יצחק פון זאלצופען, וועלכער האט צו זיך צוגעצויגען נאך צוועלף יודען אונ אללע האבען זיי איינגעגעבען א בקשה אין סענאט, מען זאל זיי נאר אויף צוועלף יאהר ערלויבען זיך צו בעזעצען אין האמבורג אונ דערפאר זאל מען ביי זיי נעהמען מיט א מאל דריי טויזענד טהאלער, אונ אחוץ דעם האבען זיי זיך מתחייב געוועהן אללע יאהר צו צאהלען דער שטאדט גרויסע נתינות. נאר אין דער צייט, וואס אין סענאט האט זיך אנגעהויבען א שרייבעניש, מען האט געקלעהרט אהין אונ אהער אונ מען איז מעהר געניינט געוועהן די יודען אבצוזאגען, האבען שוין מאררא נען לאנג געוואהנט אין האמבורג אונ זענען געוועהן גרויסע סוחרים אדירים; קיינעם איז אבער ניט איינגעפאלען זיי צו טשעפען, וויל מען האט זיי געהאלטען פאר קריסטען פון אבעזונדער סעקטע. אז די האמבורגער מאררא נען האבען דערהערט, ווי פריי אונ גליקליך עס לעבען אין אמשטרדם זייערע ברידער, וועלכע זענען שוין לאנג איבערגעגאנגען צום יודענטהום, האבען זיי זיך מישב געוועהן אז עס איז טאקי צייט זיי זאלען זיך אלליין אויך אויפהערען צו פערשטעלען אונ זיי האבען זיך ענטשלאסען ביסלעכווייז אנהויבען אבהיטען יודישע מנהגים. עס איז געווארען א פערמישעניש פון קריסטליכע אין יודישע דינים: אין איין שטוב האט מען, א שטייגער, געהאלטען שבת אונ פארט די קליינע קינדער געלאזט טויפען. אז דאס פאלק איז געוואהר געווארען דערפון, איז געווארען א שטארקער רעש אונ מען האט אנגעהויבען פאדערן מען זאל די מאררא נען ארויסטרייבען. דער סענאט האט זיך אבער

דארויף ניט געקאנט ענטשליעסען, ווייל די גראסטע געשאפטען זענען געוועהן ביי די מארראנען אין די האנד זיי זענען אללע געוועהן זעהר רייך אונ נאהענט צו דער מלוכה. דערפאר איז געבליבען עס זאל הייסען אז מען האט געמאכט א שטארקע חקירה ודרישה אונ מען זאל מודיע זיין דעם עולם, אז די מארראנען זענען פארטוגאזען אונ אמת׳ע קריסטען. דאס איז געוועהן איין אויסרעד, כדי עס זאל ווערען שטיל, אונ אלליין האט זיך די מלוכה ענטשלאסען די מארראנען צו דולדען אונ זיך מעהר ניט צוקוקען צו דעם וואס זיי טהוען. אזוי האבען זיך אויסגעמישט די עטליכע יודען, וואס האבען אלץ געארבייט אומזיסט מען זאל זיי לאזען זיצען אין האמבורג, מיט די מארראנען· אונ הונדערט פינף אונ צוואנציג יודען זענען געבליבען האמבורגער איינוואהנער. צווישען זיי זענען געוועהן צוויי גרויסע גבירים, וואס האבען געפיהרט דעם גאנצען מסחר פון דער שטאדט, אונ צוויי בעליעבטע דאקטוירים פון וועלכע ראדריגא דע קאסטרא האט געהאט זעהר א שאנעם נאהמען, ווייל ער האט זיך ניט איין מאל מוסר נפש געוועהן פאר זיינע חולים, אונ אז אין האמבורג איז געוועהן א מגפה האט ער זיין לעבען איינגעשטעלט אב צו ראטעוועז טויזענדער קראנקע.

מילא מיט אזא תרוץ האט מען געקאנט אבקומען נאר פאר די פראסטע אונ זיי איינרעדען אז די מארראנען זענען קיין יודען ניט; די לוטהערישע גייסט־ליכע אבער האבען פערשטאנען דאס אויפטהוא אונ האבען געהאלטען אין איין שרייען. דערפון איז דווקא ארויסגעקומען א שטיקעל טובה, ווייל די מלוכה אלליין האט געגעבען א קוק, אז מיט קונצען וועט מען דא גאר ניט מאכען אונ עס איז ביי איהר געבליבען זי זאל אפען אנהויבען רעדען וועגען יודען. די מלוכה האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צו די גרויסע געלעהרטע אין די אוני־ווערזיטאטען פון יענא אונ פראנקפורט ביי דער אדער, אונ חאטש פון זיי איז אנגעקומען ניט קיין פרעהליכע תשובה, זיי האבען געשריבען אז יודען מאג מען אריינלאזען, נאר מען טאר זיי ניט ערלויבען צו האבען אפענטליכע שולען, אפילו מאכען אזוי אין א שטוב מנינים, מל זיין די קינדער, האלטען קריסטליכע דיענסטען, בעקומען שטעלען ביי דער קרוין, אונ אויסער דעם מוז מען זיי נייטהען זיי זאלען אללע שבת אונ יום טוב הערען קריסטליכע דרשות, פון דעסטוועגען איז שוין געוועהן אין וואס זיך אנצוהאפען, אונ אים יאהר 1612 האבען זיך די יודען שוין געקאנט רעכנען צווישען די האמבורגער איינוואהנער. געהייסען האט עס, אז זיי האבען ניט אללע רעכטע אונ זייערע מתים האבען זיי געמוזט פיהרען קיין אלטונא, וואו

עס איז געוועהן אקליינער יודישער בית עולם. קיין אייגענע נחלה האבען זיי ניט געטארט האבען, אונ נאר דעם איינציגען דאקטאר ראדריגא דע קאסטרא האט מען ערלויבט אויסצובויען פאר זיך איין הויז. נאר דאס האט זיי ניט געשטערט: קוים איז דער האנדעל פריי געוועהן אונ בעהאלטען האבען זיי זיך שוין מעהר ניט בעדארפט, האבען די יודען פערשטאנען אזוי צו לעבען אונ אזוי נוצליך ווערען פאר דער שטאדט, אז אללע האבען זיי געשאצט אונ ביסלעכווייז האט זיי דאס פאלק אלליין געגעבען אללע רעכטע. קיין צעהן יאהר זענען נאך ניט אוועקגעגאנגען אונ די יודען האבען אין האמבורג זיך געפיהלט אזוי פעסט, אז זיי האבען זיך שוין ערלויבט אפענטליך ארויסצוטרעטען געגען געזעץ: זיי האבען געעפענט א שול, חאטש מען האט עס ניט געטארט, אונ האבען אראבגעבראכט פון אמשטערדם א רב ר' יצחק אטהיאס. אט צו ליעב דער שול, וואס איז אין גאנצען בעשטאנען פון צוויי קליינע חדרים האט די מלוכה געהאט זייער פיעל מיה, ווייל פון אללע זייטען זענען די גייסטליכע אנגעפאלען אונ האבען געשריגען אז געגען די יודען ווייזט מען ארויס מעהר חסד ווי געגען קריסטען. אביסעל האבען זיי טאקי רעכט געהאט, ווארום די קאטאליקען האבען ניט געטארט האבען אין האמבורג קיין קירכע. די מלוכה האט זיך ווייטער געמוזט פערענטפערן, זי האט ערקלאהרט אז די יודען האבען גאר קיין שול ניט, נאר זיי קומען זיך גלאט אזוי צונויף אין א פראסטער שטוב אונ לערנען דארט תורה אדער זיי זאגען תהלים. אללע האבען פערשטאנען אז דאס זאגט מען זיי נאר לפנים אונ די שונאי ישראל האבען געהאט א נייע געלעגענהייט צו שיטען מיט פייער אויף די יודען. עס האבען זיך געפונען אזעלכע וואס האבען זיך ניט געשעמט פארצולעגען אז די יודען זאלען זיך אויסקלויבען א רב צווישען די גייסטליכע. די מלוכה האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג אונ די יודען האבען זיך ווידער געטהון זייערס: זיי האבען מיט זייערע מעשים בעוויזען אז זיי זענען ניט קיין לעדיג-געהערס אונ אז האמבורג האט זיי גאר צו פערדאנקען וואס עס איז פון איהר געווארען אזא גרויסע האנדעלס-שטאדט. אז עס האט זיך אים יאהר 1263 געעפענט די האמבורגער באנק זענען צווישען די ערשטע גרינדער געוועהן צוועלף יודישע גבירים: מרדכי אבענדאנא, דוד בראנדאן, יאהאן פראנציסקא בראנדאן, גאנזאלווא קארלאס, דיעגא קרדוזה, אברהם די אקאסטא, פראנטשעסקא גאמעס, דיעגא גאנזאלווא דא-לימא. הענריקו דא-לימא, גאנזאלווא לאפעץ, יוסף מענדעז אונ לאפע נונעס. דעמאלט האט זיך אויך בעזעצט

אין האמבורג איינער פון די בעריהמטע שפאנישע מאראנען, דיעגא טעקסיירא דע מאטטאס, וואס איז פריהר געוועהן שפאנישער געזאנדטער אין פלאנדערן און ערשט אז ער איז געווארען א זקן פון זיבציג יאהר, האט ער בעקומען די מאגליכקייט זיך אומקעהרען צום יודענטהום. טעקסיירא איז געוועהן זעהר רייך און אז ער פלעגט ארויספאהרען אין גאס מיט דער טהייערער קארעטע, געקליידעט אין די פיינסטע זיידענע מלבושים, פלעגען איהם אללע גריסען מיט גרויס דרך ארץ. עס האט זיך אפילו איין מאל געמאכט אז א גייסטליכער האט איהם בעגעגענט און האט איהם נאך זיין הדרת פנים גערעכענט פאר א פירסט; אודאי האט ער פאר איהם אראבגענומען דאס היטעל און אז ער איז דערנאך געוואהר געווארען וועמען ער האט אבגעגעבען כבוד האט ער זיך אויסגעגעסען די גאל און האט געשריגען, אז עס וואלט א יושר געוועהן די יודען להלוטין ארויסצוטרייבען פון האמבורג, כדי קיינער פון זיי זאל איהם שוין מעהר ניט ברענגען צו אזא שטארקען חטא.....

צווישען די שונאים, וואס זענען ניט מיעד געווארען צו שרייען אז די יודען זענען איין אומגליק פאר האמבורג, האט דעם ערשטען פלאץ פערנומען יאהאנעס מיללער, א גייסטליכער, וואס האט זיך איינגערעדט, אז ער וועט זיך פערדיענען זיין עולם הבא נאר דערמיט וואס ער וועט שעלטען און זידלען דאס יודישע פאלק. אז כיסלעכווייז האבען זיך אין האמבורג בעזעצט אויך דייטשע יודען און זיי האבען זיך געמאכט דארט א בעזונדער שול, האט עס יאהאננעס מיללער שוין ניט געקאנט אריבערטראגען און ער האט אנגעמאכט אזא געוואלד, גלייך ווי א ערדציטערניש אדער א מגפה וואלט בעדארפט קומען אויף דער שטאדט. די מלוכה האט איהם אבער געאנטפערט קורץ און שארף אז, ערשטענס, האלט זי עס דוקא ניט פאר א חסרון ווען מענשען היטען אב זייער אמונה און לעבען ניט אהן דינים ווי די ווילדע חיות, און אז, צווייטענס, טאר זי ניט צומאכען די יודישע שולען, ווייל דעמאלט וועלען די יודען געוויס אוועקפאהרען און עס וועט ווערען א תל פון גאנץ האמבורג. אזוי האבען די יודען אלדינג אויסגעפיהרט; די מלוכה איז געגאנגען מיט עהרליכקייט, און דארט וואו אמת און יושר האבען ניט געהאט קיין גרויסען ווערטה, איז די יודישע מטבע געוועהן די בעסטע קמיע און האט זיי ארויסגעשלעפט פון אללע צרות. מען מאג זאגען, אז אין יענער צייט איז נאר איין יאהאננעס מיללער געוועהן א נקי כפים, און ווען ער האט צו זיך עטליכע חברים אזעלכע ווי ער אלליין, וואלט אודאי ניט גוט געוועהן; ניט אללע האבען זיך אבער געהאלטען

אין זיין גאנג, אונ דערפאר האבען די יודען פון האמבורג געלעבט רוהיג אונ האבען זיך גענומען בויען, טאקי אויף א אפענטליכען פלאץ אונ ניט אין קיין פרעמד הויז ווי פריהר, א גרויסע שול די שונאים אויף צו להכעיס. דעמאלט איז דווקא ביים קאניג פון דענעמארק "כריסטאן דעם פיערטען", א יוד ר׳ בנימין מוספיא געווארען לייב-דאקטאר אונ די מלוכה פון פארטוגאל האט געמאכט צוויי יודען, דוארטע נונעס דא קאסטא אונ יעקב קוריאל, פאר געזאנדטע; אויך דער קאניג פערדינאנד דער פיערטע האט א יודען, עמנואל ראזאלעס, געשענקט דעם גרויסען טיטעל "פפאלצגראף".

אין יענער צייט איז אויך געווארען א קליינע קהלה פון מאראנען אין בראזיליען, אין דער שטאדט פערנאמבוקא, ווייל אהין האט פארטוגאל פערשיקט א סך מאראנען אונ זיי האבען דערנאך פיעל געהאלפען אז האללאנד זאל אבנעהמען בראזיליען, אונ קוים האט זיך די מדינה שוין געפונען אונטער דער מאכט פון האללאנד האבען די מאראנען אראבגעווארפען פון זיך די מאסקע אונ זענען געווארען פאלקאמענע יודען. זיי האבען זיך געמאכט אין א קליין שטאדטעל רעציפע א בעזונדער "קהלה קדושה" אונ האבען געשריבען צו זייערע ברידער קיין אמשטרדם אז זיי מאגען צו זיי ארויסשיקען מענשען. דעמאלט איז פון אמשטרדם ארויסגעפאהרען קיין בראזיליען א גאנצע געזעלשאפט אונ צווישען זיי איז אויך געוועהן ר׳ יצחק אבוהב דא פאנסעקא, וואס איז אים יאהר 1642 געווארען הויפט-רב פון בראזיליען. אין טאמאריקא איז אויך געווארען א יודישע קהלה אונ ר׳ יעקב לגרטו, א גרויסער למדן, איז דארט געוועהן רב. דאס פארשטעהט מען אז די יודען פון בראזיליען האבען געהאט אללע רעכטע אונ זיי האבען געשיצט דאס לאנד אי מיט גבורה, אי מיט חכמה. דארט וואו מען האט בעדארפט געהען מיט כח זענען זיי גאר קיין פוילער ניט געוועהן אונ האבען געקאנט דעם שונא האלטען אין דער מורא; דארט וואו עס איז אבער נאטהיג געוועהן עפיס אויפצוטהון אונ געפינען א רעכטע עצה, האבען זיי ארויסגעוויזען אז ניט אומזיסט קומען זיי ארויס פון די חכמים, וואס האבען דעם שכל קיינמאל ניט אוועקגעלאזט אן אזייט. אז די פארטוגעזען פון בראזיליען האבען געוואלט ארויס פטר׳ן פון דארט די האללאנדער אונ האבען זיך אבגערעדט מען זאל מאכען קלאמערשט פאר זיי א סעודה אונ פלוצלונג זאל מען אויף זיי אנפאלען אומגעריכט אונ ניט איבערלאזען פון זיי קיין ביינדעל, האט א יוד באלד אנגעשמעקט וואס מען וויל דא אויפטהון,

ער האט בעצייטענס געגעבען צו וויסען אונ די שלעכטע מענשען זענען אלליין אריינגעפאלען אין דעם גרוב וואס זיי האבען געגראבען פאר אנדערע. אז עס האט זיך דערנאך, אים יאהר 1686, אנגעהויבען א מלחמה צווישען די פארטוגעזען אונ די האללאנדער, מען האט בעלאגערט דאס שטאדטעל רעציפע, עס זענען אויסגעגאנגען אללע לעבענסמיטעל אונ די האללאנדער האבען ניט געקאנט צוזעהען ווי די אנדער איינוואהנער געהען אויס פאר הונגער אונ האבען זיך שוין געוואלט אונטערגעבען, האבען די יודען זיך פעסט אנידערגעשטעלט אונ האבען געפאדערט מען זאל זיך שלאגען ביז צום לעצטען טראפפען בלוט אבי האלאנד זאל ניט דארפען מיט בושה אנבויגען דעם קאפ. אודאי האט האללאנד די יודען געהאט צו דאנקען וואס זי האט אויסגעפיהרט איהרס, אונ אומעדום וואו די האללאנדער האבען נאר געהאט צו שאפען, האט מען די יודען געשאצט פאר זייער געטריישאפט אונ נוצליכקייט.

ניט אזוי גליקליך זענען געוועהן די מאראנען, וואס זענען פערווארפען געווארען קיין פראנקרייך. גרעסטענטהיילס האבען זיי זיך בעזעצט אין בארדא נאך אים יאהר 1550, אונ האבען דארט געפיהרט גרויסע געשעפטען. די מלוכה האט גוט געוואוסט ווער זיי זענען, נאר פון דעסטוועגען האט זי זיי ערלויבט צו בלייבען אין לאנד, זי האט זיי גערופען נייע קריסטען אונ האט מיט זיי אויסגענומען א תנאי, אז ווי אזוי זיי זאלען זיך ניט פיהרען ביי זיך אין דער היים, מוזען זיי לפנים אבהיטען דאס קריסטענטהום, טויפען די קינדער, חתונה האבען אין די קירכען אונ רופען זיך נאר מיט קריסטליכע נאהמען. ווי עס שיינט, האבען די מאראנען, אדער נייע-קריסטען, פערשטאנען זיך בעליעבט צו מאכען ביים פאלק, וואס האט גוט געזעהען אז זייער גאנצע הנהגה איז יודיש, אונ זיי זענען אפילו געבליבען גאנץ, אין דער שרעקליכער בארטהאלאמעאישע נאכט ווען די קאטאליקען האבען אויסגעקוילעט אללע זייערע געגנער. אזוי האבען זיי זיך געלעבט נישט קשה, נאר זייער וועטהיג איז ניט געוועהן איבערצוטראגען וואס זיי זענען געצוואונגען געוועהן לפנים זיך צו פערשטעלען. אים יאהר 1636 איז אין בארדא שוין געוועהן א מאראנישע קהלה פון צוויי הונדערט זעכציג מענשען, אונ נאך עטליכע קליינערע קהלות האבען זיך געפונען אין באיאן אונ אין אנדערע ערטער, נאר זיי האבען זיך נאך אלץ גערעכענט ווי נייע-קריסטען. ערשט שפעטער מיט פינפציג יאהר האט זיי לודוויג דער פירצעהנטער געגעבען דאס רעכט צו ווערען יודען, אונ גרויס איז געוועהן די שמחה פון די דאזיגע, וואס האבען דערלעבט צו זעהען אז עס איז מקוים געווארען דאס

וואס איז געוועהן די בעסטע האפנונג פון זייערע עלטערן אין א צייט פון עטליכע דורות.

---

## ז די דרייסיג יאהריגע מלחמה אונ חמעלניצקי'ס צייטען.

### (1118—1655 נאך קריסטוס געבורט).

ווען אין האללאנד האבען די יודען זיך געוואָרמט ביי דער זונן פון פרייהייט, איז דער הימעל כמעט אין גאנץ אייראפא נאך געוועהן גוט פערחמארעט אונ נאר א בעזונדערע פינסטערניס האט בעדעקט דייטשלאנד. די צאהל פון די האמבורגער יודען איז נאך געוועהן זעהר קליין; אין אנדערע ערטער האבען זיי געוואוהנט צו טויזענדער משפחות, נאר זייער לאגע איז געוועהן שרעקליך טרויעריג. אין פראג האבען זיך געפונען צעהן טויזענד יודען, אין פראנקפורט אם מאין — פינף טויזענד, אין וויען — דריי טויזענד אונ אין ווארמס — פיערצעהן הונדערט. נאר מען קאן גאר ניט רעכנען אז זיי האבען דארט געלעבט, ווייל אחוץ דעם, וואס מען האט זיי צו קיין זאך ניט צוגעלאזט אונ זיי האבען געמוזט ביטער הארעווען אויפ'ן טרוקען שטיקעל ברויט, האט מען זיי פשוט ניט געלאזט קיין גאס דורכגעהען. מען פלעגט זיי נאכוואַרפען שטיינער אונ זיך מאכען אלוסטשפיעל פון רייסען בארד אונ פליקען פאות. פון דעסטוועגען, ווי אזוי שלעכט די יודען איז ניט געוועהן אין דייטשלאנד, האט עס די מארראנען פארט געצויגען צו זיי אונ זיי האבען געוואלט פערשווארצט ווערען חאטש צוזאמען מיט זייערע ברידער; דערפאר האבען זיך פיעל מארראנען בעזעצט אין פראנקפורט אם מאין, חאטש מען האט זיי ניט ערלויבט צו בויען א אייגענע שול אונ זיי האבען דערזעהן דארט די יודען אין אזא מעמד אז עס איז זיי פינסטער געווארען אין די אויגען.

אין פראנקפורט אם מאין איז טאקי דעמאלט געוועהן א בעזונדער „געזעטץ פאר די יודען" אונ מען ווייסט ניט וועלכעס מען דארף מעהר בעוואונדערן, צו די ווילדע רציחה פון די דאזיגע, וואס האבען ארויסגעגעבען אזא מין „געזעטץ" אדער דאס שטארקהייט פון די אומגליקליכע וואס האבען עס איבערגעטראגען. וואהנען האבען די יודען געמוזט אין א בעזונדער „געהטא", דאס איז א קליינער טהייל פון דער שטאדט וואס פלעגט ביי נאכט ווערען סגור ומסוגר אונ מען האט קיינעם ניט ארויסגעלאזט, קיין קריסטליכע אממען אונ

דיענסטטען האבען זיי ניט געטארט האלטען אונ, אויסער שאנדליכע צייכען אויף די קליידער, האט מען זיי אויך געצוואונגען אויף זייערע הייזער מאכען אזעלכע סימנים, ווי אויסמאלען אויף דער וואנד איין עזעל אדער אויסשמירען מיט אזיינע גרעללע קאליערען, כדי דער עולם זאל האבען פון וואס צו לאכען. ביי טאג האט מען זיי אויך ניט געלאזט נאר פריי ארויסגעהען פון דער געהטא, אונ ווער עס האט זיך געוואלט אריינגעהן אין אנדערע גאסען האט געמוזט דערווייזען אז ער האט א נאטהיג געשעפט, אדער געבען דעם פאליציע א מתנת יד זי זאל אוועקקוקען, אז דאס האבען צוויי יודען צוזאמען ניט געטארט געהען, אונ ווער שמיעסט אין א יום טוב אדער ווען עס פלעגט אין שטאדט אריינקומען עפיס א נאסט פון די גרויסע שררות, דעמאלט איז טאקי געוועהן א סכנה פאר יודען זיך ארויסצווייזען, אויף דער ליכטיגער שיין. אין געהטא אליין האט מען אויך פון זיי ניט געטארט הערען קיין הויך קול, קוים איז נאכט געווארען האבען זיי זיך באלד געמוזט לעגען שלאפען, קיין אורחים האבען זיי ביי זיך ניט געטארט אויפנעהמען אונ אפילו אין שפיטאל האבען זיי געמוזט אנקומען צום מאגיסטראט ער זאל ערלויבען אריינלאזען קראנקע פון דער פרעמד. אין מארק האבען די יודען געהאט דאס רעכט איינצוקויפען זיך אפילו שפייז אונ עסענווארג ערשט נאך דעם, ווען אללע קריסטען האבען פאר זיך שוין אלדינג איינגעקויפט. ביי דעם אללעמען האט דער יוד געמוזט צאהלען דער שטאדט מס דריי מאל אזוי פיעל ווי אנדערע, אונ האט נאך ניט געקאנט לעבען רוהיג, ווייל דער מאגיסטראט האט דאס רעכט געהאט יעדען יודען באלד הייסען געהען נאר אהן טענות, אונ אזוי האבען זיך די יודען שטאנדיג געפיהלט אויף א פרעמדער פוהר אונ יעדער טאג, וואס מען האט איבערגעלעבט אין צרות אונ פיין, איז ביי זיי געוועהן א געשאנקטער.

נאר אפילו אזא פערשאלטען לעבען פון די פראנקפורטער יודען האט ניט געלאזט רוהען זייערע ביטערע שונאים, אונ באלד האט זיך אבגעזוכט א בעקער, וויצענץ פעטמילך. וואס האט זיך שטארק מתקנא געוועהן אין המן הרשע אונ האט זעהר געוואלט מאכען א תל פון אללע יודען. אים יאהר 1614, פונקט אים ראש השנה, ווען אללע יודען זענען געוועהן אין שול, איז פעטמילך אנגעפאלען מיט א גאנצע באנדע רוצחים אויף די יודישע הייזער אונ מען האט אנגעהויבען ראבעווען, ברענען אונ קוילען. די יודען האבען באלד געזעהען אז דער מאגיסטראט שטעהט פון ווייטענס אונ וויל זיי ניט העלפען; אודאי האבען די יונגע לייט, וואס האבען זיך געפיהלט אין כח,

געהאפט צו געווערר אונ עס איז געוואָרען אַ גרויסע שחיטה, נאָר פון יודען זענען געפאַלען מעהר, ווייל פעטמילך׳ס חברה איז געוועהן גרעסער אין דער צאהל. ניצל זענען נאָר געוואָרען די דאָזיגע 1380 יודען, וואס זענען גלייך פון דער שול אין קיטעל אונ טלית אַנטלאָפען אויפ׳ן בית עולם אונ האָבען געהאלטען די נשמה אין די האַנד ביז מען האט אויף זיי רחמנות געהאט אונ מען האט זיי געעפענט דעם טויער פון דער שטאָדט, זיי זאָלען קאָנען אַוועק נאַקעט אונ בלויז וואוהין די אויגען וועלען זיי טראָגען. דאס איינגע האט מען אויך געטהון מיט די יודען פון וואָרמס; נאָר דאָרט איז עס חאָטש צוגעגאַנגען שטיל אונ עס האט ניט בעדאַרפט קומען צו בלוט פערגיסען. עס האט זיך געפונען איין אַדוואָקאַט העמניץ, וואס האט מיט גוטע פערשטעהען גע־געבען די יודען אַז זיי טאָרען ניט מאַכען קיין לאַנגע שיהות אונ מוזען שוין אַרויס פון וואָרמס, אויב זיי ווילען ניט עס זאָל קומען צו הריגות. די יודען האָבען שוין געהערט וואס עס איז פאָרגעקומען אין פראַנקפורט אַם מאַין אונ האָבען פערשטאַנען אַז זיי קאָנען טאַקי דא מאוס אָבשניידען; דאַריבער האָבען זיי געמוזט אים אחרון של פסח, פונ׳ם יאָהר 1615, פאַרנעהמען וואס זיי האָבען נאָר געקאָנט אונ זיך לאָזען געהען. זייער גאַנץ שטיקעל גליק איז נאָך געוועהן וואס דער אַרכיעפיסקאָפּ פון מאַינץ אונ דער לאַנדגראַף לודוויג פון דאַרמ־שטאַדט האָבען זיי אַריינגעלאָזט אין זייערע שטאָדטלעך אונ דאָרפער, אונ דאָרט זענען זיי זיך צונויפגעקומען מיט זייערע פראַנקפורטער ברידער אונ אַללע צוזאַמען האָבען אָנגעהויבען טראַכטען וואוהין זיך צו לאָזען זוכען אַ נייע היים.

די שמחה פון די וואָרמסער איינוואוהנער, וואס זיי האָבען אַרויסגעפּטרט די יודען פון דאָרט, האט אָבער ניט לאַנג געדויערט: דער קורפירסט פרידריך פון דער פּפאַלץ, וואס איז געוועהן אַ גוטער פריינד פונ׳ם בעריהמטען יודישען דאָקטאָר, ר׳ אַברהם זכותא לוזיטאַנאָ, האט זיך אָנגענומען די קריוודע פון די יודען, ער איז צוגעקומען קיין וואָרמס מיט פיעל חיל, דעם אַדוואָקאַט העמניץ מיט זיין חברה האט ער באַלד אַיינגעזעצט אין תפיסה אונ מיט די איבריגע איינוואוהנער האט ער זיך גוט אָבגערעכענט. דערווייל זענען אָבער אַוועקגעגאַנגען ניין חדשים ביז עס איז געוואָרען אין גאַנצען שטיל, אונ די יודען זענען אים שטאַנד געוועהן, דעם 19 יאַנוואַר 1616, צוריק אַריין אין זייערע הייזער. ערשט שפּעטער מיט צוויי חדשים האָבען זיך אויך אומגעקעהרט די פראַנקפורטער יודען; נאָר דאָרט האט די מלוכה שטרענגער בעשטראָפט די מורדים, ווייל עס איז געקומען צו גזלה אונ רציחה: די שטאָדט האט געמוזט

בֶּעצָאהלֶען פַאר'ן יוּדִישֶׁען הֶיזֶק 175,919 גוּלְדֶען. ווִינְצֶענְץ פֶעטְמִילך הָאט מֶען גֶעפִיעֶרְטְהֵיילְט אוּנ אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען, אוּנ זַיין גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה הָאט מֶען אַרוֹיסגֶעטְרִיבֶּען פוּנ'ם לַאנְד. דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען דֶעם צְוַואנְצִיגְסְטֶען אֲדָר, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט דֶעמָאלְט אַצְווייטֶען פוּרִים, אוּנ אַ סַךְ דוֹרוֹת שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ אִין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאין גֶעהַאלְטֶען דֶעם מִנְהָג צוּ מַאכֶען אִין דֶעם טָאג יוֹם טוֹב, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען „פּוּרִים־וִוינְץ״.

שְׁטַארְק בֶּעסֶער אִיז דִי יוּדֶען פוּן דַייטְשְׁלַאנְד נָאךְ דֶעם נִיט גֶעוָוארֶען, דִי אַלְטֶע גְזֵרוֹת זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין זֵייעֶר קְרַאפְט, עֶס זֶענֶען נָאךְ אֲפִילוּ צוּגֶעקוּמֶען נַייֶע: דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט צָאהלֶען בֶּעזוּנְדֶערֶע נְתִינוֹת פוּן חֲתוּנוֹת אוּנ יְרוּשָׁה, זֵייעֶר צָאהל הָאט נָאר גֶעקָאנְט זַיין אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט בִּיז פִינְף הוּנְדֶערְט, צוּקוּמֶען פוּן דֶער פְרֶעמְד הָאבֶּען גֶעמֶאגְט יֶעדֶעס יָאהר נִיט מֶעהר פוּן זֶעכְס מִשְׁפָּחוֹת, אוּנ נָאר צְוֶועלְף חֲתוּנוֹת הָאט מֶען עֶרְלוֹיבְּט צוּ מַאכֶען. נָאר גוּט אִיז הָאטְשׁ גֶעוֶועהן דָאס, וָואס דֶער קֵייזֶער מַאטְהַאִיס הָאט בֶּעפָאהלֶען מֶען זָאל אָבְּהִיטֶען דָאס לֶעבֶּען אוּנ דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דִי יוּדֶען, אוּנ אַזַא בֶּעפֶעהל אִיז זֵיי שְׁטַארְק צוּ נוּטְץ גֶעקוּמֶען אִין דֶער צַייט פוּן דֶער דְרַייסִיג יֶאהרִיגֶער מִלְחָמָה, וֶוען זֵיי וָואלְטֶען זֶעהר גְרִינְג גֶעקָאנְט וֶוערֶען דֶער שָׂעִיר הַמִּשְׁתַּלֵּחַ. אֲפִילוּ דֶער קֵייזֶער פֶערְדִינַאנְד דֶער צְוֵויטֶע, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַפַייעֶרִיגֶער קַאטָאלִיק אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַתֵּל מַאכֶען פוּן אַלֶע וָואס גֶעהֶערֶען נִיט צוּ דֶער רֶעלִיגְיָאן, הָאט נִיט גֶעהֵייסֶען אָנְרִירֶען דִי יוּדֶען, אוּנ גַאנְץ אָפְּט פְלֶעגֶען זִיךְ בַּיי זֵיי פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען בֶּעהַאלְטֶען אוּנ דוּרְךְ דֶעם נִיצָל וֶוערֶען פוּן אַסַכָּנָה. דָאס הָאט דִי מְלוּכָה גֶעטְהוּן מִיט אַכַּוָּנָה, וַוייל זִי הָאט גֶעווּאוּסְט, אַז יוּדֶען בְּרֶענְגֶען נִיט אוּיס קֵיין גֶעלְד אוּנ אַז זֵייעֶרֶע אָנְגֶעזַאמֶעלְטֶע קַאפִּיטַאלֶען קָאנֶען אִיהר שְׁטֶענְדִיג אַרַיינְפַאלֶען אִין דִי הָאנְד, וֶוען זִי וֶועט זֵיי דַארְפֶען.

אַזוֹי הָאט טַאקִי גֶעטְהוּן דֶער ווִיעֶנֶער הוֹיף, וֶוען עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען יוּדִישׁ גֶעלְד אוֹיף הוֹצָאוֹת צוּ דֶער מִלְחָמָה. עֶר הָאט גֶעמַאכְט עֶטְלִיכֶע יוּדֶען פַאר „הוֹיף־יוּדֶען״, דָאס הֵייסְט: עֶר הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען אַלֶע רֶעכְט צוּ הַאנְדְלֶען מִיט וָואס זֵיי ווִילֶען, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶאגְט בֶּעזֶעצֶען אוּמֶעדוּם, אוּנ אֲפִילוּ קֵיין צֵייכֶען אוֹיף דִי קְלֵיידֶער הָאבֶּען זֵיי נִיט בֶּעדַארְפְט טְרָאגֶען; דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעלָאזְט צָאפֶּען, נָאר אַלֵיין הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ דֶערְצוּ נִיט דֶערְלֶעגְט, אוּנ נִיט אוּמְזִיסְט הָאט זִיךְ דִי יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אִין מַאינְץ גֶערֶעכֶענְט פַאר אֵיינֶער פוּן דִי רַייכְסְטֶע, אוּנ הָאטְשׁ דִי שְׁטָאדְט הָאט זִיךְ גֶענוּג אָנְגֶעלִיטֶען

אין די פינף יאהר (פון 1631 ביז 1636) וואס די שוועדען זענען דארט געשטאנען, פון דעסטוועגען זענען די יודען אים שטאנד געוועהן, באלד ווי עס האט זיך געענדיגט די מלחמה, זיך שטעלען בויען א גרויסע שול. איבערהויפט האט די דרייסיג יאהריגע מלחמה ניט געשאדט די דייטשע יודען, ווייל קוים זענען זיי געוועהן פערזיכערט אז זייער לעבען איז ניט אין סכנה, האבען זיי געארבייט אונ געזוכט פערדיענסט, קיין אויסברענגערס זענען זיי קיין מאל ניט געוועהן אונ האבען שכל געהאט צו בעהאלטען דעם געראשען. דערפאר אז דאס אומגליק האט זיך אויסגעגאסען אויף די יודען פון פולין אונ פיעל פון זיי האבען זיך געמוזט זוכען א נייע היים, האבען זיי געפונען א מקום מנוחה ביי זייערע דייטשע ברידער, אונ די קאפיטאלען זייערע זענען זיי שטארק צו נוטץ געקומען, ווען זיי האבען בעדארפט שטיצען אומגליקליכע, וואס זענען קוים לעבעדיג ארויס פון די רוצחים'ס האנד.

א גרויסע צרה האט זיך טאקי פלוצלונג אנגערוקט אויף די יודען פון פולין, וואס האבען הונדערטער יאהרען געלעבט רוהיג, האטש אז מען קוקט זיך גוט צו זעהט מען, אז די זאך האט געהאט איהר סבה אונ איז ניט געשעהען אזוי אונערווארטעט ווי עס האט זיך געביך אויסגעוויזען די טויזענדער אומשולדיגע, וואס האבען געגאסען דעם זכות פון עטליכע געצאהלטע יודען. אין פולין האבען די פריצים קיין מאל זיך ניט געוואלט אבגעבען מיט ארבייט, טויזענדער בויערן האבען געהארעוועט אויף זיי אונ, אז מען האט בעדארפט עפים אויפטהון א שכל-זאך, האט מען אויך געהאלטען פאר איבריג צו ברעכען דעם מוח, אונ יעדער פריץ האט שוין געהאט זיין יודען, וואס איז ביי איהם געוועהן דער גאנצער בעל הבית, אונ פלעגט שוין אכטונג געבען אז קיין געלד זאל איהם ניט פעהלען אונ א רעכטע עצה זאל ער אויך שטאנדיג האבען. די קאטאלישע גייסטליכע, אונ בעזאנדערס די יעזואיטען, האט שטארק ניט געשמעקט, וואס די יודען זענען אזעלכע חשובים ביי די גראסטע שררות, נאר זיי האבען גאר ניט געקאנט ב[illegible]ען, ווייל אהן די יודען איז שווער געוועהן זיך צו בעגעהען, אונ דערצו האט זיי נאך דער קאניג וולאדיסלאוו דער פיערטע געשטיצט. אזוי האבען געמוזט די גייסטליכע אויך שווייגען, האטש אין הארצען האט עס זיי גוט געקראנקט וואס זיי האבען ניט קיין רעכטען פלאץ, וואו צו פארשפרייטען זייער גיפט. אז עס איז אבער בעשערט איין אומגליק קומט עס גאר פון איין אנדער זייט. ביים ברעג פונ'ם דניעפר אונ פונ'ם שווארצען ים האבען זיך בעזעצט אנטלאפענע פאלישע בויערן, אונ אזוי

מענשען וואס האבען קיין היים ניט געהאט, אדער זיך ניט געטארט דארט ווייזען. זיי האבען זיך גערופען קאזאקען אדער זאפאראזשצי, און האבען געהאט זייער אייגענעם ראש, אדער אטאמאן, האטש געשטאנען זענען זיי אונטער דער מאכט פון דער פולישער מלוכה. די קאזאקען זענען געוועהן גרויסע גבורים. די טאטארען און טירקען פלעגען אפט פון זיי ליידען; די פולישע מלוכה האט אבער ניט פערשטאנען ווי אזוי זיך צו בענוצען מיט אזא קראפט און האט די קאזאקען שטאנדיג נאר גערייצט און זיי געמאכט פאר אינוועניגסטע שונאים. גענומען האט זיך עס דערפון וואס די קאזאקען האבען געהערט צו דער גריכישער קירכע (פראוואסלאוויע) און מען האט זיי מיט געוואלד געוואלט מאכען פאר קאטאליקען. ביי אמונה-זאכען קאן מען אבער מיט כח זעהר ווייניג אויספיהרען, און די קאזאקען האבען זיך געוויס ניט געוואלט אונטערגעבען; דערפאר האבען די דריי פריצים קאניעצפאלסקי, וויזשניעוועצקי און פאטאצקי. וועלכע האבען געהאט צו זאגען איבער זיי, זיך ענטשלאסען זיי אזוי צו מוטשען, אז דאס לעבען זאל זיי ניט ליעב זיין. ווען די פולישע יודען זאלען געוועהן האבען מעהר שכל, וואלטען זיי זיך אין אזעלכע זאכען געוויס ניט געמישט; צום אומגליק אבער, האט זיי די פרנסה געטריבען זיי זאלען ניט זיין קיין אויסקלויבערס און זוכען דאס שטיקעל ברויט אומעדום, וואו עס לאזט זיך נאר. די רבנים ווידער זענען געוועהן פערטראגען מיט זייער פלפול, זייערע מוחות זענען ארומגעפלויגען אין די הויכע וועלטען און עס איז זיי גאר ניט אנגעגאנגען וואס זייער „ארעם פאלק" ארבייטעט אויף דער זינדיגער ערד און פון וואנען זיי ציהען די חיונה. אודאי אז די פריצים האבען פון די קאזאקען געריסען די הויט און גענומען ביי זיי גרויסע נתינות, האבען זיי עס געטהון דורך יודישע האנד. ביי טויפען קינדער אדער חתונה מאכען האבען די קאזאקען געמוזט צאהלען מס, און דער משגיח דארויף איז מן הסתם געוועהן א יוד. דערפאר פלעגט זיך שטאנדיג געפינען דער שליסעל פון דער קירכע ביים יודען, און מען קאן זיך פארשטעלען די לאגע פון די קאזאקען וואס האבען ניט געטארט בעטען ביז דער יוד האט ניט אבגענומען פאר'ן פריץ די עטליכע גולדען און האט ניט געאפענט די פערשלאסענע קירכע. אודאי האט מען ניט געקאנט פאדערען פון'ם פראסטען קאזאק ער זאל זיין אזא בר שכל און אזא בעל ישר, אז ער זאל זיך רוהיג און קאלטבלוטיג אנידערזעצען און קלערען ווער עס איז מעהר שולדיג, צו דער פריץ וואס נעהמט ביי איהם דעם מס, צו דער יוד וואס ער פערדינגט איהם די הכנסה דערפון; ער האט

געפיהלט אז עס איז איהם שלעכט, אז מען טרעט דאס היילינגסטע ביי איהם מיט די פיס. דער פריץ איז געשטאנען פון ווייטען, געזעהען פאר זיך האט ער נאר דעם יודען, אונ עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס ער האט בעטראכט דעם יודען פאר'ן ערגסטען משחית, אונ זיין שנאה צו איהם איז מיט יעדען טאג געוואָרען גרעסער. אים יאהר 1638 האבען די קאזאקען ארויסגעוויזען זייער ערשטען כעס אונ זיי האבען זיך, צוזאמען מיט זייער אטאמאן פאוולוק, צובונטעוועט אונ האבען גאר אין א קורצער צייט אויסגעקוילעט איבער צוויי הונדערט יודען אונ האבען פערברענט עטליכע שולען. דאס וואלט אפילו בעדארפט עפנען די יודען די אויגען, זיי זאלען אוועקוואַרפען די מיאוסע פרנסות, וואס נאר נויטה אונ הונגער דארפען צווינגען דעם מענשען דערצו. דאס קלוגע פאלק, וואס איז פול געוועהן מיט הסברות אונ איבער־שפיצלעך, האט אבער ניט געהאט קיין שכל אויף אזא פשוט'ע זאך, אונ אפילו אזעלכע בעריהמטע רבנים אונ לומדים פון יענער צייט, ווי ר' יהושע פאלק כהן, ר' מאיר לובלין, ר' שמואל איידליש (דער מהרש"א) אונ ר' שבתי כהן (דער ש"ך), האבען זיך ניט געוואלט אומקוקען אונ האבען זיך גאר געטרייסט מיט דער האפנונג אז דער גאנצער גלות דארף נאך געדויערן א יאהר צעהן, ווייל די מקובלים האבען אויסגערעכענט אז פונקט אים יאהר 1648 מוז ווערען א פעראנדערונג אין דעם מעמד פון די יודען. א ביסעל האבען זיי געטראפען: דאס ביטערע יאהר האט זיך אנגערוקט א פעראנדערונג איז טאקי געוואָרען, נאר א פעראנדערונג צום שלעכטען, ניט קיין ישועה, ניט קיין נחמה, נאר א בראך, אונ צרות, וואס האט טויזענדער יודען, וועלכע זענען אין גאר נישט שולדיג געוועהן, געוואָרפען פון די פיס אונ יודיש בלוט האט זיך אנגעהויבען גיסען ווי וואסער.

די פאלאקען האבען איבערגעצויגען דעם בויגען, אונ אז באגדאן חמעלניצקי איז געוואָרען אטאמאן ביי די קאזאקען איז ביי איהם געבליבען, ער זאל זיך אברעכענען מיט פולין, אונ קודם כל זאל ער אויסלאזען דעם כעס צו די יודען. אין חיל פון די קאזאקען האבען זיך אפילו געפונען ניט ווייניג יודען, נאר דאס האט די רוצחים ניט געקאנט אבהאלטען, ווייל, ערשטענס, איז דאס גאנצע געשריי פון די קאזאקען געגאנגען נאר אויף די יודען, אונ צווייטענס, איז חמעלניצקי געוועהן אויפגעבראכט אויף א יודען, וואס האט איהם געמסרט אז ער האט געמאכט יד אחת מיט די טאטארען אונ וויל ארויס־שפרינגען געגען דער פוילישער מלוכה. קיין ליגען האט דער יוד דווקא ניט

געזאגט, ווייל באלד האט זיך טאקי ארויסגעוויזען אז חמעלניצקי האט צו זיך צוגעצויגען די טאטארן אונ האט אנגעהויבען פערוויסטען אללע שטאדט צווישען קיעוו אונ פאלטאווא. דער גרויסער ברייטער דניעפר האט זיך געפארבט מיט יודיש בלוט אונ פון פערעיאסלאוו, באריספאל. פיריאטין אונ לובלין האבען זיך גאנצע טייכען געגאסען אונ רויט געמאכט זיינע חוואליעס, וואלען, אין די ערשטע פאר חדשים זענען שוין געפאלען עטליכע טויזענד מענשען, מען האט אויסגעקוילעט אלט אונ יונג, ווייבער אונ קינדער. אונ די געצאהלטע וואס האבען געהאט מזל אונ זענען געבליבען לעבען האט מען פערקויפט פאר שקלאווען קיין קרים אונ פון דארט האבען זיי די טירקישע יודען אויסגעלאזט. אז מען איז געוואהר געווארען פון דער ערשטער שחיטה אונ מען האט געזעהען אז די טאטארען קוקען מעהר אויף אתכלית ווי די קאזאקען אונ מיינען נאר די מטבע, האבען זיך די יודען פון פראבשטשא אונ נאך דריי נאהענטע שטאדטלעך צונויפגענומען ביז דריי טויזענד מענשען אונ האבען זייער גאנץ מזומן געלד אונ צירונג ארויסגעטראגען אונ איבערגע־געבען די טאטארען מיט דער בקשה מען זאל זיי נאר שענקען דאס לעבען. די המצאה איז דוקא ניט געוועהן קיין שלעכטע: די טאטארען האבען טאקי הנאה געהאט וואס מען האט זיי איינגעשפארט איין ארבייט, אונ דערפאר האבען זיי נוט בעהאנדעלט די דאזיגע יודען, וואס זענען געפאלען אויף אזא וואהלען שכל אונ האבען זיך אליין אבגעבראכעוועט: זיי האבען זיי אוועקגעשיקט צו דער טירקישער גרעניץ אונ דארט האבען שוין די יודען פון קאנסטאנטינאפאל זיי אויסגעקויפט. ווי עס ווייזט אויס האט מען פאר זיי וואלוועל ניט גענומען, ווייל די קאנסטאנטינאפאלער יודישע קהלה האט ניט געהאט אזוי פיעל געלד אונ האט געמוזט ארויסשיקען שליחים קיין האללאנד זאמלען נדבות אויף „פדיון שבוים״.

עס איז אודאי געוועהן ביטער אונ פינסטער די יודען אונ אויך די פאליאקען פון די דאזיגע ערטער, וואו חמעלניצקי מיט זיין באנדע האט זיך נאר געיאוועט. נאר דאס איז נאך געוועהן א נארנישט געגען דעם וואס עס האט זיך אנגעהויבען נאך דעם קאניג וולאדיסלאוו'ס טויט, ווייל ווען ער האט געלעבט האט נאך חמעלניצקי אויף איהם פארט כבוד געלעגט, אונ קוים איז ער נאר געשטארבען, האט ער שוין ניט געהאט פאר וועמען זיך צו שעמען. אין די עטליכע חדשים, וואס פולין איז געוועהן אהן א קאניג, האט ער געגעבען רשות זיין באנדע

זי זאל זיך צושפרייטען איבער דער גאנצער מדינה אונ זיי האבען אבגעטהון שרעקליכע זאכען. זיי האבען זיך גערופען אויף טאטאריש היידאמאקעס אונ באלד איז מען אין לאנד ערשט געוואהר געווארען דעם טייטש פון דעם ווארט, אז דאס הייסט א מענש אהן א נשמה, אהן א שום געפיהל, אהן א פונק פון רחמנות. איינער פון חמעלניצקי'ס הויפט-לייט מאראזענקא איז געוועהן אזא אכזר אז ער פלעגט הייסען פאר איהם אין די אויגען דערווארגען מיט ארימען יודישע אונ פולישע פרויען אונ האט געהאט דעם גרעסטען תענוג זיך צוצוקוקען צו דעם שרעקליכען טויט. ניט קיין גרעסערער בעל ישר פון איהם איז געוועהן גאניא, וועלכער האט בעלאגערט נעמירוב. דארט האבען זיך געפונען ביז זעקס טויזענד היימישע אונ צונויפגעלאפענע יודען אונ זיי האבען אללע, צוזאמען מיט די פאליאקען, גוט געשיצט די שטאדט, וואס איז געוועהן שטארק בעפעסטיגט. אז גאניא האט געזעהען אז דאס איז א מעשה אויף א לאנגער צייט, האט ער זיך ענטשלאסען אויפצוטהון אזא חכמה: ער איז אויף א טאג אבגעטרעטען מיט דער גאנצער באנדע פון נעמירוב, כדי עס זאל אפנים האבען אז עס איז איהם נמאס געווארען צו ווארטען, אדער ער האט מורא טאמער קומט אן פוליש חיל; אויפ'ן אנדערן טאג האט מען טאקי דערהערט פון ווייטענס א פוליש געזאנג אונ מען האט דערזעהען ווי א גרויסע פולישע מחנה געהט קיין נעמירוב. מיט שמחה האט מען זיי באלד געעפענט די טויערן פון דער שטאדט, ווייל מען האט טאקי ארויסגעקוקט אז די מלוכה זאל צושיקען איהר חיל צו הילף; נאר קוים זענען די טהייערע געסט געוועהן אינווענינג האבען זיי זיך באלד ווי די ווילדע חיות געווארפען אויף די יודען, בעראבעוועט זייערע הייזער, געברענט שולען, צוריסען ספרי תורה, אויסגעהרג'ט ווייבער אונ קינדער, אונ דעמאלט האט מען ערשט פערשטאנען אז דאס זענען געוועהן פארשטעלטע היידאמאקעס, וואס האבען זיך אימיסטען אנגעטהון פולישע קליידער אונ האבען זיך אויף אזא אופן אריינגענארט אין שטאדט. דאס איז געשעהן אים מיטוואך, דעם צוואנציגסטען סיון, אונ די יודען האבען דעמאלט ארויסגעוויזען אז זיי האבען נאך ניט פערגעסען די אלטע צייטען אונ זיי זענען אים שטאנד מקדש השם צו זיין מיט ליעבשאפט אונ פעסטקייט ווי עס דארף צו זיין. דער רב ר' יחיאל מיכל האט צונויפגענומען דעם גאנצען עולם אין שול אריין אונ האט זיי אין א רירענדער דרשה פערשטעהן געגעבען אז זיי האבען זיך ניט צו שרעקען פאר דער לעצטער מינוט אונ דארפען נאר נאכטהון זייערע עלטערן, וואס האבען זיך ניט איין

מאל מוסר נפש געוועהן פאר זייער פאלק אונ אמונה. ער איז אויך געוועהן דער ערשטער, וואס איז געשטארבען בעהארצט אונ אהן מורא, אונ איהם האבען נאכגעטהון טויזענדער יודען, וואס זענען מיט שמחה אקעגענגעגאנגען דעם טויט. ניט נאר אלטערע מענשען האבען זייער לעבען געענדיגט ווי קדושים; דאס אייגענע האבען געטהון גאר יונגע קינדער, אונ עס איז גאר צו בעוואונדערן ווי אללע, פון גרויס ביז קליין, זענען געוועהן גאר פון איין געדאנק — צו שטארבען פאר דעם וואס איז דאס הייליגסטע אונ טהייערסטע. מען דערצאהלט אז צוויי יודישע מאדלעך זענען זעהר געפאלען די הײדאמאקעס אונ א פאר פון זיי האבען געוואלט מיט זיי חתונה האבען. פאר די אומגליקליכע קינדער איז דאס אבער ארגער געוועהן פונ'ם טויט; דערפאר האבען זיי זיך ניט ווייסענדיג געמאכט, זיי זענען קלאמערשט בעשטאנען אויפ'ן זווג, נאר אז איינע פון זיי איז געפאהרען איבער דער בריק אין קירכע אריין צו דער חופה האט זי זיך פונ'ם וואגען אראבגעווארפען גלייך אין וואסער אריין אונ האט זיך אין טייך געפונען א קבר. די צווייטע האט אויף איין אנדער אופן מפקיר געוועהן איהר לעבען: זי האט איינגערעדט דעם חתן, אז זי איז א כשוף־מאכערין אונ האט זיך מיט איהם געוועט, אז ער מאג אויף איהר שיסען ווי פיעל ער וויל אונ איהר וועט עס ניט שאדען; דער קאזאק האט ניט פערשטאנען איהר מיין, ער האט געמאכט א פרווו אונ דורך דעם ערשטען שאס האט זיך דאס קלוגע מאדעל בעפרייהט פון דעם ביטערן לעבען, וואס האט זי ערווארטעט. אזוי האט זיך אויך נוהג געוועהן איין אנדער פארטיע הײדאמאקעס אין טולטשין, וואס זעכס טויזענד פאליאקען אונ צוויי טויזענד יודען האבען עס גוט אבגעהיט. די שטאדט איז געוועהן שטארק בעפעסטיגט, נאר די קאזאקען האבען שטילערהייד געלאזט זאגען די פאליאקען אז אויף זיי זענען זיי גאר ניט ברוגז אונ זיי דארפען זיך ניט שרעקען, עס וועט זיין פארקעהרט, בעסער ווען זיי וועלען זיי אלליין אריינלאזען קיין טולטשין, ווייל אין עיקר מיינען זיי גאר די יודען. די פאליאקען האבען זיך געלאזט איינרעדען, אונ חאטש ערשט ניט לאנג האבען זיי צוזאמען מיט די יודען געגעבען א שבועה זיי זאלען ניט אבטרעטען איינער פון דעם אנדערן אונ זיך האלטען ביז צום לעצטען טראפען בלוט, האבען זיי אנגעהויבען דרעהען מיט דער צונג אונ האבען פארלאנגט די יודען זיי זאלען ניט געהען מיט קיין תקיפות אונ בעסער אריינלאזען די שונאים מיט גוטען, טאמער וועלען זיי זיך בעגנוגען נאר מיט יודיש פערמעגען אונ וועלען וועניגסטענס קיין בלוט ניט פערגיסען. די יודען האבען

באלד פערשטאנען, אז די פאליאקען האבען געבראכען זייער ווארט, נאר קיין אנדער ברירה האבען זיי ניט געהאט אונ האבען געמוזט אוועקווארפען דאס געוועהר. קוים האבען די היידאמאקעס געשטעלט נאר איין פוס אין שטאדט, האבען זיי שוין געפאדערט אז אללע יודען זאלען זיך טויפען, אונ אזוי ווי קיין איינציגער פון די יודען איז דארויף ניט בעשטאנען האבען זיי אין א פרייטאג, דעם פיערטען תמוז, אויסגעהרג'ט ביז פינפצעהן הונדערט יודען אונ נאר עטליכע רבנים האבען זיי איבערגעלאזט, ווייל זיי האבען געהערט אז די טירקישע יודען בעצאהלען אסך געלד פאר זייערע ברידער, אונ האבען פערשטאנען אז פאר רבנים וועלען זיי נאר בעקומען א מנה יפה. דערנאך האבען זיי ערשט געמאכט א סוף פון די פאליאקען, וועלכע האבען טהייער בעצאהלט פאר זייער פאלשקייט; אונ עס איז געבליבען אין אנדערע שטאדט, מען זאל זיך שוין מעהר ניט לאזען נארען אונ ניט גלויבען דעם שונא, ווען ער וויל מיט אליגען מעהר אויספיהרען ווי מיט כח.

אין דער איינענער צייט האט זיך איינער פון חמעלניצקי'ס הויפטלייט האדקי מיט א דריטער באנדע היידאמאקעס צולאזט אויף איין אנדער זייט אונ האט אתל געמאכט פון טשערניגוב, סטאראדוב אונ בעזאנדערס פון האמעל, וואו עס זענען אומגעקומען מעהר פון פינפצעהן הונדערט יודען צוזאמען מיט'ן רב ר' משה. פון די פאליאקען האט איין פירסט יערעמיאס וויישניעוועצקי טאקי ערנסט געוואלט העלפען די יודען אונ האט זיי ניט איין מאל מיט זיין היל מציל געוועהן פון א סכנה; צום אומגליק, האט ער זיך אבער לאנג ניט געקאנט האלטען אונ דעם דריטען אב איז אויך געפאלען די פעסטונג פולנאה אונ ביז צעהן טויזענד יודען האט מען דארט אויסגעקוילעט. דעמאלט איז דערהרג'ט געווארען דער בעריהמטער מקובל ר' שמשון אסטראפאליר, וואס מען דערצאהלט פון איהם, אז ווי באלד עס האט זיך אנגעהויבען די שחיטה האט ער זיך, נאך מיט דריי הונדערט מקורבים, אנגעטהון אין תכריכים, אונ אז דער שונא איז צוגעקומען האט ער געמוזט בטל ווערען פאר פעסטקייט פון אזעלכע יודען. דאס איינענע איז אויך געשעהען אין מעזשיבוזש, זאסלאב, אסטראה, אלט קאנסטאנטין, אונ אומעדום האבען זיך געפונען גענוג יודען, וואס זענען געשטארבען ווי אמת'ע קדושים. זעהר ווענינ האבען ניט געקאנט בעשטעהען דעם נסיון אונ זענען איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום.

פאר די יודען איז נאר ניט געוועהן קיין בעהאלטעניש. אונ חמעלניצקי'ס

שווערד האט זיי געטראפען וואו זיי האבען זיך נאר געפונען, צו ווייט צו נאהענט. דאס יודישע בלוט האט זיך געגאסען פון גאנץ פולין, ליטא און אוקריינא, און אפילו די קראימעס האבען אויך געגוג קרבנות געגעבען. פון דובנא ביז בראד איז אין אללע שטאדטלעך און דארפער ניט געבליבען קיין איינציגער יוד. אין באר האט מען אויסגעקוילעט ביז דריי טויזענד יודען, און אין קרעמעניץ האט זיך געפונען אזא אכזר וואס האט געהאט דאס הארץ צו דערהרג'נען עטליבע הונדערט קליינע קינדער און זייערע קארפערס ארויס־ווארפען פאר די הינד; נאר פריהער האט ער נאך חוזק געמאכט פון דער יודישער בדיקה: ער האט געהייסען אויפשניידען די לייבער און קלאמערשט נאכמאכען דעם שוחט ווי ער קוקט איבער דאס פלייש צו איז עס כשר אדער טרפה. אז חמעלניצקי איז צוגעקומען קיין לעמבערג האט ער אבגעשפארט אללע ברונענס. אין שטאדט איז געווארען א שרעקליבע מגפה, פיעל זענען אזוי אויסגעשטארבען און די איבריגע האבען זיך געמוזט אויסקויפען מיט צוויי הונדערט טויזענד גולדען אחוץ צירונג, סחורות און אנדערע פערמעגען. פון לעמבערג האט ער זיך געלאזט געהן קיין ווארשויא, ווייל דארט האט מען בעדארפט אויסקלויבען א קעניג און ער האט מן הסתם אויך געוואלט זאגען זיין דעה ביי דער אסיפה. אויפ'ן וועג האט חמעלניצקי חרב געמאכט א סך שטאדט, ווי טאמאשאב, שעברעשין. וולאדאווא; בעזאנדערס האט ער א תל געמאכט פון נאראל, וואו ער האט אויסגעקוילעט פינף און פיערציג טויזענד מענשען און צווישען זיי אויך צוועלף טויזענד יודען. נאר אין זאמאשץ האט זיך עפיס ניט קשה'דיג אויסגעדרעהט און די יודישע קהלה האט געפטר'ט חמעלניצקי'ן אין גאנצען מיט 24,000 גולדען. ער האט שוין דעמאלט קיין צייט ניט געהאט; אין פולין איז געווארען קעניג יאן קאזימיר, וועלכער איז בע־שטאנען אויף די פונקטען, וואס די קאזאקען האבען פערלאנגט, און אים אוינוסט 1649 האט מען אין זבאראז'ש אונטערגעשריבען דעם שלום. חמעלניצקי האט אויסגענומען א תנאי אז אין זיינע ערטער זאל זיך קיין יוד ניט טארען געפינען, און איז ווי א גבור מיט זיין חברה צוריקגעפאהרען קיין אוקריינא.

נאך דעם שלום, וואס מען האט געשלאסען אין זבאראז'ש, האבען זיך די פאליאקען און די יודען געקאנט אברוהען א קורצע צייט פון אנדערטהאלבען יאהר. דער נייער קעניג איז געוועהן אזוי פריינדליך אז ער האט ערלויבט די עטליבע יודען, וואס זענען געצוואונגען געוועהן זיך צו טויפען, צוריק זיך אומקעהרען צו זייער אמונה, און דער ועד פון לובלין האט געהאט א גאנצע

ארבייט, ווייל טויזענדער ווייבער זענען געבליבען עגונות און עס האבען זיך ארומגעדרעהט קליינע יתומים, וואס מען האט בעדארפט הוקר ודורש זיין ווער זייערע עלטערן זענען געוועהן, כדי עס זאל ניט ארויס קומען אמכשול ווען זיי וועלען ברויכען זיך מתחתן זיין. דעמאלט האט ר׳ שבתי כהן, אדער דער ש״ך, איינגעפיהרט דעם תענית פון כ׳ סיון צום טרויעריגען זכר פון דער ערשטער נעמירובער שחיטה און פון חמעלניצקי׳ס צייטען.

דער שלום האט אבער לאנג ניט אויסגעהאלטען. אין אנדערטהאלבען יאהר ארום האבען זיך די קאזאקען ווייטער צובונטעוועט און האבען זיך נאך אמאל גענומען צו די יודען. צו אזא גרויסער שחיטה ווי פריהר האט עס אבער ניט געקאנט קומען, ווייל ערשטענס, איז די צאהל פון די יודען שוין געוועהן גאר קליין, עס איז אהל געווארען כמעט פון דריי הונדערט קהלות; און צווייטענס, האבען זיי זיך אליין גוט געוועהרט און האבען אפילו צוגעשטעלט דער מלוכה א גאנצען פאלק פון יודישע סאלדאטען. דאס מאל איז טאקי חמעלניצקי׳ן ניט געראטהען, האטש יודיש בלוט איז גענוג פערגאסען געווארען, ווייל די טאטארן זענען אויף איהם בעז געווארען און האבען איהם אין מיטען דעריגען אוועקגעווארפען און איהם אליין אוועקגעפיהרט געפאנגען. עס איז איהם אנגעקומען מיט ביטערע צרות ביז ער האט זיך אויסגעפלאנטעט פון די טאטארן, אי דאס האט איהם די פוילישע מלוכה געמוזט צוהעלפען, און דערפאר האט ער שוין געמוזט בעשטעהען אויף אללע תנאים, וואס מען האט פון איהם געפאדערט און האט ניט געקאנט זיין קיין עזות פנים געגען קאניג יאן קאזימיר, וואס האט געפאדערט אז יודען זאלען מאגען זיצען אין גאנץ אוקריינא. דער דאזיגער שלום איז אבער אויך ניט געוועהן אויף לאנגע יאהרען: קוים האט חמעלניצקי געפיהלט אז ער איז שוין ווייטער ביי די כוחות, האט ער די פאליאקען ניט געלאזט רוהען און האט זיי עטליכע יאהר כסדר געמוטשעט. פאר די יודען האט זיך אנגעהויבען גאר א ביטערע צייט אים יאהר 1656, ווען חמעלניצקי איז צוגעשטאנען צו רוסלאנד און איז אריין קיין ווילנא און כמעט די גאנצע יודישע קהלה האט זיך געמוזט צולויפען, ווער שמיעסט אז די שוועדען זענען אויך אנגעפאלען אויף פולין און מיט דעם פוילישען חיל האט קאמאנדעוועט דער גענעראל טשארניצקי, וואס איז געוועהן א שונא ישראל און האט אויסגעטראכט, אז די יודען זענען שפיאנען און גיבען איבער דעם שונא אללע סודות, איז די לאגע פון די יודען געווארען נאך ערגער, ווייל צו די אויסגעוועהנליכע פיינד זענען צוגעקומען איינגענעמסטע, פון אללע

זייטען האבען זיך געשיט קלאפּ אויף די פּלייצעס פון די אומגליקליכע יודען, אונ אפילו די פּאליאקען אליין האבען זיך אויך געקיהלט דאס הארץ, וואס זיי האבען געהאט זייער היימישען קרבן אונ ווען זיי האבען ניט געקאנט בייקומען די שונאים, האבען זיי זייער הארץ אויסגעלאזט צו די יודען. אין א צייט פון צעהן יאהר (1658–1648) איז פון זיי געוואָרען כמעט א תל: דאס ביסעל יודען, וואס האט זיך נאך געפונען אין קאליש, לונטשיץ. מעזעריטש אונ נאך אין אנדערע שטאָדט ביז קראקויא אונ פּאזען, איז זיך צולאָפען, אונ מען קאן בלי גוזמא זאגען אז אריבער א האלבער מיליאן, יודען איז פערלאָרען געוואָרען. דעם גרעסטען טהייל האט מען אויסגעהרג'ט אונ די איבריגע זענען אוועק אין ווייטע אונ נאהענטע לאנדער זוכען א שטיקעל ברויט אויף צו דערהאלטען דאס לעבען.

יודען האבען ווייטער געקאנט בעווייזען אז זיי זענען רחמנים בני רחמנים אונ פּונקט ווי זיי האבען צוריק מיט פיערהונדערט יאהר זיך געטהיילט מיט'ן ביסען מיט זייערע אומגליקליכע ברידער, ווען שפּאניען האט זיי ארויסגעטריבען, אזוי האבען זיי דעמאלט בעגעגענט מיט אמת ברידערליכע ליעבע די פּולישע יודען, וואס האבען זיך צושפּרייט איבער גאנץ מאהרען, באהמען, אסטערייך, אונגארן, דייטשלאנד אונ אויך איטאליען. קיינער האט ניט געקוקט אויף געלד אונ מען האט געטהון פאר זיי כמעט מעהר ווי די כוחות האבען געטראגען. אין א סך ערטער האט מען די פּולישע יודען אוועקגעגעבען אפילו דאס גאנצע צדקה־געלד וואס פלעגט געהען אויף ארץ ישראל. אין ליוואָרנא האבען די יודען אבגעטהיילט פון זייערטוועגען א גאנץ פיערטעל פון זייער פערדיענסט. דערפאר האבען זיי די פּולישע יודען בעצאהלט מיט תורה: זיי האבען מיט זיך מיטגעבראכט גרויסע לומדים, וואס האבען באלד פערנומען שטעלען פון רבנים אין די גרעסטע יודישע קהלות. אין מאהרען זענען פערבליבען ר' אפרים כהן אונ ר' שבתי כהן. אין אמשטרדם האט זיך בעזעצט ר' משה רבקה'ס בעל „באר הגולה". אין פירטה אונ דער נאך אין פראנקפורט אם מאין האט געלעבט ר' שמואל אהרן קוידאנאווער (מרש"ק), אונ רב פון מעטץ איז געוואָרען ר' משה כהן פון ווילנא. אין אנהייב האט מען אפילו געשפּאט אונ זיך פרעמד געהאלטען פון די פּולישע איינגעוואנדערטע יודען ווייל זיי האבען פון זייער פערטריבען היים מיט געבראכט זייערע מנהגים, אונ די צרות וואס זיי האבען דארט איבערגעליטען, האט זיי אבגעריסען פון אללע וועלטליכע חכמות אונ וויסענשאפט; נאר אזוי

ווי אין תורה אונ תלמוד זיינען זיי גראסער געוועהן, פאר די וואס האבען געשעפט פון זיי, האט מען, פון דעסטוועגען, די בעסטע שטעלען פון רבנות זיי אבגעגעבען, אונ יעדער פאטער וואס האט געוואלט אז זיין קינד זאלל לערנען תורה האט זיך געזוכט אפוילישען מלמד. די מלמדים האבען געווירקט אויף זייערע תלמידים, זיי זאלען זיך אין גאנצען איבער געבען דעם פלפול אין תלמוד אונ ניט מעהר וועלען וויסען פון אנדערע חכמות, אונ אזוי איז מיט דערצייט זעלבסט צווישען די היימישע יודען אראפגעזונקען דער מצבד פון חכמה אונ וויסענשאפט, אונ מיט דערצייט זענען זיי אללע גלייך געווארען, ביז מען האט שוין ניט מעהר דערקענט ווער איז אפוילישער יוד אונ ווער איז אהיימישער. אונ אזוי איז גראד אין דער צייט, וואס אויף אללע אייראפאאישע פאלקער האט אנגעהויבען שיינען אליכט פון בילדונג, אין יודישען לעבען פינסטער גע-וואָרען, אונ מען האט מעהר פון וויסענשאפט אונ חכמה, אויסער תלמוד אונ קבלה, ניט געוואלט וויסען כמעט ביז דער לעצטער צייט.

## 8 די יודען אין ענגלאנד.

(1655—1666 נאך קריסטוס געבורט).

דאס איז שוין אבער איין אלטער כלל, וואס אין דעם יודישען לעבען זעהט מען איהם גאנץ אפט ארויס, אז דער אויבערשטער שטראפט מיט איין האנד אונ מיט דער אנדערער — העלפט ער. פונקט אין דער צייט, וואס אין פולין איז אתל געווארען פון אזוי פיעל יודען, האט זיך פאר זיי געעפענט אלאנד, וואס שוין דריטהאלבען הונדערט יאהר האבען זיי אהין ניט געטארט אריינשמעקען. דווקא ווען ענגלאנד האט אנגעהויבען שפּילען די גרעסטע ראללע אין אייראפא, די קלוגע קעניגין עליזאבעטה, אונ נאך איהר דער מנהיג פון דער מדינה קראמוועל, האבען דאס לאנד צוגעפיהרט צו זעהר אהויבער מדרגה, האט מען צוגענומען די כרובים וואס זענען געשטאנען ביי דער גרעניץ מיט די בלויזע שווערדען אונ האבען ניט דערלאזט, אז די יודען זאלען זיך אריינכאפען אין גן עדן... אונ ענגלאנד האט זיך טאקי געמאכט רעכענען פאר אגן עדן אין די אויגען פון די אמשטרדמער אונ האמבורגער יודען, ווייל דארט האט געבליהט דער האנדעל אונ זיי פלעגען מיט אוועטהיג אין הארצען קוקען פון דער ווייטענס אויף די אוצרות, וואס רייצען נאך מעהר דעם מענשען.

ווען ער קאן צו זיי ניט קומען. ניט מיט איין מאל האט ענגלאנד געאפענט איהרע טויערן פאר אללע יודען; די ערשטע צייט האט זי זיי אריינגעלאזט דורך א הינטער טירעל, אי דאס נאר עטליכע געצאהלטע. די יודען האבען אבער גוט געוואוסט, אז קוים לאזט מען זיי נאר א פוס שטעלען אין ענגלאנד וועלען זיי שוין זייערס אויספיהרען, אונ דערפאר האבען זיי בעטראכט די זאך פאר א גרויסע ישועה אונ האבען אויף עביג ארומגערינגעלט מיט לויב דעם זכר פון דעם, וואס האט דאס געפועלט ביי דער ענגלישער מלוכה.

געפועלט האט עס איינער פון די אמשטערדאמער רבנים, ר' מנשה בן ישראל, וואס א חוץ זיינע גרויסע קענטניסע, האט ער געהאט א שטארקע ידיעה אין מסחר. עס איז געוועהן א צייט, וואס ער אליין האט געוואלט אוועקווארפען דאס רבנות אונ זיך אוועקלאזען קיין בראזיליען אונ דארט ווערען א סוחר; דאריבער האט ער פערשטאנען ווי נאטהיג פאר די יודען וואלט געוועהן, ווען זיי זאלען מאגען פריי אריינפאהרען קיין ענגלאנד אונ דארט מאכען געשעפטען, אונ אזוי ווי ער האט זיך געפיהלט אין כח מיט זיין חכמה, מיט'ן פעסטען ווילען, מיט שאנעם רעדען אין פערשיעדענע לשונות פארצוטרעטען פאר די גראסטע לייט, האט ער גענומען ארבייטען אין דער זאך. פיעל געהאלפען דערצו האט איהם אויך זיין גרויסע בעקאנטשאפט מיט קריסטען, וואס פלעגען איהם אפגעבען גרויס כבוד אונ האבען זיך דורך איהם געוואהנט ליעב צו האבען דעם כלל יודען; דאס האט איהם געשטארקט אונ אויסגעארבייט ביי איהם אין קאפ א איבערצייגונג, אז וואו ער וועט נאר געפינען אויערן, וואס וועלען געניינט זיין איהם אויס צו הערן, וועט ער בעווייזען, אז די יודען פערדיענען בעהאנדעלט צו ווערען מיט מעהר יושר, אונ די אלטע שנאה וועט פערשוואונדען ווערען. א ביסעל האט איהם נאך דאס גליק צוגעשפיעלט דערמיט, וואס אין יענער צייט האבען זיך קריסטען פלוצלונג אנגעהויבען לערנען לשון קודש, אונ עס איז כמעט א מאדע געווארען, אז אללע וואס האבען געוואלט קענען אלטע שפראכען, ווי גריכיש אונ לאטייניש, האבען אויך געלערנט העברעאיש. דעם אנהייב האט געמאכט דער בעריהמטער פראטעסטאנטישער געלעהרטער יאזעף סקאליגער. איהם האבען נאכגעטהון זיינע תלמידים אונ עס איז אין גאנצען אנדערס געווארען: די אייגענע יודישע ספרים, וואס מען האט זיי נאר וואס געברענט אין די גאסען, זענען געווארען טהייער אונ הייליג. אין האללאנד אונ אין ענגלאנד האבען זיך אזעלכע גרויסע לייט, ווי הוגא גראטיוס אונ יאהאן זעלדען בעשעפטיגט מיט דער

העברעאישער שפראכע, אונ יאהאן בוקסטארף פון באזעל האט ניט נאר געלערנט תנ"ך, נאר אפילו תלמוד אונ מדרש, אונ פלעגט שרייבען בריעף אויף לשון קדש צו אללע גרעסטע רבנים אונ לומדים. אפילו פרויען האבען געהאלטען פאר א גאנצען כבוד צו קאננען העברעאיש, אונ די קאניגין כריסטינע פון שוועדען האט זיך ניט געשעמט זיך צו בערימען, מיט איהרע יודישע קענטניסע.

אזא ווארעם ווינטעל האט געבלאזען, ווען ר' מנשה בן ישראל האט זיך גענומען שרייבען זיינע ספרים, געהאלטען האט ער זיך אן דעם דרך פונ'ם אברבנאל, וויל ער האט חתונה געהאט מיט זיינס א אור-ענייקעל רחל זאירא אונ האט זיך זעהר געפרעהט מיט איהר יחוס, וועלכער האט זיך גערעכענט פון דוד המלך. אין זיינע ספרים האט ער אויך, ווי דער אברבנאל, זיך ניט געהאלטען אין קיין בעזונדער ארדנונג. ביי איהם איז געוועהן צונויפגעמישט א פשוט'ער טייטש פון א פסוק מיט א חריפות'דיג פשט'על וועגען א דין אין דער גמרא, אריינע חקירה-זאך אונ אויך סודות פון דער קבלה; נאר זיין לשון איז געוועהן פערשטאנדליכער, אונ דערפאר האבען זיינע ספרים איהם פערבונדען מיט פיעל קריסטליכע גוטע פריינד, אונ ער איז ביי זיך געווארען נאך שטארקער, אז ער האט בעמערקט ווי פיעל פון זיי טראגען זיך ארום מיט דעם געדאנק, וואס ער האט ארויסגעפונען פונ'ם "זהר", אז די צייט פון דער גאולה איז נאהענט אונ אז די יודען מוזען אויפגערעכט ווערען. דעמאלט האבען זיך טייקי געפונען אזעלכע געלעהרטע קריסטען, וואס האבען געגלויבט אז די יודען וועלען סוף כל סוף אבזוכען די עשרת השבטים אונ צוריק אבנעהמען ארץ ישראל. אזעלכע דבורים האט ער ניט נאר געהארט יעדען טאג פון זיינע צוויי קריסטליכע פריינדע, הייגריך יעסע אונ פעטרוס סעראיוס, וואס זענען געוועהן ביי איהם בני בית, נאר ער פלעגט אויך בעקומען בריעף פון קריסטען גרויסע לייט, וואס האבען די אייגענע געדאנקען אויסגעדריקט שווארץ אויף ווייס. א בעריהמטער געלעהרטער מאכינגער פון דאנציג האט איהם בפירוש געשריבען, "אז ער שאצט זעהר די יודישע אמונה אונ האפט, אז אין גיכע צייטען וועט דאס פאלק ישראל גלאנצען ווי אמאל". איין אנדער געלעהרטער "אברהם פאן פראנקענבערג, האט געשריבען נאך שארפער, "אז דאס אמת'ע ליכטיגקייט וועט זיך אנהייבען פון יודען, אז גאטט בעווייזט זיי שטאנדיג זיינע נסים אונ אז די צייט איז גאר נאהענט ווען אללע פעלקער וועלען זיי בעגריסען מיט פרייד". נאר מעהר פון אללע זאכען האט אויף ר'

מנשה בן ישראל געמאכט אין איינדרוק א בעזונדער ביכעל וואס א פראנצאז איזאאק לא-פעירער פון באַרדא, האט ארויסגעלאזט און האט עס א נאהמען געגעבען, „פון דער היימיקעהר דער יודען”. אין דעם ביכעל איז פשוט געשטאנען גאר אהן ווינקען, „אז די יודען מוזען ווייטער צונויפגעזאמעלט ווערען פון אללע עקען פון דער וועלט אין זייער היים, און אז דער פראנצאזישער קעניג, וואס רעכענט זיך פאר'ן עלטסטען זוהן פון דער קירכע, דארף דאס פאלק ישראל, וואס רעכענט זיך פאר'ן עלטסטען זוהן פון גאטט, צוריק ברענגען אין זיין הייליג לאנד”.

בעזאנדערס האט מען אין ענגלאנד אנגעהויבען ליעב צו האבען „גאטט'ס פאלק” און זייער „הייליגע שפראכע” ווייל דארט האבען דעמאלט די גאנצע דעה געהאט די פוריטאנער מיט זייער בעריהמטען פיהרער אליווער קראמוועל, און דאס זענען געוועהן אמת פרומע מענשען וואס האבען מלחמה געהאלטען פאר דער פרייהייט פון אללע גלייך און האבען ניט געוואלט וויסען פון קיין חלוק צווישען אומות און אמונות. קראמוועל מיט זיין חיל פלעגען פון די האנד ניט ארויסלאזען די ביבעל, זיי האבען ליעב געהאט שטאנדיג צו לעזען אין דער תורה, און אויף זיי האט מען געמיינט מיט א גוטער כוונה זאגען דעם פסוק: „רוממות אל בגרונם וחרב פיפיות בידם”, ווייל זייער שארפע שווערד האט טאקי נאר געארבייט לשם שמים, צו הייליגען דעם נאהמען פונ'ם בעשעפער און געבען יעדען די מעגליכקייט איהם פריי צו דיענען מיט ריינע הערצער. די ליעבע צו די אלטע יאהרען, וואס דאס יודישע פאלק האט איבערגעלעבט, צו זייערע הייליגע אבות און נביאים, צו זייערע בעריהמטע שופטים, מלכים און גבורים פון אמאל, האבען געמוזט שאפען אין די הערצער פון קראמוועל און זיינע אנהענגער א געפיהל פון רחמנות אויך צו די יודען פון זייער צייט: זיי האבען זיך ארומגעקוקט ווי מען רודפ'ט זיי אומעדום, ווי מען לאזט זיי קיין ענגלאנד ניט אריין, און פון קראמוועל'ס מחנה האבען זיך אנגעהויבען הערען גאר נייע קולות, אז זיי וואלטען געוואלט זעהען די אייגענע יודען, וואס גאטט טהוט זיי אזוי פיעל נסים און האלט זיי אויף די פיס מיט זיין וואונדערבארען כח, האטשי מענשען קוילען און הרג'נען זיי און לאזען זיי ניט לעבען. קראמוועל האט זעהר געוואלט מאכען א פעסטען בונד צווישען קריסטענטהום און יודענטהום, און איינער פון די פוריטאנישע גייסטליכע, נתנאל האלמעס (האמעזיוס), האט אין זיינע דרשות פערגאטטערט דאס יודישע פאלק, וואס קאן אזוי פיעל ליידען און פארט ניט ווערען פערלארען.

אנדערע פוריטאנער זענען געגאנגען נאך ווייטער און האבען געדרונגען, אז עס איז גלייכער צו האלטען שבת איידער זונטאג און עס איז גענוג אין ענגלאנד איינצופיהרען און לעבען נאך די דינים פון דער תורה און עס וועט זיין די בעסטע ארדנונג. עס איז דעמאלט אין ענגלאנד געווארען פשוט א איבערקערעניש: וואו מען האט זיך נאר געקעהרט, האט מען געהערט רעדען פון יודען און נאר גוטס, אין אללע קירכען האבען די גייסטליכע געדרשנט וועגען יודען און זען מען רעדט נאך העברעאיש, וואלט מען געמעגט רעכנען אז ענגלאנד איז געווארען א יודישע מלוכה.

אז ר׳ מנשה בן ישראל איז געוואהר געווארען וואס עס טהוט זיך אין ענגלאנד, איז ער אזש דערציטערט געווארען פאר פרייד און ער האט שוין געזעהען די גאולה פאר זיינע אויגען. גראד האט נאך דעמאלט א גרויסער מאנן, עדווארד ניקולאס, ארויסגעגעבען א בוך, וואס האט געהייסען „וועגען דער עדלער נאציאן פון יהודה און בני ישראל". דאס בוך איז געוועהן געשריבען ווי איין ארט רעדע צום ענגלישען פארלאמענט, און דער מחבר האט פערשטעהען געגעבען, אז ער בעטראכט אללע צרות, וואס זענען אין דער לעצטער צייט געקומען אויף ענגלאנד, ווי א שטראף פונ׳ם אויבערשטען פאר דעם אומרעכט, וואס מען האט געטהון זיינע געליעבטע קינדער און וואס מען האט עובר געוועהן אויף די הייליגע ווארטער: „אל תגעו במשיחי ובנביאי אל תרעו": „ריהרט ניט אן מיינע געזאלבטע און מיינע נביאים זאלט איהר קיין שלעכטס ניט טהון". דערפאר האט ער פארגעלעגט: מען זאל פאררעכטען דעם אלטען פעהלער, מען זאל די יודען איבערבעטען און מיט כבוד זיי צוריק אריינגעהמען אין לאנד. אזא בוך, וואס האט אנגעמאכט א גרויסען רעש אין ענגלאנד און אויך אין האללאנד, האט נאך מעהר אנגעצונדען ביי ר׳ מנשה בן ישראל א חשק אויפצומונטערן די יודען אליין, זיי זאללען וויסען אז זייער הילף איז שוין נאהענט און אז גאר גיך וועט זיך ענדיגען דער לאנגער גלות.
ער האט זיך גענומען שרייבען זיין ספר „מקוה ישראל" (די האפנונג פון די יודען) און האט דערוויזען מיט אותות ומופתים, אז משיח׳ס צייטען האבען זיך שוין אנגעהויבען. שווער איז איהם אביסעל אנגעקומען צו פעראנפערן די שאלה וועגען די פערשוואונדענע עשרת השבטים, ווייל צווישען אללע סימנים וואס די קבלה-ספרים האבען געבראכט וועגען דער גאולה, איז בפירוש געשטאנען אז פריהר פאר אלדינג מוזען זיך אבזוכען אללע יודען.

וואס מען ווייסט ניט וואו זיי געפינען זיך אצונד; נאר פאר נויט האט ער זיך בעגניגט מיט א תרוץ, אז עטליכע יאהר צוריק האט איהם א יודישער רייזענדער מאנטעצינאס געשוואָרען אז ער האט אליין געזעהען אין זיד אמעריקא יודען, וואס קומען ארויס פונ'ם שבט ראובן, אונ אויב ניט ביי אנדערע איז דאס ביי איהם אליין געוועהן דער בעסטער תרוץ, ווייל די טבע פונ'ם מענשען איז שוין אזוי, אז ער זוכט אב פון אונטער דער ערד בעווייזע אויף דעם וואס ער וויל אין דעם גלויבען. אויסער דעם האט ר' מנשה בן ישראל געהאט אסך וויכטיגערע זאכען, וואס ער האט געקאנט אויף זיי זיך פעררופען: ער האט אין זיין ספר אויסגעוויזען אז די נביאים האבען פאר־אויסגעזאגט וואס פאר א שרעקליכע צרות מען וועט אנטהון די יודען עהדער עס וועט קומען זייער ישועה אונ, אז וואס נאהענטער די גוטע צייט וועט זיין וועלען די צרות ווערען גרעסער אונ פשוט ניט צו דערטראגען, אונ נאר גע־צאהלטע קדושים וועלען זיך לאזען מקריב זיין פאר זייער אמונה. דעמאלט האט זיך טאקי די אינקוויזיציאן כמעט אין גאנץ אייראפא רעכט צופיהרט די האנד, אונ איינער פון די געלעהרטע קריסטען, דון לאפע דע וועראא אלארקון, וואס איז איבערגעגאנגען צום יודענטהום אונ האט זיך גערופען יהודה המאמין, האט מקדש השם געוועהן אונ איז מיט שמחה אקעגענ־געגאנגען דעם טויט מיט די ווערטער: „בידך אפקיד רוחי” (אין דיין האנד געבע איך איבער מיין גייסט) איז ער רוהיג אריינגעגאנגען אין פייער אונ האט געוויזען־אללע ווי אזוי גרויסע מענשען קאנען שטארבען פאר אמונה. אין דער דאזיגער מעשה האט זיך ר' מנשה בן ישראל שטארק אנגעהאפט אונ האט אויסגעוויזען אז אזא רעליגיאן, וואס קאן אזוי צו זיך צושלעפען א מענשען, מוז האבען א קיום אונ אז גאטט'ס חסדים וועלען זיך שוין אנהייבען.

אלאטייניש איבערזעצונג פון זיין ספר האט ר' מנשה בן ישראל אוועק־געשיקט קיין ענגלאנד צו זיינעם א גוטען פריינד, ער זאל עס פארלעזען אין פארלאמענט אונ אויך איבערגעבען קראמוועל'ן; אונ א חוץ דעם האט ער אנ־געשריבען א בעזונדער הקדמה אונ האט פארגעלעגט די פוריטאנער, זיי זאלען אויף זיך נעהמען די גרויסע מצוה פון בעפרייען „גאטט'ס פאלק”. אנהייבען זאלען זיי דערפון וואס מען זאל ערלויבען די יודען ווייטער זיך צו בעזעצען אין ענגלאנד, בויען שולען אונ אבהיטען זייער אמונה, אונ ענדיגען זאלען זיי דערמיט וואס מען זאל זיי העלפען זיי זאלען זיך קאנען צונויפנעהמען פון ווייט אונ פון נאהענט אונ זיך צושלאגען צו דער אלטער היים.

דאס איז געשעהען אים יאהר 1650 אונ ר' מנשה בן ישראל האט קיין טעות ניט געהאט: זיינע ווארטער האבען געפונען חן אין ענגלאנד. איינער פון די גרעסטע שררות, לארד מידעלזעקס, האט איהם געשריבען זעהר אפריינדליכען בריעף אונ האט איהם גערופען „מיין טהייערער ברודער", די מלוכה האט איהם ארויסגעשיקט א פאס ער זאל מאגען פריי קומען קיין ענגלאנד, אונ ער האט זיך שוין אנגעהויבען מכין צו זיין צו דער נסיעה, נאר פלוצלונג איז געווארען א מלחמה צווישען ענגלאנד אונ האללאנד אונ ער האט שוין ניט געקאנט ארויספאהרען פון אמשטרדם.

דריי יאהר זענען אזוי אוועקגעגאנגען ביז עס איז געווארען שלום אונ אליווער קראמוועל האט בעקומען די גאנצע מאכט אונ האט זיך גערעכענט פאר פראטעקטאר (בעשיצער) פונ'ם לאנד. דאמאלט האט זיך דאס ליעבשאפט צו די יודען אונ צו זייערע מנהגים נאך שטארקער ארויסגעוויזען: מען האט געוואלט איינפיהרען א סנהדרין פון זיבציג זקנים, דער אבער-גענעראל טהאמאש הארריסאן האט פארגעלעגט אין פארלאמענט, אז די נייע געזעצע זאל מען שרייבען מיט תורת משה, אונ דריי אדמיראלען האבען דערלאנגט א פאפיער אז עס איז נאטהיג פאר ענגלאנד מען זאל אהין אריינלאזען יודען. די מלוכה האט זיך ערנסט גענומען צו דער זאך אונ האט קודם כל, אים יאהר 1654, אוועקגעשיקט ר' מנשה בן ישראל א נייעם פאס אונ האט איהם געבעטען ער זאל קומען קיין לאנדאן כדי מען זאל קאנען מיט איהם איבערערעדען וועגען דער וויכטיגער שאלה. ווי עס ווייזט אויס, האבען די יודען פון האללאנד אונ פון אנדערע ערטער אודאי געקוקט אויף ענגלאנד נאר ווי אויף א קוועלע געלד צו פערדיענען, זיי האבען, פערשטעהט זיך, מורא געהאט אז ר' מנשה בן ישראל'ס חלומות וועגען דער גאולה זאלען זיי ניט שאדען אונ אבהאלטען די ענגלישע מלוכה פון געבען זיי דאס רעכט דארט זיך צו בעזעצען, אונ דאריבער האבען זיי ארויסגעשיקט קיין לאנדאן, נאך עהדער ר' מנשה איז פערטיג געווארען ארויסצופאהרען, זייערן א מענשען, עמנואל מארטינעץ דארמידא, צוזאמען פון די רייכסטע מאראנען, וואס האט אין שפאניען פערנומען א גרויסע שטעלע אונ איז דערנאך מיט דער גאנצער משפחה געזעסען א לאנגע צייט אין תפיסה ביז עס איז איהם געראטהען צו אנטלויפען קיין אמשטרדם אונ דארט אפענטליך איבערגעהען צום יודענטהום. דארמידא האט איינגעגעבען א פאפיער דעם פארלאמענט אונ האט אויפגעקלעהרט ווי נוצליך די יודען וועלען זיין פאר דער מדינה אונ וואס פאר א גרויסע קאפיטאלען זיי וועלען אהין

אַרייִנְבְּרֶענְגֶען. קְרָאמְוֶועל הָאט אִיהם אֲפִילוּ מִיט אַ הַאלְב מוֹיל צוּגֶעזָאגְט, נָאר גֶעפּוּעלְט הָאט עֶר פָּארְט נִיט אוּנ אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט גָאר נִישְׁט. דֶעמָאלְט אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי דִי יוּדֶען אוּנ מַארְרַאנֶען מֶען זָאל זִיךְ פֶערְלָאזֶען אוֹיף אֵיין ר׳ מְנַשֶּׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל, וֶועלְכֶער אִיז מִיט יֶעדֶען טָאג בַּיי זִיךְ שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ פֶערְזִיכֶערְן אַז עֶר זֶעהט אַרוֹיס אַז זַיין שְׁלִיחוּת וֶועט אִיהם גֶערָאטְהֶען. עֶס אִיז אוֹיךְ קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס ר׳ מְנַשֶּׁה׳ס הָאפְנוּנְג זֶענֶען אַלֶע מָאל פֶעסְטֶער גֶעוָוארֶען, וַוייל זַיינֶע קְרִיסְטְלִיכֶע גוּטֶע פְּרַיינְד הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין שְׁרַייֶען אַז אָט אָט וֶוערֶען דִי יוּדֶען גֶעהָאלְפֶען. דֶער הָאלֶאנְדֶער גֶעלֶעהְרְטֶער הֵיינְרִיךְ יֶעסֶע הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אוֹיף דֶער וֶועלְט אַ בִּיכֶעל „וֶועגֶען דֶער גְדוּלָה וָואס וֶועט בַּאלְד קוּמֶען אוֹיף יְהוּדָה אוּנ יִשְׂרָאֵל“. אַ בֶּאהֶמִישֶׁער דָאקְטָאר פוֹילְיוּס פֶעלְגֶענְהוֹיעֶר אִיז נָאךְ וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען. אִין דַייטְשְׁלַאנְד הָאבֶּען אִיהם קַאטָאלִיקֶען אוּנ פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען אָנְגֶעטְהוּן צָרוֹת אוּנ נָאךְ אַ סַךְ יָאהְרֶען נָע וָונְד זַיין, הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט אַ מָקוֹם מְנוּחָה אִין אַמְשְׁטֶרְדַם אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַ בֶּן בַּיִת בַּיי ר׳ מְנַשֶּׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל. דָאס יוּדִישֶׁע פַאמִילְיֶען-לֶעבֶּען, דִי גוּטֶע מִדּוֹת, דִי גְרוֹיסֶע צְדָקָה הָאבֶּען אִיהם צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּם יוּדִישֶׁען פָאלְק אוּנ עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ סֵפֶר, וָואס הָאט אֲפִילוּ אִין הָאלַאנְד אָנְגֶעמַאכְט אַ רַעשׁ. זַיין סֵפֶר הָאט גֶעהֵייסֶען „אַ פְרֶעהלִיכֶע בְּשׂוּרָה דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶועגֶען מָשִׁיחַ“ אוּנ דָארְט וַוייזְט עֶר אוֹיס פוּן יוּדִישֶׁע אוּנ קְרִיסְטְלִיכֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים אַז גָאט הָאט אָנְגֶעשִׁיקְט דִי דְרַייסִיג יֶעהְרִיגֶע מִלְחָמָה פַאר אַ שְׁטְרָאף, וַוייל דִי פֶעלְקֶער הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק פֶערְזִינְדִיגְט דֶער מִיט וָואס זֵיי רוֹדֵף׳ן דִי יוּדֶען אוּנ אַז זֵיי דַארְפֶען זִיךְ דֶערְפוּן אַ מוֹסֵר נֶעהְמֶען אוּנ שְׁלִיסֶען מִיט זֵיי אַ עֶבִּיגֶען שָׁלוֹם, לֶעבֶּען וִוי בְּרִידֶער, וִוי יְהוּדָה מִיט יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי עֶס זָאלֶען מְקוּיָם וֶוערֶען דִי יֶערְטֶער פוּן דִי נְבִיאִים אוּנ דִי יוּדֶען זָאלֶען אוֹיסְגֶעלָאזְט וֶוערֶען פוּן אַלֶע צָרוֹת.

עֶנְדְלִיךְ אִיז ר׳ מְנַשֶּׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל, אִים יָאהר 1655 נָאךְ סֻכּוֹת, אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען קַיין לָאנְדָאן, אוּנ קְרָאמְוֶועל הָאט אִיהם אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ הָאט אִיהם אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶער דִירָה בַּיי זִיךְ אִין פַּאלַאץ. מִיט אִיהם זֶענֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען עֶטְלִיכֶע בְּכָבוֹד׳ע בַּעֲלֵי בָּתִּים, אוּנ צְווִישֶׁען זֵיי אִיז גֶעוֶועהן ר׳ יַעֲקֹב שַׁשְׂפָּרְטַשׁ אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ אַ גֶעוֶועזֶענֶער רַב פוּן אַפְרִיקָא. אִין לָאנְדָאן הָאט ר׳ מְנַשֶּׁה גֶעפוּנֶען אַ הִיבְּשֶׁע צָאהל מַארְרַאנֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ קְלָאמֶערְשְׁט גֶערֶעכֶענְט פַאר קַאטָאלִיקֶען, נָאר דָאס יוּדֶענְטְהוּם אִיז גֶעוֶועהן בַּיי זֵיי טְהַייעֶרֶער פוּנ׳ם לֶעבֶּען, אוּנ זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעהָאלְפֶען וִוי וַוייט עֶס הָאט

געטראגען זייער כח. נאך ביים לעבען פון דער קאניגין עליזאבעטה האבען זיך אין לאנדאן בעזעצט עטליכע מאראנען און אזוי ווי זיי זענען געוועהן זעהר רייך און האבען געפיהרט גרויסע מסחרים, האט מען זיי ניט גערודפ׳ט, אז מען האט געזעהן פון זיי עפיס יודישע מנהגים. איינער פון זיי, לאפעס, איז געוועהן א בעריהמטער דאקטאר און האט אין לאנדאן געשפיעלט ניט קיין קליינע ראללע, מען האט אבער אויף איהם געמאכט א בלבול און ער איז פערמשפט געווארען צום טויט. דער בלבול האט זיך אפילו ניט אנגעקעהרט מיט דער פראגע וועגען אמונה, נאר פון דעסטוועגען האבען זיך די מאראנען שטארק דערשראקען און האבען זיך אבגעהיט עס זאל אויף זיי ניט פאלען קיין חשד. שפעטער האט מען טאקי געוואלט זיך אנהויבען טשעפען צום רייכסטען פון זיי, אנטאניא פערנאנדעז-קארוואל, וואס האט געהאט אייגענע שיפען, נאר די גרעסטע לאנדאנער סוחרים האבען זיך אנגענומען פאר איהם און עס איז געווארען שטיל. צווישען די לאנדאנער מאראנען האבען זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט מיט זייער עשירות און חשיבות ביי דער וועלט: היינריך זשארזש מענדעז, אנטאניא ראדריגועס ראבלעס, שמעון דע-קאצערעס און אנטאניא דע-זוזא, וואס איז געוועהן פארטוגיאזישער געזאנדטער. ער האט ביי זיך אין הויף אויסגעבויעט א בעזונדער קאטאלישע קירכע, און דאס איז אייגענטליך געוועהן דאס בעהאלטענע יודישע שולכען, וואו אללע מאראנען פלעגען זיך צונויפקומען דאווענען. אודאי, זייט קראמוועל האט איבערגענומען די מלוכה, און בעזאנדערס נאך דעם וואס שמעון דע-קאצערעס האט איהם געוויזען א וועג ווי אזוי ענגלאנד זאל צונעהמען טשילי, האבען זיי ניט בעדארפט מורא האבען, נאר פון דעסטוועגען האבען זיי זיך דערפרעהט, ווען ר׳ מנשה בן ישראל איז געקומען, און האבען געוואלט גע- האלפען ווערען צוזאמען מיט זייערע ברידער און בעקומען דאס רעכט אפען זיך צו רעכענען אין כלל ישראל.

ניט אזוי גיך טהוט זיך אבער ווי עס רעדט זיך. ערשטענס, האט ר׳ מנשה בן ישראל ניט געוואלט, אז די בקשה זאל געהען נאר פון דער אמשטרדמ׳ער קהלה און ער האט געמוזט ווארטען ביז עס זענען איהם אנגעקומען הסכמות פון אללע אייראפאישע יודען און מען האט איהם געבעטען צו זיין א מליץ יושר פאר דער ענגלישער מלוכה. צווייטענס, האט ער זיך ערשט אין לאנדאן אנידערגעזעצט שרייבען א גאנץ פאפיער וועגען אללע שאלות וואס מען האט נאר געקאנט פרעגען, און אזוי ווי אויפ׳ן פלאן איז ער אים שטאנד געוועהן

זיך בֶּעסֶער צוצוהֶארֶען דֶעם מֵיינוּנג פוּנ'ם פָאלְק , הָאט עֶר אִין זַיין פַּאפִּיער אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט צְוַויי טַעֲמִים פַאר וָואס עֶר בֶּעט מֶען זָאל די יוּדֶען אַריינְלָאזֶען קַיין עֶנְגְלַאנְד . עֶרְשְׁטֶענְס , הָאט עֶר גֶעוויזֶען אַז די מְדִינָה וֶועט נָאר בֶּעקוּמֶען אַיין אַנְדֶער גְלַאנְץ וֶוען די יוּדֶען וֶועלֶען דָארְט בֶּעלֶעבֶּען דֶעם מִסְחָר , אוּנ צְוַוייטֶענְס , אוּנ דָאס הָאט עֶר גֶעשְׁטֶעלְט פַאר'ן עִיקָר , הָאט עֶר גֶעוֶועקְט דָאס רֶעלִיגְיָאנְס גֶעפִיהל בַּיי די פוּרִיטַאנֶער אוּנ הָאט זֵיי גֶעוויזֶען , אַז אוֹיף זֵיי לִיגְט אַ הֵיילִיגֶער חוֹב מִיטצוּהֶעלְפֶען עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען די וֶוארְטֶער פוּן די נְבִיאִים , אַז גָאטט זָאל צוּנוֹיפְנֶעהמֶען זַיינֶע קִינְדֶער פוּן אַללֶע לֶאנְדֶער . ווי אַזוֹי זָשֶׁע וֶועט קֶאנֶען קוּמֶען די גְאוּלָה , הָאט ר' מְנַשֶּׁה גֶעפְרֶעגְט , וֶוען אִין עֶנְגְלַאנְד וֶועלֶען נָאר יוּדֶען לַחֲלוּטִין פֶעהלֶען ?

וֶוען קְרָאמְוֶועל זָאל גֶעוֶועהן וֶועלֶען שְׁטֶעלֶען נָאר אוֹיף זִיךְ , וָואלְט עֶר זִיךְ לַאנְג נִיט גֶעוֶועהן גֶעיִשׁוּבְ'ט : עֶר אִיז אִין גַאנְצֶען גֶעוֶועהן אוֹיף די יוּדֶענְס זַייט , נִיט אַזוֹי צוּ לִיעבּ זֵייעֶר נוּצְלִיכְקֵייט פַאר'ן לַאנְד ווי צוּלִיעבּ דֶער מִדֶּה , אַז מִיט דֶער צֵייט וֶועלֶען זֵיי אַללֶע אָנְנֶעהמֶען דָאס רֵיינֶע קְרִיסְטֶענְטְהוּם , וָואס וֶועדְלִיג די פוּרִיטַאנֶער הָאבֶּען עֶס אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט , שְׁטֶעהט עֶס נָאר נִיט וַוייט פוּנ'ם יוּדֶענְטְהוּם . עֶר הָאט אָבֶּער גֶעוָואלְט אַז דָאס עֶנְגְלִישֶׁע פָאלְק זָאל אוֹיךְ נִיט זַיין דַאגֶעגֶען אוּנ אַז אוֹיבּ מֶען וֶועט אַריינְלָאזֶען יוּדֶען זָאלֶען זֵיי זַיין גֶעשִׁיצְט נִיט נָאר מִיט דֶער הִילְף פוּן דֶער מְלוּכָה , נָאר אוֹיךְ מִיט דֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט פוּן אַללֶע אַיינְוָואהנֶער ; דַארִיבֶּער הָאט עֶר צוּ זִיךְ צוּגֶעצוֹיגֶען צְוַויי גְרוֹיסֶע מֶענְשֶׁען : דֶעם גֵייסְטְלִיכֶען ה וּ ג א פֶּ ע טֶ ע ר ס אוּנ הַ א רְ רִ י מַ א רְ טֶ ע נְ ס אוּנ הָאט גֶעזֶעצְט אַ בֶּעזוּנְדֶער קָאמִיסְיֶע , וָואס הָאט בַּאדַארְפְט אַרוֹיסְזָאגֶען אִיהר דֵעָה : צוּ קָאן מֶען , עֶרְשְׁטֶענְס , מְבַטֵּל זַיין דָאס אַלְטֶע גֶעזֶעץ פוּנ'ם יָאהר 1290 , וָואס הָאט פֶערְוֶועהְרְט די יוּדֶען צוּ וואהנֶען אִין עֶנְגְלַאנְד , אוּנ צְוַוייטֶענְס , אוֹיבּ עֶס אִיז יָא מֶעגְלִיךְ אוּמְצוּוואַרְפֶען אַזַא גֶעזֶעץ , צוּ דַארְף מֶען אוֹיסְנֶעהמֶען עֶפִּים בֶּעזוּנְדֶערֶע תְּנָאִים מִיט די יוּדֶען וֶוען מֶען וֶועט זֵיי אַריינְלָאזֶען . די אֲסִיפוֹת פוּן דֶער קָאמִיסְיֶע הָאבֶּען אָנְגֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען רַעַשׁ אִין לָאנְדָאן אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוויזֶען אַזוֹי פִיעל גֶעגְנֶער , וָואס מֶען הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעקָאנְט רִיכְטֶען . סוֹחֲרִים הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט די יוּדֶען זָאלֶען בַּיי זֵיי נִיט צוּנֶעהמֶען די גַאנְצֶע פַּרְנָסָה , אוּנ די גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען פֶערְשְׁפַּאנֶען , אַז פַאר זֵיי טוֹיג גֶעווִיס נִיט אַז די יוּדֶען מִיט די פוּרִיטַאנֶער זָאלֶען וֶוערֶען נָאהֶענְטֶע שְׁכֵנִים ; וָוארוּם קַיין טוֹבָה וֶועט זֵיי דֶערְפוּן אַוַודַאי נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען . אַזוֹי אִיז גֶעוָוארֶען אַ לַיאַרְם , אַ גֶעשְׁרֵיי , אוּנ חָאטְשֶׁי בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער אֲסִיפָה הָאט מֶען בֶּעשְׁלָאסֶען , אַז

דאס אלטע געזעץ, וואס איז ארויסגעגעבען געווארען נאר פונ'ם קאניג אונ ניט פונ'ם פארלאמענט, דארף קיין ממשות ניט האבען אונ דערפון קאן קיין מניעה ניט זיין, איז פון דעסטוועגען פארט געבליבען, אז טאקי נאר די יודען אלליין זענען שעדליך אונ מען טאר קיין איינציגען ניט אריינלאזען אין לאנד. קראמוועל האט זיך געפרווט צו ציהען אויף זיין זייט עטליכע גייסטליכע, ער איז אלליין געקומען צו דער אסיפה אונ האט מיט זיך מיטגענומען ר' מנשה בן ישראל, וועלכער האט מיט שכל אונ ישוב הדעת פערענטפערט אללע שאלות פון די שונאים אונ צו נישט געמאכט אללע זייערע טענות. קראמוועל האט אבער געזעהען אז פון די אללע רייד וועט גאר ניט ווערען אונ דאריבער האט ער זיך ענטשלאסען אפען ארויסצוזאגען זיין מיינונג, אז ער וויל די יודען מקרב זיין מעהר צוליעב דעם, זיי זאלען בעקאנט ווערען מיט די אמת'ע אונ ריינע יסודות פון דער קריסטליכער רעליגיאן, אונ אז עס איז שווער אז א מענש זאל אנהייבען ליעב האבען דאס וואס אנדערע האבען ליעב, ווען יענע ווילען איהם גאר ניט לאזען פאר די אויגען. קראמוועלס מוסר, אונ בעזאנדערס דאס וואס ער האט געגעבען אנצוהערען, אז ער וועט ניט קוקען אויף קיינעם אונ וועט טהון ווי ער פערשטעהט, האבען געמוזט פיהרען דערצו, וואס די קאמיסיע האט פארט מסכים געווען מען זאל די יודען אריינלאזען, נאר קיין קריסטליכע דיענסטען זאלען זיי ניט האלטען אונ קיין שולען זאלען זיי ניט בויען. קראמוועל האט אפילו באלד מתיר געוועהן, אז די יודען מאגען זיך דינגען הייזער אויף מנינים, נאר מעהר איז ער ניט אים שטאנד געוועהן צו טהון פאר זיי, ווייל די שונאי ישראל האבען אנגעמאכט א געוואלד, אז ענגלאנד איז אין א שטארקער סכנה אונ פון אללע זייטען האט מען נאר געהערט קולות, אז מען וועט זיך גוט אברעכענען מיט די ערשטע יודישע גאסט... אודאי איז דערוויל דאס ערלויבניש געבליבען נאר אויף פאפיער, אונ צווישען יודען האבען זיך נאך ניט געפונען קיין בעלנים, וואס זאלען וועלען פרוווען אויף זייערע פלייצעס דעם כח פון ענגלישע קולאקעס.

א מבול פון ביכער, וואס זענען פול געוועהן מיט שקרים אונ בלבולים אויף די יודען, האט דעמאלט פארפלייצט ענגלאנד, אונ צווישען זיי האט בעזאנדערס אויפגערייצט דאס פאלק א בוך פונ'ם גייסטליכען וויליאם פריננע, וועלכער האט זיך געחאפט צו די אלטע בעשולדיגונגען אונ האט אויסגעוויזען אז קיין ערגערס פון א יודען איז גאר אויף דער וועלט ניטא. איהם האט געאנטפערט קראמוועל'ס א גוטער פריינד, טהאמאש קאללער, וואס האט,

די שונאים אויף צו להכעים, אויפגעהויבען יודען ביז צום זיבעטען הימעל. "מיר מוזען דאס יודישע פאלק, האט ער געשריבען, הויך שטעלען און גלויבען, אז דער טאג איז נאהענט ווען די יודען וועלען זיך רעכנען עלטער פון אללע אומות; און ווען מיר אללע, וואס קומען ארויס פון זיי און וואס נאר פון זיי האבען מיר בעקומען דאס ליכטיגקייט פון דער אמונה אן גאטט, וועלען עס האלטען פאר'ן גרעסטען כבוד זיך אבלערנען פון זיי מדות טובות". אזעלכע גוטע רייד האבען אודאי מחיה געוועהן אללע פוריטאנער, וואס האבען געשאצט די יודען, נאר דאס פראסטע פאלק איז אויף זיי קיין מבין ניט געוועהן און עס איז נאך דערפון ארויסגעקומען אזא חסרון, וואס די שונאים האבען נאך אנגעהויבען ערגער שרייען. פון איין זייט האט די מלוכה פון האללאנד מורא געקריגען טאמער וועלען אללע אמשטערדאמער יודען ארויספאהרען קיין ענגלאנד און זי האט אנגעהויבען דארויף קרום קוקען; אודאי האט עס געקאסט ר' מנשה בן ישראל גענוג מיה ביז ער האט איבערצייגט דעם האללאנדישען געזאנדטען, אז ער מיינט נאר אבצוזוכען א נייעם פלאץ פאר די מאררא‍נען פון שפאניען און פארטוגאל און אז די האללאנדישע יודען זענען זעהר צופרידען און דארפען זיך ניט יאגען ערגיץ אנדערש. פון דער אנדערער זייט האט זיך קראמוועל שטענדיג ניט געקאנט בעשעפטיגען מיט די יודען, ווייל אויף איהם איז געלעגען דער עול פון דער גאנצער מלוכה, און פון דערוועגענס האט מען געקאנט מיינען אז די זאך איז איהם נמאס געווארען, דאריבער האבען די עטליכע יודען, וואס זענען געקומען אינאיינעם מיט ר' מנשה'ן קיין לאנדאן זיך מיאש געוועהן פון ענגלאנד און האבען זיך צוריק אומגעקעהרט קיין אמשטערדאם; און די מאררא‍נען, וואס זענען דערוויל געוואהר געווארען, אז ענגלאנד איז אפען פאר יודען און האבען זיך אהין געלאזט פון שפאניען און פארטוגאל, זענען ביי זיך שטארק אראבגעפאלען, ווען זיי האבען בעקומען די ידיעה, אז מען וועט זיי אין לאנדאן ניט גוט און פריינדליך אויפנעהמען, האבען זיך אין מיטען וועג אקעהר געטהון קיין איטאליען.

ר' מנשה בן ישראל, און מיט איהם אויך אללע יודישע גוטע פריינד, זענען ניט מיעד געווארען פון דעסטוועגען צו ארבייטען געגען דער פרישער שנאה, וואס האט זיך אין ענגלאנד ארויסגעוויזען צו יודען, וועלכע מען האט שוין דארט ניט געזעהען כמעט פיער הונדערט יאהר. דעמאלט האט ר' מנשה ארויסגעלאזט אויף דער וועלט זיין ספר "תשועת ישראל" (די רעטונג פון די יודען), וואס מען האט שפעטער איבערזעצט אין פיעל אייראפאישע שפראכען

און וואס מאג נאך אין היינטיגער צייט דיענען פאר א קלארע תשובה אויף אללע בעשולדיגונגען וועלכע מען האט ליעב ארויפצוווארפען אויף יודען. זעהר וואָרם האט ר׳ מנשה אנגעשריבען זיין ספר; אין יעדער שורה דערקענט מען אז ער האט מעהר רחמנות ווי כעס אויף די מענשען וואס פאלען אן אויף אנדערע מענשען נאר דערפאר וואס זיי זענען פון איין אנדער נאציאן. ווי פערביטערט ר׳ מנשה׳ס הארץ איז געוועהן, וואס ער האט געזעהען זיין בעסטע האפנונג צושטערט; ווי פינסטער איהם איז געווארען ביי דעם געדאנק, אז דארט וואו ער האט זיך גערעכנט אז דער נאהמען פונ׳ם יודען זאל גלאנצען ווי א ליכטיגער שטערן, זאל ער נאר פלוצלונג דארט׳ין פערגעפערן זיין פאלק פון אויסגעטראכטע בלבולים, האט ער דאך מיט [illegible]ים איבערלעגונג און אהן היטץ בעטראכט אללע טענות פון די שונאים און האט אויף אלדינג געגעבען א רעכטען תירוץ. נאר פון איין זאך האט ער ניט געקאנט רעדען קאלטבלוטיג: פון די בעשולדיגונגען אז יודען בענוצען בלוט פון קריסטליכע קינדער צו די מצות.

„מיט ציטערניש, שרייבט ער, האב איך דערזעהען, אז עס געפינען זיך שקרנים וואס ווילען פערדרעהען די ענגלאנדער די קאפּ מיט אזא אלטען ליגען. איך שווער ביי אלדינג וואס איז מיר הייליג, אז ניט די תורה האט געקאנט מאכען פאר א חיוב אזא שרעקליכע רציחה און אז ניט דאס יודישע פאלק איז אים שטאנד צו טהון אזא מורא׳דיגען חטא, און איך בעט אללע מענשען, וואס האבען נאר געדאנקען צו בעטראכטען זיך און אליין פערשטעהען דעם אמת, אז איידער צו בעשולדיגען אומגליקליכע און אומשולדיגע יודען, בעסער זיי העלפען, כדי מיר זאלען דערלעבען צו זעהען ישועות און נחמות".

ר׳ מנשה׳ס לעצט ספר האט געמאכט א גרויסען איינדרוק אין ענגלאנד און דאס ווילדע געשריי געגען יודען איז פארט געווארען קלענער. דערצו האט זיך נאך געמאכט א מעשה, וואס, ווי אזוי קראמוועל׳ן האט זיך ניט געגלוסט ווייטער אויפצוועקען די יודישע שאלה, איז ער דאך געצוואונגען געוועהן צו דערמאנען דעם עולם אז יודען האבען דאס רעכט זיך צו בעזעצען אין ענגלאנד. דעם רייכען אנטאניע ראדריגועס ראבלעס האט מען אים יאהר 1656 פערקלאגט אז ער געהער צו א קריסטליכע סעקטע, וואס טאר זיך ניט געפינען אין ענגלאנד, און מען האט ביי איהם געוואלט צונעהמען זיין גאנץ פערמאגען. דא האט שוין קראמוועל זיך געמוזט אנגעהמען פאר איהם און האט ערקלארט, אז די מאראנען זענען ניט קיין קאטאליקען, נאר יודען, און זיי מאגען פריי וואהנען אין לאנד. דעמאלט האבען אללע מאראנען אראבגעווארפען פון זיך

די מאסקע, זיי האבען אנגעהויבען אפען אבצוהיטען אללע יודישע דינים אונ מנהגים, אונ מען האט זיי אפילו ערלויבט צו האבען בעזונדער א קליינעם בית עולם. איין חסרון איז געווען וואס מען האט זיי נאך אלץ גערעכענט פאר פרעמדע אונ זיי האבען געמוזט צאהלען מעהר מס, נאר לעת עתה איז שוין אין לאנדאן געווארען א קליינע יודישע קהלה. פון דער פרעמד האבען זיך אבער די יודען איינגעהאלטען אונ האבען נאך מורא געהאט אריינצופאהרען קיין ענגלאנד; דאריבער האט זיך ר' מנשה בן ישראל ענטשלאסען, אים יאהר 1657, זיך לאזען צוריק קיין אמשטרדם, ווייל ער האט פערשטאנען אז ניט אזוי גיך וועט ער זעהען זיין פלאן אין גאנצען אויסגעפיהרט. קראמוועל האט איהם ארויסבעלייט פון לאנדאן מיט גרויס כבוד אונ האט איהם בעשטימט א יאהרליכע פענסיע, נאר בענוצען זיך מיט איהר איז איהם שוין ניט בעשערט געווען: די יסורים, וואס ער האט אויף דער עלטער איבערגעטראגען, האבען ביי איהם צוגענומען די לעצטע כוחות אונ ער איז אויפ'ן וועג געשטארבען אין מאי־דעלבורג. א טויטען האט מען שוין איהם אריינגעבראכט קיין אמשטרדם אונ די יודען פון דארט האבען איהם נאר געקאנט אויסדריקען זייער דאנקבארקייט מיט א שאנער מצבה, וואס זיי האבען געשטעלט אויף זיין קבר.

אין א יאהר ארום איז קראמוועל אויך געשטארבען, אונ דאס וואס איז צוגעגאנגען אזוי שווער מיט ישר האט מען לייכטער אויסגעפיהרט מיט שחד. די ענגלישע מלוכה איז איבערגעגאנגען צו קארל דעם צווייטען, וואס האט ליעב געהאט גרויס צו לעבען אונ האט שטאנדיג זיך געגאטהיגט אין געלד. איהם האבען די אמשטרדמער יודען געגעבען א מתנה יפה אונ ער האט מיט איין ווארט געמאכט דאס, וואס מען האט זיך דארויף געמוטשעט עטליכע יאהר, געשריבען חבורים, פערגאסען טינט אונ געצאפט בלוט. ענגלאנד, קאן מען זאגען, איז געווען די ערשטע מדינה, וואס האט חרטה געהאט אויף די עולות, וועלכע מען האט דארט פריהר געטהון יודען, אונ האט זיי געגעבען אללע רעכטע. ערשט שפעטער מיט הונדערט פופציג יאהר האבען אנדערע איירא־פאישע מלוכות איהר נאכגעטהון, אונ די יודען האבען זיך שוין אהן מורא גע־קאנט בעזעצען אין א סך ערטער.

אין דעם אינוועניגסטען צושטאנד פון די יודען איז דעמאלט נאך געווען זעהר פינסטער, ווי דאס פינסטערניש וואס האט זיי ארומגערינגעלט אין דרויסען. דאס ריינע יודישקייט, דער הייליגער געדאנק וואס איז איבערגע־גאנגען צום יודישען פאלק ווי א טהייערע ירושה פון משה רבנו, האט אין יענע

יאָהרען אַ פָּנִים געהאַט ווי אַ קאַרנדעל, וואָס ליעגט שוין לאַנג אין דער ערד, וואָס שווערע שטיינער דעקען עס צו אונ אויף דעם אָנגעוואָרפענעם מיסט וואַקסען נאָר דאָרנער, מען זאָל גאָר דער צו ניט קאָנען צוקומען. אין יענער צייט האָט די קַבָּלָה געשפּילט די גרעסטע ראָללע, אונ כּמעט דאָס רוֹב גרויסע לייט האָבען זיי בעשעפטיגט מיט איהר, בעזאָנדערס האָט זיך בעריהמט געמאַכט אין דעם לִמוּד ר׳ יְשַׁעְיָה הַלֵּוִי הורוויץ מיט זיין גרויסען סֵפֶר שְׁנֵי לוּחוֹת הַבְּרִית אָדער של״ה הַקָּדוֹשׁ. ער איז געוועהן רַב אין פראַנקפורט, אין פּראַג, פּאָזען אונ קראַקויא אונ איז אויף דער עלטער אַוועקגעפאָהרען קיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דער נייער לִמוּד אָבער האָט געמאַכט מען זאָל פערגעסען די תּוֹרָה, די נְבִיאִים; אֲפִילוּ דעם תַּלְמוּד אונ מען זאָל זיך נאָר האַלטען אין פִּלְפּוּל, אַרומפליהען אין אויבערשטע וועלטען אונ ברעכען די מוחות איבער שְׁאֵלוֹת, וואָס האָבען קיין שום שַׁייכוּת ניט צום לעבען. אַזאַ דֶרֶךְ האָט ניט געקאָנט געפאַלען די פרישע מענשען, וואָס זענען אין די לעצטע דורות צוגעקומען צו די יודען, אונ עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס איינער פון די מאַראַנען, אוּרִיאֵל אַקוֹסְטָא, איז אַרויסגעשפּרונגען געגען די רַבָּנִים, אונ איהם האָבען נאָכגעטהון אויך אַנדערע דריי גרויסע לוֹמְדִים, ווי ר׳ יְהוּדָה לִיאוֹן די מוֹדִינָא, ר׳ יוֹסֵף דֵּיל־מֵדִיגוֹ אונ ר׳ שִׂמְחָה לוּצַאטוֹ. אויף צָרוֹת איבערטראָגען פון פרעמדע שׂוֹנְאִים האָבען זיי געוואָלט זיין שׁוּתָּפִים גלייך מיט אַללע, נאָר ליידען פון אייגענע נאַרישקייטען, זעהען ווי יודען אַלליין בעגראָבען טיף אין דער ערד דעם תַּמְצִית פון יודישקייט, וואָס צו ליעב דעם איז זיך יעדער פון זיי פערטיג געוועהן מוֹסֵר נֶפֶשׁ צו זיין, דאָס זענען זיי ניט געוועהן אים שטאַנד, אונ עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ מִלְחָמָה, וואָס האָט זיך נאָך אֲפִילוּ אין אונזערע יאָהרען ניט געענדיגט אונ וועט נאָך לאַנג דויערן ביז עס וועט ניט ווערען ליכטיג אין אַללע ווינקעלעך.

דער ערשטער וואָס האָט זיך גענומען צוטרייבען די גֶעדיכטע וואָלקענס פונ׳ם יודישען הימעל, איז געוועהן גַבְרִיאֵל דִּי אַקוֹסְטָא, וואָס איז אים יאָהר 1590 געבאָרען געוואָרען אין אַ פּאָרְטָא ביי עלטערן־מאַראַנען. אויפגעוואַקסען איז ער ווי אַ פרומער קאַטאָליק, ווייל די אינקוויזיציאָן האָט גוט אַכטונג געגעבען אַז די מאַראַנען זאָלען ניט אָבטרעטען פונ׳ם קריסטענטהום, אונ אַז די קליינע קינדער זאָלען ערצויגען ווערען פון גייסטליכע. אַקוֹסְטָא׳ס עלטערן זענען נאָך דערצו געוועהן פערמעגליך אונ האָבען זייער קינד געלערנט פערשיעדענע לְשׁוֹנוֹת אונ חָכְמוֹת אונ ער איז געוואָרען אַ מוּשְׁלָם. אַוודאי האָט ער

צו פריה אנגעהויבען דענקען, ווּנ אז ער איז געקומען צום שכל אונ איז געוואהר געווארען דעם סוד, וואס מען האט פון איהם א צייט בעהאלטען, האט עס איהם אנגעהויבען ציהען צום שרש פון וואנען ער קומט ארויס, אונ ער האט ניט גערוהט ביז די גאנצע משפחה האט זיך ניט ארויסגעגנבע'ט פון אפארטא אונ איז געקומען קיין האללאנד. אין אמשטרדם האט ער זיך מיט זיינע ברידער מל געוועהן אונ האט איבערגעביטען זיין נאהמען אויף „אוריאל“. דאס הייסע בלוט, וואס האט געפלאסען אין אקוסטא'ס אדערן, די יסורים וואס ער האט איבערגעלעבט אז ער האט דערגרייכט זיין ציעל, די אונצופרידענהייט מיט אלדינג וואס ער האט געזעהען פאר זיך פון די קינדערשע יאהרען אן, די אללע זאכען האבען גענוזט אויף טויזענדער מאל פערגרעסערן זיינע ערוואַרטונגען אונ האפנונגען. איהם האט זיך אויסגעוויזען אז אללע שאלות וואס זיין שארף מח האט איהם ניט געלאזט רוהען וועגען זיי, וועט איהם די אלטע אמונה פערענפערן; ער איז געוועהן זיכער, אז ער וועט געפינען דאס יודענטהום אין דערזעלבען געשטאלט ווי ער האט עס זיך אויסגעמאלט ווען ער פלעגט זיך פערטיפען אין דער תורה; ער האט זיך געטרעסט מיט דעם געדאנק אז דא וועט זיין קראנקע נשמה האבען א רפואה שלמה אונ זיין פערוואונדעט הערץ וועט געפינען זיין באלזאם. ווי ערשטוינט איז ער אבער געווארען, אז ער האט זיך בעקענט מיט די אמשטרדמער יודען אונ זייער לעבען אונ האט דערזעהען, אז זיין גאנצע האפנונג איז מעהר ניט געוועהן ווי א זיסער חלום, אז פון דעם וואס ער האט זיך געטראכט — ביז דעם, וואס ער האט געפונען, איז אזוי ווייט ווי פון מזרח ביז מערב. בעזאנדערס האבען איהם ניט געשמעקט די טויזענדער חומרות אונ מנהגים, וואס האבען פערשטעלט דעם פרייען וועג פון יעדען יודען, אונ נאך מעהר האט איהם פערדראסען דאס עקשנות פון די רבנים, וואס האבען געריסען בײַ די פאלעס מען זאל חלילה ניט אבטרעטען פונ'ם מינדסטען דין אדער מנהג, גלייך ווי דארויף האלט זיך דער גאנצער בנין פונ'ם יודישקייט. דעם פרייען דענקער איז שווער געוועהן צו לעבען אזוי, אונ ער האט אנגעהויבען אפענטליך עובר זיין אויף אזעלכע זאכען, וואס בײַ אנדערע זענען זיי געוועהן הייליג — אונ עס האט זיך צוברענט דער ערשטער פונק פון מחלוקת צווישען אקוסטא אונ די רבנים. אז מען וויל בערעכנען זענען ביידע צדדים גערעכט געוועהן. אקוסטא האט געטענה'ט, אז ניט צו ליעב אזא יודישקייט האט ער זיך מוסר נפש געוועהן, אונ ווען עס איז איהם געראטהען זיך צו בעפרייהען פון קייטען וויל ער זיך נאך

נאך אמאל ניט לאזען בינדען. די רבנים ווידער האבען געשריגען, אז די יודען קאסט געביך זעהר טהייער די אמונה אונ דאריבער טארען זיי ניט דערלאזען מען זאל זי אנרירען אפילו אויף א האר. אודאי אז די גאנצע מאכט איז איינגעשטאנען ביי די רבנים אונ אז זיי האבען א קוק געטהון אז אקוסטא האט פון זיך אין גאנצען אראבגעווארפען זייער עול אונ האט נאך אנגעשריבען אספר געגען זיי, האבען זיי גאר לאנג ניט געטראכט אונ איהם אריינגעווארפען אין חרם. א חוץ דעם האבען זיי נאך איהם געמסר'ט פאר דער מלוכה, אז ער איז א שאדליכער מענש, אז ער לייגענט אין השארת הנפש אונ זאגט, אז דעם מענשענ'ס נשמה ווערד נאך זיין טויט פערלארען צוזאמען מיט'ן גוף: אזעלכע געדאנקען זענען אויך געגען דער קריסטליכער רעליגיאן, אונ דאריבער האט איהם די רעגירונג איינגעזעצט אונ בעשטראפט מיט אגעלד שטראף. ניט אזוי האבען זיך אבער די רבנים נוהג געוועהן: זיי האבען זייער חרם געהאלטען אויף איהם גאנצע פינפצעהן יאהר, אונ אקאסטא'ס לאגע איז געוועהן שרעקליך: איוד האט ניט געטארט שטעהן אין זיינע ד' אמות, אפילו זיינע נאהענטע קרובים האבען מיט איהם ניט גערעדט, צווישען קריסטען האט ער קיין בעקאנטע ניט געהאט, אונ אזוי האט ער זיין בעסטע יוגענד-צייט פערבראכט אין דחקות איינער אליין. אקוסטא איז אבער פארט מעהר ניט געוועהן ווי אלעבעדיגער מענש, ער האט געהאט א אויסזיכט אויף א שאנעם שדוך, אונ דאריבער האט ער זיך געלאזט צורעדען ער זאל זיך איבערבעטען מיט די רבנים, אונ איז מיט'ן מויל קלאמערשט צוגעשטאנען צו די דאזיגע, וואס אין הארצען האט ער שוין געטראגען אויף זיי א שנאה פאר זיינע אומזיסטע צרות דורך זיי. דער שלום האט לאנג ניט געקאנט האלטען, ווייל אזא מענשען ווי אקוסטא איז שווער זיך צו פערשטעלען; מען איז באלד געוואהר געווארען אז ער איז נאך אלין דער איינענער וואס פריהר, אונ די רבנים האבען שוין פון איהם געפאדערט ער זאל אפענטליך אין שול פאר'ן גאנצען עולם זיך מתודה זיין אויף זיינע חטאים. אזא בושה האט ער ניט געקאנט איבערטראגען אונ מען האט איהם פאר זיין עקשנות נאך אמאל אריינגעלעגט אין חרם אריין. די משפחה האט אבער געזעהען, אז עס איז קיין תכלית ניט, ער ווערד אללע מאל אלטער אונ דורך אזא פערוואגעלט לעבען קאן פון איהם ווערען א תל; אודאי האבען זיך זיינע קרובים צוגעזעצט צו איהם אונ האבען אזוי לאנג געארבייט איבער איהם ביז ער האט זיי געמוזט צוזאגען אז ער וועט בעשטעהען אויף אלדינג וואס מען וועט איהם הייסען טהון. ער האט ניט געוואוסט וואס פאר א שרעקליכע

שטראף איהם ערוואַרטעט: ער האט פערגעסען אז די אמשטערדאמער רבנים האבען כמעט אללע געליטען פון דער אינקוויזיציאן און האבען געהאט גוטע מלמדים צו לערנען ביי זיי אכזריות.... אקוסטא האט זיך שוין געפיהלט מיעד און פערמוטשעט; ער האט געוואלט האטש די לעצטע יאהרען אבּלעבען רוהיג און האט גערעכענט אז ער וועט אבּקומען מיט א קליינעם עונש. ווי שווער עס איז איהם ניט געוועהן האטש לפנים, נאר אויף עטליכע מינוט צו פערלייגנען זיינע געדאנקען, האט ער זיך דאך ענטשלאסען נאכצוגעבען די שונאים און זיי פטר'ן מיט א בזיון, וואס ער וועט א קורצע צייט איבּערטראגען און וואס וועט איהם דערפאר בּעפּרייהען פון גרעסערע וועטהיגען. מיט א צובּראכען הארץ איז ער געקומען אין שול אריין, וואס איז געוועהן איבּערפולט מיט מענשען. מען האט איהם ארויפגעשטעלט אויף א בימה, כדי אללע זאלען זעהען און הערען און ער האט געמוזט הויך לעזען א גאנץ צעטעל פון זיינע עבירות און שווערען זיך, אז מעהר וועט ער עס שוין ניט טהון. דערנאך האט מען איהם אין א ווינקעל אבּגעצאהלט ניין און דרייסיג מלקות, און אהוץ דעם האט מען איהם נאך אנידערגעלעגט ביי דער שוועל אז יעדער זאל איהם טרעטען מיט די פיס און שפייען אין פנים. דער מענש איז שטארקער פון אייזען און אקוסטא האט דאס אלדינג איבּערגעטראגען, נאר נאך דעם איז איהם דאס לעבען נמאס געווארען און ער האט פערשטאנען אז עס איז ניט כדאי געוועהן צו ליעב עולם הזה אזוי פיעל ליידען. ער האט ניט געקאנט מוחל זיין די קרובים וואס האבען איהם געבּראכט צו אזא בושה, און אז איינער פון זיי איז שפּעטער מיט עטליכע טאג, אים אפּריל 1640, דורכגעגאנגען נעבען זיין וואהנונג איז ער אויף איהם אנגעפאלען מיט א פּיסטול און האט איהם ניט געטראפען, נאר זיך אלליין האט ער דערשאסען אויפ'ן ארט. נאך זיין טויט האט מען ביי איהם געפונען אויפ'ן טיש א גאנץ בוך, וואס האט געהייסען „א ביישפּיעל פונ'ם מענשליכען לעבען". אין דעם בוך בּעשרייבּט אקוסטא אלדינג וואס מיט איהם האט זיך איבּערגעטהון און רעדט אויף די יודען אויס כל הרעות. דערפון זעהט מען אז דער קליגסטער מענש קאן אמאל שטארבען א נאר, ווייל ווי זיין הארץ האט ניט געמאגט זיין פערביטערט, ווי גרויס עס האט געקאנט זיין דאס פייער פון נקמה, וואס האט דארט געבּרענט, האט ער ניט געטארט צושטערען דאס וואס ער האט אלליין געבויעט, און טהון אזוי ווי יענער נאר, וואס וויל אין זיין ענג שטיבּעל ארייגלאזען פרישע לופט און צו ליעב דעם צוואַרפט ער דעם גאנצען בנין.

אין דער אייגענער צייט איז אין איטאליען ארויסגעטרעטען געגען די רבנים ר׳ יהודה ליאון די-מודינא, וואס האט ארויסגעשטאמט פון אגרויסער פראנצאזישער יודישער משפחה אונ האט זיין גאנץ לעבען, אכטציג יאהר כסדר, פערבראכט אין ארעמקייט אונ אין נויטה. זיין אומגליק איז געוועהן, וואס פון קינדהייז אן האט מען איהם איינגעוויינט אז ער איז דער ערשטער בר מעלה: ביי דריי יאהר האט ער שוין געלערנט תנ״ך אונ ביי צעהן יאהר האט ער געזאגט די ערשטע דרשה, אונ דעריבער האט ער זיך געווארפען אויף אסך מלאכות אונ האט געהאט גאר ווייניג ברכות. ער איז געוועהן א רב, א בעל דרשן, א חזן, א סופר, א בעל מגיה, א מוכר ספרים, א מעקלער, א סוחר, אפילו א מוזיקאנט אונ א שרייבער פון קמעות, אונ נאך די אללע זאכען איז ער מעהר געזעסען אהן פרנסה. זיין הויפט-חסרון איז געוועהן, וואס ער האט ליעב געהאט צו שפיעלען אין קארטען אונ צו ליעב דעם פלעגט ער נאך מעהר ליידען מאנגעל. דער קאפ איז איהם שטאנדיג געוועהן פערדרעהט, זיך ערנסט אבגעבען מיט עפיס א וויסענשאפט איז ער ניט געוועהן אים שטאנד, אונ געהען מיט א געזעצטען דרך, האבען זיינע אייגענע פעסטע מיינונג, האט ער אויך ניט געקאנט, היינט איז ער גרייט געוועהן די נשמה אוועקצוגעבען פאר א זאך, אונ מארגען האט ער שוין געשריגען אז מען דארף עס ניט. אפילו פון זיינע ספרים, וואס ביים שרייבען האט ער זיך שוין געקאנט בעסער איבערלעגען, זעהט מען ארויס אז ער מאכט אפט חוזק פון א געדאנק, וואס פריהר מיט עטליכע בלעטלעך קוועלט ער גאר אן דער פון. לאטייניש אונ איטאליעניש האט ער גוט געקאנט אונ דערפאר האט ער געהאט א סך גוטע פריינד צווישען קריסטען. דער פראנצאזישער עפיסקאפ יעקב פלאנטאוויצים אונ דער געלעהרטער יעקב גאפארעללי זענען געוועהן זיינע תלמידים. צום אנהייב, אז מען פלעגט אנפאלען אויף דער יודישער אמונה האט ער געקאנט יענעם די אויגען אויסרייסען, נאר ביסלעכווייז האט ער זיך אזוי געוואהנט גלייכגילטיג אלדינג אויסצוהערען, אז עס האט איהם שוין מעהר ניט געארט, אונ שפעטער פלעגט ער אליין אויך ניט זשאלעווען קיין לצנות. עס איז אזוי ווייט געקומען אז צו ליעב געלד האט ער געמאכט א איטאליענישע איבערזעצונג פונ׳ם „שלחן ערוך״ אונ האט בעשריבען אזעלכע דינים אונ מנהגים, וואס ניט ביים יודען אין די אויגען, מוזען זיי א פנים האבען פון חוזק, אונ די קריסטען האבען געהאט פון וואס צו לאכען. אז מען האט איהם געפרעגט פאר וואס ער האט געטהון אזא חלול השם, האט ער פשוט פעראנפערט.

דֶערְמִיט, וָואס בַּיים שְׁרַייבֶּען הָאט עֶר לַהֲלוּטִין פֶערְגֶעסֶען אַז עֶר אִיז אַלֵיין אַיוּד... עֶר הָאט נָאר גֶעזָאגְט דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת, קֵיינֶער הָאט אִיהם קֵיין שַׁאֲלוֹת נִיט גֶעפְרֶעגְט אוּנ עֶר אִיז נִיט מְחוּיָב גֶעוֶועהן צוּ זוּכֶען תֵּרוּצִים. נָאר נָאךְ דֶעם אַללֶעמֶען, וִוי אַזוֹי עֶר אִיז גֶעוֶועהן נִיט גֶעזֶעצְט אוּנ הָאט לִיעבּ גֶעהַאט נָאר פוּן אוֹיבֶּען בֶּערִירֶען יֶעדֶע שַׁאֲלָה אוּנ בַּאלְד אִיבֶּערְשְׁפְּרִינְגֶען פוּן אֵיין זַאךְ צוּ דֶער אַנְדֶערֶער, הָאט עֶר דָאךְ גֶעאַרְבַּייט עֶרֶענְסְט גֶעגֶען דִי מְקוּבָּלִים, אוּנ דִי רַבָּנִים פוּן יֶענֶער צַייט אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט גֶעגֶען דֶער שְׁוֶוערֶער מַשָּׂא וָואס זֵיי הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען. זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען דֶעם הָאט עֶר אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער סֵפֶר אוּנ הָאט דָארְט פָּשׁוּט גֶעפָאדֶערְט מֶען זָאל מְבַטֵּל זַיין אַ סַךְ דִינִים פוּן שְׁחִיטָה, כַּשְׁרוּת, פֶּסַח אוּנ שַׁבָּת; מֶען זָאל נִיט הַאלְטֶען דֶעם צְוֵוייטֶען טָאג יוֹם טוֹב, מֶען זָאל פֶערְקְלֵיינֶערְן דָאס דַאוְונֶען, אוּנ אֲפִילוּ יוֹם כִּפּוּר זָאל דָאס פַאסְטֶען נִיט זַיין קֵיין חִיוּב, אוּנ יֶעדֶער זָאל זִיךְ „פַיינִיגֶען זַיין לַייבּ נָאךְ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד אוּנ נִיט דַוְקָא נָאר מִיט נִיט־עֶסֶען. אוֹיף דֶער קַבָּלָה הָאט עֶר גָאר גֶעשְׁרִיגֶען אַז דָאס אִיז נִיט קֵיין לִמּוּד, אַז זִי דִינְט נָאר וִוי אַ מִיטֶעל פַאר שְׁוִוינְדְלֶערְס, וָואס דַארְפֶען זֵיי הָאבֶּען, כְּדֵי צוּ פֶערְבְּלֶענְדֶען דִי אוֹיגֶען פוּנ'ם פָאלְק. אֵיין אַנְדֶערֶער אוֹיף זַיין אָרְט וָואלְט אֶפְשָׁר עֶפִּים גֶעוֶועהן גֶעפּוּעֶלְט מִיט זַיין שְׁרַייבֶּען וּבִפְרַט נָאךְ וֶוען עֶר אִיז אַ צַייט גֶעוֶועהן רַב אִין וֶוענֶעדִיג, נָאר עֶר הָאט אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט בַּיים לֶעבֶּען צוּ דְרוּקֶען זַיין סֵפֶר, אוּנ דֶערְצוּ אִיז נָאךְ שְׁוֶוער צוּ וִויסֶען צוּ אִיז עֶר נָאךְ לַאנְג גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי דֶער אֵייגֶענֶער מֵיינוּנְג, אוּנ אַזוֹי אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנצוּפְרִידֶען פוּן אַללֶע אוּנ נָאךְ מֶעהר פוּן זִיךְ אַלֵיין, וַוייל כָּל יָמָיו הָאט עֶר נָאר גֶעלִיטֶען צוּ לִיעבּ תַּאֲוֹת אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁאמְט אַלֵיין צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּען זַיין גַאנְץ עֶלֶענְד לֶעבֶּען אוּנ אוֹיסְמָאלֶען דִי בֶּעשְׁטֶאנְדִיגֶע מִלְחָמָה וָואס פְלֶעגְט, צוּ לִיעבּ נַארִישְׁקַייטֶען, פָארְקוּמֶען בַּיי אִיהם אִין הַארְצֶען אוּנ אִיהם אָבְּהַאלְטֶען פוּן פִיעל גְרוֹיסֶע זַאכֶען, וָואס עֶר וָואלְט אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן צוּ טְהוּן פַאר דֶער טוֹבָה פוּן זַיין פָאלְק.

נִיט מֶעהר פוּן אִיהם הָאט גֶעטְהוּן אַ דְרִיטֶער אוּנְצוּפְרִידֶענֶער, ר' יוֹסֵף שְׁלֹמֹה דֵיל־מֶדִיגוֹ, וָואס הָאט אוֹיךְ גוּט גֶעפִיהלְט אַז דֶער דֶרֶךְ פוּן דִי רַבָּנִים מִיט זֵייעֶרֶע טוֹיזֶענְדֶער חוּמְרוֹת קָאן נִיט פִיהְרֶען דִי יוּדֶען צוּ קֵיין גְלִיק, אוּנ אִיז אָבֶּער וַוייטֶער נִיט גֶעגַאנְגֶען דֶערְפוּן וָואס עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ הֶיתֵּר אוֹיף אַ סַךְ זַאכֶען, נָאר אוֹיפְאֶפֶענֶען אַנְדֶערֶע דִי אוֹיגֶען, אָנְהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אַלֵיין יֶענֶעם גֶענַארְט אָדֶער זִיךְ גֶעלָאזְט

נארען, איז ער ניט געווען בכח. ר׳ יוסף שלמה דעל־מדיגו איז ארויס־
געקומען פון אגאנצער משפחה לומדים: זיין עלטער־זיידע איז געווען דער
בעריהמטער ר׳ אליהו דעל־מדיגו; נאר אויסער תלמוד האט ער געלערנט
אויך פערשיעדענע לשונות און חכמות און האט געשטודירט אין דער אוני־
ווערזיטאט פון פאדוא, דארט האט ער געהאט די געלעגענהייט צו ווערען
א תלמיד פונ׳ם גרויסען גאליליי און ער האט זיך מיט א בעזונדער ליעבע
אבגעגעבען מיט מאטהעמאטיק און אסטראנאמיע. צווישען די איטאליענישע
געלעהרטע האט זיך פון איהם ניט געקאנט אויסארבייטען אזא פרומער יוד
מיט דעם יראת שמים, וואס די רבנים פון יענער צייט האבען געוואלט זעהען
אין יעדען יודען, און דערפאר, אז ער איז צוריקגעקומען צו זיינע עלטערן
קיין קאנדיא, האט איהם שוין ניט געשמעקט זייער הנהגה. און לאנג בלייבען
דארט האט ער ניט געקאנט. ער האט זיך געלאזט אין דער ווייטער וועלט
און, אזוי ווי דער אבן עזרא אמאל, האט ער זיך אין ערגיץ ניט געקאנט
אבזוכען עפיס א מעמד פרנסה, נאר אומעדום, וואו ער האט זיך אויפגעהאל־
טען, האט ער ארויסגעוויזען מעהר פריינדליכקייט און צוגענייגטקייט די קראי־
מעס, און דערפון האט מען אויך געקאנט ארויסזעהען זיין אונצופרידענהייט
פון די רבנים. אין קאירא האט ער בעקומען א גרויסען נאמען צו ליעב
מאטהעמאטיק, ווייל ער האט געוויזען איינעם פון די געלעהרטע טירקען
עטליכע שאלות, וואס יענער האט אפילו ניט פערשטאנען ווי אזוי מען קומט
גאר צו צו אזא חריפות. פון דארט איז ער גיך אוועק קיין קאנסטאנטינא־
פאל און האט שטארק קונה שם געווען צווישען די קראימעס; נאר באלד
האט עס איהם אוועקגעטראגען קיין פאלען און ער האט דארט אנגעהויבען
לעבען פון מעדיצין. דער פירסט ראדזיוויל, וואס איז געזעסען ניט ווייט
פון ווילנא, האט איהם אויפגענומען פאר דאקטאר ביי זיך אין הויף, און ער
וואלט זיך שוין אפשר געקאנט רוהיג לעבען, ווען ער בעשעפטיגט זיך נאר
מיט היילען קראנקע און מאכט ניט ביי זיך אגאנצע ישיבה, וואו הונדערטער
יונגע לייט, בעזאנדערס קראימעס, האבען ביי איהם געלערנט תורה. פון
פולין איז ער אוועקגעפאהרען קיין האמבורג, און אזוי ווי פון מעדיצין האט
ער ניט געקאנט דארט ציהען אפילו דאס טריקענע שטיקעל ברויט, האט ער
געמוזט אריין צווישען די כלי קדש און איז געווארען א מגיד. די דאזיגע פרנסה
איז פאר איהם אבער נאך ביטערער געווען, ווייל זי האט איהם געצוואונגען
ניט נאר צו בעהאלטען זיינע פרייע געדאנקען, נאר אפט טאקי זאגען אזעלכע

זאכען, וואס זענען געוועהן געגען זיין אמת'ער דעה אונ האבען איהם ווי שווערע שטיינער געפרעסט דאס הארץ. עס איז איהם אמאל אויסגעקומען אפילו די קבלה צו פעראנפערן מיט פוילע תרוצים, אונ ער האט געמוזט לפנים ארויסטרעטען געגען זיין זיידען ר' אליהו דיל מדינו. אודאי האט ער ניט געקאנט מאכען קיין לאנגע שיהות אין האמבורג אונ איז פון דארט אריבער קיין אמשטרדם. ער איז אהין אנגעקומען פונקט אין דער צייט ווען אוריאל אקוסטא האט זיך דאס לעבען גענומען אונ די רבנים האבען אנגעהויבען ארויס צו ווייזען זייער מאכט נאך מיט מעהר תקיפות. ביי אזא לאגע האט ער זיך גאר געשראקען ארויסצווייזען זיינע דרכים אונ האט זיך אזוי ווייט פערשטעלט, אז מען האט איהם דארט אויפגענומען פאר דין אונ מגיד. אזא מענשען איז אבער פארט שווער שטאנדיג צו טראגען א מאסקע, אונ דאריבער האט ער ביי דער ערשטער געלעגענהייט אוועקגעווארפען האללאנד אונ איז אריבער קיין דייטשלאנד. א קורצע צייט האט ער געלעבט אין פראנקפורט אם מאין אונ האט זיך דארט ווייטער גענומען צו מעדיצין. ווי עס שיינט, איז איהם אבער ניט גוט געגאנגען אונ ער האט זיך גיך בעזעצט אין פראג, נאר דאגות פרנסה האבען איהם מקצר ימים געוועהן, אונ אים יאהר 1655 איז ער געשטארבען אין זעכציגסטען יאהר פון זיין געמוטשעט לעבען.

צו דעם איינענעם מין מענשען קאן מען צורעכנען אויך ר' שמחה לוצאטו, וואס איז געבארען געווארען אים יאהר 1590 אונ איז כל ימיו געוועהן רב אין ווענעדיג. ווענדליג די שטעללע וואס ער האט פערנומען, האט ער זיך צו פיעל ערלויבט ארויסצוטרעטען געגען די רבנים פון זיין צייט, אונ האט זיך שטארק בעמיהט צו פערשפרייטען מעהר ליכטיגקייט צווישען זיינע ברידער. ער איז אבער געוועהן גליקליכער פון ר' יהודה ליאון די-מודינא, וואס האט מיט איהם צוזאמען געדיענט א קורצע צייט, אונ אויך פון ר' יוסף שלמה דיל-מדינו, ווייל ער האט ליעב געהאט צו זיצען אויף איין ארט. ער האט ניט געוואלט זוכען גליקען ערגיץ אנדערש, מיט זייטיגע זאכען האט ער זיך ניט בעשעפטיגט, דאס פאלק האט איהם גוט געקענט, מען האט געוואוסט אז ער איז א גרויסער אוהב אמת אונ אז ער זאגט אמאל אפענטליך ארויס א פעהלער איז דאס נאר פאר ליעבשאפט, אונ דערפאר האט מען איהם געשאצט אונ ער האט זיך רוהיג אבגעלעבט זיינע דריי אונ זיבציג יאהר. אחוץ זיין גרויס חריפות אין לערנען, איז ער געוועהן א בעריהמטער מאטהעמאטיקער אונ האט אויך געהאט א שטארקע ידיעה אין פערשיעדענע לשונות. אין דער

יזענד האט ער אנגעשריבען אויף איטאליעניש אביך וועגען פילאזאפיע, נאר מעהר קונה שם געוועהן האט ער שפעטער מיט זיין ספר „איבער דעם צו-שטאנד פון די יודען" וואס ער איז געצוואונגען געוועהן צו שרייבען, ווען עטליכע שונאי ישראל האבען אויפגערייצט די קריסטליכע איינוואהנער פון ווענעדיג און האבען זיי איינגערעדט, אז די יודען מאכען זיי ארעם און אז זיי מוזען זיי ארויספטר'ן פון דער שטאדט. דעמאלט איז ר' שמחה לוצאטו ארויס מיט דער פעדער, און מיט ריינע ציפערן, וואס קיינער האט זיי ניט געקאנט אבלייקנען, האט ער אויסגעוויזען, אז ניט נאר עס איז אונמעגליך צו רעדען פון יודענס שעדליכקייט, נאר אז מען מוז פארקעהרט מודה זיין, אז זיי זענען דאס גרעסטע גליק פאר ווענעדיג און אהן זיי וואלט דער גאנצער מסחר איינגע-שטאנען אין די הענד פון פרעמדע וואס וואלטען דאס געלד און די גרויסע פערדיענסטען ארויסגעפיהרט צו זייער אהיים, ווערהענד דורך די יודען בלייבט אלדינג אין ווענעדיג: די שטאדט האט פון זייער הכנסה מעהר ווי א פירטעל מיליאן רענדליך, און פיער טויזענד ארבייטער עסען פון זייער ברויט. געגען אזעלכע בעווייזע, וואס ר' שמחה לוצאטו האט געגעבען שווארץ אויף ווייס, האט קיינער ניט געקאנט רעדען קיין ווארט און, אז ער האט נאך מיט שטאלץ דערמאנט דעם אלטען יודישען יחוס און אבגעזידעלט די שונאים, וואס האבען ניט קיין דרך ארץ פאר א פאלק, וואס לעבט שוין טויזענדער יאהרען מיט גאט'ס נסים, און וואס דער הימלישער בעשעפער האלט עס אויף די פיס און לאזט עס אין גאנצען ניט פאלען, כדי עס זאל בלייבען איין עביגער לעבע-דיגער עדות פון זיין וואונדערבארער קראפט — האבען זיי אללע געמוזט שווייגען. די קריסטען אליין זענען איהם דאנקבאר געוועהן דערפאר וואס ער האט זיי געעפענט די אויגען און האט זיי אבגעהיט פון שנאת חנם. זיי האבען געוואוסט אז איהם מאגען זיי גלויבען, אז אויף זיינע רעד קאן מען שטעלען, אז ער איז ניט קיין נושא פנים און דעם אמת וועט ער זאגען דעם אייגענעם פאטער. ר' שמחה לוצאטו האט טאקי [illegible] געהאט צו פערדעקען די פעהלער פון זיין פאלק: אין דעמזעלבען ספר וואו ער שטעלט אזוי הויך די מעלות פונ'ם יודען, זיין איינגעהאלטענקייט, זיין צניעות, זיין שען פאמיליען"לעבען, זיין אפענע האנד, זיין הכנסת אורחים, זיין קאלטבלוטיג איבערטראגען יסורים, זיין מסירות נפש פאר דער אמונה, קלאגט ער זיך אויף שטארקע חסרונות, וואס ער בעמערקט ביי זיינע ברידער, אז זיי האבען קיין אחדות ניט, אז זיי האבען נאר מורא פאר פרעמדע און צווישען זיך זענען זיי גרויסע עזות-

פָּנִים'ער, אַז זֵיי לֶעגֶען נִיט קֵיין כָּבוֹד אוֹיף זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גְרוֹיסֶע לַייט, אַז זֵיי דֶערְוַוייטֶערְן זִיךְ פוּן בִּילְדוּנְג אוּנ ווִילֶען נִיט ווִיסֶען, אַז דִי צַייט שְׁטֶעהט נִיט, אַז זֵיי זֶענֶען בַּיי זִיךְ צוּ פִיעל גֶעפַאלֶען, אַז זֵיי הָאבֶּען נִיט אִין זִין צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי אֻמָּה, נָאר מַאכֶען שְׁטֶענְדִיג אָן מַחְלוֹקֶת אִיבֶּער נַארִישְׁקַייטֶען אוּנ עֶס קוּמְט אָפְט דֶערְפוּן צוּ לַייטִישׁ גֶעלֶעכְטֶער.

אָט דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי פִיער יוּדֶען, וָואס יֶעדֶער פוּן זֵיי הָאט מִיט זַיין לֶעבֶּען בֶּעוִויזֶען, אַז מֶען קָאן נִיט לָאזֶען דָאס יוּדִישׁ פָאלְק וַוייטֶער זִיךְ שְׁלֶעפֶּען מִיט דִי קֵייטֶען אוֹיף דִי פִיס, וָואס דִי רַבָּנִים הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעטְהוּן אִין דִי לֶעצְטֶע עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט יָאהר. צוּם אוּמְגְלִיק, זֶענֶען זֵייעֶרֶע קְרֶעפְטֶע צוּ קְלֵיין גֶעוֶועהן, אוּנ עֶס הָאט זֵיי נִיט גֶעטְרָאגֶען דֶער כֹּחַ אִין גַאנְצֶען זֵייעֶר הֵיילִיג רָצוֹן אוֹיסְצוּפִיהרֶען. אַ הַתְחָלָה הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין אָבֶּער גֶעמַאכְט אוּנ בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען צְווֵיי מֶענְשֶׁען, אֵיינֶער מִיט זֶעהר אֵיין שַׁארְפֶען שֵׂכֶל אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער אַ בִּיסֶעל מִיט אַ פֶערְדְרֶעהטֶען קָאפּ, אוּנ וִוי אַזוֹי זֵייעֶרֶע דְרָכִים זֶענֶען גֶעוֶועהן פֶערְשִׁידֶען, הָאבֶּען זֵיי פָּארְט גֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶע ווִירְקוּנְג. זֵייעֶר אַרְבַּייט קָאן מֶען פֶערְגְלַייכֶען צוּ אַ שְׁטוּרְמְווִינְד מִיט אַ שְׁלַאגְס־רֶעגֶען, וָואס רֵיינִיגֶען דִי לוּפְט אוּנ וֶועקֶען אוֹיף דִי פֶערְשְׁלָאפֶענֶע זֵיי זָאלֶען זִיךְ דֶערְמָאנֶען וואוּ זֵיי זֶענֶען עֶרְגִיץ אִין דֶער וֶועלְט אוּנ וָואס עֶס פָארְדֶערְט פוּן זֵיי דָאס פְרַייֶע, נִיט גֶעבּוּנְדֶענֶע לֶעבֶּען,

---

## 9 בָּרוּךְ שְׁפִּינָאזַא אוּנ שַׁבְּתַי צְבִי.

(1666—1678 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

אִין דֶער צַייט וָואס ר' מְנַשֶּׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען מִיט זַיינֶע הָאפְנוּנְגֶען וֶועגֶען דֶער גְאוּלָה אוּנ הָאט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אַז אָט אָט וֶועט עֶר דֶערְזֶעהֶען מָשִׁיחַ'ן, אִיז אִין דֶער אַמְשְׁטֶערְדַמֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה אוּנְטֶערְגֶעוַואקְסֶען אַ יוּדִישׁ יוּנְגֶעלֶע, וָואס אוֹיף אִיהם אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל דוּרְכְצוּשְׁלָאגֶען אַ נַייֶעם וֶועג אִין חֲקִירָה אוּנ מַאכֶען אַ אִיבֶּערְקֶערֶענִישׁ אִין דִי גֶעדַאנְקֶען פוּן אַלֶע דֶענְקֶער, נִיט נָאר פוּן יוּדֶען אַלֵיין. פוּן דֶעם קְלֵיינֶעם יוּנְגֶעלֶע אִיז גֶעוָוארֶען דֶער גְרֶעסְטֶער חָקְרָן פוּנ'ם זִיבֶּעצֶעהנְטֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט אוּנ זַיין זֵכֶר אִיז נָאךְ פְרִישׁ אִין הַיינְטִיגֶע יָאהרֶען אוּנ וֶועט עֶבִּיג לֶעבֶּען, וַוייל זַיין אוֹיפְטְהוּא אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר גְרוֹיס. עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז פִיעל מֶענְשֶׁען וֶוערֶען פֶערְפִיהרְט

צו ליעב דעם וואס זייערע קאפ פליהען ארום אין דער לופט אונ זיי מיינען, אז גאטט וואהנט נאר אין די אייבערשטע וועלטען, וואס עס איז שווער אהין אפילו מיט׳ן געדאנק צוצוקומען, האט ער אנגעהויבען ערקלערן אז דער בורא עולם איז פול די גאנצע וועלט, אויף דער ערד אזוי גוט ווי אויפ׳ן הימעל אונ יעדער מענש ברויך איהם ניט זוכען ווייט, נאר ער זאל פערשטעהען אז דער הימלישע בעשעפער געפינט זיך תמיד ביי איהם אונ אין איהם אונ קאן אויך רוהען אין די טיעפסטע בעהאלטעניסען פון זיין הארץ.

דאס קליינע יונגעלע מיט׳ן שארפען קאפ אונ מיט דער פייערדיגער נשמה איז געוועהן ברוך שפינאזא, וואס איז געבארען געווארען אין אמשטרדם אים יאהר 1632, אונ ביז פונפצעהן יאהר האט ער געלערנט תמיד ביי ר׳ שאול מורטיירא. עס איז ביי קיינעם קיין ספק ניט געוועהן אז פון איהם וועט אויסוואקסען א בעריהמטער רב אונ ער וועט זיין א ליכט פאר די האללאנדישע יודען. שפינאזא האט זיך אבער ניט געקאנט בעגנוגען נאר מיט׳ן תלמוד אונ זיינע מפרשים, עס האט איהם געטראגען צו עפיס האכערס, אונ אז ער האט זיך בעקענט מיט׳ן בעריהמטען דאקטאר פראנץ וואן דען ענדען אונ נאך מיט אנדערע געלעהרטע אונ האט אנגעהויבען לערנען ביי זיי שפראכען־קענטניסע אונ וויסענשאפטען, האט ער פערשטאנען אז בלייבען פערשלאסען אין א ישיבה אונ פיהרען זיך ווי אללע איבריגע יודען איז איהם אונמאגליך. דערצו האט ער זיך נאך פון קינדווייז אן גוט צוגעקוקט צו דער הנהגה פון די אמשטרדמער רבנים אונ דאס האט איהם נאך מעהר דערוויטערט פון זיי. ער איז אין גאנצען אלט געוועהן אכט יאהר, ווען אוריאל אקוסטא איז מיעד געווארען צו ליידען אונ האט זיך מיט א קויל אליין צוגעמאכט די אויגען. עס קאן זיין אז ער איז נאך צו יונג געוועהן אונ אקוסטא׳ס געדאנקען האבען נאך ניט געקאנט איבערגעבען צו איהם בירושה, נאר אזוי פיעל שכל אונ געפיהל האט ער געהאט, אז דער אומצייטיגער טויט פון דעם גרויסען דענקער האט איהם געוויזען ווער אקוסטא׳ס שונאים זענען געוועהן, אונ שטארק ליעב האבען האט ער זיי ניט געקאנט.

פון אנהייב אן האט זיך שפינאזא געשטעלט דעם דרך — ליעב צו האבען נאר דאס, וואס איז געבויעט אויף דעם ריינעם מענשענפערשטאנד, אונ פון אזעלכע זאכען, וואס מען קאן ניט משיג זיין מיט׳ן שכל, האט ער גאר ניט געוואלט רעדען. דערצו האט ער נאך געהאט א פעסטען האראקטער אונ האט זיך איין מאל פאר אללע מאל ענטשלאסען אויף קיין האר ניט אבטרעטען

פונ'ם אמת, שטאנדיג געהען מיט'ן גלייכען וועג, ניט צו ליעב טהון קיינעם אונ איינרעדען זיך אז עס פאסט ניט יענעם צו קרענקען, ניט זוכען קיין היתר אפילו אויף א קליינינקייט. אודאי האבען ביי איהם די רבנים מיט זייער שטרענגקייט ניט נושא חן געוועהן, אונ אזוי ווי פערלייגנען זיינע געדאנקען אונ געפיהלע האט ער ניט געקאנט אונ ניט געוואלט, איז דער סוד בּאלד ארויס, אונ די גאנצע שטאדט האט געקלונגען מיט דעם אפיקורס. בעזאנדערס אז ער האט אנגעהויבען אפענטליך מחלל שבת זיין אונ עובר זיין אויף דינים פון דער תורה אונ האט זיך ניט געשעמט ארויסצוזאגען, אז פון אללע תרי"ג מצות איז איהם שווער אויסצוקלויבען אפילו עטליכע געצאהלטע געזעצע, וואס זיין געוויסען זאל איהם ערלויבען זיי אבצוהיטען.

א שרעקליכער רעש איז געווארען אין אמשטרדם צווישען די רבנים אונ די פארשטעהער פון דער יודישער קהלה. עס איז זיי געוועהן א וועטהיג פון צוויי זייטען: ערשטענס, איז ביי זיי שפינאזא פון קינדוויז אן פערעכענט געווארען פאר איין עלוי, אונ זיי האבען געהאפט, אז פון איהם וועט ארויס א גדול בישראל, אודאי האט זיי באנג געטהון וואס אזא טהייערע כלי איז פלוצלונג, נאך זייער מיינונג, קאליע געווארען; אונ, צווייטענס, האבען זיי מורא געהאט ער זאל ניט פערדארבען אנדערע יונגע לייט, ווייל שפינאזא האט שוין געהאט א סך תלמידים. שווייגען האבען זיי ניט געטארט, ווייל פון אללע זייטען האבען זיך דעמאלט געלאזט קיין אמשטרדם טויזענדער מאראנישע משפחות, מען האט אוועקגעווארפען רייכטהום אונ די בעסטע שטעללען, מען האט זיך מוסר נפש געוועהן, מען איז יאהרענווייז אבגעזעסען אין תפיסות, מען האט איבערגעטראגען די גרעסטע יסורים, אונ מען האט זיך געשעצט גליקליך וואס מען האט געקאנט ענדליך אפענטליך טראגען דעם נאהמען „יוד". האבען דען די רבנים געקאנט רוהיג צוקוקען ווי פון איין זייט שטרעקען מענשען דאס לעבען פאר דער יודישער אמונה, אונ פון דער אנדערער זייט שפרינגט ארויס עפּיס א יוד וואס מאכט נאר חוזק פון איהר? זייער [illegible]ערדראס איז נאך גרעסער גע‑ווארען, ווען עס איז ווייטער אנגעקומען יד[illegible]ת פון שפאניען אונ פארטוגאל, אז די אינקוויזיציאן זוכט זיך אב פרישע קרב[illegible]ן. עס איז טאקי נאר געוועהן צו בעוואונדערען דעם בעהאלטענעם כח, וואס איז געלעגען אין יידען פון די מאראנען, וועלכע זענען געגאנגען צום טויט ווי צום טאנץ. אין פאריז האט די פארטוגאזישע מלוכה געהאט איהר קאנ... עמנואל פערנאנדא דא‑ווילא‑רעאל, איינעם פון די מאראנען, וואס איז געוועהן א גרויסער געלעהרטער

און א בעל מדות. אז ער איז אמאל צו ליעב א געשעפט צוריק געקומען קיין ליסאבאן, האט מען איהם איינגעזעצט אין תפיסה און מען האט איהם אנגעטהון ענוים קשים ביז ער איז געשטארבען. אין קוענקא האט מען אים יאהר 1654 פערמשפט צום טויט זיבען און פופציג מאראנען; פון זיי האט מען צעהן פערברענט און איינער פון די אומגליקליכע, באלטהאזאר לאפעץ, וואס איז געוועהן א גרויסער עושר, האט זיך מיט שמחה געלאזט אריינווארפען אין פייער און האט געשריגען, אז ער שטארבט א גליקליכער, וואס דער אויבערשטער האט איהם מזכה געוועהן מיט דער גרויסער מצוה פון קדוש השם.

מען האט נאך געהערט ווי בעהארצט און פעסט צוויי מאראנען פון דער משפחה בערנאל האבען אנגענומען דעם טויט און ווי אללע, וועלכע זענען געשטאנען דערביי, זענען בטל געווארען פאר'ן גרויסקייט פון די קדושים. אין גאנץ אמשטערדם האט מען בעוויינט די געפאלענע גבורים, און ווער עס האט נאר געקאנט האט געשריבען קינות און געבעטען פאר זייערע הייליגע נשמות, וואס האבען ארויסגעוויזען אזא ליעבשאפט צו זייער פאלק און גלויבען. און גראד אין אזא צייט האט שפינאזא אנגעהויבען צו דערווייזען, אז אללע לעבען אין טעות און עס איז ניטא צו ליעב וואס זיך מקריב צו זיין. אודאי האבען די רבנים פערשטאנען אז מען טאר איהם ניט לאזען שטארק פערברייטערן זיינע פרייע געדאנקען. זיי האבען זיך אבער באלד בערעכענט אז מיט תקיפות טויג אויך ניט צו געהען, ווייל זיי האבען מורא געהאט טאמער נעהמט שפינאזא אן דאס קריסטענטהום און דעמאלט וועלען די יודען בעקומען גאר א געפאהרליכען שונא. דאריבער איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען זיך פרובען מיט גוטען, און זיי האבען פארגעלעגט שפינאזא'ן, דורך איינעם פון זיינע גוטע פריינד, אז די שטאדט וועט איהם געבען א בעשטימטע יעהרליכע פענסיע פון טויזענד גולדען, אבי ער זאל געבען דאס ווארט אפענטליך ניט ארויסצוטרעטען געגען די יסודות פון דער יודישער אמונה, און זאל זיך אפאר מאל אין יאהר לאזען ווייזען אין שול ביים דאווענען שפינאזא איז אבער ניט געוועהן קיין מענש פון געלד נעהמען, ער האט געאנטפערט אז ער פערלאנגט גאר ניט און וויל חלילה קיינעם קיין שלעכטס ניט טהון, נאר ער קאן אויך ניט יוצא זיין פאר אנדערע און בעט נאר מען זאל איהם לאזען רוהיג לערנען און טהון זיין ארבייט.

נאך אזא תשובה האט מען פערשטאנען, אז מען וועט מיט איהם גאר ניט מאכען און מען האט איהם אנגעהויבען בעטראכטען פאר א אפענעם שונא. באלד האט זיך געפונען א פרומער, וואס איז אויף איהם מיט א מעסער ביי

נאכט אנגעפאלען, נאר ער האט איהם ניט געטראפען און האט נאר דורכגעלאכערט זיין מאנטעל. שפינאזא האט אקוק געטהון אז זיין לעבען איז אין סכנה, האט ער זיך בעזעצט אין אדארף, ניט ווייט פון אמשטרדם, ביי זיינעם א חבר א קריסט. עס וואלט אייגענטליך בעדארפט שטיל ווערען ווען שפינאזא איז ניט געוועהן פאר די אויגען, נאר די שטאדט האט מורא געהאט טאמער האט ער שוין אריינגעלאזט סם אין אנדערע יונגע לייט און מען וועט איהם וועלען נאכגעטהון. דערפאר איז געבליבען מען זאל איהם מחרים זיין, כדי אללע זאלען זיך אראבנעהמען א מוסר, און אים דאנערשטאג, דעם זעכסטען אב 1656, האבען די רבנים אין דער גרויסער שול ביי א אפענעם ארון קודש ארויסגעגעבען א חרם געגען ברוך שפינאזא „פאר זיינע שלעכטע מעשים".

רוהיג און קאלטבלוטיג האט שפינאזא אויסגעהערט די ידיעה וועגען חרם און האט געזאגט, אז דאס שרעקט איהם ניט און וועט איהם ניט שטערען אין זיין ארבייט. די יודישע קהלה האט איהם אבער געוואלט אין גאנצען דערשטיקען און מען האט אויף איהם דערלאנגט א מסירה, אז ער איז פאר קריסטען אויך שעדליך און מען טאר איהם ניט לאזען זיצען אין אמשטרדם. אזוי ווי די זאך האט זיך אנגעקעהרט מיט רעליגיאן, האט עס די מלוכה איבערגעגעבען די גייסטליכע, און די יודען האבען געארבייט מיט אללע כוחות ביז מען האט טאקי שפינאזא'ן פערוועהרט עטליכע חדשים אריינצופאהרען קיין אמשטרדם. שפינאזא האט אבער אויך ניט געשוויגען און האט אנגעשריבען א בעזונדער בוך, אין וועלכען ער האט אויסגעוויזען אז די מחשבות פון יעדען מענשען זענען פריי און אז די מלוכה דארף זיך ניט אריינמישען און איהם זאגען א דעה ווי אזוי צו דענקען. דאס בוך האט זיין נאהמען באלד גרויס געמאכט אויף דער וועלט, נאר שפינאזא האט ניט ליעב געהאט קיין כבוד; ער האט זיך געלעבט גאנץ אבגעזונדערט, זיין פרנסה האט ער געצויגען פון א מלאכה, ער האט זיך בעשעפטיגט מיט גלאז-שלייפען, און איז געוועהן צופרידען ווען מען האט פון איהם ווייניגער גערעדט.

פון שפינאזא'ס בוך זעהט מען ארויס, אז דער זינדיגער מענש איז מעהר ניט ווי א שוואכע בריאה און מוז אין זיך האבען עפים חסרונות פון א בשר ודם. ווי קלוג, בערעכענט, איינגעהאלטען, קאלטבלוטיג שפינאזא איז געוועהן, ווי אזוי ער האט זיך ניט בעמיהט אללע זיינע מיינונגען צו בויען אויף קלארען מענשענפערשטאנד און דערוויזען, אז ישר מיט שכל זענען צוויי-

ברידער וואס טארען זיך ניט צושיידען, אז יעדער בר שכל מוז זיין אבעל שר, און אז גוטסקייט און גערעכטיגקייט זענען ניט קיין בעזונדערע מעלות פון איינציגע מענשען, נאר אחיוב פאר אללע, ווייל אהן דעם קאן די וועלט ניט בעשטעהען; ווי אזוי מען האט געמאנט רעכנען אז שנאה און נקמה שטעהען גאר ניט ביי איהם אין צעטעל, איז ער פארט מעהר ניט געוועהן ווי א מענש. ער האט ניט געקאנט פערגעסען די צרות וואס ער האט איבערגעליטען פון זיינע ברידער און האט אויף זיי אויסגעגאסען די גאנצע גאל. אחוץ דעם וואס ער האט אבגעלייגענט דאס הייליגקייט פון דער תורה און האט געדרונגען אז אפילו די עשרת הדברות זענען ניט די אייגענע וואס משה רבנו האט בעקומען אויפ'ן בארג סיני, אחוץ דעם וואס ער האט דאס קריסטענטהום אסך העכער געשטעלט פון דער יודישער אמונה, האט ער מיט חקירה דערוויזען, אז יעדע מלוכה האט דאס רעכט צו פארדערן פון אללע פעלקער, וואס געפינען זיך אונטער איהר שוטץ, זיי זאלען אננעהמען די אמונה, וואס הערשט אין לאנד; ווייל די מענשען האבען זיך געמאכט א מלוכה צו ליעב דעם, אז זי זאל האבען דעם כח פון אללע, אז יעדער בעזונדער זאל זיך ניט דארפען פערלאזען אויף זיין אייגענער קראפט און דער שטארקערע זאל ניט איינשלינגען דעם שלאפערן, און דאריבער טארען זיי ניט מאכען אזעלכע חלוקים צווישען זיך, וואס קאנען שטערען דעם שלום. שפינאזא'ס פירוש איז געוועהן שטארק געפאהרליך פאר די יודען, ווייל ער איז אייגענטליך אויסגעקומען אז די אינקוויזיציאן האט רעכט און אללע מאראנען, וואס זענען מפקיר דאס לעבען, זענען פשוט'ע משוגעים, און ווען ער געהט נאך אפענטליך איבער צום קריסטענטהום וואלטען די שונאי ישראל פון דער גאנצער וועלט געהאט אויף וועמען זיך צו פערופען און זוכען אין זיינע ווערטער בעווייזע אויף אללע בלבולים און שקרים. דאס גליק איז אבער געוועהן וואס שפינאזא האט גלייך מיט די רבנים בעשולדיגט אין פיעל זאכען אויך די גייסטליכע און זיי האבען שוין געארבייט אז די מלוכה זאל דאס בוך ניט לאזען אפענטליך פערקויפען. שפינאזא ווידער אלליין האט ניט אין זין געהאט צו פערשפרייטען זיינע חבורים, ער איז געוועהן פערטיעפט אין זיינע חקירות און האט הנאה געהאט וואס זיין מלאכה האט איהם געקאנט דערנאהרען

פון איבערבייטען די אמונה האט גאר קיין רעדע ניט געקאנט זיין, עס איז איהם אפילו אויף דער מחשבה ניט געקומען, און אז דער פפאלץ־גראף קארל

לודוויג האט איהם פארגעלעגט ער זאל ווערען פראפעסאר אין דער היידעלבערגער אוניווערזיטעט, האט שפינאזא פערשטאנען אז דאס איז א ווינק ער זאל ווערען א קריסט און ער האט זיך דערפון אבגעזאגט.

דערווייל האט זיך דאס לעבען פון די אמשטערדאמער יודען אויך אנגעהויבען צו פעראנדערן: די מאראנען, וואס זענען אללע מאל צוגעקומען, האבען אריינגעבראכט בילדונג און פיעל פון זיי, וואס זענען געוועהן געלעהרטע דאקטוירים, מאטהעמאטיקער און שפראכען־קענער, האבען געשפיעלט א גרויסע ראללע אין דער יודישער קהלה. בעזאנדערס האט זיך אויסגעצייכענט איינער פון די יודישע פארשטעהער ר' יצחק דע־דאצא מארא, וואס איז אין די יונגע יאהרען געוועהן א גייסטליכער אין נאלענסיא און האט געהייסען פריי ווינטשענטע דע־דאצא מארא, ער האט עס אזוי ווייט געבראכט אז ער איז געווארען הויף־גייסטליכער פון דער שפאנישער פרינצעסין מאריא, וואס איז דערנאך געוועהן קאיזערין פון דייטשלאנד. כבוד און רייכקייט האבען איהם אבער ניט געקאנט בעפרידיגען און ער איז אוועק קיין האללאנד. ביי פיערציג יאהר האט ער זיך ערשט גענומען לערנען מעדיצין, ער איז געווארען א בעריהמטער דאקטאר און האט גענומען א יודישע פרוי און האט זיך אין נחת אבגעלעבט ביז צום דריי און אכטציגסטען יאהר. זיין טויט איז געוועהן א קלאפ פאר די אמשטערדאמער יודען, ווייל ער איז געוועהן א גרויסער בעל צדקה און האט גוט אכטונג געגעבען אויף צרכי צבור.

צווישען די מאראנען, וואס האבען זיך אויף דער עלטער בעזעצט אין האללאנד, איז געוועהן אויך אנטאניא הייגריך דע נאמעץ, איינער פון די בעסטע שפאנישע קריגס־לייט, וועלכער האט נאך אין די יונגע יאהרען ארויסגעוויזען זיין גבורה און איז געווארען קאפיטאן, אחוץ דעם וואס די מלוכה האט איהם בעלוינט מיט'ן גרעסטען ארדען. אז ער איז עלטער געווארען, האט ער אוועקגעווארפען די שווערד און האט זיך גענומען צו דער פעדער; ער האט אנגעשריבען זעהר פיעל טהעאטער־שטיקע, וואס מען האט געשפיעלט אין מדריד און ער האט דער פון בעקומען אי כבוד, אי געלד. עס האט איהם אבער געטריבען צו זיינע ברידער און ער האט אלדינג איבערגעלאזט און איז אוועק קיין פראנקרייך. דארט האט ער אויך ניט געפונען קיין רוה, ווייל ער האט געמוזט פארט לעבען פערשטעלט ווי א קריסט, חאטש אין פיעל זאכען האט ער קיין מורא ניט געהאט אויסצווייזען זיין אפענע ליעבשאפט צו יודען, און האט אנגעשריבען א בעריהמט קלאג־ליעד אויפ'ן טויט

פון לאפע דע וועראַ אי אַלארקאן, וואס האט זיך מוסר נפש געוועהן פאר דער יודישער אמונה. אַז מען איז אין מאַדריד געוואהר געווארען דערפון האט מען זיין בילד אפענטליך פערברענט אונ מען האט דערמיט געוויזען, אַז מיט איהם אַלליין וואלט מען אויך אַזוי געטהון ווען ער פאללט צו זיי אַריין. דע־נאמען איז אָבער דערווייל אַוועקגעפאהרען קיין האלאַנד, דארט האט ער זיך געפיהלט זיכער, ער איז געווארען אַ יוד מיט'ן גאַנצען הארצען. מיט זיינע שאנע ליעדער האט ער געטרעסט זיין פאלק אונ האט זיך רוהיג אָבגעלעבט די יאהרען.

איבערהויפט האט זיך, זייט אוריאל אַקוסטא'ס טויט, די אַמשטערדאַמער יודישע קהלה פערבעסערט אין פיעל ענינים, אונ דאס האט זי נאר געהאַט צו פערדאַנקען די מאַראַנען, וועלכע האבען פערבונדען צוזאַמען תורה מיט חכמה אונ האבען דעם צושטאַנד פון די האללאַנדישע יודען אויפגעהויבען גאר הויך. זיי האבען אַ ביסעל פערקלייגערט דעם כח פון די רבנים, נאר עס איז צוגע־גאַנגען שטיל אָהן מחלוקת. צווישען די בכבודע בעלי בתים, וואס אויף זיי האט זיך געהאַלטען די גאַנצע קהלה. איז געוועהן ר' יוסף פעליטשע פינזו דע לא וועגא, אַ גרויסער עשיר, וואס האט צוזאַמען מיט'ן פאטער געפיהרט די גרעסטע מסחרים, אונ האט אויך געפונען צייט אויף צו שרייבען שאנע שירים אויף לשון קדש. ער האט אָנגעשריבען אַ טהעאַטער־שטיק מיט דעם נאָהמען „אסירי התקוה”, די געבונדענע דורך דעם האפנונג, אונ אַחוץ דעם האט ער אויך אַרויסגעגעבען עטליכע שפאַנישע ערצאהלונגען. דעמאָלט האבען אויך געוואהנט אין אַמשטערדאַם ר' יצחק נונעס, אָדער עמנואל דע בעלמאנט, וואס איז פריהר געוועהן שפאַנישער געזאַנדטער אין נידערלאַנד; ר' יצחק גאמעץ דע זוזא, וואס האט געשריבען שירים אויף לאַטייניש; ניקולאַי דע אָליווער פולאַנא, וואס איז אין שפאַניען געוועהן זעהר אַ געשעצטער אָפיציער; ר' יוסף סמך אַריאַש, וואס האט איבערגעזעצט אויף שפאַניש דאס בוך פון יאָזעפוס פלאַוויוס „געגען אַפיאָן”; טהאמאַש דע פינעדא, וואס איז געוועהן אַ גרויסער קענער פון געאָ־גראַפיע, אונ אַז ער איז פון שפאַניען אַנטלאָפען קיין האלאַנד האט ער ערשט דארט אָנגעהויבען דרוקען זיינע נוצליכע ביכער; ר' דוד כהן דע לאַראַ, וואס איז געוועהן אַ בעריהמטער דרשן, גאר אַזוי ווי אין האַמבורג פלעגט ער זיך אָפט צונויפקומען מיט'ן בעקאַנטען גייסטליכען עדצאַרדוס, וועלכער האט ליעב געהאַט צו טויפען יודען האט מען אויף איהם אויסגעטראַכט אַז

ער איז איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום; ר׳ בנימין, אדער דיאניס מוספיא, וואס איז אלאנגע צייט געוועהן לייב-דאקטאר ביים קאניג קריסטיאן דעם פיערטען פון דאנעמארק און איז אויף דער עלטער געווארען רב אין אמשטרדם. אויסער זיי האט אויך אין האללאנד געשפיעלט ניט קיין קליינע ראללע א מאראנישע פרוי רבקה, אדער איזאבעלא קארעא, וואס האט געשריבען זעהר שאנע שירים אויף שפאניש.

נאר האבער פון אללע מאראנען, וואס האבען זיך געפונען אין אמשטרדם, איז געשטאנען באלטהאזאר אראביא דע קאסטרא, וואס איז פון קליינערהייד אן צוגעוואקסען געווארען צום יודענטהום. ווייל זיינע עלטערן האבען אבגעהיט אללע דינים פון יודישקייט, קיין טרפות פלעגט צו זיי אין שטוב ניט אריינקומען און זיי האבען הייליג געהאלטען שבת און יום טוב. צום אנהייב האט אראביא געלערנט פילאזאפיע און האט עס אזוי ווייט גע־בראכט, אז ער איז געווארען פראפעסאר אין דער אוניווערזיטאט פון סאלא־מאנקא. שפעטער האט ער זיך גענומען צו מעדיצין און איז געווארען איינער פון די בעסטע דאקטוירים אין סעווילא. ער איז אויך א צייט געוועהן לייב־דאקטאר ביי אבייגען הערצאג און האט זיך געמאכט א גרויס פערמעגען. גליקליך האט זיך אראביא מיט זיין משפחה געלעבט, פון אללע זייטען האט מען איהם אבגעגעבען כבוד און ער האט שוין געמאגט רעכנען אז ער וועט אויך רוהיג ענדיגען זיין לעבען אין שפאניען און בלייבען א בעהאלטענער יוד, ווי זיינע עלטערן האבען געטהון. צום אומגליק איז אבער אויף איהם געפאלען א חשד... וואס דער מענש איז גרעסער מעהר שונאים האט ער: עס האבען זיך געפונען עדות וואס האבען געשוואוירען אז ער איז גענייגט צום יודענטהום, ער אלליין האט זיך אויך שטארק ניט געקאנט אבלייגנען, און מען האט איהם אבגעהאלטען אין תפיסה גאנצע דריי יאהר. די צרות וועלכע אראביא האט איבערגעליטען, לאזען זיך גאר ניט בעשרייבען. ער האט דערנאך אין פריידען דערצעהלט, אז גאנץ אפט האט ער אנגעהויבען צו טראכטען אז ער איז גאר קיין מאל ניט געוועהן קיין פראפעסאר און קיין דאקטאר, אז אלדינג איז מעהר ניט געוועהן ווי א זיסער חלום. און אז ער איז טאקי א אומגליקליכע בריאה, וואס איז בעשאפען געווארען צו וואלגערן זיך אין געפאנגניש און איבערטראגען ענוים קשים. פינף יאהר האט מען איהם אזוי אבגעמוטשעט, נאר, ווי עס ווייזט אויס, האט ער אויך געהאט גוטע פריינד, וואס האבען געבעטען פון זיינעט וועגען. אראביא איז אבגעקומען דערמיט, וואס מען האט

איהם בעפרייהט און מען האט איהם ארויסגעטריבען פון שפאניען. אויף אזא ענש האט אראביא שוין לאנג ארויסגעקוקט; ער איז באלד אריבער קיין טולוז און איז דארט געווארען פראפעסאר פון מעדיצין אין דער אוניווערזיטאט. אין טולוז איז ער ניט לאנג געבליבען, ווייל עס האט איהם געצויגען קיין האללאנד כדי ער זאל קאנען אין גאנצען אראבווארפען פון זיך די מאסקע. זעכס און פיערציג יאהר איז ער שוין אלט געוועהן ווען ער איז אין אמשטרדם אפענטליך איבערגעגאנגען צום יודענטהום און האט אנגענומען דעם נאהמען: יצחק. עס איז קיין וואונדער ניט וואס ער האט באלד אבגעדרוקט א בוך געגען זיין פריהערדיגע אמונה: די צרות האבען פון איהם ארויסגערעדט און דערפאר האט ער מיט אזא פייער געשריבען געגען די קריסטען, אז א קריסטליכער געלעהרטער האט געמוזט ארויסלאזען א תשובה אויף אראביא'ס בעשולדיגונגען. יצחק אראביא, ווי אויך אנדערע געבילדעטע מאראנען, פלעגט זיך אפט בעגעגענען מיט שפינאזא'ן, און חאטש זייערע דעות האבען זיך ניט געקאנט אויסגלייכען איז פון דעסטוועגען צווישען זיי געוועהן שלום ושלוה. ערשט נאר אויף די עלטערע יאהרען, אז אראביא האט בעמערקט ווי פיעל יודישע יונגע לייט ליבען זיך אב מיט שפינאזא'ס ספרים, האט ער געפונען פאר נאטהיג אנצושרייבען א בוך געגען איהם, אבער קאלטבליטיג, אהן זידלערייען, נאר ווי צוויי לומדים זענען זיך מפלפל צווישען זיך און דערנאך צוגעהט מען זיך שטיל און געלאסען און יעדער בלייבט ביי זיין סברא.

אין דער צייט וואס שפינאזא האט שטילערהייד, נאר מיט דער הילף פון'ם ריינעם פערשטאנד, געוואלט אונטערגראבען דעם בנין פון'ם יודענטהום, האט זיך גאנץ ווייט אין קליין-אזיען צו דער אייגענער ארבייט געהאפט א יונגער מאנן, דווקא ניט מיט שכל, נאר מיט מעהר רעש און מיט די פינסטערע סודות פון דער פערדרעהטער קבלה. דאס האט געטהון שבתי צבי, וואס איז געבארען געווארען אין סמירנא, אים יאהר 1626. פונקט אים תשעה באב, ביי ארעמע עלטערן, וואס האבען ארויסגעשטאמט פון גריכענלאנד, און דער חלוק איז נאר געוועהן דער דאזיגער. וואס שפינאזא האט געקאנט נאר האבען עטליכע געצאהלטע מבינים, וואס זענען אים שטאנד געוועהן צו פערשטעהען זיינע הויכע געדאנקען, און שבתי צ. י האט באלד געהאט צעהנער טויזענדער תלמידים, ווייל אננעהמען א נארישקייט איז זעהר גרינג, און דארט וואו מען גלויבט יענעם אויפ'ן ווארט דארף מען ניט זיין קיין גרויסער בריה פארצוזאגען א גאנצען עולם אז אויפ'ן הימעל איז א יריד. שבתי צבי האט געלערנט

תַּלְמוּד בַּיים סְמִירְנָא׳ר רַב ר׳ יוֹסֵף אַשְׁקוֹפָּא, נָאר קֵיין חֵרֶם הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ פוּן קְלֵיינֶערְהֵייד אָן גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם דֶרֶךְ אַז עֶר זָאל זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְן פוּן מֶענְשֶׁען, אַרוּמְגֶעהְן אָדֶער בַּיי זִיךְ אִין חֵדֶר אָדֶער אִין די גֶעדִיכְטֶע וָואלְדֶער נִיט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאדְט· אַזַא הַנְהָגָה אוּנ דֶערְצוּ נָאךְ דָאס וָואס עֶר אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען אִים תִּשְׁעָה בְּאָב, הָאט גֶעמוּזְט מַאכֶען אַז די מְקוּבָּלִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם קְלֵיינֶעם שַׁבְּתַי צְבִי וִוי אַ טְהַייעֶרֶע כְּלִי, וָואס עֶס קֶאן פוּן אִיהר עֶפִּיס אוֹיסְוַואקְסֶען. וֶוער שְׁמִיעֶסְט אַז עֶר אִיז נָאךְ אַ בִּיסֶעל אֶלְטֶער גֶעוָוארֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם צְוֵוייא מָאל חֲתוּנָה גֶעמַאכְט אוּנ עֶר הָאט גָאר נִיט גֶעוָואלְט קוּקֶען אוֹיף די וַוייבֶּער אִיז שׁוֹין בַּיי קֵיינֶעם קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהְן אַז עֶר אִיז נִיט קֵיין גֶעוֶואהְנְלִיכֶער מֶענְשׁ. דֶעמָאלְט הָאט דֶער טִירְקִישֶׁער סוּלְטַאן אִיבְּרַאהִים אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט וֶוענֶעדִיג אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם אִיז סְמִירְנָא גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע הַאנְדֶעלְס־שְׁטָאדְט, אוּנ דֶער מַעֲמַד פוּן ר׳ מָרְדְּכַי צְבִי, שַׁבְּתַי צְבִי׳ס פָאטֶער הָאט זִיךְ פֶערְבֶּעסֶערְט, וַוייל עֶטְלִיכֶע עֶנְגְלִישֶׁע רַייכֶע סוֹחֲרִים הָאבֶּען אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אַ מְמוּנֶה אִיבֶּער זֵייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אִין סְמִירְנָא, פוּן די דָאזִיגֶע עֶנְגְלֶענְדֶער אִיז דֶער אַלְטֶער מָרְדְּכַי גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז אִין עֶנְגְלַאנְד קוּקְט מֶען אוֹיךְ אַרוֹיס אוֹיף מָשִׁיחַ׳ן אוּנ עֶס אִיז בַּיי אִיהם גָאר קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהְן, אַז זַיין זוּהְן אִיז טַאקִי דֶער מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ, אוּנ אִין זַיין זְכוּת הָאט אִיהם גָאטט גֶעהָאלְפֶען. דוּרְךְ אַזֶעלְכֶע רֶעד, וָואס שַׁבְּתַי צְבִי הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעהֶערְט בַּיים פָאטֶער אִין שְׁטוּבּ אוּנ אוֹיךְ אוֹיף דֶער גַאס, הָאט עֶר זִיךְ אַלֵיין גֶעלָאזְט נַארֶען אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַיינְצוּרֶעדֶען אַז אוֹיף אִיהם אִיז טַאקִי גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל אוֹיסְצוּלֶאזֶען די יוּדֶען פוּנ׳ם גָלוּת.

אַלֶע מְקוּבָּלִים הָאבֶּען זִיךְ דֶעמָאלְט אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען מִיט אַ פֶערְטִיגֶען חֶשְׁבּוֹן אַז פוּנ׳ם יָאהר 1648 בִּיז 1666 מוּזֶען שׁוֹין די יוּדֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, אוּנ עֶס אִיז נָאר קֵיין ווּאוּנְדֶער נִיט, וָואס חָאטְשׁ די וֶועלְט זָאגְט אַ וֶוארְטֶעל, אַז עֶס אִיז שְׁוֶוער צוּ וֶוערֶען אַ נָבִיא אִין דֶער אֵייגֶענֶער הֵיים, הָאבֶּען זִיךְ פָארְט אַ סַךְ יוּנְגֶע לַייט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּשַׁארֶען צוּ שַׁבְּתַי צְבִי, אוּנ וָואס מֶעהר מְשׁוּנֶה׳נֶע תְּנוּעוֹת מֶען הָאט פוּן אִיהם גֶעזֶעהֶען אִיז זַיין נָאהמֶען אַלְץ גֶעוָוארֶען גְרֶעסֶער אוּנ די גַאנְצֶע שְׁטָאדְט הָאט מִיט אִיהם גֶעקְלוּנְגֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען, אַז שַׁבְּתַי צְבִי הָאט שׁוֹין גוּט גֶעפוּעֶלְט בַּיי זִיךְ אַז עֶר מֶאג זִיךְ אוֹיסְגֶעבֶּען פַאר מָשִׁיחַ׳ן אוּנ עֶר הָאט שַׁבָּת אִין שׁוּל אַרוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף אַ הוֹיךְ קוֹל דֶעם שֵׁם הַמְּפוֹרָשׁ, כְּדֵי דֶער עוֹלָם זָאל פֶערְשְׁטֶעהְן אַז דֶער גָלוּת הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, הָאבֶּען זִיךְ די

רַבָּנִים אַרוּמְגֶעקוּקְט, זֵיי הָאבֶּען עֶס אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ שְׁטַארְקֶען חִלּוּל הַשֵּׁם אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעשִׁיקְט רוּפֶען, וַוייל זֵיי הָאבֶּען פְרִיהר גֶעוָואלְט גֶעהֶען מִיט גוּטֶען אוּנ הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר וֶועט זִיךְ אָבְזָאגֶען פוּן זַיינֶע שֶׁאדְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען. שַׁבְּתַי צְבִי הָאט אָבֶער פוּן קַיין זַאךְ נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוּנ, אַז דִי רַבָּנִים הָאבֶּען אִיהם מַחֲרִים גֶעוֶועהְן אִיז עֶר אַוֶועק קַיין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל אוּנ אִיהם זֶענֶען נָאכְגֶעפָאהרֶען אַללֶע זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנ גוּטֶע פְרַיינְד, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע עֶס הָאט גֶעשְׁפִּילְט נִיט קַיין קְלֵיינֶע רָאללֶע ר' מֹשֶׁה פִּינְהֵיירָא, אַ יוּד אַ עוֹשֶׁר אוּנ שׁוֹין אַ אֶלְטֶערֶער מֶענְשׁ, וָואס אִיז גֶעוֶועהְן אַ גְרוֹיסֶער מְקוּבָּל אוּנ הָאט טַאקִי גֶעגְלוֹיבְּט, אַז דִי גוּטֶע צַייט פוּן דֶער גְאוּלָּה אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען. אוֹיף אִיהם קוּקֶענְדִיג, הָאט שַׁבְּתַי צְבִי בֶּעקוּמֶען הוּנְדֶערְטֶער אַנְהֶענְגֶער פוּן לַייטִישֶׁע בַּעֲלֵי בָּתִּים. דִי קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאלֶער יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אִיז דֶעמָאלְט גֶעוֶועהְן גָאר אַ גְרוֹיסֶע, גָאר אַ צוּנוֹיפְגֶעלָאפֶענֶע, קַיין בֶּערִיהמְטֶע לוֹמְדִים הָאט מֶען דָארְט נִיט גֶעזֶעהֶען, מְקוּבָּלִים אָבֶער זֶענֶען גֶעוֶועהְן זֶעהר פִיעל, אוּנ דֶערְפַאר הָאט זִיךְ דָארְט שַׁבְּתַי צְבִי פְרֵיי גֶעקָאנְט אוֹיסְפִיהרֶען זַיין פְּלַאן. בַּאלְד הָאט עֶר דָארְט אָבְגֶעזוּכְט אַ אָרֶעמֶען דַּרְשָׁן, אַבְרָהָם יָכִינִי, וָואס הָאט פָּשׁוּט זִיךְ גֶעוָואלְט מַאכֶען דֶערְפוּן אַ פַּרְנָסָה אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר וֶועט גָאר נִיט דֶערְלֶעבֶען וֶוען דֶער עוֹלָם וֶועט זִיךְ לָאזֶען צוּ שַׁבְּתַי צְבִי'ן אוּנ עֶר וֶועט שְׁטֶעהֶען בַּיי דֶער זַייט וִוי אַ נָבִיא. אַבְרָהָם יָכִינִי אִיז אָבֶער גֶעוֶועהְן פוּן דֶער חֶבְרָה, וָואס קֶען צוּ נוּט דָאס פְּרָאסְטֶע פָאלְק אוּנ וַוייסְט אַללֶע מִיטֶעל מִיט וֶועלְכֶע מֶען קָאן אִיהם נֶעהמֶען. אִיהם אִיז קָארְג גֶעוֶועהְן וָואס שַׁבְּתַי צְבִי אַלֵיין הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען וִוי אַזוֹי צוּ פִיהרֶען דָאס רֶעדֶעל, וָואס זַיין שֶׁאנֶע הוֹיכֶער וואוּקְס, זַיינֶע לַאנְגֶע שְׁוַוארְצֶע הָאר, זַיינֶע פַייעֶרִיגֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעמַאכְט אֵיין אַיינְדְרוּק אוֹיף יֶעדֶען, וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהְרְט בְּרֵייט אוּנ הָאט גֶעשִׁיט דָאס גֶעלְד וָואס דֶער פָאטֶער הָאט אִיהם מִיט גֶעגֶעבֶּען; עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַז דֶער עוֹלָם זָאל טַאקִי זֶעהֶען עֶפִּיס אַ מוֹפֵת אוּנ זָאל גָאר אַנְדֶערְשׁ צוּגֶעקְלֶעבְּט וֶוערֶען צוּם נַייעֶם מָשִׁיחַ, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר פְּלוֹצְלוּנְג גֶעפוּנֶען אִין אַ פֶערְבָּארְגֶענֶער הֵייל אֵיין אַלְטֶע מְגִילָּה, וָואס אִיז קְלָאמֶערְשְׁט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען צוּרִיק מִיט הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען אוּנ דָארְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ נְבִיאוּת, אַז אִים יָאהר 1626 וֶועט אִין סְמִירְנָא בַּיי ר' מָרְדְּכַי צְבִי גֶעבָּארֶען וֶוערֶען אַ זוּהן שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ עֶר וֶועט בֶּעפְרַייהֶען דִי יוּדֶען גָאר אָהן אַ מִלְחָמָה, וַוייל עֶר אִיז דֶער אֶמֶת'עֶר מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ. אַזַא לִיגֶען מִיט אַ וָוארְט־צֵייכֶען הָאט גוּט פֶערְדְרֶעהט דִי קָאפּ פוּן אַללֶע, אוּנ דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען פוּן דֶער גְאוּלָּה. שַׁבְּתַי

צְבִי אִיז אָבֶּער קַיין נַאר נִיט גֶעוֶועהן : עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל קָאן עֶר נִיט גוּט אָבְּשְׁנַיידֶען, וַוייל דִי מְלוּכָה קָאן דֶערְפוּן גֶעוָואהר וֶוערֶען אוּנ אִיהם רֶעכְנֶען פַאר אַ מוֹרֵד בְּמַלְכוּת, אוּנ דַארִיבֶּער אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען, עֶר זָאל אַרִיבֶּער קַיין סַאלוֹנִיקִי אוּנ דָארְט, אִין אַ קְלֵיינֶערֶע שְׁטָאדְט, פְרַייעֶר אָנְהוֹיבֶּען אַרְבַּייטֶען. סַאלוֹנִיקִי אִיז טַאקִי פוּן לַאנְג אָן גֶעוֶועהן אַ נֶעסְט פוּן מְקוּבָּלִים, מֶען הָאט שׁוֹין דָארְט גֶעהֶערְט פוּן שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ מֶען הָאט אִיהם אוֹיפְגֶענַאמְט וִוי אַ אֶבֶן טוֹב. דָארְט הָאט עֶר שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אֶפֶענְטְלִיךְ דַרְשָׁנֶען אִין דִי שׁוּלֶען, אוּנ אוֹיף אַ שִׂמְחָה, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט פַאר׳ן עוֹלָם, אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִי גֶעסְט מִיט אַ רְייזִי־טַייט אוֹיף דִי הֶאנְד אוּנ הָאט זִיךְ גֶעהֵייסֶען זָאגֶען „מַזָל טוֹב". וַוייל עֶר אִיז ... גֶעוָוארֶען פַאר דֶער תּוֹרָה. מִיט דֶעם קוּנְץ הָאט עֶר נָאר פֶערְבְּלֶאנְדְט זִי מְקוּבָּלִים דִי אוֹיגֶען. דִי רַבָּנִים פוּן סַאלוֹנִיקִי הָאבֶּען אָבֶּער קְרוּם גֶעקוּקְט דַארוֹיף, אוּנ אַז עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ יְדִיעָה פוּן סְמִירְנָא, אַז מֶען הָאט שַׁבְּתַי צְבִי פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט מִיט אִיהם טַעֲנָה׳ן אוּנ הָאבֶּען אִיהם בַּאלְד אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין חֵרֶם. שַׁבְּתַי צְבִי אִיז פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען בַּיי זִיךְ נִיט אָרָאבְּגֶעפַאלֶען; עֶר הָאט זִיךְ אַ קוּרְצֶע צַייט אַרוּמְגֶעדְרֶעהט אִין גְרִיכֶענְלַאנְד בִּיז עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען קַיין קַאִירַא, וואוּ עֶס הָאט גֶעוָואהנְט אַ בֶּערִיהְמְטֶער מְקוּבָּל רְפָאֵל יוֹסֵף חֶלְבִּי, אַ גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר, וָואס הָאט גֶעדִיענְט בַּיי דֶער קְרוֹין אוּנ אִיז גֶעוֶועהן בֶּעקַאנְט מִיט׳ן טִיטֶעל שַׂרָף בַּאשִׁי. שַׁבְּתַי צְבִי הָאט קַיין טָעוּת נִיט גֶעהַאט, וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אוֹיף רְפָאֵל יוֹסֵף חֶלְבִּי׳ס הִילְף, וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט אַ אָפֶענֶע אוּנ מִילְדֶע הַאנְד, פוּנְפְצִיג לוֹמְדִים אוּנ מְקוּבָּלִים פְּלֶעגֶען אַלֶּע טָאג עֶסֶען בַּיי זַיין טִישׁ, אוּנ דָארְט וואוּ עֶס קָאן דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אַרוֹיסְקוּמֶען עֶפִּיס אַ טוֹבָה אִיז בַּיי אִיהם קַיין גֶעלְד נִיט טְהַייעֶר גֶעוֶועהן. זַיין שְׁטֶעלֶּע בַּיי דֶער מְלוּכָה הָאט גֶעפָאדֶערְט עֶר זָאל גֶעהֶען אָנְגֶעטְהוּן טְהַייעֶרֶע מַלְבּוּשִׁים אוּנ אַרוֹיסְפָאהרֶען אִין דֶער שֶׁאנְסְטֶער קַארֶעטֶע, נָאר אוֹיפ׳ן לַייבּ פְּלֶעגְט עֶר טְרָאגֶען אַ גְרָאבּ הֶעמְד כְּדֵי עֶר זָאל לַיידֶען יִסוּרִים אוּנ נִיט הֲנָאָה הָאבֶּען פוּן עוֹלָם הַזֶה, אַזוֹי וִוי דִי קַבָּלָה הָאט אִיהם גֶעלֶערְנְט. זַיין לַייבּ־מֶענְשׁ אִיז גֶעוֶועהן ר׳ שְׁמוּאֵל וִויטַל, אַ זוּהן פוּן ר׳ חַיִים וִויטַל, וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין זֶעלְבֶּען דֶרֶךְ פוּנ׳ם פָאטֶער, אוּנ עֶר הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַלֶּע עֵצוֹת וִוי אַזוֹי אָבְּצוּהִיטֶען דָאס פְרוּמְקַייט. אַוַדַאי, אַז עֶר הָאט פַאר זִיךְ דֶערְזֶעהֶען אַזַא מֶענְשֶׁען וִוי שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז מֶען רֶעכֶענְט אִיהם פַאר מָשִׁיחַ׳ן, הָאט עֶר אִיהם אָבְּגֶעשִׁיט מִיט גָאלְד אוּנ הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען

אַללֶע מִיטֶעל עֶר זָאל קָאנֶען אַריינְפָאהרֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, ווייל דָאס יָאהר 1666, וָואס אַללֶע מְקוּבָּלִים הָאבֶּען עֶס אָנְגֶענוּמֶען פַאר'ן יָאהר פוּן דֶער גְאוּלָה, אִיז שׁוֹין גֶעוָועהן נָאהֶענְט. אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען זִיךְ דֶעמָאלְט גֶעפוּנֶען מֶעהר מְקוּבָּלִים וִוי לוֹמְדִים, אוּנ אַז שַׁבְּתַי צְבִי אִיז אַהִין אָנְגֶעקוּמֶען אִיז בַּיי אַללֶע אַיינְגֶערֶעדְט גֶעוָוארֶען, אַז בַּאלְד וֶועט מֶען זֶעהֶען פוּן אִיהם מוֹפְתִים אוּנ דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק וֶועט אוֹיפְגֶערִיכְט ווערֶען. דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט הָאט שַׁבְּתַי צְבִי אֵיינְגֶענְטְלִיךְ גָאר נִיט אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען, עֶר פְלֶעגְט אָפְט מִתְפַּלֵל זַיין אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע קְבָרִים, שְׁרַייעֶן אוּנ וַויינֶען אוּנ דֶערְנָאךְ טַאקִי בַּאלְד זִינְגֶען שְׁפַּאנִישֶׁע לִיעבֶּעס־לִיעדֶער, אוּנ דִי פְרוּמֶע הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען אַז דָאס בֶּעזִינְגְט עֶר דִי שְׁכִינָה. בַּאלְד הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמַאכְט אַ צוּפַאל, וָואס שַׁבְּתַי צְבִי אִיז אִים שְׁטַאנְד גֶעוָועהן צוּ טְהוּן אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה דִי יוּדֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנ ווערֶען בַּיי זֵיי אַללֶע בֶּעלִיעבְּט. מֶען פְלֶעגְט אָפְט פָארְדֶערְן זֶעהר גְרוֹיסֶע נְתִינוֹת פוּן דֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה, אוּנ אַז עֶס אִיז נִיט גֶעוָועהן פוּן וַואנֶען צוּ נֶעהמֶען פְלֶעגְט מֶען אַיינְזֶעצֶען דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים אוּנ זֵיי הַאלְטֶען אַזוֹי לַאנְג אִין תְּפִיסָה בִּיז דִי יוּדֶען פוּן אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט הָאבֶּען זֵיי פַאר רַחֲמָנוּת אוֹיסְגֶעקוֹיפְט. אַזַא מַעֲשֶׂה הָאט זִיךְ גְרַאד גֶעמַאכְט אִין דֶער צַייט וָואס שַׁבְּתַי צְבִי אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט, עֶר אִיז שׁוֹין אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען קֵיין קַאִירָא צוּ ר' רְפָאֵל יוֹסֵף חֶלְבִּי אוּנ הָאט פוּן דָארְט גֶעבְּרַאכְט זֶעהר אַ גְרוֹיסֶע נְדָבָה אוֹיף פִּדְיוֹן שְׁבוּיִים. דֶער־מִיט הָאט שַׁבְּתַי צְבִי זִיךְ קוֹנֶה אַהֲבָה גֶעוָועהן בַּיי יֶעדֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם שְׁטַארְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶהרֶען אוּנ פַארְהֵיילִיגֶען.

אַז דֶער שְׁווינְדֶעל דַארְף גִילְטֶען פַאר אֵיין אֱמֶת־קוּמֶען פוּן אַללֶע זַייטֶען אַזֶעלְכֶע בֶּעוַוייזֶע, וָואס מֶען הָאט זִיךְ גָאר אוֹיף זֵיי נִיט גֶעקֶענְט רִיכְטֶען אוּנ וָואס שְׁפִּיעלֶען צוּ אַקוּרַאט צוּם רוּמֶעל, אַזוֹי אַז עֶס בְּלַייבְּט כִּמְעַט בַּיי קֵיינֶעם קֵיין סָפֵק נִיט אַז דִי זַאךְ הָאט עֶפּעס אַ מַמָּשׁוּת. דָאס אֵייגֶענֶע זֶעהט מֶען אוֹיךְ אִין דֶעם לֶעבֶּען פוּן שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ אַז עֶס אִיז אִיהם בֶּעשֶׁערְט גֶעוָועהן עֶר זָאל טַאקִי אַ לַאנְגֶע צַייט שְׁפִּיעלֶען דִי רָאללֶע, וָואס עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען. עֶר הָאט פְּלוּצְלוּנְג בֶּעקוּמֶען פוּן גַאנְץ ווייט אַ „עֵזֶר כְּנֶגְדּוֹ״ — אַ פְרוֹי, וָואס הָאט אִיהם גֶעהָאלְפֶען אוֹיסְצוּפִיהרֶען זַיין פְּלַאן אוּנ הָאט אִין זַיין הַצְלָחָה גֶעהַאט דֶעם גְרֶעסְטֶען חֵלֶק. אִין יֶענֶע יָאהרֶען, ווען חְמֶעלְנִיצְקִי הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁחִיטָה אִין פּוֹלִין, אִיז אִין אַ שְׁטֶעדְטֶעל גֶעבְּלִיבֶּען אַ יוּדִישׁ מֵיידֶעלֶע פוּן זֶעכְּס יָאהר אַ יְתוֹמָה, ווייל דִי עֶלְטֶערְן זֶענֶען דֶערְהַרְגֶ'ט גֶעוָוארֶען אוּנ דִי גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה אִיז זִיךְ צוּלָאפֶען. דִי קְרִיסְטֶען הָאבֶּען רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף דֶעם

קְלֵיינֶעם קִינְד אוּנ מֶען הָאט עֶס אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין אַ קְלוֹיסְטֶער (מָאנַאסְטִיר)
אוּנ דָארְט הָאבֶּען עֶס דִי גַייסְטְלִיכֶע עֶרְצוֹיגֶען אִין דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן.
דָאס קִינְד אִיז שׁוֹין אָבֶּער אַזוֹי צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוֶועהן צוּם יוּדִישְׁקַייט אַז זִי הָאט
עֶס נִיט גֶעקָאנְט פֶערְגֶעסֶען דִי גַאנְצֶע צֶעהן יָאהר, וָואס זִי הָאט זִיךְ גֶעפִוּנֶען
צְווִישֶׁען דִי קְרִיסְטֶען. אַז זִי אִיז אוּנְטֶערְגֶעוַואקְסֶען אוּנ אִיז גֶעוָארֶען אַ גְרוֹיסֶע
יְפַת תֹּאַר, הָאט מֶען זִי גֶעוָואלְט חֲתוּנָה מַאכֶען, נָאר זִי הָאט עֶס אַלְץ גֶעצוֹיגֶען
צוּרִיק צוּ דִי יוּדֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוַויל נָאךְ אַ מָאל בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם
שְׁטֶעדְטֶעל; אוּנ אֵיין מָאל הָאט מֶען זִי גֶעפִוּנֶען גַאנְץ פְרִיה, נָאר אִין אֵיין הֶעמְד,
אוֹיפְ'ן יוּדִישֶׁען בֵּית עוֹלָם. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְפְרֶעגֶען וֶוער
זִי אִיז, אוּנ זִי הָאט דֶערְצֶעהלְט פוּן וַואנֶען זִי שְׁטַאמְט אַרוֹיס אוּנ וִוי אַזוֹי עֶס
צִיהט זִי וִוי מִיט אַייזֶערְנֶע צְוַואנְגֶען צוּרִיק צוּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה. נָאר צוּם
אֶמֶת הָאט זִי צוּגֶעלֶעגְט אַ שֶׁאנֶעם לִיגֶען, אַז דֶער פָאטֶער אִיז אִיהר גֶעקוּמֶען צוּ
חָלוֹם אוּנ הָאט זִי אִין שְׁלָאף אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען אוֹיפְ'ן הֵיילִיגֶען אָרְט. זִי הָאט
אֲפִילוּ גֶעווִיזֶען אוֹיפְ'ן לַייבּ דִי צֵייכֶענְס פוּן לַאנְגֶע נֶאגֶעל. מֶען הָאט זִי בַּאלְד
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קַיין אַמְשְׁטֶערְדַם, וואוּ עֶס הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט אִיהרֶער אַ בְּרוּדֶער;
דָארְט אִיז זִי צוּרִיק גֶעוָוארֶען אַ יוּדִישׁ קִינְד אוּנ הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם נָאמֶען
שָׂרָה. אִיהר אוֹיפְפִיהרוּנְג אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן וַוייט פוּן צְנִיעוּת, מֶען הָאט
אוֹיף אִיהר שְׁטַארְק גֶערֶעדְט אוּנ קַיין אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע זַאכֶען הָאט מֶען טַאקִי
נִיט בֶּעדַארְפְט דֶערְצֶעהלֶען, וַוייל שָׂרָה הָאט זִיךְ פַיינְד גֶעהַאט צוּ בֶּעהַאלְטֶען.
זִי הָאט גֶעדְרוּנְגֶען, אַז זִי מֶאג לֶעבֶּען פְרַיי, אוּנ פְלֶעגְט זָאגֶען אַז אִיהר שִׁדוּךְ
קָאן קֵיינֶער נִיט קַאלְיֶע מַאכֶען, אוּנ אִיהר מַאנְן וֶועט זַיין נָאר מָשִׁיחַ אַלֵיין.
פוּן אַמְשְׁטֶערְדַם אִיז שָׂרָה אַרִיבֶּער קַיין לִיוָואָרְנָא אוּנ דָארְט הָאט זִי אוֹיךְ
גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין שְׁרַייֶען, אַז מָשִׁיחַ מוּז בַּאלְד קוּמֶען אוּנ עֶר וֶועט זַיין אִיהר
אֱמֶת'ֶער זִיווּג. שַׁבְּתַי צְבִי אִיז גְרָאד גֶעוֶועהן אִין קַאִירָא, וֶוען עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ יְדִיעָה פוּן לִיוָוארְנָא, אַז דָארְט אִיז דָא זֶעהר אַ שֶׁאן מֶאדֶעל וָואס
שְׁרַייעט אִין אַלֶע גַאסֶען אַז מָשִׁיחַ מוּז זַיין אִיהר בֶּעשֶׁערְטֶער. דִי זַאךְ אִיז
אִיהם גוּט אִין קָאפּ אַרַיין, עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז סַאי וִוי סַאי קָאן אִיהם
אַזַא מַעֲשֶׂה נוּצֶען צוּם גֶעשֶׁעפְט, אוּנ עֶר הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַ שָׁלִיחַ
קַיין לִיוָוארְנָא מֶען זָאל אִיהם בְּרֶענְגֶען דִי כַּלָה. וִוי אָבְּגֶעשַׁיידְט שַׁבְּתַי צְבִי אִיז
גֶעוֶועהן פוּן פְרוֹיֶען, הָאט שָׂרָה'ס שֶׁאנְקַייט אוֹיף אִיהם גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען אַיינְ-
דְרוּק, אוּנ אַז עֶר הָאט נָאךְ מִיט אִיהר גֶערֶעדְט אַ פָּאר וֶוערְטֶער אוּנ הָאט גֶע-
זֶעהֶען אַז דָא הָאט אִיהם גָאט צוּגֶעשִׁיקְט אַ כָּשֵׁר'ע מְצִיאָה, וָואס וֶועט נָאךְ

קאנען מענשען בעסער פון איהם די קאפ פערדרעהען, האט ער גאר ניט קיין טענות געמאכט און האט באלד געשטעלט מיט איהר א חופה. עס האט איהם גאר ניט געהארט וואס אין קאירא האט שרה אויך ניט געהאט קיין גוט'ן נאהמען און מען האט זיך פון איהר אנדערצעהלט געגוג ניט שאנע הנהגות. קיינער האט זיך ניט ערלויבט איהם צו פרעגען קשיות, און דארט וואו ער האט פערשטאנען אז מען מוז די זאך א ביסעלע פעראנפערן האט ער געגעבען אנצוהערען אז ער טהוט נאך דעם נביא הושע, וואס האט אויך, לויט נאטמו'ס בעפעהל, גענומען א אשה זונה. די חתונה איז געוועהן ביי ר' רפאל יוסף חלבי אין שטוב, און ער האט עס געגעבענט פאר'ן גרעסטען גליק וואס גאטט האט איהם מזכה געוועהן מיט דער מצוה צו זיין ביי אזא שמחה. ביים אלטען רייכען מקובל איז גאר קיין אנדער סברא ניט געוועהן אז מען דארף נאר דערציהען ביז צום יאהר 1666 און די גאולה וועט זיך געוויס אנהויבען. ער האט אין דעם פעסט געגלויבט און דערפאר האט ער געאפענט זיין קאססע פאר שבתי צבי, ער זאל נעהמען ווי פיעל געלד ער וועט בעדארפען אבי ער זאל אויספיהרען זיין הייליג שליהות. מיט טהייערע צוויי זאכען האט זיך שבתי צבי אוועקגעלאזט צוריקפאהרען קיין ירושלים: מיט שרה'ס שאנקייט און חלבי'ס רייכקייט, — און דאס זענען געוועהן צוויי אוצרות אויף וועלכע ער האט זיך געקאנט אנשפארען ווי אויף איין אייזערנער וואנד.

באלד האט זיך אבגעזוכט נאך א דריטער אוצר, א געטרייער דיענער, וואס האט פערשטאנען ווי אזוי צוצולעגען אויף טויזענד טעלער שבתי צבי'ס מופתים און מאכען אז די וועלט זאל איהם קלינגען. אונטערוועגס האט זיך שבתי צבי אין עזה בעקאנט מיט נתן בנימין הלוי, וואס איז געוועהן א ארעם יונגעל און איז אויסגעוואקסען אין דחקות ביי זיין פאטער, א ארץ ישראל משולח; נאר א גרויסער עושר, וואס האט געהאט א טאכטער מיט א בלינד אויג, האט איהם גענומען פאר איין איידעם און האט איהם געגעבען א היבשען נדן. אזא יונגער מאן האט ניט געוואוסט וואס צו טהון מיט'ן געלד און ער האט אלץ געזוכט עפים אזא זא־, וואס זאל צו רייכקייט איהם צוגעבען אויך כבוד. אודאי איז לייכט צו פערשטעהען, אז נתן בנימין הלוי איז בטל געווארען פאר שבתי צבי און, אז מען האט איהם נאך געוויזען די מגילה, וואס אברהם יכיני האט קלאמערשט געפונען, האט ער עס אנגענומען פאר תורת אמת און האט אוועקגעווארפען אלדינג, כדי ער זאל קאנען מיט'ן גאנצען הארצען דיענען דעם מלך המשיח. מען קאן ניט וויסען צו האט זיך נתן בנימין הלוי געלאזט נארען

אָדער ער האָט טאַקי געוואָלט צוזאַמען מיט אַללע אַנדערע אָבנאַרען; נאָר באַר פּלוצלונג האָט ער אָנגעהויבען שרייען, אַז אין איהם איז די נשמה פון אליהו הנביא און האָט געפונען טויזענדער נאַראָנים, וואָס האָבען עס איהם געגלויבט. ער האָט צושיקט בריעף אומעדום, וואו יודען האָבען נאָר גע־וואוהנט, אַז משיח איז שוין דאָ און אַז נאָר גיך וועט איהם דער סולטאַן אַללייך אָבטרעטען די מלוכה און אָבגעבען די יודען זייער היילינ לאַנד, און ביז שבתי איז געקומען קיין ירושלים, איז שוין אין גאַנץ ארץ ישראל געוועהן אַרעש אַז משיח פאָהרט, און אַז אין עזה האָט זיך בעוויזען אַנייער נביא. די צאָהל פון די נאַרישע מענשען, וואָס האָבען זיך לייכט געלאָזט אַלדינג איינרעדען, איז מיט יעדען טאָג גרעסער געוואָרען און, אַז עמיצער האָט עפּיס געוואָלט פרעגען שאלות האָט מען איהם באַלד פערמאַכט דאָס מויל. ווי עס ווייזט אָבער אויס, האָבען זיך אין ירושלים נאָך געפונען עטליכע לומדים, וואָס האָבען זיך ניט געלאָזט פערפיהרען און האָבען די רבנים אַרויפגעבראַכט, מען זאָל שבתי צבי פערשטעהן געבען, אַז די היילינע שטאָדט איז ניט קיין פּלאַץ פאַר קיין שווינדלערס, און אַז מען וועט אויף איהם קיין כבוד ניט לעגען ווי באַלד ער וועט ניט אַוועקפאָהרען. שבתי צבי האָט פערשטאַנען, אַז זיין אַיין עקשן טויג ניט און עס איז ביי איהם געבליבען ער זאָל צוריקפאָהרען קיין סמירנא, וואו זיינע ברידער זענען שוין געוועהן שטאַרק רייך און האָבען זיך געלאָזט קאָסטען אַ סך געלד, און האָבען אָנגעשטעלט מענשען, מען זאָל דערצעהלען פון שבתי צבי נסים ונפלאות. פריהער האָט שבתי צבי אַרויסגעשיקט קיין סמירנא צוויי שליחים, שבתי רפאל, וואָס האָט גוט געוואוסט אַז דאָ איז אַ אָבנאַרעריי, נאָר ער האָט פּשוט גע־וואָלט דערביי רייך ווערן, און אַ מקובל פון דייטשלאַנד, מתתיהו בלאך, וואָס האָט טאַקי ערנסט געמיינט אַז ער ברענגט די סמירנא'ר יודען אַפרעהליכע בשורה און מאַכט זיינע ברידער גליקליך. אַז שבתי צבי איז געקומען קיין סמירנא און האָט נאָך אַהין געבראַכט זיין שרייבער און בעל סוד שמואל פּרימא, וואָס איז געוועהן אַ גרויסער בריה אויף אַזעלכע זאַכען, און האָט פערשטאַנען ווי אַזוי זיך צו בענוצען מיט'ן בלינדקייט פונ'ם פּראָסטען עולם, איז שוין כמעט אין שטאָדט ניט געוועהן קיין איינציגער יוד, וואָס זאָל ניט גלויבען אַז די צייט פון דער גאולה איז טאַקי נאָהענט. פון דעסטוועגען האָט שבתי צבי אָנגע־זאָגט, אַז מען זאָל ניט מאַכען קיין רעש און מען זאָל רוהיג וואַרטען ביז דער אויבערשטער וועט איהם מגלה זיין אַז ער מעג שוין עפּיס אָנהויבען טהון. דערמיט האָט ער נאָך מעהר אונטערגעהייצט דאָס פאָלק, און אַז ער האָט אים

יאהר 1665, פונקט אים ראש השנה ביי די תקיעות געלאזט אויסרופען אז ער איז משיח, איז געווארען א שמחה אויף אללע יודען און מען האט אין די גאסען געטאנצט פאר פרייד. עטליכע חדשים כסדר זענען די יודען פון סמירנא געוועהן ווי צו מישט; זיי האבען אוועקגעווארפען אללע געשעפטען און זיך נאר מכין געוועהן צו דער גאולה. אויף שבתי צבי האבען זיי געקוקט ווי אויף א מלך, זיי פלעגען זיך בוקען פאר איהם און אז ער איז ארומגעגאנגען אין גאס און האט געזונגען „ימין ה׳ רוממה, ימין ה׳ עושה חיל״ פלעגט מען זיך אבשטעלען מיט יראה און פחד, און עס האט זיך אויסגעוויזען אז ניט היינט – מארגען הייסט ער זיך מכין זיין צו געהען קיין ארץ ישראל. מען האט טאקי געקאנט דול ווערען, ווייל פון איין זייט האט מען געזעהען ווי פרומע יודען פאסטען גאנצע טאג און טהוען זיך אן ענוים קשים, כדי זיי זאלען זיך אבריינינען פון זינד און זוכה זיין צו דערלעבען די ישועה, און פון דער אנדערער זייט האבען זיך אומעדום ארומגעדרעהט שבתי צבי׳ס חברה־לייט און האבען געגעבען אנצוהערען אז די טירקישע מלוכה אלליין פערשטעהט אז געגען ווילען פונ׳ם רבונו של עולם טאר זי ניט געהען. דאס האט קיינער ניט גע־וואוסט, אז מיט די סמירנא׳ר בעאמטע איז געוועהן אבגערעט פאר אסך געלד זי זאל זיך ניט וויסענדיג מאכען. אודאי האט שבתי צבי געקאנט אויספיהרען וואס ער האט נאר געוואלט און מען האט איהם בלינד געפאלגט. אז דער אלטער רב ר׳ אהרן דע־לא פפא איז ארויסגעטרעטען געגען שבתי צבי און האט איהם געוואלט מחרים זיין, האט מען איהם באלד אבגעזאגט פון רבנות, און ער האט געמוזט עוקר זיין פון סמירנא. נאך ערגער האט מען זיך נוהג געוועהן מיט א גביר ר׳ חיים פנא: ער האט זיך געפרובט רעדען עפיס א ווארט געגען שבתי צבי, איז מען אנגעפאלען אויף זיין הויז און מען וואלט געוועהן א תל געמאכט פון זיין גאנץ פערמעגען, נאר זיין שטיקעל גליק איז געוועהן וואס דאס איז געשעהען פרייטאג פאר נאכט, ווען דער עולם דארף געהען אין שול אריין און וואס דער הוטא אלליין האט באלד אנגע־הויבען שרייען אז ער האט חרטה און וועט שוין מעהר ניט רעדען קיין איבריגע ווארטער. אזוי איז שבתי צבי געווארען אללע מאל מעהר תקיף, און אז ער האט אמאל א זאג געטהון אז די גאולה האט נאך א שטארקען עכוב דערפון, וואס עס פעהלט נאך די צאהל פון די נפשות, וועלכע דארפען אויסגעלאזט ווערען, און האט געגעבען איין עצה מען זאל גיכער חתונה מאכען די קינדער, כדי עס זאל אונטערוואקסען א נייער דור, האט מען איהם גאר ניט

גֶעוָואלְט אִיבֶּערְפְּרֶאגֶען, מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אַזוֹי אִיז דֶער רָצוֹן פוּן גָאטט, וָואס עֶר גִיט אִיבֶּער דוּרְךְ דִי לִיפֶּען פוּן זַיין גֶעלִיעבְּטֶען זוּהן, אוּנ נָאר אִין סְמִירְנָא אַלֵיין הָאט מֶען חֲתוּנָה גֶעמַאכְט מֶעהר פוּן זִיבֶּען הוּנְדֶערְט קִינְדֶער, פוּן צֶעהן בִּיז צְוָועלְף יָאהר.

פוּן אַנַארִישְׁקַייט וָוערְד דִי וָועלְט גִיכֶער גֶעוָואהר וִוי פוּן אַ חָכְמָה: אִין אַ צַייט פוּן עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים הָאבֶּען דִי יוּדֶען פוּן גַאנְץ קְלֵיין-אַזְיֶען גֶעוואוּסְט, אַז דִי גְאוּלָה הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ מֶען אִיז גֶעוֶועהן מָלֵא שִׂמְחָה. שַׁבְּתַי צְבִי'ס לַייבּ-מֶענְשׁ, שְׁמוּאֵל פְּרִימָא, הָאט נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט זַיינֶע שָׁאנֶע פַאר-בֶּען צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּען דָאס גְרוֹיסְקַייט פוּן מָשִׁיחַ'ן אוּנ הָאט צוּשִׁיקְט בְּרִיעף אִין אַלֶע נָאהֶענְטֶע אוּנ וַוייטֶע יוּדִישֶׁע קְהִלוֹת. אַחוּץ דֶעם הָאט זִיךְ דֶער נַייֶער נָבִיא נָתָן בִּנְיָמִין הַלֵּוִי אוּנ אוֹיךְ שַׁבְּתַי רְפָאֵל אוּנ מַתִּתְיָהוּ בְּלָאךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט אוֹיף דֶער וָועלְט אוּנ הָאבֶּען מִיט הֵייסֶע דְרָשׁוֹת אוּנְטֶערְגֶעוַוארְמְט דֶעם עוֹלָם אוּנ דֶערְוַוייטֶערְט יֶעדֶען סָפֵק, וָואס הָאט נָאר גֶעקָאנְט בַּיי עֶמִיצֶען אִין הַארְצֶען גֶעבָּארֶען וֶוערֶען. אֲפִילוּ קְרִיסְטֶען, אַז זֵיי הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט דִי פְרֵייד פוּן דִי יוּדֶען, הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְלוֹיבֶּען אַז עֶפִּיס טְהוּט זִיךְ טַאקִי; אַ טְהֵייל הָאבֶּען חָזְק גֶעמַאכְט, נָאר פִיעל הָאבֶּען עֶרְנְסְטֶער גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער זַאךְ אוּנ הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען, אַז אַ פָאלְק וָואס לֶעבְּט שְׁטֶאנְדִיג מִיט נִסִּים קָאן אוֹיךְ אוֹיפְגֶערִיכְט וֶוערֶען נִיט אוֹיף קַיין נַאטִירְלִיכֶען וֶועג. דֶער עֶנְגְלִישֶׁער אוּנ הָאלֶלאנְדִישֶׁער קָאנְסוּל הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶעמֶעלְדֶט קַיין אֵייְרָאפָּא, אִין אַלֶע גְרֶאסְטֶע הַאנְדֶעלְס-שְׁטֶעדְט הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם מָשִׁיחַ פוּן סְמִירְנָא, אוּנ אַזוֹי אִיז דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיךְ צוּ דִי אֵייְרָאפֶּאִישֶׁע יוּדֶען אוּנ אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעחַאפְּט אִין דֶעם. דִי קַבָּלָה הָאט דֶעמָאלְט אַזוֹי פֶערְדְרֶעהט דִי קֶאפּ פוּן אַלֶע יוּדֶען אַז עֶס אִיז גָאר קֵיינֶעם נִיט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן דֶערְפוּן אַרָאבְּצוּפִירֶען. אוּמְזִיסְט הָאט ר' יַעֲקֹב שֶׁשְׁפּוּרְטַשׁ פוּן הַאמְבּוּרְג גֶעשְׁרִיגֶען גֶעוַואלְד אוֹיף דֶעם שְׁווִינְדֶעל אוּנ הָאט צוּשִׁיקְט בְּרִיעף צוּ אַלֶע יוּדִישֶׁע קְהִלוֹת פוּן אֵייְרָאפָּא, אַזְיֶען אוּנ אַפְרִיקָא, מֶע'ן זָאל זִיךְ נִיט לָאזֶען אַרָאבְּפִירֶען פוּנ'ם וֶועג: קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, עֶפִּיס וִוי אַ כִּשׁוּף הָאט צוּגֶענוּמֶען דֶעם שֵׂכֶל בַּיי דִי קְלִיגְסְטֶע אוּנ אֲפִילוּ גֶעלֶערְנְטֶע אוּנ גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּדֶען אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אָבְּצוּרַייסֶען פוּנ'ם גֶעדַאנְק, אַז בַּאלְד וֶועט מֶען זֵיי אַלֶע צוּרִיקְפִירֶען צוּ דֶער אַלְטֶער הֵיים. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ גֶעטְהוּן אִין הַאמְבּוּרְג אוּנ אַמְשְׁטֶערְדַם: סְפָרַדִים אוּנ אַשְׁכְּנַזִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעמִישְׁט אוּנ אַלֶע צוּזַאמֶען הָאבֶּען נָאר גֶעטְרַאכְט וִוי אַזוֹי מֶען זָאל זִיךְ מֵכִין זַיין צוּ דֶער גְאוּלָה. אַ טְהֵייל הָאבֶּען זִיךְ

געמאכט אללע טאג פורים ; גאר פרומע האבען געטרויערט אונ געפאסט , כדי זיי זאלען שפעטער האבען מעהר שמחה אויף זייער חלק. מען האט אנגעהויבען דרוקען בעזונדערע סדורים מיט שבתי צבי'ס בילד, אונ די יודישע דרוקען זענען ניט אים שטאנד געוועהן ארויסצוגעבען אזוי פיעל סדורים ווי פיעל מען האט בעדארפט. אפילו שפינאזא , וואס איז געוועהן גאר דערווייטערט פון יודען , האט זיך ניט ערלויבט צו לאכען פון דער האפנונג וואס האט פלוצלונג בעלעבט אללע יודען פון דער גאנצער וועלט, אונ גראד אין אזא צייט ווען אין פיעל לאנדער האט מען זיי זעהר שלעכט בעהאנדעלט. אונ מען האט גאר ניט געקאנט דענקען, אז מען וועט דערלאזען זיי זאלען פריי ווערען אונ צוריק בעקומען א מלוכה. איינער פון זיינע גוטע פריינדע , א דייטשער געלעהרטער היינריך אלדענבורג , וואס האט אים יאהר 1665 געלעבט אין לאנדאן , האט אים געשריבען, אז דארט רעדט מען גאנץ שטארק וועגען יודישען משיח, וועניג מענשען גלויבען אין דעם , נאר א סך ווילען עס. דארויף האט איהם שפינאזא געאנטפערט, אז קיין אונמעגליכע זאך איז עס ניט , אז דאס לעבען פון אנדערע פעלקער דארף נאר א ביסעל אנדערש ווערען אונ דעמאלט קאן גאטט ווייטער אויסקלויבען די יודען פאר זיין פאלק.

עס לאזט זיך גאר ניט בעשרייבען וואס עס האט זיך געטהון צווישען יודען , ווען זיי האבען בעקומען די ידיעה אז אין סמירנא האט זיך שוין בעוויזען משיח , אונ אז עס דארף נאר אוועקגעהען א קורצע צייט וועט ער צונויפגעהמען די פערוואגעלטע יודישע קינדער פון אללע עקען פון דער וועלט. אין לאנדאן האט מען זיך שוין אנגעהויבען וועטען אויף גרויסען סוממע געלד, ווי דער שטייגער איז ביי די ענגלאנדער , אז ביז צוויי יאהר וועט שוין שבתי צבי געזאלבט ווערען אין ירושלים פאר קאניג. עס האבען זיך געפונען כשר'ע עדות , וואס האבען אלליין בעגעגענט ערגיץ אויפ'ן ים א גרויס שיף פול מיט מענשען , וואס האבען גערעדט נאר לשון קדש , אונ אויף דער פאהן פון דעם שיף איז געוועהן אנגעשריבען „די צוועלף שבטים פון ישראל". אפילו אין אוויניאן , וואו די יודען איז ניט געוועהן שלעכט, האבען זיי אללע געמאכט איין עק פון זייערע עסקים אונ עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען ארויספאהרען קיין ארץ ישראל. נאר מעהר ווי אומעדום האט זיך געראשט אין האמבורג: דארט האבען די יודען איבערגעטראגען פון די שונאים גענוג צרות אונ אז גאטט האט זיי יא געהאלפען אונ זיי האבען דערלעבט די טהייערע צייט פון דער גאולה האבען זיי ניט געוואלט בעהאלטען זייער פרייד אונ

האבען אומיסטען אזוי געזונגען און געשפרונגען, כדי די קריסטען זאלען זיך אנשטויסען אז זיי טרייבען קיין קאטאוועס ניט און אז זיי שטעהען שוין מיט איין פוס אין זייער אייגען לאנד. דערפאר האט די שמחה בערוישט אללע האמבורגער יודען, גאר אהן א שום אונטערשיעד, פונ'ם ביטערן אביון ביז צום בכבוד'ן גביר, און אז מען איז אריינגעגאנגען אין א שול און מען האט דערזעהען טאנצען און זינגען, מיט א ספר תורה אין די האנד און מיט פרומע הויות אויפ'ן פנים, אזעלכע יודען ווי דער רייכער עמנואל טעקסיירא און דער אלטער בענדיטא דע קאשטרא, וואס איז א לאנגע צייט געוועהן לייב-דאקטאר ביי דער קעניגין כריסטיאנע. האט מען געקאנט פערשטעהען ווי גרויס און הייליג די גאולה האט זיך גערעכענט ביי זיי און וואס פאר א פייער עס האט אונטערגעצונדען יעדעס יודיש הארץ.

ווען שבתי צבי זאל אפילו אלליין ניט געוועהן זיין קיין שווינדלער, וואלט איהם נאר דאס געטימעל, וואס האט זיך אנגעהויבען אין אללע יודישע שטאדט, געוועהן אזוי ווייט פערדרעהט דעם קאפ, אז ער אלליין זאל זיך אבנארען און מיינען אז ער איז עפיס, און ווען ער האט נאך דערצו א פעסטען האראקטער און פערשטעהט ווי אזוי זיך צו בעגעהען מיט אגאנץ פאלק און עס האלטען אין די האנד, וואלט נאך אפשר געקאנט ארויס א שטיקעל ישועה פאר יודען. ער האט זיך אבער בעגנוגט מיט דעם כבוד, וואס ער האט שוין דערגרייכט, און ווייטער האט ער זיך ניט געפיהלט אין כח צו געהען; דערפאר איז ער געבליבען שטעהען און האט גערעכענט, אז אויב די יודען איז בעשערט אויסגעלאזט צו ווערען וועט שוין די גאולה קומען נאך דעם אנהייב, וואס ער האט געמאכט, און עס וועט איהם געראטהען צו בלייבען ביי זיי דער משיח. זיינע טאנצערס און בייששפיעלערס האבען איהם שוין ניט געלאזט רוהען, און בעזאנדערס האט געארבייט שמואל פרימא, וועלכער איז, ווי אללע מקובלים, ניט צופרידען געוועהן פונ'ם שלחן ערוך און האט זיך געוואלט בענוצען מיט דער געלעגענהייט איהם מבטל צו זיין. ער האט ארויפגעפיהרט שבתי צבי בארויף, ער זאל ניט הייסען מעהר פאסטען אים עשרה בטבת און האט אין זיין נאהמען, צושיקט אומעדום א בעפעהל וועגען דעם מיט דעם דאזיגען לשון: „גאטט'ס בכור און בן יחיד, שבתי צבי, דער משיח פונ'ם פאלק ישראל, וויגשט אללע יודישע קינדער שלום! אזוי ווי איהר האט געהאט די זכיה צו דערלעבען דעם גרויסען טאג, ווען דאס ווארט פון גאטט דורך זיינע הייליגע נביאים איז מקוים געווארען, דארפט איהר אוועקווארפען אייער קלאגען און

און טרויערן און פון אייערע תעניתים מוזען ווערען ימים טובים. פרעהט אייך מיט געזאנג און טאנצן, און דעם אייגענעם טאג, וואס איהר פלעגט פאסטען און וויינען, זאלט איהר פערברענגען מיט שמחה, ווייל איך בין געקומען!"

אזא בעפעהל האט אנגעמאכט נאך מעהר רעש און האט א ביסעל גע־עפענט די אויגען פון די פרומע לומדים זיי זאלען זיך ארומקוקען וואו זיי האלטען אין חשבון, און זיי האבען אלליין ניט געוואוסט וואס צו טהון. זיי האבען טאקי געגלויבט אז שבתי צבי איז משיח, נאר אפילו ווען משיח אלליין הייסט אבטרעטען פון יודישקייט און עובר זיין אויף דינים און מנהגים טאר מען איהם ניט פאלגען. קיין זאך האט זיי ביז אהער ניט געאהרט, עס איז זיי ניט קשה געוועהן, וואס אויף פיעל פאפיערען האט זיך שבתי צבי אונטערגעשריבען „איך, דער האר, אייער גאטט", וואס ער האט אנגעווענדט אויף זיך די ווארטע פון שיר השירים: „דמה לך דודי לצבי" און דערפון גע־דרונגען אז ער איז גלייך צו קודשא בריך הוא. ביי אזעלכע זאכען האבען זיי זיך ניט וויסענדיג געמאכט, נאר אז ער האט אנגעהויבען מבטל זיין דינים און מנהגים האבען זיי שוין ניט געוואלט שווייגען, און פיעל פון זיי האבען גאר אנגעהויבען מסופק ווערען וועגען די הייליגקייט פון זיין שליחות. אזוי האט שבתי צבי אין יעדער שטאדט בעקומען געגנער און בעזאנדערס זענען געגען איהם ארויסגעשפרונגען די רבנים, וואס זיי איז געוועהן נאך א גראסערער וועטהיג און זיי האבען זיך בשום אופן ניט געקאנט רעכטען אז די אייגענע קבלה, וואס זיי אלליין האבען אזוי שטארק זי בעפעסטיגט, זאל זיי ווארפען אזא שווערען שטיין.

דערווייל האט זיך דאס גליק, שוין אויף די ערשטע שריט, אבגעטהון פון שבתי צבי. ווי די פאליציי פון סמירנא איז ניט געוועהן איבערגעקויפט און האט ניט געזוכט צו פערגלאטען אלדינג וואס עס איז דארט פארגעגאנגען, האט דער סוד געמוזט ארויס, און אז מען איז אין קאנסטאנטינאפאל געוואהר געווארען פון שבתי צבי'ס דרכים, האט איהם די מלוכה געהייסען קומען אהין. קיין גרויסע הכנות האט מען איהם שוין ניט געלאזט מאכען און אין דריי טאג האט ער זיך געמוזט זעצען אויפ'ן שיף. מיט איהם איז מיטגעפאהרען זיין ערשטער יוצ"ץ און נאך א גאנצע חברה פון היימישע גוטע פריינד, נאר פאר'ן עולם האט עס געהייסען אז מען הויבט שוין אן עפיס צו טהון, ווייל דאס יאהר 1666 איז שוין געוועהן גאר נאהענט. אויפ'ן וועג איז געוועהן א גרויסער שטורמווינד און דאס שיף איז שיער ניט אונטערגעגאנגען: שבתי צבי האט

דֶערְוַייל בֶּעווִיזֶען נַייֶע מוֹפְתִים, דִי ווִילְדֶע חֲוַואלְיֶעס פוּנ׳ם יַם הָאבֶּען פַאר אִיהם גֶעמוּזְט אַיינְבֵּייגֶען דֶעם קָאפּ, אוּנ זַיינֶע מְקוֹרָבִים הָאבֶּען שׁוֹין גֶעהַאט צוּ דֶערְצֶעהלֶען גַאנְצֶע מַעֲשׂוֹת: ווִי דֶער מָשִׁיחַ הָאט זֵיי אָפְּגֶעראַטֶעוֶועט פוּן אַ סַכָּנָה. פְרַייטָאג אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל; דִי פָּאלִיצְיֶע אִיז אִיהם אַקֶעגֶענְגֶעפָאהרֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם בַּאלְד גֶעקָאוֶועט אִין קֶעטֶען, נָאר אַזוֹי ווִי דֶער שַׁבָּת הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶערוּקְט הָאט מֶען אִיהם גֶעלָאזְט זִיךְ אָפְּשְׁטֶעלֶען אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל, נִיט וַוייט פוּן דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט. זוּנְטָאג הָאט מֶען אִיהם בֶּעדַארְפְט אַרַיינְבְּרֶענְגֶען אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל, אוּנ חָאטְשׁ זַיינֶע מַאֲמִינִים הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶערִיכְט אוֹיף אַזַא אוּמְגְלִיק, אַז זֵיי זָאלֶען מוּזֶען זֵייעֶר מָשִׁיחַ זֶעהֶען גֶעפַאנְגֶען, זֶענֶען זֵיי טוֹיזֶענְדֶערְוַויז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען צוּם שִׁיף, מִיט זֵיי זֶענֶען אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אַ סַךְ טִירְקֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיס אִיבֶּערְגֶעלוֹיף. אֵיינֶער פוּן דִי טִירְקִישֶׁע אָפִיצִיעֶרֶען הָאט אִיהם מְקַבֵּל פָּנִים גֶעוֶועהן מִיט גוּטֶע עֶטְלִיכֶע פֶּאטְשׁ, אוּנ דֶער גְרוֹיסֶער שַׁבְּתַי צְבִי, וָואס הָאט גֶעוָואלְט גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אַ גַאנְץ פָאלְק אוּנ זֵיי אוּמְקֶעהרֶען דִי פְרַייהַייט, הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז עֶר אִיז גָאר אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע: עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ רַחֲמָנוּת־פָּנִים, אַזוֹי ווִי אֵיינֶער בֶּעט זִיךְ בַּיי יֶענֶעם מֶען זָאל אִיהם אוֹיפְהֶערֶען שְׁלָאגֶען, אוּנ הָאט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען ווִי אַזוֹי אָפְּצוּהִיטֶען זַיין כָּבוֹד אוֹיף אֵיין עֶדְלֶערֶער אַרְט. אַז מֶען הָאט אִיהם דֶערְנָאךְ גֶעבְּרַאכְט צוּם גוּבֶּערְנַאטָאר מוּסְטַאפַא־פַּאשַׁא אִיז עֶר גָאר בַּיי זִיךְ אַרָאבְּגֶעפַאלֶען: עֶר הָאט אִין גַאנְצֶען זִיךְ אָפְּגֶעלֵייקֶענְט אוּנ הָאט גֶעשְׁוָוארֶען אַז עֶר הָאט גָאר קֵיין מָאל אִין מַחֲשָׁבָה נִיט גֶעהַאט זִיךְ אוֹיסְגֶעבֶּען פַאר מָשִׁיחַ, אַז עֶר אִיז מֶעהר נִיט ווִי אַ רַב, וָואס פָאהרְט אַרוּם אוֹיף דֶער וֶועלְט צוּנוֹיפְנֶעהמֶען נְדָבוֹת פַאר אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ אַז עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג אִין דֶעם וָואס דִי יוּדֶען הַאלְטֶען אַזוֹי פוּן אִיהם אוּנ לוֹיפֶען אִיהם נָאךְ. מוּסְטַאפַא הָאט מִן הַסְּתָם נִיט גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַיינֶע רֶעד אוּנ הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען אַיינְזֶעצֶען. שַׁבְּתַי צְבִי׳ס חֶבְרָה־לַייט זֶענֶען פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ הָאבֶּען נָאךְ מֶעהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ־טֶערְצוּהִיצֶען דִי קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאלֶער יוּדֶען, זֵיי זָאלֶען בַּיי זִיךְ נִיט אַרָאבְּפַאלֶען אוּנ זָאלֶען נִיט מֵיינֶען אַז פוּן דֶער גְאוּלָה וֶועט נָאר נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען. זֵיי הָאבֶּען פֶערְקֶעהְרְט, גֶעדְרוּנְגֶען אַז שַׁבְּתַי צְבִי הָאט אַלֵיין אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דִי יִסּוּרִים, וַוייל אָהן דֶעם קָאן נִיט קוּמֶען דִי יְשׁוּעָה. דֶערְצוּ הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעפוּנֶען אַ מְשׁוּגָע׳נֶער טִירְקִישֶׁער גַייסְטְלִיכֶער, וָואס אִיז אַרוּמְגֶעלָאפֶען אִין דִי גַאסֶען אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַז דֶער יוּדִישֶׁער מָשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען. דָאס הָאט גֶעפִיהרְט

דֶערצוּ, וָואס טוֹיזֶענדֶער מֶענְשֶׁען, יוּדֶען אוּנ טִירְקֶען פְּלֶעגֶען אַללֶע טָאג שְׁטֶעהֶען פַאר דִי פֶענְסְטֶער פוּן דֶער תְּפִיסָה אוּנ וַוארְטֶען בִּיז שַׁבְּתַי צְבִי הָאט נִיט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט, וַוייל יֶעדֶער הָאט אִיהם גֶעוָואלְט אָנְקוּקֶען אוּנ חָאטְשׁ פוּן דֶערְוַוייטֶענְס בֶּעקוּמֶען זַיין בְּרָכָה. אָפְט פְּלֶעגֶען זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ אִיהם רַייכֶע טִירְקִישֶׁע סוֹחֲרִים, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט עֶפִּיס אַמִשְׁפָּט מִיט יוּדֶען, אוּנ אֵיין וָוארְט פוּן שַׁבְּתַי צְבִי אִיז גֶענוּג גֶעוֶועהן מֶען זָאל אִיהם פָאלְגֶען אוּנ עֶר זָאל אוֹיסְגְלַייכֶען בֵּיידֶע צְדָדִים. שְׁמוּאֵל פְּרִימָא הָאט פוּן זַיין זַייט יֶעדֶער זַאךְ צוּ־לֶעגְט אוֹיף טוֹיזֶענְד טֶעלֶער אוּנ דִי יוּדֶען זֶענֶען נָאךְ מֶעהר צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶע־וָוארֶען צוּ שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ הָאבֶּען עֶס גֶעהַאלְטֶען פַאר אַבֶּעזוּנְדֶער מוֹפֵת וָואס דִי טִירְקִישֶׁע מְלוּכָה הָאט אִיהם בַּאלְד נִיט גֶעטֵייטְט. דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ דִי טִירְקַיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען רִיכְטֶען אוֹיף אַמִלְחָמָה אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אִיבֶּערְצוּלָאזֶען שַׁבְּתַי צְבִי אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט אָנְמַאכֶען קֵיין מְרִידָה. דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינִיסְטֶער אַחְמֶד קֶעפְּרִילִי הָאט אִיהם גֶע־הֵייסֶען אִיבֶּערְפִיהְרֶען אִין אַפֶּעסְטוּנְג קָאסְטִיַא, בַּיי דִי דַארְדַאנֶעלֶען, דָארְט אִיז אִיהם בֶּעסֶער גֶעוֶועהן, וַוייל אַללֶע זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד הָאבֶּען גֶעקָאנְט אַהִין פְרַיי קוּמֶען אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי דִי דָאזִיגֶע פֶעסְטוּנְג גֶערוּפֶען „מִגְדַל עֹז“.

דִי נַייֶע תְּפִיסָה אִיז פַאר שַׁבְּתַי צְבִי גֶעוָוארֶען אַקֶעניגְלִיכֶער פַּאלַאץ אוּנ עֶר הָאט וַוייטֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ. מֶען הָאט אִיהם אָבְּגֶעשִׁיקְט מִיט גֶעלְד פוּן אַללֶע זַייטֶען, אַחוּץ דֶעם הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע בְּרִידֶער פוּן סְמִירְנָא אִיבֶּערְגֶעשִׁיקְט גַאנְצֶע אוֹצְרוֹת אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהְרֶען פָּשׁוּט וִוי אַמֶלֶךְ, בֶּעזָאנְדֶערְס אַז עֶר הָאט גֶעהַאט בַּיי דֶער זַייט זַיין וַוייבּ שָׂרָה אוּנ זִי הָאט מִיט אִיהְרֶע חֵנְדְלֶעךְ צוּגֶעצוֹיגֶען דֶעם עוֹלָם נָאךְ מֶעהר וִוי שַׁבְּתַי צְבִי מִיט זַיינֶע מוֹפְתִים. פּוּנְקְט אִים עֶרֶב פֶּסַח הָאט מֶען אִיהם אִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט קֵיין קָאסְטִיַא אוּנ עֶר הָאט אַלֵיין גֶעקוֹילֶעט אַלַאמֶעלֶע פַאר אַקָרְבַּן פֶּסַח אוּנ הָאט עֶס מִיט אַללֶע זַיינֶע מְקוֹרָבִים, גֶעגֶעסֶען אִין גַאנְצֶען אָהן בְּדִיקָה, כְּדֵי צוּ וַוייזֶען אַז עֶר אִיז מְבַטֵל אַללֶע דִינִים פוּן שְׁחִיטָה. פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאהְרֶען צוּ אִיהם. פַאר'ן אוֹיפְזֶעהֶער פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג אִיז דָאס גֶעוֶועהן זֶעהר אַוָואהל גֶעשֶׁעפְט, וַוייל יֶעדֶער גַאסְט פְלֶעגְט אִיהם גוּט בֶּעצָאהלֶען, דִי שִׁיפֶער הָאבֶּען אוֹיךְ פֶערְדִיעֶנְט דֶערְבַּיי אוּנ פוּן גַאנְץ פְרִיה בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט הָאבֶּען זֵיי נָאר גֶעפִיהְרְט מֶענְשֶׁען אַהִין אוּנ דָאס גַאנְצֶע שְׁטָאדְט הָאט גֶעהַאט פַּרְנָסָה צוּ לִיעבּ דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶעם „יוּדִישֶׁען קֶענִיג“.

שבתי צבי איז טאקי יעדען טאג געווארען בײ זיך שטארקער אונ, אז ער האט דערזעהען אז די וועלט לאזט זיך פארט נארען האט ער ווייטער אנגעהויבען גלויבען אז דאס נארישקייט וועט איהם גערעטהען. די לעצטע מרה שחורה איז אוועק, ער האט גאר פערגעסען, אז ווי גוט איהם איז — איז ער דאך ניט מעהר ווי א געפאנגענער, ער האט אלליין אנגעהויבען זיך גרויס צו האלטען, שפיעלען די ראללע פון א מלך אונ מיט גאוה ווייזען דעם עולם, אז זיין געפאנגענשאפט איז דער ערשטער שריט צו דער פרייהייט פונ'ם גאנצען יודישען פאלק. זיין נאהמען איז דערוויל נאך גרעסער געווארען אין אייראפא; איין ר' יעקב ששפורטש האט גאר ניט געקאנט קאליע מאכען, חאטש ער האט ניט אויפגעהערט צו שרייען אונ ראטהען מען [illegible] זיך ניט לאזען פערפיהרען; אללע יודישע קהלות האבען געקוקט אויף אמשט"ד, אונ אז מען האט געזעהען אז דארט זענען די בעסטע בעלי בתים צוגעשטאנען צו שבתי צבי האט מען אין ליווארנא אונ האמבורג ניט גערעדט קיין ווארט, מען האט אוועקגעלעגט אללע געשעפטען אונ מען האט געווארט אויף נסים פון דעם נייעם משיח. שבתי צבי'ס חברה־לייט פלעגען זיי אללע מאל דערווארמען מיט בריעף אונ זיי טרעסטען אין זיין נאהמען מיט דער האפנונג, אז נאך צוויי יאהר האט מען זיך אין גאנצען צו מוטשען. אזעלכע בריעף האבען אומעדום געשטארקט דעם עולם. זייער אמונה אין שבתי צבי איז געווארען נאך פעסטער, אונ ווען איינער האט אפילו א מאל גע־ווֹאלט עפּיס אנהויבען נאכקלערען אונ נאכפארשען האט מען איהם פשוט ניט געלאזט אפּנען קיין מויל. אין וועגעדיג איז א מאל אים שבת ארויס א קריעג צווישען שבתי צבי'ניקעס אונ זייערע געגנער אונ עס איז שיער ניט געקומען צו בלוט פערגיעסען. אז מען האט זיך דערנאך אנגעפראגט בײ שבתי צבי ווי אזוי מען זאל זיך נוהג זיין מיט די כופרים, וואס לייגענען אין איהם, האט ער געענטפערט קורץ אונ שארף, אז אפילו אים שבת איז א מצוה זיי צו דער־הרגענען, אונ דערמיט אלליין קאן מען זיך פערדיענען עולם הבא. איבערהויפּט האט שבתי צבי אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען געהען מיט תקיפות; ער האט געזעהען אז די טירקישע מלוכה לאזט איהם לויפען, האט ער עס אנ־גענאָמען אין דעם וואס מען האט פאר איהם מורא אונ מען פיהלט אז ער האט עפּיס א כח. אודאי האט ער געקאנט זיין קראפט פּריווען נאר אויף יודישע דינים אונ מנהגים, אונ קודם כל האט ער מבטל געוועהן דעם תענית פון שבעה עשר בתמוז אונ האט געהייסען אים תשעה באב, אין זיין געבורטס־טאג, מאכען א יום טוב, זאגען הלל, זינגען אונ שפּיעלען, עסען אונ טרינקען אונ

זיך אנטהון אללע תענוגים. ער האט געהאט בדעה מיט דער צייט איינצופיהרען גאר אנדערע ימים טובים אונ אפילו יום כפור מבטל זיין, נאר פלוצלונג האט זיך געמאכט איין איבערשלאג, וואס האט צודרעהט זיין גאנצען פלאן.

צווישען די טויזענדער אורחים, וואס פלעגען כמעט יעדען טאג קומען פון ווייט אונ נאהענט מקבל פנים זיין שבתי צבי, האבען זיך געפונען צוויי לומדים פון פולין, וואס די לעמבערגער רבנים האבען זיי ארויסגעשיקט קיין קאסטיא זיי זאלען מיט זייערע אייגענע אויגען בעטראכטען וואס דארט געהט פאר. פון זיי איז שבתי געוואהר געווארען, אז אין פולין דרעהט זיך ארום א נביא, נחמיה כהן, וואס שרייט אויך אז די גאולה וועט באלד קומען, נאר ער דרינגט, אז ניט שבתי צבי איז דער משיח. מיט שטאלץ האט דאס אויסגעהערט שבתי צבי, אונ אז די פולישע לומדים האבען בעדארפט אהיים פאהרען האט ער זיי אנגעזאגט מען זאל איהם באלד שיקען נחמיה'ן. דער פולישער נביא האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטען אונ איז געקומען קיין קאסטיא, אונ האטש שבתי צבי האט איהם אויפגענומען מיט כבוד אונ האט זיך מיט איהם עטליכע שעה כסדר אויסגעטענה'ט, איז נחמיה פארט געבליבען ביי זיין מיינונג, אז ניט שבתי צבי וועט בעפרייהען די יודען. קיין איינגעהאלטענער מענש איז נחמיה כהן, ווי עס שיינט, ניט געוועהן, ער האט זיין דעה פריי ארויסגעזאגט פאר אללע שבתי צבי'ניקעס, זיי האט עס גוט פערדראסען אונ עס איז געבליבען מען זאל איהם טויטען שטילערהייד. נחמיה כהן האט זיך אבער אנגעשטויסען אין וואס פאר א סכנה ער איז אונ האט זיך באלד ארויסגעגנב'ט פון דער פעסטונג; ער איז אוועק קיין אדריאנאפאל צום גובערנאטאר מוסטאפא, דארט האט ער אנגענומען די מחמדנישע אמונה, אונ האט איהם איבערגעגעבען אלדינג, וואס עס טהוט זיך אין קאסטיא אונ ווי שבתי צבי וויל זיך בענוצען דערמיט וואס די טירקישע מלוכה ווייסט ניט דעם אמת, אונ וועט סוף כל סוף אנרעדען די יודען זיי זאלען מאכען א מרידה. דערביי האט ער אויך געמסערט דעם אויפזעהער פון דער פעסטונג, וועלכער האט זיך געמאכט א גאנצע פרנסה דערפון, וואס ער לאזט שבתי צבי זיך פיהרען וויא א קעניג. דער גובערנאטאר האט עס באלד מודיע געוועהן דעם סולטאן מחמד דעם פיערטען, אונ ער האט געמאכט איין אסיפה פון אללע מיניסטארען מען זאל זיך איין עצה האלטען וואס מען זאל טהון מיט שבתי צבי. עס איז געבליבען ביי זיי אללע, אז אומברענגען איהם טאר מען ניט, ווייל טירקען האבען אויך פון איהם געהאלטען, אונ דערפאר האט מען מורא געהאט עס זאל נאך זיין טויט ניט

וֶוערֶען אַבֶּעזוּנְדֶער סֶעקְטֶע טַאקִי צְווִישֶׁען דִי טִירְקֶען אַלֵיין. אַגַייסְטְלִיכֶער הָאט אַיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, אַז דָאס גְלַייכְסְטֶע וָואלְט גֶעוֶועהן מֶען זָאל שַׁבְּתַי צְבִי אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען דַארוֹיף עֶר זָאל צוּשְׁטֶעהֶען צוּם מַחְמַדְנִישֶׁען גְלוֹיבֶּען. דָאס אִיז גֶעפֶאלֶען אוּנ מֶען הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען אַז דֶעם סוּלְטַאן'ס לַייבּ־דָאקְטָאר דִידוֹן, אוֹיךְ אַגֶעוֶועזֶענֶער יוּד, זָאל אוֹיף זִיךְ נֶעהמֶען דִי שְׁוֶוערֶע אַרְבַּייט אָבְּצוּוֶוענְדֶען שַׁבְּתַי צְבִי פוּן זַיין אֱמוּנָה. אַזוֹי הָאט מֶען טַאקִי גֶעטְהוּן: פְּלוּצְלוּנְג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַבֶּעפֶעהל, מֶען זָאל שַׁבְּתַי צְבִי אַרַיינְבְּרֶענְגֶען קַיין אַדְרִיאַנָאפָּאל; דָארְט הָאט דֶער דָאקְטָאר דִידוֹן אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם פֶערְשְׁטֶעהֶען צוּ גֶעבֶּען וָואס פַאר אַשְׁוֶוערֶע שְׁטְרָאף אִיהם עֶרְוַוארְטֶעט וֶוען עֶר וֶועט דֶעם סוּלְטַאן נִיט אִיבֶּערְבֶּעטֶען אוּנ שְׁטִילֶען זַיין צָארְן דֶערְמִיט, וָואס עֶר וֶועט וֶוערֶען, מַחְמַד'נֶער. אַלֶע הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז אַזַא זַאךְ וֶועט דֶעם דָאקְטָאר דִידוֹן נִיט אַזוֹי גְרִינְג אָנְקוּמֶען, צוּם סוֹף הָאט עֶר דַוְקָא מִיט שַׁבְּתַי צְבִי נִיט בֶּעדַארְפְט לַאנְג אַרְבַּייטֶען: דֶער „יוּדִישֶׁער קֶאנִיג" הָאט בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען זַיין גְלוֹיבֶּען אוּנ, אַז דֶער סוּלְטַאן הָאט אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט אִיהם גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַנַייעֶם נָאהמֶען מַחְמֶד עֶפֶענְדִי, אוּנ דֶערְצוּ נָאךְ גֶעגֶעבֶּען בַּיי זִיךְ אִין הוֹיף אַשְׁטֶעלֶע מִיט אַשֵׁאן גֶעהַאלְט, אִיז עֶר זֶעהר צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט אוֹיךְ גֶעטְהוּן זַיין וַוייבּ שָׂרָה, וָואס הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם נָאהמֶען פַאטְמַא קַדִין אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען דִי עֶרְשְׁטֶע חֲשׁוּבָה בַּיי דֶער סוּלְטַאנִין, וֶועלְכֶע הָאט זִי אָבְּגֶעשִׁיט מִיט טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת. קוּקֶענְדִיג אוֹיף שַׁבְּתַי צְבִי, הָאבֶּען פִיעל פוּן זַיינֶע מְקוּרָבִים אוֹיךְ אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּנ'ם יוּדֶענְטְהוּם, אוּנ פּוּנְקְט אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט וֶוען אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף אַיְשׁוּעָה אוּנ אִין אַמְשְׁטַרְדַם הָאט דֶער גֶעלֶעהְרְטֶער רַב, דֶער דָאקְטָאר בִּנְיָמִין מוּסְפִיַא, צוּנוֹיפְגֶערוּפֶען דִי גַאנְצֶע קְהִלָּה מֶען זָאל זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁרַייבֶּען אוֹיף אַדַאנְק־בְּרִיעף צוּ שַׁבְּתַי צְבִי, הָאט דֶער „יוּדִישֶׁער קֶאנִיג" גֶעהַאט דִי הֶעְזָה צוּצוּשִׁיקֶען זַיינֶע בְּרִידֶער קַיין סְמִירְנָא אַבְּרִיעף אוּנ זֵיי שְׁרַייבֶּען אַז „גָאטט הָאט אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אַמַחְמַדַנֶער, עֶר הָאט אַזוֹי גֶעהֵייסֶען אוּנ אַזוֹי הָאט עֶס גֶעמוּזְט גֶעשֶׁעהֶען".

מֶען קֶאן זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען דִי לַאגֶע פוּן דִי טִירְקִישֶׁע יוּדֶען, וֶוען צוּ זֵיי אִיז פְרִיהֶר פַאר אַלֶע אָנְגֶעקוּמֶען דִי שֶׁענְדְלִיכֶע יְדִיעָה וֶועגֶען שַׁבְּתַי צְבִי, אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין מֶעהר בַּיי קֵיינֶעם קַיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן, אַז „מָשִׁיחַ'ן הָאט גָאטט גֶעמַאכְט פַאר אַטֶערְק". פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאט מֶען אוֹיף זֵיי גֶעטַייט מִיט דִי פִינְגֶער אוּנ מֶען הָאט הוֹזֶק גֶעמַאכְט פוּן זֵיי. דֶערְצוּ הָאט זֵיי טַאקִי דִי טִירְקִישֶׁע

מלוכה ניט געקאנט מוחל זיין, וואס זיי האבען זיך גאר ערלויבט צו האפען, אז ארץ ישראל וועט נאך אמאל זיין זייערס. דער סולטאן האט זיך שטארק געוואלט נוקם זיין און האט גערעכענט אהל צו מאכען פון אללע יודען אין טירקיי און זייערע קינדער ביז זיבען יאהר מיט געוואלד אבבריסען פון יודישקייט. מען האט איהם אבער דערפון אבגעשלאגען און אז ער האט געוואלט זיין כעס אויסלאזען האט'ש צו די רבנים און האט געהייסען הרגנ'ען פונפציג פון זיי דערפאר, וואס זיי האבען צוגעלאזט דאס פאלק זאל זיך פערדרעהען די קאפ מיט פוסטע חלומות, האט מען איהם פערשטעהען געגעבען אז עס איז ניט רעכט, און די יודען זענען מעהר ניט אבגעקומען נאר מיט שרעק. צווישען זיי אללין איז אבער געווארען א שטארק געטימעל, איינער האט אויפ'ן אנדערען ארויפגעלעגט די שולד, און די שבתי צבי'ניקעס זענען מיט'ן לעבען ניט זיכער געוועהן. עס איז אזוי ווייט געקומען, אז מען דאט אנגעהויבען מורא האבען אז עס זאל פשוט ניט זיין קיין הריגות אין יעדער שטאדט, און די רבנים האבען געמוזט ארויסלאזען א בעפעהל, אז קיינער זאל זיך ניט דערוואגען האבען צו טהון מיט א שבתי צבי'ניק און ווער עס וועט דארויף עובר זיין זאל מען איהם ארייגלעגען אין חרם.

אזא שריט פון שבתי צבי האט שוין, דאכט זיך, בעדארפט אנלערנען די מקובלים זיי זאלען זיך ניט אבגעבען מיט נארישע חלומות, צום סוף איז דער דאזיגער קלאפ אויך געוועהן א פערפאלענער, און די שבתי צבי'ניקעס האבען זיך בשום אופן ניט געוואלט אבזאגען פון זייערע האפנונגען און האבען זיך אבגעזוכט נאר א וואונדערבארען תירוץ, אז דאס איז נאר דער גוף פון שבתי צבי געווארען א טערק, ער אלליין אבער איז ארויף אין הימעל, אדער ער איז אוועק צו די עשרת השבטים און מוז איבערווארטען א שטיקעל צייט ביז דער דור וועט ווערטה זיין אויסגעלייזט צו ווערען. ווער שמיעסט שבתי צבי'ס נאהענטע מחותנים, וואס האבען זיך דערוויל געמאכט פון דער גאולה זעהר אוואהלען מעמד פרנסה, ווי שמואל פרימא, יעקב פאליאגי און יעקב ישראל דוהאן, זיי האבען זיך געהאפט נאך מעהר שרייען און קלאפען. זיי האבען געטענה'ט אז די סודות פונ'ם מלך המשיח איז שווער צו פערשטעהען און מען טאר גאר ניט זינדיגען מיט די רעד און עפיס נאכקלערען; און אז עס איז זיי שוין אויסגעקומען גאר ענג און מען האט זיי געוויזען אז דער וואס ווארפט אוועק זיין אמונה קאן ניט ווערען קיין גואל פון זיין פאלק, האבען זיי געבראכט א ראיה פון דער תורה, אז פונקט ווי משה רבנו האט

געמוזט זיין אין די קינדערשע יאהרען א מצרי, אזוי איז געפאלען אויף שבתי צבי דער גורל צו זיין א קורצע צייט א טערק. בעזאנדערס האט געארבייט מעשים נתן בנימין הלוי, וואס האט מורא געהאט אז ווען שבתי צבי ווערט אויס משיח מוז ער ווערען אויס נביא, און ער איז ניט מיעד געווארען ארומצופאהרען און יעדען טאג נייע יודען אריינצונארען אין זיין נעץ. די רבנים האבען זיך אפילו געפרובט אקעגענצושטעלען און האבען איהם געוואלט אין חרם אריינלעגען, נאר עס האט ניט געהאלפען; נתן און נאך אזעלכע חברה לייט האבען זיך געטהון זייערס, און אויפ'ן ארט פון איין געגנער פלעגען צוקומען צעהן פרישע שבתי צבי'ניקעס.

פון דער ווייטענס האט שבתי צבי גוט בעמערקט, אז דאס פייער ער האט אנגעצונדען, איז נאך ניט אין גאנצען פערלאשען געווארען און צוברענגט זיך נאך, פערקעהרט, מיט גרעסערער קראפט, און האטש ער האט זיך געלעבט רוהיג אונטער דעם שוטץ פונ'ם סולטאן, וואס האט איהם געהאלטען פאר זעהר א פרומען טערק, און האט איהם דערפאר שטארק ליעב געהאט, האט זיך ביי איהם אין הארצען דערוועקט דער פריהריגער חשק צום אלטען שווינדעל, און ער האט זיך ענטשלאסען אליין אויך עפיס צו טהון און ווייטער פערדרעהען דעם עולם די קאפ. פון איין זייט האט ער ארויסגעלאזט א ספר „סהדותא דמהימנותא" און האט די יודען א ווינק געגעבען אז ער איז נאר לפנים איבערגעגאנגען צו די מחמדנער, כדי ער זאל קאנען מגייר זיין א סך טערקען. אין דער אנדערער זייט האט ער דעם סולטאן ערקלערט, אז ער מוז זיך דרעהען צווישען יודען, ווייל ער וויל פיעל פון זיי גליקליך מאכען און זיי אויך צורעדען זיי זאלען איבערבייטען זייער גלויבען. אזוי האט ער בעקומען איין ערלויבניש פריי צו לעבען, און ווי אזוי עס האט איהם געטויגט אזוי האט ער זיך געפיהרט: צווישען יודען האט ער אויסגערעדט כל הרעות אויף די מחמדנער און צווישען די טירקען האט ער געשפיגען קלעק אויף די יודען. די מלוכה האט ניט בעמערקט ווי צוויי-פנים'דיג ער איז, און אז עטליכע יודען האבען טאקי אנגענומען די מחמדנישע אמונה, האט זי עס אנגעהאנגען אין שבתי צבי'ס בריה'שאפט, און ער איז ביי איהר געווארען געהויבט און געקראנט.

דערווייל איז שבתי צבי'ן, גאר אומגעריכט, צוגעקומען פון אייראפא א הייסער חסיד, וואס האט זיך גאר אין גאנצען פון זיינעטוועגען אוועקגעלעגט. דאס איז געוועהן אברהם מיגואל קרדוזא, וועלכער איז אין שפאניען

אוֹיפְגֶעוואַקְסֶען גֶעוָוארֶען בַּיי עֶלְטֶערְן־מַארְרַאנֶען און הָאט צוזאַמֶען מִיט זַיין אֶלְטֶערֶען בְּרוּדֶער פֶּערְנַאנְדָא גֶעלֶערְנְט מֶעדִיצִין. צְווִישֶׁען בֵּיידֶע בְּרִידֶער אִיז גֶעוֶועהן אַ שְׁטַארְקֶער חִלוּק: דֶער אֶלְטֶערֶער אִיז גֶעוֶועהן אַ גֶעזֶעצְטֶער מֶענְשׁ און הָאט בֶּעקוּמֶען אַ גְרוֹיסֶען נָאהמֶען וֶועגֶען זַיין גֶעלֶערְנְטְקַייט; דֶער יוּנְגֶערֶער אָבֶּער אִיז שׁוֹין, פֶּערְקֶעהרְט, גֶעוֶועהן אַ פְלִיהֶענְדִיגֶער קָאפּ, אָהן יִשּׁוּב הַדַּעַת, עֶר הָאט אַלְדִינְג גֶעוָואלְט ווִיסֶען נָאר עֶס זָאל אִיהם קַיין מִיה נִיט קָאסְטֶען און עֶר זָאל קָאנֶען גַאנְצֶע טֶאג אַרוּמְלוֹיפֶען מִיט שֶׁאנֶע פְרוֹיעֶן און זֵיי זִינְגֶען זִיסֶע לִיעבֶּעס־לִידֶער, אַזוֹי ווִי דֶער מִנְהָג אִיז גֶעוֶועהן בַּיי אַלֶע שְׁפַּאנִישֶׁע עֶדֶלְלַייט, וָואס הָאבֶּען לִיעב גוּט צוּ לֶעבֶּען. אַז פֶּערְנַאנְדָא אִיז אַוֶועק קַיין וֶוענֶעדִיג, כְּדֵי עֶר זָאל דָארְט קָאנֶען פְרַיי אִיבֶּערְגֶעהֶען צוּם יוּדֶענְטְהוּם, אִיז אִיהם מִיגוּאֵל נָאכְגֶעפָאהרֶען, נָאר אֲפִילוּ אִין יוּדִישְׁקַייט אִיז עֶר אַלְץ גֶעבְּלִיבֶּען דֶער אֵייגֶענֶער, מִיט דֶעם צוּטְרָאגֶענֶעם מֹחַ און מִיט'ן גַאנְצֶען פַייעֶר צוּ אַלֶע תַּאֲווֹת. פְּלוּצְלוּנְג אִיז בַּיי אִיהם גֶעוָוארֶען אַ אִיבֶּערְקֶעהרֶענִישׁ, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֶעהֶען חֲלוֹמוֹת און שְׁרַייעֶן אַז שַׁבְּתַי צְבִי אִיז מָשִׁיחַ און, אַז דָאס וָואס עֶר הָאט קְלָאמֶערְשְׁט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה הָאט עֶר גֶעטְהוּן אִימִיסְטֶען, כְּדֵי עֶר זָאל לַיידֶען הַרְפּוֹת און בּוּשׁוֹת און זָאל דֶערְמִיט אָבְּקוּמֶען פַאר דִי זִינְד פוּנ'ם גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק. אוּמְזִיסְט הָאט זִיךְ פֶּערְנַאנְדָא בֶּעמִיהט אִיהם אָרָאבְּצוּפִיהרֶען פוּן דֶעם פַאלְשֶׁען וֶועג; מִיט דֶעם אֵייגֶענֶעם חֵשֶׁק, וָואס אַבְרָהָם מִיגוּאֵל קַארְדוֹזָא פְלֶעגְט פְרִיהֶר זִיךְ אָבְּגֶעבֶּען מִיט נַארִישֶׁע תַּאֲווֹת, הָאט עֶר זִיךְ אַצוּנְד אָנְגֶעהַאפְּט אִין שַׁבְּתַי צְבִי, און הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט אִין דֶער ווַייטֶער וֶועלְט אַרַיין בֶּעקַאנְט צוּ מַאכֶען דִי יוּדֶען מִיט דֶער גְרוֹיסֶער יְשׁוּעָה וָואס זֵיי מֶאגֶען עֶרְוַוארְטֶען פוּן דֶעם יוּדִישׁ־טִירְקִישֶׁען גוֹאֵל צֶדֶק. עֶר הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהט אִין קַאִירָא און אוֹיף דִי גְרִיכִישֶׁע אִינְזֶעל און אוּמֶעדוּם הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם אִיהם גֶעזַאמֶעלְט אַלֶע שַׁבְּתַי צְבִי'נִיקֶעס. אַוַדַאי הָאט עֶר מִיט זַיין אֵייראָפֶּאִישֶׁער בִּילְדוּנְג און מִיט זַיין שֶׁאן לָשׁוֹן צוּגֶעצוֹיגֶען צוּ זִיךְ פִיעל מֶענְשֶׁען און אִיז אַסַךְ מֶעהר צוּ נוּטְץ גֶעקוּמֶען שַׁבְּתַי צְבִי ווִי אַלֶע זַיינֶע נְבִיאִים און בַּיישְׁפִּיעלֶערְס פוּן פְרִיהֶר.

דֶערְפוּן הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶענוּמֶען דִי מַפָּלָה פוּן שַׁבְּתַי צְבִי. אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען ווִי בְּלִינְד דֶער עוֹלָם גְלוֹיבְּט אִין אִיהם, הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט הִיטֶען און הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן דִי הֶענְד דִי וָואנְשָׁאל, אוֹיף וֶועלְכֶער עֶר פְלֶעגְט אִין דִי פְרִיהֶרִיגֶע יָאהְרֶ'ן אָבְּוואגֶען יֶעדֶעס וָוארְט און אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, אַז קַיין אִיבְּרִיגֶע רֶעד זָאלֶען נִיט אַרוֹיס פוּן זַיין מוֹיל. עֶר פְלֶעגְט זִיךְ אָפְּט עֶרְלוֹיבֶּען

צו שאנדען יודען אונ זייער אמונה, אונ פלוצלונג האט ער זיך געקאנט שטעלען דאווענען צוזאמען מיט זיין חברה, זאגען תהלים אונ מעביר זיין די סדרה. ער האט ניט געהאט געבען זיך אזא גאהענטען אונ געטרייען מענשען, וואס זאל איהם קאנען אבהאלטען פון אזעלכע זאכען. די שאנע שרה, ווי עס שיינט, האט ביי איהם אנגעוואורען איהר ווערטה, אונ ער האט אויף דער עלטער גענומען נאך איין פרוי, די טאכטער פונ'ם בעריהמטען למדן יוסף פילוסוף פון סאלוניקי. שבתי צבי האט מן הסתם געהאט גענוג שונאים אונ מען האט איהם געמסרט, אז ער האט נאך ניט אוועקגעווארפען זיינע אלטע דרכים אונ וויל נאך אלץ זיין א משיח ביי די יודען. מען האט איהם אנגעהויבען שטארק נאכקוקען אונ, אז מען האט איהם געפונען אמאל אין א דארף, ניט ווייט פון קאנסטאנטינאפאל, צוזאמען מיט עטליכע מנינים יודען אונ מען האט איהם פונקט דערטאפט ביי א תפלה, האט די מלוכה געהייסען איהם אוועקפיהרען קיין אלבאניען אונ בעזעצען אין א קליין שטאדטעל דולציניא, וואו ער האט שוין קיין יודען ניט געזעהען פאר די אויגען. דאס איז פאר איהם געוועהן א שטארקער קלאפ, א ביטערע מרה שחורה האט איהם פון די פיס געווארפען, אונ גאר גיך איז ער דארט, אים יאהר 1676, געשטארבען עלענד, אונ מען ווייסט אפילו ניט וואו זיין געביין איז הינגעקומען.

שפעטער מיט עטליכע חדשים, דעם 21 פעברואר 1677, האט דער טויט צוגעמאכט די אויגען פון ברוך שפינאזא. ער האט נאך דערלעבט צו זעהען, ווי אין דעם אייגענעם אמשטרדם, וואס צוריק מיט הונדערט יאהר האט א יוד ניט געטארט אהין אריינשמעקען, איז אויסגעוואקסען זעהר א שאנע ספרדישע קהלה פון דער טויזענד משפחות, ווי זיי האבען אויסגעבויעט א טהייערע שול אונ מיט גרויס פאראד האט מען געמאכט א חנוכת הבית, ווי קריסטען האבען מנדר געוועהן געלד אויף דער היילינער מצוה אונ האבען זיך געפרעהט ביי דער שמחה; נאר קיין נחת האט ער דערפון ניט געקאנט האבען, ווייל ער איז געשטאנען ווייט פון זיינע ברידער, אונ נאר דער לוטערער פערשטאנד האט ניט דערלאזט, אז ביי איהם אין הארצען זאל בלייבען שטאנדיג די שנאה, וואס צו ליעב איהר האט ער אויף זיי אמאל גערעדט אזוי פיעל שלעכטס. אזוי רוהיג ווי ער האט געלעבט — אזוי איז ער אויך רוהיג געשטארבען; שטיל, אהן וועטהיג האט ער אויסגעהויכט זיין גרויסע נשמה אונ זיין טויט האט ערשט בעוויזען דעם חלוק צווישען א ליכטיגען קאפ אונ א פערטומעלטען מח. שבתי צבי האט א שפיי געטהון אויף'ן יודישקייט, אונ ברוך שפינאזא איז ביז צום

לֶעצְטֶען אויגֶענְבְּלִיק גֶעבְּלִיבֶּען גֶעטְרַייא דֶעם פָאלְק, וָואס הָאט אִיהם בֶּעוָוארְפֶען מִיט שְׁטֵיינֶער פַאר זַיין פְרַייא דֶענְקֶען, אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט אִיבֶּערְרַייסֶען דֶעם פָאדֶעם, וָואס הָאט אִיהם צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ יוּדֶען, אֲפִילוּ מִיט חֶסְרוֹנוֹת, לוֹיט זַיין מֵיינוּנְג, נָאר פָארְט צוּ אֵייגֶענֶע....

## 10 יוּדִישֶׁע בֶּעשִׁיצֶער אוּנ שׂוֹנְאִים צְווִישֶׁען קְרִיסְטְלִיכֶע גֶעלֶעהְרְטֶע.

(1677—1720 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

גְרָאד אִין דֶער צַייט, וֶוען דִי יוּדֶען זֶענֶען נָאכְגֶעלָאפֶען אַפַאלְשֶׁען מָשִׁיחַ, זֶענֶען זַייעֶרֶע שׂוֹנְאִים אַבִּיסֶעל שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ כִּמְעַט אַזוֹי וִוי אָבְּגֶעשְׁמִיעסְט, מֶען זָאל זֵיי לָאזֶען צוּ רוּה, חָאטְשׁ פוּן דֶער טוֹבָה אִיז זֵיי אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַרָעָה: זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּענוּצְט מִיט דֶעם וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶעלָאזְט דֶעם אָטְהֶעם הַאפֶּען, נָאר דַארוֹיף זֵיי זָאלֶען זִיךְ אָבְּגֶעבֶּען מִיט נַארִישֶׁע חֲלוֹמוֹת אוּנ אוֹיסְשְׁמִירֶען זִיךְ מִיט אֵייגֶענֶע בְּלָאטֶע. דָאס הָאט אָבֶּער גֶעדוֹיעֶרְט נִיט לַאנְג; בַּאלְד הָאט מֶען זִיךְ גֶענוּמֶען זֵיי וַוייטֶער אָנְטְהוּן צָרוֹת. אוּנ מֶערְקְוִוירְדִיג אִיז דָאס, וָואס אוֹיסְגֶעלָאזְט דֶעם כַּעַס צוּ זֵיי הָאבֶּען נָאר קְרִיסְטֶען אוּנ דִי טִירְקַיי הָאט זֵיי נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט, חָאטְשׁ דָארְט הָאט מֶעהר בֶּעדַארְפְט פֶערְדְרִיסֶען זַייעֶר אֱמוּנָה אִין שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ דִי הָאפְנוּנְג צוּצוּנֶעהמֶען בַּיי דֶער טִירְקִישֶׁער מְלוּכָה אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. לְכַתְּחִלָּה אִיז טַאקִי דֶער סוּלְטַאן מַחְמֶד דֶער פִיעֶרְטֶער שְׁטַארְק בְּרוֹגֶז גֶעוָוארֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט נוֹקֵם זַיין אִין זֵיי דֶערְפַאר וָואס זֵיי הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען וִוי גוּט טִירְקַיי הָאט זֵיי בֶּעהַאנְדֶעלְט, דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּערֶעבֶּענְט, אַז מֶען טָאר נִיט אוֹיסְגִיסֶען דֶעם צָארְן אוֹיף אַגַאנְץ פָאלְק פַאר דִי זִינְד פוּן יְחִידִים, אוּנ עֶס אִיז קֵיינֶעם קַיין הָאר נִיט גֶעקְרִימְט גֶעוָוארֶען

נִיט אַזוֹי הָאט מֶען זִיךְ מִיט זֵיי נוֹהֵג גֶעוֶועהן אִין אֵיירָאפַּא, וואוּ מֶען הָאט אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעקָאנְט הָאבֶּען צוּ זֵיי גָאר קְלֵיינֶע פְּרֶעטֶענְזִיעֶס, וַוייל שַׁבְּתַי צְבִי'ס אַרְבַּייט הָאט זִיךְ דָארְט כִּמְעַט נִיט אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנ הָאט גַאנְץ וֶועניג גֶעשַׁאדְט. אוֹיסֶער הָאלַאנְד אוּנ עֶנְגְלַאנְד, וואוּ זַייעֶר צוּשְׁטַאנְד אִיז גֶעוֶועהן גְלֶאנְצֶענְד, הָאט מֶען זֵיי אִין אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע לֶאנְדֶער וַוייטֶער אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען וִוי מֶענְשֶׁען, אוּנ בַּיי קֵיינֶעם הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען פַאר זֵיי אַשְׁטִיקֶעל רַחֲמָנוּת.

דעם ערשטען קלאפ האבען זיי ווייטער בעקאמען פון שפאניען, ווייל דארט איז די מלוכה, נאך דעם טויט פונ'ם קעניג פיליפ דעם פיערטען, איבערגעגאנגען צו זיין אלמנה מאריא אננא, וואס איז געוועזען א אסטעררייכישע פרינצעסין און האט זיך אין דער יוגענד ביי די קאטאלישע גייסטליכע גוט אויסגעלערנט פיינד צו האבען יודען. מילא אין שפאניען אליין האט זי ניט געהאט וועמען די שנאה ארויסצוווייזען, ווייל דארט איז שוין עטליכע הונדערט יאהר קיין זכר ניט געוועזען פון קיין יוד; דערפאר האט זי זיך אנגעהויבען צעפען צו די יודען, וועלכע האבען שוין פון לאנג געוואהנט אין אפריקא אין אזעלכע מקומות, וואס שפאניען האט זיי שפעטער אבגענומען און האט געהאט איבער זיי צו שאפען, ווי אראן, מאזאקוויויר און נאך אנדערע שטאדט, און האט געגעבען א בעפעהל מען זאל זיי באלד פון דארט ארויסטרייבען. דער גובערנאטאר אליין האט געזעהען אז דא טהוט די שפאנישע מלוכה די גראבסטע עולות, אי געגען די יודען, אי געגען זיך אליין, ווייל זיי זענען אללע געוועזען זעהר נוצליכע מענשען און צוויי רייכע יודישע משפחות, קאנזינא און ששפורטש, האבען ניט איין מאל ארויסגעוויזען זייער געטריישאפט דעם לאנד און דער קעניג האט זיי געשיקט אייגענהאנדיגע דאנקבריעף; ער האט אבער גאר ניט געקאנט טהון און האט זיי נאר ערלויבט צו פערבלייבען נאר די אכט טאג פון פסח, און דערנאך האבען זיי געמוזט אין היילעניש מאכען א תל פונ'ם גאנצען פערמעגען, פערקויפען די הייזער פאר א צעהנטעל פונ'ם ווערטה און האבען זיך בעזעצט אין דער געגענד סאוואיען, קיין ניצצא און ווילאפראנקא.

דאס אפעלע פאלט ניט ווייט פונ'ם ביימעלע. דאס אייגענע וואס די מוטטער האט געטהון אין שפאניען, האט איהר טאכטער, די אסטעררייכישע קייזערין מארגארעטהא ווידערהאלט אין וויען. פון דער צייט אן, וואס איהר מאנן, לעאפאלד דער ערשטער האט אנגעטהון די קרוין, האבען די יעזואיטען די גאנצע מאכט געהאט אין אסטעררייך און האבען אנגעטהון ענוים קשים אפילו קריסטען, וואס זענען נאר ניט געוועזען קיין קאטאליקען. מען קאן זיך פארשטעלען וואס די יודען, וועלכע האבען זיך ווידער, שוין א יאהר פופציג בעזעצט אין וויען, זענען פון זיי אויסגעשטאנען. די שנאה פון די גייסטליכע פון איין זייט און די קנאה פון סוחרים און בעלי מלאכות פון דער אנדערער זייט, דער פערדרוס וואס יודען פיהרען גרויסע געשעפטען און האבען פרנסה בשפע, דאס אלדינג האט געפיהרט דערצו, וואס מען האט

זיי פערביטערט דאס לעבען און מען האט זיי ניט געלאזט רוהיג עסען דאס שטיקעל ברויט, וואס פלעגט זיי ניט גרינג אנקומען. וואו ערגיץ א צרה, א בלבול, האט מען ארויפגעלעגט אויף די יודען, און עס איז גענוג געוועהן צו געפינען אין טייך א דערטרונקענעם, די שונאי ישראל זאלען שוין האבען וואס צו רעדען און די יודען זאלען מיט'ן לעבען ניט זיכער זיין. היבשע עטליכע יאהר האט מען זיך אזוי געמוטשעט מיט די יודען, די שונאים האבען געהאט מיט זיי א גאנצע ארבייט, אללע מאל האט מען בעדארפט אויסטראכטען נייע שקרים, ארויסגעבען פרישע דינים: דא געה ניט, דא שטעה ניט, מיט דעם האנדעל ניט, דארט לערן ניט, ביז עס איז די זאך נמאס געווארען און מען האט געפועלט ביי לעאפאלד'ן ער זאל הייסען די יודען לחלוטין ארויסטרייבען פונ'ם לאנד און בעזאנדערס פון וויען. דער קייזער האט זיך אפילו א ביסעל געישובט, נאר אזוי ווי מארגארעטהא האט ביי איהם געהאט די גאנצע דעה, און זי האט עס געוואלט, האט ער שוין געמוזט נאכשאקלען מיט'ן קאפ, און אים 14 פעברואר 1670 האט מען אומעדום אויסגערופען אז אין עטליכע חדשים ארום וועט זיך קיין יוד ניט טארען געפינען אין גאנץ אסטעררייך. ווי א דונגער האט די בשורה דערשלאגען די יודען און עס איז זיי שווער געוועהן צו גלויבען, אז פלוצלונג זאל מען זיי נאר אהן א שום חטא ברעכען פון ברויט און הייסען געהען אין דער פרעמד. זיי האבען נאך אלץ געהאפט אז עס וועט זיי גע־ראטהען מבטל צו זיין די ביטערע גזרה און זיי האבען אוועקגעשיקט א געבעט־בריעף צום בעריהמטען גביר עמנואל טעקסייראַ, וואס איז געוועהן געזאנדטער פון דער קאניגין כריסטינע און האט געהאט גוטע פריינד צווישען די גראסטע שררות. טעקסייראַ האט זיך טאקי, ווי א הייסער יוד, גענומען צו דער זאך זעהר ווארם און האט אנגעווענדט אללע מיטעל; עס האט אבער ניט געהאלפען, און נאר איין טובה האט די אסטעררייכישע מלוכה געטהון די יודען, וואס זי האט אנגעזאגט מען זאל זיי פאר'ן פאהרען ניט טהון קיין שלעכטס. אזוי האבען זיי אללע געמוזט ארויס. קיין אונגארן האט מען זיי ניט אריינגעלאזט און דערפאר זענען זיי געצוואונגען געוועהן זיך צו בעזעצען אין מאהרען, באהמען און בייערן. פאר אזא חסד, וואס דער קייזער האט געטהון מיט די וויענער איינוואהנער און האט זיי בעפרייעט פון יודען, האט די שטאדט אבגעקויפט פאר הונדערט טויזענד גולדען די "יודישע גאס און מען האט זי אוועקגעשענקט לעאפאלד'ן, און דאריבער רופט מען זי עד

היום „לעמפאלד שטאדט". אויף דעם ארט וואו די אלטע יודישע שול איז געשטאנען, האט מען אויסגעבויעט א קירכע.

דער אויבערשטער שיקט אבער די קאלט נאך די קליידער: אז מען האט די יודען פון וויען ארויסגעטריבען, האט זיך פאר זיי געעפענט א נייע היים אין דער געגענד פון בראנדענבורג און אין די אללע מקומות, וואס פון זיי איז נאך דעם געווארען פרייסען און אצונד הערשט דארט די מאכט פונ'ם גרויסען דייטשלאנד. דער קורפירסט פרידריך ווילהעלם איז אייגענטליך ניט געוועהן קיין גרויסער אוהב ישראל, און אין זיין לאנד האט שוין מעהר פון הונדערט יאהר קיין יוד ניט געטארט זיך בעזעצען, נאר אז אין עטליכע שטאדט וואס זענען ארונטער, נאך א מלחמה, אונטער זיין מלוכה, ווי האלבערשטאדט, עממעריך, וועזעל, דוסבורג און מינדען, האבען זיך געפונען גאנץ קליינע יודישע קהלות און צווישען די יודען זענען געוועהן זעהר נוצליכע מענשען, ווי למשל, ר' אליהו גומפערץ, וואס האט צוגעשטעלט דער קרוין כלי זין און פולווער און מען איז פון איהם גע-וועהן זעהר צופרידען, איז ביי איהם געבליבען ער זאל יודען פריי אריינלאזען אין זיין מדינה, און ער האט זיך נאך מיה געגעבען צוציהען פעהיגע יודישע סוחרים מיט געלד, ווייל ער האט גוט געזעהען אז יודישע קאפיטאלען בעלעבען דעם האנדעל און קיינער דערלייגט ניט צו זיי, דערפאר האט ער געגעבען א בע-פעהל זיין געזאנדטען אין וויען, ער זאל אנהייבען צורעדען די יודען, אז זיי זאלען קומען קיין בראנדענבורג, און זיי האבען ארויסגעשיקט קיין בערלין צוועלף בעלי בתים, מען זאל איבערערעדען מיט דער מלוכה וועגען דעם. די תנאים, וואס מען האט מיט זיי אויסגענומען, זענען געוועהן א ביסעלע שווער, נאר עס איז קיין צייט ניט געוועהן לאנג זיך צו דינגען און מען האט געמוזט אויף אללעמען בעשטעהען. מען האט אנגעמאכט אז דערווייל זאלען זיך מעהר ניט בעזעצען פון פופציג יודישע משפחות, וואס קאנען זיך בעשעפטיגען מיט אללער[illegible]ט מסחרים, נאר יעדע פאמיליע דארף צאהלען יעהרליך מס אכט טהאלער שוטץ-געלד, און פון יעדער חופה אדער לויה — א גולדען. הייזער האבען זיי גע[illegible]ט קויפען נאר אויף א צייט און דערנאך האבען זיי געמוזט פערקויפען ק[illegible]סטען. קיין עפענטליכע גרויסע שולען בויען האבען זיי ניט געטארט, נאר מאכען קליינע מנינים ביי זיך אין שטוב און האלטען חזנים און שוחטים הא[ט] מען זיי ניט פערווערט. געהייסען האט עס, אז מען מאכט נאר א פריוו אויף צוואנציג יאהר, נאר די מלוכה האט בפירוש אויסגערעדט, אז

זיי באלד עס וועט איהר לוינען מוזען די יודען בלייבען ווייטער. ווי עס ווייזט אויס, האט קיינער קיין חרטה ניט געהאט: פון די ערשטע פופציג משפחות, האבען זיך זיבען בעזעצט אין בערלין און פון זיי איז אויסגעוואקסען די בעריהמטע בערלינער יודישע קהלה, און די איבריגע האבען זיך פערשפרייט איבער דעם גאנצען לאנד. צו זיי זענען באלד צוגעקומען רייכע יודען פון האמבורג און גלאגויא, און אין צוויי שטאדט לאנדסבערג און פראנקפורט אן דער אדער, זענען געווארען צוויי גרויסע קהלות. וואס מעהר יודען עס האבען זיך דארט בעזעצט, האבען זיי מעהר נושא חן געוועהן ביי פרידריך ווילהעלם'ן. און אז ער האט געעפענט א אוניווערזיטעט און האט מנדר געוועהן א בעזונדער הויז פאר געלעהרטע, האט ער געמאכט, אז מען זאל אויפנעהמען אויך יודען און, אז צוויי יודישע יונגלעך, פון דער משפחה כהן רופא, האבען זיך פערשלעפט פון פולין, וואו זיי זענען קוים ניצל געווארען פון המעלניצקים שחיטה און האבען געוואלט לערנען מעדיצין, האט זיי דער קורפירסט געהייסען אריינגעהמען אין דער אוניווערזיטעט און האט זיי די גאנצע צייט אויסגעהאלטען אויף זיין רעכנונג.

אין דער איינענער צייט האט די מאראנען פון פארטוגאל אויך אבליץ געטהון א קליינע שיין פון האפנונג אז זייער לאגע וועט זיך פערבעסערן און די קראפט פון דער אינקוויזיציאן וועט געבראכען ווערען. שוין מעהר פון הונדערט פונפציג יאהר אז די אינקוויזיציאן האט זיך, כמעט געגען ווילען פונ'ם פאפסט, אהין אריינגעגנב'ט און האט אבגעקאסט גענוג בלוט, ווייל כאטש אין די פיער דורות, וואס האבען זיך איבערגעביטען, האבען זיך די מאראנען שטארק אויסגעמישט מיט'ן פאלק און פיעל פון זיי האבען טאקי גאר אין גאנצען פערגעסען זייער שורש, פון דעסטוועגען האט מען יעדעס מאל אויף איין אנדערן געמאכט א בלבול, און אומשולדיגע מענשען פלעגען פאלען ווי שטרוי. אזוי האט זיך עס געפיהרט ביז עס איז געגען דער אינקוויזיציאן גיט ארויסגעשפרונגען א גייסטליכער פון די יעזואיטען, אנטאניא וויאיירא, וואס האט אליין אין דער יוגענד גענוג געליטען פון איהר און האט זיך ענטשלאסען זוכען א נקמה און אומווארפען דעם גאנצען בנין פון דעם שרעקליכען מזבח, וואס פלעגט פערשלינגען טויזענדער מענשליכע קרבנות. דערצו האט נאך אנטאניא וויאיירא געהאלטען פון יודען, ווייל ווען ער האט אמאל געלעבט אין אמשטרדם איז ער געוועהן אפן בית ביי ר' מנשה בן ישראל און ר' יצחק אבוהב און האט זעהר געשאצט די יודישע רבנים און לומדים. ער

הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער זַאךְ נִיט וִוי קֵיין נַאר אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבַּייטֶען פוּן צְוְוייא זַייטֶען: אַלֵיין הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אִין רוֹם אוּנ הָאט דָארְט מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן וָואס עֶס גֶעהט פָאר אִין פָּארְטוּגַאל; אִין לִיסַאבָּאן ווִידֶער הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אֵיינֶעם פוּן דִי פְרַיינְד, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ חָשׁוּב בַּיים קֶענִיג דוֹן פֶּעדְרָא אוּנ הָאט אִיהם פֶערְשְׁטֶעהֶען גֶעגֶעבֶּען, אַז פָּארְטוּגַאל קֶען צוּרִיק אָבְּנֶעהמֶען אִינְדְיֶען, וֶוען זִי וֶועט הָאבֶּען מִיטֶעל צוּ פִיהְרֶען אַ מִלְחָמָה. דָאס הָאט עֶר גֶעטְהוּן מִיט אַ כַּוָּנָה, כְּדֵי עֶר זָאל אַרוֹיספְּפִיהְרֶען דֶעם קֶענִיג אוֹיף דֶער מַחֲשָׁבָה צוּ זוּכֶען גֶעלְד, אוּנ קוֹים אִיז עֶר מִיט אִיהם פֶערְטִיג גֶעוָוארֶען הָאט עֶר אִיהם בַּאלְד אָנְגֶעוִויזֶען, אַז דִי מַארְרַאנֶען זֶענֶען אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט גָאלְד אוּנ אַז עֶס וָואלְט גוּט גֶעוֶועהן מֶען זָאל מַאכֶען מִיט זֵיי יַד אַחַת. דֶער קֶענִיג הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל שְׁטִילֶערְהֵייד אָנְהֵייבֶּען אִיבֶּערְשְׁמִיעסֶען מִיט דִי מַארְרַאנֶען, נָאר דִי אִינְקְווִיזִיטָארֶען הָאבֶּען עֶפִּיס אָנְגֶעשְׁמֶעקְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען זֵיי רוֹדֵף'ן נָאךְ מִיט מֶעהר אַכְזָרִיוּת. עֶס אִיז אַזוֹי וַוייט גֶעקוּמֶען אַז פִיעל גְרוֹיסֶע לַייט, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהֶען אַזַא אוּמְרֶעכְט, זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֵׂכֶל אוּנ הָאבֶּען פָארְגֶעלֶעגְט, מֶען זָאל בֶּעסֶער אַלֶע מַארְרַאנֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען פוּן פָּארְטוּגַאל, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט זַיין צוּ וֶועמֶען זִיךְ צוּ טְשֶׁעפֶּען. דָאס אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן פַאר דִי אִינְקְווִיזִיטָארֶען נָאךְ עֶרְגֶער, וַוייל דֶעמָאלְט וָואלְט זֵייעֶר אַרְבַּייט אִין גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין גָאר אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען פוּן יֹשֶׁר אוּנ הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען אַז שׁוּלְדִיג זֶענֶען דָאךְ נָאר גֶעצֶעהלְטֶע מֶענְשֶׁען אוּנ עֶס וָואלְט גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶע עַוְלָה וֶוען מֶען זָאל דִי זִינְד פוּן עֶטְלִיכֶע אַרוֹיפְלֶעגֶען אוֹיף אַלֶע. דֶערְוַוייל הָאט אַנְטָאנְיָא ווִיאֵיירַא גֶעפּוֹעֶלְט בַּיים פַּאפְּסְט קְלֶעמֶענְטִי דֶעם צֶעהנְטֶען עֶר זָאל עֶרְלוֹיבֶּען דִי מַארְרַאנֶען זֵיי זָאלֶען אַרַיינְשִׁיקֶען קֵיין רוֹם שְׁלִיחִים אוּנ מֶען זָאל דָארְט אוֹיסְהֶערֶען זֵייעֶרֶע טַעֲנוֹת. אוֹיסֶער דֶעם הָאט דֶער פַּאפְּסְט צוּגֶעשִׁיקְט אַ בֶּעפֶעהל, אַז דִי אִינְקְווִיזִיצְיָאן טָאר מֶעהר נִיט פֶערְמִשְׁפָּט'ן קֵיינֶעם צוּם טוֹיט אָדֶער צוּ שְׁוֶוערֶער אַרְבַּייט אוּנ, אַז אַלֶע פְּרָאצֶעסֶען פוּן דִי מַארְרַאנֶען, וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ נָאךְ אִין תְּפִיסָה, זָאל מֶען אַוֶועקְשִׁיקֶען קֵיין רוֹם אוּנ דָארְט זָאל מֶען אִיבֶּערְקוּקֶען אַלֶע פַּאפִּיעֶרֶען אוּנ נָאכְפָּארְשֶׁען צוּ הָאט עֶפִּיס דִי בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג אַ מַמָּשׁוּת. דִי אִינְקְווִיזִיטָארֶען זֶענֶען שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועהן אַזֶעלְכֶע שְׁטָאלְצֶע לַייט אַז פוּן קֵיין אֶלְטֶערְס אִיבֶּער זִיךְ הָאבֶּען זֵיי גָאר נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען: זֵיי הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיפ'ן פַּאפְּסְט'ס בֶּעפֶעהל אוּנ הָאבֶּען נָאךְ אָנְגֶערֵייצְט דָאס פְּרָאסְטֶע פָאלְק מֶען זָאל אַרוּמְלוֹיפֶען אִין דִי גַאסֶען אוּנ שְׁרַייעֶן, אַז מֶען

דארף אויסקוילען די יודען אונ מארראנען. די יעזואיטען האבען דאס באלד מודיע געוועהן קיין רום אונ נאר גיך איז פון דארט אנגעקומען מען זאל אראב־ווארפען אללע אינקוויזיטארען פון זייערע שטעללען אונ דעם שליסעל פון דער תפיסה זאל מען איבערגעבען דעם פאפסט׳ס געזאנדטען. דא זענען שוין די אינקוויזיטארען נאר ארוים פון דער העזה אונ האבען געזאגט אז די ברירה איז ביי זיי אונ אז מיט גוטען פאלגען זיי ניט דעם פאפסט בשום אופן.

אין שפאניען האט די אינקוויזיטארען שטארק פערדראסען פאר וואס דער פאפסט מישט זיך אריין אין אזעלכע זאכען, וואס זיי טהוען עס נאר לשם מצוה, כדי צו בעפעסטיגען דעם גלויבען, אונ זיי האבען מורא געהאט טאמער וועט ער זיי שפעטער אויך זאגען אדעה; דערפאר איז ביי זיי געב[...]ן זיי זאלען איהם ווייזען ווי גרויס זייער כח איז, אז זיי זענען אים שטאנד אל[...]נג צו טהון, אז דער קאניג אונ דאס פאלק זענען ביי זיי אין די האנד אונ וועד עם וועט זיך וועלען טשעפען צו זיי וועט גאר ניט אויספיהרען. דעמאלט איז אין שפאניען נאר וואס געווארען קאניג קארל דער צווייטע, אנארישער אונ אלייכטזיניגער יונגער מאנן, וואס האט ניט לאנג חתונה געהאט מיט א פראנצאזישער פרינצעסין; אזא שוואכלינג האט מען זעהר לייכט געקאנט ארויספיהרען אויף דער גרעסטער נארישקייט, אונ איהם האבען די אינקוויזיטארען, אים יאהר 1680, איינגערעדט ער זאל מאכען א שמחה צו ליעב דער קאניגין מאריא לואיזע אונ לאזען אפענטליך פערברענען פיעל מארראנען וועלכע זענען פערמשפט געווארען צום טויט. דער קאניג איז דארויף מרוצה געווארען, ער האט בעשטימט דעם טאג פון דעם גרויסען יום טוב אונ א גאנצען חדש פריהר האבען בעלי מלאכות געארבייט אונ געבויעט הויכע באנק פאר די איינוואהנער פון מדריד, כדי יעדער זאל קאנען מיט אייגענע אויגען בעטראכטען וואס פאר א וואהלען פסק די אינקוויזיציאן גיט ארויס. שוין לאנג האט מען ניט געזעהען אזוי פיעל קרבנות צוזאמען: הונדערט אכטצעהן מענשען האט מען צונויפגעשלעפט פונ׳ם גאנצען לאנד, צווישען זיי האט מען געבראכט אויך גאר יונגע קינדער, קיין עלטערער פון אכט אונ דרייסיג יאהר איז ניט געוועהן, אויסער איין אלמנה פון זעכציג יאהר, וואס איז אומגעקומען מיט איהר גאנצער משפחה מיט די טאכטער אונ איידעמס, אונ אז מען האט זיי אין דער פריה ארויסגעפיהרט אויף דעם פלאץ, וואו דער שייטער הויפען איז געשטאנען אנגעטהון אין ווייסע קליידער מיט שווארצע ליכט אין די האנד, בארוויס אונ ארומגערינגעלט מיט תליינים, האט מען בעדארפט האבען נאר

א הארץ פון שטיין מען זאל ניט גערירט ווערען פון דער שרעקליכער סצענע. מען קאן אויך ניט זאגען, אז צווישען די איינוואהנער פון מדריד האבען זיך גאר ניט געפונען קיין מענשען מיט רחמנות: א סך האבען פאראוים געזאגט, אז עס וועט זיי שווער זיין צוצוקוקען אזא הריגה און האבען זיך געמאכט קראנק, נאר כדי עס זאל אויף זיי קיין שום חשד ניט פאלען, ווייל אין שפאניען האבען די אינקוויזיטארען שטארק געהאלטען פונ'ם ווארטעל: „קוים ביסטו ניט מיט אונז — ביסטו געגען אונז", האבען זיי אימיסטען גענומען רעצעפטען בײ דאקטוירים. עהדער מען האט בעדארפט אונטערצינדען דאס האלץ, איז א זיבעצעהניאהריג שאן מאדעל פון די מאראנען, צוגעלאפען צו דער קעניגין און האט מיט גרוים געוויין געשריגען: „א, האב רחמנות אויף מיר? קאן איך דען אוועקווארפען די אמונה, וואס איך האב זי איינגעזויגען אין מיר מיט דער מוטטערס מיל'ך?" טרערען האבען זיך געשטעלט אין די אויגען פון דער קעניגין, וואס איז אלליין ניט געוועהן א סך עלטער פון דעם אומגליקליכען מאדעל, וועלכע האט בײ איהר געבעטען הילף. דער גראס-אינקוויזיטאר דיעגא דע סארמענטא, וועלכער האט צוגעגרייט די שרעקליכע סצענע, האט באלד בעמערקט דאס געפיהל פון בארמהערציגקייט וואס איז פלוצלונג דערוועקט געווארען בײ דער קעניגין, און האט גאר ניט דערלאזט צו קיין שום טענות. מיט א יראת-שמים פנים האט ער פערגלאצט די אויגען צום הימעל, גלייך ווי ער האט געדאנקט דעם בעשאפער, וואס ער האט איהם אויסגעקלויבען צו טהון אזא גרויסע מצוה ווי אומברענגען מענשען פאר זיין הייליגען נאהמען, און זיין איין קוק איז גענוג געוועהן דער קעניג זאל שוין דער ערשטער אונטערצינדען דעם מזבח און יעדע האפנונג אויף רעטונג זאל פערשוואונדען ווערען. דעמאלט האט דאס פייער איינגעשלונגען פיעל עדלע נשמות, און נאך א סך יאהרען שפעטער פלעגט מען דערצעהלען פון דעם בעהארצטקייט און פעסטקייט וואס די מאראנען האבען ארויסגעוויזען, און ווי אזוי די ערגסטע שונאים זענען בטל געווארען פאר אזא קדוש השם.

אז די ידיעה פון דער מאדרידער הריגה איז אנגעקומען קיין רום, און דארט איז דערווייל געווארען פאפסט אינאקענטי דער עלפטע, האט מען זיך מישב געוועהן אז עס איז ניט כדאי זיך צו ליעב יודען פערקריגען מיט דער וועלט און מען האט אין פארטוגאל אויך געלאזט טהון וואס זי וויל. אודאי האט זיך דארט די אינקוויזיציאן צופיהרט די האנד נאר אויף איין אנדער אופן. זי האט געמאכט א תל פון די רייכסטע מאראנען, און קוים זענען אבגעלאפען

פינפציג יאהר, איז דאס לאנד ניט געוועהן צו דערקענען: גאנצע שטאדט, וועלכע האבען פריהר געבליהט, זענען געווארען פערוויסט. פון קיין גרויסע מסחרים האט מען ניט געקאנט רעדען, פאבריקען האבען אויפגעהערט צו ארבייטען, די פרנסה איז אומעדום געווארען געשלאגען, און קיינער איז אין דעם ניט שולדיג געוועהן אויסער די גייסטליכע, וועלכע האבען אויסגעהרגעט אדער צוטריבען די נוצליכע מאראנען, אלץ פון גאטטעס וועגען...

פון דעסטוועגען איז ניט אומעדום געוועהן גלייך פינסטער; די שרעקליכע רציחות געגען די יודען און די בלבולים, וואס מען האט אויף זיי אויסגעטראכט אין פערשיעדענע ארטער, ווי מעץ, בערלין און פאדוא, האבען געמאכט וואס פיעל ערליכע און געלעהרטע קריסטען זענען צוגעבונדען געווארען צום יודענטהום און האבען איינגעזעהן אללע מיטעל זיי צו בעשיצען. יעדער פון די דאזיגע ערענטליכע און גוטע מענשען האט געפרעגט די שאלה: ווי קומט עס, אז א פאלק וואס ליידט שוין טויזענדער יאהרען און איז קיינמאל מיט זיין לעבען ניט זיכער, בעקומט אללע מאל פרישע כוחות איבערצוטראגען די צרות, און לעבט איבער אנדערע אומות, וועלכע זענען דאכט זיך, שטארק ווי ריזען און צום סוף זענען זיי ביים ערשטען אומגליק צובראכען געווארען ווי א שטעקעלע? און א תירוץ האט איטליכער געהאט אויבען אויף: אז טאקי אין דעם וואונדער ליעגט גאר קיין וואונדער ניט, ווייל דער אויבערשטער האט אויסגעקליבען די יודען און לייטערט זיי דורך גרויסע יסורים, כדי זיי זאלען ווערען ריין און היילינ מאכען זיין נאהמען אויף דער גאנצער וועלט.
אזוי האט געקוקט אויף דער יודישער אמונה פיערערע יורי״ע פון ראטערדאם, א גייסטליכער פון די הוגענאטען, וועלכער האט ארויסגעלאזט אים יאהר 1685 א בוך „וועגען די נביאות וואס וועט מקוים ווערען“, און האט אויסגעוויזען, אז ווער עס טהוט יודען שלעכטס איז א געגנער פונ׳ם קריסטענטהום.
נאך א גרעסערער אוהב ישראל איז געוועהן דער געלערנטער און רייכער אליגער פאוילי פון דאנעמארק. ער האט זיך ענטשלאסען די יודען צוריקצופיהרען קיין ארץ ישראל, די זאך האט איהם אבגעקאסט א סך מיליאנען, א חוץ גרויס מיה, ווייל ער האט וועגען דעם שטארק געארבייט ביי דער פראנצאזישער מלוכה און בעזאנדערס ביי ווילהעלם, דעם קאניג פון ענגלאנד נאר מעהר פון אללע האט זיך בערימט געמאכט יאהאנעס פעטרוס ספעט פון אויגסבורג, וואס איז געבארען געווארען אין וויען ביי עלטערן, פרומע קאטאליקען. די עולות, וועלכע מען האט בעמערקט אין דער

הנה נענען די יודען, האבען איהם נמאס געמאכט זיין גלויבען אונ ער האט זיך ענטשלאסען בעסער איבערגעהען צו די געשלאגענע, אבי ניט זיין צווישען די שלאגער. ער איז געווארען איוד אונ האט זיך אנגאהמען גע־געבען משה גערמאנוס. פון איהם זענען געבליבען פייערינע כתבים געגען דעם קריסטענטהום. איבעריגענס איז ער ניט געוועהן דער איינציגער: אסך קריסטען האבען זיך אויף דער עלטער מגייר געוועהן, אונ צוזאמען מיט'ן קורצען וועטהיג פון מל זיין זיך, האבען זיי אויף זיך גענומען דעם לאנגען וועטהיג פונ'ם יודישען גלות, זיי האבען זיך אבגעזאגט פון כבוד אונ עס איז ליעבער געוועהן ווערען צו שאנד אונ שפאט עהדער זיך רעכנען צווישען אזעלכע, וועלכע צאפען בלוט ביי אומשולדיגע מענשען.

צוזאמען מיט'ן ליעבשאפט צו דער יודישער אמונה האט זיך אויך ביי פיעל געלעהרטע קריסטען דערוועקט א חשק זיך צו בעקענען מיט דער העבראישער שפראכע, אונ פונקט ווי צוריק מיט עטליכע דורות האבען רייכלין, ביידע בוקסטארף'ס, דער פאטער מיט'ן זוהן, סקאליגער אונ נאך אנדערע אימיסטען אומגאנג געהאט מיט יודען, כדי זיי זאלען לערנען ביי זייערע רבנים תורה, אזוי האבען אויך געטהון די דאזיגע, וועלכע האבען געוואלט האבען א ידיעה אין לשון קודש. דאס פערשטעהט מען, אז די צאהל פון אזעלכע מענשען האט ניט געקאנט זיין זעהר גרויס, נאר דערפאר האבען זיי עס ערנסט געמיינט, אונ מען מאג באמת זאגען, אז זיי האבען געלערנט תורה לשמה. זיי האבען דורך דעם ניט געוואלט דערגרייכען א בעזונדערן כבוד, ווייל גראסטענ־טהיילס האט מען אויף זיי געקוקט קרום אונ מען פלעגט זיי צווישען אנדערע שטאך־ווערטער אויך רופען „האלבע רבנים", נאר זייער וואונש איז געוועהן צו וויסען דעם פערבארגענעם כח, וואס דאס יודישע פאלק ציהט פון זיינע הייליגע ביכער. זיי האבען אפילו זיך ניט געווארפען מיט קבלה־ספרים, אונ צו ליעב די יודישע ביכער זענען זיי שוין מעהר בעקאנט געווארען מיט'ן יודישען לעבען אליין, זיי האבען זיך גוט צוגעקוקט צו די יודישע מעלות אונ חסרונות, זיי האבען פערשטאנען פון וואנען יעדע זאך נעהמט זיך, זיי האבען זיך איבערצייגט אז אללע, וועלכע פאלען אן אויף יודען, רעדען גלאט אזוי שקרים, כזבים אונ ווילען זיך נאר קיין מיה ניט געבען נאכצופארשען אויב אין דעם איז דא א שטיקעלע אמת, אונ אזוי האבען זיי זיך ביסלעכווייז געוואהנט ליעב צו האבען יודען אונ זענען זיי געווארען געטרייע גוטע פריינד. צווישען אזעלכע אוהבי ישראל האט זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט ריכארד סימאן,

א גייסטליכער פון פאריז, וועלכער האט אנגעשריבען אויף פראנצאזיש א פירוש אויף דער תורה, און פלעגט אפט מיט זיין שארפער פעדער בעשיצען יודען. אז אין מעץ האט מען אויסגעטראכט אויף יודען א בלבול וועגען עלילת דם, האט ריכארד סימאן ניט גערוהט ביז ער האט ניט דערוויזען דאס פאלשקייט פון אזא בעשולדיגונג. ער האט אויך בעדויערט וואס די רדיפות האבען פערקליינערט אין פראנקרייך די צאהל פון די יודישע לומדים און פאריז איז שוין ניט אזא מקום תורה ווי אמאל. זיינע ביכער האט די גאנצע וועלט געלייענט און דערפאר האט ער ניט געזשאלעוועט קיין שאנע פארב צו בעשרייבען דאס יודישע פאלק און זייער אמונה, און ניט איין מאל האט ער זיינע בריזער די קריסטען געגעבען אנצ... ...ען, אז די קריסטליכע רעליגיאן איז נאר א טאכטער פון דער יודישער, אז כמעט אללע מנהגים האט זי גערש'ט ביי דער מוטטער. קיין נושא פנים איז ער ניט געוועהן, נאר ניט איין מאל פלעגט איהם די מלוכה צווינגען ער זאל זיין א ביסעל איינגעהאלטענער און ניט רעדען אזוי אפען און פריי.

אזעלכע בעשיצער, ווי ריכארד סימאן, האבען אויך איינגעגעבען מוטה די יודישע געלעהרטע, זיי זאלען ניט שווייגען די שונאים און בעווייזען ווי אונפערשאמט זיי זענען מיט זייערע ליגענס. אז א פראטעסטאנטישער גייסטליכער יעקב גייאזיוס האט דער פרישט די אלטע בעשולדיגונגען געגען יודען וועגען קינדער קוילען און בלוט אויף פסח, האט א האללאנדישער יוד, וועלכער האט זיך אנגערופען מיט'ן נאמען יצחק ביבא, ארויסגעגעבען א ספר „גואל הדם", און האט אויסגעוויזען אז ביי אללע משפטים וואס זענען שוין פארגעקומען אין אזעלכע זאכען, איז קיין מאל ניט געוועהן קיין איינציגער רעכטער בעווייז, און אז די איינענע בלבולים פלעגען אמאל די גאטצענדינער אויסטראכטען אויף די קריסטען. נאך א שארפערע תשובה האט אנגעשריבען ר' יצחק קארדוזה פון ווערונא, דער ברודער פון'ם בעריהמטען שבתי צבי'ניק אברהם מיגואל קורדובא. ער האט ניט נאר צו שלאגען די ליגענס, וואס מען האט געוואלט מיט זיי אבשרעקען די קריסטען זיי זאלען פשוט מורא האבען נאהענט צוצוגעהען צו א יודען, פון וועלכען עס גיסט זיך שטאנדיג בלוט און נעבען וועלכען עס איז שווער איינצושטעהען אפילו א מינוט וועגען דעם שלעכטען ריח; ער האט ניט נאר געבראכט די גרעסטע ראיות, אז יודען פערשעלטען קיינם ניט אין זייערע תפלות, און אז צו קיין בלוט טארען זיי זיך גאר ניט צורירען, נאר ער האט מיט נאוה אנגעוויזען אזעלכע יודישע

מַעֲלוֹת, וְוִי רַחֲמָנוּת, צְדָקָה אוּנ צְנִיעוּת, אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעדְרוּנְגֶען, אַז נִיט אוּמְזִיסְט הָאט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אָבְּגֶעזוּכְט זַיינֶע נְבִיאִים צְווִישֶׁען יוּדֶען אוּנ פוּן אַללֶע אֻמוֹת הָאט עֶר זֵיי אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען, זֵיי זָאלֶען זַיין הֵיילִיגֶען רָצוֹן בֶּעקַאנְט מַאכֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט.

אִין יֶענֶער צַייט הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען יוּדִישֶׁע בֶּעשִׁיצֶער צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע שְׂרָרוֹת. דֶער פִירְסְט כְּרִיסְטִיַאן אוֹיגוּסְט פָאן פְּפַאלְץ־זוּלְצְבַּאךְ הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער הֶעבְּרֶעאִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע אוּנ דוּרְךְ דֶעם הָאט עֶר לִיעבּ גֶעקְרִיגֶען אוֹיךְ דִי יוּדֶען. אַז דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרִיוְוט בַּיי אִיהם אִין זַיין מְדִינָה אוֹיךְ אָנְמַאכֶען אַ בִּלְבּוּל אוּנ אוּנְטֶערְוַוארְפֶען יוּדֶען גֶעהַרְגֶ'טֶע קִינְדֶער, כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ דֶערְפוּן אָנְהֵייבֶּען עֶפִּיס אַ מְרִידָה, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אוֹיסְרוּפֶען אוּמֶעדוּם, אַז וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ עֶרְלוֹיבֶּען נִיט נָאר אַנְקְלַאגֶען אַ יוּדֶען אַז עֶר הָאט גֶעקוֹילֶעט אַ קִינְד צוּ לִיעבּ בְּלוּט אוֹיף פֶּסַח, נָאר, פָּשׁוּט רֶעדֶען דֶערְפוּן, וֶועט שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען.

אִין שְׁוֶועדֶען הָאט נִיט נָאר קַיין פוּס פוּן אַ יוּדֶען נִיט גֶעטָארְט טְרֶעטֶען, נָאר אֲפִילוּ קַאטָאלִיקֶען אִיז פֶערְוֶועהרְט גֶעוֶועהן דָארְט זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען, וַוייל דִי פְּרָאטֶעסְטַאנְטֶען הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען, אַז דִי עֶרְד אִיז אַדְמַת קֹדֶשׁ, אוּנ אַז נָאר זֵיי הָאבֶּען דָאס רֶעכְט דָארְט צוּ וָואהנֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיךְ דֶער קֶאנִיג קַארְל דֶער עֶלְפְטֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט יוּדֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס מִיט קַרָאִימֶעס, וַוייל עֶר הָאט עֶפִּיס גֶעהֶערְט, אַז זֵיי הַאלְטֶען נִיט פוּנ'ם תַּלְמוּד אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אַז זֵיי וֶועט גְרִינְגֶער זַיין אַרִיבֶּערְצוּנֶעהמֶען אִין קְרִיסְטֶענְטְהוּם. עֶר הָאט אִימִיסְטֶען, אִים יָאהר 1620, אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט קַיין פּוֹלִין אַ פְּרָאפֶעסָאר פוּן דֶער אוּפְּסַאלַא'ר אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט גוּסְטַאוו פֶּערִינְגֶער, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע יְדִיעָה אִין לָשׁוֹן קֹדֶשׁ, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען גֶעוָואהר צוּ וֶוערֶען אִין וָואס עֶס בֶּעשְׁטֶעהט דֶער גְלוֹיבֶּען פוּן דִי קַרָאִימֶעס, וָואס פַאר מִנְהָגִים זֵיי הָאבֶּען, אוּנ מִיט וָואס זֵיי שֵׁיידֶען זִיךְ אָבּ פוּן אַנְדֶערֶע יוּדֶען. עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט רֶעקָאמֶענְדַאצְיֶעס צוּם פּוֹלִישֶׁען קֶאנִיג יָאהַאן סָאבִּיעסְקִי, נָאר אִין פּוֹלִין אוּנ אִין לִיטָא הָאט עֶר גֶעטְרָאפֶען זֶעהר וֶוענִיג קַרָאִימֶעס; אַ טְהֵייל זֶענֶען זִיךְ צוּלָאפֶען נָאךְ חֶמֶעלְנִיצְקִי'ס שְׁחִיטָה, אוּנ אַ טְהֵייל הָאבֶּען פוּן דֶער מְלוּכָה בֶּעקוּמֶען אֵיין עֶרְלוֹיבְּנִישׁ זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען אִין דִי וַוייטֶע שְׁטֶעדְט אוּנ דֶערְפֶער, וַוייל אַזוֹי הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר זֵיי אֵיינֶער פוּן דִי קַרָאִימִישֶׁע רַבָּנִים, ר' אַבְרָהָם בֶּן שְׁמוּאֵל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ חָשׁוּב בַּיים קֶאנִיג אוּנ מֶען הָאט עֶס אִיהם צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן, כְּדֵי דִי

קראימעס זאלען זיך מעהר צושפרייטען אין לאנד. אזוי האט גוסטאוו פערינגער געפונען אין טראקי אונ לוצק גאר ווייניג קראימעס, אונ די עטליכע וועגען געוועהן אזוי פערגראבט אז ער האט מיט זיי גאר ניט געקאנט רעדען אונ ער האט געמוזט צוריקפאהרען אהן עפעס. שפעטער מיט עטליכע יאהר האט דער שוועדישער קאניג נאך אמאל ארויסגעשיקט קיין ליטא צוויי געלעהרטע אונ עס איז געבליבען, אז זיי זאלען מיט ברענגען קיין שוועדען א פאר קראימישע לומדים, כדי מען זאל זיי דארט קאנען מעהר אויספרעגען וועגען זייער פער־גאנגענהייט אונ אללע זייערע הנהגות. צווישען אללע קראימעס האט זיך קוים געפונען איינער, ר' שמואל בן אהרן, וואס האט פערשטאנען א ביסעל לאטייניש אונ האט זיך ענטשלאסען פאהרען קיין ריגא; דארט האט מען איהם געהאלטען א היבשע צייט ביז די שוועדישע מלוכה איז געקומען צום שכל אז קיין גרויסע מציאה וועט זי ניט האפען אפילו ווען עס וועט איהר געראטהען אללע קראימעס מאכען פאר פראטעסטאנטען.

אין ליידען האט אויך א פראפעסאר יעקב טריגלאנד, געווארפען איין אויג אויף די קראימעס. ער איז געוועהן א גרויסער קענער אין דער יודישער ליטעראטור אונ האט געשריבען א בוך וועגען די יודישע סעקטען, אונ דערפאר האט ער בעדארפט האבען רעכטע דעות פון די קראימעס. ער האט אבער ניט געוואוסט צו וועמען ער זאל זיך ווענדען אונ האט זיך ענטשלאסען דורך בעקאנטע סוחרים איבערשיקען א בריעף קיין פולין אונ בעטען די קראימעס, וואס דער בריעף וועט אריינפאלען צו זיי אין די האנד אריין, זיי זאלען איהם באלד צושיקען א תשובה אויף אללע זיינע שאלות. דער צופאל האט אזוי געפיהרט, אז מען זאל טריגלאנד'ס בריעף אבגעבען א שרייבער פון דער קראימישער קהלה אין לוצק, מרדכי בן ניסן. קיין גרויסער למדן איז ער ניט געוועהן, נאר אזוי פיעל שכל האט ער געהאט, אז ער זאל די תלמודיסטען בעליידיגען פון קאפ ביז פוס אונ די קראימעס מאכען פאר דער גאלדענער פאהן.

ניט שטאנדיג האבען אבער די יודען געקאנט האבען טובות פון די דאזיגע געלעהרטע קריסטען וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט לשון קודש: עס האבען זיך געפונען אזעלכע, בעזאנדערס צווישען די דייטשען, וואס האבען בענוצט זייער גאנץ געלערנטקייט דארויף, זיי זאלען אנטהון די יודען מעהר צרות אונ נאך צוגיסען בוימאהל צום פייער, ווייל אז זיי האבען זיך פערררופען אויף די יודישע הייליגע ספרים, וואס אללע אנדערע האבען אין זיי קיין ידיעה

גיט געהאט, האט מען זיי געגלויבט בלינד. אזוי האט געטהון יאהאנעס וואולפער: ער האט זיך צוגעטשעפעט צו דער תפלה, „עלינו" וואס געהט אין גאנצען אויף די געטצענדיענער, וועלכע בוקען זיך צו ניכטס אונ לער: (שהם משתחוים להבל וריק) אונ האט געדרונגען אז דער־מיט ווייזען די יודען ארויס זייער האס געגען קריסטענטהום. די דאזיגע בע־שולדיגונג איז שוין אפילו־קיין נייע ניט געוועהן; נאך צוריק מיט אסך יאהרען האבען די שונאי ישראל געשריגען, אז אין דעם געבעט מאכען די יודען חוזק פון דער קריסטליכער אמונה, אונ כדי עס זאל ניט קומען צו־קיין שלעכטע זאכען האבען די יודען אליין ארויסגעווארפען פונ'ם סדור דעם „שהם משתחוים". וואולפער האט אבער אבגעזוכט אלטע סדורים, וואו די ווערטער שהם משתחוים להבל ולריק איז יא געשטאנען, אונ האט מיט זיי געשטאכען די אויגען יעדען יודען. אודאי האט מען דערפון־קיין נחת ניט געהאט, נאר־קיין גרויסע יסורים אויך ניט: וואולפער'ס כוונה איז ניט געוועהן גלאט אויפצורייצען די מלוכה אונ דאס פאלק געגען יודען; פארקעהרט, אז מען האט אין זיין צייט ווייטער אויפגעפרישט די אלטע עלילה וועגען בלוט אויף פסח האט ער אפענטליך גע־שריגען, אז דאס איז א ליגען אונ אז מען קאן ניט שטעלען אויף די פאלשע רעד פון געטויפטע יודען. ער איז פשוט געוועהן א פרומער קריסט אונ ער האט געהאלטען פאר א חלול השם, וואס די יודען לאכען פון זיין אמונה, אונ דערפאר האט ער זיך בעגנוגט דערמיט וואס דער פירסט געארג פון העסען האט געהייסען די יודען שווערען אז מעהר וועלען זיי אין זייערע תפלות ניט דערמאנען דאס קריסטענטהום אונ עס איז געווארען שטיל.

נאך איין געגנער פון אזא ארט, וואס מיט איין האנד ווייזט ער אן חסרונות אונ מיט דער אנדערער האלט ער צו דאס ווילדקייט פון מענשען, וועלכע מערקען באלד אין יענעמ'ס אויג א שפאנדעל אונ אין זייערע אייגענע אויגען ווילען זיי אפילו־קיין גאנצען באלקען ניט זעהען, האבען די יודען דעמאלט געהאט; דאס איז געוועהן דער פראפעסאר יאהאנן כריסטאף וואגענזייל. א מענש, וואס אין איהם האבען מלחמה געהאלטען צוויי געפיהלע: פון איין זייט איז ער געוועהן א קענער פון העבראיש, אונ אז ער האט געלעזען פיעל אלטע יודישע ספרים געגען קריסטענטהום האט עס איהם שטארק פערדראסען, ער האט עס געהאלטען פאר א גרויסען חטא אונ האט גאר ניט געוואלט וויסען, אז אזעלכע ספרים זענען אנגעשריבען געווארען אין די ביטערע צייטען, ווען יודיש בלוט האט זיך געגאסען ווי וואסער אונ דאס פייער פון דער אינקוויזיציאן

האט געברענט אהן א אויפהער; פון דער אנדערער זייט אבער האט ער רחמנות געהאט אויף די יודען אונ האט זיי געוואלט זעהען גליקליך אונטער דעם שוטץ פון דער קריסטליכער רעליגיאן. דערפאר האט מען פון איהם געזעהען צוויי פערקעהרטע זאכען, וואס איינס מיט'ן אנדערן קעהרען זיך, דאכט זיך, ניט אן. ער איז ארומגעפאהרען אין די ווייטע לאנדער אונ האט אזוש אנגעשפארט אין אפריקא, דארט האט ער אבגעזוכט אלטע יודישע כתבים געגען די קריסטען אונ האט זיי אבגעדרוקט אין א בעזונדער בוך, כדי צו ווייזען ווי שלעכט די יודען קוקען אויפ'ן קריסטענטהום; אין דער אייגענער צייט האט ער פון דעסטוועגען ארויסגעלאזט איין אנדער ספר אונ האט געשריגען, אז עס איז די גרעסטע רציחה וואס מען רודפ'ט די יודען אונ מען וויל מיט געוואלד טויפען זייערע קליינע קינדער. ער איז אלץ ארומגעגאנגען מיט א מחשבה זרה אז צו די פראטעסטאנטען קאנען די יודען פארט מיט דער צייט צושטעהען, אונ האטש ער האט גוט געזעהען, ווען ער איז געוועהן אין רום, ווי די קאטאלישע גייסטליכע מוטשען זיך אומזיסט מיט די יודען, וועלכע זענען געצוואונגען צו הערען זייערע דרשות, נאר עס געהט זיי אין איין אויער אריין אונ פונ'ם אנדערן ארויס, האט ער זיך איינגערעדט אז מיט גוטען וועט ער אפשר מעהר פועל'ן. אזוי האט מען ביי וואגענזייל'ן קיין מאל ניט געקאנט וויסען ביי וואס ער האלט: אט האט מען געזעהען פון איהם כעס פאר יודישע חטאים פון א מאל, אונ אט איז ער פערטיג געוועהן זייערע שונאים אויסצובייסען די אויגען. דעם אמת מוז מען אבער זאגען, אז דאס געפיהל פון רחמנות פלעגט ביי איהם אבט גובר זיין אונ, אז מען האט פלוצלונג ווייטער אנגעהויבען שמיעסען אז די יודען קוילען קריסטליכע קינדער אונ בענוצען דאס בלוט צו די מצות, האט ער זיך אנגענומען פאר זיי אונ איז ארויסגעטרעטען ווי א מליץ יושר מיט א גאנץ בוך, פאר וועלכען ער האט זיך פערדיענט ביי די יודען א גרויסען דאנק, אונ מען מאג איהם מוחל זיין דערפאר א סך נארישקייטען, וואס ער האט געטהון אויך ניט מיט קיין שלעכטער כונה.

דער דריטער דייטשער געלעהרטער, וואס האט גוט פערשטאנען העבראיש, איז געוועהן דער פראפעסאר יאהאנן אנדרעאס אייזענמענגער: זעהר א שלעכטער מענש, וואס האט טאקי געוואלט די יודען עוקר מן השרש זיין. ער האט אויסגעגראבען אללע חטאים וואס מען האט נאר א מאל ארויפגעלעגט אויף די יודען אונ האט געשריגען, אז אלדינג איז טאקי אמת אונ אז ער איז דאס געוואהר געווארען פון די יודישע ספרים. איהם האט געקראנקט וואס

מען האט אנגעהויבען בעהאנדלען די יודען מיט מעהר יושר, אונ ער האט געוואלט ברענגען דערצו, אז דאס פאלק זאל אנפאלען אויף זיי אונ מאכען פון זיי א תל, דערפאר האט ער אים יאהר 1700, אנגעשריבען א גרויס בוך, „דאס ענטדעקטע יודענטהום" אונ האט דארט אויסגעוויזען אז די יודען לאסטערן די קריסטליכע רעליגיאן, אז אויסבעסערן זיי איז שווער, ווייל זיי זענען שוין געבארענע רוצחים, זייערע עלטערן פלעגען פערגיפטען ברונענס אונ זיי אלליין דארפען נאך בלוט אויף פסח. אז מען האט די יודען צו וויסען געגעבען, וואס פאר א בוך אייזענמענגער האט זיך געשטעלט דרוקען, איז אויף זיי געפאלען א שרעקליכער פחד, אונ עס איז טאקי געווען פאר וואס זיך צו שרעקען: די שנאה צו זיי האט נאך אין דייטשלאנד ניט אויפגעהערט אונ דערפאר האבען זיי זיך געקאנט רעכטען אז אייזענמענגער'ס בוך וועט אנצינדען א נייע פייער אונ זיי וועלען גוט ניט אבשניידען. אוודאי האבען זיי ניט געטארט שווייגען, אונ די פראנקפורטער יודען האבען אוועקגעשיקט א בריעף צו זייערע ברידער, וועלכע האבען געוואהנט אין וויען אונ בעזאנדערס צו ר' שמואל אפפענהיים, וואס האט מיט דער מלוכה געהאט געלד-געשעפטען אונ איז ביי איהר געווען א שטיקעל חשוב. די וויענער יודען איז געראטהען פערשטעהען צו געבען דער מלוכה אז אייזענמענגער'ס בוך איז א סם טאקי פאר די קריסטען אלליין, ווייל עס קאנן זיך אנהויבען הריגות אונ ביי א מרידה אין לאנד מוזען אללע ליידען, אונ עס איז ארויס א בעפעהל פונ'ם קייזער לעאפאלד דעם צווייטען, מען זאל דאס בוך גאר ניט ארויסלאזען פון דרוק. דאס איז געווען פאר אייזענמענגער א שטארקער קלאפ: ער האט גערעכענט אז אט באלד וועט ער זיך מחיה זיין אונ וועט זיך זאט ניט קאנען אנקוקען ווי מען קוילעט יודען אין די גאסען, צום סוף האט מען גאר זיין בוך געהאלטען סגור ומסוגר אין דער פראנקפורטער דרוק, אונ ער האט זיך אומזיסט אויסגעבראכט אונ איז נאך אריינגעקראכען אין חובות.

דערווייל איז אין פרייסען געווארען קאניג פרידריך דער ערשטע, אונ אייזענמענגער מיט נאך א זעלכע מענשען האבען געהאט ביי איהם א שליטה אונ האבען געזוכט אללע מיטעל צו רעדען שלעכטס אויף יודען. ווי ווענינ אמת'ע הטאים די שונאים האבען געקאנט אנווייזען, זעהט מען ארויס דערפון, וואס מען האט זיך ווייטער געהאפט צו „עלינו", קיין אנדער בלבול האבען זיי ניט געהאט, חאטש זיי האבען געזוכט יודישע עוולות ווי מיט ליכט. דער קאניג האט זיך אבער ניט געלאזט פערדרעהען דעם קאפ אונ האט געלאזט

צונויפרופען די רבנים אונ פארשטעהער פון אללע קהלות, אונ זיי האבען געמוזט געבען א שבועה, אזדאס ווארט „לריק" פון „עלינו" געהט ניט אויפ'ן קריסטענטהום אונ זיי האבען עס גאר ניט אין זין. דאס אייגענע האט אויך געזאגט דער בעריהמטער געלעהרטער יאהאנן היינריך מיכאעליס פון האללע אונ דער קאניג האט געשטעלט אויף זיין ערקלערונג. דעננאך האט פרידריך, אים יאהר 1703, ארויסגעלאזט א בעפעהל אונ האט געשריבען, אז עס וואלט איהם אודאי שטארק הנאה געטהון ווען דאס יודישע פאלק, וואס איז אמאל געבענשט געוועהן פון גאטט, זאל אננעהמען איין גלויבען גלייך מיט אללע איינוואהנער פונ'ם לאנד, נאר ניטהען דערצו וויל ער קיינעם ניט אונ לאזט עס איבער אויפ'ן רצון פונ'ם בעשעפער, אונ כדי מען זאל מעהר ניט האבען צו זיי קיין פתחון פה וועגען זייערע תפלות, וויל ער אז די יודען זאלען זאגען „עלינו" אויף א הויך קול אונ זאלען דערביי ניט אויסשפייען. לכתחלה האט ער בעשטימט אויפזעהער מען זאל אכטונג געבען אין די שולען אז די יודען זאלען פינקטליך אויספאלגען זיין בעפעהל, אזוי ווי דער קייזער יוסטיניאן האט אמאל געטהון, נאר אז איינער פון די יודישע גבירים, ר' יששכר בערמאנן פון האלבערשטאדט, האט געגעבען אנצוהערען אז עס איז ניט שאן, אז אין א מקום קדוש זאל די מלוכה זאגען א דעה ווי אזוי צו דאווענען, האט פרידריך געהייסען פערביינען זיין בעפעהל אונ די וויכטיגע פראגע פון „עלינו" האט זיך געענדיגט.

די שונאי ישראל זענען אבער ניט מיעד געווארען אללע מאל דערמאנען דעם קאניג פרידריך ביי יעדער געלעגענהייט, אז ער וואלט בעדארפט די יודען ארויסטרייבען פון פרייסען. זיי האבען אויף די יודען ארויפגעלעגט אללע אומגליקען פון דער גאנצער וועלט, אונ עס האט זיך זיי אויסגעוויזען אז זיי פועל'ן שוין, דאכט זיך, ביי פרידריך'ן אלדינג, נאר אז ער איז געקומען צו עפּיס האבען זיי געזעהען אז זייער מיה איז גאר אומזיסט אונ אז זיי האבען נאך ביים קאניג גאר נישט געפועל'ט. אייזענמענגער אליין האט זיך געפרווט פאר'ן טייט בעטען ביי פרידריך'ן, ער זאל שרייבען דעם קייזער לעאפאלד וועגען זיין בוך „דאס ענטדעקטע יודענטהום" אונ פועל'ן מען זאל עס ארויסלאזען פון דרוק. מיט דער איינער בקשה האבען זיך צו איהם שפעטער געווענדעט אייזענמענגער'ס יורשים, אונ ער האט זיי געמוזט צו ליעב טהון אונ שרייבען, נאר לעאפאלד איז געוועהן איינגעשפארט אונ דאס בוך איז ווייטער געבליבען פערשלאסען אין פראנקפורט. דעמאלט האבען די יורשים זיך ענטשלאסען נאר

אויפ'ס ניי לאזען דרוקען דאס בוך אין קאניגסבערג, וואו לעאפאלד'ס איסור איז ניט אנגעגאנגען, נאר קיין גוט געשאפט האבען זיי שוין ניט געמאכט. דער עולם האט זיך ניט געווארפען מיט אזא חשק צו אייזענמענגער'ס תורות אונ די יודען האבען זיך ניט געהאט פאר וואס צו שרעקען. ערשט שפעטער מיט א סך יאהרען, אז מען האט גאר אנגעהויבען רעדען מען זאל אין פיעל אייראפאישע לאנדער געבען יודען אללע רעכטע אונ די יודישע שונאים האבען בעדארפט האבען מאטעריאל צו דערווייזען וואס פאר א סכנה דערפון וועט ארויס, איז זיי אייזענמענגער'ס בוך צו נוטץ געקומען. זיי האבען געהאט פערטיגע שקרים אונ האבען פערשפארט זיך ברעכען די קאפ אויף אויסצוטראכטען נייע. דערווייל האבען אייזענמענגער'ס ליגענס ניט מרעיש עולם געוועהן, אונ דעסטגלייכען האט מען זיך גאר וועניג אומגעקוקט, ווען אים יאהר 1707 איז ארויסגעשפרונגען א געטויפטער יוד געגען תלמוד אונ האט אנגעהויבען זינגען דאס אלטע ליעדעל וועגען זיין שאדליכקייט. דאס האט מען אלץ געמיינט אונטערצוהיצען דעם קאניג פרידריך, ער האט אבער געהאט זיין אייגענע איבערציינונג אונ איז ניט בעשטאנען אויף קיין שום נייע גזרות. רוהיג פלעגט ער אויסהערען אללע בעשולדיגונגען, נאר די לאגע פון די יודען איז דורך דעם ניט ערגער געווארען.

אין האללאנד האט א יונגער געלעהרטער ווילהעלם סורענהואיס עטליכע יאהר כסדר געארבייט איבער א לאטיינישער איבערזעצונג פון דער משנה אונ האט דערביי ארויסגעוויזען אזוי פיעל ליעבשאפט צום יודישען פאלק, וואס עס איז שווער צו געפינען אפילו ביי א געבארענעם יודען. אין זיינע כתבים פערגיסט ער גענוג טרערען דארויף, וואס פיעל נידריגע מענשען לערנען אימיסטען לשון קדש זיי זאלען קאנען מעהר גיפט פערשפרייטען צווישען בלינדען פאלק אונ קלאמערשט ברענגען ראיות פון די יודישע היילינע ספרים, אונ דאנקט זעהר די האללענדישע מלוכה, וועלכע האט געוויזען א וועג ווי אזוי מקרב צו זיין די אומגליקליכע יודען אונ זיי צובינדען צו זיך מיט פריינדשאפט אונ ברידערליכע ליעבע. ביז צום טויט האט סורענהואיס ניט אויפגעהערט צו לערנען תורה אונ האט געדרונגען, אז דאס דארף טהון יעדער קריסטליכער גייסטליכער, וואס דער מקור פון זיין אמונה איז ביי איהם טהייער אונ הייליג.

צווישען די קריסטליכע געלעהרטע, וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט דער יודישער ליטעראטור, מאג מען דערמאנען צו גוטען אויך יעקב באסנאזש, וואס האט אנגעשריבען א בוך וועגען דער יודישער געשיכטע פון די לעצטע

זעכצעהן הונדערט יאהר צייט קריסטוס איז געבארען געווארען. מען קאן אפילו ניט זאגען אז ער איז געוועהן א שטארקער אוהב ישראל; מען דערקענט אפט, פערקעהרט, אז ביי איהם, ווען ניט טיעף אין הארצען, איז אויף דער צונג געלעגען א שטיקעל שנאה צום יודישען פאלק. מען מוז אבער מודה זיין אז ער האט געשריבען אמת אזוי ווי ער האט געדענקט און געפיהלט, און דער־פאר רעדט ער אין זיין בוך פון יודען מיט דרך ארץ און זאגט, אז עס איז א גרויסער טעות ווען מען רעכענט דאס יודענטהום פאר א טויטען גוף, גאר אהן א נשמה, ווייל דאס גאנצע לעבען פון דעם פאלק איז בדרך נס און עס איז שווער צו בערעכנען צו וואס פאר א תכלית דער אויבערשטער היט עס אב און גיט זיי כח איבערצוטראגען אזוי פיעל צרות. יעקב באסנאזש איז אין דער יוגענד אליין געוועהן נע ונד, דאס פרומקייט פון לודוויג דעם פיערצעהנטען האט איהם פערטריבען פון פראנקרייך און ער האט זיך גענוג אנגעליטען ביז ער האט זיך צושלאגען קיין האללאנד; דערפאר האט ער געפיהלט דעם טעם פון ארומשלעפען זיך אויף דער וועלט, און ווי ווייניג ער האט געהאלטען פון יודען האט ער געמוזט רעדען וועגען זיי מיט יושר, און מעהר האבען די יודען קיין מאל ניט בעדארפט. זיין בוך איז געוועהן אנגעשריבען אין א לייכטער שאנער פראנצאזישער שפראכע און איז זיך צוגאנגען כמעט אין גאנץ איירפא.

פון די פירות, זאגט די וועלט, דערקענט מען דעם בוים. באסנאזש'ס תלמידים האבען בעוויזען אז קיין שלעכטס האט ער געוויס קיין מאל ניט געטראכט אויף יודען, און ווען ער האט זיך א מאל ארויסגעכאפט מיט א ביטער ווארט געגען זיי, האט ער דאס געטהון פון רגילות נאך פון די קינדערשע יאהרען, אבער ניט פון דעם איינגעווארצעלטען האס, וואס פערפיהרט דעם מענשען אין שאול תחתיה. דער גייסטליכער קריסטיאן טהעאפיל אונגער פון שלעזיען און דער פראפעסאר יאהאנן קריסטאפארוס וואלף פון האמבורג, וועלכע האבען געלערנט תורה ביי באסנאזש'ן, זענען אין גאנצען איבערגעבען געוועהן דעם יודענטהום, און ניט איין מאל איז אויף זיי גע־פאלען דער גורל צו בעשיצען די יודען און פערשטאפען די מיילער פון זייערע שונאים.

איבערהויפט האט זיך צום אנהייב פונ'ם אכטצעהנטען יאהרהונדערט דאס פינסטערניש אנגעהויבען פערקליינערן און די קולות פון די יודישע בעשיצער, וועלכע האבען זיך שוין געפיהלט אין כח מיט מעהר פעסטקייט ארויסצוטרעטען

און פארדערן פאר זיי פרייהייט און גערעכטיגקייט, װענען ניט פערלארען גע־װארען צװישען דעם װילדען געשריי פון די װיסטע שונאי ישראל. דעמאלט האט אויך יאהן טאלאנד, אקריסט מיט עדלע געפיהלע פון יושר און רחמנות, אנגעהויבען ארבייטען אז די יודען פון ענגלאנד און אירלאנד זאלען בעקומען די אייגענע רעכטע װאס אללע איבריגע איינװאהנער, און אויף איהם קוקענדיג, האט מען אויך אין אנדערע ערטער זיך גענומען פערבעסערן די יודישע לאגע. די אלטע איבערגעטראגענע צרות האבען אבער אזוי פערשלאגען די יודישע קאפ, זייער אינװעניגסטער מעמד איז געװעהן אזוי טרויעריג, אז זיי האבען גאר ניט געקאנט פיהלען װאס פאר א פריש װינטעל עס בלאזט; זיי האבען געדאנקט גאטט, װאס מען לאזט זיי ליעגען אויף איין ארט און די פערשלאפענע מידע אויגען האבען ניט בעמערקט אז עס הויבט אן דעמערן אויף טאג.....

# רעגיסטער

## פערצייכניס פון אללע נאהמען וועלכע קומען פאר אין דעם דריטען באנד.

# אינהאלט

## פון 3־טען טהייל.

### די צייט פון די אנוסים.



### די צייט פון דער רעפארמאציאן.

# אינהאלט.

## פון 2־טען באנד.

## די איבערגאנגסצייט.



## די צייט פון די גאונים.

# די יודיש־שפאנישע צייט.

# די יודישע

# פאלקס-געשיכטע

נאך דער

## פאלקסטהימליכער געשיכטע דער יודען

פון פראפעסאר **ה. גרעטץ.**

פירטער טהייל

---

ווארשא—תרנ"ח.

---

# ЕВРЕЙСКАЯ ИСТОРІЯ

## по Популярной еврейской Исторіи

Профессора **Г. ГРЕЦА**

**Изданіе и собственность Н. Г. ЗАКСА.**

ВАРШАВА
Типографія Шульдбергъ и Ко., Твердая № 6.
**1898.**

## 1 לִיכְטִיגֶער פוּן דְרוּיסֶען אוּנ פִינְסְטֶערֶער אִינְוֶוענִיג.

### (1700—1760 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבוּרְט).

פוּנְקְט וֶוען פַאר דִי יוּדֶען אִין אֵייְרָאפַּא הָאט זִיךְ בֶּעדַארְפְט אָנְהוֹיבֶּען אַ נַיי לֶעבֶּען, וֶוען דִי בֶּעסְטֶע אוּנ עֶדֶעלְסְטֶע קְרִיסְטֶען הָאבֶּען גֶעוָואלְט זֵיי טְרֶאסְטֶען אוּנ הֶעלְפֶען, הָאט מֶען פוּן דִי יוּדֶענְס זַייט אַלֵיין נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין שׁוּם חֵשֶׁק צוּ פְרַייהַייט: אַזוֹי וִוי עֶפִּים אַגֶעדִיכְטֶע חְמַארֶע הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט צְוִוישֶׁען זֵיי אוּנ זֵייעֶרֶע בֶּעשִׁיצֶער אוּנ מֶען הָאט גֶעקָאנְט מֵיינֶען אַז זֵיי זֶענֶען דַוְקָא בְּרוֹגֶז פַאר וָואס מֶען וִויל זֵיי גָאר אַרוֹיסְרַייסֶען פוּן זֵייעֶר פִינְסְטֶערֶער גֶעהֶטָא אוּנ אַז זֵיי אִיז לִיעבֶּער צוּ לִיעגֶען וִוי אַוָוארְם אִין חְרֵיין אוּנ שְׁרַייעֶן אַז קֵיין בֶּעסֶערְס אִיז שׁוֹין גָאר נִיטָא. דִי אַמְשְׁטֶערְדַמֶער קְהִלָה הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר'ן שְׁפִּיגֶעל אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דָארְט, זַייט דֶעם טוֹיט פוּן ר' יִצְחָק אָרָאבְּיָא דֶע קַאשְׁטְרוֹ, אִים יָאהר 1687, נִיט גֶעוֶועהן אֵיין רַב, וָואס זָאל אוֹיסֶער גְמָרָא אוּנ פּוֹסְקִים זַיין גֶענִיטְה אִין וֶועלְט-זַאכֶען אוּנ זָאל פֶערְשְׁטֶעהֶען וִוי אַזוֹי צוּ פִיהרֶען אַזַא גְרוֹיסֶע עֵדָה. אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען נָאר עֶטְלִיכֶע גֶעצֶאהלְטֶע רַבָּנִים, וָואס תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה אִיז בַּיי זֵיי גֶעוֶועהן צוּנוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען דֶעם וֶוערְטְה גֶעהַאט צוּ זַיין פָארְשְׁטֶעהֶער פוּנ'ם פָאלְק. אַזַא גֶעבִּילְדֶעטֶער רַב אִיז גֶעוֶועהן אִין לָאנְדָאן; גֶעהֵייסֶען הָאט עֶר ר' דָוִד נִיטוֹ, אַגֶעבָּארֶענֶער פוּן וֶוענֶעדִיג. עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט מֶעדִיצִין אוּנ מַאטְהֶעמַאטִיק אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט כְּתָבִים, וָואס פֶערְאֶנְפֶערְן אַסַךְ בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען גֶעגֶען דִי יוּדֶען. נָאךְ אַגְרֶעסֶערְן נָאהמֶען הָאט גֶעהַאט דֶער אִיטַאלְיֶענִישֶׁער רַב ר' יְהוּדָה לִיאוֹן בְּרִיעֶלִי פוּן מַאנְטוּאַ, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ שַׁארְפֶער גֶעגְנֶער פוּן דִי מְקוּבָּלִים, אוּנ חָאטְשׁ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהרְט פְרַיי: עֶר הָאט קֵיין בָּארְד נִיט גֶעטְרָאגֶען אוּנ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַ בָּחוּר פוּן אַכְטְצִיג יָאהר, הָאט מֶען אִיהם דָאךְ גֶעשֶׁאצְט פַאר זַיין לִיעבְּשַׁאפְט צוּם יוּדֶענְטְהוּם אוּנ מֶען הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶר אִיז פֶערְטִיג זִיךְ מַקְרִיב צוּ זַיין פַאר

זיין פאלק אונ גלויבען. די איבריגע רבנים האבען אומעדום, וואס מען האט די יודען געלאזט לעבען רוהיג, בענוצט דאס שטיקעל פרייהייט דארויף זיי זאלען נאך מעהר איינקאווען דעם יודען אין קעטען פון נייע חומרות; זיי האבען שטודירט דעם שלחן ערוך אהין אונ אהער, נאר קיינער פון זיי האט זיך ניט געוואלט אומקוקען אויף די פארדערונגען פון דער צייט. זיי האבען גאר פערגעסען, אז דאס יודישע לעבען שטעהט אויך ניט אויף איין ארט פונקט ווי ביי אללע פעלקער אונ אז מען מוז גוט טראכטען, דער יוד זאל קאנען זיין אי צו גאטט, אי צו לייט. א טהייל פון זיי האבען זיך אריינגעלאזט אין קבלה אונ האבען זיך אלליין גענארט, אדער זיך געמאכט א וואהלע פרנסה פון קמיעות שרייבען אונ בעווייזען מופתים. איינער פון דער קלאסע, וואס האט אין דער יוגענד געלערנט קבלה אין דמשק, איז זיך אמאל צונויפגעקומען מיט'ן בעריהמטען פראנצאזישען געלעהרטען ריכארד סימאן אונ האט זיך ניט געשאמט איהם צו פערזיכערן, אז ער וועט פאר איהם אין די אויגען בעווייזען נסים. ריכארד סימאן איז מן הסתם מסופק געוועהן אין דעם, נאר דער בעל מופת האט זיך געהאלטען אין זיינעם אונ, אז ער האט זיך געפרוווט עטליכע מאל אונ עס איז איהם ניט געראטהען, האט ער זיך פארענטפערט דערמיט, וואס די ערד פון פראנקרייך איז ניט מסוגל מען זאל דארט קאנען זעהען וואונדער. פון דער קליינער מעשה קאן מען ארויסזעהען, אז ווען די מקובלים האבען געהאט די העזה צו קריכען צו א גרויסען פראנצאזישען געלעהרטען אונ איהם וועלען אפנארען, ווי לייכט זייער שווינדעל האט געקאנט אנגעהען ביים בלינדען פאלק. איבריגענס קאן מען נאך אויסרעכנען דריי רבנים, וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט יודישער געשיכטע: דאס זענען געוועהן ר' דוד קאנפארטע, וואס איז מעהר ארומגעפאהרען אויף דער וועלט. ר' דניאל מיגואל דע בריאס, א געבארענער מארראן פון פארטוגאל, וואס האט זיך ערשט אין די אלטערע יאהרען בעזעצט אין אמשטרדם, אונ ר' יחיאל היילפערן דער בעל „סדר הדורות" פון מינסק, נאר זייערע כתבים האבען כמעט ווייניג ווערטה געהאט, ווייל זיי זענען ניט פעהיג געוועהן צו אזא וויסענשאפטליכער ארבייט.

ביי אזא לאגע האט די צאהל פון די יודישע שרייבער ניט געקאנט זיין גרויס, אונ נאר צוויי מחברים פערדיענען מען זאל זייער נאהמען דערמאנען מיט לויב. דער ערשטער איז געוועהן לאפעץ לאגונא, וואס איז אים יאהר 1660 געבארען געווארען אין פראנקרייך ביי עלטערן-מארראנען. נאך אין

די קינדערשע יאהרען איז איהם בעשערט געווען ארייננצופאלען קיין שפאניען און פערזוכען דעם ביטערן כוס, וואס האט פערגיפטעט טויזענדער מאראנען, אלאנגע צייט איז ער געזעסען אין תפיסה און ער פלעגט זיך אפט קוויקען מיט אקאפיטעל תהלים. אז עס איז איהם געראטהען צו אנטלויפען קיין יאמאייקא און דארט אפען איבערגעהען צום יודענטהום און זיך רופען דניאל ישראל, האט ער אויף זיך גענומען צו איבערזעצען תהלים אויף שפאניש אין שאנע קלינגענדיגע שירים, כדי אנדערע אומגליקליכע, וואס פערשטעהען ניט העברעאיש, זאלען אין איהם אויך קאנען געפינען טרייסט און האפנונג. אז ער איז שפעטער געקומען קיין לאנדאן האט ער דארט זיין איבערזעצונג ארויסגעגעבען מיט דעם נאהמען, „אשפיגעל פונ'ם לעבען" און מען האט איהם דערפאר גרויס כבוד אפגעגעבען. בעזאנדערס די יודישע דיכטערינען שרה דע־פאנסעקא, מאנועלא דע־אלמיידא און ביענווענידא כהן בעלמאנטע, וועלכע האבען איהם בעזונגען מיט שירים אויף לאטייניש, ענגליש און פארטוגעזיש. דער אנדערער איז געווען ר' משה חיים לוצאטו, וועלכער האט אנגעשריבען אויף לשון קודש זיינע צוויי בעריהמטע טהעאטער־שטיקע „לישרים תהלה" און „מגדל עוז". דאס זענען אפילו געווען צוויי שוואלבען, נאר קיין זומער האבען זיי פארט ניט געקאנט מאכען.

אין דער פינסטערער צייט האט זיך ביי די יודען אנגעהויבען ארויסצווייזען אנייער מין יחוס — עשירות. האטש די מטבע האט אפט געשפילט אגרויסע ראללע אין דעם יודישען לעבען און זיך שטעלען פונקט אין שול ביי דער מזרח־וואנד, פון דעסטוועגען האבען די יודען גוט געדענקט, אז „תורה איז די בעסטע סחורה" און דאס דער אמת'ר יחוס איז פארט געווען אין די האנד פון די לומדים; אז מען האט אבער דאס לערנען אוועקגעלעגט און עס איז גענוג געווען צו גילטען פאר אפרומען יודען און מען האט נאר אסך געדאוונט, דעמאלט האבען די רייכע זיך געמאכט פאר די גאנצע פיהרער פון זייער ארעם פאלק און האבען אנגעהויבען זיך עוסק זיין אין צרכי צבור, אליין זיך נעהמען די מאכט אין קהל'שע־זאכען און עס איז ארויס אוואורטעל, אז ווער עס האט די מאות — האט די דעה.....

דאס וואס דער גאנצער יחוס איז איבערגעגאנגען צו דער מטבע האט זיך גענומען טאקי א ביסעל דערפון, וואס די יודען זענען אין יענער צייט שטארק פערגראבט געווארען, נאר נאך מעהר דערפון, וואס זיי זענען דעמאלט זעהר

פערארעמט געווארען אונ ווער עס איז נאר אים שטאנד געוועהן צו לעבען בריטליך האט זיך שוין געקאנט רעכנען פאר א נגיד, א פירסט אונ זיך שטופען אויבען-אן. אמת'ע גבירים, גרויסע לייט זענען געוועהן גאר ווייניג, אי דאס נאר צווישען ספרדים אין אמשטרדם, האמבורג, ליוואָרנא, פלארענץ אונ לאנדאן. אנטאניא יצחק זואסא, וואס דער קעניג פון שפאניען קארל דער צווייטער האט איהם געמאכט פאר א באראן, איז געוועהן א זא מיליאנער, אז עס איז ביי איהם גאנץ לייכט געוועהן ארויסצונעהמען פון קאססא א גמילות חסד פון צוויי מיליאן גולדען אונ אויסלייען איינעם פון די פרינצען, וואס האט בעדארפט איבערנעהמען די ענגלישע מלוכה אונ האט איהם דערביי אזוי געזאגט: „ווערט אייך שפיעלען דאס גליק — איז מיין געלד אין זיכערע האנד, ווען ניט חלילה — וועל איך אויך ניט בדלות ווערען". פראנציסקא מעלא איז אויך ניט געוועהן קיין קליינער עושר, אונ די האללאנדישע מלוכה פלעגט נאר ביי איהם מאכען הלואות. די משפחה דע-פינטו איז בעשטאנען פון לויטער גבירים אונ איינער פון זיי האט איבערגעלאזט עטליכע מיליאנען אויף עולמות, אונ האט פערזאגט קירכען אונ גייסטליכע, ווייל פונקט ווי ביים לעבען אזוי אויך נאכ'ן טויט האט ער געוואלט, אז פון זיין צדקה זאלען נהנה זיין מענשען אהן א שום אונטערשיעד פונ'ם גלויבען. אין האמבורג האבען געשפיעלט א גרויסע ראללע, די משפחה טעקסיירא אונ דניאל אבענזור אונ ביי זיי פלעגט די פולישע מלוכה אויסלייען פיעל געלד. אין לאנדאן, וואס איז שטאנדיג געוועהן פול מיט רייכע לייט, האט שטארק געשם'ט ר' שלמה דע-מידינא, וואס די קעניגין אננא, האט איהם געשענקט דעם טיטעל „ריטטער", אונ די גרעסטע שררות האבען געמוזט צו איהם אנקומען. דאס זענען אבער געוועהן עטליכע געצעהלטע יודישע גבירים; אללע איבריגע יודען, בעזאנדערס אין דייטשלאנד אונ פולין, זענען געוועהן זעהר ארעם אונ האבען מיט ביטערן שווייס בעדארפט ארבייטען אויפ'ן טרוקענעם שטיקעל ברויט.

ווער שמיעסט די יודען פון די דאזיגע ערטער, וואו חמעלניצקי מיט זיין חברה האבען חרוב געמאכט, זיי זענען נאר געפאלען אויפ'ן פנים, עס איז זיי שווער געוועהן קומען צו די פריהעריגע כוחות אונ פיעל פון זיי האבען זיך געמוזט ווי בטלנים פערשפרייטען אויף דער וועלט, ארומגעהען אין די הייזער, אונ אזוי ווי זיי זענען כמעט אללע געוועהן לומדים, איז דער ווערטה פון תורה דורך דעם שטארק אראבגעפאלען אינ אפילו פאר די דאזיגע, וואס עס איז זיי

געראטהען זיך ערגיץ אין דער פרעמד צוצושלאגען צו א שטיקעל רבנות, האט מען ניט געקאנט האבען קיין גרוים דרך ארץ.

דאס פינסטערניש האט זיך נאך פערגראסערט, ווען די גיפטיגע זאמען, וואס שבתי צבי האט פערזעעט, האבען אנגעהויבען ארויסשפראצען און זיינע תלמידים און יראים האבען זיך ענטשלאסען צו בעפעסטיגען דעם נארישען חלום נאך מיט מעהר שווינדעל און ליגענס. אויסער אברהם מיגואל קארדוזא, וועלכער האט זיך צוואנציג יאהר ארומגעדרעהט מיט שבתי צבי'ס תורות אין קאנסטאנטינאפאל און סמירנא, ביז איינער פון זיינע קרובים האט איהם ניט געשטאכען, האט שטארק געארבייט דניאל ישראל באנאפוא, א חזן פון סמירנא, וואס האט זיך אנגעהויבען בעריהמען אז אין איהם איז אריין א רוח נבואה, און אז די רבנים האבען זיך גענומען איהם רודפ'ן, האט ער נאכגעטהון זיין רבין אלליין און איז געווארען א מהמר'נער.

אין אייראפא האט זיך דווקא, נאך דעם טויט פון שבתי צבי, די צאהל פון זיינע תלמידים פערגראסערט, ווייל דארט האט זיך גענומען דערצו א מענש מיט א פעסטען כאראקטער און מיט א פערבארגענעם כח, וועלכער האט צו איהם צוגעצויגען דאס פאלק און געמאכט אז עס זאל איהם בלינד פאלגען. דאס איז געוועהן מרדכי פון אייזענשטאדט, וועלכער איז ארומגעפאהרען איבער גאנץ אונגארן, מאהרען און באהמען און האט אומעדום מיט זיינע פייעריגע דרשות אויפגעמונטערט דעם עולם, מען זאל ניט אויפהערען גלויבען אז די צייט פון דער גאולה איז שוין טאקי געקומען. זיין בלייך אויסגעדארט פנים פון די שטאנדיגע תעניתים, זיינע גלאנצענדיגע שווארצע אויגען, וואס פלעגען אזוי ווי דורכבויערן דעם מענשען אז ער האט גערעדט מיט איהם, דאס אלדינג האט געבראכט דערצו, אז זיינע ווערטער זאלען ניט זיין גלאט ארויסגעווארפען, און וואו ער האט נאר געדרש'נט איז די קהלה באלד פול געווארען מיט שבתי צבי'ניקעס. צום אנהייב האט מרדכי פון אייזענשטאדט געדרונגען, אז שבתי צבי איז טאקי דער אמת'ער משיח, אז מיט'ן רצון פונ'ם אויבערשטען איז ער געווארען א טערק, נאר געשטארבען איז ער ניט, ווי מען רעכענט, און ווען זיך אין דריי יאהר ארום בעווייזען, ווען עס וועט קומען די נוטע שעה און די יודען וועלען דארפען אויסגעלאזט ווערען. אז די דריי יאהר זענען אבגעלאפען און ער האט דערווייל בעקומען א סך מענשען, וואס זענען שוין אין איהם געוועהן איינגעגלויבט, האט זיך מרדכי ענטשלאסען מגלה צו זיין דעם עולם, אז אין איהם איז אריין די נשמה פון משיח בן דוד און

אז אצונד איז ער שוין דער ניי־געבארענער שבתי צבי, ווייל יענער האט ניט געקאנט אויספיהרען זיין הייליג שליחות איבער זיין רייכקייט, און דער גואל צדק מוז זיין ארעם. עס האט ניט לאנג געדויערט און אללע לאנדער פון ארום האבען אנגעהויבען קלינגען מיט דעם נייעם משיח, און די איטאליענישע יודען האבען איינשטימיג געשיקט שליחים איהם בעטען ער זאל קומען קיין איטאליען. דארט האט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד און מען איז איהם אקעגענגעפאהרען מקבל פנים זיין ווי א געזאלבטען פון גאטט. ער האט זיך אבער געלאזט גלייך פאהרען קיין רום און האט געגעבען אנצוהערען אז עס קאן זיין ער זאל מוזען לפנים אנטהון קריסטליכע קליידער פונקט ווי שבתי צבי האט אנגעטהון טירקישע, דאס הייסט אז ער וועט געצוואונגען זיין זיך צו טויפען. ביי די אללע זאכען, האט מען איהם פון דעסטוועגען אויף די האנד געטראגען און ער וואלט ווייטער געוועהן געטהון זיינס, ווען מען רוימט איהם ניט אריין איין סוד אז ער מוז זיך היטען פאר דער אינקוויזיציאן. דעמאלט איז ער אוועק קיין פולין, און האטש די ראללע פון א משיח איז איהם שווער געוועהן דארט צו שפיעלען, איז ער געווארען דער גאנצער מדריך פון די שבתי צביניקעס, וועלכע האבען אין פולין זיך געהאלטען א לאנגע צייט, אפילו נאך זיין טויט.

אין טירקיי זעגען, דאכט זיך, די יודען געשטאנען נאהענטער צו שבתי צבי'ס פאלשקייט און וואלטען זיך מעהר ניט בעדארפט לאזען נארען, צום סוף איז דער שווינדעל ווייטער געגאנגען און דאס נארישקייט האט געגאלטען פאר דער גרויסער חכמה. שבתי צבי'ס אלמנה האט באנג געטהון אנצוזעהן אזא טהייערע פרנסה און עס איז ביי איהר געבליבען זי זאל אליין מאכען די קונץ, וואס קיין גרויס בריה'שאפט דערצו דארף מען ניט. זי איז אוועקגעפאהרען קיין סאלוניקי און דארט האט זי איהר אייגענעם ברודערל אויסגעגעבען פאר א זוהן, וואס איז איהר קלאמערשט געבליבען פון שבתי צבי. א נאהמען האט זי איהם געגעבען יעקב צבי און האט פערזיכערט, אז צו איהם איז איבערגעגאנגען די גאנצע קדושה פונ'ם פאטער. ווער עס האט געהאט שכל, דער האט געקאנט באלד ארויסזעהען אז ביים געבארען ווערען האט יעקב צבי שוין בעדארפט אלט זיין צעהן יאהר, נאר קיינער האט גאר קיין שאלות ניט געוואלט פרעגען, און גאר גיך האט דער קליינער יעקב צבי געהאט ארום זיך עטליכע הונדערט גרויסע שבתי צבי'ניקעס, וואס האבען זיך משמח געוועהן מיט איהם און גערופען „קווערידא!“ דאס הייסט „דער געליעבטער“.

די רבנים האבען אבער אנגעהויבען בעמערקען, אז די נייע שבתי צבי׳ניקעס זענען זעהר ניט פרום און אז זיי האבען ערגיץ אין די קבלה־ספרים אבגעזוכט איין היתר אז א מאנן וואס האט פיינד זיין פרוי מעג וואהנען מיט איין אנ־דערער אהן חופה און קדושין, דאס האבען זיי ניט געקאנט ליידען און האבען זיך גענומען זיי רודפ׳ן אויך מיט דער הילף פון דער טירקישער מלוכה. די שבתי צבי׳ניקעס האבען ניט לאנג געטראכט און זענען אללע, אים יאהר 1687, געווארען טירקען. זייער ראש, דער יונגער יעקב קווערידא, איז מיט א גאנצער חברה געפאהרען קיין מעקקא, מתפלל זיין אויפ׳ן קבר פון מחמד און צוריקקוועגס איז ער געשטארבען אין אלכסנדריען. פון די דאזיגע שבתי צבי׳ניקעס איז געווארען א נייע סעקטע, וואס זיי אלליין האבען זיך גערופען מאמינים און געשריגען אז דער אמת׳ער גלויבען איז נאר ביי זיי, און די טירקען האבען זיי א נאהמען געגעבען „דאנמאה״, דאס הייסט אבגעריסענע, אדער מענשען וואס זענען ניט אהין און ניט אהער. די מאמינים האבען טאקי געלעבט אבגעזונדערט און האבען זיך גאר ניט געוואלט אנקעהרען מיט די טירקען: זיי פלעגען זיך משדך זיין נאר צווישען זיך, די קינדער האבען זיי מל געוועהן אויפ׳ן אכטען טאג און די הייליגסטע ספרים זענען ביי זיי געוועהן דער זהר און שיר השירים. פאר א מנהיג האבען זיי אויפגענומען יעקב קווירידא׳ס א זוהן ברכיה און איהם האבען זיי געהאלטען פאר משיח. נאך אצונד געפינען זיך אין סאלוניקי טויזענד משפחות, וואס קומען ארויס פון די דאזיגע מאמינים. צווישען זיי זענען דא דריי פערשיעדענע כתות, נאר אללע היטען נאך בסתר אב א סך יודישע דינים און מנהגים; זייער פאר־שטעהער און דרשן הייסט ביי זיי אב בית דין און דעם חזן רופען זיי פייטן.

קיין פולין האט זיך שבתי צבי׳ס גיפט אריינגעהאפט דורך מרדכי פון אייזענשטאדט, שפעטער ווי אין אנדערע אייראפאישע לאנדער, נאר דערפאר האט ער זיך דארט געהאלטען א סך לאנגער ווי אומעדום, ווייל די פולישע שבתי צבי׳ניקעס האבען ניט אבגעטרעטען פון יודישקייט, זיי האבען שטרענג אבגעהיט אללע דינים און מנהגים, נאר צו אללע „אני מאמין׳ס״ האבען זיי צוגעזעצט נאך א נייעם עיקר, אז זיי גלויבען אין שבתי צבי׳ס הייליגקייט און אז ער איז דער אמת׳ער משיח בן דוד. פון די דאזיגע שבתי צבי׳ניקעס האט זיך אויסגעארבייט א גאנצע חברה „חסידים״, נאר די חברה האט קיין שום שייכות ניט מיט די חסידים וואס ערשט שפעטער כמעט מיט הונדערט יאהר

איז ר׳ יִשְׂרָאֵל בַּעַל שֵׁם טוֹב געוואָרען זייער מַנְהִיג. צווישען די פּוֹלִישֶׁע יודען האָבען פערשפּרייט שַׁבְּתַי צְבִי׳ס תּוֹרוֹת אַבְרָהָם קוּעֶנְקִי, אַ אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל־מְשׁוּלָח אונ אַ עָטִיקעל לַמְדָן, וואָס האָט פערשטעהען געגעבען דעם עוֹלָם אַז מיט פאַסטען, תְּשׁוּבָה טהון אונ לעבען אָבְגעזונדערט פון דער וועלט קאָן מען פאַרט מָשִׁיחַ׳ן אַראָבּבּרענגען, אונ אַ ליטווישער יוד צָדוֹק, וואָס איז געוועהן נאָר אַ גראָבער יונג, נאָר אַזוי פיעל שֵׂכֶל האָט ער געהאַט אַז פּלוּצְלוּנג האָט ער געקאָנט ווערען אַ בַּעַל מוֹפֵת אונ אַז ער האָט אויסגערעכענט, אַז מָשִׁיחַ מוז קומען אים יאָהר 1695 האָבען זיך געפונען גענוג נאַרען וואָס האָבען איהם געגלויבט.

דאָס איז אָבער נאָר געוועהן אַ אָנְהוֹיב. בּאַלד האָבען זיך אַרויסגעוויזען גראָסערע בְּרִיוֹת, וואָס האָבען נאָך מעהר פערשטאַנען ווי אַזוי צו מאַכען די קוּנץ אונ אַרומפיהרען דאָס פאָלק בּיי דער נאָז. דער ערשטער איז געוועהן חַיִים מַלְאָךְ, וואָס האָט נאָך אים יאָהר 1680 געשֵׁם׳ט פאַר אַ גרויסען מְקוּבָּל אונ ניט ווענִיג פּוֹלִישֶׁע רַבָּנִים זענען געוועהן זיינע תַּלְמִידִים. אים יאָהר 1690 האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין טירקיי אונ איז אין סאַלוֹנִיקִי בּעקאַנט געוואָרען מיט׳ן גאַנצען דֶרֶך פון שַׁבְּתַי צְבִי, נאָר אַזוי ווי די שַׁבְּתַי צְבִי׳נִיקעס פון סאַלוֹנִיקִי זענען שוין דעמאָלט געוועהן אין חֵרֶם, איז בּיי איהם געבּליבען ער זאָל פער־ליינגענען אַז ער איז איינער פון זיי, אונ שטילערהייד זאָל ער אַרומפאָהרען אין איירָאָפּאָ אונ בּעפעסטיגען צווישען די יודען דעם גלויבען אין דעם נייעם מָשִׁיחַ. אַזוי האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אויף דער וועלט היבּשע עטליכע יאָהר בּיז ער האָט זיך נאָך אַמאָל צוגעשלאָגען קיין פּוילין, אונ דאָרט האָט ער שוין געפונען אַ פערטיג פעלד פאַר זיין אַרבּייט. די חֲסִידִים זענען שוין אַרומגעגאַנגען מיט פערדרעהטע קעפּ, זיי האָבען פּשוּט אַרויסגעקוקט עס זאָל עמיצער קומען אונ איינרעדען זיי דאָס גרעסטע נאַרישקייט, אַבּי זיי זאָלען האָבען וועגען וואָס צו ליאַרמען, אונ אַז חַיִים מַלְאָךְ האָט אָנגעהויבען אַרומפאָהרען איבּער פערשיעדענע שטעדט אונ דערצעהלען די נִסִים וואָס ער האָט געזעהען אונ געהערט אין טירקיי, זענען טויזענדערוויז צו איהם צוגעשטאַנען אונ זיינע רעד האָט מען אָנגענומען ווי אַ תּוֹרָה. ווער שמיעסט אַז ער האָט אויסגעדרוקט, אַז אים יאָהר 1706 וועט זיך שַׁבְּתַי צְבִי, אויפ׳ן פיערציגסטען יאָהר נאָך זיין טויט, בּעוויזען אונ האָט געבּראַכט אַ רְאָיָה פון משֶׁה רַבֵּנוּ וואָס האָט אויך געמוזט פערבּרענגען פערציג יאָהר אין דער מִדְבָּר בּיז ער האָט געקאָנט די יודען צופיהרען קיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, זענען אַללע געוואָרען מָלֵא שִׂמְחָה אונ פיער

יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת, פוּן בּוּטְשַׁאטְשׁ, זְשָׁאלְקָאוַוא, פּוּדְהַייץ אוּנ הָארָאדֶענְקָא, זֶענֶען פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ שַׁבְּתַי צְבִי. מִיט לִיעבְּשַׁאפְט הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶענוּמֶען אַלֶע יְסוּרִים פוּן לַאנְגֶע תַּעֲנִיתִים אַבִּי זוֹכֶה זַיין צוּ דֶערְלֶעבֶּען דִי גְלִיקְלִיכֶע שָׁעָה אוּנ זֶעהֶען וִוי „גָאטְ'ס בֶּן יָחִיד" וֶועט קוּמֶען בֶּעפְרַייהֶען דִי יוּדֶען פוּן זֵייעֶרֶע צָרוֹת אוּנ אוּמְקֶעהרֶען זֵיי דִי פֶערְלָארֶענֶע מַאכְט.

דֶער יוּנְגֶערֶער אִיז גֶעוֶועהן יְהוּדָה חָסִיד, אוּנ עֶר הָאט נָאךְ בֶּעסֶער גֶעקֶאנְט דְרֶעהֶען דָאס רֶאדֶעל, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ בֶּערִיהמְטֶער דַרְשָׁן אוּנ אַז עֶר פְלֶעגְט רֶעדֶען פַאר'ן עוֹלָם אָנְגֶעטְהוּן אִין וַוייסֶען אוּנ פֶערְגְלָאצְט דִי אוֹיגֶען הָאט עֶר אִין זַיינֶע וֶוערְטֶער אַרַיינְגֶעלֶעגְט אַזַא פַייעֶרִיג גֶעפִיהל, אַז זֵיי הָאבֶּען יֶעדֶען גֶעמוּזְט רִיהרֶען, נִיט אוּמְזִיסְט הָאט מֶען אִיהם אוֹיךְ גֶערוּפֶען „מוֹכִיחַ", דֶער שְׁטְרָאפֶער, וַוייל זֶעלְטֶען הָאט מֶען זִיךְ בַּיי זַיינֶע דְרָשׁוֹת גֶעקֶאנְט אַיינְהַאלְטֶען פוּן וֵויינֶען אוּנ כִּמְעַט שְׁטֶאנְדִיג פְלֶעגְט זִיךְ דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם, אֲפִילוּ דִי אֶלְטְסְטֶע אוּנ עֶרְנְסְטֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים, בֶּעוַואשֶׁען מִיט טְרֶערֶען. אַ גֶעבָּארֶענֶער אִיז עֶר גֶעוֶועהן פוּן סֶעדְלִיץ, נָאר אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר שְׁטַאמְט נָאר אַרוֹיס פוּן דוּבְּנָא. דָאס אִיז אָבֶּער קֵיין סָפֵק נִיט אַז גָאר אִין דִי יוּנְגֶע יָאהרֶען הָאט עֶר גֶעלֶעבְּט אִין אִיטַאלְיֶען, דָארְט הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט קַבָּלָה, נָאר דִי רַבָּנִים הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט אַז אִין אִיהם אִיז עֶפִּיס נִיט קֵיין רֵיינֶע זַאךְ אוּנ מֶען הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעפַּטֶרְט. אַז עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קֵיין פּוֹלִין הָאט עֶר אַרוּם זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט פִיעל לוֹמְדִים אוּנ רַבָּנִים אוּנ הָאט זֵיי גֶעוִויזֶען נַייעֶ דְרָכִים אִין קַבָּלָה, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אָנְגֶעשְׁמֶעקְט מִיט שַׁבְּתַי צְבִי הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן אַלֶע חֲסִידִים (וָואס צוּ לִיעבּ זֵיי הָאט עֶר, וִוי עֶס שַׁייְנְט, אָנְגֶענוּמֶען דֶעם נָאמֶען יְהוּדָה חָסִיד) מַאכֶען שַׁבְּתַי צְבִי'נִיקֶעס אוּנ עֶס אִיז אִיהם שְׁוֶוער נִיט אָנְגֶעקוּמֶען, וַוייל וֶועמֶען גְלוּסְט זִיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען אוּנ הָאפֶען, וֶוען דִי אוֹיגֶען זֶענֶען צוּ גֶעמַאכְט עֶס צִיהט צוּם שְׁלָאף אוּנ דֶער פֶערְשְׁלָאגֶענֶער מֹחַ קָאן זִיךְ נִיט רִיהרֶען.

אַז אַזַא פָּארֶעל, וִוי חַיִּים מַלְאַךְ אוּנ יְהוּדָה חָסִיד, זֶענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵיי פֶערְשְׁטַאנֶען אַז צוּזַאמֶען וֶועט דִי אַרְבַּייט גֶעוִויס נָאךְ בֶּעסֶער גֶעהֶען, אוּנ זֵיי הָאבֶּען מִן הַסְתָּם גֶעמַאכְט יַד אַחַת. דָאס הָאט אָבֶּער אוֹיפְגֶערִיסֶען דִי אוֹיגֶען פוּן דִי רַבָּנִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פְרִיהר נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק צוּגֶעקוּקְט צוּ אַלְדִינְג וָואס דָא גֶעהט פָאר אוּנ הָאבֶּען נָאר דֶעמָאלְט בֶּעקוּמֶען אַ חֲשַׁד, וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וִוי עֶס וֶוערְט דִי צָאהל פוּן דִי חֲסִידִים פוּן

טאג צו טאג גרעסער און ווי פיעל בכבוד'ע מענשען שטעהען צו צו זיי. אין יענע יאהרען האט שוין געשפיעלט א גרויסע ראללע דער רב פון די אשכנזים אין אמשטרדם, ר' צ ב י א ש כ נ ז י, אדער ווי די וועלט האט איהם גערופען חכם צבי; מיט פולין האט ער געהאט א שטיקעל שייכות, ווייל זיין פאטער איז געוועהן א פולישער, און איז אין המעלניצקי'ס צייטען אנטלאפען פון דארט. דערפאר האבען זיך די פולישע רבנים געווענדעט צום חכם צבי און האבען איהם געבעטען: ער זאל זיי ארויסשרייבען זיין מיינונג וועגען די חסידים און זייערע פארשטעהער. ר' צבי אשכנזי האט געאנטפערט קורץ און שארף, אז מען טאר די דאזיגע חסידים ניט לאזען קיין קאפ אויפהייבען, ווייל דאס זענען שטאכענדיגע דארנער אי'ן פעלד פון דער יודישער אמונה. אז מען האט געהאט די הסכמה פון אזא גרויסען מאנן ווי דער חכם צבי, האט מען שוין מעהר ניט געפראגט, און די רבנים פון קראקויא האבען באלד אריינגעווארפען אין חרם אללע חסידים און זייערע מנהיגים. דעמאלט איז געבליבען ביי חיים מלאך און יהודה חסיד, וואס האבען זיך ניט געפיהלט אין כח אנצוהויבען א מלחמה מיט די רבנים, זיי זאלען זיך צוזאמען מיט פינפצעהן הונדערט חסידים אוועקלאזען קיין ארץ ישראל און דארט שוין בלייבען ביז דאס יאהר פון דער גאולה וועט קומען, ווייל נאך זייער רעכנונג האבען זיי אין גאנצען בעדארפט ווארטען נאך א יאהר זעכס.

דאס איז געשעהן אים יאהר 1700, און אומעדום, וואו זיי זענען דורכגעגאנגען, האבען זיי אנגעמאכט א שטארקען רעש. גאר גרויס איז געוועהן די ווירקונג פון יהודה חסיד, וועלכער האט געהאט נעבען זיך פופציג מקורבים פון עדלע יודען לומדים, אללע האבען זיי געטראגען ווייסע מאנטעל, און אז זיי פלעגען דורכגעהען דורך א שטאדט אין עסטעררייך אדער אונגארן און אנמאכען א יללה ביים דאוונען, איז זיי דאס פאלק נאכגעלאפען און מען האט זיי גערעכענט פאר מענשען וואס ליידען און זענען זיך מפקיר צו ליעב דער אמונה. די רבנים האבען געמוזט שטעהען פון ווייטענס און האבען מורא געהאט צו זאטשעפען מיט בלינד צורייצטע מענשען. זיי האבען נאך אפט געוועהן מען זאל פון זייערטוועגען מאכען נדבות, אבי זיי זאלען זיך געהען זייער וועג. אין וויען האט זיי ר' שמואל אפענהיים, א גרויסער גביר, געגעבען א מנה יפה און האט געדונגען צוויי שיפען, וואס זאלען זיי גלייך ברענגען קיין קאנסטאנטינאפאל, כדי זיי זאלען זיך פערשפארען ארומשלעפען. ניט אללע זענען אבער מרוצה געוועהן צו פאהרען מיט'ן וואסער; דער רב האט געוואלט

בעסער צוזאַמען מיט יהודה חסיד, געהען צו פוס איבער וועגעדיג, מעהר אָבקומען פאר די זינד און אַריינגעהען קיין ארץ ישראל ווי ריינע בעלי תשובה. אוודאי האָבען זיי ביי אַזאַ ווייטער נסיעה, און נאָך צו פוס, קיין נחת ניט געהאַט: מעהר פון פינף הונדערט מענשען זענען אויסגעשטאָרבען און די איבריגע האָבען זיך קוים מיט צרות פערשלעפּט קיין ירושלים. דאָרט איז זיי אָבער ניט בעסער געוואָרען, קיין גוטען אויפנעהמען האָבען זיי ניט געהאַט פון די ארץ ישראל יודען, ווייל מען האָט שוין געוואוסט, פריהער געוואוסט זייער כוונה, און דאָ איז נאָך באַלד, אויפ'ן דריטען טאָג ווי זיי זענען אָנגעקומען, געשטאָרבען יהודה חסיד, זיי זענען געבליבען ווי אַ שיף אָהן אַ רודער, און לאַנג האַלטען זיך איז זיי אוממעגליך געוועהן. אין אַ צייט פון דריי יאָהר איז פון זיי געוואָרען אַ תל: אַ טהייל זענען געוואָרען מחמד'נער און די איבריגע האָבען זיך אומגעקעהרט קיין אייראָפּאַ און זענען איבערגעגאַנגען צום קריסטענטהום. צווישען די געטויפטע איז געוועהן יהודה חסיד'ס אַיין אייגענער זוהן.

חיים מלאך האָט זיך אַ ביסעל לאַנגער געהאַלטען, ווייל אין ירושלים זענען געוועהן זעהר פיעל שבתי צבי'ניקעס, און איהם איז געראָטהען זיך צוצושאַרען צו זיי און ווערען ביי זיי אַ גאַנצער רבי. ער האָט געמאַכט אַ בעזונדער שול, דאָרט האָט ער ביים ארון קודש אַנידערגעשטעלט אַ בילד פון שבתי צבי אויסגעהאַקט פון האָלץ, און אַללע שבת און יום טוב פלעגט ער מיט די חסידים מאַכען הקפות אַרום דער בילד און זינגען און טאַנצען מיט משוגענ'ע תנועות. די רבנים האָבען ניט געקאָנט צוקוקען אַזאַ חלול השם און עס האָט זיי געקאָסט גענוג צייט און מיה ביז זיי האָבען איהם משלח געוועהן פון ירושלים. די שבתי צבי'ניקעס פון סאַלוניקי האָבען אָבער איהם געגעבען אַ סך געלד ער זאָל זיך נאָך קאָנען אַרומדרעהען אין דער טירקיי, נאָר אַז דער חכם באשי (דער הויפּט־רב פון די ספרדים אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל), האָט געפּועלט ביי דער טירקישער מלוכה, זי זאָל חיים מלאך ניט ערלויבען צו בלייבען אין לאַנד, איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד און פון דאָרט איז ער נאָך אַמאָל אַריבער קיין פּוילין און האָט נאָך עטליכע יאָהר זיך־אַרומגעפיהרט מיט די חסידים און שבתי צבי'ניקעס ביז ער איז ניט געשטאָרבען פון שכרות און פון אַ אויסגעלאַסען לעבען. זיין אַרבייט האָבען דערנאָך איבערגענומען אַנדערע צוויי שווינדלערס, יצחק קאַידענער און משה וואָידעסלאַוו, און די רבנים האָבען מיט זיי אויך געהאַט גענוג מיה און פיין ביז מען איז פון זיי פּטור געוואָרען.

אין דער אייגענער צייט האָט נאָך מעהר גערוישט אין דער וועלט. איין

אנדער שבתי צבי'ניק, נחמיה חייא חיון, וועלכער האט אין די אללע זעכס אונ זיבציג יאהר, וואס ער האט איבערגעלעבט, איין רוהיגע מינוט ניט געהאט, ווייל ער האט זיך ניט געשטרעבט צום אמת אונ האט כל ימיו נאר געארבייט צו בעפעסטיגען דעם שווינדעל, וואס האט דעמאלט געגוג פער־דרעהט יודישע מוחות. געבארען געווארען איז ער אים יאהר 1650 אין באסניען סעריא, וואס רופט זיך אצונד סעראיעוואָ, אונ אז ער איז נאך געוועהן א קליין קינד האט מען איהם אוועקגעפיהרט קיין ארץ ישראל אונ ביז אכטצעהן יאהר האט ער געלערנט תורה אין חברון. אז ער האט חתונה געהאט האט מען איהם אויפגענומען פאר רב אין איסקופיא, ניט ווייט פון סאלוניקי, נאר ער האט זיך אויף דער שטעללע לאנג ניט געקאנט האלטען: מען האט בעמערקט, אז ער פיהרט זיך זעהר שלעכט אויף, אונ מען האט איהם פון רבנות ענטזאגט. פון דעמאלט אן האט ער אנגעהויבען נע ונד צו זיין, ער האט זיך אויפגעהאלטען צייטענווייז אין אדריאנאפאל, סאלוניקי אונ בעלגראד אונ האט זיך געפרוווט ווערען א מגיד, א מלמד אונ אפילו א סוחר, נאר אין קיין זאך האט ער קיין גליק ניט געהאט; די ווילדע תאוות האבען איהם פונ'ם וועג אראבגעפיהרט, ער האט אויך ניט פיינד געהאט דעם טרונק, אונ מיט אזעלכע חסרונות האט ער זיך קיין גרויסען כבוד ניט געקאנט פערדיענען. א מאל איז איהם אין א הויז, וואו ער איז געוועהן א מלמד, געפאלען א טירקיש דיענסט־מאדעל, האט ער אים שבת צוגענומען ביים בעל הבית א פאר פערד אונ איז אנטלאפען מיט איהר פון דער שטאדט; מען האט זיך אבער באלד אומגעקוקט, מען האט איהם געחאפט אונ מען האט זיך מיט איהם מן הסתם נוהג געוועהן ווי מיט א פערד־גנב. אין סאלוניקי איז חיון צוגעשטאנען צו די שבתי צבי'ניקעס; ער האט זיך געמאכט א איינגאנג טאקי צו ברכיה אלליין, צו משיח'ס אייגען אייניקעל, אונ פון דארט איז ער אוועק א פערטיגער בעל מופת. א היבשע צייט האט ער זיך ארומגעדרעהט אין מצרים אונ ארץ ישראל אונ אז ער איז א ביסעל בעקאנט געווארען ביים פאלק מיט זיינע וואונדער, וואס ער כלעגט קלאמערשט בעווייזען, האט ער זיך ענטשלאסען ארויסצוגעבען עטליכע ספרים וועגען שבתי צבי, נאר א ביסעלע פערשטעלט, כדי דער עולם זאל זיך באלד ניט האפען צו זיין מבין. אין סמירנא האבען איהם די רייכע מקובלים אויפגענומען אונ האבען איהם געוואלט געבען געלד ער זאל קאנען דרוקען זיינע כתבים, נאר דער רב ר' בנימין לוי האט פערשטאנען וואס חיון מיינט אונ איז אפענטליך ארויס געגען איהם, עס האט אבער איהם ניט

געהאלפען, ווייל דאס פראסטע פאלק האט שוין געהאלטען פון חיון און האט געשריגען אז דער רב טהוט עס פאר קנאה. ווען חיון בלייבט אין סמירנא, וואלט איהם שוין אפשר דאס מזל אנגעהויבען צו שפיעלען, ער האט אבער לאנג איינזיצען אויף איין ארט ניט געקאנט, און אז ער איז אריבער קיין ירושלים האט מען מיט איהם גאר ניט געמאכט קיין שיהות און דער רב ר׳ אברהם יצחקי האט איהם באלד אריינגעלעגט אין חרם. דערמיט האט מען איהם אבגעשניטען דעם וועג און ער האט זיך געמוזט געזעגנען מיט דער טירקיי און זיך אוועקלאזען קיין איטאליען. צוויי יאהר כסדר איז חיון ארומגעפאהרען פון איין שטאדט אין דער אנדערער און האט זיך אין ערגיץ ניט געקאנט אבזוכען א מקום מנוחה. אין ליוואָרנא האט ער אפילו יא געפונען גוטע פריינד, וואס האבען איהם געוואלט שטיצען, נאר דער ליווארנא׳ר רב, איינער פון די בעריהמטע מקובלים, ר׳ יוסף ערגאש איז געוואהר געווארען אז ער איז פון שבתי צבי׳ס חברה, האט ער אנגעמאכט אזא געוואלד, אז חיון האט געמוזט אנטלויפען. דערפאר איז איהם שוין בעסער געגאנגען אין וועניג, דארט איז איהם געראטהען זיך מעהר צוצולאזען צו די רבנים, זיי האבען איהם געגעבען הסכמות אויף זיינע כתבים און אים יאהר 1711 האט מען אבגעדרוקט א קליין ספר׳ל „רזא דיחודא‟ (דער סוד פונ׳ם איינציגען גאטט), אין וועלכען ער ווייזט אויס, אז די גאטטהייט בעשטעהט פון דריי געשטאלטען: פון עתיקא קדישא (דאס אלטע הייליגקייט), פון קודשא בריך הוא און פון דער שכינה, ווי עס שיינט, האבען די רבנים פון ווענעדיג אפילו אין די אויגען ניט געזעהען היון׳ס ספרים און האבען גלאט אזוי אנגעשריבען זייערע הסכמות, נאך א גרעסערע סברא איז, אז ער האט גאר אליין נאכגעמאכט זייערע חתימות, נאר פאר איהם איז דאס דערווייל געוועהן א גאנץ געשאפט און, אז ער איז שפעטער מיט א יאהר געקומען קיין פראג האט ער שוין געהאט אויף וועמען זיך צו פערופען און די בעסטע לומדים און רבנים האבען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד. דער גרעסטער גביר פון פראג ר׳ דוד אפענהיים, וואס האט זיך גערעכענט פאר א שטיקעל מקובל, האט געהאלטען פאר א זכיה וואס חיון איז ביי איהם איינגעשטאנען און, אז דער עולם האט נאך דערזעהען אז אזעלכע גרויסע רבנים ווי ר׳ יהונתן אייבעשיץ און ר׳ נפתלי כהן קומען צו איהם און רעדען מיט איהם דברי תורה איז ער ביי די עדלע יודען געווארען גאר געהויכט און געקראנט. דעם פראסטען עולם ווידער האט ער צו זיך צוגעצויגען מיט מופתים, מיט קמעות,

אונ קוים האט מען איהם שוין אנגענומען פאר א איש אלהים האט מען גאר
ניט געפרעגט קיין שאלות אונ קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף זיין יראת
שמים. ער האט גאנצע טאג געשכורט, נאכגעלאפען נאך אללע תענוגים;
נאר קוים האט ער פערגלאצט די אויגען אונ האט געוויזען, אז ער האט צו
טהון מיט מלאכים איז שוין אלדינג פערגעסען געווארען אונ זיין נאהמען האט
אנגעהויבען קלינגען אין גאנצען לאנד. אין פראג האט ער אנגעשריבען א ניי
ספר „מהימנותא דכלא" (דער גלויבען פון אללעס) אונ האט מיט חכמה
אזוי גערעדט, אז ר' נפתלי כהן האט איהם געגעבען איין הסכמה, האטש ער
האט איהם נאר געוויזען עטליכע בלעטלעך, אי דאס נאר אזעלכע, וואס
האבען איהם געטויגט. פון דארט איז ער ארייגעפאהרען קיין ניקלסבורג,
פרושניץ, ברעסלויא אונ וויען, אונ אומעדום האט ער געשפיעלט א צוויי־
פנים'דיגע ראללע: צווישען רבנים איז ער געוועהן א פרומער יוד, אונ ביים גע־
וואהנליכען עולם האט ער געזוכט אללע מיטעל היילינג צו מאכען דעם דרך
פון שבתי צבי. אין פרושניץ פלעגט ער זיך אפט בסתר צונויפקומען מיט'ן
בעריהמטען מקובל לייבעלע פרושניץ, וואס איז געוועהן איינער פון די ערשטע
שבתי צבי'ניקעס אין מאהרען. האטש קיין סך תלמידים האט ער ניט געקאנט
האבען, ווייל ער איז געגאנגען אבגעריסען אונ אבגעשליסען, צווישען מענשען
איז ער ווייניג געקומען אונ די וועלט האט איהם גערעכענט פאר א פשוט'ן
משוגע'נעם. פון לייבעלע פרושניץ דערצאהלט מען, אז ער איז געוועהן אזא
ארעמאן אז ער איז ניט אים שטאנד געוועהן זיך צו דינגען א דירה אונ דערפאר
האט ער געוואהנט אונטער דער שטאדט אין א פוסטער חורבה, וואו מען האט
געזאגט אז דארט האלטען זיך אויף שדים. אז דער עולם האט געזעהען אז
עס שאדט איהם ניט, האט מען אנגעהויבען שרייען אז ער איז א כשוף־מאכער,
אונ א טהייל האבען זיך איינגעשטעלט דאס לעבען אונ האבען זיך גענומען פון
דערוויטענס אכטונג געבען וואס עס געהט פאר ביי איהם אין דער חורבה.
לייבעלע האט אבער געוואלט, אז דאס פאלק זאל טאקי בלייבען ביים גלויבען
אז ער איז א בעל מופת, אונ דערפאר האט ער אבגעארבייט אזא קונץ: אז
ער האט א מאל בעמערקט ווי די שטאדט־לייט קוקען איהם נאך, האט ער
מיט פאספאר אויף א ליילעך אנגעשריבען דעם שם המפורש אונ ביי נאכט
האט ער דעם ליילעך ארויסגעהאנגען אין פענסטער, אונ אזוי ווי פאספאר
גלאנצט אין דער פינסטער האבען פלוצלונג אללע דערזעהען ווי די היילינע
אותיות פליהען ארום אין דער לופט. פון דעמאלט אן איז ביי אללע געבליבען

אַז לֵייבֶּעלֶע פְּרוֹשְׁנִיץ אִיז אַ גְרוֹיסֶער בַּעַל מוֹפֵת נָאר דִי רַבָּנִים הָאבֶּען אִיהם פָּארְט רוֹדֵף גֶעוֶועהן. אַוַדַאי הָאט זִיךְ חַיוֹן גֶעמוּזְט בֶּעקֶענֶען מִיט אַזַא מֶענְשֶׁען, נָאר הִיטֶען הָאט עֶר זִיךְ בֶּעדַארְפְט כְּדֵי מֶען זָאל נִיט דֶערְגֶעהן אַז זַיי זֶענֶען בֵּיידֶע פוּן אֵיין גֶעוַואנְד גֶעשְׁנִיטֶען.

אִים יָאהר 1713 אִיז חַיוֹן גֶעקוּמֶען קַיין בֶּערְלִין, אוּנ חָאטְשׁ דָארְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען נָאר עֶטְלִיכֶע גֶעצֶאהלְטֶע יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת הָאבֶּען זַיי זִיךְ שׁוֹין גֶעקְרִיגְט אִיבֶּער אַ שׁוּל אוּנ עֶס זֶענֶען גֶעוָוארֶען צְוַויי צְדָדִים: פוּן אֵיין זַייט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַרַייכֶע אַלְמָנָה לִיבְּמַאנְן, וָואס אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער מַאנְן אִיז גֶעוֶועהן אַ חָשׁוּב בַּיים קֶענִיג פְרִידְרִיךְ דֶעם עֶרְשְׁטֶען, אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט אִיהר גֶעטְהוּן צוּ לְהַכְעִיס אַ גְבִיר מַארְקוּס מַאגְנוּס, וָואס אִיז גֶע־גַאנְגֶען מִיט תְּקִיפוּת פוּנ'ם קְרָאנְפְּרִינְץ. חַיוֹן הָאט בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז פַאר אִיהם אִיז גְלַייכֶער צוּ צוּשְׁטֶעהֶען צוּ דֶער אַלְמָנָה לִיבְּמַאנְן, וַוייל עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זִי וֶועט גִיכֶער אוֹיספִיהרֶען, אוּנ דֶערְצוּ אִיז נָאךְ אִיהר אֵיידֶעם גֶע־וֶועהן דֶער בֶּערְלִינֶער רַב ר' אַהֲרֹן בִּנְיָמִין וָואלְף, וָואס הָאט אִיהם גֶע־קֶענְט טְהוּן אַ טוֹבָה. אַוַדַאי הָאט חַיוֹן נִיט דֶערְלֶעגְט צוּ דֶעם גֶעשֶׁעפְט אוּנ נָאךְ עֶטְלִיכֶע חֲדָשִׁים וָואס עֶר הָאט פֶערְבְּרַאכְט אִין בֶּערְלִין, אִיז עֶר אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן אָפְּצוּדְרוּקֶען זַיין סֵפֶר „מְהֵימְנוּתָא דְכֹלָּא" אוּנ זִיךְ לָאזֶען וַוייטֶער, דוּרְךְ הַאמְבּוּרְג, קַיין אַמְשְׁטֶערְדַם, וואוּ עֶס אִיז גִיךְ צוּ לִיעב אִיהם גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶער רַעַשׁ.

אִין אַמְשְׁטֶערְדַם זֶענֶען דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן צְוַויי רַבָּנִים: דֶער חָכָם צְבִי. פוּן דִי אַשְׁכְּנַזִים אוּנ ר' שְׁלֹמֹה אַיְלָן — פוּן דִי סְפָרַדִים. ר' שְׁלֹמֹה אַיְלָן אִיז אִין דֶער יוּגֶענְד אַלֵיין שְׁטַארְק פֶערְנַארְט גֶעוֶועהן פוּן שַׁבְּתַי צְבִי'ס תּוֹרוֹת אוּנ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען נָאר נָאהֶענְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים פוּן סַאלוֹנִיקִי. צְוִוישֶׁען דִי רַבָּנִים אִיז אִיבֶּערְהוֹיפְּט קַיין גְרוֹיסֶער שָׁלוֹם נִיט גֶעוֶועהן, וַוייל דֶער חָכָם צְבִי הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַוֶועלְט־בֶּערִיהמְטֶען לַמְדָן אוּנ בַּיי יֶעדֶער שְׁאֵלָה פְלֶעגְט עֶר נָאר שְׁטֶעלֶען אוֹיף זַיין דֵעָה. אַוַדַאי אַז חַיוֹן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קַיין אַמְשְׁטֶערְדַם אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען פַאר אַ אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל־מְשׁוּלָח, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם סְפָרַדִישֶׁען רַב אוּנ אִיז נִיט מְסוּפָּק גֶעוֶועהן אַז עֶר וֶועט אִיהם זַיין צוּ הִילְף. עֶר הָאט אוֹיךְ קַיין טָעוּת נִיט גֶעהַאט: ר' שְׁלֹמֹה אַיְלָן הָאט אִיבֶּערְגֶעקוּקְט חַיוֹן'ס סֵפֶר אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אַז דָארְט אִיז לוֹיטֶער קַבָּלָה אוּנ אַז יֶעדֶער יוּד מֶאג עֶס הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּב. צוּ הָאט עֶר עֶס גֶעטְהוּן דֶערְפַאר וָואס עֶר אַלֵיין אִיז טַאקִי מֶעהר גֶענֵייגְט גֶעוֶועהן צוּ חַיוֹן'ס גֶעדַאנְקֶען, אָדֶער עֶר הָאט

פשוט מורא געהאט אז חיון זאל איהם ניט דערמאנען זיינע אלטע זינד און זאל אין שטאדט ניט רעדען קיין איבריגע ווארטער וועגען זיינע קינדערשע יאהרען וואס ער האט פערבראכט אין סאלוניקי צווישען די שבתי צבי'ניקעס, דאס איז שווער צו וויסען, נאר יעדער האט געקאנט זעהען, אז ר' שלמה איילן טהוט פאר איהם מעהר ווי פיעל אין זיין קראפט איז. דער חכם צבי איז, מן הסתם, די זאך ניט געפאלען און דא האט זיך נאך גראד אין יענער צייט אויפ־געהאלטען אין אמשטרדם דער בעריהמטער למדן און מקובל ר' משה חגיז, וועלכער האט צוגעגאסען בוימאהל אויפ'ן פייער, און עס האט זיך אנגעהויבען א גרויס מחלוקה. ר' משה חגיז איז אליין געוועהן א געבארענער פון ארץ ישראל און האט אין דער יוגענד זעהר פיעל געמוזט אויסשטעהען פון שבתי צבי'ס חברה. צו ליעב דעם האט ער געמוזט אוועק פון דער היים און זיך זוכען עפיס א פרנסה אין איטאליען. ער איז געווארען ראש ישיבה אין ליוואָרנא, נאר לאנג בלייבען דארט האט ער ניט געקאנט, ווייל זיינע שונאים האבען איהם אויך פון דער ווייטענס אין זין געהאט און האבען אהין צוגעשיקט אזעלכע בריעף מיט רכילות, אז ער איז געצוואונגען געוועהן אוועקצופאהרען קיין אמשטרדם, דארט איז ער געווארען א גבאי פון צדקה־געלד פאר ארץ ישראל, און די רבנים האבען איהם שטארק מקרב געוועהן פאר זיין פרומקייט און חריפות אין לערנען. נאך די אללע צרות, וואס ער האט איבערגעטראגען פון די שבתי צבי'ניקעס איז זיין הארץ שטאנדיג געוועהן פערביטערט, און ער האט נאר געזוכט מיטעל זיך נוקם צו זיין אין זיינע שונאים. אודאי אז ער האט פלוצלונג בעגעגענט אין אמשטרדם איינעם פון דער חברה, האט אין איהם דאס בלוט אנגעהויבען זידען און ער האט זיך ענטשלאסען מיט איהם זיך אבצורעכנען גאר אויף איין אנדער אופן. ער האט פערשטעהען געגעבען דעם חכם צבי ווי געפאהרליך חיון'ס ספר איז פאר די יודען, און ער האט ארויסגעגעבען א פסק אז אזא ספר מוז מען פערברענען און דער מחבר טאר זיך ניט געפינען אין אמשטרדם. דאס איז געוועהן א שארפער קלאפ טאקי פאר ר' שלמה איילן אליין און עס איז ביי איהם געבליבען, אז ער מוז דערווייזען דער וועלט אז ער שיצט ניט קיין שעדליכען מענשען און לאזט ניט אז אפיקורסישע ספרים זאלען פערשפרייט ווערען צווישען פאלק. ער האט געשיקט זאגען דעם חכם צבי, אז ער וויל מיט איהם אפענטליך האבען א וכוח, נאר דער חכם צבי האט פון קיין זאך ניט געוואלט הערען. דאס האט שוין פערדראסען די גאנצע ספרדישע קהלה, דער פארשטעהער ר' אהרן די פינטא האט עס אנגענומען פאר א פחיתת הכבוד,

און מען האט בעשלאסען, אז דער רב פון די אשכנזים האט ניט קיין רעכט זיך צו מישען צו די ספרדים, און אז יעדענפאלס זאל ר' שלמה אילן מאכען איין אסיפה פון עטליכע לומדים און נאך אמאל דורכקוקען חיון'ס ספר. דער חכם צבי האט לאנג ניט געטענה'ט און האט צוזאמען מיט ר' משה חגיז ארייגעלעגט חיון אין חרם. דא האט זיך ערשט צוברענט דאס רעכטע פייער: די ספרדישע קהלה איז געוועהן גראסער און רייכער פון די אשכנזים און דער חכם צבי האט געהאט ווענינ מענשען, וואס זאלען זיך וועלען ארייגלאזען אין נצחון און איהם העלפען ער זאל אויספיהרען זיינס. אומזיסט זענען געפלויגען בריעף פון די גראסטע רבנים, וועלכע האבען מסכים געוועהן צום חכם צבי'ס דעה, אומזיסט האט זיך אין דעם ענין אריינגעמישט דער אלטער און בכבודסטער רב פון מאנטוא, ר' יהודה ליאון ברעלי, וואס האט גוט געקענט חיון און האט געשריגען אז ער איז א שווינדלער און עס איז ניט כדאי אז צו ליעב איהם זאל אין אזא יודישער קהלה ארויס א מחלוקת. די ספרדים האבען זיך איינגערעדט אז דאס איז א מלחמה פאר גאטט, און וואס מעהר די אשכנזים האבען געארבייט איז ביי זיי חיון געווארען חשוב'ער. זיי האבען איהם מיט גרויס שמחה און כבוד געפיהרט אין שול אריין, און ווער שמיעסט אז די לומדים האבען געפסק'נט, אז אין זיין ספר איז ניטא קיין שום אפיקורסות האט מען פשוט אנגעהויבען די אשכנזים צו רודפ'ן אויפ'ן לעבען. עס איז אזוי ווייט געקומען, אז דער חכם צבי און ר' משה חגיז האבען מורא געהאט די גאס איבערצוגעהען, אפט איז ארויס א געשלאג, מען האט שוין אפילו אמאל דעם חכם צבי געוואלט שטעכען, א קליין מסירהלע ביי דער מלוכה, ווי דער שטייגער איז, האט אויך ניט געפעהלט, און עס האט זיך געענדיגט דערמיט וואס דער חכם צבי, מיט וועלכען אמשטרדם האט א לאנגע צייט געשטאלצירט, איז געצוואונגען געוועהן אוועקצופאהרען קיין לאנדאן און פון דארט זיך לאזען קיין פולין.

אז די וועלט איז געוואהר געווארען ווי מאוס דער חכם צבי האט אויסגעליטען צו ליעב חיון, האבען זיך פון אללע זייטען, פון דייטשלאנד, איטאליען, פולין און אפילו פון אפריקא, אנגעהויבען שיטען חרמות אויף חיון'ס קאפ. דאס האט איהם אליין און זיינע אלטע גוטע פריינד ניט געלאזט רוהען. האטש עס איז זיי געראטהען ארויס צו פטר'ן זייער געגנער, און עס איז געבליבען אז חיון זאל זיך ווייטער לאזען אין דער וועלט און זאל זיך אויסטענה'ן מיט די רבנים זיינע געגנער. מען האט איהם מיטגעגעבען א סך געלד און בריעף צו

די גראסטע שׂרות, אונ קודם כל איז ער אַוועקגעפאהרען קיין קאנסטאנטינאפאל, ווייל דארט האט ער געהאפט זיך צו בעפרייען פונ'ם אלטען חרם, וואס דער רב פון ירושלים האט ארויסגעגעבען. זיין נסיעה איז געוועהן שרעקליך: אומעדום האט מען שוין געוואוסט פון איהם אונ מען האט איהם אין קיין יודישער שטוב ניט אריינגעלאזט. דריי יאהר האט ער אזוי געליטען ביז דער ערשטער מיניסטער פון טירקיי האט אויף איהם רחמנות געקריגען אונ האט איינגעבעטען א פאר רבנים זיי זאלען מבטל זיין דעם חרם. ער האט געמוזט צושווערען, אז מעהר וועט ער זיך שוין ניט אבגעבען מיט קבלה, אונ ערשט דעמאלט האבען איהם די רבנים ארויסגעגעבען א בריעף אז ער איז פריי פונ'ם חרם. מיט אזא בריעף אין די האנד איז חיון באלד צוריקגעפאהרען קיין אייראפא אונ האט געהאפט, אז אצונד וועט ער ערשט אנהויבען צו פיהרען וועלטען. זיין האפנונג איז אבער צושטערט געווארען: אין די עטליכע יאהר, וואס ער האט פערבראכט אין טירקיי, איז די לאגע פון די שבתי צבי'ניקעס אין אייראפא שטארק שלעכט געווארען. די צרה, וואס חיים מלאך אונ יהודה חסיד האבען אנגעמאכט, האט פארט געמוזט עפנען די אויגען דעם פאלק אונ מען האט אנגעהויבען רודף'ן גאר אהן רחמנות אללע, וואס האבען נאר געהאט א שטיקעל שייכות מיט די תלמידים פון שבתי צבי. מען האט ניט געלעגט קיין כבוד אפילו אויף אזא גרויסען מענשען ווי ר' יהונתן אייבעשיץ, אונ אזוי ווי מען האט אויף איהם שטילערהייד גערעדט, אז ער איז נוטה צוא שבתי צבי, אונ קיין גרויסען ליגען האט מען טאקי ניט אויסגעטראכט, האט מען איהם אויך געוואלט מחרים זיין אונ ער איז ניצל געווארען פון דער סכנה נאר דערמיט, וואס ער אליין האט דער ערשטער אונטערגעשריבען דעם חרם געגען אללע שבתי צבי'ניקעס, אונ אזוי האט ער א ביסעל אבגעוואשען דעם פלעק פון זיך. אין אזא צייט איז חיון צוריקגעקומען קיין אייראפא, קיין געלד האט ער שוין אויך ניט געהאט, דארט וואו מען האט איהם פריהר מקרב געוועהן האט מען זיך איצט פון איהם ניט וויסענדיג געמאכט, ווייל מען האט מורא געהאט עפיס האבען צו טהון מיט א שבתי צבי'ניק, אונ ער האט זיך אנגעהויבען מעהר צולאזען צו קריסטען אונ זיי ערקלאהרען, אז צווישען זיין למוד אונ דעם קריסטענטהום איז גאר קיין חלוק ניטא. דערמיט האט ער זיך געפריווט טאמער וועט ער ביי די קריסטען נושא חן זיין אונ זיי וועלען איהם העלפען, אונ אז עס איז איהם אויסגעקומען גאר ענג האט ער אויך ניט געזשאלעוועט צו ליעב טהון די שונאי ישראל אונ אויסטראכטען אויף די יודען עטליכע שקרים. איבערהויפט האט איהם דער

מאנגעל גאר דערשלאגען דעם קאפּ. אין בערלין איז ער ארומגעגאנגען אהן א שטיקעל ברויט אונ האט אנגעשריבען צו איינעם פון זיינע געוועזענע בעקאנטע, וואס האבען זיך פון איהם אבגעזאגט, אז ווי באלד ער וועט איהם ניט שיקען א פּאר גראשען צו שטילען דעם הונגער וועט ער זיך מוזען טויפען אונ עס וועט זיין א גרויסע שאנד פאר'ן כלל ישראל. אין פּראג האט מען איהם אפילו אין שטאדט ניט אריינגעלאזט אונ דער רב ר' יהונתן אייבעשיץ פלעגט איהם בסתר אללע טאג ארויסשיקען לעבענסמיטעל. מיט גרויסע צרות האט זיך חיון דער-שלעפּט קיין אמשטרדם, נאר דארט האט ער שוין אויך ניט געפונען די בעשיצער וואס פריהר. אללע יודען, אשכנזים אונ ספרדים, זענען גלייך אויפגעבראכט געוועהן געגען די שבתי צבי'ניקעס; מען איז געוואהר געווארען אז חיון איז טאקי איינער פון דער חברה, אונ אז ער שפּיעלט א צווייאיגע ראלע, אי ביי יודען, אי ביי קריסטען. אודאי האט איהם ניט געהאלפען וואס ער האט דארט ארויסגעלאזט א נייע ספר „הקולות יחדלון" (די געשרייען זאלען אויפהערען!). ער אלליין איז שוין אויך מיעד געווארען אויף דער עלטער זיך אזוי מוטשען, אונ אז מען האט איהם נאך אמאל אריינגעלעגט אין חרם, האט ער פערשטאנען אז אין איירָאפּא אונ אזיען קאן מען איהם צו גוט, אונ ער איז אוועקגעפאהרען קיין אפריקא, וואו ער איז אים יאהר 1726 געשטארבען אין גרויס ארעמקייט. זיין זוהן איז איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום אונ האט זיך פאר'ן פאטער נוקם געוועהן אין די יודען; ער האט געוואהנט אין רום אונ האט ניט איין מאל פאר'ן פאפּסט אנגעגעהט שלעכטס אויפ'ן יודישען פאלק אונ זייער אמונה.

דאס פערדרעהטקייט פון די מקובלים אונ דער שווינדעל פון די שבתי צבי'ניקעס האבען אנגעמאכט אזא פינסטערניס אין יודישען לעבען, אז פון איין זייט האבען זיך אפילו גאר עדלע מוחות, וואס זענען בעשאפען געווארען צו ריינע געדאנקען, געהאפט צו די פינסטערע סודות פון קבלה אונ האבען זייערע בעסטע יאהרען פערבראכט אויף אזעלכע זאכען, וועלכע האבען דעם פאלק נאר געקאנט שאדען, אונ פון דער אנדערער זייט האבען אויך די רבנים, וואס אויף זיי איז געלעגען דער הייליגער חוב אבצוהיטען דאס יודענטהום, אין גאנצען פערלארען די קאפּ. זיי האבען שוין ניט געוואלט מאכען קיין חלוק צווישען גראסטע אונ קליינסטע, אונ קוים האבען זיי בעמערקט אז איינער קריכט אראב פון דעם גלייכען וועג אונ הויבט אן בלאנזען אין די פערדרייטע וועגען פון קבלה, האבען זיי זיך באלד ענטשלאסען איהם עוקר מן השרש צו זיין. ניט איינער האט דעמאלט געליטען נאר צו ליעב דעם, וואס אויף איהם

איז געפאלען א חשד, אז ער קאן זיך ארויפהאפען אויפ'ן דרך פונ'ם שבתי צבי, אונ דעם ביטערן כוס איז אויך בעשערט געוועהן אויסצוטרינקען איינעם פון די גרעסטע יודישע דיכטער, ר' משה חיים לוצאטו, וואס האט געמוזט נע ווגד זיין אונ אנידערלעגען זיינע ביינער גאנץ ווייט פון דעם שאנעם לויטערן הימעל פון איטאליען, וואו ער איז אויפגעוואקסען אונ וואו ער האט פון קינדהייט אן געזונגען זיינע טהייערע שירים. ר' משה חיים לוצאטו איז געבארען געווארען אים יאהר 1770 אין פאדוא ביי רייכע עלטערען סוחרים, וועלכע האבען איהם געגעבען א גוטע ערציהונג אונ האבען עס אויך געקאנט אויספיהרען אין פאדוא, וואו עס איז געוועהן א אוניווערזיטאט אונ עס האבען זיך געפונען גרויסע געלעהרטע. תורה האט ער געלערנט ביי צוויי מלמדים, ביים בעריהמטען למדן ר' ישעיה באסאן, דער מחבר פונ'ם ספר „לחמי תודה", וואס איז אויך געוועהן א מקובל אונ וואס ביי איהם האט נאך לוצאטו, גאר אין די קינדערשע יאהרען שוין גענאשט עפיס פון דעם למוד, אדער ווענינסטענס בעקומען א חשק בעקענט צו ווערען מיט דער קבלה; אונ ביים רב פון פאדוא ר' יצחק חיים הכהן קאנטאריני, וואס איז אויך געוועהן א דאקטאר אונ א גרויסער שפראכען-קענער אונ איז געוועהן בעפריינדעט מיט געלעהרטע קריסטען אונ בעזאנדערס מיט כריסטיאן טהעאפיל אונגער, וועלכער פלעגט איהם שרייבען בריעף. ר' יצחק חיים הכהן קאנטאריני האט ביי זיין תלמוד לוצאטו אויסגעארבייט א ליעבשאפט צו חכמה אונ אז ער האט זיך אויסגעלערנט לאטייניש, גריכיש, איטאליעניש אונ פראנצאזיש אונ איז אים שטאנד געוועהן צו פערשטעהען די ספרים, וועלכע זענען אנגעשריבען אויף די דאזיגע לשונות, איז ביי איהם דאס ליעבשאפט נאך גראסער געווארען, ער האט יומם ולילה געלערנט אונ ביי פינפצעהן יאהר איז ער שוין געוועהן א מושלם. שרייבען האט ער אנגעהויבען זעהר פריה אונ אויפ'ן זעכצעהנטען יאהר האט ער אנגעשריבען אויף לשון קדש א קלאג-ליעד אויפ'ן טויט פון זיין רבי'ן ר' יצחק חיים הכהן קאנטאריני. שפעטער מיט א יאהר האט ער אנגעשריבען א ספר „לשון למודים", פאר אזעלכע וואס ווילען לערנען די ריינע העברעאישע שפראכע אונ פערשטעהען איהר אמתע שאנקייט, אונ נאך עהדער ער האט דערגרייכט דאס צוואנציגסטע יאהר איז שוין פון זיין פעדער ארויס א נייער תהלים, וואס איז אויך בעשטאנען פון הונדערט פינפציג קאפיטלעך, אונ צוויי טהעאטער-שטיק „מגדל עז" (א פעסטער טהורם) אונ „שמשון והפלשתים". האטש לוצאטו איז נאך געוועהן זעהר יונג.

האבען איהם זיינע ספרים געמאכט זעהר אגרויסען נאהמען, דערצו האט ער נאך געשמ'ט פאר א בעריהמטען למדן, אונ ביסלעכווייז האבען זיך אנגעהויבען צו איהם, פון ווייט אונ פון נאהענט, קומען יונגע לייט, וואס האבען ביי איהם געלערנט אונ געמאכט פון זיין הויז אגאנצע ישיבה. פלוצלונג איז אבער אויפ'ן צוואנציגסטען יאהר געווארען א שטארקע פעראנדערונג אין זיין לעבען. די ווינקען, וואס ער האט אין דער קינדהייט געהאפט פון זיין רבי'ן ישעיה באסאן, זענען אזוי ווי פונקען געבליבען ביי איהם אין הארץ אונ האבען געבליעט ביז ער איז שפעטער ניט געקומען קיין ווענעדיג, וואו עס האבען געלעבט א סך תלמידים פונ'ם בעריהמטען מקובל ר' משה זכותא, אונ וואו ער האט זיך ענטשלאסען אללע זיינע כוחות אוועקצוגעבען נאר דער קבלה. ער האט בעקומען אלטע כתבים פונ'ם ר"י אונ האט זיך אזוי לאנג פערטיפט אין זיי ביז זיין שארפע צורייצטע פאנטאזיע האט ניט אנגעהויבען צו שאפען בילדער, אונ ער האט זיך איינגערעדט, אז ער זעהט וואס עס טהוט זיך אין זיבעטען הימעל אונ הארט ווי מלאכים סוד'ן זיך אונ זענען איהם מגלה די פערבארגענע דרכים פון דעם בורא עולם. קיין שווינדלער איז ר' משה חיים לוצאטו ניט געוועהן, צו קיין פרנסה האט ער עס ניט בעדארפט, כבוד האט ער פון אללע זייטען געהאט אהן דעם אויך, אונ אז ער האט געקאנט אוועקווארפען די הייליגע שפראכע, וואס ער האט ערשט ניט לאנג געפריוועט מיט איהר הילף נאכצומאכען דעם הייליגען תהלים אונ זיך גענומען צו א פערדרעהט זהר־לשון, האט ער עס געטהון דערפאר, ווייל ער האט פעסט געגלויבט אז זיין נייער וועג איז דער ריכטיגסטער אונ וועט איהם פיהרען צום אמת'ן גליק. ער האט אנגעשריבען א פירוש אויף תורה אונ האט איהם א נאהמען געגעבען „זהר תנינא" (דער צווייטער זהר). די ערשטע צייט אבער האט ער מיט קיינעם ניט גערעדט דערפון אונ פלעגט נאר אפט זיינע תלמידים אריינווארפען אזעלכע ווארטער, פון וועלכע זיי האבען געקאנט פערשטעהן מיט וואס פאר א געדאנקען דער יונגער רבי טראגט זיך ארום. א מענשען איז פון דעסטוועגען שווער שטאנדיג זיך צו בעהאלטען, בעזאנדערס ווען ער אליין איז איינגעגלויבט, אז גאטט האט איהם מזכה געוועהן מיט אזא חכמה, וואס קאן אללען גליקליך מאכען. ר' משה חיים לוצאטו האט זיך אויך ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט בסוד איבערגעגעבען זיינע צוויי חברים, ר' יצחק מרינו אונ ר' ישראל טרעוויש, אז ער פיהלט ווי דער רוח הקדש איז אין איהם אריין, אז גאנץ אפט זעהט ער פאר זיך חלומות האטש ער איז וואך אונ, אז מיט דעם בעהאלטענעם כח,

וָואס לֵיעגְט אַצוּנְד אִין אִיהם, הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען זַיין סֵפֶר „זֹהַר תִּנְיָנָא". די בֵּיידֶע יוּנְגֶע לַייט זֶענֶען דֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארֶען אַז זֵיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט וִוי זֵייעֶר גוּטֶער פְרַיינְד הָאט דֶערְגְרֵייכְט אַזַא גְרוֹיסֶע מַדְרֵגָה; זֵיי הָאבֶּען גוּט דוּרְכְגֶעשְׁטוּדִירְט לוּצַאטוֹ'ס „צְוֵוייטֶען זֹהַר" אוּנ הָאבֶּען אִין אִיהם גֶעפוּנֶען זֶעהר פִיעל חֲרִיפוּת, אוּנ פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאבֶּען זֵיי צוּזַאמֶען מִיט לוּצַאטוֹ גֶעלֶערְנְט קַבָּלָה. צְוֵויי יָאהר אִיז דִי זַאךְ אַזוֹי צוּגֶעגַאנְגֶען שְׁטִיל, נָאר אַ מָאל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט וָואס לוּצַאטוֹ אִיז גְרָאד אוֹיף עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען קַיין רֶעדְזִשִׁיָא זִיךְ זֶעהֶען מִיט'ן אַלְטֶען רַבִּי'ן ר' יְשַׁעְיָה בַּאסָאן, אוּנ פוּנְקְט אִין דֶער צַייט אִיז גֶעקוּמֶען קַיין פַּאדוּאַ דֶער בֶּערִיהמְטֶער מְקוּבָּל ר' יִשְׂרָאֵל קָמְחִי פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דֶער מְחַבֵּר פוּנ'ם סֵפֶר „עֲבוֹדַת הָאֵל". אַיינְגֶעשְׁטַאנֶען אִיז עֶר בַּיי לוּצַאטוֹ'ס עֶלְטֶערְן אוּנ, אַז עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים צוּרֶעדְט וֶועגֶען קַבָּלָה, הָאבֶּען זֵיי אִיהם דֶערְצֶעהלְט וָואס פַאר אַ צִירוּנְג ר' מֹשֶׁה חַיִּים אִיז אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעוִויזֶען דֶעם „זֹהַר תִּנְיָנָא". דֶעמָאלְט אִיז אַרוֹיס דֶער גַאנְצֶער סוֹד, אוּנ אַז ר' יִשְׂרָאֵל קָמְחִי אִיז גֶעקוּמֶען קַיין וֶוענֶעדִיג הָאט עֶר צְוִוישֶׁען דִי מְקוּבָּלִים אָנְגֶעמַאכְט אַ רַעַשׁ, אַז אִין פַּאדוּאַ גֶעפִינְט זִיךְ אַ גֶעטְלִיכֶער מֶענְשׁ, אוּנ גָאר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט הָאט זִיךְ לוּצַאטוֹ גֶעזֶעהֶען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט גֶעטְרַייֶע תַּלְמִידִים, וָואס זֶענֶען אִימִיסְטֶען גֶעפָאהרֶען פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע שְׁטֶעדְט לֶערְנֶען בַּיי אִיהם קַבָּלָה אוּנ הָאבֶּען זֵייעֶר רַבִּי'ן פָּשׁוּט אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען אוֹיף דִי הֶענְד וִוי אַ אִישׁ אֱלֹהִים.

אֵיינֶער פוּן דִי דָאזִיגֶע תַּלְמִידִים אִיז גֶעוֶועהן ר' יְקוּתִיאֵל בֶּן לֵיב, אוּנ טַאקִי דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט אַזוֹי פֶערְגֶאטְטֶערְט לוּצַאטוֹ הָאט עֶר אִיהם אוּמְגֶערְן גֶעטְהוּן דִי גְרֶעסְטֶע רָעָה אוּנ פוּן אִיהם הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַלֶע צָרוֹת. ר' יְקוּתִיאֵל בֶּן לֵיב אִיז אַלֵיין גֶעוֶועהן אַ גֶעבָּארֶענֶער פוּן ווִילְנָא, מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען קַיין פַּאדוּאַ אוּנ הָאט דָארְט אִין דֶער אוּנִיוֶוערְזִיטֶאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטוּדִירֶען מֶעדִיצִין, בַּאלְד הָאט עֶר אָבֶּער דָאס לֶערְנֶען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוּנ הָאט זִיךְ אַלַאנְגֶע צַייט אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט קַבָּלָה, אוּנ עֶרְשְׁט אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען צוּ וֶוערֶען אַ דָאקְטָאר אוּנ צוּרִיקְפָּאהרֶען קַיין ווִילְנָא. דֶערְפוּן וָואס ר' יְקוּתִיאֵל בֶּן לֵיב הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן לֶערְנֶען מֶעדִיצִין, נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי פִיעל אָנְגֶעלִיטֶען, בִּיז עֶר אִיז אַרַיין אִין דֶער פַּאדוּאַ'ר אוּנִיוֶוערְזִיטֶאט, זֶעהט מֶען וִוי גְרוֹיס דֶער כֹּחַ פוּן לוּצַאטוֹ אִיז גֶעוֶועהן אוּנ וִוי בְּלִינְד אַלֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעפָאלְגְט. אָט דֶער דָאזִיגֶער ר' יְקוּתִיאֵל בֶּן לֵיב הָאט זִיךְ גָאר פֶערְגֶעסֶען, אַז דִי רַבָּנִים קוּקֶען קְרוּם

אויף די מקובלים און אזוי ווי ער האט געוואלט, אז די גאנצע וועלט זאל קלינגען מיט לוצאטו האט ער אנגעשריבען צוויי בריעף צום ווילנא׳ר רב ר׳ יהושע העשיל און צו ר׳ מרדכי שלעזינגער, א גרויסער גביר פון וויען, וואס האט זיך גערעכענט פאר א ליעבהאבער פון קבלה, און האט זיי אין די שאנסטע פארבען אויסגעמאלט וואס פאר א טהייערע כלי לוצאטו איז, ווי ער האט שוין ביי פיערצען יאהר געקאנט דעם ר״י׳ס כתבים, ווי אליהו הנביא מיט נאך א סך הייליגע נשמות קומען צו איהם און לערנען מיט איהם תורה און ווי אזוי ער גיט דערנאך איבער זיינע תלמידים אזעלכע סודות, וואס ברעכען דעם מח. צוא זיין בריעף צום ווילנאר רב האט ר׳ יקותיאל בן ליב צוגעלעגט א בלאט פון לוצאטו׳ס „זהר תנינא״ און האט פון דעסטוועגען אזוי פיעל שכל געהאט, אז ער האט ניט פערגעסען צוצושרייבען מען זאל ניט מיינען אז לוצאטו איז חלילה איינער פון די שבתי צביניקעס, ער האט אדרבא ארויסגעוויזען אז לוצאטו איז א געגנער פונ׳ם שבתי צבי, אז ער האט אליין אנגעשריבען א ספר „קנאת ה׳״, און פאלט אן אויף די פאלשע מקובלים, וואס ווילען נאר פון זייער הנאה וועגען פערפיהרען דאס פאלק מיט נארישקייטען.

אז דער סוד וועגען לוצאטו׳ס הייליגקייט האט שוין אנגעשפארט אין וויען און ווילנא, איז שוין פון איהם געוואהר געווארען ר׳ משה חגיז, וואס האט דעמאלט געוואהנט אין אלטונא; איהם איז נאך געלעגען אין טעם די מלחמה, וואס ער האט ערשט ניט לאנג געפיהרט מיט נחמיה חייא חיון, יעדען מקובל האט ער גערעכענט פאר א שבתי צבי׳ניק, און אז ער האט נאך דערהערט וואס פאר א נסים מען דערצאהלט שוין פון דעם יונגען לוצאטו איז ביי איהם געבליבען, אז אט־אט וועט ארויס א נייער משיח און אז מען מוז זעהען מיט אללע כוחות איהם דערשטיקען נאך עהדער ער וועט קאנען צושפרייטען די פליעגעל. ער האט באלד אוועקגעשיקט א בריעף צו די רבנים פון ווענעדיג און האט זיי בעשריבען וואס פאר א גרויס אומגליק עס קאן דערפון ארויסקומען פאר׳ן כלל ישראל, ווי באלד מען וועט זיך בעצייטענס ניט אומקוקען און ניט אויסרייסען דאס קליינע בוימעלע ווען עס איז נאך ניט אזוי פעסט איינגעווארצעלט. די רבנים פון ווענעדיג האבען ניט געוואוסט וואס צו טהון: פון איין זייט האבען זיי געוואלט צו ליעב טהון אזא גרויסען למדן ווי ר׳ משה חגיז, פון דער אנדערער זייט אבער איז ביי זיי ר׳ משה חיים לוצאטו אויך געוועהן א גרויסער חשוב, און א חוץ דעם האבען זיי מורא געהאט אנצוהייבען מיט

זיין בייבער מִשְׁפָּחָה, דערפאר האבען זיי זיך מְיַשֵּׁב געוועהן אַז עס איז גלייכער פאר זיי דערוויייל צו שווייגען, אונ זיי האבען נאך איבערגעשיקט לוצאטו'ן דעם בריעף פון ר' משה חגיז, כְּדֵי ער זאל זיך אליין פערענטפערן. ווי גרויס ר' משה חיים לוצאטו'ס עֲנָוָות איז ניט געוועהן, האט איהם שטארק פערדראסען וואס מען איז איהם חוֹשֵׁד אין אזא עַוְלָה, וואס ער אליין האט גענוג געארבייט געגען איהר, אונ וואס מען וויל זיך איבערהויפט אריינמישען אין זיינע גע־דאנקען אונ איהם זאגען א דֵעָה. מיט כַּעַס האט ער צוריקגעשריבען די רַבָּנִים פון וועגעדיג, אז ער קאן ר' משה חגיז ניט אננעהמען פאר קיין דַיָּן איבער זיך אונ האלט עס פאר א שטארקען פְּחִיתַת הַכָּבוֹד זיך פאר איהם פאראנטווארטען, בעזאנדערס ווען ער פיהלט זיך ניט שולדיג אין קיין שום חֵטְא, ווייל דענקען שרייבען אונ לערנען תּוֹרָה איז ניט קיין עֲבֵרָה, אונ דאס איינציגע האבען געטהון די גרעסטע צַדִּיקִים אין אללע צייטען וואס יודען געדענקען זיך פאר א פָאלק. אין דער איינענער תְּשׁוּבָה האט לוצאטו איבערגעבעטען די רַבָּנִים דערפאר וואס ער ערלויבט זיך, האט'ש ער איז נאך א יונגער מאנן, ניט צו פאלגען עלטערע מענשען, נאר ער האט בפירוש זיי ארויסגעזאגט, אז ער האט צו טהון מיט די האבערע וועלטען אונ האט'ש פאר קיין נָבִיא רעכענט ער זיך אליין ניט, ווייל נְבִיאוּת קאן נאר זיין אויף דער הייליגער ערד אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, פון דעסט־וועגען קאן ער ניט אבלייגענען, אז אין איהם ליעגט א רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אונ אז ער זעהט אונ פיהלט אזעלכע איבערנאטירליכע זאכען וואס קיין געוועהנליכער מענש קאן זיי נאר מיט זיין שֵׂכֶל ניט מַשִּׂיג זיין. אזוי האט לוצאטו געאנטפערט די רַבָּנִים אונ האט זיך בערוהט; נאר דערנאך האט ער זיך בערעכענט, אז ער האט אפשר ניט גלייך געטהון וואס ער האט זיך ניט געוואלט אומקוקען אויף ר' משה חגיז'ס בריעף. ער האט פערשטאנען אז אזא צורייצטע נאטור קאן גלאט אזוי אנמאכען א רעש אונ עס זאל זיך דערפון אנהויבען א גאנצער טומעל, אונ דאריבער האט ער איהם פארט, אין א חֹדֶשׁ ארום, אנגעשריבען זעהר א ווייכען בריעף אונ האט איהם פערשטעהען געגעבען, אז האט'ש זיין תַּלְמִיד ר' יְקוּתִיאֵל בֶּן לֵיבּ האט קיין ליגען ניט געזאגט, אונ גאטט האט איהם בֶּאֱמֶת מְזַכֶּה געוועהן מיט א הייליגען פערבארגענעם כֹּחַ, פון דעסטוועגען האט ער ניט קיין שום שַׁייכוּת צו שַׁבְּתַי צְבִי'ס חֶבְרָה אונ עס ליעגט איהם אֲפִילוּ אין דער מַחֲשָׁבָה ניט זיך א מאל אויסצוגעבען פאר מָשִׁיחַ. פאר עדות האט ער גע־שטעלט זיין אלטען רַבִּי ר' יְשַׁעְיָה באסאן אונ ר' יְשַׁעְיָה'ס שוועהר, דער רב פון רעדזשיא, וועלכע קאנען איהם פון קינדהייט אן אונ וויסען גוט אללע זיינע

געבראָכען. פונקט אזא בריעף האט ער אויך געשיקט דעם רב הכולל פון די אשכנזים אין דריי שטאָדט, אלטונא, האמבורג און וואנדסבעק ר׳ יהודה קאצענעלענבאָגען, און האט איהם אויך בייגעלעגט זיין ספר „חוקר ומקובל״, כדי ער זאָל זעהען ווי זיין דרך איז אין קבלה. ביידע בריעף האט לוצאטו אויסגעלאָזט מיט דער בקשה: מען זאָל אויסמיידען קריג, ווייל מחלוקת שאדט דעם פאָלק און צו גוטען פיהרט עס קיינעם ניט. לוצאטו׳ס ווארטער האבען וויינג געמאכט ר׳ משה חגיז און ער האט איהם באלד געענטפערט, אז ער מיט אללע רבנים גלויבען איהם, האטש עס איז איהם זעהר אונאנגענעהם וואס לוצאטו בעריהמט זיך אז ער האט רוח הקודש. דערביי האט ער איהם געמאכט א פאָרוואורף, וואס ביי דריי און צוואנציג יאהר האט ער נאך ניט חתונה געהאט און האט ארויסגעזאָגט זיין האפנונג, אז ער וועט געווים אוועקוואַרפען די קבלה און זיך נעהמען אויפ׳ן דרך הישר און דעמאלט וועט אודאי קיינער צו איהם גאר ניט האבען און עס וועט ווערען שטיל. אזא עצה האט מן הסתם ניט געקאנט געפאלען לוצאטו׳ן: ער האט זיך ווייטער געטהון זיינס און פאדוא איז געוואָרען א פלאץ פאר אללע וואס האבען געוואלט לערנען קבלה. אז ר׳ משה חגיז איז דערפון געוואהר געוואָרען האט עס איהם אונטערגעצונדען און ער האט באלד אוועקגעשיקט א בריעף צו די רבנים פון ווענעדיג און האט זיך געקלאָגט פאר וואס זיי שטעהען פון ווייטענס, ווען אויף אללע יודען רוקט זיך אן א נייע צרה. די רבנים האבען איהם אפילו באלד געענטפערט אז זיי האבען איין מאָל פאר אללע מאָל זיך ענטשלאָסען, זיי זאָלען זיך ניט אריינמישען אין דער זאך, נאר ר׳ משה חגיז האט ניט געשוויגען און האט מיט בריעף אויפגערייצט אנדערע לומדים פון ווענעדיג און מען האט שוין אנגעהויבען שטארק שמיעסען, אז לוצאטו איז טאקי א געפאהרליכער מענש און אז דאס יודישקייט קאן דורך איהם ליידען. די רבנים האבען פערשטאנען אז לוצאטו קאן שטארק ליידען, האבען זיי צו וויסען געגעבען זיין רבי׳ן ר׳ ישעיה באסאן ער זאָל זיין תלמיד מציל זיין פאר א סכנה. ר׳ ישעיה באסאן האט אבער ניט געהאט קיין אנדער מיטעל צו בעשיצען לוצאטו נאר דערמיט וואס ער האט געשיקט א בריעף צו די רבנים פון ווענעדיג און האט בעשריבען אז לוצאטו איז אויף זיינע האנד אויפגעוואקסען, אז ער איז שטאנדיג געוועהן גוט און פרום, נאר אזוי ווי ער האט זיך פון קינדהייט אן געוויזען פאר א גרויסען עלוי האט ער זיך צו פריה געהאפט צו דער קבלה

און האט זיך בעזאנדערס בעשעפטיגט מיט'ן ר"י'ס ספרים; דאריבער איז קיין וואונדער ניט וואס ער פיהלט אין זיך דעם אייגענעם רוח הקדש מיט וועלכען דער אויבערשטער האט שוין ניט איין מאל בעגליקט זיינע חשובים, ווי אשטייגער ר' יוסף קארו, ר' עזריה פנו, ר' נתן שפירא, ר' משה זכותא און נאך אנדערע מקובלים. אין זיין בריעף האט אויך ר' ישעיה באסאן עדות געזאגט, אז ער האט אליין איבערגעזעהען לוצאטו'ס ספרים און האט אין זיי ניט געפונען אפילו קיין פינטעלע פון שבתי צבי'ס דרכים, און יעדענ־פאלס האט ער געבעטען, מען זאל לוצאטו'ן ניט נוגע בכבוד זיין, ווייל אין גיכע צייטען דארף ער זיין ביי איהם וועט ער מיט איהם איבערעדען און זוכען א וועג ווי אזוי אויסצוגלייכען ביידע צדדים און עס זאל אויף זיין גע־ליעבטען תלמיד קיין פלעק ניט פאלען. אומזיסט האט אבער ר' ישעיה באסאן זיך געפרוווט צו לעשען דאס פייער, ר' משה חגיז האט געהאלטען אין איין שרייען, און אז ער האט מיט די רבנים פון ווענעדיג גאר ניט געקאנט מאכען, האט ער זיך געווארפען צו אנדערע רבנים, צו ר' יוסף אירגאס פון ליווארנא, צו ר' שמשון מארפורגא פון אנקונא און צו ר' אברהם סגרי פון קאזאל און האט זיי פארגעלעגט, אז זיי זאלען אימיסטען ארויספאהרען קיין פאדוא און אזוי ווי זיי אללע צוזאמען זענען א בית דין, זאלען זיי נייטהען לוצאטו, אז ער זאל זיך אדער אבזאגען פון זיין דרך, אדער אוועקפאהרען קיין ארץ ישראל. אז ער האט דאס אויך ניט געפועלט, האט ר' משה חגיז אנ־געהויבען ארבייטען מיט די דייטשע רבנים און האט געהאפט, אז דארט וועט איהם געראטהען מען זאל מחרים זיין לוצאטו, ווייל צווישען זיי האבען זיך געפונען פיעל געגנער פון די מקובלים. די דייטשע רבנים האבען אבער אויך געהאנדעלט מיט ישוב הדעת: פון לוצאטו'ן האבען זיי שוין געהערט און האבען מורא געהאט אזא למדן אריינצולעגען אין חרם, דערפאר איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען סתם ארויסגעבען אחרם געגען אללע וואס וועלען שרייבען קבלה ספרים אויפ'ן ארט פונ'ם זהר. ר' משה חגיז האט דאס אויך אנגענומען פאר ליעב, ווייל ער האט געוואוסט, אז סאי ווי סאי קאן דער חרם גילטען געגען לוצאטו'ן, און מיט גרויס שמחה האט ער מודיע געוועהן קיין ווענעדיג, אז גאטט האט איהם פארט געהאלפען צו דערלעבען א נקמה אין לוצאטו און אז ער וועט זיך ניט בערוהיגען ביז ער וועט פון איהם מאכען א תל.

אין וועגעדיג האט לוצאטו געהאט גענוג גוטע פריינד און קוים זענען זיי געוואהר געווארען וואס פאר א צרה ר' משה חגיז גרייט צו פאר איהם,

האבען זיי באלד צו וויסען געגעבען קיין רעדזשיא ר׳ ישעיה באסאן, ער זאל די זאך ניט האלטען פאר גרינג אונ זאל זעהען ווי ווייט מאגליך אויסצוגלייכען לוצאטו׳ן מיט זיינע שונאים, עס זאל ניט קומען צו קיין גרויס אומגליק. מיט ציטערניש איז ר׳ ישעיה באסאן תיכף אוועקגעלאפען קיין פאדוא אונ האט אנגעהויבען בעטען זיין תלמיד ער זאל ניט זיין קיין עקשן. ווי איבערגעגעבען ר׳ ישעיה באסאן איז געוועהן דער קבלה אונ האט אין הארצען ביי זיך געהאסט די אללע וואס פאלען אן אויף אזא אומשולדיגען מענשען אונ א אמת׳ן ירא שמים ווי לוצאטו, האט איבער אללע זיינע מחשבות גובר געוועהן איין געפיהל פון רחמנות צו זיין עדלען תלמיד אונ ער האט ניט געוואלט ער זאל נעביך אזוי ליידען ווי אנדערע, וועלכע עס האט געטראפען די ניפטיגע פייל פונ׳ם חרם. מיט שווארצע פארבען האט ער אויסגעמאלט לוצאטו׳ן וואס פאר א שווערע יסורים איהם ערווארטען, ווען מען וועט איהם חלילה מחרים זיין, אונ האט איהם פשוט געזאגט, אז ער וועט ניט אבטרעטען ביז דא וועט ניט ווערען א סוף. ער האט געפאדערט פון איהם ער זאל אונטערשרייבען א בריעף אונ שווארן, אז מעהר וועט ער זיך ניט בעשעפטיגען מיט קבלה, מיט קיינעם ניט לערנען אונ קיינעם ניט ווייזען זיינע כתבים אונ ניט דערצאהלען די פער־בארגענע סודות, וועלכע מען איז איהם מגלה פון אויבען. א שרעקליכע מלחמה האט זיך אנגעהויבען ביי לוצאטון אין הארץ: עפים ווי א בושה האט איהם אבגעהאלטען ער זאל זיך ניט אונטערגעבען אונ קיינעם ניט צו ליעב טהון, נאר אז ער האט דערזעהען די טרערען פונ׳ם אלטען רבי׳ן, אז ער האט איבער־געוואגען אונ איבערגעקלאהרט ווי גרויס די ליעבשאפט איז צו איהם פונ׳ם בע־האלטענעם מקובל אז ער ענטשליעסט זיך אפילו איהם צוצורעדען צו אזא זאך, וואס איז איהם אלליין דערווידער, אז ער האט זיך דערמאנט וואס עס האט זיך אויסגעליטען אוריאל אקוסטא אונ ברוך שפינוזא ביז דער טויט האט זיי בעפרייהט פון די רבנים׳ס כעס, איז ער ביי זיך אראבגעפאלען אונ האט אונטערגעשריבען אזא בריעף ווי מען האט פערלאנגט, אונ דארט איז אויך געשטאנען אז אללע זיינע ספרים, וועלכע ער האט ביז אהער אנגעשריבען, מוז ער איבערגעבען ר׳ ישעיה באסאן אונ ביי איהם זאלען זיי בלייבען. די רבנים פון ווענעדיג האבען אבער מורא געהאט זיך צו פערלאזען נאר אויף ר׳ ישעיה באסאן אלליין, ווייל זיי האבען איהם געקאנט אז ער איז א ווייכהארציגער, אונ דאריבער האבען זיי ארויסגעשיקט קיין פאדוא דריי דיינים, ר׳ יעקב בלילוס, ר׳ משה מנחם מררי אונ ר׳ נחמיה כהן; פאר זיי אין די

אוֹיגֶען הָאט לוּצַאטוֹ אַלְדִינְג אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ זַיי אַלֵיין הָאבֶּען בַּיי אִיהם צוּגֶענוּמֶען אַלֶע זַיינֶע כְּתָבִים אוּנ פֶּערְשְׁלָאסֶען אִין אַ קַאסְטֶעל מִיט צְוַויי שְׁלֶאסֶער, אֵיין שְׁלִיסֶעל הָאבֶּען זַיי אָפְּגֶעגֶעבֶּען ר׳ יְשַׁעְיָה בַּאסַאן אוּנ דֶעם אַנְדֶערְן הָאבֶּען זַיי מִיט גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ אוּנ דֶערְמִיט הָאבֶּען זַיי בֶּעוָוארֶענְט מֶען זָאל בַּיי ר׳ יְשַׁעְיָה בַּאסָאן נִיט קָאנֶען אוֹיסְנַארֶען דִי כְּתָבִים; אִיבֶּער זַיין גוּטְסְקַייט הָאבֶּען זַיי אִיהם גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ שְׁוַואכֶען שׁוֹמֵר.

דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט נָאךְ דֶעם אִיז גֶעוָוארֶען שְׁטִיל. אוּנ מֶען הָאט גֶעקָאנְט מֵיינֶען, אַז לוּצַאטוֹ הָאט זִיךְ שׁוֹין אוֹיף עֶבִּיג גֶעזֶעגֶענְט מִיט זַיינֶע יוּגֶענְד־חֲלוֹמוֹת אוּנ הָאט אוֹיף תָּמִיד אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אַלֶע זַאכֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען בַּיי אִיהם עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג גֶעוֶועהן אַזוֹי טְהַייֶער אוּנ הֵיילִיג. אוֹיפ׳ן פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיגְסְטֶען יָאהר הָאט לוּצַאטוֹ חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט דֶער טָאכְטֶער פוּנ׳ם מַאנְטוּאַ׳ר רַב ר׳ דָוִד פִינְטְשִׁי, בַּאלְד אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַ פַאמִילְיֶען־פָאטֶער, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין זִין צוּ הָאבֶּען פַּרְנָסָה אוּנ עֶס אִיז גֶעגַאנְגֶען גַאנְץ גוּט, וַוייל עֶר הָאט גֶעמַאכְט שׁוּתְּפוּת מִיט דִי עֶלְטֶערְן אוּנ אַנְדֶערֶע קְרוֹבִים, אוּנ זַיי זֶענֶען גֶעוֶועהן גֶעניטְהֶע סוֹחֲרִים. עֶר הָאט וַוייטֶער זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁרַייבֶּען שֶׁאנֶע שִׁירִים אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אוּנ דִי קַבָּלָה סְפָרִים הָאט עֶר אִין גַאנְצֶען אַוֶועקְגֶעלֶעגְט. אַז מֶען הָאט פוּן דֶערְוַוייטֶענְס בֶּעטְרַאכְט זַיין גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען, הָאט מֶען גָאר אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶעקָאנְט רֶעכְנֶען, אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט לַחֲלוּטִין אָפְּגֶעוִוישְׁט אַלֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת פוּן אַ מָאל אוּנ אַז אִיהם לִיעגֶען נָאר אִין קָאפּ גֶעשֶׁאפְטֶען אוּנ מִסְחָרִים; קֵיינֶער הָאט אָבֶּער נִיט בֶּעמֶערְקְט וָואס פַאר אַ פַייֶער עֶס בְּרֶענְט בַּיי אִיהם אִינְוֶוענִיג, אַז זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען פְרַיי פוּן דִי קֶעטֶען וָואס עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף דִי הֶאנְד, אַז עֶר לַיידְט שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ קָאן נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען, אוּנ אַז סוֹף כָּל סוֹף וֶועט עֶר זִיךְ מוּזֶען מִיט גֶעוַואלְד אַרוֹיסְרַייסֶען פוּן דֶער תְּפִיסָה, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אִין אִיהר אַלֵיין פֶּערְשְׁלָאסֶען. אַזוֹי אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהֶען, אוּנ קוֹים הָאט לוּצַאטוֹ אָנְגֶעוָואהרֶען דָאס גֶעלְד אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהלֶען מַאנְגֶעל, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַז קֵיין אַנְדֶער טְרֶאסְט וִוי דֶער פְרִייהֶער גֶעדַאנְק אִיז פַאר אִיהם נִיטָא. עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אַמָאל גֶענוּמֶען צוּ דֶער קַבָּלָה אוּנ הָאט גָאר קֵיין מוֹרָא נִיט גֶעהַאט מֶען זָאל אִיהם רוּפֶען עוֹבֵר שְׁבוּעָה, וַוייל בְּרֶעכֶען אַ וָוארְט, וָואס מֶען גִיט עֶס נִיט מִיט׳ן אֵייגֶענֶעם רָצוֹן, אִיז נִיט קֵיין עֲבֵירָה.

מֶען הָאט, מִן הַסְּתָם, בַּאלְד אָפְּגֶעטְרָאגֶען אִין דִי אוֹיעֶרְן פוּן דִי רַבָּנִים, וָואס פַאר אַ אִיבֶּערְקֶערֶענִישׁ עֶס אִיז וַוייטֶער גֶעוָוארֶען אִין לוּצַאטוֹ׳ס לֶעבֶּען.

צום אָנהייב האָבען זיי זיך ניט ווײַסענדיג געמאַכט, נאָר אַז זיי זענען געוואָהר געוואָרען, אַז לוצאַטאָ האָט אָנגעשריבען זיין „מאמר הויכוח" אונ פאַלט שטאַרק אָן אויף ר' יהודה ליאון די־מודינאַ פאַר זיין ספר „ארי נוהם" האָבען זיי שוין ניט געקאָנט מעהר שווייגען. זיי האָט ניט אַזוי פיעל געהאַרט וואָס לוצאַטאָ נעהמט זיך אָן פאַר'ן „זוהר" אונ שטעלט אַזוי הויך די קבלה, ווי עס האָט זיי פערדראָסען וואָס ער איז אַרויסגעשפּרונגען געגען אַ מענשען וואָס איז געוועהן רב אין וועניעדיג, אונ וואָס זיין רבי, ר' ישעיה באַסאַן, זיין שווער, ר' דוד פינטשי אונ נאָך אַ רב פון מאַנטואַ, ר' עובדיה באַזיליאַ, האָבען איהם געגעבען זייערע הסכמות, אונ עס איז ביי די רבנים געבליבען מען זאָל איהם דערפאַר ניט שווייגען. אין וועניעדיג זענען דעמאָלט געוועהן צוויי הויפּט־רבנים, ר' שמואל אבוהב אונ ר' יצחק פּצפּיקו, אונ זיי האָבען אימיסטען אַרויסגעשיקט קיין פּאַדואַ אַ בעזונדער משולח, ר' שלמה לעמבערגער, אַ פּאָלישען יודען, וואָס האָט בעדאַרפט נאָכגעהען לוצאַטאָ'ן טריט אין טריט אונ מעלדען ווי אַזוי ער פיהרט זיך אויף. באַלד האָט דער משולח מודיע געוועהן קיין וועניעדיג, אַז ר' ישעיה באַסאַן האָט לוצאַטאָ'ן אָבגענומען צוריק אַלע כתבים אונ אַז אין קראַקויא דרוקט מען איבער דעם „זוהר" מיט אַ נייעם פּירוש פון לוצאַטאָ. ביי אַזאַ ידיעה איז געוואָרען אַ רעש צווישען די רבנים אונ זיי האָבען געמאַכט איין אסיפה, כדי מען זאָל בערעכנען ווי גרויס לוצאַטאָ'ס זינד זענען אונ וואָס מען דאַרף מיט איהם טהון. מען האָט אָנגעהויבען אויפצוזוכען אַלטע חטאים, אונ איינער פון די דיינים, וואָס איז געוועהן אין פּאַדואַ, ווען מען האָט בעדאַרפט ביי לוצאַטאָ'ן נעהמען דעם בריעף, אַז ער וועט תשובה טהון, ר' יעקב בלילוס, האָט זיך דערמאָנט אַז לוצאַטאָ האָט זיך בעריהמט, אַז ווען משיח וועט קומען וועט זיין תהלים אָנגענומען ווערען ביי די יודען מעהר ווי דוד המלך'ס. אויסער דעם האָט ער אויך דערצעהלט, אַז ער האָט ביי לוצאַטאָ'ן אַליין געזעהען אַ ספר מיט השבעות וואָס מען קאָן דורך דעם אַרויסרופען יחידים אונ רוחות. אונ אויך אַ שוואַרץ קאַסטעל, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען אַ שפּיגעלע, אַ שאַרף מעסער אונ אַ שוואַרץ וואַקסען ליכטעל, וואָס לוצאַטאָ האָט עס, נאָך זיין מיינונג, בענוצט אויף כשוף צו טהון. עס האָט זיך אפילו געפונען אַ מענש וואָס האָט געוואָלט מלמד זכות זיין אויף לוצאַטאָ אונ האָט עדות געזאָגט, אַז לוצאַטאָ האָט דעמאָלט באַלד פערבּרענט אונ ערקלעהרט, אַז דאָס שפּיגעלע מיט'ן מעסער האָט ער אויף צו גאָלען זיך,

אונ דאס ליכט איז גלאט אזוי שווארץ געווארען, ווייל עס האט זיך געוואל-
גערט אויף דער ערד. די רבנים האבען אבער ניט געוואלט אננעהמען קיין
שום תירוצים אונ האבען געדרונגען אז דערמיט אליין איז ער שוין א חוטא,
וואס ער קאן לאטייניש. די בעסטע ראיה האבען זיי געבראכט דערפון וואס
דער בעריהמטער מקובל ר' משה זכותא, וועלכער האט אין דער יוגענד צוזאמען
מיט ברוך שפינוזא געלערנט לאטיין, האט געפאסט פערציג טאג כסדר אונ
תפלה געטהון, אז גאטט זאל אויף איהם רחמנות האבען אונ ארויסשלאגען פונ'ם
מח דאס פרעמדע לשון, כדי עס זאל איהם ניט מבלבל זיין אונ ער זאל קאנען
מיט א קלארען קאפ לערנען די הייליגע קבלה.

די רבנים האבען ניט לאנג געטראכט אונ האבען, אים יאהר 1734, באלד
נאך ימים נוראים, ארויסגעשיקט קיין פאדוא דריי דיינים זיי זאלען דארט מאכען
א בית-דין אונ רופען לוצאטו צום משפט. די דיינים האבען געפאדערט פון
לוצאטו, ער זאל זיי ארויסגעבען אללע זיינע כתבים אונ זאל צושווערען, אז
אהן דעם רשות פון די רבנים זאל ער גאר ניט דרוקען. לוצאטו האט זיי אבער
ניט געוואלט הערען אונ האט זיי שטאלץ געענטפערט, אז זיי טארען איהם קיין
דעה ניט זאגען, אונ משפט'ן קאנען איהם נאר די רבנים פון זיין שטאדט,
אדער אזעלכע נאהענטע מענשען ווי זיין שווער, ר' דוד פינטשי, אדער זיין
רבי, ר' ישעיה באסאן. לוצאטו האט א טעות געהאט: ער האט געמיינט, אז
די רבנים פון פאדוא וועלען זיך אננעהמען פאר איהם; עס קאן זיין, אז זיי
וואלטען עס געוועהן געטהון, ווען ער וואלט נאך געוועהן דער איינציגער עושר
וואס פריהער, לוצאטו איז שוין אבער געוועהן א געמיינער מאן, זיין שווער
איז געלעגען אויפ'ן טויטען בעט, אויף ר' ישעיה באסאן איז געפאלען א חשד,
אז ער האט לוצאטו'ן אבגעגעבען צוריק זיינע כתבים אונ ער האט שוין מורא
געהאט צו רעדען א ווארט, אונ אזוי איז ניט געוועהן קיינער ווער עס זאל
זיך ארויסשטעלען. אוודאי האבען די רבנים פון ווענעדיג זיך געקאנט טהון
אונגעשטארט אונ, אז די דיינים זענען צוריק געקומען פון פאדוא מיט גאר
נישט, האבען זיי באלד ארויסגעגעבען א חרם געגען לוצאטו אונ זיינע ספרים,
אונ דעם חרם האט ר' משה חגיז צושיקט אין אללע יודישע קהלות פון דייטש-
לאנד, האללאנד אונ פולין.

חאטש לוצאטו האט גוט געוואוסט, אז ניט היינט-מארגען וועט ער ליעגען
אין חרם אונ דאס אומגליק וואלט איהם ניט בעדארפט אזוי איבעראשען,
פון דעסטוועגען האט ער אין גאנצען אנגעווארען זיין קוראזש. ווען אללע

האבען זיך געמוזט פון איהם אוועקקעהרען און מען האט מורא געהאט צו שטעהען אין זיינע ד' אמות. נאר זיין רבי ר' ישעיה באסאן האט איהם ליעב געהאט ווי פריהר און איז איהם געקומען טרעסטען און נאך עטליכע געצאהלטע תלמידים האבען ניט געוואלט פון איהם אבטרעטען. לוצאטו האט אבער ארויסגעזעהען, אז אין פאדוא וועט איהם שווער זיין צו בלייבען, און ער האט זיך ענטשלאסען אוועקצווארפען ווייב און קינדער, זיך געזעגנען מיט אללע וואס זענען איהם ליעב געוועהן און זיך אוועקלאזען זוכען ערגיץ א נייע היים, וואו די קללות פון די רבנים זאלען ניט דערגרייכען. ער האט געווארפען איין אויג אויף אמשטרדם, וואס האט געשם'ט פאר א פרייע שטאדט, וואו די מקובלים שפיעלען א גרויסע ראללע, דארט האט ער געהאפט צו געפינען נייע גוטע פריינד און תלמידים, און אהין, איז ביי איהם געבליבען, זאל ער זיך צושלאגען. אונטערוועגס איז איהם אבער בעשערט געוועהן צו ליידען א גרויסען בזיון און נאך אמאל דערפיהלען דעם כח פון די רבנים. ער האט זיך אבגעשטעלט אין פראנקפורט אם מאין, ווייל ער האט געהאט פון זיין שווער א בריעף צום רב פון דארט, ר' יעקב הכהן בערלין, וועלכער האט איהם לכתחלה פריינדליך אויפגענומען און דערנאך האט ער אויף איהם אנגערייצט אללע רבנים און דינים פון דער שטאדט און מען האט איהם ניט געוואלט ארויסלאזען, ביז ער האט ניט געמוזט אונטערשרייבען א בריעף, אז ער וועט מיט קיינעם פון יונגע לייט ניט לערנען זהר און קבלה, ביז ער וועט אלליין ניט אלט ווערען פיערציג יאהר און זיינע תלמידים וועלען אויך זיין עלטערע מענשען. און אויב ער וועט עובר זיין דארויף וועט איהם מאגען טרעפען דער חרם. וואו ער וועט זיך געפינען. דערביי האט מען דורכגעקוקט זיינע אללע פאפיערען און מען האט ביי איהם צוגענומען זיין „מאמר הוכוח" געגען ר' יהודה ליאון די-מודינא, און מען ווייסט ניט עד היום וואו דער כתב-יד איז היינגעקומען. אז ר' משה חגיז האט דערהערט, ווי מען האט זיך מיט לוצאטו'ן אבגערעכענט אין פראנקפורט אם מאין האט ער זיך פשוט מחיה געוועהן; דעמאלט האט ער שוין געהאט א שותף צו זיך-ר' יעקב עמדן, וואס האט זיך מיט'ן גאנצען פייער פון דער יוגענד געווארפען אויף די מקובלים, און זיי ביידע האבען געלאזט זאגען לוצאטו'ן, ער זאל ניט מיינען, אז ער וועט זיך אויסדרעהען פון זייערע האנד, און אז זיי וועלען קיין אויג פון איהם ניט אראבלאזען וואו ער וועט נאר זיין.

קיים מיט צרות האט זיך לוצאטו, א דערשלאגענער און א צובראכענער,

בעזעצט אין אמשטרדם אונ דא איז איהם ליכטיג געווארען אין די אויגען, מען האט שוין געהערט פון איהם אונ אויך פון די צרות וואס מען האט איהם אנגעטהון, אונ די ספרדישע קהלה האט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד אונ האט זיך ענטשלאסען אויסצוהיילען די וואונדען, וועלכע די דייטשע אונ איטאליענישע רבנים האבען איהם געמאכט. קודם כל האט איהם די קהלה בעשטימט א יאהרליך געהאלט, ער זאל קאנען שאן לעבען אונ צו קיינעם ניט בעדארפען אנקומען, אונ אויסער דעם האט איהם דער גראסטער גביר ר׳ משה די-האוויש, אריינגענומען צו זיך אין שטוב אונ האט איהם געהאלטען ווי א אייגען קינד אונ געבעטען ער זאל לערנען מיט זיין זוהן. לוצאטו האט זיך אבער פון די אללע זאכען אבגעזאגט, ער האט זיך געוואלט ערנאהרען דורך אייגענע ארבייט אונ ער האט זיך גענומען צו גלאז-שלייפען, צו דער-זעלבער מלאכה, וואס האט מפרנס געוועהן ברוך שפינוזא. די הצלחה האט איהם צו געשפיעלט, אונ ער איז טאקי געוועהן א גרויסער בריה אין דעם פאך, אונ נאר אין א קורצער צייט איז ער אים שטאנד געוועהן זיין גאנצע משפחה, אונ אפילו די עלטערן, ארויסצונעהמען קיין אמשטרדם. צו זיינע תלמידים, וואס ער האט איבערגעלאזט אין פאדוא אונטער דער השגחה פון ר׳ יקותיאל בן ליב, וועלכער האט זיך ניט אויפגעהערט צו בעשעפטיגען מיט קבלה, האטש די רבנים האבען עס ניט געוואלט ליידען, פלעגט ער אפט שרייבען בריעף אונ זיי שטארקען, זיי זאלען ביי זיך ניט אראבפאלען אונ זיך ניט שרעקען פאר די שטיינער, וואס מען האט געווארפען זייער רבי׳ן אונ וואס האבען איהם, מיט גאט׳ס הילף, ניט געשאדט. אויסער דעם האט ער ניט איין מאל געבעטען דעם אלטען ר׳ ישעיה באסאן, ער זאל בעטראכטען זיינע תלמידים ווי איהם אליין אונ ער זאל זיי שטיצען מיט א רעכטער עצה אונ זיך אננעהמען פאר זיי, ווען די רבנים וועלען אויף זיי אנפאלען. ר׳ ישעיה באסאן, וואס איז געוועהן שטילערהייד א פערברענטער מקובל, האט זיך לאנג ניט געלאזט בעטען, אונ אזוי האבען לוצאטו׳ס תלמידים אין פאדוא געהאט אויף וועמען זיך סומך צו זיין, אונ דער פרומער למדן האט זיי געהאלטען אונטער זיינע פליגעל.

די רבנים זענען באלד דערפון געוואהר געווארען, נאר זיי האבען גאר ניט געקאנט טהון. קיין אמשטרדם האבען זיי קיין שליטה ניט געהאט, אונ טשעפען זיך גלאט אזוי צו ר׳ ישעיה באסאן האבען זיי ניט געהאט פאר וואס, ווייל אלדינג וואס ער אונ לוצאטו׳ס תלמידים האבען בעדארפט טהון איז צו

געגאנגען שטיל אונ קיינער האט זיי ניט געקאנט בעשולדיגען, אז זיי האבען זיך מיט עפיס פערזינדיגט. איין זאך האבען יא די רבנים געטהון: זיי האבען געלאזט אויסרופען אין די שולען, אז יעדער וואס האט בייזיך לוצאטו'ס כתבים טאר זיי ניט האלטען אונ מוז זיי צו שטעלען צו די רבנים, מען זאל זיי פערברענען, נאר מען האט קיין איינציג בלאטעל ניט געבראכט אונ די מורא פון א חרם האט קיינעם ניט איבערגעשראקען.

לוצאטו האט זיך אין אמשטערדם אבגעלעבט גליקליכע צעהן יאהר. פון דער ארבייט האט ער געהאט פרנסה בשפע אונ עס פלעגט איהם נאך בלייבען גענוג צייט אויף צו לערנען מיט זיינע תלמידים, צווישען וועלכע איז אויך געוועהן דער בעקאנטער דיכטער אונ מחבר פונ'ם טהעאטער-שטיק „גמול-עתליה״: ר' דוד פראנקו מענדעס. די רבנים פון אמשטערדם האבען איהם פשוט אויף די האנד געטראגען, אונ וואו עס פלעגט ערגיץ פארקומען א שווערע שאלה פלעגט מען זיך צו איהם ווענדען. אין דער צייט האט ער אנגעשריבען זיין בעריהמט טהעאטער-שטיק "לישרים תהלה" אונ האט עס געגעבען דרשה-געשאנק, ווען זיין תלמיד, ר' יעקב די האוויש האט חתונה געהאט. אויסער דעם האט ער ארויסגעגעבען נאך אסך כתבים, אונ בעזאנדערס האט זיך אויסגעצייכענט זיין מוסר-ספר „מסלת ישרים״, ווייל ער האט זיך ניט געהאלטען אן דעם דרך פון די מגידים, וואס סטראשען דעם עולם מיט'ן גיהנום; ער האט מיט שכל אויסגעוויזען, אז פאר יעדען מענשען איז פשוט גלייכער צו האבען גוטע מדות אונ, אז ווען ער האט מורא פאר גאטט אונ פארגעסט ניט, אז עס איז דא א בורא עולם, וואס ווייסט אללע זיינע געדאנקען אונ לאזט זיך ניט נארען ווי א בשר ודם, ווען ער איז א ענו, איינגעהאלטען, בעטראכט אונ ווייט פון תאוות, קאן ער זיך רוהיג אבלעבען די יאהרען אונ פארדערן פון אנדערע זיי זאלען אויך זיך אזוי פיהרען; אונ דעמאלט קאן די וועלט האבען א קיום אונ ניט בעשטעהען נאר דארויף, וואס איינער חאפט ביים אנדערן אויס, אדער ער נארט איהם אב. עד היום נאך רעכענט זיך דער „מסלת ישרים״ פאר איינס פון די בעסטע מוסר-ספרים, אונ ניט אומזיסט דערצעהלט מען, אז ווען דער ווילנא'ר גאון האט עס איבערגעלייענט האט ער געזאגט, ... עס טהוט איהם באנג, וואס לוצאטו איז שוין טויט, ווייל ווען ער וואלט געלעבט וואלט ער זיך ניט געפוילט צו פוס געהען צו איהם אונ לערנען זיך ביי איהם אמת'ע פרומקייט.

לוצאטא'ן האט אבער ניט געקאנט בעפרידיגען דאס גליקליכע לעבען אין אמשטרדם. חאטש ער איז געוועהן ארומגערינגעלט, ווי אמאל אין פאדוא, מיט געטרייע תלמידים, אונ פון אללע זייטען האט מען איהם אבגעגעבען דעם גראסטען כבוד, האט עס איהם געצויגען קיין ארץ ישראל אונ ער האט געהאפט, אז אין צפת וועט ער קאנען דערגרייכען פונקט די אייגענע מדרגה וואס דער ר"י · אים יאהר 1745, האט ער זיך מיט'ן גאנצען הויזגעזינד אויפגעזעצט אויף א שיף, אונ ער האט זיך גענוג אנגעליטען ביז ער האט געשטעלט זיין פוס אויף דער הייליגער ערד. קוים האט ער זיך אבגערוהט פון דער ווייטער נסיעה, אונ האט אנגעהויבען טראכטען ווי אזוי ער זאל זיך פיהרען אין ארץ ישראל, איז דארט געווארען א גרויסע מגפה אונ גאר פלוצלונג איז ער געשטארבען, דען 6 מאי 1747 אין עכו, עהדער ער איז אלט געווארען פירציג יאהר, אונ טאקי אין דער אייגענער צייט איז פון דעם חולאת אויסגעשטארבען זיין גאנצע משפחה. מען האט איהם אריינגעבראכט קיין טבריה, אונ דארט האבען איהם די רבנים געמאכט א גרויסען הספד, ווי א צדיק, אונ האבען איהם בעהאלטען נעבען קבר פון ר' עקיבא. ניט איין מאל האט דערנאך דאס הארץ געציטערט ביי די דאזיגע, וואס האבען לוצאטא'ן פערטריבען, פון זיין אומגעריכטען טויט; ניט איין טרער האבען זיי געלאזט דארויף, וואס צו ליעב זייערע רדיפות איז אזוי גיך פערלאשען געווארען אזא ליכטיגער שטערן.

נאך א גרויסען מענשען איז בעשערט געוועהן פיעל צו ליידען וועגען זיין צוגעניינטקייט צו קבלה: דאס איז געוועהן ר' יהונתן אייבעשיץ, אדער ר' יהונתן פראגער, וואס די שונאים האבען איהם מיט געוואלד געוואלט אריינרעכנען צווישען די שבתי צבי'ניקעס, אונ וואס וואלט אפשר געהאט דעם אייגענעם סוף ווי אללע שבתי צבי'ניקעס, ווען זיין נאמען וואלט ניט באלד אנגעהויבען קלינגען אויף דער וועלט, אונ ער שטעלט זיך ניט אזוי הויך, אז עס איז שוין שווער געוועהן איהם אראבצושווארפען פון זיין הויכער מדרגה. ר' יהונתן אייבעשיץ איז געבארען געווארען אין קראקויא אים יאהר 1690, אונ אזוי ווי זיין גאנצע משפחה איז בעשטאנען פון לויטער מקובלים, האט ער זיך אויך פון דער פריהעסטער קינדהייט גענומען צו קבלה, אונ די כתבים פון אברהם מיגואל קארדוזא, אונ שפעטער די נאהענטע בעקאנטשאפט מיט נחמיה חייא חיון, האבען איהם א ביסעלע מעהר ווי מען דארף צוגעבונדען צום דרך פון שבתי צבי. פון דעסטוועגען האט ער, ווי אללע פוילישע לומדים פון יענער צייט, זיינע אללע פעהיגקייטען אריינגעלעגט אין לערנען; די גמרא האט איהם

גֶעהָאלְפֶען אַרוֹיסצוּווייזֶען זַיין גְרוֹיס חֲרִיפוּת אוּנ זַיין זֶעלְטֶענֶעם זִכָּרוֹן, אוּנ בַּיי אַיין אוּנ צְוַאנְצִיג יָאהר אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶועהן רַב אוּנ רֹאשׁ יְשִׁיבָה אִין פְּרָאג, אוּנ טוֹיזֶענְדֶער תַּלְמִידִים הָאבֶּען בַּיי אִיהם גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה. מֶען פְּלֶעגְט זִיךְ אָבֶּער אָפְּט צוּ אִיהם טְשֶׁעפֶּען דֶערְפַאר, וָואס עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט בֶּעהַאלְטֶען אוּנ הָאט גֶעהַאט גֶעשֶׁעפְּטֶען מִיט מְקוּבָּלִים אוּנ שַׁבְּתַי צְבִי'נִיקֶעס. אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעוָואלְט מַאכֶען פַאר רַב אִין מֶעץ, אִיז דִי אַלְטֶע רַבִּיצִין אַרַיינְגֶעלָאפֶען מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי צוּ דִי דָארְטִיגֶע יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער, אוּנ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ לַארֶם, מֶען זָאל אוֹיפ'ן אָרְט פוּן אִיהר פְרוּמֶען מַאנְן נִיט אַנִידֶערְזֶעצֶען אַ שַׁבְּתַי צְבִי'נִיק. דָאס הָאט גֶעמַאכְט אַזַא רוֹשֶׁם, אַז דִי אֲסִיפָה הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט צוּגֶעהֶען, אוּנ עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר אִיז ר' יְהוֹנָתָן אַייבֶּעשִׁיץ אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען אִין מֶעץ פַאר רַב. דֶערְוַוייל הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר דִי פְּרַאגֶער יוּדֶען זֶעהר טְרוֹיעֶרִיגֶע טָאג: עֶס אִיז אַרוֹיס אַ מִלְחָמָה צְווִישֶׁען פְּרַייסֶען אוּנ אֶסְטֶערַייךְ, אוּנ אַזוֹי וִוי דֶעם פְּרַייסִישֶׁען קֶענִיג פְרִידְרִיךְ דֶעם גְרוֹיסֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ הִילְף פְרַאנְקְרֵייךְ, הָאט דָאס פְּרַאנְצֶעזִישֶׁע חַיִל זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין פְּרָאג, אוּנ דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען פַאלְשׁ דֶער מְדִינָה, אוּנ גֶעבֶּען אִיבֶּער דִי פְּרַאנְצֶעזֶען אַלֶע סוֹדוֹת. דֶערְפַאר הָאט מֶען פוּן זֵיי גֶערִיסֶען גֶעלְד מֶעהר וִוי זֵיי הָאבֶּען פֶערְמָאגְט, אוּנ אַ אֶסְטֶערְרַייכִישֶׁער גֶענֶערַאל אִיז גֶעוֶועהן אַזַא בַּעַל יֹשֶׁר, אַז עֶר הָאט בַּיי דִי אָרֶעמֶע יוּדֶען פוּן מֶעהרֶען גֶעפָאדֶערְט, מֶען זָאל אִיהם אִין זֶעכְס טָאג אַרַיינְטְרָאגֶען פִינְפְצִיג טוֹיזֶענְד גוּלְדֶען, אוּנ אוֹיב נִיט הָאט עֶר זֵיי אַלֶע גֶעוָואלְט אָבְּרַאבֶּעוֶוען אוּנ אוֹיסְהַרְגֶ'נֶען. דָאס גְלִיק אִיז גֶעוֶועהן, וָואס דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער וִויעֶנֶער קְהִלָּה, דֶער רַייכֶער רַב, ר' יִשָּׂשכָר בֶּערוּשׁ אֶשְׁכֶּלוֹת, אוּנ דֶער בַּארָאן דִי אַגוּלַאר, זֶענֶען דֶערְפוּן בֶּעצַייטֶענְס גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אוּנ מֶען הָאט פוּן אוֹיבֶען בֶּעפָאהלֶען דֶעם גֶענֶערַאל, עֶר זָאל זִיךְ נִיט אוֹיסְשְׁלָאגֶען דִי הוֹצָאוֹת פוּן אַזַא מֶערְדֶערִישֶׁע הַכְנָסָה.

פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאט מֶען אָבֶּער אִין בֶּאהֶמֶען אוּנ מֶאהרֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק רוֹדֵפ'ן דִי יוּדֶען אוּנ מֶען הָאט זֵיי גֶעהַאלְטֶען פַאר שְׁפִּיאָנֶען. אַ שְׁטִיקֶעל נְגִיעָה הָאט אִין דֶעם גֶעהַאט ר' יְהוֹנָתָן אַייבֶּעשִׁיץ, אוּנ גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ עֶס דֶערְפוּן, וָואס אִין דֶער צַייט, וֶוען דִי פְּרַאנְצֶעזֶען זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין פְּרָאג, הָאט ר' יְהוֹנָתָן גֶעלֶעבְּט פְרַיינְדְלִיךְ מִיט דִי פְּרַאנְצֶעזִישֶׁע הוֹיפְּט-לַייט אוּנ זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעגֶעבֶּען בְּרִיעף קַיין מֶעץ, ווָאוּהִין עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְלוֹיבֶּען פָאהרֶען. אַז מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען וִוי דֶער יוּדִישֶׁער רַב אִיז אַ גַאנְצֶער בֶּן בַּיִת

ביי די פראנצאזען, איז געפאלען דער חשד אויף אללע יודען; מען האט גאר פערגעסען אז ערשט ניט לאנג, ווען מען האט געהאפט, אז מען וועט נאך קאנען בעפעסטיגען פראג אונ ניט אריינלאזען אהין דעם שונא, האט ר' יהונתן אייבעשיץ געטריבען אלליין די יודען זיי זאלען אים יום כפור ארבייטען גלייך מיט די קריסטען, אונ האט אויסגעוויזען, אז אבהיטען דאס פאטערלאנד איז די גרעסטע מצוה, אונ מען מאג צו ליעב דעם עובר זיין אויף אסך הייליגע דינים; דאס האט ניט געהאלפען, עס איז געבליבען, מען זאל זיך גוט אברעכנען מיט די יודען אונ זייערע פארשטעהער. קוים האט מען ארויסגעפטר'ט די פראנצאזען, האט מען זיך גענומען צו די יודען, אונ עס איז ארויס א בעפעהל אז אין זעכס חדשים זאל זיך זייער געביין ניט געפינען אין באהמען אונ מאהרען. ביי ר' יהונתן אייבעשיץ האט מען צוגענומען זיין גאנץ פערמעגען, אונ אזוי ווי ער אלליין איז דערווייל אנטלאפען געווארען קיין מעץ, האט מען איהם פערווערט מעהר אריינצוקומען קיין אסטערייך. ר' יהונתן האט געפיהלט אז ער איז אין דעם אביסעל שולדיג אונ האט פון מעץ אנגעהויבען ארבייטען דורך די מארראנען פון באיאן אונ באררא, מען זאל שטיצען די פערטריבענע אונ האט אויך אוועקגעשריבען צו די יודען פון רום, מען זאל זוכען א וועג צום פאפסט אונ איהם בעטען, ער זאל זיך אננעהמען פאר זייערע אומשולדיגע ברידער. צווישען די קריסטען האבען זיך אויך געפונען גענוג מענשענפריינדע, וואס האבען פערשטעהען געגעבען דער אסטערייכישער מלוכה, אז זי טהוט איין עולה, וואס זי איז זיך נוקם אין אללע יודען פאר הטאים פון עטליכע יחידים, בעזאנדערס האבען שטארק געארבייט די געזאנדטע פון האללאנד אונ ענגלאנד, נאר דאס אלץ האט קיין ישועה ניט געבראכט. פיער יאהר זענען די פראגער יודען געוועהן אין א סכנה, אט האט מען זיי געטריבען אונ אט האט מען זיי ווייטער צו רוה געלאזט, ביז מען איז ניט געפאלען אויפ'ן אלטען שכל אונ מען האט זיך געווענדט צו דעם אלטען מיטעל, וואס האט דעם יודען שוין ניט איין מאל ארויסגעשלעפט פון אללע אומגליקען, אונ דאס איז געוועהן די מטבע וואס האט דא אויך געהאלפען. אין וויען האט מען דער מלוכה ערקלאהרט, אז דערמיט וואס זי טרייבט ארויס די יודען פערלירט זי אשטארקע הכנסה, אונ פון פראג האט מען אללע מאל געמעלדט, אז די שטאדט ווערד זעהר ארעם אונ פערוויסט, אונ אזוי האט מען ארויפגעבראכט די קייזערין מאריא טהערעזיא, זי זאל הייסען צוריק אריינלאזען די יודען. מען איז בארויף מרוצה געווארען, נאר זי האט געוואלט, אז די צאהל פון די יודען

זאל זיין בעשטימט, אונ צו ליעב דעם איז ארויס א געזעץ, אז אין באהמען טארען זיך ניט געפינען מעהר פון צוואנציג טויזענד יודישע משפחות, אונ אין מאהרען — ניט מעהר פון פינף טויזענד אונ הונדערט, אז אין יעדער פאמיליע מאג נאר חתונה האבען דער עלטסטער זוהן אונ, אז די יודען מוזען אללע יאהר אריינטראגען דער קרוין א בעזונדער נתינה פון צוויי הונדערט טויזענד גולדען. דאס געזעץ האט זיך געהאלטען כמעט הונדערט יאהר, ביז 1848, ווען די זונן פון פרייהייט האט אנגעהויבען שיינען אויך אין אסטעררייך, אונ אזוי ווי אללע געזעצע פון אזא ארט, וועלכע עס איז שווער אבצוהיטען, האט עס אויסגעצאפט גענוג געלד ביי יודען, נאר אללע זענען געוועהן צופרידען: די דאזיגע, וואס האבען געריסען, האבען געדאנקט גאטט, אז זיי האבען פאר וואס צו רייסען, אונ די דאזיגע, וואס האבען זיך געמוזט לאזען רייסען, האבען זיך פשוט מחיה געוועהן, אז מען האט זיי גוט בעריסען אונ דערנאך שוין געלאזט צו רוה.

אין מעץ איז ר׳ יהונתן אייבעשיץ געבליבען נאר עטליכע יאהר. ער איז געוואהנט געוועהן צו האבען אונטער זיך די גרעסטע ישיבה אונ שטאנדיג זיין ארומגערינגעלט מיט לומדי תורה; אין פראנקרייך האט מען אבער דאס ניט געקאנט אויספיהרען, דערפאר האט עס איהם געצויגען קיין דייטשלאנד אונ ער האט זיך בעמיהט מען זאל איהם אויפנעהמען פאר הויפט-רב פון די דריי קהלות: אלטונא, האמבורג אונ וואנדסבעק. דארט האט מען טאקי בעדארפט האבען אזא בעריהמטען למדן ווי ר׳ יהונתן אייבעשיץ, ווייל דאס גאנצע יודישע לעבען האט זיך געפיהרט אונטער דער השגחה פון די רבנים, זיי האבען געהאט די גאנצע דעה אונ זיי פלעגט מען פאלגען, ניט נאר אין רעליגיאנס-זאכען, נאר אויך אין אללע ענינים, אונ דאריבער האבען אללע געהאפט, אז ר׳ יהונתן וועט אים שטאנד זיין צו האלטען דאס פאלק אין די האנד אונ אכטונג געבען, אז שלום אונ יושר זאלען הערשען צווישען די יודען. צום אומגליק, איז פון דער האפנונג נאר ניט געווארען: פונ׳ם ערשטען טאג אן, וואס ר׳ יהונתן אייבעשיץ האט געשטעלט זיין פוס אין אלטונא, איז שוין ארויס א שטארק מחלוקת אונ פון די ערשטע פונקען האט זיך באלד אנגעהויבען א שרפה, וועלכע עס איז שוין אונמעגליך געוועהן צו לאשען.

ר׳ יהונתן אייבעשיץ האט אין זיך געהאט דאס עקשנות פון אללע גרויסע לייט, וואס אמאל איז עס א מעלה, ווייל עס העלפט דעם שארפען מח אויספיהרען זיינס אונ ניט אראבפאלען ביי זיך, ווען עס געראטה איהם ניט, נאר

אפטער איז עס א חסרון, ווייל ניט שטאנדיג קאן דער מענש דערגרייכען זיין ציעל אונ דערווייל ליידט ער פיעל אונ בלייבט ביי די צרות. אז ער האט זיך איין מאל פאר אללע מאל אריינגענומען אין קאפ, אז די קבלה איז דאס הייליגסטע אונ, אז שבתי צבי איז טאקי עפיס געוועהן, האט ער בשום אופן ניט געוואלט אבטרעטען פון זיין דרך, אונ עס האט איהם אויך ניט געהאלפען דאס, וואס ער איז אין דער יוגענד שיער ניט אומגליקליך געווארען צו ליעב דעם. גאנצע פינף אונ צוואנציג יאהר זענען אוועקגעגאנגען פון דעם ערב יום כפור, וואס ער האט אליין געמוזט אפענטליך אין שול ארויסגעבען א חרם געגען די שבתי צבי'ניקעס, אונ נאר דורך דעם איז ער ניצל געווארען פון דעם חשד, וואס איז אויף איהם געפאלען, ווען מען איז געוואהר געווארען, אז ער פיהרט געשעפטען מיט לייבעלע פראשניץ, אונ מיט משה מאיר זאלקאווער, וועלכער איז ארומגעפאהרען אויף דער וועלט ווי א משולח פון די פולישע שבתי צבי'ניקעס; אין דער צייט איז ער געוועהן רב אין עטליכע גרויסע שטאדט אונ אומעדום האט איהם דאס פאלק אנגענומען פאר א מנהיג הדור, פאר א מענשען וואס קאן פיהרען זיינע ברידער אין רעכטען וועג, ביי אזא לאגע וואלט ר' יהונתן אייבעשיץ בעדארפט זיין זעהר אבגעהיט אונ איינגעהאלטען אונ גוט אכטונג געבען עס זאל קיין שום פלעק ניט זיין אויף איהם, אונ מען זאל נאר פערשפארען איהם פראגען אזעלכע שאלות, וואס ער האט ניט געטארט אונ ניט געקאנט געבען אויף זיי א קלארע תשובה; צום סוף האט ער גאר פערגעסען ווי פיעל ער האט געהאט א מאל געליטען איבער דער קבלה אונ שבתי צבי אונ, אז ער האט געוואהנט אין מעץ, וואו דער עולם האט איהם געהאלטען פאר א בעל מופת אונ חולים פלעגען זיך יאגען צו איהם נאך רפואות, האט ער אנגעהויבען ארויסצוגעבען קמיעות, אונ אזוי ווי ער האט געוואוסט אז ביי איין אומגליק האפט מען זיך אן אין א שארף פון א שווערד האט ער אין די דאזיגע קמיעות אריינגעשלעפט פיעל זאכען פונ'ם שבתי צבי, כדי אז יעדער וואס וועט געהאלפען ווערען זאל אנהויבען גלויבען, אז אין זכות פון שבתי צבי, האט ער בעקומען א רפואה שלמה. אין פראנקרייך האט מען זיך דארויף ניט אומגעקוקט: קיינער איז פון די קמיעות קיין שבתי צבי'ניק ניט געווארען, אונ עס האט ר' יהונתן אייבעשיץ ניט געשאדט. אז ער איז אבער, אים יאהר 1750, אריינגעפאהרען קיין אלטונא אונ האט דארט אויך אנגעהויבען טהיילען אזעלכע קמיעות, איז דער סוד ארויס ווי בוימאהל אויפ'ן וואסער. דעמאלט איז גראד אין אלטונא אונ האמבורג

ארומגעגאנגען א שרעקליך הולאת אונ טויזענדער פרויען זענען אויסגעשטארבען פון קימפעט; פון דער ווייטענס האט מען געהערט, אז דער נייער רב איז פשוט מחיה מתים, אונ מען האט זיך צו איהם פון אללע זייטען געווארפען מיט בקשות. דא האט ר׳ יהונתן אייבעשיץ געפונען זעהר א וואהלען פלאן פאר זיינע קמיעות, אונ אזוי ווי זיי פלעגען גראסטענטהיילס בעשטעהען פון ראשי תבות, נאר פון דעם ערשטען אות פון יעדען ווארט, האט מען ריכטיג ניט געקאנט זאגען וואס ער מיינט אונ זיינע געגנער האבען. עס איז איהם אבער נאר ארויס פונ׳ם קאפ אז אין אלטונא געפינען זיך לומדים, וואס קוקען מיט קנאה אויף זיין גרויסען שטאנד, אונ אז דארט זיצט דעם חכם צבי׳ס זוהן, דער בעריהמטער ר׳ יעקב עמדן, וואס חאטש ער איז נאך געוועהן צו יונג אונ האט זיך גערעכענט פאר א מורה הוראה אין א קליינער קהלה, האט ער אללע זיינע כוחות אוועקגעלעגט אויף דער מלחמה מיט די מקובלים אונ די שבתי צבי׳ניקעס, אונ איז פערטיג געוועהן יעדען פון זיי אין א לאפעל וואסער צו דערטרענקען. אודאי איז מען באלד געוואהר געווארען מיט וואס פאר א מין קמיעות ר׳ יהונתן אייבעשיץ היילט דאס פאלק אונ מען האט אויסגעוויזען אז די ראשי תבות בעדייטען אזוי: „א, גאטט פון ישראל! שיק אין זכות פון דיין קנעכט שבתי צבי א רפואה פאר דער יודענע, כדי דיין נאהמען אונ דער נאהמען פונ׳ם משיח שבתי צבי זאל געהייליגט ווערען אויף דער וועלט!“ עס האט זיך אנגעהויבען א רעש, נאר קיינער האט זיך ניט געוואגט אנצורירען דעם כבוד פון אזא בעריהמטען גאון, וואס האט שוין מגדל געוועהן מעהר פון צוואנציג טויזענד תלמידים, אונ וואו די גראסטע רבנים רעכנען איהם פאר זייער רבי׳ן. ר׳ יעקב עמדן האט זיך אפילו יא גע־פרייוט ערגיץ אין א קליין שולכען זאגען א דרשה, אונ אויסווייזען אז פאר אזעלכע קמיעות מוז מען דעם שרייבער אריינלעגען אין חרם, נאר ער איז געצוואונגען געוועהן פריהר אויסנעהמען א תנאי, אז ער בעשולדיגט ניט אין דעם ר׳ יהונתן אייבעשיץ אונ רעכענט, אז די דאזיגע קמיעות האט ער אומגערן ארויסגעלאזט פון זיין האנד. ר׳ יהונתן אייבעשיץ איז שוין אבער אזוי בעליעבט געוועהן, אז ער האט זיך גאר ניט בעדארפט פעראנפערן, אונ איין ווארט פון איהם איז גענוג געוועהן, אז די פארשטעהער פון אלטונא זאלען אנפאלען מיט כעס אויף ר׳ יעקב עמדן אונ איהם וועלען פון דער שטאדט ארויסשיקען. אט דא איז ערשט ארויס דאס רעכטע מחלוקת: מען האט ר׳ יעקב עמדן ארויסגעבראכט פון דער העזה אונ ער האט צושיקט בריעף צו די גראסטע יודישע קהלות.

אז דאס יודענטהום איז אין געפאהר אונ האט אויסגעוויזען פון די קמיעות, וועלכע ר׳ יהונתן אייבעשיץ האט נאך אין מען געשריבען מיט זיין אייגענער האנד, אז ער האלט שבתי צבי פאר משיח.

אין א סך שטאדט האט זיך אנגעהויבען א שרעקליך קאכעניש אונ אומעדום האבען זיך באלד אבגעזונדערט, ווי ער פיהרט זיך ביי יודען, צוויי צדדים, וואס קוקען שטאנדיג נאר ארויס דארויף, מען זאל האבען פאר וואס זיך צו שלאגען אונ איינער דעם אנדערן זאל קאנען די אויגען אויסקראצען׳. עס איז אזוי ווייט געקומען, אז דער „ועד ארבע ארצות״, וועלכער האט נאך דעמאלט געהאט דעם כח זיך אריינצומישען אין יעדער שאלה וואס איז נוגע דעם לעבען פונ׳ם כלל ישראל, האט געמוזט מאכען א בעזונדער אסיפה וועגען דער זאך; ווייל אין פולין אונ מאהרען האט מען מעהר געהאלטען פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ. אין דער דאזיגער אסיפה איז אויך שווער געוועהן צו דערגעהען איין עק, ווייל צווישען די רבנים אליין איז ארויס א קריעג: א טהייל האבען געוואלט אריינלעגען ר׳ יהונתן אייבעשיץ אין חרם אונ די איבריגע האבען אנגעמאכט א געוואלד אונ געשריגען, אז זיי וועלען ארויסגעבען א חרם געגען יעדען, וואס וועט נאר אפילו מיט א ווארט אנרירען דעם כבוד פון אזא גאון עולם. אין אלטונא האט מען גאר ניט געלאזט די געגנער פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ אויפהויבען א קאפ, אונ מען פלעגט זיי אפט אנטהון שרעקליכע צרות. פון אזעלכע זאכען קומט קיין גוטס קיין מאל ניט ארויס אונ, אז די פארשטעהער פון דער אלטונא׳ר קהלה האבען זיי שטארק דערקוטשעט, האבען די געגנער זיך געקלאגט פאר׳ן קאניג פרידריך דעם ערשטען פון דא־נעמארק אונ האבען איהם געבעטען, ער זאל ניט דערלאזען, אז א שבתי צבי׳ניק, וואס לייגענט אין דעם עיקר פון דער יודישער אמונה, זאל זיין א רב. ר׳ יהונתן אייבעשיץ האט אבער בעקומען א גראסערן צד צום קאניג אונ די מלוכה האט איהם נאך פון איהר זייט אויך געגעבען איין ערלויבניש צו פיהרען דאס רבנות. דאס האט צום איבריגען אונטערגעצונדען זיינע שונאים אונ זיי האבען זיך נאך א מאל געווענדעט צום קאניג מיט דער בקשה, ער זאל זיי בע־פרייהען פון אזא רב, וואס זיי האבען צו איהם קיין צוטרויען ניט אונ קאנען פון איהם ניט ערווארטען קיין איינציגען גערעכטען משפט. דערביי האבען זיי צוגעשטעלט עטליכע קמיעות, אונ האבען אויסגעוויזען, אז א מענש וואס שרייבט אזעלכעס, קאן זיך ניט רעכנען פאר קיין יודען. דעם קאניג איז די זאך נמאס געווארען, ער האט פערשטאנען, אז פון די יודען אליין וועט ער

דֶעם אֱמֶת נִיט ווִיסֶען, אוּנ עֶר הָאט דִי קָמֵיעוֹת גֶעגֶעבֶּען, אִיבֶּערְקוּקֶען אַ גֵייסְטְלִיכֶען, אוּנ אַ גְרוֹיסֶען גֶעלֶעהְרְטֶען, דֶעם פְּרָאפֶעסָאר דָוִד פְּרִידְרִיךְ מֶעגֶערְלִין. דָארְט וואו מֶען הָאט אָבֶּער צוּ טְהוּן מִיט רָאשֵׁי תֵּבוֹת קָאן מֶען טַייטְשֶׁען ווִי אַזוֹי מֶען ווִיל, אוּנ עֶס אִיז גָאר קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס מֶעגֶערְלִין הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ מֵיינוּנְג, אַז ר׳ יְהוֹנָתָן אֵייבֶּעשִׁיץ מֵיינְט גָאר נִיט שַׁבְּתַי צְבִי, אַז עֶר רֶעדְט גָאר פוּן קְרִיסְטוּס אוּנ, אַז עֶר אִיז אִין הַארְצֶען אַ אֱמֶת׳ער קְרִיסְט, אוּנ דֶערְפַאר אִיז אַזוֹי אוֹיף אִיהם אִין כַּעַס ר׳ יַעֲקֹב עֶמְדֶן, ווַייל דָאס אֵייגֶענֶע הָאט זַיין פָּאטֶער, דֶער חָכָם צְבִי, גֶעטְהוּן מִיט נְחֶמְיָה חָיָיא חַיוֹן, ווֶעלְכֶער אִיז אוֹיךְ אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעוֶועהן אַ פֶערְבָּארְגֶענֶער קְרִיסְט. מֶעגֶערְלִין אִיז בַּיי זִיךְ אַזוֹי פֶעסְט גֶעוֶועהן, אַז עֶר שְׁטֶעהט נָאהֶענְט צוּם אֱמֶת, אַז עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען ר׳ יְהוֹנָתָן אֵייבֶּעשִׁיץ אַ בֶּעזוּנְדֶער בְּרִיעף, אוּנ הָאט אִיהם פָּארְגֶעלֶעגְט, אַז עֶר זָאל אַרָאבְּנֶעהמֶען פוּן זִיךְ דִי מַאסְקֶע אוּנ זָאל אָנְנֶעהמֶען אָפֶענְטְלִיךְ דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם. בַּיים קֶענִיג אִיז זֶעהר אָנְגֶעלֶעגְט גֶעוֶועהן, אַז עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וָואס פַאר אַ יְשׁוּעָה עֶס קֶאן אַ מָאל אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן ר׳ יְהוֹנָתָן אֵייבֶּעשִׁיץ, אוּנ הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, אַז עֶר זָאל בְּלַייבֶּען הוֹיפְּט־רַב ווִי פְרִיהֶר; אוּנ מֶעהר זָאל זִיךְ קֵיינֶער נִיט טָארֶען טְשֶׁעפֶּען צוּ אִיהם. אוֹיף דֶער אַלְטוֹנַא׳ר קְהִלָּה אִיז גֶעקוּמֶען אַ שִׂמְחָה וָואס זֵייעֶר רַב הָאט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוּנ זַיינֶע שׂוֹנְאִים זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען צוּם נַארר; נָאר דִי אֱמֶת׳ע סִבָּה וָואס דִי מְלוּכָה הָאט זִיךְ אַזוֹי אָנְגֶענוּמֶען פַאר ר׳ יְהוֹנָתָן אֵייבֶּעשִׁיץ אִיז קֵיינֶעם נִיט בֶּעקַאנְט גֶעוֶועהן. עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ נִיט ווִיסֶענְדִיג גֶעמַאכְט, אוּנ הָאט גֶעדַאנְקְט גָאטט, וָואס עֶר הָאט גֶעקָאנְט בְּלַייבֶּען אוֹיף זַיין שְׁטוּהל אוּנ פִיהְרֶען זִיךְ מִיט זַיין דֶּרֶךְ בִּיז׳ן טוֹיט, ווֶעלְכֶער הָאט אִיהם בֶּעפְרַייהט פוּן אַלֶע יִסוּרִים אוֹיפ׳ן פִיער אוּנ זִיבְּצִיגְסְטֶען יָאהר.

דֶערְוַוייל הָאבֶּען דִי שַׁבְּתַי צְבִי׳נִיקֶעס אִין פּוֹלִין אוֹיךְ נִיט גֶעדְרִימֶעלְט. אַז דֶער „וַעַד אַרְבַּע אֲרָצוֹת" הָאט אִין לֶעמְבֶּערְג, דֶעם 2 יוּלִי 1722, אַרוֹיסְגֶעלָאזְט גֶעגֶען זֵיי אַ חֵרֶם הָאבֶּען נָאר עֶטְלִיכֶע גֶעצֶאהלְטֶע קְלָאמֶערְשְׁט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן, אִי דָאס נָאר לְפָנִים; דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ נָאר אָנְגֶעהוֹיבֶּען מֶעהר הִיטֶען אוּנ בִּיסְלֶעכְוַוייז הָאבֶּען זֵיי צוּ זִיךְ צוּגֶעשְׁלֶעפְּט אַ סַךְ בְּכָבוֹדֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, ווִי אֱלִישַׁע שׁוֹר, פִישֶׁעל זְלַאטְשׁוֹבֶער, מֵאִיר קַאמִינְקֶער, אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע. צְווִישֶׁען זֵיי זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועהן פֶערְשִׁיעדֶענֶע חֲבֵרוֹת: אַ טְהֵייל הָאבֶּען תָּמִיד גֶעפַאסְט אוּנ גֶעלֶעבְּט אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן דֶער גַאנְצֶע ווֶעלְט, אוּנ אַ טְהֵייל זֶענֶען דַוְקָא נָאכְגֶעלָאפֶען אַלֶע תַּעֲנוּגִים, אוּנ הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען

אז ביז מען קומט צו דער קדושה מוז מען דורכגעהען פינפציג טויערן פון
טומאה. אים יאהר 1725, האבען די פולישע שבתי צבי'ניקעס ארויסגעשיקט
זייערן א משולח, משה מאיר זאלקאווער, ער זאל פון זיי ברענגען א געררוס
זייערע ברידער פון אנדערע לאנדער, אונ בעזאנדערס פון טירקיי. אין מאנהיים
האט מען אבער דעם משולח איבערגענומען, דעמאלט איז אויך ארויס דער
סוד, אז ר' יהונתן אייבעשיץ האלט מיט זיי, אונ די רבנים האבען צום צווייטען
מאל ארויסגעגעבען א חרם. די שבתי צבי'ניקעס זענען אבער ביי זיך ניט
אראבגעפאלען, אונ וואס מעהר מען האט זיי געררודפ'ט האבען זיי דערפיהלט
אין זיך א גראסערע שטארקהייט, אונ האבען נאר געהאפט, אז אין גיכע צייטען
וועט זיי גאטט צושיקען א פיהרער, וואס וועט צונויפנעהמען די שאפעלעך אונ
וועט ניט צולאזען צו זיי קיין באזע וואלף. אזא פאסטוך האט זיך באלד אב-
געזוכט אונ דאס איז געוועהן יעקב פראנק — א מענש, וואס האט זיך אונ-
טערגענומען אויסצופיהרען שבתי צבי'ס שליחות אונ האט פערדרעהט דעם קאפ
פון א האלבער וועלט, יודען אונ קריסטען.

יעקב לייבאוויטש, וואס איז שפעטער בעקאנט געווארען מיט דעם
נאהמען, יעקב פראנק, אדער בארון אפענבאך, איז געבארען געווארען
אים יאהר 1720 אין בוטשאטש, אין א קליין שטאדטעל פון גאליציען.
זיין פאטער, ר' יהודה ליב איז געוועהן רב אין טשערנאוויץ, וואס
האט דעמאלט געהערט צו דער וואלעכייא; ער האט מן הסתם געוואלט
דעם זוהן אויך בעגליקען מיט תורה אונ מאכען פון איהם א מורה הוראה.
דער קליינער יעקב האט אבער ווייניג חשק געהאט צו ברעכען זיך דעם מוח
איבער לערנען; פון קינדהייט אן האט ער שוין ליעב געהאט צו לעבען, אונ
קיין גרויסער אוהב אמת איז ער קיין מאל ניט געוועהן. אין קבלה-ספרים האט
ער יא אפט אריינגעקוקט, ווייל דאס הארץ האט איהם געזאגט, אז זיי וועלען
איהם צו נוטץ קומען צום שווינדעל, אונ שפעטער מיט א סך יאהרען, אז
זיין נאהמען האט שוין געקלונגען אויף דער וועלט, פלעגט ער זיך פאר זיינע
מקורבים בעריהמען, אז נאך קליינערהייד האט ער פערשטאנען צו מאכען די
קונץ, אונ האט אבגענארט דעם אייגענעם טאטען, האטש קיין נאר איז ער
קיין מאל ניט געוועהן. ביי דרייצעהן יאהר האט ער שוין אנגעשפארט אין
בוקארעשט, אונ האט געדיענט ביי א סוחר, א פולישען יודען, ר' מרדכי
מרגליות. מיט'ן בעל הבית פלעגט ער אפט פאהרען קיין טירקיי איינקויפען
סחורה. עס איהם אויך אויסגעקומען צו זיין אין ניקאפאליס, סמירנא

און סאלוניקי, און איז דארט געווארען א נאהענטער מחותן מיט די שבתי צבי׳ניקעס, וואס האבען זיך שוין גערעכענט פאר טירקען און האבען געהייסען דאנמאה. דעמאלט איז ער געבענשט געווארען מיט דעם נייעם נאהמען פראנק, ווייל די טירקען פלעגען רופען יעדען פרעמדען פראנק. פונקט אין דער צייט, וואס יעקב פראנק האט זיך אנגעהויבען אומצודרעהען אין טירקיי, איז געשטארבען ברכיה, דער פיהרער פון די שבתי צבי׳ניקעס, און עס איז פון איהם איבערגעבליבען איין אלמנה און א קליין טאכטערל, וועלכע האבען איבערגענומען די ירושה, און האבען זיך אויך אנגעהויבען רעכנען פאר הייליג. די אלטע האט זיך גערופען „גבירה״, אדער „מטרוניתא״, און די יונגע האט געהייסען „נערה קדישא״. אזא מענש ווי יעקב פראנק, וואס עס האט איהם פון דער קינדהייט אן געצויגען נאר גוט צו לעבען, האט אזא מין פרומקייט, וואס ער האט בעמערקטביי די שבתי צבי׳ניקעס — און וואס בעשטעהט: אין נאכלויפען תאוות און ניט שטארק אבגעשיידט זיין פון ווייבער־געמוזט זעהר געפאלען, און ער איז באלד איבערגעגאנגען צום מחמדנישען גלויבען אזוי ווי אללע, וואס האבען געהערט צו דער סעקטע דאנמאה, און האט זיך גערעכענט צווישען די פייעריגע שבתי צבי׳ניקעס. אז יעקב פראנק האט זיך אבער צוגעקוקט צום לעבען פון די דאזיגע, וואס האבען געשפיעלט א ראללע ביי די שבתי צבי׳ניקעס, האט ער באלד פערשטאנען אז מיט עזות און איינגעשפארטקייט וועט איהם געראטהען זיך ארויפצוהאפען אויף א הויכער מדרגה, און פלוצלונג האט ער אנגעהויבען בלאזען פון זיך און שרייען אז אין איהם ליעגט די נשמה פון שבתי צבי. יעקב פראנק איז דווקא ניט געוועהן קיין שאנער מענש, רעדען האט ער אויך ניט געקאנט, קיין למדן איז ער אודאי ניט געוועהן, און דאך האבען זיך באלד אבגעזוכט עטליכע נארען, וואס האבען איהם געגלויבט. אזוי פיהרט זיך שוין די וועלט: קוים געפינט זיך א זעלכער, וואס נעהמט זיך פעסט עפיס אויף א נייעם וועג און ווערד ביי זיך ניט בטל, ווען מען קוקט אויף איהם די ערשטע צייט א ביסעלע קרום, מוז ער בעקומען אנהאנגער, וואס מאכען אן אלארם און צולעגען די זאך אויף טויזענד טעלער ביז מען הויבט אן דערפון צו שמיעסען, און אז די וועלט נעהמט איהם נאר אין מויל אריין — איז ער שוין נאהענט צום ציעל. דאס אייגענע איז אויך געשעהען מיט יעקב פראנק, און אז ער האט נאך אים יאהר 1752 חתונה געהאט אין ניקאפאלים מיט זעהר א שאנער פרוי חנה, וואס האט געבארען צוויי זיהן יוסף און יעקב, און איין טאכטער חנה, האט איהם דאס ווייב נאך

מֶעהר גֶעהָאלְפֶען אוֹיסְצוּפִיהרֶען זַיין זַאךְ. זִי אִיז גֶעוֶועהן אַזַא אִשָּׁה צְנוּעָה וִוי אַללֶע פְרוֹיֶען פוּן דִי שַׁבְּתַי צְבִי׳נִיקֶעס, אוּנ צוּ יֶ׳דעם צִיעל וָואס אִיהר מַאנְן הָאט גֶעצוֹיגֶען הָאט זִי אִיהם זֶעהר גֶעטוֹיגְט: זִי הָאט צוּ זִיךְ צוּגֶעצוֹיגֶען יוּנְגֶע לַייט פוּן אַללֶע זַייטֶען אוּנ צוּ לִיעבּ אִיהר אִיז עֶר אוֹיךְ גְרוֹיס גֶעוָוארֶען.

פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז אִיהם אִין טִירְקַיי נִיט אַזוֹי גוּט גֶעגַאנְגֶען. שׂוֹנְאִים הָאט עֶר גֶעהַאט אַסַךְ, אוּנ עֶס אִיז אַ סְבָרָא אַז דִי יוּדֶען פוּן סַאלוֹנִיקִי הָאבֶּען גֶעדוּנְגֶען אַ טֶערְק, עֶר זָאל אִיהם הַרְגֶ׳נֶען. עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי פְרַאנְקְ׳ן עֶר זָאל זוּכֶען זַיין גְלִיק עֶרְגֶיץ אִין דֶער פְרֶעמְד אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען, אַז אַ בַּת קוֹל הָאט אִיהם מְגַלֶה גֶעוֶועהן, אַז עֶר מוּז פָאהרֶען קַיין פוֹלִין. קַיין בַּת קוֹל הָאט עֶר, פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ, נִיט גֶעהֶערְט, נָאר עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז אִין פוֹלִין זֶענֶען דָא זֶעהר פִיעל שַׁבְּתַי צְבִי׳נִיקֶעס, אוּנ אַז דָארְט וֶועט עֶר אִים שְׁטַאנְד זַיין אוֹיסְצוּפִיהרֶען דֶעם פְּלַאן, וָואס אִין טִירְקַיי הָאט עֶר אִיהם נִיט גֶעקָאנְט גֶערָאטְהֶען. אִים יָאהר 1755, פוּנְקְט וֶוען אִין דִי פוֹלִישֶׁע יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת הָאט זִיךְ רֶעכְט צוּבְּרֶענְט דָאס מַחֲלוֹקֶת וֶועגֶען ר׳ יְהוֹנָתָן אֵייבֶּעשִׁיץ, אִיז יַעֲקֹב פְרַאנְק אַרָאבְּגֶעקוּמֶען קַיין פוֹלִין; עֶר הָאט שֵׂכֶל גֶעהַאט נִיט צוּ קוּמֶען מִיט קַיין לֶעדִיגֶע הָאנְד, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעשִׁיט מִיט גֶעלְד אוּנ גֶעגֶעבֶּען בְּרֵייטֶע נְדָבוֹת, הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד קוֹנֶה שֵׁם גֶעוֶועהן אוּמֶעדוּם. דִי פוֹלִישֶׁע שַׁבְּתַי צְבִי׳נִיקֶעס הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען, וָואס זָאל הָאבֶּען אִין זִיךְ אַ כֹּחַ צוּ וֶוערֶען זַייעֶר מַנְהִיג, אוּנ זֵיי זָאלֶען פִיהלֶען, אַז זֵיי הָאבֶּען אוֹיף וֶועמֶען זִיךְ אָנְצוּשְׁפַּארֶען; אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען יַעֲקֹב פְרַאנְק אִיז בַּיי קֵיינֶעם פוּן זֵיי קַיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן אַז דָאס אִיז דֶער בֶּעשֶׁערְטֶער, וָואס זֵיי הָאבֶּען אוֹיף אִיהם אַזוֹי פִיעל גֶעוַוארְט. פְרַאנְק הָאט זֵיי טַאקִי נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט צוּ דֶערְצֶעהלֶען גַאנְצֶע מַעֲשׂוֹת, וִוי אִין אִיהם אִיז אַרַיין דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, אוּנ דָארְט וואוּ עֶס הָאט אִיהם גֶעפַּאסְט צוּם רוּמֶעל הָאט עֶר גֶעוִויזֶען מוֹפְתִים אוֹיךְ. פַאר דִי שַׁבְּתַי צְבִי׳נִיקֶעס אִיז שׁוֹין גֶענוּג גֶעוֶועהן, וָואס פְרַאנְק הָאט גֶעלֶעבְּט אִין סַאלוֹנִיקִי אוּנ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהט אוֹיף דֶער אֵייגֶענֶער הֵיילִיגֶער עֶרְד, וָואס אוֹיף אִיהר אִיז אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען שַׁבְּתַי צְבִי מִיט זַיין גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה, אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען נָאךְ פוּן אִיהם גֶעהֶערְט, אַז אִין אִיהם לִיעגְט דִי נְשָׁמָה פוּן מָשִׁיחַ אוּנ עֶר הָאט זֵיי נָאךְ אוֹיסְגֶעדְרוּנְגֶען, אַז אוֹיף אִיהם אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל צוּ בֶּעפְרַייהֶען דִי יוּדֶען אוּנ זֵיי אַרַיינְפִיהרֶען אִין זֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד וִוי יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן, וַוייל עֶס זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פִיערְצִיג יָאהר זַייט חַיִּים מַלְאָךְ הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען אִים יָאהר 1715, הָאבֶּען אַללֶע אִיהם גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ

וואוהין ער איז נאָר געקומען זענען איהם טויזענדער נאָכגעלאָפען. אין ראָהאַטין, בוּסק, נאַדוואָרנאָ, לאַסקאַרון און נאָך אַנדערע שטעדט פון פּאָדאָליען און גאַליציען האָט מען איהם פּשוט אויף די הענד געטראָגען. און איהם צו ליעב האָבען זיך די שבתי צבי'ניקעס אָנגעהויבען רופען פראַנקיסטען אָדער זאָהאַריסטען, ווייל דער זהר איז בּיי זיי געוואָרען דאָס הייליגסטע. דעם נאָהמען פון פראַנק'ן האָבען זיי אַריינגעשטעלט אין די תּפלות און פלעגען איהם ניט אַנדערש רופען ווי „הייליגער הער״.

די רבּנים האָבען פריהר אויך גענוג גערודפ'ט די שבתי צבי'ניקעס, האָטש זיי פלעגען זיך בּעהאַלטען און ניט אַרויסווייזען אָפענטליך ווער זיי זענען. אַז זיי האָבען פּלוצלונג בּעקומען אַזאַ פאַרשטעהער ווי יעקב פראַנק, האָבען זיי גאָר אַנדערש אויפגעהויבען די קאָפּ און האָבען ניט נאָר אויפגעהערט זיך צו היטען, נאָר זיי זענען נאָך פריי אַרויסגעשפּרונגען און געוויזען אַז זיי האַלטען ניט פון'ם תּלמוד. דערצו זענען נאָך צו זיי צוגעשטאַנען עטליכע רבּנים און בּכבודע בּעלי בּתים, ווי דער נאַדוואָרנאָ'ר רב ר' יהודה ליב קריסאַ, דער בּוּסקער רב ר' נחמן בּן שמואל הלוי, און בּעזאָנדערס דער אַלטער גביר אלישע שור, וואָס זיין טאָכטער חוה האָט געקאָנט אויסווענדיג דעם גאַנצען זהר און האָט זיך גערעכענט פאַר אַ נביאה. אַוודאי האָבען די רבּנים ניט געטאָרט שווייגען, און עס איז בּיי זיי געבּליבען מען זאָל זעהען ווי וויט מעגליך מאַכען אַ תּל פון די פראַנקיסטען. דערווייל האָט זיך געמאַכט וואָס יעקב פראַנק איז געקומען קיין לאַסקאַרון, ווען עס איז דאָרט געווען אַ יריד, זיך זעהען מיט זיינע חברה־לייט, און האָט זיך מיט צוואַנציג פראַנקיסטען פערשלאָסען אין אַ אַכסניא, כּדי קיינער זאָל זיי ניט שטערען. די יודען האָבען בּאַלד צו וויסען געגעבען דער פּאָליציע, אַז עס איז געקומען עפּיס אַ טערק און רעדט צו יודען, זיי זאָלען אָננעהמען די מחמדנ'ישע אמונה און אַוועקפאָהרען קיין טירקיי. אויסער דעם האָבען זיי געשריגען, אַז זיי האָבען אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרונעס פון די לאָדענס און האָבען אַליין געזעהען ווי פראַנק מיט זיינע חסידים האָבען געטאַנצט אַרום אַ נאַקעטע פרוי און אַז דאָס איז עפּיס אַ מין עבודה זרה. די פּאָליציע האָט זיי אַלע פערנומען, נאָר אַזוי ווי פראַנק איז געווען איין אויסלענדער האָט מען איהם תּיכּף אָבגעלאָזט, און די איבּריגע האָבען געמוזט כּורע ומשתּחוה זיין אַז מען זאָל זיי בּעפרייהען. דעמאָלט האָבען די רבּנים געמאַכט די ערשטע אסיפה אין סאַטאַנוב, און טאַקי בּאַלד האָט מען אין בּראָדי, פּונקט אים כ' סיון פון'ם יאָהר 1756, אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפען חרם

גֶעגֶען דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען. מֶען הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען אַז קֵיינֶער זָאל זִיךְ מִיט זֵיי נִיט מְשַׁדֵךְ זַיין, זֵייעֶרֶע קִינְדֶער זָאלֶען זִיךְ רֶעכְנֶען פַאר מַמְזֵרִים אוּנ אַז יֶעדֶער יוּד, וָואס וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען פוּן אַ פְּרַאנְקִיסְט, אִיז מְחוּיָב בַּאלְד צוּ מֶעלְדֶען דֶעם רַב דֶערְפוּן. צְוִוישֶׁען דִי תַּקָנוֹת, וָואס דִי רַבָּנִים הָאבֶּען אִין יֶענֶער צַייט גֶעמַאכְט, אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ בֶּעפֶעהל: מֶען זָאל נִיט טָארֶען לֶערְנֶען דֶעם זֹהַר פַאר דְרַייסִיג יָאהר. צוּ שְׁפֶּעט הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט צוּ וָואס דִי קַבָּלָה קָאן פִיהְרֶען. אוֹיסֶער דֶעם הָאבֶּען דִי רַבָּנִים אַוֶועקְגֶעשְׁרִיבֶּען צוּ ר׳ יַעֲקֹב עֶמְדֶן עֶר זָאל זֵיי גֶעבֶּען אֵיין עֵצָה וִוי אַזוֹי זֵיי זָאלֶען זִיךְ נוֹהֵג זַיין מִיט דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען אוּנ פוּן אִיהם אִיז אָנְגֶעקוּמֶען בַּאלְד אַ קוּרְצֶע תְּשׁוּבָה, אַז מֶען טָאר גָאר אוֹיף זֵיי קֵיין רַחֲמָנוֹת נִיט הָאבֶּען.

אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען אַזַא הֶיתֵּר, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען גָאר אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אוֹפֶן. נָאךְ אִין דֶעם אֵיינֶענֶעם יָאהר הָאט מֶען זֵיי מַחֲרִים גֶעוֶועהן אִים רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִין שׁוּל, אוּנ מֶען הָאט בֶּעזָאנְדֶערְס גֶעזֶעהֶען אַז דִי וַוייבֶּער זָאלֶען זִיךְ אָבְּזָאגֶען פוּן דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען; אוּנ מֶען קָאן זָאגֶען, אַז עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועהן אֵיין מִשְׁפָּחָה, וואוּ דָאס פַאמִילְיֶען־לֶעבֶּען זָאל נִיט זַיין פֶערְפִינְסְטֶערְט אוּנ גֶעשְׁטֶערְט. אַחוּץ דֶעם זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעגַאנְגֶען מִיט מְסִירָה, אוּנ אַזוֹי וִוי פְּרַאנְק אַלֵיין אִיז שׁוֹין אִין יֶענֶע מְקוֹמוֹת נִיט גֶעוֶועהן אוּנ זֵיי הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז אָהן אִיהם קֶאן זִיךְ זַיין חֶבְרָה נִיט רִירֶען, הָאבֶּען זֵיי גֶעלָאזְט זָאגֶען נִיקָאלַאי דֶעמְבָּאוְוסְקִי, דֶעם עֶפִּיסְקָאפּ פוּן קַאמֶענִיץ־פָּאדָאלְסְק, אַז עֶס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט זֶעהר אַ שֶׁעדְלִיכֶע יוּדִישֶׁע סֶעקְטֶע, אוּנ זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן זִיכֶער, אַז עֶר וֶועט זִיךְ מִיט דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען אָבְּרֶעכֶענֶען. דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען זֶענֶען טַאקִי גֶעוֶועהן אִין אַ גְרוֹיסֶער סַכָּנָה, וַוייל דֶעמְבָּאוְוסְקִי אִיז גֶעוֶועהן אַ הֵייסֶער קַאטָאלִיק, אוּנ עֶר הָאט זֵיי אַלֶע גֶעוָואלְט אִיבֶּערְגֶעבֶּען דֶעם אִינְקְווִיזִיצְיָאנְס־גֶערִיכְט. פְּרַאנְק הָאט אָבֶּער פוּן דֶער וַוייטֶענְס נִיט גֶעדְרִימֶעלְט אוּנ הָאט זַיינֶע לַייט נִיט גֶעלָאזְט פַאלֶען. אַז מֶען הָאט אִיהם בַּאלְד נָאךְ דֶער לַאסְקָארוּנֶער מַעֲשֶׂה אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אִיבֶּער דִי גְרֶענִיץ, אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען אִין חָאטִין, וָואס הָאט דֶעמָאלְט גֶעהֶערְט צוּ טִירְקַיי, אוּנ הָאט פוּן דָארְט גוּט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף אַלֶעמֶען, וָואס עֶס גֶעהט פָאר אִין פָּאדָאלְיֶען. קוֹים אִיז עֶר גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן דֶער מְסִירָה, הָאט עֶר בַּאלְד גֶעשִׁיקְט אַ בְּרִיעף צוּ דִי פְּרַאנְקִיסְטֶען, אוּנ הָאט זֵיי גֶערָאטְהֶען זֵיי זָאלֶען פָּשׁוּט זָאגֶען דֶעם עֶפִּיסְקָאפּ, אַז דֶער יְסוֹד פוּן זֵייעֶר אֱמוּנָה אִיז דֶער אֵיינֶענֶער וָואס בַּיי דִי קְרִיסְטֶען, אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען דֶעם תַּלְמוּד פַיינְד דֶערְפַאר, וָואס עֶר אִיז

פול מיט שקרים און מאוסע זאכען. פראנק האט אבער פערשטאנען, אז ווי וואהל און פראקטיש זיין עצה איז ווען זיך די פראנקיסטען פארט ניט וועלען אויסגעבען פאר קריסטען, און דאריבער האט ער זיך בגנבה אליין אריבערגעהאפט קיין פולין, און האט זיי פערשטעהען געגעבען, אז דאס איז דער בעסטער, און דער גלייכסטער וועג פאר זיי און, אז נאך שאנער וואלט געוועהן ווען עס טויפען זיך טאקי א צוואנציג־דרייסיג מענשען פון זיי: דעמאלט וואלט דער עפיסקאפ געזעהען, אז זיי מיינען טאקי ערנסט איבערצוגעהען צום קריסטענטהום, און די יודען וואלטען געבליבען מיט זייער מסירה צום נארן. אויף איינצוזעהנ'ן מיט זיין חברה איז פראנק, דאכט זיך, קיין נארר ניט געוועהן, און דערצו האט מען איהם נאך פערגאטטערט און מען האט געקוקט אויף זיינע ווארטער ווי אויף א ווינק פון אויבען. פון דעסטוועגען איז איהם שווער געוועהן צו פועל'ן, ניט נאר אז עטליכע פון די פראנקיסטען זאלען זיך לאזען טויפען, נאר זיי זאלען אפילו מיט'ן מויל זאגען, אז זייער גלויבען גלייכט זיך אום מיט'ן קריסטליכען; און אז ער איז צוריק אוועקגעפאהרען איז ער ניט געוועהן פעסט ביי זיך אז מען וועט איהם פאלגען, ווייל ער האט גוט בעמערקט, אז אפילו די בעסטע פראנקיסטען האבען זיך געישובט און עס איז זיי זעהר שווער געוועהן אנצונעהמען פראנק'ס דעה. דערווייל האבען אבער די יודען זיך דערוואוסט אז פראנק דרעהט זיך ווייטער ארום אין פולין, האבען זיי געגעבען נאך א מסירה, און די פאליציע האט פערנומען א סך פראנקיסטען, און האט זיי איינגעזעצט אין תפיסה. דאס האט די פראנקיסטען ארויסגעבראכט פון דער העזה, און עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען טהון אזוי ווי יעקב פראנק האט זיי געהייסען. אז מען האט זיי געפיהרט צום עפיסקאפ, האבען אללע געשריגען, אז זיי זענען געגנער פונ'ם תלמוד און רעכנען זיך פאר קריסטען און דערפאר טהון די יודען זיי אן אזעלכע צרות. דערביי האבען זיי שוין ניט געזשאלעוועט אויסצורעדען אויף די יודען וואס עס איז זיי נאר געקומען אין מויל אריין, און דאבען אפילו געזאגט, אז יודען בענוצען טאקי בלוט צו די מצות. דעמאלט האט זיך טאקי גראד געמאכט א בלבול דם אין יאמפאל און מען האט אין דעם בעשולדיגט עטליכע בעלי בתים. דעמבאווסקי האט באלד געזעהען אז דאס איז פאר איהם זעהר א גוט געשאפט, אז ער וועט בעקומען טויזענדער פרישע קאטאליקען, דערצו איז נאך ביי איהם אנגעלעגט געוועהן, וואס צום יאמפאלער פראצעס זענען איהם גאר אומגערעכט צוגעקומען נייע עדות, און ער האט געהייסען בעפרייהען אללע פראנקיסטען און האט זיי

געגעבען דאס רעכט אומעדום צו וואהנען אונ פריי האנדלען; ער האט זיי נאך צוגעזאגט צו שיצען, ווייל ער האט זיך איינגערעדט, אז די צאהל פון די פראנקיסטען וועט זיך פערגרעסערן אונ דערנאך וועלען זיי אללע צו־זאמען ווערן קריסטען.

די יודען זענען געגאנגען מיט׳ן אלטען כלל, אז נצחון איז א גרויסע זאך, נאר דא האבען זיי דווקא א טעות געהאט, ווייל דער פון איז ארויס א גרויסער מכשול. די פראנקיסטען האבען אלליין ניט געהאפט, זיי זאלען אזוי גיך אויפ־געריכט ווערען, אונ פלוצלונג זאל אויף זיי קומען אזא ישועה. ערשט עטליכע חדשים צוריק האבען זיי געמוזט זיך שטאנדיג בעהאלטען, דאוונען אין פער־שלאסענע חדרים, מורא האבען פאר א זייטיגען קוק, אונ דא האט מען זיי געגעבען פאלקאמענע פרייהייט, אונ ביים עפיסקאפ זענען זיי גאר געווארען תקיף. גרויס איז געוועהן זייער פרייד אונ, אז דעם מענשען איז גוט אויפ׳ן הארצען דערמאנט ער זיך, אז מען דארף זיך נוקם זיין אין א שונא. ביי די פראנקיסטען איז געבליבען, זיי זאלען זיך אברעכנען מיט די יודען, אונ זיי האבען זיך געווענדעט צו דעמבאווסקי׳ן מיט א בקשה, ער זאל זיי ערלויבען האבען א וכוח מיט די רבנים אונ זיי אויסווייזען פונ׳ם זהר, אז דער יסוד פון דעם קריסטענ־טהום איז הייליג. דערביי האבען זיי צוגעשטעלט איין ארט, „אני מאמין" וואס אלישע שור האט אנגעשריבען אונ וואס איז בעשטאנען פון ניין פונקטען: 1) א אמת׳ער יוד דארף ניט נאר ליעב האבען גאטט, נאר שטאנדיג נאכקלאהרען אונ וועלען פערשטעהען זיין גרויסקייט אונ הויכקייט. 2) די תורה אונ די נביאים האבען אין זיך בעהאלטענע סודות, וואס ניט יעדער איז זוכה זיי צו וויסען אונ נאר מיט רוח הקדש קאן מען זיי משיג זיין. 3) דער בעסטער פירוש אויף דער תורה איז דער זהר, ווייל דער תלמוד פערדרעהט נאר דעם פשט, ער פארשפרייט נארישקייטען אין פאלק, ער הייכט פיינד האבען אנדערע אמות אונ איז אפילו מתיר בלוט צו פערגיסען פון ניט־יודען. 4) די פראנקיסטען גלויבען, אז עס איז דא א בורא עולם, וואס די גאנצע וועלט מיט אללע ברואים, פון גרויס ביז קליין, געפינען זיך אונטער זיין השגחה. 5) זיי גלויבען אבער אויך, אז דער איינענער גאט האט דריי „פרצופים" (פנים׳ער), אונ דערפאר שטעהט אין חומש: „בראשית ברא אלהים" אונ ניט „אלה"، אז די וועלט איז בעשאפען געווארען דורך גאטטער אונ ניט דורך איין גאטט. 6) זיי גלויבען, אז גאט האט אנגענומען דאס געשטאלט פון א מענשען אונ האט אלדינג געטהון וואס א לעבעדיגער מענש בעדארף צו טהון, נאר ער איז געוועהן פריי פון זינד,

וואס קלעבען זיך אן אין א בשר ודם. 7) ירושלים אונ דער בית המקדש וועלען מעהר קיין מאל ניט צוריק אויפגעבויעט ווערען. 8) משיח וועט ניט קומען בעפרייהען די יודען, נאר ער וועט זיך צום צווייטען מאל בעווייזען אונ מכפר זיין אויף די עונות פון אללע מענשען. 9) דער משיח וועט טאקי זיין גאטט אלליין, ער וועט ארא‍פנעהמען די קללה פונ'ם פאלק ישראל אונ וועט זיי אנ־ווייזען דעם רעכטען וועג.

דעם עפיסקאפ איז די זאך זעהר געפאלען אונ חאטש די ניין עיקרים, וואס אלישע שור האט געשטעלט, זענען נאך געוועהן גאנץ ווייט פונ'ם קריס־טענטהום, האט ער געוואוסט אז דאס אלליין וועט אויך גענוג פערשלאגען די יודען די קאפ, אונ ער האט געהייסען מען זאל באלד אבדרוקען די עיקרים אויף לשון קדש אונ פוליש אונ מען זאל זיי צושיקען אין אללע יודישע שטאדט. אויסער דעם האט ער דעם 20 יוני 1757, ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז פונקט אין צוויי חדשים ארום מוזען די רבנים ארויסשיקען שליחים קיין קאמעניץ, וואס זאלען דארט מיט די פראנקיסטען א ויכוח האבען; דערביי האט ער זיי מזהיר געוועהן, אז פאר יעדען טאג וואס זיי וועלען פערשפעטיגען וועלען זיי צאהלען שטראף, אונ ווי באלד זיי וועלען גאר ניט קומען וועט ער הייסען פער־ברענען דעם תלמוד אונ וועט רעכנען, אז מיט'ן שווייגען זענען זיי מודה אז די פראנקיסטען האבען רעכט.

אזא אויפטהוא פון די פראנקיסטען האט אנגעמאכט א געוואלד צווישען די פולישע יודען. דער ענין פון ויכוח אלליין איז ביי די יודען קיין נייעס ניט געוועהן, ניט איין מאל איז זיי שוין אויסגעקומען אפענטליך זיך ארויסצושטעלען געגען די שונאים אונ האלטען מלחמה מיט דבורים; נאר דעמאלט זענען גע־וועהן אנדערע צייטען אונ אנדערע מענשען: יודישע לומדים זענען געוועהן בקי אין פערשיעדענע חכמות אונ לשונות' אונ האבען געוואוסט וואס צו ענט־פערן. אז מען האט די יודען גערופען צו א ויכוח אים דרייצעהנטען יאהר־הונדערט, האט זיך געפונען ארמב"ן, וועלכער איז אים שטאנד געוועהן אין א פייערינע רעדע צושלאגען אללע בעשולדיגונגען געגען זיין פאלק; אז א גאנצע מחנה פון שונאי ישראל האבען אים פינפצעהנטען יאהרהונדערט געשלעפט די רבנים צו א ויכוח, האבען זיך אבגעזוכט אזעלכע גרויסע לייט, ווי ר' יוסף אלבו, דון ווידאל פערער אונ ר' זרחיה סלדין, אונ מען האט די גיפטיגע פיילען ניט צוגעלאזט צום יודענטהום. אצונד איז אבער געלעגען א שרעקליך חשכות אויף די פולישע יודען. זייערע רבנים האבען זיך, אויסער

ש״ס אונ פוסקים, מיט קיין זאך ניט בעשעפטיגט, קיין שום פרעמדע שפראכע האבען זיי ניט פערשטאנען, ווי אזוי זשע האבען זיי געקאנט זיך בעשליסען צו האבען א ויכוח מיט די פראנקיסטען, וועלכע האבען גערעדט נוט פוליש אונ צווישען זיי זענען טאקי געוועזען רעכטע געלעהרטע. דערצו האבען זיך די רבנים נאך מעהר געשראקען דערפאר, וואס זיי האבען געהערט, אז די פראנקיסטען וועלען ברענגען אללע זייערע ראיות פונ'ם זהר, אונ דערמיט וועלען זיי זיין געבונדען, ווייל דעם זהר האבען זיי אויך געהאלטען פאר היילינ. אודאי איז געוואָרען צווישען די פולישע רבנים א גרויסער רעש, זיי האבען צושיקט בריעף קיין אויסלאנד אונ געשריגען אז דאס איז „גזרת השמד״, אז מען וויל זיי מיט געוואלד אויסטויפען; זיי האבען זיך אפילו געפרובט צו זוכען א וועג צום פאפסט אונ איהם בעטען ער זאל מבטל זיין דעמבאווסקי'ס בעפעהל, אונ האבען געשיקט קיין אמשטרדם, מען זאל זיי ווענינסטענס געבען א שפאנישען יודען, וועלכער זאל קאנען איבערזעצען אלדינג וואס מען וועט זיי פרעגען ביי דעם ויכוח. פון די אללע זאכען איז מן הסתם גאר ניט געוואָרען; עס האט זיך אויסגעלאזט דערמיט, וואס זיי האבען נאר פערשפעטיגט עטליכע טאג אונ סוף כל סוף האבען זיי געמוזט ארויסשיקען קיין קאמעניץ פיער רבנים, פון סאטאנוב – ר׳ מענדיל, פון מעזיבוז – ר׳ ליב, פון יאזלאוויץ – ר׳ בער, אונ פון מאהילוב – ר׳ יוסף קרעמעניצער. פון די פראנקיסטענס זייט זענען געקומען ביז דרייסינ פארשטעהער, אונ בעזאנדערס האבען דעמאלט געשפיעלט א ראללע יהודה ליב קריסא פון נאדווארנא, שלמה בן אלישע שור פון ראהאטין אונ נחמן בוסקער. ביי אזא לאגע, וואו די רבנים האבען קיין מויל ניט געקאנט אפנען אונ האבען מיט גרויס מיה פערשטאנען די שאלות, וועלכע מען האט זיי פארגעלעגט, איז קיין וואונדער ניט וואס די פראנקיסטען זענען געבליבען גערעכט. דעם 14 אקטאבער 1757 האט דער עפיסקאפ ארויסגעגעבען א פסק, אז דאס שעדליכקייט פונ'ם תלמוד איז בעוויזען געוואָרען, אז מען מוז פערברענען אללע גמרות וואס געפינען זיך אין גאנץ פאדאליען, אז די יודען מוזען בעצאהלען די פראנקיסטען 5000 גולדען פאר זייער טרחא אונ 154 רענדליך דארפען זיי מנדר זיין אויף צורעכטצומאכען די קאמעניצער קאטאלישער קירכע, אונ א חוץ דעם זענען זיי מחויב רוהיג אויסצוהערען די פראנקיסטען, ווען זיי וועלען זיי זאגען מוסר אונ צורעדען זיי זאלען זיך נעהמען אויף זייער וועג.

א פחד איז געפאלען אויף די פולישע יודען, ווען זיי האבען געזעהען אז דעמבאווסקי טרייבט טאקי קיין קאטאוועס ניט אונ ער האט שוין געגעבען

א בעפעהל מען זאל זוכען אין אללע יודישע הייזער אונ צונעהמען אללע גמרות, וואס מען וועט דארט געפינען. זיי האבען זיך געקלאגט פארן קאניג אלליין אונ האבען געפונען אפילו א שטיקעל צד, ווייל דער ערשטער מיניסטער, דער גראף בריהל האט געהאלטען ביי זיך א יודישען פאקטאר ברוך יונן, אונ ער האט זיי צוגעזאגט גאנצע גליקען; נאר זיי האבען אומזיסט אויסגעבראכט געלד אונ האבען גאר ניט געפועלט. פון אללע זייטען האבען זיך דערוויל געשלעפט וואגענס, פול מיט גמרות, קיין קאמעניץ אונ פונקט ערב ראש חדש כסלו האט מען דעם תלמוד פערברענט. די יודען האבען דעם טאג געפאסט אונ האבען דאס אומגליק גערופען „שריפת התורה" די פראנקיסטען האבען ווידער געטאנצט אונ זייער שמחה איז נאך גראס געווארען, ווען דער עפיסקאפ האט געהייסען דער פאליציע זי זאל נייטהען די יודען וועלכע האבען זיך פריהר אבגעזאגט פון זיי — וועגען דעם חרם וואס די רבנים האבען זיי פריהר מחרים געוועהן —, זיי זאלען זיך צוריק אומקעהרען צו זייערע מאנגער. דעמאלט האבען עטליכע פרוּען אלליין זיך דאס לעבען גענומען, ווייל זיי האבען גערעכענט פאר א גרויסען חטא צו בלייבען צווישען די פראנקיסטען.

באלד האט זיך אבער דאס גליק אבגעטהון פון די פראנקיסטען אונ איז איבערגעגאנגען צו די יודען. קיין חדש איז ניט אבגעלאפען זייט מען האט דעם תלמוד פערברענט אונ דעמבאווסקי איז פלוצלונג געשטארבען. די וועלט זאגט א ווארטעל, אז דער טויט איז קיין נקמה ניט, פון דעסטוועגען האבען די יודען געשריגען, אז דאס האט דעמבאווסקי געהאט א מפלה פאר דעם גרויסען חלול השם וואס ער האט אנגעמאכט, אונ קוים האבען זיי דערפיהלט, אז די פראנקיסטען האבען שוין מעהר קיין בעשיצער ניט, האבען זיי זיך גענומען מיט אללע כוחות זיי צובעצאהלען כפל כפלים פאר די צרות, וועלכע זיי האבען איבערגעטראגען. מסירות האט זיך ווייטער אנגעהויבען שיטען אויף די פראנקיסטען, אונ דערצו זענען נאך די יודען געפאלען אויף א שכל אונ צו יעדער מסירה האבען זיי צוגעלעגט א היבשע מטבע, אונ דאס איז געוועהן דער בעסטער בעוויז, אז זיי זענען גערעכט. ביי אזעלכע מיטעל איז קיין וואונדער ניט וואס אין א קורצער צייט האט מען די פראנקיסטען ניט געקאנט דערקענען: א סך פון זיי האט מען איינגעזעצט אין תפיסה; די דאזיגע וואס מען האט איבערגעלאזט האט מען אבגעגאלט א האלבען קאפ מיט א האלבען בארד, עס זאל הייסען, אז דאס זענען ניט קיין יודען אונ ניט קיין קריסטען; פיעל זענען

זיך צולאָפּען קיין בעסאַראַבּיען, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אונטער דער מאַכט פון טירקיי, נאָר די פּוילישע רבּנים האָבען זיי דאָרט אויך ניט געלאָזט רוהען, זיי האָבען אַוועקגעשיקט בּריעף צום חכם־בּאַשי קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אונ ער האָט זיי גערודפט נאָך מיט מעהר כּעס. עס פלעגט צו ליעב דעם אָפּט קומען צו געשלעג, אונ איין מאָל בּיי אַזאַ געשלעג האָט מען דערהרג'ט דעם אַלטען אלישע שור.

אַז דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט בּיז צום האַלז אונ די פראַנקיסטען האָבען מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען, האָבען זיי זיך געווענדעט צום קעניג אַלליין, אונ האָבען איהם דערצעהלט וואָס פאַר אַ חסד דעמבּאָווסקי האָט מיט זיי געטהון, ווי עס איז זיי געראָטהען צו דערווייזען דאָס שעדליכקייט פונ'ם תּלמוד, אונ ווי די יודען האָבען זיך דערנאָך מיט זיי דערפאַר אָבּגערעכענט, אונ מען האָט זיי פונ'ם הימעל אַראָבּגעוואָרפען טיעף אין דער ערד אַריין.

דער 11 יוני 1758 האָט דער קעניג אויגוסט דער דריטע אַרויסגעגעבען אַ בּעפעהל אַז די מלוכה דאַרף שיצען די פראַנקיסטען, אונ זיי האָבען דאָס רעכט זיך צו בּעזעצען אין גאַנץ פּולין. די יודען האָבען זיך אָבער געטהון זייערס: זיי האָבען ווייטער געשיט מיט געלד אונ דעם קעניגס בּעפעהל איז געבּליבען נאָר אויפ'ן פּאַפּיער. ווי באַלד די פראַנקיסטען האָבען אַ קוק געטהון, אַז עס איז קיין תּכלית ניט, אונ אַז אָהן אַ פעסטערע וועט מען זיי טאַקי צום איבּריגען דערקוועטשען, האָבען זיי אַוועקגעשריבּען צו פראַנק'ן, וואָס איז דעמאָלט געזעסען אין טירקיי, ער זאָל זיי געבען איין עצה. פראַנק האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיהות אונ איז אים אָנהויב פונ'ם יאָהר 1759 אַלליין געקומען קיין פּולין בּעטראַכטען וואָס עס פעהלט זיין חברה, אונ מיט וואָס מען קאָן זיי העלפען. דעמאָלט האָבען זיי בּעשלאָסען, אַז עס איז נאָך וועניג וואָס מען ווייזט די קאַטאָלישע גייסטליכע פון דער ווייטענס אַז מען איז נוטה צום קאַטאָליציזים, נאָר מען מוז זיי עס בּעווייזען בּפועל. פראַנק האָט פאָרגעלעגט מען זאָל פּשוט ווערען קריסטען אונ אַללע האָבען מסכּים געווען צו זיין דעה, ווייל עס איז בּיי זיי קיין ספק ניט געווען אַז די גייסטליכע וועלען זיך מיט זיי שטאַרק משמח זיין אונ זיי אויפנעהמען ווי אַ אבן טוב. זיי האָבען באַלד אָנגעשריבען אַ פּאַפּיער צום נייעם עפּיסקאָפּ וורא טיסלאַוו לובּיענסקי, אונ האָבען איהם מודיע געווען, אַז זיי זענען אַללע פערטיג אָנצונעהמען דאָס קריסטענטהום, אונ דערבּיי האָבען זיי איהם געבּעטען ער זאָל פון זייערט־וועגען אָפּנעמען אַ פעלד, וואו זיי זאָלען קאָנען מלחמה האַלטען מיט די שונאים

פונ'ם אמת, אונ ער זאל זיי ערלויבען נאך אמאל א וכוח צו האבען מיט די יודען. לובינסקי האט זיי אבער זעהר קאלט אויפגענומען; וועגען וכוח האט ער זיך גאר ניט וויסענדיג געמאכט, אונ וועגען זייער איבערגאנג צום קאטאליציזמוס האט ער זיי געזאגט, אז ווארטער האבען קיין ווערטה ניט, אז אזעלכע זאכען טהוט מען פריהר אונ דערנאך קאן מען דערפון רעדען. יעדענפאלס האט ער געהייסען זייער פאפיער אבדרוקען, כדי ער זאל זיי קאנען האלטען ביים ווארט.

לובינסקי'ס קאלטע תשובה האט א ביסעל אבגעהאלטען די פראנקיסטען פון זייער פלאן אונ עס זענען אזוי אוועקגעגאנגען עטליכע חדשים ביז זיי האבען זיך געקאנט בערעכנען וואס זיי זאלען טהון. יעדענפאלס האט זיי פראנק אנגעזאגט זיי זאלען קיין שום שריט ניט מאכען ביז זיי וועלען ניט וויסען אז זייער לאגע איז געזיכערט, אונ ערשט דעם 16 מאי 1769 האבען זיי אוועקגעשיקט צוויי בקשות, איינע נאך אמאל צום עפיסקאפ לובינסקי, וועלכער האט דעמאלט בעקומען שוין א גראסערע שטעללע, אונ די אנדערע צום קאניג. ביידע בקשות האבען אונטערגעשריבען, אים נאהמען פון אללע פראנקיסטען, יהודה ליב קריסא אונ שלמה שור. אין דער בקשה צום קאניג איז געשטאנען אז זיי ערווארטען פון איהם טאקי א רעכטע הילף אונ האפען אז ער אליין וועט אכטונג געבען מען זאל זיינע ווארטען פינקטליך אויספאלגען, ווייל אויף זיין בעפעהל פון פריהר האט מען זיך ניט אומגעקוקט, אונ די יודען, וואס האבען אפילו פאר גאטט קיין מורא ניט, האבען געמאכט פון זיי א תל, אונ דערביי האבען זיי געבעטען ער זאל לאזען אויסרופען אין גאנץ פוילין אונ ליטא, אז ווער פון די פראנקיסטען עס האט זיך בעהאלטען, מאג זיך ארויסווייזען אונ דארף פאר קיינעם קיין מורא ניט האבען, אז די מלוכה מוז זיי שיצען אונ זיי אומקעהרען זייערע ווייבער אונ קינדער. וועלכע האבען זיך געמוזט אין דער שלעכטער צייט אבטהיילען פון זיי, אונ אז זיי האבען דאס רעכט זיך בעשעפטיגען מיט עהרליכע פרנסות אין דער גאנצער מדינה.

ביים עפיסקאפ לובינסקי האבען זיי געבעטען צוויי זאכען: ערשטענס, האבען זיי אנגעוויזען, אז עס איז זעהר נאטהיג מען זאל זיי ערלויבען צו האבען א וכוח מיט די רבנים, ווייל זיי וויסען אז צווישען די יודען זענען דא זעהר פיעל, וואס פיהלען אין הארצען אז די פראנקיסטען האבען רעכט נאר זיי האבען נאך ניט אזוי פיעל כח זיי זאלען זיך אבטהיילען פון אנדערע, אונ אז זיי וועלען אבער זעהען, ווי די רבנים וועלען פערליערען זייער ווערטה ביים וכוח, וועלען

זיי ביי זיך שטארקער ווערען אונ וועלען אויך ארויסשפרינגען גלייך מיט זיי. אויסער דעם האבען זיי געדרונגען, אז צו ליעב דעם כוח וועלען די איבריגע יודען אויך אפנען די אויגען אונ די קאטאלישע קירכע וועט בעקומען צעהנער טויזענדער נייע קאטאליקען. צווייטענס האבען זיי געבעטען, מען זאל זיי אבזוכען עפיס א מיוחד פרנסה, ווייל זיי זענען כמעט אללע זעהר פעראָרעמט געוואָרען אונ לעבען פון נדבות, וואס מען שיקט זיי צו פון אונגארן אונ וואלעכייא, אונ דערפאר מוז מען זעהען זיי זאלען זיך קאנען בעזעצען מעהר צווישען קריסטען אונ די פריצים אלליין זאלען זיי מקרב זיין, כדי זיי זאלען זיך פערדיענען עהרליך זייער שטיקעל ברויט אונ ניט דארפען אזוי ווי די יודען, האלטען שענקען אונ שינדען די הויט פונ'ם פאלק. די פראנקיסטען האבען גערעכענט, אז דאס מאל וועט זיי געראטהען, ווייל דער קאניג האט שוין פריהר נאך ארויסגעוויזען אז ער האלט פון זיי אונ וועט זיי אצונד געוויס ניט אבזאגען, אונ לובינסקי וועט זיי אויך צו ליעב טהון, בעזאנדערס ביי דער גרויסער מאכט וואס ער האט דעמאלט געהאט. זיי האבען אבער א טעות געהאט: דעם קאניג איז די זאך נמאס געווארען, אונ ער האט זיי אפילו ניט געוואלט ענטפערן; לובינסקי האט זיי אפילו יא געשיקט א תשובה, נאר קיין גרויסע הנאה האבען זיי דערפון ניט געהאט. ער האט זיי געגעבען אנצוהערען אז זיי דרעהען מיט דער צונג, אט זאגען זיי אז זיי גלויבען אין קריסטוס אונ אט שרייען זיי אז זיי ווארטען אויף משיח, אונ מען קאן צו זיי קיין צוטרויען ניט האבען, אונ ביז זיי וועלען זיך ניט טויפען טארען זיי ניט רעדען פון קיין הילף. די יודען ווידער האבען ניט אויפגעהערט מלחמה צו האלטען. זיי האבען געשריגען, אז די פראנקיסטען וועלען קיין מאל ניט ווערען קיין אמת'ע קריסטען, פונקט ווי פון די שבתי צבי'ניקעס זענען ניט געווארען קיין אמת'ע טירקען, אונ פון זיי וועט נאר ארויס א שעדליכע קריסטליכע סעקטע. ביי דער איינענער מיינונג איז אויך געוועהן דער שליח פונ'ם פאפסט אין פוילין, דער גייסטליכער ניקאלאי סערא. וועלכער האט געשריבען קיין רום אז מען מוז די פראנקיסטען לאזען טויפען אונ אז דעמבאווסקי האט אומזיסט אנגעמאכט וועגען זיי אזא געוואלד.

אזוי האבען די פראנקיסטען זיך געמוטשעט אונ געליטען ביז דאס רעדעלע פונ'ם מזל האט זיך ווייטער א דרעה געטהון צוריק, אונ עס האבען זיך אנגעהויבען פאר זיי עפיס ליכטיגערע טאג. לובינסקי האט געמוזט אוועקפאהרען אונ זיין שטעללע האט פערנומען מיקולי׳ט ש־מיקאלסקי. וואס האט געוואלט

אז די וועלט זאל נאר ווערען קאטאליקען. די פראנקיסטען האבען באלד פערשטאנען, אז ביי איהם וועלען זיי אלדינג אויספיהרען און האבען זיך צו איהם געווענדעט מיט א בקשה, ער זאל זיי העלפען אין דער נויט, און אויסער דעם זאל ער זיי לאזען א ויכוח האבען מיט די רבנים. מיקאלסקי האט אבער זיי געענטפערט, אז קודם כל מוזען זיי בעווייזען אז זיי גלויבען פעסט אין די יסודות פון'ם קריסטענטהום און דערנאך קאן מען שוין רעדען וועגען א ויכוח. דעמאלט האבען ביידע פארשטעהער פון די פראנקיסטען, יהודה ליב קריסא און שלמה שור אנגעשריבען א גאנצע מגלה אויפ'ן נאהמען פון מיקאלסקי און האבען וועגען זייער אמונה אריינגעשטעלט זיבען פונקטען: 1) אז וואס די נביאים האב... זאגט איבער משיח'ן איז שוין מקוים געווארען; 2) אז משיח איז געוועהן גאט אליין מיט זיין נאהמען „אדני", און ער האט אנגענומען דאס געשטאלט פון א בשר ודם, כדי ער זאל קאנען מכפר זיין די עונות פון אללע; 3) אז זייט משיח איז געקומען זענען בטל געווארען אללע מנהגים און דינים פון קרבנות; 4) אז יעדער איז מחויב צו דיענען דעם משיח, ווייל אין איהם ליעגט די גאנצע ישועה; 5) אז דער קרייץ איז משיח'ס חתימה און א זכר פון'ם דרייאייניגען גאטט; 6) אז ביז מען טויפט זיך ניט קאן מען ניט משיג זיין דאס גרויסקייט פון'ם מלך המשיח; 7) אז דער תלמוד בעפאהלט מען זאל נוטצען קריסטליך בלוט, און אז יעדער וואס גלויבט אין איהם קאן זיך אהן דעם בלוט ניט בעגעהען. דעם לעצטען פונקט האבען זיי געשטעלט מיט א בעזונדער כונה און האבען בפירוש געשריבען, אז זיי וועלען עס דערווייזען און די רבנים וועלען מוזען מודה זיין, ווען מען וועט זיי נאר לאזען זיך מיט זיי אויסטענה'ן. זיי האבען געוואוסט גאנץ גוט, אז אויף אלדינג קאן מען זיי נאך איבערפרעגען טויזענדער שאלות, און די הויפט-פראגע מוז זיין: פאר וואס זיי טויפען זיך נאך אלליין ניט? דערפאר איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען דעם בלבול פון בלוט אריינגעבען פאר א נדן און דא וועט מען זיי שוין לאזען טהון וואס זיי וועט געפאלען. די פראנקיסטען האבען טאקי קיין טעות ניט געהאט: קוים האט מיקאלסקי דערהערט, אז ביים ויכוח וועט מען רעדען וועגען עלילות הדם האט ער זיך אין דעם אנגעהאפט מיט ביידע הענד, און אפילו ניקאלאי סערבא, דער שליח פון'ם פאפסט, וואס האט איבערהויפט געקוקט קרום אויף די פראנקיסטען, איז אויך געוועהן נייגעריג צו וויסען וואס פאר בעהאלטענע סודות די אינוועניגסטע שונאים פון די יודען וועלען ארויסגעבען. אין יענער צייט האט גראד דער פאפסט קלעמענס דער דרייצעהנטער

ארויסגעלאזט א בעפעהל, אז מען טראכט אומזיסט אויס אויף די יודען אז זיי דארפען בלוט אויף פסח, אונ אז מעהר זאלען אזעלכע זאכען אין די קאטאלישע לאנדער ניט פארקומען. דארויף האט איהם ארויפגעבראכט א געוויסער יעלעק, א יוד מיט א היים יודיש הארץ, וואס האט ניט געזשאלעוועט קיין מיה אונ קיין צייט אונ איז אליין געפאהרען קיין רום אונ האט ניט גערוהט ביז דער פאפסט האט איהם ניט אויסגעהערט אונ גוט איבערגעקוקט אללע בעווייזע, וועלכע ער האט געבראכט. אודאי האט ניקאלאי סעררא זעהר געגארט אז דער כוח זאל שוין זיין, די פראנקיסטען זאלען שוין גיכער אויסזאגען די אינוועניגסטע סודות, אונ ער זאל האבען וואס צו מעלדען קיין רום. אונ ער האט פון זיין זייט אויך צוגערעדט מיקאלסקי'ן ער זאל לאזען ביידע צדדים זיך אויסטענה'ן, ווייל סאי ווי סאי וועלען זיי איינע אויף די אנדערע ארויסזאגען דעם אמת, אונ מען וועט דערווייל געוואהר ווערען די חסרונות פון אללע.

פון דעסטוועגען איז מיקאלסקי'ן ניט אזוי גרינג אנגעקומען ביז ער האט געקאנט בעשטימען עס זאל ווערען א וכוח צווישען די יודען, אונ די פראנקיסטען. כמעט אללע גייסטליכע האבען ניט געקאנט ליידען די פראנקיסטען אונ האבען געשריגען, אז אפילו ווען זיי וועלען זיך טויפען וועט מען פון זיי האבען שטאנדיג גרויסע צרות, עס וועט פון זיי נאר ארויס א שאדליכע סעקטע אונ קיים וועלען זיי נאר פערבעסערן זייער לאגע, וועלען זיי זיך נוהג זיין מיט'ן קריסטענטהום גלייך ווי אצונד מיט'ן יודענטהום, אונ וועלען זאגען דעות אז דאס איז ביי זיי היילי' אונ יענץ ניט. אז מיקאלסקי האט זיך וועגען דעם וכוח אנגעפראגט ביי לובינסקי'ן, האט ער געזאגט אז מען דארף זיך נאך גוט מיישב זיין, אונ האט געהייסען זיך אנפראגען: ערשטענס, וואס פאר א חלוק עס איז צווישען די פראנקיסטען, וואס רעכענען זיך פאר געגנער פונ'ם תלמוד, אונ די קראימעם, וועלכע גלויבען אויך ניט אין איהם? צווייטענס, צי האבען די פראנקיסטען פעסטע געזעצע אין זייער אמונה? דריטענס, צו מיינען זיי טאקי די זאך לשמה אדער זיי רעכנען פשוט, עס זאל זיי בעסער ווערען אין פרנסה, ווען זיי וועלען זיך טויפען? פיערטענס, צו וועט מען האבען ארעכטען מענשען, וואס זאל געטריי איבערזעצען אלדינג וואס עס וועט גערעדט וועגען ביים וכוח? אונ פינפטענס, ווער זענען די צוויי מענשען, וואס שרייבען שטאנדיג אים נאהמען פון אללע פראנקיסטען, צו זענען זיי עהרליכע לייט אונ צו האבען זיי א כח הרשאה פון זייערע ברידער? אויף די אללע שאלות האט מיקאלסקי,

ווי עֶס שַׁיינְט, גֶעגֶעבֶּען אַ קְלָארֶע תְּשׁוּבָה, אוּנ עֶס אִיז עֶנְדְלִיךְ בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען, אַז דֶעם 16 יוּלִי 1759 זָאל אִין לֶעמְבֶּערְג זַיין דֶער וִכּוּחַ, אוּנ מֶען הָאט צוּ וִויסֶען גֶעגֶעבֶּען אַלֶע רַבָּנִים פוּן דֶער גֶעגֶענְד זֵיי זָאלֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּען דְרַיי שְׁלוּחִים אוּנ וִוי בַּאלְד זֵיי וֶועלֶען פֶערְשְׁפֶּעטִיגֶען וֶועלֶען זֵיי מוּזֶען בֶּעצָאהלֶען שְׁטְרַאף טוֹיזֶענְד טְהַאלֶער, אַחוּץ דֶעם וָואס עֶס וֶועט שַׁאדֶען דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל.

מִיקָאלְסְקִי הָאט אוֹיף דֶעם וִכּוּחַ פִיעל גֶערֶעכֶענְט, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ טַאקִי אַיינְגֶערֶעדְט, אַז וִוי בַּאלְד דִי פְרַאנְקִיסְטֶען, אָדֶער, וִוי עֶר הָאט זֵיי גֶערוּפֶען, זֹהַרִיסְטֶען, וֶועלֶען גוֹבֵר זַיין דִי תַּלְמוּדִיסְטֶען, הָאט עֶר שׁוֹין פֶערְטִיגֶע קַאטָאלִיקֶען פוּן אַלֶע פּוֹלִישֶׁע יוּדֶען. עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אוֹיסְפּוּצֶען דִי הוֹיפְּט־קִירְכֶע פוּן לֶעמְבֶּערְג, וואוּ דֶער וִכּוּחַ הָאט בֶּעדַארְפְט פָארְקוּמֶען, אוּנ דִי גְרֶעסְטֶע שְׂרָרוֹת הָאבֶּען זִיךְ אַהִין פֶערְזַאמֶעלְט. מֶען הָאט גֶעצָאהלְט פַאר בִּילֶעטֶען זֶעהר גְרוֹיסֶע מְקָחִים, אוּנ דָאס גֶעלְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִי אָרֶעמֶע פְרַאנְקִיסְטֶען. פוּן דִי יוּדֶען זַיינֶען גֶעקוּמֶען בִּיז פִיערְצִיג רַבָּנִים, אוּנ בְּרֹאשָׁם זַיינֶען גֶעוֶועהן, דֶער לֶעמְבֶּערְגֶער רַב ר׳ חַיִּים הַכֹּהֵן רַאפַּאפָּארְט, אוּנ דֶער יָאזְלָאוִויצֶער רַב ר׳ בֶּער, וָואס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן בַּיים עֶרְשְׁטֶען וִכּוּחַ אִין קַאמֶענִיץ אוּנ הָאט שׁוֹין גֶעהַאט אַ בִּיסֶעל גֶענִיטְהַשַׁאפְט; פוּן דִי פְרַאנְקִיסְטֶענְ׳ס זַייט זֶענֶען גֶעקוּמֶען יַעֲקֹב פְרַאנְק אַלֵיין אוּנ זַיינֶע בֵּיידֶע מְקוּרָבִים, יְהוּדָה לֵיבּ קְרִיסַא אוּנ שְׁלֹמֹה שׁוֹר. אַוַדַאי, אַז דִי רַבָּנִים הָאבֶּען פַאר זִיךְ דֶערְזֶעהֶען דֶעם גְרוֹיסֶען עוֹלָם, דִי פּוֹלִישֶׁע מַאגְנַאטֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶע דַאמֶען, זֶענֶען זֵיי בַּיי זִיךְ גָאר אַרָאבְּגֶעפַאלֶען. דִי פְרַאנְקִיסְטֶען הָאבֶּען וִוידֶער גֶערֶעדְט גָאר מִיט אַ אַנְדֶערֶער שְׁטַארְקְהַייט, זֵיי הָאבֶּען גֶעפִיהלְט, אַז בַּיי אַלֶע, וֶועלְכֶע שְׁטֶעהֶען אַרוּם זֵיי, זֶענֶען זֵיי שׁוֹין פוּן פְרִיהֶר גֶערֶעכְט. דֶערְצוּ זֶענֶען נָאךְ דִי רַבָּנִים גֶעוֶועהן גֶע־בּוּנְדֶען, וַוייל עֶרְשְׁטֶענְס, הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ אַ אִיבֶּערְזֶעצֶער אוּנ עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט אוּנ אֶפְשָׁר טַאקִי נִיט גֶעוָואלְט אַקוּרַאט אִיבֶּערְגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע רֶעד; צְווייטֶענְס, הָאבֶּען דִי פְרַאנְקִיסְטֶען זֵייעֶרֶע אַלֶע רְאָיוֹת גֶעבְּרַאכְט פוּנ׳ם זֹהַר אוּנ עֶס אִיז זֵיי שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אָבְּצוּזָאגֶען זִיךְ פוּן דֶעם סֵפֶר, וָואס אִיז בַּיי זֵיי אוֹיךְ הֵיילִיג גֶעוֶועהן; אוּנ דְרִיטֶענְס, הָאבֶּען זֵיי פָּשׁוּט מוֹרָא גֶעהַאט צוּ רֶעדֶען אִיבְּרִיגֶע וֶוארְטֶער, דִי קְרִיסְטֶען זָאלֶען נִיט זָאגֶען אַז מֶען שֶׁאנְדְט זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען. אַזוֹי הָאט מֶען זִיךְ אָבְּגֶעמוּטְשֶׁעט גַאנְצֶע דְרַיי טֶאג, דֶעם 16, 23 אוּנ 30 יוּלִי. דִי רַבָּנִים הָאבֶּען כִּמְעַט קַיין מוֹיל נִיט גֶעאֶפֶענְט, אֲפִילוּ וֶועגֶען עֲלִילוֹת דַם, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט רֶעכְט אוֹיסְטַעֲנָה׳ן, וַוייל זֵיי הָאבֶּען

קיין געשיכטע ניט געקאנט, פון די טויזענדער בעווייזע, וואס געלעהרטע יודען האבען שוין פריהר מיט הונדערטער יאהרען געבראכט, האבען זיי ניט אנגעהויבען וויסען, זיי האבען זיך נאר געקאנט שווארען אז זייער פאלק איז אומשולדיג; נאר אויפ'ן ווארט האט זיי קיינער ניט געוואלט גלויבען, האטש זייערע שונאים האבען אויך מעהר ניט געהאט ווי ווערטער, אונ, בעדעקט מיט שאנד אונ שפאט, האבען זיי געמוזט צוזעהען ווי דער גאנצער עולם איז זיך משמח מיט די פראנקיסטען אונ מען שרייעט, אז ביי זיי איז גאר דער גאנצער אמת.

פונקט ווי צוויי יאהר צוריק אין קאמעניץ, האבען די רבנים געהאט דעם איינענעם פסק אין לעמבערג, נאר די נאכוועהעניש'ען פונ'ם צווייטען וכוח זענען שוין ניט געוועהן אזעלכע: מען האט זיך בעגנוגט מיט'ן בזיון, וואס מען האט אנגעטהון די יודען, מען האט פון זיי חוזק געמאכט, פון נייע גזרות אבער האט מען שוין ניט גערעדט, אונ די עטליכע גמרות, וואס האבען זיך נאך פערוואלגערט אין די ישיבות אונ בתי מדרשים, זענען געבליבען גאנץ. דערפאר איז די לאגע פון די פראנקיסטען דוקא געווארען שוואכער. נאך דעם וואס זיי האבען זיך אין אללע פאפירען ארויסגעשטעלט ווי אמת'ע קריסטען, נאך דעם וואס זיי האבען ביים וכוח מיט פייערינע רעד בעוויזען אז זייער גלויבען איז דאס קריסטענטהום, האבען זיי די נייסטליכע אנגעהויבען דערקוטשען זיי זאלען זיך טאקי טויפען, אונ עס זאל ווערען איין ענדע. די פראנקיסטען איז אבער שווער געוועהן זיך דארויף צו ענטשליסען, ווייל רעדען מיט'ן מויל, אדער אפילו שרייבען מיט דער האנד, האבען זיי זיך מתיר געוועהן אלדינג; אז עס איז אבער טאקי געקומען צום רעכטען עיקר, האבען זיי ניט געוואלט אבטרעטען פון זייערע יסודות, וואס זענען פארט געוועהן אנדערע, ווייל זיי האבען ניט געהאלטען פון קיין אנדער משיח, אויסער שבתי צבי אונ יעקב פראנק. וואס מעהר צייט עס איז אוועקגעגאנגען, האבען די גייסטליכע וועניגער זיי געלאזט רוהען אונ האבען געשריגען, אז אזוי בלייבען טארען זיי ניט אונ מוזען אננעהמען דעם קאטאליציזמוס. די פראנקיסטען האבען זיך בעטראכט אונ האבען געזעהען אז קיין אנדער וועג האבען זיי ניט, אונ ווי באלד זיי וועלען זיך טאקי ניט טויפען וועלען זיי מאוס אבשניידען פון ביידע זייטען, אונ סאי יודען, סאי קריסטען וועלען מאכען פון זיי א תל. דערצו האבען זיי זיך נאך בערעכענט אז קיינער קאן זיי ניט פארוועהרען צו בלייבען אין הארצען די אייגענע וואס זיי זענען, חאטש די וועלט וועט זיי האלטען

פאר קריסטען, אט איז דאך שבתי צבי געבליבען דער איינענער משיח, האטש ער איז געווארען א מחמד'נער, וואס זשע וועלען זיי פערליערען אז זיי וועלען איבערגעהען צום קריסטענטהום? אזא תירוץ האבען זיך די פראנקיסטען געפונען, פראנק אליין האט זיי שוין לאנג צוגערעדט דערצו, און עס איז ביי זיי געבליבען אז זיי זאלען אללע פון גרויס ביז קליין ווערען קאטאליקען.

דעם אמת מוז מען זאגען, אז א שטארקע נגיעה אין דעם, וואס די פראנקיסטען האבען זיך אויסגעטויפט, האבען אויך די יודען געהאט. באלד נאך דעם לעמבערגער ויכוח האבען די רבנים געמאכט אין קאנסטאנטינאוו, א גרויסע אסיפה און עס איז נגמר געווארען ביי זיי, מען זאל אנווענדען אללע מיטעל און זעהען אז די פראנקיסטען זאלען זיך אויפהערען צו רעכנען פאר יודען. זיי האבען פערשטאנען, אז כל זמן די פראנקיסטען וועלען ניט ארויס פון זייער כלל, וועט מען זיי נאך ניט איין מאל שלעפען צו א דין תורה, און דוקא צו אזעלכע דיינים, וואס קאנען דעם כלל ישראל אריינווארפען אין גראסטען אומגליק; דאריבער איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען זיך לאזען קאסטען אהיבשע מטבע און זיי צוטרייבען צו דער טויפע. דאס איז אויך געוועהן די אמת'ע סבה, וואס די קאטאלישע גייסטליכע האבען זיך אזוי גענומען צום הארצען, און האבען ניט געוואלט ליידען די פראנקיסטען זאלען בלייבען אין מיטען; צוויי טויזענד יודישע רענדליך האבען אונטערגעגעבען אזא חשק, אז מען האט פשוט די פראנקיסטען געצויגען ביי די פאלעס און מען האט זיי געשלעפט צום טויפען. נאר איין גענגער האבען דעמאלט די רבנים געהאט, דאס איז געוועהן ר' ישראל בעל שם טוב. מען דערצאהלט נאך פון איהם, אז ווען ער איז געווארען געוואהר ווי די יודען שיטען נאך מיט געלד אבי זיי זאלען פטר'ן די פראנקיסטען, האט ער דארויף זעהר געקרעכצט און האט געזאגט, אז גאטט אליין וויינט אויף אזעלכע זאכען, ווייל כל זמן א קראנקער אבר איז נאך צוגעהעפט צום גוף, קאן מען נאך האפען, אז ער וועט אמאל געזונד ווערען, ווי באלד מען שניידט איהם אבער אב, איז ער שוין אויף עביג פערלארען....

נאך אין דעם אייגענעם יאהר 1759 האבען זיך די פראנקיסטען אנגעהויבען צו טויפען, און נאר אין איין לעמבערג האבען זיך אין א פאר חדשים אויסגעטויפט מעהר פון טויזענד. די ערשטע, וועלכע האבען אנגענומען דאס קריסטענטהום זענען געוועהן אלישע שור'סביידע זיהן; שלמה שור, וואס האט זיין נאהמען איבערגעביטען אויף לוקאס פראנציסקי וואלאווסקי

אונ נתן שור, וואס האט זיך דערנאך גערופען מיכאיל וואלאווסקי. יעקב פראנק אליין האט זיך געטויפט שפעטער פון אללע, ווייל ער האט געוואלט מאכען דערפון א גאנצע צערעמאניע. ער איז אריינגעפאהרען קיין ווארשא, אונ האט זיך דארט געפיהרט גאר גרויס; געלד האט ער געהאט גענוג, אונ אז ער פלעגט ארויספאהרען אין א טהייערע קארעטע מיט זעקס פערד, אנגעטהון אין די שאנסטע טירקישע קליידער אונ ארומגערינגעלט מיט פינפציג רייטער, איז מען איהם נאכגעלאפען אונ ער האט אנגעמאכט א שטארקען רעש. ער האט זיך פארגעשטעלט דעם קעניג, אונ האט איהם געבעטען ער זאל איהם דיענען ווי א פאטער ביי דער טויפע, אונ אויגוסט דער דריטע איז מרוצה געווארען צו זיין פראנק'ס טויף-פאטער. מיט גרויס פאראד איז פראנק איבערגעגאנגען צום קאטאליציזמוס, ביים טויפען האט ער זיך געגעבען א נייען נאהמען: יוסף, צוזאמען מיט איהם האבען זיך אויך געטויפט זיין פרוי חנה אונ זיין טאכטער הוה. איהם האבען שוין נאכגעטהון די איבריגע פראנקיסטען אונ קיין איינציגער פון זיי איז ניט געבליבען אין יודישקייט.

א צונד האבען שוין, דאכט זיך, די פראנקיסטען געקאנט רעכנען אז זייערע צרות האבען זיך שוין אויסגעלאזט, צום סוף האבען זיי זיך ערשט אנגעהויבען: דאס קריסטענטהום וואלט זיי באמת געוועהן געבראכט רוה, ווען זיי געהמען עס מיט'ן גאנצען הארצען אונ מיינען דערביי קיין שום חכמות ניט, זיי האבען זיך אבער ארומגעטראגען מיט א מחשבה זרה, אז נאר לפנים וועלען זיי זיך רעכנען פאר קריסטען, אונ געטריי וועלען זיי טאקי בלייבען שבתי צבים תורות, דערפאר האבען זיי ניט אויפגעהערט, אפילו נאך דעם טויפען, צו בעטען ביי דער מלוכה מען זאל זיי אבגעבען א בעזונדער ארט צו וואהנען. פריהר האט עס נאך געהאט א זין, ווייל זיי האבען געשריגען, אז זיי קאנען ניט זיצען צוזאמען מיט די יודען, וואס טשעפען זיך צו זיי אומזיסט אונ טהוען זיי אן צרות; א צונד אבער האט מען פערשטאנען אז זיי ווילען לעבען אבגעזונדערט נאר צו ליעב דעם, זיי זאלען זיך קאנען פיהרען פריי אויף זייער אלטען דרך. אודאי איז אויף זיי געפאלען א חשד אונ נאך מעהר וואס מען האט געוואוסט, אז אויף זייער פארשטעהער פראנק קאן מען זיך ניט פערלאזען, ווייל ער האט זעהר לייכט געביטען די אמונה: פריהר איז ער געוועהן א מחמדנער אונ דערנאך איז ער געווארען א קאטאליק. מען האט זיך אנגעהויבען מעהר צוצוקוקען צו זייערע הנהגות אונ ביסלעכווייז האט זיך אנגעהויבען א שטארקע בעשולדיגונג, אז זיי זענען פאלש דעם נייעם גלויבען. די

פראנקיסטען האבען אפילו פון זייער זייט אנגעגעבען דער מלוכה א פאפיער אונ בעשריבען אלדינג, וואס איז מיט זיי פארגעקומען די גאנצע צייט, נאר אין דעם פאפיער האבען זיי זיך נאך ערגער פערדרעהט, ווייל זיי האבען פון פראנק'ן דערצעהלט גאנצע מופתים, ווי ער האט זיי עטליכע מאל נביאות געזאגט, אונ עס איז אללעס מקוים געווארען, אונ סוף כל סוף האבען זיי אויסגעדרונגען, אז זיי האלטען פראנק'ן פאר א פערבארגענעם משיח, אונ אז זיי האבען אויף זיין לייב אלליין געזעהען די וואונדען פון קריסטוס. דערמיט האבען זיי אויף זיך ארויפגעשלעפט גאר א גרויסע צרה, ווייל די גייסטליכע האבען טאקי אנגעהויבען שטארק מורא צו האבען, זיי זאלען ניט אנמאכען א נייע קריסטליכע סעקטע; זיי האבען זיך שוין גאר אנדערש גענומען צו זיי אונ זעכס פראנקיסטען, וואס מען האט זיי, ווי עס שיינט, שרעקליך געמוטשעט, האבען ארויסגעגעבען אללע סודות. עס איז נאך קיין יאהר ניט אוועקגעגאנגען זייט פראנק איז איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום, האט מען איהם אונ נאך פיעל פון זיין חברה, אים יאנוואר 1760, איינגעזעצט אונ מען האט איהם אנגעקלאגט, אז ער גיט זיך אויס פאר משיח'ן אונ אז ער האט מחלל געוועהן די קדושה פונ'ם קריסטענטהום דערמיט, וואס ער האט עס אימיסטען אנגענומען כדי ער זאל קאנען בעפעסטיגען זיין שאדליכען גאנג. צוויי חדשים האט געדויערט, אונ עס איז ארויס דער משפט מען זאל איהם אונ זיינע אללע מקורבים האלטען דאס גאנצע לעבען פערשלאסען אין א פעסטונג אונ אויסער דעם זאלען נאך זיינע צוהעלפערס, ווי קריסא, שור אונ אנדערע, נאכהען צו די שווערסטע ארבייט. לויט דעם געזעץ, איז פראנק'ן איינגענטליך געקומען פערמשפט ווערען צום טויט, נאר מען האט געלעגט כבוד אויפ'ן קאניג, וואס איז געוועהן זיין טויף-פאטער, אונ מען האט איהם געשענקט דאס לעבען. די יודען האבען גאר אומגערעכט דערלעבט א נקמה, ווייל האטש זיי האבען ניט אויפגעהערט צו רודף'ן די פראנקיסטען, האבען זיי אויף אזא ביטערן סוף ניט געקאנט ארויסקוקען אונ, אז זיי האבען דערזעהען ווי מען האט פראנק'ן מיט זיינע לייט איינגעקאוועט אין קייטען, אונ מען האט זיי אוועקגעפיהרט קיין טשענסטאחאב אונ די איבריגע פראנקיסטען האט מען צושיקט אין די ערטער, וואו זיי זענען געבארען געווארען, אונ די מלוכה האט צוגעשריבען מען זאל אויף זיי גוט אכטונג געבען, זיי זאלען זיך מעהר ניט אבגעבען מיט אזעלכע שאדליכע זאכען, האבען זיי ניט געגלויבט די איינענע אויגען.

נאך ווייניגער האט זיך פראנק אליין געקאנט גלויבען, אז פלוצלונג וועט ער האבען אזא מפלה דארט וואו ער האט גערעכענט, אז עס איז גאר אויף זיין חברה געקומען די רעכטע ישועה, אונ אז ער דארף שוין מעהר פאר קיינעם ניט מורא האבען. ביי איהם איז דאס קריסטענטהום נאר געוועהן א מאסקע אונ מען האט דערנאך געפונען, אז ער שרייבט טאקי אין זיינע כתבים, אז מיט דעם שריט האט ער אבגענארט די קריסטען פונקט ווי יעקב אבינו האט אבגענארט יצחק'ן אונ האט זיך אנגעטהון אין א פעל מיט האר, כדי דער פאטער זאל איהם ניט דערקענען אונ איהם שענקען זיין ברכה. דערפאר האט ער זיך אפילו ניט געוואלט שטארק פערשטעלען אונ קוים האט ער זיך מיט אללע פראנקיסטען גערעכענט פאר קריסטען האט ער זיך ווייטער געטהון זיינס. ער האט אויסגעקלויבען פון זיינע מקורבים צוועלף מענשען, פונקט געגען דער צאהל פון די שבטים אונ פון קריסטוס'ס שליחים (אפאסטאל), אונ האט זיך שוין געבראכען דעם קאפ איבער א פלאן, ווי אזוי ער זאל זיין מאכט צוטהיילען צווישען די דאזיגע צוועלף תלמידים, אונ זיי זאלען זיך דערנאך פערשפרייטען אויף דער גאנצער וועלט. ער האט אבער פערגעסען, אז קיין סודות זיינען ניטא אייביג: אודאי מען האט זיי גוט נאכגעקוקט אונ צו וויסען געגעבען די גייסטליכע, אז ניט קיין פערבלאנזשעטע שאפעליך האבען זיי צונויפגעזאמעלט אין דער קאטאלישער קירכע נאר בעזע וועלף, וואס רייסען זיך נאך אלץ צוריק אין וואלד אריין. עטליכע האבען זיך מודה געוועהן אונ גאר ניך איז פראנק'ס האפנונג אין גאנצען צושטערט געווארען: ער האט געמיינט אז ער איז שוין גאר נאהענט צום ציעל אונ צום סוף האט מען איהם גאר פערשלאפען אין טשענסטוחובער פעסטונג, אונ זיין חברה האט מען צווארפען אין אללע עקען פונ'ם לאנד.

ביטער איז אודאי געוועהן די פראנקיסטען, וואס מען האט זיי פערמשפט צו תפיסה אדער צו שווערע ארבייט, נאר ניט פיעל בעסער איז געוועהן די דאזיגע, וועלכע מען האט צושיקט אין פערשיעדענע שטאדט. זיי האבען געמוזט ארומגעהען אין די הייזער, אונ אזוי ווי יודען אונ קריסטען האבען זיי פיינד געהאט האט מען זיי אפילו קיין נדבות ניט געוואלט געבען, אונ א סך זענען פשוט אויסגעשטארבען פון הונגער. אזוי האבען זיי זיך אבגעמוטשעט מעהר פון א יאהר, ביז די גייסטליכע האבען אויף זיי פארט רחמנות בעקומען אונ האבען זיי אוועקגעשיקט קיין זאמושץ אויף ארבייט, זיי זאלען האטש זיך פערדיענען דאס טרוקענע שטיקעל ברויט. דאס קאן מען

פערשטעהען, אז קיין גרויס ליעבשאפט צו די יודען האבען די פראנקיסטען ניט געקאנט האבען, אונ וואו עס פלעגט נאר אויסקומען האבען זיי זיך ניט געפוילט ארויפצולעגען אויף זיי כל הרעות. אין א קליין שטאדטעל וואילאוויץ, ניט ווייט פון זאמושץ, האבען די פראנקיסטען אבגעטהון די יודען אזא שפיצעל: זיי האבען גענומען זייערע א פרוי אונ זי אנגעטהון אין אזעלכע קליידער, וואס פאסען פאר אלטע פרומע יודישע ווייבער, כדי עס זאל הייסען אז זי איז די רביצין, אונ זי איז געקומען צום גייסטליכען אונ האט איהם איבערגעגעבען א סוד, אז איהר מאנן, דער רב מיט נאך עטליכע בעלי בתים האבען פאר פסח דערהרג׳ט א קריסט אונ בענוצט זיין בלוט. פון דעם שפיצעל האט זיך אבער אויסגעלאזט זעהר א ביטערע זאך: מען האט דעם רב אונ נאך אנדערע איינוואהנער, וואס די פראנקיסטען האבען זיי געוואלט טרעפען אונ האבען געהייסען דער פערשטעלטער רביצין דערמאנען זייערע נאהמען פערמשפט צום טויט, אונ די אמת׳ע רביצען. וואס פון איהר איז קלאמערשט געקומען די מסירה אונ זי האט געבויך פון קיין זאך ניט געוואוסט, האט מען אזוי לאנג געמוטשעט אונ אנגעטהון ענוים קשים ביז זי האט זיך געמוזט טויפען מיט פינף קינדער. די איבריגע יודען זענען זיך צולאפען אונ פונ׳ם שטאדטעל איז געווארען א תל.

דרייצעהן יאהר איז פראנק געזעסען אין טשענסטוחוב. די ערשטע צייט איז איהם זעהר שלעכט געוועהן, ווייל מען האט איהם געהאלטען זעהר שטרענג אונ ער האט ניט געטארט ארויסגעהען פון דער פעסטונג. פון דעסטוועגען האט ער ניט אויפגעהערט צו שרייבען אונ שטארקען אללע זיינע חברה־לייט, זיי זאלען בייזיך ניט אראבפאלען אונ אננעהמען דאס אומגליק פאר א נסיון, וואס גאטט פריוט זיי דערמיט, כדי זייערע הערצער זאלען ווערען ריין אונ געלייטערט. אויף זיין ענש אליין האט ער געזאגט, אז ער האט עס פריהר געוואוסט אונ האט אויסגעוויזען פונ׳ם זהר, אז דארט געפינט מען א רמז, אז ער וועט מוזען זיצען אין געפאנגעניש גלייך מיט שבתי צבי. ביסלעכוויז האבען זיך אנגעהויבען מעהר פראנקיסטען צו בעזוכען אין טשענסטוחוב, כדי זיי זאלען זיין נאהענטער צו זייער ראש, אונ דעמאלט האט אויך פראנק בעקומען איין ערלויבניש צו וואהנען אין שטאדט, נאר ניט ארויספאהרען פון דארט. זיינע אנהאנגער האבען געשמירט מיט געלד מען זאל זיך ניט אזוי שטארק צוקוקען צו פראנק׳ס הנהגות, אונ באלד האט מען שוין געזעהען פון איהם מופתים. עס האט געהייסען, אז ער האט צוויי מתים לעבעדיג געמאכט. די פעסטונג

פלעגען די פראנקיסטען רופען „די טהויערן פון רום", און דאס האבען זיי דוקא אנגעהאנגען אין א גמרא, ווייל אין דער מסכתא סנהדרין שטעהט, אז ר׳ יהושע בן לוי האט א מאל געפונען זיצען אליהו הנביא ביי א היל און האט איהם געפרעגט, ווען משיח וועט קומען? „געה פרעג איהם!" האט אליהו געענטפערט. דארויף האט איהם דער תנא נאך א מאל געפרעגט: וואו וועט ער איהם געפינען? האט אליהו איהם געזאגט, אז משיח זיצט ביי די טהויערן פון רום. נאר ר׳ יהושע האט זיך ניט בעגנוגט מיט דער תשובה און האט איבערגעפרעגט: ווי אזוי וועט ער דערקענען משיח׳ן? דא האט איהם אליהו געגעבען א סימן, אז ער זיצט צווישען די קראנקע און מצורעים און היילט זיי. אט אין דער דאזיגער גמרא האבען זיך די פראנקיסטען אנגעהאפט און האבען געדרונגען, אז עס געהט אויף פראנק׳ן און אז דארט וואו זיין תפיסה איז געפינען זיך די טהויערן פון רום.

אין דער צייט וואס פראנק האט זיך געפונען אין טשענסטאכאב און האט שוין ניט געהאט אייגענטליך וואס אנצווערען, ווייל אויף דער הילף פון די קאטאלישע גייסטליכע האט ער ניט געקאנט מעהר רעכנען, האט ער אויסגעארבייט עטליכע יסודות פון זיין אמונה, און האט שוין גאר ניט געוואלט קיינעם איינרעדען אז זיין גלויבען גלייכט זיך אוים מיט׳ן קאטאליציזמוס. נאך זיין למוד, איז אויסגעקומען, אז גאטט בעשטעהט פון דריי חלקים, פון דעם עתיקא קדישא, פון דער שכינה און פון אלהי ישראל. און פראנק אליין מאג זיך רעכנען פאר אלהי ישראל, ווייל ער האט אין זיך אלע דריי טהייל פון דער געטטליכער קראפט און דארף אבקומען פאר די זינד פון ישראל, און דער גלויבען פון די פראנקיסטען איז א מיטעל וועג אויף אויסצוגלייכען דאס קריסטענטהום מיט׳ן יודענטהום. מיט אזעלכע יסודות האט ער אנגעפילט א גאנץ ספר, וואס זיינע תלמידים האבען דארט דערנאך צוגעשריבען א סך זאכען פון זיין נאהמען און האבען עס גערופען „פראנק׳ס תורה"; נאר קיין בעזונדערע אויפטהועכצען האט מען פון איהם ניט געזעהען, דאס זענען געוועהן פונקט אזוינע פערדרעהטע געדאנקען, וועלכע די פראנקיסטען האבען שוין ניט איין מאל ארויסגעגעבען אין זייערע פאפיערען צום פולישען קעניג און צו די קאטאלישע גייסטליכע, עס איז אויסגעקומען, די אייגענע נארישקייטען נאר מיט אנדערע ווערטער, מיט מעהר עזות און אויסגעלאסענהייט.

ווי ווייט פראנק איז געוועהן איינגעבילדעט, אז די יודען מוזען צושטעהען צו זיין אמונה, וואס ער האט זיי גערופען אמונת אדום, זעהט מען ארויס

דערפון וואס ער האט נאך אים יאהר 1767, ווען ער איז געזעסען אין טשענסטוחובער פעסטונג, געשיקט א בריעף צו דער יודישער קהלה אין בראדי אונ האט זיי געווארנט זיי זאלען זיך געהמען גאטט אין הארצען אונ ניט בלייבען ביי די אלטע נארישקייטען. ווייל די גבורה איז איבערגעגאנגען צו די פאלקער פון אדום אונ דער רצון פונ'ם אויבערשטען איז אז די קינדער פון אברהם יצחק ויעקב זאלען אננעהמען מיט ליעבשאפט זייער גלויבען. דערביי האט ער זיי געשריבען אויך א סימן אז אין גיכע צייטען וועלען די יודען פון קראקויא האבען א שטארקען פסק אונ גאטט'ס שטראף וועט זיי טרעפען. די בראדער יודען האבען מן הסתם זיך אויסגעלאכט פון זיין בריעף, נאר שפעטער מיט דריי אונ דרייסיג יאהר האבען פראנק'ס תלמידים נאך אמאל איבערגעשריבען דעם דאזיגען בריעף אונ צושיקט אין אנדערע קהלות, אונ דעמאלט האבען זיי שוין געקאנט דערוויזען, אז זייער רבי'נס נביאות איז מקוים געווארען אונ אז די קראקויער יודען האבען זעהר פיעל געליטען פון דער מלחמה וואס רוסלאנד האט אנגעהויבען מיט פולין.

אים יאהר 1768 איז ביי פראנק'ן געבארען געווארען א נייער געדאנק, וואס האט איהם אויף א קורצער צייט געגעבען זעהר גרויסע האפנונגען. ער איז געוואהר געווארען, אז דאס רוסישע חיל מיט'ן גענעראל רעפנין האט זיך צוגערוקט קיין קראקויא, אונ האט פערשטאנען אז דער פולישער מלוכה איז גענוג פערדרעהט דער קאפ, אונ מען וועט איהם ווייניג אין זין האבען. דעמאלט האט ער אויסגעקליבען דריי געטריע שליחים פון זיינע חברה־לייט אונ האט זיי שטילערהייד אוועקגעשיקט קיין ווארשא צום רוסישען ארכימאנדריט נאר מיט א נייעם פלאן. דער ארכימאנדריט האט אויפגענומען פראנק'ס שליחים אונ איז גאר נבהל ומשתומם געווארען, אז ער האט דערהערט פון זיי ווי פראנק ליידט נעביך אומזיסט, ווי די קאטאליקען רודפ'ן איהם נאר דערפאר וואס ער האט געזעהען על פי קבלה, אז די הייליגסטע פון אללע אמונות איז נאר די גריכישע (פראוואסלאוויע), אונ ער האט געוואלט די דאזיגע אמונה בעפעסטיגען צווישען זיינע תלמידים. וועך שמיעסט אז די שליחים האבען איהם געגעבען אנצוהערען, אז ווען פראנק ווערד פריי האט ער שוין פערטיגע צוואנציג טויזענד יודען וואס וועלען אננעהמען פראוואסלאוויע, האט זיך דער פרומער ארכימאנדריט אנגעהאפט אין דעם מיט ביידע הענד, אונ האט זיי געהייסען פאהרען קיין מאסקווא צו עטליכע גרויסע שררות, וואס זענען אים שטאנד געוועהן זיי צו העלפען. מיט גוטע רעקאמענדאציעס פונ'ם ארכימאנדריט

און פון נָאךְ אַזֶעלְכֶע גֶעהוֹיבֶּענֶע מֶענְשֶׁען, זֶענֶען די שְׁלִיחִים גֶעקוּמֶען קֵיין מָאסְקְוִיא, און הָאבֶּען זִיךְ דָארְט גֶענוּמֶען אַרְבֵּייטֶען גָאר אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אוֹפֶן. די פְרִיהֶרִיגֶע פַּאפִּיעֶרֶען, וָואס קְרִיסַא און שׁוֹר הָאבֶּען עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג אַרוֹיסְגֶעלָאזְט, און הָאבֶּען זִיךְ בֶּעמִיהט מִיט פְּסוּקִים פוּן דֶער תּוֹרָה און פְשֶׁטְלִיךְ פוּן דֶער קַבָּלָה צוּ בֶּעוַוייזֶען דָאס הֵיילִיגְקֵייט פוּנ'ם קַאטָאלִיצִיזְמוּס, הָאבֶּען די שְׁלִיחִים אִיבֶּערְגֶעדְרֶעהט און די גַאנְצֶע קְדוּשָׁה אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין פְּרַאוָואסְלַאוְויֶע, און זֵיי הָאבֶּען בַּאלְד אָבְּגֶעזוּכְט אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען, אַז פְרַאנְק קוּמְט טַאקִי אָבּ פַאר זַיין לִיעבְּשַׁאפְט צוּ דֶער גְרִיכִישֶׁער קִירְכֶע און אַז אוּנְטֶער זַיינֶע פְלֵייצֶעס שְׁטֶעהֶען טַאקִי צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד תַּלְמִידִים, וָואס זֶענֶען מוּכָן וּמְזוּמָן צוּזַאמֶען מִיט אִיהם צוּ וֶוערֶען פְּרַאוָואסְלַאוְונֶע. עֶס קָאן זַיין אַז די שְׁלִיחִים וָואלְטֶען זִיךְ גֶעוֶועהן צוּ עֶפִּיס צוּגֶעשְׁלָאגֶען, נָאר די יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד דֶערְוואוּסְט וָואס דָא גֶעהט פָאר און הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט זֵייעֶר בֶּעקַאנְטֶען שְׁתַּדְלָן בָּרוּךְ יָוָן גְלַייךְ קֵיין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג און עֶר הָאט זֵיי דָארְט גָאר אִין גַאנְצֶען מְבַטֵּל גֶעוֶועהן. בָּרוּךְ יָוָן הָאט זִיךְ גֶעטוֹיגְט אוֹיף אַזֶעלְכֶע זַאכֶען און הָאט גֶעוואוּסְט וואוּ אַ טְהִיר אֶפֶענְט זִיךְ און עֶר הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דֶעם גַאנְצֶען בִּנְיָן, וָואס פְּרַאנְק'ס שְׁלִיחִים הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז זֵיי זֶענֶען שׁוֹין מִיט אִיהם פֶערְטִיג. עֶר הָאט מִיט גֶעבְּרַאכְט בְּרִיעף צוּ די גְרֶעסְטֶע רוּסִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע און הָאט אוּמֶעדוּם אוֹיפְגֶעקְלֶעהְרְט אַז פְּרַאנְק אִיז אַ פְּשׁוּטֶ'ער שְׁווִינְדְלֶער, אַז אִין תְּפִיסָה זִיצְט עֶר צוּ לִיעבּ אָבְּנַארֶעַריי, אַז עֶר וויל שׁוֹין צוּם פִינְפְטֶען מָאל בַּייטֶען די אֱמוּנָה, וַוייל עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אַ יוּד, אַ שַׁבְּתַי צְבִי'נִיק, אַ טֶערְק און אַ קַאטָאלִיק, און אַז עֶר וֶועט מִיט זִיךְ נִיט מִיט בְּרֶענְגֶען אֲפִילוּ נִיט קֵיין הוּנְדֶערְט־חֵלֶק פוּן דֶער צָאהל, וָואס זַיינֶע שְׁלִיחִים בֶּערִיהמֶען זִיךְ. אַוַדַאי הָאבֶּען זֵיי גָאר נִיט גֶעפּוֹעלְט, און הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַוֶועקְפָאהֶרֶען פוּן רוּסְלַאנְד מִיט חֶרְפָּה און בּוּשָׁה: זֵיי הָאבֶּען נָאךְ גֶעדַאנְקְט גָאטט, וָואס מֶען הָאט זֵיי אָבְּגֶעלָאזְט, וַוייל מִיט קֵיין פֶּאסֶער זֶענֶען זֵיי נִיט גֶעקוּמֶען און רוּסִישׁ הָאבֶּען זֵיי קֵיין וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט.

אַזוֹי הָאט זִיךְ גָאר נִישְׁט אוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן פְּרַאנְק'ס הָאפְנוּנְגֶען, און עֶר הָאט גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען אִין טְשֶׁענְסְטָאחוֹב נָאךְ פִינְף יָאהר. מִיט אֵיין זַאךְ הָאט עֶר זִיךְ הָאטְשׁ גֶעטְרֶעסְט, וָואס עֶר הָאט דֶערְלֶעבְּט אַ שְׁטִיקֶעל נְקָמָה אִין פוֹילִין. פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאט מֶען זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁטַארְק צוּ צֶערַייסֶען דָאס לַאנְד און פְּרַאנְק הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאט אַזוֹי פִיעל הָעָזָה צוּ שְׁרַייעֶן אַז דָאס רֶעכֶענְט זִיךְ גָאטט אָבּ מִיט דֶער פּוֹילִישֶׁער מְלוּכָה דֶערְפַאר וָואס זֵיי הָאבֶּען אִיהם אַנְגֶעטָ[illegible]ן

אזוי פיעל צרות. א הויז דעם האט איהם זעהר געפראהט ווען ער האט פון ווייטענס געהערט, אז זיינע תלמידים שווייגען ניט אונ פערשפרייטען זיין תורה אין מאהרען אונ באהמען. עס איז טאקי אים יאהר 1769 געראטהען עטליכע פראנקיסטען זיך אריינצוהאפען קיין פראשניץ, אונ אזוי ווי דארט האט נאך געגליעט א פונק פונ'ם בעריהמטען מקובל ליבעלע פראשניץ, איז זיי ניט שווער געוועהן אבצוזוכען מאמינים, אונ באלד האט דאס שטאדטעל אנגעהויבען זידען ווי א קעסעל. פון דארט האבען זיך די פראנקיסטען צולאזט איבער גאנץ באהמען ביז זיי האבען זיך צוגעשלאגען קיין פראג, נאר דא האט זיי דער בעריהמטער רב ר' יחזקאל לאנדויא ניט געלאזט קיין קאפ אויפהייבען, ער האט זיי באלד אריינגעלעגט אין חרם אונ האט נאך צושיקט בריעף אין אללע יודישע שטאדט מען זאל זיך היטען פאר זיי ווי פאר פייער.

ענדליך איז אויך געקומען אויף פראנק'ן א ישועה. אים יאהר 1772 האט דאס רוסישע חיל אבגענומען טשענסטוחוב, אונ פראנק האט אנגעהויבען ארבייטען מיט אללע כוחות ער זאל נושא חן זיין ביי די רוסישע הויפט-לייט. וואס ער האט אזוינס אויפגעטהון, צו האט ער זיך פאר זיי אויסגעגעבען ווי א מענש וואס ליידט צו ליעב זייער רעליגיאן, אדער ער האט זיי פשוט גערעדט ווי א שפיאן, איז שווער צו וויסען, נאר אין עטליכע חדשים ארום האט איהם סובאראב געהייסען בעפרייען אונ ער האט זיך געמאגט פאהרען וואהין ער האט געוואלט. פראנק האט טאקי באלד, אים יאהר 1773, אוועקגעווארפען טשענסטוחוב, אונ האט ווייטער צושיקט א בריעף צו אללע יודישע קהלות. אין דעם בריעף האט ער שוין גערעדט שארפער אונ האט מודיע געוועהן די יודען, אז עס איז שוין צייט זיי זאלען זיך בעטראכטען וואו זיי האלטען אין דער וועלט, זיי זאלען זיך ניט איינרעדען אז מען וועט זיי לאזען צו רוה, עס וועלען קומען צייטען וואס מען וועט זיי ניט לאזען קיין גאס דורכגעהען, מען וועט אויף זיי שפייען אונ ווארפען שטיינער אונ קיינער וועט זיך פאר זיי ניט אננעהמען. דערפאר איז זיין עצה, אז די יודען זאלען אננעהמען די אמונה פון אדום, אונ דעמאלט וועט דער שלאפער גובר זיין דעם שטארקען אונ זיי וועלען האבען דאס רעכט זיך צו רעכנען פאר דער ערשטער אמונה אונ פערנעהמען א בכבוד'ן פלאץ צווישען אללע פעלקער.

ווי עס שיינט, האט זיך פראנק די ערשטע צוויי יאהר נאך דער בעפרייהונג ארומגעדרעהט אין פערשיעדענע ערטער, אונ האט אלץ געווארט, אז זיין בריעף

צוּ דִי יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת זָאל הָאבֶּען עֶפֶּס אַ פְּעוּלָה, נָאר אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען פָאַרְט עַקְשָׁנִים, אוּנ לֶאנְגֶער בְּלַייבֶּען אִין פּוֹלִין הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט. הָאט עֶר זִיךְ אִים יָאהר 1775 בֶּעזֶעצְט אִין בְּרִינְן, דִיא הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט פוּן מֶאהרֶען, אוּנ זַיינֶע דְרַיי תַּלְמִידִים, בֵּיידֶע בְּרִידֶער וָואלָאוְוסְקִי אוּנ עֶמֶערְדְסְקִי־דֶעמְבָּאוְוסְקִי, וֶועלְכֶער הָאט אִין יוּדִישְׁקַייט גֶעהֵייסֶען יְרוּחָם בֶּן לִיפְּמַאן פוּן טְשַׁארְטְקוֹב, הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי קָאמַאנְדֶע זֵיי זָאלֶען אַרְבַּייטֶען אִין בְּרָאדִי, לֶעמְבֶּערְג, לוּבְּלִין אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט פוּן פּוֹלִין אוּנ בֶּאהמֶען. דִי תַּלְמִידִים הָאבֶּען טַאקִי גֶענוּג גֶעאַרְבַּייט, אוּנ וֶוען דִי צָאהל פוּן דִי פְרַאנְקִיסְטֶען אִיז נִיט גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, אִיז אָבֶּער דֶערְפַאר בַּיי פְרַאנְקְ'ן אִין קֶעשֶׁינֶע פְּרֶעהלִיכֶער גֶעוָוארֶען, וַוייל צְווִישֶׁען דִי יְסוֹדוֹת פוּן דֶער נַייעֶר אֱמוּנָה הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר'ן הֵיילִיגְסְטֶען חוֹב צוּ גֶעבֶּען נְדָבוֹת פְרַאנְקְ'ן. עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַזַא גְרוֹיסֶע מִצְוָה וִוי אַ מָאל קָרְבָּנוֹת אוּנ דֶערְפַאר הָאט אֲפִילוּ דֶער אָרֶעמְסְטֶער פוּן דִי פְרַאנְקִיסְטֶען אָבְּגֶערִיסֶען בַּיי זִיךְ פוּנ'ם מוֹיל אוּנ הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט אַ פִּדְיוֹן. אַוַדַאי הָאט פְרַאנְק גֶעקָאנְט לֶעבֶּען גָאר בְּרֵייט; גֶעלְד גֶעהט צוּ גֶעלְד, פוּן אַללֶע זַייטֶען הָאט מֶען אִיהם אָבְּגֶעשִׁיט מִיט רֶענְדְלִיךְ, זַיין הוֹיף הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ אוּנ אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶועהן פוּל מִיט פְרַאנְקִיסְטֶען, וָואס פְלֶעגֶען גֶעהְן אַהִין עוֹלֶה רֶגֶל זַיין, אוּנ פְרַאנְק אִיז גֶעוֶועהן אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט עֹשֶׁר אוּנ כָּבוֹד.

אִים יָאהר 1778 אִיז פְרַאנְק אוֹיף אַ קוּרְצֶער צַייט אַרַיינְגֶעקוּמֶען קַיין וִוין אוּנ הָאט דָארְט גֶעשְׁפִּילְט גָאר דִי גְרוֹיסֶע רָאללֶע. עֶר הָאט אָבְּגֶענוּמֶען פַאר זִיךְ מִיט זַיין חֶבְרָה אֵיינֶס פוּן דִי גְרֶעסְטֶע הַייזֶער, עֶר פְלֶעגְט אַרוֹיסְפָאהרֶען מִיט דִי טְהַייעֶרְסְטֶע פֶערְד אוּנ דִי שֶׁאנְסְטֶע קַארֶעטֶעס, אוּנ בַּיי אַזַא רַייךְ לֶעבֶּען הָאט עֶר צוּ זִיךְ צוּגֶעצוֹיגֶען פִיעל מֶענְשֶׁען אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּקוּקֶען צוּ זַיין הַנְהָגָה. צוּם אָנְהוֹיב הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינִיסְטֶער גְרַאף קָוְנִיץ אִיהם דַוְקָא גֶעשְׁטִיצְט אוּנ אֲפִילוּ בַּיי דֶער קֵייזֶערִין מַארִיַא טְהֶערֶעזִיַא אַלֵיין הָאט עֶר נוֹשֵׂא חֵן גֶעוֶועהן, וַוייל מֶען הָאט אִיהם אוּנ זַיינֶע מְקוֹרָבִים גֶערֶעכֶענְט פַאר פְרוּמֶע קַאטָאלִיקֶען. וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק אָנְגֶעלִיטֶען צוּ לִיעבּ דֶעם גְלוֹיבֶּען. בַּאלְד זֶענֶען אָבֶּער אָנְגֶעלָאפֶען מְסִירוֹת פוּן יוּדֶען אוּנ פְרַאנְק אִיז גֶעצְווָאוּנְגֶען גֶעוֶועהן אַוֶועקְצוּוַארְפֶען וִויעֶן אוּנ זִיךְ צוּרִיק אוּמְקֶעהרֶען קַיין בְּרִינְן, וואוּ קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעשְׁטֶערְט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט פְרַייא צוּפִיהרֶען דִי הָאנְד.

אִין בְּרִינְן הָאט זִיךְ פְרַאנְק גֶעפִיהרְט פָּשׁוּט וִוי אַ מֶלֶךְ. עֶר הָאט גֶעבֶּען

זיך געהאט עטליכע הונדערט פראנקיסטען, וואס האבען אין פולין אוועקגעווארפען ווייבער און קינדער און זענען געקומען זיך וואלגערן ביים רבי'ן אין הויף; פון זיי האט זיך פראנק אויסגעקליבען זיינע לייב-מענשען וואס פלעגען איהם אבהיטען און דינען געטריי אזוי ווי סאלדאטען, און גאנץ אפט איז גאר געווען צו בעוואונדערן ווי גיך די פראסטע פוילישע יודען האבען זיך אויסגעלערנט צו טראגען א פארמע, געהען מיט שווערדען און זיך פיהרען ווי אללע קריגס-לייט. פראנק האט מקרב געווען גראבע מענשען, און עס קאן זיין אז ער האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט, ווייל קיין לומדים זענען צו איהם ניט געקומען; נאר אין זיינע כתבים פערענטפערט ער די זאך גאר אנדערש: עס וואלט גאר קיין קונץ ניט געווען, זאגט ער, ווען דער רבונו של עולם פיהרט זיין וועלט נאר דורך קלוגע מענשען; דער אויבערשטער טהוט אבער פונקט פערקעהרט, און דוקא דורך קליינע און נארישע מענשעליך בעווייזט ער אונז זיין כח. פראנק האט אבער פערשטאנען צו האלטען אין מורא אללע זיינע לייט, וואס האבען ביי איהם געהייסען: „חברה" אדער „מחנה", און וואס פלעגען זיך צווישען זיך רופען איינער דעם אנדערן: שוועסטער און ברידער. דערצו האט ער זיי אזוי אויסגעמושטירט, אז זיי זאלען קאנען זיין בעלי סוד, און דארט וואו מען דארף זאלען זיי זיך אפילו אזוי פערשטעלען, אז זיי קאנען קלאמערשט פראנק'ן ניט אויפ'ן פנים. דריי זאכען, געפינט מען אין זיינע כתבים, האט ער זיי אנגעזאגט: ערשטענס, אז איהר וועט פאלגען ניין און ניינציג מאל און דאס הונדערטע מאל ניט, איז גלייך ווי איהר זענט קיין מאל ניט געטריי געווען; צווייטענס, אז איך זאג אייך, אז די ערד איז פון גאלד דארפט איהר בלינד גלויבען און גאר ניט איבער פרעגען; און דריטענס, אז איהר זעהט מיך אין גאס געהען צו פוס אדער רייטען אויף א פערד טאר קיינער מיר ניט נאכקוקען און דערנאך אפילו ניט דערצעהלען דער אייגענער פרוי מיט די קינדער, אז מען האט מיך בעגעגענט, ווייל פונ'ם איבריגען פלוידערן קומט קיין גוטס ניט ארויס. גאנץ אפט פלעגט פראנק לערנען קבלה מיט זיין מחנה און האט זיי פערשטעהען געגעבען, אז אין אמונה זענען דא דריי מדרגות: די ערשטע איז דאס קריסטענטהום, וואס עס האט זיי דערצו צוגעפיהרט; די צווייטע איז דת און דערביי האלטען זיי אצונד; און די דריטע איז אדום, נאר דערצו קאן מען ערשט דערגרייכען, אז מען איז גוט און פרום, און מען האט א גרויסען זכות אין הימעל.

פראנק'ס גאנצע הנהגה איז געווען פול מיט סודות. פון אללע אורחים

וואס פלעגען קומען קיין ברינגן האבען נאר עטליכע געצאהלטע געקאנט האבען די זכיה איהם אבגעבען שלום און מיט איהם רעדען א פאר ווארטער, די איבריגע האבען זיך געמוזט בעגניגען דערמיט, וואס זיי האבען זיך א צייט ארומגעדרעהט ביי איהם אין הויף און האבען איהם פון דער ווייטענס געזעהען פאהרען, האטש זיין פנים האבען זיי ניט געקאנט אנקוקען, ווייל די קארעטע איז געוועהן צוגעדעקט פון אללע זייטען. פראנק האט געהאלטען, אחוץ נביאים, שרייבערס און משרתים, ביז זיבציג לייב-מענשען, און אז ער פלעגט ארויספאהרען איבער דער שטאדט איז דאס געוועהן א גאנצער פאראד: דער קוטשער איז געוועהן אנגעטהון אין א גרינעם רוסישען מונדיר, ארום דעם וואגען פלעגען פאהרען צוועלף רייטער לאנגע שפיזען, ער אלליין האט שטאנדיג געטראגען א רויט זיידען היטעל, און אונטער דעם רויטען לאנגען זיידענעם מאנטעל טהייערע פולישע קליידער אזוי ווי די גרויסע מאגנאטען, אויפ'ן פנים אבער האט ער אויסגעזעהען ווי א פראסטער פולישער יוד, מיט א געדיכטער בארד און מיט לאנגע פאות, און נאר די שווארצע פינקעלדיגע אויגען האבען ארויסגעגעבען דעם סוד, אז דאס איז ניט קיין געוועהנליכער מענש. אין קירכע פלעגט ער זעהר זעלטען קומען, נאר אללע טאג איז ביי איהם געוועהן דער מנהג ארויספאהרען אין א וואלדעל און דארט דאווענען ביחידות; דעמאלט איז איהם געוועהנליך, אויסער זיינע מקורבים, נאכגעפאהרען א בעזונדער רייטער, און האט מיטגעפיהרט וואסער אין א לעדער. פראנק האט יעדעס מאל אנגעוויזען א בעזונדער פלאץ, דארט האט מען אויפגעשפרייט א טהייערן קאווער (טעפפיך) און ער האט דארט איינער אלליין זיך געשטעלט אויף די קניע און געזאגט פערשיעדענע תפלות, דער עולם האט געמוזט שטעהען פון ווייטענס און האט ניט געטארט צוגעהען נאהענט, און אז דאס דאווענען האט זיך געענדיגט האט מען דעם פלאץ בעגאסען מיט וואסער.

פון זיין קדושה האט פראנק אבגעטהיילט דעם גראסטען חלק זיין שאנער טאכטער חוה, וואס איז, נאך דער מוטטער'ס טויט, די גאנצע דרייצעהן יאהר, וועלכע דער פאטער האט פערבראכט אין דער טשענסטאחוב'ער פעסטונג, אויפגעוואקסען געווארען אין ווארשא ביי איינעם פון די גראסטע שררות און זי איז געווארען א זעלטענע יפת תאר, געלערנט און מיט אללע מעלות וואס פאסען פאר א עדעל קינד. פראנק האט פערשטאנען אז צו זיין שווינדעל וועט איהם די טאכטער שטארק צו נוטץ קומען, און ער האט אנגעהויבען

שְׁרַייֶען אַז אִין אִיהר לִיעגְט נָאךְ מֶעהר רוּחַ הַקֹּדֶשׁ וִוי אִין אִיהם, אוּנ אַז נִיט עֶר אַלֵיין, נִיט אֲפִילוּ שַׁבְּתַי צְבִי אוּנ דִי הֵיילִיגֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעהַאט אַזַא גֶעהוֹיבֶּענֶע נְשָׁמָה וִוי זִי. עֶר הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען „אֱמוּנָה" אוּנ זַיינֶע אַלֶע כְּתָבִים זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶען מִיט אִיהרֶע שְׁבָחִים. „אַז זִי וֶועט אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן אוּנְז, פְלֶעגְט עֶר אָפְט זָאגֶען, וֶועלֶען מִיר אַלֶע בְּלַייבֶּען וִוי אַ גוּף אָהְן אַ נְשָׁמָה, אוּנ אַז אִיהר זְכוּת וֶועט אוֹיף אוּנְז מֵגִין זַיין וֶועלֶען מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע וֶועלְטֶען!". חַוָה הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דֶעם פָאטֶערְס דֶרֶךְ, אוּנ אִיז נָאךְ גֶעוָוארֶען מֶעהר בְּרִיָה פוּן אִיהם, אוּנ אַ כֹּחַ הָאט זִי טַאקִי גֶעהַאט אַ גְרָאסֶערְן, וַוייל אַ שֶׁאנֶע פְּרוֹי אִיז דֶער בֶּעסְטֶער מַאגְנֶעט, אוּנ קֶאן צוּ זִיךְ מֶעהר צוּ שְׁלֶעפֶּען וִוי אַלֶע אַנְדֶערֶע מִיטֶעל. זִי הָאט זִיךְ נָאךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֶעלְטֶענֶער אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען וִוי פְּרַאנְק אוּנ אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶועהן אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט פִיערְצֶעהן מֶאדְלֶעךְ; עֶס פְלֶעגְט זֶעהר שְׁוֶוער אָנְקוּמֶען זִי צוּ זֶעהֶען, אוּנ דֶערְפַאר הָאט מֶען נָאךְ מֵגַזֵם גֶעוֶועהן אִיהר שֶׁאנְהַייט אוּנ וָואס וֶוענִיגֶער מֶען הָאט זִיי אָנְגֶעקוּקְט הָאט מֶען אַלְץ מֶעהר גֶערֶעדְט פוּן אִיהר אוּנ מֶען הָאט דֶערְצֶעהלְט גַאנְצֶע נִסִים וְנִפְלָאוֹת. עֶס אִיז אַ סְבָרָא אַז צוּ אִיהר הָאט זִיךְ גֶעשַׁדְכֶנְ'ט אֵיינֶער פוּן דִי רַייכְסְטֶע פוֹילִישֶׁע מַאגְנַאטֶען, דֶער גְרַאף לוּבָּאמִירְסְקִי, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם פְלֶעגְט עֶר אָפְט קוּמֶען קַיין בְּרִינְן.

אִים יָאהר 1782 אִיז פְּרַאנְק צוּזַאמֶען מִיט זַיין בֶּערִיהמְטֶער טָאכְטֶער נָאךְ אַ מָאל אַרִיבֶּערְגֶעפָאהרֶען קַיין וִויעןְ, אוּנ הָאט דָארְט מִיט זַיין גְרוֹיס רַייכְקַייט אוּנ מִיט'ן בְּרֵייטֶען פִיהרוּנְג נָאךְ מֶעהר אוֹיפְגֶערִיסֶען דִי אוֹיגֶען וִוי מִיט פִיער יָאהר צוּרִיק. הוּנְדֶערְטֶער פְּרַאנְקִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהט בַּיי אִיהם אִין הוֹיף, אוּנ עֶס אִיז זַיי גֶערָאטְהֶען אַרַיינְצוּנַארֶען נִיט וֶוענִיג יוּדֶען אִין זַייעֶר נֶעץ. אִין אֶסְטֶערְרַייךְ הָאט דֶעמָאלְט גֶעהֶערְשְׁט דֶער גוּטֶער אוּנ מֶענְשֶׁענְפְּרַיינְדְלִיכֶער קֵייזֶער יָאזֶעף דֶער צְוֵויטֶע, וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען פְרַייהַייט אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנ דַארִיבֶּער הָאט אוֹיךְ פְּרַאנְק גֶעקָאנְט טְהוּן וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט. דִי פָּאלִיצַייע הָאט זִיךְ אֲפִילוּ יָא אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף זַיין הַנְהָגָה אוּנ הָאט אִיהם גֶעפְּרֶעגְט פוּן וַואנֶען עֶס קוּמְט צוּ אִיהם אַזַא עֲשִׁירוּת, נָאר פְּרַאנְק הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֶעהט מִיט אַ תֵּירוּץ אַז אִיהם שִׁיקְט דִי קֵייזֶערִין פוּן רוּסְלַאנְד יֶעקַאטֶערִינַא דִי צְוֵוייטֶע. דִי תְּשׁוּבָה וָואלְט גֶענוּג גֶעוֶועהן וֶוען דִי יוּדֶען וָואלְטֶען אִיהם נִיט מֶעהר זַאטְשֶׁעפֶּעט, עֶר הָאט אָבֶּער גֶעהַאט שׂוֹנְאִים, אִי צְווִישֶׁען דִי פְרוּמֶע, אִי צְווִישֶׁען דִי אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְטֶע, בֵּיידֶע צְדָדִים הָאבֶּען אִיהם גֶערֶעכֶענְט נִיט אַהִין אוּנ נִיט אַהֶער אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלָאגֶען דֶער

מלוכה אז ער איז פשוט א שאדליכער מענש , ווייל ער שלעפט צו זיך צו יונגע לייט אונ קליינע קינדער אונ זיי בעגנב'נען די עלטערן אונ טראגען איהם אוועק דעם לעצטען גראשען . אוודאי האט שוין די מלוכה ניט געקאנט שווייגען , מען האט איהם געהייסען פון וויען ארויספאהרען . אונ ער איז צוריק געפאהרען קיין ברינן , דארט האט ער שוין אבער אויך ניט געקאנט לאנג בלייבען , ווייל מען האט אויף איהם אכטונג געגעבען אונ ער האט געמוזט לעבען א ביסעל איינגעהאלטענער , אונ ער האט זיך ענטשלאסען צו זוכען פאר זיך מיט דער גאנצער „מחנה" א נייע היים אונ לחלוטין אוועקוואַרפען ברינן , וואו ער האט כמעט דרייצעהן יאהר כסדר געלעבט רוהיג אונ גליקליך .

נאך אין פולין האט פראנק אונ זיין גאנצע חברה זיך בעמיהט צו בעקומען א בעזונדער ארט , וואו זיי זאלען זיך קאנען זיצען אלליין אונ קיינער זאל זיי ניט מיש'ען אין זייערע ענינים , נאר עס איז זיי ניט געראטהען אונ דערפון האבען זיך נאך אנגעהויבען פאר זיי די גרויסע צרות ; אצונד , אז מען האט פראנק'ן טאקי אהן צערעמאניעס ארויסגעשיקט פון אסטערייך , איז ביי איהם געבליבען אז מעהר וואהנען צווישען שכנים איז קיין תכלית ניט , אונ אז דאס בעסטע וואלט געוועהן ווען ער ווערד אלליין א בעל הבית אונ דארף גאר ניט אנקומען צו קיין פרעמדע . ער האט אנגעהויבען נאכזוכען א פלאץ אונ האט אים יאהר 1778 געפונען א טהייערן שלאס , ניט ווייט פון דער שטאדט אפענבאך , וואס האט געהערט צום פירסט איזענבורג בירשטיין , אונ אזוי ווי ער איז געוועהן א גרויסער נצבך אונ פראנק האט איהם נאך געגעבען זעהר א וואהלען מקח , האט ער איהם פערקויפט דאס גאנצע שלאס מיט דיא ערד אונ מיט אללע רעכטע וואס ער האט געהאט , אונ פראנק האט בעקומען דעם טיטעל באראן פאן אפענבאך אונ , פונקט ווי אללע אנדערע פירסטען , האט ער שוין געהאט צו שאפען איבער אללע איינוואהנער פונ'ם שלאס , אונ די גאנצע מאכט איז איינגעשטאנען ביי איהם אין די האנד . מעהר האט טאקי פראנק ניט בעדארפט , ווייל ביי זיך אין שלאס האט ער געהאלטען נאר זייז „מחנה" אונ קיינער האט איהם שוין ניט געטארט זאגען קיין דעה . מיט גרויס פאראד איז פראנק אריינגעפאהרען אין זיין שלאס צוזאמען מיט ביידע זיהן , יעקב אונ יוסף , אונ מיט זיין הייליגער טאכטער חוה אונ די איינוואהנער פון אללע שטאדט ארום האבען זיך אנגעהויבען ברעכען די קאפ , פון וואנען האט זיך צו זיי גענומען דער נייער פריץ . פראנק האט אלליין ארויסגעלאזט א קלאנג , אז ער איז איינער פון די גרויסע רוסישע שררות , אז ער שטעהט

אונטער דעם שוטץ פון דער קייזערין יעקאטערינא, אונ אז חוה איז א רוסישע פרינצעסין. באלד האט מען אנגעהויבען דערצעהלען גאנצע מעשות: א טהייל האבען געזאגט, אז פראנק איז א פולישער פירסט. אנדערע האבען געדרונגען אז ער איז א געוועזענער רוסישער מלך, אונ גאר די קלוגע האבען אויסגעוויזען, אז ער איז מעהר ניט ווי איין אלטער רוסישער גענעראל וואס איז צוגעשטעלט געווארען, ער זאל אכטונג געבען אויף חוה'ן, וועלכע בעהאלט איהר נאהמען אונ איז אייגענטליך די טאכטער פון דער רוסישער קייזערין עליזאבעטהע פעטראוונא. קיין אנדערע געדאנקען האבען טאקי קיינעם ניט געקאנט קומען אויפ'ן מח, ווען מען האט בעטראכט פון דער ווייטענס דאס רייכקייט פון פראנק'ן, אונ ער אלליין האט טאקי געוואלט מען זאל אויסטראכטען וואס מען וויל, אבי ווייטער זיין פונ'ם אמת.

צום אנהויב האט פראנק מיט זיך אללײן מיט געבראכט אין שלאס אריין ביז זעכס הונדערט חברה־לייט. נאר דערנאך האט זיך די צאהל פערגרעסערט אונ אפט פלעגען זיך געפינען ביי איהם אין הויף מעהר פון טויזענד מענשען. די בשורה, אז פראנק האט זיך געמאכט א קליינע מלוכה אונ ביי איהם קאנען זיך די פראנקיסטען פיהרען נאך די ריינע יסודות פון זייער אמונה אונ פער־שפארען זיך צו פערשטעלען, האט זייערע הערצער אנגעפילט מיט פרייד אונ יעדער פון זיי האט מיט פערגניגען אוועקגעשיקט אהין די שאנסטע מתנות אונ אפילו דער ארמסטער האט גערעכענט פאר א חוב האטיש איין מאל זיין אלליין ביים רבי'ן, איהם איבערלאזען א רעכטען פדיון אונ אנקוקען מיט אייגענע אויגען זיין גדולה. פראנק האט זיך אויפ'ן נייעם ארט געפיהרט נאך מיט מעהר גדלות אונ זעהר זעלטען האט ער זיך געוויזען פאר די הונדערטער פרעמדע וואס האבען זיך מיט גרויס מיה קוים פערשלעפט צו איהם אין שלאס אריין אונ געננוג בעצאהלט נאר דערפאר זיי זאלען בעטראכטען האטיש די פיער וואנד פון זיין וואהנונג. חוה האט זיך אויך אזוי נוהג געוועהן אונ נאר איין מאל אין וואך האט מען זי געקאנט זעהען, ווען זי פלעגט ארויסגעהען פאר'ן טויער פונ'ם שלאס אויסטהיילען נדבות די ארעמע לייט. פראנק'ס הכנסה איז געוועהן אזוי גרויס, אז ער איז אים שטאנד געוועהן אויסצוהאלטען אויף זיין רעכנונג עטליכע הונדערט איינוואהנער פונ'ם שלאס אונ א חוץ דעם נאך צוטהיילען טויזענדער רענדליך פרעמדע קבצנים, אונ דאס אלדינג האבען געגעבען די פראנקיסטען אונ גראסטענטהיילס מעהר ווי פיעל די כוחות זייערע האבען געטראגען.

די הנהגה פון די פראנקיסטען ביי זייער משיח אין שלאס איז געווען אקוראט לויט פראנק'ס תורה, ווי ער האט אנגעשריבען אין טשענסטאחוב, נאר פראנק אליין פלעגט זעהר זעלטען דאווענען בצבור. זיי האבען געהאט זייער אייגענע קירכע ביים טייך מאין און אז פראנק פלעגט אמאל קומען אהין, האט מען איהם געשטעלט אונטער א טהייערע חופה, און דארט האט ער מתפלל געווען ביחידות. דאס פלעגט אבער געשעהן נאר עטליכע געצעהלטע מאל אין יאהר; זיין געוועהנליך דאווענען איז געווען ווי פריהר אין א וואלד, וואו ער פלעגט פאלען כורעים, און דערנאך האט מען דאס ארט בעגאסען מיט וואסער. געטראגען האט ער שטענדיג זיין רויטען מאנטעל, ווייל זיין אמונה האט ער גערופען אדום און אדום הייסט אויך רויטה אויף לשון קודש, נאר אפט פלעגט ער זיך אנטהון ווייסע קליידער פון א כהן גדול, און מען דערצעהלט, אז ווען ער איז אמאל געפאהרען קיין פראנקפורט דורך אפענבאך און דער ווינד האט גראד צובלאזען דאס גרינע פארטוכעל פון דער קארעטע האט מען איהם דערזעהען זיצען אין א ווייסען קיטעל מיט אורים ותומים אויפ'ן הארץ און מיט קליינע גלאקלעך ארום די זוימען פון די מלבושים.

דריי יאהר זענען אזוי אוועקגעגאנגען און פראנק האט דערפיהלט אז ער ווערט אלט און די כוחות לאזען זיך איהם אויס, דערצו האט ער בעמערקט אז אין זיין קאססע ווערט אלץ ווייניגער, און ער איז נאך ארייגעקראכען אין חובות, ווייל ווי די פדיונות האבען זיך ניט געשיט פון אללע זייטען האט עס פארט ניט געקאנט טראגען אויף אזא ברייטען לעבען. פראנק האט געוואלט בעווארענען די קינדער און זיי איבערלאזען א פעטע ירושה, און דאריבער האט ער אים יאהר 1781 מודיע געווען אללע פראנקיסטען זיי זאלען קומען צו איהם, ווייל ער זעהט אז לאנג ציהען וועט ער שוין ניט, און ער וויל זיך מיט זיי געזעגנען פאר'ן טויט. א שטארקען רעש האט די ידיעה אנגעמאכט אומעדום, וואו די פראנקיסטען האבען געוואהנט, און בעזאנדערס אין ווארשא, ווייל דארט האבען זיך געפונען די רייכסטע און די פערמאגליכסטע פון זיי, און עס איז ביי זיי אללע געבליבען, אז עס מאג זיי קאסטען זייער גאנץ עשירות און זיי מוזען בעקומען נאך פראנק'ס ברכה עהדער ער וועט צומאכען די אויגען. זיי האבען אבער מורא געהאט די מלוכה זאל זיך ניט אומקוקען אז צופיעל מענשען פאהרען ארויס און זאל זיך ניט שטויסען וואוהין די נסיעה איז, דערפאר האבען זיי פריהר ארויסגעשיקט די ווייבער מיט די

קינדער קיין דייטשלאנד אונ דערנאך האבען זיי ביסלעכוויי צונויפגענומען אללע זייערע קאפיטאלען אונ זענען אויך אריבער די גרעניץ. צו שפּעט האט זיך די פּוילישע מלוכה געחאפּט אונ האט אין גאנצען פערהאלטען אין וועג עטליכע מענשען מיט פיערציג טויזענד רענדליך. דאס איז אבער ניט געוועהן אפילו קיין צוואנציגסטעל פון דעם וואס די פראנקיסטען האבען איבערגעפיהרט פראנק'ן אונ געבראכט זיינע קינדער א פערטיגע ירושה.

טאקי נאך אין דו"ם יאהר, דעם 10 דעצעמבער איז פראנק געשטארבען אונ מעהר פון אכט הונדערט פראנקיסטען זענען געוועהן ביי זיין לויה. מיט גרויס פּאראד האט מען איהם מקבר געוועהן אין אפענבאך, נאר קיין גייסטליכער איז ניט געוועהן דערביי, ווייל האטש דער טויט האט ביי זיי צוגענומען זייער מנהיג איז זיי געבליבען היילינג „פראנק'ס תורה", אונ זיי האבען אללע גוט געוואוסט, אז מיט די קאטאליקען געהערען זיי זיך גאר ניט אן, אונ אז אצונד דארפען זיי נאך איינווענדען מעהר כח צו בעפעסטיגען די אמונה פון אדום.

א קיילעכדיגען יאהר האבען די פראנקיסטען בעוויינט זייער משיח'ן אונ געטראגען טרויער נאך איהם, נאר קיין יתומים זענען זיי פּאָרט ניט געבליבען: חוה האט איבערגענומען די גאנצע ארבייט פונ'ם פאטער, אונ עס איז איהר אויך ניט שווער געוועהן, ווייל פראנק האט שטאנדיג געשריגען, אז קיין היילינערע פון איהר איז גאר ניטא, אונ דער עולם האט זיך שוין פון לאנג געוואהנט מיט דעם געדאנק, אז זי מוז נאך זיין טויט ארויף אויף זיין ארט. חוה האט טאקי פערשטאנען ווי אזוי צו דרעהען דאס ראדעל: ביידע ברידער זענען ביי איהר געוועהן געטרייע נביאים, אונ א חוץ דעם האבען איהר געהאלפען די אלטע פראנקיסטען וואלאווסקי, דעמבאווסקי אונ נאך אנדערע, וואס זענען שוין געבליבען וואהנען אין שלאס אונ האבען דארט איינגעפיהרט א קליינע נאר א זעלבסטשטאנדיגע מלוכה מיט חיל אונ כלי זין. אויף אזעלכע זאכען דארף מען אבער האבען א סך געלד, אונ די פדיונות, וואס מען פלעגט ברענגען, האבען ניט געקלעקט אויף אזא הוצאה; ווער שמיעסט אז עס זענען נאך אוועקגעגאנגען עטליכע יאהר, אונ דער עולם האט אנגעהויבען ווייניגער פאהרען צו איהר, האט חוה אנגעהויבען פיהלען א מאנגעל, אונ איז געצוואונגען גע- וועהן צו מאכען חובות. געטרויעט האט מען איהר אומעדום, ווייל קיינער איז ניט מסופק געוועהן, אז זי איז טאקי א רוסישע פרינצעסין, אונ דערפאר איז זי אים יאהר 1798 שוין שולדיג געוועהן דריי מיליאן גולדען. אז עס איז איהר

געוואָרען שטאַרק ענג האָט זי צולאָזט פיעל פון איהרע דיענער, אונ אַסך פראַנקיסטען, וואָס האָבען ביי איהר אין הויף געלעבט, האָבען געמוזט זיך אומקעהרען קיין פוילין אָדער זוכען זיך אַרבייט ערגיץ אין די פאַבריקען פון דייטשלאַנד. די בעלי חובות האָבען מן הסתם אויך ניט געשוויגען, נאָר זי האָט זיי אָנגעהויבען פיהרען מיט הבטחות אַז אָט אָט דאַרף איהר אָנקומען געלד פון רוסלאַנד אונ זי וועט זיך מיט אַללע אָבּרעכענען. דערווייל האָבען איהרע נביאים צושיקט בריעף אין אַללע שטאָדט, וואו די פראַנקיסטען געפינען זיך, אונ האָבען מודיע געוועהן, אַז חוה איז אין אַ גרויסער נויטה, אונ זיי האָבען באַלד ווייטער אויסגעלעדיגט די קעשינעס; בעזאָנדערס האָט מען איהר אַריינגעשיקט פיעל געלד פון פראָג. עס איז שוין אָבער אַלץ ווייניג געוועהן, זעהר ווייניג מיילער האָט זי דערמיט געקאָנט פערשטאָפּען אונ, ווי עס שיינט, האָט מען איהר אָנגעהויבען שטאַרק דערקוטשען. חוה האָט נאָך אַמאָל געמוזט מאַכען אַ שווינדעל, אונ האָט אים יאָהר 1800 צוקלעבט אין אַללע גאַסען פון אָפּענבאַך מודעות, אַז זי שיקט אַרויס איהר ברודער קיין פּעטערסבורג אונ פון דאָרט וועט ער אין זעקס חדשים אַרום צוריק קומען מיט היל אונ געלד, אונ דעמאָלט וועט זי די דאָזיגע, וואָס וועלען רוהיג וואַרטען, בעצאָהלען פּינקטליך זייער קאַפּיטאַל מיט פּראָצענט, אונ די, וועלכע וועלען זיין עזות־פּנים׳ער, וועלען זיי האָבען וואָס צו געדענקען. ווי נאַריש אַזאַ מודעה וואָלט זיך בעדאַרפט אויסווייזען, האָבען זיך געפונען גענוג נאַראָנים, וואָס האָבען איהר געגלויבט, אונ אַז מען האָט געזעהען אַז חוה אַלליין איז אויף אַ צייט אַוועקגעפאָהרען קיין וועניגסטענס אונ איהר ברודער יעקב האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין רוסלאַנד האָבען זיי זיך געקוויקט מיט דער האָפנונג אַז גאָר גיך וועט זיך אַ גוס טהון אַ רעגען פון רוסישע רענדלעך, אונ זיי וועלען בעקומען אַ מנה יפה. קוים האָט זיי אָבער חוה איינגעשטילט, האָט זי זיי שוין אַללעמען פערגעסען. וואָס זי האָט געטהון אין וועניגסטענס — איז ניט בעקאַנט, נאָר אַז איהר ברודער איז געפאָהרען קיין פּעטערסבורג נאָר ניט זוכען געלד, זעהט מען אַרויס דערפון, וואָס שפּעטער מיט פיערצעהן יאָהר האָט ער שוין געדיענט ווי אַיין אָפפיציער אין דער רוסישער אַרמעע.

מיט אַ וועטהיג אין האַרצען האָבען דעמבאָווסקי אונ וואָלאָווסקי, די גרויסע זיילען וואָס אויף זיי האָט זיך נאָך אין גאַנצען געהאַלטען דער בנין פון אמונת אדום, בעטראַכט ווי פראַנקיס אַרבייט געהט לאָבוד, אונ זיי האָבען זיך ענטשלאָסען צו מאַכען די לעצטע פּרווו אונ שיקען אַ בריעף צו

דער יודישער קהלה אין פראג, טאמער וועט זיך אויפבלאזען דער פערלאשענער פונק, און עס וועט ווערען א נייע שרפה. אין דעם בריעף, וואס איז געוועהן געשריבען מיט רויטהען טינט פאר א זכר פון אדום, האבען זיי דערמאנט די יודען דעם מאמר פון דער גמרא: „יעקב אבינו לא מת" און איהם אנגעווענדעט אויף פראנק'ן און געוויזען, אז יעקב פראנק איז ניט געשטארבען, ווייל זיין תורה לעבט און וועט עביג לעבען; זיי האבען מזהיר געוועהן די עקשנים, וואס פערמאכען די אויגען פאר'ן ליכט פונ'ם אמת, אז אין גיכע צייטען וועלען זיי חרטה האבען דארויף וואס זיי פערלירען ביידע וועלטען, נאר עס וועט זיי ניט העלפען און צוריקהאפען דאס גליק, וואס זיי האבען אליין פון זיך אוועקגעשטופט, וועלען זיי ניט קאנען. דער דאזיגער בריעף האט אבער ניט געהאט די אייגענע פעולה ווי אללע פריהריגע בריעף, וואס פראנק אליין האט געשיקט: עס איז ניט נאר ניט צוגעקומען קיין נייע פראנקיסטען, נאר די צאהל פון די אלטע האט זיך אנגעהויבען פערקלייגערן, די דאגות פרנסה האבען יעדען פערשלאגען דעם קאפ און זעהר זעלטען האט זיך עמיצער דערמאנט צו שיקען א פדיון דער רבי'צין, וואס האט דערווייל געמוזט אויסשטעהן גענוג צרות; וואו זי האט דערטאפט א גראשען האט זי אלץ אריינגעשטופט די בעלי חובות, אזוי האט זי זיך אבגעמוטשעט נאך פיער יאהר ביז עס איז איינעם פון איהרע קרעדיטארען נמאס געווארען, און ער האט זיך געווענדעט צום געריכט. עס איז שוין געוועהן בעשטימט דער טאג פונ'ם משפט, נאר פלוצלונג איז אין אפענבאך ארויס א קלאנג אז חוה איז געשטארבען, און מען האט זי שוין בעגראבען. דער טויט מיט דער קבורה איז אזוי שטיל און גיך צוגעגאנגען אז קיינער האט זיך ניט געוואלט גלויבען, און עד היום רעכענט מען, אז זי איז דעמאלט נאר פאר בושה אנטלאפען קיין פולין און ערשט שפעטער מיט עטליכע יאהר האט זי דארט געפונען איהר עביגע רוה.

אזוי האט זיך אויסגעלאזט די גאנצע מאכט פון יעקב פראנק און זיין טאכטער חוה, און ווען עס קומט איינעם זיך פאר ווי א וואונדער, וואס מען האט כמעט דרייסיג יאהר געלאזט עקסיסטירען א קליינע יודישע מלוכה, קאן מען עס נאר פעראנפערן דערמיט, וואס גראד אין יענע צייט זענען אללע לאנדער פון איירפא געוועהן פערדרעהט מיט מלחמות, און האבען זיך גאר ניט געקאנט אומקוקען ווי איינער פון די דייטשע בארונען מאכט זיך משוגע און פיהרט זיך עפים משונה, האלב ווי א יוד און האלב ווי א קריסט. קוים זענען

אונטערגעוואקסען אפאר דורות, זענען שוין די קינדער פון די פראנקיסטען געווארען ריינע קאטאליקען און האבען מעהר ניט געדענקט די יודישע מנהגים, וואס זייערע עלטערן האבען נאך אבגעהיט, האטש גאנץ לאנג פלעגען זיי זיך נאך משדך זיין איינער מיט'ן אנדערן און צו ליעב דעם איז ביי זיי געבליבען א זכר, אז זיי קומען ארויס פון די פראנקיסטען. נאך אצונד געפינען זיך אין ווארשוי אסך משפחות, ווי ברזשעזינסקי, יאסינסקי, קראסינסקי, מאיעווסקי, פיאטראווסקי, וואלאווסקי, זאוואדסקי, זעלינסקי און נאך אנדערע, וואס רעכנען זייער יחוס פון יהודה ליב קריסא און אלישע שור. אסך פון זיי שאהמען זיך ניט מיט זייער יודישען שורש, און דער בעריהמטער פולישער אדוואקאט דאמיניק זעלינסקי האט זיך אפט ליעב געהאט צו בעריהמען אז זיין באבע פלעגט איהם אים שבת מכבד זיין מיט „קוגעל", ווען ער איז געוועהן א קליין קינד. איבערהויפט איז דער יודישער כבוד געבליבען איינגעבאקען ביי אללע ענינקלעך פון די פראנקיסטען און, אז עס האט זיך אמאל געמאכט וואס איינער פון די שונאי ישראל האט אויפ־געווארפען דעם אבער־פראקוראר קאנטי וואלאווסקי, אז זיין עלטער זיידע איז געוועהן א יוד, האט ער מיט גאוה געאנפערט דארויף, אז ער נעהמט זיך אדרבא איבער דערמיט וואס ער שטאמט ארויס פון לומדים און האט געקאנט פון זיי ירשנען אסך שאנערע מעלות און מדות ווי דער ווילדער כח וואס איז איבערגעגאנגען צו פיעל פריצים פון זייערע אבות און אין דעם בעשטעהט אין גאנצען זייער חכמה.

עס איז גאר צו בעוואונדערן וואס די גאנצע צייט, ווען אין פולין האבען די שבתי צבי'ניקעס געפיהרט אזעלכע וועלטען און פון זיי איז ארויס אזא מענש ווי יעקב פראנק, האבען זיי פון דעסטוועגען געהאט פאר זיך פארט אזא גרויסען צד ווי ר' יהונתן אייבשיץ, וואס האט געוויס די זאך געמיינט ערנסט און אלדינג האט ער געטהון לשם שמים. האטש ר' יהונתן אייבשיץ האט זיך שוין גוט אבגעבריהט מיט די קמיעות און האט זיך געמוזט ארייג־לאזען אין אזא מחלוקת, וואס נאר זיין כבוד התורה האט איהם ארויסגעראטע־וועט פון דער סכנה, האט ער ביז צום טויט ניט אויפגעהערט שטילערהייד צו שטיצען די שבתי צביניקעס, ווייל ער האט שטארק געגלויבט אז זיי וועלען אויסארבייטען עפיס אנייעם דרך, וואס וועט פארט בעסער זיין פונ'ם אלטען. עס איז איהם אבער נעביך בעשערט געוועהן צו זעהען ווי אללע זיינע האפנונגען ווערען צושטערט, ווייל זיין איינענער יונגסטער זוהן וואלף אייבשיץ

איז געווארען א פייעריגער פראנקיסט, ער האט געמאכט יד אחת מיט וואלאוויסקי'ן, נאר ער האט זיך נאך דערצו אריינגעלאזט פשוט אין שווינדעל, ער האט אויסגעבראכט פיעל געלד, און איז אריינגעקראכען אין גרויסע חובות און אז די בעלי חובות האבען איהם אנגעהויבען רודפ'ן, האט איהם די אסטערדייכישער מלוכה געשיצט, ווייל ער האט זי פערזיכערט אז ער וועט זיך טויפען, און צו ליעב דעם האט ער נאך ביי איהר אויסגענארט דעם טיטעל באראן פאן אדלערסטהאל. אוודאי האט דער אלטער ר' יהונתן אייבעשיץ דערפון קיין נחת ניט געקאנט האבען און זיינע געגנער האבען געדרונגען אז דאס שטראפט איהם גאטט דערפאר וואס ער האט געוואלט זיין קליגער פון אנדערע און האט זיך אריינגעלאזט אין אזעלכע דרכים וואס האבען געקאנט מאכען א תל פונ'ם גאנצען יודישקייט.

כמעט אין דער אייגענער צייט וואס דאס קליינע יודיש וועלטעל אין פולין האט געקאכט ווי א קעסעל צו ליעב דער גרויסער מלחמה וואס האט זיך אנגעהויבען צווישען ר' יהונתן אייבעשיץ און די איבריגע רבנים וועגען קמיעות און צווישען די יודען און די פראנקיסטען, איז אין איין אנדער עק פון דער מדינה געקומען אויף זיי א נייע צרה, וואס מען האט זיך גאר אויף איהר ניט גערעכט. הונדערט יאהר וועגען שוין אוועקגעגאנגען זייט באגדאן חמעלניצקי האט אנגעמאכט זיין גרויסע שחיטה, דער גאנצער דור, וואס האט נאך געקאנט געדענקען די שרעקליכע צייט, איז שוין לאנג אויסגעשטארבען און נאר איין טרויעריגער זכר איז געבליבען — דאס זענען געוועהן די תעניתים, וואס פרומע יודען האבען אבגעהיט און די טרערען וואס זיי האבען פערגאסען אויף די קברים פון טויזענדער הרוגים — פלוצלונג האבען זיך די קאזאקין, אים יאהר 1768, ווייטער צו כונטעוועט אקעגען פולין און זייער פיהרער גאנטא, א שרעקליכער רוצח, איז געפאלען אויפ'ן שכל אז מען דארף מאכען דעם אנהייב פון יודען. דער דאזיגער אנהויב האט די פולישע יודען אבגעקאסט געגוג בלוט, ווייל די קאזאקען האבען ניט געוואלט זיין בעסער פון זייערע עלטער-זיידעס די היידעמאקעס און זענען אזוי ווי ווילדע חיות אנגעפאלען אויף אללע יודישע שטאדט. אין סמילא האבען זיי א סך יודען אויפגעהאנגען און אבגעראבעוועט זייער פערמעגען, אזוי האבען זיי זיך אויך נוהג געוועהן מיט די יודען פון באר און באללא און בעזאנדערס האבען זיי ארויסגעוויזען זייערע אכזריות אין אומאן, — דארט האבען זיי אויסגעקוילעט מעהר פון אכט טויזענד יודען און דאס איז געשעהען אים כ' סיון, פונקט אין דעם טאג ווען צוריק מיט

הונדערט יאהר איז אין געמירוב אויך געפאלען אזוי פיעל קרבנות. דער דאזיגער קלאפ איז די יודען לאנג געלעגען אין טעם, ווייל כמעט אין גאנץ אייראפא איז זייער לאגע געוועהן זעהר טרויעריג, רירען זיך האבען זיי ניט געהאט וואוהין אונ ניט מיט וואס, ווייל מען האט זיי געמאכט פאר אביונים. דערצו האט זיך שוין זייער צאהל שטארק פערגרעסערט, אונ זיי האבען געמוזט בלייבען ביי דער אלטער האפנונג, אז די צייט וועט פערהיילען אויך די פרישע וואונדען אונ האבען זיך געטרעסט דערמיט וואס מען מוז גאטט'ס משפט אננעהמען פאר ליעב.

אין פראנקרייך איז אין יענע יאהרען דער מעמד פון די יודען געוועהן גאר ניט קיין פרעהליכער: גרעסטענטהיילס האבען יודען געוואהנט אין עלזאס אונ לאטרינגען, אונ אזוי ווי זיי זענען ארויסגעקומען פון די אנטלאפענע מאבאנען, וואס די קריסטען האבען זיי שטאנדיג גערודפ'ט, איז די שנאה איבערגעגאנגען אויך צו די נייע דורות, אונ די יודען האבען דארט קיין נחת ניט געהאט. איינעם פון די עלזאסער יודען, ר' הירץ לוי, זעהר א ארענטליכען מענשען אונ דעם שאנסטען בעל הבית פון וויטאלסהיים, איז בעשערט געוועהן צו פאללען פאר א קרבן פון דעם שרעקליכען האס, וואס די קריסטען האבען אין הארץ געטראגען אונ וואס צו ליעב איהם זענען זיי פערטיג געוועהן יעדען יודען דערטרענקען אין א לעפעל וואסער. אים יאהר 1754, פונקט צום ערשטען חנוכה-ליכטעל, זענען גנבים אין א דארף הוססען אנגעפאלען שפעט ביי נאכט אויף א קריסטליכער פרוי, איין אלמנה, אונ אזוי ווי אין שטוב האט זיך מעהר ניט געפונען ווי די בעל הבית'טע מיט א דיענסט האט מען זיי געבונדען, אונ מען האט זיי אזוי לאנג געשלאגען אונ געמוטשעט ביז זיי האבען געמוזט אנווייזען וואו זייער געלד איז בעהאלטען. אז די גנבים האבען אבגעטהון זייערס האבען די אומגליקליכע געמאכט א געוואלד, דאס גאנצע דארף איז זיך צונויפגעלאפען, נאר געהאפט האט מען קיינעם ניט, ווייל די גנבים זענען געוועהן אין מאסקעס אונ אחוץ דעם האבען זיי זייערע פנים'ער אויסגעשמירט מיט סאזשע. דעמאלט איז געבליבען מען זאל מאכען א בלבול אויף די יודען, אונ די דיענסט האט עדות געזאגט, אז זי האט דערקענט פיער יודען, וואס פלעגען אפט קומען אהין: ר' הירץ לוי, ר' מנחם דער שוחט, ר' משה לאנג, אונ ר' שמעון פיים. די קריסטען האבען שוין לאנג ארויסגעקוקט אויף אזא מעשה, מען האט דערפון באלד מודיע געוועהן דעם געריכט אונ מען האט אללע בעשולדיגטע יודען איינגעזעצט, אויסער ר' הירץ לוי, וואס איז גאר

אין דערהיים ניט געװעהן, װײל ער איז נאך פריהר מיט א פאר טאג אװעקגעפאהרען קיין סירענץ אויף חנוכה צו זײנע א שװעסטער, דער אויבערשטער האט אזוי געפיהרט, אז דעם גאנצען װעג זאל ער זיך בעגעגנען מיט בעקאנטע מענשען אונ זיי זאלען דערנאך קאנען בעװייזען װאו ר׳ הירץ לוי האט זיך געפונען די נאכט װען די גנבה איז געשעהען. דערפאר איז ער ביי זיך געװעהן פעסט, װען מען האט איהם געשיקט זאגען װאס פאר איין אומגליק עס האט זיך געמאכט, אונ האטש זײנע גוטע פריינד האבען איהם געראטהען ער זאל שוין גאר ניט צוריקפאהרען אונ זאל בעסער אריבער די גרעניץ קיין שװייץ, האט ער בשום אופן ניט געװאלט דארויף בעשטעהען: ער האט געשריגען, אז ערשטענס, דארף ער גאר קיין מורא ניט האבען, װייל ער פיהלט זיך אין קיין זאך ניט שולדיג, אונ דער אמת מוז ארויס װי בוים-אהל אויפ׳ן װאסער, אונ צװייטענס, טאר ער עס ניט טהון די יודען, װאס מען האט שוין איינגעזעצט, װייל װי באלד ער װעט אנטלויפען װעט שוין אויף זיי געװיס פאלען א חשד אונ דער פליעך װעט מאכי בלייבען אויפ׳ן גאנצען כלל ישראל. אזוי האט זיך ר׳ הירץ לוי אומגעקעהרט צוריק קיין װיטאלסהיים, אונ מען האט איהם באלד ארעסטירט, נאר ער איז ביי זיך ניט אראבגעפאלען, װייל ער האט גוט געװאוסט, אז זײנע יסורים זענען נאר לפי שעה אונ אז עס װעט איהם ניט שװער זיין אויסצוװייזען דורך בעגלויבטע מענשען, אז ער איז אין דער גנבה ניט שולדיג. ר׳ הירץ לוי האט אבער, אפנים, ניט געקענט דאס שלעכטקייט פון די שופטים, זײנע עדות האט מען ניט געװאלט אננעהמען, מען האט זיי אללע געהרג׳ט געשלאגען זיי זאלען זיך מודה זיין אונ דערנאך האט מען זיי פערמשפט צום טויט. די אומגליקליכע יודען האבען שוין ארויסגעזעהען אין װאס פאר א צרה זיי זענען אריינגעפאלען, נאר זיי האבען נאך פארט געהאפט, אז דאס העכערע געריכט אין קאלמאר, װאוהין זיי האבען זיך געװענדעט מיט איין אפעלאציע, װעט ניט דערלאזען אזא רציחה, אז מען זאל מענשען אומברענגען אומזיסט אונ מען זאל גאר ניט העלען אויסהערען זייערע בעװייזע. זייער לעצטער האפנונג איז אבער אויך פערשװאונדען געװארען: די שופטים פון קאלמאר האבען אויך ניט געהאט גאטט אין הארצען, זיי האבען זיך ניט געװאלט אומקוקען דארויף, װאס די רעד פון די עדות האבען זיך ניט אויסגעגלייכט אונ מען האט לייכט זיך געקאנט איבערצייגען אז זיי האבען פאלש געשװארען, זיי האבען זיך ניט געשטעלט דארויף, װאס מען האט אויסגעװיזען אז אללע בעשולדיגטע זענען גאנץ רייכע בעלי בתים, װאס בעשעפטיגען זיך שטאנדיג מיט ערליכע פרנסות

אונ זענען ניט פעהיג אויף גנבה אונ גזלה; עס איז גאר ניט אנגעגאנגען וואס אללע עדות זענען געוועהן פערברעכער, וואס זענען נאר וואס ארויס פון געפאנגעניש אונ וואס זענען פערטיג געוועהן צו קוילען א אייגענעם פאטער; זיי האבען אפילו ניט געלעגט קיין כבוד אויף זייער א בעקאנטען פריץ. איינער פון די בכבודסטע עלזאסער קריסטען, וואס האט ניט געקאנט צו זעהען דאס רחמנות פון אומשולדיגע אונ האט געשיקט דעם געריכט א בריעף, אז ער האט אלליין אין דער נאכט פון דער גנבה בעגעגענט פאהרען ר' הירץ לוי קיין סירענץ. נאר אהן ישר האבען זיי געפסקט, אז מען זאל דערווייל טיידטען נאר איין ר' הירץ לוי, נאר פאר'ן טויט זאל מען איהם אנטהון ענוים קשים, כדי ער זאל זאגען אויף די איבריגע, אונ דעמאלט וועלען זיי זיך שוין מעהר ניט קאנען פעראנפערן. ר' הירץ לוי איז אויך איבערגעשטאנען דעם נסיון: מען האט איהם אנגעטהון אויפ'ן קאפ א אייזערנע רייף אונ דורך א בעזונדער שרויף האט מען אזוי לאנג געדרעהט ביז די רייף האט שטארק איינגעקלעמט דעם קאפ אונ עס האט זיך געלאזט דאס בלוט פון די אויגען אונ פון די אויערן. מען האט איהם אודאי צוגענומען פון דארט האלב א טויטען, נאר פון דעסטוועגען האבען די תלינים ניט געקאנט ציהען ביי איהם ווארטער. אויפ'ן אנדערן טאג איז געוועהן בעשטימט דער טויט, אדער בעסער געזאגט, די מיתה משונה, וואס מען האט איהם בעדארפט אנטהון. ביי נאכט האט מען אנגעהויבען בויען דעם עשאפאט אונ די יודען זענען באלד געווארען געוואהר דערפון. גאנץ פריה האבען זיי זיך מיט גרויס מיה אריינגעבעטען אין געפאנגניש כדי זיי זאלען זיך געזעגענען מיט ר' הירץ לוי. ער האט נאך ניט געוואוסט אז זיין סוף איז שוין נאהענט, נאר אז ער האט דערזעהען פאר זיך א מנין יודען האט ער שוין פערשטאנען וואס איהם ערווארטעט אונ ער האט זיך גאנץ רוהיג אבגעזעצט אויפ'ן בעט אונ האט מיט זיי געזאגט ודוי. אללע האבען זיך גוט אויסגעוויינט אונ די יללה איז געווארען נאך גרעסער, אז ער האט זיך געהייסען ברענגען זיין זוהן אברהם, א קינד פון פינפצעהן יאהר, אונ האט איהם מוסר געוועהן אונ געבעטען: עס זאל איהם ניט אבשרעקען דער שרעקליכער טויט פונ'ם פאטער, אונ ער זאל טאקי בלייבען גוט אונ פרום, צו גאטט אונ צו לייט, זאגען קדיש נאך איהם, אונ ווי ווייט זיינע כוחות וועלען טראגען זאל ער זיך בעמיהען ביי דער מלוכה צו דערווייזען, אז זיין פאטער איז געשטארבען אונשולדיג, ווייל ער איז פעסט איבערצייגט, אז דער אמת וועט זיך ריין ארויסווייזען אונ דער שקר וועט אומפאלען. אין דער דיהרעשטער מינוט, ווען

דער אלטער פאטער האט צוגעפרעסט זיין קינד צום קראנקען הארץ און איהם געגעבען די לעצטע ברכה פאר'ן טויט, האבען זיך נאך געפריווט די גייסטליכע פארצולעגען ר' הירץ לוי, ער זאל אוועקוואַרפען זיין אמונה און בעקומען א כפרת עון, נאר ער האט זיי גאר ניט געלאזט רעדען, און האט זיי נאר געבעטען זיי זאלען איבערגעבען זיין משפחה, אז מען זאל בעצאהלען א פרוי פון קאלמער צוועלף טהאלער, ווייל דער חוב איז גראד ניט פערשריבען ביי איהם אין בוך, און דערנאך וועט מען ניט וויסען צו עס קומט איהר צו געין. פונקט דריי א זייגער ביי טאג האט מען געבראכט ר' הירץ לוי צום עשאפאט אויפ'ן מארק-פלאץ, וואס איז געוועהן בעלאגערט פון טויזענדער קריסטען, וועלכע זענען זיך איינגעטעטן? צונויפגעפאהרען פון פערשיעדענע [illegible]ער שעפען תענוג און צו-קוקען ווי מען איז זיך נוקם אין א יודען. אין א שבת [illegible] ניט ווייט פונ'ם עשאפאט האט זיך צונויפגעקליבען ווייטער א מנין יודען און צוזאמען מיט'ן יונגען יתום האבען זיי געזאגט תהלים און גאטט געבעטען ער זאל שטארקען דעם קדוש אין דער לעצטער רגע און ניבער איהם אהן יסורים צונעהמען אין א בעסערער וועלט. ר' הירץ לוי איז טאקי בעהערצט און אהן מורא ארויפגעגאנגען אויפ'ן עשאפאט, האטש ער איז געוועהן שטארק פערמוטשעט פון די ענוים קשים וואס מען האט איהם פריהר מיט א טאג אנגעטהון. דער תלין האט איהם באלד אויסגעבראכען אללע ביינער און האט איהם ארומגעבונדען ארום א ראד, און כדי דאס אכזריות זאל זיין נאך גראסער, האט ער די ראד קלייגער געמאכט און צו ליעב דעם האט דער קאפ געמוזט אראבהאנגען. ביי אזא טויט איז דער דין געוועהן, אז דער בעשולדיגטער האט בעדארפט בלייבען אויפ'ן ראד אכטצעהן שעה כסדר, און אז ער האט עס אויסגעהאלטען האט איהם שוין דער תלין געמוזט דערהרג'נען. אוודאי האבען די אללע, וואס האבען זיך גע-שטופט אויפ'ן מארק-פלאץ און געוואלט שטעהען נאהנטער צום ראד געמוזט האבען שטיינערנע הארצער, ווען זיי האבען געקאנט אויסהערען און אויסהאלטען דאס געשריי פון א מענשען, וואס מען האט איהם נאר ניט דערקוילעט און וואס האט געבעטען מען זאל איהם גיכער מאכען א טויט... ניין א זייגער ביי נאכט האט ר' הירץ לוי געשריגען, מען זאל איהם דערקוויקען מיט א טרונק וואסער, נאר דער תלין האט איהם צוגעטראגען ווייך, ווייל ער האט געוואוסט אז ער וועט ניט טרינקען קיין יין נסך. ערשט אין דער פריה צעהן א זייגער, האט איהם דער תלין געגעבען דעם לעצטען קלאפ און ער האט אויסגעהויכט זיין כשר'ע נשמה. די ראד מיט'ן טויטען קערפער האט מען אויפגעהאנגען

אויף א הויכער תליה, כדי עס זאל בלייבען פאר א זכר אויף דור דורות, אונ דעם עשאפאט האט מען געלאזט שטעהען, ווייל מען האט זיך געדעכט אז ניט היינט-מארגען וועט מען דארפען טוידטען די איבריגע. מען קאן זיך פארשטעלען די אימה וואס איז געפאלען אויף אללע עלזאסער יודען; די דריי בעשולדיגטע, וואס האבען זיך נאך געמוטשעט אין תפיסה האבען זיך געוויס גערעכענט פאר פערלארען, נאר זיי האבען געציטערט מען זאל ניט אויסגיסען דעם כעס אויף אללע יודען. אין אזא לאגע האבען זיי זיך געכאפט צו די אלטע מיטעל: מען האט גוזר תענית געוועהן אונ מען איז ניט ארויסגעקראכען פון די שולען, וואו גרויס אונ קליין האבען געיאמערט אונ געקלאגט; מען האט געזאגט סליחות אונ מען האט גאטט געבעטען, אז ער אלליין טאקי זאל זיך דא אריינמישען אונ שיקען זיין ישועה. זייער געוויין האט טאקי דערגרייכט צו די שערי רחמים אונ גאר גיך האט זיך געוויזען א קליינע שיין פון הילף. איינער פון די שופטים, וואס האט פערמשפט ר' הירץ לוי אונ וואס אויף זיין יושר האבען בעדארפט איבערקומען די איבריגע בעשולדיגטע, האט גע-מוזט אוועקפאהרען פון קאלמאר אונ דער אנדערער משפט איז אבגעלעגט געווארען אויף עטליכע חדשים. אין דעם האבען די יודען שוין דערזעהען א אצבע אלהים, אונ מען האט זיך באלד דערמאנט אין ר' הירץ לוי'ס צוואה, ווי ער האט געבעטען פאר'ן טויט מען זאל ניט לאזען זיין נאהמען בלייבען פארפלעקט אויף עביג אונ מען זאל איהם אבוואשען פון דעם חטא, וואס מען האט אויף איהם אומזיסט ארויפגעלעגט. ווי שווער עס האט זיך לכתחלה אויסגעוויזען מען זאל עפיס פועל'ן, ווייל עס איז זיך פשוט ניט געוועהן וואהין צו קלאגען אויפ'ן האבערן געריכט פון קאלמאר, האבען די יודען פארט זיך ענטשלאסען אוועקצושיקען עטליכע מענשען קיין פאריז, אונ פיער פאר-שטעהער פון די יודישע קהלות אין נאנסי אונ שטראסבורג זענען אהין ארויסגעפאהרען. גרינג אנגעקומען איז עס זיי אודאי ניט; עס האט גענוג גע-דויערט ביז זיי האבען געפונען א וועג גלייך צום קאניג. מען האט ארויס-געפאדערט אללע פאפיערען פון קאלמאר, אונ מען האט דעם גאנצען פראצעס איבערגעגעבען דעם פארלאמענט פון מעץ. דעם ערשטען סימן האבען די עלזאסער יודען געהאט אז די סכנה איז שוין ניט אזוי גרויס, ווען מען האט פלוצלונג אין אפריה מארגען צוגענומען דעם עשאפאט, וואס איז נאך אלץ געשטאנען ביז אהער אין מיטען שטאדט אונ געווארט אויף יודישע קרבנות. אין מעץ האט מען די זאך בעטראכט מיט ישוב הדעת, מען האט אראבגעשיקט

אַגאַנצע קאָמיסיע מען זאָל אויפ'ן אָרט אויספראָגען אַללע עדות, און עס האָט זיך מן הסתם אַקוראַט ארויסגעוויזען אַז קיין איינציגער פון די יודען איז ניט שולדיג אין דער גנבה. ניין חדשים זענען אַוועקגעגאַנגען ביז מען האָט אין מעין אַרויסגעגעבען אַמשפט, אַז די דריי יודען, וואָס מען האָט נאָך געהאַלטען אין געפאַנגניש, זאָלען באַלד בעפרייהט ווערען, אַז דער טויט פונ'ם אומשולדיגען ר' הירץ לוי מוז בעטראַכט ווערען ווי אַרציחה, אַז זיין טויטען קאָרפער דאַרף מען אָבגעבען זיין משפחה, כדי מען זאָל איהם ברענגען צו קבר ישראל, און אַז זיינע קינדער האָבען דאָס רעכט צו מאָנען היזק ביי די שופטים וואָס האָבען איהם אומזיסט פערמשפּט צום טויט. פונקט אים שמחת תורה איז אָנגעקומען די טהייערע בשורה פון דעם נייעם משפט, און דער טאָג איז פאַר די יודען געוועהן אַדאָפּעלטער יום טוב. אסרו חג האָט מען באַלד אַראָבגענומען די ראָד פון דער תליה, און מען האָט דעם גוף פון ר' הירץ לוי מקבר געוועהן מיט גרויס כבוד. די מלוכה פון איהר זייט האָט די שופטים פון קאָלמאַר אָבגעזאָגט פון זייערע שטעלען, און דעמאָלט איז געוואָרען שטיל, ווייל דאָס פאָלק האָט אַקוק געטהון אַז מען שפּיעלט זיך ניט מיט זיי, און זיי האָבען פערשטאַנען, אַז ווי באַלד זיי וועלען נאָך מאַכען אַזעלכע בלבולים וועט עס זיי טהייער קאָסטען.

די בלבולים האָבען טאַקי אויפגעהאָרט, נאָר די שנאה צו די יודען האָט זיך נאָך אַצייט שטאַרק געהאַלטען אין פראַנקרייך, ווייל זיי האָבען אייגענטליך דאָרט ניט געטאָרט וואָהנען אונ, אויסער עלזאַס און לאָטרינגען, זענען זיי אין עטליכע פראַנצאָזישע שטאָדט געזעסען ווי איינגעבעטענע און האָבען זיך בעדאַרפט שרעקען פאַר'ן מינדסטען ווינטעלע. עס איז קיין וואונדער ניט וואָס דער בעריהמטער פראַנצאָזישער שרייבער פראַנסואַ מאַריע דע-וואָלטער, וואָס ווי גרויס זיין חכמה איז געוועהן אַזוי נידריג און פערדאָרבען זענען געוועהן זיינע מדות, האָט זיין גאַנצע גאַל אויסגעגאָסען אויף די יודען, ווייל ער איז געגאַנגען מיט דעם כלל, אַז אַגעשלאָגענעם מאָג מען צום איבריגען דערשלאָגען. וואָלטער'ן איז שטאַנדיג בעשערט געוועהן האָבען צו טהון מיט יודען: נאָך אַז ער האָט געוואָהנט אין לאָנדאָן האָט איהם אַיודישע קאָנטאָר דע-מעדינאַ אָנגעזעצט אַסך געלד; דערנאָך, אַז ער האָט זיך אויפגעהאַלטען אין בערלין און פּאָדסדאַם, און איז געוואָרען אַבן בית ביים קעניג פרידריך דעם צווייטען, האָט ער עפּיס געפיהרט ניט קיין ריינע געשעפטען מיט אַיובעליר הירש און אַקאַפּיטאַליסט אפרים פייטעל.

ער האט זיי געוואלט אבנארען, אונ האט זיי אונטערגערוקט פאלשע דימאנטען אונ פאלשע חתימות, זיי האבען זיך אבער ניט געלאזט; עס איז געווארען אפראצעס, די זאך איז אנגעקומען צום קאניג, אונ וואלטער האט געהאט בזיונות. אט די דאזיגע מפלה האט ער ניט געקאנט מוחל זיין די יודען, אונ האט שפעטער זיין גאנץ ביטער הארץ אויסגעלאזט צום גאנצען יודישען פאלק. דערצו האט וואלטער זעהר ווייניג געהאלטען פון רעליגיאן איבערהויפט אונ אזוי ווי מיט'ן קריסטענטהום האט ער מורא געהאט צו זאטשעפען האט ער זיך נוהג געוועהן ווי די באזע שוויגער, וואס זאגט דער טאכטער אונ מיינט די שנור. וואס ער האט געהאט אין דער לונג אויף אללע אמונות איז ביי איהם ארויס אויף דער צונג נאר געגען יודען אונ יודישקייט אלליין, אונ ער האט געשריגען אז אללע אומגליקען נעהמען זיך נאר פון זיי.

פאר וואס וואלטער קלינגט אזוי אויף אללע גלאקער, אונ האלט יודען אין מויל מעהר ווי אנדערע — איז דווקא קיין סוד ניט געוועהן, די וועלט האט איהם געגוג געקענט, אונ מען האט געוואוסט אז ער נעהמט זיך ניט אן קיינעמס קריוודע, נאר ער וויל זיך פשוט אברעכנען מיט אייגענע שונאים, אונ צו ליעב זיין נקמה מאכט ביי איהם נאר ניט אויס וואס ער פאלט אן אויף א גאנץ פאלק. עס האט זיך אבער קיינעם ניט געגלוסט ארויסצושפרינגען געגען איהם, ווייל זיין פעדער איז געוועהן צו שארף, אונ ער האט געקאנט זיינע געגנער פערשיטען מיט פייער. פון דעסטוועגען האט זיך אבגעזוכט אין באררדא א געבילדעטער יוד ר' יצחק פינטא, וואס איז ארויסגעקומען פון מאראנען; איהם האט א שטארקען בריען געטהון וואלטער'ס שקרים האבען איהם אונטערגעצונדען, אונ ער האט ניט געקאנט איינרוהען ביז ער האט איהם ניט געענטפערט אונ דערוויזען אז ער איז נאר א אומזיסטער שונא. זיין תשובה וואלט געוועהן אנגעמאכט גאר א שטארקען רושם, נאר צום אומגליק, איז ר' יצחק פינטא געוועהן פון די שפאנישע יודען, אונ די ספרדים האבען שטאנדיג ארא[ב]געקוקט מיט גאוה אויף די אשכנזים, גלייך ווי זיי וואלטען ניט געטראגען דאס אייגענע פעקעל צרות ווי זייערע איבריגע ברידער. די ספרדים האבען זיך געהאלטען פאר גרויסע מיוחסים אונ האבען אפט זיך בע־ריהמט, אז זיי קומען ארויס גלייך פונ'ם שבט יהודה, דערביי איז זייער צאהל געוועהן ניט גרויס, זיי האבען זיך אומעדום געקאנט אריינגנארען אונ אפילו אין פראנקרייך, וואו עס האט ניט געטארט זיין קיין זכר פון א יודען, האבען זייערע געצאהלטע גבירים געשפיעלט א גרויסע ראללע, אונ דאס בעריהמטע

האנדעלס־הויז גראדיס האט בעלעבט דעם מסחר און פלעגט מיט אייגענע שיפען אריינברענגען סחורה פון גאנץ ווייט. אז עס האבען זיך אנגעהויבען לאזען קיין באָרדאָ דייטשע און פוילישע יודען, האבען די ספרדים מורא גע־האט פאר זיך, מען זאל זיך ניט ארומקוקען, און צו ליעב די גאסט זאל מען זיי אויך ניט הייסען ארויס, און דערפאר האבען זיי אללע געארבייט ביי דער מלוכה, מען זאל ארויסגעבען א בעזונדער געזעץ געגען די אשכנזים, און מען זאל זיי הייסען אין דריי טאג ארויס פאהרען פונ'ם לאנד. מילא ביי דער מלוכה איז זיי געראטהען דאס צו פועל'ן, חאטש עס איז זיי אנגעקומען מיט גרויס מיה, און זייער שתדלן אין פאריז ראדריג פעריירא, וואס איז צוזאמען ־־ט זיין מוטטער אנטלאפען פון דער שפאנישער אינקוויזיציאן און האט זיך ג־־יהמט געמאכט מיט איין ערפינדונג פון צייכענס וואס טויב־שטומע זאלען זיך קאנען פערשטעהען איינע די אנדערע, האט געמוזט בענוצען זכות אבות ביז מען האט זיך געחאפט טרייבען די אשכנזים. די קריסטען האבען אבער ניט געקאנט פערשטעהען וואס דא טהוט זיך; געוואוסט האבען זיי גאנץ גוט, אז יודען איז פערווערט זיך צו בעזעצען אין פראנקרייך און אז לויט דעם געזעץ דארפען די ספרדים אויך זיך דארט ניט געפינען; האבען זיי פשוט ניט פערשטאנען פון וואנען עס האט זיך פלוצלונג גענומען, אז א טהייל זענען כשר, און די איבריגע זענען טרף. די ספרדים האבען געפיהלט, אז מען מוז די קריסטען ענטפערן א תירוץ אויף דער שאלה, האט זיך ר' יצחק פינטא בע־נוצט מיט דער געלעגענהייט וואס ער האט אנגעהויבען א מלחמה מיט וואלטער'ן און האט אין די תשובה אריינגעלאזט א שטארקען גיפט געגען די אשכנזים, ער האט געדרונגען, אז זיי זענען טאקי שאדליכע מענשען, אז זיי ווילען זיך ניט בעשאפטיגען מיט קיין ארבייט און אז זיי זענען כמעט אללע בעטלערס און שנארערס, חאטש ער האט ניט פערלייגענט, אז שולדיג אין דעם זענען זיי אויך ניט אונ, אז נאר די שרעקליכע רדיפות און צרות האבען זיי געבראכט דערצו. זיין תשובה האט אזוי אויסגעזעהען, אז ער איז מודה אויף א סך חסרונות, וועלכע וואלטער ווייזט אן, נאר דערביי האט ער געגעבען אנצו־הערען, אז אזעלכע חסרונות געפינט מען נאר ביי די דייטשע און פוילישע יודען, און דערפאר פערדריסט איהם וואס וואלטער האט די ספרדים אויך ארונטערגענומען אונטער איין טלית. פאר וואלטער'ן איז אזא תשובה געווען ווי געוואונשען; ער האט באלד צו ליעב געטהון פינטאן און האט איהם גע־ענטפערט, אז ער האט טאקי א טעות געהאט וואס ער האט די ספרדים ניט

ארויסגענומען פונ'ם כלל, אונ דערפאר איז ער נאך מיט מעהר שנאה אנגעפאלען אויף די איבריגע יודען. די אשכנזים האבען אבער אויך ניט געשוויגען אונ עס האט זיך אנגעהויבען א קריעג געגען איין שונא פון צוויי צדדים, וואס חאטש זיי שלאגען זיך צווישען זיך פיהלען זיי פון דעסטוועגען, אז זיי מוזען זיך ווערען צוזאמען אונ אז די פיילען פונ'ם פיינד פאלען אויף זייערע אללע קאפ גלייך. די צייטונגען האבען געהאלטען דוקא פאר יודען, נאר דער רעש, וואס מען האט אנגעמאכט, האט געאפענט די אויגען פון די קריסטען, אונ זיי האבען זיך דערוויל בעטראכט, אז פאר זיי וואלט גלייכער געוועהן, אז אין לאנד זאלען זיך ניט געפינען ניט קיין ספרדים אונ ניט קיין אשכנזים אונ, אז דער גאנצער מסחר זאל בעסער איינשטעהען ביי זיי אין די האנד. אודאי האבען די קריסטען אנגעהויבען אויסווייזען, אז מען דארף די ספרדים אויך ארויסטרייבען, ווייל ווען מען האט זיי אריינגעלאזט קיין בארדא האט מען זיי גערעכענט פאר נייע-קריסטען, אונ אצונד, אז עס לאזט זיך אויס, אז זיי זענען גאר יודען דארף מען זיי טהון זייער רעכט אונ ארויסווארפען גלייך מיט אנדערע. דעמאלט האט ראדריג פערייערא געמוזט אנשרייבען א גאנץ בוך אונ אויסווייזען ווי האללאנד אונ ענגלאנד זענען גליקליך געווארען דורך די יודען, אונ וואס פאר א צרה פראנקרייך קאן זיך אנארבייטען ווען זי וועט פערלירען אזעלכע פעהיגע סוחרים ווי די ספרדים, אונ עס האט גענוג אביגעקאסט געלד אונ בלוט ביז מען האט די זאך פערריבען, אונ די יודען זענען ווייטער געבליבען אין פראנקרייך.

אין דער אייגענער צייט האט זיך אויך אין ענגלאנד אנגעהויבען א קאכעניש מיט די יודען, וואס מען האט געוואלט פערבעסערן זייער צושטאנד, אונ מאכען אז זיי זאלען זיך קאנען רעכנען פאר אמת'ע קינדער פונ'ם לאנד. שוין גאנצע הונדערט יאהר זענען אייגענטליך אוועקגעגאנגען זייט די יודען האבען זיך נאך אמאל בעזעצט אין ענגלאנד, אונ האבען אין די גרויסע האנדעלס-שטאדט, בעזאנדערס אין לאנדאן, געהאט ארענטליכע קהלות; דאס געזעץ האט אבער אויף זיי געקוקט ווי אויף פרעמדע, זיי האבען נאך אלץ געהייסען נאך די לאנדער, פון וואנען זייערע עלטערן זענען אראבגעקומען, מען האט זיי גערופען, שפאנער, פארטוגעזען, האללאנדער אדער דייטשען אונ זיי האבען געמוזט צאהלען א בעזונדער מס גלייך מיט די דאזיגע מענשען, וועלכע געפינען זיך אין ענגלאנד נאר לפי שעה, אונ גלייך ווי זיי זענען דארט ניט געבארען געווארען. נאר עטליכע געצאהלטע גבירים איז געראטהען וואס די מלוכה האט

זיי געגעבען די רעכטע פון אללע היימישע איינוואהנער. דערפאר איז זעהר שלעכט געוועהן דער צושטאנד פון די איבריגע וואס האבען אזעלכע רעכטע ניט געהאט אונ וואס די מלוכה האט נאר ניט געוואלט וויסען פון זייער אמונה. ניט איין מאל פלעגט מען זיי בעשטראפען פאר דעם וואס זיי קומען ניט אין קירכע, ווייל מען האט זיי נאך געהאלטען פאר האלבע קריסטען. נאך ערגער איז געוועהן די עטליכע יודען, וואס זענען אהין געקומען פון דייטשלאנד אונ פולין: זיי האבען געהייסען אשכנזים, אונ אפילו די ספרדים, וועלכע האבען זיך אויך גערעכענט פאר איינגעבעטענע, פלעגען אויף זיי קוקען קרום אונ זיי האבען געהאט צרות פון צוויי זייטען, אי פון אייגענע, אי פון פרעמדע. ביסלעכווייז האט זיי אפילו די מלוכה אנגעהויבען פריינדליכער בעהאנדלען, זי האט זיי שוין בעטראכט ווי יודען, אונ די ריכטער האבען אזוי פיעל כבוד געלעגט אויף זייער אמונה אז זיי פלעגען קיין יודישע עדות ניט ארויסרופען אים שבת. דערווייל האט זיך די מאכט פון ענגלאנד פערשפרייט אויף פערשיעדענע ערטער, וואו עס האבען זיך געפונען יודען פון פריהר. די דאזיגע יודען זענען, מן הסתם, געבליבען ביי זייערע רעכטע, אונ דאס האט איינגעגעבען א חשק אויך די ענגלישע יודען זיי זאלען בעטען די מלוכה מען זאל זיי אויך שענקען די אייגענע רעכטע אונ זיי זאלען ניט שטעהען נידריגער פון זייערע ברידער אין אנדערע ערטער. וואס געפינען זיך אויך אונטער ענגלאנד'ס שוץ. זיי האבען געהאט גוטע פריינד, וואס האבען זיי צוגעהאלפען, דער מיניסטער פעלהאם איז אויך געוועהן א אוהב ישראל אונ האט פארגעשטעלט דער מלוכה, אז די יודען זענען זעהר פעהיגע אונ נוצליכע מענשען, אונ חאטש די שונאים האבען אנגעמאכט א געוואלד אז די יודען וועלען אויסזייגען דאס גאנצע עשירות פון דער מדינה אונ די קריסטען וועלען ווערען ביי זיי קנעכט, האט דער קאניג געארג דער צווייטע אונטערגעשריבען, אים יאהר 1753, א געזעץ וועגען יודען אונ האט זיי געשטעלט גלייך מיט אללע. דאס געזעץ האט אבער מעהר ניט געדויערט ווי א יאהר, ווייל צווישען דאס פאלק איז געווארען אזא שרעקליכער רעש, אז די מלוכה האט פשוט מורא געהאט עס זאל דערפון ניט ארויס א מרידה. עס האט זיך ארויסגעוויזען אזא שרעקליכע שנאה געגען די יודען, וואס מען האט זיך גאר ניט געקאנט ריכטען דארויף. ווער עס האט געוואלט רעדען עפיס א גוט ווארט פאר זיי איז מיט'ן לעבען ניט זיכער געוועהן, אללע צייטונגען זענען פול געווארען מיט שרעקליכע מעשות

װעגען יודען און אײן ליגען איז געװעהן גראָסער פונ'ם אַנדערן; אין בריסטאָל האָט מען פערברענט אָפּענטליך דאָס בילד פונ'ם גײסטליכען טורקער, װאָס האָט זיך אָנגענומען פאַר זײ און האָט ניט געװאָלט מסכים זײן צו דער דעה פון די דאָזיגע פרומע קריסטען, װעלכע האָבען געדרונגען אַז מען טאָר גאָר די יודען קײן רעכטע ניט געבען דערפאַר װאָס, װעדליג אין דער תורה שטעהט, מוזען זײ בלײבען צוזאָעט און צושפּרײט צװישען די פעלקער ביז גאָט װעט זײ ניט צונויפזאַמלען אויף זײער אײגענער ערד. אַודאי איז די מלוכה געצװאונגען געװעהן מבטל צו זײן דאָס געזעץ, נאָר די יודען האָבען זיך אַזױ גוט אויפגעפיהרט און בעװיזען זײער נוצליכקײט, אַז אפילו זײערע שונאים האָבען געמוזט שװײגען, און ביסלעכװײז האָט זײ דאָס לעבען אַלײן געגעבען אַללע רעכטע, האָטש אויף פּאַפּיער האָבען זײ זיך נאָך אַ היבשע צײט אַלץ גערעכענט פאַר פרעמדע.

נאָר װען אין גאַנץ אײראָפּא האָט זיך עפּיס געטהון און געריהרט מיט די יודען, איז זײער אינװעניג לעבען אין פּולין און דײטשלאַנד — דװקא אין די לענדער װאו זײער צאָהל איז געװעהן גראָסער װי אומעדום — געבליבען אַזױ װי פערפרױרען, בעדעקט מיט אַ שרעקליך פינסטערניש און פערקאַװעט כמעט ביז צום גרונד מיט אײז, כדי דאָס װאַסער זאָל זײ אין ערגיץ ניט פערטראָגען און די כװאַליעס זאָלען ניט האָבען קײן שום שײכות צום גרויסען ברײטען לעבענס־ים, װאוהין עס גיסען זיך אַרײן אַזױ פיעל טײכען... דאָס אָרעמע פאָלק, װאָס האָט נעביך געהאָרעװעט מיט'ן ביטערן שװײס אויפ'ן שטיקעל ברויט, האָט געדאַנקט גאָט אַז עס האָט איבערגעשטופּט די זינדיגע װעלט און האָט זיך ניט געקאָנט אָבגעבען מיט הויכע שאלות, און די רבנים האָבען נאָר אין זין געהאַט צו בעפעסטיגען דעם שלחן ערוך מיט נײע חומרות, און דער מעמד פון זײערע אומגליקליכע בלינדע ברידער איז זײ גאָר ניט אָנגעגאַנגען. דאָס איז אָבער געװעהן דאָס פינסטערניש, װאָס װערד שטאַרקער דװקא עהדער עס הײבט אָן טאָג צו װערן: באַלד האָט זיך געװיזען אַ שװאַכע שײן און ביסלעכװײז האָט אַללע מאָל אָנגעהויבען מעהר ליכטיגער װערען. צװײ גרויסע מענשען זענען אויפגעשטאַנען, אײנער אין פּולין און דער אַנדערער אין דײטשלאַנד. דאָס זענען געװעהן, ר' ישראל בעל שם טוב און ר' משה מענדעלסאָהן. אײנער האָט אויפגעריסען דאָס פענסטער פונ'ם אײנגעהויקערטען יודישען שטיבעל, עס זאָל אַ ביסעל אַרוים די אונרײנע פערדומפּענע לופט, און דער אַנדערער האָט אויסגעדרעהט דעם גאַנצען בנין צו

דער מזרח־זייט און האט די פערשלאפענע אנגעוויזען דעם גלאנץ פונ'ם מארגענשטערן; איינער האט זיך ניט אזוי פיעל מתכוון געוועהן, דער אנדערער האט צו פיעל געמיינט, נאר ביידע האבען אנגעמאכט א שטארקע בעוועגונג, און מיט רעכט קאן מען זאגען אז פון זיי הויבט זיך אן פאר יודען א נייע צייט.

---

# די נייע צייט.

## ערסטעס קאפיטעל.

## ר' ישראל בעל שם טוב און זיין דרך.

(1698—1760 נאך קריסטוס געבורט).

אז מען קוקט זיך צו צו דער ביטערער לאגע פון די פוילישע יודען פון חמעלניצקעס צייט ביז איינינע דורות שפעטער, וואו זייער פרידליך לעבען פון אמאל איז פערשטערט געווארען, די טייכען פון יודיש פערגאסען בלוט זענען נאך ניט אויסגעטריקענט געוועהן, וואו פרנסה האט געפעהלט, און אויסער שרעק און דאגות האט דער יוד נישט געהאט, איז גאר קיין חדוש ניט, וואס אזעלכע שווינדלער ווי א שבתי צבי און א יעקב פראנק האבען זיך געקאנט אויסגעבען פאר משיח'ן און איינרעדען דעם עולם, אז גאט האט זיי געשיקט אויסצולייזען זיין ארעם ליידענד פאלק פון זיינע פיין און צרות. דער מענש וואס גלויבט מיט'ן גאנצען הארצען אין בורא עולם, אין זיין יושר און רחמים און וואס פיהלט אין זיינע אייגענע מעשים און מדות קיין אונרעכט ניט, ער זאל קאנען אננעהמען פאר פערדינט די שטראף וואס קומט אויף איהם, גלויבט, אז גאט שיקט די פיין אויף איהם ניט אלס שטראף אלליין אבער אויך אלס נסיון, איהם צו פרובען ווי שטארק זיין אמונה און בטחון איז; און אז ער שטעהט אויס דעם נסיון און טרעט פון זיין גאטט ניט אב, האפפט ער, וועט גאטט באלד זיך מרחם זיין און וועט איהם די ישועה צושיקען, ער זאל אללע זיינע איבערליטענע פיין און ליידען דערצאהלען אין פריידען. אזוי איז אויך א גאנץ פאלק. די איבערליטענע צרות זענען דענמאלט אזוי פיעל און אזוי גרויס געוועהן, אז דער יוד האט

זַיי נִיט גֶעקָאנְט אָנְנֶעהמֶען אַלְס שְׁטְרָאף פַאר זַיינֶע זִינְד אַלֵיין · דַארִיבֶּער הָאט עֶר אִין זַיי גֶעזֶעהן אוֹיךְ דֶעם לֶעצְטֶען נִסָיוֹן אוּנ גֶעגְלוֹיבְּט, אַז דָאס זֶענֶען דִי „חֶבְלֵי מָשִׁיחַ”, דָאס שְׁטָאק פִינְסְטֶערְנִיס וָואס עֶס וֶוערְט עֶהדֶער דֶער הֶעלֶער טָאג דַארְף אוֹיפְשַׁיינֶען. דִי חֶבְלֵי מָשִׁיחַ הָאבֶּען זַיי שׁוֹין גֶעזֶעהן, וואו אִיז דֶען דֶער מָשִׁיחַ אַלֵיין? הָאט גֶעווִיס יֶעדֶער בַּיי זִיךְ גֶעפְרֶעגְט. דִי שְׁאֵלָה צוּ פֶּער־אֶנְטְפֶערְן הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁווִינְדְלֶער, אוּנ עֶס אִיז קֵיין חִדוּשׁ נִיט וָואס מֶען הָאט זַיי גֶעגְלוֹיבְּט. דֶער עוֹלָם הָאט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד מָשִׁיחַ׳ן דֶערְוַוארְט, מִיט דִי אוֹיגֶען אִיהם גֶעזוּכְט, אִיהם גֶעוָואלְט גֶעפִינֶען, גֶעוָואלְט זוֹכֶה זַיין אִיהם צוּ זֶעהן, אוּנ אַז עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אַלֵיין, אָדֶער עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט שְׁרַייעֶר, וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן: אָט אִיז עֶר! הָאט מֶען גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ מֶען הָאט מָשִׁיחַ׳ן גֶעזֶעהן. אוּנ וִויפִיעל הָאט דֶער שְׁווִינְדֶעל יוּדֶען אָבְּגֶעקָאסְט! וִויפִיעל צָרוֹת אוּנ פַּיין אִיז מֶען אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ וִויפִיעל בְּרִידֶער הָאט מֶען דוּרְךְ דֶעם פֶערְלָארֶען!... נָאר אַ דַאנְק גָאטט, מֶען אִיז דִי קְרֶענְק אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען, דֶער שְׁווִינְדֶעל אִיז אַרוֹיס אוּנ נִיט דִי שַׁבְּתַי צְבִינִיקֶעס נִיט דִי פְרַאנְקִיסְטֶען, וָואס זֶענֶען פוּן טָאג צוּ טָאג וֶועניגֶער אוּנ שְׁפֶּעלֶ׳ר גֶעוָוארְן, הָאבֶּען מֶעהר נִיט גֶעקָאנְט קֵיינֶעם פֶערְפִיהרֶען. צוּ אַזַא צַייט, דַאכְט זִיךְ, הָאבֶּען דִי רַבָּנִים, אַלְס פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנ לֶעהרֶער פוּן זַייעֶר אֱמוּנָה אוּנ גֶעפַיינִיגְט פָאלְק, גֶעבְּרוֹיכְט זִיךְ צוּקוּקֶען צוּ דֶעם מָארַאלִישֶׁען לֶעבֶּען פוּן זַייעֶרֶע נִידְרִיגֶערֶע בְּרִידֶער, אוּנ אַיינְזֶעהן, אַז דֶער מִכְשׁוֹל פוּן פַאלְשֶׁע מְשִׁיחִים וָואס הָאט פוּנ׳ם הָמוֹן אַזוֹי פִיעל פֶערְפִיהרְט, הָאט גֶעקָאנְט גֶעשֶׁעהן נָאר־דַאנְק, וֶוען דֶער הָמוֹן הָאט נִיט גֶעקָאנְט זַיין צוּפְרִיעדֶען מִיט דֶער הַנְהָגָה אִין אֱמוּנָה וָואס זַיי, דִי רַבָּנִים, הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהם נוֹהֵג גֶעוֶועהן, אוּנ זַיי הָאבֶּען גֶעבְּרוֹיכְט אָנְהֵייבֶּען מְקָרֵב צוּ זַיין דֶעם פְּרָאסְטֶען עוֹלָם, מִיט טְרֶאסְט אוּנ גוּטֶע הָאפְנוּנְג אִיהם כֹּחַ גֶעבֶּען צוּ קָאנֶען אַרִיבֶּער טְרָאגֶען דִי שְׁלֶעכְטֶע צַייטֶען, בִּיז גָאטט וֶועט צוּשִׁיקֶען דִי אֱמֶת׳ע יְשׁוּעָה וָואס מִיר אַלֶע הָאפֶען, אַזוֹי וִוי עֶס הָאבֶּען שְׁטֶאנְדִיג גֶעטְהוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אוּנ גְרוֹיסֶע לַייט בַּיי יֶעדֶער גְזֵרָה רָעָה, בַּיי יֶעדֶען אוּנְגְלִיק פוּן זַייעֶרֶע בְּרִידֶער; אִיז אָבֶּער דָא נִיט אַזוֹי גֶעוֶועהן: דִי רַבָּנִים פוּן יֶענֶער צַייט זֶענֶען טִיף פֶערְזוּנְקֶען גֶעוֶועהן אִין זַייעֶר פִּלְפּוּל אִין תַּלְמוּד אוּנ זַיינֶע מְפָרְשִׁים, פוּן קֵיין אַנְדֶער וִויסֶענְשַׁאפְט, אוֹיסֶער תַּלְמוּדִישֶׁע אוּנ קַבָּלָה, נִיט גֶעוואוּסְט אוּנ נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען, בֶּעטְרַאכְט דֶעם גַאנְצֶען תַּכְלִית פוּן יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען נָאר אִין קָאנֶען זַיין קְלָאר, לְכָל הַפָּחוֹת, גַאנְץ ש״ס, אוּנ הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט, אַז אַלֶע יוּדֶען פוּן אַלֶע קְלַאסֶען זָאלֶען זַיין לוֹמְדִים אַזוֹי וִוי זַיי אַלֵיין. דִי רַבָּנִים

האבען ניט פערשטאנען אז א גאנץ פאלק קאן ניט בעשטעהען פון לומדים אונ רבנים אליין, ניט דערמאנט אז זעלבסט ווען יודען זענען אין זייער אייגען לאנד געזעסען, יעדער אין זיין אייגענעם ווייגגארטען, צווישען אייגענע ברידער זענען אויך געוועהן, אי לומדים אי עמי הארץ, בפרט ווען יודען זענען אזוי פערוואגעלט, אזוי געיאגט אונ געפלאגט, וואו ער איז קיינמאל ניט נאר מיט זיין פרנסה ניט זיכער, אבער אויך פאר זיין איינגעבעטען ביטער היים ברויך ער ציטערן מען זאלל איהם ניט ארויס טרייבען, אונ וואו זעלבסט זיין לעבען הענגט אויף א האר, — ווי די לאגע פון די פוילישע יודען איז דאמאלט געוועהן, — ווי קאנן מען פערלאנגען פון אזא פאלק, אז אללע זאלען לערנען תורה טאג אונ נאכט, אדער פאר שפל האלטען דעם המון פונ'ם פאלק וואס קאן עס ניט אזוי זיין ווי די רבנים ווילען? זיי, די לומדים אונ די רבנים האבען עס ניט פערשטאנען אונ האבען דאריבער אויף דעם עם הארץ געקוקט וויא אויפ'ן גראסטען שפל, וואס איז גאר ניט כדאי וועגען איהם צו רעדען. זיי האבען געשריבען ספרים פאר נאך אזעלכע לומדים ווי זיי, געזאגט דרשות אונ פלפולים אין די בתי מדרש אונ שולען, וואס זענען צום לעבען אונ לעבענספראגען ניט נוגע, אונ עס איז גאר זייער דאגה ניט געוועהן, וואס עס זענען דא אמענגע יודען וואס פערשטעהען ניט אונ קאנן ניט פערשטעהן זייערע ספרים אונ ניט זייערע דרשות. נאר א למדן, נאר א מופלג איז א לייט, איין עם הארץ איז גלייך ווי גאר נישט, נאר זיי די לומדים זענען געווארען דער גאנצער יחוס פונ'ם פאלק, די גאנצע דעה אין אללע ענינים, דער קאפ פון דער אומה, אבער וועה צו דעם גוף וואו דער קאפ מיינט, אז אללע אנדערע אברים זענען גאר איבריג אונ ער וויל אויף זיי ניט קוקען אונ פאר זיי ניט זארגען, זיי זאללען אויך געזונד זיין, אונ זאללען אויך האבען דאס וואס זיי פעהלט...

אזוי האבען זיי פערוואהרלאזט דעם המון עם, אין אללע ענינים איהם איבריג געשטעלט, צו קיין זאך איהם ניט צוגעלאזט, זעלבסט זיך אנטהון אפיינערן בגד האט ער ניט געטארט, אומעדום איז ער געוועהן א שפל, א נחות דרגא, אונ האט ניט נאר אין לעבען קיין האבערס ניט געקאנט דערגרייכען אבער זעלבסט אויף נאכ'ן טוידט האט ער פיעל ניט געקאנט האפען. עס איז גענוג אריינצוקוקען אין די פיעל מוסר-אונ קבלה-ספרים וואס זענען געשריבען ביז יענער צייט, אום איינצוזעהן ווי שווער זייערע מחברים האבען געמאכט פאר'ן המון, דעם וועג וואס פיהרט דעם מאמין צו עולם הבא. וויפיעל דינים, גדרים אונ גזירות האבען זיי אין דעם וועג אנגעשטעלט פאר דעם צוברעכענעם

געפלאנטען יודען, וואס זיין קאפ איז איהם פערשלאגען מיט שווערע דאגות, דער רוקען- אין דרייען געבויגען פון דעם שווערן יאך פון זיין ביטערער פרנסה, דאס הארץ, פול מיט וואונדען פון אלץ וואס ער קאנן נאר געדענקען פון זיין היסטאריע, ער זאלל ניט קאנען צוקומען צו זיין לעצטער טראסט, צו עולם הבא חאטש נאכ'ן טויט! און עס איז קיין וואונדער ניט, וואס דער המון עם האט זיך אנגעהייבען דערווייטערן פון די לומדים און לעבען פאר זיך אין זיין פינסטערן וועלטעל נאך זיין אייגענעם שכל. און ביסלעכווייז האט מען אין דעם וועלטעל אנגעהייבען הערן א נייען מוסר, מיט א נייע תורה, אז ניט דוקא דורך א סך גמרא לערנען קאנן מען זיין א ערליכער יוד אבער אויך דורך מעשים טובים, און ניט נאר די מעשים טובים, אבער די גוטע כונה, וואס מען האט דערביי, איז דער עיקר, און מען מאג גאר קיין למדן ניט זיין נאר אז מען גלויבט מיט'ן גאנצען הארצען אין בורא עולם און מען היט אב זיין געבאט האטש וויפיעל אייגער איז ביכולת, האט מען שוין עולם הבא גלייך מיט די וואס זיצען טאג און נאכט איבער דער גמרא. ביסלעכווייז האבען דיזע ווערטער אנגעהייבען נאכצוקלערען פיעל פון די ביז אהער פער-שטויסענע קלאסען אין יעדער יודישער קהלה, און מען האט דעם נייעם גאנג אין אמונה אנאמען געגעבען חסידות. דאס הייסט: אמת'ע פרומקייט. צו קיין בעזונדער סעקטע איז דאס אבער נאך ניט געקומען, ווייל די כללים זענען נאך ניט אויסגעארבייט געוועהן. און דער עולם האט עס נאר נאכגערעדט אלס פראטעסט געגען יענע וואס האבען זיך געגרייסט מיט זייער תורה און חריפות, עס האט נאך געפעהלט דער מענש וואס זאלל אין זיך דעם כח האבען צוזאמענצונעהמען אט די אללע פראטעסטירענדע קולות, זיי צו ארדנען און מאכען פון זיי כללים וויא דער עולם זאלל זיך נאך זיי פיהרען אין לעבען. עס האט געפעהלט דער מענש, וואס זאלל מיט א ריינער איבערצייגונג און אמת'ער ליעבשאפט צו זיינע ארעמע פערוואהרלאזטע ברידער, אפען פאר דער גאנצער וועלט ערקלערן, אז דער המון עם און דער עם הארץ זענען אויך יודען בני אברהם יצחק ויעקב פונקט ווי די לומדים. און זיי האבען אויך א חלק ניט נאר אין עולם הבא, נאכ'ן טויט, אבער אויך דא אויף דער ערד לעבעדיגערהייד האבען זיי א חלק אין זייערע שולען און בתי מדרשים און אין אלץ וואס געהער צו דער אומה אזוי ווי לומדים און ווי אללע מיוחסים און זיי ברויכען גאר ניט צו זיין אזוי אראבגעפאללען ביי זיך ווי די בנים האבען זיי ביז אהער אראבגעווארפען...

אזא מענש האט זיך טאקי באלד געפונען און דאס איז געוועהן ר' ישראל בעל שם טוב פון מעזיבוז. וואס איהם איז בעשערט געוועהן אט די אללע אונצופריעדענע פערזאמלען ארום זיך, זיי צו געבען כללים אין אמונה און לעבען, זיי ניט לאזען זיך אין גאנצען מרחיק זיין פון די רבנים און זיי ניט לאזען וייט אראבקריכען פון יודישען וועג און פון דער תורה און איבערהויפט, ניט לאזען זיי פערפיהרט ווערן, ווי עס זענען פערפיהרט געווארען אללע אנדערע יודישע סעקטען.

אין יענע יאהרען האט מען אין די פולישע שטאדטלעך ועלטען פערשריבען ווען א קינד קומט אויף דער וועלט, דאריבער איז שווער צו בעשטימען אקוראט ווען ר' ישראל איז געבאהרען געווארען; גאר ווי פון יעדען גרויסען מענשען, וואס האט א גרויסע ראללע געשפיעלט אין עניני אמונה פון זיין פאלק, ווערט דערצאהלט וואונדערליכע און איבערנאטירליכע מעשות, אזוי האט זיך אויסגעארבייט א גאנצע געשיכטע פולל מיט וואונדער-געשיכטען, וועלכע דערצאהלען נסים ונפלאות ווי אזוי ר' ישראל בעל שם טוב איז אויף דער וועלט געקומען, ווי אזוי ער איז פון קליין גרויס געווארן, אלץ ניט בדרך הטבע ווי אבי ווער. לויט נאך דיזע געשיכטען איז ער געבאהרען אים יאהר 1698 אין א קליין שטאדטעל אקופ ביי דער גרעניץ צווישען פולען און וואלאכיי.

מען דערצאהלט, אז דער פאטער ר' אליעזר איז געוועהן א יוד א למדן און איז שטאנדיג געזעסען און געלערנט, און די גאנצע ברויטגעבערין איז געוועהן די מוטטער, וואס פלעגט ציהען איהר פרנסה דערפון, וואס זי איז געוועהן א אקושערין. ניט איין מאל פלעגט זי זיך בעוואשען מיט טרערען פאר וואס גאטט גיט איהר ניט קיין אייגענע קינדער און האט אלץ געהאפט, אז דער אויבערשטער וועט אויף איהר פארט רחמנות האבען און איהר שיקען א קדיש אויף דער עלטער. פלוצלונג האט זיך אבער געמאכט א גרויס אומגליק און זי האט שוין כמעט אין גאנצען פערלארען איהר האפנונג: טאטארען פלעגען אפט אנפאלען אויפ'ן שטאדטעל, אבראבעווען די איינוואהנער און א מאל טאקי אוועקפיהרען עטליכע פון זיי געפאנגען, כדי זיי זאלען זיי אין דער פרעמד פערקויפען פאר קנעכט, און גאר אומגערעכט האבען זיי אויפגעחאפט ר' אליעזר'ן און האבען איהם אוועקגעשיקט ערגיץ ווייט. דארט האט ער זעהר עהרליך און געטריי געדיענט דעם בעל הבית, וואס האט איהם געקויפט און איז ביי איהם געווארען אזא חשוב, אז מען האט איהם ערלויבט אים שבת ניט צו ארבייטען. דער בעל הבית איז אבער געוועהן א גוטער ברודער מיט'ן

ערשטמיין מיניסטער און האט איהם געוואלט שאנקען א טהייערע מתנה, האט ער ניט געפונען קיין בעסער געשאנק ווי אוועקצוגעבען איהם זיין געליעבטען קנעכט. ביים מיניסטער האט ר' אליעזר אויך נושא חן געוועהן און ער איז ביי איהם פריהר געווארען א לייב-מענש און דערנאך — זיין גאנצער יועץ. עס האט זיך אזוי געפיהרט, אז ר' אליעזר האט אמאל געגעבען א וויכטיגע עצה, וואס דערפון איז ארויסגעקומען דער מדינה א גרויסע טובה, און דער סולטאן אלליין האט איהם געוואלט זעהען. דא איז שוין זיין מזל גאר געהויבט געווארען, ווייל ער איז דעם סולטאן שטארק געפאלען און ער האט איהם חתונה געמאכט מיט א טאכטער פון א גרויסען שררה. ר' אליעזר האט לפנים געמוזט צו ליעב טהון, נאר ער האט זיך צו זיין פרוי ניט צוגערירט און האט איהר נאר מגלה סוד געוועהן אז ער איז א יוד און דאריבער טאר ער מיט איהר ניט וואהנען. די פרוי האט אויף איהם רחמנות געקריגען און האט איהם פון איהר פערמעגען געגעבען א סך געלד, כדי ער זאל אנטלויפען און זיך צושלאגען א היים. ר' אליעזר האט טאקי אזוי געטהון, נאר אויפ'ן וועג זענען איהם גזלנים בעפאלען, מען האט ביי איהם אלדינג צוגענומען, און ער איז, נאך א לאנגער צייט, צוריקגעקומען א קבצן ווי ער איז געוועהן פריהר, און געבליבען אזוי כל ימיו. אבער איז די שמחה פון זיין ווייב, וואס האט זיך שוין לאנג געזעהנט פאר איין עגונה, געוועהן זעהר גרויס, נאר נאך גרעסער איז געווארען איהר פרייד, אז גאט האט איהר געשאנקט א קינד און זי האט מיט מזל געהאט א יונגעלע. דאס איז געוועהן ר' ישראל בעל שם טוב, נאר אויפציהען איהם איז זיי ביידע ניט בעשערט געוועהן. גיך איז ר' אליעזר געשטארבען און באלד נאך איהם איז אויך דאס ווייב נאכגעגאנגען אין קבר אריין און דער קליינער ישראל איז געבליבען א יתום. נאר איין ירושה האבען איהם די ארעמע עלטערן איבערגעלאזט, — דאס איז געוועהן א פעסטע האפנונג אז דער אייבערשטער וועט איהם ניט פערלאזען, האטש ער בלייבט איינער אליין. פאר'ן טויט, דערצאהלט די לעגענדע, האט איהם דער פאטער גענומען אויף די האנד און האט איהם געזאגט אז ער זאל זיך ניט שרעקען פאר קיינעם און נאר האפען אויפ'ן אבי יתומים וואס וועט איהם געוויס ניט פערלאזען, און ניט איין מאל פלעגט דער בעל שם דערמאנען דעם פאטערס לעצטע דבורים און האט פערזיכערט, אז די דאזיגע רעד זענען ביי איהם געווארען דער פונדאמענט פון א ריינער אמונה אין בורא עולם. דאס שטעדטעל האט געדענקט וואס פאר א פרומער יוד ר' אליעזר איז געוועהן און מען האט

מנדל געוועהן דעם קליינעם יתום גלייך מיט אללע אנדערע קינדער. אז ער איז אלט געווארען פינף יאהר האט מען איהם אוועקגעגעבען אין א חדר, וואו ער האט געליטען ווי יעדעס שוואך קינד, וואס האט ניט ווער עס זאלל זיך פאר איהם אננעהמען. דערצו האט מען נאך בעמערקט אז ער איז גאר קיין מתמיד ניט, אז ער האט ליעב אוועקצוקוקען פונ'ם ספר און איז שטאנדיג פארטראכט; גאנץ אפט פלעגט ער גאר פערפאלען ווערען אויף גאנצע טאג און מען פלעגט איהם געפינען אין וואלד שטעהען פערשמאכט, אהן עסען און אהן טרינקען און ניט וויסען וואס מיט איהם טהוט זיך. די עטליכע בעלי בתים, וואס פלעגען נאך אמאל אכטונג געבען אויפ'ן יתום איז נמאס געווארען זיך מיט איהם ארומפיהרען, מען האט געזעהען אז שלאגען העלפט איהם ניט האט מען אראב גענומען פון איהם די השגחה אין גאנצען. עלף יאהר איז ער אלט געוועהן, ווען ער האט שוין בעדארפט אראב אויף זיין אייגענער קאסט, און ער איז געווארען א בעהעלפעריל אין א חדר. דא האט זיך שוין ארויסגעוויזען זיין עדעל הארץ, ווייל ער האט זעהר אבגעהיט די קליינע קינדער, וואס מען האט איהם איבערגעגעבען, און וואס זענען אייגענטליך ניט געוועהן אסך יונגער פון איהם. שפעטער האט ער ניט איין מאל איבער געחזרט, אז דאס זענען ביי איהם געוועהן די גליקליכסטע יאהרען, ווען ער פלעגט זאגען מיט די קינדער „מודה אני", און דאווענען מיט זיי אין שול אויף א הויך קול...

אז ער איז געווארען בר מצוה, האט ער בעקומען א האכערע שטעלע, און מען האט איהם געמאכט פאר א אונטער-שמש אין שול. דא איז איהם שוין בעסער געווארען, ווייל ארבייט האט ער געהאט זעהר ווייניג, קיינער האט איהם ניט נאכגעקוקט און ער האט געהאט גענוג צייט זיך צו בעשעפטיגען מיט אלץ, וואס ער האט געוואלט, און האט גאנץ רוהיג געלעבט אין דער צייט, דערצאהלט די לעגענדע. האט ער געשמאק געלערנט קבלה און האט געהאט גאנצע פאק מיט געשריבענע ספרים. ווי ארום די דאזיגע ספרים זענען געקומען צו איהם, האט מען שפעטער דערצאהלט א גאנצע מעשה: ערגיץ אין א ווייטער מדינה האט געלעבט א גרויסער צדיק וואס האט געהאט די זכיה צו געפינען אין א הייל אסך כתבים. פאר'ן טויט האט ער אנגעזאגט זיין זוהן, אז ער זאל זיך אוועקלאזען קיין פולין און דארט אין א שטאדטעל אקוף זאל ער אבזוכען א בחור'ל פון פירצעהן יאהר, וואס הייסט מיט'ן נאמען „ישראל בן אליעזר", און איהם זאל ער אבגעבען די

כְּתָבִים, ווייל ער האט געזעהען אין חָלוֹם אז נאר ער דארף זיי בעקומען. דער זוהן האט פּינקטליך אויסגעפילט די צַוָאָה פון זיין פאטער און איז אַוועקגעפאהרען קיין אָקוּפּ, דארט האט ער זיך אָבגעשטעלט ביי איינעם פון די שאנסטע בַּעֲלֵי בָּתִּים, און אַזוי ווי די זאך האט געמוזט צוגעהען בסוד און עס האט בעדארפט א ביסעלע געדויערן ביז ער וועט געפינען דעם ריכטיגען מענשען, האט ער געזאגט, אז ער וויל זיך בעזעצען אין אָקוּפּ און קויפען דארט א שטוב. אין א קליין שטעדטעל, אז עס קומט פּלוצלונג אראב א רייכער יוֹרֵשׁ, בעפאלען איהם באלד די שַׁדְּכָנִים: קיין וואונדער איז נאך ניט אַוועקגעגאנגען, האט מען דעם יונגען מאנן טאקי דא חַתוּנָה געמאכט מיט א טאכטער פון די אָקוּפּער גְבִירִים. נאך דער חַתוּנָה האט ער זיך אָנגעהויבען ארומקוקען און איז זעהר ערשטוינט געווארען, אז ער האט אין גאנץ שטאדט ניט געפונען קיין אַנדער־יִשְׂרָאֵל בֶּן אֱלִיעֶזֶר" ווי נאר דאס קליינע שַׁמָשׁ'ל. דער גְבִירִישער איידעם האט זיך געוואלט איבערצייגען צו האט ער קיין טָעוּת ניט און איז געפאלען אויף א שֵׂכֶל: ער האט געבעטען דעם שווער ער זאל איהם לאזען לערנען אין א בעזונדער שטיבעל נעבען דער שוּל און זאל דינגען דעם קליינעם שַׁמָשׁ ער זאל איהם בעדינען. ער האט באלד בעמערקט ווי דער יִשְׂרָאֵל בֶּן אֱלִיעֶזֶר פערברענגט גאנצע נעכט מיט לערנען און האט פערשטאנען אז אין איהם ליעגט טאקי עפּיס א פערבארגענער כֹּחַ, און נאר פאר דער וועלט פערשטעלט ער זיך און מאכט זיך אז ער איז קלאמערשט א עַם הָאָרֶץ, און ער האט איהם דעמאלט אויסגעזאגט דעם סוֹד און האט איהם איבערגעגעבען אללע כְּתָבִים. דער יונגער מאנן האט אָבער אויך געוואלט לערנען קַבָּלָה און ר' יִשְׂרָאֵל האט עס איהם געמוזט צו ליעב טהון. פון דעמאלט אן האבען זיי זיך געגעבענט פאר חֲבֵרִים, און אַזוי ווי אין שוּל האט מען זיי געקאנט שטערען, האט דער רייכער איידעם געדונגען א בעזונדער שטיבעל אונטער דער שטאדט און דארט זענען זיי שוין עטליכע יאהר כְּסֵדֶר געזעסען יוֹמָם וָלַיְלָה און האבען געלערנט.

ר' יִשְׂרָאֵל איז דערווייל אַלט געווארען אכטצעהן יאהר און עס האט זיך אויף איהם אויך אָבגעזוכט א בַּעֲלָן, וואס האט איהם זיין טאכטער געגעבען פאר א ווייב. זי איז אָבער באלד נאך דער חַתוּנָה געשטארבען און טאקי תֵּיכֶף האט ער פערלארען אויך דעם רייכען חָבֵר און איז געבליבען איינער אַלליין. זיין גאנצע פַּרְנָסָה איז אין דער לעצטער צייט געוועהן פונ'ם חָבֵר און אז דער טויט האט אָבער דעם אויך פּלוצלונג צוגעכאפּט, האט זיך ר' יִשְׂרָאֵל

געמוזט אָנהויבּען זוכען עפּיס אַאַנדער פַּרְנָסָה. דעמאָלט איז ער אַוועקגעפֿאָהרען
קיין בְּרָאדי אונ איז דאָרט עֶרְגֶיץ אין אַ אונטער=גאָסעל, וואו די קַבְּצָנִים וואָהנען,
געוואָרען אַ דַרְדְקי=מְלַמֵד. דער עוֹלָם האָט זיך אָבּער בּאַלד אוֹמגעקוּקט אַז
דאָס איז עפּיס ניט קיין פּראָסט מְלַמֵד'ל, זיין פְרוּמַקייט אונ נאָך מעהר זיין
ליעבּשאַפט צו מענשען האָבּען זיך געוואָרפען אין אויג, אונ מען האָט אָנ=
געהויבּען איהם אָפּט נעהמען פאַר אַ בּוֹרֵר, מען פלעגט זיך אויף איהם פער=
לאָזען. אַמאָל האָט זיך געמאַכט אַז איין צַד האָט איהם בּענוּטצט צו אַ דִין
תּוֹרָה וואָס דער אַנדערער צַד איז געוועהן איינער פון די שאַנסטע בּראָדער
בַּעֲלֵי בָּתִּים, ר' אַבְרָהָם קוּטאָווער, דער פּאָטער פוּנ'ם בּעריהמטען בּראָדי'ר
רַב ר' גֵרְשׁוֹן קוּטאָווער. ר' יִשְׂרָאֵל האָט בּיי דעם דין תּוֹרָה אַרויסגעוויזען
אַזוי פיעל געניטהשאַפט אין וועלט=זאַכען אונ דערצו נאָך טאַקי ניט וועניג
חֲרִיפוּת אין לערנען, אַז דער אַלטער ר' אַבְרָהָם האָט גאָר ניט געקאָנט פער=
שטעהען ווי קוּמט עס צו אַזאַ געוואָהנליכען מענשען. ער האָט זיך מיט איהם
אַ בּיסעל מעהר צוּרעדט, אונ אַז ער איז געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז איין
אַלְמָן האָט ער איהם פּאָרגעלעגט ער זאָל חֲתוּנָה האָבּען מיט זיינע אַ טאָכטער
אַ גְרוּשָׁה. ר' יִשְׂרָאֵל איז דאַרויף מְרוּצֶה געוואָרען, נאָר איין תְּנַאי האָט ער
מיט איהם אויסגענוּמען, אַז קיינער זאָל דערווייל דערפון ניט וויסען. ר' אַבְרָהָם
איז אין עטליכע טאָג אַרום געשטאָרבּען, די זאַך איז געבּליבּען בְּסוֹד. אַז
ר' גֵרְשׁוֹן קוּטאָווער האָט זיך גענוּמען, נאָך שִׁבְעָה, איבּערקוּקען דעם פּאָטערס
פּאַפּירען, איז ער נִבְהָל וּמִשְׁתּוֹמֵם געוואָרען ווען ער האָט געפונען „תְּנָאִים",
וואָס דאָרט איז בְּפֵירוּשׁ געשטאַנען, אַז ר' אַבְרָהָם האָט פערקנס'ט זיין טאָכטער
פאַר אַ אוּנבּעקאַנטען יודען יִשְׂרָאֵל בֶּן אֱלִיעֶזֶר. ער האָט געפרעגט די שוועסטער
צו ווייסט זי ניט עפּיס דערפון, נאָר פאַר איהר איז דאָס אויך געוועהן אַ נייעס,
אונ עס איז בּיי זיי בּיידע געבּליבּען, מען זאָל וואַרטען אונ זעהען וואָס די
צייט וועט ווייזען. אין עטליכע חֳדָשִׁים אַרום איז טאַקי געקוּמען צו ר' גֵרְשׁוֹן
קוּטאָווער, וואָס האָט שוין דעמאָלט געשפּיעלט די גרויסע ראָללע, אַ יוד
אָנגעטהון אין אַ גראָבּ קוּרץ פעלצעל אונ האָט אַרויס גענוּמען פון דער
קעשענע „תְּנָאִים" אונ געוויזען, אַז דאָס האָט ער געגעבּען זיין וואָרט ר' אַבְרָהָם'ן
אונ אַ צוּנד איז ער געקוּמען עס מְקַיֵים זיין. ר' גֵרְשׁוֹן קוּטאָווער האָט געשיקט
רופען די שוועסטער, אונ עס איז זיי אַוַדאי בּיידע גוּט פינסטער געוואָרען
אין די אויגען אַז זיי האָבּען בּעטראַכט דעם „חָתָן": ר' יִשְׂרָאֵל האָט אויס=
געזעהען ווי אַ פערגראָבּטער רענדאַר, וואָס ווייס קיין צוּרָה פון קיין אַלֶף ניט,

אונ זיי האבען גאר ניט געקאנט פערשטעהען וואס דער פאטער האט אזיינס דערזעהען אין דעם „פראסטאק". גאר ווי שווער עס איז ניט געוועהן ר' גרשון קוטאווער זיך משדך זיין מיט א ווילד פרעמדען גראבען מענשען, אונ דער שוועסטער — זיך צו פערבינדען אויף עביג מיט אזא מין מאנן, האבען זיי פארט ניט געקאנט געהען געגען רצון פונ'ם פאטער אונ מען האט בעשטימט דעם טאג פון דער חתונה. די לעגענדע דערצאהלט, אז פאר דער חופה האט ר' ישראל אויסגעזאגט דער כלה ווער ער איז אונ האט זי געבעטען זי זאל זיך גוט בעטראכטען צו וועט זי קאנען מיט איהם גלייך פערשווארצט ווערען אונ טראגען די צרות פונ'ם לעבען, אונ אז זי האט איהם געגעבען דאס ווארט דארויף אונ האט צוגעשווארען, אז דער סוד וועט ניט ארויס פון איהרע ליפען, איז געווארען א חתונה, אונ די גאנצע שטאדט האט צו טהון געהאט מיט דעם שוואגער, וואס דער בראדי'ר רב האט פלוצלונג בעקומען אונ מען האט עס גיט געוואוסט ווי עס אויסצודייטען.

פאר ר' גרשון קוטאווער איז דאס געוועהן א גרויסע בושה אונ עס איז ביי איהם געבליבען ער זאל אליין לערנען מיט'ן שוואגער אונ איהם מאכען פאר א מענשען. ר' ישראל האט אבער, דערצאהלט די לעגענדע, געפיהלט אז עס איז נאך ניט געקומען די צייט וואס ער זאל קאנען ענטדעקען ווער ער איז, אונ ארויסווייזען זיין דרך, דאריבער האט ער זיך געמאכט אז עס איז איהם זעהר שווער צו פערשטעהען וואס מען לערנט מיט איהם, אונ עס איז אזוי ווייט געקומען, אז ר' גרשון האט די געדולד פערלארען אונ האט געזאגט דער שוועסטער, אז זי מוז איין מאל פאר אללע מאל: אדער גטן זיך מיט'ן מאנן אדער אוועק פאהרען פון בראדי, כדי ער זאל ניט דארפען ליידען קיין חרפות־בושות. דער שוועסטער איז אודאי געוועהן א גרויסער וועטהיג וואס זי האט ניט געטארט רעדען אונ זי האט געמוזט בעשטעהען, ר' גרשון זאל איהר קויפען א פערד אונ וואגעלע אונ געבען א ביסעל געלד, אונ אזוי האט זי זיך מיט איהר מאן אוועקגעלאזט זוכען א נייע היים.

לאנג האבען זיי אומגעוואנדערט ביז זיי האבען געפונען איין ארט ערגיץ אין א דארף, צווישען קוטאוו אונ קאסאוו אונ האבען זיך דארט בעזעצט אונ אנגעהויבען ציהען די פרנסה דערפון, וואס ר' ישראל פלעגט די גאנצע וואך פערברענגען אין וואלד צווישען די בערג אונ דארט גראבען לעהם, אונ די פרוי פלעגט דריי מאל אין וואך ארויספאהרען צו איהם מיט'ן פערד אונ וואגעלע, פערנעהמען די לעהם אונ זי פערקויפען אין שטאדט. פון אזא מין

פרנסה פלעגען זיי מן הסתם גענוג ליידען הונגער, נאר ר' ישראל'ן האט עס וועניג געאהרט, די פרוי האט אויף איהם קיין טרעומות ניט געהאט, ווייל ער האט איהר פריהער געזאגט, אז זי וועט דארפען גענוג אויסשטעהען, ביז עס וועט קומען די גוטע שעה, וואס ער וועט קאנען נתגלה ווערען פאר דער וועלט, אונ זי איז דארויף בעשטאנען. ער אליין ווידער פאר זיך האט כמעט גאר ניט בעדארפט. ער פלעגט שטאנדיג פאסטען אונ זיין גאנץ מאכל איז בע-שטאנען אין א טרוקען שטיקעל ברויט, וואס ער אליין פלעגט דאס מעהל אויסמישען מיט וואסער אונ עס באקען ביי דער זונן. ר' ישראל האט זיך גליקליך געפיהלט ווען ער פלעגט איינער אליין ארומבלאנזשען צווישען די געדיכטע וועלדער אויף די בערג קארפאטען -- די גאנצע געגענד האט ביי איהם אויס-געזעהען ווי א גן עדן אונ זיינע פרייע געדאנקען, וואס זענען געוועהן תמיד פערטיעפט אין דער גרויסקייט פון דעם, וואס האט דיזעלבע בערג אונ וועלדער בעשאפען, האבען איהם כח געגעבען אללע זיינע נויטהען אריבערצוטראגען. פון קינדדוויז אן האט ר' ישראל'ן געצויגען אין וואלד אריין, דארט האט ער ניט איין מאל אויסגעגאסען זיין הארץ ניט אין קיין בעשטימטער תפלה פונ'ם סדור'יל, נאר אין א היים געבעט, וואס פליסט ווי א קוואל פון פרומען הארצען. אזוי האט ער אבגעלעבט גאנצע זיבען יאהר.

א פרוי איז אבער פארט שוואכער פון א מאנס-פערשוין. ר' ישראל'ס פרוי איז מיעד געווארען צו ליידען; דעם תענוג, וואס ער האט געשעפט אין וואלד, האט זי ניט געקאנט פיהלען, זי האט נאר געוואוסט, אז לעהם פיהרען איז זעהר שווער, אונ אז נאך שווערער איז, ווען מען הארעוועט זיך גוט אן אונ מען האט נאך דעם ניט מיט וואס דאס חיות צו דערהאלטען. זעהר זעלטען פלעגט ר' ישראל אריינקומען צו איהר אין דארף, אונ אז ער האט געזעהען איהר איינגעשרומפען פנים, איהר אויסגעדארטקייט פון הונגער אונ נויטה, האט איהם דאס הארץ גוט וועה געטהון, דערפאר האט ער איהר צו ליעב געטהון, אז זי האט זיך איין מאל צוגעזעצט צו איהם אונ האט איהם אנגעהויבען בעטען, ער זאל רחמנות האבען אויף זיך אונ אויף איהר אונ זאל מיט איהר פאהרען קיין בראדי צום ברודער בעטען ביי איהם הילף. ביי ר' גרשון קוטאווער זענען זיי, צום אנהויב, ניט געוועהן אזיינע בעליבטע גאסט, נאר דערנאך האט ער געמוזט בעסער ווערען אונ האט זיי אבגעגעבען ביי זיך א וואהנונג. ער האט זיך אפילו געפרווט מאכען ביי זיך ר' ישראל'ן פאר א שמש, נאר עס האט זיך ניך ארויסגעוויזען אז ער טויג דערצו אויך ניט. ר' גרשון האט גע-

זעהען, אז עס איז קיין תכלית ניט. אונ האלטען ביי זיך א עם הארץ א שוואגער האט איהם ניט געפאסט, האט ער געמוזט ארויסנעהמען עטליכע רענדליך אונ דינגען דער שוועסטער א קרעטשמע אויף דעם וועג פון קוטאוו, ניט ווייט פון טייך פרוט.

דעמאלט האט זיי שוין אנגעהויבען בעסער צו געהען, ווייל די קרעטשמע איז געשטאנען אויף א וואהלען טראקט אונ פיעל מענשען פלעגען זיך דארט אבשטעלען. ר׳ ישראל האט נאך אלץ געלעבט אבגעזאנדערט: ער האט זיך אימיסטען אויסגעבויעט א קליין שטיבעלע ביים טייך, אונ דארט איז ער געזעסען אונ האט געלערנט. א היים פלעגט ער קומען נאר פון איין שבת צום אנדערן אונ נאר אז עס איז געוועהן א ספ... ... יט, בעת עס פלעגען זיך צונויפפאהרען פיעל אורחים אונ די פרוי אליין האט זיך ניט געקאנט אבפערטיגען, פלעגט זי איהם אברייסען פון דעם לערנען אונ ער האט איהר געמוזט העלפען.

קיינעם האט גאר ניט געקאנט איינפאלען, אז דער פראסטער רענדאר מיט די גראבע מלבושים, וואס טראגט האלץ אונ דערלאנגט יעדען עסען, איז א בן תורה. זיי האבען געהאט פרנסה בשפע, נאר ר׳ ישראל האט גאר ווייניג דערפון הנאה געוועהן; פאר איהם איז גענוג געוועהן א ברויט, וואס ער פלעגט מיט זיך מיט גענומען אויף א גאנצער וואך. נאר שבת האט ער געהייסען מאכען א בריוטען; דעמאלט פלעגט ער אראבוואַרפען פון זיך די וואכענדיגע קליידער אונ אנטהון ווייסע מלבושים, אונ דעם גאנצען טאג פערברענגען פרעהליך אונ אויפגערעגט. אויף ימים נוראים פלעגען זיי אריינפאהרען קיין קוטאוו אונ דארט בלייבען א גאנצען חדש; נאר ר׳ ישראל האט זיך אין שטאדט שטארק אבגעהיט מען זאל ניט וויסען ווער ער איז אונ מען זאל איהם האלטען נישט מעהר ווי פאר א פשוט׳ן רענדאר.

עס איז זיך אבער פארט שווער שטאנדיג צו בעהאלטען. א מאל האט זיך געמאכט, אז עס איז פערפאהרען אין דער קרעטשמע א רב אונ האט דארט געמוזט שבת האלטען, אונ אז ער האט בעמערקט דאס דאווענען אונ די גאנצע הנהגה פון ר׳ ישראל׳ן, האט ער זיך אנגעשטויסען, אז דאס איז א פערבארגענער צדיק. דער רב האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט גענעבען ר׳ ישראל׳ן אנצוהערן, אז ער האט איהם דערקענט. ר׳ ישראל האט זיך לכתחלה געוואלט אויסדרעהען אונ איינרעדען דעם רב, אז ער איז מעהר ניט ווי א רענדאר, נאר עס האט ניט געהאלפען, ער איז געצוואונגען געוועהן איהם אויסצוזאגען דעם אמת אונ האט איהם געבעטען ער זאל די זאך האלטען

בסוד, ווייל עס איז נאך ניט געקומען די צייט אז די וועלט זאל פון איהם געוואָהר ווערען. דערווייל האט זיך געמאכט, מען האט ביי איהם אויסגעדונגען די קרעטשמע און ער איז ווייטער געבליבען אהן פרנסה. היבשע עטליכע יאהר האט ער זיך אבגעמוטשעט; פאר'ן עסען אַלליין האט ער זיך פערדונגען צו איין אנדער רענדאר און האט געלערנט מיט זיינע קינדער גמרא. דערנאך איז ער אין טלוסט. געוואָרען נאך אמאל אדרדקי מלמד און האט פונ'ם קנעלען אזוי פיעל געהאט אז ער איז שטענדיג געגאנגען אין צוריסענע שיך. אזוי האט ר' ישראל געלעבט אין דחקות, ביז דער עולם האט זיך ניט אנגעהויבען צוקוקען צו זיין פאסטען, צו זיין פייעריג דאווענען, צו זיין טובל'ן זיך אין א קאלטער מקוה אפילו אים ווינטער, און איבערהויפּט צו אַללע זיינע פרומע מדות, און עס איז ארויס אקלאנג, אז ר' ישראל דער אָרעמער מלמד, דער אבגעקומענער רענדאר, איז א בעהאלטענער צדיק, א בעל שם. בעקאנט געוואָרען פאר דער וועלט איז ר' ישראל אים יאהר 1735 און פון דעמאלט אן איז שוין זיין נאהמען ארומגערינגעלט געוואָרען מיט אזוי פיעל וואונדערבארע ערצעהלונגען, אז עס איז אונמעגליך צו דערגעהען אוואָרט אמת. איינס קאן מען זיכער זאגען, אז ווען מען קוקט זיך צו מיט אפענע אויגען צו דער צייט, ווען ר' ישראל האט אנגעהויבען ארבייטען אפענטליך צווישען פאלק, צום ארט, וואו ער האט זיין גאנץ לעבען פערבראכט און צו די מענשען, וועלכע האבען זיך אנגעהאפט אין איהם, מוז מען מודה זיין, אז פון איהם האט קיין אנדערער זיך ניט געקאנט ארויס, נאר א בעל שם, א צדיק, וואס איז פול מיט סודות און מען זעהט פון איהם נאר נסים. מען דארף ניט פערגעסען אין וואס פאר אלאגע עס האבען זיך דעמאלט געפונען די יודען פון פאדאליען, גאליציען און בוקאווינא: די פאלישע מלוכה האט זיי ווענינ געקאנט שיצען פאר אויסוועניגסטע שונאים, און ווער שמיעסט נאך פאר אינוועניגסטע. יעדער פריץ האט פון זיי געשונדען די הויט און האט אויף זיי געקוקט ווי אויף א מעלקעדיגער קוה, וואס קוים האט ער אבגענומען די מילך האט איהם ניט געאהרט אז אויף דער בהמה זאל זיך נ״ר האלטען די פעל מיט די ביינער. אחוץ דעם האבען זיך אללע מאל, זייט דעם יאהר 1730 אנגעהויבען צו זיי אריינהאפען די היידאמאקעס און האבען זיי פריהר שטילערהייד געראבעוועט, ביז דער חשק האט זיך אין זיי ניט צובּרענט און זיי האבען אים יאהר 1768 אנגעמאכט די גרויסע שחיטה. ביי אזא ביטערן מעמד, ווען די פרנסה איז געשלאגען, פון אללע זייטען פרעסט מען צו, די רבנים וויללען זיך

נאָר ניט אָנְקעהרען מיט די עַמֵי הָאָרֶץ, מוז דאָס פּראָסטע פאָלק אַראָבפַאלען גאַנץ נידריג, ווערען פערגראָבט און פול מיט נאַרישקייטען און אַבערגלויבען; דערצו איז נאָך די טֶבַע פון'ם מענשען אַזוי, אַז גראַד ווען עס איז איהם שטאַרק שלעכט גלויבט ער גיכער אין יעדער יְשוּעָה, נאָר די פערגראָסערטע האָפנונג, דאָס ווילען זיך אָנְחַאפּען אין אַ שאַרף פון אַ שווערד געהמט ביי זיי צו דעם שֵׂכֶל, ער הערט אויף צו דענקען און קלעהרען, ער פערגעסט אַז די וועלט פיהרט זיך נאָך בעשטימטע כְּלָלִים, און יעדער זאַך זי מאָג געשעהן גאַנץ נאַטירליך, קומט ביי איהם אויס ווי אַ מוֹפֵת. דערפון נעהמט זיך וואָס טאַקי באַלד, נאָך די ערשטע קלאָפּ, וואָס די פּוילישע יודען האָבען געחאַפּט פון חמעלניצקי'ן, האָבען זיך אָנגעהויבען צווישען זיי אַרויסווייזען בַּעֲלֵי שֵׁמוֹת, און דער עוֹלָם האָט זיך ניט געפוילט אָנצודערצעהלען פון זיי די נִסִים וְנִפְלָאוֹת. אים יאָהר 1648 האָט שוין געשֵׁם'ט ר' יוֹאֵל בַּעַל שֵׁם. מען האָט דערצעהלט פון איהם אַז ער האָט אין פּאָזען אַרויסגעטריבען די קְלִיפָּה פון אַ משוגענעם יודען; וועלכער איז נאָך דעם באַלד געזונד געוואָרן; און אַז חמעלניצקי'ס חֶבְרָה זענען אָנגעפאַלען אויף אַ קליין יודיש שטאָדטעל, און די עטליכע יודען וואָס זענען נאָך דאָרט געוועהן, האָבען זיך געמוזט ראַטעווען מיט אַ שיפעל, האָט ר' יוֹאֵל זיי אַללע מַצִיל געוועהן פון דער גרעסטער סַכָּנָה, ווייל די קאָזאַקען זענען זיי נאָכגעשוואומען אין וואַסער, נאָר ער האָט געזאָגט אַזאַ שפּראַך, אַז זיי האָבען בְּשׁוּם אוֹפֶן ניט געקאָנט דעריאָגען די יודען. אַזעלכע זאַכען האָט מען נאָך דעם דערצעהלט אויך פון אַנדערע מְקוּבָּלִים, ווי ר' משה פּראַגער, ר' בִּנְיָמִין כֹּהֵן און ר' אֵלִיָהוּ בַּעַל שֵׁם, און עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען מיט זייערע אויגען געזעהען ווי די דאָזיגע „הימעל־מענשען" האָבען זיך געראַנגעלט מיט שֵׁדִים און זיי גוֹבֵר געוועהן. דאָס איז גאַנץ לייכט צו פערשטעהען, ווייל דאָס פאָלק זעהט שטאַנדיג דאָס וואָס עס וויל זעהען. אַוַדאי אַז ר' יִשְׂרָאֵל האָט זיך צוגעלאָזט צום געמיינעם עוֹלָם, אַלליין האָט ער זיך געפיהלט פּראָסט, און די אָרעמע לייט און דער אונצופריעדענער הָמוֹן עם האָבען דערפיהלט, אַז זיי האָבען פּלוצלונג בעקומען אַ פאַרשטעהער, וואָס מאַכט פון זיך ניט אַזאַ פּרוּש ווי די רַבָּנִים און לוֹמְדִים און האַלט זיך ניט פאַר אַ גרויסען מְיוּחָס, האָבען זיי איהם געמוזט אָנטהון די איינציגע קרוין וואָס זיי האָבען געהאַט, און האָבען איהם אָנגעהויבען בעטראַכטען ווי אַ בַּעַל שֵׁם. זיין דֶרֶך אין פרומקייט האָט דאָס פאָלק ניט געקאָנט פערשטעהען; ערשט אַ סַך יאָהרען שפּעטער האָבען זיינע תַּלְמִידִים

אונ מְקוּרָבִים דֶער וֶועלְט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אִין וָואס זַיין רֶעכְטֶע כַּוָונָה אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען; דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט אָבֶּער הָאט דֶער עוֹלָם מֶעהר נִיט גֶעוואוּסְט, אַז עֶס אִיז נִתְגַּלֶה גֶעוָוארֶען אַ נַייֶער צַדִיק, וָואס קָאן דֶערְוַייזֶען מוֹפְתִים, אונ מֶען הָאט טַאקִי גֶעזֶעהֶען דִי מוֹפְתִים, וַוייל מֶען הָאט זֵיי גֶעוָואלְט זֶעהֶען...

אָנְגֶעהוֹיבֶּען הָאט ר׳ יִשְׂרָאֵל בַּעַל שֵׁם טוֹב פוּן הַיילֶען קְרַאנְקֶע. עֶר פְלֶעגְט אַרוּמְפָאהרֶען אִיבֶּער פֶערְשִׁיעדֶענֶע שְׁטֶעדְט. אִין דֶער צַייט, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין דִי וָואלְדֶער אונ אוֹיף דִי הוֹיכֶע קַארְפַּאטֶען-בֶּערְג, אִיז עֶר גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן אַ סַךְ גְרָאזֶען, וָואס זֶענֶען אִיהם דֶערְנָאךְ צוּ נוּטְץ גֶע-קוּמֶען וִוי רְפוּאוֹת. אַזוֹי וִוי עֶר הָאט אָבֶּער גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם כֹּחַ פוּן דֶער קַבָּלָה, וָואס עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט. פְלֶעגְט עֶר גֶעווים זָאגֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע שְׁפְּרִיכֶע אונ לְחָשִׁים, וֶוען עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט דֶעם קְרַאנְקֶען אַיינְגֶעבֶּען עֶפֶּיס אִינְוֶוענִיג אָדֶער צוּלֶעגֶען אַ פְּלַאסְטֶער, אונ דֶערְפַאר אִיז בַּיים עוֹלָם אַיינְגֶערֶעדְט גֶעוֶועהן, אַז טַאקִי נָאר אִין דֶעם לִיעגְט דֶער גַאנְצֶער כֹּחַ זַיינֶער. זֶעהר אָפְט פְלֶעגְט פָּארְקוּמֶען, אַז עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְגְלַייכֶען מִיט דִי דָאקְטוֹירִים אונ דֶערְפַאר הָאט עֶר נִיט לִיעב גֶעהַאט צוּ הַיילֶען אַזַא קְרַאנְקֶען וָואס אִיהם הָאט שׁוֹין בֶּעהַאנְדֶעלְט אַ דָאקְטָאר, אונ דֶעסְטְגְלַייכֶען הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט גֶעהֶען אוֹיף אַזֶעלְכֶע אֶרְטֶער, וואו מֶען הָאט שׁוֹין פְרִיהֶר גֶערוּפֶען אַ טָאטֶער אָדֶער אַ כִּשׁוּף-מַאכֶער. נִיט אֵיין מָאל הָאבֶּען אִיהם דִי דָאקְטוֹירִים גֶערוֹדֶפְט, וַוייל עֶר הָאט זֵיי פָּשׁוּט גֶעשַׁאדְט צוּ דִי פַּרְנָסָה, אונ אַז עֶר פְלֶעגְט אַרַיינְפָאהרֶען אִין אַ שְׁטָאדְט אַרַיין אִיז מֶען אִיהם נָאכְגֶעלָאפֶען אִין דִי גַאסֶען אונ בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט הָאט עֶר גֶעמוּזְט אוֹיפְנֶעהמֶען קְרַאנְקֶע, גֶעבֶּען סְגוּלוֹת אונ טְהַיילֶען קְמֵיעוֹת. דִי דָאקְטוֹירִים פְלֶעגֶען פוּן אִיהם חוֹזֵק מַאכֶען אונ אָפְט הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער: וֶוער הָאט עֶס אִיהם אוֹיסְגֶעלֶערְנְט מֶעדִיצִין? נָאר ר׳ יִשְׂרָאֵל פְלֶעגְט אֶנְטְפֶערְן גַאנְץ קַאלְט, אַז זַיין חָכְמָה הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט בַּיי אַ גְרוֹיסֶען פְּרָאפֶעסָאר — בַּיי גָאטְט אַלַיין. נִיט שְׁטֶענְדִיג אִיז עֶר אָבֶּער אָבְּ-גֶעקוּמֶען מִיט דֶעם וָואס דִי דָאקְטוֹירִים פְלֶעגֶען מַאכֶען חוֹזֵק פוּן אִיהם; אִין אוּסְטְרָאהָא הָאט אִיהם אַ דָאקְטָאר גֶעוָואלְט שִׁיסֶען, אונ דֶער עוֹלָם הָאט ווייטֶער גֶעהַאט דִי מֶעגְלִיכְקֵייט צוּ דֶערְצֶעהלֶען מוֹפְתִים, וִוי אַזוֹי עֶר אִיז נִיצָל גֶעוָוארֶען אונ דִי קוֹיל אִיז צוּ אִיהם נִיט צוּגֶעשְׁטַאנֶען. ר׳ יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער עָנָיו אונ דֶערְצוּ הָאט עֶר טַאקִי גֶעגְלוֹיבְּט אַז אַלְדִינג אִיז פוּן גָאטְט, אונ אַז מֶען פְלֶעגְט אִיהם קוּמֶען דַאנְקֶען, וֶוען אַ קְרַאנְקֶער אִיז פוּן זַיינֶע רְפוּאוֹת

גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען, פְּלֶעגְט עֶר זָאגֶען, אַז אִין אִיהם אִיז גָאר נִיט גֶעוֶוענְדְט, אוּנ אַז דִי יְשׁוּעָה קוּמְט פוּנ'ם הִימֶעל. דָאס אִיז לַייכְט צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען אַז אַזַא מֶענְשׁ אִיז נִיט־קֵיין בֶּערַייסֶער, אוּנ עֶר פְּלֶעגְט גָאר צוּגֶעהֶעמֶען דָאס וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט אוּנ וָואס יֶעדֶער אִיז גֶעוֶועהן בִּיכוֹלֶת אִיהם צוּ גֶעבֶּען. דֶערְפַאר הָאט מֶען אִיהם זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט אוּנ אֲפִילוּ קְרִיסְטֶען הָאבֶען פַאר אִיהם גֶעהַאט גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ. אַ מָאל הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם גֶעקְלָאגְט אֵיינֶער פוּן דִי פְּרִיצִים, וָואס שׂוֹנְאִים הָאבֶען אִיהם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט לָאזֶען קָאסְטֶען אַ סַךְ גֶעלְד אַבִּי מֶען זָאל אִיהם אַרוֹיסְשִׁיקֶען פוּן מֶעזְעבּוּז, נָאר דִי פָּאלִיצֶיע הָאט דֶערְפוּן נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, אוּנ הָאט בְּפֵירוּשׁ גֶעזָאגְט דֶעם פְּרִיץ, אַז ר' יִשְׂרָאֵל אִיז אַ הֵיילִיגֶער מֶענְשׁ אוּנ נִיט קֵיין אָבְּנַארֶער, אַז נִיט אוּמְזִיסְט אִיז עֶר אַזוֹי בֶּעלִיעבְּט בַּיים פָאלְק, אוּנ עֶס קוּמְט אִיהם נִיט מֶען זָאל גֶעגֶען אִיהם טְהוּן אֵיין עַוְלָה.

דִי הוֹיפְּט־רָאלֶע צְווִישֶׁען אַלֶע סְגוּלוֹת, וָואס דֶער בַּעַל שֵׁם פְּלֶעגְט אַרוֹיסְגֶעבֶּען, הָאבֶען גֶעשְׁפִּילְט דִי קָמֵיעוֹת. אוּנ דָאס קְלֵיינֶע שְׁטִיקֶעל פַּארְמֶעט מִיט עֶטְלִיכֶע אוּנְפֶערְשְׁטֶאנְדְלִיכֶע וָוארְטֶער אָהן אַ שׁוּם גֶעדַאנְקֶען, הָאט בֶּעדַארְפְט אָבְּהִיטֶען קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנ דֶערְוַואקְסֶענֶע פוּן אַלֶדֶעם בֵּאז. אוֹיף דִי קָמֵיעוֹת הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפֶען דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם, ווייל מֶען הָאט זֵיי גֶענוּצְט שְׁטֶאנְדִיג אוּנ נִיט נָאר צוּ קְרַאנְקְהַייט אַלֵיין; בַּיי יֶעדֶען אִיז גֶעוֶועהן אַיינְגֶערֶעדְט אַז זֵיי זֶענֶען דִי גְרֶעסְטֶע שְׁמִירָה וָואס לָאזֶען נִיט צוּ קֵיין שׁוּם חוֹלַאַת. אַז מֶען הָאט עֶרְגִיץ אִין אַ שְׁטוּב גֶעזֶעהֶען ווִי אֵיינֶער וֶוערְד אֲפִילוּ פֶערְשְׁלַאפְט אוּנ דִי קָמֵיעַ הָאט אִיהם נִיט גֶעהָאלְפֶען, הָאבֶען אַלֶע אִיבְּרִיגֶע גֶעזוּנְדֶע גֶעדְרוּנְגֶען, אַז טַאקִי נָאר דִי קָמֵיעוֹת הָאבֶען זֵיי דֶערְהַאלְטֶען בַּיים לֶעבֶען. דֶערְפַאר אִיז דֶער כֹּחַ פוּן דֶער קָמֵיעַ יֶעדֶעס מָאל מֶעהר חָשׁוּבֶ'ר גֶעוָוארֶען, אוּנ ר' יִשְׂרָאֵל הָאט גֶע־מוּזְט הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ עֶטְלִיכֶע שְׁרַייבֶּערְס, וֶועלְכֶע הָאבֶען אוֹיךְ קוֹים גֶעקֶאנְט צוּשְׁטֶעלֶען אַזוֹי פִיעל קָמֵיעוֹת ווִי פִיעל דֶער עוֹלָם הָאט פֶערְלַאנְגְט. בֶּע־זָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ אָבֶּער ר' יִשְׂרָאֵל אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט דִי מוֹפְתִים, וָואס מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען פוּן אִיהם, ווִי עֶס וֶוערְט דֶערְצֶעהלְט אִין דֶעם סֵפֶר „שִׁבְחֵי בַּעַל שֵׁם טוֹב", וָואס מֶען הָאט אָבְּגֶעדְרוּקְט נָאךְ ר' יִשְׂרָאֵל'ס טוֹיט. דָארְט וֶוערֶען דֶערְצֶעהלְט שְׁטַארְקֶע גוּזְמָאוֹת, וָואס מֶען קָאן זֵיי נָאר מִיט'ן שֵׂכֶל נִיט מַשִּׂיג זַיין, ווִי, לְמָשָׁל, אַז עֶר הָאט גֶעהַאט „קְפִיצַת הַדֶרֶךְ" אוּנ הָאט גֶעקֶאנְט אִין אֵיין רֶגַע אִיבֶּערְפְלִיהֶען טוֹיזֶענְדֶער מַייל אוּנ אִיבֶּערְשְׁווִימֶען דִי גְרֶעסְטֶע יַמִּים, אָדֶער אַז עֶר הָאט אִין מֶעזִיבּוּז גֶעזֶעהֶען וָואס אִין אַמְשְׁטֶערְדַם טְהוּט זִיךְ

און נאך פון דעם מין איבערנאטירליכע זאכען וועלכע ווערן נאך איצט דערצאהלט צווישען חסידים.

די ערשטע צייט איז ר׳ ישראל ארומגעפאהרען אין פערשיעדענע שטאדט פון פאדאליען און וואלין, ווי זאסלאב, נעמירוב, באר, פולנאה, טולטשין, קאמינקע, חמיעלניק, שארגאראד און נאך אנדערע שטאדט, און דערנאך האט ער זיך בעזעצט אין מעזיבוז, און האט דארט פערבראכט די לעצטע צוואנציג יאהר פון זיין לעבען. זיין דאווענען איז געוועהן אהן א סדר און ניט אין קיין בעשטימטער צייט, און אפילו ווען ער איז געוועהן אין שול האט ער ניט געקוקט אויפ׳ן עולם, און ווען אללע זענען שוין לאנג אהיים געגאנגען האט ער נאך געקאנט שטעהען פערטראכט א גאנצע שעה און זיך ניט רירען פון׳ם ארט. פריהר פלעגט ער מאכען גרויסע הכנות צום דאווענען ביז ער האט בעקומען דאס פייער, דעם ברען, וואס אהן דעם האט ביי איהם קיין איינציגע תפלה ניט געקאנט ארויס פון די ליפען מיט א רעכטער כונה; דעמאלט פלעגט ער שרייען און ברומען, ציטערן מיט אללע אברים, מאכען מיט די הענד, און עס איז גאר ניט מעגליך געוועהן איינצושטעהען נעבען איהם. אפט פלעגט ער פלוצלונג, אין מיטען דער שטילער שמונה עשרה, א געשריי טהון, און דאס אלדינג איז ביי איהם געוועהן אהן קונצען און נאר ווייל ער האט גערעכענט, אז אבהאפען גלאט אזוי דאס דאווענען האט קיין שום ווערטה ניט און, אז יעדער איז מחויב גוט איבערצוטראכטען איבער יעדעןווארט פון די תפלות און אפילו איבער יעדען אות. אין זיינע דרשות האט ער זיך נוהג געוועהן צו זאגען א געדאנקען און דעם געדאנקען סומך זיין אויף א פסוק, און חאטש אין פסוק איז גאר דער געדאנק ניט געלעגען, האט ער אבער דעם פסוק אזוי פערטייטשט ווי עס האט געפאסט צו זיין געדאנקען. דאס אבגעזונדערט לעבען, וואס ער האט אין דער יוגענד געפיהרט, האט געבראכט דערצו אז עס איז איהם שווער געוועהן זיינע געדאנקען ארויסצוגעבען ווי עס דארף צו זיין, און דורך דעם האט דער עולם אין זיינע תורות טויזענדער סודות געפונען. ר׳ ישראל האט אפילו ניט געוואלט ליידען מען זאל פון זיין נאהמען ארויסגעבען ספרים און קיינער האט זיך טאקי ניט איינגעשטעלט צו געהען געגען זיין רצון. ווי עס ווייזט אויס, האט ער מורא געהאט, אז די שרייבערס וועט ניט געראטהען איבערצוגעבען אויף פאפיער דעם אמת׳ן זין פון זיינע רעד און דערנאך וועט מען אויף איהם ארויפלעגען אזעלכע זאכען וואס ער האט קיין מאל אין דער מחשבה ניט געהאט.

פון דעסטוועגען האבען ר' ישראל'ס תלמידים ר' יעקב יוסף כהן, דער פולנאה'ער רב, און ר' בער מעזעריטשער, וואס האט שפעטער פערנומען דעם בעל שם'ס ארט, געזאמעלט די תורות פון זייער רבי'ן, און אים יאהר 1784 האט דער אפטער רב, ר' אהרן כהן, ארויסגעלאזען א ספר מיט דעם נאמען, „כתר שם טוב" אום בעקאנט צו מאכען אויף דער וועלט דעם בעל שם'ס געדאנקען. אין דער אייגענער צייט האט מען אויך געפונען צווישען די פאפירען פון'ם יאנאווער רב, ר' ישעיה, אקליין ספר'ל וואס האט געהייסען „צוואת ר' ישראל בעל שם טוב" און מען האט עס אויך אבגעדרוקט. פון די דאזיגע צוויי ספרים איז לייכט ארויסצוזעהען אין וואס דער דרך פון ר' ישראל'ן איז בעשטאנען און מיר קאנען דא אין קורצען בעשרייבען די עלף יסודות, אין וועלכע ער האט זיך פעסט געהאלטען:

1) אומעדום איז גאטט! זיין כח ליעגט אין דער גראסטער און אויך אין דער קליינסטער זאך, וואס דער זינדיגער מענש קאן זעהען מיט די אויגען און וואס ער איז ניט ווערטה צו זעהען. א מענש דארף שטאנדיג געדענקען, אז גאטט איז מיט איהם אויף יעדען ארט און צו יעדער צייט, אז אהן זיין היילינען ווילען קאן גאר נישט געשעהען, און אז ווען א מענש האט גוט אין זין דעם הימלישען בעשעפער און פערגעסט ניט אז אין אלדינג, וואס עס קומט איהם פאר די אויגען זעהט ער זיין חכמה און גבורה, איז ער שוין דערמיט אליין יוצא אין פרומקייט און דיענט גאטט מיט'ן גאנצען הארצען.

2) צווישען די האכערע וועלטען, וואס מיר זעהען ניט, און דער ערד, אויף וועלכער מיר געפינען זיך, איז דא א פערבינדונג, און פונקט ווי דאס מזל פון'ם מענשען ווערד בעשטימט אין הימעל, אזוי מאכען דארט א רושם די מעשים פון יעדען: טהוט עמיצער גוטס — האט מען אויבען דערפון הנאה און דער יצר טוב ווערד ביי זיך פעסטער, טהוט מען אבער שלעכטס — ווערד דערפון א גאנצע אונארדנונג און דער יצר הרע בעקומט גבורה א סך שלעכטס אנצוטהון.

3) דער מענש דארף זיך בעהעפטען אין רבונו של עולם, זיך איבערגעבען איהם מיט אללע אברים, מיט אללע מחשבות, מיט אללע געפיהלע. פאר'ן מענשען איז גענוים בעסער צו וויסען, אז עס איז דא א בורא עולם, וואס פיהרט די וועלט נאך זיינע געזעצע, און אז ער האט זיך אויף וועמען צו פערלאזען. און אזוי ווי עס איז ניט נתפעל צו ווערן פון גוטס אזוי ברויך מען ניט אראבפאללען פון שלעכטס.

4) דער עיקר אמונה ליעגט אין דעם אינווענינסטען געפיהל. דער מענש דארף זיך ניט האלטען פאר קיין גרויסען חכם, ער טאר ניט וועלען אלדינג מיט'ן שכל משיג זיין אונ טראכטען, אז אין אללעמען וואס ער פער־שטעהט ניט מאג ער שוין ניט גלויבען. דעם מענשענס אויגען זענען צוגעדעקט ווי מיט א שטאר, אונ זעהר זעלטען האט ער די זכיה צו זעהען דאס וואס איז טאקי אמת. דער וואס מיינט, אז גלויבען קאן מען נאר אין דעם וואס מען ווייסט געוויס, פערגעסט, אז דער שוואכער מענש איז פול מיט חסרונות אונ קאן גאר קיין זאך ניט וויסען געוויס, ווייל ער איז ניט זיכער צי זיינע אויגען קוקען גלייך אונ צי זיינע אויערן הערען ריכטיג. אז עמיצער לאכט פון אמת'ע מאמינים, וואס פרעגען גאר־קיין קשיות ניט אונ גלויבען, ווייל דאס הארץ הייסט זיי אזוי טהון — איז ער געגליכען צו א טויבען, וואס מאכט חוזק ווען ער זעהט ווי כלי זמר שפיעלען אונ דער עולם טאנצט: איהם קומט אויס פשוט א געלעכטער וואס איינער מאכט עפיס מיט'ן שמיטשעק אראב אונ ארויף אונ דער אנדערער טאנצט אונ עס איז א שמחה אויף ביידע, ער קאן ניט פערשטעהען פון וואנען עס נעהמט זיך אזא פרייד, וואס הייבט דעם בעל שמחה אין דער לופט, זיי האבען ביי איהם אללע א פנים ווי משוגעים, אונ ער פערגעסט גאר, אז גיכער דארף מען איהם אננעהמען פאר א חסר דעה דערפאר וואס ער וויל ניט וויסען פון זיין אייגענעם חסרון, ווייל ווען ער זאל ניט זיין טויב וואלט ער געהערט די שענע קולות אונ וואלט פערשטאנען, אז מען טאנצט ווי מען שפיעלט אונ אז א וועלט איז ניט משוגע.

5) דאס דאווענען מוז שפיעלען איין הויפט־ראללע ביים מענשען, נאר זיין געבעט דארף זיין ריין, הייס, מיט כוונה, עס מוז זיך ארויסרייסען פון די טיעפסטע ווינקעלעך פונ'ם הארצען. מיט דער תפלה קאן דער מענש דערגרייכען ביז צום כסא הכבוד אונ אויסבעטען גוטס ניט נאר פאר זיך אליין, נאר פאר אללע וואס ער האט דעמאלט אין זין. ווען דער מענש דאווענט טאר ער זיך אויף איין רגע אפילו ניט פערגעסען פאר וועמען ער שטעהט; ער דארף אין גאנצען זיך אויסטהון פון דער וועלט, אראב־ווארפען פון זיך דעם זינדיגען גוף מיט אללע זיינע בעדארפעניסען, וואס פיהרען איהם ניט איין מאל אראב פונ'ם וועג, אונ מוז נאר טראכטען ווערטה צו זיין, אז די געדאנקען זאלען איהם אוועקטראגען גאנץ ווייט פון דער ערד אויף די הויכע הייליגע עולמות. ניט איטליכען קאן אבער געראטהען זיך צושלאגען צו אזא מדרגה ביים דאווענען, אונ דערפאר מוז מען פריהר א ביסעל צו ארבייטען

ביז די תפלה קומט ארוים אזוי לויטער אז זי זאל קאנען מאכען א רושם דארט אין די שערי רחמים. יעדער פרומער יוד מוז מאכען בעוועגונגען מיט אללע אברים, זיך שאקלען אהין אונ אהער, גוט איבערחזר'ן יעדעס ווארט אונ וועלען פערשטעהען דעם טעם דערפון, אונ עס זאל איהם גאר ניט אנגעהען וואס אנדערע וועלען אפשר לאכען פון זיינע תנועות. ווייל מאכען א געלעכטער פון אזעלכע זאכען קאנען נאר די איינגענע שוטים, וואס וועלען אויך לאכען ווען זיי וועלען זעהען ווי איינער שווימט אין טייך אונ מאכט מיט די האנד; מען דארף זיך אבער ניט אומקוקען אויף אזעלכע נארגים וואס ווילען ניט פערשטעהען, אז פונקט ווי דער שווימער מוז פון זיך מיט די האנד אוועקטרייבען די חוואליעס כדי ער זאל קאנען צושווימען צו א ברעג, אזוי מוז דער פרומער מיט זיינע תנועות צוטרייבען אללע זייטיגע זאכען, וואס קאנען איהם אברייסען פון דער ערנסטער מחשבה, אונ ער איז געצוואונגען ארומצולויפען, שרייען אונ גוואלדעווען ביז ער בעקומט דעם אמת'ן ברען, אונ דעמאלט איז ער זיכער אז זיין תפלה וועט אנגענומען ווערען.

6) דאס לערנען איז ניט אזא עיקר אונ עס איז א סך גלייכער צו זיצען איבער א מוסר ספר אונ שעפען פון דארט מדות טובות עהדער פערברענגען די צייט מיט קנייטשען די גמרא אונ ברעכען זיך דעם מח איבער א שאלה, וואס מען דארף זי ניט האבען ניט צום פרומקייט אונ ניט צום פראקטישען לעבען. ר' ישראל האט געזעהען וואס פאר א מין דערוייטערטקייט עס ווערט צווישען די מיוחסים, די לומדים, וואס מיינען אז נאר זיי וועט קומען דער גאנצער עולם הבא – אונ דעם פאלק, וואס הייבט שוין אן ביי זיך אראבצופאלען אונ רעכנען, אז איין עם־הארץ איז טאקי די אומגליקליכסטע בריאה אויף דער וועלט. עס האט איהם נאך מעהר פערדראסען, ווען ער האט בערעכענט אז צווישען יודען איז גאר ניטא כמעט איינער וואס זאל לחלוטין אונוויסענד זיין, אונ דער גראבסטער פון זיי קאן נאך מעביר סדרה זיין אונ חאפען א קוק אין א ספר. דערפאר פלעגט ער אנפאלען אויף די לומדים וואס האבען צופיעל געהאלטען פון זיך, אונ האט גערדונגען אז זיי זענען צבועצ'קעס, אז זיי ווילען זייער תורה נאר מאכען פאר א מיטעל צו האבען כבוד אויף דער וועלט, אונ אז דווקא דער פראסטאק, וואס נעהמט א מאל א מוסר־ספר אין די האנד אריין אונ וויל טאקי פערשטעהען וואס מען שרייבט דארט, כדי די גוטע מדות זאלען זיך אין איהם אנקלעבען, איז א סך נאהענטער צו גאט ווי די וואס גרויסען זיך מיט זייער פלפול אונ חריפות. „מיר זעהען אין

לעבען, — פלעגט דער בעל שם אפט זאגען -- צוויי ערליי מענשען, אַזעלכע וואָס זינדיגען אפענטליך אונ אַללע האַלטען זיי טאַקי פאַר בעלי עבירה, אונ אַזעלכע וואָס טהוען כל הפסלנות אונ ווילען נאָך מען זאָל פאַר זיי דרך ארץ האָבען, ווייל דער יצר הרע האָט נאָך פערגרעסערט זייער שעדליכקייט אונ האָט זיי געמאַכט פאַר לומדים; די ערשטע קאָנען נאָך האָבען אַ תקנה, ווייל זיי דאַרפען נאָר תשובה טהון איז שוין פאַר זיי אָפען דער וועג צו פרומקייט, די אַנדערע אָבער — זענען אויף עביג פערלאָרען, ווייל ביי זיי איז אַיינגערעדט, אַז זיי זענען גאָר די צדיקים, אונ עס קאָן זיי גאָר ניט אַיינפאַלען חרטה צו האָבען אויף זייערע שלעכטע מעשים.

7) צו פיעל פאַסטען אונ פייניגען דעם גוף איז איין עבירה, ווייל ביים אויבערשטען איז אָנגעלעגט, ווען דער מענש איז געזונד אונ קאָן איהם דיענען מיט אַללע כוחות. דערמיט האָט זיך ר' ישראל אָבגעזאָגט פון דעם דרך, וואָס ער איז אין דער יוגענד געגאַנגען, ווען ער האָט זיך געפונען אויף די בערג אין די וואַלדער אונ האָט גאַנצע וואָכען כסדר ניט געגעסען. ער האָט אָבער פערשטאַנען, אַז דאָס, וואָס ער אַלליין איז אים שטאַנד געוועהן איבערצוטראָגען, איז נאָך ניט קיין ראַיה פאַר אַנדערע, אונ ער האָט אָנגע־זאָגט, אַז יעדער איז מחויב צו דערווייטערן פונ'ם הארץ דאָס טרויעריגקייט אונ, פאַרקעהרט, שטאַנדיג זיין ביי זיך פריהליך, מונטער, אויפגעלעגט. סאַי ביים לערנען, סאַי ביים דאַוונען האָט ער געהייסען אַוועקטרייבען פון זיך עצבות. גאָטט האָט ליעב דעם מענשען וואָס קומט צו איהם מיט אַ פעסטען בטחון אונ וואָס לאָזט אַ טרער נאָר פאַר פרייד. אפילו ביים לערנען איז אויך בעסער ווען דער מענש לייענט הויך מיט שמחה יעדעס וואָרט. פון אַזאַ לערנען האָט גאָטט הנאה, ווייל אַזאַ לערנען, גאָר אָהן הבנות, קאָן יעדער בעל הבית, אונ ווי באַלד מען לערנט נאָר מוז זיך עפּיס אָנקלעבען, אונ אפילו ווען אייגער פערשטעהט ניט אַמאָל וואָס ער לייענט איז דאָס אויך גוט, ווייל דער אויבערשטער האָט דערפון דעם איינענעם תענוג, וואָס אַ פאָטער, ווען ער האָרט זיין קליין קינד פּלאַפּלען אונ ווייסט אַז עס קאָן נאָך ניט שאַרף רעדען, אָבער עס ווענדט זיך צום פאָטער מיט ליעבע אונ האָפנונג. אַז די פרומע האָבען אַמאָל איבערגעפרעגט דעם בעל שם: צו עס איז פאָרט ניט גלייכער צו האַלטען תעניתים, האָט ער זיי געענטפערט: שטעלט אייך פאָר אַז עס זענען דאָ צוויי דאָקטורים, איינער היילט די קראַנקהייט מיט אַ ביטערן רעצעפט אונ דער אַנדערער גיט דווקא אַ זיסע רפואה, נאָר ביידע ווילען דעם חולה געזונד

מאכען, וועט איהר ידען ניט פאלגען בעסער דעם לעצטען דאקטאר, וואס זיין רעצעפט איז אסך גרינגער איינצונעהמען? דאס איינענע איז אויך אין אמונה־זאכען: צו וואס דארפען מיר מוטשען די מענשען אונ פארדערן פון זיי אזעלכעס, וואס ניט יעדער קאן דארויף בעשטעהען, אז מיר קאנען דאס איינענע אויספיהרען אויף איין אנדער אופן אונ זעהען פאר זיך שטאנדיג פרעהליכע פנים'ער אונ געטרעסטע הארצער, וואס קומען מיט שמחה צו זייער פאטער אין הימעל אונ דיענען איהם מיט פרייד אונ מיט געזאנג.

8) מען דארף אבהיטען א מצוה, נאר ניט צו פיעל מדקדק זיין אונ זיך אריינלאזען אין קלייניגקייטען, ווייל די דאזיגע קלייניגקייטען פערדרעהען אפט דעם קאפ אונ מען פערגעסט דעם תכלית פון א נאטהיגע הויפט־זאך. דעם אמת'ן מאמין דארף גאר ניט אהרען ווען ער איז אמאל אומגערן עובר אויף א דין אדער ער טהוט חלילה איין עבירה; ער דארף נאר חרטה האבען אין הארצען, טהון תשובה, אונ גלויבען אז דער אויבערשטער וועט איהם אוודאי מוחל זיין. דעסטגלייכען זאל דעם מענשען ניט פערדריסען ווען עס געראטה איהם ניט מקיים צו זיין אזא מצוה וואס ער האט דוקא געוואלט טהון, אונ ער זאל ניט רעכנען אז דורך דעם האט ער עפיס פער־לארען, ווייל גאטט זעהט אז ער האט דעם רצון געהאט, נאר ער האט עס ניט געקאנט אויספיהרען, אונ מיט דער כונה אליין איז ער שוין יוצא געוועהן.

9) אלע מענשען דארפען זיין ביי זיך גלייך אונ זיך ליעב האבען ווי ברידער, ווייל ביי גאטט זענען אלע פאררעכענט פאר קינדער נאר אהן א שום אונטערשיעד, אונ אפילו ביים גרעסטען זינדיגען אין הארצען געפינען זיך הייליגע פונקען, וואס קאנען זיך נאך צו ברענען ווען ער וויל זיך נאר איין קנייטש טהון אונ בעטען רחמים ביי זיין בארמהארציגען פאטער. דערפאר טאר קיינער זיך ניט אננעהמען גאטט'ס קריוודע, אונ יעדער מאמין מוז שטאנדיג געדענקען אז אלע בריאים פערדיענען רחמנות אונ ליעבע.

10) א מענש קאן דערגרייכען די גרעסטע מדרגה פון נביאות, ווען ער האט שטאנדיג נאר גאטט אין זין אונ שיידט זיך אב פון אזעלכע וואס בינדען איהם צו צו נארישע תאוות. אוודאי קאנען עס אויספיהרען נאר געצאהלטע, אונ ווען זיי זענען פערטיעפט אין זייערע געדאנקען אונ עס קומט זיי פלוצלונג ארויף א מחשבה אדער עס ווייזט זיך זיי אויס, אז אין די אויערן קלינגען אזוי ווי קולות, איז א סימן אז זיי האבען טאקי ארומגעשוועבט אין

אין די הויכע וועלטען אונ גאטט האט זיי מזכה געוועהן זיי זאלען זעהען אונ הערען אזעלכעס וואס בלייבט פאר א אנדער בשר ודם איין עבינער סוד.

11) דער צדיק איז דער יסוד פון דער וועלט. אונ ווען יעדער מענש קאן דורך זיין פרומקייט בעקומען די גרעסטע זכיה אין הימעל איז דער צדיק פשוט א הימעל-מענש, ער רעכענט זיך ביי גאטט פאר א פערמיטלער צווישען איהם אונ זיינע בעשאפעניש'ען, אונ אזוי ווי א געליעבט קינד פיהרט ער אלדינג אוים ביים הימעלישען פאטער. די נשמה פונ'ם צדיק פליהט שטאנדיג ארום אין די הויכע וועלטען אונ יעדער וואס ריהרט זיך צו איהם צו מוז אויך געהויבען ווערען. דערפאר איז גוט צו זיין פונ'ם צדיק'ס מקורבים, ווייל ער קאן מגין זיין מיט זיין זכות אפילו אויף שטארק זינדיגע מענשען אונ אויסבעטען פון זייערטוועגען א אמת'ע כפרת עון. דער בעל שם האט אויך אנגעזאגט אז אויף א צדיק טאר מען גאר קיין שאלות ניט פרעגען אונ וואס מען זעהט פון איהם דארף ניט קשה זיין, ווייל ער ווייסט וואס ער טהוט אונ אפילו ווען ער קריגט בפירוש אראב פונ'ם רעכטען וועג איז פאר איהם גענוג נאר איין ביוג זיך צו טהון אונ פונ'ם פערלאשענעם פונק ווערט שוין ווידער א פלאם פייער.

דאס גאנצע לעבען פון ר' ישראל בעל שם טוב בעווייזט, אז מעהר ווי געגען אנדערע איז ער געוועהן שטרענג געגען זיך אליין אונ די אללע מדות וואס ער האט געלערנט זיינע מאמינים האט ער אליין זיך שטארק אין זיי געהאלטען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואס פון יאהר צו יאהר איז ער מעהר אנגענומען געווארען אונ האטש די רבנים האבען אויף איהם קרום געקוקט איז די צאהל פון זיינע חסידים געווארען אללע מאל גרעסער. דאס פאלק האט איהם פערגאטטערט פאר זיינע מופתים אונ האט אין איהם געשאצט דעם בעריהמטען בעל שם, וואס קאן פון טויט לעבעדיג מאכען; די עדלערע ווידער, וועלכע האבען שוין געהאט א שטיקעל בעגריף אין ר' ישראל'ס דרך אונ האבען פערשטאנען צו וואס אזא חסידות קאן פיהרען, האבען איהם גאר פשוט בעטראכט ווי א נביא, וואס איז געקומען אויפטהון נייעס, כדי צו בעפעסטיגען דעם אלטען אמת. צום אנהויב האבען זיך צו איהם צוגעשארט אללע מקובלים אונ די בעהאלטענע שבתי צבי'ניקעס, וואס זענען נאך איבער-געבליבען פון יהודה חסיד, נאר שפעטער זענען צוגעשטאנען אויך ליטווישע יודען אונ צווישען זיינע מקורבים האט מען שוין געקאנט געפינען גרויסע

לומדים און מורי הוראה. אין דער לעצטער צייט איז ר׳ ישראל׳ס נאהמען געווארען אזוי היילינ, אז אין א סך שטאדט פון פאדאליען, וואלין און גאליציען האט מען אהן זיין סמיכה ניט געוואלט אויפנעהמען קיין רבנים, שוחטים און חזנים.

די רבנים פון די גרויסע שטאדט האבען פון דעסטוועגען ניט אויפגעהערט צו זיין מתנגדים פונ׳ם בעל שם, כאטש אפענטליך ארויסצושפרינגען געגען איהם האבען זיי ניט געקאנט און האבען אויך ניט געהאט פאר וואס זיך צו טשעפען צו אזא פרומען יודען. איין מאל האבען זיי זיך יא געוואלט פריוען צו בעריהרען זיין כבוד און דערנידריגען דער וועלט, אז ער שטעהט נידריגער פון זיי און קאן זיך מיט זיי ניט פערגלייכען אין לומדות, נאר עס איז זיי ניט געראטהען, ווייל ר׳ ישראל האט זיך גאר מיט זיי ניט געוואלט אריינלאזען אין קיין ויכוח. דעמאלט האט נאך געהאט צו שאפען איבער אללע יודישע עסקים אין פולין דער „ועד ארבע ארצות" און ביי איין אסיפה האט דער זאמושטשער רב, ר׳ אברהם אבא, פארגעלעגט: מען זאל ר׳ ישראל׳ן שיקען רופען און מיט איהם רעדען פון תורה, כדי מען זאל ארויסזעהען אז ער איז גאר א קנאפער למדן. זיי האבען גערעכענט אז דער בעל שם וועט מורא האבען און וועט זיך אבזאגען, נאר ער איז דווקא געקומען. מיט גאוה האט איהם איינער פון די רבנים געזאגט, אז וועדליג ער פיהרט זיך ארויס, אז ער איז פול מיט רוח הקדש און צום סוף האלט מען איהם פאר איין עם־הארץ, דערפאר וויל ער, אז דער בעל שם זאל איהם פארענטפערן א שאלה, ווי אזוי א יוד דארף זיך נוהג זיין, ווען ער האט פערגעסען צו זאגען „יעלה ויבא". עס איז א סברא אז ר׳ ישראל האט זיי געאנטפערט קורץ און שארף, אז ער פערשפארט זיך גאר צו ברעכען דעם קאפ איבער אזא דין, ווייל ער האט פיינד צו פערגעסען. דעמאלט זענען ארויס צוויי דעות: די שונאים האבען געשריגען אז די רבנים האבען חוזק געמאכט פון ר׳ ישראל׳ן און האבען געזאגט אז ער האט זיך אימיסטען אויסגעדרעהט מיט א גלייכווארטעל, ווייל ער האט פשוט ניט געוואוסט דעם דין, און די חסידים האבען געדרונגען אז די רבנים זענען בטל געווארען פאר׳ן בעל שם, ווייל ער האט זיי באלד אויפ׳ן פלאץ געוויזען א מופת און זיי האבען געזעהען אז מען טאר זיך מיט איהם ניט טשעפען.

דער בעל שם איז געוועהן גאר פראסט ביי זיך; אין שטוב מיט׳ן עסען און טרינקען האט ער זיך געפיהלט ווי א געוועהנליכער בעל הבית. מיט

א לאנגען לילקע-ציבעך פלעגט ער זיך אפט ארומדרעהען אין מארק און רעדען מיט'ן קליינסטען חאטש. ער האט שוין דעמאלט געהאט מעהר פון צעהן טויזענד חסידים. זיין הכנסה איז געוועהן גרויס, ווייל מען פלעגט איהם ברענגען זעהר פיעל געלד פון אללע קראנקע, וועלכע האבען דורך איהם בעקומען א רפואה שלמה; נאר פון דעסטוועגען האט ער געלעבט אין דחקות, אי דאס איז נאך גוט געוועהן וואס די משפחה איז קליין געוועהן. די פרוי איז געשטארבען נאך אין די ערשטע יאהרען ווען ער איז נאר וואס נתגלה געווארען און זי האט איהם איבערגעלאזט אין גאנצען צוויי קינדער, א זוהן צבי הירש און א טאכטער האדעל. דאס גאנצע געלד פלעגט אוועקגעהען אויף צדקה און ניט זעלטען פלעגט ר' ישראל'ן אויסקומען צו געבען גרויסע סוממען, ווייל ער האט זעהר געהאלטען פון פדיון שבוים און דעמאלט האבען די פריצים ליעב געהאט איינצוזעצען אין תפיסה די רענדארעס וואס האבען ניט געקאנט צו דער צייט בעצאהלען די ראטע, און ניט איין רענדאר האט איהם געהאט צו פערדאנקען וואס ער איז ניט פערפוילט געווארען אין געפאנגעניש. וועה שמיעסט אז עס פלעגט זיך מאכען עפים א בלבול אויף יודען און מען האט אויסגעטראכט אויף יודישע קהלות, ווי זאסלאב און פאוולוטש, אז זיי הרגען קריסטליכע קינדער און בעניצען זייער בלוט אויף פסח, דא האט זיך דער בעל שם גאר מוסר נפש געוועהן: פון געלד קאסטען האט מען גאר ניט וואס צו רעדען, נאר ער פלעגט נאך אליין ארומלויפען צו די גרעסטע שררות, בעטען און וויינען, פערהאנפערן און בעווייזען, און האט ניט גערוהט ביז דער אמת איז ניט ארויס און הונדערטער אומשולדיגע זעגען ניצל געווארען.

פונקט ווי ער האט ניט געקאנט ליידען די שטאלצע לומדים און רבנים, אזוי איז ער צו געלאזט געוועהן צו איינפאכע יודען, וועלכע ער האט בעמערקט אז זיי האבען אין זיך גוטע מדות, אמאל האט דער בעל שם זיך צוגעקוקט אין שול ווי א בעל מלאכה, וואס פלעגט ארבייטען זאקען, שטעהט און דאוונט ערנסט, איז ער צוגעגאנגען צו איהם און האט זיך מיט איהם צורעדט און איהם אבגעגעבען גרויס כבוד. ר' ישראל האט גוט געזעהען ווי דער עולם וואונדערט זיך און קאן ניט פערשטעהען ווי קומט עס אז דער בעל שם זאל גאר האבען דרך ארץ פאר אזא פראסטאק, דאריבער האט ער באלד געזאגט: „עס זאל אייך גאר קיין חדוש ניט זיין, דאס תמימות פון דעם יודען האב איך דערקענט אין זיין שטיל דאוונען, און וויסען זאלט איהר אז

אויף איהם האלט זיך אונזער שול". ער האט אויך פיינד געהאט די מגידים,
וועלכע פלעגען ארומפאהרען פון שטאדט צו שטאדט שטראפען דאס פאלק
פאר וואס מען איז ניט גענוג פרום, אונ שרעקען מיט יענער וועלט אונ מיט'ן
פייערינען גיהנם. אמאל האט זיך געמאכט דאס דער בעל שם האט גראד
שבת געהאלטען אין א שטאדטעל אונ דארט איז אויך געוועהן א מגיד, וואס
האט זיך געשטעלט זאגען א דרשה, ווי דער שטייגער איז געוועהן, אונ האט
אנגעהויבען דעם עולם מאכען א מורא אונ לעגען שטיינער אויפ'ן הארצען.
אז דער בעל שם איז דערפון געוואהר געווארען איז ער גאר ניט צופרידען
געוועהן; זיינע מקורבים האבען עס פערשטאנען אונ האבען צו וויסען געטהון
די בעלי בתים פון דער שול אונ זיי זענען זיך אללע, מן הסתם, באלד
צוגאנגען. אויפ'ן אנדערן טאג איז זיך דער מגיד דורכגעגאנגען צום בעל שם
אונ האט איהם געפרעגט וואס ער האט צו איהם אונ פאר וואס האט ער
איהם אנגעטהון אזא בושה, אז ער האט געמוזט די דרשה ענדיגען פאר די
פיער ווענד. דא איז ר' ישראל אויפגעשפרונגען פונ'ם פלאץ, טרערען האבען
זיך איהם אנגעהויבען גיסען פון די אויגען אונ מיט א וויינענדיג קול האט ער
געשריגען: „אומזיסט פאלט איהר אן אויף אונזערע יודען, ניט שרעקען דארף
מען זיי, נאר טרעסטען! בעטראכט ווי דער יוד הארעוועט זיך געביך
אן א גאנצען טאג, ווי שווער איהם קומט אן דאס טרוקען שטיקעל ברויט,
אונ פון דעסטוועגען האט ער פארט אין זין צו דיענען דעם אויבערשטען ווי
ווייט ער קאן נאר, אונ אז עס קומט די צייט פון מנחה ווארפט ער אוועק די
ארבייט אונ דאווענט גיך אב. אונ עס זאל אייך גאר ניט אהרען וואס ער
האפט אונ לאזט אריבער אמאל אווארט, ווייל דווקא אט די דאזיגע קורצע
תפלה מאכט אן דעם גרעסטען רעש אין הימעל". פון די עטליכע ווערטער
קאן מען ארויסזעהען וואס פאר א חילוק עס איז צווישען דעם בעל שם, וואס
ווערט נתפעל פון א ריינער תפלה אהן קונצען — אונ די רבנים, וואס מאכען אן
טויזענדער שאלות וועגען א פערפעהלטען „יעלה ויבא"!

אויף דער עלטער איז ר' ישראל'ן בעשערט געוועהן צו האבען גרויס צער
איבער די פראנקיסטען, אונ די גאנצע זאך האט איהם פערביטערט דאס לעבען.
נאך פריהר האט ער אנגעזאגט זיינע חסידים זיי זאלען זיך ניט אנקעהרען
מיט די שבתי צבי'ניקעס אונ האט זיי פערווערט אפילו צו קוקען אין זייערע
ספרים. מען דערצאהלט נאך, אז דער בעל שם פלעגט אפט זאגען, אז ער
האט א לאנגע צייט צו טהון געהאט מיט דער נשמה פון שבתי צבי אונ האט

זי געוואלט אבריינגען, נאר עס איז איהם ניט געראטהען: דערמיט האט ער געגעבען צו פערשטעהען אז ער האט זיך גענוג געמיהט אויסצולייטערן שבתי צבי'ס דרך און זוכען א וועג, וואס זאל זיין חברה אויך צופיהרען צוריק צו יודישקייט, נאר עס איז איהם אונמעגליך געוועהן. אז דא זענען נאך אויפגעשטאנען די פראנקיסטען, און עס האט זיך אנגעהויבען אזא שרעקליכע שנאה צווישען זיי און די פוילישע יודען, איז דאס פאר ר' ישראל'ן געוועהן א וועהטיג פון ביידע זייטען: פון איין זייט האט ער געפיהלט אז עס קאן ניט בלייבען אזוי ווי די איינגעשפארטע רבנים ווילען און אז די דאזיגע, וואס פאדערן אז דאס יודישע לעבען זאל זיך א ביסעל דערפרישען און בעניהען, זענען ניט אזוי שטארק אומגערעכט; פון דער אנדערער זייט אבער האט ער געמוזט מודה זיין, אז די פראנקיסטען זענען צו ווייט פערקראכען און אז זיי ווילען אזוי פיעל איבערמאכען און איבערבויען, אז עס קאן חלילה דער גאנצער בנין פונ'ם יודישקייט איינפאלען. מען קאן זיך פארשטעלען ווי אזוי די מלחמה צווישען די פראנקיסטען און זייערע געגנער האט געמוזט וואַרפען פון די פים אזא מענשען ווי דער בעל שם, וואס שלום און ברידערליכע ליעבע זענען ביי איהם געוועהן דאס הייליגסטע.

אים יאהר 1759 האט ר' ישראל געמוזט פאהרען קיין לעמבערג צום ווכוח מיט די פראנקיסטען און איז פון דארט געקומען נאר א דערשלאגענער. זיין עדלע נאטור האט ניט געקאנט איבערטראגען די שרעקליכע שנאה וואס ער האט דערזעהען פון ביידע צדדים; זיין גוט הארץ האט שיער ניט געפלאצט ווען ער האט זיך דערמאנט, אז די יודען אליין שטופען פון זיך אוועק זייערע אייגענע ברידער. און מען מאג באמת זאגען, אז ווען ער האט די פראנקיסטען פערגלייכט צו „אבגעשניטענע אברים", איז דאס ניט געוועהן גלאט אזוי דבורים, ווייל ער האט טאקי געליטען גלייך ווי מען שניידט ביי איהם אליין אוים גליעדער פון זיין קארפער. דאס גאנצע יאהר איז ער געוועהן זעהר שוואך, נאר ליעגען אין בעט האט ער ניט געוואלט; געפיהלט האט ער אז די כוחות לאזען זיך איהם אוים און פון דעסטוועגען האט ער זיך געהאלטען אויף די פים ביז צו דער לעצטער מינוט. דעם ערשטען טאג שבועות פונ'ם יאהר 1760 איז דער עולם נאך געקומען צו איהם בעגריסען מיט'ן יום טוב, ער האט זיי געזאגט תורה און קיינער האט זיך גאר ניט געזעהן אז זיי זעהען איהם צום לעצטען מאל. ר' ישראל האט זיך מיט אללע געזעגענט און געזאגט ווען די זונן וועט פערגעהען וועט זיך אויך זיין לעבען ענדיגען. אזוי איז

טאקי געשעהען און נאך אין דער לעצטער מינוט פאר'ן טויט האט ער אללע געבעטען מען זאל ניט וויינען. „מיך דארפט איהר ניט בעוויינען, האט דער בעל שם געזאגט, ווייל איך געה אוועק אין א סך א בעסערער וועלט, נאר פאר זיך בעט נאטט, ער זאל אייך שיקען אויף מיין ארט א מנהיג, וואס זאל ענדיגען מיין ארבייט מיט אזא אמת'ע כוונה ווי איך האב זיי אנגעהייבען". נאכ'ן בעל שם'ס טויט האט די וועלט אנגענומען זיין תלמיד ר' בער מעזעריטשער און איהם צו ליעב איז די צאהל פון די חסידים אין ליטא זעהר גרויס געווארען. ער איז דער ערשטער, וואס האט איינגעפיהרט צווישען זיינע חסידים צו דאווענען נאך דעם נוסח אר"י אנשטאט דעם נוסח אשכנז, וואס האבען ביז אהער געדאווענט אללע יודען אין פולין און אפילו דער בעל שם אלליין אויך. מיט דעם געבען א טהייל יודען א נייען נוסח אין די שוהלען, האט ער, קאן מען זאגען, צוריסען דעם יודישען גוף אין צוויי שטיקער און נאר אנגעמאכט שנאה און קנאה צווישען ברידער, רדיפות און מסירות, וועלכע האבען נישט מעהר ווי שאדען און חלול השם אנגעמאכט פון אנהייב אן ביז א פאר דורות נאך איהם. די רבנים פון יענער צייט וואלטען געווים איהם ניט געשוויגען פאר אזא אויפטהועכץ, צום אונגליק איז שוין אבער זייער מאכט געבראכען געווען: סטאניסלאוו אויגוסט פאניאטאווסקי, וואס איז צו יענער צייט קאניג געווען אין פולין, האט תיכף ווי ער איז קאניג געווארען, אים יאהר 1764 מבטל געווען דעם „ועד ארבע ארצות" און דערמיט אבגענומען די מאכט פון די רבנים ארויסצוגעבען א פסק, א חרם, אדער אזוי צו פיהרען מיט תקיפות ווי זיי האבען דאס רעכט געהאט ביז אהער; דאריבער האבען זיי גאר נישט געקאנט טהון געגען די נייע איינפיהרונגען צווישען חסידים, און וואו עס האט זיך נאר צוזאמענגעקליבען א מנין פון זיי, האבען זיי זיך באלד געמאכט זייער אייגענע שוהל, וועלכע זיי האבען א נאמען געגעבען „שטיבעל". דאס שטיבעל איז געווען פאר זיי א מקום צו דאווענען נאך דעם נייעם נוסח, אויך צו פערברייגגען די צייט פרעהליך אין דערצאהלען וואונדערליכע מעשות פונ'ם בעל שם אדער פון די נייע צדיקים זייערע און בעזאנדערס צו ווערבאוועען נייע חסידים, כדי צו מעהרן זייער צאהל און דערמיט פערגרעסערען די הכנסה פון זייער חברה. די ליטווישע חסידים האבען זיך אויך באלד צוטהיילט אין צוויי פארטהייען: „מעזעריטשער" און „קארלינער". פונדעסטוועגען איז דאס נאך אלץ צוגעגאנגען בשתיקה, זיי האבען נאך קיין העזה געהאט אפען זיך ארויסצוווייזען, אבער אז איינער

פון זיי א געוויסער ר' איסר האט געפרוווט שטעלן אפוס אין ווילנא, און האט דארט אנגעהייבען צו ציהען עטליכע פונ'ם פראסטען עולם זיי צו מאכען פאר חסידים, איז געווארען אזא רעש, אז מען האט געקאנט מיינען, אז דער שטורם וועט עוקר מן השורש זיין אלץ וואס איז ביז אהער געפלאנצט און געזייעט געווארען אין דעם פעלד, וואס מען האט עס אנגערופען „חסידות".
אין דער צייט האט אין ווילנא געלעבט ר' אליהו גאון, אדער ווי די וועלט דערמאנט נאך איצט זיין הייליגען נאמען מיט ליעבע און כבוד: „דער ווילנאר גאון". געבאהרען אים יאהר ת"פ (1720) דעם ערשטען טאג פסח. דער פאטער זיינער ר' שלמה זלמן פון ווילנא איז ארויסגעקומען פונ'ם בעריהמטע גאונים. נאך אז ער איז א קינד געוועהן, האט מען ארויסגעזעהן, אז עס וואקסט א גרויסער מאנן צווישען יודען וואס וועט צו איהם קיין גלייכען ניט זיין, אז ער איז אלט געווארען זעקס און אהאלב יאהר האט ער אין ווילנא'ר שוהל געזאגט א חלוק, וואס זיין פאטער האט איהם אויסגעלערנט, און אז דער בע־ריהמטער גאון ר' העשיל, וואס איז דעמאלט אין ווילנא רב געוועהן, האט איהם שבת צו שלש סעודות געפרוווט צו וועט ער קאנען זאגען אזא חלוק, ניט א אויסגעלערנטען, נאר טאקי אליין פראגען קשיות אין גמרא און אליין פערענטפערן, האט דאס זיבעניאהריגע קינד ארויסגעוויזען אזא שארפען און טיפען גלייכען שכל אין לערנען, אז דער גאון ר' העשעל און אללע גדולים וואס זיינען דעמאלט ביים טיש געוועהן, זענען אויפגעשטאנען, איהם געהאלזט און געקוששט, און האבען בפה אחד געזאגט, אז דאס וואקסט א גרויסע ליכט פאר יודען, א צירונג פאר זיין פאלק אויף אייביגע דורות. זייערע נביאות איז טאקי אמת געוועהן, גאנץ גיך האט די וועלט געקלונגען מיט דעם גאונ'ס נאמען, פון דער גאנצער וועלט האט מען זיך צו איהם געווענדט וועגען שווערע שאלות, און ווער עס איז זוכה געוועהן איהם צו זעהן און מיט איהם צו רעדען, האט זיינע שבחים ניט געקאנט אויסדערצאהלען. זיין גראדער שכל אין לערנען, זיין קלארען בליק אין אללע שאלות פונ'ם לעבען און זיין טיפקייט אין יעדען ענין פון תורה און חכמה האבען יעדען איינציגען איבער־ראשט, און מען האט איינגעזעהן, אז נאך אזא ווי ער איז טאקי ניטא, און די גאנצע יודישע וועלט האט איהם דערקענט פאר דעם גאון הדור. און ער איז באמת געוועהן א גאון אין אלץ, סיי אין דער הייליגער תורה, סיי אין טהייערע מדות הנפש האט ער צו זיך קיין גלייכען געהאט; זיין ליעבשאפט צו אללע מענשען בכלל און צו יודען בפרט, זיין אמתע אהבה צו שלום

און צו אַלְץ וָואס אִיז לִיכְטִיג אוּן אֱמֶת, זֶעהט מֶען אַרוֹיס פוּן אַלְץ וָואס אִיז פוּן אִיהם אוּן פוּן זַיינֶע בֶּערִיהמְטֶע תַּלְמִידִים גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען. נָאךְ אַז עֶר אִיז גַאנְץ יוּנְג גֶעוֶועהן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען דִי גְרוֹיסֶע מַחֲלֹקֶה צְווִישֶׁען ר׳ יַעֲקֹב עֶמְדֶן אוּן ר׳ יְהוֹנָתָן אֵייבֶּעשִׁיץ, אוּן אַז דִי בֵּיידֶע גְאוֹנִים, וָואס זֶענֶען פִיעל עֶלְטֶער גֶעוֶועהן פַאר אִיהם, הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוענְדֶט צוּ אִיהם, עֶר זָאלל זַיין מֵיינוּנְג אַרוֹיסְזָאגֶען וֶוער עֶס אִיז גֶערֶעכְט, הָאט עֶר, נִיט אַרֵיינְצוּפַאללֶען אִין דֶער מַחֲלֹקֶה, גֶעעֶנְטְפֶערְט: „אִיךְ בִּין נָאךְ צוּ יוּנְג זִיךְ אַרֵיינְצוּמִישֶׁען צְווִישֶׁען אַזֶעלְכֶע צְווֵיי גְרוֹיסֶע לֵייט אִין אַזַא ווִיכְטִיגֶען עִנְיָן, נָאר אִיךְ בֶּעט בַּיי גָאטט אוּן אִיךְ הָאף, אַז עֶר וֶועט בֶּעלַייכְטֶען מִיט דֶער לִיכְט פוּנ׳ם אֱמֶת זַיי בֵּיידֶען, זַיי זָאלֶען אַלֵיין גֶעפִינֶען דֶעם אֱמֶת אוּן זָאללֶען אוֹיפְהֶערֶן צוּ צוּרֵייסֶען דָאס אָרֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט מַחֲלֹקֶת אוּן שִׂנְאַת חִנָם, וָואס אִיז גֶעוִויס דִי גְרֶעסְטֶע זִינְד אוּן דֶער גְרֶעסְטֶער שָׁאדֶען פַאר יוּדֶען.

זַיין דֶרֶךְ אִין תַּלְמוּד אִיז גֶעוֶועהן, נָאר דֶער רֵיינֶער פְּשַׁט אוּן דִי קְלָארְקֵייט פוּן דֶעם עִנְיָן. אִיהם דַארְף מֶען פֶערְדַאנְקֶען וָואס עֶר הָאט אָבְּגֶעשַׁאפְט דֶעם פִּלְפּוּל אוּן אִיבְּרִיגֶע חֲרִיפוּת, וָואס דִי לוֹמְדִים בִּיז אִיהם הָאבֶּען שְׁטֶאנְדִיג דֶער־מִיט זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט זֵייעֶר גַאנְצֶען לֶעבֶּען. אוֹיךְ הָאט עֶר אִין תנ״ךְ נָאר דֶעם רֵיינֶעם פְּשַׁט גֶעזוּכְט, פַיינְט גֶעהַאט אִיבְּרִיגֶע אוּן וַוייטְלוֹיפִיגֶע דְרָשׁוֹת אוֹיף דִי פְּסוּקִים ווִי עֶס הָאבֶּען זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶועהן דִי דַרְשָׁנִים אִין פּוֹלִין בִּיז אִיהם.
חוּץ דֶעם אִיז עֶר גֶעוֶועהן אַ אוֹהֵב חָכְמָה אוּן הָאט מְקָרֵב גֶעוֶועהן יֶעדֶען גֶע־בִּילְדֶעטֶען יוּדֶען וָואס הָאט אַ יְדִיעָה גֶעהַאט אִין וֶועלְטְלִיכֶע ווִיססֶענְשַׁאפְטֶען חוּץ תַּלְמוּדִישֶׁע, אוּן הָאט יֶעדֶען וָואס קֶאן, גֶעבֶּעטֶען, אִיבֶּערְזֶעטְצֶען דִי חָכְמוֹת פוּן פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת אִין לָשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ, כְּדֵי יוּדֶען זָאללֶען אוֹיךְ קֶאנֶען לֶערְנֶען חָכְמָה אוּן ווִיססֶענְשַׁאפְט, אוּן הָאט גָאר קֵיין מוֹרָא גֶעהַאט דִי חָכְמָה זָאלל קֵיין סְתִירָה נִיט זַיין צוּ דֶער אֱמוּנָה, ווִי עֶס הָאבֶּען שְׁטֶאנְדִיג מוֹרָא גֶעהַאט אַללֶע פּוֹילִישֶׁע רַבָּנִים בִּיז אִיהם אוּן נָאךְ אִיהם. פוּן דֶער קַבָּלָה הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען אוּן הָאט פִּיעל גֶעלֶערְנְט אוּן גֶעשְׁרִיבֶּען קַבָּלָה, אָבֶּער דִי תּוֹרָה אוּן דֶער תַּלְמוּד אִיז בַּיי אִיהם דֶער עִיקָר גֶעוֶועהן, עֶר הָאט נָאר אַזַא קַבָּלָה פַאר הֵיילִיג גֶעהַאלְטֶען, וָואס אִיהר יְסוֹד אִיז אִין דֶער תּוֹרָה אוּן תַּלְמוּד; דַארִיבֶּער אִיז עֶר שְׁטַארְק גֶעקְרֶענְקְט גֶעוֶועהן וָואס דִי קַבָּלָה אִיז גֶעוִויס דִי סִבָּה גֶעוֶועהן עֶס זָאל דוּרְךְ אִיהר פֶערְפִיהרְט וֶוערְן שַׁבְּתַי צְבִי אוּן אַנְדֶערֶע אוּן הָאבֶּען דוּרְךְ זֵייעֶר פַאלְשֶׁען פֶערְשְׁטֶעהֶן דִי קַבָּלָה אַזוֹי פִּיעל יוּדֶען אַרָאבְּגֶעפִיהרְט פוּן יוּדִישְׁקֵייט אוּן אַזוֹי פִּיעל אוּנְגְלִיקֶען אָנְגֶעמַאכְט צְווִישֶׁען יוּדֶען. מֶען קֶאן

פערשטעהן ווי שטארק איז זיין עגמת נפש געוועהן, אז ער האט דערהערט, אז נאך די פאלשע „קבלה־משיחים", איז געווארען א נייע כתה יודען, וואס נעהמען ווידער אן די קבלה פאר'ן עיקר. אונ נאך מעהר, זיי לערנען זי ווי זיי ווילען אונ מיט וועמען זיי ווילען, אפילו מיט אזעלכע וואס קאנען אליין ניט א פסוק אין דער תורה פערטייטשען, אדער א פרק משניות אבלערנען; אונ נאך מעהר, וואס, געפינען זיך אזעלכע קבלה לערנער וואס מאכען שוין חוזק פונ'ם פשט פון פסוק, אונ לאכען פון תלמוד אונ פוסקים, אונ די דאזיגע לייט רופען זיך נאך „חסידים", אמת'ע פרומע, וואס נאר זיי האבען געפונען דעם אמת'ן וועג צו גאטט אונ צו זיין היילינען רצון. מען האט דעם גאון חסידישע ספרים געבראכט אונ כתבים אין וועלכע ער האט געזעהן, אז עס איז דא שטארק מורא צו האבען, עס זאלל פון דער נייער כתה ניט ארויס א נייער מכשול פאר יודען; דאריבער, האטש ער איז זיין גאנצען לעבען ווייט געוועהן פון קריג אונ פון אריינמישען זיך מיט אדעה ערגעץ אין א מחלקת, האט ער דא ניט געקאנט שווייגען, אונ בפרט אז פון פיעל רבנים אונ חשובים זיינען איהם בריף אנגעקומען, וואו עס זענען בעשריבען געוועהן די הנהגות פון די חסידים אין זייערע „שטיבלעך" זייער אבשפאטען פון תלמוד אונ פון די לומדים. דעמאלט האט דער גאון אין אנהייב מיט תחנונים רחמים געבעטען, אז זיי זאללען זיך אומקעהרען צום אלטען דרך, ניט מאכען קיין נייעס אין יודישקייט, זיך ניט צוטהיילען אין בעזונדערע כתות אין ענייני אמונה, וואס קאן קיין גוטס דערפון געוויס ניט ארויסקומען. זיינע גוטע קלוגע רייד אונ תחנונים האבען ניט געהאלפען, פערקעהרט, עס האבען זיך צווישען חסידים געפונען אזעלכע, וואס האבען פערבריטערט ליגען אונ שקרים, אז דער גאון אליין האט מודה געוועהן, אז זיי זענען גערעכט, אונ דאס האט געפיהרט דערצו, אז דער שטילער פריעדליכער מענש האט געמוזט ארויס מיט א פייערינען בריעף געגען זיי אונ האט זיי מחרים געוועהן. דער חרם האט אנגעמאכט א גרויסען רשם, אונ אז באלד נאך דעם איז נאך ר' בער מעזעריטשער געשטארבען האט עס אויסגעוויזען, אז דאס חסידות איז אין גאנצען בטל געווארען, עס איז טאקי א צייט שטיל געווארען אונ מען האט כמעט פון די חסידים ניט גערעדט אונ ניט געהערט; דאס איז אבער א טעות געוועהן, דער חרם האט נאר אזוי פיעל געווירקט, אז די חסידים אונ זייערע צדיקים זאללען זיך בעהאלטען, אונ בעהאלטענערהייט האבען זיי זיך געקליגט ווי צו בעפעסטיגען זייער מעמד. אזוי האבען זיי שטילערהייט געארבייט אונ געווערבאוועט נייע

חסידים, ביז דער סוד איז ווידער ארויס, און שוין מיט מעהר חוצפה און עזות. דער גאון איז שוין אלט און קראנק געוועהן, און חאטש ער האט זיך שוין שוואך געפיהלט אנצוהייבען פון דאס ניי די אלטע מלחמה געגען דער נייער כתה, האט ער קיין מיה ניט געזשאלעוועט און האט ווייטער ארויסגעלאזט אבריעף, וואו ער בעט יעדען יודען וואס זיין אמונה און זיין פאלק איז איהם ליעב און טהייער, ער זאלל טהון וואס ער קאנן, ניט צודערלאזען די נייע כתה אקאפ אויפהייבען, און ער האט די עקשנים נאך אמאל מחרים געוועהן. דאס אלץ בעווייזט, ווי גיך די נייע כתה איז אוועק ווייט פון דעם דרך, וואס דער בעל שם האט געמיינט אין איהם יודען צופיהרען אין אמת'ר אמונה. עס האבען דעמאלט צווישען די חסידים פאסירט אזעלכע מעשים וועלכע עס האבען בכח געהאט ארויסצוברייגגען פון זיין גדר זעלבסט אזא רוהיגען פרידליכען געניאלען מענשען ווי רבנו אליהו גאון, און די מעשים, די מסירות און אינטריגעס וואס האבען זיך צו ליעב דעם אנגעהייבען צווישען יודען האבען אזא גאון — וואס איז א ליכט געוועהן פאר זיין פאלק — פערפינסטערט זיינע לעצטע טאג און דעם צער, וואס ער האט דערפון געהאט, איהם געלאזט מיטנעהמען אין קבר. דעם דריטען טאג חול המועד סכות אים יאהר תקנ"ח איז ער נסתלק געווארען, אכט און זיבציג יאהר אלט. איהם האבען מספיד געוועהן אללע גאונים און גדולים פון דער וועלט און נאך איהם איז שוין צווישען יודען אזא גאון ניט מעהר געוועהן, און גאטט ווייס אויב אזא וועט נאך ביי יודען אמאל זיין. חאטש די חסידים האבען זיך געטהון זייער'ס און זענען פון יאהר צו יאהר מעהר געווארן, מוז מען מודה זיין, אז דורך דעם, וואס דער גאון איז אזוי שטארק ארויס געגען זיי, האבען זיי זיך אלליין ארומגעקוקט, אז זיי הייבען אן באמת צופערקריכען צו ווייט פון יודישען וועג און האבען אנגעהייבען צוריק זיך צונעהמען צו תורה און תלמוד.

צוויי גרויסע מענשען האבען גענומען זייער עולם אין די האנד איהם ניט צו לאזען פערבלאנזען צו ווייט, דאס זענען געוועהן: ר' ישראל דער קאזיניצער מגיד, וועלכער איז אלליין געוועהן א גרויסער למדן און ר' זלמן לאדיער, וואס האט זיך גערעכענט צווישען די גאונים פון יענער צייט; נאר בעת דער קאזיניצער האט זיינע חסידים פונ'ם פראסטען המון צוגעצויגען צו זיך דורך איבריגע פרומקייט און דורך דעם וואס מען האט איהם געהאלטען פאר א בעל מופת, האט ר' זלמן לאדיער צו זיך צוגעצויגען די עדעלערע קלאסע דורך זיין

שאַרפזיננינגען קאפּ אין תורה און דורך גוטע מדות. ער האט ראשית, אַרויסגעגעבען אַ נייען „שלחן ערוך" אין וועלכען ער האַלט זיך פעסט אין אַללע דינים פונ'ם אַלטען שלחן ערוך, און לאָזט זיינע חסידים ניט אָבטרעטען פון דעם קלענסטען דין אין יודישקייט; אויך זיין קבלה לערנען מיט זיינע מקורבים איז שוין געווען אין אַ העכערן און פיינערן ערך, וואס קאָנן נאָר פערשטעהן אַזא מענש, וואס האט פריהער אַסך תלמוד און מפרשים געלערנט, און דערמיט האט ער דעם עולם צוריק געצויגען צום תלמוד, און האט זיין דרך אין זיין למוד אמונה אַנאָמען געגעבען „חב"ד" דאס זענען די ראשי תיבות פון „חכמה", „בינה", „דעת". און צווישען זיינע חסידים איז כמעט זעלטען געווען אַ פּראָסטאַק און אַ עם הארץ. פון איהם שטאַמען אַרויס די ליובאַוויטשער גוטע יודען מיט דער פאַמיליע שניאורסאָן. אין פוילין אָבער, וואו דעם גאון'ס חרם האט ניט אָנגעמאַכט אַזא רושם ווי אין דער ליטא, זענען געבליבען די גוטע יודען און חסידים כמעט אויף דעם זעלבען מצב פון אַמאָל, און מען קאָן זאָגען, אַז דאָרט איז דורך דעם די תורה און דער תלמוד אַ צייט יאָהרען כמעט פערגעסען געוואָרען. נאָך דעם בעל שם האט דעם עולם געפיהרט זיין טאָכטער האָדעל · ווי עס פערשטעהט זיך, ניט מיט איהר תורה, נאָר מיט דעם זכות פון איהר פאָטער. נאָך איהר האט איבערגענומען דאס רבנות איהר זוהן ר' ברוך'ל, שפּעטער האָבען אַ גרויסע ראָללע אָנגעהייבען שפּילען איהר צווייטער זוהן, ר' אפרים, דער סודילקאָווער רב, איהר עניקעל פון אַ טאָכטער פייגעלע, ר' נחמן, ר' ליב שרה'ס, ר' יהושע העשיל, דער אַפּטער רב, ר' משה דער סאַווראַנער רב און ר' לוי יצחק דער בערדיטשובער רב, וועלכער האט זיך בעקאַנט געמאַכט דורך זיין אמת'ע מענשענליעבע און זיין דן זיין דעם גרעסטען חוטא לכף זכות.

אַזוי זעהען מיר ווי די האָפנונג פון ר' ישראל בעל שם טוב איז האַלב ערפיהלט געוואָרען: פינפציג יאָהר נאָך זיין טויט האָבען איהם צוויי מילליאָן יודען פערגאָטטערט, און די ערסטע חסידים האָבען זיך געפיהרט נאָך זיינע כללים.... נאָר צום אומגליק איז מיט זיין דרך געשעהען דאס אייגענע וואס ווערט פון פיעל הויכע געדאַנקען, וואס פערליערען מיט דער צייט דעם אמת'ן ווערטה. וואס מעהר די צאָהל פון די חסידים האט זיך פערגרעסערט, האט מען אָנגעהויבען מעהר אַוועקצוגעהען פונ'ם בעל שם'ס וועג, און ביסלעכווייז האט מען כמעט אין גאַנצען פערגעסען דעם עיקר, וואס ער האט געוואָלט דעם אמת, שלום און אהבת אחים צווישען יודען, און מען האט

אנגענומען דעם תפל: די „אמונת צדיקים״, אונ ניט צדיקים, וועלכע ער האט געמיינט, נאר צדיקים פון פראפעסיאן... אונ זיינע אללע אנדערע כללים זענען כמעט פערגעסען געווארען.

---

## 2 ר' משה מענדעלסזאהן אונ זיין צייט.

(1760—1789 נאך קריסטוס געבורט).

די איינענע ראטהעגישען, וועלכע מיר בעגעגנען שטאנדיג אין דעם יודישען לעבען אונ פיהרען אונז אפט ארויף אויף דעם געדאנק, אז דאס יודישע פאלק לעבט פשוט מיט נסים, זעהט מען אויך אין דער נייער צייט, אונ עס איז שווער מיט'ן שכל צו פערשטעהען ווי אזוי האט פלוצלונג געקאנט ליכטיג ווערען דארט וואו עס איז געוועהן אזוי פינסטער? פונקט ווי די ישועה אין א נויטה קומט צו די יודען כמעט תמיד אומגעריכט, ווענינסטענס, ווייזט זיך עס אזוי אויס פונ'ם ערשטען קוק, אזוי איז אויך דאס מאל פאר זיי אויפגעגאנגען די זונן פון בילדונג אונ אויפקלאהרונג אונ דוקא אין בערלין, וואו דאס פינסטערנים איז געוועהן שרעקליך גרויס, וואו עס האבען געמאנט וואהנען נאר געצאהלטע יודען, אונ די זעלבע האבען נאר געהערט וואס זייערע רבנים זאגען אונ האבען זיך פעסט געהאלטען אין זייערע דרכים. אודאי קומט עס פאר ווי א וואונדער, וואס אין דעם איינענעם בערלין, וואו מען האט דעם אלטערזיידען פון דעם איצטיגען באנקיר בלייכרעדער אריינגעלעגט אין הרם דערפאר, וואס עס האט זיך נאר אויסגעוויזען אז ער וויל אריינקוקען אין דייטשע ביכלעך, האט פלוצלונג איין קליין הארבאטע יודעל געקאנט אנ־מאכען אזא איבערקעהרעניש! אז מען בעטראכט אבער גוט די זאך זעהט מען, אז האטש איין שוואלב, ווי די וועלט זאגט, קאן קיין זומער ניט מאכען, נאר אז די שוואלב לאזט זיך אראב ערגעץ איז פארט א סימן, אז עס דארף דארט ווארם ווערען אונ אז געוויסע כוחות פון דער נאטור וועלען שוין באלד די קעלט פערטרייבען. קיין בערלין האבען זיך געלאזט עטליכע שוואלבען, וואס האבען זיך מיט גרויס מיה קוים ארויסגעריסען פון זייער נעסט. אונ דאס האט שוין געפיהרט דערצו, וואס ר' משה מענדעלסאהן איז אים שטאנד געוועהן אויסצופיהרען זיין גרויס שליחות.

אין דעסוי, אַ קליין שטעדטעל אין דייטשלאַנד, איז דעם 17 אויגוסט 1728 ביי איין אָרעמען יודען אַ סופר, ר' מנחם מענדעל, געבאָרען געוואָרען אַ זוהן משה, וואס האט זיך שפּעטער אָנגערופען נאָך דעם פאָטערס נאָמען, „מענדעלס-זאָהן" אונד דאס איז געוועהן ר' משה מענדעלסזאָהן. די גרעסטע השגה פון איין אָרעמען סופר איז, מן הסתם, אַז זיין זוהן זאָל ווערען אַ רב. אונד אַז דער קליינער משה האט זיך נאָך אַרויסגעוויזען פאַר אַ נוט קאָפּעל האט מען איהם גענוג געמוטשעט מיט גמרא אונד פּוסקים, אונד פון די פריהעסטע קינדערשע יאָהרען איז ער געזעסען יומם ולילה אונד האט געלערנט. זיין גרויסע התמדה, דאס זיצען שטענדיג איינגעהויקערט איבער אַ ספר אונד ניט וויסען פון קיין רוה, דאס אַלדינג האט צום איבּריגען אָבגעשוואַכט דאס קראַנקליכע קינד, ביסלעכווייז איז דער רוקען איהם געוואָרען איינגעבויגען אונד שפּעטער האט ער טאַקי בעקומען אַ האָרב, וואס האט איהם פון דעסט-וועגען ניט מאוס געמאַכט, ווייל פון זיין פּנים האט אַרויסגעלייכט די חכמה אונד אין זיינע צוויי פייערינע שוואַרצע אויגען האט געברענט אַ גאָטליכער פייער. געלערנט האט מיט איהם דער דעסויער, ר' דוד פרענקעל, אונד אַז מען האט איהם דערנאָך אַרויסגענומען קיין בערלין, האט אויך מענדעלסזאָהן בעשלאָסען אַהין אַרויסצופאָהרען, האָטש ער איז דעמאָלט אין גאַנצען אַלט געוועהן פערצעהן יאָהר. תורה האט ער אַוודאי ביי זיין אַלטען רבי'ן געפונען גענוג, נאָר ניט איין מאָל האט ער געליטען הונגער אונד האט זיך געטריי געהאַלטען אין די ווערטער פון'ם פּרק: „ווער עס וויל לערנען מוז עסען ברויט מיט זאַלץ, אפילו וואַסער זיך זשאַלעווען אונד אויף דער ערד שלאָפען". דאס אַלדינג האט ער גוט מקיים געוועהן, ווייל האָטש זיין רבי האט איהם בעשטעלט „טאָג" ביי בעלי בתים אונד האט איהם נאָך געצאָהלט דערפאַר וואס ער האט איבער געשריבען זיין פּירוש אויף תלמוד ירושלמי, האט ער פון דעם געהאַט אַזוי פיעל הכנסה אַז ניט איין מאָל פלעגט ער זיך לעגען שלאָפען הונגעריג. אין בערלין איז מענדעלסזאָהן בעקאַנט געוואָרען מיט איינעם פון די בעריהמטע פּוילישע לומדים ר' ישראל זאַמושטש, פון וועלכען מיר וועלען שפּעטער רעדען בעזונדער. ער האט איהם געוויזען אַ וועג אין חקירה-ספרים אונד האט מיט איהם אָנגעהויבען לערנען דעם „מורה נבוכים", וואס האט מענדעלסזאָהן געעפענט די אויגען. אַחוץ דעם האט איהם ר' ישראל זאַמושטש צונויפגעפיהרט מיט זיינעם אַ תלמיד ר' אַהרן גומפּערץ, וואס איז דערנאָך געוואָרען דאָקטאָר, אונד ער האט מיט איהם געלערנט לאַטיין, אונד אַז מענדעלסזאָהן

איז אונטערגעוואקסען האט ער איהם אריינגעגעבען פאר א הויז-לעהרער צו א רייכען פאבריקאנט ר' יצחק בערנארד. דעמאלט האט מענדעלסאהן אראבגעווארפען פון זיך צום ערשטען מאל דעם ביטערן מאנגעל, ער איז געוועהן זאט, ער האט געהאט א מקום מנוחה אונ האט זיך ערנסט גענומען צום לערנען.

מענדעלסאהן האט ליעב געהאט אין א זעלטענער פרייהער שעה, צווישען טאג אונ נאכט, ווען מען מוז שוין אוועקלעגען דאס לערנען, זיך צו בעשעפטיגען מיט שאך-שפיעלען, אונ צו ליעב דעם איז ער בעקאנט געווארען מיט'ן בעריהמטען דייטשען שרייבער גאטטהאלד אפרים לעססינג, וואס איז נאך דעמאלט אויך געוועהן א יונגער מאנן אונ איז נאר וואס ארויס אויף דער וועלט. לעסינג איז אויסגעוואקסען אין א שטוב, וואו מען האט ניט געוואוסט קיין האס צו מענשען פון א פרעמדען גלויבען: זיין פאטער וואס איז געוועהן א פרומער גייסטליכער, האט איהם פון קינדהייט אן געלערנט, אז מען דארף אללע גלייך ליעב האבען, אונ דאריבער איז קיין וואונדער ניט, וואס האטש אין יענע יאהרען האט מען גוט פיינד געהאט די יודען, האט זיך לעסינג ניט געשעמט אנצושרייבען א קליין טהעאטער שטיק „די יודען" אונ אויסהווייזען, אז דאס יודישע פאלק האט אויך מעלות, אונ א יוד קאנן אויך האבען די שאנע מדות וואס אנדערע האבען. ביי לעסינג'ן איז געוועהן דער גרעסטער תענוג צו שפיעלען שאך מיט א בר שכל, אונ אז מען האט איהם געזאגט, אז אין בערלין געפינט זיך א יודישער יונגער מאנן, וואס שפילט גוט שאך, האט ער איהם באלד אבגעזוכט, אונ פון דעמאלט אן האבען זיי ביידע פערבונדען א עביגע פריינדשאפט. יעדער פון זיי איז געוועהן א מבין אויף די גרויסע כוחות וואס גאטט האט זיי געגעבען, אונ עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען ארבייטען פאר דער מענשהייט. צום אנהייב האט מענדעלסאהן זעהר שלעכט גערעדט דייטש אונ נאך ערגער געשריבען, נאר לעסינג האט איהם א סך געהאלפען אונ פלעגט איהם געבען די בעסטע עצות. ער האט איהם אויך צו גערעדט, ער זאל זיך פרובען שרייבען, אונ אזוי ווי מענדעלסאהן האט מורא געהאט צו שטעלען אויף זיך אונ איז דערצו געוועהן א גרויסער ענו, האט ער ביי איהם פשוט גענומט אויסנארען זיין ערשט ספר: „פילאזאפישע געשפרעכע", ער האט איהם פערזיכערט, אז ער וועט עס נאר איבערקוקען אונ אויסבעסערן די פעהלער, אונ צום סוף האט ער עס אהן זיין וויסען אבגעדרוקט, אונ האט דורך דעם זיין נאהמען בעקאנט געמאכט

אין דייטשלאנד. אזוי זענען אוועקגעגאנגען היבשע עטליכע יאהר און מענדעלסאהן'ס מזל האט זיך גאר אין גאנצען פערריכט. דער פאבריקאנט בערנארד האט איהם ביי זיך געגעבען א שטעללע פון בוכהאלטער און ער האט שוין געהאט שאן פרנסה. דעמאלט האט ער אויך חתונה געהאט מיט פרומע גוגענהיים פון האמבורג, און דאס גליק האט איהם דא אויך געשפיעלט, ווייל ער האט בעקומען זעהר א גוטע פרוי וואס האט איהם זעהר געשאצט און ליעב געהאט. די פרייע צייט וואס איז איהם געבליבען פון דער ארבייט, האט ער אלץ פערבראכט מיט לערנען און מיט שרייבען. לעסינג האט איהם צונויפגעפיהרט מיט אללע בעסטע דייטשע געלעהרטע פון בערלין, און אז דער געלעהרטער ניקאלאי האט אנגעהויבען ארויסצוגעבען א צייטונג איז מענדעלסאהן געווען ביי איהם דער ערשטער מיטארבייטער. דעמאלט האט איהם אויך די בערלינער אקאדעמיע געשענקט א מתנה פון פינפציג רענדליך דערפאר וואס ער האט פעראנפערט א וויכטיגע פילאזאפישע שאלה. זיין ליעבשאפט צום אמת און דאס וואס ער האט בעטראכט דייטשלאנד ווי זיין איינציג פאטערלאנד, האט געפיהרט דערצו, וואס מענדעלסאהן האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען און איז ארויסגעשפרונגען מיט עטליכע פרייע ווארטער געגען דעם קעניג פרידריך דעם גרויסען, וואס האט אויך ליעב געהאט אמאל צו שרייבען און דרינגען, אז אללע מוזען לערנען ביי די פראנצאזען, און האט איהם געמאכט פארווירפע דערפאר, וואס דאס פראנצאזישע שפיעלט ביי איהם א גרעסערע ראללע ווי דאס אייגענע דייטשע. אין הויף האט עס שטארק פערדראסען, וואס א יוד זאגט גאר פלוצלונג א דעה, און מען האט אזוי לאנג געארבייט ביז דער קעניג האט מענדעלסאהן געשיקט רופען. ניט אהן מורא איז מענדעלסאהן געקומען צום קעניג, נאר פאראנפערן זיך אדער אבזאגען זיך פון זיינע געדאנקען האט ער ניט געוואלט. פריי און בעהארצט האט ער בעוויזען, אז דעם אמת מאג מען זאגען אויפ'ן אייגענעם פאטער און אפילו א קעניג, ווען ער שרייבט איז געצוואונגען אויסצוהערען די מיינונגען פון אנדערע. מען האט גערעכענט אז מענדעלסאהן וועט האבען א פסק, נאר דער קעניג האט איהם דווקא פריינדליך בעהאנדעלט און האט איהם געהייסען פערשרייבען צווישען די שוטץ־יודען, דאס הייסט: דעמאלט האט ער בעקומען דאס רעכט צו וואהנען אין בערלין ווי א תושב, ניט ווי קיין איינגעבעטענער. א שטיקעל שנאה, ווי עס ווייזט אויס, האט פרידריך פארט געטראגען אין הארצען: אז די בערלינער אקאדעמיע האט שפעטער געוואלט מענדעלסאהן

אָנְטְהוּן כָּבוֹד אוּנ אִיהם אַרַיינְרֶעכֶענֶען צְווִישֶׁען אִיהרֶע מִיטגְלִידֶער, הָאט אִיהם פְּרִידְרִיךְ אוֹיסְגֶעמֶעקְט פוּנ'ם צֶעטֶעל, אוּנ זֶעהר אָפְט פְּלֶעגְט מֶענְדֶעלְסָזָאהְן זָאגֶען, אַז עֶס טְהוּט אִיהם אַסַךְ מֶעהר הֲנָאָה וָואס דֶער קֶאנִיג הָאט אִיהם נִיט אַרַיינְגֶעלָאזְט עֶהְדֶער דִי אַקַאדֶעמְיֶע אַלֵיין זָאל אִיהם הָאבֶּען אָפְּגֶעזָאגְט.

זַיין סֵפֶר „פֶעדָאן”, וֶועגֶען דֶער אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקַייט פוּן דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער נְשָׁמָה, הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט נָאךְ מֶעהר כָּבוֹד, וַוייל עֶר הָאט מִיט דֶעם בּוּךְ עֶרְפְרֵייעט טוֹיזֶענְדֶער הֶארְצֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְרֶאסְט גֶעפוּנֶען צוּ זֶעהֶען בֶּעוִויזֶען מִיט אוֹתוֹת וּמוֹפְתִים דָאס, וָואס זֵיי הָאבֶּען נָאר פְרִיהֶר גֶעפִיהלְט אוּנ גֶעגְלוֹיבְּט. דֶער „פֶעדָאן” אִיז אִין אַ קוּרְצֶער צַייט אִיבֶּערְזֶעצְט גֶעוָוארֶען כִּמְעַט אִין אַלֶע אֵייְרָאפֶּאִישֶׁע לְשׁוֹנוֹת אוּנ נִיט נָאר דִי גְרֶעסְטֶע גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ זְכִיָה זִיךְ צוּ בֶּעקֶענֶען מִיט מֶענְדֶעלְסָזָאהְן, נָאר אֲפִילוּ פִירְסְטֶען אוּנ פְּרִינְצֶען פוּן קֶאנִיגְלִיכֶער פַאמִילְיֶע הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ הוֹב אִיהם מְקָרֵב צוּ זַיין אוּנ דֶערְמִיט אוֹיסְדְרִיקֶען זֵייעֶר דַאנְק דֶעם בֶּערִיהמְטֶען יוּדִישֶׁען פִילָאזָאף. בִּיז דֶעמָאלְט הָאט מֶענְדֶעלְסָזָאהְן גֶעאַרְבַּייט סְתַם פַאר דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט אוּנ צוּ לִיעבּ יוּדֶען אַלֵיין הָאט עֶר נָאךְ קֵיין אֵיינְצִיגֶע שׁוּרָה נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס הָאט אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט דֶעם גַייסְטְלִיכֶען יָאהַאן קַאסְפֶּער לַאוַואטֶער אוֹיף דֶעם גֶעדַאנְק, אַז מֶענְדֶעלְסָזָאהְן אִיז גָאר פְרֶעמְד פוּן זַיין פָאלְק, אוּנ אַז עֶר הָאט מִיט אִיהם אָפְט גֶעמַאכְט אַ רֶעדֶע וֶועגֶען קְרִיסְטֶענְטְהוּם אוּנ הָאט גֶעזֶעהֶען מִיט וָואס פַאר אַ יִרְאָה אוּנ דֶרֶךְ אֶרֶץ עֶר דֶערְמָאנְט דֶעם נָאהמֶען פוּן קְרִיסְטוּס, הָאט עֶר נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז אַזַא גְרוֹיסֶער מַאנְן וִוי מֶענְדֶעלְסָזָאהְן שֶׁאצְט דָאס גוּטֶע וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין יֶעדֶער רֶעלִיגְיָאן, אוּנ עֶר הָאט עֶס אָנְגֶעהַאנְגֶען אִין דֶעם וָואס מֶענְדֶעלְסָזָאהְן שְׁטֶעהט גַאנְץ וַוייט פוּן זַיין אֱמוּנָה. אַוַדַאי הָאט זִיךְ לַאוַואטֶער אַיינְגֶערֶעדְט, אַז עֶס וֶועט אִיהם גֶערָאטְהֶען אָבְּצוּדְרֵייסֶען מֶענְדֶעלְסָזָאהְן פוּנ'ם יוּדֶענְטְהוּם, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט, אַז עֶר אִיז אַ גְרוֹיסֶער אוֹהֵב אֱמֶת אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל אִיהם אַרַיינְצִיהֶען אִין אַ וִכּוּחַ, אוּנ קוֹים וֶועט עֶר אַרוֹיסְזֶעהֶען אַז לַאוַואטֶער הָאט רֶעכְט, וֶועט עֶר זִיךְ נִיט שֶׁאמֶען מוֹדֶה צוּ זַיין, אַז עֶר הָאט בִּיז אַהֶער גֶעלֶעבְּט אִין טָעוּת אוּנ וֶועט צוּשְׁטֶעהֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. דֶעמָאלְט הָאט גְרָאד אַ זְשֶׁענֶעוֶוער פְּרָאפֶעסָאר קַאסְפַּאר בָּאנֶע אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בּוּךְ אִיבֶּער דֶעם קְרִיסְטֶענְטְהוּם אוֹיף פְרַאנְצֶאזִישׁ. לַאוַואטֶער הָאט עֶס בַּאלְד אִיבֶּערְזֶעצְט אוֹיף דַייטְשׁ אוּנ הָאט עֶס גֶעשִׁיקְט מֶענְדֶעלְסָזָאהְן פַאר אַ מַתָּנָה אוּנ הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל מִיט זַיין חָכְמָה, עֶהרְלִיכְקַייט אוּנ לִיעבֶּע צוּם

אמת גוט בעטראכטען אללע בעווייזע, וואס באנגע ברענגט, און אפענטליך איהם געבען זיין הסכמה דארויף, ווייל ער איז זיכער אז מענדעלסזאהן וועט דאס טהון מיט תמימות גלייך ווי סאקראטעס אלליין וואללט דאס געטהון, ווען מען קומט צו איהם מיט אזא שאלה. לאוואטער האט מענדעלסזאהן געשטעלט אין א זעהר שלעכטע לאגע: פון איין זייט האט ער געזעהען אז אין דרויסען איז נאך ניט אזוי ליכטיג, אז ער זאל מאגען פריי זיין מיינונג ארויסזאגען אין אזא וויכטיגער זאך, און פון דער אנדערער זייט האט ער עס געהאלטען פאר א שטארקען חלול השם מען זאל נאר דיספוטירען וועגען דעם, וואס פאר א רעליגיאן איז בעסער, ווען אללע אמונות זענען גוט און נוצליך, ווייל זיי ווייזען אללע דעם מענשען דעם רעכטען וועג. אנפערן האט ער שוין אבער געמוזט; ער האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט, ווארעם ווי באלד ער שווייגט, וואלט מען איהם געקאנט חושד זיין, אז ער איז ווי האלב מודה און האט גאר קיין דבורים ניט. מענדעלסזאהן איז ארויס מיט דער פעדער, נאר ער האט געטהון ווי א אמת׳ער חכם: עהדער אויסזוכען פרעמדע חסרונות, האט ער בעסער אנגעוויזען אייגענע מעלות, און דעמאלט האט מען טאקי ארויסגעזעהען וואס פאר א היים יודיש הארץ ער האט. „איך לייגען ניט — האט מענדעלסזאהן געשריבען — אז ווען איך האב מיך אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט וויסענשאפט איז מיין ערשטע כוונה געוועהן נאכצופארשען צו גלייכט זיך די יודישע אמונה אויס מיט חכמה. און ווען איך זאל געוועהן געפונען אז צווישען זיי איז א שטארקער אונטערשיעד וואלט איך מיר באלד געזוכט איין אנדער וועג; און באמת וואס וואלט מיך טאקי געקאנט צובינדען צו אזא גלויבען, וואס מען האט פון איהם נאר צרות, און דערצו איז ער נאך געגען דעם געזונדען מענשענפערשטאנד? אמת, איך האב בעמערקט אין מיין גלויבען אסך איבריגע זאכען, וואס זייטיגע מענשען האבען זיי צוגעזעצט, נאר וואס פאר א רעליגיאן איז פריי פון אזעלכע מותרות? דער עיקר איז אבער פארט ריין און הייליג, און כל זמן איך ליעב און דענק קאן איך מיך ניט איבערמאכען און זיך אבזאגען פון דעם וואס איז ביי מיר אזוי טהייער! פאר די קריסטען איז געוויס גלייכער זיי זאלען איבערבייטען זייער מיינונג וועגען יודען, ניט צו ליעב א איבערגעביטענע אמונה, נאר צו ליעב די מעשים טובים וואס זייער אלטע רעליגיאן הייסט זיי טהון". מענדעלסזאהן׳ס תשובה האט אנגעמאכט א שטארקען רעש און אפילו די שונאים האבען ניט געהאט וואס צו זאגען. ער האט דעמאלט אזוי נושא חן געוועהן ביים הערצאג פון בראונשווייג, אז ער

האָט געלאָזט בעטען מענדעלסאָהן ער זאָל זיך בעזעצען אין זיין הויפּט־שטאָדט. אויסער דעם האָט איהם דער קראָנפּרינץ פון בראַנשווייג אָפענטליך געדאַנקט, פאַר דער מענשענליעבע וואָס ליעגט אין יעדער שורה פון זיין תשובה, און דער פירסט פון ליפּע־שיימבורג האָט איהם בּיי זיך פערעכענט פאַר אַ בן בית. אפילו באָנע אַלליין האָט געשריבען לאַוואַטער׳ן, אַז ער איז ניט צופרידען דערפון וואָס מען האָט מענדעלסאָהן געמוטשעט מיט אַ רעליגיאָנס־פראַגע, און לאַוואַטער איז געצוואונגען געוועהן איינצובויגען דעם קאָפּ און איהם שיקען אַ דאַנק־בּריעף פאַר זיינע קלוגע רעד.

ווי בלינד די לומדים און די רבנים זענען דעמאָלט געוועהן אין דייטשלאַנד — קאָן מען אַרויסזעהען דערפון, וואָס זיי איז דוקא ניט געפעלען די תשובה, וואָס מענדעלסאָהן האָט מיט איהם מקדש השם געוועהן, נאָר דערפאַר וואָס ער האָט דאָרט דערמאָנט, אַז אין יודישקייט געפינט ער „אַסך איבריגע זאַכען וואָס זייטיגע מענשען האָבען זיי צוגעזעצט״. זיי האָבען זיך באַלד גענומען לערנען פּרושים און זוכען בעהאַלטענע סודות אין די דאָזיגע ווערטער, און עס האָט מענדעלסאָהן געקאָסט גענוג מיה ביז ער האָט איבערצייגט דעם פרומען רב ר׳ הירשעל לעווין, אַז ער האָט דערמיט חלילה קיין שלעכטס ניט געמיינט. פון דעסטוועגען האָבען די רבנים אָנגעהויבען קוקען אויף איהם קרום, און אַזוי ווי אין יענער צייט איז אויף איהם אָנגעפאַלען אויך אַ קריסטליכער שרייבער פון פראַנקפורט אַם מאַין, יאָהאַן באַלטהאַזאַר קעלבעלע, פלעגט זיי מענדעלסאָהן רופען „די יודישע קאַלבעלעך״.

מילא אַז פריהער האָבען די פרומע יודען געהאַט נאָר אַ שנאת חנם צו מענדעלסאָהן, האָבען זיי באַלד בעקומען אַ געלעגענהייט זיך נאָך מעהר טשעפען צו איהם און האָבען שוין געהאַט פאַר וואָס צו שרייען. אים יאָהר 1772 האָט דער הערצאָג פון מעקלענבורג־שווערין אַרויסגעלאָזט אַ בעפעהל אַז יודען זאָלען גלייך מיט קריסטען ניט טאָרען מקבר זיין זייערע מתים פאַר דריי טאָג, ווייל עס האָט זיך שוין עטליכע מאָל געטראָפען וואָס מען האָט מקבר געוועהן לעבעדיגע מענשען, וואָס האָט זיך נאָר אויסגעוויזען אַז זיי זענען טויט. די יודען האָבען עס אָנגענומען פאַר אַ גזרה און האָבען אַוועקגעשיקט שליחים קיין אַלטונאַ צו ר׳ יעקב עמדן ער זאָל זיי העלפען. ר׳ יעקב עמדן האָט געוואוסט אַז מענדעלסאָהן איז אַ גרויסער חשוב בּיים הערצאָג און דערפאַר האָט ער די שליחים אָבגעשיקט צו איהם און איז געוועהן זיכער אַז ער וועט עס פועל׳ן. מענדעלסאָהן האָט אָבער געאַנטפערט

אז ער רעכענט עס פאר דער גרעסטער עבירה זיך אקעגענשטעלען געגען אזא תקנה, וואס דערפון העננט אב דאס לעבען פון מענשען, און האט נאך, פארקעהרט, אויסגעוויזען פון דער גמרא, אז נאר אין די אלטע צייטען האט מען זיך ניט געאיילט דעם מת ברענגען צו קבר ישראל ביז מען האט ניט געוואוסט אקוראט אז לעבעדיג קאן ער שוין ניט ווערען. אזא תשובה האט אונטערגעצונדען ר' יעקב עמדן מיט אללע איבריגע רבנים, און מענדעלסזאהן איז ביי זיי אין די אויגען געווארען א געפאהרליכער אפיקורוס.

מענדעלסזאהן'ס בלינדע שונאים האבען ניט פערשטאנען, אז ער איז א צירונג פאר'ן גאנצען יודישען פאלק און אז די קריסטען זעהען אין איהם א לעבעדיגען בעווייז, אז מען קאן זיין א יוד צו גאטט און צו לייט, אבהיטען יודישקייט און פארט זיין נוטצליך דעם לאנד. נאר דאס וואס מענדעלסזאהן'ס אייגענע ברידער איז שווער געוועהן צו פערשטעהען, דאס האט דוקא פערשטאנען זיין גוטער פריינד לעסינג, חאטש ער איז געוועהן א קריסט, חאטש אויף פיעל זאכען פונ'ם יודישען לעבען האט ער ניט געקאנט זיין אזא מבין. ווי הויך לעסינג האט געשטעלט מענדעלסזאהן -- קאן מען ארויסזעהען פון זיין בעריהמטען טהעאטער-שטיק „נאטהאן דער ווייזע", וואס ער האט אנגעשריבען אין דעם לעצטען יאהר פון זיין לעבען, און וואס האט איהם טאקי מקצר ימים געוועהן, ווייל אין דעם טהעאטער-שטיק האט ער אויפגעדעקט אזא אמת, וואס גאטט ווייסט אויב אפילו שפעטער מיט עטליכע הונדערט יאהר וועט מען וועלען הערען דערפון. אין זיין הויפט-העלד, נתן דעם חכם, א יוד איין עושר, וואס אללע האבען איהם ליעב און דערמאנען זיין נאהמען מיט דרך ארץ, האט לעסינג אויסגעמאלט מענדעלסזאהן מיט זיין גאנצען חאראקטער, און עס איז גענוג נאר איבערצולעזען עטליכע שורות זעהט מען, אז דאס איז דער יודישער פילאזאף מיט אללע זיינע מדות. לעסינג שטעלט פאר, אז נתן האט געוואהנט אין ירושלים אין דער צייט פון די קרייצציגע, און אז די קריסטען זענען בעפאלען די היילינע שטאדט האבען זיי אבגעראבעוועט זיין פערמעגען, פערברענט זיין הויז און אומגעבראכט זיין ווייב מיט זיינע קינדער. מיט דעם יודישען „גם זו לטובה", וואס האט דעם יודען ניט איין מאל געגעבען כח איבערצוטראגען גאנצע בערג צרות, האט נתן אנגענומען פאר ליעב זיין ביטער מזל, און אז שפעטער האט מען איהם גראד געבראכט א קריסטליך קינד, א קליין ארעם יתומה'לע האט ער עס אנגענומען פאר

אַ מַתָּנָה פון גָאטט. עֶר הָאט בֶּערֶעכֶענְט אַז דָאס שִׁיקְט אִיהם גָאטט אַ טְרֶאכְט אויף דֶער אֶלְטֶער, אַז עֶר אִיז מְמַלֵא אויף אַזַא אוֹפֶן זַיין חִסָרוֹן, אוּנ עֶר הָאט דָאס קִינְד עֶרְצוֹיגֶען מִיט לִיעבֶּע אוּנ צֶארְטְלִיכְקַייט פון אַ אֵייגֶענֶעם פָאטֶער. דָאס שֶׁאנֶע רֵיינֶע, גוּטֶע אוּנ עֶרְהַאבֶּענֶע, וָואס אִיז בַּיי אִיהם אַלֵיין גֶעוֶועהן הֵיילִיג — דָאס אַלְדִינְג הָאט נָתָן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זַיין טָאכְטֶער, אוּנ זִי אִיז אויפְגֶעוַואקְסֶען גֶעוָוארֶען אִין אַ גְלויבֶּען וָואס הָאט זִי גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט אוּנ וָואס הָאט בַּיי אִיהר אִין קָאפּ אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט דֶעם גֶעדַאנְק, אַז אַלֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען גְלַייךְ אוּנ אַז לִיעבֶּע דַארְף זֵיי עֶבִּיג פֶערְבִּינְדֶען. אִין וָואס נָתָן׳ס אֱמוּנָה בֶּעשְׁטֶעהט — זֶעהט מֶען אַרוֹיס אִין דֶעם מָשָׁל, וָואס לֶעסִינְג הָאט אִיהם אִין מוֹיל אַרַיינְגֶעלֶעגְט: אַז דֶער סוּלְטַאן סַאלַאדִין פְרֶעגְט בַּיי נָתָן, וֶועלְכֶע פון דִי רֶעלִיגְיָאנֶען אִיז דִי בֶּעסְטֶע? דֶערְצֶעהלְט עֶר אִיהם אַ מַעֲשֶׂה וִוי אַ פָאטֶער, וָואס הָאט גֶעהַאט דְרַיי זִיהן אוּנ הָאט זֵיי גְלַייךְ לִיעב גֶעהַאט, הָאט זֵיי גֶעוָואלְט בֶּעוָוארְנֶען, אַז נָאךְ זַיין טוֹיט זָאל קֵיינֶער פון זֵיי זִיךְ נִיט אִיבֶּערְנֶעהמֶען אוּנ נִיט שְׁרַייעֶן אַז עֶר אִיז דֶער מְיוּחָס אוּנ אִיהם קוּמְט דֶער גְרֶעסְטֶער חֵלֶק פון דֶער יְרוּשָׁה; דֶערְפַאר הָאט עֶר אִין דֶער צַוָּאָה אַרַיינְגֶעשְׁטֶעלְט, אַז וֶוער עֶס וֶועט בְּרֶענְגֶען אַזַא אוּנ אַזַא רִינְג מִיט אַלֶע סִימָנִים וָואס עֶר הָאט פִּינְקְטְלִיךְ בֶּעשְׁרִיבֶּען, מוּז בֶּעקוּמֶען דִי גַאנְצֶע יְרוּשָׁה אוּנ יֶעדֶען פון דִי דְרַיי בְּרִידֶער הָאט עֶר שְׁטִילֶערְהֵייד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פּוּנְקְט דִי אֵייגֶענֶע רִינְג. אַוַדאי הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט נָאךְ דֶעם פָאטֶ׳רְס טוֹיט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ קְרִיעג צְווִישֶׁען דִי יוֹרְשִׁים. יֶעדֶער הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַז נָאר זַיין רִינְג אִיז דֶער אֱמֶת׳ער אוּנ דִי אַנְדֶערֶע זֶענֶען פַאלְשׁ, אוּנ דִי מִלְחָמָה קָאן נָאר דֶעמָאלְט אויפְהֶערֶען וֶוען דִי בְּרִידֶער וֶועלֶען קוּמֶען צוּם שֵׂכֶל, אַז בַּיי אַ פָאטֶער קָאן נִיט זַיין קַיין חִלוּק צְווִישֶׁען זַיינֶע קִינְדֶער, אוּנ אַז דָאס הָאט עֶר אִימִיסְטֶען גֶעטְהוּן כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זֶעהֶען, אַז עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעוָואלְט גֶעבֶּען דִי בְּכוֹרָה אוּנ זָאלֶען זִיךְ גְלַייךְ אַיינְטְהֵיילֶען מִיט דֶער יְרוּשָׁה. אַזַא בִּילְד פון אַ יוּדֶען גִיט אוּנְז לֶעסִינְג אוּנ טַאקִי גֶעבֶּען אִיהם שְׁטֶעלְט עֶר פָאר אַ גֵייסְטְלִיכֶען אוּנ וַוייזְט אוּנְז שׁוֹין פּוּנְקְט דֶעם הֵפֶךְ: דֶער פַּאטְרִיאַרְךְ פון יְרוּשָׁלַיִם גֶעפִינְט, אַז אַזַא יוּדֶען וִוי נָתָן, וָואס הָאט גֶעטְהוּן אַזַא גְרוֹיסֶע עֲבֵרָה אוּנ הָאט עֶרְצוֹיגֶען בַּיי זִיךְ אַ קְרִיסְטְלִיךְ מֶעדְכֶען, קוּמְט צוּ בְּרֶענְגֶען אויפ׳ן פַייעֶר, אוּנ אַז מֶען וַוייזְט אִיהם, אַז פון דֶעם קִינְד וָואלְט גֶעוָוארֶען אַ תֵּל וֶוען דֶער יוּד וָואלְט אויף דֶעם קַיין רַחֲמָנוּת נִיט גֶעהַאט, אֶנְטְפֶערְט עֶר קוּרְץ אוּנ שַׁארְף: „דָאס אִיז קַיין תֵּירוּץ נִיט. דֶעם יוּדֶען מוּז מֶען פַארְט

פערברענען!"... מען קאן זיך פארשטעלען וואס פאר א רעש לעסינג'ס טהעאטער־שטיק האט אנגעמאכט אין דייטשלאנד; די שונאים האבען איהם קיין נאס ניט געלאזט דורכגעהען, און מען מאג זאגען, אז ער איז דערפון דער וועלט געגאנגען פאר דער צייט. נאר צום אומגליק, האבען די יודען אפילו ניט געוואוסט וואס פאר א מליץ יושר זיי האבען פלוצלונג פאר זיך בעקומען, און דעם, וואס האט לעסינג'ן ארויפגעבראכט דארויף, האבען די רבנים פערווארפען מיט שטיינער.

מענדעלסזאהן האט אבער ניט געקוקט אויף דעם געשריי פון די פרומע און האט זיך געטהון זיינס. די יודען האבען דעמאלט ניט געהאט קיין רעכטע דייטשע איבערזעצונג פון דער תורה און ער האט זיך ענטשלאסען ארויסצוגעבען אזא איבערזעצונג, וואס ער האט פריהר געמאכט פאר זיינע אייגענע קינדער, ווען ער האט מיט זיי אנגעהויבען לערנען חומש. צוזאמען מיט דער איבערזעצונג איז ביי איהם אויך געבליבען ער זאל אנשרייבען א פירוש אויף גאנץ תנ"ך מיט'ן נאמען „באור" און צו דער ארבייט האט ער צו געצויגען אללע יודישע געלעהרטע, וואס זענען דעמאלט געווען אין בערלין, ווי ר' שלמה מדובנא, וואס איז געווען דער בעל מגיה ביים דרוקען, ר' נפתלי הירץ וויזעל, ר' אהרן יאראסלוי און ר' הירץ האמבערג. קוים זענען דערפון געוואהר געווארען די רבנים, איז געווארען א געוואלד, אז מענדעלסזאהן וויל איבערקעהרען דעם גאנצען יודענטהום. מען האט אנגעהויבען זיינע ביכער צו ברענען און עס האט ניט געהאלפען אפילו וואס דער בערלינער רב ר' הירש לעווין האט געגעבען זיין הסכמה און האט געשריבען בפירוש, אז ער געפינט מענדעלסזאהן'ס ארבייט פאר זעהר נאטהיג און נוטצליך. מענדעלסזאהן איז זיך פון גאנצען געשריי און רעש ניט אראבגעפאלען, איהם האט געשטארקט, דאס וואס די קריסטען האבען איהם דווקא געשטיצט און עס האט איהם וועניגסטענס געפרעהט וואס, ווען די יודען ווילען דערווייל נאך ניט פערשטעהען וואס ער טהוט פון זייערטוועגען, אפענט ער חאטש א וועג פאר די קריסטען זיי זאלען דורך זיין איבערזעצונג זיך קאנען איבערצייגען וואס עס שטעהט אין דער יודישער תורה. מענדעלסזאהן'ס איבערזעצונג איז טאקי פריינדליך אויפגענומען געווארען ביי די גרעסטע שררות, און דער קאניג כריסטיאן פון דענעמארק מיט'ן קראנפרינץ האבען די ערשטע זיך פערשריבען צווישען זיינע אבאנענטען. נאר דאס אלדינג האט פון דעסטוועגען ניט אבגעהאלטען אזעלכע גרויסע רבנים, ווי

ר׳ יְחֶזְקֵאל לַאנְדָא פוּן פְּרָאג, ר׳ רְפָאֵל כֹּהֵן פוּן אַלְטוֹנַא אוּנ ר׳ הִירְשׁ יַאנוֹב פוּן פוּרְטְה, אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעפַּסְקֶנְט אַז מֶענְדֶעלְסָזָאהן׳ס סְפָרִים זֶענֶען אַפִּיקוֹרְסִישֶׁע סְפָרִים, אוּנ דֶער אֵיינְצִיגֶער חֶסֶד אִיז גֶעוֶועהן, וָואס אִיהם אַלֵיין הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט, הָאטְשׁ עֶס הָאט זִיךְ זֵיי שְׁטַארְק גֶעגְלוּסְט אִיהם אַרַיינְצוּלֶעגֶען אִין חֵרֶם. טַאקִי נָאר דָאס גוּטְסְקַייט אוּנ דֶער קַאלְטֶער יִשּׁוּב הַדַּעַת פוּן מֶענְדֶעלְסָזָאהן הָאט פוּן זַיין הַארְץ דֶערְוַוייטֶערְט יֶעדֶעס גֶעפִיהל פוּן פֶערְדְרוּס אָדֶער נְקָמָה! עֶר פְּלֶעגְט נָאר אָפְּט זָאגֶען מִיט אַ גֶעלֶאכְטֶער, אַז עֶר הָאט גָאר זִיךְ נִיט גֶערֶעכְט, אַז זַיין אִיבֶּערְזֶעצוּנג זָאל נָאךְ זַיין נֶאטְהִיגֶער פַאר דִי רַבָּנִים וִוי פַאר׳ן פְּרָאסְטֶען פָאלְק. אַוַודַאי הָאט דָאס, וָואס מֶענְדֶעלְסָזָאהן הָאט זִיךְ נִיט אַרַיינְגֶעלָאזְט אִין קַיין מַחֲלוֹקֶת מִיט דִי רַבָּנִים, גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס זַיינֶע שׂוֹנְאִים הָאבֶּען גֶעמוּזְט מִיעד וֶוערֶען אוּנ דֶער נַייֶער דוֹר, וָואס אִיז דֶערְוַוייל אוּנְטֶערְגֶעוַואקְסֶען הָאט דוּרְךְ זַיינֶע סְפָרִים בֶּעקוּמֶען אַ שְׁטַארְקֶען חֵשֶׁק צוּ לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה, אוּנ גָאר גִיךְ הָאט ר׳ מֹשֶׁה מֶענְדֶעלְסָזָאהן זוֹכֶה גֶעוֶועהן צוּ זֶעהֶען אַרוּם זִיךְ הוּנְדֶערְטֶער חֲבֵרִים אוּנ תַּלְמִידִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען אוֹיף זַיין דֶרֶךְ אוּנ הָאבֶּען זֵייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט זַיין גְרוֹיסֶער אַרְבַּייט.

דִי צָרוֹת, וָואס מֶענְדֶעלְסָזָאהן הָאט אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען פוּן דִי רַבָּנִים, אוּנ פְרוּמֶע לוֹמְדִים, הָאבֶּען אוֹיךְ קַיין הָאר נִיט פֶערְקְלֵיינֶערְט זַיין לִיעבֶּע צוּ דִי יוּדֶען אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט אָנְקוּמֶען צוּ זַיינֶער אַ טוֹבָה הָאבֶּען זֵיי שְׁטֶאנְדִיג נִיט נָאר אִין אִיהם אַלֵיין גֶעפוּנֶען אַ גֶעטְרַייעֶן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּענֶעם בְּרוּדֶער, נָאר אֲפִילוּ דִי קְרִיסְטֶען, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועהן נֶעבֶּען אִיהם, הָאבֶּען אוֹיךְ לִיעבּ גֶעהַאט זַיין נַאצְיָאן אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶעוֶועהן אָנְגֶעלֶעגְט וֶוען זֵיי הָאבֶּען מִיט עֶפִּיס גֶעקֶאנְט אָבְּדִיעֶנֶען זֵייעֶר עֶדְלֶען יוּדִישֶׁען פְרַיינְד. אַזַא כֹּחַ הָאט אִין זִיךְ מֶענְדֶעלְסָזָאהן גֶעהַאט אוּנ וֶוער עֶס אִיז מִיט אִיהם בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען הָאט עֶר שׁוֹין גֶעמוּזְט זַיין מִיט אִיהם נֶפֶשׁ אַחַת אוּנ הָאט, אִיהם צוּ לִיעבּ, גֶעשֶׁאצְט אוֹיךְ אַלֶע יוּדֶען. אַז לֶעסִינְג אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאבֶּען דִי יוּדֶען בֶּעקוּמֶען אַלְץ נָאר דוּרְךְ מֶענְדֶעלְסָזָאהן, אֵיין אַנְדֶער בֶּעשִׁיצֶער, אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועהן אֵיינֶער פוּן מֶענְדֶעלְסָזָאהן׳ס קְרִיסְטְלִיכֶע חֲבֵרִים כְּרִיסְטְיַאן ווִילְהֶעלְם דָאהם, וָואס דוּרְךְ אִיהם זֶענֶען גֶעהָאלְפֶען גֶעוָוארֶען אַסַך יוּדֶען אִין פְרַאנְקְרַייךְ, אֶסְטֶערְרַייךְ אוּנ שְׁפֶּעטֶער אוֹיךְ אִין דַייטְשְׁלַאנְד.

אִין יֶענֶע יָאהרֶען אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין עֶלְזַאס אוּנ מֶעטְץ,

וואס זענען שוין דעמאלט געשטאנען אונטער דער מאכט פון דער פראנצאזישער מלוכה, געוועהן זעהר טרויעריג. אין אנדערע ארטער האבען זיי אפילו אויך גענוג געליטען, נאר דאס איז נאך אלץ געוועהן א גאר ניט געגען דעם וואס זיי האבען זיך דארט געמוזט אנליידען. יעדער פריץ האט געטהון מיט זיי וואס ער האט נאר געוואלט: היינט האט ער זיי ערלויבט זיך צו בעזעצען ביי זיך אין דארף אדער אין שטאדטעל אונ מארגען האט ער זיי ארויסגעווארפען נאר אהן א פארוואס. אומעדום האבען זיי דארט געמוזט וואהנען אין בעזונדערע אבגעשלאסענע גאסען אונ קיינער פון זיי האט זיך ניט געטארט ארויסוויזען ערגיץ אין איין אנדער גאס. אין מעטץ האט מען ניט געלאזט וואהנען מעהר פון 180 יודישע משפחות, אונ דערפאר האבען דארט געמוזט בחורים אונ בתולות פערזיצען. מס האבען זיי אבער געצאהלט מעהר פון אללע איינוואהנער. מען האט ביי זיי געריסען אויף אלדינג, אפילו קירכען האבען זיי געמוזט אויסהאלטען. די הכנסה פון זיי איז געוועהן אזוי גרויס, אז ווי באלד דער קאניג האט געוואלט איינעם געבען א רעכטע מתנה, האט ער איהם אויף א צייט אבגעגעבען די יודען אין די האנד אריין. מען פלעגט זיי אזוי אויסלעדיגען, אז אפילו דער אלטסטער זוהן ביי א פאטער האט אנדערש ניט געקאנט בלייבען אין מעטץ ביז ער האט ניט בעצאהלט א מנה יפה. אונ ביי די אללע נתינות האבען די יודען געמוזט ציהען די פרנסה נאר פון געלד-ארבייט אונ מסחר פון בהמות, חאטש דער מסחר איז זיי אויך שווער אנגעקומען, ווייל ארומפאהרען האבען זיי ניט געהאט דאס רעכט, אדער זיי האבען געמוזט דערפאר בעצאהלען א סך מעהר ווי פיעל זיי וואלטען געקאנט פערדיענען. אונ אין פיעל מקומות, ווי אין שטראסבורג אונ נאך אנדערע שטאדט, האבען זיי אפילו ניט געטארט איבערנאכטיגען. אודאי האבען זיי ניט געהאט פון וואס צו לעבען אונ זענען געצוואונגען געוועהן זיך האפען צום פראצענט, אונ אזוי ווי קיין גרויסע עשירים זענען זיי ניט געוועהן האבען זיי געקאנט נאר מאכען קליינע געשאפטלעך, זיי האבען געגעבען דאס ביסעל געלד אויף וואכערס געמיינע לייט אונ בעלי מלאכות. די גויטה האט זיי, פערשטעהט זיך, געטריבען זיי זאלען רייסען ווי ווייט עס האט זיך נאר געלאזט, אונ דורך דעם זענען זיי פערהאסט געווארען ביים פראסטען פאלק, וואס האט נאר געהאלטען דעם יודען פ״ד א בלוט-זאפער אונ האט גאר ניט געוואלט בערעכנען, אז ער האט געביך קיין אנדער ברירה ניט אונ אז ער מוטשעט א נדערע נאר דערפאר וואס מען ווערגט איהם.

מיט דעם אומגליקליכען מעמד פון די עלזאסער יודען האט זיך בענוצט איינער א שלעכטער מענש העלל, וואס איז פריהר געוועהן א פראסטער שרייבער און ביסלעכווייז האט ער זיך אזוי ווייט אויפגעהויבען, אז מען האט איהם געמאכט פאר שופט. אזא מענש האט געריסען פון טויט און פון לעבעדיג, און ער האט זיך אימיסטען אויסגעלערנט לשון קודש און יודיש-דייטש, כדי ער זאל פערשטעהען אלדינג וואס קומט פאר צווישען די יודען און זיי זאלען זיך ניט קאנען בעהאלטען פאר איהם. דאס אומגליק איז אבער געשעהען וואס ער האט געהאט צו בריטע קענטניסעס און ווי פיעל מען האט איהם געגעבען איז נאך אלץ וועניג געוועהן; אודאי אז ער האט שוין גוט אויסגעזויגען די יודען און האט פערשטאנען אז מעהר וועט ער שוין ביי זיי גאר ניט מוציא זיין, איז ער געווארען קלאמערשט א בעל טובה. עס האט געהייסען, אז ער נעהמט זיך אן פאר די אומגליקליכע וואס לייען געלד ביי יודען, און ער האט זיך גענומען צו די יודישע פראצענטניקעס. קודם כל האט ער אנגעהויבען צורעדען מען זאל מאכען פאלשע קוויטלעך און יעדער בעל חוב זאל צושטעלען דעם געריכט א צעטעל אז ער האט שוין אין גאנצען זיין חוב בעצאהלט. זיין רשעות איז געוועהן אזוי גרויס אז ווען עס האט זיך געפונען איין ארענטליכער קריסט, וואס האט זיך ניט געוואלט בענוצען מיט א פאלשע קוויטעל, האט ער אנגעשטעלט די גייסטליכע זיי זאלען עס ניט דערלאזען און זיי זאלען שרייען, אז נאכמאכען די חתימה פון א יודען, כדי זיין געלד זאל פערפאלען ווערען, איז גאר די גרעסטע מצוה. דערנאך האט ער אנגעשריבען א בעזונדער בוך וועגען די יודען און האט מודה געוועהן, אז פאלשע קוויטלעך קומען טאקע פאר, נאר דאס פאלק האט קיין אנדער מיטעל ניט זיך צו ראטעווען פון די יודען. צום גליק האט זיך די מלוכה נאך צייטליך אומגעקוקט, מען האט העללן פויור איינגעזעצט אין תפיסה און דערנאך האט מען איהם ארויסגעטריבען פון עלזאס.

אז די יודען האבען געפטרט דעם רשע, האבען זיי אנגעהויבען צו טראכטען אז עס איז קיין תכלית ניט ווייטער צו בלייבען אין אזא שרעקליכער לאגע, און עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען דעם קאניג לודוויג דעם זעכצעהנטען איינגעבען א בקשה און בעטען ביי איהם רחמים. אזא פאפיער האט מען אבער בעדארפט שרייבען מיט שכל; צווישען זייערע פארשטעהער האבען זיי ניט געהאט אזעלכען וואס זאל זיין פעהיג אזעלכעס אנצושרייבען, און זיי האבען זיך געווענדט צו מענדעלסזאהן, וואס האט שוין דעמאלט געשמ'ט

אויף דער וועלט, אונ האבען איהם פארגעלעגט ער זאל אויף זיך נעהמען די מצוה. מענדעלסזאהן איז אבער געוועהן אויך א פראקטישער מענש, ער האט זיך איבערלעגט, אז אזא פאפיער איז גלייכער ווען א קריסט ארבייט עס אוים. אונ ער האט מיט דער מצוה מכבד געוועהן זיין יונגען פריינד דאהם, וואס האט דעמאלט נאר וואס ארויסגעלאזט א בוך וועגען געשיכטע אונ איז צו ליעב דעם געווארען א חשוב ביי דער מלוכה. דאהם איז געוועהן א בן בית ביי מענדעלסזאהן אונ איז מן הסתם געווארען איין אוהב ישראל. מיט שמחה האט ער אויף זיך גענומען די ארבייט אונ אזוי ווי ער האט געזעהען אז כמעט אין גאנץ אייראפא איז די לאגע פון די יודען זעהר געדריקט, האט ער זיך מישב געוועהן, אז עס איז בעסער ער זאל שרייבען וועגען כלל יודען אין אללע לאנדער אונ האט געשריבען א בעזונדער ספר מיט דעם נאהמען „דאס פאר־בעסערן פונ'ם יודישען מעמד".

דאהם האט זיך געשטעלט אויף דער אלף אונ האט אויסגעוויזען, אז געגען די יודען טהוט מען די גראסטע עולה, וואס דוקא זייערע גרויסע מעלות מאכט מען פאר חסרונות: דעם שארפען שכל אונ דעם חשק עפים צו טהון אונ ניט לעדיג זיצען נעהמט מען אן פאר שווינדעל אונ בעריסעריי, די גוטע מדות רעכענט מען פאר נארעשקייטען אונ אויף זיין אלטען יחוס קוקט מען ווי אויף איין עקשנות. אמת, צווישען יודען געפינען זיך אויך שלעכטע מענשען פונקט ווי ביי אללע פעלקער, נאר ווי קאן מען גאר פון זיי פאדערן, אז זיי זאלען זיין בעסער פון אנדערע, ווען מען טהוט זיי אן אזעלכע צרות אונ מען טרייבט זיי מיט געוואלד זיי זאלען טהון שלעכטס. דאריבער האט דאהם גע־וויזען, אז עס איז א חוב אויף אללע וואס פערשטעהען, אז מען טאר ניט לאזען עטליכע מילליאן מענשען זיך ארומדרעהען אויף דער וועלט נאקעט אונ בלויז, הונגעריג אונ דארשטיג, זיי זאלען גלייך מיט איהם אויפהייבען זייער קול אונ בעטען די מלוכות, וואס ווילען זעהען זייערע לאנדער גליקליך, זיי זאלען געבען יודען פרייהייט אונ זיי בעטראכטען ווי גלייכע קינדער. אונ וואהל וועט זיין דער מדינה, וואס וועט זיך אזוי נוהג זיין, ווי עס פאדערן די געזעצע פון מענשענליעבע. נאר דיענען ביי דער קרוין אונ פערנעהמען הויכע שטעללען דארויף איז דאהם אלליין אויך ניט מרוצה געוועהן. פאר וואס — איז שווער צו וויסען: עס קאן זיין, אז ער האט מורא געהאט צו פיעל צופערלאנגען מען זאל איהם אין גאנצען ניט אבזאגען, נאר גיכער איז צו גלויבען, אז מענדעלסזאהן,

וואס הָאט אִיהם צוּגֶעהָאלְפֶען בַּיים שְׁרַייבֶּען, הָאט אַזוֹי גֶעוָואלְט, כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ בַּאלְד נִיט אָנְהֵייבֶּען קֵיין נַייֶע קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה.

דָאהם׳ס בּוּךְ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען רַעַשׁ; מֶען הָאט אִיהם חוֹשֵׁד גֶעוֶועהן, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְט, אוּנ דַוְקָא אִין דַייטְשְׁלַאנְד, וואו עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט, אַז מֶען וֶועט מֶעהר שְׁטֶעלֶען אוֹיף זַיינֶע רֶעד וִוי עֶרְגִיץ אַנְדֶערְשׁ, הָאט מֶען שְׁלֶעכְט גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם. אֲפִילוּ אַזַא גְרוֹיסֶער מַאנְן וִוי דֶער פְּרָאפֶעסָאר יָאהַאן דָוִד מִיכַאלִישׁ, וָואס הָאט גוּט גֶעקָאנְט הֶעבְּרֶאִישׁ, הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעגֶען אִיהם אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען, אַז פוּן יוּדֶען קָאן גָאר קֵיין לַייט נִיט וֶוערֶען. דִי מְלוּכָה מִן הַסְתָּם הָאט זִיךְ צוּגֶעהֶערְט גִיכֶער וָואס דִי שׂוֹנְאִים זָאגֶען, אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט פֶערְבֶּעסֶערְן דִי לַאגֶע פוּן דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען.

דֶערְפַאר הָאט דָאהם׳ס בּוּךְ זֶעהר פִיעל גֶעהָאלְפֶען דִי יוּדֶען אִין פְרַאנְקְרַייךְ. אוֹיךְ דֶער קֵייזֶער יָאזֶעף הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען נַייֶע גֶעזֶעצֶע וֶועגֶען דִי אֶסְטֶערְרַייכִישֶׁע יוּדֶען: עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אֶפְנֶען פַאר זַייעֶרֶע קִינְדֶער אַלֶע אַקַאדֶעמְיֶעס אוּנ אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען, מַאכֶען פוּן זַייעֶרְטְוֶועגֶען בֶּעזוּנְדֶערֶע שׁוּלֶען אוּנ זֵיי בֶּעפְרַייהֶען פוּן דֶעם „יוּדִישֶׁען מַס" וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט צָאהלֶען אוֹיסֶער אַלֶע אַנְדֶערֶע נְתִינוֹת. דָאס אִיז נָאר גֶעוֶועהן אֵיין הַתְחָלָה, וַוייל פִיעל גֶעזֶעצֶע זֶענֶען נָאךְ אָבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען! אִין אַ סַךְ אֶרְטֶער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִיט גֶעטָארְט גֶעפִינֶען, אֲפִילוּ אִין וִויעֶן הָאט מֶען זֵיי נִיט עֶרְלוֹיבְּט צוּ הָאבֶּען אַ שׁוּל, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גוּט גֶעוֶועהן וָואס מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרַאכְטֶען וֶועגֶען זֵיי, אוּנ דָאס הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט דָאהם׳ן צוּ פֶערְדַאנְקֶען.

פוּן זַיין זַייט הָאט מֶענְדֶעלְסָזָאהן גֶעוָואלְט, אַז אוֹיסֶער דָאהם׳ס גוּטֶע רֵייד זָאל מֶען נָאךְ פַארְעֶנְפֶערְן אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁאֵלוֹת וֶועגֶען יוּדֶען, כְּדֵי דִי שׂוֹנְאִים זָאלֶען קֵיין פִּתְחוֹן פֶּה נִיט הָאבֶּען, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען זַיין תַּלְמִיד, דֶעם דָאקְטָאר מַארְקוּס הֶערְץ, עֶר זָאל פוּן עֶנְגְלִישׁ אִיבֶּערְזֶעצֶען ר׳ מְנַשֶּׁה בֶּן יִשְׂרָאֵל׳ס סֵפֶר, אִין וֶועלְכֶען עֶר הָאט אַזוֹי לִיכְטִיג צוּשְׁלָאגֶען אַלֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען אוֹיף יוּדֶען, אוּנ אַלֵיין הָאט מֶענְדֶעלְזָאהן אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ פָארְרֶעדֶע מִיט דֶעם נָאהמֶען „רֶעטוּנְג דֶער יוּדֶען" אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז מִיט גֶעוַואלְד קָאן מֶען קֵיינֶעם נִיט אָנְוַוארְפֶען קֵיין אֱמוּנָה אוּנ פוּן גֶענֶאטְהֶע זַאכֶען קָאן קֵיין גוּטְס נִיט אַרוֹיס. מֶענְדֶעלְסָזָאהן׳ס פָארְרֶעדֶע אִיז דֶער וֶועלְט זֶעהר גֶעפָאלֶען, חָאטְשׁ עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעזָאגְט זֶעהר אַ בִּיטֶערְן אֱמֶת, נָאר עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַזֶעלְכֶע קְרִיסְטֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמִיט אוֹיךְ גֶעוָואלְט בֶּענוּצֶען אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן, אַז מֶענְדֶעלְסָזָאהן אִיז גָאר קֵיין יוּד נִיט,

ווייל ביי איהם שטעהט די מענשענליעבע האכער פון אלדינג, אונ דאס איז דאך דער פונדאמענט פון דער קריסטליכער רעליגיאן. איינער פון די קריסטליכע שרייבערס האט זאגאר ארויסגעלאזט א בעזונדער בוך אונ האט געשריבען, אז עס פרעהט איהם זעהר וואס מענדעלסזאהן האט סוף כל סוף אראבגענומען די מאסקע פונ'ם פנים אונ מען מאג איהם בפירוש רעכנען פאר א קינד פון דער קריסטליכער קירכע, וואס איז פול מיט יושר אונ רחמנות, אונ ניט פאר א קנעכט פון דעם יודישען גלויבען, וואס בעלאסטעט אויף אללע מיט קללות אונ חרמות. ביי אזא זאך האט מענדעלסזאהן ניט געטארט שווייגען, אונ ווי עס איז איהם זעהר ניט ליעב געוועהן אנצוהייבען א ויכוח וועגען אמונה, האט ער פארט געמוזט ארויס מיט דער פעדער. דעמאלט האט ער אנגעשריבען זיין בעריהמטען ספר „ירושלים" אונ האט בעקאנט געמאכט ווי אזוי ער קוקט אויפ'ן יודענטהום, נאך מענדעלסזאהן'ס מיינונג קאן מען גאר ניט פערגלייכען די יודישע אמונה מיט אנדערע רעליגיאנען, ווייל יענע רעליגיאנען האבען געוויסע יסודות, וואס מען מוז אין זיי גלויבען, אונ די יודישע אמונה בעשטעהט פון דינים, וואס מען מוז זיי פאלגען; די תורה איז א געזעץ-בוך, וואס ווייזט דעם יודען כללים ווי אזוי ער דארף זיך פיהרען אונ לעבען צופרידען אונ גליקליך, אונ דערפאר טאר מען זיך ניט ערלויבען אפילו אויף איין האר אבצוטרעטען פון איהר, פונקט ווי יעדער איינוואהנער האט קיין רעכט ניט עובר צו זיין אויף די חקים פון זיין מדינה, מען מאג נאכקלאהרען דעם טעם פון יעדער מצוה, גאנץ אפט קאן מען פערשטעהען אז עס זענען דא פיעל זאכען וואס האבען א ווערטה אין געוויסע צייטען אונ נאר אויף בעשטימטע ערטער, נאר קיין שום איינציגער מענש טאר זיך אלליין ניט שאפען זיינע אייגענע דינים, ווייל ווען דעם איבערשטענס רצון וועט זיין, אז עס זאל עפיס פעראנדערט ווערען וועט ער אונז זיין הייליגען ווילען מגלה זיין פונקט אויף אזא וואונדערבארען אופן ווי ער האט אונז געגעבען די תורה אויף דעם בארג סיני. מיט דעם דאזיגען ספר האט מענדעלסזאהן פשוט מרעיש עולם געוועהן, די גרעסטע געלעהרטע האבען איהם געלויבט, אפילו דער פראפעססאר מיכאעליש, וואס איז געוועהן א שונא ישראל, האט געמוזט מודה זיין אז ער האט רעכט, אונ דער בעריהמטער פילאזאף קאנט האט איהם געשריבען אז ער בעוואונדערט דאס חריפות, וואס ער האט בעמערקט אין זיין ספר, אונ ער האפט אז זיינע אמת'ע געדאנקען וועלען מאכען א גרויסען רושם ביי אללע פעלקער, וועלכע וועלען זיך איבערצייגען אז די יודישע אמונה איז

פְרַיי אָהן קֶעטֶען, אָהן צְוַואנְגֶען, אָהן אַ דֵעָה זָאגֶען דֶעם הַארְץ אָדֶער דֶער מַחֲשָׁבָה.

מִיט וָואס פַאר אַ חֲשִׁיבוּת מֶענְדֶעלְסָזאהן'ס סְפָרִים הָאבֶען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט זֶעהט מֶען אַרוֹיס דֶערְפוּן וָואס, וֶוען שְׁפֶּעטֶער אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין בֶּערְלִין דֶער בֶּערִיהְמְטֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער שְׁרַייבֶּער, גְרַאף מִירַאבָּא אוּנ הָאט גֶעזֶעהֶען וִוי מֶענְדֶעלְזָאהן'ס נָאהמֶען אִיז דָארְט גְרוֹיס נָאכ'ן טוֹיט, הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶער בּוּךְ אוּנ הָאט דֶער פְּרֵייסִישֶׁער מְלוּכָה גֶעגֶעבֶּען רֶעכְטֶע עֵצוֹת וֶועגֶען דִי אָרְדְנוּנְגֶען, וָואס מֶען דַארְף אַיינְפִיהְרֶען אִין לַאנְד; אוּנ דֶערְבַּיי הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט פֶערְגֶעסֶען דִי יוּדֶען אוּנ עֶר הָאט זֵיי נִיט קֵיין קְלֵיינֶע טוֹבָה גֶעטְהוּן.

נָאר וֶוען מֶענְדֶעלְסָזאהן הָאט גֶעהַאט גֶענוּג אַרְבַּייט מִיט דִי אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע שׂוֹנְאִים, הָאט עֶר גֶעמוּזְט פִיהְרֶען מִלְחָמָה מִיט זַיינֶע פֶערְנַארְטֶע בְּרִידֶער אַלֵיין, וֶועלְכֶע הָאבֶען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁרַייֶען אַז עֶר מַאכְט אַ תֵּל פוּן דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה. מִיט שִׂמְחָה הָאט מֶענְדֶעלְסָזאהן בֶּעגְרִיסְט דֶעם קֵייזֶער יָאזֶעף'ס בֶּעפֶעהל, וֶוען עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אֶפֶענֶען אִין אֶסְטֶערְרַייךְ יוּדִישֶׁע שׁוּלֶען, אוּנ הָאט דֶערְמִיט בֶּעוִויזֶען אַז דִי מְלוּכָה הַייסְט אָן בִּיסְלֶעכְווייז זָארְגֶען פַאר דִי יוּדֶען אוּנ זֵיי בֶּעוָוארְנֶען זֵיי זָאלֶען אוֹיסְוַואקְסֶען נוּצְלִיכֶע מֶענְשֶׁען; צוּם סוֹף הָאבֶען דִי יוּדֶען אָנְגֶעמַאכְט אַ גֶעוַואלְד, אַז דָאס אִיז אַ בִּיטֶערֶע גְזֵרָה אוּנ הָאבֶען זִיךְ גֶעוָואלְט אֲפִילוּ לָאזֶען קָאסְטֶען גֶעלְד אַבִּי מֶען זָאל זֵיי בֶּעפְרַייֶהֶען פוּן דִי שׁוּלֶען. דֶעמָאלְט הָאט מֶענְדֶעלְסָזאהן אַ קוּק גֶעטְהוּן, אַז עֶס אִיז קֵיין תַּכְלִית נִיט אוּנ אַז מֶען מוּז דֶעם פָאלְק אֶפֶענֶען דִי אוֹיגֶען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אָנְצוּפַאלֶען אוֹיף דִי רַבָּנִים, וָואס ווילֶען הַאלְטֶען דִי יוּדֶען אִין פִינְסְטֶערְנִישׁ. אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנ גוּטֶע פְרַיינְד, ר' נַפְתָּלִי הִירְץ ווֵייזֶעל הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ סֵפֶר „דִבְרֵי שָׁלוֹם וֶאֱמֶת" אוּנ וָואט פֶערְשְׁטֶעהֶען גֶעגֶעבֶּען דֶעם עוֹלָם, אַז דִי דָאזִיגֶע, וָואס הַאלְטֶען זֵיי אָב פוּן בִּילְדוּנְג, טְהוּעֶן זֵיי אַ גְרוֹיסֶע רָעָה, ווַייל אַנְדֶערְשׁ וֶועלֶען זִיךְ דִי יוּדֶען קֵיין מָאל נִיט קָאנֶען אוֹיפְהֵייבֶּען. דִי פְרוּמֶע רַבָּנִים הָאבֶען אָבֶּער נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף דִי רְאָיוֹת, וָואס ר' נַפְתָּלִי הִירְץ ווִיזֶעל הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז אֲפִילוּ דִי גְמָרָא קָאן נִיט לַיידֶען קֵיין תַּלְמִיד חָכָם וָואס אִיז פְרֶעמְד פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְט. זֵיי הָאבֶען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אֵיינְס, אוּנ קוּקֶענְדִיג אוֹיף זֵיי, הָאט דָאס בְּלִינְדֶע פָאלְק נִיט גֶעוָואלְט פוּן קֵיין זַאךְ הֶערֶען אוּנ הָאט גֶעבְּרֶענְט אַלֶע סְפָרִים פוּן מֶענְדֶעלְסָזאהן אוּנ זַיינֶע לַייט. וֶוער ווֵייסְט צוּ

עס וואלט געקאנט קומען, ווען די רבנים פיהלען ביי זיך א ביסעל מעהר תקיפות אונ האבען קיין מורא ניט פאר דער מלוכה. ביטער איז אודאי גע-וועהן מענדעלסזאהן צוצוזעהען ווי יודען אלליין שטופען פון זיך אוועק זייער גליק, אונ א קלייגער טראסט איז פאר איהם וועניגסטענס געוועהן דאס, וואס די יודישע קהלות פון ווענעדיג, פעראררא אונ טריעסט האבען זיך גענומען מאכען שולען אונ האבען זיך צו איהם געווענדעט מיט א בקשה, ער זאל זיי פערזארגען מיט שול-ביכער. דער געדאנק, אז זיין ארבייט איז פארט ניט געוועהן אומזיסט האט איהם דערקוויקט אונ זיס געמאכט זיינע לעצטע לעבענס-טאג.

אים יאהר 1786 איז מענדעלסזאהן געשטארבען, אונ די געלעהרטע וועלט, סאי יודען, סאי קריסטען, האט שטארק דערפיהלט די גרויסע אבדה. גאנצע הונדערט יאהר האבען בעדארפט אוועקגעהען ביז מען האט זיך אויסגעלערנט שאטצען זיין ווערטה: אז זיינע עדלע קריסטליכע חברים האבען געוואלט באלד נאך זיין טויט שטעלען זיין בילד פון א שטיין אויף דעם בערלינער אפפען-פלאץ, האט מען עס ניט דערלאזט, אונ ערשט אים יאהר 1887 האט מען איהם אין זיין געבורטס-שטאדט דעסויא געשטעלט א מאנומענט, אונ גאנץ דייטש-לאנד האט זיך דערמיט משמח געוועהן. נאר די דאזיגע מצבה איז געוויס א גאר ניט גענוג דעם זכרון וואס מענדעלסזאהן האט איבערגעלאזט ביי זיין פאלק, אונ זיין נאהמען וועט בלייבען עביג, כל זמן תורה אונ חכמה וועלען נאך גילטען פאר דעם יודען ווי כבוד אונ גדולה.

צווישען די יודישע לומדים אונ געלעהרטע, וואס האבען אומגערינגעלט ר' משה מענדעלסזאהן אונ איהם מיטגעהאלפען, יעדער נאך זיינע קראפטע, צו פערשפרייטען ליכטיגקייט אין יודישען פאלק, מוז מען קודם כל דערמאנען ר' ישראל זאמאשטש, וואס איז געוועהן מענדעלסזאהן'ס רבי אונ האט איהם דער ערשטער געוויזען א וועג צו וויסענשאפט. ר' ישראל זאמאשטש האט געהייסען נאך דער שטאדט זאמאשטש, וואו ער איז אים יאהר 1700 גע-בארען געווארען. זיין יוגענד איז וועניג בעקאנט, נאר דאס ווייסט מען, אז פון קליינערהייד אן האט ער זיך גערעכענט צווישען די מופלגים אונ וואלט געוויס ערגיץ געווארען רב, ווען דער חשק זיך צו בעשעפטיגען מיט וויסענשאפטען טרייבט איהם ניט אוועק פונ'ם רבנות אונ הייסט איהם ניט אנהייבען ארומ-וואנדערן אויף דער וועלט. ער איז אויך געצוואונגען געוועהן אוועקצופאהרען פון דער היים, ווייל חאטש ער האט נאר געקוקט אין יודישע חקירה-ספרים

און האט קיין פרעמדע לשונות ניט געקאנט, האבען פון דעסטוועגען די פרומע אנגעשמעקט, אז ער נעהמט זיך עפּיס אויף א נייעם דרך און זיי האבען איהם אנגעהייבען אזוי שטארק רודפ'ן, אז ער האט זיך געמוזט זוכען איין אנדער היים. ער האט זיך אװעקגעלאזט קיין דייטשלאנד, נאר אזוי ווי דארט איז ניט געוועהן בעסער ווי אין פולין, פון מלמדות האט ער געקאנט האבען גאר וועניג פרנסה און האט זיך נאך בעדארפט היטען פאר די פרומע, האט ער זיך אבגעמוטשעט צוואנציג יאהר און האט זיך קוים דאס טרוקענע שטיקעל ברויט פערדיענט. ערשט אים יאהר 1741 איז איהם געראטהען אבצודרוקען אין פראנקפורט אן דער אדער זיין ספר „נצח ישראל", וואס האט איהם געמאכט א גרויסען נאהמען אויף דער וועלט. מיט דעם דאזיגען ספר האט ער געמאכט איין התחלה צו לערנען יודען וויסענשאפטען, נאר אזוי ווי גלאט אזוי רעדען וועגען חכמה האט ער מורא געהאט טאמער וועט קיינער גאר ניט וועלען נעהמען זיין ספר אין די האנד אריין, האט ער איינגעוויקעלט זיין הויפט-כונה אין יודיש לומדות, און עס האט געהייסען, אז ער וויל נאר פאראנפערן און ערקלערען די דאזיגע ערטער אין דער גמרא, וואס האבען א שייכות צו געאמעטריע און אסטראנאמיע. דעמאלט איז מען פון איהם געוואהר געווארען אין בערלין, און איינער פון די בערלינער גבירים, ר' דניאל איטציג האט איהם אהין ארויסגענומען און האט איהם ביי זיך געהאלטען כמעט ביז זיין טויט. אין בערלין איז איהם שוין בעסער געוועהן, בעזאנדערס אז זיין תלמיד ר' משה מענדעלסזאהן איז געווארען אזוי גרויס, און ער האט איהם צונויפגעפיהרט מיט קריסטליכע געלעהרטע. נאר פון דעסטוועגען האבען איהם די צרות, וועלכע ער האט ביז אהער איבערגעטראגען, מיעד און אלט געמאכט און ער איז ניט אים שטאנד געוועהן ווייטער צו דרוקען זיינע ספרים, האטש ער האט ניט אויפגעהערט צו שרייבען און האט זיך אפילו בעשעפטיגט מיט ערפינדונגען. ווי עס ווייזט אויס, האט עס איהם געצויגען א היים קיין פולין, און אויף דער עלטער האט ער זיך בעזעצט אין בראדי, וואו ער איז געשטארבען אים יאהר 1772. ביים ארומפאהרען זענען ביי איהם פיעל כתבים פערפאלען געווארען און עס האט איהם בעזאנדערס באנג געטהון, וואס ער האט פערלארען א גרויס ספר וועגען אסטראנאמיע „ארבות השמים", וואס ער האט דארויף געארבייט אסך יאהרען. ערשט שפעטער מיט פינף און צוואנציג יאהר האט מען אבגעדרוקט זיין ספר „אוצר נחמד" — א פירוש אויפ'ן „כוזרי", און נאך א פירוש פון איהם אויף ר' יהודה אבן תבון'ס ספר

„רוּחַ חֵן“. נִיט לַאנְג, אַ יָאהר צֶעהן צוּרִיק, הָאט מֶען אִין בֶּערְלִין גֶעפוּנֶען אַ זוּנְן־זֵייגֶער, וָואס ר׳ יִשְׂרָאֵל זַאמוֹשְׁטְץ הָאט אִיהם אַלֵיין גֶעמַאכְט אוּנ וָואס מֶען רֶעכֶענְט אִיהם פַאר זַיין אֵייגֶענֶע עֶרְפִינְדוּנְג.

נָאךְ בִּיטֶערֶער אִיז גֶעוֶועהן דֶער גוֹרָל פוּן ר׳ שְׁלֹמֹה מַיְמוּן, וָואס הָאט אוֹיךְ גֶעלֶעבְּט אִין בֶּערְלִין אִין מֶענְדֶעלְסָאהְן׳ס צַייטֶען אוּנ וָואס מֶען קָאן זָאגֶען, אַז עֶר אִיז כִּמְעַט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען עֶר זָאל דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען לַיידֶען דַחְקוּת אוּנ נִיט הָאבֶּען אֲפִילוּ אֵיין גוּטֶע שָׁעָה. ר׳ שְׁלֹמֹה מַיְמוּן אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין נֶעשְׁוִויז, אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְטֶעל אִין לִיטָא, בַּיי אָרֶעמֶע עֶלְטֶערְן אוּנ אַז עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן אַ קְלֵיין קִינְד הָאט עֶר שׁוֹין גֶעשֵׁ״ס׳ט פַאר אַ עִלוּי אוּנ מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר וַואקְסְט אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן. עֶלְף יָאהר אִיז עֶר אַלְט גֶעוֶועהן וֶוען מֶען הָאט אִיהם חֲתוּנָה גֶעמַאכְט, אוּנ צְוֵויי מְחוּתָּנִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אִיבֶּער אִיהם, יֶעדֶער הָאט גֶעוָואלְט חַאפֶּען דִי מְצִיאָה אוּנ מֶען הָאט דֶעם פָאטֶער צוּגֶעצָאהלְט פַאר אִיהם אַ מָנָה יָפָה. דֶער קְלֵיינֶער שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט בֶּעגְנוּגֶען נָאר מִיט גְמָרָא־לֶערְנֶען, אוּנ אַזוֹי וִוי אִין יֶענֶע יָאהרֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין לִיטָא אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְוַוייזֶען חֲסִידִים, הָאט עֶר זִיךְ צוּ זֵיי צוּגֶעלָאזְט אוּנ הָאב בַּיי זֵיי גֶענַאשְׁט פִיעל זַאכֶען פוּן קַבָּלָה. זַיין שַׁארְפֶער מֹחַ הָאט נָאר בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען מֶען זָאל אִיהם וַוייזֶען עֶפִּיס אַ שַׁיין פוּן חָכְמָה, אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט אַיינְרוּהֶען, עֶר הָאט זִיךְ גֶעחַאפְּט צוּם „מוֹרֵה נְבוּכִים“ בִּיסְלֶעכְוַוייז הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעקוּקְט אַלֶע יוּדִישֶׁע חֲקִירָה־סְפָרִים, בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּם שֵׂכֶל, אַז עֶר מוּז הָאבֶּען בִּיכֶער אִין פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת. דָא הָאט עֶר אָבֶּער גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהֶען אִיבֶּער צְוֵויי סִבּוֹת: עֶרְשְׁטֶענְס, וואוּ הָאט עֶר גֶעקָאנְט בֶּעקוּמֶען דִי נֶאטְהִיגֶע בִּיכֶער אִין דֶעם קְלֵיינֶעם שְׁטֶעדְטֶעל, וואוּ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אוּנ וואוּ עֶר אַלֵיין אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן דֶער אֵיינְצִיגֶער חַקְרָן? אוּנ צְוֵוייטֶענְס, וָואס וָואלְט עֶר מִיט זֵיי גֶעטְהוּן וֶוען עֶר הָאט זֵיי שׁוֹין אֲפִילוּ, אַז עֶר קָאן קֵיין אוֹת נִיט לֶעזֶען? דָא אִיז עֶר אָבֶּער גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז אִין סְלוּצְק אִיז דָא אַ רַב, וָואס אִיז אַמָאל אִין דֶער יוּגֶענְד גֶעוֶועהן אִין דַייטְשְׁלַאנְד. אוּנ מֶען זָאגְט אַז עֶר הָאט מִיט זִיךְ מִיט גֶעבְּרַאכְט דַייטְשֶׁע בִּיכֶער. מַיְמוּן הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט, אוּנ חָאטְשׁ עֶס אִיז גֶעוֶועהן וִוינְטֶער, הָאט עֶר נִיט גֶעקוּקְט אוֹיפְ׳ן שְׁנֶעע מִיט׳ן פְרָאסְט אוּנ אִיז צוּ פוּס אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין סְלוּצְק, אַ מֶרְחָק פוּן הִיבְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע מַייל, בֶּעטֶען בַּיים רַב בִּיכֶער. דֶער רַב אִיז גָאר נִבְהַל וּמִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען אַז עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען פַאר זִיךְ אַ יוּנְגֶען מַאנְן, וָואס צוּ לִיעב לֶערְנֶען שְׁלֶעפְּט עֶר זִיךְ אִין דֶער קָאלְט אַזוֹי וַוייט, נָאר

אז ער האט זיך מיט איהם א ביסעל צורעדט האט ער פערשטאנען, אז פון איהם קאן אויסוואקסען א רעכטע כלי אונ ער האט איהם באלד אוועקגעגעבען אללע ביכער, וואס האבען זיך שוין ביי איהם דרייסיג יאהר געוואלגערט אויפ'ן בוידעם. מיט שמחה איז מימון אהיים געקומען, אונ חאטש עס איז איהם זעהר שווער אנגעקומען, ווייל ער האט זיך פריהר גענוג אנגעמוטשעט ביז ער האט זיך אויסגעלערנט פשוט לעזען, אונ דערנאך האט ער זיך ערשט בעדארפט בעהאלטען מען זאל איהם חאפען מיט א טרף-פסול. פון דעסטוועגען האט ער געשמאק געלערנט אונ די ביכער האבען איהם די אויגען געעפענט. אוודאי האט ער שוין ניט געקאנט בלייבען מעהר ביי דער שוועגער אויף קאסט אונ עס ראט איהם אנגעהויבען ציהען קיין דייטשלאנד, וואו ער האט געהאפט זיך צו עפיס צוצושלאגען. מיט גרויס מיה האט ער געפועלט ביי א סוחר ער זאל איהם מיט נעהמען קיין קאניגסבערג; דארט האט ער גערעכענט, אז ער דארף נאר ארויסגעהען אויף דער גאס אונ שרייען אז ער איז א חקרן, וועט מען איהם אויפחאפען ווי א אבן טוב. ווי ערשטוינט איז ער אבער געווארען אז מען האט איהם אריינגעפיהרט אין קאניגסבערג צו א יודישען דאקטאר, אונ אז ער האט געזאגט אז ער וויל לערנען מעדיצין, האט מען פון איהם געמאכט דאס גראסטע געלאכטער: די אבגעריסענע קליידער פון איין זייט אונ דאס פערדארבענע ליטוויש רעדען פון דער אנדערער זייט, האבען אויף אללע געמאכט אזא איינדרוק אז מען האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען פון לאכען. אויפ'ן טיש איז אבער געלעגען גראד מענדעלסזאהן'ס ספר „פעדאן" אונ מימון האט דערווייל א ביסעל אריינגעקוקט. דער דאקטאר איז א בעלן געוועהן איהם צו פרעגען אויב ער פערשטעהט עפיס, אונ איז מיט איהם צו ליעב דעם איינגענאנגען אין א טיעפען שמועס. מימון האט מן הסתם ארויסגעוויזען זיין שארפען שכל אונ דער דאקטאר האט איהם געראטהען ער זאל נאר ניט מאכען קיין לאנגע שיהות אונ זאל שוין אוועקפאהרען קיין בערלין, ווייל נאר מענדעלסזאהן מיט זיינע לייט וועלען זיין מבינים אויף אזא יונגען מאנן אונ וועלען איהם העלפען צו דערגרייכען זיין ציעל. איין אנדערער וואלט זיך אפילו בערעכענט, אז עס איז גאר קיין מאגליכקייט ניט ער זאל קאנען זיך מיט לעדיגע האנד צושלאגען קיין בערלין, נאר מימון האט גאר ניט געוואלט טראכטען, קוים האט מען איהם אנגעוויזען א וועג אונ ער האט פערשטאנען, אז דארטען ארום קאן ער קומען צו א תכלית, איז פאר איהם קיין זאך ניט שווער געוועהן אונ

ער הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אוֹיף נָאטֶס בֶּערָאטְהֶ. אִין זַיין „לֶעבֶּענְס בֶּעשְׁרַייבּוּנְג“ וָואס עֶר הָאט אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אַלֵיין אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען, דֶערְצֶעהלְט עֶר וָואס עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעלִיטֶען דִי גַאנְצֶע צַייט בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קַיין בֶּערְלִין, אוּנ דִי הָאר שְׁטֶעלֶען זִיךְ קָאפּוֹיר. עֶר אִיז מֶעהר צוּ פוּס גֶעגַאנְגֶען וִוי גֶעפָאהרֶען, דֶעם טָאג פְלֶעגְט עֶר אָבְּקוּמֶען מִיט אַ דַאר שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, זֶעכְּס חֲדָשִׁים כְּסֵדֶר אִיז עֶר צוּזַאמֶען מִיט נָאךְ אֵיין אָרֶעם-מַאנְן אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִי הַייזֶער, דֶערְנָאךְ אִיז עֶר גֶעוֶועהן אַ מְלַמֵּד, אַ מְקַבֵּל, אוּנ פוּן דִי אַלֶע גוּטֶע פַּרְנָסוֹת אִיז עֶר צֶעהן מָאל אִין טָאג גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער. אַז נָאטט הָאט אִיהם שׁוֹין גֶעהָאלְפֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען קַיין בֶּערְלִין, אִיז אִיהם שׁוֹין גֶעוֶועהן גוּט: מֶענְדֶעלְסָזאהן הָאט אִיהם שְׁטַארְק מְקָרֵב גֶעוֶועהן אוּנ עֶר הָאט גֶעקָאנְט זִיצֶען אוּנ לֶערְנֶען אוּנ נִיט וִויסֶען פוּן קַיין נוֹיטְהֶ. לַאנְג הָאט דָאס אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט דוֹיעֶרְן, עֶס אִיז אִיהם נִמְאַס גֶעוָוארֶען זִיךְ אַזוֹי אַרוּמְצוּשְׁלֶעפֶּען, אוּנ עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל זִיךְ גֶעהמֶען עֶפִּיס צוּ אַ פַאךְ.

עֶר הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעדֶענְקְט צוּ לֶערְנֶען מֶעדִיצִין אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַוֶועקְצוּפָאהרֶען עֶרְגִין אִין אַ קְלֶענֶערֶער שְׁטָאדְט, וואוּ עֶר זָאל קָאנֶען רוּהִיג לֶערְנֶען. דֶער מַאנְגֶעל הָאט אִיהם אָבֶּער וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַייבֶּען פוּן אֵיין אָרְט צוּם אַנְדֶערְן, עֶר הָאט זִיךְ אַ צַייט אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין הַאמְבּוּרְג, פוּן דָארְט אִיז עֶר אַרִיבֶּער קַיין הָאלַאנְד, צְווֵיי יָאהר הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט אִין אַ גִימְנַאזִיוּם אִין אַלְטוֹנָא, אַ פָּאר מָאל אִיז עֶר צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קַיין בֶּערְלִין, אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהט אָהן אַ פֶעסְטֶען מַעֲמָד, בִּיז עֶר אִיז נִיט גֶעקוּמֶען קַיין בְּרֶעסְלוֹיא אוּנ אִיז נִיט גֶעוָוארֶען אַ לֶעהרֶער בַּיים בֶּערִיהמְטֶען דִיכְטֶער אֶפְרַיִם קוּ ה, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען שׁוֹין בִּיז צוּם לֶעצְטֶען טָאג פוּן זַיי אוּמְגְלִיקְלִיךְ אוּנְרוּהִיג לֶעבֶּען. גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז עֶר אִים יָאהר 1800; עֶר אִיז אִין גַאנְצֶען אַלְט גֶעוֶועהן 47 יָאהר, אוּנ פוּן אִיהם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ פֵּירוּשׁ אוֹיפְ'ן „מוֹרֶה נְבוּכִים“ אוּנ צְווֵיי סְפָרִים וֶועגֶען מַאטְהֶעמַאטִיק אוּנ אַנְדֶערֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען „תַּעֲלוּמוֹת חָכְמָה“ אוּנ „חֵשֶׁק שְׁלֹמֹה“. חָאטְשׁ עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט זֶעהר אָרֶעם אוּנ אָבְּגֶעזָאנְדֶערְט, קַיין כָּבוֹד הָאט עֶר גֶעווִיס נִיט גֶעזוּכְט, פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען אִיז זַיין נָאהמֶען גֶעוֶועהן בֶּעקַאנְט, אוּנ דִי צְווֵיי גְרוֹיסֶע דַייטְשֶׁע דִיכְטֶער שִׁילֶּער אוּנ גֶאטְהֶע הָאבֶּען פוּן אִיהם גֶעהַאלְטֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָואלְט מִיט אִיהם פֶּערְזֶענְלִיךְ בֶּעקֶענֶען.

נִיט וֶועניגֶער שְׁלִים-מַזָּל'דִיגֶע בְּרִיאָה אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן ר' אַבְרָהָם אַבָּא גְלוּסְק, אֵיינֶער פוּן דִי פּוֹלִישֶׁע לוֹמְדִים, וָואס הָאבֶּען פַאר זַייעֶר פְרַיי דֶענְקֶען

געמוזט אנטלויפען פון דער היים און זוכען זיך א מקום מנוחה אין דער פרעמד. ר' אברהם אבא גלוסק איז געבארען געווארען אין לובלין, און צוזאמען מיט'ן תלמוד האט ער זיך אויך אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט פילאזאפיע און האט אנגעשריבען פיעל חבורים אויף לשון קדש. די פרומע האבען אבער געווארפען איין אויג אויף איהם און, ווי דער שטייגער איז, האבען זיי זיך גענומען איהם רודפ'ן ער זאל ניט זיין צו קלוג. ער האט זיך ארומגעדרעהט אין עטליכע שטאדט פון פולין און ליטא, נאר מען האט איהם אומעדום אנגעטהון אזעלכע צרות אז סוף כל סוף איז ער געצוואונגען געוועהן זיך אוועקצולאזען קיין דייטשלאנד. דעמאלט האט שוין מענדעלסזאהן'ס נאמען געקלונגען אויף דער וועלט, און אזוי ווי ר' אברהם אבא גלוסק האט זיך אין די דייטשע שטאדט אויך אנגעליטען גענוג פון די רבנים, וואס האבען געהאלטען פאר א מצוה זיך נוקם זיין אין א „אפיקורוס", האטש מען האט פון איהם קיין שלעכטס ניט געזעהען, און זיין איינציגער חטא איז נאר בעשטאנען אין דעם, וואס ער האט ליעב געהאט צו פיעל ארויסזאגען דעם אמת, איז ביי איהם געבליבען ער זאל זיך צושלאגען קיין בערלין און זוכען שוטץ ביים בעריהמטען יודישען פילאזאף. דאס ערשטע מאל, אז ער האט דערזעהען מענדעלסזאהן אין דער פריה ארויסגעהען פונ'ם בית המדרש נאך דעם דאווענען, איז ער ביי זיך אזוי בטל געווארען, אז ער האט ניט געוואגט צוצוגעהען צו איהם. מענדעלסזאהן ווידער האט איהם, ווערדליג זיין הלבשה איז געוועהן, אנגענומען פאר איין ארעם-מאנן, און האט איהם געוואלט געבען א נדבה, נאר ער האט זיך אבגעזאגט. נאך דעם איינענעם טאג האט זיך ר' אברהם אבא גלוסק געמאכט מעהר קוראזש און, אז מענדעלסזאהן איז געקומען צו מנחה איז ער גלייך צו איהם צוגעגאנגען. מענדעלסזאהן האט איהם פערוואונדערט געפרעגט וואס ער וויל פון איהם, אז קיין נדבה נעהמט ער ניט? דארויף האט איהם ר' אברהם אבא גלוסק געזאגט גאנץ קורץ, אז ער וויל ביי איהם לערנען תורה, און ערשט דעמאלט האט איהם מענדעלסזאהן פערבעטען צו זיך ווי איין אורח. וואס מעהר מענדעלסזאהן איז מיט איהם בעקאנט געווארען, גרעסער איז זיין ליעבע געוועהן צו איהם, און האטש ר' אברהם אבא גלוסק האט באלד בעקומען שונאים אויך אין בערלין און מען האט פון אללע זייטען געגעבען אן צו הארען מענדעלסזאהן, אז ער טהוט ניט גלייך וואס ער איז מקרב אזא מענשען, האט ער איהם געשטיצט ווי ווייט נאר זיינע כוחות האבען געטראגען. עס איז

געקומען אזוי ווייט אז אפילו ר' יעקב עמדן — וואס האט געטראגען א האס אין הארצען אויף ר' אברהם אבא גלוסק, וועלכען ער האט אראבגעווארפען פון אללע טרעפ דערפאר וואס ער האט איהם ניט אבגעגעבען אזא כבוד, ווען ער איז געוועהן ביי איהם אין אלטונא — האט געשיקט מענדעלסזאהן א בריעף אונ האט איהם געמאכט א פארוואורף פאר וואס ער האלט ביי זיך אזא „באזען הונד". נאר מענדעלסזאהן האט זיך ניט געוואלט אומקוקען אויף אזעלכע זאכען, ווייל ער האט גוט געוואוסט, אז ווי באלד ער וועט צונעהמען פון איהם די האנד וועט ער ניט האבען מיט וואס א טאג איבערצוקומען. ר' אברהם אבא גלוסק האט געזעהען אז ער איז ארומגערינגעלט מיט שונאים אונ אויסער מענדעלסזאהן האט ער ניט צווישען יודען אפילו איינעם וואס זאל זיך וועלען פאר איהם אננעהמען; ער האט זיך אבער שוין ניט געקאנט איבערמאכען אונ פלעגט, ווי עס שיינט, אפען רעדען אזעלכע דבורים, וואס האבען ניט געשמעקט א סך מיוחסים. די פארשטעהער פון דער בערלינער קהלה האבען א קוק געטהון אז מען קאן איהם אזוי ניט בייגען, האבען זיי זיך מיישב געוועהן, אז עס איז א מצוה איהם אנצולערנען אויף איין אנדער אופן. דעמאלט איז נאך געוועהן א געזעץ, אז אין בערלין האבען געמאגט זיצען נאר עטליכע געצאהלטע יודישע איינוואהנער, וואס מען האט זיי גערופען „שוטץ־יודען", אונ די איבריגע האבען זיך גערעכענט פאר פרעמדע אונ האבען געקאנט האבען דאס רעכט צו בלייבען אין בערלין נאר אין דער צייט, וואס זיי האבען געדיענט ביי א שוטץ־יודען. מיט דעם געזעץ האבען זיך בענוצט די ראשי הקהלה. אין איין שאנעם פריה מארגען איז מען מיט פאליציע צוגעפאהרען צום ארעמען שטיבעלע, וואו ר' אברהם אבא גלוסק האט געוואהנט, אונ מען האט זיך איהם געהייסען גאר אהן טענות אויפזעצען אונ ארויספאהרען פון בערלין. מיט גרויס מיה האט ער קוים געפועלט מען זאל איהם לאזען זיך געזעגנען מיט מענדעלסזאהן אונ דערמיט האט ער זיך געראטעוועט. אז מענדעלסזאהן האט איהם דערזעהען אין אזא שרעקליכער לאגע, איז ער באלד אוועקגעלאפען צו איינעם פון זיינע גוטע פריינד אונ האט געבראכט פון איהם א צעטעל, אז ער האט געדונגען ר' אברהם אבא גלוסק פאר א מלמד צו זיינע קינדער אונ דערמיט האט ער שוין ווייטער געמאגט בלייבען אין בערלין. די פארשטעהער האבען זיך אבער נאך ניט געקיהלט אונ אז עס איז זיי ניט געראטהען איהם ארויסצושיקען פון דער שטאדט, האבען זיי אויפ'ן אנדערן טאג אנגעגעבען אויף איהם ער זאל בעצאהלען דעם היזק, ווייל זיי האבען אימיסטען געדונגען

א וואגען אונ א פערד, כדי זיי זאלען איהם משלח זיין. ר׳ אברהם אבא גלוסק האט זיי דעמאלט געזאגט א משל, וואס האט זיי נאך מעהר ניט געמוזט שמעקען. ער האט זיי דערצעהלט: ווי אין לעמבערג פלעגען אפט די קריסטליכע נאס־יונגאטשעס פערוואַרפען די יודען מיט שטיינער אונ קיינער האט זיי קיין ווארט ניט געזאגט; א מאל האט זיך אבער געמאכט, וואס א שטיין איז גע־פלויגען אויף א יודענס קאפ. נאר ער האט זיך פערבלאנזעט אונ האט גע־טראפען צו א קריסט אין א פענסטער אונ האט דארט אויסגעשלאגען א שויב. דער קריסט האט זיך געקלאגט אונ דער שופט האט געפונען, אז דער יוד דארף בעצאהלען דעם קריסט פאר דער שויב, ווייל דער שטיין איז דאך נאר צו ליעב איהם געווארפען געווארען אונ ווען ער האט אוועקגעדרעהט דעם קאפ אונ דער שטיין האט איהם ניט געטראפען איז דאך יענער ניט שולדיג". די פארשטעהער האבען פערשטאנען וואס ער מיינט; זיי האבען זיך פארט גע־שאמט אפענטליך ארויסצווייזען אזא ישר ווי „דער לעמבערגער שופט" אונ האבען איהם צו רוה געלאזט. פון דעסטוועגען איז איהם נמאס געווארען צו וואהנען שטאנדיג צווישען שונאים אונ ער האט זיך ענטשלאסען זוכען דאס גליק ערגיץ אנדערש. עטליכע יאהר כסדר איז ער ארומגעפאהרען איבער דייטשלאנד, פראנקרייך אונ ענגלאנד, נאר אומעדום איז ער געבליבען דער אייגענער קבצן, אונ איז צוריק געקומען קיין בערלין כמעט אהן א העמד אויפ׳ן לייב. ער האט זיך געפיהלט עלענד, קראנק אונ נידערגעשלאגען, אונ עס האט זיך איהם פערגלוסט פאר׳ן טויט אנצוקוקען נאך א מאל פולין. א צובראכענער האט ער זיך פערשלעפט צוריק צו דער אלטער היים אונ דארט האט ער שוין לאנג ניט געדויערט: דער טויט האט איהם גיך בעפרייהט פון אללע צרות, אונ מען ווייסט אפילו ניט וואו ער איז צו קבר ישראל געקומען. עס איז פון איהם נאר גיט געבליבען, ווייל נאך אין דער יוגענד האט מען אין ווילנא זיינע דרייצעהן ספרים פערברענט, אונ נאר דער בעריהמטער דייטשער דיכטער שאמיסא האט געלאזט א טרער אויף זיין אונבעקאנטען קבר אונ האט אין א בעזונדער שיר בעשריבען די שרעקליכע מלחמה, וואס ר׳ אברהם אבא גלוסק האט געמוזט פיהרען דאס גאנצע לעבען מיט זיינע אייגענע ברידער פאר׳ן אמת.

א ביסעל גליקליכער פון איהם איז געוועהן איין אנדער פוילישער למדן, ר׳ מענדיל לעפין, וואס האט אויך פערבראכט עטליכע יאהר אין בערלין ביי מענדעלסזאהן אונ איז דערנאך געוועהן איינער פון די ערשטע, וועלכע

האבען געארבייט פאר דער בילדונג פון די רוסישע יודען. ר' מענדיל לעפין איז געבארען געווארען אים יאהר 1741 אין סאטאנוב ביי ניט קיין געמיינע עלטערן, אונ אזוי ווי זיי האבען קיין גראסערע השגה גאר ניט געהאט ווי נאר צו מאכען פון זייער קינד א רב, האט מען מיט איהם געלערנט תורה ווי ווייט מען האט נאר געקאנט. דאס זיצען גאנצע נאכט אין בית המדרש איבער דער גמרא האט איהם געשאדט צו דער ראיה אונ ער האט זיך געמוזט אנהייבען היילען די קראנקע אויגען. ר' מענדיל לעפין האט שוין אבער דערווייל שטילערהייד פערזוכט פונ'ם עץ הדעת: ער האט ערגיץ בעקומען דעם ספר „אלים" פון ר' יוסף שלמה דיל מדיגו אונ דער ספר אליין איז גענוג געוועהן צו דערוועקען אין איהם א גרויסען חשק צו לערנען וויסענשאפטען. אודאי האט ער זיך זעהר דערפרייהט, אז די דאקטוירים פון זיין שטאדטעל האבען געראטהען די עלטערן זיי זאלען איהם אוועקשיקען קיין בערלין צו א גוטען אויגען־דאקטאר, ווייל ער האט שוין פון דער ווייטענס געהערט אז דארט געפינט זיך ר' משה מענדעלסזאהן אונ האט געהאפט, אז פאר איהם וועט זיך עפנען א נייער קוואל פון תורה אונ חכמה. ר' מענדיל לעפין האט אויך ניט קיין טעות געהאט: מענדעלסזאהן האט איהם אויפגענומען מיט ליעבשאפט ווי א אייגען קינד, אין א קורצער צייט איז ער געווארען א מושלם, ער האט געלערנט פערשיעדענע לשונות אונ איז אים שטאנד געוועהן צו פערנעהמען א בכבוד'ן פלאץ צווישען די קריסטליכע געלעהרטע, וואס האבען ארומגערינגעלט מענדעלסזאהן. — די אויגען זיינע זענען געזונד געווארען, אונ עס איז איהם אויך ליכטיג געווארען. אז ער האט זיך געלאזט פאהרען פון בערלין א היים, האט ער זיך אבגעשטעלט אין בראדי; דארט האט ער געפונען ר' נחמן קראכמאל אונ ר' יוסף פעריל, וואס זענען נאך דעמאלט געוועהן יונגע לייט. ער האט זיי געוויזען א וועג פון בילדונג אונ איהם האט מען צו פערדאנקען אלדינג וואס די צוויי גרויסע מענשען האבען געטהון פאר די יודען פון גאליציען. ביי דעם אללעמען איז ער מיט דער הלבשה אונ דער גאנצער הנהגה געבליבען דער איינענער פראסטער פוילישער יוד, וואס ער איז פריהר געוועהן, ווייל ער האט ניט געוואלט איבערמאכען דאס מיט וואס ער איז פון קינדערווייז אן געוואהנט געוועהן, ער האט געזאגט אז דער עיקר איז דער מענש אליין, ניט זיינע קליידער. שפעטער מיט עטליכע יאהר האט ער זיך בעזעצט מיט זיין משפחה אין פאדאליען אין א קליין שטאדטעל מיקאלאיעוו, וואס האט

געהערט צום פוילישען פירסט אדאם טשארטאריזשסקי. דארט האט זיין ווייב געהאלטען א קלייטעל פון טאפ און האט מפרנס געוועהן דאס הויזגעזינד, און ער פלעגט זיך זיצען אין דער היים און לערנען. דער פירסט האט געוואהנט אין מעזיבוז, נאר אפט פלעגט ער אריינקומען קיין מיקאלאיעוו און האט ליעב געהאט ארומצוגעהען איבער דעם מארק און רעדען מיט די יודען. אמאל איז דער פירסט דורכגעגאנגען נעבען ר׳ מענדיל׳ס ווייב׳ס קלייטעל און האט עפיס בעמערקט ווי עס וואלגערט זיך א דייטשעס בוך. ר׳ מענדיל פלעגט אפט קומען העלפען דעם ווייב, ווען עס זענען געוועהן אסך קונים, און אזוי ווי ער האט פיינד געהאט לעדיג צו זיצען פלעגט ער מיט נעהמען מיט זיך ספרים ער זאל האבען אין וואס אריינצוקוקען. פריהר מיט א טאג איז ר׳ מענדיל גראד געוועהן אין קלייטעל און האט דארט פערגעסען א מאטהעמאטיש בוך, וואס האט זיך דעם פירסט געווארפען אין אויג. ער האט אנגעהויבען פרעגען ווי קומט אהין אזא בוך, און מען האט איהם דערצעהלט, אז אין שטאדטעל געפינט זיך א יוד, וואס בעשעפטיגט זיך גאנצע טאג מיט אזעלכע ספרים. דער פירסט איז נייגיעריג געוועהן זיך צו בעקענען מיט דעם יודען, און אז ר׳ מענדיל לעפין איז צו איהם געקומען האט ער ביי איהם שטארק נושא חן געוועהן און עס האט איהם זעהר געפאלען וואס ער זעהט פאר זיך א תלמיד פונ׳ם בעריהמטען מענדעלסאהן, פון וועלכען ער האט שוין געוואוסט. פון דעמאלט אן איז ר׳ מענדיל לעפין געווארען א בן בית ביים פירסט טשארטאריזשסקי; ער האט מיט איהם געלערנט מאטהעמאטיק און האט פון זיינעטוועגען געמוזט איבערזעצען אויף פראנצאזיש קאנט׳ס פילאזאפיע. שפעטער האט איהם א גרויסער גביר ר׳ אברהם פרץ ארויסגענומען קיין פעטערסבורג פאר א לעהרער צו זיינע קינדער, און זיין מעמד איז געווארען גאר גוט, האטש זאמלען געלד האט ער ניט געקאנט און יעדען איבריגען גראשען האט ער צוטהיילט ארעמע לייט. פון זיינע ספרים זענען בעקאנט: „אגרות חכמה“ וועגען נאטור־וויסענשאפטען, „רפואת העם“ וועגען מעדיצינישע מיטעל און באבסקי רפואות, „חשבון הנפש“ וועגען די מדות וואס יעדער מענש דארף זיך לערנען, און „אלון מורה“ א ריינע איבערזעצונג אויף לשון קודש פונ׳ם „מורה נבוכים“. אויסער דעם האט ער געשריבען פראסט יודיש און האט זיך ענטשלאסען ארויסצוגעבען א נייע איבערזעצונג פון גאנץ תנ״ך; עס איז איהם אבער געראטהען נאר אבצודרוקען „משלי“ און האט דערמיט אויך אנגעמאכט א שטארקען רעש. דעמאלט האבען אללע געבילדעטע געוואלט אז

יודען זאלען רעדען ריין דייטש אונ זאלען פלוצלונג אװעקװארפען די פער־דארבענע יודישע שפראכע, נאר זיי האבען פערגעסען איין זאך, אז א גאנץ פאלק איז שװער איבערצומאכען אין איין טאג, אונ א מאל העלפען ניט הונדערטער יאהרען אונ מען קאן ניט פערניכטען א לשון װאס עטליכע מיליאנען מענשען בענוצען זיך מיט איהם. דערפאר האט זיך ר׳ מענדיל לעפין ניט געלאזט נארען; נאך אז ער איז געװעהן אין בערלין אונ האט געזעהען מיט װאס פאר א מיה עס איז אנגעקומען מענדעלסאהן צו פערשפרייטען זיין דייטשע איבערזעצונג פון דער תורה צװישען די יודען. ער איז ביי זיך אויך ניט אראבגעפאלען װען ר׳ טוביה פעדער האט געמאכט א געװאלד אונ איז אויף איהם אנגעפאלען אין א בעזונדער ספר „קול מחצצים", װאו ער האט פארגעשטעלט אז אין גן עדן זיצט א גאנצער בית דין אונ ר׳ משה מענדעלסאהן אלליין װיל איהם פערמישפט׳ן פאר דער עולה װאס ער האט געטהון. ר׳ מענדיל לעפין האט זיך אויסגעלאכט דערפון, ער האט זיך רוהיג אבגעלעבט זיינע אכט אונ זיבציג יאהר אונ איז געװעהן זיכער, אז אויף יענער װעלט װעט ער זיין בעריהמטען רבי׳ן ניט אנטהון קיין חרפות בושות דערמיט װאס ער האט געװאלט, אז יעדער פראסטער יוד זאל אויך קאנען געװאהר װערען פון נוצליכע אונ ליבטיגע געדאנקען.

מענדעלסאהן׳ס תלמידים האבען זיך איבערהויפט פערשפרייט איבער גאנץ אייראפא אונ יעדער האט צוטראגען פון בערלין די פרעהליכע בשורה צו זיך אהיים, אז עס איז טאג געװארען אונ אז איצט איז שוין אין די יודען אלליין געװענד זיי זאלען להלוטין פערטרייבען דאס פינסטערניש אונ שניידען זיך מיט בילדונג א נייעם װעג צװישען די פעלקער. איינער פון מענדעלסאהן׳ס פייערינסטע אנהאנגער איז געװעהן ר׳ דוד פרידלאנדער אין קעניגסבערג, אונ אז ער האט געהאט די זכיה איהם אהין אראבצוברענגען אויף עטליכע טאג אונ בעטראכטען דעם גרויסען כבוד װאס אללע קריסטליכע געלעהרט אונ פראפעסארען האבען איהם אבגעגעבען, דער בעריהמטער פילאזאף קאנט האט איהם געקושט פאר אללע אין די אויגען), איז ביי איהם געבליבען ער זאל זיין גאנץ פערמעגען אװעקגעבען אבי די דייטשע יודען זאלען זיך קאנען בילדען. דערפאר האט ער אונ אויך זיינע דריי זיהן ניט געזשאלעװעט קיין געלד אויף אפנען שולען, אונ די משפחה „פרידלאנדער" האט געשפיעלט די גראסטע ראללע. ביי איהם אין שטוב זענען אויסגעװאקסען צװיי גרויסע

לייט, ר׳ יצחק אייכעל אונ ר׳ מענדיל ברעסלוי; ער האט זיי פריהר געהאלטען פאר מלמדים צו זיינע קינדער אונ דערנאך האט ער זיי געגעבען מיטעל זיי זאלען אנהויבען דרוקען דעם העבראישען זשורנאל „מאסף" (דער פערזאמלער).

דער ערשטער „מאסף" איז נאך ארויס פאר מענדעלסזאהן׳ס לעבען, ווייל דאס איז אייגענטליך געווען זיין געדאנק אז מען זאל נוצליכע זאכען שרייבען אין העבראישען אונ די יודישע געלעהרטע זאלען האבען א מיטעל-פונקט, וואו אללע זייערע כוחות זאלען זיך קאנען ארויסווייזען. אויסער ר׳ נפתלי הירץ וויזעל, וואס האט זיך בעריהמט געמאכט מיט זיין „שירי תפארת" אונ איז געשטארבען אויפ׳ן אכטצינסטען יאהר, האבען אין „מאסף" געארבייט ר׳ יואל לאווע, ר׳ אהרן וואלפסאהן, ר׳ יוסף הייילפערן, ר׳ יוסף פייט, ר׳ איציק סאטאנוב, ר׳ וואלף היידענהיים אונ אויך ר׳ יהודה ליב בן-זאב, וואס האט אנגעשריבען די בעסטע העבראישע גראמאטיק, „תלמוד לשון עברי". דער „מאסף" האט אויך געהאט אין פראנקרייך א מיטארבייטער — דאס איז געווען ר׳ משה ענסהיים, וואס האט זיינע יונגע יאהרען פערבראכט ביי מענדעלסזאהן אונ האט געלערנט מיט זיינע קינדער. ער איז געווען אזא בעריהמטער מאטהעמאטיקער, אז אפילו דער גרויסער אסטראנאם לאפלאס האט געהאלטען פון איהם אונ האט איהם שטאנדיג געלויבט.

נאך מענדעלסזאהן׳ס טויט האבען אין בערלין זעהר פיעל געטהון פאר דער יודישער בילדונג זיינע צוויי תלמידים, ר׳ אליעזר בן-דוד, וואס מען האט איהם געוואלט מאכען פאר פראפעסאר ווען ער זאגט זיך אב פון יודישקייט, אונ מארקוס הערץ, וואס איז געווארען איינער פון די בעליעבסטע בערלינער דאקטוירים אונ וואס זיין הויז פלעגט צו זיך צוציהען די גראסטע געלעהרטע קריסטען פון יענער צייט, בעזאנדערס האט געשפיעלט א גרויסע ראללע זיין פרוי הענריעטע הערץ, א טאכטער פון א שפאנישען יודישען דאקטאר ר׳ בנימין די-לעמאס. ווייל זי איז געווען אי שאן, אי געלערנט אונ נאטט האט זי געבענשט מיט אללע מעלות וואס גיבען דעם מענשען חן ביי אללע אין די אויגען. צו הענריעטע הערץ פלעגען זיך צונויפקומען דיכטער, פילאזאפען, נאטורפארשער אונ אפילו דער גראף מיראבא, וואס האט אזוי פריינדליך בעהאנדעלט יודען, איז ביי איהר געווען א אפטער גאסט. נאך צוויי חברה׳עס האט זי געהאט: דאס זענען געווען רחל לעווין אונ

דארטאטהע מענדעלסזאהן, ר׳ משה׳ס טאכטער, אונ זייערע גוטע פריינד פלעגען ניט איין מאל זיך ברעכען דעם קאפ איבער דער שאלה: ווער פון די דריי פרויען איז שאנער אונ קליגער. אין יענע יאהרען איז די געצאהלטע יודען פון בערלין געוועהן זעהר גוט, די גראסטע קאנטארען, די בעסטע פאבריקען האבען זיך געפונען ביי זיי אין די האנד, אונ אזוי ווי זיי האבען געזוכט מעהר התקרבות צו דער געלעהרטער וועלט אונ ניט צו די עדעללייט אונ מיוחסים האט דאס געבראכט דערצו וואס זיי אלליין האבען פיעל געארבייט, אז אויך זייערע ארעמע ברידער יודען זאללען געבילדעט זיין, אונ מען קאנן זאגען, אז זיי האבען פאר יענער צייט פאר דערבילדונג צווישען יודען פיעל געטהון.

אז א מענשען איז גוט אויפ׳ן הארץ, וויל ער אז עס זאל ניט זיין אפילו קיין זכר פון אזעלכע געזעצע, וואס וואלטען איהם געקאנט שטערען, אונ ער קאן אפילו ניט ליידען אז זיי זאלען בלייבען זאגאר אויף פאפיער. דאס אייגענע איז אויך געוועהן מיט די בערלינער שוטץ-יודען: זיי זענען אללע געוועהן זעהר רייך, עס האט ביי זיי גאר ניט אויסגעמאכט וואס מען פארדערט ביי זיי גראסערע נתינות ווי ביי אנדערע, זיי וואלטען נאך דריי מאל אזוי פיעל געגעבען, ווען מען מאכט ניט פון זייערטוועגען א שאנדליכע אויסנאהמע. די יודען האבען דעמאלט געמוזט צאהלען א בעזונדער מס אונ א חוץ דעם האט זיי די מלוכה גענייטה זיי זאלען פערקויפען קיין אויסלאנד פאר טהייערע מקחים זעהר שלעכטע סחורה, וואס מען פלעגט מאכען אין אידרע פאבריקען. עס האט זיי ניט געארט וואס זיי האבען געמוזט צו דער סחורה דערלעגען, נאר די בושה זייערע איז גרויס געוועהן, ווייל נאר זיי האבען געהאט דעם חיוב צו פערזארגען שלעכטע סחורה אין דער פרעמד אונ אויף אזא אופן רייך מאכען די מלוכה. אז פרידריך ווילהעלם דער צווייטער איז געווארען קאניג אונ מען האט געהערט פון איהם, אז ער איז א גוטהערציגער מענש, האבען זיך די יודען געפרוווט קומען צו איהם מיט א בקשה ער זאל מבטל זיין די אלטע גזרות; ער האט דווקא צוגעזאגט אונ האט געהייסען אויסקלויבען עטליכע לייטישע יודען, וואס די מלוכה זאל קאנען מיט זיי איבעררעדען וועגען אללע פעראנדערונגען, וואס זענען נאטהיג צו מאכען אינ׳ם לעבען פון די דייטשע יודען. דעם בעזונדערן יודישען מס האט מען באלד אבגעשאפט, דאס פערקויפען פון שלעכטע סחורה האט אויך אויפגעהערט אונ די מלוכה איז מוסכם געווארען בעסער מיט א מאל נעהמען דערפאר דרייסיג

טויזענד טהאלער, נאר אז די יודען האבען אנגעהויבען שרייען אז זיי װאלען האבען אללע רעכטע גלייך מיט אללע, דיענען ביי דער קרוין און בעקומען אפילו פראפעסאר שטעללען, דעמאלט האבען זיך די שונאי ישראל אומגעקוקט און אללע יודישע האפנונגען האבען זיך אויסגעלאזט מיט גאר ניט. פון דערסטוועגען זענען די בערלינער יודען ביי זיך ניט אראבגעפאלען און האבען ניט אויפגעהערט צו ארבייטען װעגען בילדונג, ווייל זיי האבען פעסט געגלויבט אז נאר מיט עדעלקייט און קענטניסע קאנען זיי זיך קויפען ליעבשאפט ביי די קריסטען. ר׳ דוד פרידלאנדער האט געשיט מיט געלד און האט אויסגעהאלטען די ערשטע בערלינער יודישע שולע, וואו פינף הונדערט יודישע קינדער -ען בעקומען איינע גוטע ערציהונג, האטש ר׳ נפתלי הירץ וויזעל איז ניט אזוי געװעהן צופריעדען דערפון, ווייל אין דער שולע האט מען ניט שטארק אכטונג געגעבען אויף יודיש לערנען און פרעמדע לשונות זענען געװעהן דער עיקר. אויסער דעם האט ר׳ דוד פרידלאנדער איינגעפיהרט אבעזונדער דרוק, װאס האט אללע יאהר ארויסגעלאזט טויזענדער נאטהיגע ביכער און וואו ר׳ יצחק אייכעל האט אבגעדרוקט זיין דייטשע איבערזעצונג פון׳ם סדור. די שולע און די דרוק — דאס זענען געװעהן צוויי זיילען, אויף װעלכע עס האט זיך געהאלטען דער גאנצער בנין פון דער יודישער בילדונג, װאס האט זיך פון בערלין פערשפרייט כמעט איבער גאנץ אייראפא.

װען די פרומע זענען ניט צופרידען געװעהן פון די געבילדעטע נאך בעת מענדעלסזאהן האט געלעבט און האבען איהם הושד געװעהן אין אפיקורסות, האטש ער האט זיך געפיהרט זעהר יודישלעך און האט אויף קיין שריט ניט אבגעטרעטען פון׳ם „שלחן ערוך", האבען זיי שוין שפעטער אודאי געהאט אויף װאס צו שרייען, װען עס איז אונטערגעװאקסען אנייער דור, װאס האט שוין טאקי געװאלט לעבען א ביסעלע פרייהער, און װאס איז ניט געפאלען אפילו אזא מענשען װי ר׳ נפתלי הירץ וויזעל, װעלכער האט צו זיין גרויסען פערדרוס איינגעזעהן, אז זיי זאגען זיך שוין צופיעל אב פון יודישקייט און קאנען פערקריכען גאנץ ווייט. אזוי זענען געװארען צוויי צדדים מיט א שרעקליכער שנאה איינער צום אנדערן: די פרומע האבען געארבייט מעשים און האבען געליארמט, אז מען טאר גאר ניט שטעהען אין די ד׳ אמות פון די „בערלינער רשעים". און די אויפגעקלאהרטע האבען זיך ניט געקימערט װעגען זייער פריינדשאפט, זיי האבען זיך מעהר צוגעלאזט צו די קריסטען, און אזוי װי זיי האבען געפונען צווישען זיי גענוג גוטע ברידער, האבען זיי

זיך אללע מאל מעהר דערווייטערט פון יודען אונ פון דעם יודענטהום. בע־
זאנדערס איז געוואָרען גרויס דער רעש צווישען די רבנים פון אסטערייך,
ווען די מלוכה איז אויך געקומען צום שכל, אז עס איז גלייכער די יודען
זאלען זיין געבילדעט, אונ האט אנגעהויבען אכטונג געבען אויף זיי אונ ניט
דערלאזען זיי זאלען לעבען אבגעזונדערט פון אללע. אז מען האט פערוועהרט
די יודען זיי זאלען ניט טאָרען מקבר זיין זייערע מתים באלד אויף דער הייסער
שעה, נאך עהדער מען ווייסט צו איז דער מענש באמת געשטארבען, אדער
ער האט נאר אויף א קורצער צייט אויפגעהערט צו אטהעמען, אונ דער
פרעדיגער פון פראג ר' אליעזר פלעקעלס האט געשריגען, אז דאס איז
זעהר א נאטהיגע תקנה. האט דער בעריהמטער רב ר' יחזקאל לאנדא
אנגעמאכט אזא געוואלד, גלייך ווי צו ליעב דעם וואלט די יודישע אמונה
געוועהן אין דער גרעסטער סכנה. אזוי האט זיך מיט יעדען טאג פארגרעסערט
דער האס וואס האט אבגעטהיילט ביידע צדדים, אונ דער אבגרונד צווישען
זיי איז געוואָרען אללע מאל טיעפער. די צאהל פון די אויפגעקלאהרטע איז
אבער געוועהן זעהר קליין אונ די גאנצע מאכט איז פארט געוועהן ביי די
פרומע אין די האנד: זיי זענען געוועהן די פארשטעהער פון די קהלות, זיי
האבען געפיהרט אללע יודישע חברות, זיי זענען געוועהן גבאים פון בקור
חולים אונ פון דער חברה קדישא. אוודאי אז עס האט בעדארפט אין א נויטה
איינער פון די אויפגעקלאהרטע אנקומען צו זיי, האבען זיי איהם געוויזען
זייערע תקיפות אונ ביטער איז שוין געוועהן דעם דאזיגען, וואס האט געמוזט
צו זיי אין א נויטה אנקומען. דאס האט ארויסגעפיהרט עטליכע פון די בערלינער
יודישע געלעהרטע, ווי אייכעל אונ וואלפסאהן, אויף דעם געדאנק
זיי זאלען מאכען א בעזונדער חברה, וואס אללע חברים זאלען זיך רעכנען
ווי געבאָרענע ברידער. איינער פאר'ן אנדערן זאל זיין פערטיג צו געהען אין
פייער, אונ די רייכע זאלען שטיצען די אָרעמע, כדי מען זאל ניט מורא האבען,
אז ביי א קראנקהייט זאל ניט זיין וואו א קאפ אנידערצולעגען אונ ביי א קבורה
זאלען די פרומע זיך פערשפארען מתעסק זיין אונ זיך נוקם זיין אין די טויטע
פאר די לעבעדיגע. מענדעלסזאהן'ס עלטערער זוהן, ר' יוסף, האט זיי דערצו־
געהאלפען, אונ עס איז טאקי געוואָרען אזא חברה. דאס אומגליק איז אבער
געוועהן, וואס די דאזיגע חברה האט א סך יודען אין גאנצען דערווייטערט פון
זייערע ברידער. געטריי אונ איבערגעגעבען דעם יודענטהום זענען נאר געבליבען
די יודישע געלעהרטע, וואס זייערע גרויסע קענטניסע אין תורה אונ תלמוד

האבען זיי שטארק צוגעבונדען צו זייער פאלק און צו זייער גלויבען; ביי די דאזיגע אבער, וואס זענען שוין אויפגעוואקסען מיט נייע געדאנקען, איז דער בונד צו דער נאציאן און צו דער רעליגיאן געווארען זעהר שוואך, און זיי האבען נאר אזוי פיעל געוואוסט, אז זיי זענען יודען, וואס מען האט זיי אפט דערמאנט אז זיי האבען ניט קיין גלייכע רעכטע מיט אללע. אודאי האבען זיי זיך לאנג ניט געקאנט האלטען, ביי אזעלכע איז אויסגעקומען, אז זיי ליידען נאר אומזיסט, קיין ציעל פאר די אויגען האבען זיי ניט געזעהען, פאר וואס און פאר וועמען זיך לאזען שלאגען האבען זיי ניט געהאט, ווייל זיי זענען ווענינג בעקאנט געוועהן מיט דעם גייסט, וואס האלט אויף די יודישע נאציאן, און בישלעכווייז האבען זיי אנגעהויבען אראבווארפען פון די פלייצעס דאס פעקעל צרות און איבערגעהען אהין, וואו מען האט זיי אויפגענומען מיט פריינדשאפט און מען האט זיי געגעבען פאלקאמענע פרייהייט. דעמאלט האבען זיך זעהר פיעל יודען אויסגעטויפט, און מען קאן זאגען, אז כמעט די האלפט פון די בערלינער קהלה איז איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום. ר' דוד פרידלאנדער מיט נאך א גאנצער חברה פון די בערלינער גבירים האבען אויך געוואלט מאכען דעם שריט, ווייל עס איז זיי ניט אנגעשטאנען זיי זאלען נאך אלץ זיין שוטץ-יודען און די פאליציע זאל זיי אללע מאל זאגען אדעה, אז דאס מאגען זיי און יענץ טארען זיי ניט, נאר אזוי ווי זיי האבען זיך געשטעלט דינגען מיט די גייסטליכע, און האבען געזאגט, אז ניט אללע יסודות פון דער קריסטליכער אמונה קאנען זיי אננעהמען, האט מען זיי אבגעזאגט, און זיי האבען געמוזט בלייבען יודען. דאס פערשטעהט זיך, אז די דריי בעריהמטע יודישע פרויען, דאראטהעא מענדעלסזאהן, רחל לעווין און הענריעטע הערץ, וואס האט דערלעבט איין עלטער פון דריי און אכטציג יאהר, האבען אויך ניט געקאנט זיך האלטען פעסט אין דעם יודענטהום, וואס האט געשאלטען מיט ביטערע קללות און חרמות געגען דעם וואס איז זיי אזוי היילינג געווארען, און זענען אויך אריבער אויף דער זייט, וואו די גראסטע געלעהרטע קריסטען האבען זיי ארומגערינגעלט מיט ליעבע און כבוד.

די פרומע רבנים האבען ניט געוואלט וויסען, אז אין דעם אללעמען האבען זיי טאקי אליין א שטארקע שולד געהאט..... דאס ווילדע עקשנות, וואס האט שוין ביי יודען געגוג קרבנות אויסגעריסען, האט זיי ניט געלאזט זיך בעסער צוקוקען און פערשטעהען, אז ניט אללע פאדעמס זענען איבערגעריסען,

אַז דאָס הייסע יודיש האַרץ איז נאָך בּיי פיעל געבּליבּען, און אַז דוקא דאָרט, וואו עס ווייזט זיך אויס, אַז דער לעצטער פונק פון יודישקייט איז פערלאָשען געוואָרען, גלאַנצט אין דער פינסטערע ווי אַ ליכטיגער שטערן דאָס פּינטעלע יוד, דאַריבּער האָבּען מיט זייערע קללות ניט בּעדאַרפט אַזוי פערטרייבען פון זיך דעם נייעם יונגען דור, איהם אַדרבּה מקרב זיין מיט גוטען און לאָזען יעדען זיין אַ יוד ווי זיין יודיש האַרץ הייסט איהם.

---

## 3 די ישועה פון — פראַנקרייך.

(1789—1806 נאָך קריסטוס געבּורט).

כמעט אין דעם אייגענעם יאָהר, וואָס די בּערלינער אויפגעקלעהרטע יודען זענען שוין געשטאַנען אַזוי ווייט, אַז זיי זענען פערטיג געוועהן זיך אין גאַנצען אויסצושפּאַנען פון׳ם עול און מיט אַמאָל אַראָבּוואַרפען פון זיך די שווערע משא פון יודישקייט, האָט זיך אין פראַנקרייך אָנגעהויבּען אַ רעוואָלוציאָ, וואָס האָט אַללע פריהריגע אָרדנונגען איבּערגעקעהרט מיט׳ן קאָפּ אַראָבּ, און די יודען האָבּען פּלוצלונג בּעקומען אַזאַ הילף, וואָס קיינער האָט זיך גאָר דאַרויף ניט געקאָנט רעכנען. דאָס וואָס איז בּיי מענדעלזאָהן געוועהן גאָר אַ ליעבּע האָפנונג, דאָס וואָס דאָהם האָט אויסגעמאָלט מיט די שאָנסטע פאַרבּען ווי אַזאַך וואָס וועט אַמאָל געשעהען שפּעטער מיט הונדערטער יאָהרען, דאָס אַלדינג איז מקוים געוואָרען אין פראַנקרייך גאָר ניט געריכט. בּיי די יודען איז געוואָרען ליכטיג אין אַללע ווינקעלעך, און אַזוי ווי אין אַזיסען חלום האָבּען זיי דערזעהען פאַר זיך אַ געשטאַלט פון אַ ריז, פון נאַפּאָלעאָן בּאָנאַפּאַרטע, וואָס האָט חשק געהאַט אפילו אָבּצוגעהמען פאַר די יודען ארץ ישראל און ווערען פאַר זיי דער צווייטער כּורש.

די התחלה אין פראַנקרייך האָט געמאַכט אַ עדלער יוד, ר׳ הירץ מעדעלסהיים, אָדער סערף-בּער, איינער פון די דאָזיגע זעלטענע גבירים, וועלכע קוקען ניט דאַרויף וואָס זיי אַלליין איז גוט, און חאָטש זיי פיהלען ניט דעם גלות, פערגעסען זיי ניט זייערע געמיינע בּרידער און זוכען אַללע מיטעל אַז זיי אַלליין זאָלען ניט זיין קיין יחידים נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבּען געלד, און זיי ווילען בּעסער געהאָלפען ווערען צווישען כלל ישראל.

סערף-בער פלעגט צושטעלען קריגס-מיטעל דער פראנצאזישער ארמעע. אונ צו ליעב דעם האט ער זיך געמוזט אפט געפינען אין אזעלבע ארטער, וואו עס האט ניט געטארט קיין פוס פון א יודען אריינקומען. דאס ערשטע מאל האט מען איהם ערלויבט צו בלייבען אין שטראסבורג אגאנצען ווינטער, אונ אזוי ווי די מלוכה האט געזעהען, אז ער איז איהר זעהר נוטצליך האט מען איהם ניט געטשעפעט, אונ ער האט זיך דארט בעזעצט מיט דער גאנצער משפחה. קוים האט ער געפיהלט, אז מען רעכענט איהם שוין אין שטראסבורג פאר א היימישען, אונ ער האט טאקי פונ׳ם קאניג בעקומען דאס רעכט צו בויען הייזער אונ קויפען ערד, האט ער באלד געמאכט עטליכע פאבריקען אונ האט אויסגעשריבען יודישע ארבייטער, כדי ער זאל, ערשטענס, זיינע ארעמע ברידער געבען צו פערדיענען א ערליך שטיקעל ברויט, אונ צווייטענס, ווייזען די קריסטען אז יודען זענען פעהיג צו אלערליי מלאכות אונ קאנען לעבען ניט נאר פון שווינדעל. די דייטשע איינוואהנער פון שטראסבורג האבען אבער אנגעהויבען קוקען דארויף קרום, זיי האבען פשוט מורא געהאט עס וועט פאר זיי ווייניגער בלייבען ווען יודען וועלען האבען פרנסה, אונ זיי האבען זיך גענומען ארבייטען ביי דער מלוכה מען זאל די עטליכע יודען ארויסטרייבען פון דארט. סערף-בער איז געוועהן איינער פון מענדעלזאהן׳ס לייט, ער זיין דייטשע איבערזעצונג פון דער תורה פערשפרייט אין פראנקרייך, אונ אז עס איז ארויס דאהם׳ס בוך וועגען יודען האט עס איהם, מן הסתם, מענדעלזאהן באלד צוגעשיקט אונ עס איז גראד אקוראט אויסגעקומען אין דער צייט, ווען די שטראסבורגער איינוואהנער האבען אנגעהויבען ליארמען, אז די יודען מאכען זיי אומגליקליך. דעמאלט איז געבליבען ביי סערף-בער׳ן ער זאל דאהם׳ס בוך איבערזעצען אויף פראנצאזיש אונ דערמיט בעקאנט מאכען די מלוכה. דאס האט טאקי געמאכט א שטארקע ווירקונג, אונ אזוי ווי די יודען פון עלזאס אונ לאטרינגען האבען זיך נאך פריהר געקלאגט אויף זייער ביטערע לאגע, האט דער קאניג לודוויג דער זעכצעהנטע באלד געהייסען זיי בעפרייהען פונ׳ם בעזונדערן יודישען מס, אונ אחוץ דעם האט ער געזעצט א קאמיסיע, מען זאל בעטראכטען ווי אזוי צו פערבעסערן דעם מעמד פון די יודען אין פראנקרייך, אונ מען זאל אויסהערען די מיינונגען פון סערף-בער אונ ר׳ יצחק בער, וואס האבען זיך גערעכענט פאר פארשטעהער פון די עלזאסער יודען, אונ פורטאדא, וואס איהם האבען אויסגעקליבען די ספרדים פאר א מליץ ישר, אונ וואס האט דערנאך געשפיעלט

זעהר א גרויסע ראללע ביי דער מרידה (רעוואלוציאן), וואס איז געווארען אין פראנקרייך.

נאר אסך מעהר נאך פון די יודישע פארשטעהער האבען געארבייט פאר דעם יודישען פאלק צוויי בעריהמטע קריסטען: דער גראף מיראבא אונ דער גייסטליכער גרעגואר. נאך די פאר יאהר וואס מיראבא האט פערבראכט אין בערלין אונ איז דארט צוגעבונדען געווארען מיט דער עדעלסטער פריינדשאפט צו מענדעלסזאהן'ס תלמידים אונ צו אללע גרויסע יודישע געלעהרטע, איז ער צוריקגעקומען קיין פאריז א אמת'ר אוהב ישראל, ווייל ער האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהען וואס פאר א מענשען זיי האבען ארויסגעגעבען אין דייטשלאנד, וואו זיי זענען נאך גענוג פערפאלגט, אונ ער האט פערשטאנען וואס פון זיי קאן ווערען, ווען מען וועט זיי לאזען פריי אויפהייבען א קאפ. ער האט באלד ארויסגעלאזט אים יאהר 1787 א בוך „וועגען מענדעלסזאהן אונ דער פערבעסערונג פון דער יודישער לאגע" אונ האט אויסגעוויזען אז אללע חטאים, וואס מען האט פאר זיי די יודען שוין מעהר פון טויזענד יאהר געברענט אונ געבראטען, פאלען אויף די קאפ פון זייערע שונאים, וועלכע מען מוז נאר בעטראכטען ווי פשוט'ע רוצחים. מיראבא האט ניט איבערגעלאזט איין שאלה, וואס די יודענפיינדע פרעגען געוואהנליך אונ ווילען גאר קיין תירוצים ניט אויסהערען; זיינע ווארטער האבען אבער געהאט א ווערטה אונ אז ער האט זיך גענומען צו א זאך, האט מען געוואוסט, אז ער האט דערביי קיין אנדער מיין ניט נאר צו זאגען דעם אמת. „קוים ווילט איהר — האט מיראבא געשריבען אין זיין בוך — אז יודען זאלען ווערען בעסערע מענשען אונ נוצליכע קינדער פונ'ם לאנד, מוזט איהר מאכען זיי זאלען זיך פיהלען פריי אונ גלייך מיט אללע, עס זאל ניט זיין קיין חלוק צווישען זיי אונ אנדערע. זיי זאלען מאגען אלדינג טהון, מיט יעדער זאך זיך בעשעפטיגען אונ פערשפארען זיך אזוי צו ערנידריגען מיט פרנסות בזויות, זיי זאלען אלליין ארויסזעהען אז זיי קאנען בלייבען געטריי זייער גלויבען אונ פארט ארבייטען צוזאמען מיט'ן כלל פאר דער טובה פון דער מדינה, וואס בעהאנדעלט זיי ניט ווי קיין שטיפמאמע אונ רעכענט זיי פאר אייגען בלוט אונ פלייש. „אונ ווען אפילו איהר זאלט רעכט האבען מיט דעם וואס איהר שרייעט, אז די יודען זענען אצונד פערדארבען אונ אז ערשט שפעטער מיט עטליכע דורות קאנען זיי זיך פערדיענען די פרייהייט וואס איז אזוי נאטהיג פאר זיי אונ טאקי פאר אייך, מוזט איהר טאקי שוין אנהייבען פערבעסערן זייער לאגע,

כדי עס זאל זיך ניט פערציהען ווייטער אונ שפעטער זאל נאך שווערער ווערען צו העלפען. מיט אזעלכע פייעריגע רעד האט זיך מיראבא געווענדעט צום פאלק, אונ מען מאג זאגען, אז זיינע ווארטער זענען ניט געגאנגען לאבוד אונ האבען אין פראנקרייך אויפגעוועקט די שאלה וועגען די יודען. נאר מיראבא האט די שאלה געשטעלט אזוי, אז די מלוכה האט געמוזט מודה זיין אז די יודען-פראגע איז וויכטיגער פאר די פראנצאזען ווי פאר די יודען אליין.

די שונאי ישראל האבען אבער אויך ניט געשוויגען אונ דאס גאנצע געשריי איז געגאנגען פון עלזאס. דארט זענען שוין די יודען מיעד געווארען איבערצוטראגען די שרעקליכע צרות, אונ זייערע קרעכצען האבען זיך געלאזט הערען גאנץ ווייט; דאס האט ניט געטויגט די שונאים, אונ זיי האבען זיך ענטשלאסען אנצומאכען אזא רעש, אז מען זאל ניט וויסען פון וואנען די קולות קומען אונ וועמען עס טהוט באמת וועה. זיי האבען אנגעהויבען גאר שרייען, אז זיי זענען אונגליקליך, אז זיי קאנען פון די יודען שוין ניט אויסהאלטען, אז די יודען זויגען זיי אויס אונ מאכען גאר פון זיי אתל, אונ איינער פון זיי האט אפגעדרוקט אין מעץ א ביכעל וואס האט געהייסען „א געשריי פון איינוואהנער געגען די יודען" אונ וואס איז געווען פול מיט גאל. עס האט זיך אפילו באלד אפגעזוכט א געלעהרטער יוד ר' ישעיה בער בינג, וואס האט אויסגעוויזען, וואס פאר א נארישע שקרים עס געפינען זיך אין דעם דאזיגען ביכעל, נאר די שונאים האבען ניט געהאט קיין שטארקע בושה: אט האט מען איינעם געכאפט אין א ליגען אונ אט זענען אויף זיין ארט אויפגעשטאנען אנדערע צעהן וואס האבען די אייגענע ליגענס נאך מעהר צוגעקייעט אונ עס איז זיי גאר ניט אנגעגאנגען וואס קלוגע אונ ערענטליכע מענשען האבען פון זיי געלאכט, ווייל זיי האבען גוט געוואוסט, אז דער פראסטער עולם וועט זיי קיין קשיות ניט פרעגען. ביי זיי וועט אלדינג זיין א תורה אונ מען וועט זיי נאך האלטען פאר גרויסע בעלי טובה. אזוי איז געווארען א גאנצער מבול פון ביכער געגען יודען אונ עס איז פשוט נמאס געווארען צו לעזען. דאס האט געצוואונגען „די קאניגליכע געזעלשאפט פיר וויסענשאפט" אין מעץ מען זאל פארלעגען די בעסטע פראנצאזישע שרייבער זיי זאלען אנשרייבען א אנפער אויף דער שאלה: „צו זענען דא אזעלכע מיטעל, וואס מיט זיי זאל מען די יודען פון פראנקרייך קאנען גליקליכער אונ נוצליכער מאכען?" אונ וועמעס תשובה עס וועט זיין בעסער דער זאל בעקומען א בעלאהנונג. ניין תשובות

זענען אנגעקומען, זיבען פון זיי האבען געערדט נאר גוטעס אויף יודען, און בעזאנדערע האבען זיך דעמאלט אויסגעצייכענט מיט זייערע עדלע געדאנקען צוויי גייסטליכע, גרעגואר און דע־לא־לוז: זיי האבען געשריגען, אז מען דארף גאר קיין סך ראיות ניט ברענגען, יודען זענען גלייך מיט אללע אנדערע ברואים און אויב זיי זענען טאקי באמת פערדארבען זענען נאר די קריסטען אין דעם שולדיג, און פון זיי אלליין הייננט אב דער חסרון צו פערבעסערן.

די תשובות פון די צוויי גייסטליכע, וואס האבען זיך אזוי אנגענומען פאר יודען, זענען ארויס אויף דער וועלט פונקט אין דער צייט ווען דאס פאלק אלליין איז געקומען צום שכל, אז אללע מענשען דארפען זיך רעכנען ווי ברידער און ניט קוקען צו וואס פאר אמונה יעדער געהאר. מיט רעכט האט מען דעמאלט געקאנט מיינען, אז די יודען וועלען אויך אויפגערעכט ווערען, בעזאנדערס ווען אין דער נאציאנאל־פערזאמלונג זענען געזעסען אזעלכע צוויי גוטע פריינד ווי מיראבא און גרעגואר. צום אומגליק איז אבער די צאהל פון די יודען אין פראנקרייך געוועהן זעהר קליין; סך הכל האבען זיי בעטראפען פינפציג טויזענד נפשות, וועלכע זענען געוועהן צוווארפען אין עלזאס, מעץ, פאריז, באררדא און אוויניאן, און צווישען דעם ביסעל איז אויך קיין אחדות ניט געוועהן, די ספרדים האבען זיך געהאלטען פאר די גראסטע מיוחסים, די אשכנזים האבען געשריגען, אז זיי זענען די בעסטע חשובים ביים אויבערשטען, און צו ליעב די דאזיגע פוסטע מחלוקת האבען זיי זיך ניט געקאנט האלטען צוזאמען און צונויפנעהמען זייערע כוחות און ארבייטען לטובת הכלל. אזוי האט זיך די זאך אביסעלע פערצויגען ביז אין לאנד איז געווארען זעהר אונרוהיג. די צורייצטע בויערן זענען אנגעפאלען אויף די פריצים, מען האט געהרג'ט און געראבעוועט און מען האט זיך דער־מאנט, אז עס זענען דא יודען, וואס ביי אזא צייט דארפען זיי די ערשטע זיין אויפ'ן פייער. אודאי האט מען זיך גוט אבגערעכענט מיט די יודען פון עלזאס, מען האט זייערע הייזער פערברענט, צוגענומען זייער פערמעגען און זיי האבען געמוזט נאקעט און בלויז אנטלויפען קיין באזעל, וואו די איי־נוואהנער האבען אויף זיי רחמנות געהאט און מען האט זיי אריינגעלאזט חאטש זיי האבען דארט ניט געטארט וואהנען. דעמאלט האבען זיך די עלזאסער אומגליקליכע יודען געווענדט צו גרעגואר, און ער האט אין דער נאציאנאל־פערזאמלונג אנגעמאכט א גוואלד פאר דער רשעות וואס עס ווייזען ארויס אזעלכע מענשען, וואס ווילען פרייהייט פאר זיך און שקלאווערי פאר אנדערע.

דערווייל האבען זיך טאקי די איבריגע יודען מישב געוועהן: אז עס איז קיי־
תכלית ניט צו זיין שטאנדיג אין א סכנה, אונ האטש זיי האט זיך ניט געגלוסט
זיך אריינמישען אין פרעמדע עסקים האבען זיי זיך ענטשלאסען צוצושטעהען
צו דער רעוואלוציאן אונ פיעל פון זיי זענען אריין אין דער נאציאנאל־גווארדע.
אין באָרדאָ איז אפילו באלד געווארען א יודישער הויפטמאנן אונ אין פאריז
האבען זיך הונדערטער יודען געקויפט א שאנעם נאהמען מיט זייער גבורה.
קוים האט מען געזעהען, אז די יודען ווייזען ארויס אז זיי פערשטעהען אויך
וואס די צייט פערלאנגט, האט מען שוין אין דער נאציאנאל־פערזאמלונג אויפ־
גענומען עלף דעפוטאטען פון זיי, אונ צוויי, גאלדשמיד פון האללאנד אונ
אברהם לאפעץ לאגונא פון פארטוגאל האבען טאקי געעפענט דאס מויל
אונ האבען אנגעהויבען פאָדערן גלייכע רעכטע פאר זייערע ברידער. גרינג
איז דאס אבער ניט אנגעקומען. אז דע־קאסטעלאן האט פארגעלעגט דער
פערזאמלונג, מען זאל מאכען אז קיינעם טאר מען ניט שטערען אונ זאגען א דעה
וועגען זיין אמונה, האבען די עטליכע־קאטאלישע גייסטליכע, וועלכע זענען
אויך געוועהן אין דער פערזאמלונג אנגעמאכט אזא ליארם אז עס איז גאר ניט
געוועהן מעגליך צו רעדען. אומזיסט האט מיראבא געשריגען, אז עס איז גאר
א בושה צו טענה'ן איבער אזא הייליגער זאך ווי די פרייהייט פונ'ם גלויבען,
מען האט ניט געוואלט האָרען, אונ מיט גרויס מיה איז געראטהען ראבא
סאינט־עטיען צו מאכען א פשרה, אונ מען זאל בעשליסען, אז מען טאר
קיינעם ניט זאטשעפען וועגען זיין אמונה ביז ער שטערט ניט מיט איהר די
ארדנונג פונ'ם לאנד. דער פונקט איז געגאנגען אויך אויף יודען, נאר פון
דעסטוועגען האט מען אין א קורצער צייט ווייטער געמוזט אנהייבען רעדען
פון דער יודען פראגע. אין עטליכע ערטער האט מען געלערנט פירושים אויף
דער תקנה פון דער פערזאמלונג, אונ עס איז געבליבען, אז מען זאל יודען גוט
שלאגען, כדי זיי זאלען בעסער פערשטעהען דעם נייעם פירוש. עס איז ווייטער
געווארען א רעש אין דער פערזאמלונג, גרעגואר האט געשריגען, אז עס איז
א גרויסע רציחה וואס מען האט דעם פונקט אנגעשריבען ניט גאנץ דייטליך
אונ דערפון איז ארויסגעקומען א רעה פאר אומשולדיגע מענשען; מיט זיין
דעה האט זיך אויך אויסגעגלייכט איינער פון די בכבוד'סטע דעפוטאטען דער
גראף קלערמאן־טאנער, אונ עס איז געבליבען: מען זאל צו שיקען א צירקולאר
אומעדום, אז די יודישע אמונה מוז אויך ווערן געשיצט אונ האבען די איינענע
פרייהייט וואס אנדערע רעליגיאנען. א ביסעל האט עס געהאָלפען, נאר אין

עלזאס און לאטרינגען האט מען ניט אויפגעהערט אנצוטהון די יודען צרות, און זיי האבען געמוזט ווייטער זוכען הילף בייא דער נאציאנאל-פערזאמלונג. זיי האבען אויסגעקליבען פאר א שליח ר׳ יצחק בער, וואס האט געקאנט זעהר שאן רעדען, און איהם איז אויך ניט שווער געוועהן אויסצומאלען די ביטערע לאגע פון זיינע ברידער אין די שרעקליכסטע פארבען. ר׳ יצחק בער האט נושא חן געוועהן ביי דער פערזאמלונג, מען האט איהם אויפגענומען פאר א גאסט, און מען האט איהם צוגעזאגט אלדינג צו טהון און העלפען די יודען. די פערזאמלונג האט אויךווארט געהאלטען, און כאטש עס האבען זיך באלד אנגעהויבען זעהר טרויעריגע טאג, וואס האבען אללע פערדרעהט די קאפ, האט מען פון דעסטוועגען באלד בעשטימט א בעזונדער זיצונג וועגען דער יודען-פראגע און מען האט זיך גענומען אויסארבייטען א ריינע געזעץ פאר יודען, וואס די מלוכה זאל שוין קאנען אכטונג געבען מען זאל עס אבהיטען. די יודען האבען מן הסתם געהאט ניט ווייניג געגנער, נאר די צאהל פון זייערע בעשיצער איז פארט גרעסער געוועהן און מען האט געמאכט פאר א חק, אז די ספרדים מוזען גערעכענט ווערען פאר אמת׳ע איינוואהנער פון פראנקרייך. דאס וואס די אשכנזים זענען געבליבען אין דרויסען איז אודאי געוועהן א גרויסער וועטהיג פאר די יודען, נאר זיי האבען געמוזט אננעהמען פאר ליעב כאטש דעם ערשטען שריט צו זייער פרייהייט.

קוים האט מען שוין אבער געמאכט איין התחלה איז מען שוין ניט געבליבען שטעהען אין מיטען. די אשכנזים האבען שטארק אנגעהויבען ארבייטען מען זאל זיי אויך געבען די אייגענע רעכטע, און סערף-בער האט זיך אזוי פיעל געלאזט קאסטען, אז נאר אין א קורצער צייט האט די נאציאנאל פער-זאמלונג ערקלעהרט, אז אללע יודישע איינוואהנער פון פאריז מוזען האבען אלס איין פרייהייט. נאר אין עלזאס האט מען ניט געקאנט אזוי גיך איין סוף מאכען פון דער שאלה. א טהייל שטאדט האבען ניט געמאכט קיין חלוק צווישען יודען און קריסטען און אז עס איז אויסגעקומען אפילו זיך איינצוטהיילען מיט ערד האט מען די יודען געגעבען א גלייכען חלק; דערפאר האבען זיך אבער געפונען אזעלכע ערטער, וואו מען האט נאך אלס דעם יודען געגעבען אנ-צוהערען, אז ער שטעהט נידריגער פון אנדערע, און מען האט כאטש געדאנקט גאטט וואס עס פלעגט ניט קומען צו קיין קלאפ. דאס איינציגע וואס די נאציאנאל-פערזאמלונג האט געקאנט טהון פאר די עלזאסער יודען איז בע-שטאנען אין דעם, וואס מען האט זיי בעפרייט פון די גרויסע נתינות וואס

פְּלֶענֶען בַּיי זֵיי אַרוֹיסְצִיהֶען דִי לֶעצְטֶע פְּרוּטָה, אוּנ דָאס אִיז אַלֵיין אוֹיךְ גֶעוֶועהן נִיט קֵיין קְלֵיינֶע טוֹבָה.

צְווִישֶׁען דִי דֶעפּוּטַאטֶען אַלֵיין הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער גֶעפוּנֶען עֶדְלֶע מֶענְשֶׁען־פְרַיינְדֶע, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט לַיידֶען אַז אִין פְרַאנְקְרֵייךְ זָאלֶען נָאךְ אַ טְהֵייל יוּדֶען דַארְפֶען אִיבֶּערְטְרָאגֶען צָרוֹת צוּ לִיעבּ דֶער אֱמוּנָה, אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵיי, דוּפָּאר, הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרֵייֶען אַז עֶס אִיז שׁוֹין צֵייט מֶען זָאל אִין גַאנְצֶען מְבַטֵל זַיין אַלְדִינְג וָואס אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען פוּן אַ מָאל אוּנ וָואס הֵייסְט נָאךְ מַאכֶען אַ חִלוּק צְווִישֶׁען דִי אַיינְוָואהנֶער פוּנ'ם לַאנְד. דֶעם 27 סֶעפְּטֶעמְבֶּער 1791 הָאט דִי גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג מַסְכִּים גֶעוֶועהן צוּ דוּפָּאר'ס דֵעָה, אוּנ פַאר אַלֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין פְרַאנְקְרֵייךְ נָאר אָהן אַ שׁוּם חִלוּק, אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען דִי זוּנְן פוּן פְרֵייהֵייט. דִי גַאנְצֶע צֵייט, וָואס מֶען הָאט זִיךְ גֶעיִשׁוּבְט וֶועגֶען דֶער שַׁאֲלָה, אִיז ר' יִצְחָק בֶּער נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנ אַז אֵיינֶער הָאט גֶעוָואלְט רֶעדֶען עֶפִּיס אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט הָאט עֶר עֶס נִיט דֶערְלָאזְט אוּנ מֶען הָאט גְרוֹיס כָּבוֹד גֶעלֶעגְט אוֹיף זַיינֶע וֶוערְטֶער. דֶערְפַאר אִיז זַיין שִׂמְחָה גֶעוֶועהן זֶעהר גְרוֹיס, וֶוען עֶר הָאט דֶערְלֶעבְּט דִי יְשׁוּעָה, מִיט פְרֵייד הָאט עֶר בַּאלְד מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנ הָאט זֵיי גֶעבֶּעטֶען זֵיי זָאלֶען וַוייזֶען דִי פְרַאנְצֵאזֶען, אַז זֵיי זֶענֶען וֶוערְטְה זִיךְ צוּ רֶעכְנֶען פַאר קִינְדֶער פוּנ'ם לַאנְד.

דֶער טָאג, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁבוּעָה צוּ זַיין גֶעטְרַייִ פְרַאנְקְרֵייךְ, אִיז בַּיי זֵיי גֶעוֶועהן אַ יוֹם טוֹב, אוּנ נָאר נִיךְ הָאבֶּען אֲפִילוּ דִי פְרִיהֶרִינֶע שׂוֹנְאִים גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין, אַז דֶער יוּד פֶערְשְׁטֶעהט וִוי אַזוֹי דַאנְקְבַּאר צוּ זַיין פַאר אַ טוֹבָה. נִיט נָאר דִי סְפָרַדִים, וָואס זֶענֶען שׁוֹין אַ בִּיסֶעל גֶעוָואהנְט גֶעוֶועהן מִיט דֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע, נָאר אֲפִילוּ דִי אַשְׁכְּנַזִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען בִּיז אַהֶער גֶערֶעדְט יוּדִישׁ־דַייטְשׁ, הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד גֶענוּמֶען לֶערְנֶען פְרַאנְצֶאזִישׁ, מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ רֵיינֶע פְרַאנְצֶאזִישֶׁע אִיבֶּערְזֶעטְצוּנְג פוּן דֶער תּוֹרָה, יוּדִישֶׁע קִינְדֶער הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען לֶערְנֶען אִין פְרַאנְצֶאזִישֶׁע שׁוּלֶען, אוּנ מֶען קָאן זָאגֶען, אַז כִּמְעַט וִוי אַצוּנְד אִיז אוֹיסֶער דֶער שׁוּל שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען צוּ דֶערְקֶענֶען וֶוער עֶס אִיז אַ יוּד אוּנ וֶוער עֶס אִיז אַ קְרִיסְט. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ פֶערְגָאסֶען זֵייעֶר בְּלוּט פַאר פְרַאנְקְרֵייךְ אוּנ אִין אַ נוֹיטְה הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ קֵיין גֶעלְד נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט: קוֹים הָאבֶּען זֵיי גֶעזֶעהֶען אַז מֶען בֶּעטְרַאכְט זֵיי וִוי בְּרִידֶער הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען אוֹיף פְרַאנְקְרֵייךְ וִוי אוֹיף אַ מוּטֶער, הוּנְדֶערְטֶער יוּדִישֶׁע גִבּוֹרִים הָאבֶּען גֶעדִינְט אִין דֶער אַרְמֶעע אוּנ, אַז עֶס

האט געפעהלט אויף הוצאות אונ מען האט זיך געמוזט צונויפלעגען האט די קליינע יודישע קהלה פון באַרדא אַלליין געגעבען הונדערט טויזענד פראַנק. אין צוויי־דריי יאהר איז דאס יודישע לעבען אזוי צונויפגעשמאָלצען געוואָרען מיט'ן פראַנצאָזישען, אַז מען האט אָנגעהייבען ביי די יודען בעמערקען די אייגענע מעלות אונ חסרונות וואס ביי די פראַנצויזען. אַז די רעוואָלוציאָן איז אַללע מאל געוואָרען גראָסער אונ עס האבען זיך אַרויסגעוויזען עטליכע צדדים, דער האט געצויגען אַהין אונ דער אַהער אונ ווען עס איז געראָטהען דער איז געוועהן דער פיהרער, זענען יודען אומעדום געוועהן אין דער מיט, אונ אַז מען האט בעדאַרפט האַפען אַ קלאפּ האבען זיי זיך אויך ניט אָבגעזאָגט. צו ליעב אַזאַ זאך האט איינער פון די שאַנסטע יודישע בעלי בתים פון באָרדא, ר' אַבְרָהָם פּוּרְטַאדָא געמוזט אַנטלויפען, ווייל דער צד, וואס ער האט מיט איהם געהאַלטען, איז געפאַלען אונ דער אַנדערע, וואס האט פלוצלונג אויפגעהויבען אַ קאפּ, האט איהם געוואָלט הרג'נען אונ האט טאַקי צוגענומען זיין גאַנץ פערמעגען. אַז מען האט אין פראַנקרייך געמאַכט אַ שחיטה אויף אַללע גרויסע פּריצים אונ עדעללייט, האט מען די יודען אויך אַריינגעשטעלט אין צעטעל, אונ איינער פון די יודישע גבירים, שאַרל פּרִיקְסָאטָא, איז שיער ניט אומגעקומען נאר צו ליעב דעם וואס ער איז געוועהן אַ לוי, אונ די פראַנצויזען האבען גערעכענט אַז פון דעם שבט שטאַמען אַללע יודישע מיוחסים אונ דערפאַר מוז מען איהם אויך אומברענגען. מיט גרויס מיה האט ער זיך אָבגעבעטען אונ האט געמוזט בעצאַהלען פאַר זיין לעבען מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַ מיללִיאָן אונ צוויי הונדערט טויזענד פראַנק. אַז עס איז באַלד אַרויסגעקומען די מאַשין אויף צו קאפּען מענשען, וואס מען האט זיי גערופען גילאָטינע, איז אַ יוד געוועהן איינער פון איהרע ערשטע קרבנות: אויף איינגען מאַנן כַּרְמֶל איז געפאַלען עפּיס אַ חשד אונ דאס שאַרפע מעסער פון דער גילאָטינע איז בעשפּריצט געוואָרען מיט יודיש בלוט.

אַ שטיקעל איבערשלאַג האבען די יודען פון פראַנקרייך געהאַט אים יאהר 1794, נאר דאס איז געוועהן ניט דערפאַר, ווייל מען האט געוואָלט טרעפען זייער אמונה, נאר דוקא צו ליעב דעם וואס מען האט זיי גערעכענט גלייך מיט אַללע, אונ מען האט ניט געוואָלט עס זאָל זיין אַ חילוק צווישען זיי אונ אַנדערע. די פראַנצויזען האט זיך דעמאָלט פערגלוסט אין גאַנצען אַראָבוואַרפען פון זיך דעם עול פון אמונה, לעבען נאר נאך דער השגה פונ'ם

מענשליכען שכל, אונ טהון נאר דאס וואס עס בעפעהלט דער ריינער פערשטאנד. דאס פערשטעהט זיך אז די נייע תקנה איז נאר געגאנגען אויפ'ן קריסטענטהום, אונ אז מען האט פארגעלעגט מען זאל יודען פערוועהרען טראגען בארד אונ מל זיין די קינדער, האט די נאציאנאל־פערזאמלונג דארויף ניט געקאנט בעשטעהען, ווייל זיי זענען געגאנגען מיט דעם דרך, אז מישען זיך צו א פרעמדער רעליגיאן טאר מען ניט. פון דעסטוועגען האבען זיך אין א סך ארטער אבגעזונדערט אזעלכע פרייע מענשען וואס האבען ניט געוואלט ליידען, אז עס זאלען זיך נאר ארומדרעהען מענשען, וואס פיהרען זיך לויט געוויסע דינים פון זייער גלויבען. זיי האבען געארבייט אז דאס ווארט „אמונה" זאל גאר ניט געדאכט ווערען אונ דערפאר האט מען אין נאנסי געניטה די יודען זיי זאלען זיך אויך, גלייך מיט די קריסטען, אבזאגען פון יודישקייט אונ זאלען דאס גאנצע זילבער פון דער שול אוועקגעבען אויף צדקה־זאכען. די יודען האבען מן הסתם ניט געוואלט הארען, אונ דעמאלט האט מען שוין קיין כבוד ניט געלעגט אויף זיי: מען איז אנגעפאלען אויף די שולען, מען האט פערברענט ספרי־תורה, אונ וואו מען האט דערטאפט א יודיש ספר האט מען עס צוריסען, אונ אזוי ווי מען האט איינגעפיהרט אז רוהען זאל מען מעהר ניט ווי יעדען צעהנטען טאג אונ ניט זונטאג, האט מען די יודען געצוואונגען זיי זאלען אויך ארבייטען אים שבת אונ יום טוב, אונ זיי האבען אויך קיין אנדער ברירה ניט געהאט. אודאי האבען ביי אזא לאגע די יודישע רבנים געמוזט זיך אנגעליטען פונקט ווי די קריסטליכע גייסטליכע. דעם רב פון וועסטהאפען, א קליין שטאדטעל, ר' יצחק לענטשיץ האט מען עטליכע חדשים געהאלטען אין געפאנגנים, אונ מען האט איהם געוואלט פערמשפט'ן צום טויט נאר דערפאר וואס מען איז געוואהר געווארען אז ער האט געדאווענט אונ געפסק'נט שאלות. אייגער פון די גרויסע לומדים, ר' דוד זינצהיים, האט געמוזט אנטלויפען פון שטראסבורג אונ זיך ארומדרעהען אין דער וועלט אויך פאר אזעלכע חטאים. אין מעץ האבען די יודען מורא געהאט צו באקען מצות אויף פסח, ווייל מען האט געוואוסט, אז מען קאן פאר אזא זאך ניט גוט אבשניידען; נאר א קלוגע יודישע פרוי איז געפאלען אויף א שכל אונ האט בעוויזען אז ביי די יודען איז די מצה א צייכען פון פרייהייט, עס דערמאנט זיי ווי זיי האבען אראבגעווארפען פון זיך דעם יאך פון מצרים, אונ דאס איז אנגענומען געווארען פאר א תירוץ. אין פאריז האט מען געצוואונגען די יודישע קינדער זיי זאלען קיין שול ניט אנקוקען אונ אז עס איז געפאלען א חשד אויף

אײנעם פון די שטראסבורגער גבירים, אַלעכּסַנדר זעליגמאן, אַז ער היט אָב זײן אֱמוּנָה האָט מען ניט געקוקט דַארױף װאָס ער איז געװעהן אַ גרױסער נָדִיב אונ די שטאָדט האָט איהם אָבגעקאָסט אַ סַך געלד, אונ מען האָט איהם אײנגעזעצט אין תְּפִיסָה. צום גליק, איז אָבער די טרױעריגע צײט באַלד אַװעק, אונ אַז מען האָט געמאַכט נײע אָרדנונגען זענען שױן די יודען געבליבען בײ אַללע רעכטע אונ נאָר די יודישע אײנװאָהנער פון מעץ האָבען נאָך געהאַט אַ עִכּוּב אונ נאָך אַ היבּשע צײט האָט מען זײ ניט געװאָלט אַרײנשטעלען אין צעטעל פון די אֱמֶת'ע פראַנצאָזישע אײנװאָהנער.

אַז האָללאַנד איז אים יאָהר 1795 אױך געװאָרען אַ רעפּובּליק האָבען באַלד די יודען פון דאָרט דערפיהלט װי טהײער אונ הײליג עס זענען די דרײ װאָרטער „פרײהײט, גלײכקײט אונ ברידערשאַפט", װאָס די מַנְהִיגִים פונ'ם לאַנד האָבען אָנגעשריבען אױף זײער פאָהן. עס איז די יודען אין האָללאַנד אֲפִילוּ פריהר אױך ניט שלעכט געװעהן. נאָך די רְדִיפוֹת װאָס זײ האָבען זיך אַנטלאָפען אין אַנדערע אָרטער, איז האָללאַנד בײ זײ געװעהן אַ גַן עֵדֶן, אונ האָטש זײ זענען געשטאַנען אַ סַך נידריגער פון די קריסטען האָבען זײ עס ניט געפיהלט; זײער צאָהל האָט אין גאַנצען בעטראָפען פינפציג טױזענד, אי דאָס זענען זײ בעשטאַנען פון צװײ פערשידענע קְהִלּוֹת, סְפָרַדִים אונ אַשְׁכְּנַזִּים, װאָס האָבען זיך אײנס מיט'ן אַנדערן ניט אָנגעקעהרט. יעדער איז געװעהן פערטראָגען מיט זיך, מען האָט געדאַנקט גאָטט װאָס די מְלוּכָה מישט זיך ניט אַרײן אין זײערע אינװעניגסטע געשעפטען, אונ קײנעם איז גאָר ניט אָנגעגאַנגען װאָס יודען האָבען ניט געטאָרט דיענען בײ דער קרױן, מען האָט זײ ניט געקאָנט אַרײננעהמען אין קײן צעך אונ אױסער דעם האָבען זײ געמוזט געבען פיעל נְתִינוֹת אױף אַזעלכע זאַכען װאָס זײ אַללײן האָבען ניט געטאָרט דערפון נֶהֱנֶה זײן. אַוַדאי אַז עס האָט זיך איבערגעביטען די מְלוּכָה אונ דרײ יודישע מִשְׁפָּחוֹת, װי אַסֶר, דע־לעמאַן אונ בראַמעט, האָבען זעהר פיעל געאַרבײט פאַר דער פרײהײט פונ'ם לאַנד, זענען די יודען צום איבריגען אױפגערעגט געװאָרען, האָטש גלאַט איז עס ניט צוגעגאַנגען. קוֹדֶם כֹּל זענען די פאָרשטעהער פון דער אַמסטערדאַמער יודישער קְהִלָּה ניט געװעהן צופריעדען פון די נײע אױפטהועכצען, זײ האָבען געשריגען אַז עס פעהלט זײ אַזױ אױך גאָר ניט, אונ האָבען זיך עפּיס אַזױ װי געשראָקען אַז די פרײהײט זאָל זײ ניט שאַדען צום יודישקײט. די צװאַנציג טױזענד יודען, װאָס האָבען געװאָהנט אין אַמשטערדאַם, האָבען זיך ניט געװאָלט בענוצען מיט זײער רעכט אונ האָבען

ניט געשיקט קיין איינציגען דעפוטאט פון זיך צו דער נאציאנאל־פערזאמלונג, האטש זיי האבען געוואוסט אז דארט וועט מען רעדען וועגען יודען, אונ אז עס וועט זעהר נאטהיג זיין אויסצוהערען די מיינונג פון א יודען. דערווייל האבען זיך אבגעזונדערט עטליכע שונאים אויך אונ מען האט אנגעהויבען ארויסצווייזען חטאים אונ שרייען, אז די יודען פערדיענען ניט מען זאל זיי שטעלען גלייך מיט די קריסטען אונ אז זיי אליין האבען גאר דערצו אפילו קיין השגה ניט. צום גליק, האט זיך אבער אין דער זאך אריינגעמישט דער פראנצאזישער געזאנדטער נאעל, ער האט זיך שטארק אנגענומען פאר די יודען, אונ מען האט דעם 2 סעפטעמבער 1796 ארויסגעלאזט א געזעץ, אז יודען האבען די אייגענע רעכטע וואס קריסטען. נאר אזוי ווי די נארישע רבנים האבען אליין געליארעמט אז זיי ווילען קיין פרייהייט ניט, האט מען זיי צו ליעב געטהון אונ מען האט צוגעשריבען, אז מען נייטה קיינעם ניט אונ ווער עס וויל מאג זיך בלייבען ביי זיינע אלטע רעכטע.

מען קאן פערשטעהען אז אין האללאנד האט די פאלקאממענע יודישע פרייהייט ניט אנגעמאכט אזא שמחה ווי אין פראנקרייך; עס האט זיך, פערקעהרט, צו ליעב דעם, אין אמשטרדם באלד אנגעהויבען א גרויס מחלוקת. די געצאהלטע עטליכע אויפגעקלעהרטע האבען געוואלט, אז די פארשטעהער פון דער קהלה זאלען אוועקלייגען זייערע אלטע דרכים אונ זאלען זיך נעהמען איינפיהרען נייע תקנות; דאס האט יענע ניט געטויגט, ווייל זיי האבען מורא געהאט מען זאל זיי ניט אנהויבען אפטער זאגען דעות אונ שפעטער זאל מען זיי גאר אין גאנצען ניט אראבנעהמען די קרוין. דאס האט געפיהרט דערצו, וואס די אונצופרידענע האבען זיך געמוזט מאכען א בעזונדער שול וואס האט געהייסען „עדת ישרון", אונ ביסלעכווייז איז פון זיי געווארען א בעזונדער קהלה, וואס האט זיך שוין געפיהרט פרייער: פון דער שמונה־עשרה האבען זיי ארויסגעווארפען די תפלה „ולמלשינים אל תהי תקוה", זייערע מתים האבען זיי געהייסען בעגראבען ע״שט אויפ'ן דריטען טאג, אונ א מרחץ האבען זיי אויסגעארבייט א נייעם אונ האבען זיך ניט אנגעפרעגט ביי די רבנים ווי אזוי צו מאכען די מקוה. אודאי האט יענער צד, וואס איז געוועהן מעהר תקיף, אנגעהויבען זיי צו רודפ'ן, מען האט זיי אריינגעווארפען אין חרם, אונ מען האט זיך אפילו געפרווט טאמער וועט מען קאנען פועל'ן ביי דער מלוכה זי זאל זיי ניט לאזען לעבען אבגעזונדערט פון דער גרויסער קהלה. נאר האטש די פרומע זענען געוועהן דער רב האבען זיי גאר ניט געקאנט אויספיהרען אונ

אַז עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר יאָהר, זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צוקוקען אונ האָבען געזעהען אַז עס איז ניט אַזאַ געוואַלד. האָט געמוזט ווערען אַ שלום. אין אַ קורצער צייט האָבען טאַקי די געלעהרטע יודען פון האָללאַנד דערגרייכט גאָר אַ גרויסע מדרגה: ר׳ יצחק דא קוסטא אטיאס איז אים יאָהר 1798 געוואָרען פּרעזידענט פון דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג, אונ עטליכע יודען, ווי מאָרעסקאַ אונ ר׳ משה אסיר, האָבען פערנומען זעהר שאָנע שטעללען ביי דער קרוין. האָללאַנד האָט געוויזען אַז זי מיינט עס גאַנץ ערנסט אונ די יודען האָבען דאָרט באַלד געפונען אַ פּלאַץ, וואו זיי האָבען געקאָנט גלאַנצען מיט זייערע מעלות.

מען קאָנן אויף די פרומע יודען פון האָללאַנד וואָס האָבען זיך פריהער אַזוי אַרויסגעשטעלט אַקעגען דער פרייהייט, קיין פאַראיבעל ניט האָבען, ניט איינמאָל האָבען זיי זייער האַלז געשטרעקט פאַר זייער אמונה, אונ האָבען די פרייהייט פערוואָרפען, וואָס מען האָט זיי פאַר דער אמונה געבאָטען, אָבער אַז זיי האָבען געזעהען, אַז מען גיט זיי די פרייהייט בתום לב אונ מען טשעפּעט די אמונה ניט, אונ אַז אדרבה די פרייהייט האָט בכח אַרויסצובריינגען פעהיגע יודען, וואָס קאָנען זיין אַצירונג פאַר זייער פאָלק, האָבען זיי זיך זעהר געפרייט אונ זיי האָבען גערעכענט פאַר איין הייליגען חוב צו אַרבייטען פאַר זייערע ברידער אין אַנדערע לאַנדער, זיי זאָלען אויך בעקומען פרייהייט. צום ערשטען האָבען זיי זיך אומגעקוקט אויף דער לאַגע פון די יודען אין די קליינע דייטשע מלוכות, אונ האָבען געבעטען די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג זי זאָל זיך אָננעהמען פאַר די דייטשע יודען אונ געבען אָנצוהערען יענע מלוכות, אַז ווי באַלד זיי וועלען ניט מבטל זיין דעם שווערען יודישען מס וועט מען אין האָללאַנד אָנהויבען נעהמען פונקט אַזאַ מס ביי יעדען דייטש וואָס קומט אַהין צו פאָהרען, אונ דעמאָלט וועלען זיי דערפיהלען דעם טעם דערפון. אוודאי האָט מען געפועלט, ווייל די קליינע דייטשע מלוכות האָבען מורא געהאַט זיך אַרויסצושטעללען געגען האָללאַנד אונ פראַנקרייך, אונ ביסלעכוועיז זענען די דייטשע אונ איטאַליענישע יודען אויך געהאָלפען געוואָרען. אין אַ סך שטאָדט האָבען די יודען אויפגעהערט צו וואָהנען אין אַ בעזונדער ענגער יודישער גאַס, אונ קוים זענען די פראַנצויזען אַריין קיין וועניגעדיג האָט מען באַלד צובראָכען די טויערן פונ׳ם יודישען געטאָ, וואָס האָט ביז אַהער ניט צוגעלאָזט צו די יודען קיין ליכטיגע שיין. אין פּיעמאָנט האָבען די קריסטען אַלליין געמאַכט אַ יום טוב ווען דער מעמד פון די יודען האָט זיך פערבעסערט אונ

אַ גַייסְטְלִיכֶער הָאט זַיי בֶּעגְרִיסְט אִין שׁוּל מִיט זֶעהר אַ פְרַיינְדְלִיכֶע רֶעדֶע. אַז די שְׁטָאדְט קָאלְן אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ די פְרַאנְצוֹיזֶען הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעזֶעצֶען יוּדֶען. אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט דָאס פְרַאנְצֶאזִישֶׁע חַיִל, אוּמֶעדוּם וואוּ עֶס הָאט נָאר גֶעשְׁטֶעלְט אַ פוּס, בֶּעפֶעסְטִיגְט די פְרַייהַייט אוּנ פַאר די יוּדֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ נַייֶער לֶעבֶּען.

אִין יֶענֶער צַייט הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט דָאס גְרוֹיסְקַייט פוּן נַאפָּאלֶעאָן בָּאנַאפַּארְט, וֶועלְכֶער הָאט גֶעוָואלְט וֶוערֶען אַ צְוֵוייטֶער אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן, אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען די מַאכְט פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אִין אַלֶע וַוייטֶע לֶאנְדֶער. עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קַיין מִצְרַיִם, אוּנ פוּן דָארְט הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט צוּ גֶעהֶען אַזְשׁ קַיין אִינְדִיֶען, וֶוען דָאס טִירְקִישֶׁע חַיִל שְׁטֶעלְט אִיהם נִיט דֶעם וֶועג אוּנ עֶס הֵייבְּט זִיךְ נִיט אָן אַ שְׁוֶוערֶע מִלְחָמָה. אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעוָוארֶען דֶער פְּלַאץ פוּן אַ שְׁרֶעקְלִיךְ בְּלוּט פֶערְגִיסֶענִישׁ אוּנ צְוֵויי שְׁטֶאדְט, אֶל-עַרִישׁ אוּנ עַזָה, זֶענֶען אַרַיינְגֶעפַאלֶען צוּ די פְרַאנְצוֹיזֶען אִין די הֶאנְד אַרַיין. נַאפָּאלֶעאָן הָאט גֶעשִׁיקְט זָאגֶען די יוּדֶען, אַז זַיי וֶועט קַיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גֶעשֶׁעהֶען, אַז עֶר וֶועט, פֶערְקֶעהְרְט, אָבְּנֶעהְמֶען פוּן זַייעֶרְט-וֶועגֶען דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד אוּנ זַיי וֶועלֶען זִיךְ אַרוֹיפְשְׁלָאגֶען אוֹיף זַייעֶר פְרִיהֶרִיגֶען שְׁטַאנְד; זַיי הָאבֶּען אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט צוּ שְׁטֶעלֶען אוֹיף זַיינֶע וֶוארְטֶער, אוּנ דֶערְצוּ זֶענֶען זַיי מַאקִי גֶעוֶועהן גֶעטְרַייִ דֶער טִירְקִישֶׁער מְלוּכָה. עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט שְׁוֶוער גֶעוֶועהן צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, אַז דֶערְמִיט וָואס נַאפָּאלֶעאָן זָאגְט זַיי צוּ גָאלְדֶענֶע בֶּערְג מֵיינְט עֶר נָאר אָבְּצוּנַארֶען די צְוֵויי יוּדִישֶׁע מִינִיסְטָארֶען, ר' חַיִים מַעֲלִים-פַּרְחִי, וָואס הָאט אָבְּגֶעהִיט די שְׁטָאדְט עַכּוֹ בַּיים יַם, אוּנ זַיין פָאטֶער ר' שְׁמוּאֵל פַּרְחִי, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דַמֶשֶׂק, כְּדֵי זַיי זָאלֶען בַּיי זִיךְ שְׁלַאבֶּערִיגֶער וֶוערֶען, אוּנ עֶר זָאל זִיךְ קָאנֶען בֶּענוּצֶען מִיט זַייעֶר שְׁלַאפְקַייט. די יוּדֶען זֶענֶען אָבֶּער קַיין נַארָאנִים נִיט גֶעוֶועהן אוּנ הָאבֶּען גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז אַזֶעלְכֶע זִיסֶע חֲלוֹמוֹת קָאנֶען זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען זֶעהר בִּיטֶער, אוּנ אַז מֶען הָאט דֶערְהֶארְט אַז נַאפָּאלֶעאָן הֵייבְּט זִיךְ אָן צוּצוּרִיקֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען אַלֶע יוּדֶען גֶעהָאלְפֶען בֶּעפֶעסְטִיגֶען די שְׁטֶאדְט. מֶען הָאט גֶעאַרְבַּייט טָאג אוּנ נַאכְט, דֶער רַב ר' מָרְדְכַי יוֹסֵף מְיוּחָס הָאט אֲפִילוּ מַתִּיר גֶעוֶועהן צוּ אַרְבַּייטֶען אִים שַׁבָּת אוּנ הָאט אַלֵיין גֶעלֶעגְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטֵיין בַּיי דֶער פֶעסְטוּנְג. אַ בִּיסֶעל הָאט אֲפִילוּ נַאפָּאלֶעאָן גֶעשְׁפִּיעלְט דָאס גְלִיק, אִין טְהָאל יִזְרְעֶאל הָאט עֶר אַיינְגֶענוּמֶען מִיט פִיער טוֹיזֶענְד מַאנְן דָאס טִירְקִישֶׁע חַיִל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן זֶעכְס מָאל אַזוֹי גְרוֹיס, נָאר בַּיי עַכּוֹ הָאט עֶר גֶעמוּזְט

בלייבען שטעהען אונ איז געצוואונגען געוועהן צוריק אוועק קיין מצרים. די צייט וואס ער האט פערבראכט אין ארץ ישראל האט אויסגעארבייט ביי איהם אין הארץ עפיס ווי א געפיהל פון רחמנות צום יודישען פאלק, וואס האלט זיך אויף די פיס טויזענדער יאהר אונ פאלט ניט אונטער דער משא פון די צרות, אונ דערצו האט זיך נאך צוגעמישט ביי איהם דער געדאנק, אז פאר מענשען, וואס לעבען נאר מיט נסים מוז מען טאקי דרך ארץ האבען. דערפאר האט נאפאלעאן שפעטער, ווען די מאכט איז אין גאנצען איבערגעגאנגען צו איהם, בעפעסטיגט די יודישע פרייהייט, האטש באמת איז ער ניט געוועהן קיין שטארקער אוהב ישראל, אונ האט עס אויך ניט געקאנט זיין, ווייל אין פראנקרייך האט די קאטאלישע קירכע פארט געשפיעלט די הויפטראללע אונ האט ניט געלאזט, אז פרעמדע רעליגיאנען זאלען שטעהען אויף א גלייכער מדרגה מיט איהר. דערפאר האט נאך א לאנגע צייט די מלוכה אין פראנקרייך זיך ניט געוואלט מישען צו דער יודישער אמונה, גלייך ווי זי ווייסט נאר פון איהר ניט; די יודען האבען טאקי געהאט אללע רעכטע, נאר וועגען גלויבען איז אין לאנד ניט געוועהן קיין שום געזעץ, עס האט געהייסען כמעט, אז מען לאזט זיי לויפען, אונ מען וויל זיך אויף זייער אינוועניג רעליגיאז לעבען נאר ניט אומקוקען, ניט שטערען אונ ניט שיטצען.

אזוי איז מען שוין געשטאנען ביי דער שוועל פונ'ם ניינצעהנטען יאהר־הונדערט אונ נאר אין פראנקרייך, האללאנד אונ איטאליען איז די יודען בעסער געווארען; אין עסטערייך אונ פרייסען, אונ אויך אין די הונדערטער קליינע דייטשע מלוכות, זענען זיי פערשווארצט געווארען ווי פריהער. אין בערלין האט מען אפילו די יודישע דאקטוירים ניט געוואלט אריין שרייבען אין צעטעל פון די וואס האבען דאס רעכט צו היילען קראנקע. אפילו אזעלכע צוויי גרויסע לייט ווי גאטהע אונ פיכטע, וואס ביי זיי האט, דאכט זיך, ניט בעדארפט אנגעהען שנאה צו פרעמדע פעלקער, האבען ניט געהאלטען פון יודען, אונ אז מען האט אנגעהויבען רעדען, אז עס וואלט א יושר געוועהן זיי מענשליכער צו בעהאנדלען, האבען די ביידע בעריהמטע דענקער שטארק פראטעסטירט געגען דעם. אז די געלעהרטע האבען געהאט אזעלכע שלעכטע מחשבות וועגען יודען, קאן מען שוין פערשטעהען וואס דאס פאלק האט איבערגעטהון רשעות. אומזיסט האבען נעביך מענדעלסזאהן'ס תלמידים אוועקגעלעגט אללע כוחות צו פערשפרייטען וויסענשאפט צווישען זייערע ברידער; אומזיסט האבען די יודען אלליין ביסלעכווייז מעהר געלערנט די ריינע דייטשע שפראכע; אומזיסט

האָבּען זיךְ די שׂאַנסטע בּערלינער בּעלי בּתּים אָבּגעזעגענט מיט'ן יודישקייט כּדי זיי זאָלען ניט דאַרפען איבּערטראָגען דעם קרומען קוק פון די קריסטען, די שׂנאה האָט ניט געוואָלט מאַכען קיין חלוק: קוים נאָר אַ יוד — האָט מען געמאַכט זיין אַ געבּילדעטער, אפילו נאָר אַ געוועזענער, אונ די פערגיפטעטע פיילען זענען שוין געפלויגען, די בּאָזע צונגען האָבּען זיךְ געדרעהט אָהן איין אויפהער, אונ אפילו די האַנד האָבּען זיךְ געריסען אַראָבּצולאָזען אַ קלאַפּ אויף דער אַלטער איינגעבּויגענער יודישע פּלייצע. מען קאָן ניט זאָגען, צו יעדער צייט האָבּען די יודען געהאַט אויךְ גוטע פריינד צווישען קריסטען; אויךְ דע־מאָלט האָבּען זיךְ פאַר זיי אָנגענומען אַ פּאָר קריסטליכע געלעהרטע אונ בּע־זאָנדערס כּריסטיאַן גרונד, וואָס איז ניט מיעד געוואָרען צו שרייען איבּער דעם אונרעכט וואָס מען טהוט די יודען; מען האָט אָבּער די גוטע קולות ניט געקאָנט אַרויסהערען, קוים האָט מען דערזעהען, אַז איינער וויל זאָגען פון די יודענס וועגען עפּיס אַ רעכט וואָרט, האָט מען אָנגעמאַכט אַזאַ ליאַרם, אונ דער ניטיגער מענש האָט שוין נאָר ניט געקאָנט פערשטעהען, אונ האָט נאָר פערשטאַנען, אַז דעם יודען מאַכט מען מיט דער בּלאָטע אונ מן הסתּם קומט איהם טאַקי אַזוי.

בּעזאָנדערס איז פאַר די יודען געוועהן אַ גרויסער בּזיון דאָס וואָס יעדער דייטשער פירסט האָט בּיי זיי גענומען בּעזונדער מס. קוים האָט אַ יוד בּע־דאַרפט אַריבּערפאָהרען די גרעניץ פון אַ קליינער דייטשער מלוכה, האָט מען איהם שוין געהיט די נשמה, אונ ער האָט געמוזט צאָהלען געלד נאָר דערפאַר וואָס מען ערלויבּט איהם דורכצופאָהרען. אַזעלכע קליינע מלוכות זענען גע־וועהן כּמעט הונדערט, אַ יודישער סוחר האָט געקאָנט אין איין טאָג בּייטען צעהן גרעניצען, אונ אומעדום האָט מען איהם אָבּגעשטעלט, אונ ער האָט געמוזט קויפען פאַר געלד דאָס רעכט ווייטער צו פאָהרען. בּיי יודען האָט ניט אַזוי אויסגעמאַכט דאָס געלד, ווי די בּושה וואָס מען פלעגט איהם פערהאַלטען ווען אַללע אַנדערע זענען זיךְ געפאָהרען פריי. מען האָט זיךְ געפּריוּוט צו נעהמען אַזאַ מס אויךְ בּיי די פראַנצאָזישע יודען, וואָס האָבּען בּעדאַרפט אַרומפאָהרען איבּער דייטשלאַנד, נאָר פראַנקרייךְ האָט אַ ווינק געטהון, אַז זי וויל עס ניט ליידען אונ מען האָט זיי געמוזט צו רוה לאָזען. דערפאַר האָט מען זיךְ אָבּער מעהר נוקם געוועהן אין די איינענע דייטשע יודען.

ערשט אים יאָהר 1803 האָבּען זיךְ צוויי יודען גענומען אַרבּייטען געגען דעם מס, אונ עס איז זיי געראָטהען, וואָס אין אַ טהייל ערטער האָט מען איהם

מבטל געוועהן. דאס זענען געוועהן ר' ישראל יאקאבזאהן, וואס האט געפועלט ביים פירסט פון ברוינשווייג ער זאל אין זיין מדינה אבשאפען דעם מס, אונ ר' וואלף ברייטענבאך, וואס איז וועגען זיין שאך־שפיעל גע־וואָרען א גרויסער חשוב ביי פיעל באראָנען, אונ מען האט עס איהם געמוזט צוליעב טהון. ברייטענבאך איז אויך געפאלען אויף א שכל. אז די יודען מוזען זיך פריווען מיט דער מטבע; ער האט צושיקט בריעף אין אללע יודישע קהלות מען זאל זיך צונויפלעגען אונ מען זאל זיך פשוט מיט געלד קויפען רעכטע. די שונאי ישראל האבען אבער זיך דערוואוסט דערפון אונ האבען פערשטאנען אז די יודען וועלען טאקי אפשר עפּיס מאכען. אוודאי האבען זיי זיך ניט געקאנט בערוהיגען אונ האבען זיך ענטשלאסען ארויס צו טרעטען געגען זיי מיט דער פעדער. מען האט אויסגעגראבען אללע אלטע בעשולדיגונגען. אונ בעזאנדערס האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע מסירות גראטענאווער: ער האט אויף די יודען אויסגעגאסען די גאנצע ביטערע גאל וואס קאן זיך געפינען אין א שלעכט הארץ, אונ האט מיט גאווה געזאגט אז ער רעכענט זיך אליין פאר'ן "המן" פון דער נייער צייט. איהם האבען אונטערגעהאלפען נאך א סך קליינע המן'ס אונ עס איז געווארען אזא געוואלד, אז אפילו די געלעהרטע קריסטען, וואס פלעגען זיין גאסט ביי העברייטע הערץ, האבען זיך גאר געמוזט שאמען, אונ האבען פון דעסטוועגען מורא געהאט צו זאטשעפען מיט מענשען אהן געוויסען אונ אהן דרך ארץ.

א שרעקליכער פחד איז אנגעפאלען אויף די בערלינער יודען, ווען זיי האבען דערזעהען ווי די אלטע שנאה האט זיך בעגייהט נאך מיט א גרעסערער קראפט. זיי האבען זיך אללע פערלארען אונ האבען ניט געוואוסט וואס מען הייבט אן צו טהון. פריהר האבען זיי געוואלט זיך אויסטענה'ן מיט די שונאים, אונ זיי אנפערן מיט בעזונדערע ספרים, נאר זיי האבען זיך באלד מישב גע־וועהן, אז דערמיט וועלען זיי ווענינ העלפען אונ אפשר נאך מעהר קאליע מאכען, ווייל די שונאים פרעגען גאר אייגענטליך קיין קשיות ניט מען זאל זיי דארפען געבען א תשובה, אונ זיי וועלען נאך דאנקען גאט ווען זיי וועלען האבען צו וואס זיך צו טשעפען; דערפאר איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען בעטען די פאליציע מען זאל ניט דערלאזען אפענטליך צו טהיילען אין די גאסען ביכלעך וועגען יודען, סאי אויף שלעכטען, סאי אויף גוטען. עס איז שוין אבער שווער געוועהן צו פערשטאפען די מיילער, אונ פון אללע זייטען האבען זיך געשיט מסירות אונ מען האט נאר געהאט צו טהון מיט יודען, גלייך

זיי צו ליעב זיי זענען גאנץ פרייסען אונ אללע דייטשע מלוכות געוועהן אין א סכנה. ניט נאר אין בערלין, אויך אין ברעסלויא אונ פראנקפורט אם מאין האבען זיך געפונען אזעלכע חכמים, וואס זענען געפאלען אויף פרעה'ס שכל אונ האבען געשריגען, אז מען טאר ניט דערלאזען יודען זאלען זיך אזוי מעהרען אונ מען מוז זוכען מיטעל צו פערקלייגערן די צאהל פון די יודישע יונגלעך. אין א סך ערטער וואלט אפילו שוין געקומען צו א געשלעג אויך; נאר די גייסטליכע האבען א ביסעל אבגעהאלטען דערפון. די לאגע איז געווארען אזוי טרויעריג, אז אפילו די יודען אלליין האבען אנגעהויבען טראכטען איין עצה ווי אזוי שטיללער צו מאכען דעם כעס פון די שונאים, אונ איינער פון זיי האט פארגעלעגט, אז די מלוכה זאל ארויסגעבען א געזעץ, אז יעדער יוד איז מחויב וועניגסטענס צוויי פון זיינע קינדער חתונה צו מאכען פאר קריסטען. אזא נארישער פלאן האט געקאנט איינפאלען א יודען, אונ דאס אלליין בעווייזט ווי ווייט דאס אומגליק האט ביי איהם צוגענומען דעם שכל.

פון דעסטוועגען נאר אין גאנצען שווייגען איז די יודען געוועהן אונמעגליך, אונ צוויי יודישע שרייבער פון האמבורג אונ קאניגסבערג, וואס האבען ניט געוואלט ארויסשטעלען זייערע נאהמען, האבען זיך גענומען פשוט חוזק מאכען פון די שונאי ישראל אונ אבשפעטען פון דעם געוואלד, וואס זיי מאכען אן. איינער פון זיי האט אפילו אויסגעוויזען, אז דאס גאנצע געשריי נעהמט זיך דווקא פון דעם, וואס יודען בילדען זיך, וואס זיי רעדען שוין אזוי ריין דייטש, אז מען קאן זיך זיי ניט נאכקרימען, וואס זיי טראגען מעהר קיין בארד ניט, ביי וועלכע מען זאל זיי קאנען רייסען. אוודאי האבען זיך די עדלערע קריסטען געשעמט, נאר די שונאים האבען פון קיין בושה ניט געוואלט וויסען, אונ האבען ניט אויפגעהערט אונטערצוהיטצען דאס פאלק. ערשט אז פרייסען האט געחאפט א גוטען קלאפ ביי דער מלחמה געגען יענא, ערשט אז די פראנצויזען האבען זיך אריינגעכאפט קיין דייטשלאנד אונ האבען מיט זיך אריינגעבראכט אין לאנד די פרייהייט, האט אנגעהויבען די יודען בעסער צו ווערען: די דייטשען האבען זיך אלליין געמוזט אין זין האבען אונ דאריבער האבען זיי שוין קיין אנדער ברירה ניט געהאט אונ זענען געצוואונגען געוועהן די יודען א ביסעל אראב צוווארפען פונ'ם קאפ.

אין דער דאזיגער פינסטערער צייט, ווען די דייטשע יודען האבען געמוזט ציהען זייער פרנסה נאר פונ'ם האנדעל אונ דאס אלליין האט מען זיי אויך ניט פערגונען אונ מען האט געשריגען, אז זייער גאנצער מסחר איז נאר

געבויעט אויף שווינדעל, האט א יודישער סוחר געוויזען דער וועלט, אז ניט שטאנדיג איז עהרליך דווקא שווערליך, און אז ווען דאס שטיקעלע הצלחה דיענט קאן אויך דער פערשטויסענער יוד שטייגען גאנץ הויך. דאס איז געוועהן ר' מאיר אנשיל ראטהשילד, וואס איז געבארען געווארען אין פראנקפורט אם מאין אים יאהר 1743. זיינע עלטערן זענען געוועהן פראסטע בעלי בתים און האבען מן הסתם געוואלט פון זייער קינד מאכען א גרויסען למדן. נאר דעם קליינעם ראטהשילד האט זיך ניט געגלוסט ליעגען אין פורטה אין דער ישיבה; איהם האט עס געטראגען צו דער האנדעלסוועלט, און גאר מיט א קליין קאפיטאל האט ער זיך געעפענט א געשעפט און איז געווארען א באנקיר. א סך יאהרען האט ער געהארעוועט ביז ער האט בעקומען א רעכטען נאהמען, און ערשט אים יאהר 1801 האט איהם דער קורפירסט פון העסען, ווילהעלם, געמאכט פאר זיין אגענט, און ער איז ביי איהם געווארען דער גראסטער חשוב. דעמאלט איז שוין ראטהשילד געוועהן אין גרויסען נאמען און איז שוין אויפ'ן אנדערן יאהר אים שטאנד געוועהן צו מאכען דער מלוכה פון דענעמארק איין הלואה פון צעהן מיליאן טהאלער. אים יאהר 1806 זענען די פראנצויזען געשטאנען ניט ווייט פון פראנקפורט אם מאין, און מען האט זיך יעדען טאג געקאנט רעכטען, אז אט וועלען זיי אריין אין שטאדט, און וועלען פון איהר א תל מאכען. אוודאי האט זיך יעדער פערמעגליכער בעל הבית געשראקען און אויף ראטהשילד'ן האט געווים געציטערט די הויט, ווייל ער איז שוין דעמאלט געוועהן בעקאנט פאר א מיליאנער און ער האט געוואוסט אז צום ערשטען וועט מען זיך ווארפען צו איהם. פלוצלונג איז צו איהם איין מאל ביי נאכט געקומען דער קורפירסט ווילהעלם, און האט איהם מגלה געוועהן א סוד, אז אויפ'ן אנדערן טאג וועלען די פראנצויזען אבנעהמען פראנקפורט, און אזוי ווי ער מוז באלד אנטלויפען לאזט ער ביי איהם איבער עטליכע מיליאן אין גאלד, ווייל פיהרען עס מיט זיך קאן ער ניט, און קיין אנדער בעגלויבטען וואס מען זאל איהם מאגען געטרויען אזא סוממע האט ער ניט. אומזיסט האט איהם ראטהשילד געגעבען צו פערשטעהען, אז ער קאן דאס געלד ניט נעהמען, ווייל זיין הויז שטעהט אויפ'ן ערשטען פייער; דער קורפירסט האט פון קיין זאך ניט געוואלט הערען, ער האט איהם כמעט דאס געלד אנגעווארפען און האט איהם נאר ביים געזעגענען געזאגט, אז ער פערלאזט זיך אויף איהם. און אויב עס וועט איהם ניט געראטהען אבצוהיטען זיינע מיליאנען וועט ער צו איהם קיין טענה ניט האבען. דער קורפירסט איז אוועק, די

פראנצויזען זענען מאקי אין דער פריה אריין קיין פראנקפורט, אונ מען האט מן הסתם קודם כל אבגעראבעוועט ראטהשילד'ן. שפעטער איז געווארען שלום. די שטאדט האט זיך בערוהיגט, יעדער האט זיך גענומען צו זיינע געשעפטען, אונ מען האט גאר ניט בעמערקט ווי גיך ראטהשילד האט זיך צוריקגעשטעלט אויף די פיס אונ האט נאך אנגעהויבען שפיעלען א גראסערע ראללע ווי פריהר. אין א פאר יאהר ארום איז אויך דער קורפירסט צוריקגעקומען אונ אזוי ווי ער האט שוין געהערט ווי מען האט זיך אבגערעכענט מיט ראטהשילד'ן, האט ער פערשטאנען אז פון זיין פערמעגען איז גאר ניט געבליבען. עס איז איהם אפילו אויף דער מחשבה ניט געקומען עפיס צו פאדערן ביי ראטהשילד'ן, נאר ער האט איהם גלאט אזוי געשיקט רופען, ער זאל מיט איהם איבעררעדען וועגען איין הלואה. ווי פערוואונדערט איז ער אבער געווארען, אז ראטהשילד האט איהם באלד דערפראהט מיט א בשורה, אז ער דארף ביי קיינעם ניט בארגען. אונ אז ער קאן צו יעדער צייט בעקומען זיין געלד מיט פראצענט. דעמאלט האט זיך ארויסגעוויזען, אז נאך אין דער איינענער נאכט וואס דער קורפירסט האט איהם איבערגעגעבען דאס געלד האט עד עס איינגעמויערט אין דער וואנד אונ ביי זיך אין קאסע האט ער איבערגעלאזט זיין אייגען קאפיטאל, כדי דער שונא זאל האבען וואס צו ראבעווען אונ זאל זיך ניט שטויסען. אז מען דארף נאך ערגיץ אנדערש זוכען. אזוי האט ער מציל געוועהן דאס געלד אונ דערנאך האט ער דערמיט אנגעהויבען מאכען געשעפטען, אונ דער אויבערשטער האט איהם מצליח געוועהן. דער קורפירסט האט, פערשטעהט זיך, קיין פראצענט ניט געוואלט נעהמען, אונ האט נאך דעם סוד פון ראטהשילד'ס עהרליכקייט מודיע געוועהן אללע מלכים פון גאנץ אייראפא; די גראסטע הלואות האט מען ביי איהם געמאכט, אונ ער איז אין גאנץ אייראפא זעהר גרוים געווארען, אים יאהר 1812 איז ר' מאיר אנשיל ראטהשילד געשטארבען אונ האט איבער-געלאזט פינף זיהן אונ פינף טאכטער, וועלכע האבען זיך אללע געפיהרט ווי זייער פאטער אונ זענען געבליבען טריי זייער אמונה: אונ זייער פאלק, האבען זיך אויך קונה שם טוב געוועהן דורך מעשים טובים אונ צדקה. אונ אזוי פיהרען זיך אללע זכרים פון דער בעריהמטער גליקליכע פאמיליע עד היום הזה.

# 4 די נייע סנהדרין.

(1806—1818 נאָך קריסטוס געבורט).

אַז נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט איז געוואָרען קייזער פון פראַנקרייך און כּמעט גאַנץ אייראָפּאַ האָט פאַר איהם אָנגעבויגען דעם קאָפּ, האָבען זיך זיינע מחשבות שטאַרק פאַראַנדערט וועגען יודען. פריהר איז ער זיי אויך ניט געוועהן קיין גרויסער דורש טוב, און אַז ער האָט נאָך אַ ביסעלע דערפיהלט אין אַזייען דעם כּח פון זייער עקשנות, און ער האָט אפשר גערעכענט, אַז צו ליעב זיי איז צושטערט געוואָרען איינער פון זיינע בעסטע חלומות, האָט ער אָנגעהויבען קוקען גאָר קרום אויפ'ן יודישען פאָלק. דאָס האָבען אָנגעשמעקט די יודישע שונאים אין עלזאַס, לאָטרינגען און די איבריגע געוועזענע דייטשע פראָ-ווינצען, און האָבען זיך ענטשלאָסען אָנצוטראָגען נאַפּאָלעאָן אין די אויערן אַללע מסירות אויף יודען, וואָס מען קאָן נאָר אויסטראַכטען. אין עלזאַס האָט די רעוואָלוציאָן אָרעם געמאַכט די יודען גלייך מיט די קריסטען און אַז עס איז שטיל געוואָרען האָבען די יודען אַלליין ניט געוואוסט צו וואָס זיי זאָלען זיך נעהמען. צו מלאכות און ערדאַרבייט האָט מען זיי ניט צוגעלאָזט און זיי זענען געצוואונגען געוועהן זיך צו האַפּען צו דער אַלטער פּרנסה – צו פּראָצענט. דאָס פערשטעהט מען, אַז מיט פּראָצענט האָבען זיך נאָר געקאָנט בעשעפטיגען די דאָזיגע גע׳אַהלטע בעלי בתים, וואָס עס איז זיי נאָך עפּיס געבליבען, און זיי האָבען אייגענטליך די בויערן געהאַט צו פערדאַנקען וואָס מען האָט זיי געגעבען געלד אויף ערד-קויפען און וואָס אין אַ קורצער צייט האָט זייער ערד בעטראָפען אַריבער זעכציג מילליאָן פראַנק, און שולדיג זענען זיי גע-וועהן דאַרויף אין גאַנצען נאָר אַ זעכסטעל. דערפון איז לייכט אַרויסצוזעהען, אַז די יודען האָבען דוקא ניט בעריסען די בויערן, און האָבען זיי אויסגעהאָלפען אין אַזאַ צייט, ווען אָהן יודיש געלד וואָלט פון זיי געוואָרען אַ תל; נאָר פון דעסטוועגען האָבען זיך די שונאים בענוצט נאָר דערמיט, וואָס מען האָט סתּם די יודען געהאַלטען פאַר פּראָצענטניקעס, און האָבען אָנגעמאַכט אַ געוואַלד, אַז די יודען זייגען אויס דאָס בלוט פוי די איינוואָהנער, און מען קאָן שוין פון זיי ניט אויסהאַלטען. מערקווירדיג איז, וואָס האָבער פון אַללע האָבען געשריגען די סוחרים פון שטראַסבורג, האָטש דאָרט האָבען געוואָהנט לויטער בכבודע יודישע משפּחות, ווי סערף-בער, ראַטיבאָן און פּיקאַר, וועלכע האָבען

געלעבט פון זייערע אייגענע נחלות און קיין יודישע פראצענטניקעס זענען נאר דארט ניט געוועהן. די שטראסבורגער סוחרים האבען פשוט געוואלט ארויס-פטר'ן די יודען, כדי זיי זאלען ניט בעדארפען מורא האבען פאר די יודישע פעהיגקייטען אין מסחר, און דערפאר, אז נאפאלעאן איז אים יאהר 1806 אריינגעפאהרען קיין שטראסבורג, האט מען איהם דערלאנגט א גאנצע מגלה וואו מען האט בעשריבען, אז די יודען זענען די שאדליכסטע מענשען, אז מיט קיין עהרליכער ארבייט ווילען זיי זיך ניט אבגעבען, אז זייער גאנץ בריה'שאפט בעשטעהט נאר אין שווינדעל און אבנארעריי, אז דאס פאלק וואלט זיי געוואלט דערטרענקען אין א לעפעל וואסער און אז ווי באלד די מלוכה וועט זיך ניט אננעהמען וועט פאר די יודען ערגער זיין, ווייל מען וועט זיי אויסקוילען נאר אהן רחמנות. אזא מין כסירה האט נאפאלעאן אריינגעבראכט אין כעס, און ער איז שוין פערטיג געוועהן צו געבען א בעפעהל, מען זאל ביי די יודען צונעהמען די רעכטע; בעזאנדערס ווען די שרייבערס באנאל, שאטאבריאן און פאנטאן האבען זיך אויך צופייערט און איינער פון זיינע מקורבים, דער גראף מאלע, וואס איז אליין ארויסגעקומען פון יודען, האט זיי אונטערגעהאלפען. דאס גליק איז אבער געוועהן וואס צוויי גרויסע לייט, רעניאל און סעגור, האבען זיך אנגענומען פאר די יודען און האבען פערשטעהען געגעבען דעם קייזער, אז ווען אפילו מען זאל גלויבען, אז אלדינג וואס מען זאגט אויף די עלזאסער יודען, איז אמת, טאר מען ניט דערלאזען, אז צו ליעב עטליכע שולדיגע זאלען ליידען א סך אומשולדיגע. זיי האבען אויך אנגעוויזען, אז די יודען פון באָרדא און מארסיעל זענען זעהר געשאצט אומעדום, און אז נאפאלעאן אליין האט זיי געשענקט ארדענס פאר זייער געטריישאפט דער מדינה. דאס האט א ביסעל געשטילט נאפאלעאנ'ס צארן, ער האט זיך איבערגעלעגט אז פערמשפט'ן א גאנצע נאציאן נאר דערפאר וואס אנדערע האבען זיי פיינד און זוכען אויף זיי חטאים איז ניט אזא יושר און חאטש ביי איהם אין הארץ איז נאך געבליבען גענוג שנאה פון פריהער און פון אצונד, וואס מען האט איהם אונטערגעהיצט, איז ביי איהם געבליבען, מען זאל אויס הארען די מיינונג פון די יודען אליין, און ער האט געהייסען אז די יודען זאלען אויסקלויבען צווישען זיך עדלע מענשען, וואס זאלען בעקלאהרען די מיטעל, וועלכע די מלוכה מוז טהון, כדי מען זאל זיך מעהר אויף זיי ניט דארפען בעקלאגען. דערביי האט ער פון דעסטוועגען ארויס-געלאזט א בעפעהל, אז די אלע יודישע עדעללייט זענען מחויב אבצוגעוואהנע-

די יודען פון זייערע שאנדליכע פּרנסות, אונ איינפיהרען ביי זיי ארענטליכע מלאכות, אונ אויסער דעם האט ער געמאכט אז אין א צייט פון א יאהר זאלען די יודען ניט טארען מאנען זייערע חובות ביי קריסטען. דאס איז געוועהן א קלאפּ, וואס די יודען האבען איהם געמוזט שטארק פיהלען נאך די ערשטע שטליכע גוטע יאהר וואס זיי האבען געהאט אין פראנקרייך.

מיט א שווער הארץ זעגען זיך צונויפגעקומען קיין פּאריז די יודישע דעפּוטאטען: זיי האבען פערשטאנען אז מען רופט זיי צונויף, זיי זאלען אויס הארען א גאנץ צעטעל פון זינד אונ, אז זיי האבען דערזעהען אז די מלוכה האט פון איהר זייט בעשטימט דעם גראף מאלע, וועלכער האט זיך שוין ארויס־געוויזען א צורר היהודים, האבען זיי זיך געשראקען טאמער וויל מען זיי נאר ניט אויסהארען אונ מען פארדערט נאר פון זיי, אז זיי זאלען זיך מודה זיין אז זיי זענען טאקי אומגערעכט. צום גליק זענען שוין אבער צווישען די פראנצאזישע יודען דעמאלט געוועהן גענוג גרויסע מענשען, אונ אז מען האט בעדארפט אויסקלויבען איבער הונדערט דעפּוטאטען איז דער גורל געפאלען אויף אזעלכע יודען, וועלכע זענען נאר געוועהן פערשיעדען צווישען זיך אין די דעות וועגען אמונה, אבער אללע גלייך זענען זיי פערבונדען געוועהן מיט ליעבע צו זייער פאלק, אונ זענען פערטיג געוועהן דעם אמת יעדען צו זאגען אין די אויגען. אוודאי האבען די גאנצע ארבייט איבערגענומען אויף זיך דער אלטער ר' יצחק בער, וואס האט פון זיין יוגענד אן ניט אויפגעהערט זיך צו בעמיהען פאר זיינע ברידער, זיין זוהן ר' מיכאל בער, דער ספרדישער רב ר' אברהם אנדראדע, דער שטראסבורגער רב ר' יוסף דוד זינצהיים, דער מאנטואר רב ר' אברהם וויטא די־קאלאניא, אונ נאך אנדערע לומדים אונ געלעהרטע. בעזאנדערס האט זיך אויסגעצייכענט ר' אברהם פורטאדא פון באררדא וועלכער האט גענוג זיך אנגעליטען אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן. ער איז ארויסגעקומען פון מארדאנען אונ כאטש גאנצע צוויי הונדערט יאהר זענען שוין אוועקגעגאנגען זייט זיין גאנצע משפחה האט געמוזט לפנים אננעהמען דאס קריסטענטהום, זענען זיינע עלטערן געטריי געבליבען דעם יודענטהום, אונ האבען אלץ געווארט אויף דער גוטער שעה זיי זאלען קאנען אפענטליך ווערען יודען. אז אין ליסאבאן איז געוועהן דאס גרויסע ערדציטערניש, איז זיין פאטער דערהרג'ט געווארען אונ אויף דער מוטער, וואס זי איז דעמאלט געוועהן אויף דער צייט, איז ארויפגעפאלען א גאנץ הויז, אונ מען האט זי שוין אויך גערעכענט פאר פערלארען. צווישען

דעם הויפען שטיינער, וואו זי איז געלעגען פערשיט, האט זי אבער ניט אנגעוואָרען איהר האפנונג, אונ האט א נדר געטהון, אז ווי באלד זי וועט נצל ווערען מוז זי אוועק פון פארטוגאל אונ ווערען א יודיש קינד. אזוי איז טאקי געשעהען, טאקי נאר מיט נסים איז זי געבליבען לעבען, אונ איז באלד אוועקגעפאהרען קיין לאנדאן, אונ דארט האט זי מיט מזל געהאט א זוהן, וואס פון איהם איז נאך דעם אויסגעוואקסען איינער פון די שאנסטע בעלי בתים אין באָרדא. צווישען די דעפוטאטען זענען אויך געוועהן נאר פרומע, אונ אזוי ווי ביי דער ערשטער אסיפה איז בעשטימט געוואָרען מען זאל שבת אויסקלויבען א פרעזידענט פון דער פערזאמלונג, איז שוין געוואָרען א שאלה: צו מאג מען אים שבת קלויבען? די פרומע רבנים האבען געזאגט, אז שבת איז א טאג פון רוה אונ מען טאר זיך אפילו ניט צוזאמענקומען, אונ די פרייערע האבען געשריגען, אז עס מאכט גאר ניט אויס, אונ עס איז דוקא בעסער מען זאל שוין טאקי נייזען דער מלוכה, אז דארט וואו מען דארף אבהיטען די געזעצע פונ'ם לאנד קוקען זיך די יודען ניט אום אויף זייערע אייגענע דינים. עס וואלט שיער געקומען צו א גרויס מחלוקת, ווען מען מאכט ניט א פשרה, אז יעדער זאל נאך פריטאג אנשרייבען זיין צעטעל, וועמען ער וויל אויסקלויבען פאר א פרעזידענט, אונ שבת זאל ער עס מיטברענגען צו דער אסיפה. מען האט זיך טאקי אזוי נוהג געוועהן, אונ פרעזידענט איז געוואָרען ר' אברהם פורטאדא. ביסלעכווייז זענען ביי זיך די דעפוטאטען געוואָרען שטארקער אונ אז זיי האבען געזעהען ווי די מלוכה גיט זיי אב כבוד, ווי זי האט געשטעלט פאר דעם זאל, וואו זיי האבען זיך פערזאמעלט, א וואך מיט מוזיק אונ האט בעשטימט א בעזונדער אפיציער, וואס זאל אויספאלגען אללע בעפעהלע פונ'ם פרעזידענט; האבען זיי פערשטאנען, אז זיי האבען אויף זיך גענומען זעהר א ערנסט שליחות, אונ אז נאפאלעאן וויל טאקי האבען פון זיי א רעכטע תשובה אויף אללע שאלות, וואס די שונאי ישראל האבען אין דער לעצטער צייט אויפגעוועקט. דעמאלט האט איינער פון די דעפוטאטען ר' ליפא סערף בער געזאגט א פייערינגע רעדע, אונ האט געענדיגט זיין דרשה מיט די דאזיגע ווארטער: מיר מוזען פערגעסען צו זענען מיר פון עלזאס אדער פון ערגיץ אנדערש, „אלס איינע מיוחסים זענען מיר אללע, צוזאמעט אונ צושפרייעט זענען מיר אויף דער וועלט, נאר איין גאטט דיענען מיר, אונ פון איין ליעבע דארפען מיר וויסען צו דער לאנד, וואס שיצט אונז אונ האט דאס רעכט צו פארדערן פון אונז איבערגעבענהייט אונ געטריישאפט".

צו דער אַנדערער אֲסִיפָה האָט מען די דעפּוטאַטען איבערגעגעבען צוועלף שאלות אויף וועלכע מען האָט פערלאַנגט צו האָבען פון זיי אַ קלאָרע תשובה. אַ טהייל שאלות זענען געווען וועגען גיטין, חתונות און רבנים, און מען האָט זיי אויך געפרעגט: צו מאָגען יודען נעהמען עטליכע ווייבער און זיך משדך זיין מיט קריסטען? די הויפּט פראַגע אָבער איז בעשטאַנען אין דעם: צו בעטראַכטען די פראַנצאָזישע יודען פראַנקרייך פאַר זייער פאָטערלאַנד, די פראַנצויזען פאַר זייערע ברידער, און די געזעצע פון'ם לאַנד פאַר הייליג? די דאָזיגע פראַגע האָט פיעל דעפּוטאַטען געקרענקט, ווייל זיי האָבען זיך גאָר ניט גערעכנט, אַז מען זאָל זיי גאָר פרעגען אויף אַזאַ זאַך: זיי האָבען זיך שוין לאַנג גערעכענט פאַר אמת'ע פראַנצויזען, און אַז מען האָט פאָרגעלעזען די פראַגע האָבען זיי זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען אַ געשריי געטהון: „מיר בלייבען געטריי אונזער פאָטערלאַנד ביז צום טויט!“

די דעפּוטאַטען האָבען באַלד אויסגעקליבען צווישען זיך אַ קאָמיסיע פון פיער מענשען, וואָס האָבען אויף זיך גענומען אויסצואַרבייטען, אונטער דער השגחה פון'ם רב ר' יוסף דוד זינצהיים, אַ תשובה אויף אַללע שאלות, און עס איז געבליבען אַז ביי דער דריטער אֲסִיפָה זאָל מען איבער קוקען די תשובה, און אַז אַללע דעפּוטאַטען וועלען געבען דאַרויף זייער הסכמה זאָל מען עס דערנאָך דערלאַנגען דער מלוכה. די ערשטע צוויי שאלות וועגען חתונות און גיטין האָט מען ערקלעהרט גאַנץ איינפאַך און אַללע דעות זענען געווען גלייך, ביי דער דריטער שאלה אָבער, צו מאָגען זיך יודען משדך זיין מיט קריסטען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ חילוקי דעות: ביי פיעל דעפּוטאַטען האָט עס ניט אויסגעמאַכט, נאָר די רבנים און די לומדים האָבען אָבער דערצו ניט געקאָנט מסכים זיין. פון דעסטוועגען האָבען די דעפּוטאַטען זיך אויס־געגלייכט דערמיט, וואָס זיי האָבען געאַנטוועָרט אַז קיין בפירושער אסור דאַרויף איז ניטאָ, ווייל די תורה האָט נאָר אָנגעזאָגט מען זאָל זיך ניט משדך זיין מיט די כנענים, און אַזוי ווי קריסטען זענען ניט געצענדיענער קאָן מען זיי ניט רעכנען צווישען די פעלקער וואָס מען טאָר מיט זיי זיך ניט מתחתן זיין, פאַר די רבנים וועט אודאי ניט אַזוי גרינג זיין מסדר קדושין זיין ביי אַזאַ געמישטער חתונה, נאָר די קאַטאָלישע גייסטליכע וועלען אויך ניט מרוצה זיין צו געבען זייער ברכה אַזאַ פאָר פאָלק; דער ווידער, וואָס האָט חתונה מיט אַ קריסטין בלייבט אַלץ אַ יוד, און מען רעכענט עס איהם ניט פאַר אַזאַ עבירה, וואָס דאַרף איהם אין גאַנצען אָבברייסען פון זיין אמונה. די אַללע

איבריגע שאלות זענען ווייטער בעהאנדעלט געווארען רוהיג און איבערלעגט, און אז עס איז געקומען צו דעם וואס די יודען בעשאפטיגען זיך מיט פראצענט און צו קוקען זיי אויף פראנקרייך ווי אויף א פאטערלאנד, האבען די דעפוטאטען אויסגעוויזען, אז די יודען ווילען אליין אוועקווארפען די שאנדליכע פרנסה, און ווען מען לאזט זיי נאר, געפינען זיי באלד שאנערע מיטעל צום לעבען און בעצאהלען דערפאר דעם לאנד מיט ליעבע און געטריישאפט, ווייל זיי רעכנען עס פאר'ן ערשטען חוב, און אזוי בעפעהלען אללע יודישע היילינע ספרים, וועלכע שרייבען אז יודען זאללען בעטראכטען אללע מענשען ווי ברידער.

א חוץ דעם ריינעם אמת, וואס איז געלעגען אין די תשובות, זענען זיי געוועהן אנגעשריבען מיט גרויס שכל און ישוב הדעת, און קוים זענען זיי געקומען צו נאפאלעאן אין די האנד אריין האט ער גאר אנדערש אנגעהויבען קוקען אויף יודען, און האט געלאזט זאגען די דעפוטאטען, אז אלדינג וואס מען האט אנגערעדט אויף זייער פאלק איז אין זיינע אויגען בטל ומבוטל, און אז עס וועט ביי קיינעם פון זיי קיין האר ניט געקרימט ווערען. דא איז יא מקוים געווארען דער פסוק: ברצות ה׳ דרכי איש גם אויביו ישלים אתו: ווענן גאטט בעגליקט א מענשען ווערן פון זיינע שונאים אויך גוטע פריינד. דער איינענער גראף מאלע, וואס האט קיין יודען ניט געקאנט אנקוקען, האט געמוזט די דעפוטאטען איבערגעבען נאפאלעאן'ס רצון, און האט זיי דערצעהלט ווי דער קייזער האט מיט גרויס פערגניגען געלעזען זייערע תשובות, און אצונד וויל ער נאך, טאקי פון זייער טובה וועגען, פאדערן ביי זיי איין ערבות אז אלדינג וואס זיי האבען געאנטפערט וועט בלייבען פעסט, און אזוי וועלען זיי זיך פיהרען אין זייער אינווענדיג רעליגיאז לעבען.

פון דעם ערבות, וואס נאפאלעאן האט געפאדערט פון די דעפוטאטען, זענען זיי גאר געווארען מלא שמחה, ווייל ער האט זיי פארגעלעגט, אז זיי זאלען אין פאריז בעניי׳הען א סנהדרין, וואס זאל האבען צו שאפען איבער אללע יודען פון דער גאנצער וועלט, און זיי האבען זיך געלאזט איינרעדען, אז דאס איז דער ערשטער שריט צו זייער אמת'ער פרייהייט, און אז פון פראנקרייך וועט זיך אנהויבען די אמת'ע גאולה. אודאי האבען זיי זיך געמאנט פראהען ביי דעם געדאנק, אז זייער אלטע האפנונג איז ווייטער בעלעבט גע־ווארען, האטש נאפאלעאן האט גאר ניט געמיינט זיך אריינלאזען מיט זיי אין אזעלכע ווייטע דרכים און האט נאר געוואלט, אז יודען זאלען האבען א מיטעל פונקט, פון וואנען עס וועלען ארויסגעגעבען ווערען פאר זיי בעשטימטע געזעצע

און ער איז געוועהן זיכער אַז דאָס גאַנצע פאָלק וועט האָבּען צוטרויען צו אַ גרויסער פערזאַמלונג, וואָס וועט בּעשטעהען פון רבנים, לומדים און אַנדערע בּכבוֹדע מענשען. דערפאַר האָט ער געהייסען, אַז די דעפוטאַטען זאָלען צו־שיקען בּריעף צו אַללע יודישע קהלות, זיי זאָלען אויסקלויבּען איין און זיבּציג מיטגלידער פונ'ם סנהדרין, וואָס זאָלען בּלייבּען זיצען אין פּאַריז, און זאָלען זיך פיהרען, בּיי שאלות פּסקנען און מאַכען פערשיעדענע תּקנות, פּונקט ווי די סנהדרין אין די אַלטע צייטען, ווען די יודישע מלוכה האָט נאָך געהאַט איהר פריהריגע מאַכט.

אַז די דעפוטאַטען האָבּען געשריבּען אומעדום פון דעם גליק, וואָס האָט זיך פּלוצלונג בּעוויזען אין פראַנקרייך, איז געוואָרען אַ שטאַרקער רעש, און אַזוי ווי מען האָט נאָך ליעב יעדע זאַך אַ בּיסעל מגזם צו זיין פון דערנייטענס, און מען האָט שוין לאַנג געהערט, אַז נאַפּאָלעאָן האָט צוגעזאָגט די יודען פון ארץ ישראל אַז ער וועט זיי צוריק אויסבּויען דעם בּית המקדש, האָט מען געגלויבּט אַז פון דעם נייעם סנהדרין וועט זיך עפּיס טאַקי אָנהויבּען פאַר יודען אַ רעכטע ישועה. נאָר אין בּערלין האָבּען די יודען דערפון חוזק געמאַכט, און דאָס איז מעהר געוועהן צו ליעב דעם, וואָס זיי האָבּען זיך שוין גע־רעכענט פאַר אמת'ע דייטשען, און זענען בּרוגז געוועהן אויף נאַפּאָלעאָן פאַר וואָס ער האָט געמאַכט אַזאַ תל פון זייער פאַטערלאַנד. פון אַללע אַנדערע ערטער האָבּען זיך געשיטט בּרכות אויף די קאָפּ פון די דעפוטאַטען, וואָס האָבּען די זכיה אַזוי נושא חן זיין בּיי נאַפּאָלעאָן, און מען האָט שוין אַרויס־געקוקט אויף גוטע בּשורות און נחמות. ענדליך איז געקומען דער טאָג, דער פעבּרואַר 1807, וואָס די פערזאַמלונג פון די סנהדרין האָט שוין בּעדאַרפט אָנ־הויבּען זייער אַרבּייט, די איין און זיבּציג סנהדרין זענען בּעשטאַנען פון צוויי דריטעל רבנים, און די איבּריגע זענען געוועהן לומדים און עשירים. ר' יוסף דוד זינצהיים, איז אויסגעקלויבּען געוואָרען פאַר „נשיא", דער אַלטער זעגריר — פאַר „אַב בּית דין", און ר' אַבּרהם וויטאַ דיקאָלאָניאַ פאַר „חכם". מיט גרויס פּאַראַד זענען אַללע סנהדרין אַוועקגעגאַנגען אין שול אַריין, און דאָרט האָט דער עולם אויסגעהערט צוויי פייערליגע דרשות, וואָס דער „נשיא" האָט געזאָגט אויף לשון קודש און דער חכם — אויף איטאַליאַניש, דערנאָך האָבּען זיי זיך אַללע פערזאַמעלט אין ראַטההויז און זייערע זיצונגען האָבּען זיך געעפענט. בּעשאַפטיגט האָבּען זיי זיך אייגענטליך נאָר דערמיט,

וואס זיי האבען געמאכט תקנות פאר אללע פראנצאזישע, דייטשע אונ איטאליענישע יודען מיט די תשובות, וועלכע זיי האבען פריהר געגעבען דער מלוכה; קיין גרויסע ארבייט איז דאס ניט געוועהן, נאר אז מען האט זיי פון ווייטען געזעהען זיצען אנגעטהון אין די לאנגע זיידענע מאנטעל מיט די דרייעקיגע קאפלושען אויף די קאפ, האט זיך דער יוד, וואס האט ליעב אפט ארומצופליהען מיט חלומות, זעהר לייכט געקאנט לאזען איינרעדען אז פון יענער זייט טהיר שטעהט שוין משיח אונ אז היינט – מארגען לאזט זיך שוין אויס דער ביטערער גלות.

דאס איז אבער געוועהן, ווי די וועלט זאגט א ווארטעל, א גרויסער וואלקען נאר אהן א קאפ רעגען. די סנהדרין האבען גערעכענט אז ווי באלד זיי וועלען נאר ענדיגען זייערע זיצונגען, וועט נאפאלעאן אפענטליך ארויסזאגען זיין רצון, אז ער וויל שענקען די יודען פאלקאמענע פרייהייט אונ קוקענדיג אויף איהם, וועלען דאס אייגענע טהון אויך די איבריגע מלכים פון אייראפא; פון די אללע זאכען האט זיך אבער אויסגעלאזט א גאר ניט, אונ מען האט נאך אנגעהויבען הערען פונקט פארקעהרט, ווארום נאפאלעאן האט זיך ווייטער צוגעלאזט צו די שונאי ישראל, אונ האט אין גאנצען איבערגעביטען זיין גוטע מיינונג וועגען יודען. נאפאלעאן האט אבער באמת דעמאלט קיינעם ניט אין זין געהאט, דער קאפ איז איהם פערטראגען געוועהן מיט דער מלחמה, וואס ער האט אנגעהויבען מיט פרייסען אונ רוסלאנד, אונ אז ר׳ אברהם פורטאדא אונ מאריץ לעווי פון נאנסי האבען זיך ניט געפוילט אוועקצופאהרען צו איהם אין לאגער אונ ביי איהם געוואהר ווערען וואס ער טראכט וועגען זייערע ברידער, האט ער זיי געגעבען די בעסטע הבטחות. די יודען זענען אבער טאקי נאר געבליבען ביי די דאזיגע הבטחות, אונ דאס נייע געזעץ, וואס נאפאלעאן האט ארויסגעלאזט וועגען זיי, דעם 17 מארץ 1808, האט ביי זיי צוגענומען א סך רעכטע: אהן א פאטענט פון דער מלוכה האט קיין יוד ניט געטארט מאכען קיין שום מסחר, אללע זייערע קאנטראקטען האבען ניט געהאט קיין ווערטה, ווען זיי זענען געמאכט געווארען אהן א בעזונדער ערלויבניש, איבערפאהרען פון איין ארט אויפ׳ן אנדערן האבען זיי ניט געהאט קיין רעכט אונ רעקרוטען געבען האבען זיי געמוזט אליין, ניט דינגען פאר זיך אנדערע, ווי עס האבען געמאגט אללע איבריגע איינוואהנער פון פראנקרייך. געהייסען האט עס, אז דאס נייע געזעץ וועט בלייבען נאר אויף צעהן יאהר; עס איז אבער שוועהר געוועהן עס אויסצופיהרען, אונ

פאר די יודען פון באררדא, פאריז און ליוואָרנא האט מען נאר גיך געמוזט מאכען א היתר, און נאר די יודען פון די געוועזענע דייטשע פראווינצין האבען ווייטער געמוזט פיהלען דעם טעם פון א געמוטשעט לעבען.

דערפאר איז גאר גוט געווארען די יודען פון וועסטפאלען, וואו נאפאלעאן'ס ברודער, זשעראם באנאפארט, איז געווארען קעניג. ער האט געהאט רעכטע יועצים, און צווישען זיי איז אויך געוועהן דער בעריהמטער יודענפריינד דאהם, און ער האט באלד אויסגעגלייכט די רעכטע פון אללע און האט אפילו געהייסען שטרענג בעשטראפען אזעלכע וואס וועלען זאגען איודען שלעכטע ווארטער. ר' מיכאל בער האט ביי איהם בעקומען די בעסטע שטעללע און דעמאלט האט אין קאסעל אנגעהויבען שפיעלען א גרויסע ראללע ר' ישראל יאקאבזאהן, וואס האט געאפפענט אויף זיין רעכנונג א סך שולען און האט געארבייט מיט אללע כוחות, אז די יודען זאלען זיין געבילדעט. צו ליעב דעם איז ער געצוואונגען געוועהן צו נעהמען די גאנצע מאכט אין זיינע האנד און זיך אזוי פיהרען אז די רבנים זאלען איהם הערן און מסכים זיין צו אלץ וואס ער וועט טהון, און ער האט עס אזוי ווייט געבראכט, אז אהן זיין ידיעה האט מען אין שול קיין דרשה ניט געזאגט און די פרומע האבען חאטש ניט וועלענדיג געמוזט צו אלם מסכים זיין.

חאטש נאפאלעאן האט א ביסעל צוריקגעחאפט פיעל רעכטע, וואס די יודען פון פראנקרייך האבען בעקומען אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן, פון דעסטוועגען האט ער א גרויסע טובה געטהון די יודען, וועלכע האבען געוואהנט אין די קליינע דייטשע מלוכות, ווייל דארט האט עס געהייסען, אז פראנצאזישע יודען זענען זעהר גליקליך, און מען האט זיך פשוט אנגעהויבען שאמען מען זאל זיי שטארק אונטערדריקען. דער הערצאג פון באדען, קארל פרידריך, איז געוועהן דער ערשטער וואס האט די יודען פון זיין לאנד געגעבען רעכטע, האטש גלייך מיט אללע איינוואהנער האט ער זיי ניט געמאכט און האט זיי נאך געזאגט א דעה, אז נאר די תורה און ניט דער תלמוד דארף ביי זיי זיין היילינג. אין פראנקפורט איז אויך געווארען א גאנצע פעראנדערונג זייט דאס פראנצאזישע חיל האט פערנומען די שטאדט. צום אנהייב האט זיך די לאגע פון די יודען גאר פערבעסערט, און דארט וואו דער יוד האט פריהר ניט געטארט קיין איינציגען שריט ארויסגעהען פון דער גהעטא, און יעדער שכור האט געמאגט דעם שאנדטען בעל הבית מאכען דעם גראסטען סקאנדאל, האבען זיך איצט די יודען פערשפרייט איבער דער גאנצער

שְׁטָאדְט, נָאר אַז עֶס אִיז גֶעוָוארֶען שָׁלוֹם הָאט דֶער נַייֶער מוֹשֵׁל, דֶער עֶרְץ הֶערְצָאג הַאלְבֶּערְג, זִיךְ גֶענוּמֶען בִּיסְלֶעכְוַויז צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דֶעם יוּדִישֶׁען מַעֲמָד אוּנ הָאט עֶס גֶעטְהוּן ווִי אַ בֶּערֶעכֶענְטֶער מֶענְשׁ, כְּדֵי דִי שׂוֹנְאִים זָאלֶען פֶערְשְׁפָּארֶען שְׁרַייֶען. פוּן אֵיין זַייט הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, אַז עֶס פַּאסְט נִיט מֶען זָאל גֶעגֶען יוּדֶען זִיךְ בֶּעדִיענֶען מִיט אַלְטֶע גֶעזֶעצֶע, אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט עֶר גֶעמוּזְט זָאגֶען דִי יוּדֶען, אַז זֵיי מוּזֶען זִיךְ אַלֵיין פֶערְדִיענֶען לִיעבְּשַׁאפְט בַּיים פָאלְק מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים. דִי יוּדֶען הָאבֶּען ווִידֶער פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס מֶען בְּרוֹיךְ, אוּנ אַז דֶער מְלוּכָה אִיז אַ בִּיסֶעל עֶנְג גֶעוָוארֶען אִין גֶעלְד הָאבֶּען זֵיי אַריינְגֶעטְרָאגֶען 440,000 גוּלְדֶען. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער בֶּעסְטֶער בֶּעוַויז, אַז זֵיי זֶענֶען גֶעטְרַיי, אוּנ אִים יָאהר 1811 הָאט מֶען זֵיי גֶעשֶׁענְקְט אַלֶע רֶעכְטֶע. אִין דֶעם אֵיינֶעם יָאהר הָאט אוֹיךְ הַאמְבּוּרְג בֶּעפְרַייעט אַלֶע יוּדֶען, אַלֶע הָאבֶּען נָאכְגֶעטְהוּן אַלֶע שְׁטֶאדְט פוּן אַרוּם, אוּנ נָאר אִין אֵיין לוּבֶּעק אִיז עֶס צוּגֶעגַאנְגֶען שְׁוֶוער, ווַייל דָארְט הָאט מֶען פָּשׁוּט נִיט גֶעקָאנְט קֵיין יוּדֶען, מֶען הָאט זִיךְ גְלַאט אַזוֹי גֶעשְׁרָאקֶען פַאר זֵיי, אוּנ אַז עֶס הָאבֶּען זִיךְ דָארְט בֶּעזֶעצְט דִי עֶרְשְׁטֶע זֶעקְס אוּנ זֶעבְצִיג יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת, הָאט עֶס דִי שְׁטָאדְט גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ שְׁטְרָאף. גִיךְ הָאט מֶען אָבֶער פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם טָעוּת, אוּנ מֶען הָאט קֵיין חֲרָטָה נִיט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען. אוֹיךְ אִין בְּרֶעמֶען הָאבֶּען דִי יוּדֶען בֶּעקוּמֶען רֶעכְטֶע, אוּנ דֶער הֶערְצָאג פוּן מֶעקְלֶענְבּוּרְג, פְרִידְרִיךְ פְרַאנְץ, הָאט אֲפִילוּ עֶרְלוֹיבְּט, אַז יוּדֶען זָאלֶען מֶאגֶען זִיךְ מְשַׁדֵּךְ זַיין מִיט קְרִיסְטֶען. אֲפִילוּ פְּרַייסֶען הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען, אוּנ דֶער קֶענִיג פְרִידְרִיךְ ווִילְהֶעלְם דֶער דְרִיטֶע הָאט גֶעמוּזְט גֶעבֶּען יוּדֶען רֶעכְטֶע, אוּנ הָאט זֵיי גֶעלָאזְט פֶערְנֶעהמֶען פְּרָאפֶעסָאר-שְׁטֶעלֶען. דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען הָאבֶּען טַאקִי אִין דֶער צַייט פוּן דֶער מִלְחָמָה אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען אַזוֹי פִיעל גֶעטְרַיישַׁאפְט, אַז אֲפִילוּ דִי עֶרְגְסְטֶע שׂוֹנְאִים זֵייעֶרֶע הָאבֶּען גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין, אַז זֵיי זֶענֶען דִי נוּצְלִיכְסְטֶע אַיינְוָואהְנֶער פוּנ'ם לַאנְד. דֶערְצוּ הָאט נָאךְ ר' דָוִד פְרִידְלֶענְדֶער אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע בֶּערְלִינֶער גְבִירִים גֶעלָאזְט זִיךְ קָאסְטֶען אַ הִיבְּשֶׁע מַטְבֵּעַ, וואוּ מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט הָאט מֶען גֶעגֶעבֶּען אַ בְּרֵייטֶע נְדָבָה, אוּנ ווֶעמֶען עֶס אִיז נֶעטְהִיג גֶעוֶועהן הָאט מֶען נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט צוּ גֶעבֶּען, אוּנ דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין פְּרַייסֶען הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פֶערְבֶּעסֶערְט. נָאר אִין אֶסְטֶערְרַייךְ, בַּייעֶרְן אוּנ זַאכְּסֶען זֶענֶען דִי יוּדֶען נָאךְ אַלְץ גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם אֵיינֶעם בִּיטֶערְן מַעֲמָד וָואס פְרִיהר. אַז נַאפָּאלֶעאָן הָאט גֶעמַאכְט מַאקְסִימִילִיאַן יָאזֶעף פַאר קֶענִיג פוּן בַּייעֶרְן הָאט עֶר אֲפִילוּ אוֹיף דֶער

הייסער שעה ארויסגעלאזט א בעפעהל, אז די יודען בעקומען גלייכע רעכטע מיט די קריסטען, נאר קוים איז שטיל געווארען האט מען באלד אנגעהויבען לערנען פירושים ביז מען איז געוואהר געווארען, אז עס וועט קיינעם ניט האַרען ווען די יודען וועלען, ווייטער בלייבען אין דרויסען. אין זאקסען האבען עטליכע געצאהלטע יודען געמאגט וואהנען אין דרעזדען און לייפציג, נאר מען האט מיט זיי אויסגענומען א תנאי, אז זיי טארען קיין שולען ניט בויען און קאנען האבען נאר מנינים, און אז די מלוכה מאג זיי צו יעדער צייט הייסען ארויספאהרען גאר אהן א סבה. אין אסטעררייך איז אויך, נאך דעם קייזער יאזעף'ס טויט, געווארען די יודען גאר שלעכט און מען האט אנגעהויבען דערפרישען אלטע גזרות און רייסען ביי זיי אזעלכע נתינות אז זיי האבען עס גאר ניט געקאנט אויסהאלטען: ווער עס האט בעדארפט אפילו אויף א טאג אריינקומען קיין ווין האט געמוזט צאהלען א בעזונדער מס, און די פאליציע האט מעהר ניט געהאט צו טהון ווי נאכצולויפען אין די גאסען יעדען יודען און פרעגען איהם אויף א פאס און אויף א צעטעל פון מס. חתונה האבען האט געמאגט נאר דער עלטסטער זוהן אין יעדער יודישער משפחה, און ווי באלד מען האט עובר געוועהן אויף דעם געזעץ איז מען בעשטראפט געווארען ווי פאר דעם גרעסטען פערברעכען.

פרייסען און אללע אנדערע ערטער, וואו מען האט, צו ליעב פראנקרייך, אנגעהויבען פריינדליכער בעהאנדלען יודען, האבען אבער לאנג ניט געקאנט בלייבען ביים נייעם גאנג און טאקי זיך איינגעוויינען מיט דעם געדאנק, אז יודען זענען ניט ערגער פון אנדערע, און קוים איז אוועק די מורא פון נאפאלעאן, האבען זיי זיך געהאפט צום אלטען, און אים יאהר 1814 האט מען אין פראנקפורט ווייטער אריינגעטריבען די יודען אין זייערע בלאטיגע גאסלעך פון דער גהעטא. אין האמבורג האבען די שונאים אזוי אנגערייצט דאס פאלק אויף די יודען, אז עס האט אפילו ניט געהאלפען וואס דער סענאט איז געוועהן פאר זיי. דאס איינענע האט זיך אויך געטהון אין האנאווער, ברוינשווייג און העסען, און בעזאנדערס אין לובעק און ברעמען: דארט איז מען נאך מעהר אין כעס געוועהן אויף די יודען דערפאר וואס מען איז עטליכע יאהר געצוואונגען געוועהן זיי צו בעטראכטען ווי מענשען, און דערפאר האבען זיך געפונען בעלנים, וואס האבען געשריגען, אז מען דארף זיי אין גאנצען ארויסטרייבען. דעמאלט האט אבער בעדארפט זיין דער וויענער קאנגרעס און די וועלט האט ארויסגעקוקט, אז דארט וועט מען בעווארנען אללע שאלות

פון דער לעצטער צייט. אוודאי האבען זיך אהין געווארפען די פראנקפורטער יודען און האבען טאקי געהאט רעכטע טענות, ווייל ערשטענס, האבען זיי בעצאהלט מזומן געלד פאר זייער פרייהייט און קיינער האט זיי ניט געזאגט, אז מען פערקויפט זיי די רעכטע נאר אויף צוויי-דריי-יאהר, און צווייטענס, האבען זיי געשריגען, אז אין דער צייט ווען דאס לאנד איז געוועהן אין סכנה האבען זיי איינגעשטעלט זייער לעבען און האבען שוין דערמיט אליין פערדיענט מען זאל זיי רעכנען פאר אמת'ע דייטשע קינדער. דערצו האט נאך א ביסעל צוגעהאלפען דער יונגער ראטהשילד וואס האט נאך דעם פאטער'ס טויט נאך פערגרעסערט זיינע געשעפטען, און נאך א גרעסערע טובה האט געטהון די באראנין פאני פאן ארנשטיין, וואס די גרעסטע שררות פלעגען קומען צו איהר און זי האט געפועלט ביי די מיניסטארען הארדענבערג און מעטערניך אז זיי זאלען זיך ביים קאנגרעס אננעהמען פאר די יודען.

די גאנצע ארבייט איז אבער געוועהן אומזיסט. אומעדום, וואו די פראנצויזישע מאכט האט פריהער אריינגעבראכט די פרייהייט, האט מען זיך באלד געחאפט צוריק, ווען מען איז נאר געוואהר געווארען, אז מען האט זיך שוין ניט מעהר פאר וועמען צו שרעקען. עס איז כמעט אין גאנץ אייראפא געווארען א איבערקעהרעניש: דער פאפסט פיוס דער זיבעטע האט זיך גענומען נאך אמאל איינצופיהרען די אינקוויזיציאן, ער האט געהייסען נייטהען די יודען זיי זאלען ווייטער הערען דרשות פון קאטאלישע גייסטליכע, און פון די שאנע הייזער, וועלכע זיי האבען זיך אין די עטליכע גליקליכע יאהר געקויפט אדער געדונגען אין די ברייטע גאסען פון רום, האט ער זיי משלח געוועהן צוריק אין זייער גהעטא. פון איטאליען האבען זיך אויך די דייטשען אראבגענומען א מוסר און האבען אנגעהויבען נאך מיט מעהר כח צו ארבייטען געגען די יודען, נאר זיי האבען די שנאה איינגעוויקעלט אין ליעבשאפט צום פאטערלאנד, און האבען געשריגען, אז נאר די דייטשען האבען דאס רעכט צו הערשען ביי זיך אין לאנד און אללע אנדערע פאלקער מוזען אנבויגען דעם קאפ. דעמאלט האט איינער פון די שונאי ישראל, א פראפעסאר פון דער בערלינער אוניווערזיטאט, פרידריך רוהס, ארויסגעלאזט א בוך און האט בעוויזען אז מען מוז די יודען שטארק האלטען אין די הענד, ארויפלעגען אויף זיי די גרעסטע נתינות, זיי הייסען טראגען א בעזונדער צייכען אויף די קליידער און מאכען זיי אזוי שווער דאס לעבען אין לאנד אז זיי זאלען אליין אנטלויפען. אין גאנץ דייטשלאנד האט מען זיך מיט דעם בוך ארומגעטראגען ווי מיט א אבן טוב,

דייל אזוי איז געוועהן די מיינונג פונ'ם פאלק וואס איז געגאנגען מיט דעם כלל, אז וואס ערגער עס וועט זיין דעם יודען דאס בעסער וועט זיין פאר זיי. אודאי האבען די יודען פונ'ם קאנגרעס אויך ניט געקאנט האבען קיין גרויסע ישועה: אויפ'ן פאפיער איז טאקי געשטאנען, אז מען מוז געבען יודען אללע רעכטע נאר אז עס איז געקומען צו עפים האט מען אנגעהויבען לערנען אזוי פיעל פרושים, אז די יודען האבען געדאנקט גאטט, וואס מען האט זיי שוין גאר ניט געטשעפעט אונ מען האט זיי געלאזט האטש לעבען אין ענגשאפט אונ ארעמקייט ווי פריהר.

זעהר א ביטערע צייט האט זיך אנגעהויבען פאר די דייטשע יודען. עס איז אזוי אויסגעקומען אז דער וויענער קאנגרעס, וואס האט קלאמעריטט בעוואָרענט די יודען, האט געשטעלט דעם גנב ביי דער טהיר פאר א שומר, אונ האט געמאכט אז פרייסען אונ אסטערבייך זאלען אכטונג געבען אויף די איבריגע קליינערע מלוכות אונ שטאדט, מען זאל דארט יודען בעהאנדלען מיט יושר. ביי אזעלכע צוויי שומרים האט דער יוד געמוזט האבען דאס מזל פון דעם קינד, וואס ווערד דערשטיקט צווישען דער אקושערין אונ צווישען דער קימפעטארען. אין פרייסען איז דער נאהמען „יוד" געוועהן בעדעקט מיט שאנד אונ שפאט, אין אסך ארטער האבען יודען ניט געטארט וואהנען, ניט פיהרען קיין מסחרים, ניט קויפען קיין הייזער ביי קריסטען, ניט ארויספאהרען פון דעם פלאץ וואו זיי האבען זיך שוין געפונען. אונ איינער פון די היידעלבערגער פראפעסארען פרידריך פריעס, האט זיך ניט געשאמט אפענטליך צו שרייבען, אז עס איז ניטא קיין אנדער מיטעל פטור צו ווערען פון די יודען, נאר מען זאל זיי פערניכטען. נאך ערגער איז געוועהן אין אסטערבייך, וואו די יודען האבען געמוזט וואהנען אין בעזונדערע גאסען. קיין טיראל האבען זיי גאר ניט געטארט אריינשמעקען, אין באהמען האט מען זיי ניט געלאזט זיצען אין דארפער, אין מאהרען האט מען פאר זיי פערשלאסען אזעלכע האנדעלס-שטאדט ווי ברונן אונ אלמוטץ, אונ ביי דעם אללעמען האט מען ביי זיי געריסען זעהר פיעל מס, סאלדאטען האבען זיי געמוזט געבען, אונ דער יוד האט געמאגט דיענען דאס גאנצע לעבען איז ער גראסער פון א אונטעראָפיציער ניט געווארען. אודאי אז מען האט געזעהען ווי פרייסען אונ אסטערריין בעהאנדלען די יודען האט מען פערשטאנען, אז שטארק פערדריסען וועט זיי ניט, ווען מען וועט ניט אזוי ריכטיג אויספאלגען דעם הסכם פון וויענער קאנגרעס, אונ מען האט זיך גענומען אברעכנען מיט די יודען נאך מיט מעהר אכזריות ווי

א מאל. פון לובעק האט מען באלד ארויסגעטריבען פערציג יודישע משפחות, אונ ברעמען האט אויך געטהון דאס אייגענע. פראנקפורט האט אויך געוואלט ארויסטרייבען איהרע יודען, נאר דארט האבען זיך די יודען ארויסגעשטעלט, אונ אזוי ווי דער סענאט האט מורא געהאט, אז לפנים וועלען פרייסען אונ אסטערדייך זיך מוזען אננעהמען פאר די יודען, איז געבליבען מען זאל אנהויבען פרעגען שאלות וועגען קאנגרעס אליין, אונ מען האט זיך געווענדעט צו גרויסע פראפעסארען פון בערלין אונ מארבורג מיט א בקשה זיי זאלען גוט בעקלאהרען די זאך אונ ארויסזאגען זייער מיינונג: צו האט נאר דער וויענער קאנגרעס רעכט געהאט זיך אריינצומישען אין א שאלה, וואס איז נוגע דעם אינוועניגסטען לעבען פון דער שטאדט? די יודען האבען אויך ניט געשוויגען אונ דעמאלט האט דער יונגער בארנע אנגעשריבען א פאפיער, אין וועלכען ער האט אויסגעוויזען ווי ווייט די שונאים זענען פון שכל אונ פון יושר. ניין יאהר האט געדויערט ביז די פראפעסארען האבען געפסקנט, אז לויט די געזעצע פון א מאל קאנען די יודען ניט פאדערן קיין שום רעכטע. דער פסק האט אפילו קיין ממשות ניט געהאט, נאר די שנאה צו די יודען האט ער פערגרעסערט אהן א שיעור, מען האט קיין יודען ניט געלאזט קיין גאס דורכגעהען, אונ עס איז געבארען געווארען א נייעס ווארטעל, וואס מען פלעגט נאכשרייען דעם יודען: „העפ, העפ", דאס זענען די ראשי תבות פון די לאטיינישע ווערטער „Hierosolyma est perdito“ „ירושלים איז פערלארען".

נאר מיט די ווערטער אליין רודפ'ן יודען איז אבער נמאס געווארען אונ מען האט זיך מיישב געווען, אז עס וואלט ניט געשאדט מען זאל שלאגען אונ ראבעווען אויך. דעם אנהויב האט מען געמאכט אין ווירצבורג, וואו דאס פאלק איז אנגעפאלען אויף די יודישע הייזער אונ קלייטען, געבראכען טהירען, געשלאגען פענסטער, געראבעוועט, געהרג'ט, אונ ווען עס קומט ניט אריין קיין חיל וואלט געוועהן נאר א גרויסע שחיטה. אויפ'ן אנדערן טאג האבען די איינוואהנער געבעטען מען זאל זיי בעפרייהען פון די יודען, אונ די מלוכה האט זיך געפיהלט אזוי שוואך אין מאכט אונ גערעכטיגקייט, אז זי האט עס זיי צו ליעב געטהון, אונ פיער הונדערט אביונים האבען געמוזט ארויס פון דער שטאדט אונ וואלגערן זיך אויף די פעלדער נאקעט אונ בלויז, הונגעריג אונ דארשטיג. באלד האט מען זיך מיט די יודען אזוי נוהג געווען אויך אין באמבערג, דארמשטאדט, מייניגען, קארלסרוהע אונ אפילו אין האמבורג. פראנקפורט האט זיך מן הסתם אויך מתקנא געווע־

אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט , דָארְט אִיז מֶען גָאז גֶעוֶועהן אוֹיף דִי יוּדֶען נָאךְ פוּן פְרִיהֶר, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעקוּקְט מֶען זָאל אָבְּרַאבֶּעוֶוען רָאטְהְשִׁילְד'ן , גָאר אַזוֹי וִוי אַלֶע שְׂרָרוֹת הָאבֶּען בַּיי אִיהם גֶעהַאלְטֶען זֵייעֶר גֶעלְד הָאט מֶען אִיהם גֶעמוּזְט אָבְּהִיטֶען אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט מֶען אַרַיינְגֶעשִׁיקְט זֶעהר פִיעל חַיִל אוּנ מֶען הָאט נִיט דֶערְלָאזְט צוּ קֵיין אוּמְגְלִיק . דָאס אֵייגֶענֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהֶען אִין הֵיידֶעלְבֶּערְג , וְואוּ דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק גֶעוָואלְט צוּפִיהְרֶען דִי הָאנְד . נָאר צְווֵיי מֶענְשֶׁענְפְרַיידְלִיכֶע פְּרָאפֶעסָארֶען , דוֹיבּ אוּנ טְהִיבָּא , הָאבֶּען צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען אַסַךְ סְטוּדֶענְטֶען אוּנ הָאבֶּען בֶּעשִׁיצְט דִי יוּדֶען כִּמְעַט מִיט מְסִירַת נֶפֶשׁ .

פוּן דַייטְשְׁלַאנְד הָאט זִיךְ דָאס פַייעֶר אַרִיבֶּער גֶעהַאפְּט אוֹיךְ קֵיין דֶענֶעמַארְק , וְואוּ דִי יוּדֶען הָאבֶּען שׁוֹין גֶעלֶעבְּט עֶטְלִיכֶע יָאהר גְלִיקְלִיךְ אוּנ פְרַייא , גָאר דָארְט הָאבֶּען זִיךְ הָאטְשׁ גֶעפוּנֶען פִיעל מֶענְשֶׁען , טַאקִי פוּן דִי אַיינְוָואהְנֶער אַלֵיין , וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי יוּדֶען אוּנ אֲפִילוּ דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זֵיי גֶעשִׁיצְט , דֶערְפַאר הָאט מֶען אִין בַּייעֶרְן אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען מֶעהר רְצִיחָה וִוי אוּמֶעדוּם אוּנ דָארְט הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָבְּגֶעזוּכְט אַזֶעלְכֶע מַחֲמִירִים וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט יוֹצֵא זַיין דִי גְרוֹיסֶע מִצְוָה פוּן יוּדֶען שְׁלָאגֶען מִיט אַלֶע הַדּוֹרִים : מֶען הָאט גֶעבְּרֶענְט שׁוּלֶען צוּרִיסֶען סִפְרֵי תּוֹרָה אוּנ מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ שֶׁהֶחֱיָנוּ דַארוֹיף וָואס מֶען הָאט בֶּענַייהט דִי שֶׁאנֶע מִדּוֹת פוּן צוּרִיק מִיט הוּנְדֶערְטֶער יָאהְרֶען .

אִין דֶער דָאזִיגֶער פִינְסְטֶערֶער צַייט הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער דַוְקָא אַזוֹי גֶעפִיהְרְט , אַז יוּדֶען זָאלֶען פוּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶעבֶּען צְווֵיי מֶענְשֶׁען , וָואס זֵיי רֶעכֶענְט דַייטְשְׁלַאנְד מִיט רֶעכְט פַאר לִיכְטִיגֶע שְׁטֶערְן , וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט דֶערְלָאזְט דִי דַייטְשֶׁען אִין גַאנְצֶען זִיךְ פֶערְבְּלָאנְזֶען אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעוִויזֶען דֶעם וֶועג צוּ דֶער פְרַייהַייט , וָואס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִים יָאהר 1848 כִּמְעַט פַאר גַאנְץ אֵיירָאפָּא . דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן לוּדְוִויג בֶּארְנֶע אוּנ הֵיינְרִיךְ הֵיינֶע .

לוּדְוִויג בֶּארְנֶע , אָדֶער לֵיבּ בָּרוּךְ , אִיז גֶעבָּאהְרֶן אִין פְרַאנְקְפוּרְט אַם מַאיְן אִים יָאהר 1786 , זַיין פָאטֶער הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים פוּן דֶער פְרַאנְקְפוּרְטֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה . אַז לֵיבּ אִיז נָאךְ אַקִינְד גֶעוֶועהן הָאט מֶען שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶען , אַז זַיין קָאפּ טְרַאכְט אוּנ אוּנְטֶערְשֵׁיידֶעט פוּן גוּט אוּנ שְׁלֶעכְט , וִוי אִין שְׁטוּבִּיגֶע אוּנ פַאמִילְיֶען זַאכֶען אַזוֹי אוֹיךְ אִין אַלֶס וָואס בֶּעגֶעגֶענְט אִיהם אִין קְלַאס צְווִישֶׁען חֲבֵרִים אוּנ אוֹיפ'ן גַאס צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען . נִיט אֵיינְמָאל אִיז אִיהם זַיין יוּנְג בְּלוּט צוּקָאכְט גֶעוָוארֶען , וֶוען עֶס פְלֶעגֶען זַיינֶע קְרִיסְטְלִיכֶע

חֲבֵרִים מִיט שְׁפָּאט אִיהם נָאכְשְׁרַייֶען „יוד!" נִיט דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט גֶע־
רֶעכֶענְט אַז מִיט דֶעם נָאמֶען „יוד" בְּרוּיךְ עֶר זִיךְ טַאקִי שֶׁאמֶען, נָאר וַוייל זַיין
עֶהְרְלִיךְ יוּנְג הַארְץ הָאט שׁוֹין דֶעמָאלְט גֶעפִיהלְט דִי גַאנְצֶע אוּמְזִיסְטֶע שִׂנְאָה
אוּנ דִי גַאנְצֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקַייט, וָואס עֶס וֶוערְט אִין דֶעם אֵיינְצִיגֶען וָוארְט אוֹיסְ־
גֶעדְרִיקְט זַיין גַאנְצֶעם פָּאלְק. אַזוֹי דֶערְצֶאהלְט עֶר אַלֵיין: „אַז אִיךְ הָאבּ אַמָאל
אַרַייזֶע פַּאס גֶענוּמֶען אִין פְרַאנְקְפוּרְטֶער פָּאלִיצַייא, אוּנ עֶרְגֶעץ אַשְׁרַייבֶּער׳ל
הָאט מִיר אַרַיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין פַּאס „יוּדֶע!" הָאבּ אִיךְ גֶעפִיהלְט וָואס עֶר מֵיינְט
דֶערְמִיט, אוּנ מַיין הַארְץ הָאט דֶעמָאלְט גֶעזָאגְט: „וַוארְט, וַוארְט, אִיךְ וֶועל
אַייךְ אוֹיךְ שְׁרַייבֶּען אַמָאל אַפַּאס אַייךְ אַלֶעמֶען, וָואס אִיהר הָאט לִיעבּ דֶעם
אַנְדֶערְן בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען אוּנ פוּן אִיהם אָבְּשְׁפָּאטֶען!"

אוּנ זַיין הַארְץ הָאט אֱמֶת גֶעזָאגְט. בֶּערְנֶע הָאט ווִירְקְלִיךְ דֶעם דַייטְשֶׁעשֶׁען
פָּאלְק בַּאלְד אַפַּאסְפָּארְט גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ אִיהם בֶּעצֵייכֶענְט מִיט אַלֶע זַיינֶע
פְּרִימֶעטֶעס, דָאס הֵייסְט: עֶר הָאט מִיט זַיין פַייֶערִיגֶער פֶעדֶער דִי דַייטְשֶׁען אוֹיפְ־
גֶעוִויזֶען אַלֶע זַייעֶרֶע חֶסְרוֹנוֹת אוּנ זַייעֶר אֵייגֶענֶע קְנֶעכְטִישֶׁע לַאגֶע; אָבֶּער נִיט
פוּן שִׂנְאָה אוּנ נִיט מִיט נְקָמָה הָאט עֶר עֶס גֶעטְהוּן, ווִי עֶר הָאט אִין זַיינֶע
קִינְדֶערְשֶׁע יָאהרֶען גֶערֶעכֶענְט, נָאר פוּן לִיעבְּשַׁאפְט אוּנ רַחֲמָנוּת צוּ יֶעדֶען
אוּנְטֶערְדְרִיקְטֶען לֵיידֶענְדֶען מֶענְשֶׁען. אוּנ פוּן זַיין אֱמֶת׳ר לִיעבְּשַׁאפְט צוּ פְרַייהַייט
אוּנ גֶערֶעכְטִיגְקַייט. דִי אוּנְרֶעכְט, שְׁפָּאט אוּנ פֶערְדְרוּס, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַלְס
יוּד גֶענוּג אָנְגֶעלִיטֶען הָאבֶּען אִיהם דִי אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט אַיינְצוּזֶעהְן דִי אוּנ־
גֶערֶעכְטִיגְקַייט וָואס וֶוערְט בִּכְלַל יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען גֶעטְהוּן, זַיין לַאנְגֶער שֵׂכֶל
הָאט בַּאלְד דֶערְקֶענְט, אַז נָאר דַארִיבֶּער בֶּעהַאנְדֶעלְט דֶער דַייטְשׁ זַיין יוּדִישֶׁען
שָׁכֵן אַזוֹי גִידְרִיג אוּנ שְׁלֶעכְט, וַוייל עֶר, דֶער דַייטְשׁ אַלֵיין וֶוערְט פוּן דִי גְרֶא־
סֶערֶע פַאר אִיהם אַזוֹי בֶּעהַאנְדֶעלְט, דַארִיבֶּער הָאט עֶר זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אוּנ
דֶעם גַאנְצֶען כֹּחַ פוּן זַיין פֶעדֶער גֶעאָפְּפֶערְט, דֶער וֶועלְט צוּ עֶרְקְלֶערֶען וָואס
רֶעכְט אוּנ אוּנְרֶעכְט הֵייסְט, אוּנ הָאט גֶעלֶערְנְט יֶעדֶען זַיינֶע אֵייגֶענֶע מֶענְשֶׁעןְ־
רֶעכְטֶע דֶערְקֶענֶען אוּנ דִי אֵייגֶענֶע מֶענְשֶׁענְווִירְדֶע שֶׁאטְצֶען אוּנ טְהַייעֶר הַא[illegible]ן.
עֶר הָאט שְׁטַארְק גֶעהָאפְּט, אַז נָאר בִּילְדוּנְג, פְרַייהַייט אוּנ אוֹיפְקְלֶערוּנְג [illegible]ן
זַיין לֵיידֶענְד פָּאלְק הֶעלְפֶען, אוּנ עֶר הָאט מִיט זַיין בְּלוּט פוּנ׳ם הַארְצֶען גֶע־
שְׁרִיבֶּען דִיזֶע הָאפְנוּנְג זָאלל אוֹיסְגֶעפִיהרְט וֶוערְן. דָאס לֵיידֶען פוּן זַיין פָּאלְק
הָאט אִיהם גֶעלֶערְנְט פֶערְשְׁטֶעהֶען אוּנ פִיהלֶען דִי לֵיידֶען פוּן יֶעדֶען לֵיידֶע[illegible]ן
אוּנ עֶר הָאט זִיךְ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט לֵיידֶענְדֶע אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען, אוּנ כְּ[illegible] מֶען
זָאלל נִיט זָאגֶען, אַז זַיין גַאנְצֶע כַּוָונָה אִיז נָאר זִיךְ אַלֵיין אוּנ זַיינֶע יוּדֶען

האט ער אים יאהר 1818 אין אפפענבאך אנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען. אין הארצען איז ער אבער א יוד געבליבען, געטריי זיין פאלק אונ האט נאך מיט מעהר מוטה אונ פייער פערטהיידיגט יודען אלס פריהער; ער האט איין געגענהייט ניט דורכגעלאזען, וואו ער האט ניט צו נישט געמאכט די שונאים'ס טענות אונ בעשולדיגונג געגען יודען, אונ דייטשלאנד האט אין איהם באלד דערזעהען, אז ער איז א גרויסער וויכטיגער שרייבער, וואס דערמאנט א אהנליכקייט צו לעססינגען. מען קאן אבער זאגען, אז ער האט נאך מעהר פאר לעססינגען דער וועלט נוטצען געבראכט, ווייל לעססינג'ס ווערק זיינען נאר פאר דער העכערע קלאססע געוועהן, בארנע אבער האט געשריבען פאר אללע קלאססען, אונ אלץ וואס ער האט געשריבען האט דער גרעססטער אונ דער קלענסטער געלעזען אונ פערשטאנען, אונ ביסלעכווייז האבען זיך זיינע ווארטער איינגעווארצעלט אין פיעל הערצער אונ האבען, מיט דער צייט, אויך די געוויגשטע פריכטע געגעבען אויף וועלכע ער האט געהאפפט. איבער זיין צו אפטען ארויסזאגען דעם אמת גאנץ אפען האט ער זיך געמוזט בעזעצען אין פאריז, אונ האט פון דארט זיינע בעריהמטע „פאריזער בריפע" געשריבען, וועלכע האבען אין זייער צייט א גרויסען רושם געמאכט, אונ אזוי האט ער ניט אויפגעהערט צו שרייבען אונ צו שטרייטען פאר דער פרייהייט אונ גע־רעכטיגקייט זיין גאנצען לעבען ביז זיין טוידט. אים יאהר 1837 איז בארנע גע־שטארבען אין פאריז, נאר זיין נאמען אונ זיינע ווערקע לעבען נאך אונ וועלען נאך לאנג לעבען אין דער געשיכטע פונ'ם דייטשעשען פאלק אונ אויך טהייער בלייבען אין אונזער יודישער געשיכטע.

דער אנדערער אונ נאך גרעסערער יוד איז היינריך היינע. געבאהרען אין דיססעלדארף אים יאהר 1799. ער האט ניט נאר א גרעסערן טאלאנט געהאט פאר בארנען, אבער אויך א ווארעמערע ליעבעדערע יודיש הארץ האט ער געהאט פאר איהם. אין בארנען זעהען מיר נאר, אז ער איז א שונא פון דער אונ־גערעכטיגקייט וואס ... ניט געגען יודען געטהון, נאר קיין בעזאנדערע ליעב־שאפט צו יודען זעה... מען ניט אין איהם, אין היינע'ן אבער זעהט מען, אז ער האט יודען אונ יו... קייט אמת ליעב, אז ער פיהלט ווי זיין הארץ איז צום יודענטהום צוגעב...דען אונ איינגעוו...קסען אונ איהם איז ניט נאר ליעב דער יוד, אבער אויך טהייער זיין תורה, זיין געשיכטע, זיינע צרות אונ ליידען טויזענדער יאהרען. „בייטענוויז; זאגט היינע, פיהל איך מיך שטאלץ וואס איך געהאר צו דעם געאדעלטען אורצלטען שטאם, וואס האט אזוי פיעל

גֶעקָאנְט אויסְלַיידֶען אונ אַריבֶּערְטְרָאגֶען כְּדֵי זַיין יִחוּס נִיט צוּ פֶערְקוֹיפֶען!" אִיךְ זֶעה די בְּרִיבֶען, שְׁרַייבְּט עֶר, זֶענֶען נָאר שֶׁאנֶע יוּנְגְלֶעךְ גֶעוֶועהן, די יוּדֶען אָבֶּער זֶעננֶען מֶאננֶער גֶעוֶואהן, גִבּוֹרִים, וָואס לָאזֶען זִיךְ נִיט בּוֹיגֶען, נִיט נָאר אַמָאל, אָבֶּער טַאקִי בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג, הָאטְשׁ זֵיי הָאבֶען אַזוֹי פִיעל פֶערְפָאלְגוּנְגֶען אונ צָרוֹת גֶעהַאט, אונ וָואלְט אִיךְ נִיט הַאלְטֶען דָאס, וָואס לַייט נֶעהְמֶען זִיךְ אִיבֶּער מִיט זֵייעֶר יִחוּס, פַאר אַ גְרוֹיסֶע נַארִישְׁקַייט, וָואלט אִיךְ מֶאגֶען אֶמֶת שְׁטָאלְץ זַיין דֶערְמִיט וָואס מַיינֶע אֶלְטֶערְן גֶעהֶארְן צוּ דֶעם „בֵּית יִשְׂרָאֵל" אונ קוּמֶען אַרוֹיס פוּן הֶעלְדֶען וֶועלְכֶע הָאבֶען זִיךְ גֶעלָאזְט פַּיינִיגֶען אונ זַיינֶען אִין פַייעֶר גֶעגַאנְגֶען אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, וָואס אִיךְ קוּם אַרוֹיס פוּן יֶענֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶען דִי מֶענְשֶׁען מִיט גָאט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אונ זֵיי דִי עֶרְשְׁטֶע מוּסָר גֶעלֶערְנְט; פוּן דֶעם פָאלְק וָואס הָאט אוֹיף אַלֶע גֶעדַאנְקֶען פֶעלְדֶער זַיינֶע הֶעלְדֶען אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אונ פַאר יֶעדֶען לִיכְטִיגֶען שְׁטְרַאהל גֶענוּג בְּלוּט אונ קָרְבָּנוֹת גֶעגֶעבֶּען!"

אִין דִי יוּנְגֶע יָאהְרֶען נָאךְ אִיז עֶר צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ דֶער חֶבְרָה יוּדִישֶׁע יוּנְגֶע לַייט, וָואס הָאבֶען גֶעאַרְבַּייט צוּ פֶערְבְּרֵייטֶערְן בִּילְדוּנְג צְוִוישֶׁען יוּדֶען אונ מִיט צוּאַרְבַּייטֶען פַאר סְפֶּעצְיָאלֶע יוּדִישֶׁע ווִיסֶענְשַׁאפְט. מִיט זַיינֶע אַלֶע חֲבֵרִים צוּגְלַייךְ, הָאט עֶר אוֹיךְ זִיךְ אַנֶדר גֶעטְהוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט נִיט צוּ פֶערְבַּייטֶען פַאר קַיין גְלִיקְלִיכֶע שְׁטֶעלֶע בַּיי דֶער רֶעגִירוּנְג אָדֶער בַּיי אֵיין אַנְדֶערְן; אונ הַיינֶע הָאט טַאקִי אִין דֶער יוּגֶענְד גֶעלֶערְנְט אונ הָאט אַלְץ גֶעטְהוּן צוּ דֶערְקֶענֶען יוּדֶען אונ יוּדִישְׁקַייט. אַזוֹי זָאגְט עֶר אַמָאל: „דֶער גַייסְט פוּן דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע עֶנְטְדֶעקְט זִיךְ מִיר וָואס אַ טָאג מֶעהר אונ מֶעהר!" אונ צוּ בֶּעוואוּנְדֶערְן אונ כִּמְעַט נִיט צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען אִיז, וָואס גְרָאד אִין דֶער צַייט, וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט צוּ יוּדֶענְטְהוּם צוּ גֶעבּוּנְדֶענֶער ווִי פְרִיהֶער, הָאט עֶר זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג, דֶעם 28 טֶען יוּנִי 1825 גֶעלָאזְט טוֹיפֶען. אָבֶּער דָאס טוֹיפֶען זִיךְ הָאט אִיהם צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער יוּדֶען נָאךְ נֶאהֶענְטֶער צוּגֶעבּוּנְדֶען, אונ וָואס אֶלְטֶער עֶר אִיז גֶעוָוארְן, דָאס לִיבֶּער אונ דָאס טְהַייעֶרֶער אִיז בַּיי אִיהם גֶעוָוארֶען דָאס יוּדֶענְטְהוּם. פַאר דֶער בִּיבֶּעל (תּוֹרָה) הָאט עֶר קַיין וָוארְטֶער גֶעהַאט זַיין בֶּעוואוּנְדֶערוּנְג אונ אַכְטוּנְג אויסצוּדְרִיקֶען. „דִי יוּדֶען קָאנֶען זִיךְ טְרֶאסְטֶען וָואס זֵיי הָאבֶען נָאר יְרוּשָׁלַיִם אונ דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פֶערְלָארֶען, עֶנְטְקֶעגֶען דִי תּוֹרָה וָואס זֵיי הָאבֶען אַרוֹיסְגֶערַאטֶעוֶועט אִיז זֵייעֶר אֲבֵדָה כִּמְעַט ווִי גָאר נִישְׁט! וָואס אִין מִיר הָאט זִיךְ צוּרִיק אוֹיפְגֶעהַאפְּט דָאס גֶעפִיהל פַאר אֱמוּנָה, הָאב אִיךְ צוּ פֶערְדַאנְקֶען אָט דֶעם הֵיילִיגֶען סֵפֶר! דִי בִּיבֶּעל אִיז פַאר מִיר נִיט נָאר אַ טְרַייסְט

אליין, אבער אויך א זאך וואס איך בעוואונדערע. אין דער יוגענד האב איך משה רבינו׳ן ניט ליעב געהאט, עס קאן זיין, ווייל איך בין פערבלענדעט גע-וועהן פון די גריכישע קונסט אונ איך האב משה׳ן ניט געקאנט מוחל זיין, וואס ער האט פערבאטען בילדער אונ סטאטועען צו מאכען, איך האב אבער ניט איינגעזעהן, אז האטש משה האט אללע געקינסטעלטע בילדער פיינד געהאט, איז ער אלליין אבער דער גראסטער קינסטלער אין דער וועלט געוועהן. ער האט זיין קונסט-גייסט בענוצט, אזוי ווי די עגיפטישע קינסטלער, נאר וואס גרויסע, אונצערשטערבארעס אויסצובויען, אונ אזוי ווי יענע האבען פון שטיינער אייביגע פיראמידען געבויט, האט משה, וואס איז נאך מעהר קינסטלער פאר זיי געוועהן, גענומען א פאמיליע פון פאסטו[illegible] אונ האט פון איהר א פאלק אויסגעבויט, א פאלק וואס האלט זיך אונ וועט זיך פיעל לאנגער האלטען פאר די פיראמידען, א גרויס אייביג פאלק, גאטטעס פאלק, וואס דינט אללע אנדערע פעלקער אלס מוסטער; יא, וואס איז באמת א מוסטער פאר דער גאנצער מענשהייט! משה, האט דאס פאלק ישראל בעשאפפען! —.. אונ אזוי ווי איך האב אין אנהייב משה׳ן ניט פערשטאנען, אזוי האב איך זיין ווערק, די יודען ערסט שפעטער בעגריפען; די יודען וועלכען די וועלט האט איהר בעגריעף פון איין איינציגען גאט צו פערדאנקען, די יודען, וואס האבען גאטט׳ס געבאט אונ זיין הייליגע לעהרע גערעטעט פון אללע שטורעמס אונ מלחמות גיכער ווי זייער לאנד אונ לעבען, ווי זייער פרייהייט אונ אינאבהענגיגקייט. אונ זיי, די יודען האבען דעם טהייערן אוצר דער וועלט פריי געגעבען, דער מענשהייט טרייסט אונ גליק צו פערשאפפען!״ אין אזא ארט אייסערט זיך היינע פיעל מאל, וואו איהם קומט נאר פאר וועגען יודען אונ יודישקייט צו רעדען. זיין שיר „ר׳ יהודה הלוי״ בעווייזט ווי ליעב די יודישע פאעזיע איז איהם געוועהן, אונ מען קאן זאגען: ווען בארנע האט פאר יודען געשטריטען, האט אבער היינע די יודישע וואונדען געהיילט, אונ האט יודישען מוטה געשטארקט אונ אויפ-געהויבען, אונ דערמיט אלליין איז ניט אבצושאצען דען ווערטה פון זיין טהון אונ ווירקען פאר יודען. אזוי ווי בארנע איז אויך היינע בעשערט געוועהן צו שטארבען אין פאריז: ער איז געשטארבען אים יאהר 1854. נאר וואס ווייטער אונ ווייטער ווערן זיינע ווערקע אין דער וועלט אלס בעקאנטער אונ בעליבטער. היינעס שריפטען זיינען שוין איין אייגענטהום געווארן ניט נאר פון דייטשען, נאר זיי געהערן שוין דער גאנצער געבילדעטער מענשהייט, אונ זעלטען ווען א פאעט איז נאך אין דער וועלט אזוי בעליבט געווארן, ביי דעם גראסטען ווי

ביים קלענסטען, אזוי בעליבט ווי היינעס פאעזיע איז אונ וועט בלייבען. פאר יודען האט ער געוויס זעהר א גרויסען ווערטה, ווייל קיינער קאנן ניט אבלייגענען וואס ער אלליין האט זיין גאנצען לעבען ביז א מינוט פאר זיין טוידט געזאגט, אז ער איז א יוד אונ שטארבט א יוד, אונ נאך אזעלכע רייד וואס ער האט אויך דער געבילדעטער וועלט ירושה געלאזען, ווער קאנן עס איהם אבלייקענען ? !

אז די יודען פון דייטשלאנד אונ עסטעררייך איז אזוי שלעכט געוועהן האבען זיך א טהייל פון זיי געווארפען אויף אללע זייטען אונ האבען אנגעהויבען זוכען הילף דארט, וואו די ישועה איז דווקא געוועהן ווייט. דעמאלט האט גראד א משוגע'נער גייסטליכער טהאמאש פעשעל פון ברוינויא, אין עסטעררייך געמאכט אים יאהר 1814 א בעזונדער סעקטע, וואס האט אלליין ניט געוואוסט וואס זי וויל, נאר אזוי ווי מען האט זיי אנגעהויבען רודף'ן האט זיך זייער צאהל פערגראסערט ביז פינף טויזענד. צו זיי זענען צוגעשטאנען עטליכע יודען אונ האבען געמיינט, אז דורך דער סעקטע וועלען זיי געהאלפען ווערען; די גאנצע סעקטע האט אבער געדויערט, זעהר א קורצע צייט, זיי זענען אללע אזוי ווייט פערקראכען, אז זיי האבען געוואלט קוילען אייגענע קינדער, אונ עס האט זיך אויסגעלאזט דערמיט, וואס אין פינף יאהר ארום איז שוין קיין זכר ניט געוועהן פון דער דאזיגער סעקטע, וואס האט זיך גערופען „דער יודיש קריסטליכער גלויבען" אונ טהאמאש פעשעל האט געענדיגט זיין לעבען אין א הויז פון משוגעים. דאס איז געוועהן א קורצער חלום אין א געשטערטען שלאף פון א מענשען, וואס האט ניט וואו א קאפ אנידערצולעגען: ער שפארט זיך אן אויף א שטיין, עס ווייזט זיך איהם אויס אויפ'ן הימעל א יריד אונ ער כאפט זיך נאר אויף מיט קאפ־וועטהיג.....

ניט בעסער האט זיך אויסגעלאזט איין אנדער יודישער חלום, וואס האט אויך מעהר ניט געדויערט ווי א פאר יאהר. אין אמעריקא האט געוואהנט א גרויסער יודישער עושר, ר' מרדכי עמנואל נח, וואס איז פריהר געוועהן אמעריקאנישער געזאנדטער ביי דער מלוכה פון תונים, אז ער האט געהערט פון דער ווייטענס וואס פאר א צרות עס טראגען איבער זיינע ברידער אין אייראפא איז ביי איהם געבליבען א פלאן צוזאמען צונעהמען זיינע צוזייעטע אונ צושפרייטע ליידענדע ברידער קיין אמעריקא אונ דארט מאכען פון זיי א זעלבסטשטאנדיגע מלוכה. ר' מרדכי עמנואל נח האט בעטראכט אז אין אמעריקא זענען דעמאלט געוועהן זעהר ווענינ יודען, צוויי קליינע יודישע קהלות האבען

עקסיסטירט אין נוי-יארק אונ נוי-פארט אונ ווייטער האט מען אין פיעל ארטער אפילו ניט געקאנט דאס געשטאלט פון א יודען. מען דערצעהלט אפילו, אז אין אזא גרויסער שטאדט ווי צינצינאטי האט זיך ערשט אים יאהר 1816 בעזעצט דער ערשטער יוד — א זייגערמאכער, אונ איינער פון די דארפסלייט האט איהם געבראכט א זייגער צו פערריכטען; אין עטליכע טאג ארום איז ער געקומען אבנעהמען זיין זייגער, האט ער געפונען די קלייט פערשלאסען אונ האט שוין גערעכענט, אז דער זייגערמאכער איז געווים אנטלאפען. אז ער האט זיך אבער אנגעהויבען צו פרעגען ביי די שכנים, האט מען איהם פערשטעהען געגעבען, אז היינט איז שבת אונ אזוי ווי דער זייגערמאכער איז א יוד האט ער זיין קלייט צוגעמאכט. מיט א שמחה איז ער צוריקגעקומען אין דארף אונ האט דער משפחה דערצעהלט אז אין שטאדט איז דא א יוד, אונ אז ער איז דערנאך אין א וואכען-טאג געפאהרען אבנעהמען דעם זייגער האט ער גע-מוזט מיטנעהמען זיין אלטע מוטטער, וואס איז געוועהן זעהר נייגיריג אונ האט געוואלט מיט איהרע אייגענע אויגען זעהן אזעלכען, וואס שטאמט ארויס פונ'ם אלטען יודישען פאלק. ביי אזא לאגע וואס די אמעריקאנער האבען אפילו ניט געוואוסט ווי א יוד זעהט אויס אונ ביי דער פרייהייט וואס אללע פעלקער האבען געהאט אין אמעריקא, איז דערפלאן ניט געוועהן אפילו קיין שלעכטער, אז יודען זאלען זיך בעזעצען אין דעם נייען אונ פרייען לאנד, נאר ר' מרדכי עמנואל נח האט, ווי עס שיינט, ניט געהאלטען פונ'ם פסוק: „והיה ראשיתך מצער ואחריתך ישגא מאד", אז מען דארף אנהויבען פון קליין אונ דערנאך ווערט עס שוין ממילא גרויס, ער האט געוואלט מיט א מאל אויפהויבען דאס יודישע פאלק אונ עס נאך מאכען פאר א בעל הבית אויף פרעמד ערד. עס איז טאקי געווארען א גרויסער רעש, אונ בעזאנדערס אז זיינע בריעף זענען אנגעקומען קיין אייראפא אונ ער האט בעשטימט, אז יעדער יוד זאל געבען א דאלאר א יאהר, דאס געלד זאל געהען אויף איבערצופיהרען דעם עולם קיין אמעריקא, אונ אכטונג געבען דארויף זאל א בעזונדער קאמיטעט אין פאריז. געהייסען האט עס, אז צו איהם זענען צוגעשטאנען פיעל רבנים, לומדים, באנקירען אונ געלעהרטע, ווי ר' אברהם וויטא די קולוניא פון פאריז, אנדראדא אונ גראדיז פון באָרדא, מענדעזא פון לאנדאן, נונעץ קורדוזא פון גיבראלטאר, ר' אברהם בוסאק פון ליווארנא אונ נאך אנדערע גרויסע לייט. דער טאג וואס מען האט בעדארפט לעגען דעם ערשטען שטיין אונ אנהויבען בויען די ערשטע יודישע שטאדט ארדט איז בעשטימט

געוועהן אויפ'ן 7 פעברואר 1826 אונ ר' מרדכי עמנואל נח האט טאקי געמאכט א גרויסע צערעמאניע אונ פון פיעל ערטער זענען זיך די אמעריקאנער צונויפ־געפאהרען צו דער יודישער שמחה אונ האבען מיט'ן גאנצען הארצען פערגונען די יודען זיי זאלען זיך צושלאגען צו א איינענער נחלה. עס איז אבער דערפון גאר ניט געווארען, אונ שפעטער מיט עטליכע יאהר האט מען פערגעסען אפילו דעם זכר פון דער שטאדט, אדער, בעסער געזאגט, פון דעם לופט־שלאס, וואס איז אומגעפאלען נאך עהדער מען האט איהם אויסגעבויעט. מיט די האנד קאן מען זיך גאר ניט נעהמען פאר דער צייט, אונ דער אמעריקאנישער ארדט איז ניט געוועהן דער פלאץ, וואו די יודישע תבה זאל זיך קאנען אבשטעלען, ווען דער מבול האט נאך ניט אויפגעהערט אונ די באזע חוואליעס טראגען זי אלס ווייטער אונ ווייטער....

# 5 די רעפארם אונ די יודישע וויסענשאפט.

(1818—1840 נאך קריסטוס געבורט).

זייט די פראנצאזישע יודען זענען געווארען געוואהר פון פרייהייט, אונ מענדעלסזאהן האט געוויזען די דייטשע יודען דעם וועג פון אויפקלעהרונג, האבען פיעל פון די אויפגעקלערטע אנגעהייבען נאכצוטראכטען, אז עס איז ניט גוט מען זאל ווייטער בלייבען ביי די אייגענע דינים אונ מנהגים, וואס זענען איבער־געגאנגען א ירושה פון טויזענד יאהר צוריק, אז עס זענען דא א סך זאכען וואס דער נייער דור וועט דארויף ניט וועלען אונ אויך ניט קאנען בעשטעהען, אונ אז עס איז גלייכער איינצופיהרען א ביסעל נייעס עהדער זיך האלטען פעסט אין דעם אלטען, אונ צו ליעב דעם זאלען פיעל זיך אבזאגען גאר אין גאנצען פון יודישקייט. אזוי האט מען זיך גענומען מאכען א רעפארם, דאס הייסט: איבער מאכען, אבשאפען אללע איבריגע זאכען, אויפטהון עפיס נייעס אונ נאטהיגעס אונ געבען דעם יודישקייט אזא פארם, אז יודען זאלען זיך קאנען אויסגלייכען מיט אללע אייראפאישע פאלקער.

דער ערשטער וואס האט זיך גענומען מאכען נייע ארדנונגען ביים דאווענען איז געוועהן ר' ישראל יעקב יאקאבזאהן, וואס האט זיך געררעכענט פאר'ן פארשטעהער פון די יודען אין וועסטפאלען. ער האט איינגעפיהרט, צוזאמען מיט די תפלות אויף לשון קדש, אויך דייטשע געבעטע, ער פלעגט

אלליין ד׳רשנ׳ען אין שול אויף דייטש, אונ האט געהייסען, אז צו דרייצעהן יאהר זאל מען פאר די יודישע מאדלעך מאכען א מין „בר מצוה" אדער קאנפיר־מאציאן, דאס הייסט: זיי פערהערען צו ווייסען זיי די יסודות פון דער אמונה, אונ זיי אויך פערשטעהען געבען וואס פאר א דינים אונ מצות זיי דארפען אב־היטען. אז יאקאבזאהן איז, אים יאהר 1816, אריבער קיין בערלין, האט ער דארט אין א בעזונדער זאל, צוזאמען מיט׳ן באנקיר ר׳ יעקב בער, דעם פאטער פונ׳ם בעריהמטען קאמפאזיטאר מאיר־בער, געעפענט א שול אונ האט אויך איינגעפיהרט איין ארגעל. אזא שול האט צו זיך, מן הסתם, צו־געצויגען א סך עדלע יונגע לייט, אונ דארט האבען זיך אויסגעבילדעט די ערשטע פרעדיגער יעקב אויערבאך, קלייא אונ גינזבורג. די פרומע האבען אבער דאס ניט געוואלט ליידען אונ האבען אזוי לאנג געארבייט ביי דער מלוכה, ביז מען האט געהייסען פערמאכען די שול. דעמאלט איז קלייא אוועקגעפאהרען קיין האמבורג אונ האט דארט געעפענט א נייע שול, וואס איז נאך געווארען א סך מעהר רעפאמירט ווי די בערלינער.

די ביטערע יודישע לאגע פון איין זייט, אונ דאס וואס די אויפגעקלארטע האבען אנגעהויבען אויפצוטהון נייעס, פון דער אנדערער זייט, האט געמוזט פיהרען דערצו, וואס דאס לומדות איז געפאלען אונ די גרויסע ישיבות פון פראג, פראנקפורט, אלטונא, מעטץ, פורטה אונ האבערשטאדט, וואו טויזענדער יודישע בחורים האבען פריהר געשעפט זייער גאנץ חריפות, זענען כמעט געבליבען לעדיג. אפילו אין פוילען האט זיך דער צאהל פון די לומדים פערקלענערט אונ געשם׳ט אויף דער וועלט האבען נאר פיער רבנים: ר׳ מרדכי בענעט פון ניקלשבורג, ר׳ יעקב ליסא, ר׳ עקיבא איגר אונ ר׳ משה סופר. די דאזיגע רבנים אבער האבען אין זיך ניט געהאט דעם כח זיך ארויסצושטעלען פאר מנהיגים פונ׳ם גאנצען דור, זיי האבען מעהר ניט געוואוסט נאר זייערע שאלות אונ פוסקים אונ האבען געהאלטען די אללע, וואס געהען מיט איין אנדער דרך פאר גרויסע אפיקורסים, וואס עס איז שווער זיי מחזיר למוטב צו זיין, אונ דעריבער איז גאר ניט כדאי מיט זיי האבען צו טהון. די אויפגעקלארטע האבען טאקי מעהר ניט בעדארפט נאר מען זאל זיי לאזען טהון רוהיג זייער ארבייט, אונ אז ר׳ משה סופר האט זיך עפיס יא גע־וואלט פרייוען אונ אנהויבען מיט זיי א מלחמה, איז יאקאבזאהן ניט פויל גע־ווען אונ האט ארויסגעשיקט א בעזונדער שליח צו די רבנים פון די קליינערע

שטאדט און בעטען ביי זיי איין הסכמה אויף די אללע אויפטהועבצען פון דער רעפארם, דעם שליח איז באלד געראטהען אריבערצושלעפען אויף זיין זייט צוויי רבנים: ר' אהרן חארין פון אראד און ר' משה קוניץ פון אפען. עס איז אבער שפעטער צוגעקומען דער רעפארם א בעשיצער פון אזא זייט, וואס מען האט עס גאר ניט געקאנט ערווארטען; איינער פון די פרימסטע לומדים אין דייטשלאנד, ר' אליעזר ריסער, איין איידעם פון'ם רב ר' רפאל כהן; און זיין רעכטע האנד, איז אפענטליך ארויסגעשפרונגען געגען די האמבורגער „פרומע", וואס האבען געשריגען, אז די אויפגעקלארטע מיט זייערע נייע שולען מאכען א תל פון יודישקייט, און האבען אנגעהויבען דרינגען, אז עס איז גאר קיין עולה ניט ווען מען דאווענט רוהיג, געלאסען מיט א שאנעם נוסח, און ניט מיט קיין קולות און געוואלדען ווי אין די קלייזלעך. אזוי האט די שול-רעפארם בעקומען מעהר קראפט, און ביסלעכווייז האבען אנגעהויבען אין די נייע שולען צו קומען בעלי בתים פון געוועהנליכע סוחרים. אים יאהר 1820 האבען די בערלינער און האמבורגער סוחרים, וואס זענען זיך צונויפגעפאהרען אויפ'ן יריד קיין לייפציג און האבען דארט געמוזט בלייבען די גאנצע ימים נוראים, געאפענט דארט א קליין שולכען אויף דעם שטייגער פון'ם האמבורגער טעמפעל, און מאיר-בער, וואס איז נאך דעמאלט געוועהן גאר א יונגער מאנן, האט אימיסטען אנגעשריבען די מוזיק פון עטליכע תפלות פאר'ן קאהר. שפעטער מיט א פאר יאהר האבען זיך אזעלכע שולען געעפענט אויך אין קארלסרוהע, קאניגסבערג און ברעסלויא.

אז די האמבורגער פרומע האבען געזעהען ווי די אויפגעקלאהרטע הויבען אן אזוי וואקסען און זייערע רבנים זענען ניט אים שטאנד געגען זיי עפיס אויסצופיהרען, איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען אויפנעהמען פאר רב און פארשטעהער א בעריהמטען למדן, וואס איז אי א בן תורה, אי ניט פרעמד פון בילדונג, כדי ער זאל וויסען וואו מען קאן טרעפען די שוואכע זייט פון'ם שונא און זאל זיך קאנען געגען די רעפארמירטע ארויסשטעלען. דער גורל איז געפאלען אויף ר' יצחק בערנאס, און אזוי ווי ער איז טאקי געוועהן אמת קלוג און פרום האט ער זיך ניט געוואלט אריינלאזען אין מחלוקת און האט ביסלעכווייז אליין אנגעהויבען מאכען נייע ארדנונגען, ביז ביידע צדדים האבען אויפגעהערט איינער דעם אנדערן נאכצוקוקען און יעדער האט אין זין געהאט זיינס. אזוי האט ר' יצחק בערנאס שטילערהייד געארבייט, אז צווישען די האמבורגער יודען זאל ווערען שטיל.

אין דער איינענער צייט האט מען אנגעהויבען הארען פון ר' יצחק נח מאנהיימער, דעם ערשטען פרעדיגער פון וויען, וואס האט כמעט פיערציג יאהר פערנומען זיין שטעללע אונ אללע האבען איהם ליעב געהאט, סאי פרומע, סאי אויפגעקלערטע. אז מען האט אין וויען געאפענט אים יאהר 1826 דעם ערשטען טעמפעל אונ מען האט אראבגעבראכט מאנהיימער'ן, האט מען באלד פון איהם געהערט נאר איין ווארט „שלום“, ווייל ער האט פערשטאנען אז כל זמן די אויפגעקלערטע וועלען שטעהען אבגעזאנדערט פונ'ם פאלק אונ די פרומע וועלען קוקען אויף זיי קרום, וועט פון דער גאנצער רעפארם קיין תכלית ניט ווערען. דערפאר האט ער געדרונגען אז מען טאר ניט האפען, אונ אז עס איז גלייכער צו געהען מיט א מיטעל־וועג, כדי אללע זאלען זיין צופרידען. מאנהיימער האט געוויזען, אז מען קאן זיך בעגעהען אהן א ארגעל, אבי עס זאל ניט זיין קיין געשריי וועגען חלול שבת, אונ ער האט רעכט געהאט. דער דרך פון שלום האט איהם געהאלפען צו ווערען דער פארשטעהער פון דער גאנצער יודישער קהלה אונ, אויף איהם קוקענדיג, האבען די קהלות פון פעסט, פראג אונ אנדערע שטאדט אויך איינגעפיהרט „קאהר־שולען“ אונ די אויפגעקלערטע האבען אומעדום אנגעהויבען שפיעלען א ראללע.

דעמאלט האבען דריי יונגע לייט, ר' יום טוב ליפמאן, אדער לעאפאלד צונץ, עדוארד גאנז אונ ר' משה מאזער, געמאכט א בעזונדער חברה אויף צו ארבייטען וועגען דער יודישער וויסענשאפט. זיי האבען טאקי באמת געמיינט, אז די גאנצע שנאה צו יודען נעהמט זיך נאר דערפון, וואס זיי זענען ניט געבילדעט אונ קוים וועט די זון פון אויפקלארונג שיינען איבער זיי וועט די שנאה להלוטין פערשוואונדען ווערען אונ אללע וועלען זיי מקרב זיין ווי ברידער. דעם טעות האבען אויך אנדערע געבילדעטע יודען געהאט שפעטער מיט א סך יאהרען נאך אין עטליכע ערטער; עס איז אוודאי ביטער געווארען אויפ'ן הארץ, ווען ניט קיין צארטליכע האנד האט אויפגעוועקט פונ'ם דרעמעל אונ געגעבען אנצוהערען אז מען דארף פערגעסען א נארישען חלום, ווי זיס ער זאל ניט זיין, נאר קיין רעה איז קיין מאל דערפון ניט ארויסגעקומען: די וויסענשאפט האט דערוויייל צווישען יודען דערגרייכט זעהר א שאנע מדרגה אונ חכמה איז שטאנדיג געוועהן אונ וועט עביג בלייבען דאס בעסטע צירונג פאר'ן יודען. אויך דעמאלט האבען די אללע, וועלכע האבען אונטערגעשטיצט די קליינע חברה, ניט בעדארפט קיין חרטה האבען. פון די יונגע שוואכע בוימעלעך זענען געווארען פעסטע איינגעווארצעלטע בוימער

מיט טהייערע פרות, אונגאר גיך האבען זיך ארויסגעוויזען אזעלכע גרויסע לייט ווי ר׳ יצחק מרדכי יאסט, וועלכער האט דער ערשטער זיך גענומען שרייבען די געשיכטע פון יודען ביז צו דער נייער צייט, ר׳ נחמן קראכמאל, דער בעריהמטער פילאזאף, וואס האט אנגעשריבען א ספר „מורה נבוכי הזמן״, ר׳ שלמה יהודה ליב ראפאפארט דער פראגער רב, וואס האט מיט זיין לעבען בעוויזען, אז בילדונג שאדט ניט צו פרומקייט, אונ ר׳ יוסף פערל, וואס האט געאפענט די ערשטע יודישע שולע אין טארנאפאל אונ האט גאליציען געמאכט פאר איין ארט פון תורה אונ חכמה.

נאר האטש די יודען האבען אזוי געארבייט אויפ׳ן פעלד פון וויסענשאפט, האט מען זיי אין דייטשלאנד נאך גוט פיינד געהאט אונ פון קיין רעכטע האט מען גאר ניט געטארט דענקען. די דייטשע מלוכות האבען ניט געוואלט זיך אמשל נעהמען פון פראנקרייך, וואו מען האט אים יאהר 1830, ווען עס האט געהערשט לואי־פיליפ, אויסגעגלייכט אללע רעליגיאנען אונ דאס לאנד האט אויף זיך גענומען צו צאהלען שכירות די יודישע רבנים גלייך מיט די גייסט־ליכע אונ אויסהאלטען די ראבינערשולע, וואס מען האט צוריק מיט א יאהר געאפענט אין מעץ. אז עס פלעגען זיך אמאל יא געפינען עדלע מענשען, וואס האבען ניט געקוקט אויף זייער כבוד אונ האבען אויפגעוועקט די שאלה וועגען דער יודישער לאגע, האט מען זיי פערשריגען, אונ מען האט זיי ניט געלאזט קיין ווארט רעדען. אזוי איז אויך געוועהן אין פראנקפורט, ווען מען האט אין סענאט געוואלט האטש מאכען א היתר וועגען יודישע חתונות אונ מבטל זיין דאס אלטע געזעץ, וואס האט ערלויבט נאר דעם עלטערן זוהן אין א יודישער משפחה חתונה צו האבען: צוויי דריטעל פון די סענאטארען זענען געוועהן געגען דעם אונ די איבריגע האבען געמוזט אנבויגען די קאפ. די דאזיגע פינסטערע צייט, ווען יודען האבען, דאכט זיך, בעדארפט פערלירען דעם לעצטען מוטה, האט אבער דוקא אויפגעמונטערט איין יודען ער זאל אוועק־לעגען אללע זיינע כוחות אונ זאל אנהויבען א מלחמה פאר זיינע ברידער מיט אויסוועניגסטע שונאים. דאס איז געוועהן ר׳ גבריאל ריסער, א מענש וואס האט ניט אויפגעהערט דאס גאנצע לעבען ליעב צו האבען זיין פאלק מיט א אמת׳ער הייסער ליעבע אונ איז ניט מיעד געווארען צו זיין א מליץ יושר פאר זיינע ברידער ביז ער האט אלליין זוכה געוועהן צו זעהען פאר זיין טויט אים יאהר 1860, די דייטשע יודען גאר אין א פרעהליכען מעמד. ניט ווייניגער פון ריסער׳ן האט אויך געארבייט זיין חבר, דער דאקטאר ר׳ שלמה לודוויג שטיינהיים,

וואס האט מיט זיינע שירים געשטארקט דעם יודען אונ חוזק געמאכט פון דעם, וועלכער האט זיך דערשראקען פאר'ן ערשטען שטורמווינד אונ האט זיך געזוכט א בעהאלטעניש צווישען פרעמדע אונ ניט צווישען די זייניגע.

אין יענער צייט האט אויך די העבראישע שפראכע אנגעהויבען בליהען: ר' שמואל ליב גאלדבערג פון טארנאפאל האט געעפענט א זשורנאל „כרם חמד" אונ די בעסטע יודישע געלעהרטע, צווישען זיי אויך צונץ אונ ר' מיכאל זאקס, זענען געווארען זיינע מיטארבייטער. דעמאלט האט אויך שטארק קונה שם געוועהן מיט זיינע ספרים ר' יצחק שמואל רעדזשיו פון גארץ. אונ אויף איהם קוקענדיג, איז אין איטאליען געווארען א גאנצע חברה פון העבראישע שרייבער, צווישען וועלכע עס האבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט גהירונדי, דער רב פון פאדוא, אלמאנצי, איינער פון די גרעסטע גבירים, ר' שמואל וויטא דע־לא־וואלטע, א דאקטאר פון מאנטוא, אונ ר' שמואל דוד לוצאטו, דער דירעקטאר פון דער ראבינער־שולע אין פאדוא. אים יאהר 1837 האט אויך דער דאקטאר לודוויג פיליפזאהן, וואס איז שפעטער געווארען רב אין מאגדענבורג, אנגעהויבען ארויסצוגעבען „די צייטונג דעס יודענטהומ'ס" אונ האט ביז זיין טוידט, מעהר פון פינפציג יאהר, ניט ארויסגעלאזט די פעדער פון דער האנד.

אזוי האבען די יודישע געלעהרטע ניט אויפגעהערט צו ארבייטען, אונ זיי זענען געגאנגען מיט דעם דרך, אז ווי באלד די יודען וועלען זיך בילדען אונ וועלען ניט זיין פערגראבט, וועט זיי דאך בעסער ווערען אונ אלע אנדערע פעלקער וועלען ניט עביג קאנען פערלייגנען זייער ווערטה. דערפאר האט יעדער פון זיי רוהיג, אהן רעש געטהון אלדינג וואס ער האט גערעכענט פאר נוטצליך אונ נאטהיג צו דעם ציעל, וואס אלע האבען געהאט פאר די אויגען. ניט שטענדיג איז אבער געוועהן שטיל אין דער יודישער געלעהרטען־וועלט. צוויי גרויסע לומדים, וואס זענען פון קינדהייט אן געוועהן חברים, זענען זיך צוגאנגען אין פערשיעדענע דרכים, אונ עס האט זיך צווישען זיי אנגעהויבען א מחלוקת, ניט חלילה וועגען פערזאנליכע שנאה, נאר א אמת'ע מחלוקת לשם שמים. דאס זענען געוועהן ר' אברהם גייגער, וואס איז ארויסגעקומען פון א גרויסער רבנישער משפחה, אונ ר' שמשון רפאל הירש, וואס איז אויסגעוואקסען ביי עלטערן־סוחרים פונ'ם מיטלען גראד. אייגענטליך, ווען מען זאל רעכענען אז קינדער טהוען שטענדיג נאך אלטערע, וואלט גייגער זיך בעדארפט האלטען אין די רבנישע גאנג אונ הירש וואלט בעדארפט זיין גאר

אַהײנְטִינ־װֶעלְטִיגֶער ; צום סוֹף איז אױסְגֶעקוּמֶען פּוּנְקְט פֶערְקֶעהְרט : גֵייגֶער הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט בֶּעגֶעהֶען נָאר מִיט אַקָאהר־שׁוּל אוּנ מִיט עֶטְלִיכֶע נַייֶע צֶרֶעמָאנְיֶעס , עֶר הָאט טַאקִי גֶעשְׁרִיגֶען, אַז מֶען דַארְף אוּמְוַוארְפֶען דֶעם גַאנְצֶען בִּנְיָן װָאס די רַבָּנִים הָאבֶען די לֶעצְטֶע צַייט אױסְגֶעבױעט אָהן אַפְּלַאן אוּנ אָהן אַאָרְדְנוּנְג ; הִירְשׁ װִידֶער הָאט נִיט גֶעלָאזְט אָנְרִירֶען אֲפִילוּ אֵיין אוֹת פוּנ׳ם „שֻׁלְחָן עָרוּךְ" אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען, אַז קוים װִיל מֶען אֵיין שְׁטֵיינְדֶעל צוּנֶעהמֶען מוּז דָאס גַאנְצֶע הױז אַיינְפַאלֶען, אוּנ דֶער יוּד װֶעט נָאר בְּלַייבֶען אִין דְרױסֶען אוּנ װֶעט סוֹף כָּל סוֹף מוּזֶען עֶרְגִיץ אִין דֶער פְּרֶעמְד זִיךְ אַרַיינְבֶּעטֶען אִין שְׁכֵנוּת . בֵּיידֶע הָאבֶען זִיךְ גֶעהִיצְט , בֵּיידֶע הָאבֶען מִיט פַייעֶר אַרױסְגֶעזָאגְט זֵייעֶרֶע פֶערְקֶעהְרְטֶע מֵיינוּנְגֶען , נָאר בֵּיידֶע זֶענֶען גֶעוֶועהן הֵייסֶע יוּדֶען , בֵּיידֶע הָאבֶען גְלַייךְ לִיעב גֶעהַאט זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אוּנ יֶעדֶער הָאט גֶערֶעכֶענְט זֵיי צוּ הֶעלְפֶען מִיט אֵיין אַנְדֶער דֶרֶךְ .

דֶער גְלֶאנְצֶענְדֶער צוּשְׁטַאנְד פוּן דֶער יוּדִישֶׁער װִיסֶענְשַׁאפְט הָאט אױךְ קְרִיסְטְלִיכֶע גֶעלֶעהְרְטֶע אַיינְגֶעגֶעבֶען חֵשֶׁק זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁאפְטִיגֶען מִיט לָשׁוֹן קֹדֶשׁ, אוּנ מִיט בֶּעזָאנְדֶער לִיב מוּז מֶען דֶערְמָאנֶען די נָאהמֶען פוּן צְוֵויי גְרױסֶע לַייט : פְּרַאנְץ דֶעלִיטְשׁ , װָאס הָאט זֶעכְצִיג יָאהר כְּסֵדֶר זִיךְ אָבְגֶעגֶעבֶען מִיט הֶעבְּרֶאִישׁ , אוּנ אַדַאם מַארְטִינֶע . זֵיי הָאבֶען , צוּ לִיעב דֶער יוּדִישֶׁער װִיסֶענְשַׁאפְט , אױךְ לִיעב בֶּעקוּמֶען דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק , אוּנ בַּיי יֶעדֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט הָאבֶען זֵיי מִיט פֶערְגְנִיגֶען אַרױסְגֶעװִיזֶען װִי זֵיי שֶׁאצֶען די יוּדֶען אוּנ הָאפֶען , אַז דָאס יוּדִישֶׁע מַזָּל װֶעט נָאךְ אַמָאל שַׁיינֶען װִי פְּרִיהֶר , אַזוֹי װִי עֶס פַּאסְט טַאקִי פַאר אַפָאלְק מִיט אַזַא טְהַייעֶרֶער יְרוּשָׁה , װִי די תּוֹרָה אוּנ אִיהר עֶבִּיגֶע הֵיילִיגֶע שְׁפְּרַאכֶע .

---

# 6 ר׳ משֶׁה מָאנְטֶעפְיָארֶע אוּנ די בְּלוּטְבֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג פוּן דַמֶשֶׂק .

(1885—1840 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט) .

דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער בִּלְבּוּל , װָאס הָאט װִי אַדוּנֶער גֶעטְרָאפֶען אִים יָאהר 1840 די יוּדֶען פוּן דַמֶשֶׂק , אוּנ צוּזַאמֶען מִיט זֵיי אַלֶע זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אױף דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט , אוּנ די יְשׁוּעָה װָאס אִיז גֶעקוּמֶען דוּרְךְ אַמֶענְשֶׁען װָאס הָאט אִין זַיין לֶעבֶּען קֵיין הֵיילִיגֶערְס נִיט גֶעװאוּסְט פוּן צְדָקָה אוּנ מַעֲשִׂים טוֹבִים , דָאס אַלְדִינְג

האט אזוי צונויפגעבונדען דאס אומגליק פון דמשק מיט דעם זכר פון ר׳ משה מאנטעפיארע, אז מיר מוזען פריהר, עהדער מיר דערצעהלען די געשיכטע פון דער עלילה, זאגען עטליכע ווארטער וועגען דער גרויסקייט פון דעם צדיק, וואס האט צו זיך דערווייל קיין גלייכען ניט אין דער גאנצער געשיכטע פון דעם לעצטען יאהר הונדערט.

די משפחה מאנטאפיארע שטאמט ארוים פון איטאליען. דעם 8-טען חשון 1784 איז געבוירען געווארען ר׳ משה אין ליווארנא ביי ניט קיין רייכע עלטערן. זיין פאטער וואס האט שטאנדיג געוואהנט אין לאנדאן, איז געוועהן א מיטלער בעל הבית, בעפאללען מיט א סך קינדער. ער איז פון דעסטוועגען געוועהן בכח צו געבען זיין זוהן איין ארענטליכע ערציהונג, אונ ווי ער האט נאר געענדיגט די שוללע איז ער פרייוויליג אריינגעטרעטען אין מיליטער אונ האט זיך גיך אויסגעדינט פאר א קאפיטאן. די לאגע פון די יודען אין ענגלאנד איז אבער אין יענער צייט געוועהן אזוי טרויעריג, אז מאנטאפיארע האט ניט געקאנט מעהר בלייבען אין דיענסט אונ האט זיך געמוזט נעהמען צו מסחר. עטליכע יאהר האט ער געארבייט אין א גרויסען קאנטאר אונ האט דערווייל חתונה געהאט מיט יהודית, דער טאכטער פונ׳ם רייכען אונ געבילדעטען סוחר ר׳ לוי כהן, וואס האט איהם געגעבען אזוי פיעל נדן, אז ער האט באלד געקאנט אויספיהרען צו ווערן בערזענמעקלער, וואס דעמאלט האט מען געמוזט בעצאהלען פאר אזא שטעלע ביז צוועלף טויזענד רובעל. דורכ׳ן ווייבס צד איז מאנטעפיארע געווארען א קרוב צו דער משפחה ראטהשילד, ווייל יהודית׳ס א שוועסטער חנה האט חתונה געהאט מיט ר׳ נתן מאיר ראטהשילד, אונ האט אנגעהייבען ארבייטען פאר זייער האנדעלס-הויז. עס האט נאר ניט לאנג געדויערט אונ מאנטעפיארע וואס האט קיין קינדער געהאט האט זיך ערווארבען אזא קאפיטאל, אז ער האט זיך געקאנט ענטשליסען אוועקצווארפען אללע געשעפטען אונ זיך נעהמען גוטס צו טהון פאר דער וועלט, דיענען דעם לאנד אונ ברענגען נוטצען דעם פאלק. ער האט שוין געהאט זיין שלאס אין ראמסגעט, וואס צו ליעב דעם האט ער דאס גליק געהאט בעקאנט צו ווערען מיט דער קעניגין וויקטאריע, וועלכע איז נאך אין יענער צייט געוועהן פרינצעסין אונ פלעגט אפט קומען שפאציערען צו איהם אין גארטען. צוויי מאל האט מען איהם אויסגעקליבען אויף די גראסטע שטעללען אין לאנד, אונ ער האט געארבייט מיט אללע כוחות צו בעווייזען, אז ניט אומזיסט האט מען איהם אזוי ליעב. קיין זאך איז פאר איהם ניט שווער געוועהן, אונ אז מען איז אים

יאהר 1860 אין סיריען אנגעפאללען אויף די קריסטען אונ מען האט אומעדום פון זייערטוועגען צוזאפענגענומען נדבות האט ער זיך ניט געפוילט, בײ 76 יאהר, צו נעהמען אויף זיך די מיה אונ האט אליין אין עטליכע טאג געזאמעלט א פערטעל מיללייאן רובעל.

נאר ווען זיין גוטסקייט האט זיך תמיד ארויסגעוויזען בײ יעדער געלעגענהייט בעת נאהטבעדירפטיגע האבען געזוכט הילף האט ער דאך זיין עדעל הארץ אוועקגעשענקט אין גאנצען ציגע ברידער. זיין ערסטע נסיעה קיין ירושלים איז געוועהן אים יאהר 1827 אונ פון דעמאלט אן איז ער זיבען מאל געוועהן אין ארץ ישראל. דעמאלט האט מען נאך ניט געוואוסט פון קיין אייזענבאהנען אונ אויף די שיפען איז מען אויך ניט זיכער געפאהרען, פון דעסטוועגען האט זיך מאנטעפיארע ענטשלאסען זיך צו לאזען אין לאנגען אונ געפאהרליכען וועג מיט זיין צארטליך ווייב יהודית, וואס האט ניט געוואלט פון איהם אבטרעטען אפילו אויף איין טאג אונ זי האט גערעכענט, אז זי איז מחויב מיט איהם צו טהיילען פרייד אונ לייד צוזאמען. גאטט האט אויך געבענשט זייער פאהרען אונ אומעדום וואו זיי זיינען נאר געקומען האט מען זיי מקבל פנים געוועהן אונ ארויסבעגלייט מיט ברכות אונ לויב פאר זייער גרויסע צדקה. אים יאהר 1838 האבען זיי ווייטער זיך געזעגענט מיט לאנדאן אונ זיי האבען זיך געלאזט קיין פאלעסטינא, נאר אין מאלטא האט מען זיי געגעבען צו וויסען, אז דארט איז ארויס א גרויס הולאת אונ מענשען פאללען אין די גאסען. מאנטעפיארע האט אנגעהייבען צורעדען יהודית זי זאלל צוריקפאהרען קיין לאנדאן, נאר זי האט דערפון אפילו ניט געוואלט הערן. אויף פסח זיינען זיי געקומען קיין צפת אונ דער נאך זענען זיי אריינגעפאהרען קיין ירושלים, אונ דעמאלט איז שוין בײ מאנטעפיארע געבליבען די דעה צו מאכען שולען אונ גרינדען קאלאניען פאר יודישע ערדארבייטער. נאר אזוי ווי סיריען איז דעמאלט געשטאנען אונטער דער מאכט פון מצרים, איז מאנטעפיארע אימיסטען צוריקוועגס געפאהרען דורך אלכסנדריען אונ האט זיך דארט פארגעשטעללט דעם שני למלכות מחמד-עלי. ער האט איהם בעקאנט געמאכט מיט זיין פלאן, ווי אזוי ער האפט אויפצוהייבען דעם שטאנד פון די יודען אין ארץ ישראל מיט בילדונג אונ ארבייט, אונ האט אנגעהייבען שטארק נאכדענקען ווי אזוי ער זאלל אויספיהרען זיין פלאן וועגען די שוללען אונ קאלאניען אין פאלעסטינא; נאר פלוצלונג איז געווארען איין איבערשלאג: עס האבען זיך אין סיריען אנגעהויבען שרעקליכע רדיפות אונ יודען האבען דארט בעדארפט נאר איין אנדער הילף.

מאנטעפיארע איז אויך געוועהן צוויי מאל אין רוססלאנד: דאס ערסטע מאל ביים קייזער ניקאלאי דעם ערשטען אים יאהר 1846 אונ דאס אנדערע מאל אים יאהר 1872 ביים קייזער אלכסנדר דעם צווייטען. ביידע מאל איז זיין פאהרען ניט געוועהן אומזיסט, ווייל ער איז זעהר געפאללען אונ ער האט מיט זיינע רעד געפועל'ט פיעל טובות פאר יודען. מען דערצעהלט אפילו, אז ער האט אזוי ווייט נושא חן געוועהן ביים קייזער ניקאלאי דעם ערשטען, אז ער האט איהם בפירוש געזאגט, אז ער וועט איהם צוליעב טהון אונ קוקען אויף זיינע ברידער גאר מיט אנדערע אויגען, ווען זיי וועלן האטש אביסעלע אהנליך זיין אויף איהם. ער האט איהם אויך געבעטען ער זאל זיך מעהר בעקענען מיט די רוססישע יודען טאמער וועט ער קאנען האבען אווירקונג אויף זיי אונ זיי וועלן אוועקווארפען זייערע פעהלער. מאנטעפיארע איז טאקי צוליעב דעם אריינגעפאהרען אין פיעל יודישע שטאדט, ער האט צוטהיילט זעהר פיעל צדקה אונ אומעדום, וואו ער איז נאר געקומען איז ביי יודען געוועהן א גרויסער יום טוב. דאס אייגענע האט ער אויך געטהון אים יאהר 1867, ווען די רומענער זענען אנגעפאללען אויף די יודען אין בוקארעשט, מען האט צובראכען די שולל אונ עס איז געווארן א מרידה אין גאנצען לאנד. די טהרערן פון זיינע דערשלאגענע ברידער האבען איהם שוין אראבגעבראכט קיין רומעניען, אונ די מלוכה האט איהם געמוזט צוזאגען, אז מעהר וועלען אזיינע זאכען ניט געשעהן. יעדע נסיעה זיינע אין ארץ ישראל האט פערבעסערט די לאגע פון די יודען, אונ אים יאהר 1854 איז איהם אויך געראטהען צו קויפען ערד פאר א קאלאניע, מאכען מאדבעגשוהלען, א בקור חולים, אונ ער האט דארויף פארנוטצט 50,000 דאללאר וואס א אונבעקאנטער עושר פון ניי-ארלעאן ר' יהודה טורא האט צוואה געלאזט פאר'ן טויט, מען זאלל זיי איבערשיקען צו מאנטעפיארע'ן אונ ער זאלל מיט דעם געלד טהון ווי ער פערשטעהט.

אים יאהר 1862 איז מאנטעפיארע געבליבען איין אלמן אונ גאנץ ענגלאנד האט בעדויערט דעם טויט פון דער פרומער יהודית וואס איהר קבר געפינט זיך אין ראמסגעט ביי דער שוהל. מאנטעפיארע האט געלאזט שטעללען א טהייערע מצבה, וואס איז פונקט אזוי געמאכט געווארן ווי דער שטיין פון דער מוטטער רחל'ס קבר אויפ'ן וועג פון בית לחם. דאס האט ער געטהון מיט דער כונה, אז דער שטיין זאלל איהם שטאנדיג דערמאנען אין זיין טייער ארץ ישראל אונ אין זיין געליעבט פאלק, וואס זייט ער האט פערלארן זיין געטרייעסטען פריינד לעבט ער נאר פון זייערטוועגען. עס האט טאקי געדויערט גאר א קליינע צייט

האט מען ווייטער דערהערט א געשריי פון אומגליקליכע אונ זייגע ארעמע ברידער האבען צו איהם גערופען. דאס איז געוועהן אים יאהר 1863 אין מאראקא, וואו יודען האבען שוין דארט פון לאנג אן געליטען אונ, אז מען האט נאך אויף זיי אויסגעטראכט אז זיי האבען דערהרג'עט א שפאניער, האט זיך אויף זיי אין גאנצען אויסגעגאסען דער צארן אונ מען האט אנגעהייבען מאכען פון זיי א תל. איין יודען האט מען באלד פארמשפט צום טויט, עטליכע האט מען איינגעזעצט אונ די איבריגע האט מען גלאט בערויבט אונ געלאזט נאקעט אונ בלויז. די יודען האבען שוין דארט געהערט, אז אין ענגלאנד איז דא א וואהל-טהאטיגער יוד וואס איז גרייט זיך מפקיר צו זיין פאר זיין פאלק, אונ אז דאס וואסער איז שוין צוגעקומען צום האלז האבען זיי איהם געגעבען צו וויסען. אים שבת איז דער בריעף אנגעקומען צו מאנטעפיארע אונ זונטאג איז ער שוין געלאפען צום מיניסטער ער זאלל טעלעגראפירען צום ענגלישען קאנסול מען זאלל דארט בעשיצען די יודען. אין עטליכע טאג האט ער זיך פערטיג געמאכט צו דער נסיעה, ער איז אריינגעפאהרען קיין פאריז אונ האט איבער-גערעדט מיט'ן קייזער נאפאלעאן דעם דריטען, דערנאך איז ער אראבגעפאהרען קיין מאדריד אונ האט זיך געזעהן מיט דער קעניגין איזאבעללא, אונ טאקי אין איין וועג האט ער זיך אראבגעהאפט קיין סעווילא אונ האט גענומען א בריעף ביי'ם פאטער פונ'ם שפאנישען קאנסול, וואס האט בעשולדיגט די יודען אין דער רציחה. אוודאי האט שוין נאך דעם מאנטעפיארע וועניג געהאט וואס צו ארבייטען, אונ ווי ער איז נאר געקומען האט מען באלד די יודען בעפרייהעט. מאנטעפיארע האט זיך שוין אבער געוואלט בענוצען מיט דער רייזע, ער זאלל איבערהויפט א טובה טהון די יודען אין מאראקא, אונ דאריבער האט ער זיך ענטשלאסען אריינצופאהרען אין דער מדינה, זיך צוקוקען מעהר צום לעבען פון זייגע ברידער אונ זיך דערנאך פארשטעללען דעם סולטאן אונ רעדען פאר איהם א גוט ווארט. אבער מעת-לעת כסדר האט ער זיך געמוזט שלעפען ביי טאג אונ ביי נאכט, אין די גראסטע היצען אין טיעפסטען זאמד, אונ חאטש ביי אכציג יאהר האבען איהם שוין די כוחות ניט געקאנט אזוי דיענען, איז איהם פארט קיין זאך ניט שווער געוועהן. דער סולטאן האט שוין געוואוסט פון איהם אונ האט איהם אויפגענומען מיט א כבוד פון א מלך. ער האט איהם אריינגענומען צו זיך אין הויף, ער האט מיט איהם די גאנצע צייט שפאצירט אונ האט איהם צוגעזאגט צו בעווייזען חסד די יודען. פון דעמאלט אן איז זייער מעמד אויך בעסער אונ זיי געפינען שוטץ ביי דער מלוכה.

אויסצורעכענען אללע טובות וואס מאנטעפיארע האט אין זיין לעבען געטהון יודען איז זעהר שוועהר; מען קאן נאר זאגען, אז עס איז ניטא איין רעכטע זאך וואס איז נוגע יודען אדער אללע מענשען בכלל, וואס ער זאלל פאר איהם ניט טהון אלץ וואס ער האט געקאנט. דערפאר איז זיין נאמען אזוי גרויס, אז זיין הונדערטיאהריגער געבורטסטאג איז געוועהן א יום טוב כמעט ביי דער גאנצער וועלט. דערפאר האט מען ביי זיין טויט ארויסגעזעהען, אז כאטש ער איז מיט קינדער ניט בעגליקט געווארען האט איהם גאטט געבענשט מיט א גאנץ פאלק, וואס בעוויינט איהם אצונד זעהר ווי אייגענע קינדער וואס זענען נאך איהם אזוי ווי יתומים געבליבען און וואס זיין זכר וועט בלייבען לברכה ביי יודען נאך אין שפעטערע דורות.

נאר מעהר פון אללע זאכען וואס ר' משה מאנטעפיארע האט אין זיין לאנג לעבען אויפגעטהון איז געוועהן די הילף וואס ער האט געבראכט די יודען פון דמשק, אין אזא ביטערער צייט, ווען זיי זענען אללע געוועהן אין דער גרעסטער סכנה און שונאים האבען זיך נאך געוואלט בענוצען מיט'ן אומגליק כדי דער פלעק זאל פאלען אויפ'ן גאנצען יודישען פאלק. אין דמשק איז געוועהן א קאטאלישע קירכע, וואס איז געשטאנען אונטער דעם שוטץ פון פראנקרייך, פלוצלונג איז דעם 5 פעברואר 1840, פערפאלען געווארען א גייסטליכער ט ה א מ א ש צוזאמען מיט זיין דיענער, און מען האט ניט געוואוסט וואו זייער געביין איז אהינגעקומען. טהאמאש פלעגט זיך בעשעפטיגען מיט מעדיצין און דערפאר פלעגט מען איהם אפט זעהען ארומגעהען איבער דער שטאדט שפאט ביי נאכט און גאנץ פריה, און ער איז, ווי מען זאגט, אויסגעוועהן אללע לאכער. אז ער איז דא פלוצלונג פערשוואונדען געווארען, האט מען געגעבען צו וויסען דעם פראנצאזישען קאנזול ר א ט י-מ ע נ ט א ן, א רשע מרושע, וואס האט שוין לאנג ארויסגעקוקט ער זאל זיך קאנען נוקם זיין אין די יודען, און האטש עס איז קיין סוד ניט געוועהן, אז צוריק מיט עטליכע טאג האט זיך טהאמאש געקריגט מיט איין אראבער און יענער האט אפענטליך געשריגען, אז ער וועט פון זיינע האנד ניט ארויס, האט ראטי-מענטאן באלד ארויסגעלאזט א קלאנג, אז אין דער רציחה זענען די יודען שולדיג. ער האט אויף זיין זייט געניינט דעם גובערנאטאר ש ע ר פ פ א ש א, עס האבען זיך אבגעזוכט עדות, וואס האבען טהאמאש'ן קלאמערשט פריהר מיט א נאכט געזעהען אין א יודישער גאס, און עס האט זיך אנגעהויבען א גאנצע התונה, מען האט דאך אבער בעדארפט האבען עפיס א תרוץ, עס

זאָל קיינעם ניט קשה זיין פאַר וואָס די שטילע דערשלאָגענע יודען, וואָס מען האָרט עפּיס ניט, אַז זיי זאָלען אַרומלויפען מיט מעסערס אין די גאַסען און הרגנען מענשען, האָבען גאָר אָהן אַ סבּה געקוילעט אַ גייסטליכען. איז מען געפאַלען אויף אַ שׂכל און מען האָט זיך געחאַפּט צום אַלטען בּלבול, אַז דאָס איז געטהון געוואָרען צו ליעב דעם, זיי זאָלען האָבען בּלוט אויף פּסח. קיין בּעזאָנדערע בּעווייזע האָט מען ניט בּעדאַרפט, עס איז גענוג געוועהן, וואָס אַ יודישער רופא האָט זיך מעהר דערשראָקען ווי אַנדערע און זיין פּנים האָט אויסגעזעהען בּלאַס, איז שוין אויף איהם געפאַלען דער גרעסטער חשד אַז ער איז דער שרעקליכער רוצח. מען האָט דעם רופא אָנגעהויבען מוטשען, און אַז ער האָט געהאַפּט די ערשטע פינף הונדערט שטעקענס און מען האָט איהם צוגעזאָגט אַלע טאָג אַזוי צו בּעשטראָפען, ווען ער וועט שווייגען, האָט ער געעפענט דאָס מויל און האָט געזאָגט וואָס מען האָט נאָר געוואָלט. ערשטענס, האָט ער זיך אַליין מודה געוועהן און, צווייטענס, האָט ער נאָך אָנגעוויזען זיבען פון די בּכבוד'סטע און רייכסטע בּעלי בּתּים, וואָס האָבען מיט איהם צוזאַמען דערהרג'ט דעם גייסטליכען. מען האָט בּאַלד, מן הסתּם, איינגעזעצט די אַלע בּעלי בּתּים, צווישען וועלכע איז אויך געוועהן איינער אַ זקן, איבּער אַכטציג יאָהר, און מען האָט זיי אָנגעהויבען אָנטהון ענוים קשים. אַ הוין הונדערטער שטעקענס, וואָס מען האָט מיט זיי צוּבּראָכען זייערע אַלטע בּיינער, האָט מען פון זייערטוועגען אויסגעטראַכט נאָר אַ אונמענשליכען ענש: מען האָט זיי געלאָזט שטעהען אויף די פּיס אַנדערטהאַלבען מעת לעת כּסדר, און אַז איינעם האָבען זיך די אויגען אָנגעהויבען קלעבען און עס האָט איהם געצויגען צו דרעמלען, האָבען איהם בּאַלד די סאָלדאַטען מיט פרישע קולאַקעס דערמאַנט אַז מען טאָר ניט שלאָפען. עס איז גאָר קיין כּח ניט געוועהן איבּערצוטראָגען אַזעלכע יסורים, און מען האָט געווים גערעכענט, אַז מען וועט זיי אויך בּרענגען דערצו זיי זאָלען זיך מודה זיין, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען, די אונשולדיגע יודען האָבען זיך בּעסער ענטשלאָסען צו שטאַרבען, עהדער אַרויפצוואַרפען אויף זיך און אויף זייער פאָלק אַזאַ בּיטערע בּעשולדיגונג. דעמאָלט איז שערף־פאַשא, וואָס איז ניט געוועהן קיין גרעסערער בּעל ישר פון ראַטי־מענטאָן, שטאַרק אין כּעס געוואָרען אויפ'ן יודישען עקשנות און האָט געוויזען ווי ווייט זיינע אַכזריות קאָן געהען. קודם כּל איז ער מיט זיינע סאָלדאַטען אָנגעפאַלען אויף אַ הויז פונ'ם גרעסטען יודישען גביר, און האָט פּשוט דערפון אַ תּל געמאַכט, ווייל עס האָט געהייסען, קלאָמערשט, אַז ער זוכט דאָרט דעם

טויטען קערפער פונ'ם גייסטליכען און צו ליעב דעם האט ער צוואָרפען די שטוב און א גאנצע משפחה איז געבליבען ליעגען אויף דער גאס. אויסער דעם האט ער צונויפגענומען זעכציג יודישע קליינע קינדער, פון דריי ביז צעהן יאהר, און האט זיי אללע פערשפארט אין א בעזונדער חדר און האט ניט צוגעלאזט קיין עסען; די אומגליקליכע מוטטערס זענען געשטאנען פון ווייטענס און האבען געהערט דאס געוויין פון די הונגעריגע פיצעלעך, נאר זיי האבען גאר ניט געקאנט מאכען, ווייל מען האט ביי זיי געפאָדערט זיי זאלען זיך גאר מודה זיין. אז א יודישער יונגער מאנן האט זיך איינגעשטעלט דאס לעבען און איז געקומען צום גובערנאטאר און האט איהם געוואלט דערוויזען, אז טהאמאש'ן האט מען אין דער לעצטער נאכט געזעהען ביי א טירקישען סוחר, האט מען איהם אזוי געשלאגען, אז אין עטליכע שעה ארום האט ער גאנץ די נשמה אבגעגעבען. ראטי-מענטאן פון זיין זייט איז דערווייל ניט מיעד געווארען צו זוכען נייע בעווייזען געגען די יודען, און אז מען האט ערגיץ געפונען א פערפוילטען ביין און א אלטע שמאטע האט ער באלד געפועלט ביי זיינע דאקטוירים און זיינע שטאנדיגע עדות, מען זאל זאגען, אז דאס איז איינס פון טהאמאש'ס גליעדער און א שטיק פון זיין היטעל. די נייע בעווייזע האבען ווייטער געפיהרט דערצו וואס מען האט אללע מאל איינגעזעצט אנדערע בעלי בתים און מען האט זיי געשלאגען טויט-שלאג. עס איז אזוי ווייט געקומען אז איינער פון די יודען, ר' יוסף לאניאדא, איז טאקי געשטארבען אונטער די האנד פון די תליינים, דער אנדערער, ר' משה אבולאפיא, האט זיך קוים אבגעראטעוועט דאס לעבען דערמיט וואס ער איז איבערגעגאנגען צום מחמדנישען גלויבען, און די איבריגע האבען געזאגט וואס מען האט זיי געהייסען אבי מען זאל גיכער מאכען פון זיי איין סוף. מען האט ארייגעשלעפט אויך דריי רבנים פון דמשק און אפילו די שאנסטע משפחה פרחי, וואס אללע איינוואהנער האבען פאר זיי דרך ארץ געהאט. נאר ראטי-מענטא; האט זיך נאך אלץ ניט געוואלט בערוהיגען און האט געטהון אזעלכע גרויזאמקייטין, אז סוף כל סוף האט עס דער אסטערדייכישער קאנזול מערלאטא ניט געקאנט צוזעהען, און האט זיך געפרובט א ביסעל אנצונעהמען זיך פאר די יודען, נאר פאר דעם שריט איז ער אלליין געוועהן אין סכנה ווייל ראטי-מענטאן האט אויף איהם אנגערייצט דאס פאלק, און אז מען האט אנגעהויבען ראבעווען די יודען האט מען ביי איהם אויך אויסגעשלאגען די פענסטער, און דאס איז געוועהן א ווינק, אז צו קיין יודישער זאך טאר מען זיך ניט מישען. ראטי-מענטאן האט

אויסֶער דֶעם גֶעלָאזְט איבֶּערְזֶעצֶען אויף אַרַאבִּיש אַ בּוּךְ, וָואס וַוייזְט אויס, אַז יוּדֶען דַארְפֶען טַאקִי בְּלוּט אויף פֶּסַח, אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר גֶעפוֹעֶלְט בַּיי שֶׁעְרִיף־פַּאשַׁא עֶר זָאל פָארְשְׁטֶעלֶען דֶעם מוֹשֵׁל פוּן מִצְרַיִם, מַחְמֶד עַלִי, אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען טַאקִי שׁוּלְדִיג אִין דֶעם טוֹיט פוּן טְהָאמַאשׁ'ן אוּנ אַז זַיין בְּלוּט הָאבֶּען זֵיי בֶּענוּצְט צוּ דִי מַצוֹת.

אַז עֶס אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן דָאס אוּמְגְלִיק זָאל זִיךְ פֶערְגְרֶעסֶערְן, הָאט זִיךְ דֶער בִּלְבּוּל בֶּעדַארְפְט אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען אִין עֶטְלִיכֶע אֶרְטֶער. אויף דֶער אִינְזֶעל רָהאדוֹס, וָואס הָאט אויךְ גֶעהֶערְט צוּ טִירְקִיי, הָאט זִיךְ בַּיי אַ גְרֶעק אויפְגֶעהַאנגֶען אַ קִינְד פוּן צֶעהן יָאהר, אוּנ חָאטְשׁ אַלֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, אַז דָאס קִינְד הָאט זִיךְ אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען, הָאבֶּען דִי קְרִיסְטֶען גֶעזַאגְט אַ גֶעוואלְד, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען עֶס דֶערְהַרְג'ט. דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ צוּזַאב צוּ דֶער מַעֲשֶׂה פוּן דַמֶשֶׂק אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ באלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען רְדִיפוֹת אִין גַאנְץ סִירְיֶען אוּנ טִירְקִיי. כִּמְעַט אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעהַאלְטֶען דִי נְשָׁמָה אִין דִי הָאנְד אוּנ הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט מֶען זָאל פוּן זֵיי נִיט מַאכֶען אַ תֵּל, ווייל בַּעֲלָנִים אויף רַאבֶּעוֶוען זֶענֶען גֶעוֶועהן זֶעהר פִיעל אִי צְווִישֶׁען גְרִיכֶען, אִי צְווִישֶׁען דִי טִירְקֶען. אִין דִיאַבַּאר, נִיט ווייט פוּן דַמֶשֶׂק, הָאט דָאס פָאלְק צוּבְּרָאכֶען דִי יוּדִישֶׁע שׁוּל אוּנ צוּרִיסֶען אַלֶע סִפְרֵי־תוֹרָה; מֶען הָאט דָאס אֵייגֶענֶע גֶעוָואלְט טְהוּן אויךְ אִין בֵּיירוּט, נָאר דָארְט הָאט עֶס דֶער הָאללֶענְדִישֶׁער קָאנְזוּל נִיט דֶערְלָאזְט.

מֶערְקְווירְדִיג אִיז דָאס, וָואס מִיט דֶער בְּלוּטְבֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג פוּן דַמֶשֶׂק אִיז גֶעשֶׁעהֶען דָאס אֵייגֶענֶע, וָואס עֶס קוּמְט אַ מָאל פָאר בַּיי אַ גְרוֹיסֶער שְׂרֵפָה: עֶס בְּרֶענְט דַאכְט זִיךְ אויף אֵיין אֶרְט אוּנ עֶהֶדֶער מֶען קוּקְט זִיךְ אוּם הָאט שׁוֹין דֶער ווינְד פֶערְטְרָאגֶען עֶרְגִיץ עֶטְלִיכֶע רֶעכְטֶע פוּנְקֶען אוּנ דָאס פַייעֶר שְׁפַּארְט שׁוֹין אָן גַאנְץ וַוייט. כִּמְעַט אִין אַ חֹדֶשׁ אַרוּם ווִי עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דֶער בִּלְבּוּל פוּן דַמֶשֶׂק הָאט מֶען אִין פְּרֵייסֶען, אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּנ'ם רְהֵיין, אויךְ זִיךְ גֶעפְּרִיוְוט אַרוֹיסְוַוארְפֶען פוּנְקְט אַזַא חֵטְא אויף דִי יוּדֶען, נָאר עֶס אִיז נִיט גֶערָאטְהֶען. אַ קְרִיסְטְלִיךְ מֶאדֶעל פוּן נַיין יָאהר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְשֶׁעפֶּען צוּ אַ יוּדֶען אַז עֶר הָאט אִיהר צוּשְׁטָאכֶען דָאס לַייבּ אוּנ הָאט גֶעצַאפְּט אִיהר בְּלוּט; אִיהְרֶם אַ בְּרוּדֶער'ל פוּן זֶעכְּס יָאהר הָאט זִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען, אַז עֶר אִיז אַלֵיין גֶעשְׁטַאנֶען דֶערְבַּיי אוּנ אַזוֹי ווִי דֶעמָאלְט אִיז נָאךְ גְרָאד פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארֶען אַ אֶלְטֶערֶער קְרִיסְט, הָאט מֶען גֶעשְׁמַאק אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁמִיעסֶען, אַז

דאס איז די יודענס ארבייט. מען האט זיך אבער באלד גענומען צו חוקר ודורש זיין און מען איז געוואהר געווארען אז די גאנצע זאך איז פאלש. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער פערפאלענער קריסט לעבט גאר און מען האט איהם אומיסטען זיך געהייסען בעהאלטען כדי מען זאל זיך קאנען צופיהרען די האנד מיט די יודען; א חוץ דעם, אז די דאקטוירים האבען גענומען בעטראכטען דאס מאדעל האבען זיי געזעהען, אז זי האט זיך נאר אויסגעשמירט מיט בלוט, און אז דאס לייב איז אפילו ניט געוועהן צודראפעט. אודאי איז דער אמת ארויס ווי בויםאהל אויפ'ן וואסער און מען האט נאך שטרענג בעשטראפט די מוסרים און די פאלשע עדות, וואס האבען אנגעמאכט דעם גאנצען טאראראם.

דאס וואס מען האט אבער געקאנט מאכען אין פרייסען אין עטליכע טאג איז שווער געוועהן אויסצופיהרען אין דמשק אין עטליכע חדשים. אין פרייסען האבען שוין לאנג די יודען אין פריידען דערצעהלט דעם נס וואס איז מיט זיי געשעהען — אין דמשק אבער האבען זיי כמעט די גאנצע האפנונג פערלארען, ווייל זיי האבען זיך ניט געהאט צו וועמען צו ווענדען. שעריף=פאשא האט זיי געמוטשעט און געהאלטען אין תפיסה און ראטי=מענטאן האט אזוי געארבייט, אז אפילו אין פראנצאזישע צייטונגען איז בעשריבען געווארען דער חטא פון די יודען אין די שרעקליכסטע פארבען, און אפילו אזא גרויסער מאנן ווי דער בעריהמטער שרייבער טהיער, וואס איז דעמאלט געוועהן מיניסטער און איז אים יאהר 1871 געווארען פרעזידענט, האט אנגעהויבען שלעכט קוקען אויפ'ן יודישען פאלק. אז דאס וואסער איז שוין אבער געקומען איבער דעם האלז, און דאס געשריי פון דמשק האט דערגרייכט צו די יודישע גבירים אין די גרויסע איירָאפּאישע שטאדט, האט ר' משה מאנטעפיארע דער ערשטער אנגעמאכט א געוואלד, אז מען מוז ארויפברענגען די מלוכות פון ענגלאנד, פראנקרייך און אסטערייך זיי זאלען זיך אננעהמען פאר די אומגליקליכע יודען. צו איהם זענען באלד צוגעשטאנען אין לאנדאן — ראטהשילד, סאלאמאנס און גאלדשמיד, אין פאריז — דער יודישער מיניסטער אביל פולד, און דער בעריהמטער אדוואקאט אדאלף קרעמיע, וואס איז דערנאך צוויי מאל געוועהן מיניסטער אין פראנקרייך. אין אמשטרדם — דער פרומער ר' הירש לעהרן, און אללע האבען זיך גענומען ארבייטען צו דערווייזען ווי פאלש דער בלבול פון דמשק איז. אין איין צייט האבען זיך געווארפען קרעמיע צו

דער פראנצאזישער מלוכה, מאנטעפיארע, צו דער ענגלישער, און מיט עסטערייך האט מען ניט בעדארפט אזוי פיעל ארבייטען, ווייל דער קאנזול פון דמשק האט נאך פריהר מודיע געוועהן קיין וויען וואס פאר א רציחה דארט געהט פאר. פון לאנדאן, פאריז און וויען האט מען באלד געגעבען א ווינק דעם סולטאן, אז מען איז ניט צופרידען וואס ער דערלאזט אזא עולה, און ער האט תיכף געהייסען מען זאל חוקר ודורש זיין וואס עס האט זיך פערלאפען אין ראהדוס, און די אונשולד פון די יודען האט זיך שוין ארויסגעוויזען. דערצו האט זיך ניט געפוילט דער באראן ר' נתן מאיר ראטהשילד אליין אראבצופאהרען קיין קאנסטאנטינאפאל און די יודען פון ראהדוס זענען באלד בעפרייהט געווארען. ניט אזוי לייכט אנגעקומען איבערצודרעהען די שלעכטע מיינונג פון מחמד-עלי, דעם מושל פון מצרים, וואס פון איהם זענען אבהאנגיג געוועהן די יודען פון דמשק, און די דאזיגע שווערע ארבייט האט אויף זיך גענומען ר' משה מאנטעפיארע. ער האט זיך ענטשלאסען צו מאכען די ווייטע נסיעה צוזאמען מיט זיין געטרייער פרוי יהודית מיט אדאלף קרעמיע, מיט זיין לייב-דאקטאר לעווי און מיט נאך עטליכע פון זיינע מקורבים, און איז געוועהן זיכער, אז איהם וועט געוויס געראטהען אויסצופיהרען זיין גרויס שליחות. געשטארקט האט איהם דאס, וואס אין גאנץ ענגלאנד איז מען געוועהן איבערצייגט אז ער נעהמט זיך אן פאר איין אמת, און ביי דער אסיפה וואס די גרעסטע עדעללייט האבען געמאכט פאר זיין פאהרען האט מען בעשטימט א שכר פון טויזענד פונד שטערלינג דעם דאזיגען, וואס וועט געפינען דעם גייסטליכען טהאמאש. דאס איז געוועהן דער בעסטער בעווייז, אז קיינער גלויבט גאר ניט אז ער איז פערפאלען אדער דערהרג'ט געווארען און מען רעכענט נאר, אז די שונאי ישראל האבען איהם אימיסטען בעהאלטען. צוויי רבנים האבען דעמאלט אין לאנדאן אפענטליך געשווארען ביי א ספר תורה, אז יודען בענוצען ניט קיין בלוט, און דאס איינע האט אויך מודה געוועהן א געטויפטער יוד אויגוסט נעאנדער, וואס איז געווארען איינער פון די געשאצטע גייסטליכע. ער האט זיך ניט געשאמט אפען צו שרייען אז עס איז א שאנדע פאר אונזער צייט מען זאל גאר רעדען פון אזא נארישען בלבול, און דאס יודישע הארץ האט איהם ניט געלאזט רוהען ביז ער האט געמוזט זאגען א גוט ווארט פאר זיינע ברידער. מיט גרויס כבוד איז מאנטעפיארע ארויסגעפאהרען פון לאנדאן, די ענגלישע מלוכה האט איהם געגעבען א בעזונדער שיף און די קעניגין וויקטאריע האט איהם ביים געזעגענען צוגעווינשעוועט

עֶר זָאל מַצְלִיחַ זַיין. מִיט אַזוֹי פִּיעל בְּרָכוֹת אוּנ הַבְטָחוֹת אִיז מָאנְטֶעפְיָארֶע
גֶעקוּמֶען קַיין קַאִירַא, אוּנ מַחְמֶד-עַלִי הָאט אִיהם זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען.
אַז עֶס אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען צוּם עִיקָר הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דְרֶעהֶען, אוּנ
אַזוֹי זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דְרַיי וָואכֶען. קְרֶעמְיֶע אִיז אָבֶּער גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֵׂכֶל
אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אַלֶע קָאנְזוּלֶען פוּן דִי אֵייְרָאפֶּאִישֶׁע מְלוּכוֹת זֵיי זָאלֶען
פוּן זִיךְ אַנְגֶעבֶּען אַ פַּאפִּיער, אַז זֵיי בֶּעטֶען מֶען זָאל בֶּעפְרַייהֶען דִי יוּדֶען פוּן
דַמֶשֶׂק. מַחְמֶד-עַלִי הָאט זִיךְ אֲפִילוּ גֶעשְׁטֶעלְט דַארוֹיף וָואס עֶס הָאט גֶעפֶעהלְט
דִי הַתִימָה פוּנ'ם פְרַאנְצֶאזִישֶׁען קָאנְזוּל, נָאר מֶעהר שְׁלֶעפֶּען דִי זַאךְ הָאט אִיהם
שׁוֹין נִיט גֶעפַּאסְט, אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט צוּ לִיעבּ טְהוּן. עֶס אִיז נָאךְ אַזוֹי
אוֹיסְגֶעקוּמֶען, אַז זַיין בֶּעפֶעהל הָאט עֶר גֶעמוּזְט צְוֵויי מָאל אִיבֶּערְשְׁרַייבֶּען. וַוייל
דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, אַז עֶר אִיז מוֹחֵל דִי יוּדֶען, אוּנ אַז מָאנְטֶעפְיָארֶע
אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען הָאט עֶר בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט, אַז דָאס וָוארְט
מְחִילָה זָאל שְׁטֶעהֶען אִין בֶּעפֶעהל, כְּדֵי שְׁפֶּעטֶער זָאלֶען דִי שׂוֹנְאִים נִיט זָאגֶען
אַז דִי מַעֲשֶׂה אִיז טַאקִי אֱמֶת גֶעוֶועהן, נָאר דִי מְלוּכָה הָאט גֶעטְהָאן חֶסֶד מִיט
דִי שׁוּלְדִיגֶע. דֶערְפַאר הָאט מָאנְטֶעפְיָארֶע נִיט גֶעוָואלְט אָבְּטְרֶעטֶען בִּיז עֶר הָאט
נִיט פֶערְאֶנְדֶערְט דָאס וָוארְט אוּנ הָאט בְּפֵירוּשׁ גֶעשְׁרִיבֶּען אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען
אוּנְשׁוּלְדִיג. דִי יְשׁוּעָה וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דִי יוּדֶען פוּן דַמֶשֶׂק הָאט אָנ=
גֶעמַאכְט אַ שִׂמְחָה בַּיי אַלֶע יוּדֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנ אַז מָאנְטֶעפְיָארֶע
אִיז צוּרִיקְגֶעפָאהרֶען אִיז מֶען אִיהם אוּמֶעדוּם אַקֶעגֶענְגֶעגַאנְגֶען מִיט חוּפּוֹת אוּנ
מֶען הָאט אִיהם בֶּעגְרִיסְט כִּמְעַט וִוי אַ מֶלֶךְ. אִין קָאנְסְטַאנְטִינָאפֶּאל הָאט עֶר זִיךְ
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם סוּלְטַאן עַבְּדוּל-מֶעדְזְשִׁיד אוּנ אִיהם צוּ לִיעבּ הָאט עֶר
אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל, אַז קַיין בְּלוּט בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען זָאלֶען אִין טִירְקַיי מֶעהר
נִיט פָארְקוּמֶען. אַזַא בֶּעפֶעהל אִיז שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר צוּ נוּטְץ גֶע=
קוּמֶען דִי יוּדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, וַוייל עֶס אִיז דָארְט אַרוֹיס אַ גֶעשְׁלֶאג צְוִוישֶׁען
עֶטְלִיכֶע יוּדִישֶׁע אוּנ גְרִיכִישֶׁע קִינְדֶער, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ שׁוֹין וַוייטֶער גֶעוָואלְט
הַאפֶּען צוּם אַלְטֶען בִּלְבּוּל, נָאר דִי מְלוּכָה הָאט גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען אוּנ הָאט
נִיט דֶערְלָאזְט צוּ קַיין אוּמְגְלִיק. דִי רֵיינֶע אוּנ קְלָארֶע וֶוערְטֶער פוּן עַבְּדוּל=
מֶעדְזְשִׁיד, אַז עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְצַייגְט פוּן דֶער תּוֹרָה, אַז יוּדֶען טָארֶען זִיךְ
גָאר צוּ קַיין בְּלוּט נִיט צוּרִירֶען, זֶענֶען זֶעהר נִיט גֶעפָאלֶען דִי קַאטָאלִישֶׁע גַייסְטְ=
לִיכֶע אִין אֵייְרָאפַּא, אוּנ אַז עֶס אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען מָאנְטֶעפְיָארֶע'ן צוּ זַיין אִים
יָאהר 1858 אִין רוֹם אוּנ בֶּעטֶען בַּיים פַּאפְּסְט מֶען זָאל דִי יוּדִישֶׁע עֶלְטֶערְן אוּמְ=
קֶעהרֶען זֵייעֶר זֶעכְּסְיֶאהרִיג קִינְד מָארְטַארַא, וָואס מֶען הָאט דֶערְמָאלְט מִיט

געוואַלד געטויפט, האָט מיט איהם דער קאַרדינאַל אַ נ ט א נ ע ל י א געמאַכט אַ רעדע וועגען דעם סולטאַן׳ס בעפעהל און האָט איהם געפרעגט ווי פיעל געלד דאָס האָט אָבגעקאָסט, נאָר מאָנטעפיאָרע האָט איהם גאַנץ קאַלט געאָנטפערט, אַז ער האָט דערפאַר בעצאָהלט ניט מעהר ווי פיעל ער האָט געגעבען זיין דיענער אַצונד פאַר׳ן מאַנטעל אַראָבנעהמען. אַז ער איז צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן האָט איהם די קעניגין וויקטאָריע געדאַנקט פאַר זיין מיה, און האָט איהם ערלויבט אויף זיין הערב (התימה) צו שטעלען אויף לשון קודש דאָס וואָרט „ירושלים" — און דער זכר פון דער היילינער שטאָדט איז פאַר איהם געוועהן דער גרעסטער לאָהן.

מאָנטעפיאָרע און קרעמיע האָבען אָבער זיך ניט געוואָלט בעגנוגענען נאָר דערמיט וואָס זיי האָבען זייערע ברידער מציל געוועהן פון אַ סכנה; זיי האָבען געוואָלט די סירישע יודען בעוואָרענען אויך אויף ווייטער עס זאָל זיך זיי מעהר אַזעלכע אומגליקען ניט טרעפען, און אַזוי ווי זיי האָבען זיך צוגעקוקט צום מצב פון די דאָזיגע יודען און האָבען געזעהען אַז זיי זענען שטאַרק פערגראָבט, האָבען זיי פערשטאַנען, אַז נאָר די בילדונג קאָן זיי אַרויספיהרען אויף אַ רעכטען וועג, און ווי באַלד זייערע קינדער וועלען לערנען און וואַקסען צוזאַמען מיט קינדער פון אַנדערע איינוואָהנער, זיי וועלען קאָנען די לאַנדעס־שפּראַכע, און מיט דער הנהגה וועלען זיי אויך ניט זיין שטאַרק אָבגעזונדערט פון אַללע, וועט מען פאַר זיי ממילא דרך ארץ האָבען און מען וועט פערשפּאָרען אויס־טראַכטען בלבולים. דערפאַר זענען זיי ניט אַרויסגעפאָהרען פון מצרים ביז זיי האָבען ניט געעפענט אין קאַירא צוויי שולען פאַר יונגלעך און פאַר מאַדלעך, און דער בעריהמטער געלעהרטער ר׳ ש ל מ ה מ ו נ ק, וואָס זיי האָבען איהם אויך מיט זיך מיטגענומען, ווייל ער האָט זעהר גוט געקאָנט אַראַביש, האָט אָבגעדרוקט אַ בריעף צו די יודען אויף לשון קודש און אַראַביש און האָט זיי ערקלערט, אַז נאָר דורך תורה און חכמה קאָן דאָס יודישע פאָלק קומען צום פריהערינען גלאַנץ. מונק׳ס בריעף האָט געהאַט אַזאַ ווירקונג, אַז די יודען האָבען אפילו פערגעסען זייער שנאה צו די הונדערט קראַימעשע משפּחות, וואָס האָבען נאָך דעמאָלט געוואָהנט אין קאַירא, און האָבען אין די שולען אויפגענומען אויך זייערע קינדער. אַזאַ התחלה אין מצרים האָט געפיהרט דערצו, וואָס דער חכם־באַשי אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ר׳ מ ש ה פ ר ע ס ק ו האָט אויך געשריבען בריעף צו אַללע יודישע קהלות פון טירקיי מען זאָל אָנהייבען די קינדער לערנען טירקיש, כדי עס זאָל ניט זיין קיין חלוק צווישען די יודען און די איבריגע

איינוואוהנער פונ'ם לאנד אונ מען זאל דערמיט ממלא זיין דעם רצון פונ'ם סולטאן.

אין דער צייט וואס אין מזרח-זייט זענען די יודען געשטאנען ביים אבגרונד אונ עס איז אבגעגאנגען א האר זיי זאלען אללע אריינפאלען ווען דער אויבער-שטער שיקט זיי ניט זיינע גוטע שליחים, האבען זייערע ברידער אין דער מערב-זייט זיך אלס ניט אויפגעהערט צו קריגען איבער אמונה זאכען אונ דער צד, וואס האט געוואלט מאכען א רעפארם איז מיט יעדען טאג געווארען א גרא-סערער דארן אין די אויגען פון די פרומע. אין האמבורג איז דאס מחלוקת אזוי ווייט געגאנגען, אונ דארט האבען די רעפאמירטע צו זיך צוגעצויגען אזוי פיעל יונגע רבנים, אז אפילו דער געבילדעטער רב ר' יצחק בערנ'ס האט געלאזט אויסרופען אין די שולען מען זאל ניט דאווענען פון דעם סדור, וואס די רעפאמירטע האבען אבגעדרוקט. ווער ווייסט צו וואס די דאזיגע מלחמה וואלט געקאנט פיהרען, ווען עס מאכט זיך ניט אין האמבורג א גרויסע שרפה אונ ביידע צדדים האבען געמוזט אוועק פונ'ם פלאץ. דעמאלט איז דאס מחלוקת איבערגעטראגען געווארען קיין פראנקפורט אם מאין וואו עס האט געלעבט ביז 1842 איינער פון די פייערינסטע רעפאמירטע ר' רפאל קרייצענאך, אונ נאך זיין טויט האבען זיך ערשט זיינע תלמידים גענומען רעכט בעפעסטיגען די רעפארם. מען האט אין בראונשווייג געמאכט איין אסיפה פון דייטשע רבנים אים יאהר 1844, דערנאך האט מען די צווייטע אסיפה גע-מאכט אין פראנקפורט אים יאהר 1845, אונ דעמאלט האט זיך ארויסגעוויזען ר' שמואל האלדהיים, איינער פון די פוילישע ישיבה-בחורים אונ א גרויסער בן תורה, ער האט צוזאמען מיט ר' שמואל שטערן געעפענט אין בערלין א רעפאמירט טעמפעל, אונ איז ביז צום טויט (1880) געבליבען די איינציגע פעסטע זייל פון דער רעפארם, וואס האט זיך פון דעסטוועגען ווייטער ניט פערשפרייט אונ האט אבגעזוכט נאר עטליכע געצאהלטע בעלנים אין אמעריקא, וועלכע האבען דארט אויך געעפענט רעפאמירטע שולען אונ האבען געפונען, אז דאס יודישקייט קאן זיך בעגעהען אהן מל זיין קינדער, אהן אבהיטען שבת, אהן עסען כשר, אהן לשון קדש, אהן א האפנונג אויף משיח'ן, אונ אז עס וועט די יודען גאר ניט שאדען ווען זיי וועלען מדחה זיין דעם שבת אויף זונטאג, אונ זיי וועלען אהן היטלען זאגען די מוסף'דיגע קדושה.... א שטארקע נגיעה אין דעם, וואס די רעפארם איז אין דייטשלאנד ניט אזוי בעפעסטיגט געווארען, האבען געהאט ר' זכריה פראנקעל, דער רב פון ברעסלויא,

אונ דֶער בֶּערִיהמְטֶער פְּרֶעדִיגֶער פון בֶּערְלִין ר׳ מִיכָאֶל זַאקְש: בֵּיידֶע הָאבֶּען זֵיי בֶּעווִיזֶען אַז צוּ פִיעל אָבְּשִׁינְדֶען דֶעם יוּדִישֶׁען גוּף אִיז נִיט גוּט, וֶוען עֶס הַאלְט זִיךְ אַזוֹי אוֹיךְ קוים דִי הוֹיט אוֹיף דִי בֵּיינֶער.

דָאס יָאהר 1848 הָאט דִי יוּדֶען כִּמְעַט אִין אַללֶע לֶאנְדֶער פון אֵייְרָאפַּא גֶעבְּרַאכְט אֶמֶת׳ע פְרַייהַייט אָהן פֵּירוּשִׁים, אונ זֵיי הָאבֶּען אִין אַקוּרְצֶער צַייט פון אַיָאהר צְוואנְצִיג אַזַא וואוּכְס גֶעטְהוּן אַז עֶס אִיז זֵיי גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶוארֶען צוּ דֶערְקֶענֶען. וָואהִין מֶען הָאט נָאר גֶעוָוארְפֶען אֵיין אוֹיג אוֹיף דֶעם פֶעלְד פון ווִיסֶענְשַׁאפְט הָאט מֶען גֶעפוּנֶען גֶעצֵייכֶענְטֶע יוּדִישֶׁע גֶעלֶעהְרְטֶע, פְּרָאפֶּעסָארֶען, שְׁרַייבֶּערְס, קִינְצְלֶערְס, אונ אַזֶעלְכֶע נֶאהמֶען ווִי יַאקָאבִּי, לַאסַאל, לַאסְקֶער, קוּרַאנְדָא, מֵאִיר־בֶּער, הַלֵוִי, רַאשֶׁעל, בֶּערְטְהָאלְד, אוֹיעֶרְבַּאךְ, אונ נָאךְ פִיעל אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעמֶאכְט דִיעֶנֶען פַאר אַצִירוּנְג אַסַךְ אַגְרֶאסֶער פָאלְק מִיט וֶוענִיגֶער אִיבֶּערְגֶעלִיטֶענֶע צָרוֹת. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט יוּדֶען פִיעל כָּבוֹד גֶעמַאכְט וָואס אַזַא גְרוֹיסֶער מַאנְן ווִי בִּנְיָמִין דִיזְרַאעֶלִי, דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינִיסְטֶער פון עֶנְגְלַאנְד, וָואס הָאט שְׁפֶּעטֶער בֶּעקוּמֶען דֶעם טִיטֶעל פון לָארְד בִּיקָאנְסְפִילְד, הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט מִיט זַיין יוּדִישֶׁען שֹׁרֶשׁ אונ הָאט אִין זַיינֶע רָאמַאנֶען, פֶערְקֶעהְרְט, פֶערְשְׁטֶעהֶען גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר אִיז שְׁטָאלְץ אוֹיף זַיין יִחוּס אונ אִיהם טְהוּט הֲנָאָה, וָואס אִין זַיינֶע אָדֶערְן פְלִיעסְט דָאס בְּלוּט פון אַפָאלְק, וֶועלְכֶעס הָאט נָאךְ דִי בֶּעסְטֶע הָאפְנוּנְגֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער.

אַשְׁטַארְקֶער קְלַאפּ אִיז פַאר דִי יוּדֶען גֶעוֶועהְן דִי מַעֲשֶׂה פון דֶעם קְלֵיינֶעם קִינְד מָארְטַארַא, וָואס מֶען הָאט עֶס אִים יָאהר 1856 גֶעטוֹיפְט, גֶעגֶען רָצוֹן פון דִי יוּדִישֶׁע עֶלְטֶערְן, נָאר דֶערְפַאר וָואס דִי קְרִיסְטְלִיכֶע אַממֶע הָאט אַנֶדֶר גֶעטְהוּן, וֶוען דָאס קִינְד אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועהְן, אַז ווִי בַּאלְד עֶס וֶועט גֶעזוּנְד וֶוערֶען מוּז זִי עֶס טוֹיפֶען. דֶער פַּאפְּסְט פִּיוּס דֶער נַיינְטֶע הָאט אַרוֹיס־גֶעווִיזֶען זַיין עַקְשָׁנוּת אונ הָאט נִיט גֶעוָואלְט אָבְּגֶעבֶּען דֶעם קָרְבָּן, הָאטְשׁ דֶער אַלְטֶער מָאנְטֶעפִיָארֶע אִיז אַלֵיין גֶעפָאהְרֶען צוּ לִיעבּ דֶעם קִיין רוֹם, אונ דֶער קֵייזֶער נַאפָּאלֶעאָן דֶער דְרִיטֶע הָאט אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען אִימִיסְטֶען אַבְּרִיעף. דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען אַרוּמְגֶעקוּקְט, אַז עֶס אִיז בֶּעסֶער וֶוען צְווִישֶׁען אַללֶע זָאל זַיין מֶעהר אַחְדוּת, אונ אִים יָאהר 1860 הָאבֶּען זֶעכְס יוּדִישֶׁע יוּנְגֶע לַייט, אַסוֹחֵר שַׁארְל נֶעטֶער, אֵיין אַדְוָואקַאט נַארְצִיס לֶעווִין, אַאִינְזְשֶׁענֶער זְשׁוּל קַארְוַואלַא, אַפְּרָאפֶּעסָאר אַיזִיזְשֶׁען מַאנוּעֶל, אֵיינֶער פון דִי רַבָּנִים אַרִיסְטִיד אֶסְטְרוּק אונ אַלֶעהְרֶער פון דֶער רַאבִּינֶערְשׁוּלֶע

איזידאר כהן אין פאריז געמאכט אחברה „חברים כל ישראל״, וואס איז צום אנהייב בעשטאנען פון 850 חברים. נאר שפעטער, אז קרעמיע אונ נאך אנדערע גרויסע לייט זענען צו זיי צוגעשטאנען, האט זיך זייער צאהל פערגרעסערט ביז אריבער דרייסיג טויזענד. אצונד האט די דאזיגע חברה אסך געלד, זי האלט אויס אסך שולען, אונ וואו מען דארף אונ עס איז נאר מאגליך גאהמט זי זיך אן פאר יודען, פונקט אזעלכע חברות האבען זיך דערנאך געאפענט אין אמעריקא — אים יאהר 1861, אין לאנדאן — אים יאהר 1871, אין וויען — 1873, אונ אללע יאגען זיך צו איין ציעל: צו פערבעסערן דעם שטאנד פון די יודען וואו זיי זענען צוזאעט אונ צושפרייט אויף דער וועלט.

אין היינטיגע יאהרען געהט דאס לעבען פון די יודען כמעט אין אללע לאנדער פון אייראפא כמעט רעגעלמאסיג. אין פיעל ארטער שטעהען די יודישע קהלות אונטער דער השגחה פון דער מלוכה אונ אללע הצטרכות ווערען ארויסגעגעבען פון דער קרוין גלייך ווי פאר אללע אנדערע איינוואהנער פון דער מדינה. פון מחלוקת וועגען אמונה-זאכען הערט מען ניט אונ די רבנים אונ פרעדיגער, וואס זענען שוין אין דער לעצטער צייט איבער עטליכע הונדערט ארויס פון די ראבינער-סעמינארען אין ברעסלוי, בערלין אונ פעסט, טהוען זייער זאך בשלמות, זיי בעפעסטיגען דאס יודישקייט אונ שטארקען דעם יודען ער זאל זיך מיט גוטע מדות אונ מעשים טובים קויפען ליעבשאפט ביי אללע.

---

## 7 ר׳ יצחק בער לעווינזאהן אונ זיין צייט.

(1860—1788 נאך קריסטוס געבורט).

דער גרויסער אונשטארבליכער נאהמען פון ר׳ יצחק בער לעווינזאהן איז אזוי ענג פערבונדען מיט דעם מעמד פון די רוסישע יודען אין די לעצטע פינפציג יאהר, אז עהדער מיר רעדען פון איהם אליין, געפינען מיר פאר נאטהיג אונזערע לעזער אקליינעם בעגריף מאכען פון דער יודישער לאגע אין רוסלאנד אין די אלטע צייטען אונ פון דעם וואס איז פון זייערטוועגען געטהון געווארען אין די לעצטע עטליכע דורות.

נאָך אַ סך הונדערטער יאָהרען עהדער רוּריק איז אים יאָהר 862, גע־
וואָרען אַ מושל איבער דער רוסישער ערד, פלעגען אַהין שטאַנדיג קומען יודישע
סוחרים פון חאַזאַרען, קרים און קאַווקאַז, און דערפאַר איז גאָר קיין
וואונדער ניט וואָס אין דער ערשטער צייט, ווען די רוסישע פירסטען האָבען
געפיהרט די מדינה, און אפילו ווען די מלוכה איז שוין איבערגעגאַנגען צו
וולאַדימיר דעם הייליגען, וועלכער האָט דער ערשטער איינגעפיהרט די
קריסטליכע רעליגיאָן צווישען די רוסען, האָבען זיך גענוג יודען געפונען
אין לאַנד און צווישען די איינוואָהנער פון קיעוו זענען געוועהן ניט ווענינ
יודישע. וואָס מעהר די רוסישע מלוכה האָט זיך אָבער אָנגעהויבען בעפעס־
טיגען, האָט מען ניט נאָר שטאַרק אונטערגעדריקט די עטליכע יודען וואָס
זענען שוין דאָרט געזעסען, נאָר מען האָט שוין פשוט קיין אַנדערע ניט אַריינ־
געלאָזט. שפּעטער מיט צעהנדליגער דורות פלעגט זיין אַ חדוש אַז מען האָט
דערזעהען אַ יודען אין רוסלאַנד, און מיר ווייסען נאָר פון צוויי יודישע דאָקטוירים,
וואָס האָבען געדיענט אין הויף: איינער האָט געהייסען לעאָן און מען האָט
איהם אין מאָסקווא געהרג'ט אים יאָהר 1490 דערפאַר, וואָס איז איהם ניט גע־
ראָטהען אויסצוהיילען איינעם פון די יונגע פירסטען פון אַ געפעהרליכער
קראַנק, און דעם אַנדערן האָט מען גערופען פאָן־האַדען, נאָר ער האָט זיך
שוין גליקליכער אויסגעלעבט זיינע יאָהרען, און איהם צו ליעב האָט מען גע־
לאָזט וואָהנען אין מאָסקווא זיינע יודישע קרובים, כאָטש ער אַליין מיט
דער משפחה איז איבערגעגאַנגען צום קריסטענטהום. דאָס זענען אָבער נאָר
געוועהן אויסנאַמען און מען קאָן זאָגען, אַז ביז אַלכּסנדר דעם ערשטען געפינט
מען אין די געזעטצע פון רוסלאַנד נאָר גזירות געגען יודען. יאָהאַן גראָזני
האָט נאָך איהם יאָהר 1549 אָבגעזאָגט די שליחים פונ'ם מלך סיגיזמונד, וואָס זענען
איהם געקומען בעטען ער זאָלל ערלויבען די יודען פון ליטא צו קומען קיין
רוסלאַנד האַנדלען, און אַז ער האָט אים יאָהר 1563 איינגענומען פּאָלאָצק האָט
ער געהייסען אַללע יודען מיט ווייבער און קינדער אַריינוואַרפען אין דער ד[illegible]א.
די שנאה צו יודען האָט זיך אויך אַרויסגעוויזען איידער מען האָט אויסגע[illegible]יבען
מיכאַיל פעדאָראָוויטש פאַר מלך און אַז די זיבען באָיאַרען, וואָס האָבען [illegible]ע־
מאָלט געפיהרט דאָס לאַנד האָבען זיך אים יאָהר 1610 אויסגעגלייכט מיט פ[illegible]לען
האָבען זיי בפירוש אויסגענומען אַ תנאי, אַז קיין שום יוד טאָהר פון דאָרט ניט
אַריינפאָהרען קיין רוסלאַנד. אַלעקסיי מיכאַלאָוויטש, וואָס איז געוועהן צ[illegible]טער
צו אַללע האָט זיין גאַנצען כעס אויסגעלאָזט צו יודען און האָט אים יאָהר 1688

זיי געהייסען ארויסטרייבען פון ווילנא און פון מאהליב. פיאדאר אלעקסעיעוויטש, וואס אין זיין צייט האבען יודען אנגעהייבען פון סמאלענסק אריינקומען מיט סחורה, האט אים יאהר 1676 ארויסגעגעבען א בעפעהל: מען זאלל זיך ניט דערוואגען איינעם פון זיי אריינצולאזען. אים יאהר 1686 אין דער צייט פון יאהאן און פעטער אלעקסייעוויטש, אז מען האט געשלאסען שלום מיט פאלען און מען האט אבגעמאכט, אז אללע פאלקער וואס וואהנען אין ביידע מדינות זאללען לעבען צווישען זיך פריינדליך און זאללען מאגען קומען און פיהרען געשעפטען איינער מיט'ן אנדערן, האט מען גוט אין זינן געהאט ארויסצושרייבען, אז דאס געהאר זיך ניט אן מיט יודען. פאר פעטער דעם גרויסען זענען קיין נייע גזרות ניט צוגעקומען, נאר דאס אלליין איז שוין גענוג, אז אזא קלוגער מלך, וואס האט איינגעפיהרט אין לאנד אזוי פיעל נייע גוטע ארדנונגען און אזוי פיעל געטהון פאר דער בילדונג פונ'ם פאלק, האט זיך גאר ניט געוואלט אומקוקען וועגען יודען. ווי עס שיינט אבער האבען די יודען זיך בענוצט דערמיט וואס מען האט אויף זיי ניט געקוקט און זייער צאהל האט זיך פערגרעסערט, דאריבער האט יעקאטערינא די ערשטע געמוזט אים יאהר 1728 ארויסגעבען פריהר א געזעטץ, מען זאל די יודען ניט לאזען האלטען קיין אטקופען פון שענקען און טאמאזשנעס, און טאקי באלד איין אנדער בעפעהל, מען זאל זיי אין גאנצען ארויסטרייבען און מען זאל אכטונג געבען זיי זאללען מיט זיך ניט מיטנעהמען ניט קיין גאלדענע ניט קיין זילבערנע מטבעות נאר קופערגעלד. פעטער דער צווייטער האט געוואלט אביסעל בעלעבען דעם רוסישען האנדעל און ער האט אים יאהר 1728 ערלויבט יודען אריינצוקומען אויף די ירידים זיי זאללען פערקויפען זייער סחורה נאר ניט לאחדים, און זאללען פאר דעם געלד קויפען רוסישע סחורה. אננא יאהאנאוונא האט אין אנהייב בעוויזען חסד די יודען און האט זיי אים יאהר 1734 ערלויבט זיי זאללען מאגען פארקויפען זייער סחורה לאחדים אויך, נאר עס האט ניט לאנג געדויערט און זי האט איבערגעביטען איהר גוטע מיינונג. אים יאהר 1739 האט זי צוגענומען ביי יודען דאס רעכט צו האלטען קרעטשמעס אדער אנדערע ארענדעס און אים יאהר 1740 האט זי פערוועהרט צו וואהנען אין אללע ערטער פון קליין רוסלאנד (מאלאראסיע) און האט פון דארט ארויסגעשיקט 573 יודען. אין איהר צייט האט זיך אויך געמאכט די מעשה פונ'ם גר צדק, וואס איז געוועהן א קאפיטאן לייטינאנט פונ'ם פלאט, אלעכסנדר וואזניצין. ער איז בעקאנט געווארען מיט א יודען פון סמאלענסק ר' ברוך, וואס ער פלעגט מיט איהם אפט א ווכוח האבען, און אזוי ווי ער האט

זיך ענטשלאסען זיך מגייר צו זיין האט איהם דער ר' ברוך אוועקגעפיהרט קיין דובראוונא (אין מאהילעווער גובערניע) אונ דארט האט מען איהם מל געוועהן. מען איז דערפון באלד געוואהר געווארן אונ ר' ברוך מיט'ן גר צדק זענען פער־משפט געווארן צום טויט אונ מען האט זיי פערברענט. יעליסאוועטא פעט־ראוונא האט זיך גענומען נאך מיט מעהר חשק אויסצוּרייסען די יודען, אונ האטש מען האט איהר ניט איינמאל ערקלערט, אז זיי זענען זעהר ניטצליך פאר'ן מסחר, האט זי געאנטווערט: „אז פון קריסטוס'ס שונאים וויל זי אפילו קיין פערדינסט ניט האבען!" אונ האט ארויסגעלאזען אין די יאהרען, 1741-1742 עטליכע זאקאנעס, וואס הייסען שטרענג ארויסטרייבען אללע יודען גאר אהן א אונטערשיד, אונ האט בעפאהלען מען זאלל זיי ניט אריינלאזען אפילו אויף די ירידים אונ מען זאלל גאר ביי זיי ניט אננעהמען קיין בקשות, כדי זיי זאללען ניט האבען קיין אויסרעד צו בלייבען אין לאנד. אז יעקאטערינא די צווייטע האט אים יאהר 1762 איבערגענומען די מלוכה האט זי שוין אין איהר ערשטען מאנופעסט ארויסגעוויזען ווי שלעכט זי קוקט אויף יודען, אונ האט בפירוש געשריבען, אז אויסער יודען בעטראכט זי אללע פעלקער פאר איגענע קינדער. אז עס האבען אבער אנגעהויבען צוקומען צו רוסלאנד פיעל שטאדט פון ליפלאנד, ליטא אונ פוילען, וואו עס האבען פון פריהער שוין געוואהנט יודען, האט זי זיך שוין געמוזט נעהמען מאכען ארדנונגען אונ האט ערלויבט זיי זאללען זיך פארשרייבען פאר סוחרים אין מאהיליב'ר אונ אין פאלאצקער גובערניע אונ אויך אין שלאק. אים יאהר 1786 האט מען זיי אויך בעזעטצט אין די נייע גובערניעס יעקאטערינאסלאוו אונ טאוורידען (קרים). אים יאהר 1794 האט זי געהייסען נעהמען ביי יודען מס צוויי מאל אזוי פיעל ווי ביי קריסטען, אונ אין א יאהר ארום האט זי ארויסגעגעבען א בעפעהל אויף דעם נאמען פון דעם איזיאסלאווער, בראצלאווער אונ מינסקער גענעראל־גובערנאטאר, ער זאלל זעהן די יודען זאלען זיך ארויסקלויבען פון די דערפער אונ זיך בעזעצען אין די שטאדט וואו מען וועט זיי צושרייבען צו קהל אונ זיי וועלען מיט מסחר אונ מלאכה נוצליך זיין אי זיך אי יענעם. פאר פאוועל פעטראוויטש איז די לאגע פון די יודען אביסעל ערגער געווארען. אים יאהר 1796 איז בעשטימט געווארן, אז זיי מאגען נאר וואהנען אין די גובערניעס: מינסק, איזיאסלאוו, בראצלאוו, פאלאצק, מאהיליב, קיעוו, טשערניגאוו, נאוואגראד סעווערסק, יעקאטערינאסלאוו אונ טאווריען. אחוץ דעם איז אויך פארגרעסערט געווארען דער מס וואס אללע יודען, סאי סוחרים סאי פון אנדערע

פאכען האבען געמוזט צאהלען און אז איינער האט ניט געוואלט צאהלען האט ער נאר בעדארפט אריינטראגען מס פאר דריי יאהר פאראויס און ער האט געמאגט פערלאזען דאס לאנד. אים יאהר 1800 איז אבער ארויס א ניי געזעץ, אז דער יוד וואס איז שולדיג געבליבען פאר דריי יאהר מס מוז בעשטראפט ווערען, און מען האט געהאט דאס רעכט איהם צו פערשיקען ווייט אויף שווערע ארבייט.

דער ערשטער קייזער פון רוסלאנד, וואס האט זיך אנגעהייבען ערנסט אבצוגעבען מיט יודען און מאכען פון זייערטוועגען בעזונדערע זאקאנעס, וואס זאללען זיי קאנען ביסלעכווייז אויסגלייכען מיט אללע איינוואהנער פונ'ם לאנד, איז געוועהן אלכסנדר דער ערשטער, וועלכער האט זיין חסד בעוויזען אללע זיינע אונטערטהאנען, און האט מיט רעכט פערדיענט דעם נאמען, וואס מען האט איהם געגעבען אין דער רוססישער געשיכטע, „דער געבענשטער”. אז די פוילישע שטאדט זענען איבערגעגאנגען צו דער רוססישער מלוכה האט ער דעם 9 דעצעמבער 1804 ארויסגעגעבען א געזעץ, אז אללע רעכטע, וואס די פריהריגע פריצים האבען געהאט איבער די יודישע קהלות זאללען בטל ווערען, אז קיינער טאר זיי ניט שטערן פריי צו דיענען גאטט אין זייערע שולען און אבצוהיטען די דינים פון זייער אמונה, אז זיי מאגען זיך אויסקלויבען רבנים אויף שאלות צו פסק'נען, אבער ניט מעהר מיט דער מאכט, וואס זיי האבען פריהר געהאט, ווי למשל: ארויסצוגעבען א געלד-שטראף אדער אריינלעגען אין חרם, ווייל די יודען ברויכען אין משפטים זאכען זיך צוגלייך מיט אללעמען זיך ווענדען צום אללגעמיינעם געריכט. וואו עס איז אויך געזעסען איינער פון זייערע פארשטעהער, געוועהנליך א מענש וואס האט פערשטאנען אויך די רוססישע שפראכע. ער האט אויך ערלויבט, אז יודען זאללען מאגען לערנען אין אללע שולען, גימנאזיען און אוניווערזיטעטען, אדער זיך מאכען בעזונדערע שוללען פאר זייערע אייגענע מיטעל. א חוץ דעם האט ער זייער געוואלט אבגעוואהנען פון פיעל ניט פיינע פרנסות, ווי קרעטשמעס האלטען און משקאות פארקויפען, וואס זייערע שונאים האבען דארויף שטאנדיג געשריען, און האט זיך ענטשלאסען ביי זיי אויפצווועקען א ליעבע צו ארבייט. דערפאר האט ער געהייסען אריינגעהמען יודען אין אללע צעכען און אפילו שטיצען מיט געלד זייערע ארעמע בעלי מלאכות. אים יאהר 1808 האט די מלוכה ארויסגעגעבען גרויסע סוממען געלד פאר די יודען וואס ארבייטען אין פאבריקען, און שפעטער מיט א יאהר האט זי פון זייערטוועגען געמאכט א בעזונדער

פַאבְּרִיק אִין קְרֶעמֶענְטְשוּג. וֶוער פוּן יוּדֶען עֶס הָאט גֶעוָואלְט אוֹיפְבּוֹיֶען פַאבְּרִיקֶען הָאט מֶען אִיהם גֶעגֶעבֶּען עֶרְד כִּמְעַט אוּמְזִיסְט, אוּנ מֶען הָאט אִיהם בֶּעפְרַייעֶט פוּן פִיעל נַאלָאגֶען. עֶר הָאט אוֹיךְ אִים יָאהר 1812 גֶעמַאכְט אַ אָנְהֵייבּ פוּן יוּדִישֶׁע קָאלָאנְיֶען פַאר עֶרְדְאַרְבַּייט. אִים יָאהר 1817 הָאט עֶר צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל אַייִנְגֶעפִיהְרְט, אַז אַלֶע רוּסִישֶׁע יוּדֶען זָאלֶען הָאבֶּען בֶּעשְׁטִימְטֶע פַאמִילְיֶע-נָאמֶען אוּנ זָאלֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער פֶערְשְׁרַייבֶּען אִין מֶעטְרִיקֶעס. אִין דֶעם יָאהר הָאט עֶר אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, עֶס זָאלל גָאר מֶעהר נִיט פָארְקוּמֶען קֵיין פְּרָאצֶעס פוּן יוּדֶען וֶועגֶען קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אוֹיף פֶּסַח. אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז עֶר נִיט מִיעד גֶעוָוארְן צוּ זָארְגֶען פַאר דִי יוּדֶען וִוי וַוייט מֶען הָאט נָאר אִין יֶענֶער צַייט גֶעקָאנְט פֶערְבֶּעסֶערְן זֵייעֶר מַעֲמָד, אוּנ הָאטְשׁ עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ פְרוּמֶער קְרִיסְט אוּנ הָאט אִין הַארְצֶען גֶעוָואלְט אַז יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ טוֹיפֶען, וַוייל צוּלִיעבּ דֶעם הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט אוֹיף צוּהֶעלְפֶען דִי „יוּדִישֶׁע קְרִיסְטֶען", וָואס הָאט אוּמְזִיסְט אָבְּגֶעקָאסְט דֶער מְלוּכָה גְרוֹיסֶע סוּמֶען גֶעלְד, הָאט עֶר מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת גֶעאַרְבַּייט אַז יוּדֶען זָאלֶען וֶוערְן גֶעבִּילְדֶעט אוּנ אוֹיפְגֶעקְלֶערְט אוּנ עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג זָאגֶען, אַז וֶוען עֶס זָאלל אִיהם גֶערָאטְהֶען צוּ זֶעהן בַּיי זִיךְ הָאטְשׁ אֵיין יוּדֶען וִוי מֶענְדֶעלְסָזָאהן וָואלְט בַּיי אִיהם זַיין גַאנְצֶע מִיה אָנְגֶעלֵייגְט זַיין. אַז דִי ווִילְנֶער קְהִלָּה הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען בּוֹיעֶן אַ „בִּקּוּר חוֹלִים" הָאט אַלֶכְּסַנְדֶר מְנַדֵּר גֶעוֶועהן 3000 רוּבֶּעל אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען יֶעדֶעס יָאהר אַרוֹיסְגֶעבֶּען 2500 רוּבֶּעל · דִי מְלוּכָה הָאט אֲפִילוּ גֶערֶעכֶענְט אַז דִי גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן יוּדֶען וֶועלְן פוּן זֵייעֶר זַייט אִיהר בֶּעהִילְפִיג זַיין מִיט עֵצוֹת אוּנ הָאט צוּלִיעבּ דֶעם גֶעהֵייסֶען מַאכֶען אֵיין אֲסִיפָה אִין ווִילְנָא, נָאר דִי יוּדֶען הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין רֶעכְטֶע פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנ דִי עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעפָאהְרְן פוּן גְרָאדְנָא, וִויטֶעבְּסְק, מָאהִילִיב אוּנ מִינְסְק הָאבֶּען נָאר אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט דִי הוֹצָאוֹת, וָואס פִיעל יוּדֶען הָאבֶּען דַארוֹיף אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען דִי זִילְבֶּערְנֶע עֲטָרוֹת פוּן דִי טַלֵּיתִים, אוּנ הָאבֶּען מִיט זֵייעֶר פָאהְרֶען גָאר נִישְׁט אוֹיפְגֶעטְהוּן. אַוַדַאי אַז פוּן יוּדֶען הָאט זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען אֵיין גֶעלֶערְנְטֶער מֶענְשׁ וָואס זָאלל קָאנֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען דֶער מְלוּכָה אַלְדִינְג וָואס פֶעהלְט זֵיי, הָאבֶּען זִיךְ אָפְּט גֶעמוּזְט אַרַיינְגַנְבְ'נֶען שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת פוּן שׂוֹנְאִים, וָואס הָאבֶּען אַזוֹי לַאנְג גֶעבּוֹיעֶרְט בִּיז מֶען הָאט לַחֲלוּטִין פַארְוֶועהְרְט יוּדֶען צוּ זִיצֶען אִין דָארְפֶער אוּנ אִין אַלֶע אָרְטֶער וָואס זֶענֶען פוּנְפְצִיג וֶוערְסְט פוּן אַ גְרֶענֶעץ. עֶס הָאט אָבֶּער גֶעדוֹיעֶרְט זֶעהר פִיעל צַייט בִּיז מֶען הָאט דִי גְזֵירוֹת אַייִנְגֶעפִיהְרְט, וַוייל דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מָאל אָבְּגֶעבֶּעטֶען, אוּנ אַזוֹי וִוי דִי מְלוּכָה הָאט

דעמאלט נוט געקוקט אויף זיי האט זי טאקי פערשטאנען אז דערמיט קאן מען זיי נאך ערגער מאכען. דערפאר האט זי זיך ניט געאיילט מיט אזא גזירה וואס קאנן פאר זיי ארויסקומען א רעה, אונ האט בעסער געזוכט פאר זיי א טובה.

נאר האטש די יודען זענען נאך אין בילדונג געשטאנען גאנץ נידריג פון דעסטוועגען האבען זיי פערשטאנען צו שאטצען די חסדים וואס די מלוכה האט מיט זיי געטהון אונ זענען שטארק צוגעבונדען געווארן צום לאנד. אז נאפאלעאן דער ערשטער איז אנגעפאללען אויף רוססלאנד האבען די יודען געהאט די מאגליכקייט צו בעווייזען זייער געטריישאפט: אז די רוסען זענען געשטאנען שלעכט האבען זיי אין שקלאוו גוזר תענית געוועהן, אונ ווען זיי האבען נאר געקאנט מיט עפים דיענען האבען זיי עס געטהון גערן גאר אהן געצאהלט. אין יאנאוויטש האבען די יודען איבערגענומען א פראנצאזישען קוריער: וואס האט בייזיך געפיהרט א גאנצען פלאן פון דער מלחמה, אונ האבען איהם באלד איבערגעגעבען דער מלוכה גאר אהן א שום לוין. אז די פראנצאזען האבען אין לעפעל, וויטעבסקער גובערנער אנגעצונדען די בריק, כדי די רוסען זאללען זיי ניט קאנען נאכלויפען, האבען די יודען באלד פערלאשען אונ פארריכט די בריק אונ געגעבען דעם רוססישען חיל די מאגליכקייט דעם שונא נאכצויאגען אונ פון איהם א תל צו מאכען. פיעל סאלדאטען האבען זיי אויסגעהאלטען אין זייערע קראנקענהייזער אונ וואו מען האט נאר בעדארפט, האבען זיי געשיט מיט געלד; אונ אז נאט האט געשענקט רוססלאנד דעם נצחון האבען זיי זיך געפרעהט ווי אמת'ע טרייע קינדער פונ'ם לאנד אונ האבען דעם טאג געמאכט א יום טוב אין פיעל גרויסע שטאדט ווי אין בערדיטשוב אונ אין מינסק. זיי האבען זיך משמח געוועהן צוזאמען מיט די קריסטען אונ פיעל צדקה צוטהיילט צו ליעב דער ישועה פון דער גאנצער מדינה. די יודען האבען דעמאלט בעוויזען, אז זיי זענען ווערטה מען זאלל זיי רעכענען פאר געטרייע איבערגעגעבענע איינוואהנער, וואס שטעללען דאס גליק פונ'ם לאנד העכער פון זייער איינענם. זיי האבען ניט געקוקט דארויף וואס פון אללע זייטען האט מען געהערט, אז נאפאלעאן שענקט די יודען פרייהייט אין די אללע ערטער וואו ער קומט נאר אריין; דער שונא פון רוססלאנד איז געוועהן פערעכענט ביי זיי פאר זייער איינענער שונא, אונ זיי האבען זיך מיט אלם וואס זיי האבען נאר געקאנט זיך ארויסגעשטעלט געגען איהם.

די דרייסיג יאהר, וואס דער קייזער ניקאלאי דער ערשטער האט געהערשט האבען אנגעמאכט א גרויסע פעראנדערונג אינ'ם אינעווייניגסטען לעבען פון די רוססישע יודען, ווייל ער האט זיך ערנסט גענומען זיי ארויסצוציהען פון דער נארע וואהין זיי האבען זיך פריהר אליין פערקליבען, כדי קיינער זאלל פון זיי ניט וויסען און זיי לאזען צורות. ער האט אלעס געטהון אין זיי צו דערוועקען א רצון און א חשק צו בילדונג און אויפקלערונג. צום אונגליק האבען די יודען דעמאלט נאר ווענינ פערשטאנען וואס זייער גוטער קייזער וויל פון זיי, אויף יעדע נייע ארדנונג זייגע האבען זיי געקוקט ווי אויף א מיטעל וואס מען מיינט נאר דערמיט זיי אבצורייסען פון יודישקייט, און די בעסטע תקנות און געזעצע האט מען אנגענומען פאר גזירות. אז די מלוכה האט געוואלט זיי זאללען זיך אנטהון אין קליידער גלייך מיט אללע, ניט טראגען קיין בעזונדערע מלבושים מען זאלל פון זיי חוזק מאכען, און זייערע ווייבער זאללען זיך ניט גאלען די קאפ אויף לייטען צו געלעכטער, איז געווארען א געוואלד, א געשריי און עס האט געהייסען, מען וויל יודען אויסטהון פון יודישקייט, און עס האבען זיך צולאזט שליחים פון אללע שטאדט און שטעדטלעך צו פועל'ן, מען זאלל זיי לאזען דווקא גאלען די קאפ, געהען אין יארמולקעס און טראגען די שאנע בגדי כבוד, וואס די שונאים האבען פון שנאה מיט פיעל יאהרען צוריק אויף זיי איבערגעוואלד אנגעהאנגען. און מען האט אזוי לאנג געדולד דעם קאפ די גרויסע לייט פון דער מלוכה ביז מען האט זיי ערלויבט צו צאהלען געלד פאר דער פראווא צו טראגען א יארמולקא און אללע זאללען האבען צו לאבען.

אז דער קייזער האט געהייסען אים יאהר 1844 אפענען יודישע שולען און האט זיך דערמיט עטליכע יאהר כסדר אבגעגעבען, ווייל ער איז איבערצייגט געוועהן, אז נאר די בילדונג קאנן אויפהייבען דעם נידריגען מעמד פון יודען, און נאר דורך בילדונג קאנען זיי ווערן נוטצליכע מענשען, וואס די מדינה זאלל זיי שאטצען — האט מען געוויינט און געקלאגט און מען האט זיך משתדל געוועהן מיט אללער ארט התחבולות, אז קיין רעכטעס בעל הבית קינד זאלל חלילה ניט אריינקומען אין די שרעקליכע שקאלעס. נאר נאך מעהר האבען זיך יודען דערשראקען, אז עס איז ארוים דער בעפעהל אים יאהר 1827 מען זאלל ביי זיי נעהמען רעקרוטען; און מען קאנן זיך אפילו דערקלערן פאר וואס זיי האבען זיך דערפאר אזוי שטארק דערשראקען און אויף זיי מלמד זכות זיין. ערשטענס האבען זיי גאר ניט פערשטאנען, אז דאס וואס מען האט ביז איצט צום מיליטער-דינסט קיין יודען ניט גענומען, איז דאס ניט געוועהן

ווייל זיי זענען ניט מחויב צוצושטעללען גלייך מיט אנדערע סאלדאטען צו דיענען דעם קייזער אונ זיין לאנד, נאר פשוט, ווייל מען האט זיי געהאלטען פאר פרעמדע, וואס מען האט גאר ניט דאס צוטרויען צו זיי אין מיליטער זיי צונעהמען. אונ האבען בשום אופן ניט געקאנט פערשטעהען, אז אדרבה מיט דעם בעפעהל מיינט מען זיי צו צובינדען צום לאנד אונ זיי אנהייבען רעכענען פאר אייגענע. צווייטענס, מוז מען מודה זיין, אז צו יענער צייט איז די מיליטער דינסט געוועהן זעהר שווער, ניט נאר פאר א יודען וואס קאנן אפילו די רוסישע שפראכע ניט, נאר אפילו פאר קריסטען אויך. פינף אונ צוואנציג יאהר דיענען, האט זיך כמעט קיינעם ניט געוואלט. בפרט א יודען, וואס האט גאר ביז איצט קיין בעגריף געהאט וואס דיענען איז אונ האט זיך געשראקען פאר יעדען וואס טראגט א רויטע היטעל אונ בלאנקע קנעפ, דאריבער איז אויך לייכט צו פערשטעהן, וואס איז געווארן אזא גרויסע בהלה ביי יודען וואו נאר מען האט פון דעם נייען בעפעהל דערהערט — מען איז פשוט אהן מוחות אומגעגאנגען אונ א סך נארישקייטען האבען זיך דעמאלט ביי יודען אבגעטהון. אין אלטקאנסטאנטין האבען זיי גאר די קאפ פערלארען אונ עס איז רעכט געוועהן זיך צו בונטעווען אונ די מלוכה האט געוויזט שטרענג בעשטראפען די פון זיי, וואס האבען געמיינט אז עס וועט זיי העלפען, ווענן זיי וועלן שרייען, אז זיי בעשטעהען ניט. דורך אזעלכע נארישקייטען אונ נארישע עקשנות זענען די יודען, ווי עס פערשטעהט זיך, פערהאסט געווארן ביי די אללע שרים וואס האבען פריהר געמיינט נאר זייער טובה, ווייל מיט קיין שום אנדער פאלק האט מען אזוי פיעל צו טהון ניט געהאט וויפיעל מיט זיי, אונ קיין טובות האט מען שוין זיי מעהר ניט געוואלט טהון. פון בילדונג זענען זיי געלאפען ווי פון פייער. די קהלות האבען זיך געפיהרט ווי א שיף אהן א רודער, וועמ עס האט געהאט אין זיך מעהר עזות פלעגט ווערן דער מנהיג, קהל האט ניט הם געהאט אויף ארעמע לייט, אבער דער וואס האט געהאט די מטבע האט געקאנט אויספיהרען ביי זיי זיך אויסצוקויפען פון פערשיעדענע פאוויגאסטען; דורך דעם איז קיין ארדנונג ניט געוועזן אין דעם רעקרוטען געבען אונ יעדעס יאהר איז די צאהל פון די שולדיג געבליבענע רעקרוטען אלס געווארן גראסער, אונ אז עס איז אים יאהר 1853 ארויס א גזירה פון די פאימאניקעס, דאס הייסט: אז יודען זאללן פאר שטראף אבגעבען וועמען מען וועט נאר חאפען האבען ערסט די קהל'ס-לייט ארויסגעוויזען זייער גאנץ אכזריות: ווי ווילדע צורייצטע וואלף האבען זיי זיך צולאזט צווישען די ארעמע שאפעלעך

אונ האבען אהן רחמנות טויזענדער קליינע ציטריגע קינדער ארויסגעריסען פון דער מוטטערס שויס אונ האבען נאך דערצו איבערגעלאזט דעם כלל ישראל פאר א ירושה אזא שרעקליכע אונ שווערע בעשולדיגונג, וואס האלט זיך נאך ביז איצט, אז דער יוד איז פעהיג אויף אלם אבי זיך אלליין ארויסצומאכען פון מיליטער פפליכט, וואס דאס איז אייגענטליך די ערשטע אונ וויכטיגסטע פפליכט פאר יעדען בירגער צו זיין לאנד אונ האטש די צייט האט שוין געוויזען אז דיזע בעשולדיגונג איז אזוי פאלש וויפיעל אנדערע בעשולדיגונגען. ווארום אין צוויי גרויסע מלחמות האבען אויך גענוג יודען זייער בלוט אונ לעבען געגעבען פאר זייער קייזער אונ פאר זייער לאנד, אונ איצט געהען שוין אללע גערן צום דינסט, נאר אין גאנצען איז נאך יענע קהל'סע אונארדנונגען ניט אויסגערוימט, אונ פאר די אונארדנונג וואס זיי האבען אונז געלאזען בירושה אין די מעטריצעסקע ביכער ליידען מיר נאך היינט.

נאר ווי אזוי די יודען האבען זיך שוין געפיהרט, האט די רעגירונג פארט נעטהון איהר'ס אונ האט ניט אויפגעהערט צו זארגען צו מאכען פאר זיי בעסערע ארדנונגען, וועלכע עקסיסטירען נאך ביז איצט אין אללע יודישע קהלות. אזוי האט זי איינגעפיהרט אים יאהר 1839 די טאקסע פון כשר פלייש עס זאלל זיין פון וואנען אויסצוהאלטען שפיטאלען, תלמוד תורה'ס אונ נאך אזעלכע וואהלטהאטיגע יודישע אנשטאלטער. שפעטער מיט פינף יאהר, אז מען האט געמאכט יודישע שוללען האט זי געהייסען מאכען ליכט־געלד (סוויעצנאי סבאר) אונ די הכנסה דערפון זאלל געהען אויף אויסצוהאלטען די שולען. זי האט אויך געהייסען מאכען בעשטאנדיגע אסיפות פון רבנים, כדי זיי זאללען אכטונג געבען אויף אללדינג וואס געהט פאר צווישען יודען אונ זיי זאללען קאנען פאר ענטווערען אללע שאלות וואס קומט פאר די מלוכה זיי צו פרעגען. איבערהויפט האט די רעגירונג זיך בעמיהט, אז יודען זאללען האבען בעשטאנדיגע פרנסות אונ ניט לעבען פון ווינד, אונ דערפאר האט זי אים יאהר 1835 ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז מען זאלל איינטהיילען די יודען אין פערשידענע קלאסען, ווי סוחרים, בעלי מלאכות, אונ מען זאלל אויפנעהמען אין דינסט ביי דער קרוין אזעלכע יודען, וואס וועלען ענדיגען אוניווערזיטעטען. זי האט אויך געזעהן איינפיהרען יודישע דרוקען אין ווילנא אונ אין זשיטאמיר אונ האט געהייסען, אז אין אללע ערטער וואו יודען וואהנען זאלל ביי יעדען נובערנאטאר דיענען געלערנטע יודען, כדי עס זאלל זיין ביי וועמען צו פרעגען ווען עס מאכט זיך עפים א יודישער ענין. דערביי האט זי אויך געזעהן, אז יודען זאללען

זיך ניט האבען צו בעקלאגען, אז מען לאזט זיי ניט טריי בלייבען זייער אמונה אונ האט איינגעפיהרט, אז מען זאלל אויף אללע ימים טובים בעפרייען די יודישע סאלדאטען אונ זיי זאללען אפילו מאגען אין יעדען פאלק האבען זייער אייגענעם רב. דאס אייגענע האט מען אויך געטהון מיט יודישע ארעסטאנטען, וואס מען האט זיי ערלויבט זיי זאללען שבת אונ יום טוב ניט ארבייטען. מען מוז אויך מודה זיין, אז ניט אללע זאקאנעס וואס זענען ארויס פאר יודען זענען אין גאנצען פאר זיי גוט געוועהן; פון פיעל זאכען האבען יודען געליטען בעזונדער: דער זאקאן וואס זיי טאהרן זיך ניט בעזעצען אין גאנץ רוססלאנד מאכט זיי אפט גרויסע שטארונגען אין פרנסה אונ נאך א סך אנדערע פיין אונ שמערצען, נור צו יענער צייט, ווען מען האט זיי צוגעלאזט צו פאר־דריאדען אונ אטקופען, האבען זיי די גזירה פון דעם זאקאן אזוי שטארק ניט געפיהלט. חוץ דעם האט מען אין יענע יאהרן אזוי שטארק ניט געקוקט אויף זיי, אונ די וואס האבען געמוזט קומען אין רוססלאנד האבען גרינג דארט זיך געקאנט געפינען אונ אפט בלייבען דארט ניט אויף עטליכע טאג.

מיט שלום האט אלכסנדער דער צווייטער איבערגענומען די מלוכה. נאך דער שווערער קרימער מלחמה האט ער זיך ענטשלאסען רוססלאנד צו בעגליקען מיט רוה אונ פרייהייט, אונ דעם אייגענעם נאמען „בעפרייער" („Освободитель„) וואס דאס דאנקבארע רוססיש פאלק האט איהם געגעבען, האט ער אויך פערדינט ביי די יודען וועלכע רופען איהם נאך איצט „מלך של חסד". אין זיין צייט האבען שוין היבש ארויסגעוואקסען די שאנע בוימעלעך, וואס זיין פאטער, ניקאלאי דער ערשטער, האט פערפלאנצט, אונ דורך דעם רעגען פון זיינע חסדים האבען זיך באלד ענטוויקעלט גרינע בלעטער אונ די וועלט האט געקאנט ארויסזעהן, אז זייערע פירות וועלען זיין ניטצליך פאר דער וועלט. עס האט געדויערט נאר א קורצע צייט זענען אללע שוללען, גימנאזיען אונ אוניווערזיטעטען פאל געווארען מיט יודישע תלמידים, וואס האבען זיך גענומען צו פערשיעדענע וויססענשאפטען. צום ערשטען האט אלכסנדר דער צווייטער אויסגעגלייכט די רעכט פון יודען וועגען רעקרוטירונג אונ האט מבטל געוועהן די פריהריגע געזעצע, וואס יודען האבען געמוזט צושטעללען רעקרוטען מעהר פון אללע אונ א חוץ דעם געבען נאך רעקרוטען פאר שטראף. ער האט אויך פארוועהרט צוצונעהמען קליינע קינדער אונ האפען מענשען פון דער גאס וואס האבען ניט קיין פאספארטען. אים יאהר 1856 האט ער געגעבען א בעפעהל, מען זאלל איבערקוקען אללע געזעצע וועגען יודען אונ זעהן ווי ווייט מעגליך

זײ אויסגלייכען מיט אַללע אַנדערע פעלקער פון רוסלאַנד. פון דעמאָלט אָן איז אויך די יודישע לאַגע אין רוסלאַנד שטאַרק פערבעסערט געוואָרען: מען האָט אָנגעהייבען יודען געבען שטעללען בײַ דער קרוין, מען האָט פאַר זײ געאָפענט עטליכע שטאָדט ווי יאַלטאַ, ניקאָלאַיעוו און סעוואַסטאָפּאָל, מען האָט זײ ערלויבט צו בויען אייגענע הייזער אין קאָוונאָ, זשיטאָמיר און קאַמעניץ-פּאָדאָלסק, בעלי מלאכות האָבען בעקומען דאָס רעכט זיך צו בעזעצען אומעדום און זיך מאַכען דאָרט שולען אויף צו דאַווענען, און עס איז אויך פערוועהרט געוואָרען צו טויפען יודישע קינדער, וואָס זענען יונגער פון פיערצען יאָהר, אָהן דעם רשות פון די עלטערן.

אין דער צייט פון זיין געבענטשטער הערשונג זענען אין רוסלאַנד גע-גרינדעט געוואָרען צוויי גרויסע חברות: די ערשטע — אים יאָהר 1864 די חברה „מפיצי השכלה“ צו פערברייטען בילדונג צווישען די רוסישע יודען, און די אַנדערע — אים יאָהר 1881 צו שטיצען געמיינע בעלי מלאכות און ערדאַרבייטער, צום זכר פון זמן פינף און צוואַנציג יאָהריגער גליקליכער רעגירונג:

אַזוי איז פון יאָהר צו יאָהר אַלץ בעסער געוואָרען דער מעמד פון יודען, און זײ וואָלטען שוין געשטאַנען נאָהנט צו דער פאָלקאָמענער פרייהייט גלייך מיט די אַנדערע איינוואָהנער פונ'ם לאַנד, ווען אַנדערע וויכטיגע פראַגען און ענינים נעהמען נישט צו בײַ דער מלוכה יעדע מעגליכקייט צו טראַכטען וועגען זײ, דערפאַר אפשר איז די יודישע פראַגע איינגעשלאָפען געוואָרען, און פון יאָהר 1870 זעהט מען אַרויס, אַז די רעגירונג האָט אָנגעהייבען בײַ יודען צוריק צוצונעהמען דאָס ביסעל רעכטע, וואָס מען האָט זײ פריהער געשענקט. אַזוי האָט מען געטהון מיט דעם געזעץ פון 1874 וועגען רעקרוטירונג, וואָס האָט לכתחלה ניט געהאַט געמאַכט קיין שום חלוק צווישען יודען און קריסטען, און נאָר מיט דער צייט האָט ער בעקומען זעהר פיעל פירושים, אַז מיט יודען דאַרף מען זיך אַנדערש נוהג זיין. נאָר פונדעסטוועגען האָבען די יודען פערהעלטניסמעסיג געלעבט צופריעדען, און אייביג וועט בײַ זײ בלייבען דער זכר פון מלך של חסד, אַלעכּסאַנדער דעם צווייטען, דעם בעפרייער פון זיין לאַנד, צו ברכה און צו דאַנק.

צו בעמערקען איז דערבײַ, אַז די אַללע חסדים, וועלכע די רוסישע רע-גירונג האָט אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטען און אַלעכּסאַנדער דעם צווייטען געטהון מיט יודען האָט דאָרין אַ נגיעה געהאַט איין יוד מיט איין אמת יודיש האַרץ און דאָס איז געוועהן ר' יצחק בער לעווינזאָהן, וועלכער

האט כל ימיו ניט אויפגעהערט צו ארבייטען פאר זיינע ברידער אונ האט זיי אין גאנצען אוועקגעשענקט זיינע לעצטע שוואכע כוחות אונ טאג. ערשט אצונד, ווען מיר זעהען ווי פיעל שלעכטס מען טהוט דעם יודען נאר דערפאר וואס מען קען איהם ניט, פערשטעהט מען ערסט וואס לעווינזאהן האט געטהון דערמיט, וואס ער האט דער רוסישער רעגירונג בעקאנט געמאכט מיט'ן יודישען אינווענינגסטען לעבען, אונ מען מוז מודה זיין אז דאס, וואס מענדעלזאהן איז געוועהן פאר די דייטשעסע יודען דאס איינגענע איז לעווינזאהן געוועהן פאר די רוססישע. ביידע האבען זיי ליעב געהאט דעם יודען אונ דאס יודישקייט מיט'ן גאנצען הארצען אונ האבען זיך בעמיהט אויפצוועקען זייערע ברידער פונ'ם שלאף, אין וועלכען זיי זענען פון צרות אונ גזירות א צייט יאהרען פערזונקען געווארען. נאר דער חלוק צווישען זיי איז דער, וואס מענדעלזאהן האט געלעבט אין דייטשלאנד, וואו יודען האבען אליין אנגעהייבען ארבייטען פאר זיך נאר אין א שום דערמאנען אדער הילף פון דער מלוכה, דערפאר איז איהם גרינג אנגעקומען זיך דירעקט צו ווענדען צו זיינע ברידער אונ אלדינג וואס ער האט געטהון פאר זיי האבען זיי באלד אללע איינגעזעהן; לעווינזאהן אבער האט געלעבט אין רוסלאנד, וואו ערשטענס, האבען די יודען פון יענער צייט נאר ניט געקאנט זיין מבינים אויף אזא גרויסען מענשען, אונ צווייטענס קאנן יעדע זאך דא נאר דעמאלט האבען א קיום, ווען די מלוכה וויל עס אונ גיט דארויף איהר הסכמה, דערפאר האט ער געמוזט מיט אללע זיינע פלאנער אנקומען צו איהר אונ האט זיך דורך דעם בײ זיינע ברידער, אין זיין צייט, אזוי ניט אנגעזעהן.

די צייט אונ דאס לעבען ווייסען אבער פון קיין סודות ניט: לעווינזאהן האט זוכה געוועהן נאך ביי'ם לעבען צו זעהען זיינע ברידער אין אבעסערע לאגע. זיין ארבייט, וואס ער פלעגט קראנקערהייט אבטהון ביי זיך אין אויבער־שטיבעל האט ניט איינמאל, מיט פיעל יאהרען שפעטער, געבראכט יודען א ישועה, אונ דאס וואס אלעקסאנדער דער ערשטער האט געוואלט האבען ביי זיך אים לאנד האטש איין יודען ווי מענדעלסזאהן, איז טאקי מקוים געווארען, אונ ניט אומזיסט האט מען איהם גערופען: דער רוססישער מענדעלזאן, האטש נאך פאר איהם האט שוין ליטא ארויסגעגעבען צוויי גרויסע לייט ווי ר' פנחס אליהו הורוויץ, דער מחבר פונ'ם „ספר הברית" אונ דער דאקטאר ר' יהודה הורוויץ פון ווילנא. זיי ביידע האבען זעהר געוואלט פערשפרייטען וויסענשאפט אונ בילדונג צווישען זייערע רוססישע ברידער.

ר' יצחק בער לעווינזאהן איז געבאהרן געווארען אין קרעמעניץ דעם 2 טען סעפטעמבער 1788, פונקט אין אזא צייט, ווען אין גאליציען האבען די תלמידים פון מענדעלסאן אנגעהייבען פארברייטען אויפקלערונג, און פון דארט האבען זיך צולאזט געבילדעטע יודען אין פיעל שטאדט פון פולין און ליטא, ווי דובנא, מאהילוב ביי'ם דניעסטר, בערדיטשוב, ראסיין, זאגער, און האבען אין דער שטילל געארבייט און צוגעצויגען צו זיך מענשען מיט שכל, וואס האבען געקאנט פערשטעהן, אז עס איז ניט גוט צו בלאנזען אין דער פינסטערניש. אזוי ווי אין קרעמעניץ האבען זיך אויך געפונען קלוגע יודען, און לעווינזאהנס עלטערן זענען אויך געוועהן פון די קלוגע, האבען זיי זייער קינד געגעבען אגוטע ערציהונג, און צו זיין בר מצוה איז ער שוין געוועהן אגרויסער בקי אין תלמוד און האט אויך שוין געהאט אידיעה אין דער רוססישער שפראך. חתונה געהאט האט ער, ווי עס האט זיך דעמאלט געפיהרט, גאר יונג פון דער שטאדט ראדזיוויללאוו, און אים יאהר 1812, ווען די פראנצויזען זענען אריין קיין רוססלאנד איז ער דארט געוועהן איין איבערזעצער און האט געטריי געדיענט דער מלוכה. ער איז אבער ניט געוועהן קיין געזונדער, די שווערע ארבייט האט איהם געשאדט און ער איז אריינגעפאהרן קיין בראדי זיך דארט קורירען. נאר אין בראדי האט ער זיך ניט אזוי אבגעגעבען מיט רפואות ווי מיט די גרעסטע יודישע לייט, מיט וועלכע ער האט זיך ראטה געהאלטען ווי אזוי אויפצוהייבען דעם מעמד פון די יודען, און דארט איז ביי איהם געבאהרן געווארען דער געדאנק: אוועקצושענקען זיין גאנץ לעבען זיין ארעם פאלק און זיי אפענען די אויגען, וועלכע זיי זענען, פון אזוי פיעל פיין און צרות, אזא לאנגע צייט פערשטעלט געווארען. אים יאהר 1818 איז לעווענזאהן צוריקגעקומען קיין קרעמעניץ, פון דארט האט מען איהם ארויסגענומען פאר א לעהרער קיין בערדיטשוב, און אין דער צייט האט ער אנגעשריבען זיין ערשט ספר „תעודה בישראל", וואס איז ערשט אין צעהן יאהר ארום, נאך גרויס מיה, אבגעדרוקט געווארען און וועלכער האט ביי יודען א שטארקען רושם געמאכט. אין דעם ספר האט לעווינזאהן געטהון ווי איין אמת'ר קענער פונ'ם פאלק: ער האט פערשטאנען, אז יודען קאנן מען נאר נעהמען מיט פרומקייט און דערפאר האט ער זיך בעמיהט צו בעווייזען, אז דאס נארישע אבגעזונדערט לעבען, די שלעכטע ערציהונג פון קינדער, די ניט שאנע ווינדפרנסות זענען געגען דעם זינן פון אונזער ריינער אמונה, און האט דארויף געבראכט טויזענדער ראיות פון דער תורה און תלמוד. פאר דעם ספר האט ער

בעקומען פונ'ם קייזער ניקאלאי דעם 1־טען טויזענד רובעל א מתנה, אונ פון דעמאלט אן איז זיין נאהמען בעליעבט געווארען ביי דער מלוכה אונ ביי יעדען ענין, וואס האט זיך נאר אנגעקערט מיט יודען האט מען געפרעגט זיין עצה.

שפעטער מיט עטליכע יאהר האט לעווינזאהן בעקומען פונ'ם מיניסטער ליווען א בעזונדער פאפיער מיט פערשיעדענע שאלות, ער זאל זיי פאר אנפערן. פון די שאלות האט ער פערשטאנען, אז די מלוכה וויל וויסען, אין וואס בעשטעהט דער רעכטער יודישער גלויבען? פון וואנען נעהמען זיך פיעל פון זייערע מנהגים? וועלכע ספרים זענען ביי זיי הייליג? צו שטעהט אין די ספרים, אז מען מוז פיינד האבען אללען וואס געהערן ניט צו דער יודישער אמונה אונ צו מאג מען זיי נארען? וואס פאר כתות אונ חברות געפינען זיך צווישען זיי, אונ צו קאן מען זיי ארויפברענגען, זיי זאללען זיך בעשעפטיגען מיט ערדארבייט אונ אנדערע עהרליכע מלאכות, מען זאלל מיט דער צייט זיי קאנען אויסגלייכען אין רעכטע מיט אללע איינוואהנער פונ'ם לאנד? לעווענזאהן האט זיך ניט געפוילט עטליכע יאהר נאך אנאנד אויסצוארבייטען זיין תשובה אויף די אללע שאלות, אונ צו ליעב דעם האט ער ארויסגעגעבען זיין בעריהמט ספר „בית יהודה״, וואס האט ביי איהם צוגענומען זיין לעצט ביסעל כח, אונ ער איז שוין נאך דעם געבליבען א חולה מסוכן זיינע גאנצע יאהרען.

מען קאנן זיך פארשטעלען וואס פאר א מיה איהם האט געקאסט צו בעקומען, אין אזא קליין שטאדטעל ווי קרעמעניץ, אללע ביכער, וואס ער האט געמוזט דורכלייענען, כדי ער זאלל קאנען אויף יעדער שאלה אנפערן מיט ישוב הדעת אונ זיך פעררופען אויף אלטע, ביי דער וועלט אנגענומענע ספרים; אונ מען מוז נאר בעוואונדערן זיין גרויסע ליעבע צו זיינע ארעמע ברידער אונ צו זיין אמונה. צום אומגליק האבען איהם זיינע ברידער ניט פערשטאנען אונ האבען זיינע ספרים אין פייער געווארפען. ער האט עס געוואוסט אונ אויף זיי קיין שנאה ניט געהאט, ווייל נאר אזא חכם ווי ער האט פערשטאנען ווי גרויס זייער בלינדקייט איז אונ אז אלם וואס זיי טהוען איז דאס ניט פון שלעכטסקייט, נאר פון אונוויסענהייט, אונ דאריבער האט ער נאך מיט מעהר פייער זיך געמיהט זיי צו אפפענען די אויגען, אונ פון זיין קראנקען בעט האט ער מאל פאר מאל מיט זיין אבגעשוואכטער האנד

גֶעשְׁרִיבֶּען דִי רֶעצֶעפְּטֶען אוּנ בַּקָשׁוֹת צוּ דֶער מְלוּכָה אוֹיסְצוּבֶּעטֶען חֶסֶד אוּנ חֲנִינָה פַאר זֵיי.

אַז עֶס הָאט זִיךְ אִין זַאסְלַאוו אַ אוּמְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען, מֶען הָאט אַיינְגֶעזֶעצְט עֶטְלִיכֶע יוּדֶען וֶועגֶען עֲלִילַת דָם, אִיז אוֹיף לֶעוֶוענְזָאהן גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל, עֶר זָאלל זִיךְ אָנְנֶעהמֶען, אוּנ פּוּנְקְט ווִי זַיין זֵיידֶע ר' אֶלְיָקִים הָאט זִיךְ כִּמְעַט מִיט הוּנְדֶערְט יָאהר צוּרִיק, נָאךְ אִין דֶער צַייט פוּן יַעֲקֹב פְרַאנְק, אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט בַּיי אַזַא בִּלְבּוּל אִין יַאמְפָּאל אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוֹילְט פָאהרֶען קֵיין רוֹם אוּנ דָארְט אַרוֹיסְגֶענֶעהמֶען אַ פַּאפִּיער בַּיים פַּאפְּסְט, אַז דִי בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג אִיז פַאלְשׁ, אַזוֹי הָאט לֶעוֶוענְזָאהן גֶעאַרְבַּייט, בִּיז מֶען הָאט אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בֶּעפְרַייעט. דֶעמָאלְט הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען זַיין סֵפֶר „אֶפֶס דַמִים" ווָאס אִין אִיהם ווַייזְט עֶר אוֹיס פוּן ווַאנֶען דֶער בִּלְבּוּל שְׁטַאמְט אוּנ ווִי עֶר הָאט קֵיין שׁוּם שַׁייכוּת אוּנ יְסוֹד נִיט אִין יוּדִישֶׁע דִינִים אָדֶער מִנְהָגִים. דֶעם אֶפֶס דַמִים הָאט לֶעווִינְזָאהן אֵייגֶענְטְלִיךְ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען נָאר דַארוֹיף, מֶען זָאלל אִיהם אִיבֶּערְזֶעצֶען אִין אַנְדֶערֶע לְשׁוֹנוֹת אוּנ עֶר זָאלל דֶער עִיקָר בֶּעקַאנְט ווֶערְן בַּיי׳ם רוּסִישֶׁען פָאלְק, צוּם סוֹף אִיז עֶר בַּאלְד אִיבֶּערְזֶעצְט גֶעוָוארֶען אִין עֶנְגְלִישֶׁען, אוּנ אִין רוּסִישׁ אִיז עֶר עֶרְשְׁט אַרוֹיס אִים יָאהר 1883.

לֶעווִינְזָאהן הָאט, חוּץ דִי דֶערְמָאנְטֶע סְפָרִים אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען נָאךְ אַ סַךְ ווִיכְטִיגֶע אוּנ נוּצְלִיכֶע סְפָרִים, בֶּעזָאנְדֶערְס אִיז בֶּערִיהמְט זַיין סֵפֶר „זְרוּבָּבֶל", וואוּ עֶר פֶערְאֶנְטְפֶערְט דִי גְמָרָא אוּנ ווַייזְט אוֹיס דִי רֶעכְטֶע כַּוָונָה פוּן דִי בַּעֲלֵי הַתַּלְמוּד. חוּץ דֶעם הָאט עֶר שְׁטֶענְדִיג גֶעמוּזְט שְׁרַייבֶּען בֶּעזוּנְדֶערֶע בְּרִיעף אוּנ פַּאפִּירֶען צוּ פֶערְשִׁידֶענֶע גְרוֹיסֶע לַייט, ווָאס אָן זֵיי אִיז גֶעוֶוענְדְט גֶעוֶועהן צוּ פֶערְבֶּעסֶערְן דִי לַאגֶע פוּן יוּדֶען. ווֶעגֶען יוּדִישֶׁע קָאלָאנְיֶען הָאט עֶר נִיט אֵיינְמָאל גֶעשְׁרִיבֶּען צוּם קֵייזֶער נִיקָאלַאי אַלֵיין אוּנ הָאט גֶעהַאט דָאס גְלִיק פוּן אִיהם אֵיין אֵייגֶענְהֶאנְדִיגֶען בְּרִיעף צוּ בֶּעקוּמֶען. דֶער בְּרִיעף, דֶערְצֶעהלְט מֶען, הָאט אִיהם אַ מָאל אָבְּגֶעראַטֶעוֶועט פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען מֶענְשֶׁען: אִין אַ פִינְסְטֶערֶער ווִינְטֶער נַאכְט אִיז פְּלוּצְלוּנְג אֵיין אָפִיצִיר אַרַיינְגֶעפַאלֶען מִיט אַ גֶעוַואלְד צוּ אִיהם אִין שְׁטוּב, מֶען זָאלל אִיהם גֶעבֶּען בְּרָאנְפֶען, ווַייל עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז דָא אִיז אַ שֶׁענְק. דִי דִיענְסְט הָאט זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען רוּפֶען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת. דֶער אָפִיצִיר אִיז דֶערְוַוייל אַרַיין אִין אַנְדֶערְן צִימֶער, וואוּ לֶעווִינְזָאהן אִיז גֶעזֶעסֶען אִיבֶּער אַ סֵפֶר, אוּנ הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען שְׁרַייעֶן, עֶר זָאל פַאר אִיהם אַרָאבְּנֶעהמֶען דִי יַארְמִילְקֶע. לֶעווִינְזָאהן הָאט אִיהם גַאנְץ קָאלְט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר פֶערְשְׁטֶעהט נִיט ווִי אַזוֹי קוּמְט

עס איין ארדענטליכער מענש צו יענעם אין שטוב אונ טהוט אליין ניט אויס דאס היטעל, דא האט זיך דער אפיציר ערשט צוהיצט אונ געשריען, אז אזא בזיון וועט ער ניט דערלאזען, אז א פראסטער יוד זאלל איהם לערנען דרך ארץ, אז לעווינזאהן האט אקוק געטהון אז עס קאנן קומען צו שלעכטע פאלגען האט ער ווייטער גאר רוהיג אונ געלאסען ארויסגענומען פונ׳ם קאסטען א בריעף אונ האט דעם אפיציר גאר געוויזען די אונטערשריפט, ווי יענער האט עס גאר דערזעהן איז ער באלד אויסגעניכטערט געווארען, מיט ציטערניש האט ער זיך אנגעהייבען פארענטפערן אונ האט גיט געוואלט אוועקגעהן ביז לעווינזאהן וועט איהם מוחל זיין.

לעווינזאהן איז בטבע געוועהן א גרויסער ענו, אונ אז ער פלעגט עפיס טהון האט ער פיינד געהאט מען זאל דאריבער א סך רעדען. ערשט נאך זיין טוידט איז מען געוואהר געווארען, אז זיין בילד געפינט זיך אין הויף פון דער גרויספירסטין מאריע פאוולאוונא, ווייל ער האט גאר קיין השגה געהאט זיך מיט אזא זאך צו בעריהמען. וויפיעל מאל די מלוכה האט איהם געוואלט שיקען געלד ער זאלל קומען קיין פעטערבורג אונ דארט זיצען ביי אסיפות, האט ער זיך שטאנדיג אבגעזאגט, ווייל ער האט ניט ארויסגעזעהן עס זאלל עפיס דערפון פאר יודען ארויס א ישועה, אונ זיך גלאט נאריש מאכען האט ער פיינד געהאט. אז מען האט איהם געוואלט מאכען פאר לאנד־רב אונ אללע זיינע גוטע פריינד האבען איהם געבעטען ער זאלל אננעהמען די גרויסע שטעללע, האט ער געענפערט, אז עס איז א סך גלייכער מען זאלל בעדויערן פאר וואס ער איז דארויף ניט בעשטאנען, עהדער מען זאלל זיך קלאגען דערנאך, וואס ער האט זיך ניט מישב געוועהן אונ האט די שטעללע אנגענומען.

ווי ווייט עהרליך אונ קלוג לעווינזאהן האט זיך געפיהרט אונ האט ניט געקוקט אויף אייגענליעבע, קאנן מען פערשטעהן דערפון, וואס חאטש די חסידים האבען איהם שטאנדיג פערפאלגט האט ער זיך ניט מתרחק געוועהן פון זיי אונ פלעגט אפט בעקומען בריעף פון גוטע יודען, ווי פון ר׳ ישראל׳צע דער רוזשינער, וואס איז אויך געוועהן זיינער א קרוב, אונ פון ר׳ אברהמ׳ילע טריסקער. זיין כונה איז געוועהן זיי, די גוטע יודען, זאללען ווירקען אויף די יודען וואס גלויבען אין זיי, אונ דארט וואו עס קאנן דעם כלל ישראל ארויס־קומען א טובה זאללען אללע צוזאמען אונ אהן א שום אונטערשיעד ארבייטען לשם שמים.

האטש לעווינזאהן פלעגט אפט ליידען דחקות, ווייל ערסט צוויי יאהר פאר'ן טויט האט איהם די מלוכה געשיקט 3000 רובעל, און חוץ דעם האט איהם זיין קראנקהייט זעהר שטארק פארמוטשעט, האט ער דאך אויף דער עלטער געהאט גרויס תענוג צו זעהן, אז זיין פערציגיאהריגע ארבייט איז ניט געוועהן אומזיסט, און אז עס האט אנגעהויבען אונטערוואקסען א שאנער דור פון עדעלע געלערנטע יודישע יונגע לייט ווי ר' מרדכי אהרן גינצבורג, ר' אברהם בער לעבענזאהן און פיעל אנדערע פון ליטא; פיעל האבען איהם מיטגעהאלפען די יודישע שרייבערס, וואס האבען ארויסגעגעבען חבורים אויף לשון הקודש און דערמיט דערוועקט אין פאלק נייע געפיהלע און ליעבע צו בילדונג. נאך מעהר האט אויפ'ן פראסטען עולם געווירקט דער אקציז, וואס האט געגעבען פרנסה פיעל ארדענטליכע יודען, און ווער עס קען נאר דאס יודישע לעבען אין רוסלאנד מוז מודה זיין, אז וואו נאר איין אקציזניק איז פארווארפען געווארען האבען זיך ארום איהם באלד געזאמעלט אלע בעסערע מענשען און מען האט שוין די קינדער נאר אנדערש אנגעהויבען צו ערציהען.

דעם 3 טען פעברואר 1861 איז לעווינזאהן, אויפ'ן צוויי און זיבציגסטען יאהר געשטארבען אין קרעמעניץ, און ווען ער האט אין דער יוגענד געהאט צו טהון מיט דארנער, וואס האבען איהם געשטאכען און ניט געלאזט זיינע ברידער אנווייזען דעם דרך הישר, איז איהם בעשערט געוועהן צו צומאכען זיינע ליכטיגע אויגען צווישען רויזען, וואס ער אליין האט זיי געפלאנצט און וואס האבען איהם זיס געמאכט זיין לעצטען אויגענבליק.

צוויי גרויסע זאכען האבען לעווינזאהן אינטערעסירט, און אויף זיי האט ער געהאפט אין זיין גאנצען לעבען: שולען אפענען פאר יודישע קינדער, און מאכען קאלאניען פאר יודען. ער האט געוואלט זעהן גוט ערצויגענע יודישע קינדער און עהרליכע יודישע ערדארבייטער, און דערפאר האט ער ניט גערוהט און האט ניט אויפגעהערט צו געבען דער מלוכה אלע עצות ביז ער האט ניט אויסגעפיהרט זיין פלאן, האטש אין גאנצען געראטהען האט עס ניט געקאנט, ווייל ניט שטאנדיג קומט יעדע זאך אויס ווי מען נעהמט זיך פאר.

אז מען קוקט זיך צו צו דער געשיכטע פון די יודישע שולען אין רוסלאנד, ווי אזוי זיי האבען זיך אנגעהויבען אויפצואפענען און ביי וואס פאר א מעמד

זיי האַלטען אַצונד, זעהט מען אַרוים, אַז געבליהט האָבען זיי טאַקי נאָר אין די ערשטע יאהרען אין עטליכע געצאהלטע ערטער, וואו זיי זענען ניט געוועהן אָנגעוואָרפען אונ וואו דאס פאָלק אַלליין האָט געפיהלט ווי נאַטהיג זיי זענען אונ האָט פערשטאַנען אַז יודען קאָנען נאָר דעמאָלט אויפגערעכט ווערן, ווען זיי אַללע וועלן קומען צום שׂכל אונ איינזעהן אַז זיי מוזען האָבען בעזונדערע שולען אונ וועלן זאָרגען זיי זאָללן קאָנען עקסיסטירען.

די ערשטע יודישע שולע איז געגרינדעט געוואָרען אין אומאַן אונטער דער השגחה פון אַ גאַליציאַנישען יודען ר׳ מאיר האָרן, אונ מיט דער הילף פינ׳ם בעריהמטען גביר ר׳ הירש בער הורוויץ, וואָס איז דערנאָך אַוועק קיין ענגלאַנד אונ איז געוואָרען פּראָפעסאָר אין דער קעמבּרידזשער אוניווערזיטעט. האָרן האָט זעהר געוואָלט, אַז די מלוכה זאָלל בעשטעטיגען זיין שולע אונ ער האָט אָנגעגעבען אַ בקשה וועגען דעם אונ האָט ערקלאָהרט, אַז דער גאַנצער למוד געהט אויף מענדעלסאָהנס דרך. אַז דאָס פּאַפּיער איז אָנגעקומען אין פּאָליציע מען זאָלל דאָרט חוקר ודורש זיין ווער דער האָרן איז, האָט זיך גראַד גע־דאַרפט מאַכען, אַז מען האָט דאָרט געזוכט אַ גנב, וואָס האָט געהייסען מענ־דעלסאָהן, אונ אַז די פּאָליציע האָט איבערגעלייענט, אַז האָרן איז איינער פון מענדעלסאָהנס לייט האָט מען איהם געוואָלט איינזעצען, אונ קוים מיט צרות האָט מען איהם אָבגעבעטען. נאָך דעם צופאַלל איז האָרן ביי זיך שטאַרק אַראָבגעפאַללען, אונ מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער איז די שולע זיינע בטל געוואָרען.

דערפאַר האָט זיך אים יאָהר 1826 מיט מעהר מזל געאָפּענט אַ שולע אין אָדעססאַ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אויפ׳ן וואונש פון די ערשטע בעלי בתים, וואָס זענען דעמאָלט נאָר וואָס אַראָבגעקומען פון בראָדי אונ האָבען אַריינגעוואָרפען פונקען פון בילדונג אין דער יודישער קהלה. עס האָבען זיך באַלד געפונען זעהר פאַהיגע לעהרער, ווי דער בעוואוסטער געלעהרטער ר׳ שמחה פינסקער, דער בעריהמטער דיכטער (משורר) ר׳ אליהו מרדכי ווערבעל, הורוויץ, פינקעל, זיטענפעלד אונ נאָך אַנדערע. אונ אונטער דער השגחה פונ׳ם דירעקטאָר ר׳ בצלאל שטערן האָט די שולע פון יאָהר צו יאָהר אָנ־געהייבען מעהר וואַקסען. דער גענעראַל גובערנאַטאָר פירסט וואָראָנצאָוו, וואָס האָט זיך איבערהויפּט זעהר פיעל אָבגעגעבען מיט די יודען האָט שטאַרק מיטגעהאָלפען, די שולע זאָלל בעקומען אַללע מיטעל צו מאַכען לייט פון די תלמידים וועלכע לערנען אין איהר. אונ אים יאָהר 1838 האָט זיך אין

קישענוב אויך געעפענט אזא שולע, וואס דער בעריהמטער יודישער שרייבער ר׳ יעקב אייכענבוים, וואס איז דערנאך געווארען אינספעקטאר אין זשיטאמירער ראבינערשולע, האט זי עטליכע יאהר געפיהרט ביז זי האט זיך ניט צוגעמאכט.

אין דעם אייגענעם יאהר האט די יודישע קהלה אין ריגא אויך געעפענט א שולע אונטער דער השגחה פונ׳ם דאקטאר ליליענטהאל, אונ דאס איז אזוי אנגעלעגט געוועהן ביי דער מלוכה אז זי האט ערלויבט די יודען איינצופיהרען ביי זיך א בעזונדער טאקסע פון פלייש, אונ פון דער הכנסה אויסהאלטען די שולע. וואס מעהר די ערשטע יודישע שולען האבען זיך בעפעסטיגט האט די מלוכה אנגעהייבען שטארקער צו טראכטען זי זאלל אויספיהרען דעם גרויסען געדאנק פונ׳ם קייזער ניקאלאי דעם 1־טען, וואס האט זיך ענטשלאסען צו עפענען אזיינע שולען אין אללע יודישע שטאדט, אונ צו ליעב דעם האט זי אים יאהר 1842 ארויסגעשיקט דעם דאקטאר ליליענטהאל. ער זאלל אריינפאהרען קיין ווילנא, מינסק, קאוונא, הוראדנא, ביאליסטאק, זשיטאמיר, בערדיטשוב אונ פיעל אנדערע ערטער אונ זאלל דארט די יודען פערשטעהן געבען וואס די מלוכה מיינט מיט די שולען, אז זי וויל ניט חלילה בעריהרען די יודישע אמונה אונ האפט נאר, אז דורך בילדונג וועלן די יודען זיך ארויפהאפען אויף א העכער מדרגה אונ וועלן בעליעבט ווערן ביי אללע איינוואהנער פונ׳ם לאנד. א חוץ דעם האט ליליענטהאל זיך בעדארפט בעקאנט מאכען מיט אללע געלערנטע יודען וואס האבען זיך ארומגעוואלגערט אין פוילען אונ ליטא, כדי זיי זאללן קאנען ווערן לעהרער אין די שולען. איבערהויפט האט דער מלוכה געקאסט גרויס מיה ביז עס איז איהר געראטהען אים יאהר 1847 איינצופיהרען צוויי ראבינערשולען, אין ווילנא אונ אין זשיטאמיר, אונ מאכען אומעדום וואו יודען האבען נאר געוואהנט צווייערליי שולען פאר קלענערע אונ גרעסערע קינדער. די מלוכה האט אויך ניט געזשאלעוועט קיין געלד אויף צו דרוקען בעזונדערע ספרים פאר די יודען; נאר קיין גרויסע נוץ איז דערפון ניט ארויסגעקומען אונ עס האט געמוזט אוועקגעהען גענוג יאהרען ביז זיי האבען אויפגעהערט צו קלאגען אויף דער גזרה. די צייט טהוט זיך איהרעס, אונ אז זיי האבען שוין ארויסגעזעהן אז עס איז ניט אזא מורא, אונ האבען שוין מיט אייגענעם ווילען אנגעהייבען שיקען זייערע קינדער אין די שולען אונ נעהמען רבנים פון די תלמידים פון ראבינערשולע איז גיך אים יאהר 1873, ווען די יודישע פראגע איז אין גאנצען אנשלאפען געווארען.

ארויס א בעפעהל, מען זאלל די שוללען איבערמאכען אויף שוללען פאר יודישע לעהרער. די נייע שוללען אבער האבען שוין ניט געהאט דעם גלאנץ וואס פריהר, אונ פון דעמאלט אן לערנען יודישע קינדער מעהר אין פאנסיאנען ביי פריוואט לעהרער, אויך אין גימנאזיען נאר א געוויסער פראצענט. די בילדונג פונדעסטוועגען ווערט נתרבה צווישען יודען ווייל יעדער פערשטעהט אז נאר דאס איז דאס איינציגע מיטעל וואס קאן זיי שיטצען אין אללע צייטען אונ נויטען. געוויס וואלטען די רוסישע יודען דערגרייכט נאך א העכערע מדרגה אין בילדונג, ווען עס ווערט ניט אים יאהר 1887 א נייער בעפעהל מען זאלל אין גימנאזיען אונ אוניווערזיטעטען אריינלאזען יודען נאר א קליינעם פראצענט.

פונקט אזוי ווי די שוללען זענען קודם כל געגריגדעט געווארן פון די יודען אליין, אזוי האבען זיך אויך פלוצלונג ארויסגעוויזען, נאך אים יאהר 1790 יודישע ערדארבייטער, וואס זענען פון מאהיליבער גובערניא ארויס אין דער נייער געגענד פון חערסאן אונ יעקאטערינאסלאוו, ווען רוסלאנד האט עס אבגענומען, אונ האבען זיך בעשלאסען צו זוכען זייער ברויט אין דער שווערע עהרליכע ארבייט. אים יאהר 1804 האט די מלוכה ארויסגעגעבען א בעזונדער געזעץ וועגען די יודישע קאלאניסטען אונ האט זיי געשענקט פיעל רעכטע אונ אויך געשטיצט מיט געלד זיי זאללען האבען אויף הוצאות אריבערצופאהרן אויף די נייע ארטער. די כונה פון דער מלוכה איז געוועהן אבצורייסען די יודען פון פיעל שאנדליכע פרנסות אונ זיי געבען אזא פרנסה אין די האנד, וואס זאלל זיי דערנאהרן בכבוד אונ קיינער זאלל זיך דארפען בעקלאגען אויף זיי; דערפאר האט זי זיך גענומען דערצו אונ אכט יאהר כסדר האט זי אויסגעהאלפען די יודען וואס האבען זיך גענומען צו ערדארבייט. נאר אים יאהר 1812 איז מען שוין געבליבען שטעהן, ווייל עס האט געפעהלט די מיטעל, אונ ערשט אין דריי אונ צוואנציג יאהר שפעטער האט זיך דער קייזער ניקאלאי דער ערשטער נאך אמאל גענומען צו פערבעסערן די לאגע פון די יודישע קאלאניסטען וואס זענען שוין געוועהן פון פריהר, אונ פון 1835 ביז 1852 האט מען ניט אויפגעהערט צו זוכען עצות ווי ווייט מעגליך זייער צאהל צו פערגרעסערן אונ צו צוציהען פרישע מענשען, וואס האבען זיך געמוזט פרייען מיט די חסדים וואס די מלוכה האט זיי געטהון. אבער פון דעמאלט אן האט די מלוכה אויפגעהערט צו זארגען פאר יודישע קאלאניען אונ קאלאניסטען, אונ פיעל פון די זאקאנעס וואס האבען זיי געשיצט זענען ביסלעכווייז בטל געווארן.

דאס וואס די מְלוּכָה האט ניט געקאנט צופריעדען זיין פון די יודישע קאלאניען, געהמט זיך דערפון וואס ערשטענס, האט דאס געזעץ אין אנהייב געפאדערט, אז איבערפיהרען אהין אין די קאלאניען זאלל מען נאר גאנצע מִשְׁפָּחוֹת, אונ דערפאר האבען זיך צווישען די קאלאניסטען געפונען זעהר פיעל אלטע לייט וואס האבען קיין כֹּחַ מעהר ניט געהאט צו ארבייטען אונ האבען פון אנהייב אן געמוזט זיך געהמען צו זייטיגע פַּרְנָסוֹת; צווייטענס: האט מען די ערשטע צייט ניט אויסגעקליבען אונ מען האט צוגענומען פאר קאלאניסטען, ווער עס האט זיך נאר געוואלט פערשרייבען, אונ אזוי ווי דאס פערשרייבען זיך אלס קאלאניסט האט בעפרייט פון מיליטער דינסט, האבען זיך פערשריבען פיעל בַּטְלָנִים, אונ טייגעניכטסען, אונ די מְלוּכָה האט נור אויסגעבראכט פיעל געלד אומזיסט אויף זיי, נאר אזיינע בַּטְלָנִים האבען זעהר פיעל געשאדט זייערע ברידער, וואס האבען ערנסט געמיינט צו האריוען אונ טאקי ווערן גוטע ערדארבייטער. חוץ דעם אללעם האט מען זיי איינגעטהיילט זייערע פעלדער זעהר ווייט פון שטאדט. די עֶצֶם ערד איז אויך קיין גוטע געוועהן, קיין ברונענס האבען זיי ניט געהאט, אונ די ערשטע וואס זענען אהין געקומען האבען זיך א צייט לאנג געמוזט וואלגערן אין פעלד ביז זיי האבען ווי עס איז אויסגעבויט הייזלעך, וואס דערפון האבען זיך אויסגעבראכען צווישען זיי אללערליי קראנקהייטען. פונדעסטוועגען האבען די יודען אפילו ביי אזעלכע פערהאלטניסע ארויסגעוויזען ענערגיע אונ פאהיגקייטען אונ האבען זיך דערהאלטען ביז איצט. אים יאהר 1810 איז אין חערסאנער אונ יעקאטערינאסלאווער גובערניע געוועהן אין גאנצען ניין קאלאניען, וואו עס האבען זיך געפונען 3640 מענשען, אונ זעכציג יאהר שפעטער איז שוין געווארן 43 קאלאניען מיט 34,032 מענשען; דאס בעווייזט, אז ווען אין די לעצטע יאהרען וואלט די מְלוּכָה ניט פערלארן דעם חֵשֶׁק אונ ווייטער געשטיצט די קאלאניסטען ווי פריהר ווָאלט זייער צאהל געווים בעדייטענד גרעסער געווארן. פיעל פון די קאלאני[illegible] האבען לשון קודשדיגע נאמען ווי „שָׂדֶה מְנוּחָה" „נַהַר טוֹב", אונ אללע [illegible]פינען זיך אונטער דער השגחה פון צוויי רבנים. פאר די קינדער האבען [illegible] נאך אים יאהר 1869 געהאט פינף שולען מיט 113 לעהרער אונ מלמדים, [illegible]אס האבען ערצויגען 959 תלמידים. זייער צאהל האט זיך געמוזט אין דער לעצטער צייט פערגרעסערן, אונ מען מאג זאגען, אז דער מצב פון די יודי[illegible] קאלאניען איז ניט שלעכט, אונ ביי אללע סבות, וואס האבען זיי

געשטערט אויפצובליהען ווי עס דארף צו זיין האט דאך די מלוכה ניט אויסגעבראכט איהר געלד אומזיסט, אונ עס זענען אויסגעוואקסען פעהיגע יודישע ערדארבייטער, וואס מען דארף זיך מיט זיי ניט שעהמען. צום אונגליק האט מען אים יאהר 1882 ארויסגעלאזט א בעפעהל, אז יודען טאהרן ניט קויפען קיין ערד אונ ניט בעזעצען זיך אין דארפער אונ דערפאר זענען פיעל יונגע לייט געצוואונגען געווען זיך אוועקלאזען קיין אמעריקא אדער קיין ארץ ישראל, וואו עס האבען זיך, אין דער לעצטער צייט, געמאכט עטליכע קאלאניען מיט דער הילף פונ'ם באראן עדמונד ראטהשילד פון פאריז.

נאר האמיש די לאגע פון די רוסישע יודען איז די לעצטע עטליכע יאהר ניט אזוי פרעהליך פון דעסטוועגען האלטען זיי לעווינזאהן'ס צוואה אונ ארבייטען שטארק אין בילדונג, אויסער די קאווקאזער יודען אונ די קרימטשאקים, וועלכע שטעהען נאך דערווייל ניט אויף קיין הויכער מדרגה.

אקוראט בעשטימען פון וואנען די יודען האבען זיך אמאל גענומען קיין קאווקאז אונ ווען זיי האבען זיך דארט בעזעצט — איז זעהר שווער. מען ווייסט נאר אזוי פיעל, אז נאך אכט הונדערט יאהר פאר קריסטוס געבוירט זענען שוין יודען געוועהן אין קאלכידא, וואס איז דעמאלט בעשטאנען פון גוריען, מינגרעליען, אימעריטיניען אונ אבכאזיען אונ עס איז אסברא אז שלמנאסר דער מלך פון אשור, האט זיי אהין פערטריבען, זיי האבען זיך אבער לאנג דארט ניט געקאנט האלטען, אונ זענען אריבער קיין פערסיען, ווען איספור איז געוועהן מלך, אונ האבען זיך אויסגעמישט מיט די פערסישע פעלקער. פון די קאווקאזער יודען זענען אויך געוועהן די ערשטע סוחרים, וואס האבען אנגעהויבען האנדלען מיט די חאזארען אונ זיי בישלעכווייז בעקאנט געמאכט מיט דער יודישער אמונה. ווי גרויס די צאהל פון די קאווקאזער יודען איז אמאל געוועהן — קאן מען פערשטעהען דערפון, וואס ווען עס האבען זיך אין ארמעניען אנגעהויבען אין פינפטען יאהר הונדערט די רדיפות געגען זיי. זענען כמעט אהאלבע מילליאן יודען איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום. איבערהויפט האבען די קאווקאזער יודען געהאט וועניג לומדים צווישען זיך וואס זאלען בעפעסטיגען ביי זיי די אמונה, אונ דערפאר זענען זיי גיך ארונטער אונטער דער מאכט פון אנדערע פעלקער אונ זענען מיט יעדען יאהרהונדערט געווארען אלץ וועניגער. מען געפינט אצונד זעהר פיעל קאווקאזישע פעלקער, וואס איז גאר קיין ספק ניט, אז זיי שטאמען ארויס פון יודען, ווי למשל די אוביכען, וואס מיטען פנים,

מִיט דִי פֶעהִיגְקֵייט אוּנ אֲפִילוּ מִיטְעֶן װֵייכֶען הַארְצֶען זֶענֶען זֵיי אֶהנְלִיךְ אוֹיפֶען יוּדֶען , אוּנ אוֹיךְ דִי גַאנְצֶע בֶּעפֶעלְקֶערוּנְג פוּן גוּרְיֶען , וָואס דֶער נָאמֶען אַלֵיין בֶּעוַוייזְט שָׁאן פוּן וַואנֶען זֵיי שְׁטַאמֶען , וַוייל הוּרְיָא הֵייסְט אוֹיף יֶענֶע לְשׁוֹנוֹת אַ יוּד. בֶּעזָאנְדֶערְס אִיז פוּן זֵיי אַ תֵּל גֶעוָוארֶען אִים יָאהר 1221 וָוען טְשִׁינְגִיסְחַאנְ , דֶער פִירְטֶער פוּן דִי מָאנְגָאלֶען אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף קַאוְקַאז , אוּנ צוּם אִיבְּרִיגֶען הָאט פוּן זֵיי אַ סוֹף גֶעמַאכְט טַאמֶערְלַאן אִים יָאהר 1387 . פִיעל הָאט מֶען אוֹיסְגֶעהַארְגֶעט אִין דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אָבְּצוּנַארֶען זֵייעֶרֶע פֶערְפָאלְגֶער אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען לְפָנִים אוֹיסְצוּגֶעבֶּען פַאר קְרִיסְטֶען אָדֶער פַאר מַחְמַדַ'נֶער וִוי עֶס הָאט זֵיי מֶעהר גֶעפַּאסְט , בְּסוֹד אָבֶּער זֶענֶען זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען יוּדֶען . אַזוֹי הָאט אַ לַאנְגֶע צֵייט אִין קַאוְקַאז גֶעלֶעבְּט אַ גַאנְצֶע קְלַאסֶע פוּן מַארַאנֶען , וָואס פְלֶעגֶען גֶעהן אִין דִי קִירְכֶען אָדֶער מֶעטְשֶׁעטֶען , אָבְּהִיטֶען אַלֶע מִצְוֹת אוּנ מִנְהָגִים פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אָדֶער מַחְמַד'נִישֶׁער רֶעלִיגְיָאן אוּנ אִין בֶּעזוּנְדֶערֶע הֵייזֶער הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט שׁוּלֶען מִיט סִפְרֵי תּוֹרוֹת אוּנ פְלֶעגֶען דַאוְונֶען אוּנ זִיךְ פִיהְרֶען נָאכֶען יוּדִישֶׁען דִין . בַּיי אַזַא לַאנְגֶע , פֶערְשְׁטֶערְט זִיךְ , הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעקֶאנְט אוֹיפְקָאמֶען , אוּנ וָואס מֶעהר אַ דוֹר עֶס אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיז מֶעהר דָאס יוּדִישְׁקֵייט פֶערְגֶעסֶען גֶעוָוארֶען . פוּן דִי מַארַאנֶען זֶענֶען כִּמְעַט אַלֶע צוּגֶעשְׁטַאנֶען אָדֶער צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם אָדֶער צוּ מַחְמַדַאנֶער , אוּנ דָאס בִּיסֶעל וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִיז אַזוֹי פֶערְגְרַאבְּט גֶעוָוארֶען , אַז אֲפִילוּ זֵייעֶר פֶערְזֶענְלִיכֶע פְרַייהַייט הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהִיטֶען , אוּנ פִיעל פוּן זֵיי זֶענֶען גֶעוָוארֶען שְׁקְלַאוֶוען , וָואס הָאבֶּען גֶעהָארְט צוּ פֶערְשִׁיעדֶענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים אוּנ מֶען הָאט זֵיי גֶעקוֹיפְט אוּנ פֶערְקוֹיפְט אַזוֹי וִוי אַ סְחוֹרָה . דָאס קָאן מֶען זָאגֶען , אִיז טַאקִי דָאס אֵיינְצִיגֶע מָאל וָואס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אִינ'ם יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען , אוֹיסֶער מִצְרַיִם . אַז זֵיי זָאלֶען זַיין קְנֶעכְט אוּנ מִיט זֵייעֶר פְרַייהַייט זָאל מֶען זִיךְ מַאכֶען אַ מִסְחָר . אַזוֹי וַוייט מָארַאלִישׁ זֶענֶען דִי יוּדֶען נִיט גֶעפַאלֶען אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער , הָאטְשׁ מֶען הָאט זֵיי דָארְט גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען , אוּנ דָאס אִיז דֶער בֶּעסְטֶער בֶּעוַוייז , אַז טַאקִי נָאר דִי תּוֹרָה הָאט זֵיי שְׁטֶענְדִיג אָבְּגֶעהִיט אַזוֹי נִידְרִיג צוּ פַאלֶען אוּנ דָארְט וואוּ עֶס זֶענֶען גֶעוֶועהן לוֹמְדִים וָואס הָאבֶּען אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיפ'ן אִינֶעוֶוענִיגְסְטֶען מַעֲמָד פוּנ'ם פָאלְק , הָאבֶּען דִי יוּדֶען כֹּחַ גֶעהַאט אַלְס אַרִיבֶּער צוּ טְרָאגֶען אוּנ צוּ בְּלֵייבֶּען יוּדֶען .

אַזוֹי זֶענֶען דִי קַאוְקַאזֶער יוּדֶען פֶערְשְׁוַוארְצְט גֶעוָוארֶען , בִּיז דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אִיז אִים יָאהר 1802 אַרִיבֶּער צוּ רוּסְלַאנְד , פוּן דֶעמָאלְט אָן לֶעבֶּען זֵיי

זיך שוין רוהיג אונ צופריעדען, זיי בעשעפטיגען זיך מיט ארבייט אונ ליידען שוין מעהר ניט ווי אמאהל. עס מאכט זיך נאך אפילו, אז די אלטע שנאה רופט זיך אב, ווי עס האט זיך געטראפען אים יאהר 1878 אין אדארף פערעוויסי, ווען עס איז פערפאללען געווארען פונקט פאר פסח א קליין גרוזיניש מיידיל שרה מאדזעבאזע, אונ די יודישע שונאים האבען געוואלט אנהענגען דעם אלטען בלבול, אז זיי האבען דאס קינד דערהרגעט, זיי זאללען האבען בלוט אויף די מצות, נאר די מלוכה, וואס בעשיטצט זיי גלייך מיט אללע, האט דורך די בעריהמטע אדוואקאטען אלכסנדראוו אונ קופערניק ניט דערלאזט מענשען זאללען אומזיסט ליידען, אונ דער אמת איז ארויס, אז די יודען זענען אין דעם גישט שולדיג געוועהן. בעזאנדערס העלפט זיי, וואס זיי רעדען דאס אייגענע לשון, טראגען די זעלבע קליידער אונ פיהרען זיך פונקט ווי אללע זייערע שכנים, דאריבער קומט קיינמאל אויס אייגער פון דעם אנדערען אויסצולאכען אונ עס איז קיין שארפער אונטערשיעד ניטא וואס זאלל פיהרען צו קריעג אונ צו שנאה.

כמעט אין דער אייגענער צייט, וואס די יודען האבען זיך בעזעצט אין קאווקאז, עטליכע יאהר פאר קריסטוס געבורט האבען זיך אין דער קרים אויך אנגעהייבען יודען צו בעזעצען, נאר ניט אזא גרויסע צאהל. דאס וואס זיי זענען געוועהן זעהר וועניג אונ האבען ניט געקאנט אזוי שטארק אנריהרען זייערע שכנים, עס זאלל דארפען ווערען א שנאה אונ א קנאה, אדער מען זאלל קוקען אויף זיי קרום, אונ א חוץ דעם, וואס גראד אהין האבען זיך בעזעצט יודען פון אזעלכע מקומות וואו די תורה האט נאך געבליהט אונ זענען דאריבער אליין אויך עדעלער געוועהן, דאס האט געפיהרט דערצו, וואס די קרימער יודען זענען נאך אין די אלטע יאהרען ניט אזוי פערגראבט געווארען ווי זייערע קאווקאזער ברידער. זיי האבען געהאט זייערע שוללען, אין וועלכע זיי האבען אליין געלערנט אדער געהערט תורה אונ זענען געשטאנען גוט.

דאס זעהט מען אויך ארויס דערפון, וואס אין דער צייט, וואס די פעלקער פון קאווקאז האבען פערשלונגען טויזענדער יודען אונ פון זיי איז אפילו קיין זכר ניט געבליבען, האבען זיך די קרימער יודען געהאט כח צו האלטען אין אללע צייטען, זיי האבען אויך געוואוסט גמרא, פוסקים, רמב״ם אונ אנדערע ספרים אונ האבען דערפאר איבערגעלאזען יורשים יודען, וואס לעבען נאך אין היינטיגער צייט אונ הייסען דארט „קרימטשאקעס״.

די קרימטשאקעס וואהנען גרעסטענטהיילס אין קראסובאזאר; דארט זענען דא ביז 700 פאמיליען. זייער לשון הייסט: טשאגאדי און איז כמעט דאס זעלבע וואס טאטאריש. זיי האבען זייער בעזאנדערען רב און האלטען מלמדים, וואס לערנען די קינדער לשון קדש, נאר ווייטער פון חומש און דאווענען געהען זיי ניט. אז עס זענען נאר ארויסגעקומען דרוקען אויף דער וועלט האבען זיי די ערשטע איינגעפיהרט ביי זיך א דרוק, און האבען ארויסגעגעבען זייער אייגענעם סדור. האטש קיין לומדים זיינען קיינמאל ניט געוועהן צווישען זיי פון דעסט-וועגען האלטען זיי שטארק פונ'ם תלמוד און, אז עס איז געוועהן א צייט וואס מען האט זיי געוואלט צו רעכענען צו די קאראימעס און זיי אויך געבען די אייגענע רעכטע, וואס יענע האבען זיי זיך דערפון אבגעזאגט און האבען ערקלערט, אז זיי זענען יודען גלייך ווי אללע יודען, און די גמרא איז ביי זיי הייליג.

אין שטוב-פיהרען זענען די קרימטשאקעס ניט ווייט אבגעטרעטען פון די טאטארען, נאר פון דעסטוועגען איז א גרויסער חלוק פון זיי ביז די קאראימעס, וועלכע האבען נאך פיעל נארישע מנהגים. זיי זיצען אויך אין קליינע שטיבעלעך, דארט שטעהען נידריגע בענק און אויף זיי עסט מען און מען שלאפט.

זיי לעבען צווישען זיך זעהר גוט און פריינדליך, און אזוי ווי אללע בעשעפטיגען זיך מיט מלאכות זעהט מען גאר ניט קיין ארעמע לייט ביי זיי, וואס זאללען זיך ארומשלעפען בעטען נדבות. פאר זייערע קראנקע זארגען זיי און האלטען זיי אוים, זייערע פרויען זיינען אסך פרייער ווי ביי די טאטארען און קאראימעס, האטש זיי טראגען די אייגענע קליידער, זענען זיי פונדעסט-וועגען ניט בעהאלטען און געהען ניט פערשלייערט מען זאלל ניט ארויסזעהען זייער פנים. אין שול דאווענען זיי רוהיג און שטיל יעדען טאג גאנץ פריה, כדי זיי זאללען ניט פערליערען קיין צייט פון דער ארבייט. די קינדער מאכען זיי חתונה ערשט דעמאלט, ווענן זיי פיהלען שוין, אז זיי קאנען אליין ארבייטען און פערדיענען. פון קיין שדוך אבלאזען ווייסט מען ביי זיי ניט. ווייל עהדער מען גיט זיך דאס ווארט האבען זיי ליעב זיך גוט צו בעטראכטען, און פונ'ם קנס-מאל אן איז שוין דער שדוך אבגעשלאססען אויף עביג. כל זמן מען איז חתן כלה, מען מאג זיין גאר פונ'ם געמיינסטען גראד, שיקט מען זיך איינס דאס אנדערע מתנות, געוואהנליך, אללע פרייטאג. דער חתן שיקט קליין געלד אויף מרחץ און פארב, וואס די כלה ברויך האבען אויף שמירען די נאגעל פון האנד און פים, און די כלה שיקט קיכלעך און שאן געבעקס לכבוד שבת. הופה

חופה שטעללען זיי גאנץ פריה; א נאכט פריהר געהט מען מיט כלי־זמר צום חתן און מען ברענגט איהם צו דער כלה, דארט לאזט מען איהם שטעהן א ביסעל אין הויף און מען טאנצט ארום איהם. דערנאך נעהמט מען איהם אריין אין שטוב און ער מוז דארט אויסווארטען א פאר שעה ביז מען טהוט אן די כלה. דער מנהג איז ביי זיי, אז די כלה שמירט מען אוים מיט אמין שווארצע פארב, אויפ'ן שטערען מאלט מען אוים פערשיעדענע קווייטען, און אויסער דעם פערצירט מען איהר דעם קאפ פליטערליך פון גאלד פאפיער. אז די כלה איז שוין אנגעטהון, געהען אללע אוועק צום חתן און דארט טאנצט מען א גאנצע נאכט ביז עס הייבט אן טאגען, דעמאלט פיהרט מען חתן כלה צו דער שול און מען שטעלט די חופה, דאס הייסט: מען דעקט חתן כלה אריבער מיט א טלית און די אונטערפיהרער נעהמען צוויי הינער און דרעהען זיי זיבען מאל ארום זייערע קאפ. דערנאך איז דער חתן מקדש דיא כלה און מען פיהרט דאס פאר פאלק אהיים צו דער כלה'ס עלטערן, און דא בלייבט די כלה פערשלאסען אויף זיבען טאג און טאר זיך ניט ארויסווייזען אופען ליכטיגען שיין. מען פערהענגט אפילו די פענסטער פון איהר חדר, קיינער זאלל ניט אריינקומען. אט די אללע מנהגים האבען יענע יודען גענומען פון די טאטארען. אז דער חתן געהט מיט א טאג פריהר אין מרחץ נעהמט ער מיט זיך אללע מחותנים און מאכט דארט א גאנצע שמחה, מען דינגט זיך פארען אנטהון און אויסטהון, און עס איז א גאנצער כבוד צו בעדיענען דעם חתן. דעסגלייכען מאכט מען א גאנצע צערעמאניע ווען מען פיהרט איבער דאס פערמעגען פון דער כלה צום חתן אין שטוב אריין. יעדע זאך, יעדעס מלבוש, דאס מינדעסטע ברעקעלע טראגט א בעזונדער מענש. די גאסט שאצען אלס דינג און מען שרייבט אן די כתובה. מיט פיעל יאהרען צוריק פלעגען די קרימטשאקעס האבען צו עטליכע ווייבער, נאר אין די לעצטע צייטען טהוען זיי עס ניט מעהר. איבערהויפט איז שוין דער יונגער דור אנדערש און ווארפט אוועק אללע נארישע טאטארישע מנהגים, און מען קאן האפען, אז מיט דער צייט וועט די זונן פון בילדונג אויף די קרימטשאקעס אויך שיינען.

צום אומגליק, געפינען זיך אצונד די יודען, ניט נאר פון רוסלאנד, נאר אויך פון עטליכע לאנדער אין אייראפא, אין אזא לאגע, אז זיי ווייסען אלליין ניט. צו איז די בילדונג פאר זיי א מעלה אדער א חסרון און צו דארפען זיי זיך נאר אזוי אוועקלעגען פאר אויפקלארונג... א ניי ווינטעל האט א בלאז געטהון פון מערב־זייט, פון דייטשלאנד, און האט אנגעמאכט א חשכות; דאס

ווינטעל הייסט – אנטיסעמיטיזמוס; דער נאהמען איז אַ נייער, נאר די מכה איז איין אלטע. אנטיסעמיטיזמוס הייסט: זיין אַ געגנער פון סעמיטען, פון די פעלקער וואס קומען ארויס פון שם בן נח, נאר אין גאנצען די זאך האט מען אויסגעטראכט צו ליעב יודען, מען זאל האבען אַ תירוץ זיי צו געבען אַ כשר'ן קלאפ. עס איז עפּיס נאָמאס געווארען גלאט אַזוי זיך טשעפּען צו איין אמונה, עס פּאסט ניט ארויסווייזען אַ גאנץ פאלק, וואס איז גאנץ די נשמה שולדיג, פּשוטע שנאה און קנאה, איז מען געפאלען אויף אַ שכל און מען שרייעט אַז מען מיינט אַללע וואס שטאמען פון שם'ס שרש, און מען מאכט די יודען פאר'ן כפרה־האנדעל. דריי שונאי ישראל האבען אין דייטש־לאנד אנגעמאכט דעם טוראראם: מארר האט דער ערשטער אנגעהויבען שרייען אַז מען מוז דעם יודען אַ ביסעל אונטערהאקען די פליגעל, ווייל עס קאן פון איהם ווערען אַ רויב־פאגעל וואס וועט קיינעם ניט לאזען קיין קאפּ אויפהייבען. באלד האבען איהם נאכגעמאכט טרייטשקע און שטעקער, און אַזוי איז געווארען אַ געוואלד, אַז אַללע פעלקער זענען נאר ביי די יודען אין גלות און, אַז מען מוז זיי פערשטעלען דעם וועג צו בילדונג, כדי מען זאל זיך בעפרייהען פון זייער יאך. אַזוי איז דאס פייער איבער־געגאנגען קיין פראנקרייך און עסטערייך, און אין אונגארן האבען זיך די אנטיסעמיטען אפילו געהאפּט צום אלטען בלבול: אים יאהר 1882 איז אין אַ קליין שטאדטעל טיסא־עסלאר פערפאלען געווארען אַ קליין קריסטליך מיידעל אסתר סאלימאסי מען האט באלד אויסגעטראכט, אַז די יודען האבען זי געהרג'ט און בענוצט איהר בלוט אויף פסח. הונדערטער עדות האבען געשווארען אויף זאכען, וואס זענען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, מען האט אפילו אנגעשטעלט אַ זוהן זאל פאלש עדות זאגען געגען זיין אייגענעם פאטער און פיעל יודען האבען זיך אבגעמוטשעט פיערצעהן חדשים ביז זייער אונשולד איז בעוויזען געווארען.

די יודען זענען אָבער געשלאגענע דערשלאגענע, נאר ניט קיין איבערגעשראקענע קינדער: זייער לאנגער לעבענס־וועג האט זיי געוואהנט מיט אַזעלכע שרעקליכע זאכען, אַז פאר'ן אנטיסעמיטיזמוס דארפען זיי גאר וועניג מורא האבען. דאס לעצטע בלאטעל פון דער יודישער געשיכטע איז נאך ניט אנגעשריבען און מען קען געווים זאגען, אַז מיר האלטען נאך אפילו ניט ביים אנהייב פונ'ם סוף. צייטען בייטען זיך, דאס ראדעל דרעהט זיך און די וואלקענס. וועלכע האבען די לעצטע צייט בעדעקט דעם

יודישען הימעל, וועלען זיך געוויס צוגעהען, ווען די זונן פון פרייהייט און מענשענליעבע וועט שטארקער אנהייבען שיינען און דערוואַרמען די פער-פרורענע הערצער פון אומזיסטיגע שונאים. איינס דארף דער יוד אין זין האבען, אז ער טאר דאס ליכטעל פון תורה און חכמה ניט ארויסלאזען פון די האנד, אז דאס איז זיין עמוד אש, וואס וועט, סוף כל סוף, גובר זיין דעם עמוד ענן און וואס וועט איהם ברענגען די אמת'ע גאולה, און דעמאלט וועט ער אויפהערען צו זיין א שטיף-קינד און גלייך מיט אללע וועט ער פריי דיענען זיין גאטט, וואס האלט איהם אויף די פים און שטארקט איהם מיט האפנונג אויף ישועה און נחמה!

ענדע.

# רעגיסטער.

## פערצייכניס פון אללע נאהמען וועלכע קומען פאר אין דעם פיערטען באנד.

# אינהאלט.

## פון 4־טען טהייל.

---



---

## די נייע צייט.